מאיר ווייסגאַל

# ווי
# עס וואָלט
# נעכטן געווען...

(פון קיקל ביז מלכות ווייצמאַן)

אויטאָביאָגראַפיע



פאַרלאַג המנורה תל-אביב
תשל״ד - 1974

מיין שירלי —
וואָס האָט צוזאַמען מיט מיר מיטגעמאַכט
דאָס אַלץ און נאָך מער

אויב מיין אויטאָביאָגראַפיע האָט דערזען די ליכטיקע שיין, **שוואַרץ אויף ווייס**, איז עס דער באַזונדערער פאַרדינסט פון מיין טאָכטער **העלען-חיה אָמיר**. זי האָט מיך אומאויפהערלעך סטימולירט אויפצושרייבן דעם ספור-המעשה פון מיין לעבן און פון מיינע מעשים. אַדאַנק איר איבערגעגעבנקייט איז דאָס בוך שלמותדיקער הן אין צייט-אַרומנעם און הן אין דאָקומענטאַרישער און רעדאַקציאָנעלער געוויסנהאַפטיקייט.

# די זכרונות פון מאיר ווייסגאַל

דער שטאָף פון זכרונות באַשטייט פון אָפּגעזעצטע שטיקער לעבן, ווי ערדפּלאַסטן, וועלכע שיכטן זיך אָן פון דער אָרגאַנישער קאָמפּאָזיציע אין דער סביבה. דער סיוזשעט איז אַ צוזאַמענפּלעכט פון פאַקטן פּלוס גורל, וואָס מיינט נסיון. און וואָס קען זיין מער באַלערנדיק, ווי עס איז נסיון ?

די זכרונות פון מאיר ווייסגאַל האָבן צו דעם געזאָגטן נאָך איין דימענסיע : זייער סיוזשעט האָט זיך פאָרמירט נישט אין איין סביבה, נאָר אין דריי ביז גאָר פאַרשיידענע סביבות און אין דריי באַזונדערע „צייטאַלטערס”, וועלכע זענען אָרגאַניש געבונדן מיט דער יידישער געשיכטע אויף דריי באַזונדערע קאָנטינענטן.

די דריי קעגנזעצלעכע סביבות און „צייטאַלטערס” אין די זכרונות זענען :

א. דאָס יידישע שטעטעלע אין פּוילן מיט אַן אויספאָרמירטן יידישן שטייגער — קיקל, און די קינדהייט פון מאיר ווייסגאַל, וואָס איז באַווירקט געוואָרן פון צוויי ווונדערלעכע קאָנטראַסטן : פון זיין פאָטער, דעם חזן מיט מוזיקאַלישער קולטור און מיט אַ שטאַרקן מאָראַלישן רוקנביין, און פון זיין שטיפמוטער, דער בונדיסטקע, וואָס איז געגאַנגען אויף געהיימע „סכאָדקעס” אַראָפּצוּוואַרפן דעם רוסישן צאַר, און ער, דער קליינער מאיר, איז געוואָרן איר שליח אין דער פאַרשווערונג קעגן צאַריזם...

ב. דער כּרך ניו-יאָרק, ווו דעם קיקעלער חזנס יינגל האָט אָנגעהויבן — כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט אין דער נייער וועלט — פון פאַרקויפן צייטונגען, פליגנפּאַפּיר און שוועבעלעך, דערגאַנגען ביז דער שטעלונג פון אַ רעדאַקטאָר פון אַן ערנסטער צייטשריפט, געוואָרן

דער אָרגאַניזאַטאָר פון נאַציאָנאַלע מאַסן-שווישפּילן מיט דער מיטאַר-בעט פון מאַקס ריינהאַרדט און פראַנץ ווערפעל, און דערגאַנגען צו דער מדרגה פון ווערן דער אינטימסטער פּאַרטרעווונגס-מאַן פון דעם נאַציאָנאַלן מנהיג און שטאַטסמאַן ד״ר חיים ווייצמאַן.

ג. מדינת ישׂראל, ווו מאיר ווייסגאַל האָט גענומען אויף זיך די אומגעהויער שווערע אויפגאַבע און רעאַליזירט דעם חלום פון זיין „טשיף״ ד״ר חיים ווייצמאַן, אויפצושטעלן אין רחובות אַ ווויסנשאַפט-לעך מלכות, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דעם אוניווערסאַליזם פון דעם יידישן זשעני און די התמדה פון יידישן גייסט. ווייסגאַל האָט דעם ווייצמאַנישן חלום רעאַליזירט, ווי אַן איבערגעגעבענער זון פירט אויס די צוואה פון זיין פאָטער.

אין די אַלע דריי קעגנזעצלעכע סביבות און „צייטאַלטערס״ ווירקט מאיר ווייסגאַל מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער איינהייטלעכקייט און מיט שעפערישער התמדה, וואָס וועט זיכער דינען פאַר אַ סטודיום פון דעם מהות פון דעם באַגריף פוילישער ייד. מיט זיין ווולקאַנישן טעמ-פּעראַמענט און אַבסאָלוטן טאַלאַנט פאַר אָרגאַניזאַציע וואָלט עס געווען נאַטירלעך ווען מאיר ווייסגאַל זאָל האָבן פאַרלוירן געגאַנגען אין איינער פון די אומצייליקע שאַנס-ריכטונגען פונעם אַמעריקאַנער קאָלאָס. אָבער דאָס הויז פון זיין פאָטער, אין ניו-יאָרק, ווו די פאַמיליע ווייסגאַל האָט געשאַפן אַ יידישן אינטערנאַציאָנאַל פון פּאָליטישע ריכטונגען, מיט אייביקע דיסקוסיעס (אַ דערשיינונג, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר הונדערטער טויזנטער יידישע היימען אין די פוילישע שטעט און שטעטלעך), האָט געהאַט אַ שטאַרקן אימפּאַקט אויף דעם יונגן מאיר און זיין פּאַסיע איז געוואָרן ציוניזם — אַן ענלעכער ציוניזם ווי זיין פאָטערס: אַן אַטאַוויסטישער, אַ ירושהדיקער, פון די בענקשאַפטן פון יידן צו שיבת ציון במשך אַ צוויי טויזנט יאָר.

זיין גאַנץ באַוווסטזיניק לעבן איז מאיר ווייסגאַל פאַרבונדן מיטן ציוניזם און מיט ציוניסטישע אינסטיטוציעס. אָבער ער געהערט נישט צו קיין שום ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָנעלער ראַם. אַפילו ווען ער איז דער פאַרטרויונגס-מאַן פון ד״ר חיים ווייצמאַן און ער פאַרטרעט ווייצמאַנען אין אָפיציעלע ציוניסטישע אינסטאַנצן, איז ער, מאיר ווייסגאַל, איבער און אויסער פּאַרטייאישע ראַמען.

ווייסגאַל אַפּישירט קיין מאָל נישט זיין אינטימע פאַרבינדונג מיט ארץ-ישׂראל — דאָס געפיל איז ביי אים אַזוי נאַטירלעך, ווי עס זענען פאַר אים נאַטירלעך זיינע מענערישע און פאָטערלעכע געפילן. איך שטרייך דאָס אונטער, ווייל אין אַ געזעלשאַפט פון פּאָליטישע פאַרטייען איז פאַר אַ זעלבסטשטענדיקן און זעלבסטדענקנדיקן מענטש דער גע-זעלשאַפטלעכער וועג כקריעת ים סוף.

אין דער דאָזיקער פּאַסיע פאַר ארץ-ישׂראל, וואָס מאיר ווייסגאַל האָט איבערגענומען בירושה פון זיין פאָטער, און אין די טיפע איינ-

דרוקן, וואָס זענען געבליבן אין אים לעבעדיק פון קיקל אין זיין קינד-הייט, וועלן מיר געפינען דעם ענטפער אויף דער פראַגע, וואָס אַ סך האָבן געפרעגט און נישט געפונען דעם ענטפער: וואָס אַזעלכעס איז גע-ווען דער מעדיום, וואָס האָט צונויפגענאָפּלט ד״ר חיים ווייצמאַן, דעם ווייסנשאַפטסמאַן, דעם שטאַטסמאַן, דעם גייסטיקן אַריסטאָקראַט און נאַציאָנאַלן מנהיג — מיט מאיר ווייסגאַל דעם ווולקאַן, דעם אייביק דורשטיקן נאָך מעשׂים; דער וואָס וויל מיט איין מאָל אַרומנעמען מיט זיינע אָרעמס די גאַנצע יידישע וועלט, איר לעבן און אירע אַקטיווי-טעטן:

עס איז באַוווּסט, אַז חיים ווייצמאַן האָט געהאַט בלינדן צוטרוי צו מאיר ווייסגאַל און ער האָט פאַר אים נישט געהאַט קיין סודות, פאַר וואָס וויערע ווייצמאַן איז געווען מוראדיק אייפּערזיכטיק און נישט גערן געהאַט ווייסגאַלן. איר האָט זיך אָפּט אויסגעדאַכט, אַז איר מאַן איז גייסטיק צוגעלאָזענער צו מאיר ווייסגאַל ווי צו איר, און אַז מאיר ווייסגאַל האָט עפּעס געהיימע כּישוף-וואַסערלעך, מיט וועלכע ער באַ-הערשט ווייצמאַנען. אין זיינע שווערסטע מינוטן האָט ער דאָך געזוכט מאיר ווייסגאַלס אָרעם און האַרץ.

די פאַרבינדונג פון חיים ווייצמאַן מיט מאיר ווייסגאַל איז נישט אינעם גבול פון וועלכער עס איז מיסטעריע, אָדער צופאַל, נאָר האָט איר רעאַלע באַזע:

חיים ווייצמאַן איז געווען אַן אינטעגראַלער ייד, וואָס דאָס מיינט אַ קאָסמאָפּאָליט פון דעם יידישן מיקראָקאָסמאָס. ער האָט געלעבט און געאָטעמט מיט די יידישע פּאָלקסזאַפטן פון מזרח-אייראָפּע און דאָס האָט אים נישט געשטערט צו זיין ציוניסטישער אידעאָלאָג און פּאָליטיקער. פאַרקערט, די ביידע האָבן זיך דערגאַנצט, ווייל אָן דער מזרח-אייראָפּעיִשער יידישער קולטור וואָלט דער ציוניזם נישט געהאַט די גייסטיקע און פּראַקטישע שטויסקראַפט און נישט דעם רעזערוואַר פון פּיאָנערן און בויער פאַר דעם נייעם ארץ-ישׂראל. אַפילו זייענדיק פּראָפעסאָר אין מאַנטשעסטער, צי פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — האָט ווייצמאַן נישט נאָר נישט פאַרלייקנט זיין געבורט-שטעטעלע מאָטילע, נאָר ער האָט געלעבט מיט די נשמה-כּוחות, וואָס ער האָט פון מאָטילע מיטגענומען אין דער גרויסער וועלט אַריין.

אין קיין שום סיטואַציע האָט חיים ווייצמאַן נישט געשפּילט, נישט סימולירט היסטאָרישע העלדן, ווי אַנדערע האָבן עס געטאָן, נאָר ער איז געווען ער אַליין, חיים בן עוזר, מיט דעם טיפּישן יידישן הומאָר פון מזרח-אייראָפּע, און מיט דער נאַטירלעכער חכמה, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין שפּילעוודיקייט. חיים ווייצמאַן פלעגט זיך אָפּרוען אין יידישן לשון און אין דעם געמיט, וואָס עס שאַפט זיך ווען מען קערט צוריק צום פאָלקסקוואַל, וואָס שפּרודלט דורך דעם יידישן לשון. פאַראַפראַזירנדיק די רבייאישע מימרא, אַז ס'איז נישטאָ אַזאַ גאַנצע

זאַך, ווי עס איז אַ צעבראָכן האַרץ, קען מען זאָגן וועגן ווייצמאַנען, אַז דווקא דורך זיינע כּלומרשטע צעשפּאַלטנדיקע קאָנטראַדיקציעס איז ער געווען אַ גאַנצער, אַן אינטעגראַלער ייד און אַ באמת גרויסער ייד!

איר וועט אין דעם בוך זיך באַקענען מיט מאיר ווייסגאַלס ביאָ-גראַפיע און פּסיכאָגראַפיע און איר וועט בנוגע אים אויסגעפינען די זעלבע אייגנשאַפטן, וואָס כאַראַקטעריזירן חיים ווייצמאַנען: ער איז אַן אינטעגראַלער ייד, אַ קאָסמאָפּאָליט פון דעם יידישן מיקראָקאָס-מאָס. זייענדיק אַן אַטאַוויסטישער ציוניסט האָט ער זיין גאַנץ לעבן געווייכט פון וועלכער עס איז פּאַרטייאישער ראַם. ער איז אַ ציוניסט בלב ונפש און דעריבער נויטיקט ער זיך נישט אין אַ „כּתב".

אַריינגעטאָן אין זיינע גראַנדיעזע אַקטיוויטעטן, אין אַ סביבה, וואָס איז עלול צו צעמאָלן און צו ליקווידירן אַלע קיקלס פון דער וועלט — פּאַראַט נישט ווייסגאַל קיין מאָל זיין קיקל, פון וועלכן ער האָט גע-ירשנט זיינע גאָט-געבענטשטע פּאָלקסזאַפטן. און ער האָט קיין מאָל נישט פאַרגעסן דאָס גרויסע יידישע האַרץ פון דעם פּיטשימאָנטשיקן יידישן שטעטעלע, וואָס האָט קיין מאָל נישט זוכה געווען צו זיין אויף אַ מאַפּע. מאיר ווייסגאַל רוט זיך אָפּ אינעם יידישן לשון און אין דעם געמיט, וואָס עס שאַפט זיך ווען מען קערט צוריק צום פּאָלקסקוואַל, וואָס שפּרודלט דורך דעם יידישן לשון פון קיקל.

אָט די צוויי יידן, חיים ווייצמאַן און מאיר ווייסגאַל, אָפּשטאַמיקע פון מזרח-אייראָפּע, סאַטעליטן אָפּגעריסענע פון דער פּלאַנעטע קיקל צי מאָטילע, האָבן זיך צופעליק באַגעגנט אינעם חלל פון דער גרויסער וועלט; זיי האָבן דערפילט אַז זיי שטאַמען פון איינער און דער זעלבער פּלאַנעטע און זענען צוגעפּאַלן צו זיך און זענען געוואָרן איין ציל-גאַנצ-קייט, און זיך אָנגעהויבן באַוועגן אין דער זעלבער אָרביטע, אַרום דער זעלבער אַקס.

חיים ווייצמאַן האָט מער נישט געקענט אויסקומען אָן מאיר ווייסגאַל, און מאיר ווייסגאַל האָט אין ווייצמאַנען געפונען אַזאַ אומ-געהויערע רייכקייט פון אידייען, וואָס האָט פּונקט געפּאַסט פאַר דער וווּלקאַנישער איניציאַטיוו און דערפינדערישקייט פון זיינע אייגענע „שגעונות".

אָט דאָס איז דער סוד פון דער „מיסטעריעזער" פאַרבינדונג צווישן חיים ווייצמאַן און מאיר ווייסגאַל.

דער לייענער פון די זכרונות פון מאיר ווייסגאַל וועט זיך אָנטרעפן אויף אַ דערשיינונג, וואָס וועט באַשטעטיקן מיינע אויבנדיקע ווערטער. ווי יעדע שטאַרקע פּערזענלעכקייט, האָט אויך מאיר ווייסגאַל שאַרפע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. די אַנטיפּאַטיעס און סימפּאַטיעס זענען נישט קיין צופעליקע. זיי זענען אַלע מאָל געבונדן מיטן כאַראַקטער פון דעם טיפּ. ווען עס האַנדלט זיך וועגן יידן, ציט אים צו מענטשן, וועלכע האָבן אין זיך די שטריכן פון אינטעגראַלע יידן, קאָסמאָפּאָליטן פון

דעם יידישן מיקראָקאָסמאָס, ווי עס איז חיים ווייצמאַן, און ווי ער אַליין איז עס. ווען ער רעדט וועגן שמריהו לעווין, צי וועגן לואי ליפּסקי, אָדער ענלעכע צו זיי, טראָגט זיך פון זיינע ווערטער אַזאַ געמיט־וואַרעמקייט, אַז עס דאַכט זיך: נאָך אַ רגע און זיין זכרונות־פּראָזע וועט איבערגיין אין אַ פּערזון־פּאַנעגיריק. און די פּערזענלעכקייטן זענען באמת ווערט די פּאַנעגיריק פאַר זייער מענטשלעכקייט, פאַר זייער ברייטהאַרציקייט.

מאיר ווייסגאַל גייט אויס פאַר מענטשן מיט הומאָר און וואָס זייערע האָריזאָנטן זענען אַ סך ווייטער ווי דאָרט, ווו עס לאָזט זיך אַראָפּ די זון. דאַקעגן ווען איר טרעפט זיך אָן אין מאיר ווייסגאַלס זכרונות אויף אַנטיפּאַטיע, מעגט איר עסן פון זיין שחיטה: ער איז זיך קיין מאָל נישט טועה. די אַלע, וואָס ער פאַרטראָגט נישט, זענען קודם־כּל באַגרענעצטע מענטשן, מענטשן אָן הומאָר, (וואָס איז ווערליק אים נישט קיין קלענערער חסרון ווי צו זיין אַ טיפּש), מענטשן וואָס כאָטש זיי זענען ציוניסטן האָבן זיי אין זיך שטריכן פון באָלשעוויקעס, און מענטשן וואָס זיי שפּילן אַזעלכע, וואָס זיי זענען עס נישט. און פאַר אַלעם האָט ער פיינט ליגנער.

פונעם שטאַנדפּונקט פון מענטשן־קענטעניש זענען מאיר ווייסגאַלס זכרונות פון אַ באַזונדער ווערט. ער פּסיכאָלאָגירט נישט, נאָר ווי אַ גוטער דערציילער ברענגט ער אַרויס די טיפן אין קאָנטעקסט פון סיטואַציעס, און פון זיך אַליין שיילן זיך אַרויס די פּאָרטרעטן, וואָס בעסער קענען זיי נישט געמאָלט ווערן. ווער עס וויל זיך באַקענען מיט די ווירקלעכע כאַראַקטערן פון אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי ראַביי הלל סילווער, אָדער בן־גוריון און אַנדערע, וועט זיי נישט דערקענען פון זייערע ביאָגראַפיעס, צי פון זייערע ביכער, נאָר איר וועט זיי דערקענען פון די געציילטע שורות, וואָס מאיר ווייסגאַל ווידמעט זיי.

די „ביטערע פּרנסה" פון מאיר ווייסגאַל פאָדערט פון אים אַן אינטויִציע פּילבאַר ווי אַ סייסמאָגראַף. ער איז געבענטשט מיט אַזאַ אינטויִציע. און איך וואָלט געזאָגט, אַז זיינע כאַראַקטעריסטיקעס וועגן מענטשן זענען אַ לעבעדיקער קוואַל פאַר פּסיכאָלאָגן, פאַר שרייבער און היסטאָריקער; בעיקר פאַר היסטאָריקער פון דער תּקופה, צי תּקופות, וואָס מאיר ווייסגאַל רעדט וועגן זיי אין זיינע זכרונות.

די זכרונות פון מאיר ווייסגאַל פאַרמאָגן אויסער אַלעם אַן עלעמענט, וואָס איז נישט אָפּצושאַצן פונעם שטאַנדפּונקט פון דער געשיכטע פון אונדזער צייט. איך וואָלט פאַר דעם עלעמענט אויסגעליִען אַ וואָרט פון דער כעמיע און וואָלט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ רעאַקטיווער שטאָף, אַ דאַנק וועלכן אַ היסטאָריקער וועט קענען פעסטשטעלן די אויטענטישקייט פון געוויסע היסטאָרישע געשעענישן אין דער פאַרגאַנגענהייט.

שרייבן געשיכטע איז אַלע מאָל געווען געבונדן מיט „פּיקסן" געשיכטע. די קראָניקאַרן אויף די הייף פון הערשער זענען אַלע מאָל גע־

ווען ענלעך צו די היינטיקע ספּעציאַליסטן אין פּלאַסטישער קאָסמע-טיק. ווען זייערע הערשער איז עס געווען נויטיק, האָבן זיי פון אַ נאָז פון אַ ציראַנאָ דע בערזשעראַק לייכט געמאַכט אַ נאָז פון אַ מאָנאַ ליזאַ. אין אונדזער צייט, ווען הערשער זענען אַליין געוואָרן „גראַמאַטנע", איז גאָר אַן אומגליק מיט דער געשיכטע; ווי עס זאָגט אַ יידיש ווערטל, אַז ווער עס האַלט די פּעדער אין דער האַנט, דער שרייבט זיך אָן אַ גוט קוויטל. זיי פאַרשוונדעווען אָפּט געשיכטלעכע פאַקטן, כּדי זיי זאָלן אויסזען ווי די שרייבער וואָלטן זיך געווונטשן זיי זאָלן האָבן געשען.

מאיר ווייסגאַל, אויסגעקאָכט אינעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, נאָענט צו די אינסטיטוציעס, אין וועלכע די געשעענישן האָבן זיך געקאָכט, און שפּעטער ווי דער עקערמאַן פון חיים ווייצמאַן — האָט מיטגעמאַכט פון דער גאָרער נאָענט די וויכטיקסטע געשיכטלעכע אַנטוויקלונגען אין שייכות צום יידישן פאָלק. אָט די רייכע תּקופה, פון די וויכטיקסטע תּקופות אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע, איז שוין היינט גאַנץ היפּשלעך „באַאַרבעט" אין געשיכטע-ביכער גע-שריבן פון דעם אָדער יענעם באַטייליקטן.

מאיר ווייסגאַלס זכרונות זענען פאַר אָט דער תּקופה דער רעאַקטיוו אויף פּעסטצושטעלן וויפל שטיקלעך מעש דער און יענער געשיכטע-שרייבער וויל פאַרקויפן ווי גאָלד-שטיקלעך און, פאַרקערט, וויפל אמתע גאָלד-שטיקלעך די לייט האָבן פאַרגעשטעלט ווי מעשענע מטבעות.

אַלס ביישפּיל קען דינען די רשעותדיקע פּעלשונג וועגן דער ראָל, וואָס חיים ווייצמאַן האָט געשפּילט ביים אַנטשטיין פון דער יידישער מדינה. דער שקר, אַז ער איז געווען קעגן פּראָקלאַמירן מדינת ישׂראל און אַז ער האָט זיך נישט געאיילט קיין ישׂראל נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה, איז שוין אַפילו געוואָרן פאַרשריבן אין „געשיכטעס". מאיר ווייסגאַל ברענגט אויך אַרויס ווי אַזוי די ענינים זענען אָרגאַני-זירט געוואָרן, אַז אויף דער אומאָפּהענגיקייטס-מגילה זאָל נישט בלייבן קיין פּלאַץ פאַר דער אונטערשריפט פון חיים ווייצמאַן, דעם נאַציאָנאַלן מנהיג, וואָס האָט אַזוי פיל געשטרעקט דאָס לעבן פאַר דער אַנטשטייונג פון דער מדינה.

חיים ווייצמאַן אַלס ציוניסטישער מנהיג במשך צענדליקער יאָרן און ווי דער ערשטער פּרעזידענט פון מדינת ישׂראל, איז געשטעלט גע-וואָרן אין אַ טראַגישער פּאָזיציע, שיר נישט אין דער פּאָזיציע פון משה בן עמרם, וואָס האָט נישט געהאַט די זכיה, נאָך דעם אַלעמען וואָס ער האָט געגעבן דעם יידישן פאָלק, מען זאָל אים אַריינלאָזן קיין ארץ-ישׂראל. ווייצמאַנען האָט מען וואָס אַן אמת אַריינגעלאָזט קיין ארץ-ישׂראל און ער איז געוואָרן דער ערשטער נשׂיא פון דער יידישער מדינה, אָבער זיין אַמט איז אַזוי ראַדיקאַל אויסגעליידיקט געוואָרן פון יעדן אינהאַלט און רעכט, אַז פאַר אים, דעם שטאַטסמאַן, דעם פּאָליטיש-אַקטיוון מאַן איז עס געווען ווי באַניציע.

קיינער האָט אַזוי נישט מיטגעליטן די ליידן פון חיים ווייצמאַן, ווי מאיר ווייסגאַל. און קיינער איז פאַר דעם גרויסן מאַן נישט געווען אַזאַ שטיצע, ווי עס איז געווען מאיר ווייסגאַל. לייענענדיק דאָס בוך זכרונות דאַכט זיך מיר, אַז דאָס וואָס ווייסגאַל האָט מיט אַזאַ התלה־בות און אימפּעט אויפגעבויט דאָס ווייצמאַן־מלכות פאַר וויסנשאַפטן אין רחובות, האָט ער עס געטאָן נישט בלויז דערפאַר ווייל ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער רעאַליזירן דעם חלום פון זיין „טשיף״, נאָר אויך (ווידער די ווייסגאַלישע אינטויציע), כּדי וואָס שנעלער צו שאַפן אַ לע־בעדיקן און ווירקנדיקן מאָנומענט, דער זעלטענער פענאָמען חיים ווייצ־מאַן זאָל מער נישט קענען „געפיקסט״ ווערן, נאָר ער זאָל זיך אַרויס־הייבן הויך, הויך און אַרויסשטראַלן צו דער גאַנצער וועלט.

איך קען אַ ביסל די געשיכטע ווי אַזוי עס האָבן זיך געבויט אַקאַ־דעמיעס אין מערב־אייראָפּע און אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, נישט צו רעדן וועגן אַקאַדעמיעס אין מיטלאַלטער, וואָס זייער אויפבוי האָט געדויערט הונדערטער יאָרן און די נאַטורוויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען זענען געווען פּרימיטיוו. אַפילו אין דער נייער צייט האָט דער פונאַנ־דערבוי פון אַ וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, וואָס זאָל ווערט זיין דעם נאָמען, גענומען מער פון אַ האַלבן יאָרהונדערט. דער ווייצמאַן־אינסטי־טוט איז אויפגעבויט געוואָרן אין ווייניקער ווי דריי צענדליק יאָר; ער איז אַ וויסנשאַפטלעכער לייכטטורעם פאַר דער וועלט און זיין ראָל פאַר דער אַנטוויקלונג און פאַר דער זיכערקייט פון דער מדינה איז נישט אָפּצושאַצן.

עפּעס נישט ראַציאָנעלס איז פאַראַן אין דער עפּאָפּייע ווי אַזוי דער זון פון דעם קיקעלער חזן מאיר בן שלמה־חיים, אַן אָנגעזאַפּטער מיט די פאָלקסזאַפטן פון דעם מזרח־אייראָפּעיִשן יידישן שטאַם, איז אַוועק אין דער נייער וועלט, ווו פון אַ פּאַרקויפער פון צייטונגען, פליגנפּאַפּיר און שוועבעלעך האָט ער זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ דערלייזער פון דער ווונדערלעכער אידייע, אין דער יידישער מדינה זאָל אויפגע־שטעלט ווערן אַזאַ אַקאַדעמיע ווי די, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון זיין רבין חיים בן עוזר.

אין די אַלע יאָרן פון קאַמפן און ראַנגלענישן — און דאָס בוך זכרו־נות איז אַ בוך פון קאַמפן און ראַנגלענישן — איז מאיר ווייסגאַל גע־בליבן אויסגעהאַלטן און קאָנסעקווענט, ווי זעלטן ווער אין ענלעכע באַדינגונגען. ער איז געווען און איז געבליבן טריי צו אַלץ, וואָס איז אים געווען און איז אים טייער. ווי אַ גלויביקער אין די ווערטן, וואָס ער טראָגט מיט זיך, זענען אים די ווערטן נישט געווען צו לאַסט, נאָר פאַרקערט — צו הילף זענען זיי אים געווען. ער איז דער גאַנצסטער מענטש וואָס איך קען, כאָטש אויך ער טראָגט אַ צעבראָכן האַרץ. ווי קען דען אַן אינטעגראַלער ייד נישט טראָגן קיין צעבראָכן האַרץ?

**מ. צאַנין**

# אַ וואָרט פון איבערזעצער

שהשׂמחה במעונו —

אין די צוויי ווערטער וואָלט איך אויסגעדריקט — ווען איך זאָל דאָס דאַרפן טאָן על רגל אחת — דעם זין, די באַדייטונג, דעם ווערט פון דער יידישער איבערזעצונג פון מאיר ווייסגאַלס בוך זכרונות, וואָס ווערט איצט איבערגעגעבן דעם לייענער. דאָס איז די אייגנטלעכע, די אייגענע ה י י ם פון דעם ספר. פילאָלאָגן, ענגליש-קענער און סטיליסטן וועלן נאָך אַ מאָל זיך אָפּשטעלן און אַנאַליזירן דעם סגנון פון מאיר ווייסגאַלס בוך אין ענגלישן אָריגינאַל. איך גלויב, אַז קיין איין בוך אין ענגליש, פּאַרפאַסט פון אַ ייד, וועלכער קען האַלטן אַ פען אין האַנט, איז נאָך נישט געווען געשריבן אַזוי י י ד י ש, אַזוי י י ד י ש ל ע ך, ווי מאיר ווייסגאַלס ליטעראַריש מעמואַרן-ווערק.

און כשאני לעצמי, איז מיין אַרבעט אַלס איבערזעצער אין יידיש דערפון נישט געוואָרן לייכטער, נאָר להיפך. איך האָב געדאַרפט נאָכ-פאָלגן, איבערגעבן, אויסדריקן דעם יידישלעכן חן, די יידישלעכע עשי-רות, די יידישלעכע אייגנאַרטיקייט פון מאיר ווייסגאַלס בוך אין זיין גאַנץ באַזונדערן, אומפאַרגלייכלעכן און אָריגינעלן ענגלישן לשון.

שהשׂמחה במעונו —

מאיר ווייסגאַלס ספר ווערט איצט דערלאַנגט דעם יידישן לייענער אין דעם אייגענעם יידישן ליטעראַרישן לבוש, אין דער אייגענער יידי-שער ליטעראַרישער ה י י ם. ווייל יידיש לשון מיינט אין פולן זין: זיין אין דער היים, פילן זיך אין דער היים. און דאָס איז טאַקע אַן אמתע שׂמחה. איך מיין דערמיט אויך צו זאָגן, אַז עס איז געווען אַ שׂמחה, אַלס איבערזעצער אין יידיש, אַריינצוברענגען מאיר ווייסגאַלס בוך אין דער היים, אַ ה י י ם. מכל עמלי, פון מיין אייגענער ליטעראַרישער אַרבעט, איז עס געווען דער גרעסטער נחת. און איך בין זיכער, אַז אויך דער לייענער וועט עס אַזוי אויפנעמען. ער וועט זיך איצט פילן ה י י מ י ש מיט מאיר ווייסגאַלס אייגנאַרטיקן ספר.

פאַראַן ביכער, וואָס זענען וויכטיק; פאַראַן ספרים, וואָס זענען שווער, אַבסטראַקט. כּבודם במקומם מונח. ס'איז היינט אַ צייט פון אַבסטראַקטער קונסט. מאיר ווייסגאַלס בוך, וואָס נעמט אַרום דאָס הארץ פון דער געשיכטע — אַזוי וואָלט איך זיך אויסגעדריקט; וואָס דרינגט אַריין אין די חדרי חדרים — אַזוי האָב איך די העזה צו זאָגן — פון די אומגעוויינלעכע, גורלדיקע אַנטוויקלונגען אין דער גרעס־טער און וווּנדערלעכסטער תּקופה, וואָס מיר יידן לעבן איצט דורך, איז מער ווי ליטעראַטור, מער ווי שריפטשטעלערישע רעפּראָדוקציע פון דערווירקלעכקייט פון די געשעענישן. ס'איז דער משונהדיקער לויף און געווירבל פון דער ווירקלעכקייט אַליין, ס'איז געשיכטע אין גאַנג פון שאַפן. מיר האָבן אין דעם מחבר פון דעם בוך, מאיר ווייסגאַל, סיי דעם שרייבער און סיי דעם שאַפער פון דער געשיכטע פון אָט דער הרת־עולמדיקער יידישער עפּאָכע אונדזערער.

דאָס בוך איז — מאיר ווייסגאַל אַליין.

און ווען פאַר דער שילדערונג, פאַר דער פאַראייביקונג פון דער עפּאָכע און אירע מענטשן, אירע גרויסע און קליינע יידן, האָט מאיר ווייסגאַל געפונען דעם ענגלישן סטיל, די פאָרם, וואָס האָט זיך ממש ווי געבעטן אַריינצובריינגען דעם ספר אַהיים — אין יידיש מאַמע־לשון — האָב איך דאָס געטאָן מער ווי גערן, מער ווי מיט חשק, מיט פרייד און נחת.

שהשׂמחה במעונו!

אהרן אַלפּערין



מיין מוטער לאַדזשאַ די רעוואָלוציאָנערין



מיין פאָטער שלמה חיים דער חזן

מיין שיינע כלה — 15 יאָר נאָך דעם, מיט העלען, דוד און מענדי



מיין ברודער אבא, צו אַכציק זינגט ער ווי צו אַכצן



„כ׳האָב פאַרקויפט אפילו
פליגן-פּאַפּיר״, שיקאַגאָ, 1909



מיין ברודער דזשאָש

דער איינציקער שוץ פאַרן מענטשנס אָנדענק זענען די רעכטפאַרטיקייט און אויפריכטיקייט פון זיינע מעשׂים.

ווינסטאָן טשערטשיל

# 1. דער אָנהייב

ווי ס׳רוב יידן, בין אויך איך געבוירן געוואָרן אין קיקל.

אומעטום, ווו איך דערמאָן אָט דעם קליינעם פּלאַץ, ווו איך בין געקומען אויף דער וועלט, קוקן מיך אַלע אָן אַ ביסל משונהדיק און שטעלן מיר די פראַגע: „איז טאַקע דאָ אַזאַ פּלאַץ?" און איך מוז ענטפערן „איך בין שוין אין גאַנצן נישט זיכער אין דעם".

מיין זכרון זאָגט מיר, אַז ס׳איז אמת, אַז אַמאָל־אַמאָל איז געווען קיקל, ערגעץ־ווו אין דער געגנט פון פּלאָצק, אין פּוילן, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ טייל פון דער רוסישער אימפּעריע. אָבער אַזוי ווי אין כּעלעם אָדער קאַסרילעווקע, איז געאָגראַפיע קיין מאָל נישט געווען קיין עיקר גדול אין קיקל. מער ווי אַ שטאָט, אָדער אַ שטעטל, אָדער אַפילו אַ קליין דערפל, איז קיקל געווען אַ באַגריף. דיווירקלעכע גרענעצן פון דעם פּלאַץ זענען געווען נישט אין רוים, נאָר אין דער צייט. ס׳איז געווען אַן אויסצוג פון דער יידישער געשיכטע, וואָס מען קאָן געפינען בלויז אין זכרון, אין דער ליטעראַטור און אין יידישן פאָלקלאָר. געוויס האָט קיקל געהאַט אַ באַשטימטע לענג און ברייט, אָבער דאָס האָט נישט געשפּילט די מינדעסטע ראָל. קיקל איז געווען אַן אָרט, ווו יידן האָבן געזאָגט תּהילים, נאָך אַ מאָל און איבער אַ מאָל, און האָבן געלויבט דעם רבונו־של־עולם פאַר דער שפע, וואָס האָט אָנגעפילט זייערע נשמות, און די ציגן פון דעם שטעטל האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. איי, זייערע מאָגנס זענען געווען ליידיק — איז עס קיין מאָל נישט געווען קיין סיבה צו האָבן תּרעומות צום רבונו־של־עולם. דער־פאַר האָבן זיי געקאָנט האָבן טענות צו זייערע קרובים.

קיקל איז געווען איינס פון אַ סך אַזעלכע מקומות אין יידישן לעבן, געדיכט אָנגעוואָרפענע איבער מזרח־אייראָפּע ביים אָנהייב פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט, און ווו אַ פרומער טאַטע האָט מער מתפּלל געווען פאַר זיינע זינס גוט לערנען און פאַר זיינע טעכטערס שידוכים, ווי פאַר דעם ביסל גשמיות, וואָס זאָל דאָס אַלץ מאַכן גליקלעך. און אַלע זענען געווען גליקלעך, אָבער קיינער איז נישט נשתּומם געוואָרן דערפון וואָס די תּפילות זענען אָנגענומען געוואָרן.

נעמט, למשל, מיין פאָטער. שלמה חיים וויסגאַל איז געווען דער חזן פון קיקל. היינט וואָלט מען געזאָגט: אַ קאַנטאָר. ער האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין

גראַשן ביי דער נשמה. און פון דעסטוועגן האָט איינער פון מיינע ברידער, דער עלטסטער, שטודירט מוזיק אין ברעסלוי. אַ צווייטער איז אַוועקגעפאָרן קיין פלאָצק, אין דעם גרויסן כּרך פון דער געגנט, צו לערנען אויף אַן אינזשיניער. און אַ דריטער האָט געקוועטשט די באַנק אין לידע, אין דער באַרימטער ישיבה פון הרב ריינעס. דאָס אַלץ איז געווען, בעת מיר האָבן געלעבט אין קיקל. מיר, די ייִנגערע, די צוציקעס, זענען געגאַנגען אין חדר.

אַוודאי, מיר זענען געווען אָרעם. יעדער איינער אין קיקל איז געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס. אָבער מיר האָבן זיך גערעכנט צווישן די סאַמע אָרעמסטע. מיר זענען געווען אָפּהענגיק פון דער „עשירות" פון אַ פעטער, אין וועמענס הויז מיר האָבן געוווינט אויפן אויבערשטן גאָרן. פעטער געצל איז געווען דער קצב און אויך דער גביר פון שטעטל. זיין אַ קצב האָט געמיינט זיין אַן עם־הארץ, און פעטער געצל האָט דאָס באַשטעטיקט. ווי דער גביר און דאָס אייבערשטע פון שטויסל אין דער קהילה האָט ער זיך ווייניקער צוגעפּאַסט. דאָס העכסטע, וואָס קאָן וועגן אים געזאָגט ווערן איז, אַז אַזוי לאַנג ווי די יידן פון שטעטל האָבן געגעסן, האָט פעטער געצל געהאַט פּרנסה. און דאָס בעסטע וואָס קאָן וועגן אים געזאָגט ווערן איז, אַז אַזוי לאַנג ווי ער האָט געהאַט פּרנסה, האָבן מיר אויך געגעסן. אין זיין באַציִונג צו מיין פאָטער האָב איך זייער פרי געלערנט, וואָס עס מיינט דער מאמר חז״ל : „זכה, מלאכתו נעשית על ידי אחרים".

פּאָר מיין פאָטער האָבן אַלע געהאַט אַ טיפן דרך־ארץ. און אויב פעטער געצל האָט איבערגענומען אַ טייל פונעם טאַטנס עול פון לעבן, איז עס געווען נישט מער ווי נאַטירלעך. דער טאַטע האָט נישט געפילט, אַז ער איז אים עפּעס שולדיק דער־פאַר. להיפך. פעטער געצל איז געווען דער בעל־חוב. און אַ חוץ דעם האָט ער נישט געהאַט קיין קינדער. טאָ וואָס פאַר אַ ממשות האָט שוין געקאָנט האָבן זיין גאַנץ „רייכטום" ?

מיין פאָטער האָט געשטאַמט פון אַ לאַנגן יחוס רבנים. ער האָט געהאַט סמיכה אויף רבנות פון דעם גאון ר' יהושעלע קוטנער, וועלכער איז געווען אַ ווייטער קרוב אונדזערער, און וועמען מען האָט געהאַלטן פאַר דעם „ווילנער גאון" פון פּוילן. מער דאַרף מען שוין וועגן דעם נישט זאָגן, דאָס איז געווען דער גרעסטער יחוס. און מיין פאָטער האָט געשמט אין דער גאַנצער געגנט. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט באַקומען סמיכה פון אַזאַ גרויסן גאון און איז געווען אַ טיפער בעל־אמונה, האָט מיין פאָטער זיך נישט געכאַפּט צו ווערן אַ רב. זיין שטאַר־קער חשק, און דער ענין מיט וועלכן ער האָט זיך פאַרנומען אַלע זיינע יאָרן, איז געווען מוזיק. דאָס איז געווען אַ גאָר משונהדיקע זאַך אין יענער צייט און ביי די דעמאָלטיקע אומשטענדן, אין מיין פאָטערס יונגע יאָרן.

געוויס איז נישט געווען קיין מוזיק־שול אין דער שכנותדיקער שטאָט שערפּץ, ווו מיין פאָטער איז אויסגעוואַקסן — הגם שערפּץ איז געווען אַ כּרך אין פאַרגלייך מיט קיקל. זיין גאַנצע מוזיקאַלישע דערציִונג האָט מיין פאָטער זיך דערוואָרבן דורך דעם וואָס מיר וואָלטן היינט אָנגערופן : אַ קאָרעספּאָנדענץ־קורס. די מעשה איז אָבער די, וואָס אויך קיין מוזיק־שולן מיט אַ קאָרעספּאָנדענץ־קורס האָבן נישט עקזיסטירט אין יענע צייטן. כאָר־דיריגענטן און אויך ייִנגלעך, וועלכע האָבן גע־

זונגען אין די כאָרן פון די פאַרשיידענע שולן, פלעגן פירן אַ גרויסע קאָרעספּאָנ־דענץ מיט זייערע חברים אין אַנדערע ערטער. זיי פלעגן אויסטוישן צווישן זיך זייערע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס, נאַטירלעך, געשריבענע מיט דער האַנט. משו־ררים, וועלכע פלעגן זיך אַרויסלאָזן איבער דער מדינה, האָבן פאַרשפּרייט זייערע נייע ניגונים פון אָרט צו אָרט. אַ סך פון זיי זענען דורכגעפאָרן דורך קיקל אויף זייער וועג קיין דייטשלאַנד, ווו זיי האָבן געהאָפט צו קריגן אַ סאָלידע מוזיקאַלישע דערציִונג. און ווייל מיין פאָטער איז שוין געווען אַ חזן, וואָס איז מפורסם געוואָרן אין דער גאַנצער געגנט, איז אונדזער הויז געווען אַ סטאַנציע, ווו די אַלע וואַנ־דערנדיקע זינגענדיקע שטערנס האָבן זיך אָפּגעשטעלט. זיי פלעגן ביי אונדז געבן די „פּרעמיערעס״ פון זייערע מוזיקאַלישע ווערק. מיין פאָטער פלעגט זיך באַציִען אַ ביסל מיט חשד צו אָט די אורחים, וועלכע האָבן זיך נישט באַזונדערס אויסגעצ־ייכנט מיט זייער פרומקייט. אָבער ער האָט הנאה געהאַט פון זייער זינגען.

פון מיינע פריסטע קינדער־יאָרן ביז מיין פאָטערס טויט אין אַמעריקע אין 1921 געדענק איך אים, ווי ער איז געזעסן אַריבערגעבויגן איבער זיינע גרויסע ספרים און האָט געמאַכט מוזיקאַלישע פאַרצייכענונגען. די בויגנס מיט די מוזיק־נאָטן האָבן זיך תמיד געפונען נעבן די גמראס. ביי מיר איז פאַרבליבן דער רושם, אַז דער טאַטע פלעגט אַריבערגיין פון איינעם צום צווייטן. ער פלעגט איבערלאָזן אַ נישט־פאַרענדיקטע, מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע, כּדי אַריינצוכאַפּן אַ בלאַט גמרא. און דאַן האָט עפּעס אַ מסכתא אין דער גמרא אים מעורר געווען אָנועקצווועצן זיך ווידער צו שרייבן מוזיק. און ווייל קיין ראַדיאָס, פאָנאָגראַפן און לאָקאַלע אָפּערע־הייזער זענען דעמאָלט נישט געווען, האָט ער „געהערט״ זיין מוזיק אין ספרים. איך האָב אויך אַ גוט־באַגרינדעטן חשד, אַז ער פלעגט פון צייט צו צייט זיך אָנועקלאָזן אויפן דרך פון נישט־שטאַרק פרומע טענער.

איין מאָל, ביי די תּפילות פון קבלת־שבת — אַ סך יאָרן שפּעטער אין די בראָנקס — איז ער מיט אַ מאָל ביים זינגען „לכה דודי״ פאַרקראָכן אין אַ ניגון, וואָס האָט אויף אַ מאָדנעם אופן דערמאָנט די באַקאַנטע אַריע „רחל״, פון הלוי׳ס אָפּערע „די יידישקע״, צוגעזאָלצן מיט חזנישע קנייטשן און דריידלעך. ווען איך האָב אים אַ פרעג געטאָן, צי דאָס איז זיינע אַ נייע קאָמפּאָזיציע, האָט ער זיך פאַר מיר פאַרטרויט: „דערצייל נישט קיינעם, איך האָב עס געלייענט אין אַ בוך״.

ווען אַפילו עס וואָלט געווען אַן אָפּערע־טעאַטער בשכנות פון קיקל, וואָלט מיין פאָטער אַוודאי נישט געחלומט צו גיין אין אַזאַ אַפּיקורסישער, געצנ־דינערישער אינסטיטוציע. בלויז איין מאָל, שוין ביים סוף פון זיין לעבן אין אַמע־ריקע, האָט זיך מיר איינגעגעבן צו ברעכן זיין ווידערשטאַנד און אים אַוועקשלעפּן צו הערן קאַרוזאָן, ס׳איז געווען אַ נאָכמיטאָג־פאָרשטעלונג, און ס׳איז אויפגעפירט געוואָרן ביזעס „די פּערל־פאַנגערס״. ווען קאַרוזאָ האָט געזונגען זיין באַרימטע אַריע „זשע קרואַ אַנטאַנדר אַנקאָר״ מיט זיין קונציקן עכאָ פון אַ חזניש דריידל, האָב איך אַ קוק געטאָן אויף מיין פאָטער, ווי ער איז געזעסן אין זיין לאַנגן פראַק מיט דער יאַרמולקע אויפן קאָפּ, און איך האָב באַמערקט ווי עס רינען אים טרערן פון די אויגן. ווען מיר זענען אַרויסגעגאַנגען פון טעאַטער האָב איך אים געפרעגט:

„נו, טאַטע, וואָס מיינסטו וועגן דעם גוי?" זיין ענטפער איז געווען: „אַלע חזנים מעגן זיין אַ כפרה פאַר אים".

זעלבסטפאַרשטענדלעך האָט מיין פאָטער נישט בלויז געזונגען און געשריבן חזנישע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס. ער האָט זיך געוואָרפן אויך אויף אַנדערע פּרנסות. ער איז געווען דער שוחט און דער מוהל פון קיקל. ער האָט געהאַט צוויי ווייבער — נישט, חס וחלילה, אין דער זעלבער צייט — און ער האָט געבראַכט אויף דער וועלט עלף קינדער. כראָנאָלאָגיש בין איך געווען דער פערטער זון, און דאָס פינפטע קינד פון מיין פאָטערס ערשט ווייב. און איך בין געקומען אויף דער וועלט צוזאַמען מיט אַ צווילינג־שוועסטער.

מייַן מאַמע איז געשטאָרבן ווען זי האָט געבוירן איר זעקסט קינד, אָבער נישט פריִער איידער זי האָט אַריינגערופן איר זעכצן־יאָריקע פּלימעניצע, מיין קוזינע לאָדזשאַ, און האָט איר איבערגעגעבן די ירושה: אַ מאַן, וואָס איז געווען פופצן יאָר עלטער פון מיין קוזינע, און זעקס קינדער, פון וועלכע דריי, אַריינגערעכנט מיך, זענען געווען יינגערע פון דריי יאָר. אָרעם מיידל! מיט איר טעמפּעראַמענט און מיט די זאַכן, וואָס האָבן זי אינטערעסירט אין לעבן, איז זי געווען אַמווייניקסטן צוגעפּאַסט צו ווערן מיין פאָטערס ווייב. אָבער די האַנט פון מיין פאַרשטאָרבענער מאַמען איז שווער געלעגן אויף איר. לאָדזשאַ איז געווען אַן אויסערגעווייניטלעך שיינע און טעמפּעראַמענטפולע. זי פלעגט לייענען ביכער, וואָס זענען געווען „טריף־פּסול". און זי האָט אויך פון צייט צו צייט געהאַט חשק צו שרייבן רעוואָלוציאָנערע לידער. זי איז געווען בטבע אַ רעוואָלוציאָנערקע. און דאָס חתונה האָבן מיט מיין פאָטער האָט נישט געענדערט איר נאַטור. זי האָט ווייטער געפּראַוועט רעוואָלוציע — קעגן איר מאַן; קעגן דער ראָל, וואָס איז אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויף איר צו זיין דאָס ווייב פון אַ חזן; קעגן איר גאַנצער סביבה אַרום; און זיכער קעגן דעם סיסטעם, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין דער וועלט.

איך קאָן זיך נישט דערמאָנען מיין אייגענע מאַמע. אָבער וואָס איז שייך מיר אַליין האָט לאָדזשאַ איבערגענומען איר מוטערלעכע פליכט מיט איבערגעגעבנ־קייט. זי האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם סדר אין דער שטוב. מיינע דריי עלטערע ברידער זענען מערסטנס נישט געווען אין דער היים. און מיין צווילינג־שוועסטער חיה מיט מיין יינגסטן ברודער שמואל, האָט לאָדזשאַ אַראָפּגעשיקט אונטן, ווו'נען מיטן פעטער געצל. איך בין פאַרבליבן מיט איר. זי האָט מיך געפּיעשטשעט, און איך האָב זיך געפירט מעשה באַלעבאָס.

דער דאָזיקער מצב איז נישט געווען אַזוי פריילעך פאַר מיין טאַטן. שטענדיק זענען אָנגעגאַנגען קריגערייען צווישן אים און לאָדזשאַן וועגן דעם, ווי אַזוי איך זאָל דערצויגן ווערן. מיין פאָטער האָט מיך שטאַרק ליב געהאַט. און אויב ער האָט געהאַט עפּעס אַן אַמביציע אויף דער וועלט, איז עס געווען, אַז איך זאָל קריגן אַ גוטן חינוך. אָבער ער איז געווען זייער שאַרף אין זיינע איבערצייגונגען און אַלטמאָדיש שטרענג אין זיינע מעטאָדן. ווען ער פלעגט מיר דערלאַנגען אַ פּאַטש, האָט לאָדזשאַ מיך גענומען אין אירע אָרעמס און זי פלעגט האָבן אַ טענה צו מיין פאָטער: „וואָס ווילסטו האָבן פון דעם קינד?"

אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ קליינע מחלוקת. מיין פֿאָטער האָט גאַנץ פּשוט נישט געקאָנט פֿאַרשטיין לאַדזשאַן און אירע דרכים. אַזוי יונג ווי זי איז געווען, האָט לאַדזשאַ שוין פֿון אַ צייט זיך געהאַט אַריינגעלאָזט אין דער באַוועגונג פֿון „בונד". זי איז געווען אַ פֿייערדיקע בונדיסטקע, און זי האָט באַשלאָסן ביי זיך, אַז איר חתונה — אַפֿילו מיט דעם חזן פֿון קיקל — וועט נישט ענדערן איר לעבן און אירע אידייען. זי איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט איר רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, און איז נישט אָפּגעקילט געוואָרן אין אירע סימפּאַטיעס צום „בונד". און ווען איך בין עלטער געוואָרן, פֿלעגט זי זיך באַנוצן מיט מיר ווי אַ שליח צו אירע חברים פֿאַר איינאָרדענען אומלעגאַלע „מאַסוווקעס" (פּאַרטייאישע מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען) און לעקציעס, וואָס פֿלעגן געוויינלעך פֿאָרקומען שבת.

ווען מיין פֿאָטער איז אַוועקגעגאַנגען שבת — אין שול, פֿלעגט לאַדזשאַ מיך פֿאַרהאַלטן אַ ביסל, מיט עפּעס אַ תּירוץ, זאָגנדיק, אַז זי וועט מיך אַרויסעקספּע־דירן דאַוונען אַ פּאָר מינוט שפּעטער. זי האָט געהאַלטן איר צוזאָג, אָבער אויפֿן וועג אין שול האָב איך תּמיד געדאַרפֿט אָפּטרעטן אין דער וווינונג פֿון דעם אָדער אַן אַנדערן בונדישן חבר און זאָגן אים באַשטימטע ווערטער, וואָס לאַדזשאַ האָט מיט מיר גוט איינגעחזרט. איך האָב זעלבסטפֿאַרשטענדלעך נישט געהאַט די מינדסטע השׂגה וועגן דעם, וואָס דאָס אַלץ באַדייט. אָבער מיר איז שטאַרק געפֿעלן געוואָרן וואָס אויך איך, אַ ייִנגל, בין אַריינגעמישט אין אַ סוד. ווען איך פֿלעג דערנאָך קומען אין שול, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט נעבן מיין פֿאָטער, אויף דעם בכּבֿודיקן פּלאַץ אויף דער בימה — פֿאַר וואָס אַ סך פֿון מיינע חברים פֿלעגן מיך שטאַרק מקנא זיין — און האָב מיט אַן אומשולדיקער מינע גענומען שלינגען די ווערטער פֿון דאַוונען, וואָס איך האָב געהאַט פֿאַרשפּעטיקט.

מיינע ברידער און איך האָבן געהאַט גוטע שטימען. מיין שטים איז געווען אַן אומגעוויינלעך קלאָרער אַלט. איינער אַליין — אָדער אין צווייען און אַ מאָל אין דרייען — אָפּהענגיק דערפֿון, וויפֿל פֿון אונדז זענען געווען אין דער היים, האָבן מיר צוזאַמענגעשטעלט אַ טייל פֿון מיין פֿאָטערס כאָר. ווען מיר פֿלעגן צו־ריקקומען אַהיים שבת פֿון דאַוונען, האָט לאַדזשאַ שטענדיק געהאַט צוגעגרייט פֿאַר מיר נאָך אַ שטיקל קוכן. פֿאַר מיין פֿאָטער איז עס נישט געווען שטאַרק ניחא וואָס איך האָב אַזאַ לאַסקע ביי זיין ווייב. אָבער ער האָט עס צוגעלאָזט. און נאָר לאַדזשאַ און איך האָבן געוווּסט דעם סוד דערפֿון. אַזוי צי אַזוי — שבת איז געווען דער בעסטער טאָג פֿאַר מיר אין דער וואָך, ווי פֿאַר אַלע ייִדן, יונג און אַלט.

איך בין אַוודאי אַלט געווען אַ יאָר זיבן, ווען לאַדזשאַ האָט אַראַנזשירט איר גרעסטע געהיימע „מאַסוווקע". דער באַרימטער טשאַרני־וולאַדעק איז דאַן אַליין אַראָפּגעקומען קיין קיקל. אין יענע צייטן איז וולאַדעק געווען באַקאַנט, ווי דער ייִדישער לאַסאַל. אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען לאַנג אין אַמעריקע און איז געוואָרן דער פֿאַרוואַלטער פֿון „פֿאָרווערטס", האָב איך געהאַט מיט אים צו טאָן. אין 1933 זענען מיר געוואָרן פֿריינד. און כאָטש מיר האָבן זיך געפֿונען אויף קעגנערישע זייטן פֿון די באַריקאַדעס — ער איז געווען אַ סאָציאַליסט און איך אַ ציוניסט — האָבן מיר געמאַכט צוזאַמען גאַנץ נישקשהדיקע געשעפֿטן. אין יענער צייט האָב איך אויפֿגעפֿירט אַ ייִדיש ריזן־ספּעקטאַקל: „דער ראָמאַנס

פון אַ פּאָלק״. און וואָלאַדעק האָט אָפּגעדונגען דריי פּאַרשטעלונגען אונטערן פּאַטראָ־נאַזש פון „פאָרווערטס״. עס איז געווען אַ גרויסע אַטראַקציע פאַר די יידן פון ניו־יאָרק. און צי די דאָזיקע פאָרשטעלונג האָט עפּעס אויפגעטאָן פאַרן סאָציאַליזם, אָדער נישט — איז זיכער איין זאַך: זי האָט פאַרגרעסערט די צירקולאַציע פון „פאָרווערטס״. אין מיינע קינדער־יאָרן איז טשאַרני־וואָלאַדעק געווען אַ לעגענדאַרע פיגור. זיין באַוויזן זיך אין אַזאַ פאַרוואָרפענעם עק, ווי אין קיקל, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך גרויס געשעעניש.

די „מאָסוווקע״ אין וואַלד איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, פאָרגעקומען אין אַ שבת, אין דעם איינציקן טאָג פון דער וואָך, ווען די יידישע אַרבעטער זענען גע־ווען פריי. און ביי דער געלעגנהייט האָט לאָדזשאַ גאָר באַזונדערס זיך באַנוצט מיט מיין הילף. זי האָט מיך אַרומגעשיקט, ווי אַ שמש, פון איין אָרט צום צווייטן צו מאַכן דעם אַלאַרם און אויפצוועקן די קלאַסן־באַוווסטזיניקע חברים, זיי זאָלן קומען צו דער מאַסן־פאַרזאַמלונג אין וואַלד.

אַ סוד אין קיקל, ווי אומעטום, האָט געקאָנט אָנהאַלטן בלויז אַכט־און־פערציק שעה. באַלד איז איבערן גאַנצן שטעטל פונאַנדערגעטראָגן געוואָרן די מעשה, אַז די חזנטע איז געווען איינע פון די אָנפירער פון דער געהיימער פאַרזאַמלונג אין וואַלד. און נאָך מער: אַז דאָס איז נישט געווען צום ערשטן מאָל. מען האָט גע־נומען דערציילן, אַז שוין אַ לאַנגע צייט ווי מען זעט זי אַרומדרייען זיך אין דער וואַלד־געדיכטעניש מיט פאַרדעכטיקע פאַרשוינען. ווילדע קלאַנגען און מעשׂיות האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשפּרייטן וועגן איר, ווי פלאַמען פון אַ שׂריפה. דער סוף איז געווען, אַז פון איין אויער צום צווייטן איז געבוירן געוואָרן אַ מעשה, אַז לאָדזשאַ פירט אַ ליבע מיט איינעם פון די רעוואָלוציאָנערן.

אַ ליבע אין קיקל איז נישט געווען אַזאַ זאַך, ווי מען פאַרשטייט עס היינט, אין אונדזער מאָדערנער און ראַפינירטער געזעלשאַפט. אַ ליבע אין קיקל האָט געמיינט, אַז אַ בחור און אַ מיידל שפּאַצירן אויף אַ גרינער לאָנקע און האַלטן זיך איינע די אַנדערע פאַר די הענט, אָדער אַז אַ ווייבל באַווייזט זיך אויף דער גאַס מיט איינעם, וועלכער איז נישט איר מאַן. עס האָט געמיינט אַ לייכטער פלירט, אַן איבערוואַרפן מיט וואַרעמע בליקן. אָבער אַפילו אַזאַ ליבע־ראָמאַן, און נאָך מיט אַ רעוואָלוציאָנער, אַן אַפּיקורס, און זיין אַ שותּפטע מיט אים אין די גאָט־לעסטערישע רעוואָלוציאָנערע מעשׂים — דאָס איז געווען אַ חרפּה און אַ בושה, וואָס די חזנטע האָט פאַרשאַפט די פרומע יידן אין קיקל. לאָדזשאַ האָט נישט נאָר גאָרנישט געטאָן, כּדי צונישט צו מאַכן די אַלע קלאַנגען, נאָר זי האָט נאָך צוגעהאָלפן זיי פונאַנדערצושפּרייטן.

אין איינעם אַ טאָג האָט פאַסירט נאָך אַן ערגערע זאַך. צו מיין פאָטערס שרעק־לעכן עגמת־נפש, איך מעג אַפילו זאָגן, אַז צו זיין פאַרצווייפלונג און צו דער שרעק, וואָס איז באַפאַלן גאַנץ קיקל — האָט לאָדזשאַ זיך באַוויזן אויף די גאַסן פון שטעטל אין אירע אייגענע האָר. ווי אַלע ווייסן, פלעגט אַ גאָטספאַרכטיק יידיש מיידל אין יענע צייטן — און דער דאָזיקער מנהג האַלט נאָך אַן ביזן היינ־טיקן טאָג צווישן די זייער פרומע יידן — אָפּשערן אירע האָר פאַר דער חתונה

און אָנטאָן אַ שייטל. ס׳איז אומבאַקאַנט ווען דער דאָזיקער מנהג איז איינגעפירט געוואָרן. געוויסע אויטאָריטעטן מיינען, אַז דער מנהג גרייכט פון מיטלאַלטער, ווען די פּריצים האָבן זיך פאַראייגנט דעם „יוס פּרימאַ נאָקטיס״ — די רעכט אויף דער ערשטער נאַכט מיט יעדער נאָר וואָס חתונה געהאַטער אין די גרענעצן פון זיינע גיטער. יידישע פּרויען פלעגן זיך ראַטעווען פון אָט דער שאַנדהאַפטי־קייט דורך מקריב זיין זייער קרוינענדיקע פּראַכט. אַנדערע מיינען, אַז דער מנהג האָט אַ וויניקער בילדערישן אָפּשטאַם, נעמלעך, אַז דאָס שייטל איז געווען אַ צייכן, אַז די פרוי איז אַ פאַרהייראַטע און דאָס האָט פאַרקלענערט די מעגלעכע צודרינגלעכקייט פון פרעמדע מענער. פון וואַנען און פון ווען דער מנהג זאָל נישט שטאַמען — איז דאָס טראָגן דאָס שייטל אָפּגעהיטן געוואָרן מיט גרויס קדושה. און ווען לאַדזשאַ האָט זיך באַוויזן אויף די גאַסן, אָדער דאָס וואָס מען האָט אין קיקל גערופן גאַסן, מיט אירע אייגענע גאָלד־פּלאַטינע האָר אַזוי, אַז אַלע זאָלן עס זען, האָט אַ ציטערניש אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע שטעטל. נישט נאָר האָט זי פאַרשוועכט אַ הייליקן מנהג, נאָר זי האָט חוזק געמאַכט פון איר מאַן און האָט טאַקע באַשטעטיקט די ערגסטע מעשׂיות, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען וועגן איר. דער אמת איז געווען, אַז לאַדזשאַ האָט פון דעסטוועגן נישט געהאַט די חוצפּה אין גאַנצן אויסצוטאָן דאָס שייטל. דאָס האָט זי געטאָן אַ סך שפּעטער. זי האָט בלויז אַרויסגעהויבן אירע אייגענע האָר איבערן שייטל און האָט געמאַכט דעם רושם, ווי זי וואָלט אין גאַנצן אויסגעטאָן דאָס שייטל. אָבער דאָס אַליין האָט זיך שוין גערעכנט פאַר אַ מוראדיקע זינד און איז געווען גענוג, אַז אַלע זאָלן קוקן אויף איר, ווי אויף אַ חצופה. דאָס איז נאָך נישט געווען אַלץ.

אין דער זעלבער צייט, און אפשר טאַקע אין שייכות מיט דער אָנגעצויגענער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן אַרום איר, האָט לאַדזשאַ געמאַכט נאָך אַ רעוואָלוציע. אַזוי ווי די מערסטע ווייבער אין קיקל זענען געווען עם־האַרציש, ווי זיי זענען גע־ווען פרום, און האָבן אַפילו נישט געקענט דעם אלף־בית, האָט די חזנטע געדאַרפט זאָגן מיט זיי די תּפילות הויך אויפן קול אין דער עזרת־נשים פון דער שול. די חזנטע פלעגט פירזאָגן די תּפילות פון סידור און די אַנדערע ווייבער האָבן איר נאָכגעזאָגט. איין מאָל אין אַ שבת האָט לאַדזשאַ פּראָקלאַמירט אַ שטרייק. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פירצוזאָגן פאַר די ווייבער. עס קאָן זיין, אַז דאָס איז געווען איר נקמה פאַר פאַרשפּרייטן די מעשׂיות וועגן איר. אין שול איז נישט געווען קיין אַנדערע אשה מיט לאַדזשאַס בקיאות און טאַלאַנט, וואָס זאָל קאָנען זי פאַרטרעטן. דאָס וואָס לאַדזשאַ האָט דעם שבת אָפּגעטאָן, איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַן אמת שמד־שטיק. די אָרעמע ווייבער פון קיקל האָבן נעבעך נישט געקאָנט תּפילה־טאָן צום רבונו־של־עולם. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען צוויי שבתים נאָך אַנאַנד. די ווייבער פון קיקל זענען נעבעך פאַרשטומט געוואָרן. גאַנץ קיקל איז געגאַנגען אויף רעד־לעך. צו מיין טאַטן אין שטוב אַריין איז געקומען איין דעלעגאַציע נאָך דער צווייטער וועגן מאַכן אַ סוף צו לאַדזשאַס נייער „רעוואָלוציע״. די לופט אין שטעטל איז געווען פול מיט סטראַשונקעס קעגן דער חזנטע. און מיין פאָטערס גאַנצע פּרנסה איז געווען איינגעשטעלט.

סוף־כל־סוף האָט זיך אַלץ אויף וועלכן ס'איז אופן באַרויִקט. אין דריטן שבת איז אין דער עזרת־נשים פון דער שול שוין געווען אַלץ ווי פריִער. די חזנטע האָט זיך צוריקגעקערט צו איר פּירזאָגן פאַר די ווייבער פון קיקל. זי האָט געזאָגט פאַר זיי די תּפילות פון סידור, און די ווייבער אין דער עזרת־נשים זענען דעם שבת נישט געבליבן זיצן שטום.

די דאָזיקע מעשׂים נוראים האָבן נישט געקאָנט שטאַרקן מיין פּאָטערס אָנזען אין שטעטל. מסתּמא האָבן זיי נישט ווייניק בייגעטראָגן דערצו מיר זאָלן דאַרפן אָוועקפאָרן קיין אַמעריקע. אָבער עס דאַרף געזאָגט ווערן צום גונסטן פון לאַדזשאַן: זי איז געווען אַ גרויסע אויפטועריין און האָט פאַרמאָגט אַ סך דיפּלאָמאַטישע פעיִקייטן אויף אַנדערע געביטן, צו פאַרבעסערן די מערכה אין אונדזער שטוב אין קיקל.

איך ווייס, אַז מען וועט עס מיר נישט גלויבן, אָבער אַלע היסטאָריקער פון קיקל זענען איינשטימיק אין דער דעה, אַז איך בין געווען אַ שיין יינגל. מיין שטיפמאַמע, וועלכע האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט מיין שיינקייט, האָט מיך נאָך אויסגעפּוצט, איבערמאַכנדיק פאַר מיר אָנצוגן פון אירע אַלטע קליידער און איבערניצעווענדיק פאַר מיר מלבושים פון טאַטנס אויסגעטראָגענע זיידענע קאַפּאָטעס. מיינע שוואַרצע געקרייזלטע לאָקן האָט מען געלאָזט וואַקסן אַפילו נאָך דעם עלטער, ווען דאָס האָט געפּאַסט לויט דעם אָנגענומענעם מנהג אין קיקל.

ווען דער דלות האָט אָנגעהויבן פייפן אין אונדזער שטוב, און דאָס האָט אָפט פּאַסירט, פלעגט לאַדזשאַ מיך אויספּוצן אין מיין שענסטן מלבוש און מיך אַראָפּשיקן אונטן, צום פעטער געצל. געהייסן האָט עס, אַז זי שיקט מיך צום פעטער, איך זאָל זינגען פאַר אים — און פעטער געצל האָט שטאַרק ליב געהאַט מיינע „סאָלאָס". דער אמת איז אָבער געווען, אַז איך האָב געדאַרפט אויף אַזאַ אופן אַרויסקריגן פון דעם פעטער אַ ביסל געלט צו קויפן ברויט אָדער מילך. פעטער געצל האָט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ שפּיצל, אָבער ער האָט זיך געלאָזט אויסנוצן. ער פלעגט דאָס געלט, וואָס ער האָט מיר געגעבן אַלס „מתּנה", פאַרשרייבן מיט קרייד אויף דער וואַנט. און ער האָט דאָס אויפגעשריבענע איבערגעלאָזט ביז דעם טאָג, ווען ער וועט מאַכן אַ חשבון מיט מיין פאָטער.

דאָס איז געוואָרן אַזאַ שטייגער פירעכץ ביים פעטער געצל. אָבער מיין צווילינג־שוועסטער חיה, וועלכע האָט געוווינט ביי אים, האָט אָפט אָפּגעמעקט זיין חשבון. ווען דער פעטער איז נישט געווען אין שטוב, פלעגט זי זיך אַרויפשטעלן אויף אַ בענקל און אָפּווישן אַלץ, וואָס ער האָט אויפגעשריבן מיט קרייד. אַז ער איז צוריקגעקומען און האָט דאָס דערזען, פלעגט מען פלוצלונג דערהערן פון אונטן ווילדע קולות, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן בלויז עטלעכע מינוט. פעטער געצל פלעגט נאָך אַ מאָל אויפשרייבן דעם חשבון פון זכרון. און נאָך דעם ווי דער גרויסער רעש איז פאַרביי, פלעגט ער אַ קוק טאָן אויף דעם, וואָס איז געווען אויפגעשריבן אויף דער וואַנט, און מורמלען צו זיך אַליין: „וואָס טו איך? סיי־ווי קאָן ער מיר נישט באַצאָלן. נאָך וואָס גאָר אויסנוצן אַ גוט שטיקל קרייד?" און מיט אַ ברייטן זשעסט און מיט אַ גיכן איינקנייטשן דעם אַרבל, האָט ער אַליין אָפּגעווישט דאָס אָנגעשריבענע. דער חשבון איז געווען צדק.

דעמאָלט איז אַלץ געוואָרן צוריק בשלום. דער פעטער אַליין האָט זיך געפילט בעסער און רויִקער. קוקנדיק אויף זיך ווי אויף אַ גרויסן בעל־טובה, פלעגט ער אַרויפגיין אויף די טרעפּ און אַרויפקומען אויבן צו אונדז, ווי עס וואָלט קיין מאָל גאָרנישט פּאַסירט. און ווען דער טאַטע איז געווען אין שטוב, פלעגט ער אים אַ פרעג טאָן: „האָסט עפּעס אַ נייעם ניגון פאַרן קומענדיקן שבת, פאַר ראש־חודש־בענטשן?"

מיין פאָטער האָט אים זעלטן געענטפערט. ער פלעגט איינגראָבן זיין פּנים אין אַ בלאַט גמרא, נישט געוואָלט פאַרלירן קיין צייט מיט דעם פעטער געצלען דעם עם־האָרץ.

ווען פעטער געצל פלעגט וואַרטן אויף אַ נייעם ניגון פון טאַטן, און מיין פאָטער האָט אים נישט געענטפערט, און איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין דער גמרא, פלעגט מיין שטיפמאַמע ראַטעווען די לאַגע. זי האָט געקענט דעם טאַטנס אַלע קאָמפּאָזיציעס בעסער, ווי די משוררים פון כאָר (מיין פאָטער פלעגט זיי רופן „הילצערנע דרענגער") און זי האָט געהאַט זייער אַ שיינע שטים. זי פלעגט אָנ־כאַפּן דעם טאָן און מכבד זיין פעטער געצלען מיט אַ פּולער רעפּעטיציע פון טאַטנס נייע ניגונים פון ראש־חודש־בענטשן. דער דאַזיקער קאָנצערט, וואָס לאַדזשאַ האָט אויף דער גיך אימפּראָוויזירט, האָט זיך פאַרענדיקט מיט דעם, אַז אַלע האָבן זיך איבערגעבעטן. פעטער געצל האָט נישט נאָר אויסגעמעקט דעם גאַנצן חשבון פון די חובות, וואָס מיין טאַטע איז אים געווען שולדיק, נאָר ער האָט אויך צוגע־וואָרפן נאָך אַ פּאָר רובל. און ביים אַוועקגיין האָט פעטער געצל, ווי אַלע מאָל, אַ זאָג געטאָן הויך אויפן קול צו מיין פאָטער דעם פּזמון: „מאָך מיר מאָרגן נישט טריף די בהמה". דאָס איז געווען אַ קאָפּוליער אָנצוהערעניש אויף דעם, וואָס מיין פאָטער, דער שוחט ובודק, פלעגט שטאַרק מחמיר זיין ביים שעכטן און בודק זיין אַ בהמה. אין דער אָנצוהערעניש איז אויך געווען אַ מין אָנדייט אויף וועלן איבערקויפן דעם טאַטן. אין דער אמתן האָט עס געמיינט: „זע, שלמה־חיים, ווי איך בין ברייטהאַרציק מיט מיינע קערבלעך. פאַר וואָס קענסטו נישט זיין ברייט־האַרציק מיט מיינע בהמות?"

מיין פאָטער איז טאַקע געווען אַ גרויסער מחמיר, און אַמווינציקסטן פון אַלע איז דערפון געווען צופרידן פעטער געצל. אַלע אין קיקל האָבן מיט אַן איינגעהאַל־טענעם אָטעם אויסגעקוקט אויף דעם וואָס ער וועט פּסקענען ווען ער האָט בודק געווען די לונגען פון אַ קו, צי פון אַן אָקס. פאַר דער קלענסטער פּגימה האָט ער טריף געמאַכט די בהמה. אין אַזאַ פאַל איז דער טאָג געווען אַ טאָג פון אבלות פאַרן פעטער געצל און פאַר דער גאַנצער קהילה אין שטעטל. פעטער געצל האָט פאַרלוירן זיין פּדיון די וואָך, און יידן אין קיקל זענען געבליבן אָן אַ שטיקל פלייש אויף שבת. און כאָטש אויך אונדזער אייגענע משפּחה איז געווען אַ קרבן פון דער קאַטאַסטראָפע, פלעגט מיין פאָטער נישט אָפּווייכן פונעם חומר־הדין אויף קיין האָר. ווען ער האָט געפּסקנט, אַז די בהמה איז טריף, פלעגט מען גאָרנישט קאָנען רעדן מיטן פעטער געצל. דער פעטער האָט אויסגעזען אַזוי, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט אים אונטערגעגאַנגען איבער דער נאַרישקייט פון עפּעס אַ פּגימה

אויף די לונגען פון דער בהמה. פאַר אונדז האָט דאָס געמיינט, אַז נישט נאָר האָבן מיר נישט געהאַט קיין פלייש אויף שבת, נאָר אַז דער גאַנצער חסד, וואָס דער פעטער געצל האָט געטאָן צו אונדז, איז געווען איינגעשטעלט, אין געפאַר.

אין אַזעלכע קריזיסן, וואָס האָבן פּאַסירט נישט זעלטן, איז לאַדזשאַ אויסגע־וואַקסן ווי אַ גרויסע בריהטע. זי האָט געהאַט אַ וווּנדערלעכן טאַלאַנט צו באַרגן געלט. דאָס איז געווען נאָך מער צום שטוינען ווען אַלע האָבן געוווּסט, אַז זי איז אַ רעוואָלוציאָנערקע. טשעקאָווע איז אָבער געווען וואָס ביי אַזעלכע געלעגנהייטן איז לאַדזשאַ, ווען דער גאַנצער ענין פון כשרות איז אַנגעגאַנגען ווי דער פאַר־אַיאַריקער שניי, מיט אַ מאָל געוואָרן אַ גרויסע צדיקת און האָט זיך אַנגענומען פאַר מיין טאַטן און פאַר די יידישע דינים. זי פלעגט אַוועקלייגן אַ גאַנצע דרשה וועגן דעם, אַז דאָס שטרענגע אָפּהיטן די דינים פון שחיטה איז אַן עיקר גדול פון יידישקייט, און אַז דאָס האַלט אויף דעם קיום פון יידישן פאָלק. די חכמים פון קיקל האָבן זיך צוגעהערט צו די פּערלדיקע ווערטער, וואָס זענען אַרויסגעקומען פון לאַדזשאַס מויל, און האָבן זיך מחיה געווען. אַפילו פעטער געצל האָט געמוזט זיך אונטערגעבן.

און איצט קום איך צו אַ געשיכטע, וואָס פאַרנעמט דעם אויבנאַן אין אַלע מיינע זכרונות פון די קינדער־יאָרן. מיין עלטסטער ברודער אבא איז אַוועקגע־פאָרן פון קיקל, ווען איך בין געווען אַ יינגל פון אַ יאָר אַכט. איך האָב דעמאָלט געמיינט, אַז ער איז שוין אַ מענטש אין די יאָרן און אַז ער שטייט אויף זיינע אייגענע פיס. היינט, ווען ער איז נאָך, ווי אַ חזן, פול מיט לעבן און מיט האַרץ, און פון זיינע תפילות שעפּט דער עולם נחת, טענהט ער, אַז ער איז בלויז מיט פינף יאָר עלטער פון מיר. דאָס מיינט, אַז אָדער ער דערציילט סתם מעשׂיות, אָדער ער איז אַ זשעני. ווייל אין יענע אַלטע ציטן צו קריגן אַ שטעלע אַלס אַ דיריגענט פון אַ כאָר אין אַ ווייטער, היפּשלעך גרויסער שטאָט — איז געווען אַן אומגעווײנלעכע דערגרייכונג פאַר אַ בר־מצווה־בחור. ווען ער האָט געפייערט זיין אַכציקסטן געבורטסטאָג, האָט ער זיך מודה געווען, אַז עס קאָן זיין, אַז ער האָט פאַרגעסן אַ פינף יאָר אין דעם אונטערשייד צווישן אונדזערביידנס עלטער, ווען ער האָט זיך צוליב זיין פרנסה אַרומגעוואָלגערט איבער פאַרשיידענע מקומות. בכל אופן, אין יענע יאָרן איז אים מיט אַ מאָל איינגעפאַלן צו שיקן נאָך מיר אין קיקל און מיר פאַרשלאָגן, איך זאָל קומען צו אים אויפן זומער און אויף די ימים־נוראים, צו זיין איינער פון די משוררים אין זיין כאָר און טאַקע צו זינגען סאָלאָס.

דאָס איז געווען אַ געוואַלדיק געשעעניש פאַר קיקל. דאָס גאַנצע שטעטל איז געקומען מיך אַרויסבאַגלייטן. די קיקלער יידן האָבן דערביי געהאַט געמישטע געפילן. זיי זענען געווען שטאָלץ מיט דעם, וואָס זייער שטעטל שיקט אין דער גרויסער וועלט אַריין שוין דעם צווייטן מוזיקאַלישן טאַלאַנט, און ביידע נאָך כמעט ווי צוציקעס. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי געקלאָגט אויף דעם, וואָס זיי וועלן ימים נוראים נישט הערן מיין זיס קוֹלכל אין מיין פאָטערס כאָר. אָבער עס ווייזט אויס, אַז סוף־כל־סוף האָט זייער שטאָלץ איבערגעוווגן זייער באַדויערן.

אַ נסיעה אין יענער צייט און אין יענע מקומות, האָט אויסגעזען מער־ווייני־קער אַזוי ווי שלום עליכם באַשרייבט אין זיין „טוביה דער מילכיקער". נאָך אַ

טאָג און אַ נאַכט אַרומשלעפּן זיך אין אַן אָפענעם וואָגן ביז איך אָנגעקומען קיין ניעשעווע, ווו מיין ברודער האָט געהאַט זיין שטעלע און האָט געפייערט טריומפן.

ניעשעווע האָט אויסגעזען אין גאַנצן אַנדערש פון קיקל. ניעשעווע איז געלעגן אויף דער דייטשער גרענעץ און האָט געהאַט אין זיך עפּעס פון דעם דייטשן סטיל. דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט אַ שמץ פון דער דייטשער קולטור, טאַקע נישט מער, אָבער גענוג מען זאָל עס דערשנאַפּן אויפן ערשטן בליק. שבת פלעגן יידן אין ניעשעווע טראָגן „קוימענס״ — ווי מען האָט גערופן צילינדערס — און לאַנגע פראַקן. אין קיקל האָט מען אַזעלכעס נישט געזען. די מיידלעך פון באַלעבאַטישע עלטערן אין ניעשעווע האָבן גערעדט פויליש, און פון מאַמע־לשון איז דאָרט געוואָרן „מיטל־האָכדויטש״, וואָס מיר פלעגן אָנרופן „יידיש מיט אַ פּתח״, ווייל יעדעס וואָרט איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַ ברייטן „אַ״. עס זענען געווען נאָך אַנדערע אונטערשיידן. קיקל האָט נישט פאַרמאָגט, נישט קיין גאַסן, נישט קיין שמאָלע געסלעך און אַפילו נישט קיין שטעגלעך. זומער איז מען געגאַנגען אין שטויב און ווינטער אין אַ טיפער בלאָטע און שניי. אין ניעשעווע זענען די גאַסן געווען אויסגעפּלאַסטערטע, מיט אַ מין טראָטואַרן, דאָס מיינט אַ פּאַס וועג אַן אַ זייט, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן איבערן רינשטאָק. אַרום און אַרום האָט ניעשעווע געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן רושם פון אַ גרויסער שטאָט.

קיינער איז נישט געקומען מיך באַגעגענען. ווייל ווי אַזוי האָט מען געקאָנט וויסן, ווען דער בעל־עגלה וועט מיך ברענגען צו פירן אין ניעשעווע? ער האָט מיך אַראָפּגעלאָזט פאַר דער טיר פון חזנס הויז און אַ געשריי געטאָן: „ער איז דאָ!״ מיך אַראָפּגעלאָזן און אַוועקגעפאָרן. דער חזן איז אַרויסגעקומען און איך האָב דערזען פאַר מיר אַ שיינעם יונגנמאַן מיט אַ פיינער בלאָנדער באָרד און מיט אַ מאָדנעם, כ׳וואָלט געזאָגט פאַרדעכטיקטן אויסזען. זיין יידיש האָט געקלונגען פאַר מיר פרעמד. דער יידיש פון קיקל איז געווען היימיש און באַטעמט. דעם חזנס יידיש איז געווען רייכער און ווי אָנגעבלאָזן. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי אים וואָלט קודם־כל אַרומגעכאַפּט אַ שטאַרקער חשק צו דערלאַנגען מיר אַ פּאָר פּעטש, מעשה באַלעבאָס. אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטן, און אַנשטאָט דעם האָט ער מיך איבערגעגעבן צו זיין ווייב, וואָס האָט מיך מכבד געווען מיט עפּעס עסן און האָט מיך געלייגט שלאָפן.

מיין ברודער איז געקומען צו מיר ערשט פאַר נאַכט. און באַלד האָט ער אָנגעהויבן רעדן תּכלית מיט דעם חזן און מיט דער חזנטע: „ווו וועט ער שלאָפן? און ווו וועט ער איינשטיין?״ אַ פּחד איז מיך באַפאַלן, ווען איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער גאַנצער לאַנגער ערנסטער שמועס זייערער ווערט געפירט אַרום מיר. אַ ביסל שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט. מען האָט מיך באַשטאַט צו „עסן טעג״ ביי פאַרשיידענע באַלעבאַטים פון ניעשעווע. דערביי האָט מען געמאַכט אַן אונטערשייד צווישן די צו־רייכע באַלעבאַטים און צו־גרויסע יחסנים, מען זאָל זיך ווענדן צו זיי, און צו־גרויסע קבצנים און „פּראָסטע מענטשן״, מען זאָל אָנקומען צו זיי וועגן אַ יינגל פון דער פּראָווינץ.

צו מאָרגנס אין דער פרי האָב איך אַנטדעקט, אַז דאָס אַלץ האָט מען גערעדט בלויז אין דער טעאָריע און וועגן דער סטראַטעגיע, ווייל מיין ברודער האָט מיך

אַנגעהויבן אַרומפירן איבערן שטעטל כלומרשט בכדי זיך צו באַווייזן מיט מיר, וואָס פאַר אַ פיין ייִנגל איך בין. אין דער אמתן האָט ער געגומען דורכפירן דעם פּלאַן, ווײַלכער איז מיט אַלע פּיטשעווקעס אויסגעאַרבעט געוואָרן אַן אָוונט פריִער. האַלטנדיק מיך פאַרן אָרעם, איז ער געגאַנגען מיט מיר און האָט מיר געוויזן דעם וועג, טריט ביי טריט, אַנזאָגנדיק מיר: „דו דאַרפסט זען יאַנקל דעם שניידער, דערנאָך מאָטל דעם באַלעגאָלע, שפּעטער איציק דעם באָדנער".

און ווען איך בין אַריינגעקומען צו זיי אין זייערע הייזער, בין איך פאַרגע־שטעלט געוואָרן ווי אַ „בראַטשיק" (אַ ייִנגער ברודערל), וואָס וועט זיין דער „סאָליסט" אין כאָר פון דער שול אין די „ימים נוראים הבאים עלינו לטובה". מיין ברודער פלעגט זיך אויספרעגן וואָס עס מאַכט די משפחה פון דעם באַלע־באָס און פון יענעם. ער האָט געמאַכט אַ פּאָר וויצן מיט דער באַלעבאָסטע און אַ קניפּ געטאָן אין בעקל דאָס קליינע קינד אין שטוב און אויך אַנדערע, אויב עס האָט זיך נאָר געלאָזט. אויב דער באַלעבאָס אַליין איז געווען אין שטוב, איז מיין ברודער אַריינגעגאַנגען מיט אים אין אַ חדר מיוחד, איבערלאָזנדיק מיך, אַ פּאָר־לאָרענעם, צוזאַמען מיט דער באַלעבאָסטע, צו מאַכן אַ ביסל ווייכער איר האַרץ. דער שמועס אין דעם חדר מיוחד איז געווען אַ לאַנגער און ערנסטער. דער סוף פון דעם אַלעם איז געווען, אַז מען האָט באַשלאָסן מיין גורל לויט די טעג פון דער וואָך. מאָנטיק האָב איך געדאַרפט איינשטיין ביי איין באַלעבאָס, דינסטיק — ביי אַ צווייטן, מיטוואָך — ביי אַ דריטן, און אַזוי יעדן טאָג פון דער וואָך ביי אַן אַנדערן. און עס האָט געדאַרפט אויסזען אַזוי, אַז איך וועל „פאַרבעטן" אויף די „טעג" צו יעדן פון די באַלעבאָטים.

אַזוי האָב איך, ווען איך בין געווען אַ ייִנגל פון זיבן אָדער אַכט יאָר, זיך שוין אויסגעלערנט וואָס עס מיינט דער אַלטער יידישער מנהג פון „עסן טעג". צענדליקער טויזנטער ישיבה־בחורים האָבן אַזוי געלעבט אין משך פון לאַנגע דורות — געגעסן „טעג" ביי פאַרשידענע באַלעבאָטים. אַ סך פון זיי זענען געוואָרן קרבנות פון דעם מנהג. און פון זיי איז פאַרבליבן דער באַגריף „עסן טעג און שלינגען טרערן".

אויף אָט דעם שטייגער בין איך איינגעאָרדנט געוואָרן אין ניעשעווע אויפן גאַנצן זומער. און אַלץ איז צוגעגאַנגען כדבעי, ביז אַ וואָך־צוויי פאַר סליחות. דער כאָר פון דער שול איז שוין געווען איינגעשטעלט און מיר האָבן שוין גע־האַט גוט איינגעחזרט וואָס מיר האָבן געדאַרפט זינגען ביי די ימים נוראימדיקע תפילות. איך, אַראָפּגעבראַכט פאַר דעם כאָר מיט אַזאַ פּאַראַד, בין שוין געווען גרייט צו זינגען מיינע „סאָלאָס". נאָר אַז איך האָב באַקומען דעם צייכן, האָב איך געעפנט דאָס מויל און... גאָרנישט איז אַרויסגעקומען. איך האָב געפּרוּווט נאָך אַ מאָל — און ווידער גייט נישט. אַ טויט־שטילקייט האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָר רגעס. דער גאַנצער כאָר איז געווען פּאַראַליזירט. דער חזן האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און אַ געשריי געטאָן: „אַ גאַנצן זומער האָבן מיר דיר געגעבן צו עסן און גע־פּאַשעט, ווי אַ גאַנדז אויף פּסח — און מיט אַ מאָל, איצט? נישטאָ קיין סאָלאָ אויף ימים נוראים?" ער האָט געשריגן און געיאַכמעט עטלעכע מינוט, ווי אַ

משוגענער, און איז סוף־כּל־סוף אַרויסגעלאָפן פון דער שטוב. אַלע האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט.

ווען דער חזן איז צוריק אַריינגעקומען, האָט ער געבראַכט מיט זיך אַ פּעקל, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אויספּאַקן אויפן טיש: אַ פּאָר שטיוולעטן און אַ וואַ־טענעם שפּענצער, אָדער בורקע. דאָס האָט געדאַרפט זיין מיין לוין פאַר די זעקס חדשים אַרבעט אין כאָר פון דער שול.

„זעסט אָט די שיינע שטיוולעטן?" — האָט ער געגומען שרייען און איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי נישט מיך מיינט מען. „זעסט אָט די טייערע בור־קע?" — האָט ער ווייטער געשריגן און איך האָב ווידער אַ מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — „דאָס אַלץ איז געמאַכט געוואָרן פאַר דיר, אויב דו וועסט זינגען; אויב דו וועסט נישט זינגען" — האָט דער חזן געמאַכט אַ דראַמאַטישע פּויזע — „וועט דאָס אַלץ אַוועקגעשיקט ווערן צוריק אַהין פון וואַנען עס איז געקומען".

איך האָב צוריקגעקראָגן מיין שטים, אָבער וועגן זינגען האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. אָנשטאָט אַ געזאַנג האָט פון מיין האַלדז זיך אַרויסגעריסן אַ יללה. מיין ברודער, וואָס איז נאָך אַלעמען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מיר, איז גע־שטאַנען דערביי און האָט נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט. ער האָט אויסגעזען ווי אַ קללה פון הימל וואָלט אַראָפּגעפאַלן אויף זיין קאָפּ; ער וואָלט זיכער אין דער מינוט געוואָלט בעסער, די ערד אונטער אים זאָל זיך עפענען און אים איינשלינגען אַ לעבעדיקן.

איך ווייס נישט ווי אַזוי די גאַנצע געשיכטע וואָלט זיך געענדיקט ווען נישט די חזנטע, וואָס איז מיר אין דער רגע ווי אַראָפּגעשיקט געוואָרן פון הימל. זי איז געהאַט געזעסן אין אַ צווייטן חדר און האָט זיך צו אַלעם צוגעהערט. אין אָט דעם קריטישן מאָמענט האָט זי זיך אַריינגעריסן צו אונדז ווי אַ געוויטער. „הער־אויף רעוועז ווי אַן אָקס!" — האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איר מאַן — „שרייען און ליאַרמען וועט נישט העלפן דאָס יינגל זאָל צוריקבאַקומען זיין שטים. לאָז אים איבער צו מיר, דו הערסט? לאָז אים איבער צו מיר און ער וועט שוין זינגען".

אין איר שטים איז געווען אַזוי פיל אויטאָריטעט און זיכערקייט, אַז איר מאַן איז בטל בשישים געוואָרן פאַר איר. און מיר אַלע, מיט מיר צוזאַמען, זענען געווען לחלוטין איבערצייגט, אַז זי ווייסט וואָס זי זאָגט.

זי האָט מיך אַוועקגענומען אין דער צווייטער שטוב, צוזאַמען מיט די שטיוו־לעטן און מיט דער בורקע. מיך אַליין האָט זי אַריינגעלייגט אין בעט, די בורקע מיט די שטיוולעטן האָט זי אַוועקגעלייגט אויף אַ בענקל דערנעבן, אַזוי אַז איך זאָל קאָנען קוקן אויף זיי אַ גאַנצן טאָג. זי האָט מיר געגעבן צו טרינקען מילך מיט האָניק, רויע אייער און דערלאַנגט נאָך עפּעס געטראַנקען און מאכלים פון איר אייגענער דערפינדונג. אַזוי בין איך געפּיעשטשעט און אָפּגעהיט געוואָרן אַ וואָך צייט, ווי אַ קרוינפּרינץ. אויפן צווייטן שבת נאָך מיטאָג איז געשען דער נס: די זיסע טענער פון מיין אַלט זענען צוריקגעקומען מיט אַזאַ פרישקייט און מיט אַזאַ כּוח, אַז איך בין אַליין נשתּומם געוואָרן. דער חזן, הערנדיק מיך זינגען, האָט געטאַנצט פאַר פרייד. און ער האָט מיך באַלד נאָך הבדלה געוואָלט אַוועק־

שלעפּן צו אַ פּראָבע פון דעם כאָר. אָבער די חזנטע האָט אים נישט געלאָזט. „לאָז אים זיך אויסרוען!" — האָט זי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל — „ער וועט זיין אויסגעצייכנט היינט ביי נאַכט".

„היינט ביי נאַכט" האָט געמיינט: צו סליחות.

דריי אַ זייגער פאַר טאָג האָט מען מיך אויפגעוועקט צו סליחות. איך האָב באַקומען נאָך אַ פּאָרציע מילך מיט האָניק. דערנאָך האָט מען מיך איינגעוויקלט אין אַ גרויסער קאָלדרע. און דער באַריטאָן פון אונדזער כאָר האָט מיך אַוועקגעטראָגן אין שול אַריין איבער די שטעטלשע גאַסן, וואָס זענען נאָך געלעגן אין טיפן שלאָף.

ווען ביים זאָגן סליחות איז געקומען מיין ריי צו עפענען דאָס מויל און זינגען מיין „סאָלאָ", האָב איך געפילט ווי אַ פּאָר אויגן פול מיט תחנונים זענען אויסגעשטעלט אויף מיר. אומדרייענדיק זיך צו דער עזרת־נשים, האָב איך דערזען חנה די חזנטע, אַן אַריבערגעבויגענע איבער דעם אָנלען און זי קוקט אויף מיר, ווי זי וואָלט געבעטן ביי מיר, ווי ביי אַ גזלן: „נאָר אַנטויש מיך נישט".

מיין „הנשמה לך והגוף שלך" איז דעמאָלט אַרויסגעקומען אַזוי מתיקותדיק און אַזוי קלאָר מיט אַלע קנייטשן און דריידלעך, געניי ווי מען האָט איינגעחזרט מיט מיר אַ גאַנצן זומער, ביז איך בין אַוועקגעפאַלן און האָב נישט געקאָנט אַרויסקריגן פון מיר קיין איין טאָן. איצט איז אַלץ געווען אגיל ואשמחדיק. נאָך מיין „סאָלאָ" האָט דער חזן געזונגען זיין טייל, מיט אַן אָקטאַווע העכער. דערנאָך האָב איך איבערגעחזרט מיין „סאָלאָ" לויט דעם ווי מען האָט מיך געלערנט אַ גאַנצן זומער. ווידער אַ מאָל האָט דער חזן אָנגעהויבן זינגען, און דאַן האָט דער גאַנצער כאָר זיך צעלאָזט מיט דער נגינה פון דער הייסער, פלאַם־פייערדיקער תפילה: „הנשמה לך והגוף שלך". חנה די חזנטע האָט זיך צעוויינט פאַר פרייד. און מיט איר האָבן זיך אויך צעוויינט אַלע אַנדערע ווייבער אין עזרת־נשים, אָבער צוליב גאַנץ אַנדערע סיבות: מען האָט געזאָגט סליחות און עס איז ערב דעם יום־הדין.

איבעריק צו באַמערקן, אַז מיין ברודער איז געווען אין זיבעטן הימל. איך האָב דעביוטירט אַלס אַ משורר און מיט אַזאַ ריזיקן דערפאָלג. איך האָב ממש מרעיש עולם געווען.

נאָך די ימים נוראים האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין קיקל און געבראַכט מיט מיר דעם אוצר מיינעם — די נייע בורקע און די שטיוולעטן. מיין צוריקקומען ווי אַ זיגרייכער העלד איז געווען אין שטעטל נאָך אַ גרעסער געשעעניש, ווי מיין אַוועקפאָרן. די שטיוולעטן און די בורקע זענען אַרויסגעלייגט געוואָרן פאַר אַלעמענס אויגן, פריי פאַר יעדן איינעם זיי אָנצוקוקן און זאָגן מבינות און אָפּשאַצן זייער ווערט. דער מקח איז געשפּרונגען פון צען רובל ביז צוואַנציק און דרייסיק. פאַנטאַסטישע ציפערן זענען אָנגערופן געוואָרן, בעת איך בין געשטאַנען אַ פאַרחידושטער. מיין פאָטער איז געווען שטאַרק גערירט. ער האָט באמת געהאָפט, אַז איך וועל אויסוואַקסן איינער פון יענע גרויסע חזנים, וועלכע זענען אַריין אין דער געשיכטע. האָט מען מיך פסדר געהאַלטן אין בעטן, איך זאָל איבערזינגען די ניגונים, וואָס איך האָב זיך אויסגעלערנט אין ניעשעוו. איך בין געווען גרייט דאָס צו טאָן ביי יעדער געלעגנהייט.



מיט ד״ר חיים ווייצמאַן און ד״ר האַראַלד דייוויס
אין דער ווייצמאַן-לאַבאָראַטאָריע אין רחובות



זיצן: זלמן שזר, דריטער נשיא פון מדינת ישראל;
גאָלדע מאיר, פּרעמיער-מיניסטער; אפרים קציר, נשיא פון מדינת ישראל
שטייען: אברהם סוצקעווער, שלום ראָזענפעלד, מאיר ווייסגאַל,
אליעזר רובינשטיין און מרדכי צאַנין.



מיט מאָריס (מויש) סעמועל און דזשאָ בריינין —
אַ דריילינג, וואָס האָט אָנגעהאַלטן מער ווי אַ האַלבן יאָרהונדערט

איך טו עס נאָך ביזן היינטיקן טאָג, און זייער אָפט פאַרנודע איך מיט דעם מיינע פריינד, די פּראָפעסיאָנעלע זינגער און מוזיקער, וואָס איך האָב זיי אַ גאַנצע כאָפּטע אין מיין משפּחה. אַנדערש איז עס געווען אין קיקל. דאָרט האָבן זיי בישט געקאָנט האָבן קיין בעסערן זינגער פון מיר. דאָרט האָב איך געזונגען יעדן איינעם פון מיינע ניגונים פון ניעשעווע, און כ׳האָב מיין „הנשמה לך והגוף שלך״ איבערגעלאָזט אויף דעם סאַמע סוף אַלס מיין גרעסטן „שלאַגער״. איך האָב קיין מאָל נישט געזונגען, איך זאָל נישט דערפירן מיין עולם צו טרערן. איין מאָל האָט מיין זיידע, דער מאַמעס טאַטע, וועלכער פלעגט זיצן שטיל אין אַ ווינקל און איינ־זאַפּן אין זיך מיין נגינה, מיך צוגערופן און געזאָגט: „קום אַהער, מיין קינד, דו האָסט מיר אַריינגעגעבן אַ נייע נשמה״, און ער האָט מיר אַריינגעשטופּט אַ מטבע אין האַנט אַריין.

דער גרויסער רעש איז אַריבער. אין שטעטל איז געוואָרן רויִק. די יידן פון קיקל, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן דעם זומער ווען איך בין נישט געווען, האָבן זיך צוגעוווינט צו מיין צוריקקומען ווי אַ העלד מיט אַ גרויסן נצחון. די ווינטערדיקע רעגנס האָבן זיך אָנגעהויבן, און גאַנץ קיקל איז געוואָרן איין גרויסע, טיפע בלאָטע, אין וועלכער מיר האָבן אַלע געטאָפּטשעט. ס׳איז געווען דאָס זעלבע קיקל, אָבער פאָרט נישט די אייגענע. עפּעס זענען פאָרגעקומען אַזעלכע דעליקאַטע שינויים, וואָס מיר איז שווער געווען זיי אָנצורופן ביים נאָמען. און דאַן האָבן אויך אָנגע־הויבן פאַרשווינדן באַקאַנטע פּנימער, איינער נאָכן אַנדערן. אַ מאָדנע שפּאַנונג האָט זיך געטראָגן אין דער לופט. קיקל האָט אויסגעקוקט מיט אַ נייער און גרע־סערער אומגעדולד אויף דער איינציקער בלאַט־צייטונג, וואָס פלעגט אָנקומען יעדן פרייטיק אין שטעטל און איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. עפּעס איז פאָרגעקומען אין דער דרויסנדיקער וועלט, אין רוסיש־פּוילן, עפּעס אַזעלכעס, וואָס קאָן אויך אָנרירן קיקל. איך בין געווען צו יונג צו פאַרשטיין — סיי די כוואַליע פון פּאָגראָמען און סיי דעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער דער גרויסער רוסישער אימפּעריע.

אָבער איין זאַך איז געוואָרן וואָס אַ מאָל מער קלאָר אין קיקל. אין יאָר 1903—1904 האָט זיך דאָס שטעטל וואָס אַ מאָל מער אויסגעליידיקט. אַזוי איז עס אויך געשען אין אַלע קיקלס איבער רוסלאַנד און פּוילן. יידן זענען געלאָפן — פון די פּאָגראָמען, פון דעם פּחד פאַר פּאָגראָמען, פון דעם דלות און פון די באַליידיקונגען. מען איז געלאָפן אין גרויסע מאַסן אין דער נייער וועלט אַריין, אין דער גאָלדענער מדינה, קיין אַמעריטשקע.

די ווונדערלעכע מעשׂיות וועגן די שטיקער גאָלד, וואָס ליגן אויף די גאַסן פון ניו־יאָרק און פון שיקאַגאָ און מען דאַרף זיי נאָר אויפהייבן — האָבן צעפּלאָמט אַלעמענס פאַנטאַזיעס. אָבער נישט ביי מיין פאָטער. צי די מעשׂיות זענען געווען אמת, אָדער נישט — איז אים ווייניק־וואָס אָנגעגאַנגען. פאַר אים איז אַמעריקע געווען טריף־פּסול. און ער האָט נישט געוואָלט הערן דערפון. ער האָט נישט גע־וואָלט, אַז זיינע קינדער זאָלן אויסגיין לתּרבות רעה און ווערן אַפּיקורסים. אַפילו ווען ער האָט געהערט, אַז אין שיקאַגאָ האָט מען אויפגעשטעלט אַ שול פון קיקלער

לאַנדסלייט, האָט ער נישט געביטן זיין מיינונג. ער האָט געזען די בילדער, וואָס האָבן דערציילט די אמתע געשיכטע: קיקלער לאַנדסלייט האָבן אַראָפּגעוואָרפן די לאַנגע קאַפּאָטעס און האָבן אָנגעטאָן קורצע רעקלעך, ווי די מאָדערנע אַפּיקורסים. זיי זענען אַרומגעגאַנגען מגולחים און מיט בלויזע קעפּ. ניין, אַמעריקע איז נישט פאַר מיין פאָטער. און ער האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז ער וועט זיך נישט רירן פון אָרט.

אַזוי איז געווען זיין באַשלוס. אָבער אין משך פון איין יאָר האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אַ האָגל פון געשעענישן, וואָס האָבן אויך מיטגעריסן מיין טאַטן.

מיין ברודער לייבוש, דער צווייטער נאָכן בכור, איז געווען אין פּלאָצק, ווו ער האָט שטודירט פאַר אַן אינזשיניער. ער האָט געהאַט אַ טאַלאַנט צו מאַכן פאַר־שידענע זאַכן. איין מאָל, איידער ער איז אַוועקגעפאָרן, האָט ער באַשאַפן אַ מייס־טערווערק — אַן אייזערן בעט פאַר אונדז. דאָס איז געוואָרן איינס פון די וווּנ־דער אין קיקל. מען פלעגט קומען צו אונדז אין שטוב אָנצוקוקן דעם יקר־המציאות, דעם זעלטענעם אויפטו פון אַן אינזשיניער און פון אַ בעל־מלאכה. אַ העלפט קיקלער יידן און עטלעכע גוטע גויים, האָבן געהאָלפן ביים אויפשטעלן דאָס בעט אין אונדזער שטוב. גאַנץ קיקל איז געלאָפן זען ביי אונדז דאָס גרויסע ווונדער.

לייבוש איז געווען אַ גוטער סטודענט, אָבער ווי אַ סך אַנדערע יונגעלייט אין יענע יאָרן, איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. און איידער מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט, איז ער שוין געזעסן אין טורמע. ווייל ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווי מען האָט אים אַרעסטירט, און ווייל די קרובים האָבן גאַראַנטירט פאַר אים, אַז ער וועט שוין מער נישט באַגיין קיין פאַרברעכן — און בעיקר אפשר דערפאַר ווייל מען האָט אויך געגעבן אַ היפּש ביסל כאַבאַר — איז ער אַרויסגעלאָזן געוואָרן פון דער טורמע. ער האָט אָפּגעצאָלט זיינע קרובים פאַר זייערע באַמיִונגען און שתדלנותן מיט דעם, וואָס אין עטלעכע וואָכן אַרום איז ער שוין ווידער אַרעסטירט געוואָרן. דאָס מאָל איז עס שוין געווען שווערער אים אַרויסצוקריגן. עס האָט געהייסן אַ רעצידיוויסט, צום צווייטן מאָל געכאַפּט ביי אַ פאַרברעכן, האָט ער געזאָלט אָפּגעשיקט ווערן אין אַ גרויסער טורמע אין וואַרשע. דאָרט פלעגט מען איינזעצן די גרויסע רעוואָלוציאָנערן, נישט די יינגלעך. פון וואַרשע האָט דער ווייטערדיקער וועג זיי געפירט קיין סיביר.

צוזאַמען מיט די נייעס, אַז מיין עלטערער ברודער איז אַרעסטירט געוואָרן צום צווייטן מאָל פאַר רעוואָלוציאָנערע חטאים, איז אָנגעקומען צו מיין פאָטער אַ וואָרענונג, פון זיינע קרובים אין פּלאָצק, אַז קיין שום זאַך קאָן נישט ראַטעווען לייבושן סיידן ער זאָל באַלד זיך אַרויסקריגן פון „חד גדיא״ און אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. די קרובים האָבן געזאָגט, אַז אין פּלאָצק קאָן מען נאָך איבערקויפן די פּאָליציי און די טורמע־וועכטער, אָבער ווען מיין ברודער וועט אַריבערגעפירט ווערן אין דער צענטראַלער טורמע אין וואַרשע, וועט מער נישט זיין פאַר אים קיין האָפענונג. האָט מען צונויפגעשנאָרעט דאָס געלט און מען האָט אויסגעפונען וועמען מען דאַרף איבערקויפן. אַלץ וואָס עס איז נאָך פאַרבליבן צו טאָן, איז גע־ווען צו באַקומען פון לייבושן אַ צוזאָג, אַז ער וועט עוקר זיין פון פוילן.

לייבוש האָט זיך שטאַרק געוואָקלט. ס׳האָט אים געפּייניקט זיין געוויסן צו פאַרלאָזן זיינע חברים. דאָס האָט דאָך געמיינט פאַר אים: פאַרראַטן די רעוואָלוציע! מיין פאָטער איז אַוועק צו אים מיט אַ געשריי; אויך די רעוואָלוציאָנערע לאַדזשאַ, מיין שטיפמאַמע, האָט זיך געבעטן ביי אים. אַלע אונדזערע קרובים זענען צוגעשטאַנען צו לייבושן, ער זאָל אַוועק פון פוילן. ענדלעך האָט זיך עס איינגעגעבן צו פועלן ביי אים.

מיין פאָטער איז אין האַרצן געווען שטאָלץ מיט זיין זונס רעוואָלוציאָנערן גייסט. אין דער זעלבער צייט האָט ער אָבער אויך געהאַט דערפון גרויס עגמת־נפש איבער גאַנץ אַנדערע, זיינע אייגענע טעמים. אויב זיין זון וואָלט געבליבן אין טורמע — האָט דער טאַטע מורא געהאַט — ווער וואָלט אים געקאָנט פאַרזאָרגן מיט כשר עסן? און צי וועט מען אים לאָזן לייגן תפילין? ס׳האָט מיין פאָטער גאָרנישט געקאָנט איינפאַלן, אַז לייבוש האָט שוין לאַנג פאַרגעסן וועגן דעם אַלעם.

ענדלעך איז לייבוש באַפרייט געוואָרן פון דער טורמע אין פּלאָצק, און האָט געשוואַרצט די גרענעץ אין דער שטאָט טאָרון, אין אויבער־שלעזיע. דאָרט איז ער געזעסן און געוואַרט, ביז אונדזערע קרובים אין שיקאַגאָ האָבן אים צוגעשיקט אַ שיפסקאַרטע. מיין פאָטער איז געפאָרן קיין טאָרון צו געזעגענען זיך מיט אים, טראַכטנדיק, אַז דאָס איז לעצטע מאָל, ווי ער זעט זיין צווייטן זון. מיט אַ שווער האַרץ איז דער טאַטע צוריקגעקומען קיין קיקל, ווו עס האָט אויף אים געוואַרט אַ צווייט בינטל צרות, פון די, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אונדז. דאָס מאָל איז עס געווען מיט מיין דריטן עלטערן ברודער, יהושע, וועלכער האָט געלערנט אין דער ישיבה אין לידע.

יהושע האָט געטאָן אַ נאָך מער רעוואָלוציאָנערע זאַך, ווי אַלץ וואָס מען האָט דערציילט וועגן לייבושן. יהושע האָט דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים דעם זון פון הרב ריינעס, דעם ראש־ישיבה פון לידע און גרינדער פון „מזרחי״. דער דאָזיקער פּאַטש האָט אָפּגעהילכט ווייט אַרום און די אָפּקלאַנגען האָבן זיך דערטראָגן אויך קיין קיקל. איך געדענק וואָס פאַר אַ פּחד עס איז באַפאַלן מיין פאָטער און אַלע יידן אין קיקל, צוליב דעם פאַל. ס׳איז געווען כמעט אַזוי, ווי מיין פאָטער וואָלט אויסגעפּאַטשט הרב ריינעסן אַליין. ווי עס זאָל נישט זיין — איך ווייס אַליין נישט ווי אַזוי — איז דער ענין אויסגעגליכן געוואָרן. יהושע איז נישט אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דער ישיבה, אָבער ס׳איז געווען קלאָר, אַז קיין רב וועט ער שוין נישט קאָנען ווערן, אויב ער האָט ווען עס איז געטראַכט צו גיין אויף רבנות. (מיט אַ דרייסיק יאָר שפּעטער האָב איך אין גאַנצן מוחל געווען מיין ברודער, ווען איך האָב באַגעגנט דעם דאָזיקן רבס אַ זון, וועלכער האָט אַלע זיינע יאָרן געוואָלט לעבן נאָר מיטן יחוס פון זיין טאַטן. איך האָב זיך דערמאָנט וועגן מיין ברודערס פּאַטש, און איך מוז מודה זיין, אַז איך אַליין האָב אויך געקראָגן חשק אויסצופּאַטשן דעם רבס זון אויף מיין אייגענעם חשבון).

די דריטע צרה אין אונדזער משפּחה, וואָס האָט אַריבערגעוווגן אַלע אַנדערע, האָט פּאַסירט מיט מיין פאָטער אַליין. דאָס לויפּעניש פון שטעטל איז געוואָרן שרעקלעך. אויך פאַר דעם, איידער יידן האָבן אָנגעהויבן אַוועקפאָרן פון קיקל, האָט מיין פאָטער קוים געקאָנט אויסשלאָגן די פּרנסה. איצט אָבער איז אַפילו

מיט דער שטיצע, וואָס פעטער געצל האָט אונדז געגעבן, געוואָרן אוממעגלעך דורכצוקומען דעם טאָג. גראָד אין דער צייט האָט מען פאָרגעשלאָגן מיין פאָטער, ער זאָל ווערן חזן אין אַ פיל גרעסערער שטאָט, אין מלאַווע, אויב איך געדענק ריכטיק, און אפשר איז עס געווען אין ראַכאָטשין. מיין פאָטער האָט זיך אָנגע־כאַפּט אָן דעם, ווי אַ טרינקנדיקער כאַפּט זיך אָן אין אַ ברעט.

געוויינלעך האָט ער געדאַרפט קומען אין דעם נייעם פלאַץ דאַווענען אַ שבת, אויף אַ פּראָבע. די פּראָבע האָט זיך אים געוואַלטיק איינגעגעבן. מען האָט שפּעטער געזאָגט וועגן זיין דאַווענען, אַז ער האָט מרעיש עולם געווען. באַלד נאָך הבדלה האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן די באַלעבאַטים פון שטאָט און האָבן איינשטימיק אויפ־גענומען מיין פאָטער, ווי דעם שטאָט־חזן פון מלאַווע. איצט איז אים געבליבן נאָר איין זאַך: צוריקצופאָרן צו מאָרגנס קיין קיקל און גיך זיך אָפּפּטרן מיט אַלעם און אַריבערקלייבן זיך קיין מלאַווע. דאָס איז געווען אָנהויב זומער. מיין פאָטער האָט געדאַרפט איבערנעמען דאָס חזנות אין מלאַווע נאָך פאַר די ימים נוראים. אַלץ איז שוין געווען דורכגעפירט על הצד היותר טוב. מען איז שוין געהאַט דורכגעקומען וועגן די באַדינגונגען, און מען האָט זיך שוין געהאַט צוגעזע־ווינט איינער צום אַנדערן. ווען מיין פאָטער האָט זיך געזעגנט מיט דעם ראש־הקהל פון מלאַווע פאַר זיין באַלדיקן צוריקקומען און ווערן שטאָט־חזן, האָט ער מיט אַ מאָל — ס'האָט אויסגעזען ווי גאַנץ צופעליק — אַ פרעג געטאָן דעם טאַטן, וואָס פאַר אַ חסיד ער איז. „אַן אַלעקסאַנדערער" — האָט מיין פאָטער רויִק געענטפערט, נישט חושד זייענדיק גאָרנישט.

און ער האָט דעמאָלט זייער ווייניק זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן דעם, וואָס דאָס איינציקע וואָרט האָט באַדייט פאַר אים און פאַר דער גאַנצער ווייסגאַל־משפחה.

ווען מיין פאָטער איז צוריקגעקומען קיין קיקל פון מלאַווע, ווו מען האָט אים אויפגענומען פאַר דעם שטאָט־חזן, האָט ער אָנגעהויבן אַרומקוקן זיך וועגן אַ ממלא־מקום פאַר אים אין שטעטל. ער האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן די קהילה קדושה אָן אַ חזן. דערווייל האָבן קיין קיקל זיך דערטראָגן קלאַנגען וועגן אַ מחלוקת, וואָס איז אויסגעבראָכן אין מלאַווע, איבער דעם ניי־אויפגענומענעם שטאָט־חזן. אין אָנהייב האָט מען זיך נישט באַצויגן צו די קלאַנגען ערנסט. קיין שום חזן איז נישט אויפגענומען געוואָרן אין אַ יידישער קהילה אָן דעם מען זאָל זיך וועגן אים נישט אַרומקריגן, און אַז די אַנהענגער פון די אַנדערע קאַנדידאַטן זאָלן נישט פירן קיין מחלוקת. די קלאַנגען וועגן דער מחלוקת אין מלאַווע זענען געוואָרן וואָס אַ טאָג שטאַרקער.

באַלד זענען קיין קיקל אָנגעקומען עדי־ראיה, וואָס האָבן דערציילט, אַז אין מלאַווע איז אויסגעבראָכן אַן אמתע מלחמה. די גרויסע טענה איז געווען: ס'טייטש, ווי אַזוי קאָן אַ חסיד פון אַלעקסאַנדערער רבין ווערן אַ חזן אין מלאַווע, ווו די מערהייט באַלעבאַטים פון דער גרויסער שול זענען גאָר גערער חסידים? ס'האָט נישט געהאָלפן די טענה פון מיין פאָטער, אַז דאָס וואָס ער איז אַן אַלעקסאַנדע־רער חסיד האָט גאָרנישט וואָס צו טאָן מיט זיין חזנות.

בקיצור, פון מלאַווע איז אָנגעקומען אַ בריוו מיט די ביטערע נייעס, נעמלעך, אַז די שטאָט־באַלעבאַטים האָבן גאָר אַנדערש נישט געקאָנט טראַכטן ווי, אַז מיין

פּאָטער איז אַ גערער חסיד, וואָרעם זיי האָבן געזען וואָס פאַר אַ טיפער מאמין ער איז און ווי שטאַרק אָפּגעהיטן ער איז אין דער איבערגעגעבנקייט צו דער עבודת־הבורא. אָבער זיי זענען נבהל ונשתומם געוואָרן ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער איז גאָר אַן אַלעקסאַנדערער חסיד. לכן, קען מען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן ער זאָל ווערן דער שליח ציבור פון די יידן אין מלאַווע.

אויב די באַלעבאַטים, וועלכע האָבן זיך אָנגענומען פאַר מיין פּאָטער, וואָלטן באַשטאַנען אויף די תנאים פון קאָנטראַקט, וואָלט נישט געווען קיין שלום־בית אין מלאַווע. די מחלוקות וואָלט זיך נאָך מער צעפלאַקערט און וואָלט אַזוי אייביק אָנגעהאַלטן. אָבער מיין טאַטן ווער עס זיכער נישט זיין לרצון, ער זאָל גורם זיין צו אַזאַ פייער פון שׂנאת אַחים אין אַ יידישער קהילה. דאָס אַלץ איז געווען געשריבן אין דעם בריוו. די לעצטע שורה איז געווען, אַז די באַלעבאַטים פון מלאַווע האָבן געבעטן מיין פּאָטער, ער זאָל זיי מתּיר מאַכן, זיי זאָלן נישט דאַרפן מקיים זיין דעם צוזאָג, וואָס זיי האָבן אים געגעבן. אַזוי האָט עס כּלומרשט געקלונגען אין דעם בריוו. אין דער אמתן האָבן זיי אים נישט געבעטן, ער זאָל זיי געבן דעם היתר, נאָר זיי האָבן אים געזאָגט פּשוט: קום נישט קיין מלאַווע.

דער דאָזיקער בריוו האָט באמת געענדערט אונדזער גאַנץ לעבן. מיין פּאָטער איז געוואָרן אַן אַנדערער מענטש. לאַנגע טעג איז ער געזעסן און געשוויגן. בטבע איז ער, נישט געקוקט אויף זיין פרומקייט, אָנגעגאַנגען פאַר אַ פריילעכן מענטשן. ער האָט געהאַלטן פון דעם כּלל: „עבדו את ה׳ בשׂמחה״. ער האָט אין זיין דאַווענען פאַרן עמוד געטאַנצט מיטן אויבערשטן. ווען ער איז אַריינגעקומען אין די הויכע טענער, פלעגט די פרייד אַרויסשאַלן פון אים. ער האָט אויך מקיים געווען דעם „אַל תעשׂה תּפילתך קבע״. ער האָט געפילט דעם גרויסן עול און אַחריות, וואָס ער טראָגט אויף זיך, ווי דער שליח־ציבור פון גאַנץ קהל. זייער אָפט האָבן מיר, קינדער אין כאָר, געוויינט מיט אים צוזאַמען, ווען ער פלעגט זיך אָוועקשטעלן יום־כּיפּור צו מוסף און אָנהייבן זאָגן די תּפילה: „הנני העני ממעשׂ״. דאָס זענען געווען אמתע טרערן, און נישט די געמאַכטע טרערן פון די היינטיקע מאָדערנע חזנים.

טעג זענען פאַרביי, און מיין פּאָטער איז נאָך אַלץ נישט געהאַט געקומען צו זיך. ידידים זענען געקומען אים טרייסטן. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. דער באַקומענער קלאַפּ איז געווען אַ צו שטאַרקער, זיין אַנטוישונג איז געווען אַ צו טיפע. ווי טיף מיין פּאָטער האָט דאָס אַלץ איבערגעלעבט האָבן מיר נישט געקאָנט וויסן, ווייל מיר האָבן אויך נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס ער איז אַזוי שטאַרק צערודערט געוואָרן.

נישט פאַרטרויענדיק זיך פאַר קיינעם, אַפילו נישט פאַר זיין ווייב, האָט ער געשריבן צו מיין ברודער לייבוש אין שיקאַגאָ, אַז ער איז גרייט צו פאָרן קיין אַמעריקע. און נאָר אין דעם טאָג, ווען עס איז אָנגעקומען צו אונדז דער גרויסער קאָנווערט מיט די שיפסקאַרטעס, איז אויפגעדעקט געוואָרן דער סוד.

און גאַנץ קיקל האָט געהערט און געשטוינט: שלמה־חיים דער חזן פאָרט קיין אַמעריקע!

# 2. זיי געזונט, קיקל!

קיקלער יידן האָבן נישט געקאָנט משיג זיין, וואָס עס איז די אמתע סיבה דערפון, פאַר וואָס מיין פאָטער האָט געענדערט זיין מיינונג וועגן פאָרן קיין אַמעריקע. מען האָט געגומען רעדן אויף מיין שטיפמאַמע לאָדזשאַ, אַז זי איז שולדיק אין דעם. קיקלער יידן האָבן זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, אַז מיין פאָטער זאָל האָבן געקומען צו דעם גורלדיקן באַשלוס מיט זיין אייגענעם רצון. מ׳האָט געזאָגט אין שטעטל, אַז מיין שטיפמאַמע לאָדזשאַ האָט אים אָפּגעטאָן אַ כּישוף און אַז זי וועט נאָך דערפירן מיין פאָטער צו שמד.

אָבער אויב קיקל איז געווען אויפגעבראַכט, צערודערט און האָט בכלל נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז מיין פאָטער פאָרט טאַקע קיין אַמעריקע, זענען די קיקלער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ אַריין אין אַ גאָר גרויסער התפּעלות. אַן אַלטער קיקלער לאַנדסמאַן אין ניו־יאָרק האָט זיך אויסגעדריקט בזה הלשון: „אויב שלמה־חיים קומט קיין אַמעריקע, קאָן מען שוין האָפן, אַז אויך משיח וועט קומען״.

נו, מיין פאָטער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע, און משיח איז נאָך אַלץ אין וועג.

ווען מיין פאָטער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, איז אונדזער שטוב אין קיקל געוואָרן ווי אויסגעליידיקט, כאָטש עס זענען צוגעקומען נאָך דריי קינדער פון די פינף, וואָס מיין שטיפמאַמע האָט געבראַכט אויף דער וועלט.

אונדזער שטוב אין קיקל איז געווען אַן אמתער בית־ועד לחכמים. קיקלער יידן פון דער אַריסטאָקראַטיע אין שטעטל, דאָס הייסט די, וועלכע האָבן געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא און האָבן אַריינגעקוקט אין רמב״מס „מורה נבוכים״, פלעגן אַריינקומען צו מיין פאָטער זיך דורכשמועסן און פאַרטייטשן אַ שווערע סוגיא. אַ חוץ דעם פלעגן צו אונדז קומען אַזעלכע, וואָס זענען פאַרבייגעפאָרן קיקל: רבנים, ישיבה־בחורים, משוררים, חתנים, וואָס האָבן געזוכט כּלות, שדכנים און ענלעכע אורחים.

קיקלער יידן פלעגן אַריינקומען סתם, ווען עס האָט זיך זיי פאַרגלוסט אַריינכאַפּן אַ פּרק משניות. די אורחים פון דער פרעמד זענען נישט געקומען גלאַט אַזוי. פריִער פלעגן זיי אַריינקומען אין דער שול. אַזוי האָבן געסט אין שטעטל

זיך נוהג געווען אין יענע צייטן, ווי מען פֿאַרפֿאַרט היינט אין אַ האָטעל, ווען מען קומט אין אַ פֿרעמדער שטאָט. נאָכן דאַווענען האָבן די מער בכּבֿודיקע באַלעבאַטים זיך אַרומגעקוקט וועגן אורחים, זיי אָפּגעמאָסטן מיט פֿאַרשנדיקע בליקן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און פֿלעגן אויסקלייבן די פֿון זיי, וועלכע זיי האָבן פֿאַרבעטן צו זיך אַהיים. מיין פֿאָטער האָט געדאַרפֿט האָבן אַ ביסל מנוחה נאָך דעם ווי ער האָט געדאַוונט פֿאַרן עמוד. פֿלעגט ער זיך אַוועקזעצן אויף אַ באַנק אין דער שול און זיך אָפּרוען. אין דער צייט ווען ער האָט זיך געקליבן אַהיימצוגיין, אַ צען־פֿופֿצן מינוט נאָכן דאַווענען, איז די שול געווען שוין כּמעט ליידיק. די בעסערע אורחים האָט מען שוין געהאַט אַוועקגענומען. די, וואָס זענען געבליבן, האָבן געוואַרט מיט דער האָפֿענונג, אַז נאָך דעם ווי דער חזן וועט איבערכאַפּן דעם אָטעם, וועט ער זיי פֿאַרזאָרגן. ס'איז זיי גאָר אויפֿן געדאַנק נישט געקומען, אַז דער חזן זאָל זיך נישט אומקוקן אויף זיי, און אַז זיי זאָלן דאַרפֿן אַוועקגיין הונגעריקע נעכטיקן אין הקדש. זיי האָבן נישט געמאַכט קיין טעות.

מיין פֿאָטער פֿלעגט אָנהייבן אויספֿרעגן די פֿאַרבליבענע אורחים: פֿון וואַנען קומט אַ ייד? ווי לאַנג זענט איר שוין דאָ? און וואָס רעכנט איר מתקן צו זיין אין קיקל? וואָס עס זאָלן נישט האָבן געווען זייערע תּשובֿות, פֿלעגט דער טאַטע מיטנעמען מיט זיך אַהיים איינעם, אָדער מער פֿון די אורחים, זיי זאָלן עפּעס טועם זיין. מיר האָבן טאַקע נישט געהאַט גענוג עסן פֿאַר זיך אַליין, אָבער דאָס איז וויניק־וואָס אָנגעגאַנגען דעם טאַטן. מען טאָר אַ יידן נישט פּוגע בכּבֿוד זיין. און חוץ דעם — וואָס קאָן שוין דאָ זיין? האָט די שטיפֿמאַמע צוגעגאָסן נאָך אַ ביסל וואַסער צו דער יויך. און אויב דער אורח איז געווען פֿון דעם בעסערן סאָרט און האָט אַ ביסל געוווּסט וועגן דער גרויסער וועלט, פֿלעגט מיין שטיפֿמאַמע איבער־נעמען די הויפּטראָל און זיך באַוויזן מיט איר אייגענער באַהאַוונטקייט און לומדות. זי האָט געוואָלט, אַז דער אורח זאָל נישט מיינען, אַז זי איז אַ פּשוטע חזנטע. דעמאָלט פֿלעגט אַלץ אַוועקגיין גלאַטיק, און אַלע האָבן הנאה געהאַט. אָבער ווען דער אורח איז געווען אַ נעבעכל, האָבן זיך אָנגעהויבן גרויסע צרות. ס'איז נישט געקומען מיט אַ מאָל. מיין שטיפֿמאַמע לאָדזשאַ איז געווען גענוג אינטעליגענט, אַז זי זאָל נישט אַרויסווייזן באַלד איר כּעס אויף דעם טאַטן פֿאַר ברענגען אַזאַ אורח. אָבער ווען מען האָט דעם פֿרעמדן געלייגט שלאָפֿן אין אונ־דזער גאַסטצימער, וואָס איז געווען אין איינער פֿון פֿעטער געצלס שטאַלן, האָט די שטיפֿמאַמע זיך צעלאָזט מיט דעם אמתן ירגזון. מיין פֿאָטער האָט דעם אויפֿ־דערנאָכט שוין געהאַט צו זינגען און צו זאָגן.

ווען דער טאַטע איז אַוועקגעפֿאָרן, האָט זיך דאָס אַלץ אויסגעלאָזט. אויף מיין שטיפֿמאַמע לאָדזשאַ האָט מען געקוקט, ווי אויף אַן אַלמנה, לכל הפּחות ווי אויף אַן עגונה. און אויף אונדז, קינדער, האָט מען געקוקט אין שטעטל ווי אויף יתומים. מיר זענען אין גאַנצן אָנגעוויזן געוואָרן אויף צדקה. פֿעטער געצל האָט געדאַרפֿט זאָרגן פֿאַר אונדז. ער האָט שוין נישט געקאָנט פֿאַרשרייבן מיט קרייד די חובֿות און מאַכן שפּעטער סצענעס, למאַי מען סילוקט אים נישט. פֿאַר אונדז איז פֿאַר־בליבן איין זאַך: וואַרטן אויף די שיפֿסקאַרטן. און געזאָגט האָט מען אונדז, אַז דאָס וועט זיך נאָך פֿאַרשלעפּן אַ יאָר צוויי.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז אין אָנהויב האָב איך נישט אין גאַנצן פאַרשטאַ־נען, וואָס עס האָט געמיינט מיין פאָטערס אַוועקפאָרן. איך האָב געטראַכט, אַז דער טאַטע האָט געמאַכט אַזאַ נסיעה, אַזוי ווי איך בין געפאָרן קיין ניעשעווע. אָבער שוין אין אַ וואָך אַרום, נאָך דעם ווי מיין פאָטער איז אַוועקגעפאָרן, האָט מען מיר געגעבן אָנצוהערן אויף אַ גאַנץ דראַמאַטישן אופן, אַז מיין לאַגע האָט זיך געענדערט. אָן דעם מען זאָל מיך האָבן פריִער געוואָרנט און אָן שום באַרעכטי־קונג — אַזוי האָט זיך עס מיר אויסגעוויזן — האָט מען מיך געהייסן אַוועקגיין פון מיין ערנפּלאַץ אויף דער בימה שבת ביים דאַווענען. באַגיסנדיק זיך מיט טרערן בין איך אַוועקגעגאַנגען צום פעטער געצל באַקלאָגן זיך. אָבער ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך בין אַ יוֹרד אויף דער וועלט. איך האָב שוין מער נישט דעם יחוס פון אַ זון פון שלמה־חיים דעם חזן. איך בין אַ זון פון שלמה־חיימען, וועלכער האָט עוֹקר געווען קיין אַמעריקע.

איך האָב אין אָנהויב נישט פאַרשטאַנען, אַז מיין פאָטער איז אַוועקגעפאָרן פון קיקל אויף שטענדיק. דאָס האָט אויסגעזען צו זיין פאַר מיר אין גאַנצן משו־נהדיק. אָבער ביסלעכווייז האָט מען מיר אויפגעקלערט מיין נייעם יורידישן מצב, און איך האָב געדאַרפט זוכן אַ וועג ווי אַזוי אַרויסצודראַפּען זיך פון אים און צוריק קאָנען גיין מיט אַ געהויבענעם קאָפּ און שפּילן אַ ראָל צווישן די אַנדערע יינגלעך אין שול.

האָב איך עפּעס אויסגעטראַכט: אָנשטאָט צו זיין שבת ביים דאַווענען אינע־וויניק אין שול, נאָך דעם ווי מען האָט מיך אַראָפּגעטריבן פון מיין ערנפּלאַץ אויף דער בימה, בין איך געווען מער אין דרויסן צוזאַמען מיט אַ כאַפּטע יינגלעך, מיינע חברים. צווישן זיי האָב איך אָנגעהויבן שפּילן די ערשטע ראָל דורך דעם וואָס איך בין געוואָרן דער גרויסער ידען וועגן אַמעריקע. איך האָב דאָן געמוזט האָבן אַ גרויסן טאַלאַנט סיי פאַר אויפקלערן זאַכן און סיי פאַר דערציילן אמתע מעשׂיות, ווייל די יינגלעך האָבן זיך צוגעהערט צו מיר מיט אָן איינגעהאַלטענעם אָטעם. וואָס איך האָב דעמאָלט אויסגעזויגן פון מיין פאַנטאַזיע געדענק איך נישט. איך דערמאָן זיך נאָר, אַז דאָס וואָס איך האָב געזאָגט און דערציילט, האָט פאַר־כאַפּט די נייגעריקייט פון די יינגלעך. זיי האָבן מיך געבעטן צו דערציילן וואָס מער. אַ קלייניקייט: אַמעריקע! דאָס איז געווען אַ וואָרט, וואָס האָט פאַרכישופט: אַמעריקע!

איך בין געווען דער גרויסער מוּמחה: מיין פאָטער און מיין ברודער זענען געווען אין אַמעריקע, און איך אַליין האָב געדאַרפט אין גיכן פאָרן צו זיי, פאָרן קיין אַמעריקע!

אין דער צייט ווען מיר האָבן געוואַרט צו פאָרן קיין אַמעריקע, האָט פּאַסירט ביי אונדז אַ גרויס געשעעניש: אונדזער שטוב איז אָפּגעברענט געוואָרן. נאַטירלעך איז עס אין אונדזער קיקל, ווי אין אַלע קיקלס, געשען אין מיטן דער נאַכט. מען האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז מען האָט מיך איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע און אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער פון ערשטן גאָרן. מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אויף אַ וואָגן צו אַ שכנותדיק פעלד, פון וואַנען מיר האָבן געקאָנט זען די ריזיקע

פײַערפּלאַמען, פֿון װעלכע מיר, קינדער, האָבן שטאַרק הנאה געהאַט. דאָס געדענק איך גאַנץ גענױ. װוּהין מיר זענען פֿון דאָרט אַװעקגעגאַנגען און װי אַזױ מיר האָבן צוריק אױפֿגעבױט אַ שטוב — דאָס ליגט שױן שװאַכער אין מײַן זכרון. װאָס איך דערמאָן זיך װײַטער איז דאָס, אַז מיר האָבן געלעבט אױף אַ פּלאַץ, װאָס האָט געהערט צו אַ געװיסן פּאַן פּראַזשאַמאָװסקי.

פּראַזשאַמאָװסקין אַלײן געדענק איך זײער גוט, סײ אים און סײ די מעשׂיות, װעלכע זענען װעגן אים אַרומגעגאַנגען. ער איז געװען אַן אַמאַליקער פּריץ, װאָס האָט פֿאַרלױרן זײַן גוט און זײַן געלט צוליב קאָרטן און פֿרױען, מער צוליב פֿרױען. װערנדיק אַ קבצן, האָט ער זיך אַריבערגעקליבן צו די ײדן אין קיקל און האָט געװױנט אין סאַמע האַרץ פֿון שטעטל. ער האָט פֿאַרנומען אַ טײל פֿון אַ האַלב־חרובֿ הױז, װאָס האָט פֿריִער געהערט צו אים און איז איצט געװען דאָס אײגנטום פֿון אַ ײדן. דער ײד האָט אים אַרײַנגענומען אָן דירה־געלט. אַזױ האָט מען דערצײלט. דעם דאָזיקן חסד האָט פּאַן פּראַזשאַמאָװסקי זיך ערלעך פֿאַרדינט בײַ דעם ײדן, דעם אײגנטימער פֿון הױז. װען פּאַן פּראַזשאַמאָװסקי איז געװען אין די פֿעדערן, האָט ער — להיפּוך צו אַנדערע פּריצים — אַרױסגעװיזן פֿרײַנדלעכקײט צו ײדן. ער האָט געהאַט אַ גאָלדן האַרץ, פֿלעגט מען זאָגן, ער פֿלעגט אַרומגײן איבער די געסלעך פֿון קיקל און טײלן מטבעות צװישן ײדישע ײנגלעך.

נישט געקוקט אױף דעם, װאָס ער איז געװאָרן אַ שטאַרקער יורד, האָט ער קײן מאָל זיך נישט באַװיזן אױף דער גאַס אָן אַ לאַנגן פּראַק. אמת, אױף דעם פּראַק האָט מען געזען אַרומטאַנצן די פֿלײ, װאָס האָבן זיך אַריבערגעקליבן אַהין פֿון די גרױסע הינט, פֿון װעלכע פּאַן פּראַזשאַמאָװסקי האָט זיך נישט געקאָנט צעשײדן, גענױ װי ער האָט נישט געקאָנט געזעגענען זיך מיט זײַן לאַנגן פּראַק. מען האָט געזאָגט, אַז די הינט זענען געשלאָפֿן צוזאַמען מיט אים און איך מײן, אַז ער איז אױך געשלאָפֿן אין זײַן לאַנגן פּראַק. סײ װען ער איז אַרומגעגאַנגען און סײ װען ער איז געשלאָפֿן, האָט ער נישט געװאָלט שײדן זיך פֿון דעם אײנציקן זכר, װאָס איז אים פֿאַרבליבן פֿון זײַן אַמאָליקער גדלות.

פּאַן פּראַזשאַמאָװסקי און זײַנע הינט האָבן געװױנט אױף אַ בױדעם פֿון דעם הױז, װוּהין מיר האָבן צײַטװײַליק זיך אַרײַנגעקליבן. און מיר זענען געװאָרן גוטע פֿרײַנד, דאָס הײסט — מיט פּראַזשאַמאָװסקין. זײַנע הינט האָבן מיר נישט געטאָרט אַרײַנלאָזן אין אונדזער שטוב. מיר זענען נישט געװען זײער נײַגעריק צו זען די פֿלײ אױף די הינט.

איך מײן אַז איך געדענק אים אַזױ גוט דערפֿאַר, װײַל אַ סך שפּעטער, אין אַמעריקע, װען איך פֿלעג זיך באַװײַזן אַ שטאַרק־ און עלעגאַנט־אױסגעפּוצטער, האָט עמעצער פֿון אונדזער משפּחה תּמיד אַ װאָרף געטאָן דאָס װאָרט: „אָט קומט פּראַזשאַמאָװסקי".

װען איך בין געװען אַ ײנגל פֿון אַ יאָר צען, זענען אָנגעקומען די שיפֿסקאַרטן פֿון אַמעריקע, און מיר האָבן זיך גענומען גרײטן אין װעג אַרײַן. מײַנע ברידער, אַבאַ און יהושע, האָבן געזאָלט בלײַבן אין אײראָפּע װײַטער צו שטודירן. מײַן צװילינג־שװעסטער חיה, און מײַן ײנגערער ברודער, שמואל, האָבן געדאַרפֿט בלײַבן

דערווייל ביים פעטער געצל. מען האָט געמוזט אַזוי טאָן, ווייל אין דעם דיקן קאָנ־ווערט, וואָס איז אָנגעקומען פון אַמעריקע, האָבן זיך געפונען בלויז פינף שיפס־קאַרטן. מיינע ברידער און מיין צווילינג־שוועסטער זענען געפאָרן שפּעטער. אַזוי אַרום האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער ווייטער נסיעה, מיין שטיפמאַמע לאַדזשאַ, איך און דריי קליינע קינדער, מענדל, רייזל און דזשעק. ווי דער „מאָנס־ביל" פון דער משפחה, האָב איך געדאַרפט נעמען אויף זיך אַ געוויסע אַחריות. איינס פון די קליינע קינדער האָב איך געטראָגן אויף די הענט די גאַנצע צייט פון דער נסיעה.

ביי דער געוויינטלעכער סצענע ווען קרובים און פריינד האָבן ביים געזעגענען אונדז זיך צעכליפּעט, זענען מיר אַרויסבאַגלייט געוואָרן צו דער דייטשער גרענעץ, וווהין מיר זענען געפאָרן מיט פערד און וואָגן. פון דער גרענעץ האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט ווייטער קיין ברעמען. דאָרט האָבן מיר זיך אַרויפגעזעצט אויף דער שיף „קראָנפּרינצעסין צעציליאַ", וואָס איז אָפּגעשווומען קיין ניו־יאָרק. דער גורל פון אָט דער שיף בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געהאַט אַ געוויסע באַדייטונג פאַר מיין לעבן אין אַמעריקע און האָט מיך געפירט צו באַקענען זיך מיט איינער פון די אויסערגעוויינלעכסטע פּערזענלעכ־קייטן פון יענעם דור. ווייזט אויס, אַז דערפאַר טאַקע געדענק איך דעם נאָמען פון דער שיף.

וועגן דער נסיעה אַליין זענען מיר פאַרבליבן בלויז אָפּגעריסענע דערינע־רונגען. געוויס געדענק איך די שמוציקייט, די ענגשאַפט, די שלעכטע ריחות; די בעטן אויף דריי גאָרנס, איינער אויפן אַנדערן; די לאַנגע רייען, אין וועלכע מיר האָבן געדאַרפט שטיין, כדי צו באַקומען אונדזערע מאָלצייטן אַלס פּאַסאַזשירן אויפן דעק פון דער שיף. איך דערמאָן זיך אַפילו, אַז איין מאָל האָב איך זיך אַריינגעגנבעט אין דער ערשטער קלאַס און האָב געקריגן אַ פּאָמעראַנץ פון אַן אַלטער פרוי. איך האָב קיין מאָל פריִער נישט געזען קיין פּאָמעראַנץ פאַר מיינע אויגן און האָב זיך צוגעכאַפּט צו עסן אים מיט דער שאָלעכץ צוזאַמען.

אָבער וואָס עס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון מיט אַ באַזונדערן פּחד אין משך פון די אַלע יאָרן, איז געווען עפּעס אַזעלכעס, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט נאָך איידער מיר האָבן אָנגעהויבן די רייזע אויף דער שיף. דאָס איז געווען די „ענטלאַוזונג" אין ברעמען. מענער און פרויען זענען אָפּגעטיילט געוואָרן באַזונדער, און מען האָט זיי געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט. נאַקעטערהייט האָט מען אונדז אַריינגעשטופּט אין אַ צימער, צו פופציק אָדער הונדערט מיט אַ מאָל. דאָן האָבן אָנגעהויבן צו הוזשען די רערן פון דער באַהייצונג. מיר זענען אין גאַנצן אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ ריזיקן וואָלקן פון פּאַרע. אין דער זעלבער צייט זענען אויך אונדזערע מלבושים געוואָרן אויסגעפּאַרעט. איך מיין, אַז די דאָזיקע סאַניטאַרע מיטלען זענען אָנגענומען געוואָרן אויף דער פאָדערונג פון דעם אַמע־ריקאַנער אימיגראַציע־אַמט. אָבער וואָס עס איז פאַרבליבן מיט שרעק אין מיין זכרון, איז געווען דער אופן ווי אַזוי דאָס איז געטאָן געוואָרן — די פינצטערע „עפעקטיווקייט" פון די דייטשן. זיי האָבן אונדז באַהאַנדלט ווי בהמות אָן שום געפיל פאַר מענטשלעכער ווירדע.

צענדליקער יאָרן שפּעטער, אין דער שוידערלעכער היטלער־עפּאָכע, אין די יאָרן פון די גאַז־אויוונס און מאָרד־לאַגערן איז מיר אָפט געקומען אויפן זכרון דאָס מוראדיקע בילד פון דער „ענטלאַוזונג“ אין ברעמען. און איך האָב געטראַכט, אַז דאָס איז געווען אַן אָנזאָג, אַ רעפּעטיציע פון דעם וואָס די דייטשן האָבן אָפּ־געטאָן אין די צייטן פון „דריטן רייך“.

פאַראַן אַ דייטש שפּריכוואָרט: „קיין שום זאַך איז נישט אַזוי זיכער ווי דער צופאַל“. וואָס וואָלט געווען ווען מיין ברודער לייבוש וואָלט נ י ש ט געפאָרן קיין פּלאָצק צו ווערן אַן אינזשיניער און וואָלט נישט אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד אַזוי, אַז ער זאָל זיין ג ע־צ ו ו ו נ ג ע ן צו אַנטלויפן קיין אַמעריקע? ווער קען וויסן? און וואָס וואָלט געווען, ווען די גערער חסידים וואָלטן געווען אַ ביסל מער טאָלעראַנט און וואָלטן צוגע־לאָזט, אַז מיין פאָטער, דער אַלעקסאַנדערער חסיד, זאָל ווערן דער שטאָט־חזן פון מלאַווע? צי וואָלטן מיר פאַרבליבן אין מזרח־אייראָפּע? וואָרשיינלעך. און־דזער גורל, מיין גורל, האָט געקאָנט זיין דער גורל פון די זעקס מיליאָן יידן, וועלכע זענען אומגעקומען. אָבער, ניין. ס׳איז אַנדערש געשען. איך בין אַוועקגע־ריסן געוואָרן פון דעם שפּעטערדיקן שייטער־הויפן, און דער פּסק־דין פאַר מיר איז געווען: לחיים ולא למוות — נישט איבער עפּעס אַ גרויסער אוניווערסאַלער געשעעניש, נאָר צוליב אַ פּשוטן קליינעם צופאַל.

מיר זאָגן אין דער הגדה־של־פּסח: „בכל דור ודור חייב אָדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים“. דאָס איז די טראַגישע, נביאישע חכמה פון ישׂראל, אפשר דער גאַנצער סוד און יסוד פון יידישן קיום. די גרויסע, ברייטע וועלט האָט קיין מאָל נישט אויפגעהערט צו לערנען אונדז דעם דאָזיקן מוסר־השׂכּל, אַז מיר, יידן, זאָלן חלילה אים נישט פאַרגעסן.

נאָך פופצן שווערע, געמאַטערטע טעג פון שפּאַלטן דעם ים, האָבן מיר דער־זען די סטאַטוע פון פרייהייט, וואָס קאָן אויסזען אַ ביסל מער ראָמאַנטיש ווי עס איז אין דער ווירקלעכקייט. ס׳רוב פּאַסאַזשירן פון שיפדעק האָבן קיין מאָל נישט געוווסט פון דער סטאַטוע, און אויב קלאַנגען וועגן איר האָבן זיך דער־טראָגן צו אַ טייל פון זיי, האָבן זיי נישט געקאָנט ז ע ן די פרוי מיט דעם פאַקל, וויל זיי זענען געווען צוזאַמענגעקוועטשט און צונויפגעפּרעסט אין די געדערעם פון דער שיף. אויך האָט די דערפאַרונג אין קעסטעל גאַרדענס — דער אימיגראַ־ציע־זאַמלפּונקט, וואָס איז שפּעטער פאַרביטן געוואָרן אויף עליס איילאַנד — נישט געקאָנט זיין קיין באַלוינונג פאַר פאַרפעלן צו זען די פרייהייט־סטאַטוע. לכל הפּחות איז עס אַזוי געווען מיט מיר. איך האָב געדאַרפט היטן דריי קליינע קינדער, פון וועלכע איינס האָט קוים געקאָנט גיין אויף די פיס; איך האָב גע־דאַרפט העלפן צונויפזאַמלען און ציילן אונדזערע פּעקלעך. מען דאַרף זיך נישט פאָרשטעלן, אַז מיר האָבן געמאַכט די רייזע מיט גוט־איינגעפּאַקטע וואַליזעס. דריי פערטל פון אונדזער פאַרמעגן — די מלבושים, קישנס, טעפּ, שיסלען — זענען געווען אַרומגעוויקלט מיט האַנטעכער, טישטעכער, זעק. מיר האָבן געהאַט

קליינע, מיטעלע און גרויסע פּעק, וואָס אַלע זענען זיי געווען פאַר אונדז אַ גרויסער אוצר און וועלכע מיר האָבן געשלעפּט מיט אונדז צוזאַמען, אַז מיר זאָלן האַלטן אַן אויג אויף זיי. מיר איז פאַרבליבן זייער וויניק כּוח איך זאָל קאָנען האָבן איינ־דרוקן פון מיין אָנקומען קיין אַמעריקע. און די איינדרוקן, וואָס זענען מיר דורכ־געלאָפן אין קאָפּ, זענען געווען זייער שלעכטע.

איידער מען האָט אונדז אַריינגעלאָזט אין דער פרייער אַמעריקע, האָט מען אונדז אַריינגעשטופּט אין אַ גרויסער שטייג אויף אַ צייט, וואָס האָט אויסגעזען צו ציִען זיך לאַנגע שעהען. פון דער שטייג האָבן מיר אויסגעקוקט דעם טאַטן, און ער האָט, אָן שום צווייפל, אונדז געזוכט. ווען מיר האָבן אים סוף־כּל־סוף דערשנאַפּט צווישן דער גרויסער מאַסע טאַטעס, זין און מענער, וועלכע זענען געקומען „אויסלייזן" זייערע פאַמיליעס, האָבן מיר נישט געקאָנט טאָן עפּעס מער ווי פאָכען מיט די הענט ער זאָל אונדז דערזען. איך געדענק, אַז דאָס האָט מיך שטאַרק דערשלאָגן. איך האָב נישט געקאָנט טראַכטן, אַז דאָס איז ריכטיק אַזוי, און אַז דאָס זאָל זיין אָרגאַניזירט ווי געהעריק. (מיין חוש פאַר אָרגאַניזאַציע האָט זיך מאַניפעסטירט זייער פרי).

ענדלעך האָט דער טאַטע אונדז באַמערקט. און די גאַנצע לאַגע האָט אָנגע־הויבן ווערן אַ ביסל מער צו פאַרליידן. איך האָב נישט דערקענט מיין פאָטער. דאָס הייסט, איך האָב אים יאָ דערקענט, אָבער ער האָט מיר אויסגעזען צו זיין אין גאַנצן אַנדערש. אין מיין זכּרון האָב איך אים געדענקט מיט אַ לאַנגער באָרד, מיט אַ לאַנגער זיידענער קאַפּאָטע, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שוואַרצן גאַרטל, פון וועלכן די צוויי שפּיצן זענען אַראָפּגעהאָנגען אויף ביידע זייטן, און מיט אַ שטריימל. דאָס אַלץ איז פאַרשוווּנדן. די באָרד, כאָטש נאָך אַלץ פון אַ בּכּבודיקער לענג, איז געווען גלאַטיק אַרומגעשוירן. אַנשטאָט דער שוואַרצער לאַנגער קאַפּאָטע האָט ער געטראָגן אַ פּראַק. פון דעם שטריימל איז געוואָרן אַ שוואַרצער האַרטער קאַפּעלוש, אַ „דערבי". פאַר מיר האָט עס אויסגעזען צו זיין דער העכסטער פּונקט פון עלעגאַנץ. איך בין געווען זיכער, אַז מיין פאָטער איז געוואָרן אַ מיליאָנער. ווער דען וואָלט נאָך געגאַנגען אַזוי אויסגעפּוצט? ס'האָט נישט געדויערט לאַנג און איך האָב אויסגעפונען, אַז דאָס איז פּשוט געווען זיין שבּתדיקער מלבּוש, אַז אַזוי האָט ער זיך אָנגעטאָן אין די שבּתים, ווי אַ חזן.

נאָך דער געוויינלעכער סצענע פון צעקושן זיך און אַרומהאַלדזן זיך, און נאָכן צונויפזאַמלען אונדזערע פּעקלעך, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין, אויף דער „פּערי" און מיט דעם טראַמוויי, וואָס איז געטריבן געוואָרן מיט פערד. מיר זענען געפאָרן אויף דער יידישער איסט־סייד פון ניו־יאָרק, אויף 99 קענאָן־סטריט, ווי איך געדענק גאַנץ גענוי. געאָגראַפיש איז קענאָן־סטריט געווען אַן ערך פיר טויזנט מייל פון קיקל; אַרכיטעקטאָניש און לויט דער אַלגעמיינער סטרוקטור — אַרום הונדערט יאָר פאַרויס פון קיקל, נישט געקוקט אויף די מיאוסע „טענע־מענט"־הייזער, אָבער גייסטיק, אינטעלעקטועל און סאָציאַל אידענטיש מיט קיקל. איך קען זאָגן: אַ רייזן, אָפּגעגאָלט קיקל, און אָפּט אויך דאָס נישט.

פריינד, משפּחה און לאַנדסלייט האָבן אָנגעהויבן קומען אונדז צו באַגריסן און אָפּגעבן אַ „שלום עליכם". ניין־צענטל פון זיי האָב איך בכלל נישט גע־

קענט, אָדער איך האָב בלויז עפּעס אַ מאָל געהערט וועגן זיי. „מאיר, באַקען זיך מיט אברהמען שׂרה־רחלס זון. דאָ רופט מען אים אייב. דאָס איז מרדכי, לאה־רחלס זון. דאָ רופט מען אים מעקס" — אַזוי האָט מען געהאַלטן אין איין פאָר־שטעלן מיר די קרובים, וועלכע זענען געקומען צו אונדז.

די דאָזיקע וויזיטן האָבן אָבער נישט זייער לאַנג געדויערט. אין אַ טאָג אָדער צוויי אַרום איז דער עולם געוואָרן שיטערער. יעדער איינער האָט געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט אויף זיין „דזשאָב", אויך מיין טאַטע. און איך אַליין בין ביסלעכ־ווייז געוואָרן אַ היימישער אויף קענאַן־סטריט. איך האָב מיר געשלאָסן מיינע אייגענע באַקאַנטשאַפטן, און איך האָב אַפילו אויפגעכאַפּט אַ ביסל ענגלישע ווערטער.

אַנטקעגנאיבער דעם הויז אויף 99 קענאַן־סטריט, אויף דער איסט־סייד פון ניו־יאָרק, וווהין מיר זענען פאַרפאָרן נאָך אונדזער אָנקומען קיין אַמעריקע, האָט זיך געפונען אַ שול. איך מיין, אַז מען האָט זי גערופן: די גאַליציאַנער שול. אין קעלער פון דער שול איז געווען אַ מקווה, איבער וועלכער אַן אַלט פאַרפאַלק האָט געהאַט די השגחה. דאָס הייסט, די גאַנצע אַרבעט האָט געטאָן די פרוי, בעת איר אַלטער מאַן מיט דער פּאַטריאַרכאַלער באָרד און מיט די לאַנגע ציצית אין דרויסן איז געזעסן אויף אַ קליין בענקעלע ביים אַריינגאַנג און געמאַכט שפּאַסן מיט די דורכגייער. אַרום דער שול און אַרום דער מקווה האָט זיך געדרייט כּמעט דאָס גאַנצע לעבן אויף קענאַן־סטריט.

ווי די מערסטע יינגלעך אין דער געגנט, האָב אויך איך זיך אַרומגעדרייט אַרום דער שול. דער אַלטער ייד, וועלכער איז געזעסן אויף דעם בענקעלע, האָט ליב געהאַט קינדער. אָבער ער האָט אויך הנאה געהאַט צו מאַכן אַ ביסל חוזק פון זיי. קיין איין וואָרט ענגליש איז קיין מאָל נישט אַרויס פון זיין מויל, און מיט יידיש האָב איך זיך געפילט אין דער היים.

יעדן צווייטן טאָג, אָדער כּמעט אַזוי, האָט מען געבראַכט צו אים זיין אייניקל, אַ מיידעלע, פון פּיט־סטריט. זי איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר פינף אָדער זעקס, אַ טונקל־הויטיקע, די שיינקייט אַליין, מיט גרויסע, ברוינע אויגן, עלעגאַנט גע־קלײדט — פון „העכערן קלאַס". דער זיידע איז געווען זייער שטאָלץ מיט דעם קליינעם מיידל, און ער האָט שטאַרק ליב געהאַט צו הוידען זי אויף זיינע קני. ווען איך זאָל איצט זאָגן דעם לייענער, אַז איך האָב זיך דעמאָלט פאַרליבט אין דעם קליינעם מיידל און האָב שוין געהאַט באַשלאָסן ביי מיר חתונה צו האָבן מיט איר און אַז איך בין געווען גרייט צו וואַרטן זעכצן יאָר אויף מיין גליק — וועט מען מיר נישט גלויבן. און ערשט נאָך דעם, ווי מיר זענען שוין געווען צען יאָר נאָך דער חתונה, האָבן מיר צופעליק זיך דערמאָנט וועגן אָט דער ערשטער באַקאַנטשאַפט אונדזערער.

מיר זענען פאַרבליבן אויף קענאַן־סטריט בלויז אַ פּאָר וואָכן. פאַר מיר איז קענאַן־סטריט נישט געווען די אמתע אַמעריקע, די אַמעריקע וועגן וועלכער איך האָב געהערט, אָדער וועלכע איך האָב זיך פאָרגעשטעלט אין מיינע חלומות. ס'איז געווען פּשוט אַ געדיכטע און מער טומלדיקע קיקל, מיט דער זעלבער שפּראַך,

מיט דער זעלבער רכילות און מיט די זעלבע מענטשן. דער איינציקער אונטערשייד איז געווען וואָס אין קיקל האָט איר געקאָנט אַנטלויפן צו די פעלדער און אַפילו אַזוי ווייט ווי צו דער אָזירעע. דאָ, אויף קענאַן־סטריט, זענט איר געווען פאַר־שפאַרט צווישן צוויי רייעס „טענעמענט"־הייזער אויף אַן ענגן פּאַס, וואָס מען האָט גערופן „סטריט".

איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי קענאַן־סטריט וואָלט געווען דער פּרוזדור צו דעם טרקלין פון דער גרויסער, פון דער אמתער אַמעריקע. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך בין געווען גערעכט. איך האָב עס דערפילט ווי נאָר מיר האָבן זיך אַרויסגערירט פון קענאַן־סטריט. מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן זייער ווייט, אויף צפון, אַזש אין די בראָנקס!

מיין פאָטער האָט דאָרטן געקראָגן אַ שטעלע אַלס חזן אין אַ שול. ער האָט געהאַט נאָך אַ זייטיקע פּרנסה אַלס שוחט פון היגער אין דער געגנט. פאַר מיר איז אונדזער צווייטע „עליה" געווען אַ סך אַ גרעסערע געשעעניש, ווי די ערשטע, כאָטש מיר האָבן דאָס מאָל נישט געדאַרפט — איבער טעמים, וואָס איך האָב דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען — דורכגיין די פאָרמאַליטעטן פון „ענטלאַוזונג".

דאָס שפּאַלטן דעם אַטלאַנטיק, צונויפגעקוועטשט אויפן דעק פון דער שיף „קראָנפּרינצעסין צעציליאַ", האָט זיך דעמאָלט, אין מיינע אויגן, נישט געקאָנט פאַרגלייכן מיט דעם גרויסן פאַרגעניגן צו פאָרן אין דער אויבערשטער באַן פון האַוסטאָן־סטריט. מיר זענען דורכגעפאָרן די אַכטע סטריט, די פערצנטע סטריט, די 23סטע ביז העט־ווייט צו דער 156סטער סטריט, וואָס האָט פאַר מיר פאָרגע־שטעלט דעם העכסטן פּראָגרעס אין דער נייער וועלט. ס'איז נישט געווען ביי מיר וועגן דעם קיין שום ספק. דאָס מאָל האָבן מיר באמת זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם ברייטן ים פון אַמעריקע, זיך טובל צו זיין אין די וואַסערן פון דער נייער ציוויליזאַציע.

קאָלדוועל־עוועניו האָט אונדז אויפגענומען. און מיר האָבן אויף אייביקע צייטן געזאָגט „אַ גוטן טאָג" צו קיקל און צו איר „פיליע" אויף קענאַן־סטריט.

# 3. ערשטע טריט אין אַמעריקע

דער מהלך צווישן קענאַן־סטריט און קאָלדוועל־עוועניו האָט נאָך אַלעמען זיך אַרויסגעוויזן נישט צו זיין אַזאַ ווייטער. אַוודאי האָט מען דאָ געזען מער גויִים. אָבער יידן האָבן געוווינט אַזוי געדיכט איינע נעבן די אַנדערע, אַז די גויִים האָבן כּמעט ווי נישט אָנגעזען זיך אין אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן. ביי אונדז אין דער היים האָט מען ווייטער גערעדט יידיש און אַזוי אויך אויף דער גאַס, ביי די באַגעגענישן, ביים איינקויפן. בכלל האָט אונדזער לעבן זייער ווייניק זיך געענדערט.

פון דעסטוועגן איז עס געווען דער אָנהויב פון אונדזער אַמעריקאַניזאַציע. פיר חדשים זענען פאַרלאָפן זינט מיר זענען אָנגעקומען אויף קאָלדוועל־עוועניו און ביז איך האָב אָנגעהויבן גיין אין שול, וואָס האָט זיך ווידער געעפנט נאָך „לעיבאָר דעי". איך האָב פאַרבראַכט די צייט מיט שפּילן זיך אויף דער גאַס און מיט איינזאַפּן אין זיך די נייע סביבה. ווען די שול האָט זיך געעפנט, בין איך שוין געווען גענוג „אַסימילירט" צו קאָנען ענדערן מיין נאָמען אין דעם רעגיסטער. איך בין איצט געווען מעקס ווייסגאַל. נאָך מער: מעקס וויניפרעד ווייסגאַל.

איך קאָן נאָך פאַרשטיין, ווי אַזוי פון מאיר איז געוואָרן מעקס. דאָס איז געווען די געוויינלעכע פּראַקטיק. אָבער ווי אַזוי מ'האָט פון וועלוול געמאַכט וויניפרעד, חידוש איך זיך ביזן היינטיקן טאָג. איך געדענק אויך נישט דעם מקור פון דער דאָזיקער גליקלעכער אינספּיראַציע. איך דערמאָן זיך בלויז ווי מיין פאָטער האָט רעאַגירט אויף דעם, ווען איך האָב אים אָנגעזאָגט מיט שטאָלץ די בשורה, אַז מען האָט מיך אין דער שול משנה שם געווען. אַריינפאַלנדיק אין אַ שרעקלעכן כּעס, האָט ער מיר דערלאַנגט אַ פייערדיקן פּאַטש און האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז באַלד צו מאָרגנס זאָל איך צוריק אָננעמען מיין אמתן יידישן נאָמען און ער האָט מיר איבערגעחזרט וואָס מען זאָגט ביי ברית־מילה: „ויקרא שמו בישׂראל..."

ווען איך קוק צוריק, נאָכן אַפּלויף פון כּמעט זיבעציק יאָר, אויף דעם דאָזיקן פּרוּוו פון מיין באַלדיקער אַמעריקאַניזאַציע, קאָן איך נאָך אַלץ נישט אויספּלאָנטערן זיך פון מיינע מאָטיוון. זיכער האָב איך נישט געהאַט קיין שום כּוונה און

ווילן צו פאַרבייגן מיין יידישקייט. אַלס אַ צען־יאָריק יינגל האָב איך נישט גע־קאָנט פאַרמאָגן אַזעלכע נישט־פיינע אַמביציעס. אפשר האָט מיך באַצויבערט דער קלאַנג פון מיין נייעם נאָמען? מעקס ווייניפרעד האָט מיך פאַרכּישופט און באַזונ־דערס טאַקע ווייניפרעד. איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז דאָס איז אייגנטלעך אַ ווייבערישער נאָמען. איך האָב אים, ווי איך מיין, פאַרטוישט מיט זיין ערשטן קוזין ווייניפרעד.

נאָך דעם גרויסן ליאַרעם און הו־האַ פון אַריבערקלייבן זיך אין די בראָנקס, האָט זיך צוריק אָנגעהויבן אונדזער וואָכעדיק היימיש לעבן. דאָך זענען געווען ענדערונגען. מיין ברודער לייבוש, וועלכער איז געקומען קיין אַמעריקע פריִער פון אונדז, האָט געוווינט צוזאַמען מיט אונדז. און דאָס, וואָס ער האָט פאַרדינט צוזאַמען מיט מיין פאָטערס שׂכירות, האָט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט אָנצוגיין מיט אונדזער לעבן אָן פעטער געצלס שטיצע.

אַגב, איז פון לייבוש געוואָרן ליאָ נאָך איידער מיר זענען אָנגעקומען. און ס'איז שוין געווען צו שפּעט פאַר מיין טאַטן, ער זאָל אים דערלאַנגען פעטש און צוריק־ברענגען צו זיין יידישן נאָמען. מיט איין זאַך איז אונדזער לעבן געבליבן געטריי דער טראַדיציע פון קיקל: פרייטיק־צו־נאַכטס נאָך קבלת שבת, האָט דער טאַטע ווייטער געבראַכט אַהיים כּלערליי אורחים. מיין שטיפמאַמע לאַדזשאַ האָט זיך אין די פאַלן געפירט ווי אין קיקל. עס האָט זי נישט אָנגעהויבן צו אַרן ווען זי האָט פון דער צוגעגרייטער שבת־סעודה געדאַרפט מכבד זיין נאָך איינעם אָדער צוויי אורחים. וואָס עס איז איר שטאַרק אָנגעגאַנגען איז געווען — ווי אַזוי דער אורח האָט זיך נוהג געווען ביים טיש און וואָס אַזעלכעס ער האָט געזאָגט און דערציילט. ווען דער אורח איז געווען אַן אינטערעסאַנטער מענטש און האָט דער־ציילט עפּעס נייעס פון דער גרויסער וועלט, אָדער האָט עפּעס געזונגען — איז עס פאַר מיין שטיפמאַמע געווען דער גרעסטער נחת. זי האָט דעמאָלט אין גאַנצן אויפגעלעבט.

אפשר איז עס שוין געווען צו פיל. מיין שטיפמאַמע האָט טיף סימפּאַטיזירט מיט אַלע פּראָגרעסיווע און נאָבעלע אידעאַלן. אין קיקל איז זי געווען אַ פאַר־ברענטע בונדיסטקע. בונדיזם האָט געמיינט אַנטי־ציוניזם. אין די בראָנקס איז זי געוואָרן אַ פייערדיקע ציוניסטקע, אַ שאַרפע קאָמוניסטקע, אַן איבערגעגעבענע סאָציאַליסטקע. צייטנווייז האָט זי באַוויזן די קונץ צו זיין אַלע דריי צוזאַמען. און אַ מאָל האָט זי זיך אַרויסגעשטעלט באַזונדערס פאַר איינער פון די דריי. אַלץ איז געווען אָפּהענגיק דערפון מיט וועמען זי האָט געפירט די דיסקוסיע, ווער עס האָט גראָד געהאַט אַ מיטינג אַ נאַכט פריִער און וועמען פון די קינדער זי האָט אין דער צייט געהאַלטן אין „דערמוטיקן״. זי איז געווען שטאַרק צוגעבונדן צו אַלע קינדער, סיי צו די, וועלכע זי האָט געירשנט, און סיי צו די, וועלכע זי האָט געבוירן דעם פאָטער מיינעם. די יינגסטע צוויי קינדער, אסתּר און אייזיק, האָט זי געבוירן אין אַמעריקע.

הגם איך קאָן נישט גענוי אויסרעכענען די צייט, געדענק איך דאָך, אַז מיר זענען נישט לאַנג פאַרבליבן אין די בראָנקס. מיר זענען אַריבערגעפאָרן קיין

שיקאַגאָ. פאַר וואָס שיקאַגאָ? איך ווייס נישט צוליב וועלכע סיבות, אָבער די ערשטע יידן פון קיקל, וועלכע האָבן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, האָבן אויס־געקליבן שיקאַגאָ פאַר זייער שטאָט און האָבן דאָרט געגרינדעט אַ שול פון אנשי קיקל. ס׳איז געשען אַזוי, אַז דער גבאי פון דער שול איז געווען מיין שטיפמאַמע לאַדזשאַס פאָטער. אָבער איך האָב די העזה צו זאָגן, אַז אַפילו אָן דעם וואָלטן אויך די אנשי קיקל אין שיקאַגאָ איינגעלאַדן מיין פאָטער אַלס זייער חזן. ס׳איז נישט געווען שווער צו איבערצייגן מיין פאָטער, אַז צווישן זיינע אייגענע יידן וועט ער זיך פילן אַ סך בעסער, ווי צווישן פרעמדע אין די בראָנקס. און אַזוי איז מיין ברודער לייבוש אַוועקגעפאָרן פריִער קיין שיקאַגאָ און איז דאָרט אַריין אין די ״ביזנעס״. מיר זענען נאָכגעפאָרן און האָבן זיך איינגעאָרדנט בשכנות פון דער טעל פלעיס־שול, וואָס איז קיקלס חלק אין דער אַמעריקאַנער יידישער געשיכטע.

דער קבלת־פּנים פאַר מיין פאָטער אין זיין אַלט־ניי־שול איז געווען סיי אַ ביסל פיינלעך און סיי שטאַרק רירנדיק. מיר זענען אָנגעקומען קיין שיקאַגאָ, ווי עס פירט זיך ביי חזנים, אַ שטיקל צייט פאַר די ימים נוראים, אַזוי אַז מיין פאָטער זאָל זיך קאָנען צוגרייטן צו זיין עבודת קודש, ווי דער שליח־ציבור. ס׳איז געווען אַ סך נחת אין דער טעל פלעיס־שול. די אַלטע גוטע צייטן פון קיקל זענען צוריקגעקומען, מיט די היימישע מנהגים און מיט דעם גרויסן כּבוד. חזן שלמה־חיים ווייסגאַל איז ווידער געווען צווישן אנשי שלומנו. אָבער דעמאָלט, אין דעם גרויסן טאָג, האָט פּאַסירט עפּעס איבערראַשנדיקס און שרעקלעכס — מיין פאָטער האָט פאַרלאָרן זיין שטים, פּונקט אַזוי ווי עס האָט געטראָפן מיט מיר אין ניע־שעוווע. ער האָט געעפנט זיין מויל און וואָס עס איז אַרויסגעקומען האָט אָפּגעהילכט ווי דאָס קראַקען פון אַ קראָ. אויף עטלעכע מינוט איז דער גאַנצער עולם מתפּללים אין שול געוואָרן שטאַרק צעדרודערט. דערנאָך האָבן זיי זיך באַרויִקט. זיי האָבן מיטגעפילט מיט מיין פאָטער, ווען ער האָט געפּרוּווט נעמען אַ העכערע אָקטאַווע און האָט געמאַכט אַ דראַמאַטישע אָנשטרענגונג צו געווינען צוריק זיין שטים. מיין פאָטערס מוט און דאָס וואַרעמע מיטגעפיל פון דעם עולם אין יענעם ראש־השנה זענען אונדז פאַרבליבן אין זכרון אויף אַ גאַנץ לעבן. אין צווישן האָט מיין פאָטער צוריקבאַקומען זיין שטים און יום־כּיפּור האָט ער שוין געדאַוונט ביים עמוד אַזוי שיין און אַזוי מתיקותדיק, אַז ער האָט שטענדיק דערנאָך געטראַכט, אַז קיין מאָל אין זיין לעבן האָט ער אַזוי גוט נישט געזאָגט די תפילות.

מיינע אייגענע אַקטיוויטעטן אין שיקאַגאָ זענען — איך אַליין וווּנדער זיך אויף דעם — אַריין אין דער געשיכטע פאַר די קומענדיקע דורות. פאַראַן מיינע אַ פאָטאָגראַפיע, ווי איך פאַרקויף שוועבעלעך. דאָס בילד דערציילט נישט אַלץ. איך האָב אויך פאַרקויפט פליגן־פּאַפּיר אויף די גאַסן פון שיקאַגאָ. אַזוי צי אַזוי — אַ סך מענטשן האָבן שוין געשטעלט אין ספק, צי דאָס איז טאַקע אַ ריכטיקע פאָטאָגראַפיע, און צי איז עס טאַקע אמת, אַז איך האָב אַזוי אָנגעהויבן מיין לעבן. ווער האָט עס אַ מאָל געהערט אַז אַ יינגל, וואָס פאַרקויפט שוועבעלעך אויף דער גאַס, זאָל פאָזירן פאַר אַ פאָרטרעט? אָבער דאָס איז דער אמת. איך האָב אַ מאָל געפּרוּווט פאַרקויפן אַ שאַכטל שוועבעלעך צו אַ פאָטאָגראַפיסט אין שיקאַגאָ, אויף

מילוואָקי עווועניו, וועלכער איז געווען צו־קאַרג צו באַצאָלן במזומנים, אַנשטאָט דעם האָט ער מיר פֿאָרגעשלאָגן צו מאַכן פֿון מיר אַ פֿאָטאָגראַפֿיע. ער איז געווען אַ רירעווודיקער יונגערמאַן און פֿאַרשטאַנען אַן עסק. ווייל אין דער צייט, ווען ער האָט געמאַכט דאָס בילד בין איך שוין נישט נאָר אַרויס פֿון מיין „ביזנעס" מיט די שוועבעלעך, נאָר איך בין שוין געווען אַוועקגעפֿאָרן פֿון שיקאַגאָ און האָב זיך געפֿונען צוריק אין די בראָנקס. אָבער אַן אַנשטענדיקער מענטש איז ער געווען, און ער האָט די פֿאָטאָגראַפֿיע צוגעשיקט צו מיינע קרובים אין שיקאַגאָ.

איך האָב צום ערשטן מאָל געזען דאָס בילד אַכט יאָר שפּעטער, אין 1919, ווען איך בין געווען אין שיקאַגאָ צו שרייבן באַריכטן וועגן דעם ציוניסטישן צוזאַמענפֿאָר, וואָס איז דעמאָלט דאָרט אָפּגעהאַלטן געוואָרן. איך האָב געשריבן די באַריכטן פֿאַר דער צייטשריפֿט „מאַקאַביען", וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פֿון אַמעריקע האָט דאַן אַרויסגעגעבן. צוריקקערנדיק זיך צו דער געשיכטע וועגן דער פֿאָטאָגראַפֿיע, דאַרף איך דערציילן, אַז איך האָב געהאַט אַ שותּף צו מיין מסחר מיט די שוועבעלעך און פֿליגן־פּאַפּיר. אָבער אונדזער שותּפֿות האָט נישט לאַנג אויסגעהאַלטן, ווייל מיר האָבן זיך אַרומגעקריגט וועגן דעם ווער עס האָט מער פֿאַרקויפֿט. מיר האָבן גענומען ציילן די שוועבעלעך און עס האָט זיך געענדיקט מיט דעם, אַז מיר האָבן אָנגעהויבן וואַרפֿן די שוועבעלעך איינער אויפֿן אַנדערן. סוף כּל סוף האָט איין שוועבעלע זיך אָנגעצונדן, און אונדזער גאַנצער מסחר איז אַוועק מיטן פֿייער.

מיין פֿאָטער האָט נישט גענומען קיין פּעני פֿון מיינע פֿאַרדינסטן. ער האָט מיר געזאָגט איך זאָל שפּאָרן און איך האָב אַוועקגעלייגט אַ פּעני צו אַ פּעני, און אַ ניקל צו אַ ניקל אין אַ גרויסן שאַכטל אויף אַ פּאָליצע אין אונדזער שטוב. אין איינעם אַ טאָג איז דאָס שאַכטל פֿאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט מיין ברודער ליאָ. ער האָט באַקומען אַ גוטן אָנבאָט פֿון אַ פֿירמע אין ניו־יאָרק, וואָס פֿלעגט אויספֿאַרקויפֿן זאַכן צו ביליקע פּרייזן און ער האָט געדאַרפֿט האָבן מזומן־געלט. אין גרויס פֿאַרצווייפֿלונג האָט ער זיך געראַטעוועט מיט מיין „קאַפּיטאַל". אָבער דאָס איז געווען ביי אים אַן אויסנאַמפֿאַל. אין דער אמתן איז ליאָ געווען זיין גאַנץ לעבן דער בעסטער און איבערגעגעבנסטער אין אונדזער משפּחה. ער האָט תּמיד געטאָן אַלץ, אַז די משפּחה זאָל זיך האַלטן אין איינעם, און ער האָט יעדן איינעם פֿון אונדז אַרויסגעהאָלפֿן אין אַן עת־צרה. געוויס בין איך דעמאָלט געווען שטאַרק אין כּעס אויף אים. אָבער ער האָט מיר אָפּגעצאָלט דערפֿאַר אין די שפּעטערדיקע יאָרן טויזנט מאָל אַזוי פֿיל.

אין שיקאַגאָ בין איך אַוודאי געוואָרן בר־מצווה. איך געדענק באמת נישט, צי דאָס איז טאַקע געווען אין שיקאַגאָ. אין יענע צייטן האָט מען דערפֿון נישט געמאַכט קיין גרויסן צימעס. אין דעם טאָג, ווען איך בין אַלט געוואָרן דרייצן יאָר האָט מען געדאַרפֿט אויפֿשטיין אַ ביסל פֿריִער, אַוועקגיין אין שול און לייגן תּפֿילין. אויב עס איז געווען אין אַ מאָנטיק אָדער אין אַ דאָנערשטיק פֿלעגט מען עולה לתּורה זיין. און דאָס איז געווען אַלץ. דערנאָך איז מען געגאַנגען אין שולע לערנען, אַזוי ווי יעדן טאָג. סיי ווי איז מען אין יענע צייטן, ווען עס זענען נאָך נישט געווען קיין אָפֿיציעלע רעגיסטראַציעס, געוואָרן דרייצן יאָר נישט פּינקטלעך

אין געבורטסטאָג, נאָר אַן ערך אין דעם טייל פון יאָר. און דערפאַר ווייל מיין טאַטע האָט געדענקט, אַז איך בין געבוירן געוואָרן עטלעכע וואָכן נאָך שׂמחת תורה, האָט ער אויסגעקליבן פאַר מיין געבורטסטאָג דעם 10טן נאָוועמבער.

און איך אַליין, ווען איך האָב געדינט אין דער אַרמיי, און מיין אַרבעט איז געווען צו רעגיסטרירן די נייע רעקרוטן, וועלכע האָבן געוווּסט וועגן זייער גענויען געבורטסטאָג פּונקט אַזוי פיל וויפל איך וועגן מיין געבורטסטאָג — האָב איך אַנטוויקלט אַ פּשוטן אָבער געניאַלן סיסטעם. היינט צו טאָג זענען אַוודאי דאָ אין אַמעריקע הונדערטער וועטעראַנען — די מערסטע פון זיי זענען געווען פּאָליאַקן, וועלכע זענען דעמאָלט נאָר וואָס געהאַט געקומען קיין אַמעריקע, אָדער נעגערס אין דער סאַוט — וועלכע פייערן מיט שטאָלץ זייער געבורטסטאָג דעם 4טן יולי, אָדער דעם 25סטן דעצעמבער. מיין אָפּקלייב פון די דאַזיקע דאַטעס איז געווען אָפּהענגיק פון דעם ענטפער, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן אויף מיין פראַגע: „ווען זענט איר געבוירן געוואָרן?" און זיי האָבן געזאָגט: „אין זומער", אָדער „אין ווינטער".

אָבער איך בין שוין אַ ביסל צו־ווייט פאַרקראָכן מיט מיין געשיכטע. דערווייל האַלטן מיר נאָך ביי שיקאַגאָ. מיין פאָטער איז דאָרט געוואָרן וואָס אַ מאָל מער אומצופרידן. די קהילה פון אַנשי קיקל האָט אים גוט אויפגענומען, אָבער דאָס קיקל ביים לעיק מישיגען איז נישט געווען דאָס קיקל אין פוילן. שׂכירות האָט ער אַלס חזן געקראָגן אַ גרעסערע ווי אין קיקל, און אַפילו מער ווי אין די בראָנקס, אָבער מיין פאָטער האָט ביי זיינע אייגענע לאַנדסלייט נישט געקאָנט צוזען דאָס, צו וואָס ער איז שוין געוווינט געוואָרן ביי אַנדערע — ווי זייער פרומקייט איז אויסגעוועפּט געוואָרן; ווי עס קומען אַריין פרעמדע „אשר לא ידעו את יוסף"; ווי מען מאַכט בכלל אַ תּל פון די אַלטע גוטע יידישע מנהגים. און ער האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן שיקאַגאָ און זיינע קיקלער לאַנדסלייט.

מיר האָבן זיך צוריקגעקערט קיין ניו־יאָרק, אין 1911, און ווידער האָבן מיר געוווינט אין די בראָנקס. איך בין אַריין אין דער מאָריס האַי־סקול. אויב עס איז דאָ אַ צייט אין מיין לעבן, אויף וועלכער איך קאָן אָנווייזן מיט זיכערקייט, אַז „דאָס איז געווען דער אָנהויב פון מיין רויִנע", איז עס ווען איך האָב געלערנט אין דער מאָריס האַי־סקול. ווייל דאָרט האָט מיך אַ ביס געטאָן דער שגעון פון ציוניזם. אָבער דאָס אַליין וואָלט נאָך נישט געווען אַזוי שלעכט. יונגע מענטשן ווערן פאַרכאַפּט פון אַלערליי מאָדערנע משוגעתן. אָבער איך האָב אין דער זעלבער צייט זיך איינגערעדט, אַז איך בין אויך אַן אויפגייענדיקער ליטעראַרישער זשעני. און די צוויי צוזאַמען זענען אַ געפערלעכע קאָמבינאַציע, וואָס קאָן טאַקע רויִנירן אַ בחור.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און איך האָב איינגעזען, אַז איך בין באמת „אַריין אין אַ נעץ". איך האָב נישט געקאָנט דעמאָלט וויסן, אַז ציוניזם וועט טאַקע ווערן מיין גאַנצע פאַראינטערעסירונג, מיין באַרוף, מיין גורל, מיין ליידנשאַפט, מיין מאָנאָמאַניע אויף מיין גאַנץ לעבן. אין דער צווישנצייט האָב איך געהאַט נאָך אַ פּאָר אַוואַנטורעס אין דער ביזנעס־וועלט, און איך בין אַפילו געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער משורר.

ווי אַלע פּעיִקע אימיגראַנטן־ייִנגלעך האָב איך נאָכן צוריקקומען פֿון דער שול, זיך געוואָרפֿן אין די פֿרייע נאָכמיטאָג־שעהען פֿון איין „דזשאָב" צום צווייטן. אַזוי, צום ביישפּיל, האָב איך גערייניקט פֿיש אין אַ געוועלב אַנטקעגנאיבער אונדזער היים אויף ברוק־עוועניו. איך האָב מיט אַלע מײַנע כּוחות גערייניקט די פֿיש, אָבער ווי עס ווײַזט אויס — נישט מיט דעם נייטיקן טאַלאַנט, ווײַל מען האָט מיך באַלד אָפּגעזאָגט פֿון דער שטעלע. אויף דער אַלגעמיינער פֿאָדערונג פֿון די באַלעבאָסטעס פֿון ברוק־עוועניו, וועלכע האָבן זיך באַקלאָגט, אַז זייערע געפֿילטע פֿיש זענען ביטער ווי גאַל. בין איך אַוועק צו אַן אַנדער מסחר, פֿון שאַרפֿע משקאות. און דאָ בין איך פֿון דאָס ניי „אַנטדעקט" געוואָרן אַלס זינגער.

דערמיט איז פֿאַרבונדן אַ גאַנצע מעשׂה. אין דעם מסחר מיט די שאַרפֿע משקאות האָב איך נישט פֿאַרנומען אַזאַ הויכע פּאָזיציע. איך בין געווען אַ שיק־ייִנגל, וואָס האָט אָפּגעליפֿערט די פֿלעשער געטראַנקען אין דעם ראַיאָן, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פֿאַר מיר. און דאָס איז געווען אין האַרלעם. איך האָב געהאַט אַ וועלאָסיפּעד מיט אַ צוגעטשעפּעטן קויבער, אין וועלכן איך האָב אַרײַנגעפּאַקט די פֿלעשער ביר און ווײַן, וואָס איך האָב געדאַרפֿט אָפּליפֿערן. לענאָקס־עוועניו און 114טע סטריט זענען אין יענע צײַטן געווען די פֿעסטונג פֿון העכערן ייִדישן מיטלקלאַס. די הויכע וווינהײַזער דאָרט האָבן פֿאַרגעשטעלט מיט זיך די העכסטע אַמביציע פֿון אונדזער אימיגראַנטן־וועלט.

מײַן טעכניק אין אָפּליפֿערן די געטראַנקען איז געווען אַ פּשוטע: איך פֿלעג איבערלאָזן מײַן וועלאָסיפּעד אין דרויסן, האָב אַרויסגענומען די פֿלעשער, וואָס איך האָב געדאַרפֿט ליפֿערן, אָנגעקלונגען אין דער וווינונג פֿון דעם קונה, אָדער האָב אַלאַרמירט מיט דער קליאַמקע פֿון דער טיר. ווען איך האָב געהערט אַן ענטפֿער, האָב איך אַוועקגעשטעלט די פֿולע פֿלעשער ביי דער טיר און האָב גע־וואַרט אויף די ליידיקע.

אין טאָג האָב איך דערהערט אַ הייזעריקע שטים פֿון דער הויך. דער מאַן, וואָס האָט מיר געענטפֿערט, איז געווען פֿאַרנומען און איך האָב געדאַרפֿט וואַרטן, ביז איך וועל קאָנען אָפּליפֿערן מײַן סחורה. איך האָב נישט געהאַט עפּעס בעסערס צו טאָן ווי צו צעלאָזן זיך מיט אַ לידל פֿון די, וואָס איך האָב ליב געהאַט צו זינגען. פֿון מײַן רײַכן רעפּערטואַר האָב איך אויסגעקליבן ביאַליקס פּאָפּולער ליד: „אונטער די גרינינקע ביימעלעך". דער געהיימנישפֿולער מאַן פֿון אויבן האָט מיך געלאָזט אויסזינגען דאָס ליד ביז צום סוף, און דאַן האָט ער אַרונטערגעשריגן צו מיר: „ייִנגעלע, קום אַרויף!"

מיט דער קליינער הענגווינדע, וואָס איז געווען אין דעם הויז, האָב איך אַרויפֿגעשיקט די פֿלעשער ליקער און אַליין האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט צו דעם אַרײַנגאַנג אין הויז אויף דער 110טער גאַס און 7טער עוועניו, וואָס איז דאַן געווען איינס פֿון די עלעגאַנטסטע הײַזער אין האַרלעם, אַנטקעגנאיבער סענטראַל־פּאַרק.

דער מאַן, וועלכער האָט מיך אַרויפֿגערופֿן צו זיך אין דעם עלעגאַנטן הויז אין האַרלעם איז געווען — ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן — פֿלעיטאָן ברונאָף, דער קאָמפּאָזיטאָר פֿון דער מעלאָדיע צו ביאַליקס „אונטער די גרינינקע ביימע־לעך", וואָס איך האָב נאָר וואָס געזונגען. מיט די שענסטע ווערטער האָט ער מיר

אויסגעדריקט זיין באַוווּנדערונג פאַר מיין מוזיקאַלישן טאַלאַנט, און איך האָב זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס ער האָט מיר געזאָגט, מיט דער גרעסטער הנאה. איך בין געווען טיף איבערצייגט אין זיין טאַלאַנט און קריטיק. איצט, ווען איך בין שוין אַ ביסל עלטער, און איך האָב מער דערפאַרונג אין קענען די מענטשלעכע נאַטור, בין איך גענויגט צו מיינען, אַז זיין באַוווּנדערונג פאַר מיין זינגען האָט געהאַט מער צו טאָן מיט דעם צופעליקן אויסוואַל פון דער מעלאָדיע, וואָס איך האָב געזונגען, ווי מיט דעם קאָנצערט, וועלכן איך האָב געגעבן אונטן ביים אַריינגאַנג אין הויז. איך האָב אין די שפּעטערדיקע יאָרן גוט געקענט פלעיטאָן ברונאָפן. ער איז געווען אַ הויכער מאַן מיט ברייטע פּלייצעס און לאַנגע צעפּלאָשעטע האָר. אַ גאַנץ יאָר האָט ער געטראָגן אַן אָפּערע־הוט. ער איז געווען אַ רוסישער ייד, גערעדט אַ צעבראָכענעם ייִדיש, און ער האָט פאַרמאָגט אַ ריזיקע טיפע באַס־שטימע.

ער האָט מיך געפרעגט, וואָס איך טו, און וואָס מיין פאָטער טוט. דאַן האָט ער מיך געבעטן צו זינגען פאַר אים נאָך אַ מאָל „אונטער די גרינינקע ביימעלעך”. איך בין געווען אין זיבעטן הימל. ער האָט זיך אויפגעפירט אַזוי, ווי ער וואָלט אַנטדעקט אַ צווייטן קאַרוזאָ. ער האָט אַראַנזשירט פאַר מיר, אַז דער גרויסער יאָסעלע ראָזענבלאַט זאָל מיך פאַרהערן. און איך בין אַוועקגעגאַנגען פון דעם מאַן אין דעם עלעגאַנטן הויז אין האַרלעם, ווי שוועבנדיק אין דער לופטן מיט די שענסטע האָפענונגען.

ערשט ווען איך בין אַראָפּ צום אַרויסגאַנג פון הויז, האָב איך זיך דערמאָנט אין מיין וועלאָסיפּעד מיט דעם אוצר, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט אין דעם קויבער און — והילד איננו, נישטאָ קיין וועלאָסיפּעד, נישטאָ דער קויבער מיט די פלעשער. ליידיקע און פולע פלעשער. אויך מיין פרנסה האָב איך פאַרלוירן. איך האָב נישט געקאָנט דערוואַרטן, אַז מיין באַלעבאָס זאָל זיין גליקלעך פון דעם געשעעניש. ער האָט פאַרמאָגט אַ רייכן אויסוואַל פון די פאַרשידנסטע קללות, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין פאַרשטענדעניש פאַר די העכערע ענינים פון לעבן.

אויף ברונאָפס רעקאָמענדאַציע האָט יאָסעלע ראָזענבלאַט מיך געשיקט צו דעם דיריגענט פון זיין כאָר, וועלכער האָט מיך געדונגען פאַר די ימים נוראים. די שול אויף דער 100סטער גאַס און פינפטער עוועניו, ווו דער אומפאַרגלייכלעכער יאָסעלע ראָזענבלאַט איז געווען חזן, איז פאַר די יידן אין ניו־יאָרק געווען דאָס, וואָס די מעטראָפּאָליטען־אָפּערע איז געווען און איז ווייטער פאַר דעם אַנדערן טייל פון דער באַפעלקערונג. איך האָב באַקומען פאַר מיין שׂכירות די ריזיקע „מאַטניע” פון גאַנצע הונדערט דאָלאַר. איך האָב איצט אַ שטאַרקן פאַרדאַכט, אַז ברונאָף האָט דעם גרעסטן טייל פון דער סומע געדעקט פון זיין אייגענער קעשענע. אָבער דער דאָזיקער ברילִיאַנטענער עפּיזאָד איז אויך געווען דער סוף פון מיינע מוזי־קאַלישע אַמביציעס. מיין שטים האָט זיך אָנגעהויבן ענדערן. און דער אמת איז, אַז אויך מיין אינטערעס צו מאַכן אַ מוזיקאַלישע קאַריערע איז געווען אַ שוואַכער און אַ זייטיקער.

אין מיין לעצט יאָר אין האַי־סקול האָב איך געהאַט אַ שטעלע פון אַ קאָנטראָ־לער פון פעלצוואַרג. דאָס איז — אָדער איז געווען — אַ הויך־ספּעציאַליזירטע און

אינטערעסאַנטע פּראָפּעסיע. איר בלאָזט אַריין אין אַ פעל און דאָרט ווו איר דער־זעט אַ לאָך, פאַרשטאָפּט איר עס מיט אַ שטיקל פּאַפּיר. איך בין באַלד געוואָרן אַ ספּעציאַליסט. מיין אַרבעט איז אויך געווען איינצופּאַקן די סחורה און איך האָב אויך אַרויסגעהאָלפן מיין באַלעבאָס אין דער בוכהאַלטעריע. אַ חוץ דעם בין איך אויך געווען זיין פּריוואַטער בעל־יועץ און מבין אויף חזנים און חזנות. ער איז געווען דער פּרעזידענט פון אַ שול אויף העגרי סטריט. און ער האָט אַזוי שטאַרק געהאַלטן פון מיין מבינות אויף חזנות, אַז ער האָט קיין מאָל נישט געדונגען קיין חזן אָן מיין צושטימונג, אָדער לכל הפחות אָן אויסהערן מיין מיינונג.

איך האָב באַקומען אַזאַ גוטן נאָמען ביי מיין באַלעבאָס, אַז מיין משפּחה האָט שוין געזען אין מיר אַליין אַ קומענדיקן דערפאָלגרייכן און נגידישן פעלץ־סוחר. אַ גוטע שטעלע האָט געוואַרט אויף מיר, ווי נאָר איך האָב געענדיקט האַי־סקול. מיין שכירות, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אומגלויבלעך — אַכצן דאָלאַר אַ וואָך! — וואָלט נאָך אַ סך געהעכערט געוואָרן. אָבער דאָס איז נישט געשען. איך האָב געהאַט אַ שוואַכן אינטערעס אין מוזיק אַלס פּראָפעסיע, און נאָך ווייני־קער — אין פעלצוואַרג. ציוניזם און מיין וואַקסנדיקער ראָמאַן מיט דער ענגלישער שפּראַך זענען געווען צו־שטאַרקע קאָנקורענטן.

איך האָב אויך ווערכנטלעכע אויסצאָלונגען צו צען סענט געקויפט דאָס ווער־טערבוך פון פאַנק און וואַגנאַל אין צוויי בענדער. איך בין אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם ווערטערבוך, אַז איך בין געזעסן איבער אים גאַנצע נעכט און איינגע־חזרט די ענגלישע ווערטער, אַזוי ווי אַ ישיבה־בחור זיצט איבער דער גמרא און הערט נישט אויף צו לערנען. איך מיין, אַז דער דאָזיקער שטייגער לערנען האָט טאַקע אַרויפגעלייגט דעם חותם אויך אויף מיין גאַנץ לעבן. און דאָס איז אייגנט־לעך געווען אַן אַלטע טראַדיציע, וואָס איז אַריבערגעגאַנגען פון דור צו דור. אַזוי האָבן זיך געפירט מיין פאָטער און מיין פאָטערס פאָטער, ווען זיי זענען געזעסן גאַנצע נעכט אַריבערגעבויגן איבער דער גמרא און כסדר געלערנט, ווי חיים נחמן ביאַליק האָט עס באַזונגען אין „דער מתמיד”:

דאַן, הערט זיך אַ טרויעריק קול פון דער ווייטנס,
און ס׳זעען אַ שיין פון אַ ליכט דיינע אויגן
דאָרט ווייט דורך אַ פענצטער — אים רייסט דורך אַ שאָטן,
וואָס וויגט הין־און־הער זיך מיט האַלבשיין באַצויגן;
און ס׳טראָגט זיך אַ ניגון, אַ וויינענדיק ניגון,
וואָס נעמט אָן ביים האַרצן אין שטילקייט פון נאַכט:
דאָס זעסטו אַ מתמיד, וואָס האָט זיך אין תּפיסה,
האָט גוטוויליק זיך אין אַ תּפיסה פאַרמאַכט.

בכדי צו דערקלערן, פון וואַנען עס איז געקומען מיין ליידנשאַפט צום ציוניזם, וואָס האָט מיך באַהערשט אין יענע טעג, דאַרף איך טאָן נישט מער ווי אַריינבליקן אין מיין אייגענער היים און באַטראַכטן דעם גייסט, וואָס האָט דאָרט געהערשט.

אין דער צייט ווען איך בין געווען אַ יינגל, האָט אין אַלע יידישע היימען, ווו מען האָט זיך אַ ביסל געקענט אויף די קליינע אותיותלעך, געקאָכט מיט פאַרשי־

דענע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען. מיר ווייזט זיך אויס, אַז אין אונדזער היים, וואָס איז געווען באַהערשט דורך מיין פאָטער און מיין שטיפמאַמע לאָדזשאַ, האָט מען זיך באַזונדערס אָפּגעגעבן מיט אָט די ענינים. מיין פאָטער האָט נישט געהערט צו קיין שום ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אַפילו נישט צו מזרחי, אָבער ער איז געווען אַ טיפער און איבערצייגטער ציוניסט. מען האָט מיר דערציילט — איך אַליין האָב עס נישט געזען, הגם איך בין שוין דעמאָלט געווען אַ צען־יאָריקער בחור — אַז ווען די נייעס וועגן ד"ר הערצלס טויט איז דערגאַנגען צו מיין פאָטער, איז ער געזעסן שבעה נאָך אים. דאָס האָט געקאָנט זיין אין דעם יאָר ווען מיין פאָטער איז געקומען קיין אַמעריקע.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט זיך מיין שטיפמאַמע לאָדזשאַ אַריינגע־וואָרפן אין פאַרשידענע סתירותדיקע באַוועגונגען. איר באַגייסטערונג פאַר ציוניזם האָט איר נישט געשטערט צו גלויבן, אַז אָט־אָט וועט קומען די וועלט־רעוואָלוציע. זי איז געווען אַ לאָיאַלע סאָציאַליסטישע ציוניסטקע און האָט אין דער זעלבער צייט פאַרעפנטלעכט לידער אין דער „מאָרגן־פרייהייט" אין ניו־יאָרק.

מיין ברודער ליאָ איז פאַרבליבן אַ ראַדיקאַל, אַפילו ווען ער האָט געמאַכט אַ דערפאָלגרייכע ביזנעס־קאַריערע. מיין יינגערער ברודער, עמנואל, איז געווען דער אָנפירער פון דער „יאַנג פּיפּלס סאָשעליסט ליג" (סאָציאַליסטישע יוגנט־באַוועגונג) אין די בראָנקס, ווען די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט געבליט. מיין צווילינג־שוועסטער, חיה־העלען, איז געווען אַן אומקאָמפּראָמיסלעכע ציוניסטקע.

אונדזער היים איז יאָרן־לאַנג געווען ווי אַ פּיר־און־צוואַנציק־שעהדיקער דיסקוסיע־קלוב. דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַפילו נאָך דעם ווי איך האָב געענדיקט האַי־סקול. מאָריס סעמיועל, דער באַוווסטער שריפטשטעלער, מיין נאָענטער פריינד אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט געגעבן אַזאַ בילד פון אונדזער היים אין די בראָנקס מיט אַ יאָר פופציק צוריק: „די ווייסגאַל־משפחה איז געווען אַ פאַס־צינירנדיקע דערשיינונג. זי איז געווען מער שטעטל, ווי משפחה. דער באַזוכער אין דער שטוב האָט געמוזט נתפּעל ווערן פון דער שטאַרקער לעבהאַפטיקייט פון יעדן איינעם פון דער משפחה; פון דעם טומל, פון דער איבערגעגעבנקייט צו אידייען, פון די אומאויפהערלעכע דעבאַטעס. די ווייסגאַלס זענען געווען אַ גאַנצער שבט, אין וועלכן יעדע פּערזענלעכקייט האָט זיך שטאַרק און בולט אַרויסגעזען. און עס האָבן דאָרט נישט געפעלט קיין פּערזענלעכקייטן. אַלץ אין דער ווייסגאַל־היים איז געווען דורכגעדרונגען מיט דעם הויכן קולטור־שטייגער פון דער יידישער טראַ־דיציע".

איך האָב נאָך געלערנט אין האַי־סקול, ווען איך בין געוואָרן אַ מיטגליד פון אַ יחוסדיקער יידיש־ און העברעיִש־רעדנדיקער ציוניסטישער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך גערופן „השחר". מען דאַרף אַריבערגיין אין דער פאַנטאַזיע צו אַ וועלט, וואָס איז פאַרשווונדן, בכדי צו באַגרייפן ווי שטאַרק משוגע אַזאַ גרופּע האָט גע־קאָנט אויסזען פאַר דרויסנדיקע מענטשן — אַ גרופּע יונגע יידן, וועלכע האָבן זיך געשפּילט מיט דער אידייע פון אַ יידיש הײמלאַנד אין ארץ־ישׂראל. זיי האָבן עס געמיינט ערנסט, גלויבנדיק באמת אין דער מעגלעכקייט פון צוריק אויפריכטן דאָס יידישע הײמלאַנד אין ארץ־ישׂראל. דאָס מיינט טאַקע, אַז אָט די יונגע יידישע

בחורים און מיידלעך זענען אויף אַן אמת געווען משוגע. מיר האָבן דעמאָלט גאָר־נישט פאַרמאָגט אין ארץ־ישׂראל. אַ סך ווייניקער פון אַ הונדערט יידישע דאָרפישע ישובים און אַ קליין שטעטל, וואָס האָט זיך גערופן תל־אביב, אויף צפון פון יפו.

מיינער אַ חבר אין מאָריס האַי־סקול אין די בראָנקס, שמעון האַלקין, האָט מיך קודם־כּל באַקענט מיט זיין משפחה, און דערנאָך האָט ער מיך אַריינגעפירט אין „השחר״. איך האָב געהאַט דעם גרעסטן נחת. איך בין פאַרכאַפּט און נשתומם געוואָרן פון דער האַלקין־משפחה, וואָס האָט גערעדט העברעיִש! איך האָב קיין מאָל נישט געזען אַ משפחה, ווו העברעיִש זאָל זיין די שפּראַך, אויף וועלכער אַלע רעדן צווישן זיך. אַזעלכע משפּחות זענען אין אַמעריקע אַ זעלטנהייט אַפילו היינט, אָבער אין יענע יאָרן איז עס געווען ממש אַ וווּנדער. אַפילו מיט אונדזער גאַנצער אמונה אין ציוניזם און אין אונדזער צעהיצטער פאַנטאַזיע, האָט קיינער נישט געקאָנט גלויבן, אַז שמעון וועט אין איינעם אַ טאָג זיין אַ פּראָפעסאָר פון פּאָעזיע אין העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ישׂראל, אַ גרויסער און באַרימטער העברעיִ־שער פּאָעט. — יאָ, עס זענען געווען גרויסע העברעיִשע דיכטער אין דער לאַנגער געשיכטע פון דער צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט פון יידישן פאָלק — אָבער נישט קיין פּראָפעסאָרן אין העברעיִשע אוניווערסיטעטן.

אַן אַנדערער מיטגליד פון דעם אומגעווייגלעכן ציוניסטישן „השחר״־פאַר־איין אין די בראָנקס האָט געמאַכט אַ נאָך מער מערקווירדיקע קאַריערע. ער איז עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל קורץ נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע. ער האָט געענדערט זיין נאָמען פון זוסמאַנאָוויטש אויף יקותיאלי און איז פון אַלץ און אַלעם, געוואָרן אַן אינספּעקטאָר אין צאָלאַמט. פון אַ העברעיִשן פּאָעט און פּראָפעסאָר פון פּאָעזיע צו אַ צאָל־אינספּעקטאָר איז אַ ווייטער מהלך. אָבער איך מוז זיך מודה זיין, אַז ווען איך בין ביי איינעם פון מיינע באַזוכן אין ארץ־ישׂראל אַריינגעפאַלן אין יקותיאלי׳ס הענט, ער זאָל רעווידירן מיין באַגאַזש, בין איך דערפון געוואָרן אַ סך מער גערירט, ווי איך וואָלט באַגעגנט אַ פּרינץ פון דער ליטעראַטור. מיר האָבן געקוקט איינער אויפן אַנדערן מיט משונהדיקע בליקן, ווי צוויי לונאַטיקער, און דערנאָך האָבן מיר ביידע אויסגעבראָכן אין אַ ווילד געלעכטער.

יקותיאלי איז שפּעטער געוואָרן אַ זייער אָנגעזעענער בירגער אין חיפה. נישט לאַנג צוריק איז ער געשטאָרבן.

איך קער זיך צוריק צו דער צייט, ווען איך בין געווען אַ מיטגליד פון ציו־ניסטישן יוגנט־פאַראיין „השחר״ אין די בראָנקס און צו די וועגן אין מיין דעמאָל־טיקן לעבן, וואָס איך האָב נישט געקאָנט פאָרויסזען, וווּהין זיי וועלן מיך פירן — הגם דאָס איז געווען, ווי איך מיין, אומפאַרמיידלעך. איך מיין די וועגן, וועלכע האָבן מיך אַריינגעפירט אין דער וועלט פון ציוניזם.

קורץ פאַר מיין גראַדויִרן פון מאָריס האַי־סקול אין די בראָנקס, האָבן מיר גע־לערנט אין קלאַס שעקספּירס „דער סוחר פון ווענעדיק״. איך בין געזעסן אין קלאַס אין דער ערשטער ריי, און באַלד הינטער מיר איז געזעסן אַ חברה־מאַן, וועלכער האָט אַ בורטשע געטאָן „דזשו באַסטאַרד״ („ייד ממזר״), יעדעס מאָל ווען שיילאָקס נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען עטלעכע מאָל און איך בין

געוואָרן וואָס אַ מאָל מער בייז און אויפגעבראַכט. סוף־כּל־סוף בין איך אַוועקגעגאַנגען צום לערער און האָב אים געזאָגט, אַז דער מיאוסער שייגעץ, וועלכער זיצט הינטער מיר, פאַרשטייט אַבסאָלוט נישט שעקספּירן. מיט אַ שטאַרקן איינזען פאַר מיר, האָט דער לערער פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל אָנשרייבן מיינע געדאַנקען אויף דער טעמע. איך בין באַגייסטערט געוואָרן פון דער אידייע און האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט, וואָס האָט זיך פאַרצויגן לכל הפּחות אַ חודש צייט.

איך האָב גענומען אַ סך לייענען וועגן שעקספּירס „סוחר פון װענעדיק״, און איך געדענק, אַז איך האָב באַזונדערס געשעפּט פון די ביכער פון געאָרג בראַנדעסן פאַר מיין אַרבעט. איך האָב געשריבן און איבערגעשריבן ביז מיינע פינגער זענען געוואָרן שטייף. ווען איך האָב זיך איבערצייגט, אַז איך קאָן שוין נישט מאַכן מער קיין אויסבעסערונגען, האָב איך געטאָן עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז געווען גאַנץ אומגעוויינלעך אין יענע צייטן. איך האָב געלאָזט איבערשרייבן מיין מאַנוסקריפּט אויף אַ מאַשין. איך האָב איבערגעגעבן מיין חיבור דעם לערער אין קלאַס און ער האָט אויף דער גיך איבערגעלייענט. דערנאָך האָט ער, צו מיין גרויסער צערודערונג און שטאַרקן פאַרגעניגן אַ זאָג געטאָן: „ווייסגאַל, לייען דאָס איבער פאַר אָט די טפּשים!״

און צום קלאַס האָט מיין לערער געזאָגט: „געדענקט, איר חמורים, ווייסגאַלס אַקצענט געפינט זיך נישט דאָ, אויפן פּאַפּיר״.

דאָס איז נאָך נישט געווען אַלץ. מיין לערער האָט מיך געשיקט צו דעם דירעקטאָר פון דער שולע, ניומאַן, אַגב נישט קיין ייד. דער דירעקטאָר האָט איבערגעלייענט מיין שריפטלעכע אַרבעט און האָט דערנאָך זיך געבעטן, איך זאָל מיין חיבור לייענען אויף אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע שילער פון אונדזער האַי־סקול. דערנאָך איז מיין שריפט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם זשורנאַל פון דער שולע, און איך האָב באַקומען דערפאַר דעם יערלעכן ליטעראַרישן פּרייז.

דאָס איז געווען דער שיילאָק־עפּיזאָד אין מיין קאַריערע אין דער שולע. אויף אַ קורצער צייט בין איך אַ דאַנק דעם געוואָרן אַ באַרימטקייט צווישן די בראָנקסער ציוניסטן. איך בין באַטראַכט געוואָרן פאַר דעם פאַרשטייער פון דער אַנגלאָ־זאַקסישער קולטור אין אונדזער ציוניסטישן פאַראיין „השחר״. איך בין פאַרבעטן געוואָרן צו האַלטן אַ לעקציע. נאָך אַ גרויסער און זייער אַרבעטסזאַמער צוגרייטונג האָב איך געהאַלטן דעם רעפעראַט מיט אַ גאַר היפּשן דערפאָלג. מיין פאָטער און מיין שטיפמאַמע לאַדזשאַ זענען געווען ביי מיין לעקציע און האָבן געשיינט פון נחת. שפּעטער בין איך אויסגעוויילט געוואָרן ווי דער סעקרעטאַר פון „השחר״.

איך ווייס נישט וויפל מיין פאָטער אָדער מיין שטיפמאַמע לאַדזשאַ האָבן פאַרשטאַנען פון מיין אויסגעצאַצקעטן ענגלישן סטיל. אָבער מיין חבר זוסמאַנאָוויטש — דער שפּעטערדיקער יקותיאלי אין ארץ־ישׂראל — וועמענס עם־הארצות אין שעקספּירן האָט געקאָנט פאַרגליכן ווערן בלויז מיט זיין אומקענטעניש פון דער ענגלישער שפּראַך, האָט פּראָקלאַמירט מיין חיבור וועגן שיילאָקן אַלס אַ ליטעראַריש מייסטערווערק. איך בין זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען זייער צופרידן פון דער מיינונג פון אַזאַ באַגייסטערטן קריטיקער.

— דו מוזסט ברענגען דעם דאָזיקן עסיי — און געדענק צו רופן עס עסיי! צו מר. ליפּסקין, און ער וועט דאָס זיכער פאַרעפנטלעכן אין „מאַקאַביען" — האָט זוסמאַנאָוויטש מיר געזאָגט.

„מאַקאַביען" איז געווען די צייטשריפט פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער באַוועגונג און לואי ליפּסקי איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל.

מיין "עסיי" האָט קיין מאָל נישט דערזען די ליכטיקע שיין אָבער איך האָב יאָ דערזען, ווייל איך האָב זיך באַגעגנט צום ערשטן מאָל מיט לואי ליפּסקי.

דאָ מוז איך איבעררייסן אויף אַ ווייל די דערציילונג פון מיין אייגענער געשיכטע און שילדערן עפּעס פון דעם אַלגעמיינעם בילד פון יענער צייט, ווייל אָן דעם וועלן מיינע פּערזענלעכע איבערלעבענישן נישט זיין אין גאַנצן פאַרשטענדלעך. אָבער ווי אַזוי קאָן איך אויפפרישן דאָס אַלגעמיינע בילד און פּרווון עס פאָרשטעלן ווי אַ לעבעדיקע ווירקלעכקייט פאַר די, וועלכע ווייסן וועגן דעם אַזוי ווייניק און האָבן עפּעס וואָס געהערט דערפון, אָבער דערמאָנען זיך עס קוים?

היינט צו טאָג איז שמריהו לעווין פאַר אַ סך ישׂראלים דער נאָמען פון אַ גאַס אין תל־אביב, הינטער דעם „הבימה"־טעאַטער. מאָרגן וועט בראַנדייס זיין בלויז דער נאָמען פון אַן אוניווערסיטעט ביי באָסטאָן. און לואי ליפּסקי — ווי אַזוי וועט מען אים געדענקען נאָך זיין דור?

אין זייער צייט זענען שמריהו לעווין, לואי בראַנדייס און לואי ליפּסקי געווען גרויסע און וויכטיקע פּערזענלעכקייטן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס האָט זיך דאַן געהאַלטן אין אַנטוויקלען. איך, אַ נייער מיטגליד אין דער באַוועגונג, האָב געזען ווי זיי האָבן מיט איר אָנגעפירט, האָבן זי אַרויסגעבראַכט פון אַ ווינקל, אין אָנהויב, אויף דעם אָנגעזעענעם פּלאַץ פון פירערשאַפט אין יידישן לעבן. אין יאָר 1912—1913 איז דער ציוניזם נאָך געווען אין „קינדערשע הייזלעך". ביז לואי ד. בראַנדייס איז דערשינען אויף דער אַרענע, איז די פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן געווען בלויז אַ שוואַכע פאַראייניקונג פון עטלעכע געזעלשאַפטן, אַזוי ווי אונדזער „השחר". אין גרעסטן טייל איז עס געווען אַן עולם, וואָס האָט גערעדט יידיש און האָט געשטאַמט פון מזרח־אייראָפּע. אין 1912 איז די ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע „הדסה", וואָס איז איצט אַ זייער גרויסער כּוח אין אַמעריקאַנער יידישן לעבן, געווען אַ יאָר אַלט און איז באַשטאַנען פון אַ קליין הייפל ענטוזיאַסטישע פרויען, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום הענריעטע סאָלד. דאָס איז געווען דאָס יאָר, ווען נחום סאָקאָלאָוו איז געקומען קיין אַמעריקע און האָט צוזאַמען מיט יעקב דע־האַז געוווּנען לואי ד. בראַנדייסן פאַרן ציוניזם.

בראַנדייס איז דורך אַ סך באַטראַכט געוואָרן ווי דער גרעסטער יוריסט אין אַמעריקע. און ווען ער האָט אָפן אָנגענומען דעם ציוניסטישן פּראָגראַם, איז עס געווען פאַר אונדז ממש „לא יאומן כּי יסופּר". דאָס האָט אונדז געגעבן פּרעסטיזש, אָנזען און אַלגעמיינעם רעספּעקט. אָבער אויב בראַנדייס האָט געהאַט פאַר אונדז די דאָזיקע גרויסע באַדייטונג אין דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער עפנטלעכער מיינונג, האָט שמריהו לעווין געבראַכט דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע אַ באַנייטן מוטיקן גייסט און אַ טיפערן אינהאַלט.

דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעכער ייד, שמריהו לעווין, וועלכער איז געווען סיי אַ פירער פון די אייראָפּעיִשע ציוניסטן און סיי אַ דעפּוטאַט פון דער רוסישער „דומע" (פּאַרלאַמענט), ביז זי איז פונאַנדערגעלאָזן געוואָרן דורכן צאַר אין 1907, איז געקומען קיין אַמעריקע קורץ פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה כּדי צו קריגן הילף פאַר דער טעכנישער הויכשול אין חיפה, וואָס איז דאַן נאָר וואָס געהאַט געגרינדעט געוואָרן און פון וועלכער עס איז אויסגעוואַקסן די איצט באַרימטע פּאָליטעכניק. ווען ער האָט פאַרענדיקט זיין שליחות, האָט זיך שמריהו לעווין אַוועקגעלאָזט צוריק קיין אייראָפּע, צוויי טעג פאַר דער קריגס־דערקלערונג. ער איז געפאָרן אויף דער שיף „קראָנפּרינצעסין צעציליאַ" — די זעלבע „קראָנפּרינצעסין צעציליאַ", אויף וועלכער איך בין געקומען קיין אַמעריקע — אָבער נישט אויף דער דעק, אויף וועלכער איך האָב זיך געוואָלגערט. שמריהו לעווין האָט ערגעץ־ווו געשילדערט ווי אַזוי ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דער ענדערונג אין זיין גורל: עס איז געווען ביים עסן, אין אָוונט. ער איז געזעסן ביים טיש אַריינגעטאָן אין אַ טיפן געשפּרעך. מיט אַ מאָל האָט ער באַמערקט, אַז די לבנה, וואָס האָט נאָר וואָס אַריינגעשיינט דורך דעם פענצטערל פון דער שיף אויף רעכטס, האָט אָנגעהויבן אַריינשיינען דורך דעם פענצטערל אויף לינקס. עס האָט געדויערט עטלעכע מינוט, ביז ער האָט איינגעזען, אַז דאָס איז נישט קיין אָפּטישע אילוזיע. נישט מיטטיילנדיק די פּאַסאַזשירן, האָט דער קאַפּיטאַן געענדערט די ריכטונג, אין וועלכער די שיף איז געשוווּמען, אויף דער פאַרקערטער זייט. די מלחמה איז אויסגעבראָכן. דער קאַפּיטאַן האָט דורך ראַדיאָ באַקומען די אינסטרוק־ציעס צוריקצוקערן זיך קיין ניו־יאָרק. און אַזוי איז עס געשען, אַז שמריהו לעווין איז געבליבן שטעקן אין אַמעריקע די גאַנצע צייט פון דער מלחמה. דער אַמערי־קאַנער ציוניזם האָט דערפון חלילה גאָרנישט פאַרלוירן.

אין יענע צייטן האָט די מערהייט פון די אַמעריקאַנער יידן גערעדט יידיש. די יידישע צייטונגען האָבן געהאַט זייער גרויסע מאַסן לייענער. דער „פאָרווערטס" האָט געהאַט אַ צירקולאַציע פון איבער צוויי הונדערט טויזנט עקזעמפּלאַרן. „דער טאָג" און „דער מאָרגן זשורנאַל" זענען נישט געווען ווייט הינטערשטעליק. דאָס יידישע טעאַטער האָט געבליט. עס איז געווען אַ דינאַמיש יידיש אינטעלעקטועל לעבן. אין דעם דאָזיקן לעבן איז שמריהו לעווין — אָן צווייפל דער גרעסטער יידישער אָראַטאָר אין יענע צייטן — אַריינגעקומען ווי אַ שטורמווינט. ער האָט נישט ליב געהאַט דאָס וואָרט „אָראַטאָר". דער דאָזיקער נאָמען איז איבערגעלאָזן געוואָרן פאַר צבי הירש מאַסליאַנסקי, וועלכער איז געווען אַ באַרימטער רעדנער פון אַ גאַנץ אַנדער מין. שטענדיק, ווען עס האָט זיך באַוויזן אַ מעלדונג, וואָס האָט אַנטהאַלטן בלויז צוויי ווערטער: „מאַסליאַנסקי ידבר" — „מאַסליאַנסקי וועט רעדן" — זענען די גאַסן געווען שוואַרץ מיט יידן.

שמריהו לעווין איז געווען אַ מייסטער אויף רעדן יידיש. ער האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זיינע שאַרפע וויצן. ער האָט אין זיך פאַראייניקט זיין גרינטלעכע יידישע דערציִונג, זיינע גרויסע און טיפע קענטענישן אין תנ"ך און אין תלמוד, מיט זיין ברייטן וויסן אין דער מאָדערנער קולטור. זיינע עפנטלעכע אַרויסטריטן זענען תמיד געווען אויף אַ הויכן אינטעלעקטועלן ניוואָ, דורכגעוואָרפן מיט פּסו־

קים פון תנ״ך און מימראס פון תלמוד און פון מדרש, תמיד געצילט צו די אַקטועלע פּראָבלעמען. ער האָט אין זיינע רעדעס קיין מאָל זיך נישט אָראָפּגעלאָזט צום עולם. און אומעטום, וווהין ער איז געקומען אַרויסטרעטן אויף אַ פֿאַרזאַמלונג, איז ער געווען אַ גרויסע אַטראַקציע. חיים ווייצמאַן, וועלכער איז געווען זייער נאָענט מיט שמריהו לעווין, האָט געשריבן וועגן אים, אַז ער האָט אים תּמיד געקאַנט אַריינברענגען אין כּעס, ווען ער האָט אים אַ פרעג געטאָן כּלומרשט אומשולדיק: „שמריהו, דו האַלסט אַ רעדע היינט אָוונט?״ און שמריהו פלעגט ענטפערן אַן אויפגעבראַכטער: „איך האַלט נישט קיין רעדעס, איך גיב לעקציעס״.

וועגן שמריהו לעווינען דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ער האָט דערצויגן אַ גאַנצן דור פון אַמעריקאַנער יידן אין ציוניזם. די קינדער און אייניקלעך פון דעם דור ציִען אויך פון אים זייער יניקה, צי זיי ווייסן וועגן דעם, אָדער נישט.

די טראַנספאָרמאַציע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע איז סימבאָליזירט געוואָרן דורך דער ענדערונג פון דעם אַדרעס. ווען איך האָב נאָך געלערנט אין האַי־סקול, האָט די פעדעראַציע פון אַמעריקאַנער ציוניסטן געהאַט איר ביוראָ אויף העגרי־סטריט, אויף דער איסט־סאַיד. אין 1914 האָט דער לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע — אַזוי איז געווען דער נייער נאָמען — זיך געפונען אויף 44 איסט 23סטע גאַס. די ענדערונג אין דעם נאָמען האָט אויך באַדייט אַ וויכטיקע ענדערונג אין דער סטרוקטור. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע איז געווען אַ נאַציאָנאַלע מיטגלידער־אָרגאַניזאַציע, און איר ענערגיע איז געווען געווענדעט פאַר באַקומען פּאָליטישע שטיצע פאַר דער אַקציע, וועלכע האָט געפירט צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע אין 1917. צו וואָס מיר האָבן דעמאָלט געשטרעבט, איז געווען נישט ווייניקער ווי צו שאַפן אַ פּאָליטישן פּראָטעקטאָראַט איבער ארץ־ישראל, וואָס זאָל ברענגען צו דער באַנייִונג און אַנטוויקלונג פון יידישן היימלאַנד.

אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע איז דעמאָלט געווען אַ צייט פון אייניקייט, האַרמאָניע און פון שטרעבן צו איין־איינציקן ציל. דאָס זענען די גרויסע מעלות און די ווונדערלעכע כאַראַקטעריסטיק, וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג האָט באַלד דערנאָך, און שפּעטער אויך די יידישע מדינה, נישט באַטראַכט — ווייזט אויס — פאַר אַזוי שטאַרק נויטיק. די פירערשאַפט איז דאַן געלעגן אין די הענט פון אַ גרופּע פּראָמינענטע מענטשן: לואי ד. בראַנדייס, סטיפען ס. וויז, דזשוליען מעק, לואי ליפּסקי, יעקב דע־האַז (וועלכער איז שפּעטער געוואָרן בראַנדייסעס וואָרטזאָגער, נאָך דעם ווי דאָס ווערן אַ ריכטער פון העכסטן געריכט האָט פּאָליטיש פאַרמאַכט בראַנדייסן די ליפּן); פעליקס פראַנקפורטער (וועלכער איז באַטראַכט געוואָרן פאַר דער „גרויער עמינענץ״ פון דער באַוועגונג, הגם ער איז נישט געווען אַקטיוו); ריטשאַרד גאָטהייל, פּראָפעסאָר פון סעמיטישער וויסנשאַפט אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט; און הענריעטאַ סאָלד.

צו לואי ליפּסקין בין איך, אין יענעם זומערטאָג פון 1914, געקומען מיט מיין עסיי וועגן שיילאָקן אונטערן אָרעם. ליפּסקי האָט געהאַט דעם אָפיציעלן אַמט פון סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פאַקטיש האָט ער געשפּילט אַן

אומפּאַרגלייכלעך פּיל גרעסערע און באַדייטנדיקערע ראָל. ער איז געווען דער פירער — און אַזעלכער איז ער פאַרבליבן ביז צו זיין טויט — וועלכער האָט צום שטאַרקסטן און צום פּראָמינענטסטן אויסגעדריקט אין ענגליש די אידייע פון אַמעריקאַנער ציוניזם. אַ געבוירענער אין ראָטשעסטער, איז ער געווען אַן אַמע־ריקאַנער, אַזוי ווי בעיזבאָל, אָדער „קאָקאַ־קאָלאַ". ער האָט אַנטוויקלט אַן אויס־נאַם־סטיל אין ענגליש סיי אַלס שרייבער און סיי אַלס רעדנער. נישט געקוקט דערויף האָט עס אים געצויגן נישט צו דעם אַסימילאַטאָרישן עלעמענט אין יידישן לעבן, נאָר צום יידישן טעאַטער און צו דער יידישער ליטעראַטור, צו דער וואַ־רעמקייט און היימישקייט פון דער ניו־יאָרקער יידישער איסט־סאַיד. ער האָט ליב געהאַט יידיש לשון, און דאָך, נאָך אַלע אָנשטרענגונגען וואָס ער האָט געמאַכט זיך אויסצולערנען יידיש, האָט ער קיין מאָל נישט באַהערשט גענוג די שפּראַך, אַז ער זאָל קאָנען רעדן יידיש. שמריהו לעווין מיט זיין וווּנדערלעכן יידיש איז געווען לואי ליפּסקיס העלד.

איך האָב דאַן געקענט לואי ליפּסקין פון דער ווייטנס. ער איז געקומען עטלעכע מאָל האַלטן רעדעס אין אונדזער פּאַראיין „השחר", און איך האָב זיך צוגעהערט צו אים מיט טיפן דרך־ארץ. איך האָב זיך דעמאָלט שטאַרק געוווּנ־דערט: איז פאַראַן נאָך עמעצער, און קודם־כּל אַ ציוניסט, וועלכער זאָל קענען אויסדריקן אַזעלכע שיינע געדאַנקען אויף אַזאַ הערלעכן ענגליש? זיינע רעדעס זענען געווען פול מיט חן, קלאָרקייט, צמצום — אָן יעדן שמץ פון דער צעפלאָסנ־קייט, מיט וועלכער עס האָבן זיך דעמאָלט אויסגעצייכנט די פייערדיקע יידישע אָראַטאָרן אויף דער איסט־סאַיד. מיט דעם אינערלעכן גלי פון זיין גייסט האָט ער אונדז אינספּירירט צו זיין אַקטיוו אין דער באַוועגונג. אויב שמריהו לעווין איז געווען דער דערציִער פון דעם יידיש־רעדנדיקן דור ציוניסטן, האָט לואי ליפּסקי דורכגעפירט די זעלבע אויפגאַבע פאַר דער יינגערער, ענגליש־רעדנדיקער גענע־ראַציע אין זיין צייט.

און אַזוי בין איך — אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק, כּמעט נאָר וואָס אַרויס פון האַי־סקול (מיין אַמעריקאַנער דערציִונג האָט זיך אָנגעהויבן שפּעט), אַ ספּע־ציאַליסט אויף פעלצוואַרג; אַ ציוניסט לויט מיין איבערצייגונג און אָנשטעקונג; אַ קיקעלער פון געבורט און אַ בראָנקסער פון אַדאָפּטירונג, בקיצור, אַ פּראָוויג־ציעלער, אַ „גרינער" — געשטאַנען אין די קאָרידאָרן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און געוואָרט מען זאָל מיך אַריינלאָזן אינעווייניק, אין קודש־הקדשים. מען האָט נישט געקאָנט דעמאָלט נעמען און אַריינגיין גלייך אין דעם ביוראָ פון דעם מענטשן, וועמען מען האָט געוואָלט זען. קודם־כּל האָט מען געדאַרפט זיך אַרומדרייען אַ שעה צייט, וואַרטנדיק און איינזאַפּנדיק אין זיך די אַטמאָספער. האָב איך זיך אַרומגעדרייט, האָב זיך דורכגענומען מיט דער אַטמאָספער און בין פון איר פאַרכאַפּט געוואָרן. איך בין אין גאַנצן באַהערשט געוואָרן פון דער סביבה און האָב זיך דערפילט ווי אַ פאַרלאָרענער.

דאָס ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געווען פול מיט מענטשן, וועלכע האָבן אויסגעזען אַזוי, ווי דער גורל פון דער וועלט וואָלט געווען אָפּהענ־

גיק פון זייערע ווערטער. עס איז געווען אַ גרויסער אויסוואַל פון מיידלעך־סעק־רעטאַרינס, און זיי האָבן אַלע אויסגעזען צו זיין שיינע, לכל הפחות אין מיינע אויגן. די לופט איז געווען געדיכט פון סיגאַרעטן־רויך, און נאָך געדיכטער מיט אידייען און מיינונגען. מיך האָט עס געיאָגט און געטריבן צו ווערן אַ טייל פון אָט דעם אַלעמען. וואָלט מיך עמעצער דאָרט, און דעמאָלט, געפרעגט, צי איך בין גרייט אָוועקצוּוואַרפן מיין שטעלע ביים פעלצוואַרג, ווו איך האָב פאַרדינט אַכצן דאָלאַר אַ וואָך, בכדי צו וואַשן פענצטער און רייניקן פּאָדלאָגעס פאַר די ציוניסטן — אָן דעם, אַז איך זאָל קריגן דערפאַר באַצאָלט — וואָלט איך באַלד און אָן שום וואַקלענישן געענטפערט: „יאָ!"

# 4. אַן אָנפֿאַנגער אין ציוניזם

ווי איך האָב געטראַכט אַזוי האָט עס טאַקע פּאַסירט. אמת, מען האָט נישט פֿאַרלאַנגט פֿון מיר אין ביוראָ פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איך זאָל אַוועק־וואַרפֿן מיין שטעלע ביי פּעלצוואַרג, ווו איך האָב פֿאַרדינט אַכצן דאָלאַר אַ וואָך. אָבער איך בין אַליין, פֿון מיין אייגענעם ווילן און מיט פֿרייד אַוועק פֿון דאָרטן. מ׳האָט אויך נישט געוואָלט, איך זאָל אַרבעטן ביי די ציוניסטן פֿאַר גאָרנישט. ס׳איז בלויז געווען כּמעט ווי פֿאַר גאָרנישט. די סומע פֿון מיין שׂכירות האָט באַ־טראָפֿן געגנוי פֿיר דאָלאַר אַ וואָך. אויך איז מיין אַרבעט נישט באַשטאַנען פֿון פּוצן פֿענצטער און וואַשן פּאָדלאָגעס, אָבער מיינע פֿליכטן, וואָס זענען קיין מאָל נישט געוואָרן קלאָר באַשטימט, זענען אין אָנהויב נישט געווען אַזעלכע וואַזשנע.

וואָס לואי ליפּסקי האָט געזען אין מיר ביים ערשטן מאָל ווי מיר האָבן זיך באַגעגנט און ווען ער האָט מיך פֿאַרהערט, ווייס איך נישט. אָבער דאָס וואָס ער האָט באַלד אַנטדעקט אין מיר, האָט ער אַליין דערציילט און פֿאַרשריבן פֿאַר דער געשיכטע. ער האָט מיך געשילדערט, ווי „אַן אַגרעסיוון, שטורמישן, קאָכעדיקן בחור, וועלכער האָט ליב איינצוטענהן, וואַרפֿט זיך קיין מאָל נישט אונטער קיין שום אויטאָריטעט און האָט נישט קיין דרך־ארץ פֿאַר געזעץ און אָרדענונג״. וויי־טער האָט ער דערציילט, אַז מען האָט מיך אַריינגענומען אין ציוניסטישן אָפּיס אַלס אַ „שוואַרצן אַרבעטער״, וועלכער „איז געווען פֿריי צו געפֿינען זיין אייגענעם גורל אין דעם געמויזעכץ פֿון די ציוניסטישע אַקטיוויטעטן״.

אויב איך האָב געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַן אַגרעסיוון און שטורמישן בחור, האָב איך אַליין וועגן דעם נישט געוווּסט. ס׳קאָן זיין, אַז איך האָב אויסגעזען אַנדערש, ווי איך האָב געפֿילט טיף אינעווייניק אין מיר. אָבער איך בין געווען אַן אָנפֿאַנגער, אַ „פּריץ״, און איך האָב זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג וועגן דעם. איך האָב געוואָלט דינען דעם ציוניסטישן אידעאַל, און די איינציקע באַלוינונג, וואָס איך האָב דערפֿאַר געזוכט, איז געווען צו קאָנען איינאָטעמען די הייסע, פֿאַר־שיכּורנדיקע לופֿט, וואָס האָט אַרויסגעשלאָגן פֿון די טעטיקייטן אין ציוניסטישן ביוראָ. איך מיין, אַז די דאָזיקע ליידנשאַפֿט מיינע, צוזאַמען מיט דער אויסגע־שפּראָכענער יידישקייט, וואָס איז מיר געלעגן אויפֿן פּנים, האָבן באַוויגן ליפּסקין אַריינצונעמען מיך צו אים אין אָפּיס אויף פּראָבע.

וועגן מיין שייַלאָק־עסיי, וואָס האָט געזאָלט זיין דער „כּתב", וואָס האָט מיך געדאַרפט אַריינפירן אין די העכערע פענצטער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָב איך קיין מאָל מער נישט געהערט. ליפסקי האָט גענומען פון מיר דעם מאַנוסקריפט און האָט אים אַריינגעלייגט אין דער „לאַנגער באַנק אַריין", טאַקע פשוטו כּמשמעו.

וועגן דעם איינדרוק, וואָס לואי ליפסקי האָט געמאַכט אויף מיר, מוז איך זאָגן, אַז מיינע ערשטע געפילן פון דאַנקבאַרקייט און פאַרהערלעכונג פאַר אים זענען געווען צו שטאַרק, איך זאָל דאַן האָבן געקאָנט אַריינלאָזן זיך אין פּרטים פון דעם, פאַר וואָס ער געפעלט מיר. בהדרגה, ווען איך האָב אים אָנגעהויבן זען מער קלאָר, און ווען איך האָב אין משך פון דער צייט אים דערקענט נענטער, האָב איך גענומען באַמערקן אין אים די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן זיינע, וועלכע האָבן אים געמאַכט פאַר אַ ווונדערלעכער פערזענלעכקייט. אין אָנהויב האָב איך אים געקענט ווי מיין „באָס". אָבער כּמעט באַלד דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן פילן, אַז עס שאַפן זיך צווישן אונדז באַציִונגען, ווי צווישן אַ טאַטע און אַ זון, מיט אַלע גוט־באַקאַנטע היימישע סימנים: דער טאַטע וואָרנט און מאָנט, און דער זון פאָלגט נישט — און אַזוי ווייטער.

איך האָב באַוווּנדערט לואי ליפסקין און האָב אים פאַרהערלעכט אָן אַ שיעור. הגם איך האָב פון צייט צו צייט זיך אַקעגנגעשטעלט אים און האָב אַפילו געפרווּוט קעמפן קעגן אים, פלעג איך תמיד זיך באַמיִען אים נאָכצומאַכן. גאָר באַזונדערס האָב איך זייער אַ סך זיך אָנגעשטרענגט צו איבערנעמען זיין ליטעראַרישן סטיל. אָבער דאָס האָט זיך מיר לחלוטין נישט איינגעגעבן.

ווען איך האָב שפּעטער געאַרבעט אונטער אים, אָדער ריכטיקער געזאָגט: צוזאַמען מיט אים — מ'האָט קיין מאָל נישט געאַרבעט אונטער ליפסקין — אין די צייטשריפטן „מאַקאַביען" און „ניו פּאַלעסטיין", האָט ער מיך כּסדר געוואָרנט קעגן באַנוצן צו פיל „אייגנשאַפטווערטער" ביים כאַראַקטעריזירן עמעצן. „זייט שפּאָרזאַם מיט אייערע אייגנשאַפטווערטער" — פלעגט ער מיר זאָגן, בעת ער האָט אַ שליידער געטאָן אָן רחמנות איינע פון מיינע אָנגעשריבענע זאַכן, ביי וועלכע איך האָב געשפּיגן מיט בלוט ביי יעדער שורה. „איר זענט אַ גוטער רעדאַקטאָר, אָבער אַ לויזיקער שרייבער". און דאָס איז געווען אמת. איך האָב זיך געטרייסט מיט דעם, אַז עס איז געווען אַ שטאַרקער יסוד אין זיינע רייד. מען דאַרף זיין אַ לויזיקער שרייבער, בכדי צו זיין אַ גוטער רעדאַקטאָר.

אָבער — און דאָס איז געווען די גרויסע מעלה ליפּסקיס — אויך מיט זיינע אייגענע שאַפונגען איז ער געווען אַזוי אומברחמנותדיק, ווי מיט מיינע. ווען ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ לייטאַרטיקל זיינעם אויף מיין טיש, פלעגט ער מיר זאָגן: „טוט מיט דעם, וואָס איר ווילט". שפּעטער פלעגט ער געלאַסן קאָמענטירן: „איך מיין, אַז איר האָט עס געמאַכט בעסער". קיין מאָל איז ער נישט אין כּעס געוואָרן, אָדער אַרויסגעקומען מיט טענות קעגן דעם, וואָס עס איז דורכגעלאָזן געוואָרן איינע פון זיינע פראַזעס, וואָס ער האָט געקאָנט האַלטן פאַר וויכטיק. וואָס פאַר אַ גרויסער אונטערשייד אין אופן, ווי עס פלעגט האַנדלען נישט איין ציוניסטישער פירער, וואָס אַליין האָט ער נישט אָנגעשריבן קיין איינציק וואָרט, אָבער פלעגט

צאַפּן פֿון מיר דאָס בלוט פֿאַר יעדן זאַך, וואָס איך האָב אָנגעשריבן פֿאַר אים און וואָס איז אים נישט געפֿעלן געוואָרן.

אַלס סעקרעטאַר פֿון דער אָרגאַניזאַציע — אַ שליסל־פּאָזיציע אין יעדער באַוועגונג — איז ליפּסקי געשטאַנען אין דער ערשטער ריי פֿון די פֿירער פֿון ציוניזם. אָבער עס איז געווען אַן אויסטערלישע סתּירה צווישן זיין ראָל און זיין כאַראַקטער. צו זיין אַ פֿירער קאָן טאַקע זיין אַ ווונדערלעכע זאַך. אָבער עס איז תּמיד פֿאַראַן דער קאָנפֿליקט צווישן טאָן דאָס, וואָס מען מיינט, אַז עס איז גוט, און באַגיין שריט, וועלכע מען מוז מאַכן. אָט דער דאָזיקער „מוז" קאָן אַ מאָל אָנגערופֿן ווערן מיט דעם שענערן נאָמען „נויטווענדיקייט". און דער קאָנפֿליקט ווערט נאָך שאַרפֿער פֿון דעם געפֿיל פֿון גאווה, וואָס קומט פֿון דעם, וואָס מען וויל תּמיד אויסזען צו זיין גערעכט. ליפּסקי האָט נישט געהאַט קיין איינע פֿון די שוואַכקייטן. ער האָט שטענדיק געטראַכט און געזאָרגט נאָר וועגן דעם, וואָס עס איז גוט פֿאַר דער באַוועגונג. ער האָט קיין מאָל בכּוונה נישט געזוכט קיין פּאָזיציע פֿון מאַכט. מיט אַ נאָבעלן בליק האָט ער געקוקט פֿון אויבן אַראָפּ אויף יעדער פּאָמפּע און פֿוסטן רעש פֿון וועלן זיין אַ פֿירער. אַן שום אָנשטרענגונג פֿון זיין זייט האָט ער באַוויזן טויזנטער מענטשן, זיי זאָלן אים באַוווּנדערן און אים באַ־טראַכטן אין משך פֿון צענדליקער יאָרן, אַלס דעם פֿירער פֿון אַמעריקאַנער ציוניזם.

אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז לואי ליפּסקי געווען באַקאַנט ווי דער מייסטער־פּאַרלאַמענטאַריער. ער איז געווען אַ קינסטלער ביים פֿירן דעם פּאָרזיץ אויף ציוניסטישע קאָנפֿערענצן. מען האָט באמת געדאַרפֿט זיין אַ גאון אין פּאַרלאַמענטאַריזם צו קאָנען איינהאַלטן די אָרדענונג אויף די דאָזיקע יערלעכע טאַראַראַמען. ער איז געווען קאַלטבלוטיק, ווען עס האָבן זיך צעהיצט די ליידנ־שאַפֿטן; ער האָט געהאַלטן קאָפּ אין מיטן פֿון די גרעסטע טומלענישן און פֿאַר־דרייענישן. תּמיד איז ער געקומען מיט דעם ריכטיקן וואָרט. צו אַ באַקאַנטן נוד־ניק, וועלכער האָט אַ מאָל אַפּעלירט צו אים, ווי צום פּאָרזיצער, ער זאָל קריגן פֿאַר אים די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דעם עולם, האָט לואי ליפּסקי זיך אויסגע־דריקט: „מיין טייערער פֿריינד, אויב איר אַליין קאָנט נישט אַרויסרופֿן קיין אינ־טערעס ביים עולם, וועל איך דאָס נישט קאָנען טאָן פֿאַר אייך". צו אַ צווייטן לאַנגווייליקן רעדנער, וועלכער האָט גענומען דערקלערן, ווי חכמהדיק ער האָט אויסגעבעסערט איינעם פֿון זיינע טעותן, האָט ליפּסקי געזאָגט: „מיסטער, די געשיקטקייט, מיט וועלכער איר האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿון יענער לאַגע, איז נישט קיין תּירוץ פֿאַר דער נאַרישקייט, מיט וועלכער איר זענט אַריינגעפֿאַלן אין איר".

זייענדיק אַ מענטש, וועלכער האָט געדאַרפֿט קענען די מלאכה פֿון פֿירן אַן אָרגאַניזאַציע, האָט אָבער ליפּסקי געהאַט אין זיך דעם כאַראַקטעריסטישן שטריך פֿון אַן אָפּגעלאָזענעם קינסטלער, אַ באָהעם. הויך, דאַר, מיט אַ שאַרף פּנים פֿון אַן אינדיאַנער; שיין, איידל, אָבער בייסנדיק אין זיינע באַמערקונגען; קיל אין דער נאַטור זיינער און נישט שטאַרק אָפּגעהיטן אין זיינע מלבושים — האָט מען געקאָנט מיינען, אַז ער איז אַ שרייבער פֿון טעאַטער־פּיעסן, אָדער אַן אַקטיאָר.

ער איז געווען, איידער ער איז אַריינגעטראָטן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַ־ציע, אַ זשורנאַליסט און טעאַטער־קריטיקער. אין משך פון אַ געוויסער צייט איז ער געווען דער מיטרעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט „אַמעריקען היברו״, צוזאַמען מיט הערי שערמאַן, וועלכער האָט שפּעטער געגרינדעט דעם „בוק אָוו דהי מאָנט״־קלוב. עטלעכע יאָר איז ער געווען דער טעאַטער־קריטיקער פון דער צייטונג „דיילי טעלעגראַף״, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע צירקולאַציע, ווייל זי האָט גע־דרוקט די מעלדונגען און באַריכטן וועגן די פערד־געיעגן.

טעאַטער, און באַזונדערס יידיש טעאַטער, אין וועלכן ער איז אַנגעגאַנגען אַלס אַ גרויסער אויטאָריטעט — איז געווען זיין צווייטע ליבע. איך מיין, אַז ער האָט זיך קיין מאָל נישט געפילט אַזוי גוט, ווי ־בעת ער איז אין די פרייע אָוונטן און שפּעט אין דער נאַכט געזעסן צווישן זיינע פאַרערער אין דער קאַפּע־טעריע אויף בראָדוויי, וואָס איז געווען אַ בלאַסע אימיטאַציע פון דעם „ראָמאַנ־טישן קאַפּע״ אין בערלין, און האָט, פירנדיק זיך ווי אַ חסידישער רבי מיט זיינע חסידים, געשמועסט וועגן יידישן טעאַטער, וועגן די באַרימטע יידישע אַקטיאָרן, וועגן די דערפאָלגן און דורכפאַלן אויף דער יידישער בינע.

ביי זיין געהעמטער נאַטור, ביי דער צוריקגעהאַלטנקייט, וואָס מען האָט אַרויס־געפילט פון אים, איז ליפּסקי געווען זייער אַ קאָמפּליצירטער מענטש. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז איך האָב אויסגעפונען, וואָס אַזעלכעס האָט אים אַריינגעשטופּט און אַריינגעשלעפּט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. און נאָך אַלעמען איז עס געווען זייער אַ פּשוטע זאַך: ער האָט ליב געהאַט יידן. מיט דעם מיין איך: אמתע יידן, יידן וועלכע האָבן גערעדט יידיש. איך קען זיך נאָר אָנ־שטויסן, אַז דאָס איז אים געקומען פון זיין טיפער ליבע און געטריישאַפט צו זיין מאַמען, וועלכע האָט גערעדט יידיש.

זיין פאָטער איז געווען אַ טיפּ פון אַ למדן, אַ פרומער ייד, אַ בקי אין די „קליינע אותיות״. לויט האָט אים אַ מאָל געשילדערט ווי אַ „קאַלטן לונג־און־לעבער״ און אַ „בטלן״. צי די דאָזיקע קורצע אָבער שאַרפע כאַראַקטעריסטיק איז יאָ געווען ריכטיק, אָדער נישט — איז אמת, אַז ליפּסקי האָט זיין גאַנץ לעבן נישט באַזונדערס ליב געהאַט סינאַגאָגעס, ראַביים און רעליגיע. צו דער העברעיִ־שער שפּראַך האָט ער געהאַט אַ קאַלטע באַציִונג. דאָס איז, לכל הפּחות, געווען זייער מאָדנע פאַר אַ מענטשן, וועלכער האָט געווידמעט זיין לעבן, אָדער זיכער אַ מאַסע פון זיינע כּוחות, דער באַנייונג פון יידישן היימלאַנד, וואָס האָט אין אַ גרויסן טייל געדאַרפט דערגרייכט ווערן דורך דער ווידעראויפלעבונג פון העברעיִש.

דער דאָזיקער פּאַראַדאָקס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם, וואָס ליפּסקי האָט זיך אידענטיפיצירט מיט דעם ציוניזם פון חיים ווייצמאַנען און שמריהו לעווינען, די יידיש־רעדנדיקע פאָלקס־מענטשן אין דער באַוועגונג. אָבער זיי, ווי זייערע אייראָפּעיִשע חברים, זענען פאַקטיש געווען העברעיִסטן. ליפּסקי איז נישט געווען קיין אַנטי־העברעיִסט. ער האָט געהאַלטן פּשוט, אַז העברעיִש האָט נישט קיין שייכות צו זיין ציוניזם. אמת טאַקע, ער האָט קיין מאָל נישט באַוויזן צו קאָנען רעדן גוט יידיש. אָבער זיין נשמה איז געלעגן אין יידישן לשון.

ווען איך וועל צוקומען צו דערציילן די געשיכטע וועגן דעם קאַמף צווישן בראַנדייסן און ווייצמאַנען, צווישן „בראַנדייס־ציוניזם" און „ווייצמאַן־ציוניזם", וועלן מיר זען, ווי ליפּסקי איז געווען טיף און מיט זיין גאַנצער אינטויִציע צוגע־בונדן צו ווייצמאַנען און צום „ווייצמאַן־ציוניזם". אויבן אויף וואָלט עס נישט גע־דאַרפֿט זיין אַזוי, באַזונדערס ווען מען זעט אין אַ געוויסע ענלעכקייט אין דער פּערזענלעכער שטרענגער באַציִונג צו זיך און אין אינטעלעקטועלער פּינקטלעכ־קייט צווישן בראַנדייסן און ליפּסקין. אָבער מיר וועלן זען, אַז עפּעס ענלעכס, וואָס איז אַ סך טיפער פֿון פֿאָרם און שטאַרקער פֿון פּאָליטישער טעאָריע, האָט דעצי־דירט וועגן ליפּסקיס ראָל אין דעם זייער וויכטיקן קאַמף, וואָס האָט זיך אָפּגע־שפּילט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק.

דערווייל האַלט איך דערביי, ווען איך בין געווען אַ פֿייערדיקער 19־יאָריקער בחור, מיט אַ שטורמישן טעמפּעראַמענט, שטענדיק גרייט איינצוטענהן מיט יעדן איינעם, אָבער אין דער זעלבער צייט אויך אַ באַשיידענער, מיט דרך־ארץ פֿאַר אַנדערע און פֿול מיט פֿרייד דערפֿון, וואָס איך האָב געקראָגן אַ שטעלע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מיט שׂכירות פֿון פֿיר דאָלאַר אַ וואָך. ווען איך בין דעם ערשטן טאָג געקומען אַהיים און האָב דערציילט מיין פֿאָטער וועגן דעם גרויסן, אומגלויבלעכן גליק, וואָס האָט מיך געטראָפֿן, האָט ער מיך אָנגעקוקט לאַנג און שווער. און דאָס זענען געווען זיינע ווערטער: „מילא, גאָט וועט העלפֿן!"

דאָס האָט געמיינט צו זאָגן: „דער אויבערשטער וועט אונדז העלפֿן. לאָמיר נישט דאַגהנען, מיין זון. דו ווילסט גיין צו די ציוניסטן — גיי". אַזוי האָט מיין פֿאָטער אויפֿגענומען דעם שריט, וואָס איך האָב געמאַכט. און דאָס איז געווען זייער שיין פֿון זיין זייט. איך דאַרף באַמערקן, אַז אין תּוך איז עס נישט געווען אַזוי לייכט פֿאַר אים צו געבן מיר זיין הסכּמה. דעם טייל, וואָס איך האָב בייגע־טראָגן פֿאַר אויסהאַלטן אונדזער משפּחה, איז געווען דער גרעסטער. איך גלויב נישט, אַז מיין פֿאָטער זאָל האָבן פֿאַרדינט מער פֿון פֿערצן דאָלאַר אַ וואָך. אויך מיין ברודער ליאָ האָט מיך דערמוטיקט אין מיין באַשלוס. זיין אייגן לעבן האָט אים געצווונגען זיך אָפּצוזאָגן פֿון זיינע גרויסע רעוואָלוציאָנערע חלומות און פֿאַר־זונקען ווערן אין דער וועלט פֿון ביזנעס. האָט ער נישט געזען קיין שום סיבה דערפֿאַר, אַז אויך איך זאָל פֿאַלן אַ קרבן פֿון דעם זעלבן גורל.

דער איינציקער, וואָס האָט געמאַכט אַ גוואַלד איבער מיין באַשלוס, איז געווען מיין באַלעבאָס, דער פֿעלץ־סוחר. אין אָנהויב האָט ער געשטורעמט און געשריגן, און דערנאָך איז ער אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. ער איז געווען אַן אַלטער בחור, און זיין גאַנצע משפּחה איז באַשטאַנען פֿון אַ שוועסטער, אַ בתולה. ער האָט געהאָפֿט, אַז איך וועל ווערן זיין שותּף און דערנאָך — זיין יורש, דער איינציקער, וואָס וועט אים ירשענען. איך האָב נישט בלויז געמאַכט אַ תּל פֿון אַלע זיינע האָפֿענונגען און חשבונות, נאָר איך האָב אויך אַוועקגעוואָרפֿן אַ גע־לעגנהייט, וואָס האָט מיך געקאָנט מאַכן גליקלעך אויף מיין גאַנץ לעבן. און ווען איך האָב געזאָגט וויפֿל עס וועלן באַטרעפֿן מיינע נייע שׂכירות, האָט אין זיינע אויגן זיך באַוויזן אַ משונהדיקער בליק. ער האָט נאָך אַלץ זיך נישט געקאָנט

טרייסטן, אָבער — ווי עס ווייזט אויס — האָט זיך אין אים אַריינגעגנבעט אַ מחשבה, אַז עפּעס איז בכלל נישט אין אָרדענונג מיט מיר און אַז איך וועל קיין מאָל נישט קאָנען ווערן קיין געשעפטסמאַן. ער איז געווען גערעכט.

ווען איך טראַג זיך איצט אַריבער אין מיינע געדאַנקען צו יענע ווייטע טעג, קום איך צום שׂכל, אַז די אַכצן דאָלאַר אַ וואָך, וואָס מיין באַלעבאָס, דער פּעלץ־סוחר, האָט מיר געצאָלט, זענען געווען אַ טייל פון זיין סטראַטעגיע צו מאַכן מיך פאַר זיין שותּף און יורש. אַכט דאָלאַר אַ וואָך וואָלט געווען אַ גאַנץ נישקשהדיקע שׂכירות פאַר אַזאַ יונגן אָנגעשטעלטן. ווייזט זיך טאַקע אַרויס, אַז איך בין אים געווען שטאַרק געפעלן.

אין זיינע דערינערונגען האָט לואי ליפּסקי ריכטיק איבערגעגעבן, אַז איך בין געווען פריי צו באַשליסן וועגן מיין אייגענעם גורל, ווען איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. און איך האָב גאָר גיך געפונען מיין גורל. עטלעכע וואָכן צייט האָב איך זיך פּשוט אַרומגעדרייט, ווי נישט אַהין און נישט אַהער. מיין אַרבעט איז געווען אַריבערצוברענגען די קאָ־רעקטור־בויגנס פון דער צייטשריפט „מאַקאַביען" פון אונדזער ביוראָ אין דרו־קעריי און באַזאָרגן די געדרוקטע פּאַפּירן, מיט וועלכע מען פלעגט איינפּאַקן דעם זשורנאַל. אָבער ווי נאָר איך בין אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דעם גרויסן פאַרפירער — וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אַ דרוקעריי — בין איך געווען אַ פאַרלוירענער מענטש. איך האָב סוף־כּל־סוף אַנטדעקט, אַז דרוקפאַרב ליגט מיר אין בלוט און רינט אין מיינע אָדערן. יעדע איינצלהייט פון דרוקן און אַרויסגעבן אַ צייטונג האָט באַקומען אין מיינע אויגן אַ שטאַרקן חן, פון וועלכן איך בין פאַרכּישופט געוואָרן.

אָנשטאָט אַרומצוּוואַלגערן זיך פּוסט־און־פּאַסט, וואַרטנדיק ביז דער בחור־הזעצער, אָדער דער חברה־מאַן פון דער דרוקעריי וועט מיר געבן די קאָרעקטור־בויגנס, פלעג איך מיך אַריינגנבענען אַהין, וווּ מען האָט נישט געטאָרט אַריינגיין און האָב געקוקט מיט גרויס קנאה אויף די ערנסטע יונגע מענטשן, וועלכע האָבן געמאַכט די קאָרעקטעס אין דער גרייזעל־דרוקעריי אויף לאַפּאַיעט־סטריט. איך דערמאָן זיך וועגן זיי, ווי וועגן יונגעלייט. אין דער אמתן זענען זיי געווען אַ סך עלטער פון מיר און עטלעכע פון זיי האָבן פאַרנומען בכּבודיקע ערטער אין דער געשיכטע פון די ערשטע צייטן פון אַמעריקאַנער ציוניזם. געווען דאָרט ברוך צוקערמאַן, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער פירער פון די אַמעריקאַנער אַר־בעטער־ציוניסטן. ער איז געשטאָרבן אין ירושלים, וווּ ער איז אויף זיינע עלטערע יאָרן פאַררעכנט געוואָרן צווישן די אָנגעזעענע „וותיקים". איך האָב אויך צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין דער דרוקעריי דעם פאַרשטאָרבענעם אייב גאָלדבערג, דעם רעדאַקטאָר פון „דאָס יידישע פאָלק", וואָס איז געווען אַ שותּף אויף יידיש צום ענגלישן זשורנאַל „מאַקאַביען". אייב גאָלדבערג, דער קליינוווּקסיקער, ברוּ־נעטער מאַנספּאַרשוין מיט די ברענענדיקע אויגן און געקרייזלטע האָר, איז געווען אַ ברילִיאַנטענער און דינאַמישער רעדנער.

אָבער דער מענטש, אויף וועמען איך האָב צום מערסטן געקוקט אַזוי שטאַרק און אַזוי שאַרף, אַז ער האָט שוין געגומען מיך אויסמיידן, איז געווען דער פֿאַר־וואַלטונגס־רעדאַקטאָר פֿון „מאַקאַביען״. ער איז געווען אַ מאַן מיטן נאָמען היימאַן ר. סיגעל, אַ פּאָעט מיט געוויסע פּאַרדינסטן. זיין ברודער איז געווען דער דער־פֿינדער פֿון די סיגעל־שלעסער. צוליב וועלכער עס איז סיבה האָט ער באַשלאָסן, אַז ער וועט נישט קאָנען מאַכן קיין גוטע געשעפֿטן מיט זיין דערפֿינדונג אָן דער הילף פֿון זיין ברודער, דעם פּאָעט. ווי נישט פֿיין דאָס זאָל נישט קלינגען, מוז איך זאָגן, אַז היימאַן ר. סיגעל איז נישט געווען בעסער אַלס געשעפֿטסמאַן, ווי אַלס אַ רעדאַקטאָר. די סיגעל־שלעסער־פֿירמע האָט נישט געכאַפּט אין אים קיין גרויסע מציאה. בכל אופֿן, ער האָט רעזיגנירט פֿון זיין רעדאַקטאָר־פּאָסטן אין 1916, איז געוואָרן אַ געשעפֿטסמאַן און האָט ווייטער געשריבן פּאָעזיע. איידער ער האָט פֿאַרלאָזט זיין אַמט האָט ער אונטערגעשריבן אַ בריוו, וועגן וועלכן איך האָב דע־מאָלט גאָרנישט געוווּסט. דעם בריוו האָט ער געשיקט צו בראַנדייסן, וואָס איז דאַן געווען פּרעזידענט פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דער בריוו האָט טייל־ווייז זיך געלייענט אָט ווי אַזוי: „מיר האָבן דאָ אַ יונגנמאַן, וועלכער איז ביי אונדז אַ מין „מעדכען פֿיר אַלעס״. איך וואָלט פֿאָרגעשלאָגן מען זאָל אים געבן די גע־לעגנהייט צו מאַכן די צייטונג, ווייל איך מיין, אַז ער איז קוואַליפֿיצירט דערפֿאַר״.

מיינע קוואַליפֿיקאַציעס זענען באַשטאַנען פֿון דעם, וואָס היימאַן ר. סיגעל האָט נישט געקענט קיין יידיש און איך האָב יאָ געקענט. ס'איז אמת, אַז איך האָב אין יענער צייט שוין געהאַט אַריינגעכאַפּט די חכמה צו קאָנען טעכניש צונויפֿ־שטעלן אַ צייטונג. איך האָב זיך שוין אויסגעקענט אויף די פֿאַרשיידענע שריפֿטן, אויף אַלערליי מינים זאַץ, אויף צונויפֿשליסן אַ זייט. איך האָב שוין אָנגעהויבן העלפֿן סיגעלן צו „שטעלן״ די זייטן. פּאַקטיש בין איך געגאַנגען נאָך אַ ביסל ווייטער: איך האָב אָפּט און אומזיסט אָנגעהויבן אים געבן עצות ווי אַזוי מען קאָן אויסבעסערן די צייטונג. ער האָט זיך באַצויגן מיט ביטול צו אַלע מיינע עצות. אָבער מיין הויפּט־קוואַליפֿיקאַציע איז געווען מיין קענטעניש פֿון יידיש. יעדעס מאָל ווען מען האָט אים געמאַכט אויפֿמערקזאַם אויף עפּעס אַ מרעיש־עולמדיקע ידיעה אין די יידישע צייטונגען, פֿלעגט ער מיך צורופֿן און בעטן איך זאָל זי פֿאַר אים איבערזעצן.

וועגן דער גרויסער וויכטיקייט פֿון די יידישע צייטונגען אין דער יידישער וועלט אין יענע יאָרן קאָן מען זיך גאָרנישט משער זיין. זיי זענען געווען דער איינציקער קוואַל פֿון יידישע נייעס פֿאַר די ענגליש־לייענער, ווייל עס האָט נאָך נישט עקזיסטירט קיין יידישע נייעס־אַגענטור. דערפֿאַר איז יעדער איינער, וועל־כער האָט געקענט ביידע לשונות, יידיש און ענגליש, אַפֿילו בלויז אויף אַן עלע־מענטאַרן אופֿן, געווען אַן אומבאַדינגט נויטיקער עקספּערט אין די ענגליש־יידישע צייטשריפֿטן. און איך בין געווען אַ גענוג גרויסער ידען פֿון ביידע שפּראַכן.

„מאַקאַביען״ איז נישט געווען די איינציקע ענגליש־יידישע צייטשריפֿט, וואָס האָט זיך געמוזט פֿאַרלאָזן אויף מיר אין צושטעלן די יידישע נייעס. איך דערמאָן זיך מיט פֿאַרגעניגן, אַז יעקב דע־האַז, דער ציוניסטישער פֿירער, וועלכער איז געווען דער אַרויסגעבער־רעדאַקטאָר פֿון דעם וואָכנבלאַט „באָסטאָן דזשויִש אַד־

וואָקעיט״, פלעגט מיר צאָלן צוויי דאָלאַר אַ וואָך פאַר זיין דער „ניו־יאָרקער קאָרעספּאָנדענט״ זיינער. דאָס האָט געמיינט פאַר שיקן אים רעגולער די איבער־זעצונג פון די ידיעות פון יידישן לעבן, וואָס זענען געווען געדרוקט אין יידישן „מאָרגן־זשורנאַל״.

איך האָב אויך ליב זיך צו דערמאָנען, אַז אַ דאַנק מיינע עקספּערט־קענטע־נישן אין יידיש בין איך געוואָרן אַ מקורב מיט שמריהו לעווין און אַז דאָס האָט אויך געפירט דערצו מען זאָל ביי מיר באַשטעלן מיין ערשטן ליטעראַרישן אַר־טיקל. שמריה — ווי מיר האָבן אים גערופן מיט ליבע — האָט דאַן פאַרעפנטלעכט אַ זאַמלונג פון זיינע צייטונגס־אַרטיקלען אונטערן נאָמען „אין מלחמה־צייטן״. איך בין געווען דער איינציקער אין אונדזער גאַנצער רעדאַקציע, וועלכער האָט געקאָנט סיי לייענען דאָס בוך אין יידיש און סיי אָנשרייבן אַן איבערבליק וועגן דעם ספר אין ענגליש. סיגעל האָט מיך געבעטן אָנצושרייבן דאָס אַרטיקל און גלייכצייטיק אויך מאַכן אַן אינטערוויו מיט שמריהן. ווען איך האָב אים צוגע־שטעלט מיין חיבור האָט סיגעל מיר פאָרגעשלאָגן איינס פון די ביידע: אָדער ער וועט מיר באַצאָלן פינף דאָלאַר, אָדער ער וועט דרוקן מיין אונטערשריפט אונטער דעם אַרטיקל. איך האָב אויסגעקליבן ער זאָל דרוקן מיין אונטערשריפט.

נישט געווען קיין שום קאַמף אַרום דעם, אַז איך זאָל קריגן אַ העכערן פּאָסטן. און איך בין צופרידן דאָס צו דערציילן. בראַנדייסעס ענטפער אויף דער רעקאָ־מענדאַציע פון פריערדיקן פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פון „מאַקאַביען״, סיגעל, איז געווען קורץ, עלעגאַנט און קלאָר: „איך בין מסכים״. און אַזוי איז עס געשען. איך בין געוואָרן דער סעקרעטאָר פון רעדאַקציע־ראַט פון „מאַקאַביען״.

און דאָס ברענגט מיך צו אַ קליינעם ענין פון היסטאָרישער באַדייטונג. איך בין נישט אין גאַנצן פאַרבלענדט בנוגע מיינע חסרונות און איך באַטראַכט זיך נישט פאַר אַזאַ איינעם, וועלכער זאָל רעדן שטיל, בנעימותדיק, און זאָל בכלל זיין אַזאַ לייכטער און שטאַרק־געלאַסענער מענטש. גיכער קאָן איך אַ מאָל אויסברעכן מיט מיין שטורמישן טעמפּעראַמענט. אָבער איך וווּנדער זיך, פאַר וואָס זאָלן מענטשן האָבן אַ ספּעציעלע הנאה פון איבערטרייבן מיינע חסרונות. אַפילו לואי ליפּסקי, מיין רבי און מיין מדריך, איז געפאַלן אַ קרבן פון די מעשׂיות, וואָס פלעגן פאַרשפּרייט ווערן וועגן מיר אין יענע טעג אין ציוניסטישן ביוראָ.

לואי ליפּסקי האָט געשריבן וועגן מיר, אַז איך האָב אַנטדעקט דעם וועג צום פריי־געוואָרענעם בענקל פון דעם רעדאַקטאָר פון „מאַקאַביען״, וועלכער איז אַוועקגעגאַנגען, און איך האָב פאַרנומען דאָס בענקל אָן אויטאָריטעט און האָב זיך אָנגעהאַלטן אָן אים קעגן אַלע אַנדערע, וואָס האָבן זיך געקוואַפּעט אויף דעם. ווי אַזוי קאָן מען זאָגן אַזאַ זאַך? מיין אויפשטייג פון אַ שיק־יינגל ביז צו אַ רעדאַקטאָר, במשך פון בלויז צוויי יאָר צייט, איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַ קאָמענדיקן ריכטער פון העכסטן געריכט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. קאָן אַ פּשוטער בשׂר ודם זוכה זיין צו דער צושטימונג פון נאָך אַ גרעסערער אויטאָ־ריטעט?

ווי עס זאָל נישט זיין, אַזוי שנעל ווי איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן בענקל, בין איך שנעל אַוועק אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט צו לערנען אַ קורס פֿון זשור־נאַליזם. איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן חשק צו מאַכן אַ לייט פֿון אָט דעם שווערן, וויניק־לעבעדיקן, קליינעם חודש־זשורנאַל.

איידער איך בין דערהויבן געוואָרן צו מיין נייעם אַמט און אויך דערנאָך זענען מיינע טעטיקייטן נישט געווען באַגרענעצט בלויז מיט צונויפשטעלן און פֿונאַנדערשיקן דעם „מאַקאַביען", וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַכט זייטן, צייטנווייז פֿון צוועלף און ביי אַ געלעגנהייט פֿון זעכצן זייטן. יונגע אידעאַליסטן, וואָס נע־מען „שׂכירות" פֿון עפּנטלעכע פֿאָנדן, דאַרפֿן טראַכטן ווי אַזוי זיי זאָלן זיך קאָנען מאַכן נוצלעך אויף פֿאַרשיידענע וועגן. איך בין, צווישן אַנדערע טועכצן, געוואָרן אַן אָרגאַניזאַטאָר פֿון מיטינגען אונטערן אָפֿענעם הימל. מיין הויפּטפּליכט איז באַשטאַנען אין צוזאַמענמען אַן עולם. און מיין הויפּטרעדנער איז געווען מאָריס סעמיועל.

איך האָב זיך באַגעגנט מיט מאָריס סעמיועלן ערגעץ־ווו אין די קאָרידאָרן פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע שפּעט אין יאָר 1914. ער איז געווען עטלעכע חדשים יינגער פֿון מיר, און מיר זענען באַלד געוואָרן זייער נאָענט איינער מיטן אַנדערן. דאָס איז געווען אַ מין ליבע פֿון ערשטן אויגנבליק. זינט דעמאָלט האָבן מיר זיך קיין מאָל נישט צעשיידט, געווען נאָענטע חברים כּמעט 60 יאָר. מאָריס סעמיועל, אָדער מויש — ווי מיר האָבן אים גערופֿן אין אונדזער ענגערן קרייז — האָט גערעדט ענגליש ווי אַן ענגלענדער; ער איז געקומען פֿון מאַנטשעסטער, ענגלאַנד, ווו ער האָט געקענט חיים וויצמאַנען. איך, מיט מיין גאַנץ אָנזעעוודיקן אַקצענט, האָב עס באַטראַכט פֿאַר אַ גאָר גרויסער מעלה.

איך קען נאָך איצט זען פֿאַר זיך דאָס בילד און הערן ווי מאָריס סעמיועל איז מסבּיר דעם ציוניזם אין מעדיסאָן־סקווער, אַנטקעגנאיבער אונדזער ביוראָ, אָדער אויף אַנדערע, שכנותדיקע ערטער, ווו אַרבעטער פֿון דער קליידער־אינ־דוסטריע און ביוראָ־געהילפֿן פֿלעגן קומען עסן מיטאָגצייט זייערע סענדוויטשן. איך פֿלעג אַוועקשטעלן דעם שטענדער, אויספּלאַפּלען אַ פּאָר ווערטער ווי אַן אַריינפֿיר, און מויש האָט איבערגענומען דאָס גאַנצע עסק.

מיר האָבן געהאַט קאָנקורענטן, ווייל מעדיסאָן־סקווער איז דעמאָלט געווען ניו־יאָרקס „הייד־פּאַרק". און גאַנץ אָפֿט פֿלעגן מיר פֿאַרענדיקן דעם מיטינג אין אַ געשלעגעריי מיט די „יאַנג סאָשעליסטס" (יונגע סאָציאַליסטן) פֿון דער אַנדע־רער זייט גאַס. מיין יינגערער ברודער, עמנואל, פֿלעגט פֿון צייט צו צייט קומען שטערן דעם מיטינג, מאַכן צווישנרופֿן, איבעררייסן מוישן און אַפֿילו אַליין האַלטן אַ רעדע קעגן אונדז. יעדער פֿון אונדז האָט געראַטעוועט דאָס יידישע פֿאָלק אויף זיין אייגענעם וועג. און ווי דער שטייגער איז, האָט דאָס זוכן דעם געמיינזאַמען ציל, וועלכן מיר האָבן געוואָלט דערגרייכן דורך פֿאַרשידענע מעטאָדן, געבראַכט מער שׂנאה ווי תּכלית.

פֿון אָנהייב אָן איז מיין פֿריינדשאַפֿט מיט מאָריס סעמיועלן אַריבערגעגאַנגען פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע באַציִונגען און מעשׂים צו פּערזענלעכע. איינער פֿון אונדזערע

פּלענער איז געווען צו לייענען גאַנץ שעקספּירן צוזאַמען. דער צוועק איז געווען צו פֿאַרבעסערן מיין קענטעניש אין דער ענגלישער שפּראַך. מיר האָבן אָנגעהויבן פֿון האַמלעט — אַ טיפּישע יידישע חוצפּה — און האָבן געאַרבעט אויף דעם אַזוי גרינטלעך, אַז מיר זענען קיין מאָל נישט געגאַנגען ווייטער. אין אונדזער ציוניס־טישן פֿאַראיין „השחר״, אין די בראָנקס, אין וועלכן מויש האָט זיך אָנגעשלאָסן, איז ער געוואָרן אַ גרויסע אַטראַקציע, ווי אונדזער פֿאַרשפּרייטער פֿון דער אַנגלאָ־זאַקסישער קולטור. איך האָב איבערגענומען די אויפֿגאַבע פֿון זיין אימפּרעסאַריאָ און פֿלעג באַשטימען פֿאַר אים די פֿאַרשיידענע ראָלן ביי אונדזערע קולטור־אָוונטן, וואָס מיר פֿלעגן איינאָרדענען אין אַ מאַסאָנען־לאָזשע אויף באָסטאָן־ראָוד.

ביי איינער אַזאַ אונטערנעמונג — געדענק איך — האָט מויש, אַ שלאַנקער און חנעוודיקער, מיט אַ קאָפּ ברוינע געקרייזלטע האָר, ווי לאָקן פֿאַר וועמען די מיידלעך פֿון „השחר״ זענען אַוועקגעפֿאַלן, געשפּילט אויף אַ מאַנדאָלינע, רע־ציטירנדיק דערביי עדגאַר עלען פּאָס „דהי רעיווען״ („די קראָ״). נישט די מוזיק, וואָס ער האָט געשפּילט, און נישט די פּאָעמע, וועלכע ער האָט געלייענט, האָבן געהאַט וועלכע עס איז שייכות מיטן ציוניזם. זיי האָבן אַוועקגעפֿירט אין גאַר אַן אַנדערער וועלט, אָבער זיי האָבן אָנגעוואָרעמט די אַטמאָספֿער. און דעמאָלט, נאָך אַזאַ הקדמה, פֿלעגן מיר זיך אַריינוואַרפֿן אין רעדן און אין דיסקוטירן וועגן ציו־ניזם, אויף יידיש און אויף ענגליש.

אַ היסטאָרישן קולטור־אָוונט האָבן מיר געהאַט אין אונדזער ציוניסטישן פֿאַראיין „השחר״ אין די בראָנקס, ווען דער אומשטערבלעכער שלום עליכם האָט געלייענט זיינע ווערק. דאָס איז געווען אין יאָר 1916, קורץ פֿאַר זיין טויט. זיין אויפֿטריט ביי אונדז, אין „השחר״, איז געווען איינער פֿון די לעצטע אין זיין לעבן. דורך אַ מאָדנעם אויפֿבליץ אין מיין זכרון דערמאָן איך זיך וואָס ער האָט גע־לייענט יענעם אָוונט. דאָס איז געווען די הומאָרעסקע („אַ זעקס־און־זעכציקער״) וועגן צוויי יידן, וועלכע זענען געפֿאָרן אין אַ באַן־וואַגאָן און האָבן געחלשט צו שפּילן אין קאָרטן. האָבן זיי נישט געפֿונען קיין אַנדער „טישל״, ווי דעם „זייט־זשע מיר מוחל״ פֿון אַ גלח, וועלכער איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער אַנטקעגנאיי־בערדיקער באַנק און געשמאַק געכראָפּעט. די שפּיל אין קאָרטן איז אָנגעגאַנגען לעבעדיק, ביז אין אַ רגע פֿון גרויס התלהבות האָט איינער פֿון די קיביצער אַ וואָרף געטאָן אַ קאָרט מיט אַזאַ ענטוזיאַזם, אַז דער גלח, וועלכער איז געווען פֿאַרזונקען אין אַ טיפֿן שלאָף, האָט זיך פּלוצלונג אויפֿגעכאַפּט. (וואָס פֿאַר אַן אויסטערלישע זאַכן עס באַהאַלטן זיך אין דעם אוצר פֿון אונדזער זכרון!)

ס'איז געווען אין יענעם אָוונט, ווען מאָריס סעמיועל, אַן אויפֿגייענדיקער יונגער נאָוועליסט און עסייִסט — זיין ערשטע נאָוועלע „דהי אַוטסיידער״ האָט זיך אים שוין געבאָמבלט אין קאָפּ — איז געוואָרן פֿאַרבלענדט פֿון שלום עליכמען. מויש האָט עס געלייקנט, אָבער איך ווייס בעסער. זיין פֿאַרבלענדט ווערן האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ לעבנס־לאַנגן ליבע־ראָמאַן מיט שלום עליכמען און מיט די ווערק פֿון דעם גרויסן יידישן קלאַסיקער.

ווען מאָריס סעמיועל איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1914, האָט ער פֿאַקטיש נישט געקענט קיין יידיש. אין בעסטן פֿאַל איז זיין יידיש רעדן געווען

אַ מין רומענישער קוידערוועלש. פֿון דעם מאָמענט אָן, ווען ער האָט געהערט שלום עליכמען, האָט ער פֿעסט באַשלאָסן צו באַהערשן גוט די יידישע שפּראַך, און די גרויסע הצלחה, וואָס ער האָט אין דעם געהאַט, האָט געבראַכט אומגעהויערע קאָנסעקווענצן פֿאַר דער ענגלישער ליטעראַטור. דאָס, וואָס איז פֿריִער געווען אַ פֿאַרשלאָסענער אוצר פֿון הויך־קינסטלערישע ליטעראַרישע שאַפֿונגען, וועלכע האָבן זיך נישט געלאָזט איבערזעצן, האָט מאָריס סעמיועל פֿאַרוואַנדלט אין זיין „דהי וווירלד אָוו שלום עליכם" („די וועלט פֿון שלום עליכם") אין אַן ענגליש קלאַסיש ווערק. ער האָט געהאַט דעם פֿאַרנונפֿט און גוטן איינפֿאַל נישט איבער־צוזעצן שלום עליכמען. ער האָט שלום עליכמס גייסט, הומאָר און די טראַגישע אויבער־טענער פֿון יידישן לעבן איבערגעגאָסן און אויסגעמייסטערט אין אַן ענג־לישן אידיאָמאַטישן לשון, וואָס קיינער האָט נאָך ביז איצט נישט געקאָנט נאָכ־מאַכן.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מאָריס סעמיועל איבערזעצט אין ענגליש אַ סך יידישע קלאַסישע ווערק, עפֿענענדיק אַ נייע וועלט פֿאַר די אַמעריקאַנער לייענער און שרייבער *.

מיין ערשטע מחשבה ווען איך האָב „פֿאַרכאַפּט" דאָס בענקל פֿון סעקרעטאַר פֿון רעדאַקציע־ראַט פֿון „מאַקאַביען", איז געווען, ווי אַזוי איך זאָל פּטור ווערן פֿון דער דאָזיקער הויכער קערפּערשאַפֿט. רעדאַקציע־ראַטן אין אַלגעמיין, און אין צייטשריפֿטן פֿון אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען באַזונדערס, זענען געוויינלעך אַזעלכע געזעמלען פֿון מענטשן, וועלכע האָבן אַ מאָל אַליין געוואָלט ווערן שריי־בער, און פֿון קהלשע „קליאַמקעס", וועמענס אויפֿגאַבע עס איז צו מאַכן אַ תּל פֿון די באַמיִונגען פֿון רעדאַקטאָר אַרויסצוגעבן אַן אָנשטענדיקן זשורנאַל. אַ חוץ לואי ליפּסקי, וועלכער האָט מיך מדריך געווען אין דער נייער אַרבעט, זענען די אַנדערע מיטגלידער פֿון דעם רעדאַקציע־ראַט געווען פּשוט אַן אָנשיקעניש.

דער חודש־זשורנאַל „מאַקאַביען" איז, ווען איך האָב אים געירשנט, געווען אַן אַמאַטאָרישע, האַלב־ליטעראַרישע פּובליקאַציע, אָן באַזונדערע אַמביציעס. איר גרעסטע מעלה איז באַשטאַנען אין דעם וואָס זי איז דערשינען רעגולער. צום גליק האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע נישט געדאַרפֿט פֿאַרקויפֿן דעם זשורנאַל. ער איז פֿונאַנדערגעשיקט געוואָרן צו די מיטגלידער פֿריי, אָן אַ ספּעציעלן אָפּצאָל. דער פּרייז פֿון דעם זשורנאַל איז אַריינגערעכנט געוואָרן אין דעם נאָרמאַלן מיט־גלידס־אָפּצאָל. איך האָב באַשלאָסן, אַז מען דאַרף דערלויבן דעם רעדאַקציע־ראַט ער זאָל נעלם ווערן. איך האָב אָנגענומען דעם כּלל צו באַראַטן זיך מיט אים וואָס ווינציקער.

איך האָב אָנגעהויבן מיט ענדערן דעם שער־בלאַט פֿון דער פּובליקאַציע און מאַכן מער צוצענדיקער דעם פֿאָרמאַט. אָבער מיין הויפּט־פּראָבלעם איז, זעלבסט־פֿאַרשטענדלעך, געווען אויסצובעסערן דעם אינהאַלט, צו מאַכן דעם זשורנאַל

* צווישן אַנדערע איז ער געווען דער איבערזעצער פֿון שלום אַש.

אַזוי, אַז מען זאָל אים ווילן מער לייענען — אייגנטלעך דאַרף איך זאָגן, אַז מען זאָל אים בכלל לייענען. איך האָב זיך באַמיט צו מאַכן דעם זשורנאַל מער אינ־טערעסאַנט, לעבעדיקער, מיט אַרטיקלען, וואָס זאָלן נישט זיין אַלע „אויף איין קאָפּיטע", נאָר פאַרשיידנאַרטיק, אויך מיט קעגנגעזעצלעכע מיינונגען. און ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין ביודזשעט צו צאָלן די שרייבער פאַר זייערע אַרטיק־לען, האָב איך געמוזט זוכן פּריוויליקע טאַלאַנטן אומעטום, ווו איך האָב זיי נאָר געקאָנט געפינען. עס איז געווען פאַר מיר אַן איבערראַשונג, אַז אין דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע גופא האָבן זיך געפונען אַ סך אַזעלכע, וועלכע איך האָב געקאָנט אויסנוצן, אָבער מען האָט זיך קיין מאָל נישט געווענדט צו זיי.

לואי ליפּסקי גופא, צום ביישפּיל, פלעגט געבן עֵצות, האָט רעדאַגירט, האָט צענזורירט דעם זשורנאַל, אָבער ער האָט קיין מאָל נישט געשריבן קיין אַרטיקל פאַר אים. האָב איך אים געמאַכט שרייבן. איך האָב צוגעצויגן מאָריס סעמיועלן; מאַקס העלערן, דעם רעפאָרם־ראַבינער פון ניו אָרלינס, וואָס איז געווען אַ פיינער שרייבער; בערנאַרד ריטשאַרד, וואָס האָט, ווי אַ מיטגליד פון רעדאַקציע־ראַט, גע־בראַכט זייער וויניק נוצן, אָבער ער איז געווען דער פאַרפאַסער פון אַ שיין און אינטערעסאַנט בוך אויף ענגליש: „די דרשות פון קיידאַנסקי". ער איז אין גיכן געוואָרן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס, אָבער ער איז פאַרבליבן אַ מיטאַרבעטער פון „מאַקאַביען". ביי אַ געלעגנהייט האָב איך אַליין אויך זיך אַריינגעכאַפּט מיט אָנשרייבן אַ לייטאַרטיקל.

איך האָב אויך באַוויזן צוצוציִען דעם קאַריקאַטוריסט באָרדמאַן ראָבינסאָן, פון „ניו יאָרק מאָרנינג טעלעגראַף", ער זאָל צייכענען פאַר אונדז קאַריקאַטורן וועגן היימישע מענטשן און געשעענישן אויף דער אַמעריקאַנער יידישער אַרענע. איך האָב שיר נישט באַצאָלט מיט מיין גאַנצער רעדאַקטאָרישער קאַריערע דער־פאַר, נאָך איידער איך האָב זי ווי געהעריק אָנגעהויבן. ראָבינסאָן איז געווען אַ ראַדיקאַל, און ער האָט אָפּגעפּאָרטרעטלט עטלעכע פון די חשובע מיטגלידער פון דער „אַמעריקען דזשויִש קאָמיטע" אַלס טיפּישע בייכיקע קאַפּיטאַליסטן. די „אַמע־ריקען דזשויִש קאָמיטע" איז געווען דער אַמעריקאַנער יידישער „עסטאַבלישמענט" פון יענע צייטן און איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פון דייטשע יידן, „יאַהודים". קיין איין איינציקער פון די מזרח־אייראָפּעיִשע יידן האָט ביז לעצטנס נישט גע־קאָנט אַריבערטרעטן די שוועל פון „אַמעריקען דזשויִש קאָמיטע", אָדער אַריינ־קומען אין דעם „הייליקן" מקום פון זיין עקסקלוזיוון „האַרמאָני־קלוב" אויף דער 60סטער גאַס. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ היפּש ביסל צעקריגט מיט דער „אַמעריקען דזשויִש קאָמיטע" אין יענע טעג און אויך אַ לאַנגע צייט שפּעטער. אָבער די פירער און שטיצער פון ציוניזם האָבן נישט געהאַט קיין איבעריקן חשק שטאַרק זיך איינצורייסן מיט די דאָזיקע געלט־מענטשן. האָב איך באַקומען אַ באַפעל, איך זאָל באַזייטיקן ראָבינסאָנען און זיינע קאַריקאַטורן. מען האָט מיך געסטראַשעט, אַז אויב איך וועל עס נישט טאָן, וועט מען מיך אַליין אָפּזאָגן פון דעם פּאָסטן.

איך בין אָבער נישט געווען פון די ציטערדיקע. קודם־כל האָב איך נישט ליב געהאַט צו קריגן באַפעלן און זיי דאַרפן אויספירן. איך האָב אויך נישט

איינגעשטימט אויף אַזאַ מין צענזור, און נאָך אַלעמען האָב איך אינסטינקטיוו געפֿילט, אַז אַלץ וואָס ברענגט אַרויס מיינע חברים פֿון די כּלים, אַז זיי זאָלן האָבן אַזאַ גרויסן אינטערעס, איז גוט פֿאַר דעם זשורנאַל. דער קאָנפֿליקט האָט זיך געענדיקט מיט דעם, אַז ראָבינסאָן איז פֿרייוויליק אַליין אַוועק. ער האָט זיך צו־ריקגעצויגן פֿון מאַכן קאַריקאַטורן; ער האָט אין גאַנצן זיך געווידמעט ערנסטער מאָלעריי· ער האָט אויך מיט דעם געמאַכט אַ בּכבודיקע קאַריערע.

אָנהויב יאָר 1917 בין איך געווען געצווונגען צו זיין אַ זשורנאַליסט און אַ ציטונגס־פֿאַרקויפֿער אין דער זעלבער צייט. די דאָזיקע קאָמבינאַציע, וואָס איז געווען נאָך משונהדיקער פֿון מיין פֿריִערדיקער פּרנסה אין שיקאַגאָ, ווו איך בין אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און האָב פֿאַרקויפֿט שוועבעלעך מיט פֿליגן־פּאַפּיר — איז אַרויסגעקומען צוליב אָט־וואָס:

מיין עלטערער ברודער יהושע — אין אַמעריקע האָבן מיר אים שוין גערופֿן דזשאָש — איז, ווי איך האָב געשריבן פֿריִער, פֿאַרבליבן אין פּוילן, ווען מיר זענען אַוועקגעפֿאָרן. ער איז געבליבן צו לערנען ווייטער אין דער ישיבה און קריגן סמיכה אויף רבנות. אין יאָר 1912, ווען ער איז געקומען צו אונדז קיין אַמעריקע, איז ער שוין געווען אַ „פֿאָלנער" רב מיט סמיכה און מיט אַלץ, וואָס מען האָט געדאַרפֿט. אָבער פֿאַר אַמעריקע איז עס נאָך געווען ווייניק. צו קריגן אַ שטעלע אַלס אַן אַמעריקאַנער רב אין אַ „קאָנגרעגיישן" האָט ער נאָך געדאַרפֿט גיין לערנען אין יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, ביי די קאָנסערוואַטיווע יידן. דאָס האָט געמיינט פֿאַר אים, אַז ער דאַרף ווידער אָנהייבן אַלץ פֿון דאָס ניי. דזשאָש האָט זיך אונטערגעגעבן און איז געוואָרן אַ סטודענט פֿון יידישן טעאָלאָגישן סע־מינאַר. ער האָט אָבער נישט געקאָנט דאָרט אויסהאַלטן און איז נאָך אַ קורצער צייט אַוועק, זאָגנדיק אַז ער קאָן דאָרט שטאַרבן פֿון נודאָטע, ווען ער דאַרף נאָך אַ מאָל איבערחזרן וואָס ער קען שוין פֿון לאַנג און עס קריכט אים פֿון האַלדז.

האָט ער פֿון דעם סעמינאַר אויף דער 123סטער גאַס זיך פֿאַרקליבן אַ פּאָר גאַסן ווייטער און איז אַריין אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט. אָבער אויך דאָרט איז ער לאַנג נישט פֿאַרבליבן. ווייל בעת ער האָט דאָרט שטודירט, האָט ער באַקומען די קאָנצעסיע אויף אַ ציטונגס־קיאָסק, ביים ווינקל פֿון בראָדוויי און 166סטער גאַס. דער קיאָסק האָט געהערט צום אוניווערסיטעט, און פּראָפֿעסאָר גאָטהייל, דער ציוניסטישער פֿירער, האָט זיך משתּדל געווען פֿאַר מיין ברודער, ער זאָל קריגן אַ פּרנסה. דאָס איז געווען אַ „דזשאָב" פֿאַר אַ גאַנצן טאָג. מיין ברודער האָט אַפֿילו געדאַרפֿט צונעמען אַ שותּף, הערמאַן מאַנקעוויטש, וועלכער איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַקאַנט געוואָרן ווי אַ דערפֿאָלגרייכער שרייבער פֿון פֿילמען אין האָליוווד.

מיין ברודער האָט שטאַרק מצליח געווען מיט דעם ציטונגס־קיאָסק. דאָס עסק האָט געבליט. און ווען ער איז אָנהויב יאָר 1917 גערופֿן געוואָרן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי — ער האָט שוין געהאַט אַרויסגענומען די ערשטע בירגער־פּאַפּירן — האָט אים גאָרנישט געקאָנט איינפֿאַלן, אַז ער זאָל אָפּלאָזן אַזאַ גאָלדן געשעפֿט. האָב איך עס איבערגענומען.

איצט בין איך שוין געוואָרן פאַריאָגט טאָג און נאַכט. איך פלעג אויפשטיין דריי אַ זייגער פאַר טאָג און אַוועקפאָרן אויף מיין וועלאָסיפּעד צום צייטונגס־קיאָסק, צו דערליידיקן אַלע ענינים און פאַרזאָרגן מיינע פּרימאָרגן־קליענטן. פון דאָרט איז געווען נאָר אַ פּאָר טריט צום קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט, ווו איך האָב גענומען אַ קורס פון זשורנאַליזם. אָבער פון בראָדוויי און 166סטער גאַס צו דעם נייעם ציוניסטישן ביוראָ אויף דער פינפטער עוועניו און 12טער גאַס איז שוין געווען אַ גרויסער מהלך, וואָס איך האָב געדאַרפט נאָך אַ מאָל דורכפאָרן אין אָוונט צו היטן די געשעפטן אין מיין צייטונגס.קיאָסק.

און נאָך דעם אַלעמען, ווען איך בין אויף דער נאַכט געקומען אַהיים און האָב אַריינגעכאַפּט בחפזון מיין נאַכטעסן, האָב איך געדאַרפט אָנהייבן לערנען. דאָ האָב איך, בכדי נישט צו ווערן אַנטשלאָפן פון מידקייט, נאָך אַ גאַנצן טאָג האָרע־וואַניע, באַנוצט דאָס מיטל, וואָס די אַמאָליקע ישיבה־בחורים האָבן באַרימט גע־מאַכט, נעמלעך איך האָב געהאַלטן מיינע פיס אין אַ טיפן עמער מיט קאַלט וואַסער און אַט אַזוי האָב איך שטודירט.

די פיר נסיעות אַ טאָג האָב איך געמאַכט אויף מיין וועלאָסיפּעד, ווייל די פיר ניקלס, וואָס איך וואָלט געדאַרפט באַצאָלן אין סאָבוויי (דעמאָלט האָט אַ רייזע אין ניו־יאָרקער סאָבוויי געקאָסט בלויז אַ ניקל, 5 סענט), האָבן באַטראָפן אַ קימאַ־לן פון צוואַנציק סענט. און אויף דעם האָב איך זיך נישט געקאָנט דער־לויבן. האָב איך ליבערשט אַרויסגעיאָגט פון זיך די נשמה, ווי אַ משוגענער, אויף מיין „פערדל״. צום גליק האָט מען אַוועקגעלקחנט פון מיר דעם וועלאָסיפּעד, און ס׳האָט גענומען אַ סוף צו מיין אידיאָטישער פאַלשער עקאָנאָמיע. איך האָב שוין נישט געהאַט קיין כּוח, אָדער קיין געלט, צו קויפן אַ נייעם וועלאָסיפּעד.

די דאָזיקע קאַריערע מיינע פון אַ פאַריאָגטן רעדאַקטאָר — סטודענט — צייטונגס־פאַרקויפער האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן און איז איבערגעריסן געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער רעגירונג. מיין ברודער ליאָ האָט געדינט אין פלאָט. דזשאָש איז געווען אין דער אַרמיי. וואַשינגטאָן האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז נאָך נישט גענוג צו איבערצייגן די דייטשן, אַז זייער שפּיל איז פאַרן טייוול. און אפשר האָט מען דערשנאַפּט אין וואַשינגטאָן, אַז אַ פערטער ווייסגאַל, מיין עלטסטער ברודער אבא, האָט געקעמפט אויף דער אַנדערער זייט, אין דער אַרמיי פון דער עסטרייכישער אימפּעריע. אויב אַזוי האָט מען געוואָלט, אַז יעדער אַמעריקאַנער ווייסגאַל זאָל העלפן אויסגלייכן דאָס צינגל פון דער וואָג, און אויך מיך האָט מען גערופן צו דינען אין דער אַרמיי.

איך האָב באַקומען דעם צעטל צו גיין דינען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי פונקט דעמאָלט, ווען איך האָב געהאַלטן ביים אָנשליסן זיך אין יידישן לעגיאָן פאַר ארץ־ישראל, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין מיטן פון דער געוואַלטיקער באַגייסטערונג אין שייכות מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

אָ, די באַלפור־דעקלאַראַציע ; דער גרויסער היסטאָרישער טאָג פון 2טן נאָוועמבער 1917 !

פון די, וועלכע זענען גענוג אַלט צו קאָנען משׂיג זיין און זיך דערמאָנען די באַדייטונג פון דעם היסטאָרישן דאָקומענט אין דער צייט ווען דער בריטישער

קריגס־קאַבינעט האָט אים אַרויסגעגעבן, איז פֿאַרבליבן נאָר אַ קליין הייפֿל, וואָס ווערט ווייניקער פֿון טאָג צו טאָג. צווישן יענער צייט און דער איצטיקער האָבן אַנדערע גאָרלדיקע געשעענישן פּאַסירט אין יידישן לעבן — אַ טייל פֿון זיי, וואָס ווערן דערמאָנט מיט שוידער, און אַנדערע, וואָס דערקוויקן אונדז דאָס האַרץ ווען מיר טראַכטן וועגן זיי.

מעגלעך, אַז אין משך פֿון דער צייט איז שוין אויסגעמעקט געוואָרן אינעם זכּרון פֿון די לעבן־געבליבענע די כוואַליע פֿון פֿרייד און באַגייסטערונג, וואָס האָט פֿאַרגאָסן די גאַנצע יידישע וועלט ביים דערוויסן זיך וועגן דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע. און אַז מען וועט זיך דערמאָנען, דאַרף מען זיך אויך דערמאָנען, אַז עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז מען האָט אויפֿגעוועקט דאָס יידישע פֿאָלק צו מעשׂים נאָך דעם גרויסן ענטוזיאַזם, וואָס די באַלפֿור־דעקלאַראַציע האָט אַרויס־גערופֿן. בלויז די ציוניסטישע מינדערהייט אין יענע טעג האָט אין דער שטימונג פֿון אומגעהויערער התלהבות געלייגט שטאַרקע האָפֿענונגען אויף דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע.

הגם די באַלפֿור־דעקלאַראַציע איז אַזוי באַרימט, דאַרף מען דאָ ברענגען איר פֿולן היסטאָרישן טעקסט:

„זיין מאַיעסטעטס רעגירונג קוקט גינסטיק אויף דער גרינדונג פֿון אַ נאַציאָנאַלער היים פֿאַרן יידישן פֿאָלק אין ארץ־ישׂראל און וועט מאַכן אירע בעסטע באַמיִונגען צו פֿאַרלייכטערן דאָס דערגרייכן דעם ציל. דערביי ווערט קלאָר פֿאַרשטאַנען, אַז קיין שום זאַך וועט נישט געטאָן ווערן וואָס קאָן אָנרירן די ציווילע און רעליגיעזע רעכט פֿון די עקזיסטירנדיקע נישט־יידישע געמיינדעס אין ארץ־ישׂראל, אָדער די רעכט און דעם פּאָליטישן סטאַטוס, וואָס יידן האָבן אין אַנדערע לענדער".

מיר, ציוניסטן, האָבן דעמאָלט געוווּסט, אַז דער דאָזיקער דאָקומענט איז אַ קאָמפּראָמיס. דער באַקאַנטער בריטישער שטייגער צו זיין וואָקלדיק ביים מאַכן צוזאָגן, האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זאָל נישט אויסגעדריקט ווערן קיין קלאָרע שטיצע פֿאַר אונדזערע אַספּיראַציעס. אָבער דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אין דער מאָדערנער געשיכטע, ווען אַ גרויסמאַכט האָט דעקלאַרירט איר אָנער־קענונג, הגם אַ היפּש ביסל פֿאַרדרייט, פֿון די רעכט פֿון יידישן פֿאָלק ווידער אויפֿצוריכטן זיין נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט אין ארץ־ישׂראל. פֿאַר וואָס די ענגלענדער זענען געגאַנגען אַזוי ווייט, קאָן נישט דערקלערט ווערן פּשוט. די מאָטיוון זענען געווען פֿאַרפֿלאָנטערטע, און צייטנווייז אויך סתּירותדיקע.

די ענגלענדער זענען געווען פֿאַראינטערעסירט צו געווינען די יידישע שטיצע אין אַמעריקע און אין רוסלאַנד פֿאַר דער מלחמה קעגן דייטשלאַנד און די אַנ־דערע „אַקס"־מלוכות. אַ טייל ענגלענדער האָבן אויך געגלויבט, אַז עס דאַרף געגעבן ווערן די יידן אַ געוויסע אַנטשעדיקונג פֿאַר דעם אַנטיסעמיטיזם, פֿון וועלכן אויך גרויס־בריטאַניע איז נישט געווען אין גאַנצן פֿריי. און עס זענען אויך געווען אַזעלכע אין דער ענגלישער רעגירונג און מחוץ די רעגירונגס־קרייזן, וועלכע האָבן סימפּאַטיזירט מיטן ציוניזם אַלס אַן אידעאַל. אָט די אַלע טעמים זענען דאָ געווען צוזאַמענגעמישט, און נאָך מער. אָבער אין באַזונדערן פֿאַקט

באַשטעטיקט די געשיכטע אָן וואַקלענישן: אָן חיים ווייצמאַנען, וועלכער האָט באַצויבערט, איינגערעדט, אינסטרויִרט, איבערצייגט און געמאַכט אַ דרוק אויף די מיניסטאָרן פון דער בריטישער רעגירונג, וואָלט נישט געווען קיין באַלפור־דעקלאַראַציע.

מיר האָבן געהאַלטן אין יענע טעג ביי אַזאַ לאַגע, ווי מיר וואָלטן ווי נאָר מעגלעך זיך דערנענטערט צו דעם, וועגן וואָס טעאָדאָר הערצל האָט געחלומט: צו אַ „טשאַרטער" פאַר ארץ־ישׂראל. אין דעם זין האָבן מיר דערגרייכט דאָס, אויף וואָס מיר האָבן געוואַרט און געאַרבעט דערפאַר. די דעקלאַראַציע האָט גע־געבן אַ קלאָרע פאָרם די שטרעבונגען, וועלכע מיר האָבן דעמאָלט געהאַט. זי האָט אָנגעצייכנט אונדזער פּאָליטישן פּראָגראַם.

אַז די באַלפור־דעקלאַראַציע איז געווען בלויז אַ דאָקומענט, וואָס האָט גע־קאָנט זיין אויסגעשטעלט אויף אַ גאַנצער ריי פאַרשידענע אינטערפּרעטאַציעס, איז פאַרשטאַנען געוואָרן קלאָר דורך די, וועלכע האָבן געהאָלפן, אַז זי זאָל געבוירן ווערן: חיים ווייצמאַן, נחום סאָקאָלאָוו, לואי בראַנדייס און אַנדערע. נישט גע־קוקט אויף דעם האָט די דעקלאַראַציע אָנגעזאָגט פאַר זייער אַ סך יידן אין דער וועלט די גרויסע בשׂורה וועגן די ערשטע פּעמי המשיח, די טריט פון משיחן. די מלחמה — דער ערשטער וועלטקריג — וואָס איז ביז דעמאָלט געפירט גע־וואָרן בלויז פאַר „ראַטעווען די וועלט פאַר דעמאָקראַטיע", האָט מיט דער באַל־פור־דעקלאַראַציע באַקומען אַ ספּעציעלע באַדייטונג פאַרן יידישן פאָלק. יידן האָבן איצט געהאַט זייער אייגענעם גרויסן אינטערעס אין דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה. מיר האָבן דאַן נישט פאָרויסגעזען דעם לאַנגן, ביטערן קאַמף, וואָס האָט אונדז דערוואַרט. אונדז, ציוניסטן, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אויב מיר וואָלטן נאָר געקענט פאַרזיכערן ארץ־ישׂראל פאַר די ענגלענדער, וועט קומען אַ סוף צו אונדזערע צרות.

פּרעזידענט ווילסאָן איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג עטלעכע טעג פריִער, איידער איך וואָלט געקאָנט אויספירן מיין פּלאַן אָנצושליסן זיך אין דעם יידישן לעגיאָן צו קעמפן צוזאַמען מיט דער בריטישער אַרמיי פאַר דער באַפרייונג פון ארץ־ישׂראל. גראָד דעמאָלט בין איך גערופן געוואָרן צו דינען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

עטלעכע וואָכן פריִער, איידער איך בין גערופן געוואָרן אין דער אַמעריקאַ־נער אַרמיי, אין יאָר 1917, באַלד נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, איז אַראָפּגעקומען פון מאָנטרעאָל קיין ניו־יאָרק אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען דזשאָו ברייניןָ. זיין מיסיע איז געווען צו רעקרוטירן פרייוויליקע פאַרן יידישן לעגיאָן. צווישן אונדז האָט זיך גלייך פאַרבונדן אַ פריינדשאַפט, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן נאָר דורך זיין טויט, אָנהויב יאָר 1970. איך קען ביז איצט זיך נישט צוגעוווינען צו דעם געדאַנק, אַז ער איז מער נישטאָ.

דזשאָו ברייניןָ האָט געהאַט אַ קאָלירפול לעבן. ער איז געבוירן געוואָרן אין ווין, דערצויגן געוואָרן אין בערלין, שווייץ און בעלגיע, און אַלס אַ יונגערמאַן האָט ער זיך באַזעצט אין קאַנאַדע. זיין פאָטער, ראובן ברייניןָ, איז געווען איינער

פֿון די אָנגעזעענסטע העברעיִשע שריפֿטשטעלער פֿון זײַן צײַט, און אײנער פֿון די, װעלכע האָבן אַממײסטן מאָדערניזירט דעם העברעיִשן סטיל. אָבער װי דער רוב פֿון די העברעיִשע שרײַבער, האָט ער געמאַכט אַ לעבן פֿון יידישן זשורנאַ־ליזם. דאָס איז געװען שטאַרק כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער צײַט, װען העברעיִש האָט געקעמפּט צוריק צו װערן אַ גערעדטע שפּראַך בײַ יידן.

דזשאָו ברײנין האָט נישט „געירשנט" פֿון זײַן פֿאָטער, נישט די העברעיִשע שפּראַך און נישט יידיש. זײַנע שפּראַכן זענען געװען פֿראַנצויזיש, דײַטש און ענגליש. אין דער ענגלישער שפּראַך האָט ער געהאַט אַן אױסגעצײכנטן סטיל. דעם גרעסטן טײל פֿון זײַן לעבן האָט ער פֿאַרבראַכט אין אַמעריקע, אָבער ער איז פֿאַרבליבן ביז צום סוף, אַן אײראָפּײער אין האַרצן, מיט דער פֿײַנשמעקערײ — װי מיר זאָגן אין יידיש — מיט זײַן דעליקאַטן, עסטעטישן געשמאַק און מיט דעם װינער סאַלאָן־טאָן.

װען ער איז דעמאָלט געקומען קײן ניו־יאָרק, האָט ער זיך פֿאַרבונדן מיט נאָך צװײ מענטשן, מיט װעלכע ער האָט צוזאַמען געשאַפֿן אַ װוּנדערלעכן טריאָ אין יידישן לעגיאָן. דער ערשטער איז געװען גרשון אַגראָנסקי פֿון פֿילאַדעלפֿיע, װעלכער איז דעמאָלט געװען דער רעדאַקטאָר פֿון „דאָס יידישע פֿאָלק", אַ „יידי־שער שותּף" פֿון ענגלישן „מאַקאַביען" — װי איך האָב שוין באַמערקט פֿריִער. גרשון אַגראָנסקי האָט גאָר פֿרי זיך באַזעצט אין ארץ־ישׂראל און האָט געגרינ־דעט די „פּאַלעסטײן פּאָסט", איצט „דזשערוזאַלעם פּאָסט", ישׂראלס אײנציקע ענגלישע טאָגצײַטונג. ער האָט זיך דערװאַרט צו װערן דער ראש־העיר, דער בירגערמײסטער פֿון ירושלים אין מדינת ישׂראל. דער צװײטער איז געװען לואי פּישער, אױך פֿון פֿילאַדעלפֿיע. ער איז געװען אַ העברעיִשער לערער און איז געװאָרן אַ באַרימטער אױסלענדישער צײַטונג־קאָרעספּאָנדענט. אַ צײַט לאַנג איז ער שטאַרק פֿאַרכאַפּט געװאָרן פֿון דער רוסישער רעװאָלוציע. דזשאָו ברײנין האָט זיך געװאַקלט צװישן ציוניזם, קאָמוניזם, זשורנאַליזם און װידער אַ מאָל צוריק.

איך בין געװען באַפֿרײַנדעט מיט אַלע דרײַ פֿון זײ, אָבער צום מערסטן האָב איך זיך צוגעבונדן צו דזשאָו ברײנינען, װעלכער האָט זײַן גאַנץ לעבן מיך געפּײניקט מיט דעם, אַז ער האָט שיִר נישט פֿאַרגאָסן זײַן בלוט פֿאַר דער באַ־פֿרײַונג פֿון ארץ־ישׂראל. איך געדענק װי איך בין געזעסן אין קעמפּ הענקאָק, קורץ נאָך דעם װי מען האָט מיך אַרײַנגענומען אין דער אַמעריקאַנער אַרמײ, און האָב שיר נישט געפּלאַצט פֿון קינאה, װען איך האָב געלײענט אין די יידישע צײַטונגען: „ברײנינס זין פֿליִען איבער חיפֿה און װאַרפֿן באָמבעס". דאָס האָט מען געמײנט דזשאָו און זײַן ברודער מאָע.

עס איז נישטאָ קײן היסטאָרישער דאָקומענט, װאָס זאָל עדות זאָגן, אַז סײ דזשאָו און סײ מאָע זאָלן האָבן װען־עס־איז אָפּגעפֿײערט כאָטש אײן שאָס אין דער ערשטער װעלט־מלחמה. דאָס זעלבע איז געװען מיט די צװײ אַנדערע בראַװע סאָלדאַטן פֿון יידישן לעגיאָן אין ארץ־ישׂראל, דוד בן־גוריון, שפּעטער דער ערשטער פּרעמיער־מיניסטער פֿון ישׂראל, און יצחק בן־צבי, דער צװײטער מדי־

נה־פּרעזידענט פון ישׂראל — הגם זיי האָבן געמאַכט העלדישע בײַשטײַערונגען צו דער מלחמה אין אַנדערע ריכטונגען.

מיט דעם זעלבן דרך־ארץ פאַר געשיכטע מוז איך פאַרשרײַבן, אַז מײַן אייגענע מיליטערישע קאַריערע איז אויך נישט געווען איבעריק העראָיִש. אָבער בעת מײַנע חברים־ציוניסטן זענען לכל־הפּחות געווען אויפן אָרט, ווען ארץ־ישׂראל איז באַפרײַט געוואָרן, האָב איך זיך געפונען אין קעמפּ הענקאָק, אין דזשאָרדזשיאַ. פון דעסטוועגן האָב איך געמאַכט מײַן קליינע בײַשטײַערונג פאַר אונדזערע יידישע ענינים. גאָר גיך נאָך דעם ווי אונדזער מיליטערישע אָפּטיילונג איז געהעריק צונויפגעשטעלט געוואָרן, האָט מען אונדז אַרויסגעפירט אין פעלד, כּדי אונדז אויסצולערנען וואָס סאָלדאַטן דאַרפן יאָ טאָן, און נישט טאָן, ווי אַזוי זיי דאַרפן זיך יאָ אויפפירן און נישט אויפפירן. דער ערשטער לייטענאַנט, וועמען די דאָזיקע אויפגאַבע איז אָנפאַרטרויט געוואָרן, האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר דאַרפן שטענדיק סאַלוטירן די בריטישע פאָן, די פראַנצויזישע פאָן און די פענער פון אַלע אַנדערע אַליאירטע. ווען עס איז געקומען די צייט צו קענען שטעלן פראַגן, האָב איך אויפגעהויבן די האַנט און געפרעגט גאַנץ אומשולדיק: „און וואָס איז וועגן דער יידישער פאָן?"

ס'איז נישט געווען קיין שפּאַס אין מײַן פראַגע. נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און נאָך דער גרינדונג פון יידישן לעגיאָן, האָב איך, ווי טויזנטער אַנדערע יידן, געגלויבט, אַז מיר ווערן איצט פאַררעכנט צווישן די אַליאירטע. אַלס ענטפער אויף מײַן פראַגע האָבן עטלעכע טוץ איירישע (איך ווייס נישט, פאַר וואָס איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז זיי זענען אַלע אירלענדער) ספּאָנטאַן אַרויסגענומען דאָלאַר־באַנקנאָטן און אָנגעהויבן פאָכען מיט זיי, צו מײַן שטאַרקער צעטומלונג און אויפרעגונג.

דער לייטענאַנט (איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז ער איז געווען אַ פּראָפעסאָר פון פּענסילוואַניע־אוניווערסיטעט) האָט מיך אַרויסגערופן אין פראָנט און האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל דערקלערן מײַן שטאַנדפּונקט פאַר די אַנדערע סאָלדאַטן. איך האָב דאָס געטאָן מיט ענטוזיאַזם, און אויך מיט אַ געוויסער מאָס פון אָראַטאָרישקייט, ווי אַ שוין אויסגעפרווּוטער רעדנער. איך האָב דערציילט די סאָלדאַטן וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וועגן יידישן לעגיאָן, וועגן אונדזער צוריקגעווינען אונדזער אור־אַלט היימלאַנד. ווען איך האָב געענדיקט מײַן רעדע, האָט דער לייטענאַנט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז שטענדיק, ווען אַן אַמעריקאַנער סאָלדאַט וועט פאַרבײַגיין די יידישע פאָן — וואָס איך האָב געשילדערט גענוי, ווי אַזוי זי זעט אויס — דאַרף ער זי סאַלוטירן פּונקט אַזוי, ווי ער סאַלוטירט די אַמעריקאַנער פאָן און די פאָן פון יעדער אַנדערער אַליאירטער מלוכה.

איך האָב זיך געפילט גאָר געהויבן פון דעם היסטאָרישן באַשלוס, און האָב גלײַך אַוועקגעשיקט אַ לאַנגן באַריכט צו א. ה. פראָמענטאָן, דעם פּרעסע־פאַרשטייער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מיט דעם אויספיר, אַז די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט אָנערקענט די יידישע מדינה. פראָמענטאָן איז געווען טיף גערירט דערפון, אַזוי ווי איך. און ער האָט אַרויסגעגעבן אַ קאָמוניקאַט, פּראָקלאַ־

מירנדיק דעם דאָזיקן גרויסן פּאָליטישן נצחון, ווי אַ וויכטיקע נייעס פאַר דער גאַנצער וועלט, וואָס האָט אַוודאי אויפגענומען די ידיעה מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

צוויי יאָר שפּעטער, ווען איך בין שוין לאַנג געהאַט אַרויס פון דער אַרמיי, איז אַריינגעפאַלן אין מיינע הענט אַן ענגליש־יידישע צייטונג אונטערן נאָמען „דזשויִש מעסענדזשער אָוו שאַנכאַי״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַ מאַן, וועלכער האָט געהייסן בן־עזרא. דער „דזשויִש מעסענדזשער אָוו שאַנכאַי״ איז דערשינען „פון צייט צו צייט״, ווי עס איז דאָרט געווען אָנגעגעבן. האָב איך דאָרט געפונען באַשריבן אויף אַ גאַנצער ערשטער זייט, ווי דאָס וואָלט געווען די סאַמע לעצטע נייעס, די געשיכטע פון אונדזער אָנערקענונג אין קעמפּ הענקאָק.

עס האָט געדויערט צוויי יאָר, ביז די דאָזיקע גוטע בשורה האָט זיך דער־טראָגן צו די יידן אין כינע!

אין דער אַרמיי בין איך פאַרבליבן אָנדערהאַלבן יאָר. איך האָב זיך באַטיי־ליקט אין אָפּעראַציעס אויף אַ גאַנצער ריי פראָנטן. קיין איינער פון זיי איז נישט געווען צו־ווייט פון קעמפּ הענקאָק, אין דזשאָרדזשיאַ. איין טאָג האָט מען אַנט־דעקט, אַז איך קען שרייבן אויף אַ מאַשין. באַלד בין איך דערהויבן געוואָרן צום ראַנג פון קאָרפּאָראַל און מען האָט מיך באַשטימט פאַר אַן אָרדינאַנס פון איינעם פון די מיידזשאָרס אין אונדזער קעמפּ. מיינע זייטיקע פליכטן זענען געווען צו פוצן זיינע שטיוול און האַלטן ריין זיין קאַבינעט. ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט פוצן און רייניקן פלעגט דער מיידזשאָר מיר אָנהייבן דיקטירן דעם באַפעל פון טאָג.

דער גרעסטער טייל פון אָט די באַפעלן זענען, נאָך אַלעמען, געווען קאָמפּלי־צירטע ליטעראַרישע שאַפונגען, וואָס האָבן שטענדיק זיך אָנגעהויבן מיט אַ דערקלערונג וועגן דעם ציל פון דער מלחמה און האָבן זיך געענדיקט מיט אַ רוף צו יעדן איינעם צו טאָן זיין פליכט. ביי יעדן אַזאַ סעאַנס האָט דער מיידזשאָר געשפּרייזט אַן אויפהער אַהין און צוריק איבערן צימער, פאַרזונקען אין טיפע מחשבות, ווי ער וואָלט געדאַרפט איבערשרייבן די אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע. איין טאָג האָב איך אים געזאָגט: „סער, איר דאַרפט מיר נישט דיקטירן. איך ווייס, וואָס איר ווילט מיר זאָגן. איך קאָן עס אַליין טאָן״. דאָס איז געווען דער סוף פון מיין זיין אַ קאָרפּאָראַל. איך בין דעגראַדירט געוואָרן. מיינע בענדלעך פון אַ קאָרפּאָראַל זענען אַראָפּגענומען געוואָרן און איך בין צו־ריקגעשיקט געוואָרן אין מיין אָפּטיילונג מיט בזיון, ווי אַ פּשוטער סאָלדאַט.

דאָס איז אָבער בשום אופן נישט געווען דער סוף פון מיין מיליטערישער קאַריערע, ווייל די מלחמה האָט זיך נאָך נישט געהאַט געענדיקט. איין טאָג בין איך גערופן געוואָרן צום קאַפּיטאַן. ער האָט געגעבן אַ ביל אויף מיר (אין דער אַרמיי ווערן מינדלעכע באַפעלן נישט געגעבן אין דער געוויינלעכער שפּראַך): „איר וועט אַוועקפאָרן קיין ניו־יאָרק אין פאַרלויף פון אַכט און פערציק שעה צו האַלטן רעדעס וועגן „ליבערטי באָנדס״ (דאָס איז געווען די רעגירונגס־הלוואה בעתן ערשטן וועלטקריג און דער באַפעל האָט געמיינט, אַז איך וועל דאַרפן האַלטן רעדעס מען זאָל קויפן די באָנדס).

במשך פון פיר שעה בין איך שוין געווען אויסערן קעמפּ. און די עטלעכע שעה האָב איך אָממייסטן אַוועקגעגעבן אויף פאַרהאַנדלונגען מיטן סערזשאַנט, וואָס האָט געהאַט די אויפזיכט איבער דער מיליטערישער אויסשטאַטונג. איך האָב געזאָרגט וועגן דעם איך זאָל אויסזען שענער. מיין איבערקלייבערישקייט אין מלבושים איז שוין דעמאָלט געווען הויך אַנטוויקלט און איך בין לחלוטין נישט געווען צופרידן פון דער שניידערשער קונסט אין קעמפּ הענקאָק. אין אַלגע־מיין זענען די אַמעריקאַנער מיליטערישע אוניפאָרמען אין ערשטן וועלטקריג — איך רעד וועגן די מונדירן פון די געוויינלעכע סאָלדאַטן — נישט געווען דאָס לעצטע וואָרט פון סטיל און מאָדע, און מען האָט געקאָנט מאַכן אַ סך פּערזענ־לעכע אויסבעסערונגען. דאָס איז געווען שווער צו טאָן. דערפאַר אָבער, ווייל איך האָב געדאַרפט אויפטרעטן פאַר אַ ציווילן עולם אַלס דער באַפולמעכטיקטער פאַר־שטייער פון די אַרמיי־כּוחות, איז דער סערזשאַנט פון דעסטוועגן געווען גרייט נאָכצוגעבן צוויי פון מיינע באַשיידענע פאָדערונגען: ערשטנס, הויכע שיינע שטיוו־לעטן. און צווייטנס — אַ קליין היטל, וואָס מען טראָגט אויף אַ פּאַראַד, אַנשטאָט דעם געוויינלעכן ברייטן באַשליק. די ביידע זאַכן האָט ער מיר געגעבן מיטן באַ־דינג, אַז איך זאָל זיי האַלטן אין מיין אַנגעשטאָפּטן רוקזאַק, ביז איך וועל קומען קיין ניו־יאָרק. מיין רייזע איז אַראַנזשירט געוואָרן דורך דער יידישער סעקציע פון דעם קאַמפּיין פאַר „ליבערטי באָנדס" און איז געווען באַשטימט אויף זעקס וואָכן צייט, צו האַלטן די רעדעס. מען האָט מיר צוגעשטעלט אַ שיין און פּאַטריאָ־טיש מיידל פון דער מאָטאָר־אָפּטיילונג, און זי האָט מיך אַרומגעפירט אין אַ מיליטערישן וואָגן.

עס איז געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַן אַ באַזוך אין ציוניסטישן ביוראָ אין ניו־יאָרק אין מיינע הויכע שטיוולעטן האָב איך זיך נישט געקאָנט באַגיין. דאָס ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַ גרויסער דירה אויפן פינפטן שטאָק, אויף 55 פינפטע עוועניו — דאָס איז גע־ווען אַ גאַנצע „סדרה" פון „פינפן", אין וועלכער די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט „גימטריה", האָבן אַריינגעלייגט פאַרשיידענע כּוונות. פון איין זייט איז געווען אַ לאַנגער קאָרידאָר און פון דער צווייטער זייט האָבן זיך געפונען די קאַנצעלאַריעס פון די העכערע באַאַמטע. אין מיטן, אין סאַמע צענטער, זענען ווי אין אַ שטייג געזעסן די געוויינלעכע ביוראָ־אַנגעשטעלטע, און דאָס הויפּטאָרט איז אַוועקגעגעבן געוואָרן פאַר דער מיטגלידערשאַפט־אָפּטיילונג. מיט דער אָפּטיילונג האָט אָנגע־פירט אַ מאַן, וועלכער האָט געטראָגן דעם בּכבודיקן נאָמען מערווין אייזיקס. דער דאָזיקער נאָמען פלעגט מיך שטאַרק פאַרדריסן. ער האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו זיין אָנגעבלאָזן און געקינצלט. מערווין איז נישט געווען קיין מחותּן מיט אייזיקס. נאָך מער — איך האָב נישט ליב געהאַט דעם פאַרשוין, וואָס האָט זיך אַזוי אָנגע־רופן. ער איז געווען דער מוסטער פון אַ קליינעם ביוראָקראַט, וואָס האָט געקוקט אויף זיך אַליין אומגעהויער ערנסט. צום אומגליק האָב איך געדאַרפט דורכגיין דורך זיין קליינער אימפּעריע, בכדי צו מאַכן דעם פייערלעכן אַריינמאַרש אין לואי ליפסקיס קאַבינעט. און אַזוי אַרום בין איך געווען געצוווּנגען זיך אָפּצו־

שטעלן ביי דעם פּאַרשוין, אָפּגעבן אים אַ שלום־עליכם און רעדן מיט אים אַ פּאָר נאַרישע ווערטער.

נעבן אייזיקסן איז געזעסן אַ שיין, זיס מיידל מיט טונקעלע האָר, פֿיין געקליידט. דאָס איז געווען זיין סעקרעטאַרין. נעבן אייזיקס טיש בין איך געבליבן שטיין אַ ביסל לענגער, ווי איך האָב געהאַט בדעה דאָס צו טאָן. איך האָב אויך דערוואַרט, אַז מיין מיליטערישער מונדיר זאָל מאַכן עפּעס אַן איינדרוק. ביי דעם אַלעם האָב איך זיך אַליין געוווּנדערט ווי אַזוי איך האָב דעם גאַנצן ענין פֿאַרוואַנדלט אין אַ געשעעניש, וואָס איז מער פֿון אַ פּשוטער באַגעגעניש, וואָס לויפֿט פֿאַרביי גיך און אומבאַמערקט. קורץ — מיט אַ מאָל האָב איך אַ זאָג געטאָן צו דעם מיידל: „צי קען איך אייך איינלאַדן אויף לאַנטש?"

מערווין אייזיקס האָט זיך אונטערגענומען צו ענטפֿערן פֿאַר איר. מיט אַן אויסדרוק פֿון חוזק האָט ער מיר געגעבן אַן עצה: „פֿאַרלירט בעסער נישט אומזיסט אייער צייט. זי וועט אַפֿילו נישט רעדן מיט אייך".

ביז אַ געוויסן פּונקט איז ער געווען גערעכט. אָבער נאָך פֿיר און אַ האַלב יאָר פֿון כּסדרדיקע און אומדערמידלעכע באַמיִונגען, וואָס איך האָב אויף קיין רגע נישט אָפּגעלאָזן, האָט זיך מיר איינגעגעבן צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד פֿון דעם מיידל, און זי האָט חתונה געהאַט מיט מיר. איר נאָמען איז שירלי הירשפֿעלד. זי איז עס געווען דאָס קליינע מיידעלע, וואָס פֿלעגט זיצן אויף די קני פֿון איר זיידן, אין דרויסן פֿאַר דער מקווה אויף קענאַן־סטריט, ווו עס איז געווען מיין ערשטע היים אין אַמעריקע.

מיין מיסיע פֿאַר דעם קאַמפּיין פֿאַר „ליבערטי באָנדס" האָט זיך געדאַרפֿט פֿאַרענדיקן עטלעכע טעג פֿאַר ראש־השנה. איז מיר איינגעפֿאַלן, אַז ווי באַלד איך בין שוין אין ניו־יאָרק, וואָלט עס געווען נאַריש פֿון מיין זייט, איך זאָל נישט פֿאַרברענגען די ימים נוראים מיט מיין משפּחה. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב דערפֿאַר געדאַרפֿט האָבן, איז געווען אַ דערלויבעניש פֿון דער אַרמיי. האָב איך טעלעגראַפֿירט צו דער הויפּטקוואַרטיר פֿון קעמפּ הענקאָק אין דזשאָרדזשיאַ: „מען דאַרף מיך דאָ האָבן אויף נאָך אַ פּאָר טעג. אויב איך וועל נישט הערן פֿון אייך, אַז איר זענט קעגן דעם, וועל איך אָננעמען, אַז די פֿאַרלענגערונג איז „אָ־קעי". איך האָב גאָרנישט געהערט פֿון קעמפּ הענקאָק, ביז איך בין צוריקגעקומען אַהין מיט צען טעג שפּעטער.

די אויפֿנאַמע פֿאַר מיר איז געווען אַ וואַרעמע, אָבער נישט קיין האַרציקע. פֿאַקטיש האָט מיין סערזשאַנט זיך באַצויגן צו מיר מיט דער געוויינלעכער מיליטערישער רוטינע. אָבער באַלד האָט ער גענומען שרייען: „ווו, צום טייוול, זענט איר געווען?" איך האָב זיך געמאַכט כּלא־ידע, און האָב אים געענטפֿערט: „איך האָב אייך געשיקט אַ טעלעגראַמע". דאַן האָט אויף זיין פּנים זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פֿון שטאַרקער צערודערונג און איך האָב נישט געקאָנט דערגיין, צי ער האַלט מיך פֿאַר אַ שווינדלער, אָדער פֿאַר אַן אידיאָט. ביסלעכווייז האָט ער צוריקגעקראָגן דאָס לשון און אין אַ צען־מינוטיקער רעדע אויף דער מיליטערישער שפּראַך האָט ער מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז איך בין ביידע.

איך בין געשטאַנען און האָב אויסגעהערט, אַ דערשלאָגענער. צי האָב איך געקענט טאָן עפּעס אַנדערש? ווען ער האָט זיין רעדע פאַרענדיקט מיט אַ פּאָר־צווייפלטן אויסגעשריי: „טראָג זיך אָפּ פון דאַנען, טיפּש איינער" — האָב איך אין איין רגע געמאַכט דעם אמתן „ויברח".

אין גיכן איז געוואָרן וואָפנשטילשטאַנד, אָבער עס האָט נאָך געדויערט פינף חדשים ביז איך בין דעמאָביליזירט געוואָרן. דאָך האָב איך נישט געהאַט קיין לאַנגווייליק לעבן. סוף־וואָך פלעגן מיר, יידישע בחורים, אַוועקפאָרן אין שכנות־דיקן שטעטל עיקען, סאַוט קאַראָלאַינאַ, ווו עס האָט זיך געפונען אַ גאַנץ לעבעדיקע יידישע קהילה, וואָס האָט מיך אויף אַ משונהדיקן אופן דערמאָנט אין קיקל. אין דעם שטעטל האָט מען אונדז גוט אויפגענומען. מען פלעגט אונדז פאַרבעטן אין יידישע היימען. ווען מיר זענען שבת געגאַנגען דאַווענען אין שול, פלעגט מען אונדז אויפרופן צו קריאת־התורה. מיר זענען געווען דערפאַר שטאַרק דאַנקבאַר און איך האָב באַשלאָסן עפּעס צו טאָן פאַר דער קהילה. איך האָב אָרגאַניזירט אַ סאָלדאַטסקן כאָר צו זינגען שבת אין שול. דאָס איז נישט געווען שווער צו אַראַנ־זשירן, ווייל אין קעמפּ הענקאָק האָבן מיר געהאַט אַן ערך טויזנט יידישע בחורים. אונדזערע אויפטריטן זענען געווען אַ ריזיקער דערפאָלג. אַלע האָבן הנאה געהאַט, מיטן אויסנאַם פון חזן, וואָס איז אויך געווען דער שמש, דער שוחט און דער מוהל, און אַ שטיקל רב דערצו. אַ חוץ דעם האָט ער אויך געפירט אַ שפּייזקראָם. מיר האָבן אים געגעבן קלאָר צו פאַרשטיין, אַז זיין טאַלאַנט ליגט אין זיין שפּייזקרעמל.

מיין לעצטער גרויסער אויפטו אין דער אַרמיי איז געווען אַ „טענקס־גיווינג"־פייערונג. איך בין מאָביליזירט געוואָרן צו אָרגאַניזירן די פייערונג פאַר אונדזער באַטאַליאָן. איך האָב גערן איינגעשטימט דאָס צו טאָן, אָבער איך האָב געזאָגט מיין סערזשאַנט, אַז איך דאַרף דערפאַר האָבן אַ פערד: „איר ווייסט, איך וועל דאַרפן אַרומפאָרן, און ס'איז אַ גאַנץ גרויסער קעמפּ". איך האָב געקראָגן אַ פערד. און ווייל איך בין געוואָרן שטאַרק צוגעבונדן צו אים, האָב איך באַשלאָסן צו האַלטן אים נאָך אַ פּאָר טעג שפּעטער, נאָך דער פייערונג. פאַר דעם דאָזיקן קליינעם „חטא" האָב איך פאַרלוירן דעם גאַנצן דאַנק און די גאַנצע אָנערקענונג, וואָס זענען מיר געקומען פאַר אָרגאַניזירן די פייערונג. מיין סערזשאַנט האָט מיך גערופן צו זיך און נישט דאַנקנדיק מיר מיט קיין איין וואָרט פאַר מיין בריליאַנ־טענעם אויפטו, האָט ער מיר קאַלט אַ זאָג געטאָן: „פּרייוועט ווייסגאַל, איך פאַר־שטיי, אַז איר האָב ליב פערד". — „יאָ, סער" — האָב איך געענטפערט. — „וועט איר גיין אין שטאַל אַריין און איר וועט רייניקן די פערד אין די קומענדיקע דריי טעג".

דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער עונש. איך האָב זיך אין גאַנצן נישט אויס־געטויגט צו האָבן צו טאָן מיט חיות. איין טאָג אין שטאַל איז גענוג, אַז איך זאָל אַוועקפאַלן אין חלשות. איך בין אַוועקגעגאַנגען אויף דער נאַכט צו ראַביי לעאָן ספּיץ, פון דעם לאָקאַלן „דזשויִש וועלפעיר באָרד". איינגעהויקערט אין דרייען פון מיינע שרעקלעכע מאָגן־קראַמפּן, האָב איך אים דערקלערט די לאַגע. „ראַביי ספּיץ" — האָב איך געקרעכצט — „זיי רודפן דאָ יידן. איך שטאַרב דאָ טויזנט מאָל אַ טאָג".

דער גוטער ראַביי איז צומאַרגנס אין דער פֿרי אַריבערגעקומען אין קעמפּ און מען האָט מיר געגעבן אַ נייע פֿונקציע: איך בין באַשטימט געוואָרן פֿאַר ספּע־ציעלער דינסט, טאַקעביים „וועלפֿעיר באָרד". און ווען איך האָב שוין געהאַט איבערגענומען מיין נייע אַרבעט, איז אָנגעקומען אַ באַפֿעל, אַז אונדזער גאַנצע אָפּטיילונג זאָל זיך אַריבערקלייבן אין צפֿון ערב דער דעמאָביליזאַציע. מיין אָפּי־ציר, ווען עס איז לחלוטין נישט געפֿעלן געוואָרן די געשיכטע מיט מיין באַ־פֿרייט ווערן פֿון דער דינסט אין פֿערדשטאַל, האָט דערזען אַ געלעגנהייט זיך אָפּ־צורעכענען מיט מיר. ער האָט מיך אַריינגערופֿן און מיר מיטגעטיילט: „פּריוועט וויסגאַל, ווייל איר זענט באַשטימט געוואָרן פֿאַר אַ ספּעציעלער פֿונקציע, איז אייער נאָמען נישט אַריינגענומען געוואָרן צווישן די אַנדערע, וואָס דאַרפֿן דעמאָ־ביליזירט ווערן".

איך האָב געהאַלטן, אַז דאָס האָט ער מיר אָפּגעטאָן אַ מיאוס שפּיצל און אַז אַרום און אַרום איז עס אַ גרויסער סקאַנדאַל. האָב איך געמאַכט אַ געוואַלד, וואָס מען האָט געהערט פֿון איין עק קעמפּ ביזן צווייטן. די רעזולטאַטן זענען געווען גוטע. עס איז אָנערקענט געוואָרן, אַז איך בין גערעכט מיט מיין פּראָטעסט. אָבער אַן אַרמיי האָט זיך אירע אייגענע משונהדיקע וועגן. מיין נאָמען איז נישט געווען אויף דער אָריגינעלער ליסטע פֿון די, וועלכע האָבן געדאַרפֿט דעמאָביליזירט ווערן און די ליסטע האָט מען שוין נישט געקאָנט ענדערן. גוט צי שלעכט — אַ באַפֿעל אין דער אַרמיי בלייבט באַפֿעל. מיין נאָמען איז דעריבער אַריינגעטראָגן געוואָרן אין אַ ספּעציעלער ליסטע, איינער אַליין. אָבער ווידער אַ מאָל — אַ באַפֿעל אין דער אַרמיי מיינט נישט אַלע מאָל אַקציע. מיין אָפּטיילונג האָט גע־וואַרט און געוואַרט און איז פֿאַרבליבן אין קעמפּ הענקאָק נאָך דריי לאַנגע חדשים. מיין אייגענע, פּריוואַטע, פּערזענלעכע און עקסקלוסיווע ליסטע איז צוגעגעבן גע־וואָרן צו אַן אַנדערער ליסטע, וואָס מען האָט געהאַלטן אין צונויפֿשטעלן. אין פֿאַר־לויף פֿון צוויי וואָכן בין איך שוין געווען אין צפֿון, אין קעמפּ דיקס. דאָרט האָב איך געהאָלפֿן דעמאָביליזירן אַנדערע און אַליין בין איך דעמאָביליזירט געוואָרן אין אָנהויב פֿון יאָר 1919.

אין מיין ערשטן טאָג אין ניו־יאָרק האָב איך שפּאַצירט אין מונדיר אויף דער פֿערצנטער גאַס, אין דער ריכטונג צו דער פֿינפֿטער עוועניו. ווען איך האָב זיך נאָר וואָס געהאַט אַריינגעדרייט אין עק זעקסטער עוועניו, האָב איך מיט אַ מאָל דערזען פֿאַר זיך לואי ליפּסקין. זיין באַגריסונג, מיט וועלכער ער האָט מיך באַ־געגנט, איז געווען זייער אַ קורצע: „וואָס צום טייוול, דרייט איר זיך אַרום פּוסט און פּאַס אין דעם מונדיר? פֿאַר וואָס גייט איר נישט צוריק אין ביוראָ און טוט עפּעס אַן אַרבעט?"

נו, דאָס איז נישט געווען אַזאַ וואַרעמער ברוך־הבא פֿאַר אַ מלחמה־העלד.

# 5. שפּאַלטונג און פּאַראייניקונג

באַלד נאָך דעם ווי איך בין אַרויס פון דער אַרמיי, האָבן מיר אין דער ווייסגאַל־משפּחה געהאַט עטלעכע יאָר פון פרייד און טרויער — נחת דערפון, וואָס אונדזער פאַמיליע האָט זיך אָנגעהויבן ווידער צונויפקומען, און אבלות נאָך די, וואָס זענען אַוועקגעגאַנגען אין דער אייביקייט. הגם איך אַליין בין שוין געווען טיף אין די צוואַנציקער יאָרן, אומאָפּהענגיק און אַמביציעז, איז מיר קיין מאָל נישט איינגעפאַלן צו לעבן ערגעץ אַנדערש, ווי אין דער היים, ביז איך האָב חתונה געהאַט.

מיר האָבן געהאַט אַ גרויסע משפּחה, און ביי אונדז אין דער היים איז געווען ענג. אָבער מיר האָבן געלעבט צוזאַמען און זיך געהאַלטן נאָענט איינער מיטן אַנדערן אין אונדזער וואַרעמער משפּחה־נעסט. מ׳האָט מיך געוואָלט האָבן ביי אונדז אין שטוב און איך האָב געוואָלט זיין אין דער היים. איך וואָלט פאַרשאַפט אַ סך עגמת־נפש מיין פאָטער, אויב איך וואָלט פאַרלאָזט די היים איידער איך האָב חתונה געהאַט. און איך בין געווען צוגעבונדן צו מיין פאָטער מיט אַ טיפן דרך־ארץ און ליבע.

ווען איך קוק איצט צוריק אויף יענע יאָרן, מיין איך, אַז די דאָזיקע באַציִונג צווישן מיין פאָטער און מיר איז נאָך מער פאַרטיפט געוואָרן אַ דאַנק דעם, וואָס דער טאַטע האָט אין דעם חינוך און אין דער האַנדלונג לגבי די קינדער נישט געמאַכט קיין שום פּשרות און האָט זיך אויפגעפירט מיט אונדז ביד חזקה. איך געדענק ווי ער האָט מיר דערלאַנגט אַ פּאַטש, ווען איך בין שוין געווען אַ היפּשער בחור. און איך האָב נישט געהאַט קיין טענות דערפאַר. דאָס איז געווען אין אַ שבת. דער טאַטע האָט נאָך דער שבתדיקער סעודה געכאַפּט אַ דרימל, אין אַ צימער נעבן דער קיך. אַ טשייניק וואַסער האָט געזידט אויף דער בלעך, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דעם פייער פון דער קיך, וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן ערב שבת און האָט געדאַרפט ברענען אַ גאַנצן מעת־לעת, בכדי נישט מחלל שבת זיין. פאַרבייגייענדיק די קיך האָב איך באַמערקט, אַז דער פלאַם איז אויסגעלאָשן געוואָרן. איך בין געווען זיכער, אַז דער טאַטע איז שוין פאַרזונקען אין אַ טיפן זיסן שלאָף; שבת פאַר מיטאָג האָט ער, אַלס חזן, געאַרבעט און זיך אָנגעשטרענגט מער, ווי אַ גאַנצע וואָך. איך האָב ראַפּטעם־גיך אָנגעצונדן אַ

שוועבעלע און דער פלאַם האָט ווייטער זיך אָנגעכאַפּט. איך האָב גאַרנישט געקאָנט צולאָזן די מחשבה, אַז דער טאַטע זאָל אויפשטיין פון זיין „שינה בשבת תענוג״ און נישט האָבן אַ גוט, געשמאַק גלעזל טיי.

אָבער דער טאַטע האָט געהערט און געזען. ער איז אויפגעשפּרונגען אויף די פיס און נאָך איידער איך האָב באַוויזן זיך אַרומצוקוקן און וויסן וואָס עס איז געשען, האָט ער מיך מזכּה געווען מיט דריי פייערדיקע פּעטש. איך האָב זיך גענומען פאַרטיידיקן, זעלבסטפאַרשטענדלעך בלויז מיט רייד. איך האָב זיך פאַרענטפערט, אַז איך האָב געמיינט איך בין דערמיט מקיים די מצווה פון כּיבוד־אָב, און אַז איך האָב אויך געהאַלטן, אַז עס איז פּיקוח נפש, וואָס איז דוחה שבת. סטייטש, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז דער טאַטע זאָל נישט האָבן אַ גלעזל טיי? זיין לעבן וועט, חלילה, זיין אין סכּנה. אַזוי האָב איך געזאָגט, ווייל זיין לעבן איז אָפּהענגיק פון זיין שטים.

„דו שייגעץ איינער!״ — האָט דער טאַטע זיך צעשריגן אויף מיר. אָבער איך האָב געקאָנט זען, אַז פון דעסטוועגן האָט ער הנאה פון דעם, וואָס איך האָב מיט אים איינגעטענהט. דאָך האָב איך אים פאַרשטאַנען. איך האָב עובֿר געווען אויף אַ זאַך, וואָס איז אים געווען טייער און וואָס ער האָט אָפּגעהיט מיט דער גאַנצער חומרה אַלע זיינע יאָרן — איך האָב מחלל שבת געווען!

אַלע האָבן מיר געהאַט אַזאַ געפיל אין אונדזער באַציִונג צום טאַטן. איך קאָן זיך דערמאָנען בלויז איין פאַל, ווען איינס פון אונדזערע קינדער האָט שטאַרק מצער געווען דעם טאַטן, הגם בשוגג. דער בעל־חטא איז געווען מיין עלטסטער ברודער אבא. און עס איז געווען אַריינגעמישט אַן ענין פון חזנישן שטאָלץ.

ווי דער לייענער וועט זיך דערמאָנען, האָט אבא פאַרלאָזט אונדזער היים־שטעטל קיקל, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן. נאָך דעם ווי ער איז אַ שטיקל צייט געווען דיריגענט פון דעם כאָר אין דער שול אין ניעשעווע, איז ער אַוועקגעפאָרן לערנען מוזיק אין דער קאָנסערוואַטאָריע אין ברעסלאַו און דערנאָך אין ווין. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער האָט געדינט אַלס אָפיציר אין דער עסטרייכישער אַרמיי, איז ער געוואָרן אַ חזן, דאָרט האָט מען עס גערופן קאַנטאָר — אין אייבעשיץ, אַ שטאָט אין בעהמען, וואָס איז געוואָרן באַרימט אַ דאַנק דעם גרויסן גאון, ר׳ יהונתן אייבעשיצער, אין אַכצנטן יאָרהונדערט.

אין יאָר 1921 איז אבא געקומען קיין אַמעריקע מיט זיין ווייב אַראַנקאַ און צוויי זין, הוגאָ און פרעדי. אַלע אונדזערע יאָרן אין אַמעריקע זענען מיר אין האַרצן פאַרבליבן קיקעלער, אָבער אבא, וואָס האָט זיך איצט שוין גערופן אַדאָלף (ער האָט זיך צוריק משנה־שם געווען, ווען היטלער איז אויפגעשטאַנען), איז באמת געוואָרן אָפּגעפרעמדט פון די דרכים פון אַ מזרח־אייראָפּעיִשן יידן, שוין נישט רעדנדיק וועגן אַ ייד פון קיקל. ער האָט נישט גערעדט יידיש, נאָר דייטש. און ער האָט אויסגעזען, זיך געקליידט און זיך געפירט ווי קייזער ווילהעלם.

אַזוי ווי דער טאַטע, האָט אויך אבא געשריבן מוזיק, און האָט געהאַט אַ הערלעכע שטים. אין ווין האָט ער זיך אַ ביסל פאַרנומען מיט אָפּערע און ער האָט שטאַרק געוואָלט עס ממשיך זיין אין אַמעריקע. מיין ברודער ליאָ האָט, נישט

וואַקלענדיק זיך קיין איין רגע, אים געגעבן געלט, ער זאָל ווייטער קאָנען לערנען מוזיק. בינו לבינו האָט אבא אָנגענומען אַלערליי שטעלעס אַלס חזן. און עס האָט פּאַסירט אַזוי, אַז איין מאָל איז ער אויף די ימים נוראים געוואָרן קאַנטאָר אין אַ רייכער סינאַגאָגע פון דייטשע יידן אין באַלטימאָר. בכדי מפרסם צו זיין די וויכטיקע שטעלע, וואָס ער האָט געקראָגן, האָב איך געפּועלט ביי מיין פריינד יעקב פישמאַן, דעם רעדאַקטאָר פון „מאָרגן־זשורנאַל", ער זאָל מכבד זיין אבאן אין זיין צייטונג מיט גאָר אַ פיינער „עליה".

מיט זיין אויסגעצייכנטער נגינה און מיט דעם אימפּאָנירנדיקן טעוטאָנישן סטיל האָט אבא זיך איינגעקויפט זיין גאַנצן עולם־הזה אַלס קאַנטאָר אין דער גרעסטער סינאַגאָגע אין באַלטימאָר, און נאָך זעכציק יאָר כּמעט איז ער דאָרט ווייטער שטאַרק מצליח. איך מיין, אַז ער איז דער איינציקער קאַנטאָר אין אַמע־ריקע, וואָס מיט דער פּראַכט פון זיין חזנות האָט ער באַוויזן אָוועקצורוקן אויפן צווייטן אָרט דעם ראַביי.

האָט פּאַסירט, אַז איינעם אַ טאָג, קורץ נאָך דעם ווי אבא איז געקומען קיין אַמעריקע, און מיר האָבן אַלע זיך שטאַרק משׂמח געווען, האָט דער טאַטע, זייענדיק להוט צו הערן אַ גוט וואָרט פון זיין זון, דעם אויסשטודירטן מוזיקער, אַרויסגע־נומען צוויי דיקע בענדער מיט זיינע אייגענע קאָמפּאָזיציעס און זיי דערלאַנגט מיין ברודער. אָבער ליידער האָט אבא נישט פאַרשטאַנען דעם רמז. איך מיין, אַז איידער ער האָט געקאָנט באַשליסן ביי זיך אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג, מיט וועלכער ער זאָל זיין פאַרפליכטעט, האָט אבא, מיט זיין דייטשער „פּינקטלעכקייט", גע־וואָלט אַריינקוקן טיפער אין טאַטנס קאָמפּאָזיציעס. איך האָב זיך דערפון געפילט אַזוי שטאַרק געטראָפן ווי דער טאַטע, און האָב שטילערהייט אַ זאָג געטאָן אבאן פאַר וואָס ער האָט זיך נישט אָנגערופן מיט קיין איין וואָרט וועגן דער מתּנה, וואָס דער טאַטע האָט אים געגעבן. אבאס ענטפער איז געווען: „מיינסטו נישט, אַז איך דאַרף פריִער אַריינקוקן אין דער מוזיק?" טיפּיש דייטש — אָבער בכּוונה, אָדער נישט, איז עס געווען אַ נישט פיינע האַנדלונג.

אבא האָט דאָס פאַרשטאַנען ערשט שפּעטער, ווען דער אַלטער גוטער גייסט פון קיקל האָט ווידער באַקומען אַ השפּעה אויף אים און ווען זיין דייטשמעריש־קייט האָט זיך אָנגעהויבן אויסוועפן פון אים.

מיין פאָטער איז נפטר געוואָרן, איידער ער איז אַלט געוואָרן זעכציק יאָר. ער האָט נישט דערלעבט צו זען ווי אַזוי מיין ברודער אבא האָט אויף פאַרשיי־דענע וועגן אָנגעהויבן צו מאָדערניזירן דעם טאַטנס קאָמפּאָזיציעס. אין די שפּע־טערדיקע יאָרן האָט אבא פאַרעפנטלעכט צוויי בענד פון טאַטנס מוזיקאַלישע ווערק.

להיפוך צו די ניגונים פון די בעלי־תּפילה פון מזרח־אייראָפּע, איז אבאס נוסח געווען שטאַרק באַאיינפלוסט דורך אַזעלכע באַרימטע חזנים, ווי סאַלאָמאָן זולצער און לואי לעוואַנדאָווסקי. ער האָט זייער זעלטן זיך דערלויבט דעם נחת צו באַנוצן די ניגונים פון, לאָמיר זאָגן, אַ זיינוול קוואַרטין, יאָסעלע ראָזענבלאַט, אָדער אַ מרדכי הערשמאַן, פאַר וועלכע עס גייען ממש אויס יידן פון אַלע קיקלס

אין דער גאַנצער וועלט. אבאס דייטש־יידישע באַלעבאַטים זענען געווען זייער צופרידן מיט דעם, וואָס זיי האָבן, איידל געראָפן, אבאס „כאָראַלע מוזיק״.

ביי געלעגנהייטן, ווען איך האָב פאַרבראַכט אַ סוף־וואָך אין באַלטימאָר, פלעג איך זיך אָפּזאָגן צו זיין שבת אין זיין שול, סיידן ער האָט מיר מבטיח געווען צו זינגען איינע פון מיין פאָטערס חזנישע קאָמפּאָזיציעס אין דעם אָריגינעלן נוסח, ווי דער טאַטע האָט זיי אָנגעשריבן. באַזונדערס האָב איך שטאָלצירט מיט דעם טאַטנס „קדושה״. דאָס האָט מיך צוריקגעפירט קיין קיקל און צום אָנדענק פון מיין פאָטער.

ECHOD HU ELOHENU

for cantor and mixed chorus (SATB) a cappella

Choral setting by ARNOLD CHAITMAN — ABBA YOSEF WEISGAL

Andante

CANTOR: E-chod hu_ E-lo-he-nu, hu,___ hu___ o-vi-nu,___

SOPRANO: hmm

ALTO: hmm

TENOR: hmm

די רעדער פון דעם אויבערשטנס מיל דרייען זיך פּאַמעלעך, אָבער זיי מאָלן זייער דין און פיין. אַ סך, אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען אבאס אייגענער זון, הוגאָ ווייסגאַל, האָט זיך שוין אַליין דערוואָרבן אַ נאָמען אַלס אַן ערנסטער אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט, האָב איך פאַרבראַכט אַ סוף־וואָך אין באַלטימאָר. ס'איז תמיד געווען מיין מנהג — און איך בין זיך נאָך איצט אַזוי נוהג — צו גיין אין אבאס שול אין די ימים נוראים, ראש־השנה אָדער יום־כּיפּור, אָדער אין ביידע. איך געדענק, דאָס איז געווען אין אַ שבת־צו־נאַכטס, נאָך הבדלה, ווען אבא האָט מיר אַ זאָג געטאָן: „מאיר, איך האָב נאָר וואָס אָנגעשריבן אַ „פאַבעל־האַפטן קידוש, דו דאַרפסט עס הערן״. מיר זענען אַלע אַראָפּגעגאַנגען אונטן, אינעם צימער, ווו הוגאָ האָט געהאַט זיין סטודיאָ, און אבא האָט אים געגעבן די מוזיק צו שפּילן, בעת ער אַליין האָט געזונגען. ווען אבא האָט געענדיקט, האָט ער זיך געווענדט צו מיר: „נו, ווי געפעלט עס דיר?״ איך האָב בכיוון אַ צי געטאָן מיטן אַקסל און געזאָגט: „לאָמיר בעסער פרעגן אַ פּראָפעסיאָנעלן מוזיקער. וואָס איז דיין מיינונג, הוגאָ?״ און הוגאָ האָט געענטפערט: „נישט שלעכט. אָבער איך האָב געהערט עפּעס בעסערס״.

אבא האָט אַוודאי פאַרשטאַנען מיין קאָפּוליער אַנצוהערעניש. דאָס האָב איך געסילוקט אַן אַלטן חשבון, וואָס איך האָב מיט אים געהאַט פון דעמאָלט, ווען ער האָט נישט פיין זיך אויפגעפירט, בעת דער טאַטע האָט אים געגעבן זיינע צוויי בענד קאָמפּאָזיציעס.

מען דאַרף אָבער נישט מיינען אויף קיין איין רגע, אַז אבאס האַנדלונג, בלויז איין־און־איינציק מאָל, ווען ער האָט נישט אַרויסגעוויזן דעם געהעריקן דרך־ארץ פאַרן טאַטן, זאָל האָבן קאַליע געמאַכט זייערע באַציִונגען. מיין פאָטער איז געווען זייער טיף געריִרט, ווען אבא איז געקומען קיין אַמעריקע און האָט זיך צוריק פאַראייניקט מיט אונדזער משפחה. כּמעט צוויי צענדליק יאָר ווי זיי האָבן זיך נישט געהאַט געזען, און אבא האָט ביים צוריקקומען געבראַכט מיט זיך נישט בלויז אַ גאַנצע רייע בּכּבודיקע חזנישע אויפטוען און דערגרייכונגען, נאָר אויך — וואָס איז אַ סך וויכטיקער — מיין פאָטערס צוויי ערשטע אייניקלעך. דאָס איז, לכל־הפּחות, געווען אַ שטיקל טרייסט פאַר די צוויי טראַגעדיעס, וואָס האָבן פּאַ־סירט אין אונדזער משפּחה, איינע באַלד נאָך דער אַנדערער.

מיין צווילינג־שוועסטער העלען, אַ פייערדיקע ציוניסטקע, אַ פריילעכע און אַ צאַפּלדיקע, איז איין מאָל אין אַ זונטיק, אין אַ גרויסן רעגן, אַרויסגעגאַנגען זאַמלען געלט פאַרן יידישן נאַציאָנאַלן פאָנד. נאָך דעם איז זי געלעגן אין בעט אַ גאַנצע וואָך מיט אַ שטאַרקער פאַרקילונג. פרייטיק בין איך געפאָרן צוזאַמען מיט מיין פאָטער אויף אַ וויזיט צו מיין ברודער ליאָ אין לאַרטשמאָנט, ווו ער האָט געהאַט זיין געשעפט. דעם זעלבן אויפדערנאַכט, פרייטיק־צו־נאַכטס, האָט מיין שטיפמאַמע לאַדזשאַ אונדז טעלעפאָנירט און געזאָגט, אַז העלענס געזונט־צו־שטאַנד האָט זיך פלוצלונג שרעקלעך פאַרערגערט, און מען האָט זי געמוזט אַוועק־פירן אין לבנון־שפּיטאָל. שבת נאָך מיטאָג האָבן מיר באַקומען אין לאַרטשמאָנט די טרויעריקע ידיעה, אַז העלען איז געשטאָרבן. מיר האָבן נישט דערציילט דעם פאָטער. מיר האָבן אים בלויז געזאָגט, אַז מיר וועלן אַלע באַלד שבת־צו־נאַכטס פאָרן קיין ניו־יאָרק.

אָבער ווען ליאָס פרוי, לענאַ, האָט איבערגעלאָזט אַ צעטל פאַר דעם יידן, וואָס פלעגט איר ברענגען מילך, „היינט נישט קיין מילך", האָט דער פאָטער אונדזערער באַלד פאַרשטאַנען וואָס עס איז געשען. „אָ, חיה איז געשטאָרבן" — האָט ער אָנגעהויבן וויינען און קלאָגן.

מיר האָבן אויפן גאַנצן וועג זיך באַמיט אים צו טרייסטן. ס'איז געווען אומזיסט.

ווייניקער פון אַ יאָר שפּעטער איז מיין יינגערער ברודער, עמנואל, דער־טרונקען געוואָרן. ער איז אַלט געווען בלויז אַכצן אָדער ניינצן יאָר און איז גע־ווען אַ שיינער, בריליאַנטענער בחור. איין מאָל, אין אַ זונטיק, האָט ער אָרגאַניזירט אַ פּיקניק פאַר דער סעקציע „יאַנג פּיפּלס סאָשעליסט ליג" (ליגע פאַר יונגע סאָציאַליסטן), צו וועלכער ער האָט געהערט. זיי האָבן געדונגען אַ שיף צו מאַכן אַ שפּאַציר איבערן האַדסאָן. אויף אַ באַשטימטן אָרט האָבן זיי פאַראַנקערט די שיף און זיך אַוועקגעלאָזט שווימען אין טייך. צוויי פון די יונגע חברים זענען אַריינגעפאַלן אין אַ צרה ביים שווימען. עמנואל האָט זיך אַ וואָרף געטאָן זיי צו ראַטעווען. ביידע יונגע בחורים האָבן באַוויזן אַרויפצוגיין צוריק אויף דער שיף, אָבער עמנואלס קערפּער איז געפונען געוואָרן אין וואַסער ערשט דריי טעג שפּע־טער. ער האָט זיך צעקלאַפּט דעם קאָפּ אָן אַ פעלדז ווען ער איז צוריקגעשווומען נאָכן ראַטעווען די צוויי בחורים. דער טאַטע האָט באַלד געהערט די שרעקלעכע

נײעס. ער איז קראַנק געוואָרן און באַלד דערנאָך איז ער געשטאָרבן פון אַ צע־בראָכן האַרץ.

די צווײ אבידות, אײנע נאָך דער אַנדערער, זענען געווען צו פיל פאַר מײן טאַטן.

דאָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1921, צווײ יאָר אײדער איך האָב חתונה געהאַט.

צווײ מערקווירדיקע אינצידענטן האָבן פּאַסירט בײ אונדז קורץ פאַר מײן פאָטערס טויט, און בײדע האָבן זײ כאַראַקטעריזירט אָט דעם פרומען, וווּנדער־לעכן ייִדן, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אונדזער משפחה ביד חזקה.

מײן ברודער אבא איז געקומען מיט זײן פאַמיליע קײן אַמעריקע גראָד אין די טעג, ווען מיר זענען געזעסן שבעה נאָך עמנואלן. מײן עלטערער ברודער ליאָ און איך זענען געגאַנגען צו דער שיף מקבל פּנים זײן אבאן. דער טאַטע האָט אונדז שטרענג אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט קײן אײן וואָרט וועגן עמנואלס טראַגישן טויט. ער האָט נישט געוואָלט, אַז די שמחה מיט דעם, וואָס אבא פאַראײניקט זיך ווידער מיט אונדז און ווערט צוריק אַ בן־בית נאָך אַזוי פיל יאָרן פון צעשײדונג, זאָל אונדז פאַרשטערט ווערן דורך דעם אומגליק.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען אַהײם און האָבן געבראַכט מיט אונדז אבאן מיט זײן פאַמיליע, איז אין דער גאַנצער שטוב נישט געווען קײן סימן פון אבלות. מײן שוועסטער ראָוז איז, לויט דעם טאַטנס אָנזאָג, געזעסן בײם קלאַוויר און געשפּילט און געזונגען אַ פרײלעכן „ברוך־הבא". די דאָזיקע שטימונג איז אָנגע־האַלטן געוואָרן, ביז אַלע האָבן זיך צעקושט און אויסגעפרעגט אײנער דעם אַנדערן וועגן געזונט און נאָך אַזעלכע זאַכן. ערשט דערנאָך האָט דער טאַטע דערצײלט אבאן וועגן עמנואלן — און האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן.

אַ קורצע צײט שפּעטער, ווען דער טאַטע האָט געפילט, אַז עס דערנעענטערן זיך זײנע לעצטע טעג, האָט ער צוזאַמענגערופן אַלע קינדער און אונדז איבערגע־לאָזט אײנע פון די מערקווירדיקע צוואות, וואָס קומען פון די ליפּן פון אַ טיף־רעליגיעזן ייִד, אַ מאַמין באמונה שלימה. ער האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז ער באַפרײט אונדז פון דעם חוֹב צו זאָגן נאָך אים קדיש.

יעדער אײנער וועט לײכט פאַרשטײן די אויסטערלישקײט פון אַזאַ מעשׂה נוֹרא. זאָגן קדיש נאָכן טאַטן ווערט בײ אונדז באַטראַכט, ווי אײנער פון די הײליק־סטע מינהגים וואָס אַ זון דאַרף אָפּהיטן. אַ ייִדישער טאַטע פלעגט אָפט רופן זײן זון: „מײן קדיש", אָבער אונדזער פאָטער האָט אונדז מתּיר געמאַכט, מיר זאָלן נישט זאָגן קײן קדיש נאָך אים. און ער האָט צוגעגעבן נאָך עפּעס: „איך ווײס, וואָס פאַר אַ גרויסע פרומאַקעס איר אַלע זענט" — האָט ער געזאָגט — „איך וועל נישט האָבן קײן עלית־נשמה פון אײער קדיש. אָבער אויב איר ווילט מזכּיר נשמה זײן אײער פאָטער — קומט זיך צונויף אײן מאָל אַ יאָר און זינגט מײנע זאַכן".

כּמעט ווי דרײסיק יאָר נאָך אַנאַנד, אַזוי לאַנג ווי מײן ברודער ליאָ האָט געלעבט, פלעגן מיר אָפּהיטן דעם טאַטנס יאָרצײט אַזוי ווי ער האָט געוואָלט. פון באַלטימאָר, פון באָסטאָן, פון ניו־דזשערסי, פון אומעטום, ווו מיר, קינדער,

האָבן געלעבט, פּלעגן מיר זיך צונויפקומען צוזאַמען, געוויינלעך אין אונדזער הויז, מיט אונדזערע פרויען און שפּעטער אויך מיט אונדזערע קינדער, צו זינגען דעם טאַטנס „זאַכן". אבא פּלעגט תּמיד קומען שפּעט צו די דאָזיקע משפּחה־מסיבות. אויך ער איז געווען גרייט צו זינגען לכּבוד דעם זכר פון טאַטן עליו־השלום, אָבער ער האָט קיין מאָל נישט געקאָנט באַשליסן ביי זיך נישט צו זאָגן קדיש. איידער ער איז געקומען צו אונדז, פּלעגט ער זיך אַריינכאַפּן אין אַ שכנות־דיקער שול און זאָגן קדיש.

ווען איך קוק איצט צוריק אויף יענער תּקופה אין מיין לעבן, נאָך דעם ווי איך בין צוריקגעקומען פון דער אַרמיי, קאָן איך זשורנאַליסטיש אונטערשיידן דריי־ערליי צייטן: פון 1919 ביז 1921; פון 1921 ביז 1930 און פון 1930 ביז 1932. איך האָב אין די יאָרן רעדאַגירט אַ סעריע ציוניסטישע צייטשריפטן אין ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט לואי ליפּסקין. לויט דער ריי זענען זיי געווען: „מאַקאַביען", „ניו מאַקאַביען" און „ניו פּאַלעסטיין".

חיים ווייצמאַנען האָב איך באַגעגנט צום ערשטן מאָל אין יאָר 1921. איך בין געווען איינער פון עטלעכע „סעקרעטאַרן" זיינע. עס איז אָנגעגאַנגען פון צייט צו צייט אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן ניו־יאָרק און לאָנדאָן. אָבער אונדזערע פּערזענלעכע באַציִונגען האָבן זיך נישט אַנטוויקלט פריִער, ווי אין יאָר 1931, ווען איך האָב געוווינט אין טאָראָנטאָ און האָב רעדאַגירט דעם זשורנאַל „דזשויִש סטאַנדאַרד". אין צווישנצייט זענען געבוירן געוואָרן מיינע דריי קינדער: עמנואל, העלען און דוד.

די צוויי יאָר, פון 1919 ביז 1921, זענען אויך געווען די צייט ווען איך בין געגאַנגען אין „חדר" אויסצולערנען זיך צו מאַכן ציוניסטישע פּאָליטיק. אַ חוץ דעם וואָס איך האָב אָנגעפירט מיט דעם זשורנאַל „מאַקאַביען", נישט זייענדיק אָפיציעל באַשטימט אַלס רעדאַקטאָר, בין איך געווען לואי ליפּסקיס פאַרטרעטער אין דער אָרגאַניזיר־אָפּטיילונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; פּראָמענסאָנס פאַרטרעטער אין דער פּרעסע־אָפּטיילונג (אָדער ווי אַזוי מען האָט דאָס דעמאָלט גערופן); און יצחק כּרמלס פאַרטרעטער אין דער אָפּטיילונג צו שיקן רעדנער אויף מיטינגען. בקיצור, איך בין געווען יעדן איינעמס פאַרטרעטער.

ס'איז געווען אַ תּקופה פון בין־הזמנים אין דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער באַוועגונג און דער זשורנאַל „מאַקאַביען" האָט אָפּגעשפּיגלט דעם דאָזיקן אומ־קלאָרן מצב. די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט אַריינגעבראַכט אַ קריזיס, וואָס האָט צעטיילט די ציוניסטישע מחנה אין דער גאָרער וועלט. אין אָנהויב האָט מען דאָס נאָך נישט געזען. אָבער דאָס איז געוואָרן בולטער מיט יעדן חודש. די אייראָפּעיִשע מנהיגים — חיים ווייצמאַן, מנחם אוסישקין און די אַנדערע — האָבן באַטראַכט די באַלפור־דעקלאַראַציע ווי אַ באַזע פאַר מעגלעכקייטן אָנצוהויבן אַן אינטענסיווע פּאָליטישע טעטיקייט. די אַמעריקאַנער פירער — בראַנדייס, פראַנק־פורטער, דזשוליען מעק — האָבן געקוקט אויף דער דעקלאַראַציע, ווי אויף אַ דערפאָלגרייכן אָפּשלוס פון דער פּאָליטישער ציוניסטישער אַקציע, אָדער ווי שמריהו לעווין האָט געזאָגט וועגן בראַנדייסעס פּראָגראַם: „אַלץ, וואָס עס איז

געבליבן צו טאָן איז צו פּאַרטרייבן די מאָסקיטן און פליגן פון ארץ־ישׂראל, און אַריינברענגען די יידן״.

די קריטישע חילוקי־דעות זענען אויף אַ דראַסטישן אופן אַרויפגעקומען אויבן אויף ביי דער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין לאָנדאָן, אין יאָר 1920. דער שורש פון אָט די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן איז געלעגן נאָך טיפער. די חילוקי־דעות זענען פאַרשאַרפט געוואָרן צוליב צוויי גאַנץ פאַרשיידענע אויפפאַסונגען וועגן דעם כאַראַקטער פון ציוניזם.

פאַר בראַנדייסן איז ציוניזם געווען אַ לאָגישע און סאָציאָלאָגישע לייזונג פאַר די צרות פון אייראָפּעישן יידנטום. מיט אַ וויסנשאַפטלעכער פּלאַנירונג, מיט שׂכלדיקע אינוועסטירונגען און מיט אָנווענדן דעם סיסטעם פון גרינדן פרייע, פּריוואַטע אונטערנעמונגען וועט מען קאָנען אַריבערברענגען קיין ארץ־ישׂראל אַזוי פיל און אַזוי פיל יידן פון אייראָפּע יעדעס יאָר און זיי איינאָרדענען אין דער ווירטשאַפט אין לאַנד, וואָס וועט כסדר זיך אַנטוויקלען און קאָנען אויפנעמען וואָס אַ מאָל מער נייע־געקומענע. די קיבוצים (דעמאָלט האָט מען זיי נאָך גערופן קבוצות) און די קאָאָפּעראַטיווע לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים, וואָס בראַנדייס האָט אַליין געזען אין ארץ־ישׂראל, זענען נישט געווען זיין אידייע פאַר דער מעגלעכקייט סיי פון אַ רענטאַבילער און סיי פון אַ געזונטער אַנטוויקלונג פון לאַנד.

וויצמאַן האָט געקוקט גאַנץ אַנדערש אויף די ווייטערדיקע אויפגאַבן. ער האָט באַטראַכט דעם ציוניזם ווי דעם פּראָצעס פון דעם שעפערישן ווידערגעבורט פון דעם יידישן פאָלק; אַלע נאַציאָנאַלע כוחות וועלן צונויפגעזאַמלט ווערן פאַר אויפריכטן פון דאָס ניי דאָס אַלטע יידישע היימלאַנד. די חלוצים אין ארץ־ישׂראל זענען דעריבער געווען פאַר וויצמאַנען דער פאַרפאָסטן און די האָפענונג פון ציוניזם, אַלס אויסדרוק פון דעם רענעסאַנס פון יידישן פאָלק.

ביי דער ציוניסטישער וועלט־קאָנפערענץ אין לאָנדאָן, אין יאָר 1920, איז לואי בראַנדייס געווען דער אָנערקענטער פירער פון דער אַמעריקאַנער ציוניס־טישער באַוועגונג. קיינער האָט נישט אָפּגעפרעגט זיינע רעכט צו רעפּרעזענטירן דעם אַמעריקאַנער ציוניזם. אין אַ געוויסער מאָס איז עס געווען דערפאַר, ווייל די באַוועגונג האָט נאָך נישט געהאַט אַרומגענומען קיין ברייטע קרייזן אין אַמע־ריקאַנער יידישן לעבן. זי איז געווען קליין און זי איז באַהערשט געוואָרן פון פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן. בראַנדייסעס פּאָזיציע אַלס יוריסט איז געווען זייער אַ הויכע. ווען פּרעזידענט ווילסאָן האָט אים נאָמינירט אַלס ריכטער פון העכסטן געריכט, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַרום אים אין קאָנגרעס אַ שאַרפער קאַמף, וואָס איז נישט געווען פריי פון אַ שפּאָר ביסל אַנטיסעמיטיזם. מען האָט באַשול־דיקט בראַנדייסן סיי אין רעפּרעזענטירן דעם קאַפּיטאַליזם (רייכע יידן) און סיי אין פאַרטרעטן דעם סאָציאַליזם (אָרעמע יידן). ווען מען האָט אים גופא געפרעגט וועמען ער רעפּרעזענטירט, האָט ער געענטפערט: „איך רעפּרעזענטיר די סיטואַ־ציע״.

בכל אופן, ווען בראַנדייס איז דערהויבן געוואָרן צו זיין אַ ריכטער פון העכסטן געריכט, איז זיין פירערשאַפט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אָפּ־

געשוואַכט געוואָרן. זיינע פּאַרטרעטער, וואָס האָבן גערעדט אין זיין נאָמען, האָבן נישט געהאַט קיין שמץ פון דער פּערזענלעכער אויטאָריטעט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. דער ציוניזם האָט דאַן אויך אָנגעהויבן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ מאַסן־באַוועגונג, און דער „שוויגנדיקער פירער" האָט מער נישט געקאָנט אָנהאַלטן די מאַכט, הגם זיין פילאָזאָפיע פון ציוניזם האָט געהאַט וויכטיקע פּאַרטיידיקער.

בראַנדייסעס שטעלונג צו די פּראָבלעמען האָט זיך באַצויגן נישט בלויז צום אַמעריקאַנער ציוניזם. ער האָט געהאַט זיין באַשטימטע קאָנצעפּציע וועגן די אויפגאַבן פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג און גאָר באַזונדערס וועגן דער אַרבעט פאַר דעם ווידעראויפבוי פון ארץ־ישׂראל. פאַר בראַנדייסן און זיינע אָנהענגער איז דער פּאָליטישער ציל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג — און דאָס מיינט איר סטרוקטור און פּראָגראַם — געווען דערגרייכט דורך דער באַלפור־דעקלאַראַציע. לויט בראַנדייסעס שטאַנדפּונקט איז אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע געווען די ראַם פאַר דער פּראַקטישער אַרבעט, וואָס האָט געמיינט שאַפן אַ פולבאַרעכטיקטע יידישע מדינה. יעדע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון יעדן באַזונדערן לאַנד האָט געדאַרפט אָנפירן די דאָזיקע אַרבעט זעלבשטענדיק, ווי אַזוי זי האָט זי אויפגעפּאַסט, אין אַ פּראַקטישן פּראָגראַם פון פּריוואַטער איניציאַטיוו.

וואָס עס זאָל נישט האָבן געווען די באַדייטונג פון אַזאַ צוגאַנג צו דער אויפגאַבע פון שאַפן אַ נייע יידישע מדינה, איז געווען קלאָר, אַז דאָס וואָלט געמיינט דער סוף פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און אין אַ ברייטערן זין אויך דער סוף פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג. דאָס וואָלט אויך געבראַכט מיט זיך דאָס פונאַנדערפאַלן פון דער צענטראַלער פירערשאַפט און די צעטיילונג פון וועלט־יידנטום אויף באַזונדערע גרופּעס אין דער תּקופה, ווען עס איז געווען די גרעסטע נויטווענדיקייט צו פאַראייניקן דאָס יידישע פאָלק ערב זיין אויסלייזונג אין דעם באַניטן היימלאַנד.

בראַנדייסעס פּלאַן איז געווען צו האָבן די אויפזיכט איבער די פאָנדן, וואָס וועלן בייגעשטייערט ווערן אין אַמעריקע פאַר דעם ווידעראויפבוי פון ארץ־ישׂראל, בעת ווייצמאַן איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז אַלע געלטער, וואָס וועלן געזאַמלט ווערן אין די יידישע ישובים אין אַלע לענדער, דאַרפן געשטעלט ווערן אונטער דער דירעקטער קאָנטראָל פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. אַחוץ דעם האָט ווייצמאַן אין דער לעבנסוויכטיקער פראַגע פון זאַמלען פאָנדן דערוואַרט פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן די גרעסטע ביישטייערונגען, בעת בראַנדייס איז געווען אַן אַנטשלאָסענער מינימאַליסט. בראַנדייס האָט געצווייפלט, צי די ציוניסטישע באַוועגונג וועט קאָנען זאַמלען מער פון אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר פאַר די ארץ־ישׂראל־פאָנדן. און אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות.

צווישן די דאָזיקע צוויי שטאַנדפּונקטן האָט מען נישט געקאָנט מאַכן קיין פּשרה. אויף דער קאָנפערענץ אין לאָנדאָן איז פאָרמעל פאַרהיט געוואָרן פון אַן אָפענעם ריס, אָבער די חילוקי־דעות זענען געווען שאַרפע. עס איז אַנטשטאַנען אַ קלאָרער קאָנפליקט: אַמעריקע קעגן אייראָפּע אין דעם פאַרמעסט פאַר דער פירערשאַפט פון וועלט־ציוניזם. געוויס האָט מען נישט געקאָנט לייכט אָפּטרן

דעם אַמעריקאַנער ציוניזם. דער ציוניזם אין אַמעריקע איז געווען יונג, נאָך נישט אויסקריסטאַליזירט, נישט אין גאַנצן זיכער אין זיך, אָבער ער האָט געהאַט אַ גרויסע באַזע פֿאַר דער אַנטוויקלונג אין דער צוקונפֿט — דעם יידישן ישוב אין אַמעריקע, וועלכער איז געווען גרויס, פֿריי, האָט געבליט, האָט געקאָכט מיט לעבן און געהאַלטן שטאַרק אין וואַקסן.

נאָך דעם חורבן, וואָס די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געבראַכט פֿאַר אַ סך יידישע ישובים אין אייראָפּע, האָט דער יידישער קיבוץ אין אַמעריקע, לויט אַלע אויסזיכטן, געדאַרפֿט ווערן דער גרעסטער קוואַל פֿון פֿאָנדן פֿאַר דעם ווידער־אויפֿבוי פֿון ארץ־ישׂראל. דאָס איז געווען דער פּשוטער טעם פֿאַר וואָס די אָפּי־ציעלע אַמעריקאַנער ציוניסטישע מנהיגים האָבן פּרעטענדירט צו ווערן די פֿירער פֿון דער וועלט־באַוועגונג.

זיי זענען צוריקגעקומען פֿון דער קאָנפֿערענץ אין לאָנדאָן אַהיים און האָבן גענומען צוגרייטן די ציוניסטישע קאָנווענשאָן, וואָס איז צונויפֿגערופֿן געוואָרן אויף יוני 1921 אין קליוולאַנד. דאָרט, אויף דער קאָנווענשאָן, האָבן די אַמערי־קאַנער ציוניסטישע פֿירער געהאָפֿט צו קאָנסאָלידירן זייער פּאָזיציע און דורכ־פֿירן זייער פּראָגראַם. אָבער אויב אַ פֿירערשאַפֿט האָט ווען־עס־איז געמאַכט אַ טעות אין אָפּשאַצן דעם גייסט און די מענטאַליטעט פֿון די פּשוטע מיטגלידער, פֿון „עמך“, זענען עס געווען די אַמעריקאַנער ציוניסטישע מנהיגים אָן בראַנדייסן אין 1921.

דער פּשוטער אמת איז געווען, אַז דאָס אַמעריקאַנער יידנטום איז נאָך אַלץ, אין זיין גרויסער מערהייט, געווען אייראָפּעיִש אין זיינע סענטימענטן. על־פּי רוב איז דער אַמעריקאַנער יידישער עולם געווען אַ פֿאָלקסטימלעכער און האָט גע־רעדט יידיש, מאַמע־לשון. שמריהו לעווין האָט אַריינגעטראָפֿן טיף אין די געפֿילן פֿון די אַמעריקאַנער יידן. און לואי ליפּסקי האָט פֿאָרמעל אויסגעדריקט די שטעלונג פֿון דעם רוב מנין ובנין פֿון אַמעריקאַנער יידנטום. דער וויצמאַן־בראַנדייס־קאָנפֿליקט איז אַריינגעדרונגען טיף אין דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער באַוועגונג. נישט געווען קיין גלייכגילטיקע, קיין „נייטראַלע“. צוויי באַזונדערע לאַגערן זענען געשטאַנען שאַרף איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. די פֿראַגע איז געווען, צי דער אַמעריקאַנער ציוניזם איז — בראַנדייס, ריכטיקער זיינע פֿאָרשטייער, אָדער — ליפּסקי. און ליפּסקי האָט געמיינט וויצמאַניזם אין אַמעריקע. און דאַן איז אויסגעבראָכן דער שטורעם.

דער שטורעם אַרום דעם קאָנפֿליקט צווישן דער וויצמאַן־שיטה אין ציוניזם און דער בראַנדייס־קאָנצעפּציע איז אויסגעבראָכן ביי אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון דער פֿולער עקזעקוטיווע פֿון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט די אויטאָריטעט אָנצונעמען באַשלוסן אין דער צווישנצייט פֿון די יערלעכע צוזאַ־מענפֿאָרן. איך בין נישט געווען קיין מיטגליד פֿון דער דאָזיקער קערפּערשאַפֿט, אָבער איך האָב געהאַט געוויסע פֿולמאַכטן, וואָס האָבן מיר געגעבן דאָס רעכט צו באַטייליקן זיך אין דער זיצונג. (אויב מיין זכרון פֿאַרפֿירט מיך נישט, בין איך געווען דער, וואָס האָט געדונגען דעם זאַל אין „פּענסילוואַניע“ האָטעל, אין ניו־יאָרק, ווו די פֿאַרזאַמלונג איז פֿאָרגעקומען).

ווי איך האָב דערמאָנט פריִער, איז בראַנדייס זינט אַ געוויסער צייט שוין געווען דער „שווייגנדיקער פירער". יעקב דע־האַז האָט גערעדט אין זיין נאָמען. אין קריטישע מאָמענטן פלעגט דע־האַז בעטן דאָס וואָרט און זאָגן: „איך האָב אין מיין טאַש אַ דאָקומענט, וואָס באַווייזט..." אָבער דעם דאָקומענט, וואָס האָט געזאָלט קומען פון בראַנדייסן, האָט קיינער קיין מאָל נישט געזען. דע־האַז איז געווען עפּעס ווייניקער פון אַ געהעריקן פאַרטרעטער פון בראַנדייסן. אָבער עס זענען געווען אַנדערע, מענטשן מיט מער אָנזען און פון גרעסערער באַדייטונג, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער זייט פון דעם פירער, וועלכער איז געווען בבחינת אַ „רואה ואינו נראה". זיי זענען געווען אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי סטיפען וויז, פעליקס פראַנקפורטער, ריכטער דזשוליען מעק. זיי האָבן רעפּרעזענטירט מיט זיך אַ שטאַרקע גרופּע.

לואי ליפּסקי איז נאָר וואָס געהאַט אַרויסגעקומען פון שפּיטאָל, ווו ער איז געלעגן עטלעכע וואָכן און האָט דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע. ער איז געקומען צו דער פאַרזאַמלונג אַ בלאַסער און אַן אויסגעשעפּטער. ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט צו רעדן איז געוואָרן טויט־שטיל. מען האָט זיך צוגעהערט צו אים מיט אַ סך סימפּאַטיע און גרויס אויפמערקזאַמקייט. ער האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן אַ בענקל, ער זאָל קאָנען שטיין אויף די פיס. און ווען אַלעמענס אויגן זענען געווען געווענדט צו אים, האָט ער געמאַכט אַ פּשוטע דערקלערונג: „ריכטער בראַנדייס האָט אויפגעהערט צו זיין מיין פירער. איך וועל אים מער נישט פאָלגן", און דערמיט האָט ער רעזיגנירט פון זיין אַמט אַלס אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַציע־אָפּטיילונג. דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין כאַאָס.

מיט אַ מאָל בין איך געוואָרן אַ מענטש, נאָך וועמען מען האָט זיך אָנגעהויבן נאָכיאָגן. צו מאָרגנס אין דער פרי האָט מיך דע־האַז אַריינגערופן און מיר געזאָגט: „ווייזי" — אַזוי פלעגט ער מיך רופן — „ווייזי, דאָס איז אייער גרויסע געלעגנהייט. איר קאָנט ווערן דער פירער פון דער אָרגאַניזאַציע. מיר וועלן דערלאַנגען די דאָזיקע חברה־לייט דעם גרעסטן שנעל אין נאַז אין זייער לעבן". עס האָט אויסגעזען ווי אַלע טירן האָבן זיך פאַר מיר געעפנט. יעדער איינער, וועמענס געהילף איך בין געווען, האָט רעזיגנירט. איך האָב געענטפערט דע־האַזן: „גוט, איך וועל אייך געבן מיין תשובה מאָרגן".

איך האָב נישט געהאַט קיין שום ספק און אַנדערע האָבן נישט געצווייפלט בנוגע דעם, צו וועמען איך דאַרף בלייבן לאָיאַל. אָבער קיינער פון מיינע פריינד האָט נישט פאַרלאַנגט פון מיר גאָרנישט, ווייל איך בין געווען צו ווייניק וויכטיק פאַר זיי. איך האָב אויסגערעכנט, אַז דער ערשטער שריט צו מאַכן זיך וויכטיק איז — אַליין אויך צו רעזיגנירן. און איך האָב עס געטאָן. איך האָב רעזיגנירט פון מיינע שטעלעס אַלס רעדאַקטאָר פון „מאַקאַביען" און אַלס געהילף אין די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען.

די רעבעלן, אָדער די „ליפּסקיאַנער" — ווי מען האָט אונדז גערופן — האָבן געעפנט אַ ביוראָ אויף 50 יוניאָן־סקווער. דער צוזאַמענפאָר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ביי וועלכער עס האָט זיך געדאַרפט אָפּשפּילן די דעציזירנדיקע

שלאַכט. איז געווען באַשטימט צונויפגעקומען זיך ערשט אין עטלעכע חדשים אַרום. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר דאַרפן האָבן אַן אייגענעם כּלי־זין, אַ צייט־שריפט, וואָס זאָל קאָנקורירן מיט דעם חודש־זשורנאַל פון דער אָרגאַניזאַציע „מאַקאַביען". און וואָס פאַר אַ בעסערן נאָמען האָבן מיר געקאָנט אויסקלייבן פאַר אונדזער אייגענער צייטשריפט, ווי „ניו מאַקאַביען"? מיר האָבן דערוואַרט, אַז מיר וועלן אַרויסגעבן אונדזער זשורנאַל אין קעגנערשאַפט צום אַלטן „מאַקאַביען". אָבער צו אונדזער שטאַרקסטער איבערראַשונג האָט דער אַלטער „מאַקאַביען" פּשוט אויפגעהערט צו דערשיינען און זיין טויט איז ביזן היינטיקן טאָג פאַרבליבן אַ מיסטעריעזער סוד. עס האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אַ קלענער אָפיציעל וואָכנ־בלאַט, וואָס האָט זיך גערופן „ניו־פּאַלעסטיין", אָבער דאָס איז געווען נישט מער ווי אַן אַנאָנסן־בלעטל.

די בראַנדייס־גרופּע האָט געהאַט אַ סך געלט און אויך אַ גרויסע צאָל פּעיִקע מענטשן. זיי האָבן אויך פאַרמאָגט אַן איינגעאָרדנטן אַפּאַראַט. צי זיי האָבן געליטן דערפון וואָס זיי זענען געווען צו פיל איינגעגלויבט אין זיך, אָדער זיי האָבן גע־האַלטן, אַז ס'איז נידעריקער פון זייער כּבוד צו דיסקוטירן מיט אונדז — געשען איז אַזוי, אַז די אַלטע „מאַקאַביען" איז פאַרשוווּנדן, און די נייע „מאַקאַביען" איז געבליבן אַליין אויפן שלאַכטפעלד. אַ סך יאָרן שפּעטער האָט ליפּסקי געשריבן:

„ווען דער שיקזאַל האָט אונדז געפירט צו דער קאָנפערענץ אין קליוולאַנד, אויף וועלכער דער שטרייט צווישן דער בראַנדייס־גרופּע און דער וויצמאַן־גרופּע איז אויסגעקעמפט געוואָרן אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן, איז געווען אומפאַרמייד־לעך, אַז אין אונדזער קאַמפּאַניע זאָלן מיר נישט אויסנוצן די צייטשריפט, וואָס האָט זיך גערופן „ניו מאַקאַביען" מיט מאירן אַלס פאַרוואַלטער פון דער פּראָווי־זאָרישער אונטערנעמונג. דאָס איז געווען זיין גרויסע געלעגנהייט. „ניו מאַקאַביען" איז דערשינען וועכנטלעך ביז צום טאָג פון דעם צוזאַמענפאָר אין קליוולאַנד. די צייטשריפט האָט געהאַט אַ צירקולאַציע פון איבער דרייסיק טויזנט... אין אַ גרוי־סער מאָס איז אונדזער נצחון אין קליוולאַנד געווען צו פאַרדאַנקען דער פּראָפּאַ־גאַנדע פון „ניו־מאַקאַביען".

דער אופן, אויף וועלכן מיר האָבן אַרויסגעגעבן די צייטשריפט, אָן אַ גראָשן געלט, ווייל מיר זענען געווען קבצנים שבקבצנים — איז אַ לעקציע פאַר זיך אַליין. איך בין אַוועקגעגאַנגען אין „ברוקלין איגל", וווּ מיר פלעגן ביז דעמאָלט דרוקן דעם אַלטן „מאַקאַביען", און האָב געזוכט דעם הויפּט־אָנפירער, מר. עבערלי. איך האָב אים געגעבן אַ רעאַל בילד פון דעם מצב. „דאָס ערגסטע וואָס קאָן פּאַסירן — האָב איך אים געזאָגט, — איז אויב מיר וועלן פאַרלירן, וועט איר האָבן אַריינגעפאַלן מיט אַ דרייסיק טויזנט דאָלאַר. אויב אָבער מיר וועלן געווינען, וועלן מיר זיין אייערע קליענטן פאַר די נאָענטסטע פופצן יאָר". מיין ענטוזיאַזם האָט אים אָנגעשטעקט און ער האָט אונדז געגעבן דעם קרעדיט. מיר האָבן אים באַצאָלן ביז אַ סענט און מיר זענען געווען זיינע קליענטן מער ווי פופצן יאָר.

מיר האָבן אַרויסגעגעבן אַ לעבעדיק וואָכנבלאַט, אין וועלכן יעדער וויכטי־קער ציוניסטישער ענין איז באַהאַנדלט געוואָרן. מיר האָבן רעדוצירט די אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע נייעס און פראַגן צום נויטיקן מינימום און האָבן זיך קאָנצענטרירט

אויף פּראָבלעמען. מיר האָבן אויסגעמיטן פּערזענלעכע אָנגריפן, זידלערייען, פאַר־דרייענישן פון אמת און וווּלגאַריטעט. און טאַקע אין דער דאָזיקער תּקופה האָבן מיינע פּעיִקייטן אַלס רעדאַקטאָר זיך פונאַנדערגעבליט. מיר האָבן פאַרוואַנדלט דעם חודש־זשורנאַל אין אַ וואָכנבלאַט. און בעת דער קאָנפערענץ אין קליוולאַנד איז „ניו מאַקאַביען" דערשינען טעגלעך.

מיר האָבן געהאַט אַרבעט ביז איבערן קאָפּ. אָפט מאָל האָבן מיר געאַרבעט צוואַנציק שעה אַ טאָג און עס האָט נישט פּאַסירט קיין מאָל, מיר זאָלן ווערן מיד. עס זענען געווען זייער קריטישע מאָמענטן אין ציוניזם. עס זענען געווען דראַ־מאַטישע קאָנפליקטן. אָבער אַפילו איצט, נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, גלויב איך, אַז דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער צוזאַמענפאָר אין יאָר 1921 האָט געהאַט אַ דע־צידירנדיקע באַדייטונג און וויכטיקייט אין דער געשיכטע פון ציוניזם.

דער צוזאַמענפאָר פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געווען באַשטימט, ווי איך האָב פריִער געזאָגט, אויף יוני 1921. אין אַפּריל איז חיים ווייצמאַן געקומען קיין אַמעריקע, צום ערשטן מאָל, בראש פון אַ דעלעגאַציע, אין וועלכער עס זענען געווען: אַלבערט איינשטיין, שוין דעמאָלט אַ באַרימטער וויסנשאַפטלער מיט אַ וועלטנאָמען; מנחם אוסישקין, דער פּראָמינענטער פירער פון רוסישן ציוניזם און דירעקטאָר פון קרן־קימת; און ד"ר בן־ציון מאָסינזאָן, דירעקטאָר פון „הרצליה"־גימנאַזיע אין תּל־אביב. שמריהו לעווין איז שפּעטער צוגעשטאַנען צו דער דעלעגאַציע.

דער אָפיציעלער ציל פון חיים ווייצמאַנס באַזוך איז געווען אָנצוהייבן אין אַמעריקע דעם קאַמפּיין פאַרן קרן־היסוד, דעם פאָנד פאַר דער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישׂראל. ער האָט געהאַט נאָך אַ צווייטן צוועק, וואָס איז אים געווען נאָענט צום האַרצן: גרינדן דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט, פאַר וועלכן ער האָט געלייגט דעם פונדאַמענט ביים סוף פון ערשטן וועלטקריג. אָבער ווייל די אַמע־ריקאַנער ציוניסטישע פירערשאַפט איז דאַן געווען קעגן זאַמלען עפנטלעכע פאָנדן פאַר דער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישׂראל און איז געווען אַנטשלאָסן צו דער־מוטיקן בלויז די פּריוואַטע איניציאַטיוו; און דערפאַר, וואָס די אַמעריקאַנער ציוניסטישע פירערשאַפט אַז אויך געווען פעסט אַנטשלאָסן צו האָבן די אויס־שליסלעכע קאָנטראָל איבער די געלטער, וואָס וועלן געזאַמלט ווערן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן — האָט ווייצמאַנס קומען קיין אַמעריקע אין דעם דאָזיקן מאָמענט באַדייט, אַז די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע דעמאָנסטרירט איר אויטאָריטעט אויך איבער דער לאָקאַלער אַמעריקאַנער ציוניסטישער פירערשאַפט.

חיים ווייצמאַן איז געווען דער געוויילטער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, אָבער דאָס זאָגט נאָך נישט אַלץ וועגן דער פאַרהערלעכונג, מיט וועלכער זיין נאָמען איז געווען אַרומגערינגלט. אין די אויגן פון די ציוניסטן — און דאָס האָט געמיינט, ווי עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אויך ביי אַ גרויסן טייל פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום — איז ער באַטראַכט געוואָרן כמעט ווי אַ משיחישע פיגור. נאָר ער אַליין האָט געקאָנט האָבן סיי די אָפיציעלע און סיי די פּערזענלעכע אויטאָריטעט אַנטקעגנצושטעלן זיך דעם סעפּאַראַטיסטישן גייסט —

ווי מען וואָלט דאָס געקאָנט ריכטיק אָנרופן — פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטי־שער פירערשאַפט.

מיר, די לאָיאַליסטן פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, אָבער די רעבעלן קעגן דער לאָקאַלער ציוניסטישער פירערשאַפט, האָבן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ גראַנדיעזן קבלת־פּנים לכבוד חיים ווייצמאַן. איך בין געבעטן געוואָרן צו נעמען אויף זיך די אויפגאַבע פאַר די אַראַנזשירונגען. דאָס איז געטאָן געוואָרן אין אַן אָפן פּאַרטיזאַנישן גייסט, ווייל מיר זענען נישט געווען קיין טייל פון דער אָפּי־ציעלער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. איך גלויב, אַז ס׳וועט נישט זיין אומיושרדיק צו זאָגן, אַז די אַמעריקאַנער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע וואָלט בעסער געוואָלט, אַז ווייצמאַנס אָנקומען זאָל פאַרביי פולשטענדיק אומבאַמערקט. אָבער מיר זענען געווען אַנטשלאָסן צו אַראַנזשירן אַזוי, אַז ווייצמאַנס אָנקומען זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויס געשעעניש און אַז דער פירער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע זאָל אויפגענומען און באַגריסט ווערן דורך די ברייטע יידישע פאָלקסמאַסן מיט דער פייערלעכקייט און מיט דער ליבע, ווי עס פּאַסט פאַר דעם הערלעכן און באַגייסטערנדיקן רום, מיט וועלכן זיין נאָמען איז געווען אַרומגערינגלט.

מיר האָבן אָנאָנסירט די דאָזיקע געשעעניש, ווי די וויכטיקסטע, אויף וועל־כער אַמעריקאַנער יידן האָבן לאַנג אַרויסגעקוקט. איך האָב געהאַט פריינד אין די יידישע צייטונגען און איך האָב זיי געבעטן, זיי זאָלן ווי געהעריק באַלייכטן און אויפקלערן די היסטאָרישע באַדייטונג פון ווייצמאַנס אָנקומען קיין אַמעריקע. מיר האָבן געשאַפן אַ וווּנדערלעכע שטימונג פון פייערלעכער, שפּאַנענדיקער דערוואַרטונג. דאָס וואָס עס איז געשען אַלס פּועל יוצא דערפון, האָט איבערגע־שטיגן אַלע אונדזערע דערוואַרטונגען.

ס׳איז געווען אין אַ שבת, ווען די שיף איז אָנגעקומען, אָבער די פּאַסאַזשירן האָבן נישט געלאַנדעט ביזן אָוונט, ווען מען האָט געזען אַ שטערן. איך משך פון טאָג האָבן צענדליקער טויזנטער ניו־יאָרקער יידן געשטראָמט צום פּלאַץ אין האַפן, ווו די שיף האָט געאַנקערט. גרויסע מאַסן יידן זענען געקומען פון מאַנהעטן, פון די בראָנקס און פון יעדער געגנט פון ברוקלין. שפּעטער, שבת צו נאַכטס, זענען אָנגעקומען נאָך טויזנטער יידן אין וואָגנס, לאָסטאויטאָס, אויטאָבוסן און אין פּריוואַטע אויטאָמאָבילן. עפּעס אַזעלכעס האָט נאָך קיין מאָל ביז דעמאָלט נישט פּאַסירט אין דער געשיכטע פון ניו־יאָרקער יידנטום.

די פּראָצעסיע האָט זיך געצויגן איבער דער לענג פון גאַנצן וועג, פון דער באַטערי ביז צו דעם „קאָמאָדאָר״־האָטעל, ווו די דעלעגאַציע איז איינגעשטאַנען. ווייצמאַן האָט שפּעטער געשריבן אין זיין אויטאָביאָגראַפיע וועגן אָט דעם קבלת־פּנים: „מיר האָבן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געהאַט בדעה צו פאָרן גלייך אין אונ־דזער האָטעל, איינאָרדענען זיך און אָנהויבן פּלאַנירן אונדזער אַרבעט. אָבער מיר האָבן געמאַכט דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס. און אונדזער באַלעבאָס איז געווען, אָדער האָט אויסגעזען צו זיין, דאָס גאַנצע ניו־יאָרקער יידנטום״.

דאָס איז געווען מיין ערשטע באַגעגעניש מיט חיים ווייצמאַנען, הגם איך בין געניגט אָנצונעמען, אַז ער האָט מיך אַפילו נישט באַמערקט און האָט נאָך דע־מאָלט נישט געוווּסט, אַז איך לעב אויף דער וועלט.

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין קליוו־לאַנד. פריִער, איידער עס איז געקומען צו דעם צוזאַמענשטויס ביי דער קאָנפע־רענץ, זענען געפירט געוואָרן אָן אַ שיעור פאַרהאַנדלונגען צווישן ווייצמאַנען און דער בראַנדייס־גרופּע, מיט אַלערליי שדכנים, וואָס האָבן זיך אַריינגעמישט, אַריינרעכענענדיק סעמיועל אונטערמייער, וועלכער איז באַטראַכט געוואָרן פאַר איינעם פון די גרעסטע אַדוואָקאַטן אין אַמעריקע. פון דעם אַלעם האָט זיך גאָר־נישט אויסגעלאָזט. דאָך האָבן די פאַרהאַנדלונגען געהאַט אַ באַדייטונג, ווייל זיי האָבן געהאָלפן קלאָר מאַכן, אַז עס קאָן נישט זיין קיין פשרה צווישן די צוויי שטאַנדפּונקטן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און וועגן די פונקציעס פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט אין קליוולאַנד, האָבן מיר געוווּסט, אַז עס איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט פאַר אַ קאָמפּראָמיס. אָבער הגם מיר, אין אונדזער מחנה, זענען געווען אָפּטימיסטיש וועגן דעם אויסגאַנג פון קאָנפליקט, האָבן מיר נישט געוווּסט ווי ווייט אַנטשיידנדיק עס וועט זיין אונדזער נצחון. אַ האַלבער, אָדער אַ טיילווייזער נצחון וואָלט געווען אַ קאַטאַסטראָפע.

די ערשטע פראַגע, וואָס איז אויפגעהויבן געוואָרן אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין קליוולאַנד, האָט אויפן ערשטן בליק אויסגעזען צו זיין בלויז אַ טעכנישע. אין אמתן האָט עס געמיינט אַ פּראָבע פאַר דער פאַרמעסטונג פון די כּוחות. דאָס זענען געווען די וואַלן פון אַ פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ. ריכטער דזשוליען מעק, אַ הויך־רעספּעקטירטע פערזענ־לעכקייט, איז נאָמינירט געוואָרן דורך דער בראַנדייס־גרופּע. די ליפּסקי־גרופּע האָט געענטפערט מיט נאָמינירן אַ צווייטן פעדעראַלן ריכטער, הענרי דעגענבאַום פון טעקסאַס. דעגענבאַום איז געווייִלט געוואָרן מיט אַ גרויסער מערהייט.

דעם לעצטן אָוונט, אייגנטלעך דאַרף איך זאָגן: אין דער לעצטער נאַכט, ווייל די זיצונג האָט זיך פאַרצויגן ביז צוויי אַ זייגער פאַר טאָג, האָבן די „רעבעלן" באַקומען אַלע שטימען פון די פירהונדערט דעלעגאַטן צו דער קאָנפערענץ, מיטן אויסנאַם פון זעקס און זיבעציק. דאָס האָט געמיינט, אַז די קאָנפערענץ האָט כּמעט פולשטענדיק זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער בראַנדייס־פירערשאַפט. און באַלד האָבן די באַזיגטע פירער אָנגעהויבן רעזיגנירן איינער נאָכן אַנדערן. אַ סך האָבן גע־מיינט, אַז דאָס איז דער סוף פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע.

אין דער זעלבער נאַכט האָט יעקב דע־האַז געהאַט דעם קלאָרן שׂכל — אין מיטן פון דעם גרויסן רעש און שרעקלעכער צעטומלונג — צו שיקן עמעצן גיך קיין ניו־יאָרק, ער זאָל אַוועקנעמען אַלע אַקטן און דאָקומענטן פון דעם ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ווען מיר, די זיגער, זענען צוריקגעקומען פון קליוולאַנד קיין ניו־יאָרק, האָבן מיר געפונען אַן אויסגעליידיקטן ביוראָ.

ביסלעכווייז האָבן די פון דער בראַנדייס־גרופּע, וועלכע זענען געהאַט אַרויס־געטראָטן, זיך צוריקגעקערט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די „ליגע פאַר ארץ־ישׂראל״, וואָס זיי האָבן געהאַט געגרינדעט אויפן אָרט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז נעלם געוואָרן. זי איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עקאָנאָמישער אונטערנעמונג פאַר ארץ־ישׂראל. סטיפען ווייז איז געווען דער ערשטער צוריקצוקומען. אָבער די פּרינציפּיעלע חילוקי דעות צווישן די ביידע גרופּעס מיט זייערע קעגנזעצלעכע אויפפאַסונגען פון ציוניזם זענען פון צייט צו צייט ווידער אַרויפגעשווומען מיט אַ פאַרשידענער מאָס פון ליידנשאַפט און שאַרפ־קייט.

ווען דער רויך פון דער „גרויסער מלחמה״ אין אַמעריקאַנער ציוניזם איז זיך צעגאַנגען, האָב איך אַליין געהאַט פאַר מיר מיינע אַ פּריוואַטע שלאַכט, וואָס איך האָב געדאַרפט אויסקעמפן אין דער דויערנדיקער מלחמה, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן מיר און דער, וועלכע האָט געדאַרפט זיין מיין קומענדיקע פרוי. די מלחמה האָט זיך געצויגן נאָך צוויי יאָר, ביזן פרילינג 1923, ווען איך האָב געקאָנט מיט זיכערקייט טעלעגראַפירן צו מויש סעמיועלן, וועלכער איז דעמאָלט נישט געווען אין ניו־יאָרק: „די באַסטיליע איז געפאַלן״.

איך האָב אין אַ פריִערדיקן פּלאַץ דערמאָנט מיין פרוי אַלס די סעקרעטאַרין פון דעם אָנפירער פון דער מיטגלידערשאַפט־אָפּטיילונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מאַרווין אייזעקס, אויף וועלכן איך האָב געוואָרפן אַן אומחן. אָט די סעקרעטאַרין איז געווען שירלי הירשפעלד, פון די הירשפעלדס אין באָראָ פּאַרק, ברוקלין, וואָס איז מיט אַ דור פריִער געקומען פון גאַליציע. איך האָב קיין מאָל נישט דערלאָזט, אַז דער דאָזיקער חסרון אין איר יחוס, איר אָפּשטאַם פון גאַלי־ציאַנער, זאָל אַרויסקומען אָפן אין די באַציִונגען צווישן אונדז. זי איז געווען אַ ברונעטע, אַ שיינע, מיט אַ סך שׂכל און אינטעליגענץ. ס'איז נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט צו מאַכן אַן איינדרוק אויף איר. איך קען נישט זאָגן, אַז מיין קאַמף איינצונעמען זי האָט געפירט גיך און לייכט צו אַ נצחון. להיפּוך, איך האָב שיר נישט פאַרשפּילט די דאָזיקע מלחמה אין מיטן פון דעם גרויסן פּאָליטישן קאַמף, וואָס איך האָב געדאַרפט פירן.

נישט געקוקט אויף מיסטער אייזעקס שלעכטע נביאותן האָט זיך מיר געהאַט איינגעגעבן, אַז שירלי און איך זאָלן אָנהויבן רעדן צווישן זיך. דער אמת איז, אַז מיר זענען געוואָרן פריינדלעך. אָבער ווען די ליפּסקי־גרופּע האָט זיך אָפּגעג־ריסן פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און מיר האָבן „געמאַכט שבת פאַר זיך״, גרינדנדיק אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע מיט אונדזער נייעם וואָכנ־בלאַט „ניו מאַקאַביען״, בין איך באַגאַנגען דעם טאַקטישן פעלער צו בעטן די סעקרעטאַרשע, דאָס מיידל הירשפעלד, זי זאָל געבן אַ קאָפּיע פון דער מיטגלי־דער־ליסטע. זי האָט נישט בלויז מיר אָפּגעזאָגט, נאָר זי האָט איבערגעריסן אַלע באַציִונגען מיט מיר. זי האָט נישט געוואָלט מער רעדן מיט מיר און האָט אַפילו זיך געהיט נישט צו שטיין אין מיינע ד׳ אמות. אַזוי האָט זי אָנגעהאַלטן דריי לאַנגע חדשים.

איך האָב נישט געהאַט קיין סך דערפאַרונג מיט פרויען. ביז דעמאָלט האָב איך געפירט בלויז צוויי לייכטע ליבע־ראָמאַנען, וואָס האָבן זיך גיך געענדיקט. אין איינער אַזאַ ליבע האָב איך זיך אַריינגעלאָזט מיט אַן אַנדער מיידל אין ציוניסטישן ביוראָ. דאָס צווייטע מאָל האָב איך זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, וועלכע איך האָב געהאַט באַגעגנט אין פאַרקסוויל, ניו־יאָרק, ווו איך האָב געדאַרפט קומען צו זיך נאָך אַ לונגען־אָנצינדונג. זי איז געווען אַ ניינצן־צוואַנציקיאָריקע, אַ קליין־וווקסיקע, אַ בלאָנדע, גוט געבויט, אַ גאַנץ שיינע און אַן אינטעליגענטע. איר גרעסטע אַטראַקציע פאַר מיר איז געווען, ווי איך שטעל זיך פאָר, אַז זי האָט בכלל זיך געפונען נעבן מיר — ווי עס קלינגט דאָס באַקאַנטע וואָרט וועגן דעם הויכן באַרג עווערעסט. ווען מיר זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, האָט זי מיט טרערן אין די אויגן מיר צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן זיך טרעפן אין איר היים אין בענסאָנהוירסט, ברוקלין. בענסאָנהוירסט איז אין יענע צייטן געווען אַ מין גאָרטנשטאָט, אַ קאָפּעטשקע מער אָנגעזעצן ווי באָראָ פּאַרק.

און אַזוי האָב איך אין אַ שבת נאָך מיטאָג זיך אַוועקגעלאָזט קיין בענסאָנהוירסט אויף אַן אָפיציעלן וויזיט. די גאַס, דאָס הויז, דער גאָרטן זענען מיר אַלע געפעלן. אַזוי האָבן מיר אויך אויסגעזען צו זיין די הכנות, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פאַר דעם קבלת־פּנים לכבוד מיר. אויך דאָס מיידל האָט אויסגעזען שיין. און דאַן איז דערשינען איר מאַמע, אַ גאָר היפּשע פאַרשוינטע, אַ מאַטראָנע. איך זאָג „אַ מאַטראָנע", בכדי זי פאַרצושטעלן. זי איז געווען פריינדלעך צו מיר און זי האָט אַפילו געמאַכט דעם איינדרוק, אַז איך געפעל איר, אָבער זי איז געווען — אויסדריקנדיק זיך גאַנץ פּשוט — אַ פרוי אַ פעסל. איך האָב געזען פאַר מיר מיין ווייב אין דרייסיק יאָר אַרום. און כאָטש איך האָב מיינע מחשבות געהאַלטן פאַר מיר אַליין, ווען איך האָב געזופּט די קאַווע און געגריזשעט דעם קוכן — האָב איך אָנגענומען מיין באַשלוס.

די מאַמע פון מיין קומענדיקער פרוי שירלי איז געווען גאָר אַן אַנדערע.

מיינע פריינדלעכע באַציִונגען מיט שירלין זענען באַנייט געוואָרן, ווען די נייע אַדמיניסטראַציע האָט איבערגענומען די פירונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען פאַר מיר דער אָנהויב פון אַן ערנסטער קאַמפּאַניע, וואָס האָט, ווי איך האָבן שוין דערמאָנט, זיך פאַרצויגן אויף גאַנצע צוויי יאָר. איך ווייס נישט, וואָס פאַר אַ ראָל שירליס עלטערן האָבן געשפּילט אין דער צייט, אָבער איך ווייס, אַז איך האָב געהאַט זייער שטאַרקע קאָנקורענטן, צווישן זיי אַ דערפאָלגרייכן פאַרקויפער פון שיך, וואָס האָט אַוודאי פאַר די עלטערן, וועלכע האָבן אַזוי פיל זיך געזאָרגט פאַר זייער טאָכטער, אויסגעזען צו קאָנען געבן זייער קינד אַ שענער און בעסער לעבן ווי דאָס קאָן טאָן אַ ציוניסטישער זשורנאַליסט.

ווען איך בין שוין געהאַט דורכגעגאַנגען די פייער־פּראָבע פון „רעדן דעם שידוך", האָב איך זיך פאַרקליבן אין באָראָ פּאַרק אויף אַ באַזוך ביי שירליס עלטערן. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס שירליס מאַמע האָט געטראָגן אַ שייטל און אַ לאַנגן פאַרטוך, אויף דעם שטייגער פון די אַלטמאָדישע יידישע מאַמעס, האָב איך געפונען אין פרוי הירשפעלד געוויסע גרויסע מעלות, וועגן וועלכע איך

האָב געוווסט, אַז איר טאָכטער וועט זיי ירשענען און איך בין געווען גערעכט. איך האָב געהאַט, ווי מען זאָגט, אַ „ווייטן קוק".

זייענדיק שטאַרק באַגייסטערט פון דער דאָזיקער אַנטדעקונג מיינער, האָב איך אין דער קליינער הייזקע, ווו זיי האָבן געוווינט, אָנגעהויבן זען אַ הערלעכן פּאַלאַץ מיט אָן אַ שיעור גלאַנץ און פּראַכט. זייער מיקווה אַנטקעגן איבער זייער היים, וואָס איז עלעגאַנט געריפן געוואָרן „די טערקישע באָד", האָט אין מיינע אויגן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסאַרטיקער רוימישער באָד, ווי איך האָב וועגן אַזאַ געלייענט אין די ביכער. ס'האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט ביז איך האָב זיך דערוווסט, אַז אַט דער פּאַלאַץ, די הייזקע, איז גאָרנישט זייער אייגנטום און אַז זיי האָבן קוים געקאָנט צאָלן דערפאַר דירה־געלט. מיט דער „טערקישער באָד" זענען זיי געווען פאַרזונקען אין חובות איבערן קאָפּ. דאָס ביסל, וואָס אַט די באָד האָט אַריינגעבראַכט, איז צעגנבעט געוואָרן דורך דעם גוי, וועלכער האָט „אָפּגעקויפט" די באָד פרייטיק נאָך מיטאָג און זי צוריק „פאַרקויפט" שבת נאָך הבדלה. און דווקא אין די פיר און צוואַנציק שעה איז געווען דער גרעסטער פּדיון, אָבער אַ פרומער ייד האָט דאָך נישט געקאָנט אַליין פירן שבת דאָס געשעפט. און מיין שווער איז געווען אַ גאָר שטאַרקער שומר שבת. ער האָט געמוזט מאַכן אַ „שטר מכירה" און פאַרלאָזן זיך אויף דעם גוי.

די איינציקע שאלה, וואָס ער האָט מיך געפרעגט, ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וויל חתונה האָבן מיט זיין טאָכטער, איז געווען: „לייגסטו תפילין?" און די איינציקע ערנסטע טענה, וואָס ער האָט געהאַט צו מיר אַלע יאָרן איז געווען, אַז איך בין נישט גענוג פרום — איך, מאיר, דער זון פון שלמה חיים, דעם חזן פון קיקל — וואָס פאַר אַ מחשבה זרה! דער אמת איז, אַז איך בין געווען רעליגיעז געשטימט, נאָר מיין רעליגיעזקייט האָט זיך אויסגעדריקט נישט אין אָרטאָדאָקסאַלן שטייגער.

ווען ס'איז געקומען דער גרויסער, ליכטיקער טאָג אין מיין לעבן און איך האָב געדאַרפט געפינען געלט פאַר שירליס חופּה־קלייד און מיינע לעצטע פאַר דאָלאַר זענען פאַרטאַכלעוועט געוואָרן פאַר דעם שאָפער פון דער טאַקסי, וואָס האָט מיך און וויפל פון מיין משפּחה עס האָבן זיך נאָר געקאָנט אַריינקוועטשן אין דעם אויטאָ, אַוועקגעפירט פון לענאָקס־עוועניו, האַרלעם, אין בּאָראָ־פּאַרק — בין איך געבליבן „גאָלע", ווי אַ קבצן שבקבצנים, און פאָרן מיטן סאָבוועי האָט דאָך נישט געפּאַסט פאַר אַזאַ חתן־בחור, ווי איך.

מיין ברודער אבא איז געקומען פון באַלטימאָר צו פראַוועז די חתונה. פון מיין משפּחה האָט זיך פאַרזאַמלט דער גאַנצער עולם, וואָס האָט קיין עין־הרע זיך שטאַרק אָנגעזען. מיין שטיפמאַמע לאָדזשאַ איז אַוודאי געווען די שטאָלצסטע און די גליקלעכסטע פון אַלע, ווען זי האָט געזען, אַז איר טייערער תכשיט גייט צו דער חופּה. אַ סך פון מיינע פריינד, וועלכע זענען געווען אויף דער חתונה, האָבן מיר שפּעטער געזאָגט, אַז איך בין געווען בלייך ווי די וואַנט פון גרויס צערודערונג, און אַז ווען מען האָט מיך געפירט צו דער חופּה, האָב איך אויסגעזען מער ווי אַ לעמעלע, וואָס מען פירט צו דער שחיטה, איידער אַ חתן־בחור אין

דער גליקלעכסטער שעה פון זיין לעבן און טריומף. שירלי זאָגט, אַז איך האָב אַרויפגעצויגן דעם אַקסל אַזוי הויך אונטער מיין הוט, אַז מען האָט קוים געקאָנט אַרויסזען מיין פּנים.

ווען מיין ברודער אבא האָט נאָכן מסדר זיין די חופּה וקידושין — אָנגעהויבן זאָגן „אל מלא רחמים" נאָך אונדזער פֿאָטער, האָב איך מיך צעכליפּעט אויפֿן קול. שפּעטער, ווען איך האָב לויט דעם מינהג געדאַרפֿט אַרויפטרעטן אויף אַ גלאָז און צעברעכן עס מיט איין טראַסק, בין איך דורכגעפֿאַלן ווי דער גרעסטער שלימזל. דאָס איז געווען אַ שלעכטער אָנזאָג אויף מיין כּוח גבֿרא. וואָס פֿאַר אַ אומעטיקע התחלה! אָבער די דאַזיקע לוויה־שטימונג איז פֿאַרשוווּנדן, ווי נאָר איך האָב אַ קוש געטאָן מיין כּלה.

צווישן די געסט זענען זעלבסטפֿאַרשטענדלעך געווען אַלע מיינע פֿריינד פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מיט לואי ליפּסקין און זיין פֿרוי בראָש. דער חשובֿסטער פֿון זיי אַלעמען איז געווען שמריהו לעווין, וועלכער האָט מיך גע־פֿירט צו דער חופּה, פֿאַרבייטנדיק מיין פֿאַרשטאָרבענעם פֿאָטער. מיר זענען געווען נאָענטע פֿריינד און מיר פֿלעגן זיך זען כּמעט יעדן טאָג, צי אין ציוניסטישן ביוראָ, אָדער אין דעם „רישעליע"־רעסטאָראַן בשכנות. פֿאַר מיין שווער און שוויגער, די הירשפֿעלדס, איז דאָס קומען פֿון אַזאַ באַרימטן יידן צו מיין חתונה געווען אַ וועלט־געשעעניש. מיין פֿריינדשאַפֿט מיט שמריהו לעווינען איז אין זייערע אויגן געווען די גרויסע דערגרייכונג אין מיין לעבן, דערווייל די איינציקע.

ווי מען האָט געקאָנט דערוואַרטן, זענען געהאַלטן געוואָרן אַן אַ שיעור דרשות דעם אָוונט. דער קליינער חתונה־זאַל איז געווען אָנגעפּאַקט מיט ציוניסטישע רעדנער און מיט אַן עולם, וואָס איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון זייערע רייד. וועגן דעם וואָס איז דעמאָלט אַלץ געזאָגט געוואָרן — די שבֿחים, די ברכות, די וואָרע־נונגען, די האָפֿענונגען — געדענק איך גאָרנישט, אָבער שמריהו לעווינס רעדע ליגט מיר ווי פֿריש אין זכּרון. מיך האָט ער אין גאַנצן איגנאָרירט. איך בין דאָ געווען בלויז דער חתן. ער האָט גערעדט צו דער כּלה און ער האָט זי אָנגערופֿן ביים נאָמען, וועלכן ער פֿלעגט תּמיד באַנוצן און מיט וועלכן זי איז באַקאַנט גע־וואָרן כּמעט אין דער גאַנצער ציוניסטישער וועלט: שיינע לאה. ער האָט גערעדט מיט זיין גרויסן אָראַטאָרישן טאַלאַנט און מיט חן און ער האָט היפּנאָטיזירט דעם עולם אויף אַן אופֿן, אויף וועלכן נאָר ער איז געווען אַ מומחה. ער האָט געשיל־דערט דעם ביטערן גורל פֿון אַ פֿרוי, וואָס האָט חתונה פֿאַר אַן איבערגעגעבענעם ציוניסט און ער האָט גערעדט נישט בלויז דערפֿון, וואָס ער האָט געזען ביי אַנדערע, נאָר פֿון זיין אייגענער דערפֿאַרונג. ער האָט געמאָלן די לאַנגע נעכט, ווען די פֿרוי בלייבט אַליין אין שטוב, און ווען דער מאַן געפֿינט זיך צייטנווייז טויזנטער מייל ווייט. מיט יעדן וואָרט זיינעם האָב איך געפֿילט, ווי דאָס האַרץ ווערט מיר פֿאַרחלשט, און ווי מיין גרויסע דעראָבערונג, וואָס איז מיר אַזוי שווער אָנגעקומען, גליטשט זיך מיר אַרויס פֿון צווישן די פֿינגער. אָבער שמריהו לעווין האָט דאָס געטאָן מיט אַ סך חן און ער האָט פֿאַרענדיקט אין אַן אָפּטימיסטישן טאָן, און איך האָב אים מוחל געווען.

ווען די חתונה־שׂמחה האָט זיך פֿאַרענדיקט אַרום האַלבער נאַכט, זענען דריי פּערטל פֿון די געסט, שירלי און איך אַריינגערעכנט, אַוועקגעפֿאָרן קיין אַטלאַנטיק סיטי צו אַ ציוניסטישער קאָנפֿערענץ.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער פֿאַרהייראַט לעבן.

# 6. בײַם רעדאַקציע-טיש

ווען מיר זענען אין יאָר 1921 זיגרייכע צוריקגעקומען פון דער קאָנפערענץ אין קליוולאַנד אין אונדזער אויסגעפלינדערטן ציוניסטישן ביוראָ אין ניו־יאָרק, האָב איך געירשנט די אָפיציעלע צייטשריפט פון דער באַוועגונג „ ניו פּאַלעסטיין", וואָס האָט פאַרטראָטן דעם אונטערגעגאַנגענעם זשורנאַל „מאַקאַביען" און דאָס וואָכנבלאַט „ניו מאַקאַביען", וואָס האָט אויפגעהערט צו דערשיינען. „ניו פּאַלעסטיין" איז געווען אַ קליינע באַלעבאַטישע צייטשריפט, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַכט זייטן און אַ מאָל אין זעכצן זייטן. טעאָרעטיש האָט דאָס אַבאָנירן די צייטשריפט געקאָסט צוויי דאָלאַר אַ יאָר, פּאַקטיש איז עס געווען אַ באַלוינונג פאַר יעדן ציוניסט, וועלכער האָט צוגעשיקט אין ביוראָ זיין מיטגלידס־אָפּצאָל פון זעקס דאָלאַר אַ יאָר. ער האָט בלויז געדאַרפט אָנווייזן, צי ער פאַרלאַנגט די „ניו פּאַלעסטיין", אָדער די צייטשריפט „דאָס אידישע פאָלק", וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעגעבן אין יידיש. טעאָרעטיש האָבן די צוויי דאָלאַר, פון יעדע זעקס דאָלאַר, געדאַרפט באַשטימט ווערן צו דעקן די הוצאות פאַר דרוקן און פונאַנדערשיקן דעם זשורנאַל. פאַר שרייבער האָבן מיר נישט געהאַט קיין בודזשעט, ווייל מיר האָבן אויך נישט געהאַט קיין שרייבער. פּאַקטיש זענען אָבער אויך די צוויי דאָלאַר אַוועקגעגאַנגען, ווי די אַנדערע פיר דאָלאַר, אין דער אַלגעמיינער קאַסע פון דער אַדמיניסטראַציע, און יעדעס מאָל ווען עס איז געקומען צו באַצאָלן אַ רעכענונג פון אונדזער דרוקער, די „ברוקלין איגל", בין איך באַשולדיקט געוואָרן, אַז איך ברענג אַ דעפיציט אין דעם בודזשעט.

אין הסכּם מיט די פּאָסט־רעגולאַציעס איז איין מאָל אין יאָר געווען אַ קורצע מעלדונג, אין קליינע רש"י־אותיות, מיט דער בשׂורה צו דער גרויסער וועלט, וואָס דאָס אַלץ איז איר אָנגעגאַנגען ווי דער פאַראַיאָריקער שניי, אַז איך האָב געשווירן פאַר אַן עפנטלעכן נאָטאַר, אַז איך, מאיר וו. ווייסגאַל, בין לויט מיינע בעסטע ידיעות, דער פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט; אַז לואי ליפּסקי איז דער רעדאַקטאָר; און אַז איך, מאיר וו. ווייסגאַל, בין דער געשעפטס־פאַרוואַלטער. איך האָב קיין מאָל נישט פאַרלאַנגט, אַז מיין נאָמען זאָל זיין געדרוקט אויבן, ביי דער אויבערשריפט פון זשורנאַל. איך האָב געוואָלט בלייבן אַנאָנים, נישט חלילה וחס צוליב באַשיידנקייט, נאָר ווייל עס האָט זיך מיר

געלוינט אַ סך בעסער, און ווייל דאָס האָט מיך באַשיצט פון שלעכטע זאַכן. איך האָב שוין געלערנט מיין לעקציע אין דעם זשורנאַל „מאַקאַביען". שרייבערס, וואָס האָבן קיין מאָל נישט געשריבן; פירער — אָנפאַנגער; מענטשן וועלכע האָבן זיך „געשניטן" צו ווערן פּאָליטישע טוער און ליטעראַרישע אַספּיראַנטן, זענען געשטאַנען כמעט ווי אין אַ ריי פאַר דעם רעדאַקטאָרס טיש. זיי זענען געקומען מיט דיקע מאַנוסקריפּטן, אָדער זיי האָבן פאָרגעשלאָגן זייערע אומאָפּשאַצבאַרע זשורנאַליסטישע דערפאַרונגען. איך האָב זיך געקאָנט אַרויסדרייען פון זיי אַלעמען, זאָגנדיק, אַז איך בין נישט דער רעדאַקטאָר און אַז די העכערע אויטאָריטעט איז לואי ליפּסקי (וועמען זיי האָבן נישט געוואַגט צו פייניקן). במשך פון אַ צייט האָט עס מיר געהאָלפן. שפּעטער האָט דער געענדערטער כאַראַקטער פון דער צייט־שריפט מיך געראַטעוועט.

איך האָב באַלד אין אָנהויב באַשלאָסן, אַז די „ניו פּאַלעסטיין" דאַרף נישט און וועט נישט בלייבן אַ נישט־מיר־און־נישט־דיר אָרגאַניזאַציע־צייטשריפט, אָן אַ טעם, אָדער אַ בלעטל, וואָס זאָל סתם דינען בלויז מפרסם צו זיין ציוניסטישע „קליאַמקעס". איך האָב געגלויבט, אַז מיט אַ געוויסער אָנשטרענגונג, פאַנטאַזיע און מיט אַ ביסל געלט קאָן דער זשורנאַל ווערן אינטערעסאַנט נישט בלויז פאַר די מיטגלידער, נאָר אויך פאַר דעם אַלגעמיינעם עולם לייענער. דאָס איז נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. צאָלן פּראָפעסיאָנעלע שרייבער, אין דער צייט, ווען עס האָבן זיך אַרומגעדרייט אַזוי פיל אַמאַטאָרן, גרייט צו פאַרפלייצן מיט זייערע כתבים, איז געווען אַ זאַך, וואָס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן אין דער ציוניס־טישער וועלט. אָבער איך בין באַשטאַנען דערויף, אַז איך זאָל האָבן אַ בודזשעט פאַר שרייבער. אויב איך בין סיי ווי באַשולדיקט געוואָרן אין דעפּיציטן, האָב איך טאַקע געוואָלט האָבן דאָס רעכט זיי צו מאַכן.

ביסלעכווייז האָב איך זיך אַרומגערינגלט מיט אַ גרופּע טאַלאַנטפולע שריי־בער, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט דערוואָרבן אַ נאָמען. אויסער דעם האָב איך געפאָדערט, אַז איך זאָל ווערן אומאָפּהענגיק פון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַשין און פון דעם דרוק פון די אָנפירער פון די באַזונדערע אָפּטיילונגען און פון די וויצע־פּרעזידענטן. צום גליק בין איך שטענדיק געווען דער לעצטער, וועלכער איז געקומען אין דער דרוקעריי, און מיין טאַקטיק איז געווען: „קודם־כל דרוקט, שפּעטער וועט איר פרעגן שאלות". ווי נאָר אַ הונדערט טויזנט עקזעמפּלאַרן וועלן זיין אַרויס פון דער דרוקמאַשין, וועט קיינער נישט קומען פאָדערן מען זאָל איבערדרוקן דעם זשורנאַל. אַלס פועל יוצא פון דעם אַלעם האָט די „ניו פּאַלעס־טיין" גיך געקראָגן דעם כאַראַקטער, וואָס איך האָב געוואָלט, אַז די צייטשריפט זאָל האָבן — דעם כאַראַקטער פון אַן ערנסטן זשורנאַל.

איך האָב געהאַט אַ נישט־אָפּיציעלן אינערלעכן רעדאַקציע־ראַט, וואָס איז באַשטאַנען פון לואי ליפּסקי און מאָריס סעמיועלן און אַ גרופּע באַוווּסטע שרייבער אַרום מיר. אייניקע פון זיי האָבן ערשט אָנגעהויבן זייערע קאַריערעס. אַנדערע האָבן זיך שוין געהאַט דערוואָרבן זייערע הויכע רעפּוטאַציעס. די „ניו פּאַלעסטיין" איז געוואָרן אַ מאַגנעט, וואָס האָט צוגעצויגן צו דער ציוניסטישער סביבה די אַזוי גערופענע אָפּגעפרעמדטע יידן. דעמאָלט איז דער דאָזיקער נאָמען נאָך נישט

געווען אַזוי שטאַרק פּאַרשפּרייט, אָבער פּאַקטיש האָבן מיר שוין דאַן געהאַט אַזעלכע יידן. אין די מערסטע פאַלן האָב איך אויפגעוועקט זייער אינטערעס מיט דעם „שוחד", וואָס איך האָב זיי געגעבן — די מעגלעכקייט צו מאַכן אַ רייזע קיין ארץ־ישׂראל, זיי זאָלן אָנקוקן דאָס לאַנד מיט זייערע אייגענע אויגן. דערמיט זענען נישט געווען פאַרבונדן קיין שום פּאַרפּליכטונגען פון זייער זייט. צייטנווייז האָט זיך מיר דאָס איינגעגעבן און צייטנווייז — נישט. מיט לודוויג לואיסאָן און ווינסענט שין האָב איך געטראָפן. איך האָב מיט זיי ביידע זיך באַקענט נאָענט און האָב זיי ליב געהאַט.

אין יענער צייט, אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן, איז לודוויג לואיסאָן געווען אויפן הויכפּונקט פון זיין קאַריערע. ער איז געווען דער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער צייטשריפט „ניישן" און באַרימט מיט אַ צאָל ביכער, וואָס ער האָט שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט, באַזונדערס „אַפּסטרים". ער איז אָבער געווען ווייט פון דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע. איך האָב אים געשיקט קיין ארץ־ישׂראל, כּדי ער זאָל אָנשרייבן אַ סעריע אימפּרעסיאָניסטישע אַרטיקלען און צוריקגעקומען איז ער מיט אַ געזאַנג לכּבוד ציון אויף זיינע ליפּן.

ווי איינער וואָס האָט זיך ערשט נישט לאַנג צוריק באַקערט צו דער ציוניסטישער אידייע און איז געוואָרן אַ פייערדיקער אָנהענגער פון ציוניזם, האָט לודוויג לואיסאָן זיך צעפלאַקערט מיט אַ פלאַם, וואָס האָט פאַרטונקלט אַלע אַנדערע ליכטער. אַלס אַ שריפטשטעלער האָט ער געבראַכט צו אונדז, אין „ניו פּאַלעסטיין", נישט נאָר זיין באַרימטן נאָמען, נאָר אויך דעם אויסגעצייכנטן סטיל פון דער ענגלישער שפּראַך, וואָס מען האָט דעמאָלט געקענט אין אַמעריקע. ער איז אויך געווען אַ גלענצנדיקער איבערזעצער פון דייטש, די שפּראַך פון זיינע קינדער־יאָרן. אין זיין אויסזען איז ער געווען זייער ענלעך צו די פּאָרטרעטן פון געטען, און וואָס עלטער ער איז געוואָרן, אַלץ מערקווירדיקער איז געוואָרן די דאָזיקע ענלעכקייט.

מיין באַקאַנטשאַפט און פאַרבינדונג מיט לודוויג לואיסאָנען האָט אָנגעהאַלטן אַ סך לענגער ווי די צייט, וואָס איך האָב געהאַט צו טאָן מיט „ניו פּאַלעסטיין" און האָט אויך געהאַט אַ שייכות מיט אַ גאַלעריע פון ווייבער — זיינע, נישט מיינע. איך דערמאָן וועגן דעם דערפאַר, ווייל די ווייבער האָבן זיך אַרויפגעצוווּנגען אויף זיין ליטעראַרישן לעבן. אַלס אַ שריפטשטעלער האָט לואיסאָן געהערט אין גאַנצן צו די מאָדערניסטן, אָבער אַלס אַ געליבטער, איז ער דורך־און־דורך געווען אַן אַלטמאָדישער און אַלטפרענקישער. יעדעס מאָל, ווען ער האָט אַ שמייכל געטאָן צו אַ פרוי, האָט ער געמיינט, אַז ער דאַרף חתונה האָבן מיט איר. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ סעריע פון פיר ווייבער און האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרפּלאָנטערט אין הלכות נשים, אַז אַ לאַנגע צייט איז מיין פּערזענלעכער קאָנטאַקט מיט אים געווען באַגרענעצט בלויז אויף די זונטיקדיקע טעג, ווען ער האָט געקאָנט קומען קיין ניו־יאָרק און נישט מורא האָבן, אַז מען וועט אים דערלאַנגען אַן אויפפאָדערונג צו מעלדן זיך צום געריכט, איבער אַ קאָנפליקט מיט אַ פרוי.

אין איינעם אַזאַ זונטיק האָט ער זיך פאַר מיר אַריינגעלאָזט אין אַ לאַנגער דרשה וועגן דעם קיום פון יידישן פאָלק. ס'איז געווען אַ באַלערנדיקע, באַלייכטנ־

דיקע און גוט געבויטע רעדע, און ער האָט זי פֿאַרענדיקט מיט אַן אויסגעצאַצקע־טער פֿראַזע: „הער רעדאַקטאָר״ — אַזוי האָט ער ליב געהאַט צו ווענדן זיך צו מיר אויף דייטש — „אין מיין גרויסער איבערגעגעבנקייט צום יידישן פֿאָלק שטעל איך אין געפֿאַר מיין אייגענעם קיום. איר מוזט מיר העלפֿן״.

די קורצע מסקנה פֿון דער לאַנגער דרשה איז געווען, אַז פֿון איצט אָן דאַרף ער באַקומען פֿופֿציק דאָלאַר פֿאַר אַן אַרטיקל, אָנשטאָט די פֿינף און צוואַנציק, וואָס איך פּלעג אים צאָלן, ווייל אויב נישט, וועט ער נישט קאָנען נאָכקומען די אַלימענטן־צאָלונגען פֿאַר זיינע געוועזענע ווייבער. אין דעם דאָזיקן עסק האָב איך אים נאָך געקאָנט העלפֿן. אָבער איך האָב גאָרנישט געקאָנט טאָן פֿאַר אים אין אַ צווייטן און מער וויכטיקן ענין: וואָס מער ער איז געוואָרן איבערגעגעבן דעם ציוניזם, אַלץ ווייניקער און קלענער איז געוואָרן זיין פּאָפּולאַריטעט אין דער דרויסנדיקער וועלט. אָבער דאָס האָט נישט אָנגערירט דעם בריליאַנטענעם חן פֿון זיין ענגלישן סטיל.

מיין דערפֿאַרונג מיט ווינסענט שין, וועלכן איך האָב דערמאָנט פֿריִער אין איינעם מיט לודוויג לואיסאָנען, איז געווען גאָר אַן אַנדערע. שין, אַ יונגער איר־לענדישער ציטונגס־שרייבער, האָט געהאַט אַ גרויסן לייענער־עולם. ער איז פֿאַר־כאַפּט געוואָרן פֿון דער אידייע וועגן אַ באַזוך אין ארץ־ישׂראל. אויך דער ציוניזם האָט אים שטאַרק פֿאַראינטערעסירט. איך גלויב, אַז דאָראָטי טאָמפּסאָן, וועלכע האָט אַליין אין יענער צייט זיך באַקערט צום ציוניזם, האָט אַריינגעפּירט ווינסענט שין אין דעם קרייז פֿון אונדזערע סימפּאַטיקער. שין האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער וועט זיין פֿריי צו שרייבן אַלץ, וואָס ער פֿילט און איך בין געווען זיכער, אַז אונדזער ארץ־ישׂראל וועט אויף אים מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק און וועט אים באַצויבערן. ער איז טאַקע באַצויבערט און פֿאַרפֿירט געוואָרן, אָבער נישט פֿון אידייען. ער איז אַריינגעפֿאַלן אין די הענט פֿון פֿרוי קיטי אַנטאָניוס, די פֿרוי פֿון דזשאָרדזש אַנטאָניוס, דעם פּראָמינענטסטן אַראַבישן אינטעלעקטואַל אין יענער צייט. שין איז געוואָרן איבערצייגט, אַז די אַראַבער און נישט די יידן וועלן זיין דער קומענדיקער דעצידירנדיקער כּוח אין ארץ־ישׂראל. איך דאַרף דאָ באַמערקן, אַז ער האָט צוריקגעצאָלט דאָס גאַנצע געלט, וואָס מיר האָבן אים געגעבן פֿאָרויס אויפֿן חשבון פֿון זיין האָנאָראַר, ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שרייבן אַפֿילו איין וואָרט פֿאַר אונדז.

נאָך אַן אַנדער שריפֿטשטעלער, וועלכער איז דעמאָלט אַריינגעקומען אין מיין מחיצה, איז געווען אַ הויכער חנעוודיקער האַלענדער, אַ גלח, וואָס האָט אויסגע־קליבן נישט אָפּצוגעבן זיך מיט פּרעדיקן אין אַ קירך. זיין נאָמען — דעמאָלט נאָך נישט באַקאַנט — איז געווען פּיער וואַן פּאַסען. מיט אַ מאָל האָבן זיך איינ־געשטעלט צווישן אונדז נאָענטע באַציִונגען. עס האָט אים געבראַכט צו מיר יצחק כּרמל, אַ ציוניסט, וואָס האָט געשטאַמט פֿון לידס, ענגלאַנד, און האָט גע־האַט אַ שטעלע ביי אונדז אין ביוראָ צו אָרגאַניזירן נייע ציוניסטישע גרופּעס. איצט לעבט ער אין ירושלים, ווו ער פֿאַרנעמט זיך מיט זיין „אַ משגיח אויף אַן אַלטן מאַן״, וואָס מיינט אויף זיך אַליין — ווי ער דריקט זיך אויס. כּרמל האָט

זיך באַקענט מיט וואַן פּאַסענען אין אַטלאַנטאַ, ווו דער הויכער שיינער האָלענדער האָט דעמאָלט געאַרבעט אין אַ לאָקאַלער צייטונג „אַטלאַנטאַ קאָנסטיטיושאַן". ערשט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען ער האָט אָנגעשריבן זיין ווערק „די טעג פון אונדזערע יאָרן", וואָס האָט געהאַט אַ באַלדיקן גרויסן דערפאָלג און איז אויסגעצייכנט געוואָרן אַלס „דאָס בוך פון חודש", איז פּיער וואַן פּאַסען געוואָרן אַ פּראָמינענטע פיגור. מיר האָבן אים באַשטימט פאַר אונדזער אייראָפּעיִשן רעפּאָרטער. געוויס האָט עס געקאָנט זיין ביי אים בלויז אַ זייטיקע באַשעפטיקונג. ער איז געווען דער אויסלענדישער קאָרעספּאָנדענט פון די צייטונגען „ניו־יאָרק איוונינג וואָרלד" און „טאָראָנטאָ סטאַר".

וואַן פּאַסען האָט זיך נישט „געשמדט" אויף צו ווערן אַ ציוניסט. ער איז אַליין געקומען צו דער ציוניסטישער אידייע, און זיין ציוניזם האָט אַרויסגעשפּראָצט פון זיין טיפער ליבע צו דער ביבל; פון זיין אינטימער באַקאַנטשאַפט מיט די צוזאָגן, וואָס זענען געגעבן געוואָרן די יידן און וואָס ווערן געבראַכט אין תנ״ך און אפשר אויך פון אַ געפיל פון דער קריסטלעכער שולד לגבי דעם יידישן פאָלק. קאָן זיין, אַז עס איז געווען נאָך אַן עלעמענט אין זיין ציוניזם — די אָפּגענאַרטע נאַציאָנאַלע בענקשאַפט פון אַ מינדערהייט־פאָלק, צו וועלכן ער האָט געהערט — די וואַלאָנען. דאָס האָט אים געבראַכט דערצו, ער זאָל ווערן אַליידנשאַפטלעכער אָנהענגער פון דער יידישער מינדערהייט.

אין אייראָפּע האָט פּיער וואַן פּאַסען רעקרוטירט אַ מחנה שרייבער פאַר „ניו פּאַלעסטיין", צווישן זיי שאַרל זשיד און עדמאָנד פלעג. וואַן פּאַסען איז געווען אַ זשורנאַליסט מיט אַן אומגעוויינטלעכער פאַנטאַזיע — אַן אייגנשאַפט, וואָס איז נישט שטענדיק געווונטשן אין דער פּראָפעסיע. זשורנאַליסטן דאַרפן באַריכטן וועגן „פאַקטן"; ער פלעגט צייטנווייז אַריינפאַלן אין אַ גרויסער צרה מיט אינטערוויוען, וועגן וועלכע עס האָט געהייסן, אַז ער פירט זיי דורך „אויפן אָרט", אין ערגעץ־ווו ווייטע מקומות, און וואָס זענען באַשאַפן געוואָרן אין זיין ביוראָ אין פּאַריז.

פון דעסטוועגן האָט ער געבראַכט גרויס נוצן דעם ציוניזם. נאָך דער מלחמה האָט מען אים געמאַכט פאַר אַן ערנבירגער פון תל־אביב.

מיין נאָענטער פריינד גרשון אַגראָנסקי, וועמען איך האָב דערמאָנט אין אַ פריִערדיקן קאַפּיטל אַלס אַ מיטגליד פון יידישן לעגיאָן, איז אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן אַוועקגעפאָרן פון ניו־יאָרק און געוואָרן אַ תושב פון ירושלים. ער האָט אין ירושלים געגרינדעט די ענגליש־יידישע טאָגצייטונג „פּאַלעסטיין פּאָסט", איצט „דזשערוזעלעם פּאָסט". איך האָב אים געגעבן דעם ערנטיטל פון „ספּעציעלן פאָרשטייער פון „ניו פּאַלעסטיין" אין ארץ־ישראל און ער האָט אויך אַריינבאַקומען פאַר אונדז לאָקאַלע טאַלאַנטן, אַריינרעכענענדיק דזשוליען מעלצער, וועגן וועמען איך וועל נאָך שרייבן שפּעטער.

מיר האָבן אָנגעהויבן דרוקן אין „ניו פּאַלעסטיין" פּאָעמעס און קורצע דערציילונגען פון יונגע ארץ־ישראלדיקע שרייבער און אויך רעפּראָדוקציעס פון בילדער פון ארץ־ישראלדיקע קינסטלער. אַרום דעם יאָר 1924 האָבן מיר דער־

גרייכט צו דער מדרגה פון אַ סאָלידן, אַלגעמיין רעספּעקטירטן זשורנאַל. מיר האָבן אויסגעברייטערט אונדזערע נומערן ביז צוויי און דרייסיק זייטן. די טעמעס פון אונדזערע אַרטיקלען האָבן אַרומגענומען נישט בלויז ציוניסטישע ענינים. מיר האָבן פּאַרעפּנטלעכט אָפּהאַנדלונגען וועגן פילאָזאָפיע, וועגן עקאָנאָמישע פראַגן און מיר האָבן אויך אָפּגעגעבן אַ סך אָרט פאַר ליטעראַטור, פאַר איבערזיכטן וועגן ביכער און אַלגעמיינע פּאָליטישע פּראָבלעמען. מיר האָבן אַפילו געקאָנט אָנווייזן אויף דעם, אַז מיר זענען שוין ביים אָנהויב פון אַ מאַטעריעלן דערפאָלג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם פאַקט, אַז מיר האָבן אויך געהאַט רעגולערע אַנאָנסן. דאָס זענען טאַקע נישט געווען קיין אַנאָנסן פון „דזשענעראַל מאָטאָרס", דאָך האָבן מיר געזען אין זיי אָנגענעמע פינאַנסיעלע „אָאַזיסן" אין דעם מדבר פון „אומפּראָדוקטיווער" ליטעראַטור.

אין יענער צייט איז מיין פאַך־קאָלעגע און שכן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע געווען ד"ר שמעון בערנשטיין, אַ באַדייטנדיקער העברעיִשער גע־לערנטער, וועלכער האָט רעדאַגירט „דאָס אידישע פאָלק", די אָפיציעלע צייט־שריפט אין יידיש. ער פלעגט קומען רעגולער צו מיר אין ביוראָ, געטריבן פון אַ קאָלעגיאַלער זאָרג וועגן מיין צוקונפט. ער פלעגט זיך אַוועקזעצן אויפן ראַנד פון מיין טיש און כּסדר איינטענהן מיט מיר, אַז איך גראָב סיסטעמאַטיש מיין אייגענעם קבר.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין אַ משוגענער און אַ טיפּש ווען איך רינגל זיך אַרום מיט אַ גאַלעריע פון אַזעלכע בריליאַנטענע שרייבער ווי מאָריס סעמיועל, פיער וואַן פאַסען, לודוויג לואיסאָן, ראָבערט וועלטש, לעאָנאַרד שטיין, מאַרווין לעווענטאַל און ענלעכע צו זיי, פון וועלכע יעדער איינער איז מער טאַלאַנטירט פון מיר. איך האָב אים געענטפערט רויִק, אַז איך האָב קיין מאָל נישט באַמערקט, אַז עמעצער פון זיי זאָל זיך קוואַפּען אויף מיין שטעלע. זיי זענען געווען פאַרליבט איבערן קאָפּ אין זייער שריפטשטעלערישן שאַפן און אין גאַנצן פאַרנומען מיט זייערע זשורנאַליסטישע קאַריערעס, באַקומענדיק דעם האָנאָראַר פון ציוניסטישע שרייבער. אַ חוץ דעם בין איך געווען זיכער מיט נאָך עפּעס: זיי זענען געווען אויסגעצייכנטע שרייבער און איך בין געווען אַ דיריגענט, אַן אָרקעסטראַטאָר און דאָס נישט קיין שלעכטער.

יעדע צייטונג — אין אַ געוויסן זין זענען מיר אויך געווען אַ צייטונג — האָט צווישן אירע רעדאַקציע־מיטאַרבעטער איינעם, וועלכער ווערט איידל אָנגע־רופן אַן „איבערשרייבער". פאַקטיש איז ער דער, וועלכער שרייבט אַרטיקלען פאַר אַנדערע. אין יענער צייט האָב איך שוין געהאַט געוווּנען מיין קאַמף קעגן די כּל־מיני גאונים, וועלכע האָבן געמיינט, אַז זיי דריקן אויס אַמבעסטן די ציוניסטישע טעאָריע און טאַקטיק, די ציוניסטישע פילאָזאָפיע און אַקציע; און אויך די אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן געזוכט כאָטש אַ קליין ווינקל אין דעם היכל פון רום און גלאָריע, לכל הפּחות אויף די שפּאַלטן פון „ניו פּאַלעסטיין". עס זענען אָבער געווען צייטן, ווען איך האָב געדאַרפט געבן אַ ביסל פּלאַץ אין דעם זשורנאַל פאַר פירער, וועלכע האָבן דאָס באמת פאַרדינט, און וועלכע זענען געווען

שטומפיק אויף דער פען. דאָס האָט פּאַסירט, ווען מיר פלעגן אַרויסגעבן ספּעציע־לע נומערן לכּבוד אַ פּייערלעכער געלעגנהייט. די דאָזיקע לאַגע האָט געהאָלפן שאַפן אַ פּערמאַנענטע קאַריערע פאַר אַ ווונדערלעכער פיגור, מיטן נאָמען דזשיימס פּוקס, וואָס פלעגט זיך אונטערשרייבן: זשאַק רענאַר. אַ דאַנק דער ליטעראַרישער הילפלאָזיקייט פון עטלעכע פון אונדזערע ציוניסטישע פירער, האָט דזשיימס פּוקס פאַרדינט זיין ברויט־און־פּוטער.

ער האָט זיך באַצויגן צו זיין אַרבעט מיט אַ געהעריקער מאָס פון ערנסטקייט. ער איז געווען אַ זייער פּראָדוקטיווער שרייבער און האָט געהאַט די פעיִקייט צו אימיטירן אַ סך סטילן. ער האָט אויך געקאָנט דערפינדן אַ פּאַסנדיקן סטיל דאָרט, ווו עפּעס פון דעם מין איז נישט געווען בנמצא. דערצו האָט אים געהאָלפן זיין טאַלאַנט אַריינצודרינגען אין דעם כאַראַקטער און אין די מעטאָדן פון דעם מענטשן, פאַר וועמען ער האָט געשריבן די אַרטיקלען. ער האָט יעדן אַרטיקל אַזעלכן אָנגעפּיקעוועט מיט דער פּינקטלעכער מאָס פון פּלפּול, למדנות און אָרי־גינאַליטעט. דעם האָנאָראַר פאַר דעם אַרטיקל פלעגט ער באַשטימען לויט די אינטעלעקטועלע פעיִקייטן פון דעם „מחבר", פאַר וועמען ער האָט דאָס אַרטיקל געשריבן. פון אַ נודניק און אַן עם־הארץ האָט ער זיך געהייסן באַצאָלן פינף דאָלאַר; פון אַ האַלב־געבאַקענעם אינטעליגענט האָט ער גענומען זיבן דאָלאַר און פופציק סענט און פון אַ מענטשן מיט אַ ביסל פעיִקייטן האָט ער פאַרלאַנגט צען דאָלאַר.

עס פלעגט פּאַסירן, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין שום „רוי־מאַטעריאַל", פון וועלכן ער זאָל אָנשרייבן אַן אַרטיקל, קיין שום רמז אַפילו, קיין שום אַריינ־פיר, און ער האָט דעם גאַנצן מאמר, פון אָנהויב ביזן סוף, געמוזט אַליין דער־פינדן. דאָס האָט געקאָנט טרעפן אין דעם לעצטן מאָמענט, ווען דאָס ביסל שריי־בעכץ, וואָס מיר האָבן דערוואַרט פון אַ פירער איז נישט אָנגעקומען און מיר האָבן געדאַרפט גיין צום דרוק מיט דעם זשורנאַל. דאָס האָט געקאָנט פּאַסירן נישט דווקא מיט דעם מאמר פון אַ „פירער", נאָר אויך מיט דעם ווערק פון אַ ליטעראַט, וואָס האָט געדאַרפט געדרוקט ווערן אין דעם נומער, און דער מחבר האָט נישט געהאַלטן זיין צוזאָג. דעמאָלט פלעג איך איבערשרייען דעם רעש פון דער דרוקמאַשין און אויסרופן צו אים (ער איז געווען האַלב־טויב): „פּוקס, איך דאַרף האָבן צוויי הונדערט פופציק ווערטער פון פלוני אלמוני. מה יקר?" אין דער ערשטער רגע איז ער געבליבן שטיין, ווי אין אַן אַנדערער וועלט. ער איז אין גאַנצן פאַרנומען געוואָרן מיט מאַכן אין זיין געדאַנק אַ פּינקטלעכן חשבון, וויפל אַרבעט און פעיִקייטן ער וועט דאַרפן אַריינלייגן אין נאָכמאַכן דעם סטיל און דעם אינהאַלט פון אַן אַרטיקל פון דעם שרייבער, וועמענס נאָמען איך האָב אָנגערופן. נאָך אַ שווערן אינערלעכן קאַמף מיט זיך אַליין פלעגט ער צייטנווייז אויסשטרעקן פינף פינגער. דאָס זענען געווען די מאָמענטן ווען ער איז געווען אמת און ערלעך מיט זיך אַליין.

אַרום און אַרום איז ער געווען אַן אָנשטענדיקער מענטש. אָבער איין מאָל האָט פּאַסירט, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ לאַגע, אין וועלכער ער איז געווען געפּענטעט און געדריקט. ער איז באַהערשט געוואָרן פון אַ שרעקלעכער פּאַניק־

שטימונג. ווי איך מיין, האָט ער איבערגעצויגן דאָס שטריקל, אַזוי פיל און אַזוי שטאַרק, אַז ווען נישט צוליב דער לעכערלעכקייט פון דער סיטואַציע, וואָלט איך אים אַוועקגעשיקט צו אַלדע רוחות.

אין יענער צייט האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיט אַ סעריע אַרטיקלען, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין דעם אָנגעזעענעם יידישן חודש־זשורנאַל „די צוקונפט" אין ניו־יאָרק. די סעריע איז געווען געשריבן פון שריפטשטעלער יערי־פּאַלעסקין, וועלכער האָט געשילדערט אינטערעסאַנטע דערינערונגען וועגן דעם דור „חולמים ולוחמים" אין ארץ־ישׂראל. די אַרטיקלען זענען געווען פול מיט אומבאַקאַנטע, נאָך נישט געדרוקטע מאַטעריאַלן. איך האָב אויסגעזוכט דעם מחבר און האָב זיך פאַרשטענדיקט מיט אים וועגן פאַרעפנטלעכן זיינע אַרטיקלען אין „ניו פּאַלעסטיין", אין אַן ענגלישער איבערזעצונג. זוכנדיק אַן איבערזעצער, האָב איך זיך געווענדעט צו דזשיימס פוקס, וועלכער האָט טאַקע באַלד מסכּים געווען צו טאָן דאָס שטיקל אַרבעט.

איך האָב יערי־פּאַלעסקינס אַרטיקלען געהאַט איבערגעלייענט עטלעכע מאָל. און ווען פוקס האָט מיר דערלאַנגט די איבערזעצונג אין דער באַשטימטער צייט, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, בין איך דערשטוינט געוואָרן, זעענדיק, אַז דער ענגלי־שער טעקסט, וועלכן איך האָב געהאַט פאַר זיך, איז כּרחוק מזרח ממערב פון דעם אָריגינעלן אינהאַלט, וואָס איך האָב געדענקט פון די אַרטיקלען. איך האָב ווידער אַ מאָל איבערגעלייענט די יידישע אַרטיקלען און האָב זיי פאַרגליכן מיט דער איבערזעצונג. אויב דאָ און דאָרט איז געווען עפּעס אַן ענלעכקייט צווישן זיי ביידע, איז עס געווען פּשוט אַ צופאַל. איך בין געגאַנגען זוכן פוקסן אין אַלע מעגלעכע פּלעצער, ווו ער פלעגט זיך אויפהאַלטן, און האָב אים נישט געפונען. סוף־כּל־סוף בין איך אַוועק אין ליטעראַרישן „קאַפע ראָיאַל", וואָס איז געווען זיין באַליבטע „קנייפּע". דאָרט האָב איך וועגן דער מעשׂה דערציילט איינעם פון די שטאַמגעסט, און אָט וואָס איך האָב זיך דערוווּסט:

פוקס קען נישט קיין איין וואָרט יידיש. האָט ער די „איבערזעצונג" געמאַכט אויף אַזאַ אופן: איינער פון די קעלנערס האָט געלייענט פאַר אים דעם יידישן טעקסט און פוקס האָט געמאַכט נאָטיצן, און ווייל פוקס איז געווען האַלב־טויב און דער קעלנער איז געווען אַ באַקאַנטער עם־האָרץ, איז פון דעם אַלעם אַרויס־געקומען אַ בוידעם־קלאָץ. איך האָב דאַן געמוזט מאַכן אַליין די איבערזעצונג. ווען פוקס האָט צום סוף זיך באַוויזן און געמאָנט די פאַר דאָלאַר פאַר זיין „אַרבעט", האָט ער געטענהט, אַז זיינע — און דעם קעלנערס שאַפונג האָט געהאַט אַ ספּעציעלן אייגענעם ליטעראַרישן ווערט. דאָס האָט מיך דערמאָנט באַריס טאָמאַשעווסקיס באַרימטע יידישע איבערזעצונג פון שעקספּירן: „איבערזעצט און פאַרבעסערט".

איך קאָן נישט דערמאָנען דעם „קאַפע ראָיאַל", וואָס איז פאַר די ערשטע אַמעריקאַנער ציוניסטן און יידישע צייטונגס־מענטשן געווען דאָס, וואָס „סאַרדיס" איז געוואָרן פאַר דער ניו־יאָרקער טעאַטער־וועלט, איך זאָל זיך נישט אָפּשטעלן אויף אַ רגע, בכדי אָפּצוגעבן כּבוד איינעם פון די באַרימטסטע באַזוכער, חנא.

קיין שום געשיכטע פון אַמעריקאַנער ציוניזם, און אַפילו פון וועלט־ציוניזם, קאָן נישט פאַרבייגיין מיט שטילשווייגן וועגן חנאָן. ער פלעגט זיך באַווייזן אויף יעדן ציוניסטישן קאָנגרעס, אויף יעדער אַמעריקאַנער ציוניסטישער קאָנפערענץ, אויף יעדער פאַרזאַמלונג, אויף יעדער עפנטלעכער דעמאָנסטראַציע, און אין דער צווישנצייט האָט מען אים שטענדיק געקאָנט געפינען אין „קאַפע ראָיאַל״. חנאס בולטסטע אייגנשאַפט איז געווען די, וואָס מען האָט אים געקאָנט געפינען אומע־טום. ער האָט קיין מאָל גאָרנישט געטאָן. מען האָט קיין מאָל נישט געקאָנט זאָגן וואָס ער איז. אַלץ וואָס מען האָט געוווּסט איז געווען, אַז אין „קאַפע ראָיאַל״ איז זיין שטענדיקער מקום.

ער איז געווען מגושמדיק גרויס, ממש אַ ריז, מיט פיס לאַנגע ווי דער יידישער גלות. געהאַט האָט ער אַן אומגלויבלעכע חוצפה. ווען ער איז געגאַנגען, האָט ער זיך געשאָקלט און געשלעפּט, ווי מיט עפּעס אַ ספּעציעלן, איינגעבוירענעם טריק. ער האָט תּמיד געטראָגן מיט זיך אַ שווערן שטעקן, על כל צרה שלא תּבוא. ער האָט געהאַט קודלעוואַטע האָר, געטראָגן דיקע ברילן און זיינע זעלטן־ראַזירטע באַקן זענען געווען פול מיט טיפע גריבלעך. מיר האָבן אַלע געמיינט, אַז די גריבלעך זענען אַ זכר פון קוילן־שפּליטערס, וואָס האָבן אַ מאָל דורכגע־לעכערט זיין פּנים. אין זיין הילוך איז ער געווען אַזוי אָפּגעלאָזן, אַז עס איז אַרומ־געגאַנגען וועגן אים אַ באַרימטער וויץ: „ווער טראָגט חנאס ריינע קאָלנערס?״ זיין לאַכן איז געווען אַ קאָמבינאַציע פון אַ מין בלייקעצן פון אַן אָקס און שנאַרכן פון אַ ביבער, אָבער אָנשטעקנדיק. ער איז געווען אַ מין זעלבסט־געקרוינטער, אוניווערסאַל טאָלערירטער הויפּפּאַיאַץ, וועלכער האָט „געשאָסן״ אויף רעכטס און אויף לינקס זיינע בייסיקע, שוין נישט זאָגן פאַרגיפטנדיקע שפּאָסן, מיט וועלכע ער האָט אָפּט אַריינגעטראָפן אין דער זיבעטער ריפּ. אַממייסטן האָט ער אַריינ־געזאָגט זיינע שטעכווערטער וועגן די שונאים אָדער קעגנער פון די, מיט וועלכע ער איז גראָד געזעסן צוזאַמען.

זיין גרעסטער שטאָלץ — טאַקע אַן אמתער — איז געווען וואָס ער האָט זיין גאַנץ לעבן נישט אַריינגעטאָן קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער און האָט זיך נישט צוגערירט צו קיין שום מלאכה. איין מאָל, ווען ער איז דורכגעגאַנגען אַ „פּיקעט־ליַין״ ביי אַ רעדאַקציע פון אַ יידישער צייטונג, ווו עס איז געווען אַ שטרייק, און מען האָט אויף אים אַ געשריי געטאָן „שטרייקברעכער״ — האָט חנא זיך אומגע־דרייט צו די פּיקעטירנדיקע און מיט אַ מינע פון אַ מויד, וועלכער מען האָט אָנגע־רירט די בתולה, האָט ער געענטפערט: „קיינער האָט נאָך קיין מאָל נישט געוואַגט מיך צו באַשולדיקן אַז איך זאָל האָבן געאַרבעט איין־איינציקן טאָג אין מיין גאַנץ לעבן״.

פון וואָס האָט ער געלעבט? די ריכטיקע פראַגע וואָלט געווען: פון וועמען האָט ער געלעבט? און דער ענטפער איז: „פון וועמען האָט ער נישט געלעבט?״ פון מיר, פון ליפּסקין, פון סטיפען ווייזן, פון יעדן איינעם, וועלכער האָט פאַר־נומען וועלכע עס איז פּאָזיציע אין יידישן כּלל־לעבן. די ליסטע פון די, וועלכע האָבן אים געשטיצט, וואָלט באַשטאַנען פון אַזעלכע חשובע נעמען, ווי פון די ביישטייערער פון דער אָנגעזעענסטער יידישער פילאַנטראָפּישער אינסטיטוציע.

ער איז געווען דער גרעסטער שנאָרער פון אַלע צייטן, נישט אויסשליסנדיק זאַנגווילס ליטעראַרישן „קעניג פון די שנאָרער". ווען ער האָט נישט אויסגע־שטרעקט די האַנט נאָך אַ נדבה, האָט ער שוין געפונען עמעצן, וועלכער זאָל אים מכבד זיין מיט אַ טעפּל קאַווע, אָדער מיט אַ סענדוויטש. זיין חוצפּה איז געווען אַזוי ראַפינירט, אַז מען פלעגט קריגן אַ מאָדנעם דרך־ארץ פאַר אים. ווען ער האָט אַריינגעטראָגן זיין ביטע צו ווערן אַן אַמעריקאַנער בירגער, האָט ער אָנגע־געבן די נעמען פון דריי „פּערזענלעכע פריינד", וועלכע גאַראַנטירן פאַר אים: לואי ד. בראַנדייס, דזשוליען מעק און סטיפען ס. ווייז, מיט וועלכע ער איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען „פּער דו".

אויף איינער פון זיינע אומצייליקע נסיעות קיין ארץ־ישראל, וועלכע זענען אַלע געווען פינאַנסירט מיט די געלטער פון „פאָלקס־זאַמלונגען", האָט ער אָפּ־געשטעלט אַ גרופּע שול־קינדער און האָט זיי אָנגעהויבן עקזאַמינירן אין דער געשיכטע פון ציוניזם: „ווער איז הערצל?" — זיי האָבן אים געענטפערט; „און ווער איז ווייצמאַן?" — אויף דעם האָבן די קינדער אים אויך געקענט געבן אַ תשובה; „און ווער איז חנא?" — איז געווען זיין ווייטערדיקע פראַגע. די קינדער זענען געוואָרן צעטומלט, נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ביז איינער פון זיי האָט זיך אָנגערופן: „וועגן דעם לערנען מיר אין די העכערע קלאַסן". אַזוי גייט די מעשה, ווי חנא אַליין האָט זי דערציילט.

ווען די יידישע מדינה איז געגרינדעט געוואָרן, האָט חנא באַשלאָסן, אַז זיין אָרט איז צוזאַמען מיט די חלוצים און בויער פון לאַנד. זיינע בעלי־טובהס האָבן זיך פאַרזאַמלט און האָבן איינגעאָרדנט לכבוד אים אַ באַנקעט אויף סעקאָנד־עוועניו. מען האָט פאַר אים געשאַפן אַ פענסיע־פאָנד און מען האָט אים אַוועק־געשיקט קיין ישראל. ביים באַנקעט זענען געווען אַלע, אָנהויבנדיק פון דעם באַרימטן אַרבעטער־פירער דוד דובינסקי ביז לואי ליפּסקי. און אַלע האָבן זיך געפרייט דערפון וואָס ענדלעך ווערט מען פּטור פון חנאן; ער גייט זיך באַזעצן אויף אַ מרחק פון זעקס טויזנט מייל.

ווען איך האָב זיך אַריבערגעקליבן קיין ישראל, איז געשען דאָס, וואָס איך האָב געקאָנט דערוואַרטן: אין איינעם אַ טאָג האָט חנא מיט זיין גאַנצן הילוך, אַ צעפּאַטלטער און אַ צעשויבערטער, זיך באַוויזן אויף דער שוועל פון מיין הויז אין מיטן פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. איך האָב אים געזאָגט קורץ, אַז איך וועל עפּעס טאָן פאַר אים, מיטן באַדינג ער זאָל זיך נישט ווייזן פאַר מיינע אויגן. איך האָב נישט געהאַלטן, אַז ער קאָן זיין אַ צוציִענדיקע באַצירונג פאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט.

איין מאָל, זיצנדיק אין אַ קאַפע אין תל־אביב, האָב איך דערזען חנאן, ווי ער איז געזעסן ביי אַ שכנותדיקן טישל, אַ שווייגנדיקער און ווי אַ הון, וואָס זיצט אויס אייער. מיין פריינד, מיט וועמען איך האָב זיך געפונען צוזאַמען אין דעם קאַפע, האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און האָט אים אַ זאָג געטאָן: „העלאָ חנא"! חנא האָט מיט אַ קאַלטן בליק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. „דו קענסט שוין מער נישט מאירן?" — האָט מיין פריינד אים געפרעגט מיט גרויס פאַר־וווּנדערונג. אויף דעם האָט חנא געענטפערט: „דער מאיר, וועלכן איך האָב גע־

קענט אין אַמעריקע, איז געשטאָרבן. ס׳איז אַ נייער מאיר״. פון דעסטוועגן איז קיין מאָל נישט צוריקגעקומען דאָס וואָכנגעלט, וואָס איך פלעג אים שיקן.

אַ צווייטער מ׳ערקווירדיקער טיפּ, פון גאָר אַן אַנדערן קאַליבער, וועלכער פלעגט זיך באַווייזן און פאַרשווינדן און ווידער אַ מאָל זיך באַווייזן און נאָך אַ מאָל פאַרשווינדן אין די זשורנאַלן, וואָס איך האָב רעדאַגירט, איז געווען ד״ר שמואל מלמד, פון „שיקאַגאָ דזשוויש קוריער״ און פון פיל אַנדערע צייטונגען. ער איז געווען אַ למדן, האָט גערעדט עטלעכע שפּראַכן און האָט געהאַט אָנגע־שריבן אַ צאָל ביכער. ליידער האָט זיין אינטעלעקטועלע אָנשטענדיקייט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט זיינע קענטעניש און טאַלאַנט. ער האָט כסדר גע־האַט צרות מיט ציוניסטישע פירער. און ווען ער איז אַרויס פון איין צרה, איז ער באַלד פאַרקראָכן אין אַ צווייטער. פאַר אים זענען זיי געווען אָדער גאונים, אָדער שווינדלער — פאַרשטייט זיך אין די אַרטיקלען, וועלכע ער פלעגט שרייבן. דאָס איז געווען אָפּהענגיק פון דעם, וואָס ער האָט געקראָגן פון זיי.

אַ צייט איז ער געווען אויף מעסערשטעך מיט סאַלאָמאָן גאָלדמאַן און ער האָט אָנגעשריבן אַ פּאַמפלעט „קאָנטראַ גאָלדמאַן״ אויפן שטייגער פון יאָסעפוס פלאַוויוסעס קלאַסיש ווערק „קאָנטראַ אַפּיאָן״. אַ קורצע צייט שפּעטער האָט סאַלאָמאָן גאָלדמאַן פאַרעפנטלעכט אַ בוך „אַ ראַביי מאַכט אַ חשבון הנפש״. און מלמד האָט זיך באַוויזן אין מיין רעדאַקציע־ביוראָ און האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים לאָזן שרייבן אַ קריטיק וועגן דעם בוך פאַר „ניו פּאַלעסטיין״. איך האָב אָפּגעוואָרפן זיין ביטע. איך האָב אים געזאָגט גאַנץ פּשוט, אַז איך געטרוי אים נישט און אַז ער וועט בלויז פאַרטאַכלעווען זיין צייט, ווען ער וועט אָנשרייבן דעם אַרטיקל. אָבער מלמד האָט גענומען איינטענהן מיט מיר, אַז ער וועט זיך אויפהייבן איבער זיינע פּערזענלעכע געפילן און אַז ער וועט זיין די אָביעקטיווי־קייט אַליין. צווישן זיין שטאַרקן חשק איך זאָל באַשטעלן ביי אים דעם אַרטיקל און זיין שטאַמלענדיקן לשון, מיט וועלכן ער האָט מיך איבערגענומען, האָט ער געפועלט ביי מיר. ווען ער האָט מיר געבראַכט די קריטיק וועגן סאַלאָמאָן גאָלד־מאַנס בוך, וואָס האָט געהייסן אויף ענגליש: „עי ראַבאַי טעיקס סטאָק״ — האָב איך אַ קוק געטאָן אויף די ערשטע שורות און האָב געזען: „אַ ראַבאַי מאַכט אַ חשבון פון די „סטאָקס״, באָנדס, מזומנים־געלט, פון אַלץ, וואָס ער קאָן אַריינ־קריגן אין יד אַריין״.

איך האָב דערלאַנגט מלמדן אַ פּאַרציע אין מיין בעסטן סטיל, וואָס איז גוט באַקאַנט און מיט וועלכן איך בין אָפּט פאַרגליכן געוואָרן צו די גדולים, וועלכע קאָנען אַזוי „מכבד״ זיין. מלמד האָט נישט געפּרוווט זיך אַרויסדרייען. „מאיר״ — האָט ער געזאָגט — „איך האָב אָנגעשריבן די ערשטע שורה בלויז פאַר מיין אייגענעם פאַרגעניגן וועגן. איצט זעצט זיך אַוועק און לייענט ווייטער״.

איך האָב אַזוי געטאָן און איך האָב פאַרעפנטלעכט דעם אַרטיקל.

איין מאָל אין אַ נאָכמיטאָג, ביים סוף פון יאָר 1924, האָב איך אויפן וועג אַהיים פון מיין ביוראָ זיך אָפּגעשטעלט ביי דער סאָבוועי־סטאַציע אויף יוניאָן

סקווער צו קויפן אַ נאָכמיטאָג־צייטונג. הוידענדיק זיך גאַנץ באַקוועם אין דער ריכטונג פון ברוקלין, האַלטנדיק זיך מיט איין האַנט פעסט ביים אויבערשטן רימען פון סאָבוועי־וואַגאָן און מיט דער אַנדערער האַלטנדיק די איינגעקנייטש־טע צייטונג האַרט ביי דער נאָז, האָב איך באַמערקט אַ קליינע נאָטיץ פון אַ פיר, אָדער פינף שורות: דער העברעיִשער אוניווערסיטעט וועט געעפנט ווערן אין ירושלים אין אַפּריל 1925. מיט אַ מאָל האָב איך דערזען אַ גרויס ליכט, אַן „אור גדול", פאַר מיינע אויגן. איך בין אַראָפּגעגאַנגען אויף וואַשינגטאָן סקווער און האָב זיך אַוועקגעלאָזט צוריק אין מיין ביוראָ. פון דאָרטן האָב איך אַוועקגע־שיקט אַ הונדערט טעלעגראַמעס און קייבלס צו מענטשן און אינסטיטוציעס איבער דער גאַנצער וועלט. יעדער איינער, וועלכער האָט מיט זיך עפּעס פאָר־געשטעלט, איז געווען אויף מיין ליסטע.

איך האָב נישט געהאַט די קלענסטע השגה וועגן דעם ווי אַזוי דער חנוכת הבית פון דעם אוניווערסיטעט אין ירושלים ווערט צוגעגרייט. איך האָב בלויז געוווּסט, אַז די פייערלעכע דערעפענונג דאַרף זיך אָפּשפּיגלען אויף די זייטן פון „ניו פּאַלעסטיין" אַזוי, אַז מען זאָל עס געדענקען פּונקט אַזוי שטאַרק ווי דאָס גרויסע געשעעניש אין ירושלים. עס איז נישט גענוג — האָב איך געטראַכט — אַז דאָס געשעעניש גופא אין ירושלים איז פון אַזאַ אומגעהויערער וויכטיקייט און חשיבות. מען דאַרף מאַכן, אַז עס זאָל אַזוי אויסזען אין די אויגן פון דער גאַנצער וועלט.

צווישן די, צו וועלכע איך האָב טעלעגראַפירט וועגן אַרטיקלען און באַגרי־סונגען פאַר דעם ספּעציעלן נומער פון „ניו פּאַלעסטיין" לכבוד דער דערעפענונג פון דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים (וועגן דעם נומער אַליין האָב איך נאָך דעמאָלט געהאַט אין מיין קאָפּ בלויז זייער אַ שוואַכע פאָרשטעלונג), זענען געווען: אחד העם, אַרטור דזשיימס באַלפור, חיים נחמן ביאַליק, מאַקס בראָד, אַלבערט איינשטיין, שאַרל זשיד, פּאָל פּענלעווע, הענריעטע סאָלד, ראַבינ־דראַנאַט טאַגאָרע און חיים ווייצמאַן. ווען עס האָבן אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג אָנגעהויבן אָנקומען די ענטפערס, האָבן מיינע באַלעבאַטים גענומען פאַרדעכטיקן, אַז איך גרייט זיך צו „עפּעס". וואָס אַזעלכעס עס וועט זיין אָט דאָס „עפּעס", האָבן זיי זיך נאָך נישט געקאָנט אָנשטויסן. אָבער מיינע באַלעבאַטים האָבן שוין דער־שנאַפּט, אַז דאָ „גייט אַ דעפיציט". און פאַקטיש האָב איך שוין געהאַט אויסגע־געבן אַ גאָר היפּשע סומע אויף טעלעגראַמעס און קייבלס. מיט אַ מאָל איז זיי איינגעפאַלן, אַז איך קאָן אַפילו פאַרשלאָגן אַ טייל פון מיינע שרייבער פאַר דעם ספּעציעלן נומער, אַז איך וועל זיי באַצאָלן פאַר זייערע אַרטיקלען מיט כסף ממש. באַלד האָט מען מיך געשלעפּט צום אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון דער אָרגאַ־ניזאַציע און געפאָדערט פון מיר איך זאָל געבן דערקלערונגען. מען האָט מיר געמאַכט פאָרוואורפן און מיך געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך און — וואָס איז נאָך וויכטיקער — מען האָט מיר געזאָגט גאַנץ פשוט און קלאָר, אַז איך וועל נישט קריגן קיין איין פּרוטה פאַר דער גאַנצער אונטערנעמונג מיינער. ס'איז אָבער געווען כאַראַקטעריסטיש וואָס זיי האָבן מיר נישט געהייסן אויפגעבן דעם גאַנצן פּלאַן מיינעם וועגן דעם ספּעציעלן נומער.

נו, איך האָב אָבער געמוזט, האָבן געלט פֿאַר דעם נומער, האָב איך געשאַפֿן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט אָרגאַניזירן פֿאַרויס דעם פֿאַרקויף פֿון דעם ספּעציעלן נומער. מיר האָבן אויף דעם וועג שוין געהאַט פֿאַר־קויפֿט הונדערט און פֿופֿציק טויזנט עקזעמפּלאַרן נאָך איידער מיר האָבן געדרוקט דעם נומער. איך האָב געאַרבעט טאָג און נאַכט זעקס חדשים נאָך אַנאַנד אויף דעם ספּעציעלן נומער לכבוד דעם ירושלימער אוניווערסיטעט, אַרויסגעבנדיק גלייכצייטיק דעם רעגולערן וועכנטלעכן „ניו פּאַלעסטיין״.

צוזאַמען מיט מיר האָבן געאַרבעט מאָריס סעמיועל, דזשאָו ברייניין, הענרי מאָנטאָר און מאָרי סירקין.

הענרי מאָנטאָר האָט דאַן געמאַכט אַ ויברה פֿון „היברו יוניאָן קאָלעדזש״. הגם ער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין די לימודים, האָט ער נישט געוואָלט ווערן אַ ראַביי און איז געקומען קיין ניו־יאָרק צו זוכן ליטעראַרישן רום. ער האָט חתונה געהאַט מיט מאַרטאַ נוימאַרק, אַ שוועסטער פֿון דזשאָו ברייינינס פֿרוי, און אַזוי אַרום איז ער אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן געוואָרן איינער פֿון אונדזער חברותא. ער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך טאַלאַנטפֿולער מענטש, און ער האָט אויך געהאַט אַ זייער גרויסע פֿעיִקייט אַלס איינער פֿון די אַרבעטסזאַמסטע, פֿעיִק־סטע און פֿענאָמענאַל דערפֿאָלגרייכסטע געלטזאַמלער אין דער גאַנצער געשיכטע פֿון דער באַוועגונג. ער איז געווען דער „קאָפּ״ פֿון פֿאַראייניקטן יידישן אַפּיל, פֿון באָנדס־קאַמפּיין פֿאַר ישׂראל און אויך דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער געזעל־שאַפֿט „מאַטעריאַלן פֿאַר ישׂראל״ אין דער קריטישער תּקופֿה ערב דער פּראָקלאַ־מירונג פֿון דער מדינה. מאָנטאָר האָט אָבער פֿיינט געהאַט די פּוסטע, אָנגע־בלאָזענע פֿראַזן און דעריבער איז אים געווען שווער אויסצוקומען מיט די פּראָ־פֿעסיאָנעלע ציוניסטן.

ווען ער איז צום ערשטן מאָל געווען ביי לואי ליפּסקין און האָט ביי אים געבעטן אַ שטעלע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט אים ליפּסקי אַ פֿרעג געטאָן: „ווילט איר די שטעלע דערפֿאַר, וואָס איר זענט אַ ציוניסט, אָדער ווייל איר זוכט אַרבעט?״ מאָנטאָרס ענטפֿער איז געווען: „מיך גייט אָן דער ציוניזם ווי דער פֿאַראַיאָריקער שניי״. ליפּסקי האָט אים אָנגענומען פֿאַרן אַרבל און אַרויס־געוואָרפֿן.

אַ לאַנגע צייט האָב איך געצאָלט פֿאַר מאָנטאָרן מיטגלידס־אָפּצאָל אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. און ער האָט אַפֿילו וועגן דעם נישט געוווּסט. איך האָב מיט דעם געוואָלט איינשטילן די וועלף, זיי זאָלן נישט וואָיען אויף מאָנטאָרן. ער האָט זיך פֿאַרשאַפֿט שׂונאים אויף אַלע זייטן דורך אַ נאַטירלעכן געפֿיל פֿון נישט וועלן צופּאַסן זיך צו קיינעם. אָבער די פֿריינד, וועלכע ער האָט זיך דער־וואָרבן אין יענע פֿריִע יאָרן, זענען געבליבן נאָענט מיט אים, כאָטש ער האָט שוין לאַנג פֿאַרלאָזט די ציוניסטישע אַרענע און האָט געמאַכט אַ דערפֿאָלגרייכע קאַריערע אַלס געשעפֿטסמאַן אין רוים, וואָס ער האָט זיך אָפּגעקליבן פֿון אַלע מקומות אין דער וועלט.

מאַרי סירקין, וועלכע איז געוואָרן פּראָפעסאָר פון ענגלישער ליטעראַטור אין דעם בראַנדייס־אוניווערסיטעט, איז די טאָכטער פון נחמן סירקין, איינעם פון די גרינדער און הויפּט־טעאָרעטיקער פון דער פּועלי־ציון־באַוועגונג. זי איז אין יענע יאָרן געווען ביים סאַמע אָנהויב פון אַ שיינער און אויסגעצייכנטער קאַריערע אַלס שריפטשטעלערין און פּאָלעמיקערין. זי האָט איבערגענומען פון חיים גרינבערגן די רעדאַקציע פון דעם חודש־זשורנאַל פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג „דזשויִש פראָנטיר". די דאָזיקע פּאָזיציע האָלט זי אָן ביזן היינטיקן טאָג. אַ קורצע צייט איז זי געווען פאַרהייראַט מיט מאָריס סעמיועלן. איר פאָטער האָט געמאַכט אַ סוף צו דעם שידוך מיט דער טענה, אַז מאַרי איז צו יונג. סעמיועל איז געווען אַ באַהעם אין נחמן סירקינס אויגן. דאָס איז געווען אַ גאַנץ משונהדיקע באַציִונג פון אַ פייערדיקן רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליסט.

צום דאָזיקן רעגולערן שטאַב פון פינף צוצוגרייטן דעם ספּעציעלן נומער פון „ניו פּאַלעסטיין" לכּבוד דער דערעפענונג פון ירושלימער אוניווערסיטעט, איז נאָך צוגעקומען אַן „עזר כּנגדו", אַ גרופּע פון דריי שוואַנגערנדיקע פרויען, וועלכע האָבן נישט געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג, אָבער זענען געווען זייער טיכטיק: סאַלי בריינין, שירלי ווייסגאַל און מאַרטאַ נוימאַרק. סאַלי און שירלי זענען שוין געווען אין די „הויכע חדשים". ביי מאַרטאַן האָט מען נאָך נישט אָנגעזען די שוואַנגערשאַפט, וואָס איז איבער עפּעס געהיימנישפולע סיבּות געהאַלטן געוואָרן בסוד. מען האָט געדאַרפט טאָן אַ סך שריפטלעכע ביוראָ־אַרבעט. אויך איז געווען נויטיק צו לייענען די קאָרעקטור־בויגנס פון די אַרטיקלען. דער דאָזיקער ספּעציעלער נומער איז געווען פינף און צוואַנציק מאָל גרעסער פון אַ געוויינלעכן נומער פון „ניו פּאַלעסטיין". צו פאַרלייכטערן די אַרבעט האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלן ביוראָ אין די דירות אין יוניווערסיטי האַיטס, ווו דזשאָו בריינין און העני מאָנטאָר האָבן געוווינט אונטער איין דאַך. ביים סוף פון דער אַרבעט האָבן אויך שירלי און איך זיך אַריינגעקליבן אַהין און געוווינט צוזאַמען מיט זיי. אַזוי אַרום האָט אויף אַ צייט זיך געשאַפן אַ מין קיבוץ.

יעדן אינדערפרי זענען סאַלי און שירלי דורכגעגאַנגען אַ מין פייערלעכן ריטואַל — זיי האָבן גענוי געמאָסטן זייערע קאָרסעטן. און מען פלעגט מאַכן געוועטן וועגן דעם ווער עס וועט פריִער דערזען די ליכטיקע שיין — די עופהלעך, אָדער דער ספּעציעלער נומער.

דער ספּעציעלער נומער האָט געוווּנען, דערשיינענדיק פריִער מיט דריי און פיר וואָכן, איידער סאַלי און שירלי זענען געוואָרן קימפּעטאָרינס.

דער ספּעציעלער נומער פון „ניו פּאַלעסטיין", וואָס איך האָב אַרויסגעגעבן לכּבוד דער דערעפענונג פון ירושלימער אוניווערסיטעט, איז געוואָרן אַ קלאַסישע פּובליקאַציע אין ציוניסטישן זשורנאַליזם. היינט־צו־טאָג איז דער נומער אַ יקר המציאות, נאָך וועלכן זאַמלער פון זעלטענע צייטשריפטן יאָגן זיך און היסטאָריקער באַנוצן אים ווי אַן ערשטקלאַסיקן מקור צו שרייבן די געשיכטע פון ציוניזם אין יענער צייט. צווישן אַנדערע וויכטיקע און אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן איז אין דעם נומער געווען פאַרעפנטלעכט מאָריס סעמיועלס ענגלישע

איבערזעצונג פון ביאַליקס באַרימטער אומשטערבלעכער פּאָעמע „המתמיד", וואָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ אויפמערקזאַמקייט, אַז איך האָב געפּועלט ביי מוישן ער זאָל צוגרייטן אַ קליינעם באַנד פון ביאַליקס איבערגעזעצטע לידער, וואָס איך האָב רעדאַגירט.

אונטערצײַענדיק דעם סך־הכּל פון דעם שטאַרקן איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט דער ספּעציעלער נומער פון „ניו פּאַלעסטיין", וואָס איז דערשינען דעם 27סטן מערץ 1925, עטלעכע טעג פאַר דער פייערלעכער דערעפענונג פון ירוש־לימער אוניווערסיטעט, האָט לואי ליפּסקי געשריבן צווישן אַנדערן: „קיין שום אויסגאַבע אָדער וועלכע עס איז אַנדערע פּעריאָדישע צייטשריפט, וואָס איז ווען עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך אַ יידישן פאַרלאַג, איז נישט אויפגענומען געוואָרן מיט אַזאַ טיפער צופרידנהייט און מיט אַזאַ האַרציקער הסכּמה". איך גלויב, אַז דערמיט האָט ליפּסקי פעסטגעשטעלט דעם פּשוטן און ריינעם אמת. דערנאָך האָט ער אין זיין אָפּשאַצונג נישט געשפּאָרט קיין שבחים, איינער גרעסער פון אַנדערן, און האָט פאַרבייגייענדיק באַמערקט, אַז מיין נאָמען ווערט — „ווי עס דאַרף אַזוי זיין" — אָנגעגעבן אַלס רעדאַקטאָר פון דעם ספּעציעלן נומער. פאַקטיש האָט ליפּסקי אַליין אַרויפגעשטעלט מיין נאָמען, צו מאַכן מיר אַן איבער־ראַשונג. ער האָט צוגעגרייט אַ שורה מיט מיין נאָמען און האָט אַריינגעשיקט צום זעצער מיט אינסטרוקציעס אַריינצושטעלן זי אויף דעם געהעריקן אָרט נאָך דעם ווי איך האָב שוין געהאַט פאַרענדיקט דאָס אויספּאַרטיקן דעם נומער און בין אַוועקגעגאַנגען פון דער דרוקעריי. די דאָזיקע שורה מיט מיין נאָמען אַלס רעדאַק־טאָר פון „ניו פּאַלעסטיין" איז געוואָרן פּערמאַנענט ערשט אין יאָר 1928.

די ציוניסטישע אַדמיניסטראַציע איז געוואָרן אַזוי שטאַרק באַגייסטערט, אַז זי האָט באַשטעלט נאָך פינף און זיבעציק טויזנט עקזעמפּלאַרן פון דעם ספּעּ־ציעלן נומער. דאָס האָט גענוי געקלעקט צו פאַרוואַנדלען אונדזער פריִערדיקן ריווח, וואָס האָט אויסגעמאַכט זעקס טויזנט דאָלאַר, אין אַ פאַרלוסט.

אַ שטיקל צייט שפּעטער, ווען איך האָב קוים זיך געהאַט אויסגעטשוכעט פון דעם משוגעת מיטן ספּעציעלן נומער, איז דער באַלעבאָס איבער דער קאַסע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, הערמאַן קאַנהיים, געקומען מיך זען. קאַנהיים איז געווען אַ דייטש־יידישער אַריסטאָקראַט, אַליין אַ שריפטשטעלער און זייער אַ רייכער מאַן. ער איז געווען אַ שוואָגער פון שמריהו לעווין. ער איז אַריינגע־קומען צו מיר אין אַ שטימונג פון גרויס פייערלעכקייט און פריינדלעכקייט, צו גראַטולירן מיך פּערזענלעך מיט דעם דערפאָלג פונעם ספּעציעלן נומער און מיר מודיע זיין, אַז דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו געבן מיר טויזנט דאָלאַר ווי אַן אויסדרוק פון ספּעציעלער אָנערקענונג. איך האָב זיך אָפּ־געזאָגט צו נעמען דאָס געלט, וואָרשיינלעך מיט אַן אומנויטיקן היצן זיך אין מיטן פון מיינע רייד. און קאַנהיים האָט מיר טאַקע געזאָגט, אַז מיין ענטפער איז צו „אָפּענסיוו". אויף דעם האָב איך אים געענטפערט, אַז איך האַנדל בלויז דעפענסיוו.

אין יענע צייטן זענען טויזנט דאָלאַר געווען גאָר אַ היפּשע סומע, באַזונדערס פאַר מיר, מיט מיין געהאַלט פון אַכציק דאָלאַר אַ וואָך. אָבער איך האָב געדאַרפט נעמען אין באַטראַכט מיין „רעפּוטאַציע" און מיין „צוקונפט". ווען איך וואָלט

אָנגענומען די באַלוינונג פון די טויזנט דאָלאַר, וואָלטן מיינע פריינד פון דער אָפּאָזיציע „געמאַכט" דערפון איבער נאַכט צען טויזנט דאָלאַר. און עס איז געווען אַן אָפּאָזיציע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ האַלב־אונטערערדישן זשורנאַל אונטערן נאָמען „על המשמר". עס וואָלט זיך אויך נישט געענדיקט מיט דער מעשׂה פון די צען טויזנט דאָלאַר; מען וואָלט פאַרשפּרייט וועגן מיר געשיכטעס, אַז איך צאַפּ אויס גרויסע ציוניסטישע געלטער און לייג זיי אַריין אין מיין קעשענע. און עס וואָלט זיך וואַרשיינלעך געענדיקט מיט דעם, אַז מען וואָלט איבערגעדרייט קעגן מיר אַ טייל פון די זעלבע מיטגלידער פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט, וועלכע האָבן לכתחילה געשטימט דערפאַר, אַז מען זאָל מיר געבן די טויזנט דאָלאַר. און נאָך וויכטיקער איז געווען דאָס וואָס איך האָב געזאָגט קאַנהיימען, אַז דער נומער וועגן העברעיִשן אוניווערסיטעט איז בלויז די ערשטע פון אַ ריי ספּעציעלע אויסגאַבעס פון דעם מין, וואָס איך האָב בדעה צו פאַרעפנטלעכן, און איך וויל נישט ווערן באַשולדיקט, אַז איך קוק אויס אויף ספּעציעלע באַ־לוינונגען.

קאַנהיים האָט מיך אויסגעהערט געדולדיק, האָט באַטראַכט דעם ענין מיט ישוב־הדעת און האָט מיר געזאָגט, אַז ער זעט איין די גערעכטיקייט פון מיין שטאַנדפּונקט. פון דעסטוועגן איז ער באַשטאַנען אויף דעם, אַז עפּעס דאַרף מען טאָן פאַר מיר, אַז עפּעס אַ באַזונדערע אָנערקענונג דאַרף מען מיר אויסדריקן אויף וועלכן עס איז אופן. צום סוף זענען מיר געקומען צו אַ הסכּם, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע וועט מיך שיקן אַלס איינעם פון אירע דעלעגאַטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס האָט געדאַרפט אין גיכן פאָרקומען.

# 7. ציוניזם און ציון

עס וואָלט געווען שווער זיך פאָרצושטעלן אַ מער דראַמאַטישע סצענע פאַר אַ ציוניסטישן קאָנגרעס, ווי אין ווין אין זומער פון 1925. דאָס איז די שטאָט פון וואַנען טעאָדאָר הערצל איז געפאָרן קיין פּאַריז אַלס קאָרעספּאָנדענט פון דער באַרימטער צייטונג „נויע פרייע פּרעסע", צו ווערן, צו זיין אייגענער איבעראַשונג און צום גרויסן געווינס פון דער געשיכטע, דער גרינדער פון דער מאָדערנער ציוניסטישער באַוועגונג. איין און צוואַנציק יאָר נאָך זיין טויט איז דער פערצנטער ציוניסטישער קאָנגרעס אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ווין, וואָס איז געשטעלט געוואָרן פאַר דעם פאַקט פון אַ ווילדער אַנטיסעמיטישער דעמאָנסטראַציע פון די האַקנקרייצלער אין די ערשטע טעג פון קאָנגרעס.

מיר האָבן נישט געוווּסט און מיר האָבן אַפילו נישט געקאָנט זען אין אונדזערע ערגסטע חלומות, וואָס פאַר אַ שוידער עס דערוואַרט די יידן אין אייראָפּע. אַפילו היטלערס נאָמען איז דאַן נאָך געווען ווייניק באַקאַנט. די דעמאָנסטראַציע האָט אין די צוויי וואָכן פון אונדזער זייך אין ווין זיך באַגרענעצט מיט דראָונגען און מיט האַקן שויבן. אָבער עס איז געווען אַן עקלהאַפטיקייט אין דער אַטמאָספער, אַ ביטערער אָנזאָג, וואָס האָט געעפנט די אויגן פון די אַמעריקאַנער דעלעגאַטן אויף דער פינצטערער און טרויעריקער רעאַליטעט פון יידישן פּראָבלעם.

איך האָב דעמאָלט געשריבן צו מיין פרוי: „אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט האָב איך געהאַט צום ערשטן מאָל אַ געפיל פון דעם, וואָס עס מיינט אַ פּאָגראָם, כאָטש עס האָט נאָך געהאַלטן ווייט דערפון. יידן האָבן גענומען לויפן, האָטעלן האָבן זיך געשלאָסן, אויף די גאַסן איז פינצטער געוואָרן, פּאָליציי האָט געיאָגט און געשאָסן". אין אַ צווייטן בריוו, וואָס איך האָב געשריבן אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער, האָב איך געמאַכט אַן אויספיר, וואָס איז אוודאי געווען די כאַראַקטעריסטישע ציוניסטישע רעאַקציע אין יענע טעג — אַ נאַרישע, טפּשותדיקע רעאַקציע, וואָס דער אויבערשטער דאַרף אונדז מוחל זיין: „אַט די האַקנקרייצלער וועלן מאַכן אַ סך יידן פאַר ציוניסטן".

נישט געקוקט אויף דעם, זענען די פאַרהאַנדלונגען פון קאָנגרעס ווייניק געשטערט געוואָרן דורך די געשעענישן אויף די גאַסן. דאָס איז געווען דער וועלט-פּאַרלאַמענט פון יידישן פאָלק, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אויף אַ סעסיע פון צוויי

וואָכן יעדע צוויי יאָר. אין די צוויי וואָכן האָט מען געדאַרפט אַריינכאַפּן אַלע ענינים, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין די צוויי יאָר, מיט אַלע עמאָציעס, וואָס האָבן זיך צונויפגעקליבן. עס זענען געווען אויסגעצייכנטע און הערלעכע רעדעס. עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט קאָנפליקטן צווישן פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס. עס זענען געפירט געוואָרן פּאָליטישע מאַנעווורירונגען אויף די פלענאַרע זיצונגען און אין די קאָמיסיעס. און אין אַלעם איז געלעגן דער גייסט פון חברשאַפט, וואָס האָט גובר געווען אַלע חילוקי־דעות, רייסערייען און פּערזענלעכע אַטאַקעס.

ס'איז דעריבער גאָר קיין ווונדער נישט, וואָס די זיצונגען האָבן זיך פאַרצויגן ביזן גרויען טאָג אַריין. ווען נישט אַברהם האַרצפעלד, — איינער פון די קאָלירפולסטע חלוצים, וועלכע האָבן געבויט די לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים אין ארץ־ישׂראל — ווען נישט ער, וועלכער פלעגט פאַרענדיקן אַ קריזיס אין די פאַרהאַנדלונגען דורך מאַכן יעדן איינעם זינגען שירי ציון, וואָלטן די זיצונגען זיך פאַרשלעפּט אַזוי לאַנג, אַז זיי וואָלטן אַריינגעקראָכן איינע אין דער אַנדערער און די דעלעגאַטן וואָלטן געוואָרן אויסגעמאַטערט און וואָלטן אַוועקגעפאַלן.

דער גרויסער יחוס פון אַ ציוניסטישן קאָנגרעס איז תמיד געווען די גענעראַל־דעבאַטע, וועלכע איז געקומען נאָך דעם באַריכט און נאָך דער פאָרמולירונג פון די פאַרשידענע רעזאָלוציעס. די גענעראַל־דעבאַטע איז באַשיינט געוואָרן מיט די אַרויסטריטן פון אָראַטאָרן־קינסטלער. אויף דעם פערצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט זיך אָפּגעשפּילט דער גרויסער צוזאַמענשטויס צווישן חיים ווייצמאַן און וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי. הויכע רעדנערקונסט איז דאָ געווען פאַרבונדן מיט די גרעסטע פעיִקייטן צו פירן פּאָלעמיק, ווי איך האָב געשריבן אין איינעם פון מיינע באַריכטן אין „ניו פּאַלעסטיין״: „אַמעריקאַנער ציוניסטן קענען ווייצמאַנען אַלס אַ רעדנער, אָבער זיי האָבן געהאַט זייער ווייניק געלעגנהייטן אים צו אָבסערווירן אַלס אַ פּאָלעמיקער. אין אַ דיסקוסיע וועט קיינער נישט קאָנען אים איבערשטייגן. ער קאָמבינירט אין זיין פּאָלעמיק אַן אויסערגעוויינלעכע פעיִקייט צו געפינען דעם ריכטיקן שפּאָס באַלד אויפן אָרט, צוזאַמען מיט זיין טויט־געפערלעכער מייסטערשאַפט אויסצוזוכן די „פאַרזשאַווערטע וואָפן פון זיין קעגנערס אַרסענאַל״.

זשאַבאָטינסקי איז געווען דעמאָלט — און איז נאָך פאַרבליבן אַ סך יאָרן שפּעטער — ווייצמאַנס פערמאַנענטער און אָממייסטן פאַרעקשנטער אידעאָלאָגישער קעגנער. סוף־כל־סוף האָט זשאַבאָטינסקי איבערגעריסן מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און האָט געגרינדעט די רעוויזיאָניסטישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געוואָרן די מאַמע פון די טעראָריסטישע גרופּעס אין ארץ־ישׂראל און שפּעטער פון דער רעכטער „חירות״־פּאַרטיי. ביטערע חילוקי־דעות האַלטן נאָך אָן איצט אין ישׂראל וועגן דעם, ווער פון די צוויי פּערזענלעכקייטן האָט אָנגעוויזן אויף דעם ריכטיקן וועג, אויף וועלכן מען האָט געדאַרפט גיין. פאַר זשאַבאָטינסקין איז דאָס באַנוצן כוח געווען דער עיקר; ווייצמאַן האָט געהאַלטן, אַז דאָס דערנידעריקט די ציוניסטישע באַוועגונג, ווען אַפילו עס איז נויטיק אַזוי צו האַנדלען. די פילאָזאָפישע אונטערשיידן צווישן דיביידע פּערזענלעכקייטן

קאָנען אויסגעדריקט ווערן אין צוויי העברעיִשע ווערטער: „כּגויִם" און „בגויִם" — ווי די גויִם און צווישן די גויִם. זשאַבאָטינסקי האָט באַטראַכט די יידן „ככל הגויים", ווי אַלע פעלקער, וואָס דאַרפֿן לעבן „בחרבי ובקשתי", מיט מיין שווערד און בויגן, און ווייצמאַנס מאָטאָ איז געווען „ציון במשפט תפדה", ציון וועט מיט גערעכטיקייט אויסגעלייזט ווערן.

זשאַבאָטינסקי איז געווען איינער פון די טאַלאַנטפולסטע און פאַסצינירנדיקסטע פערזענלעכקייטן אויף דער יידישער אַרענע. זייענדיק אַ ליידנשאַפטלעכער ציוניסט, האָט ער פון דעסטוועגן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ נישט־יידישן ייד. ער איז געקומען צום ציוניזם שוין אין זיינע רייפע יאָרן, ווען ער האָט געהאַט פאַרענדיקט זיין אויסבילדונג און ווען זיין כאַראַקטער איז שוין געווען אויסקריסטאַליזירט. ער איז שוין דעמאָלט פאַררעכנט געווען פאַר איינעם פון די גלענצנדיקסטע זשורנאַליסטן אין דער רוסישער פּרעסע. און ער איז געווען אַ גאָטגעבענטשטער רעדנער אויף פיל שפּראַכן: רוסיש, ענגליש, העברעיִש, יידיש, דייטש, פראַנצויזיש, איטאַליעניש און אַ פּאָעט, און אַ מייסטערהאַפטער איבערזעצער. פיזיש איז ער געווען אַ קליין־וווקסיקער, אַ היפּש ביסל מיאוס אין אויסזען, מיליטעריש אין זיין אויפפירן זיך, און דאָך האָט ער פאַרמאָגט אַן אומגעהויערן חן. אַ סך האָבן אים פאַרגליכן צו דעם פלאַם־פייערדיקן ד׳אַנונציאָ, וועמענס גרויסער אַנהענגער ער איז געווען.

אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען זשאַבאָטינסקי איז געווען אַ צייט אין אַמעריקע, האָט ער אָפט באַנוצט מיין היים — זעלבסטפאַרשטענדלעך מיט מיין דערלויבעניש — פאַר פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען. ער האָט געוווסט, אַז איך בין אַ ווייצמאַניסט. אָבער ער האָט אויך געוווסט, אַז איך האָב הנאה פון אַ גוטן פּאָליטישן געראַנגל. מיינע פריינד — ליפּסקי און אייב גאָלדבערג צווישן זיי — פלעגן קומען אין די אָוונטן, ווי צו אַ פאָרשטעלונג מיט אַ סטאַר־רעדנער. דאָס איז אפשר די בעסטע שילדערונג פון די דאָזיקע צוזאַמענקומען אין מיין שטוב. יעדע אַזאַ אסיפה פלעגט זיך פאַרענדיקן מיט דעם, וואָס זשאַבאָ — ווי מיר האָבן אים גערופן — האָט געלייענט פּאָעזיע אין עטלעכע שפּראַכן. די פרויען האָבן אים אויפגעגעסן מיט די אויגן, און די מענער האָבן אים מקנא געווען.

אין זשאַבאָס רעדנער־טאַלאַנט, וואָס איז געווען פון דער העכסטער מדרגה, האָט אָבער געפעלט פייער און ספּאָנטאַנישקייט ווי אויך דער יידישער אינהאַלט פון שמריהו לעווינס אַ רעדע. יעדעס וואָרט און יעדער זשעסט ביי זשאַבאָטינסקין זענען געווען פּלאַנירט. עס גייט אַרום אַ מעשׂה, אַז פון צייט צו צייט פלעגט זשאַבאָטינסקי מאַכן דעם איינדרוק, ווי ער טאַפּט אין דער פינצטער און זוכט אַ וואָרט, און ער פלעגט זיך ווענדן צו זיין עולם, אַז מען זאָל אים אַרויסהעלפן. ווען ער האָט געקראָגן דאָס וואָרט, פלעגט אויף זשאַבאָס פּנים זיך באַווייזן אַ שמייכל, אַזוי ווי ער וואָלט אַרויסגעקומען פון אַ שווערער לאַגע. האָט אָבער פּאַסירט, אַז איינער פון זיינע פאַרערער איז געפאָרן מיט אים פון שטאָט צו שטאָט, און ווען זשאַבאָ האָט, האַלטנדיק די זעלבע רעדע, גענומען זוכן דאָס זעלבע וואָרט, האָט זיך דער דאָזיקער חברהמאַן אויפגעהויבן פון אָרט און זיך

אַנגערופן: „הער זשאַבאָטינסקי, איך האָב דאָך אייך געזאָגט דאָס וואָרט נעכטן אויף דער נאַכט״.

זשאַבאָטינסקי האָט געפאָדערט אַ מאַסן־עליה קיין ארץ־ישראל באַלד, ווי עס זאָלן נישט האָבן אויסגעזען די באַדינגונגען אין לאַנד. ער האָט באַשולדיקט די ווייצמאַניסטן, אַז זיי זענען קליינקעפלדיק אין זייער וויזיע, קליינלעך אין זייערע מעטאָדן און האָבן נישט קיין גרויסצוגיקן פּראָגראַם. ער האָט פּרעטענדירט צו זיין דער, וואָס דריקט אויס הערצלס חלום. ווייצמאַן האָט אומבּרחמנות־דיק אָפּגעוואָרפן זשאַבאָטינסקיס טעזע. ער האָט געזאָגט, אַז זשאַבאָטינסקי שפּילט בלויז פאַר דער גאַלעריע מיט זיינע רייד, און אַז ער וויל זיך נישט רעכענען מיט די פאַקטן. „ס׳איז נישט פאַראַן קיין דרך המלך צום יידישן היימלאַנד. ס׳איז בלויז דאָ דער וועג פון לאַנגזאַמער און געדולדיקער אַרבעט״.

די דיסקוסיע צווישן ווייצמאַנען און זשאַבאָטינסקין איז געווען אַ ביטערע און פול מיט שטעכווערטער. איך בין געווען שטאַרק איבערראַשט צו זען, באַלד נאָך דער דעבאַטע אין ווין, ווייצמאַנען און זשאַבאָטינסקין שפּאַצירן געאָרעמט צו אַ נאָענטן קאַפע. איך האָב געוואָלט אַריינכאַפּן אַ וואָרט מיט ווייצמאַנען, אָבער די ערנסטע אינטימיטעט, מיט וועלכער ביידע האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט און געשמועסט, האָט מיך באַוויגן זיך אָפּצוזאָגן פון מיין כוונה.

ביי ווייצמאַנען האָבן פּאָליטישע חילוקי־דעות קיין מאָל זיך נישט פאַרוואַנדלט אין פּערזענלעכע נקמה־חשבונות, אַפילו מיט דעם דאָזיקן הויפּטקעגנער זיינעם.ביידע משפּחות זענען פאַרבליבן פריינדלעך זייער גאַנץ לעבן. אַ מערקווירדיקער קאָנטראַסט איז געווען אין די באַציִונגען צווישן בן־גוריונען און זשאַבאָטינסקין. כאָטש זיי זענען אין זייערע אידעאָלאָגיעס געווען ווייט איינער פון אַנדערן כּרחוק מזרח ממערב, האָבן זיי געהאַט צווישן זיך אַ סך בשותּפותדיקעס אין זייער פּאָלי־טישער פּראַקטיק. פון דעסטוועגן — און אפשר טאַקע דערפאַר — זענען זיי קעגנזייטיק זיך דם שונאים. און בן־גוריון האָט אָנגעהאַלטן די דאָזיקע שׂנאה, אַפילו ווען זשאַבאָטינסקי איז שוין געלעגן אין קבר. נאָך דער גרינדונג פון מדינת ישׂראל האָבן זשאַבאָטינסקיס אָנהענגער געוואָלט ברענגען זיינעביינער צו קבורה אין ישׂראל, אויפן הר הרצל, ווו עס רוען די גרויסע ציוניסטישע מנהי־גים. אָבער בן־גוריון, וועלכער איז דעמאָלט געווען פּרעמיער־מיניסטער, האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט. ערשט ווען לוי אשכּול איז געוואָרן פּרעמיער־מיניסטער, נאָך בן־גוריונען, זענען זשאַבאָטינסקיס ביינער באַערדיקט געוואָרן אויפן הר הרצל, ביי אַ נאַציאָנאַלער לוויה.

דער קאָנגרעס אין ווין איז געווען דער אָנהויב פון מיין דערנענטערונג אין וועלט־ציוניזם. און נישט אין קיין קליינער מאָס האָב איך, אַלס אַ „גרינער״, געהאַט דאָס צו פאַרדאַנקען דער חכמה פון דעם מענטשן, מיט וועמען איך בין געפאָרן צוזאַ־מען פון אַמעריקע, אַלס אַ חבר־דעלעגאַט, און מיט וועמען איך האָב געטיילט צוזאַמען אַ „קעניגלעכן צימער״ (פאַר זיבן דאָלאַר און דרייסיק סענט אַ טאָג) אין האָטעל „אימפּעריאַל״. דער דאָזיקער מענטש, יעקב פישמאַן, דער פאַרוואַל־טונגס־רעדאַקטאָר פון „מאָרגן־זשורנאַל״, איז געווען כּמעט ווי אַן אויסנאַם צווישן

די יידישע זשורנאַליסטן. אין זיין סטיל, אין זיינע מאַניערן, איז ער געווען זייער ווייט פון דער פלאַפּלדיקייט און פון די גוזמאות פון אַ סך פון זיינע חברים. ער האָט גיכער געהערט צו דעם בעסטן מין פון ענגלישן זשורנאַליזם.

פישמאַנס טעגלעכער קאָלום אין „מאָרגן־זשורנאַל" איז געווען אַ מוסטער פאַר קלאָרקייט, און אַלס רעדאַקטאָר האָט ער געלייגט אַ סך אויפמערקזאַמקייט אויף וועלט־נייעס און אויף שרייבן פשוטע, גענויע באַריכטן. אַ יידישער רעפּאָר־טאַזש איז געוויינלעך באַשטאַנען פון צוואַנציק פּראָצענט פאַקטן און אַכציק פּראָ־צענט קאָמענטאַרן. ביז יעקב פישמאַנען איז געוויינלעך נישט געווען אַזאַ בריאה, ווי אַ יידישער רעפּאָרטער. יעדער איינער איז געווען אַ „שרייבער". עס איז אַרומגעגאַנגען אַ סאַרקאַסטישער וויץ וועגן „אידישן קוריער" אין שיקאַגאָ, אַ טאָג־צייטונג, וואָס איז רעדאַגירט געוואָרן דורך מיין פריינד מלמד: „ווי אַזוי ווייסט די „שיקאַגאָ טריביון" היינט, וואָס דער „אידישער קוריער" וועט שרייבן מאָרגן ?" דאָס זעלבע האָט מען געקאָנט זאָגן וועגן אַלע יידישע צייטונגען, ביז יעקב פישמאַן איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון „מאָרגן־זשורנאַל". שפּעטער האָט מען שוין נישט געקאָנט באַשולדיקן דעם „ניו־יאָרק טיימס", אַז זי כאַפּט אויס די נייעס ביים „מאָרגן־זשורנאַל" פיר און צוואַנציק שעה פריִער.

יעקב פישמאַן איז געווען ברייט און אויספירלעך באַקאַנט מיט דער אייראָ־פּעיִשער סצענע. און איך האָב פון אים אַ סך געלערנט אין די דאָזיקע צוויי אינ־טערעסאַנטע וואָכן, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין ווין. ער איז געווען אַ בחור, און אַ הייסער חסיד פון מיין ווייב און פון אירע מאכלים, זיין גאַנץ לעבן. ער איז געווען אַ שטאַמגאַסט אין אונדזער היים יעדן פרייטיק צו נאַכטס און אין די ימים־טובים.

מיין אַפּעטיט צו לערנען דעם ציוניזם איז געוואַקסן ביים ציוניסטישן קאָנ־גרעס אין ווין און דורך די באַגעגענישן, וועלכע איך האָב געהאַט אין ווין מיט באַרימטע אייראָפּעיִשע פּערזענלעכקייטן. און איך האָב געפּלאַנט אָנצוגיין ווייטער מיט מיין ציוניסטישער דערציִונג דורך פאַרווירקלעכן מיין חלום פון לאַנגע יאָרן וועגן מאַכן אַ נסיעה קיין ארץ־ישׂראל. אָבער די צייט איז נישט געווען קיין פּאַסנדיקע און צוליב דרינגנדיקע טעמים בין איך צוריקגעפאָרן פון ווין קיין אַמעריקע, פאָרצוזעצן מיין אַרבעט. איך בין אָבער געווען אַנטשלאָסן ביי זיך נישט דורכצולאָזן נאָך אַ יאָר, אַז איך זאָל נישט שטילן מיין חשק. איך בין אין דער צייט שוין געווען אין אַ פיל שטאַרקערער לאַגע, ווי באַלד נאָך דער קאָנפע־רענץ אין קליוולאַנד, ווו מיר האָבן איבערגעריסן מיט דער בראַנדייס־גרופּע.

אַ חוץ דעם, וואָס איך בין געווען דער פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פון „ניו פּאַלעסטיין", בין איך געוואָרן דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע. ביים קאָנגרעס בין איך געווען אַ מיטגליד פון אַלמעכטיקן „פּערמאַנענץ אַוסשוס" (נישט פאַראַן אַזאַ אינסטיטוציע אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער ; דאָס איז אַ מין קאָמבינאַציע פון אַ קאָמיסיע פאַר דעם ענד־גילטיקן באַשלוס וועגן די רעזאָלוציעס, נאָמינאַציעס א״אַ, וואָס ווערן אָנגענומען דורך אַנדערע קאָמיסיעס). און ווייל איך בין געווען אַ מיטגליד פונעם „פּערמאַ־

נענץ אָוסשוס״, האָט עס מיר געגעבן דאָס רעכט צו באַטייליקן זיך אין דער סעסיע פון אַקציאָנס־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז צו־נויפגערופן געוואָרן אין יוני 1926 אין לאָנדאָן. איך האָב באַשלאָסן, אַז דאָס מאָל וועל איך נישט בלויז זיין אין מערב־אייראָפּע. איך וועל פאָרן קיין ארץ־ישׂראל און וועל עולה רגל זיין קיין קיקל, אין דעם שטעטל, ווו איך בין געבוירן געוואָרן, און וועל זען דאָס פּוילישע יידנטום.

איך בין אין יענע טעג נאָך נישט געווען דער דערפאַרענער רייזנדער, וואָס באַציט זיך צו אַלעם מיט אַ היפּש ביסל ביטול — ווי איך בין געוואָרן שפּעטער. דעמאָלט האָב איך נאָך געהאַט שטימונגען, וואָס האָבן מיך דערהויבן, און איינ־דרוקן, וואָס האָבן מיך אַריינגעוואָרפן אין ייאוש. מאַכן אַ רייזע מיט מויש סעמיועלן אויף דער שיף און מיט דער באַן קיין לאָנדאָן איז געווען אַ גוטע און אָנגענעמע דערפאַרונג. אָבער ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין לאָנדאָן צוויי אַ זייגער ביי נאַכט, און מוישס קרובים האָבן זיך באַוויזן אין דער דאָזיקער משוגענער שעה און האָבן אים אַוועקגעשלעפּט מיט זיך אין דער צפון־ווילדעניש פון לענקשיר, האָב איך פּלוצלונג זיך אַרומגעקוקט, אַז איך בין אַבסאָלוט איינער אַליין אין דער וועלט־מעטראָפּאָליע און האָב אַפילו נישט קיינעם, צו וועמען איך זאָל קענען טעלעפאָנירן. ווען איך בין אָנגעקומען אין האָטעל, האָב איך זיך דערפילט אַזוי איינזאַם און עלנט, אַז איך האָב זיך צעוויינט.

דעם גרעסטן טייל פון דער נאַכט בין איך געזעסן ביים פענצטער און פאַר טאָג בין איך אוודאי איינגעשלאָפן. ניין אַ זייגער אין דער פרי האָט דער טעלעפאָן מיך אויפגעוועקט, און איך האָב דערהערט לואי ליפּסקיס שטים, וואָס האָט גע־קלונגען מיט אַזאַ מאָדנעם צויבער אויפן דאָזיקן אָרט. ער איז נאָר וואָס געהאַט אָנגעקומען קיין לאָנדאָן. „העלאָ, מאיר! ווען קומט איר אין ביוראָ?״ ליפּסקי פלעגט מיך נישט רופן געוויינלעך ביי מיין ערשטן נאָמען, און די אומדערוואַרטע וואַרעמקייט פון זיין שטים, מיט וועלכער ער האָט מיך באַגריסט אין לאָנדאָן, האָט דערהויבן מיין שטימונג און מיך אַריינגעפירט אין אַ פריינדלעכער וועלט.

ווען איך בין געקומען אין ציוניסטישן ביוראָ, איז וויצמאַן שוין דאָרט גע־ווען, צוזאַמען מיט אַנדערע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע. ער האָט מיך אַרומגעאָרעמט, ווי אַן אַלטן פריינד, און איך געדענק, אַז מיס ליבערמאַן, זיין סעקרעטאַרין, האָט מיר געזאָגט שפּעטער, אַז דאָס איז געווען אַ סימן פון אַ באַזונדערן כּבוד. איך האָב עס אַזוי געפילט. וויצמאַן האָט מיך דאַן פאַרבעטן צו זיך אין קאַבינעט און האָט מיך געפרעגט וועגן מיינע איינדרוקן, וועגן דער ווירקונג, וואָס זשאַבאָטינסקיס באַזוך האָט געהאַט אין אַמעריקאַנער ציוניזם, און צי די רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג וואַקסט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ווען איך האָב פאַרענדיקט מיין ענטפער, האָט ער מיך פאַרבעטן צו זיין ביי די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע.

ס׳איז געווען אַ גרויסער אונטערשייד צווישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, פון וועלכן איך בין געווען אַ פאַרטרעטער פון אַ רעגולער געוויילטן מיטגליד, און דער ציו־ניסטישער עקזעקוטיווע, ווו איך בין בכלל נישט געווען קיין מיטגליד. דער אַקציאָנס־ קאָמיטעט איז דער פאַרלאַמענט אין דער צווישנצייט פון די קאָנגרעסן,

און די עקזעקוטיווע, איז ווי אַ מיניסטאָרן־קאַבינעט פון דער רעגירונג. בקיצור, איך האָב זיך געפונען אין דעם קודש הקדשים פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. און עס איז געווען אַ זעלטנהייט פאַר אַ נישט־מיטגליד צו ווערן פאַרבעטן צו די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע. מיט דעם דאָזיקן שריט זיינעם האָט ווייצמאַן געגעבן מיר אַ רמז, אַז ער האָט צו מיר אַ ספּעציעלן צוטרוי, און אַז ער וויל מיך אויפהאָדעווען צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין דער פירערשאַפט.

קוקנדיק צוריק אויף די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך האָב געאַרבעט מיט ווייצמאַנען אין אַן אינטימער פאַרבינדונג — אָבער נישט אַלס אַ ציוניסטישער פירער — חידוש איך זיך שטאַרק איבער דעם, ווי אַזוי ער, מיט זיין סובטעלן געפיל און מיט זיין שאַרפער אינטויִציע זאָל האָבן געטראַכט וועגן מיר — אויב ער האָט באמת געטראַכט — אַז איך זאָל זיין מאַטעריאַל פאַר אַ פּאָליטישן טוער. איך האָב נישט געהאַט און איך האָב ווייטער נישט די כיטרעקייט און דעם ספּע־ציעלן יצר־הרע, וואָס זענען נויטיק פאַר אַזאַ קאַריערע. מיינע אַמביציעס זענען נישט געווען אין דער ריכטונג. זיכער בין איך געווען אַמביציעז, אָבער נישט כּדי צו ווערן אַ פּאָליטישער סטאַר. צו זיין אין גאַנצן ערלעך דאַרף איך זאָגן, אַז נאָך אַ פּאָר שטאַרק פאַרהאַוועטע און פאַרשמייעטע יאָרן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין די אינערלעכע קרייזן פון אַמעריקאַנער ציוניזם, האָט די פּאָליטיקעריי מיך אָנגעהויבן נודען. איך האָב נישט געפילט קיין שום טעם און האָב נישט געהאַט קיין שום חשק פאַר פּערזענלעכע מאַנעווּרירונגען; פאַר דרשות, וואָס זענען געווען אַזוי לאַנג ווי דער גלות; פאַר אַריינלאָזן זיך אין קאָמבינאַציעס, מחלוקתן און אין איבערבעטענישן און פאַר אָפּגעבן אָנגעבלאָזן־פייערלעכע באַריכטן.

איך מוז מודה זיין, אַז אַפילו די זיצונגען פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, צו וועלכער איך בין אין אָנהויב אַריינגעקומען מיט אַ סך יראת הכבוד, זענען מיר אין גיכן צוגעגעסן געוואָרן. איך האָב די מערסטע צייט פאַרבראַכט מיט שרייבן בריוו צו מיין ווייב, אַריינגייענדיק אויף די זיצונגען נאָר דעמאָלט, ווען ווייצמאַן, אָדער אַרלאָזאָראָוו, צי אַן ענלעכער, האָט גענומען דאָס וואָרט. חיים אַרלאָזאָראָוו איז דאַן געווען דער סעקרעטאַר פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבע־טער־באַוועגונג. אַ יונגערמאַן מיט אויסערגעוויינלעכע פעיִקייטן. ער האָט זיך גע־האַלטן נאָענט צו ווייצמאַנען און איז גאַנץ קלאָר געווען באַשטימט צו פאַרנעמען אַ הויכע פּאָזיציע. ער איז אין סאַמע מיט פון זיין קאַריערע דערמאָרדעט געוואָרן אין ארץ־ישראל אין 1933 ביי געהיימנישפולע באַדינגונגען, וועלכע זענען נישט אויפגעקלערט געוואָרן ביזן היינטיקן טאָג.

בעת מיין באַזוך אין לאָנדאָן האָב איך דעמאָלט געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַגעגענען האַנס הערצל, דעם זון פון טעאָדאָר הערצל. איך האָב וועגן אים גע־שריבן צו מיין ווייב: „ווי דו ווייסט, איז ער געוואָרן אַ קריסט. ער איז די טראַ־גישסטע פיגור, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן. ער איז אָנגעטאָן ווי אַ שלעפּער און זעט אויס ווי אַ פאַרלאָרענע נשמה. ווען מען האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אים, בין איך געוואָרן בלאַס און געל און רויט און דערנאָך בין איך שיער נישט צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן. דאָס איז דער זון פון הערצל, דעם גרעסטן יידן פון אונדזער צייט. ממש, נישט צו גלויבן”.

ביי די זיצונגען פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט און פון דער עקזעקו־טיווע האָט מען אַ סך גערעדט וועגן דער שרעקלעכער נויט פון די יידן אין פוילן. אין יענע יאָרן איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין פוילן געווען אַ שוידער־לעכע. דער אַנטיסעמיטיזם אין פוילן איז מוראדיק געוואַקסן, עס איז געפירט געוואָרן אַ סיסטעמאַטישע אַקציע חרוב צו מאַכן דעם יידישן ישוב דורך באָיקאָט, דיסקרימינאַציעס און רדיפות. דאָס, וואָס איך האָב דעמאָלט געזען אין פוילן בעת מיין קורצן באַזוך, האָט מיר באַשטעטיקט די ערנסטע באַריכטן.

קודם־כל בין איך אַריינגעפאָרן אין קיקל. אַ לאַנגע צייט האָב איך זיך אַרומ־געטראָגן מיט אַ ראָמאַנטישן חלום וועגן דעם, ווי אַזוי עס וועט אויסזען מיין צוריקקומען קיין קיקל, ווי אַ יינגל פון שטעטל, וואָס איז געוואָרן אַ „רייכער פעטער" אין אַמעריקע. ווען דער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, האָב איך דורכגעלעבט אַ ביטערע אַנטוישונג. ראשית כל איז נישט געווען צו וועמען צוריק־צוקומען. פון שטעטל קיקל איז געוואָרן אַ מידבר. די עטלעכע ווייטע קרובים, וועלכע איך האָב דאָרט געפונען, האָבן זיך צוגעטוליעט צו מיר מיט גרויסע האָפענונגען און דערוואַרטונגען. ווי אַזוי איך זאָל נישט האָבן אויסגעזען אין זייערע אויגן, בין איך געווען דער רייכער אַמעריקאַנער, דער גרויסער גביר פון דער גאָלדענער מדינה. דאָס האַרץ איז מיר פאַרקלעמט געוואָרן פון דעם צו וואָס איך האָב זיך צוגעקוקט, און איך האָב פאַרטיילט אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט מיט מיר, אַרום פינף הונדערט דאָלאַר, און בין פאַר נאַכט אַוועקגעפאָרן.

נישט קיין סך פריילעכער איז געווען מיין באַזוך אין שערפּץ, ווו מיין פאָטער איז געבוירן געוואָרן, און ווו זיין מאַמע האָט דעמאָלט נאָך געלעבט. איך האָב זי זייער ווייניק געזען, ווען איך בין געווען אַ קינד, הגם שערפּץ איז נישט ווייט פון קיקל. אין מיין זכרון איז מיר פאַרבליבן פון די קינדער־יאָרן אַ מין פאָטאָ־גראַפיש בילד — פון אַ פרוי, אַ זקנה אין טיפן עלטער, זיצט אויף אַ קלאָץ, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, און לייענט אַרויס הויך אויפן קול פון דער „צאינה וראי־נה". דער גרעסטער חידוש וועגן איר איז געווען וואָס זי האָט נישט געדאַרפט אָנקומען צו ברילן. עס זענען געווען ווייניק אַלטע פרויען, וועלכע האָבן געקענט לייענען, און אַלע האָבן זיי געטראָגן ברילן מיט דיקע רעמלעך. אָבער נישט מיין באָבע. דאָס איז געווען דער חילוק צווישן איר און אַלע אַנדערע באָבעס.

עס האָט אויסגעזען אַזוי משונהדיק, ווי אַ בילד נישט פון דער וועלט, ווען איך האָב געפונען מיין באָבע פונקט אַזוי ווי זי האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון פון מיינע קינדער־יאָרן. די גאַנצע וועלט האָט זיך געענדערט, אָבער נישט מיין באָבע, רחל אבאס. זי איז פאַרבליבן אויף דעם זעלבן פלאַץ ווי אַמאָל און ווי אַמאָל איז זי וויטער געזעסן אויף דעם קלאָץ און אַרויסגעלייענט אָן ברילן פון די געלע בלעטער פון איר „צאינה וראינה". זי האָט דעמאָלט געדאַרפט זיין אין די טיפע נייַנציקער, אָבער דאָס מאָל האָב איך פאַרשטאַנען דאָס גאַנצע בילד.

דער פלאַץ, אויף וועלכן זי איז געזעסן, האָט זיך געפונען פון פאָרנט פון איר „גאַלאַנטעריע" — אַ קליין קלייטל פון העמדער און פאַרשיידענע צודאַטן. און ווייל אַ קונה פלעגט זיך באַווייזן בלויז אַ מאָל אין אַ דאָנערשטיק, האָט זי

געהאַט אַ סך צייט מקיים צו זיין די מיצווה פון אַריינקוקן אין דעם הייליקן ספר. איך האָב זיך געדאַרפט פאָרשטעלן פאַר איר און איר זאָגן, אַז איך בין דער זון פון איר זון, שלמה חיים דעם חזן. זי האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אירע אַלטע אויגן פון קאָפּ ביז די פיס און האָט באַטראַכט אַרום־און־אַרום מיין מאָדנעם הילוך, און דערנאָך האָט זי מיך געפרעגט פאַר וואָס איר זון שרייבט נישט קיין מאָל צו איר. אַלץ, וואָס זי באַקומט, זענען די גרוסן דורך לאָדזשאַן פון צייט צו צייט. איך געדענק שוין נישט וואָס פאַר אַ מעשׂה איך האָב דעמאָלט אויסגעטראַכט, בכדי צו פאַרהוילן פון איר דעם אמת, אַז איר זון לעבט שוין נישט זינט פינף יאָר, אָבער ווי עס זאָל נישט האָבן געווען, איז זי געבליבן צופרידן פון מיין ענטפער.

שערפּץ האָט פון דעסטוועגן נישט אויסגעזען צו זיין אַזאַ עיר נדחת, ווי קיקל. מיין באָבע האָט צונויפגעזאַמלט וויפל זי האָט נאָר געקאָנט געפינען פון אונדזער משפחה, און מען האָט מיך אויפגענומען ווי אַ זייער אָנגעלייגטן גאַסט ביי אַ סעודה, צו וועלכער זיי האָבן ספּעציעל אָפּגעקאָכט אַ הינדל. מיין משפחה איז אַוודאי צוליב דער סעודה אַריינגעפאַלן אין חובות אויף אַ חודש צייט. אָבער די זקנה איז געווען פול מיט לעבן און האָט געהאַלטן אין איין וויצלען זיך. ווען מיר האָבן זיך געזעצט צום טיש, האָט זי געגעבן אויף מיר אַ קוק מיט אַ געביפּט שמייכעלע און אַ זאָג געטאָן: „שעם זיך, עס נישט". דאָס האָט זי פאַרדרייט מיטן „קאָפּ אַראָפּ" דאָס טראַדיציאָנעלע יידישע ווערטל צו אַ גאַסט: „שעמט זיך נישט, עסט".

פון שערפּץ האָב איך געדאַרפט טעלעפאָנירן קיין אַמעריקע מען זאָל מיר שיקן געלט.

וואַרשע אַליין האָט מיך נאָך מער דערשיטערט און אויפגעטרייסלט. איך האָב קיין מאָל נישט געזען אַזוי פיל אָרעמקייט, אַזעלכע אויסגעהונגערטע און אויסגעמאַטערטע יידן, אַזוי פיל שרעקלעכע נויט און אַזוי פיל אָפּגעלאָזנקייט און שמוץ. איך בין צעריסן געוואָרן צווישן דעם געפיל פון טיפער רחמנות און שרעקלעכער אויפרעגונג. איך בין געגאַנגען אויף די נאַלעווקעס און דזשיקע און בין נשתומם געוואָרן. מיר איז געווען שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי מענטשן קאָנען צולאָזן, מען זאָל זיי אַריינשליידערן אין אַזאַ תהום פון חורבן און יאוש.

עטלעכע טעג שפּעטער, נאָך דעם ווי איך בין אַוועקגעפאָרן פון פּוילן, האָב איך געשריבן צו מיין פרוי פריילעכע בריוו אויף דער שיף „העספּעריאַ", מיט וועלכער איך האָב זיך געטראָגן צו די ברעגן פון ארץ־ישׂראל. די שטראַלן פון דער זון איבערן מיטללענדישן ים, וואָס האָבן אַזוי ליב געגלעט און געצערטלט, האָבן פאַריאָגט פון מיר די דערינערונגען און די געשפּענסטבילדער, וואָס איך האָב געזען ביי די אומגליקלעכע און פאַרצווייפלטע יידן אין פּוילן. דאָס געפיל, אַז אָט־אָט, און איך וועל זיין אין אונדזער היימלאַנד, וואָס גיט אַריין אַזוי פיל מוט און האָפענונג אין האַרצן פון יעדן יידן, האָט פאַרטריבן פון מיינע מחשבות דעם קאָשמאַר פון גלות. אין דער שטימונג פון מיינע מיטרייזנדע האָב איך שוין געהאַט אַ פאָרגעפיל פון דעם טעם פון דעם גרענעצלאָזן אָפּטימיזם אין ארץ־ישׂראל.

צווישן מיינע מיטרייזנדע איז מיר פאַרבליבן אין זכרון, סיי מיט זיין פּערזענ־לעכקייט און סיי אַלס אַ סימבאָל, איתמר בן־אבי, דער זון פון אליעזר בן־יהודה, וועלכער איז געוואָרן אַ לעגענדאַרע פיגור אין ארץ־ישׂראל. ער איז געשטאָרבן אין 1922. מען קאָן זאָגן וועגן אים, אַז ער איז געווען דער טעאָדאָר הערצל פון דער העברעיִשער שפּראַך. פּונקט אַזוי ווי הערצל האָט אָרגאַניזירט די האָפענונג פון יידישן פאָלק אויף שיבת ציון אין אַ מאָדערנער באַוועגונג, אַזוי האָט אליעזר בן־יהודה פאַרוואַנדלט אונדזער אור־אַלטן לשון־קודש אין אַ שפּראַך פאַרן מאָ־דערנעם געברויך. במשך פון אַן ערך פיר צענדליק יאָר איז ער געווען אַ יושב אוהל, געזעסן און געאַרבעט איבער זיין מאָנומענטאַלן לעקסיקאָן, בעת זיין ווייב חמדה איז אַרומגעפאָרן איבער דער מערב־וועלט און געזאַמלט פאָנדן צו פאַר־עפנטלעכן דאָס גרויסע ווערק.

אין אֶליעזר בן־יהודהס שטוב איז ביי קיינעם קיין מאָל נישט אַרויס פון מויל קיין איין אַנדער וואָרט, אַ חוץ פון דעם מאָדערניזירטן העברעיִש. און דאָס באַ־שטיין מיט אַזאַ אייזערנער עקשנות אויף דעם, אַז העברעיִש דאַרף זיין די שפּראַך פון טאָג־טעגלעכן לעבן, בעת כּמעט יעדער איינער האָט געקוקט אויף העברעיִש בלויז ווי אויף לשון־קודש פאַר תּפילות און פאַר לערנען — איז געווען אַ ביי־שפּיל פאַר דעם גאַנצן ישוב אין ארץ־ישׂראל. צום וווּנדערלעכסטן איז געווען די דאָזיקע פאַרעקשנטע האַנדלונג זיינע, ווען כּמעט אין דער גאַנצער סביבה אַרום אים איז געווען אַן אַטמאָספער פון אַנטמוטיקונג, פון וועלן אָפּשלאָגן אים די פליגלען אין זיין גרויסן חלום, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען צו פאַרווירק־לעכן. ממש אַ נס איז געווען זיין דערפאָלג — אָדער זיין פּרויס דערפאָלג — אין שאַפן די מיטלען פאַר זיין אַרבעט. אַ מאַטעמאַטישער קאָפּ צווישן די פאָרשער פון העברעיִש האָט אַ מאָל געמאַכט אַ חשבון, אַז יעדעס נייַ העברעיִש וואָרט, וואָס אליעזר בן־יהודה האָט דערפונדן און אויסגעשליפן, האָט אָפּגעקאָסט דעם יידישן פאָלק אַן ערך ניין הונדערט אַכציק דאָלאַר.

פאַר מיר איז עס געווען שוין פיר יאָר צו שפּעט, איך זאָל פּערזענלעך זיך באַקענען מיט אָט דעם וווּנדערלעכן מענטשן. אָבער מיין פריינד דזשאָו ברייניך, וועלכער האָט — ווי דער לייענער וועט זיך דערמאָנען — געדינט צוזאַמען מיט זיין ברודער מאָע אין יידישן לעגיאָן, האָט באַגעגנט בן־יהודהן אויף אַ גאַנץ אויס־טערלישן אופן און ער איז געווען שטאָלץ צו דערציילן, ביי וועלכע באַדינגונגען דאָס איז געשען. דזשאָו און מאָע האָבן קיין מאָל נישט „געזינדיקט" מיט קענען העברעיִש. אָבער זייער פאָטער, ראובן ברייניך, איז — ווי איך האָב שוין דער־מאָנט — געווען צווישן די גרעסטע מאָדערניזירער פון דער העברעיִשער שפּראַך. אויס טיפן דרך־ארץ זענען דזשאָו און מאָע איין טאָג אַוועקגעגאַנגען צו אליעזר בן־יהודה, אים איבערצוגעבן אַ וואַרעמען גרוס פון זייער פאָטער, מיט אויסדרוקן פון שטאַרקער פאַרערונג. אָבער עס האָט זיך כּמעט נישט איינגעגעבן דורכצופירן זייער שליחות.

אין אַ טאָג, ווען זיי זענען געווען פריי פון דער דינסט אין לעגיאָן, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט צו בן־יהודהן אים צו באַזוכן. אליעזר בן־יהודהס פרוי, חמדה, האָט זיי באַגריסט ביי דער טיר און האָט, צולייגנדיק אַ פינגער צו די ליפּן,

זיי געגעבן אַ צייכן, אַז זי בעט זיי, זיי זאָלן שווייגן און זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט קיין הויך וואָרט. דערפאַר האָט זי זיי צוגעזאָגט די גרעסטע דערפאַרונג און אַטראַקציע אין זייער גאַנץ לעבן — אַז זיי וועלן קאָנען זען בן־יהודהן, ווי ער זיצט און אַרבעט איבער זיין ווונדערלעכן לעקסיקאָן, זעלבסטפאַרשטענדלעך מיטן תנאי, אַז זיי וועלן אים נישט שטערן אין דער אַרבעט. זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט זיי פירן דורך אַ היטנערגאַנג צום פענצטער פון בן־יהודהס חדר, און וועט זיי דערלויבן צו כאַפּן אַ קוק אויף איינעם פון די גרעסטע ווונדער פון דעם יאָרהונדערט. זיי זענען איר נאָכגעגאַנגען און אויף דעם צייכן, וואָס זי האָט זיי געגעבן, האָבן זיי גיך אַריינגעבליקט דורכן פענצטער. און געזען האָבן זיי דעם גרויסן ווונדערלעכן מאַן, אליעזר בן־יהודה, ווי ער איז געזעסן ביי זיין טיש, פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס זיי האָבן געזען פון אים, און דאָס נאָענטסטע, צו וועלכן זיי האָבן געקאָנט צוקומען צו בן־יהודהן. דזשאָוס שילדערונג איז אויך געווען די נאָענטסטע פאַרשטעלונג, וואָס איך אַליין האָב געהאַט אין מיינע מחשבות וועגן דעם אומשטערבלעכן אליעזר בן־יהודה.

אָבער זיין זון איתמר, מיט וועלכן איך בין געפאָרן צוזאַמען אויף דער שיף „העספעריא", האָב איך שוין געקענט אין ניו־יאָרק. און עס איז געווען ווי צוגעטראָפן, וואָס איך האָב אים איצט געהאַט אַלס מיין שכן אויף דער שיף. ער איז געווען דער ערשטער מענטש, וואָס איך האָב, ווען עס איז, אים געהערט רעדן דעם מאָדערנעם העברעיִש מיט דער ספרדישער הברה, וואָס איז אַזוי אַנדערש פון דעם לשון־קודש, וועלכן איך האָב געלערנט אין חדר — דעם לשון־קודש, וואָס מיר פלעגן אויסזינגען מיט אַ ניגון פון אונדזערע סידורים ביים דאַווענען און פון חומש ביים לערנען. איתמר בן־אביס העברעיִש איז געווען אַן עלעגאַנטע, געשליפענע שפּראַך מיט אַ „פתח" דאָרט, וווּ מיר פלעגן אַרויסזאָגן דאָס וואָרט מיט אַ „קמץ". איך האָב אַ מאָל געהערט איתמר בן־אבין האַלטן אַ לעקציע אין ניו־יאָרק פאַר אַן עולם העברעער פון אַלטן דור. דער קלאַנג פון דער שפּראַך איז געווען אַ הערלעכער. דער גאַנצער עולם איז געזעסן אַ פאַרגאַפטער און — קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט.

איתמר בן־אבי און איך האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען אויף דער שיף. קיינער האָט אונדז נישט געקענט צעשיידן.

איתמר בן־אבי איז געווען אַ פּרעכטיקער מאַנסביל. זיינע געדיכטע לאָקן האָבן שטענדיק זיך אַראָפּגעלאָזט איבער זיינע אויערן. ער איז געווען אַ זייער אינטערעסאַנטער שמועסער, וואָס האָט פאַרכאַפּט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. אויף דער שיף האָט ער אָנגעהויבן מיך אַריינפירן אין דער ספרדישער הברה פון העברעיִש.

ווען מיר האָבן אין אָוונט געאַנקערט אין אַלעקסאַנדריע, האָט אַ גרויסער עולם יידן אונדז אָפּגעוואַרט אין האַפן. דאָס איז געווען אַ געוויינלעכער ענין אַלע מאָל ווען עס זענען אָנגעקומען שיפן מיט עולי רגל, אָדער עולים קיין ארץ־ישראל. יידן פון אַלעקסאַנדריע האָבן אויך תמיד געהאַפט, אַז זיי וועלן באַגעגענען אַן אינטערעסאַנטע אָדער פּראָמינענטע פּערזענלעכקייט, וואָס זיי וועלן קאָנען אַראָפּנעמען פון דער שיף און „פאַנגען" פאַר אַ ציוניסטישער פאַרזאַמלונג.

איתמר בן־אבי האָט אָנגעוויזן אויף מיר און האָט זיי געזאָגט אין פראַנצויזיש, אַז איך בין דער הויפּט־סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. מיט כּוח האָט מען מיך אַוועקגעפירט אין אַ וווּנדערלעכן בנין, וואָס איז געווען פול מיט חנעוודיקע פרויען און שיינע מאַנסבילן אין טורבאַנען. מיין פּראָטעסט, אַז איך יאָג זיך נישט נאָך דעם כּבֿוד, האָט מיר נישט געהאָלפן. איך בין געוואָרן אין גאַנצן צעטומלט, און איך האָב נישט געהאַט די קלענסטע השׂגה וועגן דעם, וואָס איך וועל פאַר זיי זאָגן אין מיין דרשה. אָבער איתמר בן־אבי האָט מיך באַרויִקט, אַז איך קאָן זיך פילן גאַנץ פריי, איך קאָן רעדן וואָס איך וויל „פאַר פּייער און פאַר וואַסער". קיינער וועט סיי ווי סיי נישט פאַרשטיין און נישט וויסן וואָס איך וועל זאָגן. ער וועט זיין מיין איבערזעצער.

מיין רעדע, אויב איך קאָן זי אַזוי אָנרופן, איז אויפגענומען געוואָרן מיט העפלעכע אַפּלאָדיסמענטן. דאַן האָט בן־אבי אָנגעהויבן איבערזעצן, קודם־כּל אין פראַנצייזיש, וואָס דער גרויסער רוב פון דעם עולם האָט פאַרשטאַנען, און דערנאָך אין העברעיִש, פאַר די אַנדערע. „מעסיע וויסגאַל אַ די" — האָט ער אָנגעהויבן. און דערנאָך: „מר וויסגאַל אמר". דער עולם האָט אויסגעבראָכן מיט אַ ווילדער אָוואַציע נאָך יעדער איבערזעצונג, און איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן חשש, אַז צווישן דעם, וואָס איך האָב געזאָגט, און וואָס איתמר בן־אבי האָט איבערגעזעצט, איז געווען אַזאַ שייכות, ווי צווישן קאַשע און באָרשט. אָבער ווען מיר זענען אַוועקגעגאַנגען, האָט דער גאַנצער עולם מיך באַגריסט מיט באַגייסטערטע אויס־רופן: „וויוו וויסגאַל! וויוו וויסגאַל!" („זאָל לעבן וויסגאַל!").

איך האָב דאָ נישט בדעה צו געבן אַ בילד פון יידישן היימלאַנד, ווי אַזוי עס האָט זיך געהאַלטן אין ווידעראויפבויען בעת מיין ערשטן באַזוך אין ארץ־ישׂראל, מיט איבער פיר יאָרצענדליק צוריק. עס זענען פאַראַן אויסגעצייכנטע באַריכטן וועגן יענער צייט אין ארץ־ישׂראל, און איך קען צו זיי ווייניק צוגעבן. איך קאָן בלויז דערציילן, אַז דער רושם, וואָס איך האָב באַקומען, איז געווען אַ דערשטוינענדיקער. דאָס, וואָס איך האָב געזען איז געווען אָן אַ שיעור מער פון דעם, וואָס איך האָב דערוואַרט, און אָן אַ שיעור בעסער. געוויס בין איך געווען צו־ריקגעהאַלטן אין מיינע דערוואַרטונגען, נעמענדיק אין באַטראַכט די חסרונות און די שוועריקייטן, וועגן וועלכע איך האָב געלייענט און מען האָט מיר דערציילט. אָבער מיין רעאַקציע איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע פון ווייצמאַנס, וועלכער האָט געשריבן וועגן זיין ערשטן באַזוך אין ארץ־ישׂראל אין 1907: „איך האָב געוואָלט זיין אַזוי שטאַרק אָביעקטיוו, אַז איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו ווערן באַהערשט פון מיינע עמאָציעס". איך בין אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד אויף די פליגלען פון אַן עמאָציאָנעלן שוווּנג. איך האָב מקנא געווען די חלוצים. איך האָב באַוווּנדערט די יידישע תּל־אבֿיבֿ. און איך האָב געוויינט ביים כּותל מערבֿי.

ווי עס פּאַסט פאַרן אָנקומען פון דעם רעדאַקטאָר פון אַ זשורנאַל פון אינ־טערנאַציאָנאַלער רעפּוטאַציע, בין איך באַגריסט געוואָרן מיט גרויס דרך־ארץ דורך אונדזער פאָרשטייער אין ארץ־ישׂראל, גרשון אַגראָנסקי. „דו ממזר איינער, פאַר וואָס שיקסטו אונדז נישט אַ ביסל ממתּקים. מיר דאַרפן אויך מאַכן אַ לעבן".

מיר האָבן זיך אַרומגעהאַלדזט און געקושט. און ער האָט מיך פֿאַרשלעפּט איך זאָל איינשטיין ביי אים אין ירושלים. איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב אים מקנא געווען. ער האָט געטאָן דאָס, וואָס איך האָב נישט געקאָנט זיך אַנטשליסן צו טאָן. ער איז געוואָרן אַ טייל פון דער ארץ־ישׂראלדיקערווירקלעכקייט. גלייכ־צייטיק האָט ער מיר אָבער אויסגעזען צו זיין אַ ביסל דורשטיק נאָך דעם לאַנד, אונדזער אַמעריקע, וואָס ער האָט געהאַט פאַרלאָזן.

מיר זענען געזעסן כּמעט אַ גאַנצע נאַכט און דערציילט איינער דעם אַנדערן די איבערלעבענישן. ווען ער האָט נישט גערעדט וועגן ארץ־ישׂראל, פלעג איך אַריינכאַפּן איבערצוגעבן אים די לעצטע רכילות וועגן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַ־ציע פון אַמעריקע. באַזונדערס האָב איך אים דערציילט וועגן די גליקן פון אונדזער פּרייטיק צו נאַכטס־קלוב. די דאָזיקע אָפּגעשלאָסענע, פאַרמאַכטע געזעלשאַפט איז באַשטאַנען פון אַ גרופּע מיטגלידער, וועלכע האָבן אַלע כּמעט אין דער זעלבער צייט חתונה געהאַט: גרשון אַגראָנסקי, דזשו בריינין, העברי מאַנטאָר, מויש סעמיועל, אַדאַם ראָזען און איך. אין אונדזערע בחורישע יאָרן זענען מיר געווען די הויפּטזיילן פון דעם אַלטן „קאַפע ראָיאַל", ווו עס האָט זיך צונויפגעזאַמלט די יידישע זשורנאַליסטישע וועלט. און ווען מיר זענען מיט אַ מאָל געוואָרן אַלע יונגע „באַלעבעסלעך" און האָבן זיך „געסטאַטקעוועט", האָט אונדזער חברה גע־דאַרפט אָדער פונאַנדערלאָזן זיך, אָדער זיך איבעראָרגאַניזירן. האָבן מיר זיך אַנטשלאָסן אויף דעם צווייטן שריט.

יעדן פרייטיק צו נאַכטס פלעגן די זעקס יונגע פאָרלעך זיך צונויפקומען יעדעס מאָל ביי עמעצן אַנדערן אין הויז, לויט דער ריי. יעקב פישמאַן, דער בחור, דער עלטערער פון אונדז אין יאָרן און אין חכמה, איז געווען אַן ערן־מיט־גליד. ווען עס איז געקומען זיין ריי צו זיין דער גאַסטגעבער, פלעגט ער אונדז פאַרבעטן אין דעם רומענישן רעסטאָראַן פון מאָסקאָוויץ און לופּאָוויץ אויף דער איסט סייַד. דער רעסטאָראַן איז געווען באַרימט מיט זיינע געשמאַקע מאכלים, און מאָסקאָוויץ פלעגט ווונדערלעך פאַרווײַלן דעם עולם מיט זיין טרומייטער. יעקב פישמאַן האָט ליב געהאַט צו דערציילן וועגן יידישן זשורנאַליזם און די געשיכטע פון דער איסט סייַד. גרשון אַגראָנסקי און איך האָבן גערעדט וועגן ציוניזם. מויש סעמיועל און דזשאָו בריינין האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין שמועסן וועגן ליטעראַטור אויף די דריי שפּראַכן, וואָס זיי האָבן געקענט. מאַנטאָרס הויפּט־טעמע איז געווען — איך מוז זיין אַ געטרייער היסטאָריקער — זיין פאַנטאַסטישע קאָלעקציע פון פּאָרנאָגראַפיע.

אונדזערע ווייבער האָבן קאָנקורירט צווישן זיך אָן אַ סוף אין זייער קולינאַ־רער קונסט. אַן אויסנאַם איז געווען דזשאָו בריינינס פרוי, סאַלי, וועלכע האָט קיין מאָל נישט געוווסט דעם אונטערשייד צווישן געפילטע פיש און אַ שאַכטל סאַרדינען. איר ספּעציאַליטעט, וואָס האָט אונדז געקאָנט ברענגען זייער ווייניק נוצן, איז געווען מאַטעמאַטיק.

גרשון אַגראָנסקי האָט געמאַכט דעם ערשטן דורכברוך אין אונדזער גרופּע, ווען ער האָט זיך אַריבערגעקליבן מיט זיין משפחה קיין ארץ־ישׂראל. שפּעטער,

אין 1930, ווען איך האָב זיך באַזעצט אין טאָראָנטאָ, האָט אונדזער קלוב אויס־געהויכט דעם לעצטן אָטעם. אָבער מיר האָבן געפּרוּווט, פון צייט צו צייט, אים אויפצולעבן אַ סך יאָרן שפּעטער. אַ לאַנגע צייט נאָך דעם, ווי פּישמאַן און אַגראַנסקי זענען געשטאָרבן, און מאַנטאָר איז געוואָרן אַ תּושב אין רוים, פלעגן מיר — די פאַרבליבענע דריי פון דעם עקסקלוסיוון קלוב, מויש, דזשאָו און איך — האָבן אַזעלכע פּרייטיק־צו־נאַכטסן אַזוי אָפּט, ווי איך בין געווען אין ניו־יאָרק. זיי זענען נישט געווען אַזעלכע לעבהאַפטע ווי אַמאָל; די שמועסן פלעגן זיך פאַרקערעווען אויף אַזעלכע טעמעס, ווי אונדזערע פאַרשיידענע מיחושים און חולאתן, וועגן בלוטדרוק און וועגן די כּלערליי מינים פּילן, וואָס יעדער איינער פון אונדז דאַרף אַראָפּשלינגען.

נאָך דעם ווי דזשאָו איז געוואָרן אַ שוכן עפר, און פון אונדזער אַמאָליקער פיינער חברה זענען פאַרבליבן נאָר צוויי — מויש סעמיועל און איך — איז איינע פון אונדזערע טעמעס, ווען מיר זענען זיך צונויפגעקומען, געווען: ווער פון אונדז ביידן וועט דער ערשטער קריגן די „איינלאַדונג״ אין דער בעסערער וועלט. מיר האָבן געהאַט געשלאָסן צווישן זיך אַן אָפּמאַך, אַז מויש וועט האַלטן דעם בעסטן הספּד נאָך מיר, אויב איך וועל האָבן דעם „זכות קדימה״, און אַז איך וועל דורכ־פירן די גרעסטע לוויה פאַר אים, אויב ער וועט זיין דער ערשטער.

און איצט איז שוין אויך מויש אַ שוכן עפר.

דאָס אַלץ איז נאָך געווען „צוקונפטס־מוזיק״, ווען איך האָב זיך ווידער אַ מאָל באַגעגנט מיט גרשון אַגראַנסקין אין ארץ־ישׂראל, אין 1926.

ווען איך האָב נאָך אַ סך יאָרן ווידער זיך באַגעגנט מיט גרשון אַגראַנסקין, בעת מיין באַזוך אין ארץ־ישׂראל אין 1926, איז ער געווען אַ זייער פאַרנומענער מענטש, ווייל אונדזער „ניו פּאַלעסטיין״ איז נישט געווען די איינציקע אויסלענ־דישע צייטשריפט, וואָס ער האָט פאַרטראָטן אין ירושלים. אַ חוץ אַלעמען איז ער געווען דער פּרעסע־פאַרשטייער פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין ירושלים. דורך גרשונען האָב איך זיך באַקענט מיט זיין „רעכטער האַנט״ דזשוליען מעלצער, וועלכער איז אַ סך יאָרן שפּעטער געוואָרן מיין אייגענע „רעכטע האַנט״ אין ווייצמאַן־אינסטיטוט. אין דער צווישנצייט איז ער געווען דער ירושלימער קאָ־רעספּאָנדענט פון „ניו־יאָרק טיימס״, אַ פאַרדינסטפולער איבערזעצער און אַן אָפּטער מיטאַרבעטער אין „ניו פּאַלעסטיין״.

ווען גרשון האָט געגרינדעט די טעגלעכע צייטונג „פּאַלעסטיין־פּאָסט״, איז מעלצער געוואָרן אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע און איז פאַרבליבן אויף דעם פּאָסטן אַזוי לאַנג ווי גרשון האָט געלעבט. דזשוליען מעלצער האָט געקענט יעדע גאַס און יעדעס געסל אין ירושלים. אַרומגייענדיק מיט מעלצערן איבער די גאַסן פון ירושלים, האָב איך אָפּט געטראַכט וועגן שמואל ירחינאה, וועלכער האָט אויף זיך געזאָגט, אַז „נהירין לי שבילי דשמיא כּשבילי דנהרדעא״ — די שטעגן פון הימל זענען מיר אַזוי גוט באַקאַנט ווי די שטעגן פון נהרדעא. איך האָב פון מעלצערן זיך דערוווּסט אין עטלעכע געציילטע טעג וועגן ירושלים אַ סך מער, ווי איך וואָלט געקאָנט זיך דערוויסן פון אַ טוץ רייזעביכער.

דאָס גרויסע געשעעניש פון מיין ערשטן באַזוך אין ארץ־ישׂראל איז געווען מיין ערשטער און לעצטער פּרוּוו צו מאַכן אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק. איין טאָג איז גרשון אַגראַנסקי אַרויסגעקומען מיט אַ בריליאַנטענער אידייע, איך זאָל אָנפירן מיט אַ דעלעגאַציע צו אַבדאַללאַן, דעם קעניג פון עבר־הירדן, אין זיין הויפּטשטאָט רבת־עמון, און אַז איך זאָל אים ברענגען די גרוסן פון אַמעריקאַנער יידנטום, צו דער געלעגנהייט פון ראש־השנה ביי יידן. אַפילו איך בין אַ ביסל דערשראָקן געוואָרן פון אַזאַ פּאָרשלאָג, האָב איך געפרעגט גרשונען, ווער קאָן עס באַפולמעכטיקן אַזאַ דעלעגאַציע און מיך אויסקלייבן פאַר איר וואָרטזאָגער? אָבער די אַלע שאלות זענען אָנגעגאַנגען גרשונען ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. זיי האָבן אים נישט אָנגעהויבן צו אינטערעסירן. אַלס אַ זשורנאַליסט איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם דאָזיקן איינפאַל זיינעם. בקיצור, ער האָט אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיטן קעניגלעכן פּאַלאַץ אין רבת־עמון און דערווייל האָט ער אויס־געזוכט אַ פּאָר אַמעריקאַנער יידן און האָט זיי איינגעלאַדן אָנצושליסן זיך אָן דער דעלעגאַציע. אין דער דעלעגאַציע זענען אַריינגעגאַנגען פּיטער בערדיטשעוו־סקי, אַן אויטאָריטעט אין צוקער־כעמיע, מאַדלען לעווין־עפּשטיין, די פרוי פון אַ פּראָמינענטן דענטיסט אין ירושלים, און עטלעכע טוריסטן. ווי עס זאָל נישט האָבן געשען, גרשון האָט, צו מיין גרויסן פּחד, אַראַנזשירט די אוידיענץ ביים קעניג.

ער האָט אַראַנזשירט אַלץ אין הויכן סטיל און מיט דעם געהעריקן פּראָטאָ־קאָל. אַ שוואַרצע לימוזינע מיט אַן אויסגעפּוצטן שאָפער האָט אונדז געבראַכט צום פּאַלאַץ, וווּ מיר זענען אַריינגעפירט געוואָרן צו אַבדאַללאַן. דער עמיר איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פּראַכטפולער אַבאַיאַ, וואָס האָט געפלאַטערט אויף אַלע זייטן. פון דרך־ארץ צו דער קעניגלעכער סביבה, האָב איך געטראָגן אַ קעפּיאַ, אַ ווייסן אַראַבישן קאָפּטוך מיט אַ גאָלדענעם באַנד. איך האָב זיך גע־פילט, ווי איך וואָלט אָנטיילגענומען אין אַ סצענע פון אַ ביליקן פורים־שפּיל.

איך האָב זיך פאַרנויגט פאַר זיין מאַיעסטעט און האָב אים איבערגעגעבן מיין באַגריסונג אין ענגליש. זיין מאַיעסטעט האָט געענטפערט האַרציק אין אַראַביש. קיינער פון אונדז ביידע האָט נישט פאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן, אַזוי אַז קיין שום שאָדן איז נישט פאַרשאַפט געוואָרן. צו מאָרגנס האָט די „פּאַלעסטיין פּאָסט" שטאַרק געלויבט די דאָזיקע באַגעגעניש, ווי אַ באַדייטונגספולע אַנטוויקלונג אין די יידיש־אַראַבישע באַציִונגען.

מיר האָבן פאַרבראַכט דעם אָוונט אין אַן אַראַבישן נאַכטקלוב, אַלס געסט פון דעם קעניג אַבדאַללאַ. מיר האָבן געקוקט אויף די בויך־טענצערינס ביז אַרום האַלבער נאַכט, ווען אויף דער סצענע האָט זיך באַוויזן אַ צווייטע דעלעגאַציע, אַ גרופּע אַראַבישע שייכן, וואָס האָט געוואָלט אַריינקומען אין קעניגס לאָזשע. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ צאַנקעריי צווישן די אָרדנערס און די ניי־אַריינגעקו־מענע, וועלכע האָבן געוואָלט אויפגענומען ווערן דורכן קעניג. ווען איך האָב געזען דעם שפּיגלגלאַנץ פון די שווערדן באַדעקט מיט צירונג, האָב איך געטראַכט, אַז עס וועט זיין אַ הויכער דיפּלאָמאַטישער אַקט און אויך אַן אמתער שריט פון

בראַווקייט, ווען איך וועל זיך וואָס גיכער אָפּטראָגן אין „פילאַדעלפיע־האָטעל״, ווו איך בין איינגעשטאַנען.

ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין ניו־יאָרק, האָב איך אָנגעשריבן אַ סעריע אַרטיקלען אין „ניו פּאַלעסטיין״ און אין „ברוקלין איגל״. זיי זענען געווען ריינער רעפּאָרטאַזש, און פאַר מיין דיפּלאָמאַטישן אויפטו האָב איך אָפּגעגעבן דעם פּלאַץ, וואָס איז אים געקומען. אָבער וועגן דער גרויסער און טיפער השפעה, וואָס מיין ערשטער באַזוך אין ארץ־ישׂראל האָט געהאַט אויף מיר, איז קיין מאָל גאָר־נישט דערשינען אין דרוק.

איך האָב געפילט טיף אין מיר אַ מין „ויתרוצצו״. אַ סך פון מיינע פריינד האָבן זיך שוין געהאַט באַזעצט אין ארץ־ישׂראל. זייער באַשלוס איז געווען אַ לאָגישער פּועל יוצא פון זייער ציוניזם. אָבער איך האָב נישט נאָכגעפאָלגט זייער ביישפּיל אין משך פון דריי צענדליק יאָר, אַפילו דעמאָלט האָט מען געמאַכט דעם באַשלוס פאַר מיר, און הגם איך האָב אים אָנגענומען זייער גערן, האָט עס מיר פאַרשאַפט עגמת־נפש, פאַר וואָס איך האָב פריִער נישט געהאַנדלט מיט דער אָנטשלאָסנקייט און אויסגעהאַלטנקייט, אַזוי ווי מיינע פריינד.

איך וואָלט געקאָנט דערקלערן מיין נישט־אָנטשלאָסנקייט אויף אַן אידעאָלאָ־גישן אופן. דער פאַקט איז, אַז איך האָב קיין מאָל נישט געגלויבט, ווי בן־גוריון טוט עס, אַז בכדי צו זיין אַ ציוניסט, דאַרף מען זיך באַזעצן אין ישׂראל. פון דער צווייטער זייט, האָב איך אויך קיין מאָל נישט געגלויבט, ווי דאָס האָבן געמיינט די בראַנדייסיסטן, אַז ארץ־ישׂראל איז בלויז פאַר די אָרעמע און געררודפטע יידן, און אַז דער אַמעריקאַנער ציוניזם דריקט זיך אויס אַמבעסטן אין דאָלאַרן. און אחרי ככלות הכל האָב איך נישט באַטראַכט (און איך באַטראַכט נישט ווייטער) די דערגרייכונגען פון נאַציאָנאַלער סוווערעניטעט אַלס ענדציל פון ציוניזם. פאַר מיר איז ציוניזם שטענדיק געווען דער ברייטסטער און פולסטער אויסדרוק פון דער באַנייונג און באַרייכערונג פון יידישן לעבן, וואָס שעפּט זיינע כוחות פון דער ווידעראויפלעבונג פון דער יידישער ציוויליזאַציע אין דעם אַלטן היימלאַנד ביי די ברעגן פון מיטללענדישן ים. גרינדן ישובים, מאַכן אינוועסטירונגען און דערגרייכן די פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט — דאָס אַלץ האָט געמיינט, באַשאַפן די אינסטרומענטן פאַר דעם דאָזיקן פּראָצעס. אָבער דער כוח פון ציוניזם ליגט אין דער ווידעראויפריכטונג פון יידישן לעבן אומעטום, און אין דער דערהויבונג פון זיין פאָרם און אינהאַלט.

ס׳איז מעגלעך, אַז נאָך דער טראַגעדיע פון אייראָפּעיִשן יידנטום קאָן די דאָזיקע אויפפאַסונג קלינגען צו פּשוט און אַפילו זינלאָז. אָבער פאַר מיר איז עס די איינציקע קאָנצעפּציע פון ציוניזם, וואָס איך קאָן אָננעמען. דער דורכפאַל פון ציוניזם צו ראַטעווען די יידן פון אייראָפּע רעפלעקטירט נישט מער אויף דער באַדייטונג פון דער ציוניסטישער אידייע, ווי דער דורכפאַל פון סאָציאַליזם, אָדער קריסטנטום, אָפּצושטעלן די הענט פון די מערדערס.

מיין ציוניזם האָט געפונען זיין פולן אויסדרוק אין אַמעריקע. ער וואָלט גע־פונען פונקט אַזאַ פולן אויסדרוק אין ישׂראל. טאָ פאַר וואָס האָב איך נישט גע־מאַכט דעם שינוי אין מיין לעבן פריִער? דער ענטפער איז מיר קלאָר געוואָרן ערשט אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן. און ער האָט אויפגעקלערט עפּעס אַזעלכעס, וואָס פירט מיך צוריק צו מיינע ערשטע יאָרן אַלס דערוואַקסענער מענטש. ווען איך האָב אין 1917 געפּלאַנט אַנצושליסן זיך אין יידישן לעגיאָן, האָט מיך אָפּגע־האַלטן דערפון נישט בלויז דער פאַקט, וואָס איך בין פריִער מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי. ס׳איז אין דעם אויך געווען אַ געוויסע וואַקלדיקייט. איך בין געווען דורכגעדרונגען מיט דעם באַוווסטזיין, אַז אַלץ, וואָס איך האָב דערגרייכט — אמת טאַקע נישט קיין סך — בין איך שולדיק אַמעריקע. אַ טיפע דאַנקבאַרקייט, וואָס האָט זיך געשטאַרקט מיט די יאָרן, האָט מיך געהאַלטן ווי געבונדן. גלייכצייטיק האָט מיך געשטופּט אַ שטאַרקע צוגעבונדנקייט צו ארץ־ישׂראל. איך בין תּמיד געטריבן געוואָרן דורך דער ווונדערלעכער פראַזע פון יהודה הלוויס ליד: „לבי במזרח ואנכי בסוף מערב".

מיט דער צייט, ווען מיינע באַזוכן אין ארץ־ישׂראל, און דערנאָך אין מדינת ישׂראל, זענען געוואָרן לענגער און לענגער, האָט די דאָזיקע פראַזע באַקומען פאַר מיר אָפּט אַ להיפּוכדיקן קלאַנג. ווען איך בין געווען אין רחובות, האָב איך גע־וואָלט זיין אין ניו־יאָרק. און ווען איך בין געווען אין ניו־יאָרק, האָב איך געוואָלט זיין אין רחובות. ווער עס איז געווען מיין ווייב, און ווער — מיין פּילגש, וואָלט מיר געווען שווער צו זאָגן.

# 8. די לעצטע טעג אַלס רעדאַקטאָר

איך האָב שוין דערציילט, אַז נאָך דער גרויסער שפּאַלטונג אין אַמעריקאַנער ציוניזם, אין 1921, האָט די בראַנדייס־מעק־דע־האַז־גרופּע — די וועלכע האָבן זיך אָפּגעריסן — זיך צוריקגעקערט בההדרגה צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע. אַרום 1927 האָבן זיי ווידער פאַרנומען די מערסטע פון די הויכע אַמטן, הגם זייער קעגנערישקייט צו די נאַציאָנאַלע פאָנדן און זייער לייגן די הויפּטגעוויכט אויף דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל, זענען נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. זיי האָבן אונדז נישט מוחל געווען זייער דורכפאַל אין קליוולאַנד. באַזונדערס האָבן זיי געזוכט זיך נוקם צו זיין אין לואי ליפּסקי, וואָס איז פון דעם קאָנפליקט אַרויסגעקומען ווי דער אַלגעמיין־אָנערקענטער פירער פון אַמעריקאַנער ציוניזם. נישט געקוקט אויף דער השפעה פון דער בראַנדייס־מעק־דע־האַז־גרופּע, וואָס איז כסדר געוואַקסן, איז לואי נאָך אַלץ געווען דער אַממייסטן באַליבטער מנהיג ביי די ברייטע ציוניסטישע מאַסן. און די גרופּע האָט באַשלאָסן אונטערצוגראָבן זיין פּאָזיציע אויף דער אַמעריקאַנער סצענע און דורך אים דערלאַנגען אַ קלאַפּ וויצמאַנען.

אַ דאַנק דעם, וואָס זיי האָבן צוריק זיך אַריינגעכאַפּט אין די „הויכע פענצטער" פון דער אָרגאַניזאַציע, האָבן זיי שוין קאָנטראָלירט די קאַסע פון דער באַוועגונג אין אַמעריקע. דער פּאַראַדאָקס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זייער איבער־געגעבנקייט צום אויפבוי פון ארץ־ישׂראל איז געוואַקסן אין איין ריי און אין דער זעלבער מאָס ווי זייער פיינטשאַפט צו דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. וויצמאַן האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געוווּסט גאַנץ גענוי וועגן דער דאָזיקער לאַגע. אין אַ בריוו צו לואי ליפּסקי אין יענער צייט, האָט ער געשריבן: „ווי עס ווייזט אויס, ווילן זיי טרייבן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע צו באַנקראָט. זיי האַלטן נאָך אַלץ די האַק איבער אונדזער קאָפּ. אַמעריקע הונגערט אויס ארץ־ישׂראל און צעשטערט אַ סך כוחות, וועלכע וועלן שוין קיין מאָל מער נישט צוריקקומען אין דער באַוועגונג".

אָנהויבנדיק פון 1922, ווען די פעלקער־ליגע האָט ראַטיפיצירט די באַלפור־דעקלאַראַציע אין דעם באַשלוס אין סאַן־רעמאָ, האָט חיים וויצמאַן געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען אויסצוברייטערן די יידישע אַגענטור פאַר ארץ־ישׂראל, ווי עס

איז געזאָגט געוואָרן אין דעם באַשלוס. לויט דעם פּלאַן האָט מען געדאַרפט אַריינ־ציִען אין דער אַרבעט די גרויסע יידישע קערפּערשאַפטן, וועלכע זענען געווען פּאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג פון יידישן ישוב אין ארץ־ישׂראל, אָבער האָבן זיך נישט אידענטיפיצירט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג און מיט איר פילאָזאָפיע. בעת זיינע עטלעכע באַזוכן אין אַמעריקע האָט ווייצמאַנען זיך איינ־געגעבן צו געווינען די שטיצע פון אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי לואי מאַרשאַל, וועלכער איז אַזוי ווי בראַנדייס געווען אַ גרויסער יוריסט און איז אַ סך רעס־פּעקטירט געוואָרן פאַר זיין יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט; און פעליקס וואַרבורג, דעם באַרימטן באַנקיר און פּראָמינענטן פילאַנטראָפּ. זיי ביידע, וועלכע זענען אין אַ טייל קרייזן, מיט אומרעכט, אָנגעגאַנגען אַלס אַסימילאַטאָרן, זענען געווען נישט־ציוניסטן אויף אַ זייער משונהדיקן אופן. ווייצמאַן האָט זיך גע־נויטיקט אין זיי נישט בלויז צוליב זייער פינאַנסיעלער מאַכט, נאָר כּדי אויך דורך זייער איינפלוס אָפּצושוואַכן אין די נישט־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס די באַמיִונ־גען פון די בראַנדייסיסטן צו געווינען די קאָנטראָל איבער דער ציוניסטישער באַוועגונג. און עס דאַרף נאָך אַ מאָל באַמערקט ווערן, אַז ריכטער בראַנדייס אַליין האָט נישט אָנגעהאַלטן עפנטלעך קיין שום שייכות מיט דער גרופּע, מיט וועלכער מען האָט פאַרבונדן זיין נאָמען.

אַלע אַנטוויקלונגען האָבן נאַטירלעך אויך אָנגערירט מיך סיי אַלס רעדאַקטאָר פון „ניו פּאַלעסטיין" און סיי אַלס סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַ־ציע. די „ניו פּאַלעסטיין" איז כּסדר אַטאַקירט געוואָרן אויף דריי פראָנטן. די אַנטי־ווייצמאַן־ציוניסטן האָבן אַטאַקירט דעם זשורנאַל פאַר זיין פּראָ־ווייצמאַניזם. די פּראָ־ווייצמאַניסטן נישט־ציוניסטן האָבן אָנגעגריפן די צייטשריפט פאַר זיין צו פיל ציוניסטיש. און די פּראָ־ווייצמאַן־ציוניסטן אין דער אָרגאַניזאַציע פלעגן מיך כּסדר קריטיקירן פאַר „פליִען אין די הויכע הימלען" ביים רעדאַגירן דאָס וואָכנבלאַט. בקיצור, איך האָב זיך געפונען אין אַ כּסדרדיקן קאָנפליקט. איך האָב שוין אַפילו געהאַט רעזיגנירט אַ פיר, אָדער פינף מאָל, אָבער איך האָב דאָס נישט געטאָן געגנוג שאַרף ביז צום זעקסטן אָדער זיבעטן מאָל. לואי ליפּסקי האָט מיך כּסדר אָפּגערעדט פון מאַכן דעם פאַטאַלן שריט, אָבער די אַטמאָספער איז וואָס אַ מאָל מער פאַרסמט געוואָרן.

ריזיקירנדיק צו זיין מער ווי געוויינלעך אומבאַשיידן, דאַרף איך באַריכטן, אַז פאַקטיש בין איך געווען דער „הויפּטמאַכער" אין דער אַמעריקאַנער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע. לואי ליפּסקי איז געווען דער פירער, און איך בין געווען דער הויפּט פון גענעראַל־שטאַב, דער, וועלכער האָט געהאַלטן אַן אויג אויף אַלץ און אַלעמען אין דער באַוועגונג, און דער, וועמען ער האָט געשיקט אויסצולייזן די אָרגאַניזאַציע פון אַלע צרות. כאָטש איך בין בעיקר געווען דער רעדאַקטאָר פון „ניו פּאַלעסטיין", האָב איך אויך געהאַט דעם אַמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע, און בין פאָרמעל געוויילט געוואָרן אויף דעם דאָזיקן אַמט. פּונקט אַזוי ווי די בראַנדייסיסטן האָבן געצילט אויף ווייצמאַנען דורך ליפּסקין, אַזוי האָבן זיי דורך מיר געוואָלט טרעפן ליפּסקין.

ביי דער יערלעכער קאָנפערענץ פון דער אָרגאַניזאַציע אין 1928 זענען זיי אַרויסגעקומען מיט נישט קיין צו שטאַרק חכמהדיקן שפיצל, וואָס האָט אָבער געהאַט אַ ווירקונג. עס האָט געהייסן, אַז איך זאָל ווייטער בלייבן גענעראַל־סעקרע־טאַר, אָבער אַלס אַן אָנגעשטעלטער, און נישט אַלס אַ געווײלטער פון דער קאָנ־פערענץ. ס'איז קלאָר, אַז עס איז לייכטער צו „ווייזן דעם וועג" אַן אָנגעשטעלטן, ווי פּטור צו ווערן פון אַ געווײלטן באַאַמטן. איך האָב זעלבסטפאַרשטענדלעך זיך געזעגנט. אָבער ווידער אַ מאָל האָט ליפּסקי מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל לאָזן מיינס פאַרגיין. ער האָט מיר זיסער געמאַכט די ביטערע פּיל דורך דעם, וואָס ער האָט מיר גאַנץ שׂכלדיק געזאָגט, אַז סוף כּל סוף איז עס אָפּהענגיק פון מיר אַליין, איך זאָל בלייבן ביי מיין פריערדיקער השפעה אין דער אָרגאַניזאַציע. בדרך־כּלל איז ער געווען גערעכט, אָבער אַזוי ווי איך בין טאָג־נאָך־טאָג אַריינ־געשלעפּט געוואָרן אין קאָנפליקטן, האָב איך נישט געקאָנט איינזען, אַז דאָס זאָל קאָנען אויסהאַלטן.

אַ יאָר שפּעטער האָט מען ביי לואי ליפּסקין אַליין אַוועקגענומען זיין פּאָזיציע דורך צונויפשטיקעווען אַ מערהייט שטימען קעגן אים. און ער האָט באַוויזן, אַז ער איז געווען גערעכט מיט זיין טעאָריע דורך דעם, וואָס ער איז במשך פון אַ סך יאָרן פאַרבליבן דער פירער פון אַמעריקאַנער ציוניזם אָן אַ טיטל. פּאַקטיש האָט ער, ווי ווייצמאַן, קיין מאָל נישט געהאַט קיין יורש, נאָר בלויז אַ פּאַרטרעטער.

אָנהויב 1929, ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער פינף־און־צוואַנציקסטער יאָרצייט פון הערצלען, האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר אַרויסגעבן אַ ספּעציעלן נומער פון „ניו פּאַלעסטיין", וואָס זאָל זיין געווידמעט דעם אָנדענק פונעם גרינ־דער פון פּאָליטישן ציוניזם. איך האָב געפּלאַנט די ספּעציעלע אויסגאַבע אויף דעם אופן פון דעם דערפאָלגרייכן נומער, וואָס איך האָב געהאַט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1925 לכּבוד דער דערעפענונג פון ירושלימער אוניווערסיטעט. איך האָב געהאַט דאָס פולע רעכט צו דערוואַרטן אַן ענטוזיאַסטישע און גרויסע הילף, אָבער איך האָב געדאַרפט פאַרשטיין בעסער די לאַגע. דאָס מאָל האָב איך זיך אָנגעשטויסן נישט נאָר אויף דער קעגנערשאַפט פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אַלס אַ קערפּערשאַפט, און אויף דער גלייכגילטיקייט פון די באַזונדערע מיטגלידער אַלס יחידים, נאָר עס האָט זיך אויך אָנגערוקט אויף מיר אַ נייע געפאַר אין דער פּערזאָן פון ד"ר י. מ. רובינאָוו, וועלכן מען האָט געהאַלטן פאַר אַן עקספּערט פון גוטער פונקציאָנירונג פון דער אַרבעט. ער איז געווען דער ערשטער אָנפירער פון דער מעדיצינישער גרופּע פון „הדסה", וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין ארץ־ישׂראל. זיין וויכטיקסטע אויפגאַבע איז באַ־שטאַנען אין האַלטן אַן אויג, ווי אַ רויבפויגל, אויף יעדן טריט און שריט מיינעם און מאַכן שטערונגען, ווי נאָר איך האָב געוואָלט זיך אַ ריר טאָן. די טעאָריע, וואָס מען האָט אַריינגעלייגט אין באַשטימען רובינאָוון פאַר דער דאָזיקער אויפ־גאַבע, איז געווען, אַז וויזיע און געוואַגטע פּלענער זענען דער היפּוך פון פּרוקט־באַרער אַרבעט.

ס'איז נישט געווען לייכט צו רעדאַגירן דאָס וואָכנבלאַט און צונויפזאַמלען צוגאָב־מאַטעריאַלן פאַר דעם ספּעציעלן נומער און אַרומלויפן איבערן גאַנצן לאַנד, כּדי צו שאַפן דאָס געלט, וואָס איך האָב פאַר דעם אַלעם געדאַרפט האָבן, ווייל איך האָב, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווידער אַ מאָל געדאַרפט אַליין פינאַנסירן פאַרויס די גאַנצע אונטערנעמונג. אָבער צום גליק האָט זיך עס געענדיקט בכי טוב. איך בין פאַרבעטן געוואָרן קיין סענט לואיס צו האַלטן אַ רעדע אין דער דאָרטיקער יידישער געמיינדע וועגן מיין ספּעציעלן פּראָיעקט. ד"ר רובינאָוו איז גלייך גע־שיקט געוואָרן אַהין אַלס שומר, צו היטן מיך אויף יעדן טריט און שריט. איך האָב געהאַלטן די רעדע אין דעם זאַל אין קעלער פון סטאַטלער־האָטעל, און איך האָב געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק אויפן עולם, אַז גלייך אויפן אָרט האָט מען מיר צוגעזאָגט דריי טויזנט דאָלאַר. אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָב איך אויף רובינאָוון געמאַכט נאָך אַ גרעסערן רושם, ווי אויפן עולם, ווייל ווען איך האָב געענדיקט, האָט ער אַליין געהאַלטן אַ רעדע און וואַרעם געשטיצט מיין פּלאַן. ווען מיר זענען צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער געזאָגט דעם אַדמיניסטראַ־טיוון קאָמיטעט, אַז זיי זענען משוגעים מיט זייער קעגנערשאַפט, אַז איך טו אַן אויסגעצייכנטע אַרבעט, און אַז ער האָט בדעה מיר צו העלפן וויפל ער וועט נאָר קענען, ביים אַרויסגעבן דעם ספּעציעלן נומער.

דער ספּעציעלער הערצל־נומער פון „ניו פּאַלעסטיין" איז געווען, ווי איך גלויב, אַ גאַנץ אויסערגעוויינלעכע און איינמאָליקע דערשיינונג אין ציוניסטישן זשורנאַליזם, סיי אין פאָרנעם און סיי אין דעם טיפן און גרינטלעכן תּוכן. ביזן היינטיקן טאָג איז דער נומער געבליבן אַ ווערטפולער מקור פאַר דער געשיכטע פון דער גאַנצער הערצל־תּקופה אין ציוניזם.

איך האָב אַדורכגעזוכט און דורכגעניושטערט די גאַנצע וועלט, וואָס האָט גע־האַט אַ שייכות צו הערצלען, כּדי צו קריגן מאַטעריאַל. איך האָב באַשטימט פאַר־שטייער אין אַלע אייראָפּעיִשע הויפּטשטעט פאַר דורכפירן ספּעציעלע פאָרשונגען וועגן ווייניק באַקאַנטע פאַקטן פון לעבן און שאַפן פון דעם פאָטער פון פּאָליטישן ציוניזם. צווישן די מיטאַרבעטער אין דעם ספּעציעלן נומער זענען געווען: מאַרטין בובער, וועלכער איז געווען טעטיק צוזאַמען מיט הערצלען אין אָנהויב פון דער ציוניסטישער באַוועגונג; זשאַרזש קלעמאַנסאָ, וועגן וועמענס רעדעס אין פראַנ־צייזישן פּאַרלאַמענט הערצל האָט אָפט באַריכטעט; סטעפאַן צוויי־ג, מאַקס בראָד, עדמאָנד פלעג, אַנדרעי ספּיר — און מיין אייגענע אַרמיי פון שרייבערס. מאָריס סעמיועל האָט געמאַכט די ערשטע ענגלישע איבערזעצונג (אין אַ זייער געלונ־גענעם קיצור) פון הערצלס טאָגביכער. דאָס איז געווען איינע פון די הויפּט־אַטראַקציעס אין דעם נומער. איך האָב אויך באַקומען אַ ספּעציעלע צושריפט מיט אָנערקענונג און לויב פאַר הערצלען פון דעם קעניג פון בולגאַריע, פערדינאַנד. איך געדענק שוין איצט נישט ווי אַזוי מיר האָט זיך איינגעגעבן דאָס אַרויסצו־קריגן. דעם ספּעציעלן נומער האָב איך געווידמעט לואי ליפּסקין — „דעם פירער, לערער און פריינד".

אין יענער צייט האָבן זיך געהאַט פאַרשפּרייט קלאַנגען — איך ווייס נישט ווער עס האָט זיי אַרויסגעלאָזט — אַז איך האָב בדעה אַוועקצוגיין פון מיין פּאָסטן אין „ניו פּאַלעסטיין” און שענקען מיין טאַלאַנט פאַר דער יידישער טעלעגראַפן־אַגענטור, וואָס איז געהאַט געגרינדעט און אָנגעפירט געוואָרן דורך יעקב לאַנדוי און מאיר גראָסמאַן. פעליקס וואַרבורג האָט געהאַלטן פון דער דאָזיקער אידייע, ווייזט אויס, ווייל ער האָט געשריבן אין אַ בריוו צו ווייצמאַנען: „די פּאַרע, וואָס שלאָגט אַרויס פון „ניו פּאַלעסטיין”, איז גאַנץ איינפאַך הייסע לופט, געמישט מיט אַ היפּשער פּאָרציע פון גיפטיקן גאַז. צום אומגליק לייענט מען די דאָזיקע „סחורה” אין געוויסע צייטונגען און מען נעמט אָן פאַר זיכער, אַז דאָס רעפּרע־זענטירט אייער מיינונג און די מיינונג פון אייערע קאָלעגן. איך ווייס נישט אויף ווי ווייט דאָס איז אמת, אָבער איך הער, אַז ווייסגאַל פאַרלאָזט די דאָזיקע נאַרישע שמאַטע און גייט אַריבער צו דער יידישער טעלעגראַפן־אַגענטור. איך באַדויער לאַנדוין, אָבער איך וועל נישט פאַרגיסן קיין טרערן אויף דעם, וואָס ער פאַר־לאָזט די „ניו פּאַלעסטיין”, ווייל נאָך אַלעמען איז דער טאָן, אין וועלכן ער רעדט... חוצפּהדיק, ייִנגלעריש. און איך האָב די גרעסטע צרות דערפון, וואָס אַזעלכע פּראָסטאַקעס דערפירן מיך דערצו, אַז איך זאָל כּסדר זיך דאַרפן פאַרטיידיקן קעגן דערקלערונגען, וואָס דער דאָזיקער אָפיציעלער אָרגאַן אונדזערער (און ער ווערט באַטראַכט אַלס אַזעלכער) מאַכט אָן אויפהער. איך שלאָג דעריבער פאָר, אַז מיטן תּירוץ, אַז מיר קאָנען די הונדערט טויזנט דאָלאַר אויסנוצן פאַר בעסערע צוועקן, זאָלן מיר דערווייל אָפּשטעלן דאָס דערשיינען פון דאָזיקן בלעטל”.

ווייצמאַן האָט מיר קיין מאָל נישט געזאָגט קיין איין וואָרט וועגן דעם בריוו, וועגן וועלכן איך האָב זיך דערוווּסט אַ סך יאָרן שפּעטער. איך ברענג דעם דאָזיקן בריוו אַלס אַ ביישפּיל פון דער שׂנאה, מיט וועלכער איך בין דעמאָלט געווען אַרומגערינגלט. איך מיין, אַז וואַרבורג איז פאַרפירט געוואָרן פון זיינע ראַט־געבער. איך בין דערנאָך געוואָרן פּערזענלעך באַקאַנט מיט אים און האָב באַקומען אַ הויכע מיינונג וועגן זיינע גרויסע מעלות.

ווען דער הערצל־נומער איז דערשינען און איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט, בין איך אַוועקגעפאָרן צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין ציריך, אין יאָר 1929, נאָך וועלכן עס איז דורכגעפירט געוואָרן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער אויסגע־ברייטערטער יידישער אַגענטור. ווייצמאַן האָט באַוויזן צו פאַרוואַנדלען די אויס־געברייטערטע יידישע אַגענטור אין אַ גרויסער רעפּרעזענטאַטיווער קערפּערשאַפט פון די באַרימטסטע יידן אין יענער צייט. אַלבערט איינשטיין, לעאָן בלום, לאָרד מעלטשעט, פעליקס וואַרבורג, לואי מאַרשאַל, די פירער פון יישוב אין ארץ־ישׂראל, פאָרשטייער פון יעדן יידישן קיבוץ אין אייראָפּע, שלום אַש, חיים נחמן ביאַליק — בקיצור: קינסטלער, שרייבער, וויסנשאַפטלער, לינקע סאָציאַליסטן, רעכטע אינדוסטריעלער און פילאַנטראָפּן, יידן פון יעדער ריכטונג (אַזעלכע ווי לעאָן בלום, וועלכע זענען געווען כּמעט אין גאַנצן אַסימילירט) האָבן זיך פאַר־איי ניקט פאַר איין־איינציקן פּשוטן פּרינציפּ — פאַר דעם פּראַקטישן אויפבוי פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים. דאָס איז געווען אַ פּערזענלעכער טריומף פאַר

ווייצמאַנען און נאָך מער פֿאַר דער אידייע פֿון יידישער איינִיקייט. דאָס איז אָבער אויך געווען אַ פֿאָרשפּיל פֿאַר איינער פֿון אונדזערע ביטערסטע דערפֿאַרונגען.

אַ סך דעלעגאַטן און זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין ציוניס־טישן קאָנגרעס אין ציריך, אין 1929, און אין דער היסטאָרישער גרינדונגס־פֿאַר־זאַמלונג פֿון דער יידישער אַגענטור, וואָס איז דערנאָך פֿאָרגעקומען (איך בין דאָרט געווען סיי אַלס דעלעגאַט און סיי אַלס זשורנאַליסט) — זענען שפּעטער אַוועקגעפֿאָרן קיין קאַרלסבאַד און מאַריענבאַד זיך אָפּצורוען נאָך די צוויי וואָכן פֿון די וויכטיקע און דראַמאַטישע פֿאַרהאַנדלונגען. דאָרט האָבן מיר געהערט וועגן דער רעאַקציע פֿון ירושלימער מופֿטי אויף דער גרינדונג פֿון דער יידישער אַגענטור. אַ כוואַליע פֿון בלוטיקע אַראַבישע אָנפֿאַלן אויפֿן ישוב האָט זיך צע־גאָסן איבערן גאַנצן לאַנד. מער פֿון הונדערט פֿופֿציק יידישע קרבנות זענען גע־פֿאַלן, און אַ ריזיק יידיש פֿאַרמעגן איז חרוב געוואָרן. די טרויעריקע ידיעות האָבן זיך דערטראָגן צו אונדז ביסלעכווייז, און יעדן טאָג זענען אָנגעקומען באַריכטן וועגן נייע קרבנות.

אונדזער עולם אין קאַרלסבאַד האָט זיך אַריבערגעקליבן קיין מאַריענבאַד, ווו אבינועם יעלין, וועלכער איז נאָר־וואָס געהאַט אָנגעקומען פֿון ארץ־ישׂראל (ער אַליין איז דערמאָרדעט געוואָרן אין ארץ־ישׂראל בעת די בלוטיקע אַראַבישע אומרוען אין 1937), האָט אונדז אָפּגעגעבן אַן אויספֿירלעכן באַריכט וועגן די געשעענישן. אין מאַריענבאַד האָבן מיר זיך דערקלערט, ווי אַ מין שיריים פֿון ציוניסטישן קאָנגרעס, און האָבן פֿאָרמולירט אַ מעמאָראַנדום מיט צען פֿאָדערונ־גען צו דער ענגלישער רעגירונג, וועמענס וואַקלדיקע האַנדלונג און כּלומרשטע „גלייכע באַציִונג" צו די יידן און אַראַבער האָט זיך געגרענעצט מיט זיין אַ שותּף אין די אַראַבישע אומרוען. צוליב אַ מאָטיוו, וועלכן איך קען איצט נישט גע־דענקען, בין איך אויסגעוויילט געוואָרן צוצושטעלן ווייצמאַנען דעם דאָקומענט, כּדי איבערצוגעבן אים דער בריטישער רעגירונג. אונדזער קאָמיטעט אין מאַריענ־באַד האָט זיך שטאַרק געאיילט מיט דעם מעמאָראַנדום, און איך האָב באַקומען דעם אויפֿטראָג צו פֿליִען צו ווייצמאַנען. (איצט מיין איך, אַז איך בין אפֿשר באַ־טראַכט געוואָרן פֿאַר דעם דעלעגאַט, מיט וועמען מען קאָן אַממייסטן ריזיקירן. פֿליִען איז אין 1929 בשום אופֿן נישט געווען אַזאַ פּשוטער ענין, ווי היינט. און איך געדענק, אַז ווען איך בין אַריינגעגאַנגען אין עראָפּלאַן, בין איך געווען דער־שראָקן צום טויט).

ווען איך בין אין דער צווייטער וואָך צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָב איך באַלד גענומען זאָרגן וועגן דעם, אַז אונדזערע לייענער זאָלן קריגן אַ באַגריף וועגן דער פֿולער באַדייטונג פֿון דעם, וואָס עס איז געשען אין ציריך און אין ארץ־ישׂראל. איך האָב זיך שטאַרק געגנויטיקט אין אַ דערמוטיקנדיקער און פּאָזיטיווער דערקלערונג. איך האָב געהערט, אַז ווינסטאָן טשערטשיל, אַ פֿריינד פֿון ציוניזם, פֿאָרט אַרום מיט לעקציעס אין קאַליפֿאָרניע, האָב איך אים טעלעפֿאָנירט וועגן אַן אַרטיקל. פֿון זיין פּרעסע־אַגענט האָב איך געהערט, אַז איך קאָן קריגן דעם אַרטיקל, ווען איך וועל באַצאָלן אַ דאָלאַר פֿאַר אַ וואָרט. נישט באַראַטנדיק זיך מיט קיינעם, האָב איך באַשטעלט אַן אַרטיקל פֿון טויזנט ווערטער.

טשערטשיל האָט אין דעם אַרטיקל געשריבן צווישן אַנדערן: „יעדער, וועל־כער האָט, ווי איך, געזען די הערלעכע גאָרטנשטאָט תל־אביב, אָדער די בליִענדע ווייגגערטנער פון ראשון־לציון, נויטיקט זיך נישט אין קיין וויטערדיקע איבער־ציגונגען. אויסדויער און פּליס און ציוויליזירטע אינטעליגענץ האָבן געשאַפן גרינע, צעליכטיקטע פעלדער און ווייגגערטנער און דופּטיקע וועלדער, אַ היים פון צופרידענע, באַשיידענע ישובים, אָבער מיט גרויסע שטרעבונגען, וועלכע וואָלטן אַפילו אָן דער באַלפור־דעקלאַראַציע פאַרדינט די שטאַרקע שוץ און וואַרעמע סימפּאַטיעס פון די פרייע קולטורפעלקער אין יעדן ווינקל פון דער וועלט".

ווי איך האָב באַקומען טשערטשילס אַרטיקל, איז מיין ערשטער שריט געווען צו געבן אים דער „ניו־יאָרק טיימס", וואָס האָט אים פאַרעפנטלעכט זייער פּראָמי־נענט. דאָס איז געווען אַ גרויס געשעעניש פאַרן ציוניזם אין יענע טעג, ווען אַלץ וואָס מיר האָבן געקאָנט קריגן פאַר אַ פּראָ־ציוניסטישער דערקלערונג, איז געווען עטלעכע שורות אויף אַ צענטער זייט פון דער „ניו־יאָרק טיימס". אָבער ווען עס איז אָנגעקומען דער רעכענונג פאַר דעם אַרטיקל און מען האָט געדאַרפט באַצאָלן, האָט דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זיך אָנגעהויבן וואַרפן, ווי אין קדחת. ווער איז ער עס אָט דער ווינסטאָן טשערטשיל? אַ געוועזענער בריטישער פינאַנס־מיניסטער, אַ געוועזענער קאָלאָניען־מיניסטער און איינער פון די גלענצנדיקסטע זשורנאַליסטן און רעדנער, וואָס איז דעמאָלט אַרומגעפאָרן מיט לעקציעס. אָבער פאַר וואָס — האָט איינער אַ מיטגליד פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט געפרעגט מיט גרויס ליידנשאַפט — פאַר וואָס דאַרף מען אָט דעם ווינסטאָן טשערטשיל צאָלן אַ דאָלאַר פאַר אַ וואָרט, ווען פאַר פינף דאָלאַר קען יעדער ציוניסטישער שלימזל פּראָדוצירן אַ טויזנט ווערטער, מער אָדער ווייניקער די זעלבע? דאָס איז געווען די אַטמאָספער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע אין יאָר 1929. און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אין די וויטערדיקע דרייסיק יאָר.

פאַר פופצן יאָר האָב איך עס שוין געהאַט איבערן האַלדז. און נאָך מיינע דערפאַרונגען אין ארץ־ישׂראל און אין איירופּע, האָב איך געפילט, אַז פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע טראָגט זיך אַ ריח פון קליינשטעטלדי־קייט, פּראָווינציאַנאַליזם. ס'איז נישט געווען קיין שוווּנג, קיין חשק און וויזיע פאַר גרויסע מעשׂים, קיין אינטעלעקטועלער דראַנג. ס'איז געווען וואַרבורגס בריוו צו ווייצמאַנען. איך האָב זיך טאַקע דערוווּסט וועגן דעם בריוו ערשט אַ לאַנגע צייט שפּעטער, אָבער זיין ווירקונג האָב איך געפילט אויף אַ פיינלעכן אופן. עס זענען געווען די בראַנדייסיסטן, וועלכע האָבן מיר קיין מאָל נישט מוחל געווען די „ניו פּאַלעסטיין", אויב איך זאָל דערמאָנען נאָר איינעם פון מיינע שווערע חטאים. און לואי מאַרשאַל, די האָפענונג פון די נייע פּראָ־ארץ־ישׂראל־כּוחות אין אַמעריקע, איז פּלוצלונג געשטאָרבן. לואי ליפּסקי איז שוין מער נישט געווען אין דער אָפיציעלער פירערשאַפט. איך האָב געדאַרפט זיך אָפּטראָגן און אַוועקגיין.

סוף יאָר 1929 בין איך אין אַ שיינעם פרימאָרגן געזעסן אין מיין ביוראָ און געטראַכט וועגן מיין נאָענטסטן שריט, ווען ס׳איז אַריינגעקומען אַ פרוי און זי האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס ראָוז דונקעלמאַן. זי איז געווען אַ גאַנץ היפשע און זייער אָנגענעמע פרוי. זי האָט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק — וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך אונדזער שפּעטערדיקער פריינדשאַפט — אַז זי איז אַ פרוי מיט אַ שטאַרקן אינערלעכן כּוח, מיט אַנטשלאָסנקייט און פעסטקייט, און גלייכצייטיק מיט וואַרעמקייט, גרויסמוטיקייט און אידעאַליזם. איך האָב קיין מאָל פריִער זי נישט געזען. איך האָב נאָר געוווּסט, אַז די דונקעלמאַנס זענען קאַנאַדער ציוניסטן און אַז דער מאַן אירער איז איינער פון די גרעסטע טעקסטיל־פאַברי־קאַנטן אין קאַנאַדע.

„מר. ווייסגאַל — האָט זי מיר געזאָגט — אַנטשולדיקט פאַר מיין אַריינקומען צו אייך סתּם אַזוי און שטערן אייך. אָבער מיר דאַרפן האָבן אַ רעדאַקטאָר". און זי האָט גענומען דערקלערן וועגן וואָס זי איז געקומען צו מיר. טאָראָנטאָ האָט אַריינגעקראָגן אַ נייעם ראַביי מיטן נאָמען מאָריס אייזענדראַט, אַ ווילדן אַנטי־ציוניסט, וועלכער פאַרסמט די לופט אין דער שטאָט מיט זיינע אַרטיקלען אין „דזשויִש רעוויו". די לאַגע איז אַזאַ, אַז דער גייסט פון אַלע יידן אין טאָראָנטאָ, און מעגלעך פון גאַנצן קאַנאַדער יידנטום, איז אין גרויס סכּנה. און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וויל גרינדן אַ צייטשריפט, וואָס זאָל באַקעמפן די גיפטיקע איינפלוסן פון „דזשויִש רעוויו". פאַר דעם צוועק האָט זי אָפּגעקויפט אַ וואָכנבלאַט, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביים שטאַרבן, און וועלכן זי שלאָגט פאַר משנה שם צו זיין אויף „דזשויִש סטאַנדאַרד".

„מיר דאַרפן האָבן אַ רעדאַקטאָר — האָט זי נאָך אַ מאָל געזאָגט — און מיר זענען גרייט אים גוט צו באַלוינען. קאָנט איר קריגן פאַר מיר אַזאַ איינעם, וועל־כער זאָל זיין אַזוי ווי איר?"

מיט מיין געוויינלעכער צוריקגעהאַלטנקייט און באַשיידנקייט האָב איך גע־ענטפערט: „מרס. דונקעלמאַן, נישט פאַראַן קיינער, וואָס זאָל זיין אַזוי ווי איך. איר קאָנט קריגן דעם אָריגינאַל, אויב איר ווילט".

איך האָב זי געשטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט. אַ רגע האָט זי געשוויגן. אָבער ס׳האָט אויסגעזען, אַז די אידייע געפעלט איר. די משונהדיקייט פון מיין אימפּול־סיווער האַנדלונג האָב איך איינגעזען ערשט נאָך דעם, ווי זי איז אַוועקגעגאַנגען.

מיטן כּוח פון דעם מינדלעכן פאַרשלאַג, וואָס מרס. ראָוז דונקעלמאַן האָט מיר געמאַכט וועגן איבערנעמען די רעדאַקציע פון ציוניסטישן וואָכנבלאַט אין טאָראָנטאָ, און נאָך מיין באַלדיקער הסכּמה, האָב איך ענדלעך רעזיגנירט אויף אַן ערנסטן אופן פון מיינע פּאָסטנס אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע, אַלס רעדאַקטאָר פון „ניו פּאַלעסטיין" און אַלס אַ מיטגליד פון אַ האַלבן טוץ קאָמיסיעס. איך מוז צוגעבן, אַז מען האָט מיר גע־מאַכט די שענסטע לוויה, וואָס מען קאָן זיך נאָר ווינטשן. אין אַסטאָר האָטעל, אין ניו־יאָרק, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ באַנקעט לכּבוד מיר, מיט אַ האַלבן טוץ פּראָפעסיאָנעלע רעדנער, וועלכע האָבן מיך מספּיד געווען. און איך דערלויב

זיך צו זאָגן, אַז עטלעכע פון זיי האָבן עס טאַקע געמיינט ערנסט, ווען זיי האָבן געהאַלטן זייערע הספדים און האָבן אויסגעדריקט זייער צער איבער דעם וואָס איך גיי אַוועק פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע. צווישן זיי זע־נען געווען לואי ליפּסקי און יעקב פישמאַן. ד״ר ווייצמאַן האָט צוגעשיקט אַ וואַ־רעמע טעלעגראַמע.

בינו לבינו, ווען איך האָב געהאַלטן אין אויפגעבן מיין פאַרבינדונג מיט „ניו פּאַלעסטיין״ און האָב אָנגעשריבן די ערשטע אַרטיקלען פאַר „דזשויִש סטאַנדאַרד״, אַראָנזשירנדיק גלייכצייטיק דאָס אַריבערפירן מיין פאַמיליע, צו וועלכער עס האָבן שוין געהערט אונדזער פינף־יאָריקער מענדי און די דריי־יאָריקע העלען, האָב איך זיך אַליין גענומען איינרעדן, אַז פּונקט אַזוי ווי די פּראָווינצשטאָט מאַנטשעס־טער האָט געקאָנט האָבן איר באַרימטן „מאַנטשעסטער גאַרדיען״, אַזוי וועט די פּראָווינצשטאָט טאָראָנטאָ האָבן איר באַרימטן „סטאַנדאַרד״. איך וועל איצט נישט זאָגן, אַז „דזשויִש סטאַנדאַרד״ האָט זיך געקאָנט אין גאַנצן פאַרגלייכן מיט „מאַנ־טשעסטער גאַרדיען״ אַפילו אין די בעסטע צייטן, אָבער עס איז געווען אַ גוטע צייטשריפט, ווי לאַנג זי האָט אָנגעהאַלטן. די צרה איז געווען, וואָס זי האָט נישט זייער לאַנג אָנגעהאַלטן. ס׳האָט זיך אויך גיך אויסגעלאָזט מיין אילוזיע, אַז איך וועל נישט דאַרפן מער טאָפּטשען אין דער בלאָטע פון ציוניסטישע פּאָליטישע קריגערייען און פון מחלוקתן פון איינעם קעגן אַנדערן. איך האָב זיך געפונען בלויז אין אַ קילערן פלאַץ פון דעם בנין, וואָס איך האָב געהאַט פאַרלאָזן. טאָראָנטאָ איז דאַן געווען אַ וווּנדערלעכע שטאָט, די שענסטע און אָנגענעמסטע, אין וועלכער איך האָב אַ מאָל געוווינט, מיט עטלעכע גאָר פריינדלעכע און וואַרעמע יידן און ציוניסטן. אָבער דער קאַנאַדער ציוניזם האָט זיך גענומען פאַרקערעווען צום רע־וויזיאָניזם און צו שטיצן זשאַבאָטינסקין אַנטקעגן ווייצמאַנען. איך האָב דעמאָלט געהאַלטן און איך האַלט אויך איצט, אַז דער רעוויזיאָניזם איז אַ געפערלעכע אָפּ־נייגונג פון די עיקר־פּרינציפּן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. און איך האָב מיט אַלע מיינע כּוחות אַריינגעוואָרפן זיך אין דעם קאַמף קעגן דעם רעוויזיאָניזם. ליידער איז דאָס נישט געווען גינסטיק פאַר אַרויסגעבן אַן אומאָפּהענגיקן יידישן זשורנאַל פון אַ הויכער ליטעראַרישער מדרגה. פון איין זייט האָב איך געפירט אַ מלחמה קעגן די רעוויזיאָניסטן, וועלכע האָבן זיך אַליין דערקלערט פאַר די אוי־בערשטע פון שטייסל אין ציוניזם און פון דער אַנדערער זייט האָב איך געדאַרפט אָפּשלאָגן די אַטאַקעס פון די אַנטי־ציוניסטן, וועלכע זענען אָנגעפירט געוואָרן דורך ראַביי אייזנדראַט.

אין מיינע צוויי יאָר אין טאָראָנטאָ האָב איך געפירט אַ וועכנטלעכע דיסקו־סיע מיט ראַביי אייזענדראַט, וואָס איז געווען דער „פּאַסטאָר״ פון דער „האָלי בלאָסעס״־סינאַגאָגע, די היים פון די רייכע אַסימילירטע יידן און די פעסטונג פון אַנטי־ציוניסטן. דיסקוסיע איז אפשר נישט דער ריכטיקער אויסדרוק אין דעם פאַל. עס איז געווען אַ געפעכט מיט ווערטער, אָן אַ צוריקהאַלט. איך ווער נאָך איצט אַ צעקאָכטער, ווען איך דערמאָן זיך אָן עטלעכע פון מיינע אַטאַקעס קעגן ראַביי אייזענדראַט.

אַן ערך דרייסיק יאָר שפּעטער בין איך געווען אין וואַשינגטאָן מיט מאיר פעלדמאַנען, פּרעזידענט קענעדיס (און שפּעטער אויך פּרעזידענט דזשאָנסאָנס) ראַטגעבער פאַר יידישע ענינים. דאָס איז געווען אין אַ זונטיק נאָך מיטאָג, און פעלדמאַן איז צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל אים באַגלייטן אויף אַ וויכטיקער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט צו זיין אַ פּריוואַטער קבלת־פּנים מיטן אָנטייל פון אַ הונדערט מענטשן. דער ערן־גאַסט (לויט דעם „אינספּירירנדיקן" אויסדרוק, וואָס ווערט איצט באַנוצט) איז געווען ראַבּיי אייזענדראַט, דאַן פּרעז־זידענט פון דער „יוניאָן אָוו אַמעריקען היברו קאָנגרעגיישאָנס". (פאַראייניקונג פון די געמיינדעס פון רעפאָרם־יידנטום). עס האָט געדויערט בלויז עטלעכע מינוט, האָב איך אויף אייזענדראַטס פאַרלאַנג אָנגעהויבן האַלטן אַ קליינע דרשה. מיינע טעג אין טאָראָנטאָ זענען שוין געווען ווייט אַוועק, כּמעט אויף יענער זייט וועלט. אָבער איך האָב געשילדערט אָפּנהאַרציק דעם היציקן פלאַם־פייערדיקן גייסט פון אונדזערע אַמאָליקע באַציִונגען, צוגעבנדיק, אַז זינט דעמאָלט בין איך געוואָרן אַ ביסל ווייכער און שטילער און אַז ער — אייזענדראַט — איז געוואָרן קליגער דורך דעם, וואָס ער איז געוואָרן אַ ציוניסט.

דער שווערער עקאָנאָמישער קריזיס פון דעם סוף פון די צוואַנציקער יאָרן האָט געטראָפן קאַנאַדע אַ ביסל שפּעטער, ווי די פאַראייניקטע שטאַטן און אפשר אויך אַ ביסל שוואַכער. אָבער אין גיכן איז נישט געווען קיין געלט פאַר אַזאַ לוקסוס ווי אַ זשורנאַל פאַר ציוניסטישער דערציִונג און אויפקלערונג. אין איינעם אַ טאָג זענען פּרוי דונקעלמאַן און אירע פריינד אַריינגעקומען צו מיר און מיר פאָרגעשלאָגן פופציק טויזנט דאָלאַר, דערמיט איך זאָל איבערנעמען די צייטשריפט. איך האָב געענטפערט מיט ד״ר ווייצמאַנס אַ באַמערקונג, ווען ער האָט באַקומען פון עמיר פייזאַלן אַן אַראַביש פערד אַלס מתּנה: „איך האָב נישט ליב קיין מתּנות, וואָס דאַרפן עסן". אַלץ, וואָס איך האָב זיי געקאָנט צוזאָגן, איז געווען, אַז איך וועל זיי העלפן, ביז איך וועל געפינען אַ נייע פּאָזיציע.

מיינע צוויי יאָר, וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט „דזשויִש סטאַנדאַרד" אין טאָראָנטאָ, זענען געווען וויכטיק פאַר מיר אויף מיין גאַנץ לעבן, אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב זיך אַריינגעלאָזט טיפער, באַזונדערס ביים סוף פון דער תּקופה, אין דעם אייראָפּעיִשן און וועלט־ציוניזם. איך האָב זיך באַטייליקט אין דעם זיבע־צנטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, אין יאָר 1931, אַלס אַ דעלעגאַט און קאָ־רעספּאָנדענט. דאָרט האָב איך זיך באַגעגנט צום ערשטן מאָל מיט ד״ר נחום גאָלדמאַנען, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און פון יידישן וועלט־קאָנגרעס.

ווען איך האָב אים באַגעגנט צום ערשטן מאָל, איז ער געווען אַרומגערינגלט דורך אַ גאַלעריע פון שיינע פרויען — זיין נאַטירלעכע „דעקאָראַציע" פאַר אַ סך יאָרן. איך בין באַציִבערט געוואָרן פון זיין נאַטור פון אַ „פרייען קינסטלער" און פון זיין שאַרם אַלס מיטשמועסער. אין יאָר 1931 איז ער אוודאי געווען דער יינגסטער פון די אויפגייענדיקע שטערנס אין ציוניזם. כּמעט אין דעם זעלבן

עלטער איז געווען חיים אָרלאָזאָראָוו, דער פירער פון דער ארץ־ישׂראלדיקער אַרבעטערשאַפט, פּונקט אַזוי בליציק און מיט אַזוי פיל סימנים פאַר אַ גרויסער צוקונפט, ווי נחום גאָלדמאַן. אָבער אַרלאָזאָראָוו האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער און איז געווען אַ גאָר אַנדערער טיפּ פון אַ פירער.

אין משך פון זיינע פיל יאָרן אין דער באַוועגונג איז גאָלדמאַן אין פאַרשידענע צייטן געווען פּראָ־ און אַנטי־וויצמאַן. ביים קאָנגרעס אין יאָר 1931 האָט ער דורכגעמאַכט איינע פון זיינע אַנטי־פּאַזעס. און ווייל איך האָב זיך עס גענומען שטאַרק צום האַרצן, האָב איך דעמאָלט געהאַט מיט אים וועגן דעם אַ שאַרפן סכסוך. נישט געקוקט אויף דעם, איז עס געווען אוממעגלעך נישט צו האָבן אַ הנאה פון געפינען זיך אין זיין געזעלשאַפט. אונדזערע פּאָליטישע חילוקי־דעות האָבן נישט געשטערט אונדזער פריינדשאַפט, וואָס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אַנט־וויקלען.

איך געדענק, ווי איך בין געזעסן נעבן שמריהו לעווינען, בעת נחום גאָלדמאַן האָט געהאַלטן זיין רעדע אויף דעם קאָנגרעס. שמריהו לעווין האָט זיך צוגעהערט מיט אַ שטאַרקער אָבער קריטישער אויפמערקזאַמקייט פון אַ מבין. ווען די אַפּלאָ־דיסמענטן האָבן זיך איינגעשטילט, האָט ער געמאַכט די טיפע באַמערקונג: „דאָס אומגליק מיט נחומקען איז, וואָס אים קומט אָן אַזוי לייכט. אַ רעדע מוז מען אויסוויטיקן". וויפל אמת עס זאָל נישט שטעקן אין די רייד, פּאַסט זיך די דאָזיקע באַמערקונג אויסגעצייכנט צו נחומען. נישט געקוקט אויף זיינע אויסער־געוויינלעכע פעיִקייטן און אויף זיין שטאַרקער איבערגעגעבנקייט, האָט ער נישט געקאָנט זיך מאַטערן און האָט נישט געוויטיקט איבער קיין שום זאַך און ענין, צי דאָס איז געווען אַ רעדע, אָדער אַ שיינע פּרווי, אַן אַרטיקל אָדער אַ פּאָליטישע אַקציע. אַלץ איז אים אָנגעקומען לייכט. מען האָט אים דערפאַר, אויף אַן אומ־גערעכטן אופן, באַשולדיקט אין לייכטזין. מען קאָן זיין זייער ערנסט, אויך ווען מען דריקט זיך אויס מיט שפּאַס און אין אַ לייכטער פאָרם. נחום, וועלכער ווייסט וועגן דער דאָזיקער באַשולדיקונג קעגן אים, איז זי מבטל מיט אַ שמייכל. איין מאָל אין ניו־יאָרק, האָט לואי ליפּסקי אים פאַרגעשטעלט, ווי דעם גרויסן „פשרה־מאַכער". גאָלדמאַן האָט אויף דער דאָזיקער כאַראַקטעריזירונג געענטפערט מיט אַ שמייכל: „מר. ליפּסקי האָט מיך אָנגערופן אַ פשרה־מאַכער. ווער איז אַ קאָמ־פּראָמיסלער? אַ מענטש, וועלכער האָט נישט קיין ליידנשאַפטן. דאָס איז זיכער נישט צוגעפּאַסט צו מיר. איך בין ווי דער ווולקאַן וועזוויוס, וואָס קאָכט אינע־ווייניק און איז פון דרויסן באַדעקט מיט לאַווע. נאָר זעלטן ברויז איך אויף".

אַ טאַלאַנטפולער מענטש, מיט אַ סך חן, וועמען איך האָב ווידער אַ מאָל באַגעגנט אויף דעם קאָנגרעס, איז געווען ד"ר אַרטור רופּין, אַ דייטשער ייד און דער אָנגעזעענסטער ספּעציאַליסט צו גרינדן לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים אין ארץ־ישׂראל אין יענער צייט. אַ חוץ זיין גרויסער ביישטייערונג צו דער פּראַקטי־שער ציוניסטישער אַרבעט, איז ער געווען אַ פּראָמינענטער סאָציאָלאָג. איך האָב זיך מיט אים נאָענט באַפריינדעט, ווען ער איז געווען אין אַמעריקע. אונדזערע שמועסן האָבן מיר געפירט אין דייטש. ער, לכל הפחות האָט גערעדט דייטש, און

איך האָב באַנוצט קאָנגרעס־דייטש, אַ געמיש פון אַ שפּראַך, וואָס איז נישט דייטש און נישט יידיש, נאָר גיכער אַ זייער אינטערעסאַנטער קאָנפליקט צווישן ביידע.

עטלעכע יאָר פריִער, ווען איך בין נאָך אַלץ געווען אין דער „ניו פּאַלעסטיין״, איז ד״ר רופּין איין מאָל אַריינגעקומען אין מיין ביוראָ און מיך געבעטן, איך זאָל אים געבן מיינע אַ פאָטאָגראַפיע. איך בין כמעט דערשטוינט געוואָרן און אים געפרעגט: „פאַר וועלכן צוועק?״ — „פאַר אַן אָנדענק״ — האָט ער געענטפערט. איך האָב זיך געפילט שטאַרק געשמייכלט און איך בין אַוועקגעגאַנגען צו אַ זייער טייערן פאָטאָגראַפיסט. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז ד״ר רופּין ווידער אַ מאָל געקומען צו מיר אין ביוראָ. ער איז געווען אין באַלטימאָר און האָט זיך געהאַט באַקענט מיט מיין ברודער אבא. „יאָ, יאָ, אַ וווּנדער־שיינער מאַן. ער רעדט אַ בעסערן דייטש, ווי איר. קאָן איך קריגן אויך זיין בילד?״ איך האָב זיך שטאַרק געחידושט איבער דער דאָזיקער שוואַכקייט, וואָס רופּין האָט אַרויסגעוויזן פאַר דער שיינקייט פון דעם ווייסגאַל־טיפּ און איך האָב אַראַנזשירט, אַז ער זאָל קריגן אויך אבאס פאָטאָגראַפיע.

ערשט אין יאָר 1931, ווען איך האָב אים באַגעגנט אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס, איז די דאָזיקע מיסטעריע אויפגעקלערט געוואָרן פאַר מיר און נישט אין גאַנצן צו מיין צופרידנקייט. ביים קאָנגרעס האָט רופּין מיר געגעבן, אַלס מתנה, צוויי דיקע בענדער פון זיין קלאַסיש ווערק „די סאָציאָלאָגי דער יודען״, ווו אבא און איך זענען דערשינען זייט ביי זייט, אין אַ מין גאַלעריע פון יידישע פּרצופים. אונטער אונדזערע בילדער איז געווען געדרוקט אַ באַמערקונג, אַז הגם מיר שטאַמען ביידע פון די זעלבע עלטערן, איז איינער פון אונדז — איך — אַ טיפּ פון דעם ראַיאָן אַרום מיטללענדישן ים און דער אַנדערער — אַן אַריער. איך וואָלט אים אפשר מוחל געווען פאַר דער דאָזיקער „טובה״, ווען ער וואָלט אונדז ביידע נישט באַצייכנט אַלס גאַליציאַנער, וואָס ווערט אין יידישן פאָלקלאָר נישט אָנגענומען פאַר אַ גרויסן יחוס.

דער ציוניסטישער קאָנגרעס אין יאָר 1931 איז געווען פאַר מיר אַ זייער וויכטיק געשעעניש אויך דערפאַר, ווייל איך בין דעמאָלט אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ נענטערן קאָנטאַקט מיט ווייצמאַנען, וועלכער האָט שוין געהאַט באַקומען אַ דאָמינירנדיקן איינפלוס אין מיין לעבן און מיט וועמען איך האָב שפּעטער געאַרבעט צוזאַמען אין משך פון דעם בעסטן טייל פון צוויי צענדליק יאָר. מיין נאָענטע און אינטימערע פאַרבינדונג מיט ווייצמאַנען האָט זיך אַנטוויקלט אויף דעם קאָנגרעס אין מיטן פון אַ גרויסן פּאָליטישן טומל.

פאַר דער גאַנצער וועלט, נישט ווייניקער ווי פאַרן יידישן פאָלק, איז חיים ווייצמאַן אין יענער צייט געוואָרן דער סימבאָל פון ציוניזם. מיט רעכט איז חיים ווייצמאַנס נאָמען אויף אַן אומאָפּטיילבאַרן אופן געווען פאַרבונדן מיט דער דורכפירונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, מיט דער באַשטימונג פון ענגלישן מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל; מיט דער אויסלייזונג פון באָדן אין לאַנד; מיטן אויפבוי פון נייע שטעט; מיט דער גרינדונג פון דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט און מיט דער שאַפונג פון דער נייער העברעיִשער קולטור. עס איז געווען שווער

צו טראַכטן וועגן וועלכן עס איז אַספּעקט פון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, וואָס זאָל נישט טראָגן דעם חותם, אָדער זאָל לכל הפּחות נישט האָבן אויף זיך אַן אומ־פאַרגעסלעכן שפּור פון ווייצמאַנס שאָפערישער באַטייליקונג. און דאָך איז 1931 געווען דאָס יאָר, ווען די באַוועגונג האָט אָפּגעוואָרפן זיין פירערשאַפט.

דער זיבעצנטער ציוניסטישער קאָנגרעס איז געווען אַ שטורמישער און אַ ליידנשאַפטלעכער. ער האָט געבראַכט דעם סוף צו אַ סך אַלטע פריינדשאַפטן. די באַוועגונג איז ביי דעם קאָנגרעס געשטעלט געוואָרן אין דער סכנה פון אַ טיפער שפּאַלטונג, ווי עס איז שוין אַ מאָל געשען, ווען מען האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָר־שלאָג, וואָס הערצל האָט געהאַט באַקומען פון דער ענגלישער רעגירונג וועגן אַן ערזאַץ־טעריטאָריע, אַ צייטווייליקער, אין מזרח־אַפריקע. דער זיבעצנטער קאָנ־גרעס האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך דעם זכר פון דעם, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אַקט פון נאַציאָנאַלער אומדאַנקבאַרקייט.

דער טיפער קריזיס, וועלכן די באַוועגונג האָט דורכגעמאַכט, האָט נישט געקאָנט צוגעשריבן ווערן דער שולד פון דער פירערשאַפט. די בריטישע רעגי־רונג אין לאָנדאָן האָט אַרויסגעוויזן אַ כּסדר וואַקסנדיקן אומווילן צו פאַרווירק־לעכן די צוזאָגן פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. און די ענגלישע אַדמיניסטראַציע אין ארץ־ישראל, וואָס האָט באַקומען אירע אינסטרוקציעס פון די העכערע באַ־אַמטע אין לאָנדאָן, האָט נישט סימפּאַטיזירט און נישט קאָאָפּערירט מיט דעם ישוב אין ארץ־ישראל. די בלוטיקע אומרוען אין יאָר 1929 און די קוים פאַר־שלייערטע שׂנאה צום ישוב, וואָס עטלעכע פון די הויכע קאָלאָניאַלע באַאַמטע האָבן דעמאָלט אַרויסגעוויזן, זענען נאָך געלעגן אַלעמען פריש אין זכּרון. דער פינאַנסיעלער מצב פון דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט אָפּגעשפּיגלט דעם דעמאָלטיקן עקאָנאָמישן קריזיס אין דער גאַנצער וועלט. און צו דעם אַלעם זענען נאָך צוגעקומען די שאַרפע חילוקי־דעות, וואָס האָבן זיך דעמאָלט צעפלאַקערט אין די ציוניסטישע רייען אַרום דער פראַגע וועגן דעם, וואָס מען האָט גערופן אַלס דעם „ענדציל" פון דער באַוועגונג און וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דעם פּראָבלעם פון אַ „יידישער מערהייט" אין ארץ־ישראל.

ווייצמאַנס שטעלונג צו דער פראַגע איז זייער פאַלש איבערגעגעבן געוואָרן. זיין אָפּזאָגן זיך צו פאַרעפנטלעכן באַמבאַסטישע דערקלערונגען איז אויסגעטייטשט געוואָרן קעגן אים. די דעלעגאַטן צו דעם קאָנגרעס האָבן פאַרהאַנדלט אין אַ שטימונג פון פאַרלוירנקייט און אויפרעגונג, וואָס האָט אין אַ קריטישן מאָמענט זיך אויסגעלאָזט מיט אויסדריקן אומצוטרוי צו דעם פירער פון דער באַוועגונג.

צו מאָרגנס האָב איך אַוועקגעשיקט פאָלגנדיקע טעלעגראַמע צו מיין צייטונג:

„אַ מערקווירדיקע זאַך איז געשען. די אָפּאָזיציע, וועלכע האָט אין משך פון וואָכן און חדשים פלייסיק זיך צוגעגרייט צו דעם טאָג פון טריומף, האָט זיך נישט געפרייט מיט דעם נצחון. אַנשטאָט דעם איז זי געוואָרן שטאַרק צערודערט און דערשלאָגן. אַפילו דער ביטערסטער שונא האָט געהאַט דאָס געפיל פון חרטה איבער דעם, וואָס עס איז אָפּגעטאָן געוואָרן. אָבער וואָס די אָפּאָזיציע האָט נישט פאַרשטאַנען, איז געווען דער פאַקט, אַז דער דאָזיקער פּרווו פון אַ פּאָליטישן מאָרד וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ סימבאָל פון אַן אַפּאָטעאָז פאַר ווייצמאַנען.

דערווייל האָט זיך געשאַפֿן בלויז אַ לאַגע פֿון אַ צערודערונג, אַ צעטומלעניש און אומזיכערקייט. אַלע האָבן געפֿרעגט: „וואָס וועט ווייצמאַן איצט טאָן? וועט ער זיך צוריקקערן אין קאָנגרעס? וועט ער בלייבן זיצן אַן אַנגעבלאָזענער אין זיינע ד' אמות?"

„די שלוסזיצונג פֿון קאָנגרעס איז צונויפֿגערופֿן געוואָרן. ווייצמאַן איז מער נישט געווען אויף דער בימה — אויף דער דאָזיקער דריי-רייאיקער אימפּראָוויזירטער טריבונע, וואָס איז אין דעם הינטערגרונט באַהערשט פֿון אַ ריזיק בילד פֿון הערצלען, וואָס האָט געגעבן דעם ציוניסטישן קאָנגרעס די ווירדע און די פֿייערלעכקייט פֿון אַ גרויסער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג. ווייצמאַן איז זיין גוט באַקאַנטער פּאָזע, מיט זיין שטערן אָנגעלענט אויף זיין לינקער האַנט, קוקנדיק כלומרשט אין חלל, האָט געפֿעלט אויף דער בימה. אַ מאָדנע שטימונג, כמעט ווי פֿון אַ שולדגעפֿיל, האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן קאָנגרעסזאַל. די ערטער פֿון די דעלעגאַטן זענען געווען זייער שיטער באַזעצט. דער לינקער פֿליגל פֿון קאָנגרעסזאַל איז געווען אין גאַנצן ליידיק. דער פּאָרזיצער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן קאָנגרעס-האַמער און האָט אויפֿגעפֿאָדערט די אָרדנערס אַריינצופֿירן די דעלעגאַטן פֿון די קולוואַרן און פֿון די פּאַרטיי-פֿאַרזאַמלונגען. ביסלעכווייז האָט דער זאַל אָנגעהויבן זיך אָנפֿילן. אָבער דער לינקער פֿליגל איז נאָך אַלץ געווען כמעט ליידיק. פּלוצלונג האָבן צוויי אָרדנערס געעפֿנט ברייט אַ זייטיקע טיר, און עס האָט זיך באַוויזן די פֿיגור פֿון ווייצמאַנען, שלאַנק, שטאַטסמענעריש, מיט אַ טיף ערנסטן אויסדרוק אויפֿן פּנים. הינטער אים זענען נאָכגעגאַנגען אַ הונדערט, אָדער מער דעלעגאַטן פֿון דעם אַרבעטער-פֿליגל. לאַנגזאַם מיט אַן אָפּגעמאָסטענעם טריט, ווי ער וואָלט אַזוי אויסגערעכנט, איז ער געגאַנגען אין דער שפּיץ פֿון זיין גרופּע צו דעם טייל פֿון זאַל, וואָס איז געווען רעזערווירט פֿאַר דער אַרבעטער-דעלעגאַציע".

„די אַטמאָספֿער איז געוואָרן זייער אַן אָנגעשפּאַנטע. באַלד איז אויסגעבראָכן אַ שטורמישע אָוואַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פֿון דער גאַלעריע, האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין אַ גרויסער כוואַליע איבערן קאָנגרעסזאַל און האָט דערגרייכט צו דער טריבונע. דער גאַנצער קאָנגרעס איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פֿון דער אָוואַציע, ווי פֿון אַ ריזיקן פֿלאַמפֿייער. ווייצמאַן אַליין איז געבליבן זיצן. די אַפּלאָדיסמענטן האָבן דאַן אַזוי שטאַרק זיך צעהילכט און אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז ווייצמאַן איז געצוווּנגען געוואָרן אויפֿצוהייבן זיך פֿון זיין אָרט. דאָס איז געווען דער סיגנאַל פֿאַר אַ באַנייטער אָוואַציע. דעלעגאַטן האָבן זיך צעוויינט און האָבן אויפֿן אייראָפּעיִשן שטייגער אַרומגעכאַפּט איינער דעם אַנדערן און זיך צעקושט. אויף דעם דאָזיקן קאָנגרעס, אין דעם מאָמענט פֿון זיין דורכפֿאַל, איז ווייצמאַן געזאַלבט געוואָרן אַלס דער פֿירער פֿון זיין פֿאָלק".

די ערשטע שורה פֿון מיין טעלעגראַמע האָט זיך געלייענט: „פֿירער ווערן ציטנווייז אויסגעוויילט און ציטנווייז נישט. ווייצמאַן געהערט צו די אויסדערוויילטע".

ווען איך בין געגאַנגען אויפֿן וועג צום טעלעגראַפֿן־אַמט אָפּצושיקן מיין דעפּעשע, זייענדיק אַליין נאָך טיף גערירט, האָב איך געזען ווייצמאַנען פֿאַרזונקען טיף אין אַ גרויסן פֿאָטעל, אין אַן אָפּגעזונדערטן ווינקל, אונטן אין זאַל פֿון „דריי קעניגע"-האָטעל. ער האָט געטראָגן אַן אַלטן סוועטער, און האָט אויסגעזען צו זיין פֿאַרטיפֿט אין מחשבות. איך האָב זיך דערנענטערט צו אים, מיט דעם בלאַנק פֿון דער טעלעגראַמע אין מיין האַנט, און האָב אַ קוק געטאָן אויף אים.

„וואָס פאַר אַ שטיק פּסולת שיקט איר היינט אַרויס?" — האָט ווייצמאַן מיך געפרעגט.

„וואָלט נישט געווען בעסער, ווען איר וואַרט אָפּ מיט אייער מיינונג, ביז איר וועט עס לייענען אין דער צייטונג?" — האָב איך געענטפערט.

„איר זענט אַ גרויסער אָפּטימיסט" — האָט ער זיך אָפּגערופן.

און ער האָט מיר געגעבן אַ צייכן, איך זאָל זיך אַוועקזעצן אויף אַ שטול נעבן אים. ווען איך האָב צוגעטראָגן די שטול, האָט ער מיר געזאָגט: „געדענקט, קיין שום אינטערוויוען".

„איצט, ווען איר זענט שוין נישט מער פּרעזידענט — האָב איך געענטפערט — פאַר וואָס זאָל איך אייך וועלן אינטערוויוּירן?"

מיר האָבן זיך ביידע צעלאַכט, און ווייצמאַן האָט געזאָגט אויף יידיש: „זייט נישט קיין שגץ".

מיר האָבן גערעדט אַ שטיקל צייט וועגן קאָנגרעס, וועגן פּערזענלעכע ענינים. ער האָט מיר געזאָגט, אַז איצט, האָפט ער, וועט ער האָבן אַ סך צייט פאַר שרייבן זיינע מעמואַרן, וואָס ער וויל שוין טאָן זינט לאַנג. מיט דעם זענען מיר זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

אָבער מען דאַרף געדענקען, אַז ווייצמאַן איז דעמאָלט געווען אין זיין זיבן און פופציקסטן יאָר. און זיין שווערסטע אַרבעט, און גרעסטע טריומפן, האָבן אים נאָך דערוואַרט אין דער צוקונפט. ביזן שרייבן מעמואַרן איז נאָך געווען אַ ווייטער מהלך.

פון יענעם טאָג אָן האָבן מיינע באַציִונגען מיט ווייצמאַנען אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער און באַקומען אַ גאַנץ אַנדערן טעם. איך ווייס נישט, ווי אַזוי איך זאָל דאָס דערקלערן, אָבער דער געוועזענער אַמעריקאַנער ציוניסטישער באַאַמטער, וועלכער האָט אויך געהאַלטן ביים ווערן אויס קאַנאַדער יידישער זשורנאַליסט און רעדאַקטאָר און וועלכער האָט געשוווירן „נישט צוריקקערן זיך מער אין ציוניסטישן דזשונגל", האָט אָנגעהויבן רופן דעם אַראָפּגעוואָרפענעם פירער פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג: „מיין טייערער שעף".

# 9. „מיין טייערער שעף!"

און אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן — מיין לאַנגע און ענגע פאַרבינדונג און צוזאַמענאַרבעט מיט חיים ווייצמאַנען. די התחלה איז געווען מיט אַ בריוו צו „מיין טייערן שעף" — דעם ערשטן פון פיל הונדערטער בריוו, וואָס איך האָב געשריבן צו אים אין יאָר 1931 קורץ נאָך מיין צוריקקומען פון קאָנגרעס און ביז דעם לעצטן בריוו, אין 1952, עטלעכע וואָכן פאַר זיין טויט. די פאָרם פון אַריינפיר האָט זיך קיין מאָל נישט געענדערט: זי איז געווען „מיין טייערער שעף", סיי ווען ער איז געווען פרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, און סיי ווען ער איז עס נישט געווען. ער איז פאַרבליבן „מיין טייערער שעף", ווען ער איז געוואָרן דער ערשטער פרעזידענט פון מדינת ישראל.

אין משך פון די יאָרן זענען אַרומגעגאַנגען אַ סך טעאָריעס, פריינדלעכע און אַנדערע, וועגן מיינע באַציִונגען מיט ווייצמאַנען. די, וועלכע האָבן געקענט אונדז ביידע און האָבן נישט געהאַט קיין שום סיבה אַריינצוקלאַפּן אַ קלין צווישן אונדז — אַזעלכע מענטשן ווי ישעיה בערלין, לואי ליפּסקי, מאָריס סעמיועל — האָבן אָנגענומען דעם שטאַנדפּונקט, אַז אונדזערע באַציִונגען האָבן זיך געשטיצט אויף דער גייסטיקער פאַרבינדונג, ווי אויך אויף אַ טיפן שייכות פון געמיינזאַמע אינטערעסן. אויף דער אַנדערער זייט איז געווען לואי נאַמיר, איינער פון די אָנגעזעענסטע היסטאָריקער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און ווייצמאַנס אַ מיטאַרבעטער פון די ערשטע צייטן אָן, וועלכער האָט לאַנג באַטראַכט אונדזערע באַציִונגען ווי אַ סימפּטאָם פון ווייצמאַנס אינטעלעקטועלער ירידה. ער פלעגט מיך אָנרופן אין מער געמיטלעכע מאָמענטן: „ווייצמאַנס הויף־פּאַיאַץ".

צווישן די צוויי עקסטרעמען איז געווען אַ גאַנצע ריי פון רעאַקציעס ביי ציוניסטישע באַאַמטע און ציוניסטן בכלל. דאָס בעסטע, וואָס זיי האָבן געזאָגט וועגן מיר איז געווען, אַז איך בין אַ נוצלעכער, הגם פּרעטענציעזער אונטערטעניקער דינער. אָבער די מערסטע פון זיי האָבן מיך באַטראַכט פאַר אַ פרעמדן מענטשן, וועלכער האָט זיך אַריינגעריסן אין דעם קודש הקדשים פון זייער שעף. אַזוי האָט עס אויך, פון צייט צו צייט, באַטראַכט פרוי וויעראַ ווייצמאַן, וועלכע האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן מיין אינטימע באַציִונג מיט איר מאַן. עס האָט געהייסן, אַז איך האָב זיך אָנגעהאָנגען אָן ווייצמאַנען, אַן אומנויטיקער, אַן אומ־

געווונטשענער, און אַז איך האָב זיך צוגעקלעפּט צו אים, בכדי אַליין אַרויסצו־שיינען אין זיין גלאָריע. די דאָזיקע באַליידיקנדיקע מיינונגען זענען געוואָרן באַ־זונדערס ביטער, ווען איך בין אָפּיציעל באַשטעטיקט געוואָרן אַלס ווייצמאַנס פּער־זענלעכער פאָרשטייער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין יאָר 1941.

דעמאָלט האָב איך אים שוין געהאַט געקענט צוואַנציק יאָר. מען וועט זיך דערמאָנען, אַז איך האָב אים צום ערשטן מאָל באַגעגנט ביי זיין ערשטן באַזוך אין ניו־יאָרק אין יאָר 1921, ווען איך האָב אַראַנזשירט דעם גרויסן קבלת־פּנים פאַר אים. איך האָב שוין דערציילט, אַז איך בין געווען איינער פון אַ טוץ סעקרעטאַרן, וועלכע זענען געגאַנגען אַריין און אַרויס פון האָטעל „קאָמאָדאָר", ווו ער איז איינגעשטאַנען, און אַז מיר איז נישט געווען באַקאַנט, צי איך האָב געמאַכט וועלכן עס איז באַזונדערן איינדרוק אויף ווייצמאַנען.

זעלבסטפאַרשטענדלעך האָב איך געוווּסט זייער אַ סך וועגן אים און האָב אים לאַנג באַוווּנדערט פון דער ווייטנס. איך בין געווען אַ ווייצמאַניסט אידעאָלאָגיש, ווייל איך האָב מיין ציוניסטישע יניקה געצויגן פון לואי ליפּסקי און פון שמריהו לעווין. מיין באַוווּנדערונג פאַר אים איז געוואַקסן זיבן מאָל אַזוי פיל, ווען איך האָב אים באַגעגנט פּערזענלעך. ער איז דעמאָלט געווען אין די בעסטע מאַנסביי־לישע יאָרן זיינע. זיין הנהגה איז געווען אַ מאַיעסטעטישע, אַ גראַציעזע. אין דער עפנטלעכקייט איז ער געווען אַ ביסל צוריקגעהאַלטן און קיל, אָבער פּריוואַט האָט ער פאַרמאָגט אַ פּערזענלעכע וואַרעמקייט, וואָס איז זעלטן ביי פירער. דאָס מערק־ווירדיקסטע וועגן אים איז געווען זיין היפּנאָטישער חן, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון אים. באַנוצנדיק אַ וואָרט, וואָס ווערט שטאַרק מיסגעברויכט — ער איז געווען כאַריזמאַטיש, ביז צו אַן אויסערגעוויינלעכער מדרגה.

איך קען רעדן וועגן וועלכע עס איז באַציִונגען צווישן אונדז אין די ערשטע צען יאָר. דאָס איז געשען בעת זיין סאַמע ערשטן באַזוך, ווען עס איז פאַרביי צווישן אונדז אַ פונק, וואָס האָט אָנגעצונדן די נאָענטקייט צווישן אונדז ביידע. דאָס איז געווען אין ניו־יאָרק, נאָך דער באַרימטער קאָנפערענץ אין קליוולאַנד. ווייצמאַן האָט געהאַלטן אַ רעדע אויף אַ פאַרזאַמלונג, אַפּעלירנדיק צו דער בראַנ־דייס־גרופּע, זי זאָל „אַוועקלייגן דאָס געווער" און נישט פּרווון צו צעשטערן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע נאָך דער מפּלה, וואָס זיי האָבן געליטן. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין אַ זאַל אויף סעקאָנד עוועניו און 16טער גאַס, און מיך האָט מען באַשטימט, אַז איך זאָל פירן ווייצמאַנען אַהין און אים צוריקברענגען אין זיין האָטעל. איך האָב געוואַרט אויף אים אָן אַ זייט, ווען ער איז אַראָפּגעגאַנגען פון דער בינע.

„נו, ווי איז עס געווען?" — האָט ער מיך געפרעגט.

„אַ געוואַלט!" — האָב איך אים געענטפערט.

ער האָט שטאַרק הנאה געהאַט. דאָס איז געווען, ווי איך גלויב, דאָס ריכטיקע וואָרט, וואָס ער האָט געוואָלט הערן. איך מיין נישט וועגן דעם סתם־קאָמפּלימענט, אָדער וועגן דעם, אַז מיר האָבן ביידע גערעדט יידיש. איך מיין צו זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַ קיקעלער יידיש. ווייל ווייצמאַן האָט אויך געשטאַמט פון קיקל,

הגם זיין קיקל האָט זיך גערופן מאַטעלע. אָט דאָס ספּעציעלע וואָרט, אויף אָט דעם ספּעציעלן פלאָץ, מיט אַן אָפּהילך פון באַוווּנדערונג, אָבער אויך נישט אָן אַ ביסל הומאָר איז געקומען פון שטעטל. עס האָט געקלונגען אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך ביידע גוט פאַרשטאַנען דורך דעם איינעם וואָרט.

ווען ער האָט מיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַריינגענומען צווישן זיינע פריינד, פלעגט ווייצמאַן תּמיד ביים רעדן אַריינוואַרפן יידיש אין אונדזערע פּריוואַטע געשפּרעכן. פאַראַן — ווי מיר ווייסן — יידישע ווערטער, וואָס זענען אָנגעלאָדן מיט אַזוי פיל רמזים, אַז מען קען זיי נישט איבערזעצן אין ענגליש. און ווען ווייצמאַן האָט באַנוצט די ווערטער, האָט ער געוווּסט, אַז איך נויטיק זיך נישט אין קיין באַזונדערע דערקלערונגען, אָדער קאָמענטאַרן וועגן זיי. אָבער די נאָענטסטע באַציִונגען צווישן אונדז האָבן זיך נישט געשטיצט בלויז אויף דעם לשון, וואָס מיר האָבן ביידע גערעדט. זייער יסוד איז געלעגן אין מיין אינטויִציע.

איך בין איבערצייגט, אַז דאָס איז געווען איינער פון די הויפּט־פאַקטאָרן אויף וועלכע אונדזערע באַציִונגען האָבן זיך אַנטוויקלט. ווייצמאַנס יידיש איז געווען רייכער פון מיינעם. אינטעלעקטועל איז ער געשטאַנען אומגעהויער העכער פון מיר. זיין הנהגה און אויסזען זענען געווען אַריסטאָקראַטישע. ער איז געווען אַ וויסנשאַפטלער פון דער ערשטער מדרגה, און אַלס אַ פּאָליטישע פיגור האָט ער אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די פירנדיקע שטאַטסמענער פון זיין צייט. אָבער עס איז געווען איין וויכטיקע און יסודותדיקע ענלעכקייט צווישן אונדז: מיר זענען ביידע געקומען פון שטעטל און אַריבערגעפלאַנצט געוואָרן אין דער מערב־וועלט. מיר זענען ביידע אַריין אין דער מערב־וועלט און האָבן זיך געפילט אין איר ווי בני־בית. אָבער דערביי זענען מיר אויף קיין איין רגע נישט אָפּגעפרעמדט גע־וואָרן פון אונדזער שורש.

פאַקטיש איז אין מיין זכרון נישט פאַרבליבן קיין שום דערינערונג וועגן דעם, אַז אין די באַציִונגען צווישן ווייצמאַנען און מיר זאָל אין יענער צייט האָבן געווען עפּעס מער, ווי די פּאַסירונגען, וועלכע איך האָב פריִער געשילדערט. אָבער ערשט לעצטנס איז מיר אַריינגעפאַלן אין די הענט אַ בריוו, וואָס ווייצמאַן האָט צו מיר געשריבן קורץ נאָך דעם, ווי ער איז אַוועקגעפאָרן פון אַמעריקע, אין יאָר 1921:

„פּאַרטרווילער, אויף דער שיף „צעלטיק", 2טן יולי 1921.
„מיין טייערער ווייסגאַל,
„איך האָב דורכגעלייענט גרינטלעך די סצענאַריאָ, וואָס מיס לאָוב האָט מיר געגעבן, און איך האַלט, אַז עס איז אָפּשווילער. איר מוזט באַנוצן אייער גאַנצן איינפלוס אָפּצורעדן איר פון פאַרעפנטלעכן די שריפט. עס וועט קלינגען בלויז ווי אַ ביליקע רעקלאַמע פאַר אונדז אַלעמען, ווי אַ מעלאָדראַמאַטישע פאַרקריפּ־לונג פון אמת און עס וועט אונדז אַנטאָן אַן אַ שיעור שאָדן. איך שרייב אויך צו איר דירעקט, אָבער זעלבסטפאַרשטענדלעך קאָן איך זי נישט באַליידיקן דורך זאָגן איר, וואָס איך מיין באמת וועגן איר שאַפונג.
„ווי פילט איר זיך אַלע? איך האָף, אַז איר רוט זיך אָפּ אַ ביסל. איך האָב אַ גלענצנדיקן אָפּרו אויף מיין נסיעה, וואָס איז אידעאַל. זייט אַזוי גוט און גיט אָפּ מיינע פריינדלעכסטע גרוסן און „שלום" צו יעדן איינעם.
„אייביק אייערער
חיים ווייצמאַן".

שטעלט זיך אַרויס, אַז מיין עקזיסטענץ האָט געהאַט אַ באַדייטונג פאַר ווייצ־מאַנען און האָט זיך אָפּגערופן אויף זיינע שריט. קודם־כּל איז ער געווען איבער־צייגט, אַז איך קאָן האָבן אַן איינפלוס אין געוויסע אינסטאַנצן. און וואָס עס איז נאָך מער וויכטיק: ער האָט געהאַט צוטרוי צו מיר.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז מיט וואָס פאַר אַ טעטיקייטן מירביידע זאָלן זיך נישט האָבן פאַרנומען, ער — אויפן געביט פון וויסנשאַפט; איך — אין זשורנאַליזם און, ווי איך וועל באַלד דערציילן, אויך אין טעאַטער — זענען מיר שטענדיק געווען אַריינגעטאָן אין דער באַוועגונג. ביי אונדז ביידע איז שטענדיק געווען אַן ענגע פאַרבינדונג צווישן ציוניזם און אונדזערע אַנדערע באַשעפטיקונ־גען. די האַרמאָניע פון אונדזער אָפּשטאַמונג און פון אונדזערע פאַרפליכטונגען האָט באַלאַנסירט די אונטערשידן צווישן אונדז אין כאַראַקטער, טעמפּעראַמענט, פּאָזיציע און אַרבעטס־געביטן. פאַראַן אַ דייטשיש גלייכוווערטל: „מיטן דאָזיקן אונטערשיד וואָלט איך געקאָנט קלאַוויר שפּילן". איך וואָלט געקאָנט ווייטער „שווימען" מיט מיין באַרימערייַ און חוצפּה און דורכפירן זאַכן, וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר נויטיק אין הסכּם מיט ווייצמאַנס אויפפאַסונג. ווייצמאַן האָט קיין מאָל מיר נישט געגעבן קיין באַפעלן אָדער אינסטרוקציעס. ער האָט מיר קיין מאָל נישט געזאָגט: „טוט דאָס" אָדער „טוט עפּעס אַנדערש". דאָס וואָלט געווען אין גאַנצן אויסטערליש פאַר דעם כאַראַקטער פון אונדזערע באַציִונגען. מיר זענען ביידע געגאַנגען אין דער זעלבער ריכטונג. ער — אויפן הויכן וועג, און איך — אויפן נידעריקן וועג. און מיר האָבן נישט געדאַרפט באַנוצן קיין סיגנאַלן. מיין צוטרוי צו אים איז געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער און פולער, ווי עס איז געווען זיין פאַרטרויען אין מיר. ער וואָלט נישט געקאָנט טאָן די זאַכן, וואָס איך האָב געטאָן. און איך וואָלט נישט געקאָנט טאָן דאָס, וואָס ער האָט געטאָן. אין דעם לעצטן ענדגילטיקן חשבון, וואָס איך דערלויב זיך צו מאַכן מיט דער גאַנ־צער ערנסטקייט און ניכטערקייט נאָך אַן ערך פופציק יאָר — בין איך געווען אַזוי נויטיק פאַר ווייצמאַנען, ווי ער איז געווען נויטיק פאַר מיר.

טראָצקי באַמערקט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, אַז „שרייבן וועגן דעם אייגענעם לעבן איז די שווערסטע פון אַלע ליטעראַרישע אויפגאַבן. מען איז געצוווּנגען צו שרייבן וועגן זיך אַליין". איך מוז זיך מודה זיין, אַז דאָס איז מיר אומגעהויער שווער, באַזונדערס ווען איך באַהאַנדל די טעמע וועגן מיינע באַציִונגען מיט ווייצ־מאַנען. עס וואָלט געווען אַן אַבסורד, איך זאָל אויף וועלכן עס איז אופן זיך פאַר־גלייכן מיט ווייצמאַנען. ער איז געווען דער גרעסטער ייד פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט. אַ צופאַל, אָדער דער גורל, אָדער ווי איינער וויל עס אָנרופן, האָט מיך אַריינגעשלעפּט אין ווייצמאַנס לעבנסראָד. און דאָרט האָב איך זיך אַרומגעדרייט אַ סך, אַ סך יאָרן, נאָענט צו אים אין זיינע מאָמענטן פון טריומף און אין זיינע מאָמענטן פון ביטערע דורכפאַלן. איך האָב געהאַט דעם טיפסטן דרך־ארץ פאַר אים און בין צייטנווייז פאַרבלענדט געוואָרן פון זיין פּערזענלעכקייט. אָבער איך בין נישט געווען אַזוי פיל בלינד, אַז איך זאָל נישט באַמערקן זיינע שוואַכקייטן. ווי אַלע גרויסע מענטשן, איז אויך ווייצמאַן געווען גאַנץ נישקשהדיק באַשאָנקען מיט שוואַכקייטן. זיין אַריבערוואַרפן זיך פון איין שטימונג אין אַן אַנדערער איז

געווען אומגעהויער. פון דער הויך פון שעפן נחת ביד רחבה האָט ער געקאָנט אין עטלעכע מינוט אַראָפּזינקען צו אַ צושטאַנד פון טיפער דערשלאָגנקייט.

אין אַזעלכע מאָמענטן האָט ער נישט געהאַנדלט שׂכלדיק און מען האָט נישט געקאָנט צוקומען נאָענט צו אים. מיט זיינע פּאַראורטיילן פלעגט ער דעמאָלט אַליין שטאַרק אַריינפאַלן. און אָפט איז געווען נויטיק צו מאַכן עפּעס אַ שפּאַס, אָדער אַריינוואַרפן אַ לייכטזיניקע באַמערקונג, בכדי אים צוריק אַריינברענגען אין אַ הויכן פאַסאַן. און איך גלויב, אַז דאָס איז געווען איינע פון מיינע פונקציעס. ווייצמאַנס נאָענטער פריינד, ישעיה בערלין, האָט אָפּגעשאַצט די דאָזיקע באַציִונג צווישן אונדז בעסער, ווי איך וואָלט וואָס עס איז געקאָנט זאָגן וועגן דעם. ער האָט אויך די גרויסע מעלה, וואָס ער קאָן זיין אָביעקטיוו, ווייל ער איז קיין מאָל נישט געווען אין דעם פּערזענלעך אַריינגעמישט. ער האָט געשריבן:

ער (מאיר ווייסגאַל) האָט געהאַט דאָס גליק, וואָס ער האָט געפונען אין ד״ר ווייצמאַנען די פּאַרקערפּערונג פון זיין אייגענעם אידעאַל פון דעם, וואָס אַ מענטש און (וועגן וואָס עס איז אים געגאַנגען אַ סך מער) אַ ייד דאַרף זיין. אָבער ד״ר ווייצמאַן איז געווען מזלדיק מיט דעם, וואָס אויך ער האָט געפונען אין מאיר ווייסגאַלן אַ מענטשן, וועמענס קאָמבינאַציע פון פולער (הגם נישט אומקריטישער) איבערגעגעבנקייט און וואַרעמער לעבהאַפטיקייט האָט האַרמאָניזירט מיט זיין אייגענעם הויך-אַנטוויקלטן און פילזייטיקן געפיל און זין פון לעבן.

„מענטשן מיט אַזעלכע ליידנשאַפטן, אומגעדולד און גרויסע פאָדערונגען צו לעבן, ווי מאיר ווייסגאַל האָט שטענדיק געהאַט, און על אחת כמה וכמה מענטשן מיט אַזאַ עקל צו אַלץ, וואָס איז טרוקן אָדער קליין — רופן אַרויס אומפאַרמיידלעך אַ געוויסע מאָס פון קריטישער באַציִונג צו זיי. איך קען באַשטעטיקן מיט אַ שבועה דעם פאַקט, אַז ד״ר ווייצמאַן — וואָס עס זאָל נישט האָבן דורכגעגאַנגען צווישן אים און ווייסגאַלן, ווען זיי זענען געווען אַליין — האָט זיך שטענדיק אויפגעהויבן ווי אַ לייב צו פאַרטיידיקן אים יעדעס מאָל, ווען עס איז אויסגעדריקט געוואָרן די מינדסטע טענה צו אים. ווייצמאַן האָט פאַרשטאַנען און האָט אָפּגעשאַצט די צענטראַלע כאַראַקטער-אייגנשאַפטן פון זיין פריינד און תלמיד — ווייסגאַלס אומדערשראָקנקייט, זיין איבערגעגעבנקייט און זיין ענטוזיאַזם. מאיר איז געווען גרייט צו ריזיקירן מיט אַלץ אין אַן ענין, אין וועלכן ער האָט געגלויבט. ער האָט אין אַזאַ פאַל קיין מאָל זיך נישט צוריקגעצויגן, קיין מאָל זיך נישט געוואַקלט, און האָט אָפן פאַראורטיילט די, וועלכע האָבן אַזוי געטאָן. די דאָזיקע ערנהאַפטע און גאַלאַנטע אייגנשאַפטן פון ווייסגאַלס נאַטור האָבן אַפּעלירט צו ד״ר ווייצמאַנען זייער שטאַרק און טיף. ווייצמאַן האָט מער פון אַלץ פיינט געהאַט פּחדנות, געמיינהייט און דאָס אַרויסדרייען זיך פון אומבאַקוועמע סיטואַציעס, בכדי אַליין צו בלייבן אַ גאַנצער״.

איך וואָלט זיך נישט געפילט אין גאַנצן געטראָפן פון נאָמירס כאַראַקטעריזירן מיך אַלס ווייצמאַנס „הויף־פּאַיאַץ״, הגם ער האָט דאָס געמיינט אויף אַ באַלייידיקנדיקן אופן. איך האָב געקענט באַוועגן ווייצמאַנען צו לאַכן. איך פלעג אָפט ראַטעווען אַ שרעקלעך אומאָנגענעמען מצב מיט זאָגן אַ יידיש ווערטל, אָדער דערציילן אַ יידישן וויץ. ווייצמאַן אַליין האָט זיך קיין מאָל נישט דערלויבט דעם לוקסוס צו זיין לייכט און צוגעלאָזן אין דער עפנטלעכקייט. אָבער טיף אין זיין נאַטור איז ער געווען אַ וואַרעמער, האַרציקער ייד. עס איז אים אויסגעפאַלן שווער,

וואָס ער האָט אַזוי זעלטן זיך געקאָנט אויפפירן און האַנדלען אַזוי, ווי ער איז באמת געווען. דרייסיק יאָר איז ער געווען — אַזוי צו זאָגן — דער קעניגלעכער שליח פון יידישן פאָלק. ווי דער אַלגעמיין־אָנערקענטער פירער, סיי ווען ער איז געווען פרעזידענט, און סיי ווען ער איז נישט געווען פרעזידענט, האָט ער גע־דאַרפט אָפּהיטן אַ געוויסע דיסטאַנץ, אַפילו מיט זיינע ציוניסטישע קאָלעגן. ריזי־קירנדיק צו זיין נישט דיסקרעט, וואָלט איך באַמערקט, אַז נישט געקוקט אויף דער טיפער ליבע צווישן אים און פרוי ווייצמאַן, איז די אַטמאָספער אין זייער היים שטענדיק געווען אָנגעלאָדן מיט אַ געוויסער פאָרמעלקייט. פרוי ווייצמאַן — דאַרף מען וויסן — איז געווען אַ רוסיש־יידישע אַריסטאָקראַטין. יידיש האָט זי נישט געקאָנט רעדן און דער הומאָר פון שטעטל איז איר געווען פרעמד. אין אַ געוויסער מאָס איז עס געווען דאָס שטעטל אין מיר, וווּ ווייצמאַן האָט געזוכט אַ פאַרלייכטערונג אין אַ שווערער שטימונג. ער פלעגט מיר זאָגן עפּעס אַ חכמה און איך פלעג אים ענטפערן מיט אַ וויץ. אָבער אַפילו אין מאָמענטן פון דער פריינדלעכסטער אינטימקייט זענען געווען גרענעצן, וועלכע איך פלעג קיין מאָל נישט אַריבערגיין.

די אַנעקדאָטן, די מעשׂיות, די אינטימע היימישע אויסדרוקן, די געשמאַקע וויצן, די יידישע פאָלקסווערטלעך — וועלכע איך פלעג אַריינברענגען אין אונ־דזערע געשפּרעכן, האָבן געהאָלפן ווייצמאַנען אַרויסקריגן זיך פון אַ סך שווערי־קייטן און צערודערונגען. אָבער דאָס האָט געקאָנט דערגרייכט ווערן נאָר אַ דאַנק דעם, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז איך באַטראַכט ערנסט מיין אַרבעט מיט אים — הגם איך באַטראַכט נישט ערנסט זיך אַליין. ווייצמאַן האָט אויך געוווּסט, אַז כאָטש איך בין תמיד גרייט צו זען די הומאָריסטישע זייט פון זאַכן, בין איך געווען טויט־ערנסט וועגן מיין ציוניזם.

איך האָב געהאַט מיט אים אַ לענגערן בריוואויסטויש, איידער איך האָב אָנגע־הויבן מיין סעריע „מיין טייערער שעף“. הגם ווייצמאַן איז נישט געווען אַזאַ פּינקטלעכער לייענער פון „ביו פּאַלעסטיין“, האָט ער געזען גענוג אַרטיקלען מיינע, אַז ער זאָל אין אַ געוויסער מאָס קריגן אַ באַגריף וועגן מיין אויסגעהאַלטנקייט ביים אויסדריקן מיינע מיינונגען, וועלכע זענען געווען אין פולן הסכם מיט זיינע. ער האָט באַקומען צוטרוי צו מיינע מיינונגען נישט דערפאַר, ווייל ער זאָל האָבן געהאַט אַ הויכע באַצײַונג צו מיין אידעאָלאָגישער גרינטלעכקייט, אָדער צו מיין פּאָליטישער חכמה, נאָר ווייל ער האָט געהאַט אַן ענגע שייכות צו די דעות, וואָס איך האָב אויסגעדריקט.

איך האַלט נישט, אַז עס איז אַ גרויסע מעלה פון מיין זייט, וואָס איך האָב נישט די פעיִקייטן פון אַ פּאָליטישן „מאַכער“. איך דערצייל בלויז וועגן דעם און איך גלייב, אַז דאָס האָט טאַקע אַרויסגערופן אין ווייצמאַנען אַ סימפּאַטישע סטרונע צו מיר. ער אַליין איז נישט געווען קיין „פּאַכמאַן“ אין פּאָליטיקעריי. ער האָט פאַרמאָגט זייער הויכע פעיִקייטן אין דיפּלאָמאַטישן שאַכשפּיל, און אין פּאָליטישע פאַרהאַנדלונגען האָט ער געהאַט אַ שטאַרק אַנטוויקלטן חוש פאַר אויסגעפינען דעם קעגנערס שוואַכקייטן. פאַרהאַלטנדיק זיך רויִק, מיט אַן אומדערשיטערלעכער

זעלבסט־זיכערקייט, האָט דאָס אים געהאָלפן צו באַהערשן אַ פּאָליטישן שטורעם, אָן דעם, אַז ער זאָל אויפדעקן די שוואַכע פּונקטן פון זיין אייגענער פּאָזיציע. אָבער ער האָט פיינט געהאַט און ער איז אויך נישט געווען פעיִק פאַר די שפּיצלעך און מאַנעווורירונגען, וואָס זענען אַן עיקר גדול אין אַ פּאָליטישער שלאַכט. זיין זעלבסט־זיכערקייט האָט זיך געשטיצט אויף זיין שטאַרקן און פולן גלויבן אין דעם ענד־גילטיקן טריומף פון מאָראַל און גערעכטיקייט.

עס האָט אויך נישט געקאָנט זיין אַנדערש. ווייל ער איז קיין מאָל נישט געווען בכּוח צו האַנדלען פון אַ פּאָזיציע פון מאַכט, נישט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און נישט אין זיין מגע־ומשׂא מיט די ענגלענדער. ער פלעגט זאָגן, אַז תּמיד, ווען ער גייט צו אַ קאָנפערענץ מיט אַ מיניסטער פון ענגלישן קאַבינעט, אָדער מיט אַן אַנדערן פון די „הויכע פענצטער", האָלט ער צונויפגעפּרעסט זיינע פויסטן. „אויב איך וואָלט אַ מאָל זיי געעפנט, וואָלטן די ענגלענדער געזען, אַז איך פאַרמאָג גאָר־נישט" — האָט ער זיך אויסגעדריקט.

ער האָט קיין מאָל נישט אויפגעשטעלט דאָס, וואָס מען וואָלט געקאָנט אָנרופן אַ ווייצמאַן־פּאַרטיי אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. הגם זיינע סימפּאַטיעס זענען שטענדיק געווען אויף לינקס פון צענטער, מיט דער אַרבעטערשאַפט און מיט די קיבוצים, האָט ער זיך קיין מאָל נישט אידענטיפיצירט מיט קיין שום פּאַרטיי, נישט פון לינקס און נישט פון רעכטס. ער האָט אָנגענומען אַ שטעלונג צו פראַגן אין הסכּם מיט זיינע פּרינציפּן, וועלכע פלעגן דורכקרייצן די אָנגענומענע ליניעס, וואָס האָבן צעטיילט די פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען. קעגן דעם פּאָליטישן שאַכער־מאַכער פלעגט ער שאַרף אַרויסטרעטן מיט דעם מוסר, וואָס די נביאים האָבן געלערנט. ער האָט זיך תּמיד אָפּגעזאָגט צו דינגען זיך מיט זיינע קעגנער, און אַלס רעזולטאַט האָט מען צוויי מאָל געשטימט קעגן אים אויף ציוניסטישע קאָנגרעסן; ער איז געוואָרן אויס פּרעזידענט פון דער באַוועגונג — אין 1931 און אין 1946. אָבער זיינע דורכפאַלן האָבן קיין מאָל נישט אָנגערירט זיין ראָל אַלס אומצווייפלהאַפטער פירער פון דער באַוועגונג, סיי ווען ער איז געווען אינע־ווייניק אין דער פירערשאַפט און סיי ווען ער איז געשטאַנען אין דרויסן.

ווען איך שרייב איצט וועגן דעם, אַן ערך פינף און צוואַנציק יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער מדינה און נאָענט צו צוואַנציק יאָר נאָך ווייצמאַנס טויט, קאָן איך זיך נישט צוריקהאַלטן פון שילדערן, ווי אַזוי ווייצמאַן האָט באַאיינפלוסט דעם כאַראַקטער און די אַנטוויקלונגען פון מדינת ישׂראל.

אין זיין אויסגעצייכנטער מאָנאָגראַפיע וועגן ווייצמאַנען האָט ישעיה בערלין געשריבן: „ד"ר חיים ווייצמאַן איז געווען דער ערשטער אין גאַנצן פרייער ייִד פון דער מאָדערנער וועלט. און מדינת ישׂראל איז — צי זי ווייסט עס יאָ, צי זי ווייסט עס נישט — אויפגעבויט געוואָרן לויט זיין פּרצוף. קיינער האָט קיין מאָל נישט אויפגעבויט אַזאַ ענלעכן מאָנומענט נאָך זיך ביי זיין לעבן".

אָן שום צווייפל איז דאָס לעבן פון דער מאָדערנער מדינת ישׂראל דער אמתער אויסדרוק פון ד"ר ווייצמאַנס דערשטוינענדיקער פעיִקייט צו שאַפן. אפשר מער ווי וועלכער עס איז אַנדערער שטאַטסמאַן אין אונדזער צייט, האָט ווייצמאַן

באַוויזן דורכצופירן אַן אָרגאַנישן צוזאַמענגוס צווישן דער אַבסטראַקציע פון מוח און די פּראַקטישע אַקטיוויטעטן, וואָס זענען נויטיק פאַר דעם מענטשנס פיזישער עקזיסטענץ. דער דאָזיקער צוזאַמענגוס שפּיגלט זיך אָפּ אין סאַמע עצם פון דעם לעבן אין מדינת ישראל היינט צו טאָג. דאָס איז אַ טייל פון דעם, וואָס באַפאַרבט איצט ישׂראלס אינערלעכע פּאָליטיק; אַ טייל פון דער קאַקאָפאָניע פון די פּאַר־שלעפּטע דיסקוסיעס; די אינטעלעקטועלע מדרגה פון דער מדינה; די פּלפּולים, וואָס גייען אָן כּסדר אין לאַנד; די ליידנשאַפט פאַר טעאָרעטישע פאָרמולעס, און דאָס שטאַרקע געפיל פון איבערגעגעבנקייט. אין דעם אַלעם קאָן מען לייכט דער־קענען צוויי היימישע הויפּטסטרוגעס: די גייסטיקע צעחושטקייט פון פאַר־רעוואָ־לוציאָנערן רוסלאַנד און — פּאַראַלעל מיט דעם — די גרונטוווערטן פון דער אַנגלאָ־זאַקסישער דעמאָקראַטיע.

דאָס זענען טאַקע געווען די צווילינגוועגן, אויף וועלכע ווייצמאַנס פּאָליטישע פילאָזאָפיע האָט זיך אַנטוויקלט, און קיין שום דיסהאַרמאָניע, אָדער צוזאַמענ־שטויס האָט קיין מאָל נישט איבערגעריסן דעם וווקס פון דעם צווילינג. און אַזוי איז ישׂראל אַ פאַראייניקונג פון די ביידע טיפן פון סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע.

איך וויל נישט מען זאָל מיך שלעכט פאַרשטיין. פאַראַן אין דער איצטיקער מדינת ישראל אַ סך זאַכן, מיט וועלכע ווייצמאַן וואָלט זיכער נישט מסכּים געווען, אָדער וואָלטן אים בכל אופן שטאַרק מצער געווען. ער וואָלט געווען זייער נישט צופרידן פון דער גרויסער שליטה, וואָס עס האָבן באַקומען די פּאַרטייאישע אַפּאַראַטן; פון דעם וואָס מיליטער־לייט קומען צו דער מאַכט אין לאַנד; פון די אָן אַ סוף פּשרות מיט די רבנים. ער אַליין האָט רעפּרעזענטירט אַ יידישן נאַציאָ־נאַליזם, וואָס איז געווען אַן אינטעגראַלער. פאַר אים זענען דאָס וועלט־יידנטום און מדינת ישׂראל געווען איין אינטעגראַלע גאַנצקייט. אין זיין וויזיע האָט ער געוואָלט זען דעם רענעסאַנס פון גאַנצן יידישן פאָלק און נישט בלויז פון די בירגער פון ישׂראל.

ווייצמאַן האָט תּמיד געשטרעבט צו אַ האַרמאָנישער פאַראייניקונג פון די בעסטע מוחות און הערצער פון ישׂראל און פון די תּפוצות אין אַ בשותּפותדיקער אָנשטרענגונג פון גאַנצן יידישן פאָלק פאַר ווידעראויפלעבונג און פאַר פאַרווירק־לעכן די יידישע אידעאַלן. ער האָט קיין מאָל נישט געגלויבט אין דעם, אַז צווישן ישׂראל און די תּפוצות זאָלן זיין וועלכע־עס־איז טיפע מחיצות, וואָס מען זאָל נישט קאָנען באַזייטיקן. פאַר אים זענען ביידע געווען דער אויסדרוק פון יידנטום. מדינת ישׂראל איז סוף־כּל־סוף געשאַפן געוואָרן בכדי צוריקצושטעלן די גלייכ־געוויכט פון גאַנצן יידישן כּלל. און נאָך דעם ווי די יידישע מדינה איז געג־גרינדעט געוואָרן, האָט זי געדאַרפט מאַכן מעגלעך פאַר אַלע יידן צו לעבן אין אינערלעכער האַרמאָניע. בעצם האָט דער ציוניזם אין זיין יסוד פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ סינטעזע פון די שעפערישע כּוחות פון גאַנצן יידישן פאָלק.

ווייצמאַן וואָלט שטאַרק פיינט געהאַט אַלץ אין דער יידישער מדינה, וואָס שמעקט מיט פּראָווינציאַנאַליזם, מיט קלייניל־פּאָליטיק, און אַלץ, לגבי וועלכן עס ווערן געמאַכט קאָמפּראָמיסן אויפן חשבון פון פּרינציפּן.

אָבער דער עיקר פון ווייצמאַנס פּאָליטישן און מאָראַלישן „אני מאמין" איז געווען זיין איבערצייגונג, אַז דאָס וויכטיקסטע פון אַלץ איז דער כאַראַקטער פון אַ מענטשלעך באַשעפעניש און פון אַ פאָלק. פון אַלע זיינע וויכטיקע דערקלערונגען דרינגט אַרויס די דאָזיקע הויפּט־טעזע, אויבן־אויף אָדער צווישן די שורות: וואָס אַ מענטש איז באַדייט סוף־כּל־סוף אַ סך מער פון דעם, וואָס ער טוט איצט. דאָס זעלבע איז אויך ריכטיק בנוגע פעלקער. און איך בין זיכער, אַז דער עצם־כאַראַקטער פון דער יידישער מדינה, צו וועלכער ער האָט אַזויפיל בייגעשטייערט באַוווסטזיניק, אָדער אומבאַוווסטזיניק, וואָלט נישט נאָר געווען ניחא פאַר אים, נאָר אויך נאָענט און טייער צו זיין האַרצן.

איך קער זיך צוריק צו 1931. דאָס איז געווען אַ קריטיש יאָר פאַר דעם פירער פון וועלט־ציוניזם, פון וועמען די באַוועגונג האָט זיך אָפּגעזאָגט, און פאַר דעם קליינעם מענטשן, וועמען מען האָט אַרויסגעשטופּט פון די חדרי־חדרים פון אַמעריקאַנער ציוניזם. מיר זענען ביידע, אויף אונדזערע זייער פאַרשידענע מדרגות, געווען אָפּיציעל אין דרויסן. און דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַנטוויקלונג פון אַ פערזענלעכער קרובהשאַפט, וועלכע האָט, ווען זי איז געוואַקסן, געהאַט אַ טיפע השפעה אויף מיין גאַנצן לעבן, און — ווי איך וועל שפּעטער באַווייזן — אויך אַ נישט־אומבאַדייטנדיקע ווירקונג אויף דער ווייצמאַן־ירושה.

# 10. "דער ראָמאַנס פון אַ פאָלק"

מיין אַוועקפאָרן פון טאָראָנטאָ האָט זיך פאַרשלעפּט אויף אַ לאַנגער צייט. איך האָב נישט געקאָנט בלייבן ווייטער מיט „דזשויִש סטאַנדאַרט" אויף די באַדינ־גונגען, וואָס מען האָט מיר פאָרגעשלאָגן. וועגן צוריקקומען קיין ניו־יאָרק האָט נישט געקאָנט זיין קיין פראַגע. איך האָב בלויז געוווּסט, אַז וואָס איך זאָל איצט נישט אָנהויבן טאָן, וועט עס דאַרפן זיין פאַרבונדן מיטן ציוניזם. אַ געוויסע צייט האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיט דער אידעע צו באַזעצן זיך אין ארץ ישׂראל. חיים אַרלאָזאָראָוו האָט געוואָלט, אַז איך זאָל רעדאַגירן אַ קאָמבינירטע אויסגאַבע פון „פּאַלעסטיין וויקלי" און פון „דבר" (די טאָג־צייטונג פון „הסתדרות") אויף ענגליש. איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן חשק אָנצונעמען דעם פאָרשלאַג, אָבער איך האָב נישט געפילט, אַז איך בין גרייט פאַר ארץ ישׂראל, אָדער אַז ארץ ישׂראל איז גרייט פאַר מיר. אין מיטן פון די דאָזיקע וואַקלענישן מיינע האָב איך דער־האַלטן אַ דרינגנדיקן בריוו און דערנאָך אַ דרינגנדיקן טעלעפאָן־רוף פון שלמה גאָלדמאַן פון שיקאַגאָ.

די דריי פּראָמינענטע ראַבייס אין יענער צייט זענען געווען סטיפען ווייז, אבא הלל סילווער און שלמה גאָלדמאַן, לויט דער דאָזיקער ריי. סאַלאָמאָן (שלמה) גאָלדמאַן איז געווען אַ געלערנטער און האָט אָנגעשריבן אַ צאָל ערנסטע ביכער. ער איז געווען אַ ליבעראַל לויט זיינע איבערצייגונגען און אַ גוטער רעדנער. ער איז שפּעטער געוואָרן פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. וואָס ער האָט מיך איצט געבעטן אין זיין דרינגנדיקן בריוו, און אין זיין נאָך מער דרינגנדיקן טעלעפאָנישן רוף, איז געווען — ווי איך האָב געפילט — נישט קיין באַזונדערס פריינדלעכער עניין. ער האָט געוואָלט, איך זאָל קומען קיין שיקאַגאָ און ווערן דער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון ציוניסטישע אַקטיוויטעטן אין שיקאַגאָ און אין דעם גאַנצן ראַיאָן.

„סאָל" — האָב איך פּראָטעסטירט — „אָפיציעלע ציוניסטישע אַקטיוויטעטן זענען טאַקע די זאַך, פון וועלכער איך וויל איצט אַנטלויפן אויף זיבן מייל. ס'קריכט מיר שוין פון האַלדז".

„דאָס איז געווען אין ניו־יאָרק" — האָט ער געזאָגט — „דאָ וועט זיין אַנדערש".

„וואָס מיינט איר אַנדערש?" — האָב איך געפרעגט מיט אַ טאָן פון חוזק.

ער האָט מיר דערקלערט: די ציוניסטישע באַוועגונג אין שיקאַגאָ ציט אויס די קאָפּיטעס. נישטאָ קיין איניציאַטיוו. נישט פאַראַן קיינער, וואָס זאָל פירן. נישטאָ קיין פּראָגראַם, וועגן וועלכן עס זאָל זיין כדאי צו רעדן. נישטאָ גאָרנישט, אַ חוץ אַ פאַרשלעפּטער רוטינע, פון וועלכער מען קאָן אָוועקשטאַרבן. עס איז נויטיק עמעצער, וועלכער זאָל אַריינגעבן אַ רוח החיים אין דעם אַלעם; וועלכער זאָל אַ שטויס טאָן דעם גאַנצן ענין און מאַכן אַזוי, אַז די רעדער זאָלן ווידער זיך אָנהייבן דרייען, אַז דאָס עסק זאָל זיך באַוועגן. און ער איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז איך זאָל זיין אָט דער עמעצער.

דאָס אַלץ האָט געקלונגען מיט אַ סך חניפה פאַר מיר. און איך האָב זיך צוגעהערט מיט פאַרגעניגן. אָבער איך בין געבליבן סקעפּטיש. און וואָס איז וועגן דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק? — האָב איך געפרעגט. ער האָט דערוואָרט מיין שאלה. עס וועט נישט זיין אַזוי ווי אין ניו־יאָרק — האָט ער מיר געזאָגט. דער ראַיאָן פון שיקאַגאָ איז אויטאָנאָם. איך וועל האָבן אַן אַבסאָלוט פרייע האַנט. איך וועל געשטיצט ווערן פון קאָפּ ביז די פיס דורך דער גרופּע אין שיקאַגאָ.

איך האָב אויסגעהערט שלמה גאָלדמאַנען. איך האָב געוווּסט, אַז ער איז אויפריכטיק. איך האָב חושד געווען, אַז ער וויל מיך צוריקברענגען פון מיין גלות אין צפון. און איך האָב אים נאָכגעגעבן, כאָטש איך האָב נישט געהאַלטן דערפון. איך האָב אָבער געטראַכט ביי מיר, אַז דאָס איז נישט קיין ענין, צו וועלכן איך וועל זיך פאַרפּליכטן אויף אַ לאַנגער צייט.

במשך פון די ווייטערדיקע זעקס חדשים בין איך געפאָרן אַהין און צוריק פון שיקאַגאָ קיין טאָראָנטאָ, רעדאַגירנדיק דעם „דזשויִש סטאַנדאַרט" אַ העלפט פון מיין צייט און האַלטנדיק אַן אויג אויפן ציוניסטישן מדבר אין שיקאַגאָ אין דער צווייטער העלפט פון מיין צייט. מיין יינגסטער זון, דוד, איז נאָר וואָס געהאַט געבוירן געוואָרן, און שירלי איז נישט געווען בכוח אַריבערצופירן די גאַנצע באַלעבאַטישקייט קיין שיקאַגאָ. דוד איז געווען אַ בן־זקונים, דער „מוזינעק" מיינער. איך בין אַלט געווען אַכט און דרייסיק יאָר ווען ער איז געבוירן געוואָרן. דאָס איז געווען מיט אַכט און דרייסיק יאָר צוריק. איך קוק אויף אים איצט, מיט זיין עלעגאַנט בערדל, ווי ער איז אַן עקזעקוטיוו־באַאַמטער מיט פאַראַנטוואָרטלעכע פונקציעס, און טראָגט אויף זיך דעם עול פון זיין פרוי רות און זיינע אייגענע צוויי זין, בענדזי און יהונתן, און איך דערמאָן זיך וועגן דער „מלחמה", וואָס איך האָב געהאַט וועגן אים מיט ראָוז דונקעלמאַן. תמיד, ווען איך פלעג צוריקקומען פון שיקאַגאָ אויף אַ פּאָר טעג קיין טאָראָנטאָ און פלעג רופן מיין זונעלע מיט מיין באַליבטן צונאָמען „שטונקי", פלעגט ראָוז דונקעלמאַן ווערן שטאַרק אויפגעבראַכט. איין טאָג האָט זי מיר געדראָט מיט סאַנקציעס. אויב איך וועל ווייטער זיך פאַרעקשנען און אים רופן „שטונקי", וועט זי מיך פון איצט אָן נישט רופן אַנדערש, ווי „מיסטער שטונק סעניאָר". האָבן מיר געמאַכט אַ פשרה און מיר זענען דורכגעקומען צו רופן אים „באַבלס" (וואַסער־בלעזלעך). און מיט דעם האָט די „מלחמה" זיך געענדיקט. ביזן היינטיקן טאָג רופט אים מיין טאָכטער צערטלעך „באַבלס". און עס ווייזט אויס, אַז דודן אַרט עס נישט לחלוטין.

ווען איך האָב ענדלעך אַריבערגעפירט די גאַנצע משפחה קיין שיקאַגאָ, האָט ראָוז דונקעלמאַן מיר שטאַרק אויסגעפעלט — נישט בלויז אַלס אַ לאָיאַלע חברטע אין דער אַרבעט, אויף וועלכער מען האָט זיך געקאָנט פאַרלאָזן; נישט בלויז אַלס אַ פּערזאָן בכלל; נאָר אַלס אַ מין אינסטיטוציע. איר היים איז געווען באַקאַנט ווי די „ציוניסטישע אַמבאַסאַדע". געוויס איז דעמאָלט נאָך נישט געווען קיין יידישע מדינה. איר היים איז געווען דער בית ועד פאַר אַלע געסט, וועלכע זענען געקומען פון ארץ־ישׂראל. זי איז געווען דער פירנדיקער גייסט פון יעדער יידישער און ציוניסטישער אונטערנעמונג. מיר זענען געווען מחולק וועגן איין זאַך: זי האָט געהאַט טענות צו מיין שפּראַך, וואָס איז נישט אַלע מאָל געווען אַ „לשון נקיה". אָבער נאָך דעם, ווי איך בין אַוועקגעפאָרן, האָט זי מיר געשריבן: „איר האָט אויסגעקליבן פאַר אונדז (אַלס אַ פאַרטרעטער) אַ יונגמאַן, וועלכער איז לויט אייער מיינונג אַ שיינער בחור. וואָלט איר אפשר געפונען פאַר אונדז אַן אַלטן מאַן און אַ מיאוסן, אפשר אַזאַ איינעם, וועלכער איז נישט אַזאַ גרויסער איבערקלייבער אין ווערטער? אוי, ווי מיר בענקען נאָך אייך".

דאָס פעלד פון ציוניזם אין שיקאַגאָ איז געווען פול מיט עצמות יבשות. אַ טויזנט רעדעס וואָלטן זיי אויך נישט צוריק לעבעדיק געמאַכט. אַרום־און־אַרום זענען געווען בלויז צוויי אָדער דריי ציוניסטישע עסקנים, וועלכע האָבן געדאַרפט אָנפירן מיט דער אַרבעט, אָבער אויך זיי האָבן נישט געקאָנט גאָרנישט אויפטאָן אין אַזאַ פאַרשלאָפענעם ישוב. איך האָב דאָס באַלד פאַרשטאַנען, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען וועלן די געוויינטלעכע „פּיעכאָטנע" ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע און די אָפּגעניצעוועטע דערציונגס־אַרבעט — מיט וואָס פאַר אַ גוטע כּוונות זיי זאָלן נישט געפירט ווערן — נישט העלפן גאָרנישט. מען האָט געדאַרפט קודם־כּל אויפוועקן דעם עולם פון שלאָף.

און איך האָב זיך אַ קער געטאָן צו קונסט־אונטערנעמונגען — מוזיק, דראַמע, ספּעקטאַקלען.

דאָ דאַרף איך דערמאָנען דעם לייענער, אַז איך בין אַ חזנס אַ זון, און איך האָב געוווּסט זייט מיינע קינדער־יאָרן, אַז די נגינה אין דער שול האָט אַ פּיל גרעסערן צוציונגס־כּוח, ווי די לאַנגע דרשות פון דעם רב, וועלכער וויל לייטערן די נשמות פון די מתפּללים. אמת טאַקע, אין דער שול קאָן מען נישט אויפפירן קיין דראַמעס און אַראַנזשירן ספּעקטאַקלען. אָבער אויב נגינה אַליין קאָן מחזיר לתשובה זיין, וואָס וואָלט מען שוין געקאָנט אויפטון, ווען אין איינעם מיט דעם זאָלן אויך זיין דראַמעס און ספּעקטאַקלען?

די דאָזיקע מחשבה איז מיר נישט געקומען סתם פון דער לופט. עטלעכע טעג שפּעטער נאָך דעם, ווי איך בין אָנגעקומען קיין שיקאַגאָ, בין איך געגאַנגען צו אַ פאָרשטעלונג פון „אַאידאַ" אין דער שיקאַגער אָפּערע. אַ גאַנצער קנויל געדאַנקען איז מיר אַריין אין קאָפּ און האָט מיך אַרויפגעפירט אויף דעם עיקר פון מיין פּראָבלעם: אויב אַזעלכע לעכערלעכע מעשׂיות און קינדערישע אינטריגעס, ווי „אַאידאַ" און „קאַרמען" קאָן מען פאַרוואַנדלען אין באַדייטנדיקע און רירנדיקע איבערלעבונגען דורך מוזיק, פאַרב, ליכט און אַקציע, — פאַר וואָס

זאָל מען דאָס נישט קאָנען טאָן מיט אַזאַ הערראַישער טעמע, ווי די געשיכטע פון חנוכּה? ס'איז דעמאָלט געווען קורץ פאַרן יום־טוב פון די מכּבים, און איך האָב באַשלאָסן צו אַראַנזשירן אַ גרויסן ספּעקטאַקל, ווו עס זאָל דערציילט ווערן די געשיכטע פון דעם קאַמף פון די חשמונאים.

ראשית־כּל האָבן נישט געדאַרפט זיין קיין שום רעדעס. די פאָרשטעלונג אַליין דאַרף דערלאַנגען דעם מוסר השׂכּל. דאָס איז געווען אַן אומדערהערטער פאָרשלאַג: אַ גרויסע ציוניסטישע אונטערנעמונג, ביי וועלכער די לעגאַלע ציוניסטישע רעדנער זאָלן האַלטן פאַרמאַכט די מיילער? שלמה גאָלדמאַן און הערי פישער זענען נבהל ונשתּומם געוואָרן! זיי אַליין וואָלטן שוין מוחל געווען אויף זייער כּבוד און וואָלטן זיך צוריקגעהאַלטן פון אויפטרעטן מיט דרשות. אָבער עס זענען געווען אַנדערע — חיים, יאַנקל, ברוך און זרח — וואָס טוט מען מיט זיי? ווי גיט מען זיך מיט זיי אַן עצה? אָבער איך האָב זיי דערמאָנט, אַז מען האָט מיר צוגעזאָגט אַ פרייע האַנט. אויב זיי ווילן האָבן רעדעס, וועלן זיי נישט קריגן קיין פאָרשטעלונג. אויב זיי ווילן אַ פאָרשטעלונג, וועלן נישט זיין קיין רעדעס.

די גאַנצע מאַשינעריע און דאָס גאַנצע אייגנטום פון דער שיקאַגער אָפּערע, אַריינרעכענענדיק די רעקוויזיטן פון דער לעצטער פאָרשטעלונג, זענען געשטעלט געוואָרן צו מיין רשות (ווי ווייט איז מצרים פון ישׂראל?) אַזוי ווי קהלת, האָב איך באַקומען מענער־זינגער און פרויען־זינגערינס, אָבער נישט אַזוי ווי ער, האָב איך אויך געזען צו קריגן הונדערטער יידישע שול־קינדער, וויסנדיק אַז יעדעס קינד, וואָס וועט זיך באַטייליקן אין דער פאָרשטעלונג, וועט אָנפילן 10 פלעצער מיט די עלטערן און קרובים.

אין שיקאַגאָ איז דער דערפאָלג פון יעדער אונטערנעמונג אָפּגעשאַצט געוואָרן לויט דער מאָס, אין וועלכער זי האָט פּאַראינטערעסירט די רעקעטירס, די שווינדלער. אורטיילנדיק לויט דער דאָזיקער קריטעריע, איז אונדזער פאָרשטעלונג געווען צווישן די גרעסטע געשעענישן אין יאָר. די רעקעטירס האָבן אָפּגעדרוקט טויזנטער פון זייערע אייגענע אַריינגאַנגס־בילעטן. אָבער אויף דער אָנווייזונג פון די שיקאַגער „יודעי חן" האָבן מיר זיך געווענדעט צו פּאָליציי, זי זאָל זיך אַ נעם טון צו די שווינדלערס. די מערסטע פון זיי זענען געכאַפּט געוואָרן און אַרעסטירט געוואָרן. אַזוי ווי דאָס איז געווען אַ יידישע אונטערנעמונג, זענען אויך די מערסטע פון די געכאַפּטע רעקעטירס געווען יידן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען עטלעכע יונגע חברה־לייט, וועלכע האָבן זיך ערשט געלערנט דאָס פאַך. מען האָט זיי געבראַכט צו דעם ריכטער הערי מ. פישער, אַ מענטש מיט אַ סך חכמה און טאַקט. ער האָט זיי דערלאַנגט, וואָס זיי איז געקומען, מיט דער שפּראַך, וואָס מען האָט געדאַרפט באַנוצן פאַר זיי. און דערנאָך האָט ער געהאַלטן פאַר זיי אַ רירנדיקע לעקציע וועגן אָפּהיטן די גוטע יידישע טראַדיציעס. און דאַן האָט ער זיי אָפּגעלאָזט מיט אַ וואָרענונג, אַז אויב זיי וועלן זיך נאָך אַ מאָל באַווייזן פאַר אים דורך אַן ענלעכער אָנקלאַגע, וועט ער זיי אָנלערנען ווי געהעריק און שיקן אין „חד גדיא". און ער האָט פאַרענדיקט: „איצט גייט אַהיים און לערנט, ווי אַזוי צו זיין אַ גוטער אַמעריקאַנער און אַ גוטער ייד".

וואָס איז שייך די אמתע, די ריכטיקע בילעטן, האָבן זיבן און צוואַנציק טויזנט מענטשן באַצאָלט פאַר זיי און זענען געקומען זען דעם ספּעקטאַקל.

איך האָב, ווי שוין דערמאָנט, צוגעזאָגט אונדזער עולם, אַז עס וועלן נישט זיין קיין רעדעס. איך האָב געוואָלט, אַז זיי זאָלן קומען, זיך פאַרוויילן, לאַכן, וויינען און זיך פילן געהויבן. איך האָב געגלויבט, אַז אַזוי וועט עס טאַקע זיין. אָבער איך האָב געמאַכט דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס — דעם פּרעזידענט פון די ציוניסטן אין שיקאַגאָ. איך וועל נישט פורש בשמו זיין. מען האָט אים שוין לאַנג פאַרגעסן. און איך האָב נישט בדעה אים צו ראַטעווען פון דער שכחה. ער איז געווען אַ גאַנץ אָנשטענדיקער בשׂר־ודם, אָבער אַ מענטש אָן הומאָר, ווי מען קאָן נאָך איצט פעסטשטעלן, ווען מען קוקט אַריין אין זיינע צוויי דיקע בענדער, וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט וועגן יידישן וויץ און הומאָר. ווען אַ ציוניסטישער פירער זעט אַן עולם פון זיבן און צוואַנציק טויזנט מאַן, פאַרלירט ער די קאָנטראָל איבער זיך. ער איז אַן אַלטע „פאָזשאַרנע קליאַטשע", וואָס איז אַריינגעטאָן אין אָבעריק, אָבער ווי נאָר זי דערהערט דעם אַלאַרם־גלאָק פון אַ שׂריפה, כאַפּט זי זיך אויף און הויבט אָן לויפן. דער דאָזיקער ציוניסטישער פירער איז געווען דער אמתערביישפּיל פון דעם מין.

ווען די פאָרשטעלונג האָט געהאַלטן ביים אָנהויבן זיך, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער גייט האַלטן אַ רעדע. איך האָב אים געענטפערט, אַז עס וועט זיין אין גאַנצן איבעריק. און איך האָב אים נאָך דערמאָנט, אַז איך האָב צוגעזאָגט, אַז קיינער וועט נישט האַלטן קיין רעדעס. איך האָב עס אים געזאָגט גאַנץ איידל, היטנדיק זיך פון באַנוצן אַ שאַרף וואָרט, פון וועלכן ער זאָל זיך פילן באַליידיקט. דאַן האָט ער מיך אינפאָרמירט — וואָס איז געווען אין גאַנצן נישט נויטיק — אַז ער איז דער פּרעזידענט, און אַז איך בין בלויז אַ געדונגענער, אַן אָנגעשטעלטער. ביי די ווערטער איז ער אַרויפגעלאָפן אויף דער בינע און גענומען האַלטן אַ רעדע. ער איז גליקלעך, האָט ער דערקלערט, צו זען אַזאַ גרויסן עולם און ער האָפט, אַז יעדער איינער וועט ווערן אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. און ער האָט ווייטער געוואָלט רעדן, אַז ער — — —

אָבער דאָ האָט מען אים איבערגעריסן. מער איז עס שוין נישט געגאַנגען. אָנשטאָט דעם האָט זיך דערהערט אַ געזאַנג פון גאַנצן עולם: „מיר ווילן ווייסגאַלן, מיר ווילן ווייסגאַלן!" די קולות האָבן געהאַלטן אין איין ווערן שטאַרקער, הילכיקער, און דעם פּרעזידענטס רייד זענען אין גאַנצן דערשטיקט געוואָרן.

אָבער מיר האָבן געדאַרפט אָנהויבן די פאָרשטעלונג. די אַקטיאָרן, די זינגער, די טענצער האָבן געוואַרט הינטער די קוליסן. און איך האָב יעדע זאַך אויסגעערעכנט אויף דער סעקונדע. איך האָב אַ שפּרונג געטאָן פון מיין לאָזשע אַרויף אויף דער בינע, און אין זאַל איז באַלד געוואָרן טויט־שטיל. איך האָב געזאָגט: „מיינע דאַמען און הערן, איך דאַנק אייך, איר זענט די בעסטע באַלוינונג פאַר מיר". און איך האָב געגעבן דעם סיגנאַל אָנצוהויבן די פאָרשטעלונג. דער דערפאָלג איז געווען אַ ריזיקער.

צומאָרגנס זעקס אַזייגער אין דער פרי — איך בין נישט געגאַנגען שלאָפן ביז דריי אַזייגער אין דער נאַכט — האָט דער פּרעזידענט טעלעפאָנירט צו מיר.

ער האָט שוין געהאַט געזען די פּרימאַרגן־צייטונגען, וועלכע האָבן מיך געלויבט נישט בלויז אַלס אַ גרויסן בינע־קינסטלער, נאָר אויך אַלס אַ מענטשן מיט גרויס באַשיידנקייט. האַלב־כליפּענדיק און האַלב־שרייענדיק מיט ווילדע קולות, האָט ער געהאַלטן אין איין איבערחזרן: „איר האָט ביי מיר צוגעגנבעט די גאַנצע „פּובליסיטי". איר האָט דאָס ספּעציעל געטאָן, אַוועקצוגנבענען פון מיר די „פּובליסיטי" !"

איך האָב אים געענטפערט גאַנץ פּשוט: „מיסטער דער־און־דער — אַן עק און אַ סוף, זאָל עס גיין צום טייוול. איר וועט מיך מער נישט זען אין אייער לויזיקן ביורא". און איך האָב אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

אַ פּאָר שעה שפּעטער בין איך אַוועקגעגאַנגען אין ביורא, האָב איינגעפּאַקט מיינע פּאַפּירן און בין אַוועקגעגאַנגען אויף אַן אמת.

די חנוכה־פייערונג איז געווען איינע פון די געשעענישן, וואָס האָבן געענדערט מיין לעבן. דאָס, וואָס איך האָב באַטראַכט פאַר אַן עקספּערימענט, איז געוואָרן דער אָנהויב פון אַ געשיכטע, וואָס האָט מיך אויף צען יאָר צייט אַריינגעשלעפּט אין דער טעאַטער־וועלט. דאָס איז די געפאַר פון דערפאָלג. פּלוצלונג האָב איך דערפילט אַ שטאַרקן „אימפּולס", וואָס האָט מיך אַ שטויס געטאָן צו דער בינע, מיט דעם געוואַלדיקן חשק איינצואָרדענען אַלערליי ספּעקטאַקלען. איך בין פאַר־כאַפּט געוואָרן פון דער קאָמבינאַציע פון קינסטלערישן שאַפן מיט דער פעיִקייט אויפצובויען און מאַכן פּאָפּולער אַן אויפפירונג. און דער עלעמענט פון ריזיקע, פון איינשטעלן אַלץ אין קאָן האָט זיך צוגעפּאַסט צו מיין טעמפּעראַמענט. איך בין נישט פאַרבלענדט געוואָרן פון די חלומות וועגן לעגענדאַרע אוצרות, וואָס וואַרטן אויף דערפאָלגרייכע טעאַטער־רעזשיסערן און דירעקטאָרן. אויך האָב איך נישט גערעכנט, אַז איך וועל מיט דעם רויִנירן מיין משפחה און מאַכן מיינע פריינד פאַר קבצנים — וואָס איך האָב שפּעטער געטאָן. הינטער דעם אַלעם, גלויב איך, זענען געווען די דערינערונגען פון מיינע קינדער־יאָרן, די אָנשטעקנ־דיקע אַטמאָספער אין דער היים, ווען ביי אונדז איז געווען פול מיט יונגע זינגער, וועלכע האָבן קאָנקורירט איינער מיטן אַנדערן פאַר אַ ביסל רום; די ימים נוראים, ווען מיין פאָטער האָט געהאַלטן די גאַנצע שול געשפּאַנט און איך בין געווען איינער פון זיינע כאָריסטן אָדער דער סאָליסט.

וואָס עס זאָל נישט האָבן געווען, בין איך שוין געוואָרן אַ „געפּאַנגענער".

איך האָב געשריבן צום דעמאָלטיקן פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע, מאָריס ראָטענבערג: „קיין שום זאַך, וואָס איך וועל אייך דאָ זאָגן, וועט אייך נישט שילדערן דעם אויסערגעוויינלעכן טריומף פון אונדזער חנוכה־פייערונג. איך שיק אייך דאָ עטלעכע אויסשניטן פון די היגע צייטונגען. די אַלע באַריכטן זענען געווען געדרוקט אויף דער ערשטער זייט פון שטאָטישע צייטונגען — אַן אויפטו, וואָס איז קיין מאָל נישט דערגרייכט געוואָרן דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז איצט אויף די ליפּן פון יעדן יידן און יעדן נישט־יידן אין שיקאַגאָ".

ציטנוויז פאַסירט עס, צום גליק, אַז געלעגנהייטן און אַמביציע גייען צוזאַמען. אין דער זעלבער צייט, ווען איך האָב געמאַכט מיינע הכנות צו דער חנוכה־פאָרשטעלונג, זענען אָנגעגאַנגען צוגרייטונגען פאַר אַ פיל גרעסערער אונטער־נעמונג — פאַר דער וועלט־אויסשטעלונג אין שיקאַגאָ, אין 1933, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אונטער דער לאָזונג: „אַ יאָרהונדערט פון פּראָגרעס". די יידן אין שיקאַגאָ זענען געבעטן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין דער אויסשטעלונג. פאַרהאַנדלונגען מיט פאַרפלאָנטערטע דיסקוסיעס זענען אָנגעגאַנגען חדשים־לאַנג וועגן דעם, צי יידן זענען אַ ראַסע, אַ רעליגיע אָדער אַ פאָלק און וואָס זיי זאָלן ניט זיין; צי קאָנען זיי זיין געהעריק רעפּרעזענטירט אויף דער וועלט־אויסשטעלונג דורך אַן אייגענער געביידע. און אויב יאָ — וואָס פאַר אַ בנין זאָל עס זיין א.אַ.וו.

איין טאָג, אין מיטן פון די דיסקוסיעס, זענען הערי פישער און סאָל גאָלדמאַן געקומען צו מיר נאָך אַן עצה. אָבער איך בין געווען צופיל פאַרנומען, איך זאָל טראַכטן וועגן דעם, וואָס זיי ווילן איך זאָל זיי עצהן וועגן דער קלאָץ־קשיא. דאַן איז געקומען דער דערפאָלג פון דער חנוכה־פאָרשטעלונג, מיין אָפּזאָגן זיך פון דעם פּאָסטן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיט דעם מיין אידייע. איך האָב טעלעפאָנירט צו מיינעביידע פריינד און האָב זיי איבערגעגעבן וועגן מיין אידייע: נישט קיין געביידע, נישט קיין אייגענע אויסשטעלונג, נאָר אַ ספּעקטאַקל, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די פיר טויזנט יאָר יידישע געשיכטע. אין דעם ספּעקטאַקל וועט זיין אַלץ: רעליגיע, געשיכטע, די בענקשאַפט נאָך ציון, שיבת ציון. און הייסן וועט די פאָרשטעלונג: „דער ראָמאַנס פון אַ פאָלק". זי וועט אַנטהאַלטן עפּעס פאַר יעדן איינעם — פאַר ציוניסטן און נישט־ציוניסטן, פאַר פרומע יידן, פאַר נאַציאָנאַליסטן, פאַר יעדן איינעם.

גאָלדמאַן און פישער האָבן זיך באַראַטן מיט זייערע פריינד. דער ענטפער איז געווען אַזאַ, אַז ער האָט געקענט מאַכן וויינען אַ פערד. איך האָב נישט פאַרמאָגט גענוג ציוניזם פאַר די ציוניסטן, אָדער גענוג פרומקייט פאַר די פרומע. אַ חוץ דעם האָבן זיי אַלע, ווי אין אַ גריכישן כאָר, געפרעגט: פון וואַנען וועט קומען דאָס געלט? איך בין אַוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק צו זען מאָריס ראָטענ־בערגן, אויף וועמען עס האָבן — ווי איך בין געווען זיכער — געמאַכט אַן איינדרוק די באַריכטן, וואָס איך האָב אים געשיקט. ער האָט אַפילו נישט געוואָלט באַטראַכטן דעם תוך פון דער אידייע. „מיר האָבן נישט קיין געלט". סוף כל סוף האָב איך געוווּנען אויף מיין זייט איין מענטש, הערי פישערן, און ער האָט מיר געגעבן זעקס טויזנט דאָלאַר פאַר אַ פאָרשטעלונג, וואָס האָט שפּעטער געקאָסט הונדערט און פופציק טויזנט דאָלאַר.

אָבער אַ דאַנק דעם בין איך שוין אַריין אין דעם עסק און האָב אויפגעפונט אַ ביוראָ. איך בין געגאַנגען זען גענעראַל דייוויסן, געוועזענעם וויצע־פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלער איז געווען פּרעזידענט פון דער וועלט־אויסשטעלונג אין שיקאַגאָ. ער איז געווען אַ קאָנסערוואַטיווער מענטש, אַ טיף־רעליגיעזער, און האָט ליב געהאַט די ביבל. איך האָב פאַר אים פאָרגעשטעלט מיין ענין אויף פאָלגנדיקן אופן:

דאָס דאַרף זיין אַ „יאָרהונדערט פון פּראָגרעס", וואָס זאָל אויף דער אויס־שטעלונג אָפּשפּיגלען די וויסנשאַפטלעכע און טעכנאָלאָגישע דערגרייכונגען פון דער מענטשהייט. אין די דאָזיקע דערגרייכונגען פאַרנעמען נישט די יידן, הגם זיי זענען די הויפּט־באַטייליקטע אין דעם פּראָגרעס, קיין ספּעציעלן פּלאַץ אַלס יידן. זיי זענען אַ טייל פון יעדן לאַנד, ווו זיי וווינען. אָבער מיר האָבן פיר טויזנט יאָר יידישע געשיכטע, פון אברהם אָבינו ביזן היינטיקן טאָג. אָט דאָס פאַרמאָגט קיינער נישט, אַ חוץ אונדז.

דאַן האָב איך אים געזאָגט, וואָס איך האָב בדעה צו טאָן. ער האָט זיך צו־געהערט. ער האָט זיך אָנגעצונדן פאַר דער אידייע און האָט געזאָגט: „איך וועל אייך העלפן מיט אַלעם, וואָס איך קען". און ער האָט געהאָלפן! ער איז געווען אַ קלוגער מענטש. ער איז נישט בלויז געווען פאַראינטערעסירט צו געבן אונדז אַ געלעגנהייט; ער האָט אויך געהאַט אַ שטאַרקן אינטערעס צוצוציִען מאַסן יידן צו דער וועלט־אויסשטעלונג.

דער „ראָמאַנס פון אַ פאָלק" איז אין אַלגעמיין געווען אויפן שטייגער פון דעם חנוכה־ספּעקטאַקל, וואָס איך האָב געהאַט איינגעאָרדנט, אָבער אויף אַ פיל גרעסערן פאַרנעם. די חנוכה־פאָרשטעלונג האָט זיך קאָנצענטרירט אויף איין איינ־ציקן עפּיזאָד. דער „ראָמאַנס פון אַ פאָלק" האָט אַרומגענומען אַלץ, פון בריאת העולם ביז שיבת ציון. עס זענען געווען אַ סך, וועלכע האָבן געטענהט, אַז זיי זענען געווען די מחברים פון „ראָמאַנס": סאַלאָמאָן גאָלדמאַן, מאָריס סעמיועל, מאיר ווייסגאַל. דער אמת איז, אַז אין דעם ענדגילטיקן טעקסט איז נישט פאַר־בליבן קיין זכר פון אַלע אונדזערעביישטייערונגען. די דערפאַרונג, וואָס איך האָב דערוואָרבן בעת דעם חנוכה־ספּעקטאַקל, איז געווען די אמתע באַשאַפערין פון „ראָמאַנס פון אַ פאָלק".

אייזיק וואַן גראָוו, אַן ענערגישער האָלענדער פון יידישער אָפּשטאַמונג, דער געוועזענער דירעקטאָר פון „שיקאַגאָ סיוויק אָפּעראַ", האָט געשריבן די נאָטן און האָט דיריגירט מיט דער אויפפירונג. אים האָט געהאָלפן לעאָ קאָפּף. הערי ביטי, פון דער שיקאַגער אָפּעראַ, וועלכער האָט מיר געהאַט געגעבן די אויסשטאַטונג פון „אַאידאַ" פאַר דעם חנוכה־ספּעקטאַקל און איז שוין איצט געווען אַ גוטער פריינד מיינער, האָט איבערגענומען די טעכנישע דירעקציע. לאַזאַר גאַלפּערן, אַ באַגאַבטער רוסיש־יידישער באַלעט־מייסטער, האָט אָנגעפירט מיט דער כאָרעאָ־גראַפיע. ער האָט איינשטודירט די טענצערס, וועלכע האָבן זיך געציילט אין די הונדערטער. איך האָב ווידער אַ מאָל געפּועלט ביי די העברעיִשע שולן, אַז זיי זאָלן זיך באַטייליקן. דריי טויזנט יידישע קינדער האָבן צוזאַמענגעשטעלט דעם כאָר. אין איינעם מיט די פּראָפעסיאָנעלע זינגערס, אַקטיאָרן און טענצערס האָט דער אַנסאַמבל דערגרייכט ביז זעקס טויזנט מאַן.

די אויפפירונג איז געווען באַשטימט פאַר דעם „יידישן טאָג" אויף דער וועלט־אויסשטעלונג, דעם 3טן יולי 1933 אויף „סאָלדזשערס פילד", ווו עס זענען געווען הונדערט טויזנט פּלעצער. מיר האָבן געאַרבעט ווי די טייוולאָנים. מיר אַליין זענען אַריין אין אַ גרויסער התפעלות, אָבער אין דרויסן, אויף דער אַנדערער זייט, איז

נישט געווען די געהעריקע שטימונג. עפּעס האָט געפעלט. מען האָט געדאַרפט האָבן עפּעס נאָך אַ ספּעציעלע אַטראַקציע. און דאָס טראַגישע בילד פון צענדליקער טויזנטער לייזיקע זיצפּלעצער האָט מיך פאַרפאָלגט סיי אויף דער וואַך און סיי אין שלאָף.

אין איינעם אַ טאָג אין פרילינג, דריי חדשים פאַר דעם גורלדיקן טאָג פון דעם ספּעקטאַקל, בין איך געזעסן אין מיין ביוראָ, מער ווי שטענדיק צערודערט און צעטומלט, און האָב אַרויסגעקוקט אויף דעם מאַגישן שליסל צו לייזן מיין פּראָבלעם. אָבער איך האָב גאָרנישט געזען. דאַן איז מיר פּלוצלונג עפּעס איינגעפאַלן, פון דער הוילער לופט. און איך האָב אַ זאָג געטאָן צו מיין סעקרעטאַרין:

„קריגט מיר ד"ר ווייצמאַנען אויפן טעלעפאָן אין לאָנדאָן!"

„לאָנדאָן?" „ווו?" — האָט די יונגע דאַמע מיך אַ פרעג געטאָן מיט גרויס איבערראַשונג.

„ענגלאַנד!" — האָב איך אויסגעשריגן — „ווו, צום טייוול, מיינט איר, געפינט זיך לאָנדאָן?"

טראַנס־אַטלאַנטישע טעלעפאָנישע געשפּרעכן זענען דעמאָלט נאָך נישט געווען אַזאַ געוויינלעכע זאַך, ווי זיי זענען געוואָרן שפּעטער. מיין סעקרעטאַרין האָט געגעבן אַ קוק אויף מיר, ווי זי וואָלט זיך נישט געגלויבט וואָס איך רעד. אָבער נאָך לאַנגע שעהען פון וואַרטן האָט זיך דערהערט פון יענער זייט טעלעפאָן:

„איך האָב ד"ר ווייצמאַן פאַר אייך".

דאָס געשפּרעך איז צוגעגאַנגען מער־ווייניקער אַזוי:

איך: „העלאָ, ד"ר ווייצמאַן! דאָס איז מאיר, אין שיקאַגאָ".

ווייצמאַן: „וואָס, דו ביסט משוגע געוואָרן? ברענט שיקאַגאָ ווידער?"

איך: „ניין. אָבער שיקאַגאָ וועט ברענען, ווען איר וועט קומען אַהער. איך וויל, אַז איר זאָלט קומען קיין שיקאַגאָ פאַר דעם „יידישן טאָג".

ווייצמאַן: „וואָס מיינט עס?"

איך האָב אים דערקלערט אַזוי גיך און אַזוי בקיצור, ווי איך האָב נאָר געקאָנט.

ווייצמאַן: „וואָס וועט דערפון האָבן די באַוועגונג?"

איך: (מיט אַ שטאַרקער באַטאָנונג און מיט אַ הייסער תפילה אין האַרצן): „אויב איר וועט קומען קיין שיקאַגאָ בלויז אויף איין טאָג און איר וועט האַלטן בלויז איין רעדע, אַפילו בלויז במשך פינף מינוט, וועל איך אייך געבן הונדערט טויזנט דאָלאַר פאַר יעדן ציוניסטישן פאָנד, וואָס איר וועט באַשטימען".

ווייצמאַן: „שיקט עס מיר בכתב".

איך: „גודבאַי, טשיף. איך וועל אייך זען דעם 3טן יולי".

איך האָב עס אים געשיקט בכתב, מיט דער וואָרענונג אין מיין בריוו, אַז ער וועט דאַרפן האַלטן בלויז איין רעדע. אויב צוויי, וועל איך אים געבן נאָר פופציק טויזנט דאָלאַר. און אויב דריי — נאָר פינף און צוואַנציק טויזנט.

אין 1933 איז הונדערט טויזנט דאָלאַר געווען אַן אוצר מיט געלט. ווען איך האָב געשריבן ווייצמאַנען דעם בריוו, האָבן מיר געדאַרפט אַקערן די ערד מיט

דער נאָז, כּדי צו קאָנען באַצאָלן די רעכענונגען. אָבער איך האָב געפילט, אַז אויב דער „יידישער טאָג" ביי דער וועלט־אויסשטעלונג זאָל ווערן עפּעס מער ווי אַ געוויינלעכע „אָפּגעשלאָגענע" דעמאָנסטראַציע, אויב עס דאַרף דערהויבן ווערן צו דער הויך פון אַ געשעעניש, וואָס מען זאָל געדענקען יאָרן און זאָל אויך ברענגען אַ פיינעם ריווח — איז דאָ בלויז איין מענטש וואָס קאָן עס טאָן: ווייצמאַן.

ער איז דעמאָלט נאָך אַלץ נישט געווען ווייטער דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, אָבער זיין נאָמען האָט געהאַט אַ מאַגישע צוציונגס־קראַפט. אין אונדזער שפּעטערדיקער קאָרעספּאָנדענץ האָט ער מיר געשריבן, אַז ער וויל דאָס געלט פאַר דעם צענטראַלן פּליטים־פאָנד, וועלכן ער האָט דעמאָלט פּראָקלאַמירט. היטלער איז געווען ביי דער מאַכט און יידן האָבן געהאַלטן אין איין לויפן פון דייטשלאַנד. ווייצמאַן האָט זיך באַזונדערס פאַרנומען מיט דעם גורל פון די יידישע וויסנשאַפטלער, וואָס זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע אוניווערסיטעטן. אין זיין אויטאָביאָגראַפיע שרייבט ער וועגן מיין פאָרשלאַג צו אים אַט־וואָס: „איך האָב באַקומען אַ שטאַרקן חשק, סיי לטובת דעם פאָנד און סיי צוליב מיין באַציונג צו דעם מענטשן".

בלויז די מיטטיילונג אַליין, אַז ווייצמאַן קומט קיין שיקאַגאָ צו דעם „יידישן טאָג", האָט עלעקטריזירט דאָס גאַנצע לאַנד. דער „יידישער טאָג" אין שיקאַגאָ, וואָס איז ביז דעמאָלט געווען בלויז אַ לאָקאַלער ענין, האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ נאַציאָנאַל געשעעניש. פון שטעט און שטעטלעך אין אַלע געגנטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע זענען דערהאַלטן געוואָרן ביטעס וועגן דערלויבענישן צו באַטייליקן זיך. יעדע יידישע אָרגאַניזאַציע האָט מיט אַ מאָל געוואָלט פילן, אַז זי דאַרף זיין איינע פון די, וואָס שטיצן די אונטערנעמונג, און האָט זיך געוואָלט פאַרזיכערן מיט הונדערטער, און אַ טייל אויך מיט טויזנטער זיצפּלעצער. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע האָט אַריבערגעפירט איר יערלעכן צוזאַמענפאָר פון אַטלאַנטיק סיטי קיין שיקאַגאָ. די „בני ברית" האָט געטון דאָס זעלבע און אַריבערגעטראָגן דעם צוזאַמענפאָר פון אָמאַהאַ קיין שיקאַגאָ. די נאַציאָנאַלע יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן באַשטימט אַ מאַסן־צוזאַמענקונפט אין שיקאַגאָ אויפן 3־טן יולי. דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין אַמעריקע האָט זיך פּלוצלונג קאָנצענטרירט אַרום אונדזער אונטערנעמונג.

טעג פריער, פאַר דעם ספּעקטאַקל, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען קיין שיקאַגאָ גאַנצע עשאַלאָנען מיט יידן. עס זענען געקומען דעלעגאַציעס און יחידים. די צייטונגען זענען געווען פול מיט דעם. כאָטש איין מאָל האָט עס אויסגעזען, ווי יידן אין אַמעריקע טוען אַ זאַך אין אַחדות און אין האַרמאָניע.

אין אָוונט פון דער פאָרשטעלונג האָבן הונדערט איין און דרייסיק טויזנט מענטשן אָנגעפּאַקט „סאָלדזשערס פילד" און אַ סך טויזנטער האָבן געמוזט אָוועקגיין. בכּדי צו קאָנען אַריינגעמען דעם ספּעציעלן עולם פון איין און דרייסיק טויזנט — אין צוגאָב צו די הונדערט טויזנט, וועלכע האָבן געוויינלעך געקאָנט אַריינגיין — האָבן מיר געדאַרפט איינאָרדענען נאָך זיצפּלעצער אויף דעם פעלד. אין דעם אָפיציעלן באַריכט איז פאַרשריבן געוואָרן, אַז דאָס איז געווען דאָס גרעסטע און

איינדרוקספולסטע געשעעניש פון דער וועלט־אויסשטעלונג אין שיקאַגאָ און האָט אין דער צאָל באַזוכער געשלאָגן אַלע רעקאָרדן. ווייצמאַן האָט גערעדט צען מינוט, און זיין רעדע איז געווען די גרעסטע אַטראַקציע פון דעם אָוונט.

איך געדענק נישט, אַז צייטונגען זאָלן ווען עס איז האָבן פאַרעפנטלעכט אַזעלכע עקסטאַטישע — דאָס איז דאָס ריכטיקע וואָרט — און פאַרדינטע באַריכטן, וואָס מיר האָבן באַקומען פון דער פאָרשטעלונג. אין משך פון דריי שעה האָבן טענצערס, כאָרן, סאָליסטן און אַקטיאָרן פונאַנדערגעוויקלט און אָפּגעשפּיגלט די דראַמע פון דער יידישער געשיכטע פון די צייטן פון אברהם אבינו ביז דעם ווידעראויפבוי פון ציון. „שיקאַגאָ טריביון", וואָס איז נישט באַזונדערס אַ פּראָ־יידישע צייטונג, האָט איבערגענומען דעם פּאַטראָנאַזש פון דער פאָרשטעלונג פאַר אַ צווייטן אָוונט, ווען עס זענען געקומען פינף און זיבעציק טויזנט מענטשן, על פי רוב נישט־יידן.

צייטונגען מיט גוטע, לעבעדיקע אַדמיניסטראַטאָרן האַלטן שטענדיק אַן אויג אויף ספּעציעלע געשעענישן, וואָס קאָנען אויסגענוצט ווערן, כדי צו הייבן דעם טיראַזש. די פּערצן שפּאַלטן פון „שיקאַגאָ טריביון", ווו אונדזער פאָרשטעלונג איז באַשריבן געוואָרן, האָבן ווייזט־אויס געמאַכט אַ רושם אויפן פיר־און־דרייסיקסטן שטאָק פון דער „דיילי ניוס"־געביידע אין ניו־יאָרק. די צייטונגען זענען געווען „לייבלעכע שוועסטער", און דער פאָרזיצער פון דער אָפּטיילונג פאַר ספּעציעלע געשעענישן אין „שיקאַגאָ טריביון" פיליפּ מאַקסוועל, האָט טעלעפאָנירט צו דזשאָזעף מעדיל פּאַטערסאָנען פון „דיילי ניוס" און האָט אים געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַן אוצר, וואָס זיי דאַרפן איינהאַנדלען. און מיך האָט מען געבעטן צו פאָרן באַלד צו דעם מעכטיקן קאָלאָנעל פּאַטערסאָן — ווי מען האָט אים געוויינלעך גערופן — און מען האָט מיר מיטגעגעבן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו, אַז די „ניוס" זאָל איבערנעמען דעם פּאַטראָנאַזש איבער אַ פאָרשטעלונג פון „ראָמאַנס פון אַ פאָלק" אין ניו־יאָרק.

איך האָב נישט באַוויזן צו דערלאַנגען די האַנט פּאַטערסאָנען, ווי ער האָט מיר אַ זאָג געטאָן: „איך פאָר קיין שיקאַגאָ היינט נאָך מיטאָג. פאָרט מיט אונדז". ער איז באַגלייט געוואָרן דורך דעם הויפּט־אַדמיניסטראַטאָר מאַקס אַנענבערג, אַ פעטער פון וואָלטער אַנענבערג, איצט אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן. צו אַנענבערגן האָב איך געזאָגט: „צו וועלכן טייוול האָב איך געדאַרפט קומען קיין ניו־יאָרק, אויב איך דאַרף באַלד פאָרן צוריק מיט אייך קיין שיקאַגאָ?" אָבער איך בין געפאָרן.

איך בין נישט געווען געוווינט צו דעם אופן, ווי זיי האָבן געמאַכט געשעפטן. פון דער רגע, ווען מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין באַן־וואַגאָן ביז איינס אַ זייגער ביי נאַכט, ווען מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן, האָבן מיר גערעדט און געטרונקען. מיר האָבן גערעדט וועגן אַלץ אין דער וועלט אַ חוץ וועגן דער פאָרשטעלונג פון „ראָמאַנס". מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז זיי זענען פּלוצלונג קראַנק געוואָרן אויף אַמנעזיע וועגן דעם ענין, אָדער אַז עס איז קיין מאָל גאָרנישט געווען אַזאַ זאַך, ווי דער „ראָמאַנס". און איך האָב אָנגעהויבן ליידן פון האַלוצינאַציעס. וואָס

לענגער מיר האָבן גערעדט, אַלץ מער נערעוויז בין איך געוואָרן. אַ חוץ דעם האָט מען נאָך יעדן צווייטן וואָרט געדאַרפט נעמען אַ כוסה, אָדער אַזוי האָט זיך מיר בכל אופן אויסגעוויזן.

ווען מיר זענען אַראָפּגעגאַנגען פון צוג צומאָרגנס צען אין דער פרי, אין שיקאַגאָ, האָט פּאַטערסאָן מיר אַ זאָג געטון: „נעמט די טעלעגראַמע פאַר ניו־יאָרק: „ווייסגאַל, אָ־קעי, גייט־אָן מיט אייער פּלאַן".

מיין גלות האָט זיך געענדיקט. מיט דעם נאָענטסטן צוג בין איך צוריקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק. און אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט שירלי אַריינגעזעצט די קינדער אין אַ באַנוואַגאָן און מיין משפּחה איז געקומען צו מיר. מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ פּראָוויזאָרישע באַלעבאַטישקייט אין „פּיטער סטייוועסענט" ־ האָטעל, אויף 86־טער גאַס און צענטראַל פּאַרק וועסט. דער „פּרייטיק־צו־נאַכטס־קלוב" האָט זיך ווידער געעפנט. דזשאָו ברייניך, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַ ליטעראַרישער אַגענטור אונטערן נאָמען „סעווען אַרטס פיטשור סינדיקאַט" (זיבן קונסטן אויס־שניטן־סינדיקאַט), האָט געפונען צייט איבערצונעמען די „פּובליסיטי"־אַרבעט פאַר דער אויפפירונג פון „ראָמאַנס פון אַ פאָלק". לואי ליפּסקי האָט מיר געשיקט זיין ווייבס פּלימעניק, דען שאָכט, צו זיין דער בינע־פאַרוואַלטער און געהילפס־רעזשיסער. וואָן גראָוו איז געקומען פון שיקאַגאָ. ווידער אַ מאָל האָב איך זיך געפילט היימיש צווישן אַלטע גוטע פריינד.

און איצט, ווען איך בין שוין נישט געווען קיין אָנגעשטעלטער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע, האָב איך געקאָנט אַרבעטן מיט איר. איך האָב דורכגעפירט, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע געזעלשאַפטן זאָלן באַקומען אַ געהעריקן פּראָצענט פון דער הכנסה פון דעם ספּעקטאַקל, נאָך דעם ווי איך האָב אויסגעצאָלט ווייצמאַנען די הונדערט טויזנט דאָלאַר. מיין אייגענע שכירות האָט באַטראָפן אַכציק דאָלאַר אַ וואָך — מיט אַ צוזאָג, אַז איך וועל קריגן אַ ספּעציעלע באַלוינונג פון פינף טויזנט דאָלאַר פון „דיילי ניוס" נאָך דעם ווי מיין אַרבעט וועט פאַרענדיקט ווערן. אין די שפּעטערדיקע וואָכן זענען געווען מאָמענטן, ווען אָט די באַלוינונג האָט אָנגענומען אַ גאַנץ באַזונדערן כאַראַקטער.

מיר האָבן אַראַנזשירט, אַז די פאָרשטעלונג זאָל אויפגעפירט ווערן אונטערן אָפענעם הימל אין די „פּאָלאָ גראַאונדס", וואָס האָט פיר און צוואַנציק טויזנט זיץ־פּלעצער. אָבער דער זומער האָט געהאַלטן ביים פאַרגיין, און מ״ר זענען געווען באַאומרויִקט וועגן וועטער. מיר האָבן געהאַט מזל אין שיקאַגאָ. צי וועלן מיר זיין אַזוי מזלדיק דעם 14־טן סעפּטעמבער, אין דעם טאָג, אויף וועלכן מיר האָבן באַשטימט די פאָרשטעלונג, נאָך לאַנגע און פיינלעכע חקירות פון די מעטעאָראָ־לאָגישע באַריכטן זינט בריאת העולם. דאָס מאָל האָב איך לכל הפּחות נישט געהאַט קיין דאגות וועגן געלט, הגם איך האָב געדאַרפט אויפבויען אַ גאַנץ נייע בינע־אויסשטאַטונג. מיר האָבן אַריינגעקראָגן הונדערט פופציק טויזנט דאָלאַר פון דעם פאָרפאַרקויף פון בילעטן אין משך פון צוויי וואָכן, נאָך דעם ווי מיר האָבן אָנגעזאָגט די פאָרשטעלונג. געוויס האָב איך נישט געקאָנט רירן דאָס געלט,

אָבער איך האָב געהאַט הנאה צו קוקן אויף דער היפשער „מאַטניא". און אויך „דיילי ניוס" האָט הנאה געהאַט.

אין דעם אָוונט פון 13־טן סעפּטעמבער האָבן מיר געמאַכט אַ רעפּעטיציע. לויט מיין מיינונג, אין וועלכער איך האָב געקאָנט זיין נישט־אָביעקטיוו, איז די אויפפירונג געווען נאָך ווונדערלעכער ווי אין שיקאַגאָ. מיר האָבן געהאַט פּראָ־פעסיאָנעלע אַקטיאָרן און זינגער, און ווידער אַ מאָל דריי טויזנט קינדער פון די העברעיִשע שולן. מיר האָבן זיך געפילט אַזוי גליקלעך, אַז עס איז געווען אַ מחיה, און די גאַנצע וועלט האָט פאַר אונדז אויסגעזען אַזוי, ווי אַ קונצן־מאַכער וואָלט מיט זיין מאַגישן שטעקן באַוויזן ווונדער. און דאַן, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערגיין, האָב איך עפּעס דערפילט ווי עטלעכע טראָפּנס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אויף מיין פּנים. און מיט אַ מאָל האָט מיך דורכגענומען אַ שוידער־לעכער קאָלטער ציטער. מיר האָבן געטרייסט איינער דעם אַנדערן, אַז דאָס איז נישט מער ווי די פייכטקייט פון דער סעפּטעמבער־נאַכט.

נו, אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ מבול, וואָס וואָלט געמאַכט אַ רושם אַפילו אויפן אַלטן נח. דער מבול האָט טאַקע נישט געדויערט קיין פערציק טעג און פערציק נעכט, אָבער פיר טעג און פיר נעכט האָט ער אָנגעהאַלטן. און אַפילו די פייערלעשער האָבן נישט געקאָנט ראַטעווען אונדזער בינע־אויסשטאַטונג. די פּאָלאָ־גראַונדס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתן ים, אויף וועלכן מיר האָבן געקאָנט זען שווימען אַלץ, וואָס מיר האָבן געהאַט צוגעגרייט פאַר די פאַרשידענע סצענעס.

מיר אַליין האָבן געפונען אַ מקום מקלט אויפן פיר און דרייסיקסטן שטאָק פון „דיילי ניוס". און מיר האָבן אַרויסגעקוקט, אַז דער אויבערשטער זאָל זיך דערמאָנען אין זיין שבועה און זאָל געדענקען אין אונדז. מיר האָבן געהאָפט, אַז מיר וועלן נישט דאַרפן וואַרטן אַזוי לאַנג, ווי נח האָט געוואַרט. דאַן האָט מען אָנגעהויבן קלינגען אין טעלעפאָן. עס האָבן טעלעפאָנירט די, וועלכע האָבן געהאַט געקויפט בילעטן און אַנדערע: „וואָס וועט זיין מיטן „ראָמאַנס פון אַ פאָלק?" איך בין אַראָפּגעגאַנגען צו די טעלעפאָן־מיידלעך און האָב זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלן ענטפערן, אַז מיר וועלן באַלד אַרויסגעבן אַ מיטטיילונג. „דערווייל — האָב איך זיי געזאָגט — „פירט אַ רעכענונג פון די טעלעפאָן־אָנפראַגן, כּדי מיר זאָלן וויסן ווי אַזוי דער עולם האָט זיך אָפּגערופן".

אין פאַרלויף פון דריי טעג זענען געווען צוויי און פערציק טויזנט טעלע־פאָנישע אָנפראַגן. איך האָב אויסגערעכנט, אַז אַפילו אויב אַ העלפט פון זיי זענען געקומען פון בילעטן־קויפער, וואָס מאָנען צוריק זייער געלט, קאָן דער אינטערעס, וואָס די אנדערע האָבן אַרויסגעוויזן, אונדז פאַרזיכערן אַ גרויסן עולם, ווען מיר וועלן אויפפירן די פאָרשטעלונג. דער הויפּט־אַדמיניסטראַטאָר פון „דיילי ניוס" אַנענבערג, האָט איינגעשטימט מיט מיר. אויפן פערטן טאָג, ווען דער מבול האָט זיך גענומען אַ ביסל איינשטילן, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג פון אונדזער גאַנצן קאָמיטעט, מיט דעם יונגן נייטן שטראַוס אַלס פאָרזיצער. ער איז אויס־

געקליבן געוואָרן פאַר דער דאָזיקער ראָל, ווייל מיר האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ פינאַנסיעלן גאון. נו, האָט ער זיך איצט אויפגעשטעלט און דערלאַנגט זיין מיינונג פון אַן איש חכם ונבון, אַז מיר דאַרפן אָפּרופן די פאָרשטעלונג און צוריקגעבן דאָס געלט צו די, וואָס האָבן געקויפט בילעטן.

דערהערנדיק אַזעלכע דיבורים, האָט אַנענבערג זיך אויפגעהויבן פון אָרט (ער איז געווען אַ הויכער מיט אַ מעכטיקן טעמפּעראַמענט), האָט אַ זעץ געטאָן אין טיש און זיך אָנגערופן: „מיסטער שטראַוס" (ער האָט זיך אויסגעדריקט: „שטראַוס", וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין אַ גרימצאָרן דעם פּאָרזיצער, וועלכער האָט דווקא געוואָלט, מען זאָל אים רופן „שטראַוס"), כ'קען אייך נישט, איך האָב אייך קיין מאָל פריער נישט באַגעגנט, אָבער איך האָב אַ קאָנטראַקט מיט אָט דעם חברהמאַן (און ער האָט אָנגעוויזן אויף מיר) אויפצופירן די פאָרשטעלונג. די ניו־יאָרק „דיילי ניוס" האָט נאָך קיין מאָל נישט צוריקגעצויגן אַ צוזאָג, וואָס זי האָט געגעבן די לייענער. די פאָרשטעלונג וועט פאָרקומען". און אָנטייטלענדיק נאָך אַ מאָל אויף מיר, האָט ער געזאָגט: „געדענקט, מיר האָבן אַ קאָנטראַקט".

שטראַוס האָט געשוויגן, ער האָט קיין איין וואָרט נישט געענטפערט. ער, וועלכער איז פאַר מיר געווען דער סימבאָל פון דרך־ארץ, איז אַרויסגעלאָפן פון צימער, האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר הינטער זיך און איז אַוועק. קיינער האָט אים נישט באַגלייט.

מיר האָבן נישט מיטגעטיילט וועגן שטראַוסעס רעזיגנאַציע. מיר האָבן זי פשוט איגנאָרירט. איצט האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן אַ פאַרמאַכטן פּלאַץ פאַר דער פאָרשטעלונג. איך בין געפאָרן קיין אַלבאַני צו זען גאָווערנאָר לעהמאַנען. איך האָב אים געבעטן ער זאָל אונדז געבן דעם גרעסטן מיליטער־זאַל אין ניו־יאָרק. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַזאַ זאַל געפינט זיך ווייט אין די בראָנקס, אויף דער 197סטער גאַס. עס איז געווען אַ מיליטער־זאַל פון דער פעדעראַלער רעגי־רונג. אָבער לעהמאַן האָט געהאַנדלט וווּנדערלעך. ער האָט אויפן אָרט טעלעפאָ־נירט קיין וואַשינגטאָן און האָט באַקומען דעם זאַל אויף דריי וואָכן.

דאָס איז געווען מיין ערשטע באַגעגעניש מיט הערבערט לעהמאַנען, וועלכער איז עטלעכע מאָל געווילט געוואָרן אַלס גאָווערנאָר און איז — מעגלעך מיטן אויסנאָם פון אַל סמיטן — געווען דער גרעסטער גאָווערנאָר, וואָס ניו־יאָרק האָט געהאַט. ער איז אויך געווען אַ פיינער, איידעלער מענטש און מיט דער צייט זענען מיר געוואָרן גוטע פריינד. ער און זיין פרוי עדיט האָבן אונדז באַזוכט אין רחובות און אונדזערע פאַמיליעס זענען געווען נאָענט באַפריינדעט אין משך פון דרייסיק יאָר.

ביז צו דער פּרעמיערע פון „ראָמאַנס פון אַ פאָלק" זענען געהאַט פאַרבליבן נאָך צוויי „קליינע" פּראָבלעמען צו לייזן: איין פראַגע איז געווען, וואָס אין דעם גרויסן זאַל פון דער מיליטער־געביידע האָבן זיך נישט געפונען קיין איינגעאָרדנטע זיצפּלעצער; די צווייטע פראַגע איז געווען, וואָס יעדעס וואָרט, וואָס מען האָט דאָרט אַרויסגערעדט, איז צוריקגעקומען מיט אַן אָפּהילכנדיקן עכאָ פינף מינוט שפּעטער. מיר האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער „אַמעריקען פעלט קאָמפּאַני",

וואָס אַרבעט אויס פּילץ, זי זאָל איזאָלירן דעם גאַנצן זאַל און די „סירס ראָבוק״־פירמע האָבן מיר געגומען, זי זאָל איינאָרדענען איין און צוואַנציק טויזנט פּלעצער. עס זענען טאַקע נישט געווען קיין פיר און פופציק טויזנט. דאָס האָט געמיינט דריי אָוונטן פאַר יעדן איינעם, וואָס מיר האָבן פריער געפּלאַנט. אָבער דאָס איז געווען דאָס העכסטע, וואָס מיר האָבן געקאָנט קריגן און איבערלאָזן גענוג פּלאַץ פאַר דער אויפפירונג.

איצט האָבן מיר נישט קיין מורא געהאַט, נישט פאַר ווינט און נישט פאַר וועטער. די איינציקע זאַך, וואָס וואָלט אונדז געקאָנט שטערן, וואָלט געווען אַן ערד־ציטערניש. נאָך אַ צען־טאָגיקן איבעררייס האָבן מיר געקאָנט אָנזאָגן דעם עולם, אַז די פאַרשטעלונג וועט פאָרקומען און אַז די געקויפטע בילעטן קאָנען אויסגעטוישט ווערן ביי לעבלאַנגס עט קאָמפּאַני וכּל הקודם זוכה, ווער עס וועט קומען פריער, וועט באַקומען בילעטן אויף פריער. אין דעם אָוונט, איידער דער בילעטן־פאַרקויף האָט זיך געדאַרפט אָנהויבן, האָבן טויזנטער מענטשן זיך פאַרזאַמלט אויף בראָדוויי און געשטאַנען אין דער ריי אַ גאַנצע נאַכט ביז דאָס פענצטערל פון לעבלאַנגס עט קאָמפּאַני וועט זיך עפענען.

כּמעט אַ מיליאָן מענטשן זענען געקומען זען די פאַרשטעלונגען פון „ראָמאַנס פון אַ פאָלק״. מען איז געקומען מיטן סאָבוויי, מיט אויטאָבוסן, מיט אויטאָמאָבילן און צופוס אין דעם ווייטן העק אין די בראָנקס, צו זען די אויפפירונג. מיר האָבן געשפּילט זעקס וואָכן נאָך אַנאַנד.

דעם ערשטן אָוונט זענען אַלע געקומען, אָנהויבנדיק פון דעם גאָווערנאָר, מעיאָר, פון דעם פירער פון די דעמאָקראַטן דזשים פאַרלעי ביז „עמך״. אַפילו נייטן שטראַוס איז געווען ביי דער פאַרשטעלונג — אַ ביסל תּמעוואַטע, אָבער נישט אומצופרידן. בלויז עטלעכע יודעי־חן האָבן געוווּסט, אַז ער האָט געהאַט פאַרלאָזן די שיף, ווען ער האָט געמיינט, אַז זי קלייבט זיך איינצוזינקען, אָדער אַז זי איז שוין אַפילו נאָך אַלעמען. מיר וואָלטן געקאָנט פאַרזעצן מיט די פאַרשטעלונגען חדשים־לאַנג, אָבער די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט געהאַט אַנדערע פּלענער בנוגע איר זאַל.

ווען די פאַרשטעלונגען זענען פאַרענדיקט געוואָרן אין ניו־יאָרק, האָט מען מיך איינגעלאַדן אין קאָלאָנעל פּאַטערסאָנס ביוראָ, אָפּצונעמען מיין „באַלוינונג״: אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט, אין וועלכן עס האָט זיך — ווי איך האָב געוווּסט — געדאַרפט געפינען אַ טשעק אויף פינף טויזנט דאָלאַר. אַזאַ דזשענטלמען און וועלט־מענטש, ווי איך בין געווען, האָט נישט געעפנט דעם קאָנווערט אין דער אָנוועזנהייט פון קאָלאָנעל. די „דיילי ניוס״ האָלט שטענדיק וואָרט — האָב איך גוט געדענקט. אָבער פינף סעקונדעס שפּעטער נאָך דעם ווי איך בין אַרויס־געגאַנגען פון דער געביידע, האָב איך באַטראַכט דעם טשעק: ער איז געווען אויסגעשריבן אויף צען טויזנט דאָלאַר.

מיט די וואַרעמע לויב־געזאַנגען פון שיקאַגאָ און ניו־יאָרק, וואָס האָבן געקלונגען אין אונדזערע אויערן, האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט מיט דער פאַר־שטעלונג איבער דער מדינה. דעם ערשטן אָפּשטעל האָבן מיר געמאַכט אין פילאַ־

דעלפיע. מיר האָב שוין געהאַט אַנטוויקלט אַן אויסגעפּרוּווטע מעטאָדע, ווי אַזוי צו רעקלאַמירן. די לאָקאַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן איבערגענומען דעם פֿאַרקויף פֿון די בילעטן און האָבן רעקרוטירט דעם גרויסן אַנסאַמבל, וואָס מיר האָבן געדאַרפֿט האָבן. דערפֿאַר האָבן זיי באַקומען פּופֿציק פּראָצענט פֿון דער הכנסה. מיר האָבן אָפּגעשלאָסן אונדזערע רעכענונגען אין ניו־יאָרק, האָבן אַראָפּ־גענומען די הונדערט טויזנט דאָלאַר פֿאַר דעם צענטראַלן פּליטים־פֿאָנד און האָבן דעם עודף איבערגעגעבן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פֿון אַמעריקע און צו אַנדערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. פֿאַר די לויפֿנדיקע הוצאות, וואָס מיר האָבן געדאַרפֿט מאַכן, האָב מיר זיך פֿאַרלאָזט אויף די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס.

אין פֿילאַדעלפֿיע האָבן מיר באַקומען די גרויסמוטיקע הילף פֿון דער פּראָ־מינענטער צייטונג „פֿילאַדעלפֿיע לעדזשער". אונדזער גרויס געווינס אין פֿילאַ־דעלפֿיע איז געווען אַלבערט איינשטיין, וועלכער האָט איינגעשטימט צו קומען צו דער פּרעמיערע. מיר האָבן געהאַלטן ביים אָנהויבן „בתופים ובמחולות" און עס האָט אויסגעזען, אַז כאָטש פֿילאַדעלפֿיע האָט אַ פּיל קלענערע יידישע באַפֿעל־קערונג ווי ניו־יאָרק, וועט דער רעקאָרד־באַזוך זיין דער זעלבער.

מיר האָב טאַקע אָנגעהויבן „בתופים ובמחולות", אָבער אין דער פֿאָרם פֿון אַ שרעקלעכן שניישטורעם, דעם ערגסטן, וואָס פֿילאַדעלפֿיע האָט געהאַט אין די לעצטע הונדערט זיבן יאָר זינט פֿילאַדעלפֿיע האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן וועטער־ביולעטינען. מיר האָבן שנעל געדונגען עטלעכע צענדליק גרויסע אויטאָ־מאָבילן צו ברענגען דעם אַנסאַמבל און די גרויסע מענטשן, וועלכע האָבן רעזערווירט די טייערע לאָזשעס, אָבער האָבן נישט געהאַט באַצאָלט פֿאַר זיי. איך האָב געשיקט דזשאָו ברייניגען קיין פּרינסטאָן צו ברענגען די איינשטיינס, און ער האָט זיי סוף כּל סוף צוגעשטעלט, נאָך אַ נאָרד־פּאָל־רייזע איבער די מיט דיקן שניי באַדעקטע וועגן פֿון ניו דזשוירדזי און פּענסילוואַניע. איך בין זיכער, אַז בלויז מיט דער השפּעה פֿון דזשאָוס אויסגעצייכנטן ווינער דייטש האָבן די איינשטיינס זיך איבערלייגט און מסכּים געווען צו קומען אין אַזאַ היגטיש וועטער.

די רעצענזיעס אין פֿילאַדעלפֿיע זענען געווען נישט ווייניקער ענטוזיאַסטיש, ווי די, וועלכע מיר האָבן באַקומען אין שיקאַגאָ און אין ניו־יאָרק. אָבער דאָס שלעכטע וועטער האָט אָנגעהאַלטן מיט אַ שוידערלעכער רשעות און מיר האָבן פֿאַרענדיקט אין פֿילאַדעלפֿיע מיט אַ דעפֿיציט. איך בין געווען זיכער, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פֿון אַמעריקע וועט דעקן דעם דעפֿיציט פֿון דעם פֿריִערדיקן גרויסן רווח, וואָס זי האָט געהאַט פֿון אונדזערע פֿאָרשטעלונגען. אָבער איך האָב געמאַכט אַ טעות. אָן זייער הילף זענען מיר געפֿאָרן ווייטער מיט דער אויפֿפֿירונג קיין דעטראָיט און קליוולענד. אָבער די קאָרגשאַפֿט און די קורצזיכ־טיקייט פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן מיך שטאַרק געאַרט. וואָס עס האָט מיך אַממערסטן פֿאַרדראָסן איז געווען איר בלינדקייט נישט צו זען די גרויסע פּראָפּאַגאַנדע־באַדייטונג פֿון דעם „ראָמאַנס פֿון אַ פֿאָלק", וועמענס גייסט איז געווען דורך און דורך ציוניסטיש. איך מיין, אַז עס איז נישט קיין גוזמאָ

צו זאָגן, אַז די אַן ערך אַנדערטהאַלבן מיליאָן מענטשן, וועלכע האָבן געזען דעם „ראָמאַנס פון אַ פּאָלק" אין די פאַרשיידענע שטעט, ווו מיר האָבן געשפּילט, זענען מער באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעם יידישן און ציוניסטישן גייסט פון דער פאָרשטעלונג, ווי פון די אַלע אויסגעדראָשענע רעדעס און פובליקאַציעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע.

איך האָב כמעט באַדויערט, וואָס איך האָב צוריק אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע. איך האָב זיך געגעבן אַ שבועה, אַז וואָס איך וועל ווייטער אונטערנעמען פון אַן ענלעכן כאַראַקטער, ווי דער „ראָמאַנס פון אַ פּאָלק", וועל איך זיך שוין מער נישט אַריינלאָזן אין די עסקים מיט די לייט און כאָטש איך בין געווען מיד פון דעם „ראָמאַנס", האָב איך געהאַט נאָך אַנדערע אידעען. מיר האָבן קיין מאָל נישט געפעלט קיין אידעען. איך האָב געהאַט איינעם אַ באַזונדערן פּלאַן, וועלכער האָט זיך מיר כמעט אַ גאַנץ יאָר געבאָמבלט אין מוח. ווען איך האָב געאַרבעט אין שיקאַגאָ ביים צוגרייטן די פאָרשטעלונג פון „ראָמאַנס", האָב איך געלייענט אַ נאָטיץ אין דער צייטונג, אַז מאַקס ריינהאַרדט האָט געמוזט אַנטלויפן פון דייטשלאַנד.

אין אַ רגע, ווען עס האָט מיר עפּעס אַ בליץ געטאָן אין קאָפּ — איך האָב נישט איין מאָל געהאַט אַזעלכע רגעס — האָב איך אָוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע:

„צו מאַקס ריינהאַרדטן, איראָפּע. אויב היטלער וויל אייך נישט האָבן, וועל איך אייך נעמען".

די טעלעגראַמע איז קיין מאָל נישט אָנגעקומען צו ריינהאַרדטן. אָבער די אידעע האָט מיך נישט אָפּגעלאָזן. אויסדריקנדיק זיך פּשוט איז דער תמצית פון דער אידעע געווען אויפצופירן אַ ריינהאַרדט־ספּעקטאַקל אויף אַ טעמע, וואָס זאָל זיין ענלעך צום „ראָמאַנס פון אַ פּאָלק" אַלס אַ מין ענטפער היטלערן. אָבער נישט ווי דער „ראָמאַנס פון אַ פּאָלק" האָט עס געדאַרפט זיין אַ פאָרשטעלונג מיטן אָנטייל פון די גרעסטע אַרטיסטן פון אונדזער צייט.

און דאָ בין איך געווען מיט מיין באַלוינונג פון די צען טויזנט דאָלאַר, וואָס האָבן מיר אויסגעבראַכט אַ לאָך אין דער קעשענע. דער „ראָמאַנס פון אַ פּאָלק" איז געווען פאַרענדיקט אין יעדער הינזיכט, און מיין נייע אידעע האָט מיך אין גאַנצן באַהערשט און איז געוואָרן אין מיינע אויגן וואָס אַ מאָל מער אַנציִענדיק. איך האָב באַשלאָסן איבערצוגעבן די הונדערט טויזנט דאָלאַר ווייצמאַנען אין איראָפּע און פאָרן קיין פּאַריז צו זען ריינהאַרדטן.

די עטלעכע פריינד מיינע, מיט וועלכע איך האָב זיך באַראַטן אין ניו־יאָרק פאַרן אַוועקפאָרן קיין פּאַריז צו זען מאַקס ריינהאַרדטן, האָבן מיך זייער שאַרף געוואָרנט: „איר וועט דאַרפן האָבן אַן אָטאָ קאַהן (באַרימטער אַמעריקאַנער קונסט־מעצענאַט), אָדער אַ רעגירונגס־סובסידיע, בכדי צו קאָנען זיך אַן עצה געבן מיט ריינהאַרדטס פערזענלעכע הוצאות" האָבן זיי מיר געזאָגט. „ער לעבט אויף שאַמפּאַניער און קאַוויאַר; ער רויכערט דריי דאָלאַרדיקע סיגאַרן; ער פאָרט אַרום מיט אַזאַ גרויסער פערזענלעכער סוויטע, ווי אַ טערקישער פּאַשאַ". אַפילו

לואי לופסקי, וועלכער איז געווען היפש פּאַרסמט פון טעאַטער, האָט זיך באַמיט מיך אָפּצורעדן פון מיין אידעע און נאָר דער ווינער דזשאָו ברייגין האָט מיך אָנגערייצט אויסצופירן מיין פּלאַן. קלאָר ווי דער טאָג, אַז דווקא די אַלע שטערונגען האָבן מיך געבראַכט דערצו, אַז איך זאָל זיך נישט קאָנען צוריקהאַלטן פון מיין אידעע.

מאַקס ריינהאַרדט האָט דעמאָלט אויפגעפירט אין טעאַטער פּיגאַל אין פּאַריז „די פלעדערמויז״. צו געפינען דעם טעאַטער איז געווען זייער לייכט, אָבער באַגעגענען זיך מיט ריינהאַרדטן איז געווען עפּעס אַנדערש. זיין סוויטע איז טאַקע געווען אַ ריזיקע און איר הויפּטציל איז געווען צו היטן אים פון מענטשן פון דרויסן, וועלכע האָבן געוואָלט צו אים זיך אַריינכאַפּן. אַזעלכע זענען געווען אין די טויזנטער. יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט אַ ווונדערלעכן פאָרשלאָג פאַר דעם גרעסטן טעאַטער־קינסטלער פון אונדזער צייט. איך האָב אַפילו נישט געפּרוווט זיך דורכצוברעכן. אַנשטאָט דעם בין איך אַוועקגעגאַנגען צו פּיער וואַן פּאַסן, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער פּאַריזער קאָרעספּאָנדענט פון „טאָראָנטאָ סטאַר״.

פּיער, כאָטש זייער אַ באַשיידענער — איך האָב זיך אָפט געוווּנדערט, ווי אַזוי ער האָט זיך געקאָנט אויסצייכענען אין אַ פּראָפעסיע, וואָס האָט זיך אַזוי ווייניק געפּאַסט פאַר אַזאַ עניוותדיקן טיפּ, ווי ער — האָט אויסגעזען צו קענען יעדן איינעם אין פּאַריז. ער האָט אַראַנזשירט פאַר מיר אַ באַגעגעניש. ער האָט מיך באַגלייט צום טעאַטער פּיגאַל; האָט געזען, אַז איך זאָל זיך דורכבאַקומען דורך די באַריקאַדן און האָט מיך איבערגעלאָזט אַליין מיט ריינהאַרדטן. שירלי, וועלכע איז געקומען צוזאַמען מיט מיר, האָט געוואַרט אין דרויסן.

איידער מ׳האָט אונדז אַריינגעלאָזן, האָט מען אונדז געוואָרנט, אַז איך האָב נישט מער ווי פּינקטלעך צען מינוט צו רעדן מיט ריינהאַרדטן. איך בין געקומען באַוואָפנט מיט אַ מאַסע בילדער פון דער פאָרשטעלונג פון „ראָמאַנס פון אַ פאָלק״ און האָב זיי אויסגעשפּרייט פאַר דעם גרויסן קינסטלער, בעת איך האָב אים דערקלערט מיין אידעע. אין מיין הינקענדיקן דייטש — איך האָב שוין געהאַט אַ ביסל זיך אויסגעלערנט אָט דעם פאַרקריפּלטן יידיש — האָב איך געזאָגט: „דיזעס שאַושפּיל מוז היטלער אונדזערע אַנטוואָרט געבען״. (מיר האָבן דעמאָלט נישט געקאָנט פאָרויסזען אין אונדזערע פינצטערסטע חלומות, אַז עס וועלן זיך אָנרוקן אַזעלכע אומגלויבלעכע שוידערלעכקייטן. אַנדערש וואָלט איך נישט באַנוצט אַזאַ שפּראַך, וואָס קאָן רעטראָספּעקטיוו קלינגען כמעט לייכטזיניק).

ריינהאַרדט האָט זיך צוגעהערט, נישט אַרויסווייזנדיק קיין באַזונדערע אויפ־מערקזאַמקייט צו דעם, וואָס איך האָב אים געזאָגט. אָבער ער האָט מיך אויס־געהערט און נישט געמאַכט קיין שום רמז, ער זאָל וועלן פּטור ווערן פון מיר. די צען מינוט האָבן זיך אויסגעצויגן אויף צוואַנציק, אויף פערציק — ביז איך האָב שוין פאַרלאָרן דעם חשבון. שירלי האָט שפּעטער געזאָגט, אַז איך האָב זי געלאָזט וואַרטן שעהען לאַנג.

צום סוף איז ריינהאַרדט אַרויפֿגעקומען מיט עטלעכע פֿראַגן: ווער וועט שרייבן דעם סצענאַר? ווער וועט שרייבן די מוזיק? איך האָב נישט געהאַט קיין גרייטע ענטפֿערס. איך האָב קודם־כּל געוואָלט שאַפֿן די קאָמבינאַציע פֿון מאַקס ריינהאַרדטס אָנפֿירונג מיט דעם ספּעקטאַקל און מאיר ווייסגאַלס ענטוזיאַזם. איך האָב אים געזאָגט, אַז ער איז פֿריי אויסצוקלויבן זיינע מיטאַרבעטער. ער האָט דאַן פֿאָרגעשלאָגן, אַז פֿראַנץ ווערפֿעל זאָל שרייבן דעם טעקסט; אַז קורט ווייל זאָל שאַפֿן די מוזיק; אַז נאָרמאַן בעל גידעס זאָל מאָלן די דעקאָראַציעס. איך האָב אַראָפּגעשלונגען דעם שווערן ביסן, טראַכטנדיק וועגן די פּאָר סענט, וואָס זענען מיר פֿאַרבליבן פֿון מיין קניפּל פֿון די צען טויזנט דאָלאַר.

אָבער ווען איך בין אין יענעם נאָכמיטאָג אַוועקגעגאַנגען פֿון ריינהאַרדטן, זענען מיר געהאַט דורכגעקומען וועגן צוויי זאַכן: א) ריינהאַרדט, ווערפֿעל, ווייל און ווייסגאַל דאַרפֿן זיך באַגעגענען אין זאַלצבורג אין זומער 1934 (אונדזער ערשט געשפּרעך איז געפֿירט געוואָרן אין נאָוועמבער 1933); און ב) איך דאַרף דעפּאָנירן אין אַן אַמעריקאַנער באַנק צען טויזנט דאָלאַר אויפֿן חשבון פֿון ריינהאַרדטס באַלוינונג פֿאַר דער אַרבעט.

איך האָב געשיקט אַ דעפּעשע צו דזשאָו בריינינען און האָב אים געבעטן צו ווענדן זיך צו מיין משפּחה וועגן דער סומע, וואָס איך האָב געדאַרפֿט אַריינלייגן אין באַנק. דריי טעג שפּעטער האָב איך דערהאַלטן אַן ענטפֿער, אַז דאָס געלט ליגט שוין אין באַנק. דזשאָו איז קודם־כּל געפֿאָרן קיין ניו־יאָרק, ווו ער האָט גערעדט מיט מיין ברודער ליאָ, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַ דערפֿאָלגרייכער סוחר. בריינין האָט זיך באַמיט צו פֿאַרקויפֿן די אידייע, אַז אַ ריינהאַרדט־פֿאָר־שטעלונג איז אַ גאָלדן געשעפֿט. דזשאָו האָט געדאַרפֿט האָבן מער דערפֿאַרונג, ווי פּרוּוון איינרעדן אַזאַ זאַך ליאָן, וועלכער האָט אים געענטפֿערט, אַז ווי ווייט ער ווייסט איז ריינהאַרדט נאָר אַן אויסברענגער פֿון געלט און אַז ער האָט קיין מאָל נישט געמאַכט קיין געלט פֿאַר אַנדערע. אָבער, האָט ליאָ צוגעגעבן, אויב מאיר וויל אַזוי, וועט ער טאָן דאָס בעסטע, וואָס ער קאָן. און ער האָט געטאָן. ליאָ און דזשאָו זענען דאַן ביידע אַוועקגעגאַנגען צו מיין ברודער דזשאָש, וועלכער האָט אין צוגאָב צו דעם, וואָס ער האָט געהאַט שיין פּרנסה פֿון זיין ציַיטונגס־קיאָסק אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט, אויך געמאַכט גאָלד פֿון דעם שאַרפֿן חוש, וואָס ער האָט געהאַט פֿאַר די פֿערדגעיעגן (ער פֿלעגט זאָגן, אַז זיין גמרא־קאָפּ און דאָס, וואָס ער האָט אין זיינע בחורישע יאָרן געלערנט זוהר, האָבן אים געהאָלפֿן צו דער גלענצנדער קאָמבינאַציע פֿון שׂכל און אינטויִציע). דזשאָש איז געווען גרייט מיר צו העלפֿן, זאָגנדיק, אַז ער ווייסט, אַז ווען ער באַטייליקט זיך אין מיין אונטערנעמונג, וועט ער שטעלן אויף אַ גוט פֿערדל.

אָבער מיט ליאָן און דזשאָשן האָט מען, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, געקאָנט מאַכן בלויז די התחלה. דאָס געלט, וואָס איך האָב געדאַרפֿט אַריינלייגן אין באַנק, איז געווען בלויז אַ פּרוטה אַנטקעגן דער סומע, וואָס איז געווען נויטיק שפּעטער. אַ ריינהאַרדט־ספּעקטאַקל איז נישט קיין ציוניסטישע פֿאָרשטעלונג. איך האָב געדאַרפֿט האָבן אַן אוצר מיט געלט. אין דער צייט צווישן פֿיגאַל און זאַלצבורג

האָב איך אָנגעקלאַפּט אין אַ סך טירן. אויפן וועג צוריק קיין ניו־יאָרק האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין קאַרלסבאַד, ווו חיים ווייצמאַן האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף אָפּרו. איך האָב אים דערציילט וועגן מיין נייער משוגעת. ער האָט זיך צוגעהערט צו מיר מיט וואַרעמער סימפּאַטיע און האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל פאָרן זען מאַדאַם רעבעקאַ זיוו, אין לאָנדאָן, זי וועט מיר זיכער העלפן.

רעבעקאַ איז געווען די פרוי פון ישׂראל זיוו (שפּעטער לאָרד זיוו אָוו ברימפּטאָן), איינעם פון די דריי עלטערע שותּפים פון דער גרויסער פירמע „מאַרקס און ספּענסער". די אַנדערע צוויי שותּפים — זענען געווען דער פאַר־שטאָרבענער סיימאָן מאַרקס (שפּעטער לאָרד בראָוסטאָן) און הערי סאַקער. אַלע דריי זענען געווען הייסע ציוניסטן. אַלע דריי האָבן אָנגעהויבן זייערע קאַריערעס אין מאַנטשעסטער ווו זיי זענען געוואָרן פאַרערער און נאָענטע פריינד פון ווייצמאַנען אין די יאָרן, ווען ער איז געווען אַ לעקטאָר פון כעמיע אין דאָרטיקן אוניווערסיטעט. אַלע דריי זענען געווען זייער פעיִקע מענטשן. אָבער הערי סאַקער, הגם ער אַליין האָט זיך נישט באַטייליקט אין די געשעפטן, איז אָן צווייפל געווען דער באַגאַבטסטער צווישן זיי. ער איז געווען אַ שרייבער און אַ יוריסט.

הערי סאַקער און איך האָבן זיך שוין געהאַט באַגעגנט אין אַמעריקע עטלעכע יאָר פריער, ווען איך בין נאָך געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. איך געדענק אַ טשיקאַווע געשפּרעך, וואָס איך האָב געהאַט מיט אים. איך גלויב, אַז דאָס איז געווען אין „אַמבאַסאַדאָר האָטעל". ווען איך בין אַריינגעקומען צו אים אין צימער, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן אומדערוואַרט, ווי פון דער הוילער הויט: „צי האָט איר ווען־עס־איז געהערט דעם אויסדרוק ‚אומפּאַרדינטער צוווּקס'?". איך האָב זיך מודה געווען, אַז איך האָב נישט געהערט. ער האָט דאַן מיר געגעבן אַ דערקלערן מיט אַ משל: ווי וואָלט עס אייך געפעלן געוואָרן, ווען איר לייגט זיך שלאָפן אַן אָרעמאַן, און איר שטייט אויף אַ גביר?" איך האָב אים געענטפערט אַז איך קאָן זיך קוים פאָרשטעלן אַ מער אָנגענעמע קאַטאַסטראָפע. „דאָס איז עס טאַקע, וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר" — האָט ער געזאָגט.

איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, אַז דאָס איז געווען דער אופן, אויף וועלכן ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז די פירמע „מאַרקס און ספּענסער" איז געוואָרן אַן אַקציען־געזעלשאַפט. אָבער, אַזוי צי אַזוי — האָט ער איבערגעטריבן. ער איז זיכער נישט געווען קיין אָרעמאַן, ווען „מאַרקס און ספּענסער" האָבן געהערט צו פּריוואַטע באַלעבאַטים. הערי סאַקער האָט געהאַט גרויס דערפאָלג אַלס שרייבער פון לייט־אַרטיקלען אין „מאַנטשעסטער גאַרדיען". ער איז אויך געווען אַ גוט־באַלוינטער יוריסט אין ארץ־ישׂראל, אין די ערשטע צייטן פון ענגלישן מאַנדאַט. איך האָב תּמיד געטראַכט, איידער איך האָב זיך מיט אים באַקענט פּערזענלעך, אַז סאַקער דאַרף נאַטירלעך געהערן צו דער בראַנדייס־גרופּע. זיין אינטעלעקטועלע קלאָרקייט, זיין כלומרשטע קילע באַציִונג, זיין יורידישע אויסבילדונג, זיין פאַרגאַנגענהייט — ער איז געווען איינער פון די ערשטע סטודענטן אין דער שול פאַר עקאָנאָמישער וויסנשאַפט אין לאָנדאָן — האָבן אויסגעזען אַזוי, אַז מען זאָל

אים דאַרפֿן פֿאַררעכענען צו דעם לאַגער פֿון בראַנדייסן. אָבער ער איז, אַזוי ווי זיין פֿרוי מרים, און אַזוי ווי זיין שוואָגער סיימאָן מאַרקס און ווי זיין שוועגערין רעבעקאַ זיוו, געווען אַ ווייצמאַניסט.

וועגן דער דאָזיקער וווּנדערלעכער פֿאַמיליע וועל איך נאָך שרייבן שפּעטער. ביי דעם איצטיקן פּונקט אין מיין לעבנס־געשיכטע האַלט איך ביי דעם אַריינגיין אין דעם קרייז פֿון רעבעקאַ זיוו, וועלכע איז געווען אוניווערסאַל באַקאַנט אַלס „בעקי".

רעבעקאַ זיוו האָט מיך אויפֿגענומען אין איר מעיפֿעיר־אַפּאַרטמענט שטייענדיק אויף אַ מין קליינער בינע אין איר אויפֿנאַמזאַל. אַ שיינע, אַן עלעגאַנטע, ווי אַ סטאַטוע, האָט זי אויסגעזען ווי אַ פֿירשטין, אָדער בכל אופֿן אַזוי, ווי איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט אַ פֿירשטין. אַזאַ איינדרוק האָט זי געמאַכט אויף מיר. דאָך האָב איך זיך דערפֿילט היימיש. איך האָב געוווּסט, אַז זי איז אַ ייִדישע פֿרוי מיט אַ וואַרעם האַרץ און אַ הייסע ציוניסטקע.

זי איז געווען די גרינדערין פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער ציוניסטישער פֿרויען־אָרגאַניזאַציע, און זי האָט גערעדט מיין שפּראַך. לכל הפּחות מיין איך צו זאָגן, אַז זי האָט פֿאַרשטאַנען אויסגעצייכנט מיין שפּראַך. ווייל, ווען זי האָט מיך אויסגעהערט, האָט זי מיך אַ פֿרעג געטאָן פּשוט: „איז וויפֿל ווילט איר?" מיין ענטפֿער איז געווען: „וויפֿל זענט איר גרייט צו געבן?" מיר זענען צום סוף דורכגעקומען אויף דער סומע פֿון פֿופֿצן טויזנט פֿונט. דאָס איז געווען אַן אוצר מיט געלט אין יענער צייט. אָבער וואָס עס איז מיר געפֿעלן מער ווי דאָס געבן אַזאַ גרויסע סומע, איז געווען דער אופֿן, אויף וועלכן זי האָט דאָס געטאָן. מיר זענען געוואָרן באַפֿריינדעט און מיר זענען פֿאַרבליבן פֿריינד דרייסיק יאָר.

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין ניו יאָרק, האָב איך רעגיסטרירט אָפֿיציעל די פֿירמע: „מ. וו. וו. פּראָדאַקשאָנס". דאָס איז געווען — בעיקר — אַזוי ווי דיופּאָנט, ראָקפֿעלער און פֿאָרד, אַ פֿאַמיליען־פֿירמע. מיין ברודער דזשאָש האָט אַריינגעלייגט פֿינף טויזנט דאָלאַר; מיין ברודער ליאָ — זיבעצן טויזנט; מיינע דריי שוואָגערס — יעדער צו פֿינף טויזנט; מיין אייגענער חלק האָט באַטראָפֿן זיבן טויזנט דאָלאַר, וואָס איז מיר פֿאַרבליבן פֿון דער ספּעציעלער באַלוינונג, וואָס איך האָב באַקומען פֿון „דיילי ניוס". דזשאָו ברייניןּ האָט צוזאַמענגעשטעלט זיבן טויזנט דאָלאַר און איז אַריין אין דער פֿירמע אַלס אַדמיניסטראַטאָר (אָנפֿירער פֿון דער רעקלאַמע־אָפּטיילונג).

ווען איך בין צום סוף געקומען קיין זאַלצבורג, אין אויגוסט 1934, אַלס דער אָנפֿירער פֿון אַ פֿירמע, האָב איך געהאַט הינטער מיר דעם אָנהויב פֿון אַ באַלעבאַטישער פֿינאַנסיעלער באַזע. איך בין געקומען צוזאַמען מיט לואי ליפּסקין אַלס מיין ראַטגעבער. מיר האָבן באַגעגנט ריינהאַרדטן אין זיין לעאָפּאָלדס־קראָנשלאָס. איך האָב קיין מאָל נישט אַריינגעשטעלט מיין פֿוס אין אַ מער הערלעכן פּאַלאַץ. ריינהאַרדט האָט געלעבט אַזוי, ווי ער האָט רעזשיסירט — אויף אַ ספּעקטאַקולערן שטייגער. די גאַנצע געביידע האָט געווימלט, ווי אין אַ בינשטאָק, מיט דינער, וועלכע האָבן זיך געאיילט אויסצופֿירן די ווונטשן פֿון דעם האַר און פֿון זיינע געסט.

אַ חוץ די הויפּטמאַכערס האָט זיך דאָרט געפֿונען רודאָלף קאָמער, ריינהאַרדטס פּאָרשטייער, אַ מין „מעדכען פֿיר אַלעס״, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס „קעטכען״. ער איז געווען אַ גאַליציאַנער ייִד און האָט געוואָלט, אַז יעדער איינער זאָל וויסן וועגן דעם, ווייל ער פֿלעגט שטענדיק מעלדן, אַז ער איז „אַוס טשער־נאָוויץ״. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער געזעלשאַפֿט אַזוי לייכט און אַזוי געשיקט, ווי ער וואָלט דאָרט געבוירן געוואָרן. ער האָט געקענט יעדן איינעם און יעדן איינעמס פֿרייינד — אָטאָ קאַהן, בערנאַרד באַרוך, קלעיר בוט ליוס, אַלע אַסטאָרס. מיט איינעם פֿון זיי האָט ער געוווינט צוזאַמען אין ניו־יאָרק. איינע פֿון זיינע ספּעציאַליטעטן איז געווען דורכצופֿירן אינטער־נאַציאָנאַלע שידוכים צווישן דלפֿנים־אַרטיסטן און רייכע פּרויען. אַלעקסאַנדער וואָלקאָט האָט געווידמעט קאָמערן אַ גאַנץ קאַפּיטל פֿון זיין בוך: „ווען רוים האָט געברענט״. סעם בעהרמאַן, דער באַוווּסטער אַמעריקאַנער דראַמאַטורג, האָט געמאַכט קאָמערן פֿאַר דעם הויפּט־העלד פֿון זיין בוך: „דאָס ברענענדיקע גלאָז״.

ריינהאַרדטס טאָג האָט זיך קיין מאָל נישט אָנגעהויבן פֿריִער ווי פֿאַר פֿיר אַ זייגער נאָך מיטאָג און האָט זיך זעלטן געענדיקט פֿריִער ווי פֿינף אַ זייגער פֿאַר טאָג. אונדזערע דיסקוסיעס האָבן זיך געדרייט אַרום דעם שפּיל און דער מוזיק. פֿון אָנהויב אָן איז געווען אַ דעבאַטע צווישן ווערפֿעלן און ווייַלן וועגן דעם, צי דאָס דאַרף זיין אַ מוזיקאַלישע דראַמע, צי אַ דראַמע מיט מוזיק.

פֿראַנץ ווערפֿעל איז דעמאָלט געווען אין די פֿריִע פֿערציקער יאָרן. ער איז געווען אַ דיקער, אַ שרעקלעך אומגעשיקטער, ווי אַ צונויפֿגעקלעפּטער, און אַ זולל וסובא, וועמען עס זענען נישט אָנגעגאַנגען קיין שום מאַניערן ביים עסן. עס איז געווען שווער צו אידענטיפֿיצירן אים מיט דעם עמפֿינדלעכן, לירישן פּאָעט, פֿאַר וועלכן ער איז אָנגעגאַנגען. ער האָט נאָר־וואָס געהאַט באַקומען אַ היבשע רעפּוטאַציע מיט זיין ווערק „די פֿערציק טעג פֿון מוסא דאַג״. אין דעם בוך האָט ווערפֿעל אויסגעדריקט, דורך די אַרמענער, זיין וואַכזאַמקייט פֿאַר דער ייִדישער טראַגעדיע. (ער האָט מיר געזאָגט: „די אַרמענער זענען געווען מיינע „ערזאַץ־יודען״). אָבער אין אמתן איז ער קיין מאָל נישט געווען שוה בשוה מיט זיין ייִדישקייט. זיין נייגונג צו מיסטיציזם, וואָס מען וואָלט געקאָנט אידענטיפֿיצירן מיט חסידיזם, האָט ער אַריבערגעטראָגן אין דער קאַטוילישער קירך. אָבער היטלערס קומען צו דער מאַכט האָט אים אָפּגעהאַלטן פֿון לעגאַליזירן זיין שמדן זיך.

איך האָב פֿאַרבראַכט אַ גאַנצע נאַכט, שפּאַצירנדיק מיט ווערפֿעלן אין גאָרטן, און האָב אים דערקלערט אַזוי גוט, ווי איך האָב געקענט, אַז דאָס דאַרף זיין אַ ייִדישע דראַמע און נישט עפּעס אַנדערש. דאָס איז אונדזער געשיכטע, די געשיכטע פֿון מיין ייִדיש פֿאָלק, וואָס דאַרף אָפּגעשפּיגלט ווערן — נישט עפּעס אַ פֿרעמדע אָדער אַבסטראַקטע קאָנצעפּציע. אַזוי ווייט ווי ווערפֿעל איז געווען פֿון ייִדישקייט, איז ער דאָך געווען גענוג פּאָעט אָנצוכאַפּן די אידעע, וואָס איך האָב אים דערקלערט, אַפֿילו אין מיין „געהאַקטן״ דייטש.

קורט ווייל איז געווען אַן אַנדערער מין בשׂר־דם. ווי איך אַליין, איז ער געווען אַ חזנס אַ זון און האָט געשטאַמט פון אַ לאַנגן רבנישן יחוס. אָבער נישט אַזוי ווי איך, האָט ער זיך אין גאַנצן אָפּגעשאָקלט פון יידישן לעבן. זיין אַממערסטן באַרימט ווערק איז די „דריי גראָשן אָפּערע" — אַן אָפּערע מיט נישט־קאָנווענציאָנעלער מוזיק אַרום בערטאָלד ברעכטס איבעראַרבעטונג פון געיס „דעם בעטלערס אָפּערע". ווייל האָט מיר נישט אַרויסגעוויזן צו זיין דער פּאַסנדסטער אויסוואַל פאַר אַ קאָמפּאָזיטאָר פון דער מוזיק פאַר אַ ביבלישער פאָרשטעלונג. אָבער איך האָב געגעבן ריינהאַרדטן אַ פרייע האַנט, און זיין אינסטינקט האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ ריכטיקער. קורט ווײלס מוזיק האָט געלייזט איין מאָל פאַר אַלע מאָל — לכל הפּחות וואָס איז נוגע מיר — די אַזוי פיל דעבאַטירטע פראַגע: עס איז געווען אַ מוזיקאַלישע דראַמע.

מיר האָבן נישט געהאַט אונטער דער האַנט קיין יוריסט, האָט „קעטכען" צונויפגעשטעלט דעם קאָנטראַקט. טיילוויז האָט ער זיך געלייענט אַזוי: „דער צווייטער צד (וואָס האָט געמיינט ריינהאַרדט און זיינע שותּפים) נעמט זיך אונטער צו פּראָיעקטירן, שרייבן און קאָמפּאָנירן אַ מוזיקאַלישע, ביבליש־מאָראַלישע דראַמע, וואָס זאָל אויסדריקן דעם גייסטיקן אָנהויב, די פריסטע געשיכטע און דעם אייביקן שיקזאַל פון יידישן פאָלק, צו וועלכן זיי געהערן". דאָס איז געווען אַ משונהדיקער דאָקומענט, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין משונהדיקע באַדינגונגען, ווו אַלץ האָט געקאָנט געבן אַן עין הרע: דריי פון די באַקאַנטסטע נישט־יידישע יידישע קינסטלער, פאַרזאַמלט אין דער פריערדיקער רעזידענץ פון דעם ערצבישאָף פון זאַלצבורג (פאַקטיש אַנטקעגנאיבער בערכטעסגאַדען, היטלערס שלאָס אויפן באַרג, אויף דער אַנדערער זייט אין בייערן) האָבן זיך פאַרפליכטעט צו געבן אַ הויך־דראַמאַטישן אויסדרוק דער באַדייטונג פון דעם פאָלק, וואָס זיי אַליין האָבן שוין געהאַט פאַרגעסן, ביז היטלער איז געקומען צו דער מאַכט.

אַזוי אַרום איז געבוירן געוואָרן „דער אייביקער וועג", פאַר מיר די „וויאַ דאָלאָראָזאַ", אויף וועלכן איך בין געגאַנגען, ווי אַ בעטלער, דריי יאָר נאָך אַנאַנד. עס איז געווען אַ בריליאַנטענע טעאַטער־דערגרייכונג, און איינער פון די ספּעקטאַקלען, ביי וועלכן מען האָט פאַרלוירן אַממערסטן געלט אין דער גאַנצער געשיכטע פון טעאַטער, ביז דעמאָלט. ווען עס האָט זיך געענדיקט, איז מיין משפּחה געווען פינאַנסיעל רויִנירט. אַ טייל פון מיינע פריינד, וועלכע זענען אין דעם אַריינגעשלעפּט געוואָרן, זענען געווען שרעקלעך צעמזיקט. אָבער קיינער האָט עס נישט באַדויערט. די גרויסע פאַרלירער און די קלענערע פאַרלירער זענען געווען אַלע איינשטימיק וועגן איין זאַך: עס איז ווערט געווען יעדע פּרוטה.

# 11. „דער אייביקער וועג"

די פֿאָרשטעלונגען פֿון „אייביקן וועג" — אָריגינעל איז דער נאָמען געווען:
„דער וועג דער פֿאַרהייסונג" („דער וועג פֿון הבטחה") — האָבן זיך געזאָלט
אָנהויבן נישט שפּעטער ווי אין מערץ 1935. נאָך דעם, ווי די פֿאָרשטעלונג איז
צען מאָל אָפּגעלייגט געוואָרן, איז די פּרעמיערע פֿאָרגעקומען אין יאַנואַר 1937.
דאָס צוגרייטן די אויפֿפֿירונג האָט געזאָלט קאָסטן פֿון הונדערט און פֿופֿציק טויזנט
ביז צוויי הונדערט טויזנט דאָלאַר. עס האָט געקאָסט מער פֿון אַ האַלבן מיליאָן
דאָלאַר. אין אַלע אַנדערע פּרטים איז די דורכפֿירונג פֿון דעם פּלאַן געבליבן געטריי
די אָריגינעלע פּונקטן פֿון קאָנטראַקט, ווי אויך דער קאָנצעפּציע. עס איז געווען
אַ מוזיקאַליש־ביבליש שפּיל אויף אַ גרויסן פֿאַרנעם און אויף דער העכסטער
מאָראַלישער מדרגה. קינסטלעריש און יידישלעך איז עס געווען דער גרעסטער
טעאַטער־ספּעקטאַקל פֿון אַלע צייטן. בוירנס מאַנטל, וועלכער איז דעמאָלט געווען
דער „כהן גדול" פֿון דער ניו־יאָרקער טעאַטער־קריטיק, האָט אָנגערופֿן די
פֿאָרשטעלונג אַלס „איבערראַשנדיקע" און ווי ריינהאַרדטס גרעסטע אויפֿפֿירונג.
און ער האָט געגעבן דער פֿאָרשטעלונג די העכסטע אויסצייכענונג, וואָס איז
אָנגענומען אין דער טעאַטער־קריטיק: פֿיר שטערנס.

עטלעכע טעג פֿאַר דער ערשטער פֿאָרשטעלונג האָט איינער אַ קאָמענטאַטאָר,
וועלכער האָט געהאַט אַ באַזונדערן חוש, געשריבן אַז ער ווייסט נישט, צי דער
„אייביקער וועג" איז דער נאָמען פֿון דער דראַמע, אָדער דאָס איז דער נאָמען
פֿון דעם גאַנג, וואָס די דראַמע האָט דורכגעמאַכט, ביז זי האָט דערגרייכט צו
בראָדוויי. עס איז געווען ביידע, און אַ חוץ אַליין אַרויסטרעטן אויף דער בינע
בין איך דורכגעגאַנגען יעדן שפּאַן אויף דעם וועג.

פּראָפֿעסאָר ריינהאַרדט און העלענע טימיג, די ווינער אַקטריסע, וועלכע
איז דעמאָלט נאָך נישט געווען זיין ווייב — כ׳מיין לעגאַל — זענען אָנגעקומען
קיין ניו־יאָרק בערך אַ חודש נאָך דעם ווי דער קאָנטראַקט איז אונטערגעשריבן
געוואָרן. ריינהאַרדט איז דאַן נאָר־וואָס אַלט געוואָרן זעכציק יאָר און איז געווען
אויף דער הויך פֿון זיינע שעפֿערישע כּוחות — דער אוניווערסאַל אָנערקענטער
העכסטער מייסטער אין דער טעאַטער־פּראָפֿעסיע. פֿון אים האָט אַרויסגעשטראַלט

אַ שאַרם, וועלכן עס האָבן זיך נישט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן נישט מענער און נישט פרויען. צוריקגעהאַלטן און אין שטילן טאָן אין פּריוואַטע געשפּרעכן, האָט ער געהאַט אַן עלעקטריזירנדיקע ווירקונג אויף זיינע צוהערער, כּמעט אַזוי שטאַרק און אַזוי מעכטיק ווי חיים ווייצמאַן. מען פלעגט זאָגן וועגן ריינהאַרדטן, אַז ער איז געווען אַן „איינמאָליקער עקזעמפּלאַר", דאָס מיינט אַ יחיד במינו. מ'וואָלט עס אפשר אַנדערש געקענט באַצייכענען, אַז נאָך דעם, ווי ער איז פּראָ־דוצירט געוואָרן, האָט מען צעבראָכן דעם מאָדעל, בכדי נאָך אַזאַ איינער זאָל נישט קאָנען באַשאַפן ווערן. ער איז געווען אַזוי שטאַרק זיכער אין זיך, אַז ער האָט זיך קיין מאָל נישט געאיילט, איז שטענדיק געקומען שפּעט און האָט נישט געהאַלטן קיין טערמינען.

די, וועלכע האָבן אים גערופן „עקסטראַוואַגאַנט", זענען געווען צו אויבער־פלעכלעך. ער איז געווען אַן אומפּשרהדיקער פּערפעקציאָניסט. מאַטעריעלע מיטלען האָבן פאַר אים עקזיסטירט בלויז פאַר דעם אויסדרוק פון גייסטיקע ווערטן — פאַר וואָס טעאַטער איז געווען דער אומפאַרגלייכלעך בעסטער געביט. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז איך בין אין גאַנצן אַרונטערגעפאַלן אונטער זיין כּישוף.

העלענע טימיג האָט אין אָנהויב געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פרוי אָן אַ באַזונדערער וואַרעמקייט, וואָס „גייט אַרום מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז" און האַלט זיך פאַרריסן. אָבער ווען מען האָט זיך נענטער באַקענט מיט איר, האָט זי זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ סענסיטיווע פרוי, וואָס מאַכט נישט פון זיך קיין גרויסן צימעס, און וואָס איז אַפילו באַשיידן, נישט געקוקט אויף איר גרויסן טאַלאַנט אַלס אַקטריסע. ווען זי איז געווען אויף דער הויך פון איר קאַריערע, האָט זי געבראָכן איר קאָנטראַקט מיטן באַרימטן בורגטעאַטער אין ווין, האָט זיך פאַרבונדן מיט ריינהאַרדטן און איז אים נאָכגעפאָרן איבער דער גאַנצער וועלט. זי איז געווען די אינטערעסאַנטסטע פּערזאָן צווישן די אַלע, וועלכע האָבן זיך געדרייט אַרום ריינהאַרדטן.

דער צווייטער נאָך איר איז געווען רודאָלף קאָמער, מיט וועמען מיר האָבן זיך שוין געהאַט באַקענט אין זאַלצבורג אַלס „קעטכען". קאָמער איז געווען ריינהאַרדטס געוויסן, זיין הויפּט־אונטערהענדלער, זיין געשעפטס־פאַרוואַלטער און זיין פאַרטרויונגס־מענטש פאַר שליסן קאָנטראַקטן. ער איז אויך געווען פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דעם, אַז ריינהאַרדטס טעאַטער־אימפּעריע זאָל „שטיין אויף די פיס" פינאַנסיעל, ווען אַפילו נישט תּמיד אַזוי „פויגלדיק".

אַן אַנדערער וויכטיקער מיטגליד פון דעם פּערסאָנאַל, וואָס איז געווען אַריינגעמישט אין דעם „אייביקן וועג" פון אָנהויב אָן, איז געווען היינץ העראַלד, דעם פּראָפעסאָרס דראַמאַטורג. נישט פאַראַן קיין ריכטיקע איבערזעצונג פאַר דעם באַגריף. אַפילו די רייכסטע ענגלישע אָדער אַמעריקאַנער טעאַטער־אָרגאַני־זאַציע דערלויבט זיך נישט אויף אַזאַ לוקסוס צו האָבן אַ שטענדיקן דראַמאַטורג אין איר פּערסאָנאַל. ער מוז זיין אַ געלערנטער, וועלכער זאָל דורך־און־דורך זיין באַקאַנט מיט דער וועלט־ליטעראַטור און איר געשיכטע. אַלס דער, וועלכער

לייענט דעם ענדגילטיקן טעקסט פון די סקריפּטן, איז ער דער פּוסק אחרון וועגן דעם, צי אַ פּיעסע זאָל אָנגענומען ווערן, אָדער צי אַ נאָוועלע זאָל אַדאַפּטירט ווערן פאַר דער בינע. ער פירט דורך די גאַנצע פאָרשונגס־אַרבעט און נעמט איבער די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אויטענטישקייט פון די דעקאָראַציעס און קאָסטיומען. ער קאָן אויך מאַכן פאָרשלאָגן וועגן דער פאַרטיילונג פון די ראָלן.

היינץ הערעלד איז געווען אַ קליינוווּקסיקער מאַן, פון וועמען מען האָט געקאָנט באַקומען אַ פאַלשן איינדרוק, אַז ער איז אַ „לעמעשקע". ער האָט זיך געהאַלטן אין הינטערגרונט און אין ריינהאַרדטס אָנוועזנהייט האָט ער זעלטן אויסגעדריקט אַ מיינונג, אויב נאָך אַנדערע זענען געווען אַרום. זייענדיק אַליין מיטן פּראָפעסאָר, האָט ער גערעדט שאַרפע דיבורים, איז באַשטאַנען אויף זיינע מיינונגען און האָט זעלטן נאָכגעגעבן. כאָטש ער האָט אויסגעזען כּלומרשט באַשיידן און שוואַך, האָט ער געקאָנט זיין האַרט ווי שטאָל מיט די פּיעסע־שרייבער, וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום אים מיט זייערע חלומות צו דערגרייכן דעם העכסטן רום — אַז ריינהאַרדט זאָל אויפפירן זייערע אַ דראַמע.

ריינהאַרדט האָט אויך געבראַכט מיט זיך אַ פּריוואַטע סעקרעטאַרין, ליוויאַ קאַסטיליאַני, אַ מיידל וואָס איז נאָך נישט געווען אַלט קיין צוואַנציק יאָר. איר אַרבעט איז באַשטאַנען — אויף ווי ווייט איך האָב עס געקאָנט באַגרייפן — אין נאָכגיין ריינהאַרדטן אויף טריט און שריט און פאַרשרייבן פאַר דער אייביקייט יעדע באַמערקונג זיינע. איר פלעגט אויך ריינהאַרדט דיקטירן זיינע לאַנגע בריוו, וועלכע זענען געווען פול מיט אומבּרחמנותדיקן חוזק־מאַכן. ליוויאַ איז געווען די טאָכטער פון אַן אַקטריסע, די אלמנה פון אַן עסטרייכישן באַנקיר קאַמילאַ קאַסטיליאַני, וועלכער איז אין זיינע בליענדיקע יאָרן געווען דער „מלאך" פון ריינהאַדרטס עטלעכע אויפפירונגען. ווען די טעאַטער־אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן אָפּגעקאָסט אַ שלל מיט מיליאָנען דאָלאַרן האָבן געקראַכט, און דער באַנקיר אַליין איז אַראָפּ פון דער סצענע, האָט ריינהאַרדט אויסגעדריקט זיין דאַנקבאַרקייט צו דער אַלמנה דורך געבן אַ פּאָסטן איר טאָכטער. איך דאַרף זאָגן, אַז דאָס איז געווען אין הסכּם מיט זיין כאַראַקטער. זייענדיק אין גאַנצן קאָנצענטרירט אין זיך אַליין — וואָס איז די שוואַכקייט און דאָס רעכט פון יעדן קינסטלער — האָט ער געדענקט טובות, וואָס מען האָט אים אַ מאָל געטון, און איז געווען ברייטהאַרציק צו די, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין שוועריקייטן.

אַרום ריינהאַרדטן האָט זיך אויך געדרייט, כאָטש נישט געהערנדיק צו זיין אינערלעכן קרייז, עלעאָנאָרע פאָן מענדעלסאָן, אַ שוועסטער פון פראַנצעסקאָ, איינער פון ריינהאַרדטס געהילפן. אַ הויכע, אַ שוואַכע, מיט אַ מין עקזאָטישן אויסזען וואָס זי האָט זיך שטאַרק באַמיט אָנצוהאַלטן, האָט עלעאָנאָרע זיך איינ־גערעדט, אַז זי איז אַן אַקטריסע. עס האָט איר איבעריקנס אויך נישט געפעלט קיין טאַלאַנט פון אַ שוישפּילערין. וואָס איר האָט געפעלט איז געווען דער אויס־דויער, וואָס איז נויטיק פאַר יעדער פּראָפעסיע, וואָס שטעלט גרויסע פאָדערונגען. אינטעלעקטועל אַ דילעטאַנטין, עמאָציאָנעל אַ פרוי, וואָס האָט שטאַרק געזוכט פאַרגעניגנס, האָט זי פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ געוויסן טיפּ פון דער דייטש־

יידישער הויך־אַריסטאָקראַטיע — שטאָלץ, אָבער פויל און שלעפעריק, און אַ פאַר־לוירענע אויף איר גאַנץ לעבן. זי איז געווען משוגע פאַרליבט אין ריינהאַרדטן. ער האָט זיך באַמיט צו הויבן איר קוראַזש אַלס אַן אַרטיסטין, אָבער ער האָט רעזיגנירט פון איר. זי איז אים נאָכגעפאָרן, האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אים אומעטום, ווו ער איז געווען. פאַר איר איז עס געווען אַ גלות, אָבער זי האָט געפונען אַ געוויסע פרייד אין דעם, וואָס זי האָט אים געקאָנט זען דאָ און דאָרט. זי האָט פאַרבראַכט אַ סך פון איר צייט מיט חלומען אין מיטן העלן טאָג, ליגנדיק אויף דער סאָפע, בעת אַ פּראָפעסיאָנעלער זינגער, וועלכער האָט אפשר געפירט אַ ליבע מיט איר, פלעגט זינגען פאַר איר סענטימענטאַלע סלאַווישע לידער, באַגלייטנדיק זיך אַליין אויף אַ גיטאַרע. צום סוף איז זי באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אָבער נישט פריער, איידער זי האָט אַרויפגעלייגט אויף מיר די פולע לאַסט פון איר פאַרפייניקט האַרץ. זי איז געווען איינע פון די זייטיקע פּראָבלעמען פון „אייביקן וועג״.

ריינהאַרדט איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אין די עשׂרת ימי תשובה, צווישן ראש השנה און יום כּיפּור. איינע פון זיינע ערשטע ביטעס, וואָס ער האָט געהאַט צו מיר, איז געווען: „איך מעכטע פערזעהנונגס־טאָג אין די סינאַגאָגע געהען״. „פערזעהנונגס־טאָג״ איז נאָך נישט געווען אין מיין דייטשן ווערטער־אוצר. אָבער דערפאַר וואָס ראש השנה איז שוין געהאַט פאַרביי, האָב איך אויסגערעכנט, אַז דאָס דאַרף מיינען יום כּיפּור. איך האָב אים אַוועקגעפירט אין סטיפען וויזס „פרייע סינאַגאָגע״ אין קאַרנעגי האָל. וויז האָט אַראַנזשירט אַ פּראַכטפולע אויפ־פירונג — מיט מוזיק, שיינע רעדעס און אַפילו מיט אַ ביסל תפילות. ער איז אַוודאי געווען דער דראַמאַטישסטער אַמעריקאַנער אָראַטאָר אין זיין צייט. און ווען עס האָט זיך אים איינגעגעבן, האָט ער געקאָנט באַגייסטערן אַן עולם אויף דער העכסטער מדרגה. ווען מיר האָבן פאַרלאָזן די סינאַגאָגע האָט זיך ריינהאַרדט אומגעדרייט צו מיר און האָט מיר געזאָגט:

„הער ווייסגאַל (שטענדיק, ווען ער האָט מיך אַזוי גערופן, האָב איך געוווּסט, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק), איך וואָלטע אין איינער סינאַגאָגע געהען. טעאַטער־שפּילן קאַן איך בעסער, אַלס דיזער ראַבינער״.

שמחת תורה האָב איך אים גענומען אין אַ חסידישער קלויז אויף דער איסט סאַיד. שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז ריינהאַרדט איז נישט סתם אַזוי באַהערשט געוואָרן פון אַ חשק צו זיין אין דער סביבה פון פרומע יידן. ער האָט געוואָלט אויפכאַפּן און אַריינפילן זיך אין דער אַטמאָספערע פון דער אַלטער שול. דאָס איז געווען אַ וויכטיקער עלעמענט פון דער אויפפירונג, וואָס ער האָט צוגעגרייט.

ביי לודוויג לואיסאָנען האָבן מיר באַשטעלט די ענגלישע איבערזעצונג פון פראַנץ ווערפעלס טעקסט. ער האָט געשאַפן אַ מייסטערווערק. עס זענען געווען געוויסע שוועריקייטן אין צופאַסן די ענגלישע ווערטער צו די מוזיק־נאָטן, וואָס קורט וויַיל האָט קאָמפּאָנירט פאַר די אָריגינעלע דייטשע פערזן. אָבער צום סוף האָט מען זיך אויך מיט דעם אַן עצה געגעבן אויף אַ נישקשהדיקן אופן. און ענדלעך האָט נאָרמאַן בעל גידעס צוגעגרייט אַ מאָדעל פון די דעקאָראַציעס.

וועגן דער טעאַטער־גאונישקייט פון בעל גידעס קאָנען נישט זיין קיין צוויי מיינונגען. ער האָט מיטגעאַרבעט מיט ריינהאַרדטן אין דער אויפפירונג פון „נס״ און האָט מיט זיין גאַנצן קינסטלערישן טעמפעראַמענט זיך אַריינגעוואָרפן אין „אייביקן וועג״, אָבער אַפילו אַ זשעני האָט זיינע גרענעצן, און דער אמת איז, אַז דער גייסטיקער אינהאַלט פון אונדזער אויפפירונג האָט אים געריִרט ביז צום קנעפּל. ער האָט זייער ווייניק געפילט די גרויסע היסטאָרישע טראַגעדיע פון יידישן לעבן, פונקט ווי די נייע יידישע טראַגעדיע, וואָס מען האָט שוין געקאָנט זען, אַז זי רוקט זיך אָן אין אייראָפּע, איז אים ווייניק אָנגעגאַנגען. טעכניש איז די אינסצעניזירונג געווען אויסגעצייכנט. אָבער דער יידישער אינהאַלט אין „אייביקן וועג״ איז געלעגן אין דעם טעקסט פון דעם שפּיל און אין דער מוזיק.

יעדער איינער, וועלכער איז אַ ביסל באַקאַנט מיט די טעאַטער־געשעפטן, ווייסט, אַז דאָס גרעסטע פּראָבלעם איז צו געפינען אַ געהעריקן טעאַטער־זאַל פאַר אַן אויפפירונג. איך בין נישט געווען באַקאַנט מיט די טעאַטער־געשעפטן, און איך האָב נישט געוווּסט. איך האָב געמיינט, אַז די אייגנטימער פון טעאַטערס וועלן פירן צווישן זיך אַ ווילדע קאָנקורענץ פאַר דער פּריווילעגיע אַריינצוקריגן אַ ריינהאַרדט־ספּעקטאַקל. קיינער האָט מיר אויך נישט געזאָגט, אַז כמעט אַלע טעאַטערס אין ניו־יאָרק געהערן, אָדער ווערן קאָנטראָלירט, דורך די ברידער שובערט, אָדער דורך די יורשים פון קלאָו און ערלאַנדזשער. בכל אופן, דער פּראָפעסאָר האָט געצווייפלט פון אָנהויב אָן צי ניו־יאָרק האָט אַ טעאַטער, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט פאַר דער אויפפירונג פון „אייביקן וועג״.

עס זענען געווען צוויי טעאַטערס — מחוץ פון דער שובערט־אימפּעריע — וועלכע האָבן געקאָנט גענומען ווערן אין באַטראַכט פאַר דער אויפפירונג. ריינהאַרדטן איז שטאַרק געפעלן געוואָרן די דריי־בינע פון „רעידיאָ סיטי מיוזיק האָל״, מיט דער ווינדע פאַרן אָרקעסטער און מיט דעם אַמפיטעאַטער־זאַל, וווּ מען קאָן זען די פאָרשטעלונג אומגעשטערט אומעטום, וווּ נאָר מען זיצט. אָן אַ שיעור מאָל האָט ער מיך געבעטן, איך זאָל אים אַוועקפירן אין „רעידיאָ סיטי״, וווּ ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין דער פּראָנטרייע פון מעזאַנין און האָט נישט אויפגעהערט צו קלאָגן אַזש ביז טרערן: „ווי אַזוי קאָנען זיי פאַרשווענכן אַזאַ ווונדערלעכן טעאַטער־אינסטרומענט דורך באַנוצן אים פאַר זינלאָזע פאַרווייִלונגען — אַיין קאָמיקער שטעלט זיך אַוועק אַליין אין מיטן פון אָט דער הערלעכער בינע, אָדער אַ גאַנצע מענגע טענצער טראָגט זיך דאָ דורך ווי אַ שטורעמווינט״.

ריינהאַרדט פלעגט האָבן כסדר אַזעלכע טענות, אָבער איך האָב געוווּסט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט צו קריגן דעם „רעידיאָ סיטי מיוזיק האָל״, וואָס איז אונטער דער קאָנטראָל פון די ראָקעפעלערס און פון זייערע געשעפטן.

דאָס צווייטע טעאַטער איז געווען דער היפּאָדראָם. נישט האָבנדיק קיין שום אַנדערע אויסזיכט, האָב איך איינגעצאָלט פינף טויזנט דאָלאַר, אַלס אַן אַוואַנס, פאַר דינגען אים. צום אומגליק איז דאָס געווען אין דעם מאָמענט, ווען בילי ראָוזן איז איינגעפאַלן די עקשנותדיקע אידעע, אַז דער היפּאָדראָם איז אַן אויסגעצייכנטער פּלאַץ פאַר זיין אויפפירונג פון „דזשאַמבאָ״. ער האָט געקראָגן די הילף

פון בערנאַרד באַרוכן, וועמענס סעקרעטאַר ער איז געווען אַ געוויסע צייט, אויס־צופּועלן, אַז מיין אַוואַנס זאָל בטל ווערן. „דזשאַמבאַ" האָט אויך געבראַכט אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר היזק, אָבער דזשאַק וויטני האָט זיך דאָס געקאָנט דערלויבן. בילי ראָוז האָט נישט נאָר נישט פאַרלאָרן קיין איין פּרוטה, נאָר האָט באַקומען טויזנט דאָלאַר אַ וואָך פאַר זיין אַרבעט, ווען מיין פאַמיליע האָט געמוזט לעבן פון צדקה. מיין טרייסט, וואָס איז פאַרוואָלקנט געוואָרן דורך דעם לאַנגן וואַרטן אויף איר, איז סוף־כּל־סוף געווען, אַז די טעאַטער־קריטיקער האָבן געזאָגט, אַז אין פאַרגלייך מיטן „אייביקן וועג" זעט אויס „דזשאַמבאַ" ווי אַ קאַרליקל.

האָבן מיר נישט געהאַט קיין טעאַטער, און אויך נישט קיין אויסזיכט צו קריגן אַ טעאַטער. איין טאָג, ווען איך האָב שפּאַצירט מיט ריינהאַרדטן אין סענטראַל־פּאַרק, האָט ער זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט פאַר אַ ריזיקן שפּילפּלאַץ. ריינהאַרדט האָט געכאַפּט אַ קוק אויף דעם פּלאַץ און זיין מוח האָט גענומען אַרבעטן. ביס־לעכווייז האָט זיין פּנים אויפגעשיינט און אויפגעגלאַנצט, ביז ער האָט זיך צע־היצט. איך האָב געקוקט אויף אים אין פּחד און אין ציטער. „אָט דאָס איז עס!" — האָט ער אויסגערופן — „אָט דאָ!" מיך האָט אַרומגעכאַפּט אַ שוידער. וואָס ער האָט געוואָלט איז געווען, אַז דאָ, אויף דעם פעלד, זאָלן מיר אויפבויען אַ בינע און אויפשטעלן אַרום איר אַ ריזיקן געצעלט. זיין ענטוזיאַזם האָט מיך כּמעט איבערצייגט.

מיר וואָלטן אפשר טאַקע געבליבן ביי אָט דעם שפּילפּלאַץ אין סענטראַל־פּאַרק פאַר אונדזער אויפפירונג, ווען בעל גידעס וואָלט נישט אַרויסגעקומען מיט דער בשורה, אַז ס'איז געקומען אַ סוף און אַן עק צו אונדזער געיעג נאָך אַ טעאַטער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף דעם אַלטן האַמערשטיין אָפּערע־הויז אויף דער 34סטער גאַס, בשכנות פון האָטעל „ניו־יאָרקער", און ער האָט געזאָגט, אַז „דאָס איז עס". דאָ וועלן מיר שפּילן. איך בין באַלד אַוועק אַהין, און דער זאַל איז מיר נישט געפעלן. דאָס טעאַטער איז געווען אַלט, נישט באַנוצט און האָט אויסגעזען אָרעם און פאַרלאָזן, אַ חוץ דעם וואָס עס האָט זיך געפונען אָן אַ זייט. אָבער בעל גידעס האָט צוריקגעוואָרפן אַלע מיינע טענות. „אין יעדן טעאַטער — האָט ער געזאָגט אין אַ טאָן, ווי דאָס וואָלט געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך און נאַטירלעך — וועט דאַרפן ווערן איבערגעבויט די סטרוקטור פאַר מיין סצענע־אויסשטאַטונג. און אין דעם טעאַטער זענען פאַראַן מעגלעכקייטן דאָס צו טאָן".

איך האָב נאָכגעגעבן, ווייל אויב נישט וואָלטן מיר געדאַרפט אָנקומען צו ריינהאַרדטס געצעלט אין סענטראַל־פּאַרק. און בעל גידעס האָט זיך אַ נעם געטאָן צום „איבערבויען די סטרוקטור" פון מאַנהעטען אָפּערע־הויז מיט אַזאַ פאַרמעסט, ווי דער אויבערשטער וואָלט באַשלאָסן איבערצומאַכן די וועלט, וואָס ער האָט באַשאַפן אין זעקס טעג — מיט דעם אונטערשייד, וואָס דעם אויבערשטנס אונ־טערנעמונג וואָלט אוודאי געקאָסט ביליקער און דורכגעפירט געוואָרן שנעלער.

באַלד איז געוואָרן קלאָר, אַז מיר קאָנען נישט באַשטימען קיין טערמין, ווען מיר וועלן זיין גרייט אָנצוהויבן די פאָרשטעלונגען. מ'האָט פּשוט נישט געקאָנט וויסן בשום אופן ווי לאַנג עס וועט דויערן איבערצופּאָלירן דאָס טעאַטער, אויפ־בויען די נייע בינע און איינאָרדענען די נייע זיצפּלעצער. בעל גידעס האָט אָנגעג־

הויבן מיט דעם, וואָס ער האָט ווי משה רבינו אַ שלאָג געטאָן אין אַ שטיין, פון וועלכן ער האָט געדאַרפט אַרויסקריגן וואַסער.

דערווייל האָבן די רעפעטיציעס געמוזט אָפּגעלייגט ווערן און דער גאַנצער אַנסאַמבל איז זיך צעלאָפן אין ארבע פינות העולם.

און אַזוי האָט עס אויסגעזען. איך בין געווען דער כלומרשטער אונטערנעמער פון אַ ריזיקער טעאַטער־אויפפירונג, פון וועלכער די קאָסטן האָבן געהאַלטן ביים ווערן אַסטראָנאָמישע. נישט איך האָב פאַרמאָגט דאָס געלט, און נישט איך האָב געהאַט די קענטעניש, ווי אַזוי צו פירן דעם ענין. איך האָב געהאַט בלויז דעם עקשנותדיקן ענטוזיאַזם. נישט געקוקט אויף דעם גרויסן טעאַטראַלן און פינאַנ־סיעלן פאַרנעם פון מיין פריִערדיקער אויפפירונג „ראָמאַנס פון אַ פאָלק", איז דער ריינהאַרדט־פּלאַן געווען פאַר מיר אַ נייע זאַך אין דעם זייער וויכטיקן זין, וואָס ער איז געווען מיין ערשטע פרייע אונטערנעמונג — איך מיין פריי פון יעדער אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַרבינדונג, אָן דעם, אַז אָרגאַניזאַציעס זאָלן מיר טאָן טובהס און זיין מיינע שותפים.

איך האָב זיך געגוויטיקט אין געלט, אַ סך געלט. און אין מיין נאַיִוויטעט האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז די אידעאָלאָגישע באַדייטונג פון דעם ספּעקטאַקל וועט פאַר מיר עפענען אַ סך טירן. איך האָב שוין געהאַט צונויפגעשטעלט אַ לאַנגע ליסטע פון מענטשן, צו וועלכע איך זאָל זיך ווענדן — פאַרמעגלעכע מענטשן, וועלכע דאַרפן זיין גרייט בייצושטייערן צו דעם יידישן ענטפער פאַר היטלערן. און אַ חוץ דעם — צי איז ריינהאַרדט נישט געווען דער גרעסטער טעאַטער־נאָמען, וואָס דאַרף צוציִען?

ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, האָב איך געמאַכט אַ פאַלשן חשבון. איך האָב גערעדט מיט עטלעכע פון די, וואָס האָבן געדאַרפט זיין מיינע „מלאכים", צי פון „עמך", צי פון דער אַזוי גערופענער בעסערער געזעלשאַפט און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען נישט געווען אַזוי שטאַרק עמפּינדלעך פאַר דעם ענין פון יידישן שטאָלץ, וואָס איז געווען פאַרוויקלט אין מיין אונטערנעמונג. און ווען איך האָב זיי מיט באַרעכטיקטער גאווה אָנגערופן דעם נאָמען פון מיין דירעקטאָר און רעזשיסער, איז זייער רעאַקציע געווען: גוט און ווויל, ריינהאַרדט איז „אָל רייט", און ווייסגאַלן קאָן מען פאַרטראַגן. אָבער ווער קאָן עס אויסשטיין די קאָמבינאַציע פון זייביידע, שוין נישט דערמאָנענדיק בעל גידעסן? ווער וועט קאָנען קאָנטראָלירן דאָס עסק, וואָס דאַרף אָפּקאָסטן אַ מיליאָן דאָלאַר? די ישועה פאַר מיר — אויב איך קאָן עס אַזוי אָנרופן — איז געקומען פון גאַנץ אַנדערע טיפן.

צווישן די ערשטע „מלאכים", אויף וועלכע איך האָב זיך אָנגעזעצט, איז געווען מאָריס אייזענמאַן, וואָס וואָלט געווען גאַנץ נאַטירלעך פאַר אַ טיפּ פון אַ יידישן „פּאַלסטאַף". ער האָט שוין געהאַט געוווינט אין אַמעריקע אַ דריי צענדליק יאָר און האָט קיין מאָל זיך נישט געגעבן די מי צו לערנען ענגליש. „איך דאַרף עס נישט" — פלעגט ער זאָגן — „מיט מאַמע־לשון גיב איך זיך

אַן עצה אין אַלעם, וואָס איך דאַרף". אַ רוסישער ייִד, האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט פון אַ פּעדלער מיט אַ וועגעלע צו דעם הויפּט־שותּף פון דער „מעטראָ־פּאָליטען ניוס סוירוויס" — אַ געשעפט, וואָס האָט אין איין צייט געהאַט דעם מאָנאָפּאָל איבער דעם פאַרקויף פון אַלע ניו־יאָרקער טאָגצייטונגען און אַ צאָל אַנדערע צייטשריפטן צו אַלע קיאָסקן. זיין גרויסער פינאַנסיעלער דערפאָלג האָט אים קיין מאָל נישט פאַרדרייט דעם קאָפּ. זיין גאַנץ לעבן איז ער פאַרבליבן דער אינטעליגענטער עם־הארץ מיט אַ גרויס, וואַרעם האַרץ און מיט אַ טיפן דרך־ארץ פאַר למדנים און פאַר למדנישקייט, וואָס ער האָט געמיינט, אַז ער אַליין קאָן דערצו נישט דערגרייכן.

איך האָב אים געקענט פון „קאַפּע ראַיאַל", ווו איך האָב אים באַגעגנט דורך שמריהו לעווין, אויף וועלכן אייזענמאַן האָט אַרויפגעקוקט, ווי צום אויבערשטן אין הימל. שמריהו לעווינס העברעיִשע אונטערנעמונגען פאַר דעם ייִדישן היים־לאַנד, וואָס האָט זיך דאַן געהאַלטן אין באַנייען — אַ ניי ענגליש־העברעיִש און העברעיִש־ענגליש ווערטערבוך, אַ נייע אויסגאַבע פון די העברעיִשע קלאַסיקער — האָבן געוואָסן פון אייזענמאַנס גרויסמוטיקער שטיצע. שמריהו לעווין איז דאַן געהאַט אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישׂראל (ער איז דאָרט געשטאָרבן אין 1935) און אייזענמאַן האָט געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ צווייטן שמריהו לעווין.

ווען איך האָב געזאָגט אייזענמאַנען וועגן וואָס איך וויל רעדן מיט אים, האָט דער דאָזיקער ייִד, יועלכער איז געווען אַ גאָר קנאַפּער ידען, באַלד פאַר־שטאַנען דעם ברייטן און טיפן זין פון מיין אונטערנעמונג. ער האָט מיך אַוועק־געפירט אין זיין באַנק און האָט אַרויסגענומען פאַר מיר פיר שפּאָגל־נייע אַקציעס, פון וועלכע יעדע איינע האָט געהאַט דעם נאָמינעלן ווערט פון צען טויזנט דאָלאַר. ער האָט נישט פאַרדעכטיקט — און אויך איך האָב נישט געהאַט אַזאַ חשד — אַז דאָס וועט זיין בלויז אַן אַדערויף, אַן אַוואַנס, עד לחשבון, אָבער אייזענמאַן האָט געטאָן נאָך עפּעס מער, וואָס איך וועל עס קיין מאָל נישט פאַרגעסן. אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין געווען פאַרנומען מיטן „אייביקן וועג" — און דאָס האָט זיך פאַרשלעפּט אויף מער ווי דריי יאָר — האָט ער געשיקט שירלין אַ וועכנטלעכן ברויט־און־פּוטער־טשעק אויף הונדערט דאָלאַר. און איך האָב געקענט זאָגן צו אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן אינוועסטירט אין דער אונטער־נעמונג, אַז איך קריג נישט קיין שום שׂכירות, און אַז איך וועל נישט פאַרלאַנגען קיין פּרוטה פאַר מיר אַליין, ביז די אויפפירונג פון „אייביקן וועג" וועט נישט ברענגען קיין פּראָפיט — וואָס איז קיין מאָל נישט געשען, ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן.

אַ צווייטער פון מיינע גרויסמוטיקע שטיצער איז געווען מאָריס לעווין, דער אייגנטימער פון בורינס דעפּאַרטמענט סטאָר. מיך האָט רעקאָמענדירט צו אים ישׂראל גאָלדשטיין, דער ראַביי פון „בני ישורון", פּראָמינענטער ציוניסטישער פירער און אַ גוטער פריינד מיינער (ער וווינט איצט אין ישׂראל). לעווין איז געווען איינער פון גאָלדשטיינס באַלעבאַטים אין דער סינאַגאָגע. איך האָב אים דערציילט מיין געשיכטע און האָב ביי אים געבעטן פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר. „איר נויטיקט זיך נישט אין פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר" — האָט

ער מיר געזאָגט — „איר דאַרפט האָבן פופציק טויזנט דאָלאַר". איך האָב נישט פּראָטעסטירט.

איך האָב אין יענער צייט געהאַט אַן אינטערעסאַנטע באַגעגעניש מיט דעם פילאַנטראָפּ פעליקס וואַרבורג, דעם הויפּט פון דער באַנק קוהן, לאוב און קאָמפּאַני, וועלכער האָט געהאַט געשריבן אַזעלכע „אַנגענעמע" און „זיסע" זאַכן וועגן מיר צו ד"ר ווייצמאַנען, ווען איך בין געווען רעדאַקטאָר פון „ניו פּאַלעסטיין". ער האָט מיר געזאָגט: „איך גלויב נישט אין אייער גאַנצן עסק. אָבער איך וויל אײַך נישט ווײ טאָן. איך ווייס, אַז יעדער ייד אין ניו־יאָרק וועט אײַך פרעגן, צי וואַרבורג איז מיט אײַך, און איך וויל נישט געבן די דאָזיקע מענטשן אַ תירוץ פאַר אַרויסדרייען זיך פון העלפן אײַך. און בכדי איר זאָלט קאָנען זיין ערלעך, וועל איך אײַך געבן אַ טשעק אויף צען טויזנט דאָלאַר אויף מיין פרויס נאָמען. און איר וועט קאָנען זאָגן אַלעמען אויף אַן אמת, אַז וואַרבורג באַטייליקט זיך אין אייער אונטערנעמונג".

נאָך איין מענטשן דאַרף איך דערמאָנען ביי דער געלעגנהייט: אַלפרעד סטרעלסין. ער האָט מיר אַ סך געהאָלפן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס שפּעטער האָט ער געמאַכט אַ גוזמא אויף צען מאָל אַזוי פיל פון דער סומע, וואָס ער האָט באמת געגעבן — ווען ער האָט וועגן דעם דערציילט. איך האָב אים נישט מקנא געווען פאַר זיין באַרימעריי. ער איז שטענדיק געווען אַרומגערינגלט מיט אַ מחנה שיינע פרויען. דערפאַר האָב איך אים יאָ מקנא געווען.

אַן אַנדערער כאַראַקטער איז געווען וויליאַם ראָזענבלאַט, דער הויפּט פון אַ „בראָוקער"־פירמע אויף וואָל־סטריט, דער ברודער פון ריכטער בערנאַרד ראָזענ־בלאַט, איינער פון די גרינדער פון עפולה, וואָס איז געפּלאַנט געוואָרן אַלס די תל־אביב פון עמק־יזרעאל, און פון וועלכער עס האָט צום באַדויערן זיך אויס־געלאָזט נישט מער, ווי אַ ביסל אַ גרעסער שטעטל. פון וויליאַם ראָזענבלאַטן, וועלכער האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ נישט־געבער, אַ קמצן, האָב איך אַרויס־געקראָגן פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר. ווי אַזוי איך האָב דאָס באַוויזן צו טאָן, איז — ווייזט אויס — פאַרבליבן אַ סוד פאַר אים. ווייל עטלעכע טעג שפּע־טער, נאָך דעם ווי ער האָט מיר געגעבן דעם טשעק, האָט ער מיך געבעטן קומען צו אים אין ביוראָ. איך בין געקומען, זייענדיק זיכער אַז ער וועט פון מיר פאַר־לאַנגען צוריק דאָס געלט. איך האָב אים געטראָפן אין גאַנצן אַ צעחושטן. ער איז געווען זיכער, אַז איך האָב אים היפּנאָטיזירט, אָדער אַז איך בין דער גרעס־טער געלטזאַמלער אויף ביידע זייטן פון אַטלאַנטיק. און אפשר — האָט ער גע־טראַכט — בין איך ביידע זאַכן צוזאַמען: אַ היפּנאָטיזירער און דער גרעסטער געלטזאַמלער. און ער האָט מיר אָנגעבאָטן אַ פּאָסטן אין זיין פירמע. ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן אַ קאָנטראַקט אויף פינף יאָר, מיט פופציק טויזנט דאָלאַר אַ יאָר שכירות. און בכדי צו באַווייזן, אַז ער מיינט ערנסט מיט זיין פאָרשלאָג האָט ער מיך מכבד געווען מיט אַ מאָלצייט, מיט שאַמפּאַניער און קאַוויאַר אין זיין לוקסוס־דירה.

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל קיין מאָל נישט קאָנען פאַרקויפן קיין ווערטפּאַפּירן, קיין „סטאָקס" און קיין „באָנדס", און אַז אויב ער וועט מיך דינגען פאַר זיינעם אַן אָנגעשטעלטן, וועט זיין פירמע גיין באַנקראָט, און איך וועל אַראָפּ פון זינען.

אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען איך פלעג אים טרעפן אין אייראָפּע, אָדער אין ישׂראל, פלעגט ער אַרויסקומען צו מיר מיט אַ ירגזון: „אידיאָט, איר האָט געקאָנט ווערן אַ מולטימיליאָנער". איך האָב געקאָנט ענטפערן בלויז: „נו, איז וואָס?"

דיוּאי סטאָון, איינער פון די איידלסטע מענטשן, וועלכער איז געכאַפּט געוואָרן אין דער געשיכטע פון פאַרמאָגן מיליאָנען — מיט וועמען איך בין געוואָרן נאָענט באַקענט און באַפריינדעט אין די שפּעטערדיקע יאָרן — פלעגן זאָגן: „מען וויל נישט ווערן אַ מיליאָנער. מען האָט פּשוט אַ שטאַרקן חשק צו לעבן ווי אַ מיליאָנער".

ווען דער „סטרוקטור־איבערבוי" פונעם מאַנהעטען אָפּערע־הויז האָט זיך פאַרשלעפּט אָן אַ סוף און דער אָנהויב פון די פאָרשטעלונגען פון „אייביקן וועג" האָט געמוזט אָפּגעלייגט ווערן אויף אַ צייט, וואָס מען האָט גאָרנישט געקאָנט פאָרויסזען, האָט נישט געהאַט קיין זין איך זאָל ווייטער האַלטן ריינהאַרדטן. טעאַטער־אונטערנעמער, וועלכע האָבן אים געקאָנט צאָלן מער, ווי איך, און האָבן געהאַט מער געלט צו צאָלן — האָבן זיך באַמיט צו געווינען ריינהאַרדטן פאַר זיך. איך האָב אים אַרויסגעלאָזט צייטווייליק פון אונדזער עסק צו רעזשיסירן אַ „זומערנאַכט־טרוים" אין האָליוווד. ווען די דאָזיקע פאָרשטעלונגען האָבן זיך פאַרענדיקט מיט גרויס דערפאָלג, האָט ריינהאַרדט מיך געבעטן איך זאָל אַרויס־פאָרן מיט אים איבער דער מדינה. ער האָט דאַן אָנגעהויבן אויפפירן „אַ זומער־נאַכט־טרוים" אין פאַרשיידענע שטעט איבערן לאַנד. און ווייל איך האָב נישט גע־האָט עפּעס בעסערס צו טאָן, ריכטיקער: איך האָב גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן — האָב איך אָנגענומען ריינהאַרדטס איינלאַדונג. עס איז געווען אַן אָנגענעמע „אינטערלודיע", אַ מין שטילקייט פאַר דעם שטורעם, וואָס האָט געוואַרט אויף מיר אין דער לעצטער פאַזע פון „אייביקן וועג".

ווען מיר האָבן געבראַכט די פאָרשטעלונג פון „אַ זומערנאַכט־טרוים" קיין שיקאַגאָ, איז עס געווען בלויז אין מיטן נאָוועמבער, אָבער שיקאַגאָ איז שיקאַגאָ, און אין דרויסן האָט זיך געקליבן אויף אַ פראָסט. צוויי אָדער דריי נעכט, איידער די פאָרשטעלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן, איז ריינהאַרדט געקומען אין טעאַטער, האָט אַ קוק געטאָן אויף די דעקאָראַציעס און געזאָגט: „הער ווייסגאַל, דאָס איז קיין זאָמערנאַכטסטראַום, דאָס איז איין ווינטערנאַכטסטראַום". ער האָט עס גע־זאָגט צוליב די בלעטער, וועלכע זענען פאַרוועלקט געוואָרן און האָבן געהאַלטן ביים אַראָפּפאַלן. מיר האָבן געדאַרפט אָדער באַנייען דעם רייץ פון דער פרישער, בלײַענדיקער גרינקייט פון די בלעטער, אָדער אָפּרופן די פאָרשטעלונג. נישט זײַענדיק קיין האָרטיקולטוריסט, האָב איך נישט געוווּסט, צי דאָס פאַרוועלקטע גרינס דאַרף מען אויפפרישן מיט וואַסער און אַרויסשטעלן אויף דער זון — וואָס איז דעמאָלט נישט געווען בנמצא אין שיקאַגאָ — אָדער איינפּאַקן אין פלאַשן

מיט הייס וואַסער. בין איך אַזוי געזעסן אין טעאַטער, נאָך דעם ווי דער פּראָפע־סאָר איז אַוועקגעגאַנגען, און פאַרזונקען געוואָרן אין מחשבות וואָס צו טאָן. פּלוצלונג בין איך געקומען צו זיך. ווי אַ בליץ וואָלט דורכגעלעכערט מיין מוח. איך בין אַוועק זען מיין אַלטן פריינד פון שיקאַגאָ אָפּערע־הויז, הערי ביטי.

הערי האָט מיך געדולדיק אויסגעהערט, אַ שאָקל געטאָן די אַקסלען און האָט אָנגעהויבן טעלעפאָנירן. איך האָב געקוקט אויף אים און זיך צוגעהערט, נישט אויפכאַפּנדיק אַפילו קיין פונק פון זיין אידעע. „וועמען טעלעפאָנירט איר?" — האָב איך געפרעגט. „ס'איז נישט אייער באָבעס דאגה" — האָט ער געענטפערט — „האָט איר אַ פּאָר איבעריקע טויזנט דאָלאַר?"

איך האָב נישט געהאַט דאָס געלט ביי מיר. אָבער מיין וואָרט איז געווען גוט פאַר אים. צומאָרגנס זענען ביים טעאַטער אויסגעלאָדן געוואָרן לאַסטאויטאָס מיט פרישן, שיינענדיק גרינס, צוזאַמען מיט קעסטלעך יאָלקעס וואָס פאַר דער ניטלנאַכט. עס האָט נישט אויסגעזען פונקט אַזוי, ווי דאָס וואַסער פון מיטללענדישן ים, אָבער ס'איז געווען גרין און לעבעדיק. די פאָרשטעלונגען זענען אָנגעגאַנגען אין אָרדענונג. שפּעטער האָט זיך מיר איינגעגעבן אַרויסצוקריגן דעם סוד פון הערין. ער האָט געקענט יעדן איינעם אין שיקאַגאָ, איינשליסלעך אַ פּאָר „ווילדע יונגען", וועמענס נעמען מען וואָלט נישט געקאָנט געפינען אין דעם ספר היוחסין פון דער אַריסטאָקראַטיע, נאָר גיכער אויף דער פּאָליצייאישער ליסטע. פאַר עטלעכע טויזנט דאָלאַר האָבן זיי אין מיטן נאַכט געמאַכט אַן אָנפאַל אין די שכנותדיקע וועלדער פון וויסקאָנסין און האָבן איבערגעלאָזן נאַקעט אַ גאַר היפּשן שטח, פאַר דער טובה פון אונדזער טעאַטער־אויפפירונג.

ווי דער אונטערנעמער פון די פאָרשטעלונגען איבערן לאַנד, האָב איך געהאַט קאָנטראַקטירט מיקי רוני און אַליוויאַ דע האַווילאַנד. האָליווּד האָט זיי געוואָלט האָבן פאַר אַ פילם־אויפפירונג פון אונדזער שפּיל. און זיי האָבן מיך געבעטן, איך זאָל זיי באַפרייען פון דעם קאָנטראַקט. אָט דער פאַקט, אַז איך האָב זיי באַפרייט פון קאָנטראַקט אָן אַנטשעדיקונג — וועט העלפן אויפקלערן דעם „סוד" פאַר וואָס איך בין קיין מאָל נישט געוואָרן קיין טעאַטער־מאַגנאַט.

אין מיטן פון די דאָזיקע אַוואַנטורעס בין איך, דרך־אַגב, אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין ריינהאַרדטס חתונה־קאָמפּליקאַציעס. ער האָט זיך שוין געהאַט געגט עטלעכע מאָל מיט עלזאַ היימס, וועלכע איז אין איר צייט געווען אַן אָנגעזעענע אַקטריסע און די מאַמע פון ריינהאַרדטס זין, גאָטפריד און וואָלפגאַנג. איין גט איז מאַניפּולירט געוואָרן אין ריגע, איז אָבער נישט אָנערקענט געוואָרן אין עסטרייך אָדער אין דייטשלאַנד. אַ צווייטער גט איז געשלאָסן געוואָרן אין עפּעס אַ שטאָט הינטער די הרי־חושך אין דער שווייץ. אויך דעם גט האָט מען אין ערגעץ נישט געוואָלט אָנערקענען. ווען העלענע טימיג איז געקומען קיין אַמעריקע מיט ריינהאַרדטן, איז זי געווען אַנטשלאָסן צו לעגאַליזירן די זאַך איין מאָל פאַר אַלע מאָל און נישט בלויז פאַר איר טובה וועגן, נאָר צוליב איר אַלטן פאָטער, וועלכער איז געווען זייער רעליגיעז.

אויף איינער פון אונדזערע אַרומשלעפּענישן, ווען מיר זענען צוריקגעפאָרן פון האָליוווד קיין ניו־יאָרק, איז פּלוצלונג יעדן פון אונדז איינגעפאַלן, אַז רינאַ איז ערגעץ־ווו אין מיטן וועג. ווען מיר זענען אַריבער די גרענעץ קיין נעוואַדאַ, האָט העלענאַ טימיג זיך שוין נישט געקענט איינהאַלטן און זי איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז מען זאָל אַוועקשיקן אַ דעפּעשע צו איר פאָטער: „הויטע וואָר מיינע האָכצייט“. אָבער אויף דעם „הויטע“ האָט מען נאָך געדאַרפט וואַרטן עטלעכע טעג. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז כּדי די „האָכצייט“ זאָל פאָרקומען אין רינאַ, דאַרף ריינהאַרדט פריִער באַשטימען דאָרט זיין רעזידענץ, אַלס אַ באַדינג פאַר דעם גט און פאַר דער חתונה.

דער אַנסאַמבל אין דער דאָזיקער חתונה־קאָמעדיע איז באַשטאַנען פון ריינ־האַרדטס זון גאָטפריד, וועלכער האָט, נישט קוקנדיק אויף אַ נאַטירלעכן אומווילן און אומצופרידנהייט, געהאָלפן אויסצוטרעטן דעם וועג פאַר זיין מוטערס צושטי־מונג; פון ריינהאַרדטס אַמעריקאַנער אַדוואָקאַט ד״ר ראָנאַלד באַטאָן, וועמענס אינטערעס אין דער געשיכטע איז געווען אַ רייִן פינאַנסיעלער; און פון מיין צערודערטער ווייניקייט, אַלס הויפּט־עדות. איך האָב דאַן געשריבן צו מיין פרוי: „קיין מאָל איז אַ מענטש נאָך נישט געזעסן אַזוי אומשולדיק אין רינאַ, ווי איך“. ווען די גרויסע פריילעכע שעה האָט אויסגעשלאָגן, האָב איך אַוועקגעלייגט צוויי חתימות — איינע אויף דעם גט, און די צווייטע — עטלעכע מינוט שפּעטער, אין דעם זעלבן געריכטסזאַל און פאַר דעם זעלבן ריכטער אויף דעם חתונה־אַקט. אין דער לעצטער סצענע פון דער דאָזיקער אינטערנאַציאָנאַלער שפּיל האָט יעדער איינער געשמייכלט. דער פּראָפעסאָר און זיין ניי ווייב האָבן גראַטולירט איינער דעם אַנדערן. גאָטפריד האָט דערציילט פעטע וויצן. מיס היימס איז אַריינגעפאַלן אין אַ שטימונג פון אָנגענעמע דערינערונגען. ד״ר באַטאָן האָט באַקומען אונטער־שריפטן אויף טשעקן, און איך האָב געקראָגן רעזערוואַציעס פאַר דעם נאָענטסטן עראָפּלאַן קיין ניו־יאָרק.

געווען בלויז איין פערזאָן אין ניו־יאָרק, וואָס איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ טיפן ווייטיק. און דאָס איז געווען עלעאָנאָראַ מענדעלסאָן, וועלכע האָט צוגעזען, ווי די לעצטע פאַנטאַזיע אירע איז אויסגעלאָשן געוואָרן. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ באַנקעט לכּבוד ריינהאַרדטן. איינלאַדונגען זענען אַרויס־געשיקט געוואָרן צו די ניו־יאָרקער „פיר הונדערט“. געלט איז נישט דערמאָנט געוואָרן, אָבער דער ציל איז געווען צו זאַמלען אַ פאָנד פאַרן „אייביקן וועג“. אַ האַלבע שעה פריִער, איידער מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין באַנקעטזאַל, איז עלעאָנאָראַ געקומען צו מיר און האָט מיך געבעטן צו אַראַנזשירן איין מאָמענט פון טרייסט פאַר איר, אַלס אַנטשעדיקונג פאַר אַלע אירע צרות. זי האָט געוואָלט אַריינגיין אין זאַל, געאָרעמט מיט ריינהאַרדטן. ווי אַזוי דאָס זאָל דורכגעפירט ווערן, האָט זי איבערגעלאָזט פאַר מיין דערפינדערישן מוח.

איך האָב איר נישט געקאָנט אָפּזאָגן. איך האָב דערקלערט דעם „שעף פון פּראָטאָקאָל“, אַז איך פאַרלאַנג פאַר מיר די פּריווילעגיע צו זיין העלענאַ טימיגס באַגלייטער. עלעאָנאָראַ האָט דאַן אַ כאַפּ געטאָן ריינהאַרדטן, וועלכער איז גע־בליבן אַליין. און זי האָט געפּייערט איר קליינעם טריומף מיט אויגן, וואָס האָבן

געשיינט פון נחת. זי איז מיר דערפֿאַר געווען דאַנקבאַר ביז צום טאָג, ווען זי איז געשטאָרבן, און דער דאָזיקער טאָג האָט נישט געלאָזט וואַרטן אויף זיך.

מיין לעצטע באַגעגעניש מיט עלעאַנאָראַן איז געווען עטלעכע חדשים פֿריִער, איידער זי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די פֿאַרשטעלונגען פֿון „איינביקן וועג" האָבן זיך שוין דאַן געהאַט אָנגעהויבן. זי איז געקומען צו מיר אַ פֿאַרצווייפֿלטע נאָך געלט, וואָס זי האָט אוודאי געדאַרפֿט האָבן פֿאַר נאַרקאָטיקס, אָדער צו קויפֿן מתּנות אויף די חגאות. איך געדענק נישט גענוי. זי האָט געוואָלט דריי הונדערט דאָלאַר, און האָט מיר פֿאָרגעשלאָגן דערפֿאַר אַ פֿיינע גראַוויר־צייכענונג פֿון איר עלטער־עלטער־זיידן, דעם באַרימטן פֿילאָזאָף מאָזעס מענדעלסאָן. איך האָב איר געגעבן דאָס געלט און האָב איר געזאָגט, אַז איך בין נישט אינטערע־סירט צו קריגן דערפֿאַר אַ פּיקדון. פֿון דעסטוועגן האָט זי איבערגעלאָזט די צייכע־נונג ביים טעלעפֿאָן־מיידל אויפֿן טיש. איך האָב עלעאַנאָראַן מער קיין מאָל נישט געזען. און איך האָב קיין מאָל מער נישט געהערט פֿון איר. די גראַוויר־צייכענונג איז דאָס איינציקע, וואָס איז מיר פֿאַרבליבן אַן אָנדענק נאָך איר.

בינו לבינו, ווען איך בין געווען אַריינגעשלעפּט אין די אַלע געשיכטעס, האָט בעל גידס געהאַלטן ווייטער אין „רעקאָנסטרויִרן" דאָס מאַנהעטען אָפּערע־הויז גאַנץ געלאַסן, פּאַוואָליע. ווי ער וואָלט געזאָגט: „וואָס איז די איילעניש?" און איך האָב ווייטער געמוזט אָנהויבן גיין אויף מיין וויאַ דאָלאָראָזאַ. נאָר אָנשטאָט אַ קרייץ האָב איך געטראָגן אַ שנאָרער־פּושקע. מיין פֿאַמיליע האָט שוין געהאַט אַריינגעלייגט אין אונדזער עסק מער פֿון הונדערט טויזנט דאָלאַר — אַ טייל פֿון דער סומע באַלד אין אָנהויב און נאָך מער — שפּעטער, ווען מיינע געלט־פּראָבלעמען זענען זיך צעוואַקסן. איך דאַרף זיי, מיינע משפּחה־מיטגלידער, אָפּגעבן כּבֿוד און דערמאָנען מיט שבח זייערע נעמען, ווייל זייער ברייטהאַרציקייט איז געווען לפֿנים משורת הדין. קיינער פֿון זיי איז נישט געווען קיין גבֿיר. לויט די היינטיקע באַגריפֿן זענען זיי פּאַקטיש געווען קבצנים, און עטלעכע פֿון זיי האָבן אַפֿילו געבאָרגט געלט ביי זייערע פֿריינד, כּדי מיר צו העלפֿן.

מיין ברודער ליאָ גייט בראש פֿון דער ליסטע מיט דרייסיק טויזנט דאָלאַר. ער איז דאַן שוין געווען אַ דערפֿאָלגרייכער געשעפֿטסמאַן, וואָס האָט אָפּגעקויפֿט סחורות אויף ליציטאַציעס, אָבער טיף אין האַרצן איז ער געווען אַ רעוואָלוציאָנער. באַלד נאָך אים קומט מיין שוואָגער גבֿריאל באַלקין, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט מיין יינגסטער שוועסטער, אסתּר. גאָיב, גבֿריאל, איז געווען אַ הויפּט־פֿאַר־קויפֿער ביי דער פּעלץ־פֿירמע דזש. פֿאָקס ענד קאָמפּאַני. און ער איז קיין מאָל נישט מיד געוואָרן מיך צו דערמאָנען, ווי אַזוי איך האָב פֿון אים אַרויסגעקראָגן זיבעצן טויזנט דאָלאַר. דאָס פֿאַרגעניגן, וואָס ער האָט פֿון דערציילן וועגן דעם, איז ווערט פֿאַר אים לכל הפּחות צען מאָל אַזוי פֿיל. דערנאָך איז געקומען דער צייטונגס־פֿאַרקויפֿער פֿון דער 166טער גאַס אין בראָדוויי, וועלכער האָט געזאָלט ווערן אַ רבֿ. זיין גאַנצע פֿרומקייט האָט ער אַריינגעלייגט אין די צען טויזנט דאָלאַר, וואָס ער האָט מיר געגעבן. ער האָלט, אַז דאָס וואָס ער איז געווען אַ „מלאך" פֿאַר אונדזער אויפֿפֿירונג, האָט אים געגעבן אַ נייעם סטאַטוס ביי זיינע פּראָפֿעסאָרן־פֿריינד פֿון קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט, צווישן וועלכע דזשאָן דיואַי

איז געווען דער פּראָמינענטסטער. איך צווייפל אין דעם. זיין רבניש למדנות און זיין אינטויִציע אין שפּילן אויף פערדלעך האָבן זיכער געמאַכט פון אים דעם אומגעווייִנלעכסטן צייטונגס־פּאַרקויפער אויף בראָדוויי. און אחרון אחרון חביב איז געווען מיין ברודער סעם, אַ שניידער. ער האָט מיר געגעבן דריי טויזנט דאָלאַר. איך בין זיכער, אַז הגם קיינער פון מיין משפחה האָט נישט פאַרדינט לייכט קיין געלט, האָט סעם געאַרבעט שווערער פון זיי אַלעמען אויף זיין פרנסה.

די אַדוואָקאַטן־פירמע פיליפּס, נייזער, בענדזשאַמין און קרים האָט מיר גע־געבן אומזיסט אַ ביוראָ־צימער אין דער פּאַראַמאָונט־געביידע און האָט דערליי־דיקט מיינע לעגאַלע ענינים. נישט בלויז האָבן זיי קיין מאָל נישט געקראָגן קיין פּרוטה פאַר זייער טירחה, נאָר זיי האָבן נאָך באַצאָלט פאַר דער דאָזיקער פּריווי־לעגיע. דאָס איז אוודאי געווען צום ערשטן און צום לעצטן מאָל אין דער יורי־דישער פּראָפעסיע, ווען אַ פּראָמינענטע אַדוואָקאַטן־פירמע האָט סובסידירט אַ קליענט. זיי האָבן מיר געגעבן פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר. אין משך פון דער גאַנצער צייט, ווען עס האָבן אָנגעהאַלטן די צוגרייטונגען צו דער אויפפירונג פון „אייביקן וועג״, זענען פיליפּס, נייזער, בענדזשאַמין און קרים געווען מיינע לאָיאַלסטע און איבערגעגעבנסטע פריינד. איך האָב זיי דערציילט פאַרטרוילעך וועגן אַלע מיינע מאַטערנישן, און זיי האָבן געוווּסט די אינטימסטע איינצלהייטן פון יעדער פינאַנסיעלער טראַנזאַקציע מיינער. זיי האָבן אויך געוווּסט, וויפל איך האָב געליטן און וואָס איך בין אַלץ אויסגעשטאַנען, הגם איך האָב זיך לחלוטין נישט באַקלאָגט. זייער יורידישע פירמע איז איינע פון די גרעסטע אין אַמעריקע, זיי זענען אָבער אויך אַן אַדוואָקאַטן־פירמע מיט האַרץ און נשמה.

ביי דעם אַלעם איז עס נישט געווען גענוג. וואָס טיפער מיר זענען אַריין אין דעם עסק, אַלץ שווערער און שווערער איז עס געוואָרן. די האָפענונגען, וואָס איך האָב געהאַט, אַריינצוקריגן נאָך אַנדערע „מלאכים״, זענען געוואָרן שוואַכער און האָבן גענומען זיך אויסלעשן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן די קלאָרע קעגנערשאַפט פון די טעאַטער־פּראָפעסיאָנאַלן. פאַר זיי בין איך געווען אַ פרעמ־דער, וועלכער האָט זיך אַריינגעריסן אין זייערע רייען, אַ חוצפּהדיקער משׂיג־גבול, אַזאַ איינער, וועלכער האָט זיך פאַרמאָסטן צו באַראַבעווען זייער גאָלדענע קאַסע. בילי ראָוז און אַנדערע טעאַטער־אונטערנעמער האָבן אַרויסגעלאָזט אַ וואָרענונג: „ניטע, לאָזט זיך נישט אַריין אין דעם עסק!״ אַ ריינהאַרדט־ווייסגאַל־פאַרבינדונג, אויב מען וועט זי צולאָזן, זי זאָל האָבן אַ צוטריט צו די טשעקביכ־לעך, קאָן אַריינברענגען אַ כאַאָס אין די פיינע און אָרנטלעכע באַציִונגען מיט מענטשן, וועלכע מען וויל אויסנוצן.

אָבער ווען אַפילו איך וואָלט געקאָנט געפינען אויף בראָדוויי אַזאַ איינעם, וואָס זאָל זיין גרייט איבערצונעמען פון מיר דעם „אייביקן וועג״ און זאָל זיין געבענטשט מיט דעם כאַראַקטער צו קאָנען זאָגן „ניין״ אויף ריינהאַרדטס פאָדע־רונגען, איז נאָך אַלץ פאַרבליבן די פראַגע וועגן דעם סעפּקטאַקל אַליין און וועגן דעם אָריגינעלן ציל פון דער אויפפירונג. וועגן דעם וואָלט איך נישט איינגעגאַנ־גען אויף קיין שום פשרה. און גלייכצייטיק בין איך געווען פעסט איבערצייגט,

אַז דאָס וואָס איך האָב געהאַט אין זין מיט דער פֿאָרשטעלונג, קאָן זיך נישט אַריינפּאַסן אין די באַגריפֿן פֿון דעם טראַדיציאָנעלן קאָמערציעלן טעאַטער. נאָך דעם ווי אַלץ איז שוין געזאָגט און געטאָן געוואָרן, איז געבליבן קלאָר, אַז דאָס איז אַ ציוניסטישע אונטערנעמונג. און איצט איז שוין געווען צו שפּעט פֿאַר מיר, אַז איך זאָל באַווייזן, אַז איך בין נישט קיין הפקרדיקער פֿאַרשווענדער פֿון געלט, וועלכער קען נישט די באַדייטונג פֿון אַזעלכע ווערטער ווי „ריווח" און „היזק".

טראַכטנדיק וועגן די דאָזיקע פּראָבלעמען, איז מיר איינגעפֿאַלן אַן אידעע. וואָס איך דאַרף האָבן — איז מיר איינגעפֿאַלן — איז: אַן אונטערגעשטעלטן מענטש, וואָס עס זאָל הייסן, אַז ער איז מיינער אַ שותּף, אַ מענטש מיט אַ סאָלידן נאָמען אויף בראָדוויי און וואָס זאָל צופֿרידנשטעלן מיינע „מלאכים". זיכער האָב איך געוווּסט, אַז מיינע „מלאכים" קוקן אַרויס אויף דעם, וואָס עס וועט ברענגען די קאַסע פֿון טעאַטער, און זיי ווילן זיין פֿאַרזיכערט, אַז זייערע אינוועסטיציעס וועלן באַשיצט ווערן פֿון ריינהאַרדטס קאַפּריזן. איך האָב געפֿונען אַזאַ אידעאַלן מאַן אין קראָסבי געיג, וועמענס ערלעכקייט און אָנגענומענע רעפּוטאַציע אַלס אַ דערפֿאָלגרייכער טעאַטער־אונטערנעמער איז נישט באַפֿלעקט מיט קיין שום חשד ער זאָל זיך אונטערגעבן הפקרדיק דער דראַמאַטישער מוזע. זייענדיק שוין האַלב־צוריקגעצויגן פֿון די טעאַטער־געשעפֿטן, האָט ער דעם גרעסטן טייל פֿון זיין צייט געווידמעט דער קולינאַרער קונסט, אַלס פּרעזידענט פֿון אַ געזעלשאַפֿט פֿון ליבהאָבער פֿון געשמאַקע מאכלים.

איך האָב אים דערקלערט די לאַגע. איך האָב נישט געוואָלט ער זאָל מיר העלפֿן שאַפֿן געלט. איך האָב אים נישט געדאַרפֿט האָבן אַלס אַ געהילף, וועלכער זאָל צוימען ריינהאַרדטס אַפּעטיטן. איך האָב געוואָלט האָבן מיט אים אַ פּלאַטאָ־נישע פֿאַרבינדונג, אַזאַ שידוך, וואָס זאָל בלויז הייסן, אַז מיר האָבן חתונה געהאַט, און וואָס זאָל קאָנען אויסגענוצט ווערן אַלס אַ פֿאַרזיכערונג פֿאַר די עווענטועלע שטיצער אונדזערע, אַז מיר וועלן זיך פֿירן לייטיש. אָבער אַלס אַ שותּף מיט מיר וועט ער טיילן די גלאָריע פֿון דער פֿאָרשטעלונג. און אויב איך דערמאָן זיך ריכטיק, האָב איך אים פֿאָרגעשלאָגן אַ באַשיידענע פֿינאַנסיעלע באַלוינונג אין דער פֿאָרם פֿון צוואַנציק בילעטן אַן אָוונט, וואָס ער האָט געקאָנט פֿאַרקויפֿן.

געיג, אַן אָנגענעמער, זיסער מענטש, האָט אָפּגעהיט אונדזער פֿאַרשטענדי־קונג און האָט זיך קיין מאָל נישט אַריינגעמישט אין די ענינים פֿון דער אויפֿ־פֿירונג. איך האָב באַקומען דעם איינדרוק, אַז ער האָט מיך געהאַלטן פֿאַר אַ לונאַטיקער, און אַז ער האָט דערוואַרט אַז איך וועל ברעכן האַלדז־און־נאַקן נאָך פֿריִער איידער די פֿאָרשטעלונגען וועלן זיך אָנהויבן. ווען דער פֿאָרהאַנג האָט זיך אויפֿגעהויבן — טאַקע פּשוטו כּמשמעו — אין דעם אָוונט פֿון דער פּרעמיערע, איז ער געווען דער אַממערסטן איבערראַשטער מענטש אין דער וועלט. און ער האָט דאָס געזאָגט אָפֿן ביי אַ באַנקעט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך זיין געזעלשאַפֿט פֿון ליבהאָבער פֿון געשמאַקע מאכלים.

איך האָב שוין דערמאָנט וועגן דער טעאַטער־גאוניִשקייט פֿון בעל גידס. דאָס וואָס ער האָט געטאָן מיט דעם אַלטן, אָפּגעריסענעם מאַנהעטען־אָפּערע־הויז,

איז באמת געווען שווער זיך פֿאָרצושטעלן. ער האָט אָנגעהויבן מיט אַראָפּרייסן די פֿאָדער־סצענע, בכדי צו מאַכן אָרט פֿאַר אַ שול, ווו די אַקציע האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער אונטערשטער פּלאַץ. איבער איר האָט ער אויפגעבויט אַ פֿינף־רייאיקע בינע פֿאַר דער היסטאָרישער אַקציע און פֿאַר די מאַסן־סצענעס. ערגעץ־ווו, נאָענט צום הימל, זעקס שטאָק איבער דעם פּאַרטער, און אַזוי אַז דאָס פּובליקום זאָל גוט זען, איז געווען דער פּלאַץ פֿאַרן כאָר. מיר האָבן אויפגעבויט ווינדעס, אין אַ האַלבן קרייז, הינטער דער סצענע צו טראַנספּאָרטירן די דעקאָראַציעס. גאַנצע מײַלן פֿון עלעקטרישע קאַבעלס זענען אינסטאַלירט געוואָרן, בכדי צו דערגרייכן די בעסטע ליכט־עפֿעקטן.

אָבער בעל גידס האָט דערמיט נאָך נישט געהאַט פֿאַרענדיקט. ער האָט געוואָלט, איך זאָל אויפשטעלן אַ צוגאָב־געבײַדע אויף דער 35סטער גאַס פֿאַר די פֿאַרשידענע דעקאָראַציעס און דאָן אויפבויען אַ באַוועגלעכע ראַמפּע צו ברענגען די דעקאָראַציעס צו דער בינע. האָב איך אָפּגעהאַקט און אים געזאָגט, אַז איך בין נישט ־קיין בויער פֿון מאַגאַזינען און אַז איך פֿאַרנעם זיך נישט מיט אַזעלכע געשעפֿטן. ער וועט דאַרפֿן געפֿינען אַן אַנדערע לייזונג.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די געשיכטע מיט ריינהאַרדטן. ער האָט באַשלאָסן, אַז די שול איז צו קליין און נישט גענוג טיף, „דער קאָנטראַסט צווישן ערדע און אונטערערדע מוז אונטערשטריכען ווערדען" — האָט ער מיר געזאָגט. כ׳האָב זיך אַנטקעגנגעשטעלט בעל גידס לעצטן אויסברוך פֿון טעכנאָ־מעגאַלאָמאַניע, אָבער איך האָב נאָכגעגעבן ריינהאַרדטס לעצטער עקספּלאָזיע פֿון טעאַטער־קונסט. זײַן אויסגעברייטערטע און פֿאַרטיפֿטע שול האָט צוגעגעבן נאָך אַ פֿינף און זיבעציק טויזנט דאָלאַר צו די קאָסטן פֿון דער אויפֿפֿירונג און האָט פֿאַרקלענערט די הכנסה פֿון יעדער פֿאָרשטעלונג אויף עטלעכע טויזנט דאָלאַר. עס איז געווען נויטיק צו באַזייטיקן די ערשטע דריי אָדער פֿיר רייען — מײַנע בעסטע זיצפּלעצער — ווײַל איבער דער פֿאַרטיפֿונג פֿון דער שול וואָלט מען נישט געקאָנט זען די פֿאָרשטעלונג פֿון אַ טייל פּלעצער אויפֿן באַלקאָן.

עטלעכע חדשים פֿאַר דער פּרעמיערע האָב איך איבערגעריסן אַלע באַציִונגען מיט בעל גידס. ווען ער וואָלט פֿאַרבליבן, וואָלט ער געהאַלטן אין איין אויסבעסערן די בינע און דער אָנהויב פֿון די פֿאָרשטעלונגען וואָלט אָפּגעשלעפּט געוואָרן אין דער טיפֿער זקנה. הערי האָרנער, אַ יונגער און ברילִיאַנטענער דעקאָראַטאָר, וועמען ריינהאַרדט פֿלעגט באַנוצן פֿאַר אַלע אַרבעטן אין טעאַטער, איז געקומען פֿון זאַלצבורג אויסצוטרעטן דעם לעצטן שפּאַן פֿאַרן „אייביקן וועג". ער האָט דאָס דורכגעפֿירט אויסגעצייכנט.

איך האָב צוריקגעבראַכט בעל גידס צו דער פּרעמיערע. סוף־כּל־סוף איז ער געווען דער באַשאַפֿער פֿון די הערלעכע דעקאָראַציעס. געוויס זענען געווען זאַכן, וואָס ער האָט קריטיקירט. דאָס ליכט איז לויט אים נישט געווען דאָס, וואָס עס האָט געדאַרפֿט זײַן. מער אָפּשײַן איז נויטיק און אַזוי ווײַטער. איך האָב אים געזאָגט, אַז עס איז שוין צו שפּעט. פֿון דעסטוועגן איז ער געווען צופֿרידן.

איך מוז דאָ צוגעבן אַן „עיקר שכחתי" וועגן בעל גידסן. אין 1939, ווען איך האָב אָרגאַניזירט דעם ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן אויף דער וועלט־אויסשטעלונג אין

ניו־יאָרק, האָט דזשאָרדזש בעקער, וועלכער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דעם קאָמיטעט, פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן אַנגאַזשירן בעל גידס ער זאָל צייכענען דעם מאָדעל. איך בין דערשראָקן געוואָרן און עס אים געזאָגט. בעקער האָט געוואָלט וויסן, פאַר וואָס איך בין אַזוי אויפגעבראַכט. „קודם־כל — האָב איך אים גע־זאָגט — איז נישטאָ אַזוי פיל געלט אין דער אַמעריקאַנער פעדעראַלער רעזערוו־באַנק און אין דער רעגירונגס־באַנק פון ענגלאַנד צוזאַמען פאַר דעם פּאַוויליאָן, וואָס בעל גידס וועט אויסחלומען. צווייטנס וועט זיין מאָדעל פאַרן פּאַוויליאָן זיכער זיין גרעסער פון גאַנץ ארץ־ישׂראל". שפּעטער האָט דזשאָפרי העלמאַן אָריינגענומען די דאָזיקע געשיכטע אין דעם פעדער־פּאָרטרעט פון בעל גידס, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דעם זשורנאַל „ניו־יאָרקער". ווען בעל גידס האָט געזען דעם קאָרעקטור־בויגן פון דעם אַרטיקל, האָט ער געדראָט, אַז ער וועט אונדז אָנקלאָגן פאַר אַ געשעפטלעכער באַליידיקונג. ער האָט נישט געהאַט קיין חוש פאַר הומאָר. אויף דער וועלט־אויסשטעלונג האָט ער געצייכנט דעם פּאַוויליאָן פון „דזשענעראַל מאָטאָרס" מיט אַ בודזשעט, וואָס איז געווען לכתחילה אויסגע־רעכנט אויף צוויי מיליאָן דאָלאַר. די „פוטוראַמאַ" איז טאַקע געווען דער „שפּיגל" פון דער וועלט־אויסשטעלונג, אָבער די פולע קאָסטן האָבן אַ שפּרונג געטאָן ביז צען מיליאָן דאָלאַר. צום גליק פאַר בעל גידס האָט „דזשענעראַל מאָטאָרס" זיך געקאָנט אויף דעם דערלויבן.

אין דעם אָריגינעלן אַנסאַמבל פון „אייביקן וועג" האָט סידני לומעט — וועלכער איז שפּעטער אַליין געוואָרן אַ טעאַטער־דירעקטאָר — געזאָלט שפּילן דעם יונגן יצחק, וועלכער שרייט מיט אַ מוראדיק קול „טאַטע!" ווען ער זעט, ווי אברהם הייבט אויף איבער אים דאָס מעסער צו ברענגען אים אַלס קרבן. ריינהאַרדט האָט מיט אים לאַנגע טעג איינרעפּעטירט דאָס איינציקע וואָרט. דער־ווייל האָט לומעטס שטים זיך געענדערט. ער האָט זיך צעשפּאָלטן זיין אויבערשטע ליפּ. מיר האָבן געדאַרפט זוכן עמעצן אַנדערש, דיקי וואַן פּאַטען, פאַר דער ראָל. לומעט האָט אָנשטאָט דעם געשפּילט די ראָל פון דעם בחור אין דער שול, וווּ יידן זענען זיך צונויפגעקומען, אַנטלויפנדיק פון אַ פּאָגראָם. צו דעם אַנסאַמבל האָבן געהערט סעם דזשאַפע, ראָזאַמאָנד פּינטשאָט, פלאָרענט מעיער (די טענצע־רין, טאָכטער פון יודזשין מעיער, פאָרזיצער פון דער פעדעראַל רעזערוו־באַנק און אַרויסגעבער פון „וואַשינגטאָן פּאָסט"), לאָטע לעניאַ און הונדערטער טענ־צערס, זינגערס און „עקסטראַס".

פאַמעלעך אָבער זיכער האָט דער פּלאַץ, דאָס מאַנהעטען־אָפּערע־הויז — אָנגעהויבן אויסזען ווי אַ טעאַטער. ווען איך האָב איין מאָל,ביים סוף פון אַ לאַנגן טאָג, צופעליק געפרעגט ריינהאַרדטן מיט וואָס מיר זאָלן באַדעקן די בייע זיצפלעצער, וואָס מיר האָבן אויפגעבויט, האָט ער מיר געענטפערט: „מיט זייט מיר מוחלס".

ענדלעך האָט זיך דערנענטערט דער אָוונט פון דער ערשטער פאָרשטעלונג. ווער עס האָט אַ מאָל געהאַט צו טאָן מיט דער פּרעמיערע פון אַ טעאַטער־אויפ־פירונג, איז באַקאַנט מיט דער געשפּאַנטער אַטמאָספער, מיט דער נערוועזער שטימונג, מיט די אויסברוכן פון אויפרעגונג, וואָס מען קאָן נישט קאָנטראָלירן

צוליב די שטערונגען, וועלכע שאַפֿן זיך אין דער לעצטער מינוט. איינע פֿון בעל גידס אויסגעצייכנטע ווינדעס צוצופֿירן און אַוועקנעמען די דעקאָראַציעס, האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף עטלעכע שעה, וואָס האָט געדראָט, אַז די יידישע געשיכטע זאָל פֿאַרגעשטעלט ווערן אָן די לוחות הברית און אָן דעם עגל הזהב. אָבער דאָס איז געווען אַ קאַטאַסטראָפֿע פֿאַרגלייך מיט דער צרה גדולה ואיומה, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדזערע קעפּ פֿיר אָדער פֿינף שעה, איידער דער פֿאָרהאַנג האָט זיך געדאַרפֿט אויפֿהייבן. אין די מערסטע דראַמעס ווערט דער „טשוואָק“ איבערגעלאָזט פֿאַרן פֿינאַל, אין לעצטן אַקט. ביי אונדז איז עס געווען אין פּראָלאָג.

איך בין געווען הינטער דער בינע, האָבנדיק די אויפֿזיכט איבער אַלץ און אַלעמען און איבער קיין שום זאַך נישט באַזונדערס, ווען איינער פֿון מיינע חברה־לייט האָט מיר מיטגעטיילט, אַז אַ מאַן פֿון דער פֿייערלעשער־אָפּטיילונג וויל מיך זען. איך האָב געטראַכט, אַז דער דאָזיקער פֿאַרשוין האָט אויסגעקליבן אַ גאַנץ מאָדנע צייט צו קומען און אַרומגיין פֿאַרקויפֿן בילעטן צו דעם פֿייערלעשער־באַל — וואָס זיי טוען געוויינלעך. אָבער איך האָב נישט געטראָפֿן. ער איז געקומען צו מיר מיט גאָר עפּעס אַנדערש. ער האָט מיך אינפֿאָרמירט, אַז אונדזער טעאַטער איז אַ פּלאַץ, וואָס איז אין גרויס געפֿאַר פֿון אַ שׂריפֿה, און אַז מיר קאָנען דעריבער נישט אָנהייבן שפּילן. צו פֿיל אָנגעצונדענע ליכט זענען פֿאַראַן אַרום און אַרום. דאָס איז שוין געווען דער „כּלו כּל הקיצין“ פֿון דער גאַנצער געשיכטע!

אַלע בילעטן זענען געווען אויספֿאַרקויפֿט. די „פּני“ פֿון ניו־יאָרק, סיי יידן, סיי קריסטן, האָבן זיך געגרייט צו קומען. און דאָ האָט ער מיר דערלאַנגט דעם ברוטאַלן „אוקאַז“. קיין שום זאַך, וואָס איך האָב אים געזאָגט, האָט נישט אויסגעזען צו מאַכן דעם מינדסטן איינדרוק אויף אָט דעם פֿאַרשוין. איך האָב באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז מיר קאָנען געראַטעוועט ווערן נאָך דורך דער אינטערווענץ פֿון די „הויכע פֿענצטער“.

איך האָב טעלעפֿאָנירט צו סטיפֿען ווייזן, וועלכער איז געווען אַ גוטער פֿריינד פֿון דעם בירגערמייסטער לאַ־גוואַרדיאַ, און איך האָב אים געזאָגט, אַז ער מוז מיר צושטעלן דעם בירגערמייסטער פּערזענלעך, וואָס עס זאָל נישט געשען. ד״ר ווייז האָט געפֿונען לאַ־גאַרדיאַן ערגעץ־ווו ביי אַ שׂריפֿה. ס׳איז געווען לאַ־גאַרדיאַס „שוואַכקייט“ אַוועקצולויפֿן אַליין אומעטום, ווו עס איז אויסגעבראָכן אַ שׂריפֿה. אין דער צווישנצייט האָב איך אויך טעלעפֿאָנירט צום קאָנטראָלער פֿון דער שטאָט־רעגירונג, וועלכער האָט געהאַט די אויפֿזיכט איבער דעם טעאַטער, און איך האָב אַנטדעקט, אַז ער באַציט זיך כּמעט פֿריינדלעך און לאָזט זיך רעדן אַ סך מער, ווי דער מענטש פֿון דער פֿייערלעשער־אָפּטיילונג. אָבער ס׳איז אַזוי געשען — איך האָב עס באַלד אויסגעפֿונען — אַז לאַ־גאַרדיאַ האָט דעם קאָנטראָלער פֿיינט תּכלית השׂנאה, ווייל ער איז געווען אַ „טעמעני האָל“־דעמאָקראַט. ווען לאַ־גאַרדיאַ האָט דערזען דעם קאָנטראָלער האָט ער גענומען שרייען: „ווערט פּטור פֿון דעם מנוול, טרייבט אים אַרויס!“ און ווען לאַ־גאַרדיאַ האָט זיך באַרויִקט, האָט ער אַליין דורכגעפֿירט אַ קאָנטראָל און האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל אַוועקצושטעלן אין טעאַטער פֿופֿצן פּאָליציי־לייט און זעכציק פֿייערלעשער. איך האָב אים צוגעזאָגט מיט טרערן אין די אויגן, אַז צומאָרגנס וועל איך אַלץ ברענגען אין בעסטן אָרדענונג.

ס'איז געווען אַ שעה אָדער צוויי, איידער דער פאַרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן פאַר דער ערשטער פאָרשטעלונג פון „אייביקן וועג". איך האָב שוין נישט געקאָנט גיין אַהיים זיך איבערטאָן. האָב איך געשיקט נאָך מיינע מלבושים און האָב גענומען אַ צימער אין דעם שכנותדיקן האָטעל „ניו־יאָרקער". איך בין געווען אין גאַנצן אויסגעמאַטערט און ביים איבערטאָן זיך האָב איך אַנטדעקט, אַז איך האָב פאַרגעסן צו בעטן מ'זאָל מיר שיקן אַ פּאָר אָפּגעפּוצטע שיך, וואָס זאָלן זיך פּאַסן צו מיין „סמאָקינג". די שיך, וועלכע איך האָב געטראָגן, האָבן געהאַט אויף זיך דעם שטויב פון צוויי טויזנט־יאָריקן גלות. איך האָב געשיקט, אַז מ'זאָל אָפּפּוצן מיינע שיך. דער זייגער האָט געוויזן פופצן אָדער צוואַנציק מינוט פאַרן אָנהויב פון דער פאָרשטעלונג, און מען האָט מיר נאָך נישט געהאַט צוריקגעבראַכט די שיך. אַ פאַרצווייפלטער האָב איך אַריינגערופן אַן אַרמיי האָטעל־דינער און האָב זיי געבעטן, זיי זאָלן אויסטאָן זייערע שיך. ענדלעך האָב איך געפונען אַ פּאָר שיך, וואָס האָבן מער־וויינִיקער געפּאַסט פאַר מיר. און איך האָב געזאָגט זייער אייגנ־טימער, אַז ער זאָל וואַרטן אין מיין צימער, ביז מ'וועט צוריקברענגען מיינע שיך. אויב דאָס וועט זיין נאָך איידער דער פאַרהאַנג וועט זיך אויפהויבן, זאָל ער זיי מיר ברענגען אין טעאַטער; אויב שפּעטער, קאָן ער נעמען מיינע שיך פאַר זיך. און איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז ער וועט נישט מאַכן קיין שלעכטן טויש.

ווייטער האָב איך געבעטן, ער זאָל מיר העלפן אויסבינדן מיין קראַוואַט. אַלס ענטפער האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיך אויסציִען אויפן בעט. „וואָס מיינט איר, איך זאָל זיך אויסציִען אויפן בעט?" — האָב איך אים געפרעגט. ער האָט מיר דאַן דערציילט, אַז ביז לעצטנס האָט ער געאַרבעט ביי אַ קברן אין דער פירמע, און דער שטייגער איז געווען, אַז זיי פלעגן אויספּוצן דעם מת, איידער זיי האָבן אים אַריינגעלייגט אין אָרון. זיין אַרבעט איז געווען שיין און פיין אויס־צובינדן דעם קראַוואַט פונעם בר־מינן. האָט מיר שוין גאָרנישט געהאָלפן און איך האָב זיך אויסגעצויגן אויפן בעט. אָבער ער האָט דאָס געמאַכט מיט אַזאַ געשיקט־קייט, אַז איך האָב אים שוין מוחל געווען פאַר זיין משונהדיקער פאָדערונג.

איך בין געקומען אין טעאַטער אַרום צען מינוט פאַרן אָנהויב פון דער פאָר־שטעלונג. די לופט האָט געציטערט מיט אַן אָנגעצויגענער דערוואַרטונג. נאָך מער, דערפאַר, ווייל דער עולם, וועלכער האָט איבערגעפּאַקט דאָס טעאַטער, האָט נישט געהאַט קיין שום אַנונג וועגן דעם, וואָס ער דאַרף דערוואַרטן.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין פאַרהאַנג. אַלע עפעקטן זענען געווען באַזירט אויף דער שפּיל פון ליכט, וואָס האָט אָפּגעקאָסט זעכציק טויזנט דאָלאַר. ווען די ערשטע ליכט האָבן זיך אָנגעצונדן פאַרטונקלט, האָבן זיי אויפגעדעקט בלויז די קליינע שול און די יידן — מענער, פרויען און קינדער — וועלכע זענען געווען צונויפגעדריקט און האָבן זיך געטוליעט אין שרעק. מער האָט מען נישט געזען. דערנאָך האָט דער חזן, אַ וווּנדערלעכער זינגער און אַגב אַ גוי, ער האָט געהייסן מעטיוס, אָנגעהויבן זינגען: „ויאמר ה' אל אַברהם..." ביסלעכווייז האָט אָנגעהויבן ווערן ליכטיק אויף דער בינע, און עס איז אַנטפּלעקט געוואָרן די טיפקייט און די הויך פון פינף ברייטע ראַנגען, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון אויבן.

און צום סוף, האָט מען גאָר אויבן, אין דער הויך, דערזען דעם כאָר — הונדערט זינגער אין מלבושים פון מלאכים, אַ הימלישע פּמליא.

דער עולם איז געבליבן זיצן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. מען האָט געקאָנט הערן אַ קאָלעקטיוון: אַ, אַהאַ! איך האָב געוווּסט, אַז די פאָרשטעלונג האָט שוין אַ געזיכערטן דערפאָלג.

פיר פאַר טאָג האָבן מיר באַקומען די רעצענזיעס פון די צייטונגען. דאָס מאָל איז ביי אונדז פאַרכאַפּט געוואָרן דער אָטעם. די טעאַטער־קריטיקער זענען געווען פול מיט התפעלות. דען שאַכט, איינער פון מיינע געהילפן, איז אַרויפגע־שפּרונגען אויף אַ טיש און אַלעמען אָנגעזאָגט די בשׂורה, אַז ער גייט אַהיים מאַכן אַ קינד. ער איז געווען זיכער, אַז ער האָט אַ שטעלע פאַר ווינציקסטנס פינף יאָר. ברוקס עטקינסאָן פון „ניו־יאָרק טיימס" האָט געשריבן: „נאָך אַן אייביקייט פון אָפּשלעפּעניש איז „דער אייביקער וועג" ענדלעך אָנגעקומען אין מאַנהעטען־אָפּערע־הויז, ווו עס איז נעכטן אָוונט געווען די ערשטע פאָרשטעלונג. זאָל באַלד געזאָגט ווערן, אַז דאָס אָפּלייגן צען מאָל איז פאַרשטענדלעך, און מען קאָן עס מוחל זיין. מאַקס ריינהאַרדט און זיינע געהילפן האָבן באַשאַפן אַ הערלעכן ספּעקטאַקל, וואָס מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק". ס'איז נישט געווען קיין איין רע־צענזיע אין די צייטונגען, וואָס זאָל נישט זיין פול מיט לויב. אין דרויסן, פאַר דער קאָסע פון טעאַטער, זענען באַלד געשטאַנען לאַנגע רייען נאָך בילעטן. אַלע אונדזערע צרות האָבן שוין געדאַרפט האָבן זיך פאַרענדיקט. אָבער דאָס וואָלט געווען צו גוט.

איינער, אַ צייטונגס־שרייבער, וועלכער האָט געשילדערט די לאַנגע שטור־מישע געשיכטע פון צוגרייטן דעם ספּעקטאַקל און אַראַנזשירן, אַז די פאָרשטע־לונגען זאָלן קאָנען אָנגיין און נישט איבערגעריסן ווערן, האָט אָנגערופן זיין אַרטיקל: „די אָדיסייע פון אַן אָפּטימיסט". דאָס האָט ער געמיינט מיך — די געשיכטע פון מיין לעבן. און איך האָב געוואָלט, אַז דאָס זאָל זיין דער נאָמען פון דער דאָזיקער אויטאָביאָגראַפיע מיינער. אָבער מיינע פריינד האָבן צונישט גע־מאַכט מיין פּלאַן. זיי האָבן באַנוצט דעם נאָמען פאַר דעם בוך מיט אויסדרוקן פון זייער צוגעבונדנקייט און אָנערקענונג פאַר מיר, וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן לכּבוד מיין זיבעציקסטן געבוירנטאָג.

ניין פאָרשטעלונגען אַ וואָך ביי פולע זאַלן האָבן אַריינגעבראַכט פיר און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר, און די וועכנטלעכע שׂכירות פאַרן פּערסאָנאַל האָבן באַטראָפן איין און דרייסיק טויזנט דאָלאַר. דאָס האָט געמיינט, אַז איך האָב גע־דאַרפט שאַפן נאָך זיבן טויזנט דאָלאַר אַ וואָך כּדי אָנהאַלטן די פאָרשטעלונג, שוין נישט דערמאָנענדיק אַזאַ אומוויכטיקן ענין, ווי האָבן ריווח. די „באָסעס" פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן מיך אַוועקגעלייגט. מיר האָבן אויסגעגעבן הונדערט טויזנט דאָלאַר אויף צו רעקאָרדירן די מוזיק דורך אַ ניי־אַנטדעקטער וווּנדערלעכער „אַר־סי־איי"־מעטאָדע. פּעטרילאָ (דער יוניאָן־פירער) האָט איינ־געשטימט, אַז מיר זאָלן באַשעפטיקן בלויז פיר מוזיקער על כּל צרה שלא תבוא. אָבער ווען די פאָרשטעלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן, איז ער באַשטאַנען זיך באַגנו־

געגנען מיט זעכצן. מיר האָבן גוט געקענט זיך אַן עצה געבן מיט אַ טוץ בינע־אַרבעטער, אַ דאַנק דער ווינדע און די באַוועגלעכע ראַמפּעס. אָבער די יוניאָן האָט זיך איינגעעקשנט, אַז מיר מוזן נעמען אַכט און פערציק מאַן. ס׳איז נישט געווען קיין שום אַנדערע עצה, ווי זאַמלען ווייטער געלט, אויב מיר האָבן גע־וואָלט, אַז די פאָרשטעלונגען זאָלן אָנגיין. זיי האָבן אָנגעהאַלטן זעקס חדשים. און פאַר דעם טאָג, ווען מען האָט אויסגעצאָלט די שׂכירות, האָט מען געדאַרפט האָבן גרויסע ניסים.

דערווייל איז פראַנץ ווערפעל אַריבערגעקומען מיט זיין ווייב, אַלמאַ־מאַריאַ שינדלער־מאַלער־גראָפּיוס־ווערפעל. זי איז געווען אַ גאַנץ היפּשע פרוי און איז אין איר צייט פאַררעכנט געוואָרן פאַר איינער פון די הערשנדיקע שיינהייטן פון ווין. זי איז געווען דעמאָנסטראַטיוו אַ קאַטוילין און האָט געטראָגן אַ גרויסן גאָלדענעם צלם אויף איר לייטישן בוזעם. איך האָב זיי איינגעאָרדנט אין אַ לוקסוס־וווינונג אין סעינט רידזשיס האָטעל — „נאָבלעס אָבליזש״. הונדערט דאָלאַר אַ טאָג, מער אָדער ווייניקער, האָט נישט געמאַכט קיין גרויסן אונטערשייד. אָבער אַ חוץ דעם איז ווערפעל נישט געווען אין גאַנצן צופרידן מיט דער אויפ־פירונג. „צו וואָס די אַלע דעקאָראַציעס, און ווער דאַרף די מוזיק?״ — האָט ער געוואָלט וויסן. — „די דאָזיקע דראַמע האָט געדאַרפט אויפגעפירט ווערן מיט שוואַרצע פאָרהאַנגען — דאָס איז אַלץ״.

מילא, מ׳קאָן נישט צופרידנשטעלן אַלע מענטשן אין אַלע צייטן. לכל הפחות בין איך געפעלן געוואָרן זיין פרוי אַ דאַנק דעם וואָס איך האָב איר געשיקט יעדן טאָג אַ פלאַש טייערע משקה. זי האָט נאָר־וואָס געהאַט פאַרלוירן איר טאָכ־טער, וואָס זי האָט געבוירן פון וואַלטער גראָפּיוס, דעם אַרכיטעקט, איר צווייטן און איינציקן נישט־יידישן מאַן. און זי האָט געדאַרפט פאַרטרינקען איר צער.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט וויליאַם סי. פּאַלי, דער הויפּט פון „קאָלאָמביאַ בראָדקאַסטינג קאָמפּאַני״ מיר געגעבן פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר מיטן באַ־דינג, אַז איך זאָל באַנוצן דאָס געלט נאָר דעמאָלט, ווען איך וועל באַקומען דאָס גאַנצע איבעריקע געלט, וואָס איז געווען נויטיק. אָבער דאָס לעבן איז שטאַרקער פון אַלע אָפּמאַכן. איך בין אַוועקגעגאַנגען צו פּאַליס אַדוואָקאַט און האָב געפרעגט ביי אים אַן עצה. „גייט און נוצט דאָס געלט״ — האָט ער מיר געזאָגט. — „ער האָט דאָס נישט געמיינט אויף אַן אמת. ער האָט אייך געשטעלט דעם באַדינג, בלויז בכדי אייך אָנצורייצן, איר זאָלט קריגן דעם רעשט פון דעם געלט״. אָבער פּאַלי אַליין האָט אַן אַנדערן נוסח פון דער געשיכטע. צום גליק האָט דאָס נישט אָנגערירט אונדזער פריינדשאַפט, און נישט זיין ברייטהאַרציקע באַטייליקונג אין מיינע שפּעטערדיקע אונטערנעמונגען, באַזונדערס אין ווייצמאַן־אינסטיטוט פאַר וויסנשאַפט.

מער פון דרייסיק יאָר שפּעטער, נאָך דער אויפפירונג פון „אייביקן וועג״, ביי איינעם פון די יערלעכע ווייצמאַן־אינסטיטוט־באַנקעטן אין ניו־יאָרק, ווען פּאַלי האָט פאָרגעשטעלט דעם הויפּט־רעדנער, לאָרד וויקטאָר ראָטשילד, האָט ער זיך דערלויבט צו מאַכן פאָלגנדיקן זיסן שפּאַס (וואָס איז דערנאָך אַ סך ציטירט

געוואָרן אין די צייטונגען): „יעדער איינער, וועלכער האָט געהאַנדלט מיט מאָירן — האָט ער געזאָגט — ווייסט, אַז דאָס איז אַ דערפאַרונג, וואָס מאַכט אייך סיי רייך און סיי אָרעם". איך וועל עס איבערלאָזן פאַר אַנדערע מסכּים צו זיין, אָדער נישט מסכּים צו זיין מיט דער ערשטער העלפט פון דער דאָזיקער צערטלעכער באַגריסונג. אָבער איך בין גרייט צו פאַרזיכערן אָן שום באַוואָרענישן, אַז איך האָב נאָך נישט באַוויזן צו מאַכן אָרעם, נישט ביל פאַלין, נישט זיין פאַמיליע און אוודאי נישט זיין שיינע פרוי באַרבאַראַ. אין צוגאָב צו זיין גרויסן חן און נאַטיר־לעכן הומאָר, איז זיין וויכטיקסטער אוצר געווען (איך דאַרף זאָגן, אַז זי איז ווייטער) זיין מאַמע, אַ קליין־ווזקסיקע, חנעוודיקע אַלטע פרוי, וועלכע ווידמעט זיך אַ סך דער קונסט, באַזונדערס דער יידישער קונסט, און זי מאָלט אויך אַליין בילדער. איך לאָז נישט דורך קיין מאָל די געלעגנהייט זי צו באַזוכן, ווען איך קום קיין פאָלם ביטש צו דערליידיקן מיינע געשעפטן, אָדער פאַר פאַרגעניגן.

פאַראַן מענטשן, וועלכע זאָגן, אַז איך בין געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איך האָב געבאָרגט געלט ביי אַ קעלנערין אין האָטעל „ניו־יאָרקער". איך געדענק עס נישט. אָבער איך געדענק יאָ, אַז איך האָב פאַרפירט, אָדער פאַרגוואַלדיקט, אָדער ווי אַזוי דאָס דאַרף אָנגערופן ווערן, מיין שוואָגער אַדאַם ראַזען. אַדאַם האָט חתונה געהאַט מיט שירליס שוועסטער, ריקי. ער איז געווען אַ געבוירענער אין ארץ־ישראל. ער איז געקומען אין דער נייער וועלט צו זוכן גאָלדענע גליקן. ער האָט געהאַט אַ באַשיידענע דערפאָלגרייכע רייזע־אַגענטור, וואָס האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אַראַנזשירן נסיעות קיין ארץ־ישראל. אַדאַם האָט געהאַט אַ ליידנשאַפט, וואָס האָט אים אין גאַנצן באַהערשט: אַן אימפּאָנירנדיקע קאָלעקציע פון פּאָסטמאַרקעס. די קאָלעקציע האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך זיין גאַנצע מי און אַלע זיינע אָפּשפּאָ־רונגען פון אַ לעבן־לאַנג. ער האָט געהאַלטן זיין קאָלעקציע אַ סך טייערער וויפל זי איז ווערט געווען אויפן מאַרק. אָבער אַז די קאָלעקציע האָט אַ געוויסן ווערט, איז מיר כּסדר געקומען אין זין אין יענע פאַרצווייפלטע טעג. שירלי האָט מיר געדראָט מיט די שאַרפסטע קאָנסעקווענצן, אויב איך וועל ווען־עס־איז האָבן די העזה צו גיין „אַזוי ווייט".

מיין שוואָגער האָט מיר שוין געהאַט געגעבן דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. אָבער זעענדיק, אַז איך בין אויף „געהאַקטע צרות", האָט ער אין איינעם אַ טאָג פּריוויליק באַוויליקט — איך אַליין האָב געגעבן בלויז אַ ווונק — צו פאַרזעצן די קאָלעקציע פּאָסטמאַרקעס פאַר מיינעטוועגן. ווען מיר זענען גע־גאַנגען אין באַנק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער פילט, ווי ער וואָלט געגאַנגען צו זיין אייגענער לוויה. מיר האָבן אַריינבאַקומען צען טויזנט דאָלאַר. (ער האָט זיי דערנאָך צוריקגעקראָגן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך אויסגעצאָלט כּמעט אַלע — נו, נישט אַלע — מיינע חובות צו מיין משפּחה).

דער, וועלכער האָט באמת באַקומען דעם גאַנצן שווה־כּסף פון „אייביקן וועג" פאַר די הלוואות, וואָס ער האָט מיר געגעבן, איז געווען מאָריס אייזענמאַן. ער איז געקומען זען די פאָרשטעלונג יעדן אָוונט און האָט תּמיד באַצאָלט פאַרן בילעט. ער האָט ליב געהאַט אַרומצוגיין הינטער די קוליסן און פאַרטשעפּען די

יונגע טענצערינס. נאָך מער האָט ער ליב געהאַט צו זען די סצענע, ווי משה רבינו טוט אַ וואָרף די לוחות הברית, דערזעענדיק דעם טאַנץ אַרום דעם עגל הזהב. אָפּט פלעגט ער קומען אין טעאַטער, בכדי בלויז צו זען די דאָזיקע סצענע. איין מאָל, אין אַ שפּעטן נאָכמיטאָג, איז ער געווען צוזאַמען מיט מיר אין נייזערס ביוראָ, ווען מיר האָבן געהאַט אונדזערע וועכנטלעכע דינגענישן וועגן דער נאָענט־סטער סומע געלט, וואָס ער האָט מיר געזאָלט געבן. די קאָנפערענץ האָט זיך געצויגן ווי פון פעך, און אייזענמאַן איז געוואָרן נערוועז. די פאָרשטעלונג פון „אייביקן וועג" האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן און ער האָט מורא געהאַט צו פאַרשפּעטיקן די סצענע מיט משה רבינו. אין לעצטן מאָמענט האָט ער, נישט קאָנענדיק מער זיך איינהאַלטן, אַ געשריי געטאָן: „נעמט וויפל איר דאַרפט, אַבי לאָזט מיך גיין".

דער פרילינג האָט זיך דערנענטערט, און ס'האָט זיך אָנגערוקט דער „טויטער" סעזאָן פאַרן טעאַטער איבער דער קריסטלעכער פּסחא־חגא. מיר איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז צוליב דעם, וואָס דאָס איז אַ ביבלישע פאָרשטעלונג וועט מען קאָנען איבערצייגן קאַרדינאַל העיסן, ער זאָל געבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש די קאַטאָליקן צו זען דעם „אייביקן וועג" אין די חגא־טעג. איך האָב געגעבן הערי האָרענשטיינען, איינעם פון אונדזערע אָנגעשטעלטע, די אויפגאַבע דאָס דורכצופירן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קאַרדינאַל איז גרייט דאָס צו טון. בכדי צו שליסן אַ בינדנדיקן אָפּמאַך און צו קריגן נאָך אַ ביסל „פּובליסיטי" — האָב איך געוואָלט, אַז אַ קלויסטער זאָל איבערנעמען דעם פאַרקויף פון אַ טייל בילעטן פאַר דעם ערשטן אָוונט פון די חגאות. נאָך לענגערע פאַרהאַנדלונגען איז געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט אַ קלויסטער פון די בראָנקס. צוליב עפּעס אַ מיסטעריעזן מאָטיוו האָבן זיי דווקא געוואָלט אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט מיט מיר פּערזענלעך. עס איז באַשטימט געוואָרן די צייט ווען אַ דעלעגאַציע פון דריי נאָנעס וועט מיך באַזוכן.

די נאָנעס האָבן נישט געקאָנט אויסקלייבן אַ בעסערע צייט צו קומען צו מיר. זיי זענען אָנגעקומען צוזאַמען מיט די טרעגער, וואָס האָבן אַרויסגעטראָגן דאָס מעבל פון מיין ביוראָ, ווייל איך בין שולדיק געווען דירה־געלט. איך האָב געשריגן אויף די העכסטע טענער, וואָס איך האָב געקענט אַרויסבאַקומען און איך האָב אַוודאי באַנוצט אַ שפּראַך, וואָס איז נישט אַזוי שטאַרק צוגעפּאַסט פאַר אַ דעלעגאַציע פון אַ קלויסטער. די נאָנעס, איבערגעשראָקענע צום טויט, זענען גלייך אַרויסגעאַנגען. האָרענשטיין איז אַרויס מיט אַ געוואַלד: „דריי וואָכן האָב איך שקלאָפעריש געהאָרעוועט דורכצופירן די זאַך, און דאָ קומט איר און מאַכט אַ תל דערפון". דאָס איז נישט קיין סטענאָגראַפישער באַריכט פון האָרענשטיינס געשריי. ער האָט זיך אויסגעדריקט מיט ווערטער, וועלכע איך וואָלט דאָ נישט געקאָנט ציטירן. אָבער שטייענדיק צווישן די חורבות פון מיין ביוראָ, איז דאָס אַלץ מיר זייער ווייניק אָנגעגאַנגען. איך האָב עס שוין געהאַט איבערן קאָפּ.

אַ שעה שפּעטער זענען די נאָנעס ווידער אַריינגעקומען. מיין סעקרעטאַר האָט מיר אָנגעזאָגט פריער זייער פאַרזיכטיק, אויף יידיש, וועגן זייער אָנקומען, און האָט זיי צו מיר אַריינגעפירט. פּלוצלונג איז פאַרשוווּנדן מיין גאַנצע שלעכטע

שטימונג, מיט מיין גלייכגילטיקייט צו דעם ענין, און אין איין רגע בין איך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער גרעסטער גייסטיקער פיגור פון אַלע צייטן:

„מיינע פריינד" — האָב איך צו זיי געזאָגט — „איר גייט אַריין און איר גייט אַרויס, וואָס איז געשען?"

„אָה" — האָבן זיי געענטפערט — „מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין דער דערגעבנדיקער קירך און האָבן תפילה געטאָן פאַר אייער נשמה".

האָבנדיק אָפּגעטאָן זייער נוצלאָז אָבער גוט־געמיינט שטיקל אַרבעט פאַר מיין גייסטיקער רעטונג, האָבן זיי איצט געטאָן זייער פונקט אַזוי גוט־געמיינטע, אָבער נישט ווייניקער נוצלאָז שטיקל אַרבעט פאַר מיין פינאַנסיעלער רעטונג.

געווען איין אינצידענט, וואָס שטייגט אַריבער אַלע אַנדערע אין אָפּשפּיגלען מיין שרעקלעכע פאַרצווייפלונג אין יענע טעג. איין מאָל איז אַ דעלעגאַציע פון יידן, וואָס האָבן געהאַט די בעסטע כוונות, געקומען מיך זען אין מיין ביוראָ. דאָס איז געווען אין איינעם פון די טעג, ווען אַלץ איז געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ. די דעלעגאַטן האָבן מיר דערקלערט, אַז זיי זענען געקומען מיך באַערן מיט אַן ערנטאַוול פאַר מיינע אויסערגעוויינלעכע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער קולטור און קונסט אין אַמעריקע. מער ווי אַזאַ ערנטאַוול האָב איך טאַקע דעמאָלט נישט געדאַרפט האָבן. און איך האָב זיי דאָס געזאָגט אָפן. זיי האָבן זיך געפילט באַליידיקט און האָבן זיך אויפגעשטעלט אַוועקצוגיין. פּלוצלונג איז מיר איינגעפאַלן אַ מחשבה:

„מיינע הערן" — האָב איך אַ זאָג געטאָן צוריקרופנדיק זיי — „איך באַדויער זייער, אויב איך האָב אייך אויף וועלכן עס איז אופן באַליידיקט. אַ פאַקט איז, אַז אייער צוגאַנג צו דעם גאַנצן ענין איז נישט קיין ריכטיקער. איך בין נישט דער מענטש, וואָס פאַרדינט אַזאַ ערנטאַוול. אמת, איך האָב אויפגעפירט די דאָזיקע פאָרשטעלונג, אָבער אָן דער הילף פון פלוני אלמוני (און איך האָב אָנגערופן איינעם פון די, וועלכע האָבן מיר געגעבן די גרעסטע געלטער) קאָן איך אייך פאַרזיכערן, אַז דער „אייביקער וועג" וואָלט קיין מאָל נישט דערזען די ליכטיקע שיין. אים וואָלט איר געדאַרפט מכבד זיין מיט דעם ערנטאַוול".

די דעלעגאַציע האָט אין אָנהויב זיך באַצויגן צו דעם סקעפּטיש. אָבער נאָך דעם ווי איך האָב זיי דערקלערט אויספירלעך, ווי שטאַרק ברייטהאַרציק און גרויסמוטיק יענער מאַן איז געווען מיט דער הילף, וואָס ער האָט מיר געגעבן, האָבן די דעלעגאַטן מיט וואַקלענישן איינגעזען, אַז איך בין גערעכט. דאַן איז פאַרבליבן בלויז איין פּראָבלעם: מיין נאָמען איז שוין געווען אויסגראַווירט אויף דעם בראָנדז פון דעם ערנטאַוול, און מען האָט געדאַרפט האָבן אַן אַנדערן נאָמען, פון יענעם גרויסן בעל טובה מיינעם. מיין לאַנגע פאַרבינדונג מיט דער דרוקעריי־פּראָפעסיע האָט געלייזט דאָס פּראָבלעם. איך האָב זיי פאָרגעשלאָגן, זיי זאָלן באַנוצן פאַרטיקע אותיות, וואָס מען קלאַפּט צו צו אַזאַ ערנטאַוול. דאָס איז אַן אַ שיעור עלעגאַנטער, ווי אויסגראַווירטע אותיות. איך האָב זיי אויך געגעבן אַן עצה, אַז דאָס איבערגעבן דעם ערנטאַוול זאָל דורכגעפירט ווערן ביי אַן עפנטלעכער צערעמאָניע אין סיטי האָל.

ווען פּלוני אַלמוני האָט באַקומען די ידיעה, אַז עס ווערט צוגעגרייט פֿאַר אים אַזאַ כּבֿוד, האָט ער מיר גלייך טעלעפֿאָנירט. איך האָב אים וואַרעם באַגריסט. (ער האָט באמת פֿאַרדינט אַזאַ מין אָנערקענונג פֿאַר זיינע באַמיִונגען). אָבער איך האָב צוגעגעבן, אַז עס איז אַ גרויסער שאָד, וואָס די פֿאָרשטעלונגען פֿון „אייביקן וועג״ וועלן מוזן אויפֿהערן, נאָך איידער עס וועט אים איבערגעגעבן ווערן דער ערנטאָוול. „מיר וועלן זען, אַז די פֿאָרשטעלונגען זאָלן קאָנען אָנגיין נאָך עטלעכע וואָכן״ — האָט ער מיר געענטפֿערט — „וויפֿל געלט דאַרפֿט איר?״

די פֿאָרשטעלונגען האָבן זיך געצויגן ביזן זומער. דעמאָלט בין איך שוין געוואָרן אויסגעשעפּט פֿיזיש, עמאָציאָנעל און פּסיכאָלאָגיש. און נאָר ערשט דאַן זענען די יוניאָנס אַרויסגעקומען מיט עטלעכע קאָמפּראָמיס־פֿאָרשלאָגן. עס איז שוין געווען צו שפּעט. איך האָב פּשוט נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן.

אין דעם טאָג, ווען דאָס טעאַטער האָט זיך פֿאַרמאַכט, האָט דער אַנסאַמבל געזאָגט, אַז ער וויל עפּעס טאָן פֿאַר מיר. זיי וויסן, אַז איך בין אויף צרות און פֿאַרמאָג נישט קיין צעבראָכענעם דרייער ביי דער נשמה. זיי ווייסן אויך, אַז איך האָב געשוווירן, אַז איך וועל נישט נעמען קיין שכירות, ביז די פֿאָרשטעלונגען וועלן ברענגען פּראָפֿיט. מיין משפּחה איז אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון דער דירה, און מיר האָבן געמוזט אַריבערקליבן זיך אין אַ מלך־אביון־האָטעל אויף אַמסטער־דאַם־עוועניו. בלויז דער וועכנטלעכער טשעק, וואָס מאָריס אייזענמאַן האָט געשיקט שירלין, האָט אונדז אויפֿגעהאַלטן ביים לעבן און געראַטעוועט פֿון דאַרפֿן אַוועקגיין אין „הקדש״.

אַזוי אַרום איז, אויפֿן פֿאָרשלאָג פֿון דעם אַנסאַמבל, די לעצטע פֿאָרשטעלונג פֿון „אייביקן וועג״ פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „בענעפֿיס״ פֿאַר מיינעטוועגן, דעם אונטערנעמער פֿון דער אויפֿפֿירונג. יעדער איינער, אַריינגערעכנט די יוניאָן־מענטשן, האָט געאַרבעט אָן צו ווערן באַלוינט. דאָס איז געווען עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט קיין מאָל פֿריער נישט פּאַסירט. עס איז געווען אַ נאָכמיטאָג־פֿאָר־שטעלונג, און יעדער איינער, וועלכער איז געווען פֿאַרבונדן מיט דעם ספּעקטאַקל, איז געקומען. עס האָט אויסגעזען, ווי מען וואָלט געגאַנגען צו אַ לוויה. און בלויז די אבֿלים, וועלכע האָבן באַוויינט דעם מת, זענען אַליין אויך געווען, אַזוי צו זאָגן, די בר מיננס. איך אַליין בין געזעסן אין אַ ווינקל און האָב געוויינט.

ווען אַלץ האָט זיך פֿאַרענדיקט, האָט סעם דזשאַפֿע געמאָלדן, אַז איך קריג פֿיר טויזנט אַכט הונדערט דאָלאַר, די גאַנצע הכנסה פֿון דער „בענעפֿיס״־פֿאָר־שטעלונג. און די טרופּע מיט דעם גאַנצן עולם האָבן גענומען שרייען, אַז איך זאָל זיך באַווייזן. סעם האָט מיך אַרויפֿגעשלעפּט אויף דער בינע, און מיר איבער־געגעבן אַ טעלעגראַמע וואָס איז אָנגעקומען פֿון ריינהאַרדטן פֿון קאַליפֿאָרניע. אָבער פּונקט דעמאָלט, ווען איך האָב אָנגעהויבן לייענען די טעלעגראַמע, זענען פֿאַרלאָשן געוואָרן אַלע ליכטער, וואָס האָבן מיך אָפּגעקאָסט זעכציק טויזנט דאָלאַר. די עלעקטריציטעט־געזעלשאַפֿט איז נישט געווען אַזוי סענטימענטאַל ווי דער אַנסאַמבל און געשלאָסן דאָס ליכט. איינער פֿון דער טרופּע האָט אָנגעצונדן

**אַ שוועבעלע און האָט דאָס שאַכטל איבערגעגעבן סעמען. ביים ליכט פון אַ טוץ שוועבעלעך האָב איך איבערגעלייענט:**

„מיין טייערער פריינד! דאָס גרויסע ווערק, וואָס איר און איך האָבן געבראַכט צום לעבן, ליגט איצט פאַרחושכט און פאַרשטומט אויף די פינצטערע ברעטער פון דער בינע. איר זענט געווען דערפּאָלגרייך, ווען אָפילו בלויז אויף אַ קורצער צייט, אין איבעררייסן דעם טאַנץ אַרום דעם „עגל הזהב" און אויפהויבן פון דאָס ניי די לוחות. אָבער איצט מוזן מיר רעזיגנירן. דאָס ליכט, וואָס מיר האָבן צוזאַמען אָנגעצונדן אין מאַנהעטען־אָפּערע־הויז, וועט שיינען נישט פאַרטונקלט אין דער געשיכטע פון טעאַטער און פון יידישן פאָלק.

אין אמתער פריינדשאַפט —

מאַקס ריינהאַרדט"

# 12. א יידישע מלוכה אויף דער וועלט־אויסשטעלונג

מיין טעאַטער־פאַרבינדונג מיט ריינהאַרדטן האָט זיך נישט פאַרענדיקט מיטן סוף פון דער פאָרשטעלונג פון „אייביקן וועג". איך האָב נאָך אַראַנזשירט צוזאַמען מיט אים עטלעכע אויפפירונגען אין האָליוווד, צווישן זיי גאָלדאָניס „דער דינער פון צוויי באַלעבאַטים". ריינהאַרדט האָט אויך געגרינדעט אַן עקספּערימענטאַלן טעאַטער אין האָליוווד, און איך האָב אים צו דעם געהאָלפן שאַפן דאָס געלט. די גרעסטע הילף איז געקומען פון אַ גרויסן פאַרערער זיינעם, וויליאַם ס. פּאָלי. ריינהאַרדט האָט מיר אָנגעשריבן 14 זייטן וועגן די חלומות און האָפענונגען, וואָס ער האָט פאַרבונדן מיט דער אונטערנעמונג. ער האָט געוואָלט שאַפן דאָס „גרויסע אַמעריקאַנער טעאַטער" לויטן מאָדעל פון „טעאַטער פראַנסע" אין פּאַריז, „בורגטעאַטער" אין ווין און מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער. ער האָט געוואָלט אויפשטעלן אַ קאַליפאָרניע־טעאַטער אין אַ פיל גרעסערן פאַרנעם, ווי דאָס זאַלצבורג־טעאַטער. זיין קאָפּ איז געווען פול מיט פּלענער און פאַנטאַזיעס.

דאָס איז געווען אין 1937. און ער האָט צוגעגעבן: אין איירָאָפּע זענען מיר דורכגעגאַנגען דורך מלחמה, רעוואָלוציע, דעפּרעסיע, אינפלאַציע, דעפלאַציע און קריזיסן פון יעדן מין. אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט האָט דאָס טעאַטער גאָרנישט געליטן. פאַרקערט, דאָס פּובליקום, וואָס פלעגט קומען צו די פאָר־שטעלונגען, איז געווען אומפאַרגלייכלעך גרעסער ווי אין די גוטע און פעטע צייטן פון שלום. (נאָר די נאַצי־דיקטאַטור האָט צום סוף באַוויזן כמעט צו הרגענען דאָס טעאַטער. ווייל קונסט קאָן נישט בליִען אונטער אַ דיקטאַטור. ווי אַזוי קאָן דאָס טעאַטער ווייטער עקזיסטירן, אויב דער קינסטלער ווערט אָפּגעשאַצט נישט לויט זיין טאַלאַנט, נאָר לויט דעם, וואָס פאַר אַ באָבע ער האָט געהאַט). און ריינהאַרדט האָט פאַרענדיקט:

„דו מוזט ענדלעך ווערן איבערצייגט דורך דער לענג פון דער דאָזיקער מגילה, ווי ערנסט איך רעכן אויף דיין קאָאָפּעראַציע. אַנטויש מיך נישט. „טאַנצע אונער־מידליך אונד מיט מיינעם זעגען אום אַלע די גאָלדענע קעלבער די דו פינדן קאָנסט" (טאַנץ אומדערמידלעך און מיט מיין ברכה אַרום די אַלע עגל הזהבס, וועלכע דו קענסט געפינען").

ריינהאַרדט האָט געגרינדעט זיין טעאַטער, זיין פעסטיוואַל און זיין דראַמאַטישע שול. אָבער זיין גאַנצע דראַמאַטישע קונסט האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין. „דער אייביקער וועג" איז געווען זיין לעצטע גרויסע אויפפירונג, די העכסטע דערגרייכונג אין ריינהאַרדטס גאַנצער קאַריערע. און עס איז אויך געווען זיין נקמה אָן היטלערן!

בכדי צונויפצוהאַלטן אַלע מיינע פעדים וועגן ריינהאַרדטן, דאַרף איך אַ שפרונג טאָן פאָרויס אויף אַ דריי־פיר יאָר. איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט זיך געזעגנט מיטן טעאַטער, אָדער איך האָב בלויז געטראַכט אַזוי. איך האָב שוין געהאַט פאַרענדיקט אויך מיטן ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן אויף דער וועלט־אויס־שטעלונג אין ניו־יאָרק, אַ טעאַטראַלישע מלאכה פון אַן אַנדערן מין (איך וועל נאָך שרייבן וועגן דעם שפּעטער) און האָב שוין געאַרבעט צוזאַמען מיט וויצמאַנען.

ריינהאַרדט איז צוריקגעקומען פון האָליוווד קיין ניו־יאָרק. ער איז איינ־געשטאַנען אין אַמבאַסאַדאָר־האָטעל און דערנאָך, ווען עס איז אים געוואָרן לייד־יקער אין דער קעשענע — אין דעם וויניקער רייכן גלאַדסטאָן־האָטעל. ער האָט אָבער נאָך ווייטער „אָנגעהאַלטן שטאַט", נישט געקוקט דערויף ווי זיין באַנק־ביכל האָט אויסגעזען. העלענע טימיג איז געווען צוזאַמען מיט אים און אויך זיין זון גאָטפריד. איין טאָג האָט גאָטפריד מיר טעלעפאָנירט, אַז זיין פאָטער אָרדנט איין אַ שׂמחהלע דעם אָוונט פאַר אַ צאָל אַקטיאָרן און אַקטריסעס, צווישן זיי פאַר דער אומפאַרגעסלעכער סטעלאַ אַדלער, פאַר די דירעקטאָרן, טעאַטער־אונטערנעמער און דראַמאַטורגן און איך מוז דאָרט זיין.

שירלי און איך זענען געקומען און מיר האָבן דאָרט געטראָפן אַ גאַנץ פריילעכע כאַליאַסטרע. מיר האָבן געגלויבט, אַז מיר קענען דאָרט יעדן איינעם, פון אונדזער לאַנגן אַרומשלעפן זיך מיט אַקטיאָרן. באַלד זענען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ גרויסער היימישער חברה. „נו, מאיר, דערציילט אונדז עפּעס מעשׂיות וועגן „אייביקן וועג" — האָט איינער זיך אָנגערופן, דאַכט זיך, גאַנץ אומשולדיק. אין יענער צייט זענען אונדזערע טראַגעדיעס פון „אייביקן וועג" שוין געוואָרן קאָמעדיעס. טראַגעדיע און הומאָר זענען קרובהשע נשמות. עס איז בלויז אַ פראַגע וועגן דעם עס זאָל דורכגיין אַ שטיקל צייט.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג און איך האָב אָנגעהויבן דערציילן. יעדעס מאָל, ווען איך האָב פאַרגעסן עפּעס אַן איינצלהייט, האָבן זיך שוין געפונען אַ טוץ צוהערער, וועלכע האָבן מיך דערמאָנט: „דערציילט די געשיכטע וועגן דעם ווי אַזוי בעל גידס האָט אַרויסגעקראָגן וואַסער" — איז געקומען אַ דערמאָנונג פון איין זייט. „פאַרגעסט נישט די מעשׂה וועגן די יידן מיט דעם ערנטאָוול" — האָט זיך אָנגערופן עמעצער פון אַ צווייטער זייט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז יעדער איינער דאָרט האָט באַקומען אַ צוגעגרייטע לאַנגע ליסטע מיט פאַר־צייכענונגען, וואָס האָבן געצילט אויפצוּוועקן אין מיין זכרון די טראַגישע, די פריילעכע, די סקאַנדאַליעזע און די הערלעכע מעשׂיות פון די שווערע און ביטערע יאָרן. ערשט אַרום דריי אַזייגער פאַר טאָג זענען מיר זיך פאַנאַנדער־געגאַנגען.

אַ וואָך שפּעטער האָט מיין חשד זיך באַשטעטיקט. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז די דאָזיקע מסיבה איז גאָר קיין מסיבה נישט געווען; אַז יעדער איינער פון די, וועלכע איך האָב דאָרט געטראָפן, האָט פריִער דורכגעמאַכט אַ רעפּעטיציע וועגן דעם, וואָס ער זאָל טאָן. דאָס איז רעזשיסירט געוואָרן דורך גאָטפריד ריינהאַרדטן מיט דער הילף פון זיין פאָטער. און אַלץ איז רעקאָרדירט געוואָרן אין דעם שכנותדיקן צימער. גאָטפריד האָט געהאַט אַן אידעע וועגן אַ פאַר־שטעלונג און איך בין געווען דער הויפּטקוואַל פאַר דעם טעקסט פון דער שפּיל, וואָס האָט געדאַרפט הייסן: „דער גרויסאַרטיקער מר. מאַיבאַום". און דער „מר. מאַיבאַום" איז געווען די דראַמאַטישע פּערזאָניפיצירונג פון מאיר ווייסגאַלן אין די טעג פון „אייביקן וועג".

גאָטפריד ריינהאַרדטס איינפאַל איז געווען, אַז איך זאָל פּאַקטיש שפּילן די ראָל פון מר. מאַיבאַום, דעם טעאַטער־אונטערנעמער. ריינהאַרדט וועט שפּילן די ראָל פון דעם דירעקטאָר און בעל גידס וועט זיין דער טיפּ פון דעם „שעיר לעזאזל" אין דער שפּיל. גאָטפריד האָט געפּלאַנט צו שאַפן דעם כאַראַקטער פון אַ „מלאך", פון אַ געמיש פון מאָריס אייזענמאַן, מאָריס לעווינען, אַלפרעד סטרעלסין און נאָך עטלעכע אַנדערע. ער האָט אויך געוואָלט אַריינגעמען אַ „שפּאַנענדיקע" דעבאַטע צווישן דעם קאָמפּאָזיטאָר און דעם מחבר וועגן דעם, צי דאָס זאָל זיין אַ מוזיקאַלישע שפּיל אָדער אַ שפּיל מיט מוזיק. און די פאַר־שטעלונג האָט געדאַרפט „באַפּעפערט" ווערן מיט אַ פּאָר הינטער־קוליסן־ליבע־ראָמאַנען, וואָס זענען געפירט געוואָרן בעת דער אויפפירונג פון „אייביקן וועג".

עס איז געווען נאָך אַ שפּאַגל נייער אַספּעקט צו גאָטפרידס אידעע: אַז מיר, די העלדן פון דער שפּיל, וועלן זיין נישט בלויז די אַקטיאָרן, נאָר אויך דער דירעקטאָר, דער רעזשיסער, דער אונטערנעמער און די „מלאכים". און ער האָט געהאַלטן, אַז מיר וועלן מאַכן אַ פאַרמעגן און דעקן די היזקות, וואָס מיר האָבן געליטן פון „אייביקן וועג". מיין פאַמיליע וועט צוריקקריגן דאָס געלט, וואָס זי האָט מיר געגעבן; מיין שוואָגער אַדאַם ראָזען וועט קאָנען אויסלייזן זיין קאָלעקציע פאָסטמאַרקעס, וואָס ער האָט פאַרזעצט. מיר וועלן האָבן אַ „שלאַגער", וואָס אַזעלכער איז נאָך נישט געווען זינט „אייבס איריש ראָוז".

יעדן שבת־נאָכמיטאָג, וואָכן־לאַנג דערנאָך, בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צו קאָנטראָלירן די אויטענטישקייט פון דעם טעקסט פון דער שפּיל, וואָס האָט געהאַלטן אין געשריבן ווערן. די גאַנצע אויפפירונג האָט געדאַרפט געמאַכט ווערן אויף אַ מינימום־בודזשעט, וואָס זאָל נישט אַריבערשטייגן פינף און זיבעציק טויזנט דאָלאַר.

אָבער, ווי זאָגט אַן אַלט ווערטל: „דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט". פּאַסירט אַ געשיכטע, אַז ריינהאַרדט שטאַרבט פּלוצלונג. און מיר האָבן פאַרלאָרן דעם גאַנצן ענטוזיאַזם פאַר אונדזער פּלאַן. די פאַרשריבענע זייטן פון דעם נישט־פאַרענדיקטן טעקסט פון דער שפּיל ווערן איצט פאַרגעלבט און זיי צעפאַלן זיך אין שטיקלעך אין גאָטפריד ריינהאַרדטס שלאָסינגען, ביי זאַלצבורג, נישט ווייט פון לעאָפּאָלדקראָנשלאָס, וווּ מיר האָבן פאַרטראַכט די אידייע וועגן „אייביקן וועג".

אין דער זעלבער צייט, ווען גאָטפריד רײנהאַרדט און זיין מיטאַרבעטער (וועמענס נאָמען איך האָב פאַרגעסן) האָבן געשוויצט איבער יעדער שורה פון דעם „גרויסאַרטיקן מר. מאַיבאָום", האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיט אַן אַנדערער טעאַטער־אידייע, וואָס איך האָב באַטראַכט פאַר אַ זיכערן דערפאָלג. דער לייענער וועט זיך דערמאָנען, אַז מיין אַזוי־גערופענע ליטעראַרישע קאַריערע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן עסיי וועגן דעם „סוחר פון ווענעדיק" אין לעצטן יאָר, ווען איך האָב געלערנט אין דער מיטלשול. דער כאַראַקטער פון שיילאָקן האָט מיך שטענדיק פאַסצינירט. אַ פופצן יאָר שפּעטער נאָך מיין ערשטער באַגעגעניש מיט דעם ווירדיקן בר־נש האָב איך געקויפט דאָס רעכט צו דרוקן אין פאַרזעצונגען „די לעצטע טעג פון שיילאָקן" פון לודוויג לואיסאָן אין מיין זשורנאַל אין טאָראָנטאָ. אין 1940 איז מיר אַריינגעפאַלן אין די הענט אַ פּיעסע פון סעינט דזשאָן אוירווין „די לײדי פון בעלמאָנט", וואָס מיינט פּאָרציאַ, וועלכע איז געווען שיילאָקס „יצר הרע" אין דעם „סוחר פון ווענעדיק". אוירווינגס „לײדי פון בעלמאָנט" האָט זיך טאַקע נישט געקאָנט פאַרגלייכן אַזוי געניוי און אַזוי פּינקטלעך מיט שעקספּירס „סוחר פון ווענעדיק", דאָך איז עס געווען אַ זייער גוטע און פאַרכאַפּנדיקע פּיעסע. אין דער פּיעסע ווערן פּאָרציאַ און שיילאָק אינטימע פריינד, באַזוכן אָפט איינע די אַנדערע, און דערציילן זייערע דערפאַרונגען. עס לאָזט זיך אויס, אַז זיי זענען די איינציקע אויטענטישע טיפּן אין דער געשיכטע. אַלע אַנדערע — אַנטאָניאָ, באַסאַניאָ, לאָרענצאָ — זענען שווינדלערס, גנבים און אַלץ, וואָס אין דער קאָרט.

איך בין אַוועקגעגאַנגען צו רײנהאַרדטן מיט דער אידייע אויפצופירן — נאָך דעם ווי מיר וועלן, זעלבסט־פאַרשטענדלעך, האָבן פאַרענדיקט מיט „מר. מאַיבאום", אַ צווילינגשפּיל. מיט די זעלבע אַקטיאָרן, אין דעם זעלבן טעאַטער, מיט די זעלבע דעקאָראַציעס וועלן מיר אויפפירן איין נאַכט דעם „סוחר פון ווענעדיק" און אין דער צווייטער נאַכט „די לײדי פון בעלמאָנט". מענטשן וועלן קויפן איין בילעט פאַר ביידע פאָרשטעלונגען. רײנהאַרדט האָט זיך באַוואָרנט זיין מיינונג ביז ער וועט האָבן געלייענט די פּיעסע. איך האָב אים געגעבן אַן עקזעמפּלאַר פון דעם בוך. אַ וואָך שפּעטער זענען מיר שוין געווען טיף אַריינגעטאָן אין דיסקוסיעס וועגן דעם ווי אַזוי די דאָפּלטע פּיעסע זאָל אויפגעפירט ווערן. רײנהאַרדט וועט זי רעזשיסירן, און איך וועל זיין דער דירעקטאָר. אונדזערע „מלאכים", וועלכע וועלן האָבן צוריקגעוווּנען זייערע פליגלען פון „ד"ר מאַיבאָום", וועלן פינאַנסירן די צווילינג־פאָרשטעלונג. לײדער איז רײנהאַרדט געשטאָרבן. און ווי מיט „ד"ר מאַיבאָום" האָב איך פאַרלאָרן יעדן אינטערעס אין דער „לײדי פון בעלמאָנט".

עטלעכע חדשים פאַר רײנהאַרדטס טויט האָב איך בייגעוווינט אַן אויסער־געוויינלעכע סצענע, וועלכע האָט אַריבערגעשטיגן אַלע זיינע אינסצעניזירונגען, וואָס זענען פאַרשריבן אין זיינע רעזשיסער־ביכער. דאָס איז געווען אין 1942, אין סאַמע מיטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די סאָוויעטיש־אַמעריקאַנער פריינדשאַפט האָט דאַן געהאַלטן אין פולן בליען. אַ דעלעגאַציע פון סאָוויעטישע קינסטלער איז געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין אַ מיסיע פון „גוטן

ווילן". צוויי מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע זענען געווען: שלמה מיכאָעלס, דער יידישער אַקטיאָר און דירעקטאָר פון יידישן קונסט־טעאַטער אין מאָסקווע און איציק פעפער, דער פּאָעט. ביידע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך סטאַלינען אין די אָנהייב פופציקער יאָרן, ביים ליקווידירן דעם אַוואַנגאַרד פון דער יידישער קולטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד. ווען זיי האָבן געלעבט, זענען זיי באַנוצט געוואָרן אַלס סימבאָלן פון אַנטי־פאַשיזם. ביי אַ טומלדיקער מאַסן־פאַרזאַמלונג, אין שיקאַגאָ, אויף וועלכער ביידע, שלמה מיכאָעלס און איציק פעפער, זענען אַרויס־געטראָטן, האָט געקראַכט די בינע, און מיכאָעלס האָט צעבראָכן אַ פוס. ער איז געבראַכט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל אין ניו יאָרק.

איז עס אַזוי געשען, אַז ריינהאַרדט האָט אין יענער צייט זיך געפונען אין ניו יאָרק. ער האָט געהאָט געהאָלפן מיכאָעלסן אין דער אויפפירונג פון מענדעלעס „בנימין השלישי". הערנדיק אַז מיכאָעלס איז אין שטאָט, האָט ער אים געוואָלט זען אָן סאָוויעטישע באַגלייטער. דאָס איז נישט קיין לייכטער ענין. סאָוויעטישע דעלעגאַציעס, ווען זיי געפינען זיך אין אויסלאַנד, באַוועגן זיך שטענדיק מיט „באַשיצער". דאָס מיינט, אַז אין אַזאַ דעלעגאַציע איז שטענדיק דאָ איינער אַ „שומר", וועלכער האַלט אַן אויג אויף די אַנדערע.

איציק פעפער, דער אָרעמער חברהמאַן, איז געווען מיכאָעלסעס „לייבוועכטער". ער איז געקומען צוזאַמען מיט אים קיין ניו יאָרק און האָט אים נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג. דזשאָו ברייניני איז דעמאָלט געווען פאָרזיצער פון דעם אַמעריקאַנער קאָמיטעט פון יידישע אַרטיסטן, שרייבער און וויסנשאַפטלער, וואָס איז געווען דער ספּעציעלער גאַסטגעבער פון דער אַנטי־פאַשיסטישער דעלעגאַציע. דזשאָוס פאַרבייגייענדיקער פלירט מיט דעם סאָוויעטישן פאָטערלאַנד האָט נישט באַשעדיקט אונדזער פריינדשאַפט. איין טאָג האָב איך אים געבעטן צו פּרוּוון אַרויסקריגן מיכאָעלסן — וועלכער האָט אויך געוואָלט שטאַרק זען ווידער אַ מאָל ריינהאַרדטן — פון דעם שפּיטאָל און אים ברענגען צו מיר אין הויז. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז פעפער זאָל דעמאָלט פאַרטרעטן מיכאָעלסן אויף אַ פאַרזאַמלונג מחוץ ניו־יאָרק, און ער איז אַהין אַוועקגעפאָרן, זייענדיק זיכער אַז דער, וועמען ער דאַרף היטן, איז אַזוי שטאַרק צוגעבונדן צום בעט אין שפּיטאָל, אַז ער וועט זיך נישט קאָנען רירן. צוגעבונדן צום בעט איז מיכאָעלס טאַקע געווען, אָבער נישט אַזוי שטאַרק און נישט אַזוי זיכער, אַז ער זאָל זיך נישט קאָנען רירן. ווייל מיר האָבן אים אַרויסגעקראָגן פון דאָרט אויף אַ געהיימנישפולן אופן, ווי אין די דעטעקטיוו־געשיכטעס. מיכאָעלסן האָט ווי עס איז זיך איינגעגעבן איבערצוצייגן דעם דאָקטאָר, אַז דער שיקזאַל פון רוסלאַנד און פון דער פרייער וועלט איז אָפּהענגיק פון זיין געהיימען פאַרשווינדן פון שפּיטאָל אויף עטלעכע שעה. אויך די באַגלייטונג פון אַ קראַנקן־שוועסטער איז אַנטשלאָסן אָפּגעוואָרפן געוואָרן. מיכאָעלס איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן פון שפּיטאָל נאָך דעם ווי ער איז אויף איין אָונט איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון דזשאָו ברייניניען. דזשאָו האָט אים געבראַכט צו מיר אין שטוב אין גיפּס און אויף קוליעס.

עס איז געווען אַ שטאַרק עמאָציאָנעלע באַגעגעניש צווישן מיכאָעלסן און ריינ־האַרדטן, מיטן דערציילן זיך אַ סך דערינערונגען און מיט אַריינכאַפּן אין כוסה

נאָך דער אַנדערער. מיכאַעלס האָט געהאַלטן אין איין שילדערן די גלאָריע פון זיין סאָוועטישן פאָטערלאַנד; האָט געלויבט ביזן הימל די פרייהייט, וואָס ווערט געגעבן די אַרטיסטן אין סאָוויעט־רוסלאַנד; ער האָט געמאָלן די ראָזעווע צוקונפט, וואָס איז דאָרט פאַרזיכערט פאַר אַלעמען. מיכאַעלס האָט אויך געפּרוּווט דערקלערן ריינהאַרדטן, פאַר וואָס מחוץ דעם טעאַטער האַלט ער נישט פאַר נויטיק צו פאַר־בינדן זיך מיט קיין שום יידישע ענינים. אָבער, ווען מיר זענען אַריין טיפער אין דער נאַכט, און די היפשע צאָל כוסות, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען, האָט גענומען ווירקן — האָט מיכאַעלס פאַרלאָרן זיין אָפיציעלן וועג. ער האָט אָנגעהויבן וויינען און קלאָגן אויף דעם גורל פון די יידן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. עס איז געווען אַ נעבעכדיק און שאָקירנדיק בילד, און מיר האָבן זיך נישט געפילט איבעריק באַקוועם. דערנאָך, ווען מיכאַעלס האָט זיך שוין געהאַט גוט אויסגעוויינט, און אפשר אויך אַ ביסל אויסגעניכטערט, האָט ער זיך ווידער צוריקגעכאַפּט און, ווענדנדיק זיך צו ריינהאַרדטן, האָט ער אים געבעטן, אַז ער זאָל קומען קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. עס איז געווען אַזוי, ווי ער וואָלט געהאַט פאַרגעסן זיינע אייגענע ווערטער, וואָס ער האָט פריִער געזאָגט.

„איר וועט אויפגענומען ווערן ווי אַ קעניג" — האָט מיכאַעלס געזאָגט צו ריינהאַרדטן — „מען וועט אייך באַוואַרפן מיט בלומען, ווו איר וועט גיין און קומען. איך קען אַפילו זען, אַז סטאַלין פערזענלעך זאָל אייך איינלאַדן".

שפּעטער האָט מיכאַעלס זיך פאַרטרויט פאַר דזשאָו ברייניגען, אַז ער האָט בלויז געשפּילט דעם שיכּור, ווייל אַנדערש וואָלט ער נישט געקאָנט אַרויסקריגן פון זיך דעם קוראַזש צו זאָגן דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט.

אַן איינלאַדונג איז טאַקע געקומען צו ריינהאַרדטן, אָבער נישט פון סטאַלינען.

אין 1943 איז ריינהאַרדט געשטאָרבן נאָך אַן אומגליקלעכן פאַרפאַל, וואָס האָט מיט אים פאַסירט ביים שפּאַצירן מיט זיין הונט אין פייער־איילאַנד. ער איז געווען בלויז זיבעציק יאָר אַלט און אין אַ וווּנדערלעך־גוטן געזונט־צושטאַנד. זיין פאַמיליע איז באַשטאַנען דערויף, מען זאָל אים מאַכן אַן אָרטאָדאָקסישע לוויה. איך האָב זיך אונטערגענומען דאָס צו אַראַנזשירן און האָב עס דורכגעפירט ווירדיק. וועלנדיק פאַרזאָרגן מיין פאַרשטאָרבענעם פריינד מיט דעם בעסטן און שענסטן איןביידע וועלטן, האָב איך געבעטן סטיפען ווייזן, אַז ער זאָל אָנפירן מיט דער לוויה. און סטיפען ווייז האָט דורכגעפירט אַ זייער ווירדיקע צערעמאָניע. דאָס איז אַוודאי געווען די איינציקע אָרטאָדאָקסישע לוויה אין סטיפען ווייזס גאַנצער קאַריערע אַלס ראַביי. ריינהאַרדטן האָט מען קובר געווען אין אַ טלית.

נאָך דער וועלט־מלחמה האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל אַרום דעם, ווו ריינהאַרדטסביינער זאָלן געבראַכט ווערן צו קבורה. עטלעכע שטעט האָבן וועגן דעם קאָנקורירט צווישן זיך: וויִן, זאַלצבורג, בערלין — אַזוי ווי עס איז אין די אַלטע צייטן אָנגעגאַנגען אַ קריגעריי אַרום האָמערס געבורטסשטאָט. אָבער ריינהאַרדט האָט קיין מאָל נישט געוואָלט, אַז זיינע ביינער זאָלן צוריקגעבראַכט ווערן קיין אייראָפּע. ער האָט געוואָלט, אַז מען זאָל אים ברענגען צו קבורה אין

ארץ־ישׂראל. און דערווייל ליגט זיין קערפּער אין אַן „אייזערנער שאַנק" אין אַמעריקע.

פאַראַן איצט אַ פאָרשלאָג ער זאָל באַערדיקט ווערן אין ישׂראל צו זיין הונ־דערטסטן געבוירנטאָג, אין יאָר 1973, און אַז אין דער יידישער מדינה זאָל געגרינדעט ווערן אַ טעאַטער אויף זיין נאָמען מיט אַ ביבליאָטעק פון זיינע רעזשי־ביכער, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ גרויסן טעאַטער־אוצר. יעדעס אַזאַ רעזשי־בוך איז פינף מאָל גרעסער פון דער באַטרעפנדיקער פּיעסע. יע־דער זשעסט, יעדע באַוועגונג, יעדע ווענדונג, יעדע גרימאַסע, פּויזע, באַטאָנונג — זענען פאַרשריבן אין דעם רעזשי־בוך. ריינהאַרדט פלעגט אַרויפגיין אויף דער סצענע און אַליין שפּילן יעדע ראָל און יעדן ראָליסט — אַ מאַן, אַ פרוי צי אַ קינד — געבן די פולסטע און גענויעסטע אָנווייזונגען דעם אַקטיאָר אָדער דער אַקטריסע, וואָס האָבן געדאַרפט שפּילן די אַנטשפּרעכנדיקע ראָל. ער פלעגט אויספאָרמירן זיינע אַקטיאָרן, ווי אַ סקולפּטאָר קנעט אויס זיין ווערק פון ליים. עס איז געווען אַ גרויסע איבערלעבונג בייצוווינען ווי אַזוי ריינהאַרדט האָט דאָס געטאָן.

אַ סך יאָרן נאָך זיין טויט האָט זיין זון גאָטפריד איין מאָל מיר טעלעפאָנירט פון האָליוווד, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס פילם־דירעקטאָר. ער האָט מיר געזאָגט, אַז זיין פאָטערס פערציק רעזשי־ביכער זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף ליציטאַציע און אָפּגעקויפט געוואָרן דורך מערילין מאָנראָ. גאָטפריד האָט דעמאָלט נישט געהאַט דאָס געלט זיי אַליין אָפּצוקויפן. איך האָב זיי אָפּגעקויפט פון מערילין מאָנראָ פאַר טויזנט דאָלאַר און האָב זיי אוועקגעגעבן גאָטפרידן. ער האָט מיר שפּעטער צוריקגעצאָלט דאָס געלט.

גאָטפריד האָט זיך געהאַלטן זייער נאָענט מיט זיין פאָטער. נעמענדיק אין באַטראַכט די סביבה, פון וואַנען ער איז אַרויסגעקומען, איז ער געווען שטאַרק יידיש געשטימט. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר אונדזערע פּראָבלעמען מיטן „אייביקן וועג" און האָט אונדז געהאָלפן אומצייליקע מאָל צו לייזן די פּראָבלעמען. זיין ברודער וואָלפגאַנג, וועלכער איז אויך אין דער פילם־וועלט, איז גאָר אַן אַנדערער טיפּ. ער האָט זיך געהאַלטן ווייט און אין רעזערוו, מיט אַ קאַלטער באַציִונג. ער האָט זייער זעלטן זיך אינטערעסירט מיט דעם, וואָס עס איז אָנגעגאַנגען אינעם האַמערשטיין־אָפּערע־הויז. עס איז מאָדנע, אַז איין טאָג האָט ער זיך פאַרטרויט פאַר מיר, אַז ער האָט געפאַסט יום־כּפּור. צי ער האָט עס געטאָן כּדי צו האַלטן זיך „אין פאַסאָן", אָדער פאַר זיין נשמה, האָב איך קיין מאָל נישט געקאָנט דערגיין. אין מיינע אויגן האָט ער אויסגעזען צו זיין אַ גוי גמור.

אײן טאָג, אין סעפּטעמבער 1967, בין איך געזעסן אין מיין הויז אין רחובות און האָב דיקטירט די דאָזיקע מעמואַרן. ישׂראל האָט נישט לאַנג צוריק געהאַט אָפּגעהאַלטן דעם נצחון אין דער זעקס־טאָגיקער מלחמה. יידן פון דער גאַנצער וועלט האָבן געהאַלטן אין אָנקומען אין לאַנד אויף די ימים נוראים און צו די פייערונגען פון פופציקסטן יאָרטאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. אין רחובות

און אין וויצמאַן־אינסטיטוט איז נאָך געווען שטיל. אַלץ, וואָס מען האָט גע־הערט, איז געווען דער טראַסק פון די אַרבעטער, וועלכע האָבן הינטער אונדזער הויז געבויט אַ קליינעם פּאַלאַץ פאַר אייזיק וואָלפסאָנען. פאַר מיינע אויערן איז עס געווען „מאחורי הפרגוד״־מוזיק. איך האָב נאָר־וואָס געהאַט אָנגעהויבן שרייבן דאָס קאַפּיטל וועגן רייִנהאַרדטן, און איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ שטימונג פון נאָסטאַלגיע. דאָס גלעקל ביי דער טיר האָט אַ קלונג געטאָן, און יאַקי שייבע — מיין „שומר הסף״, וועלכער איז אויך געווען דער פאַרוואַלטער פון אונדזער הויז, דערביי אויך אַ „פעלדשער״, ווען מען האָט געדאַרפט, און אַ פּראַקטאַקאַל־שעף, צייטנוייז אויך אַ קוכער, בקיצור אַ צאַצקע פון אַ סאַברע — האָט מיר מיטגע־טיילט, אַז אַ יונגערמאַן וויל מיך זען. איך האָב געמאַכט אַ בליצרייזע אויף דרייסיק יאָר צוריק און בין געגאַנגען באַגריסן מיין באַזוכער. ער איז געווען זייער יונג, אַן אַכצן־ אָדער ניינצן־יאָריקער און אַן אויסערגעוויינלעך שיינער בחור.

„מיין נאָמען״ — האָט ער געזאָגט — איז טאָם רייִנהאַרדט״. ער איז געווען מאַקס רייִנהאַרדטס אייניקל, דער זון פון וואָלפגאַנגן. ער איז געקומען פון מינכען צו באַזוכן זיך אין ישׂראל און געפּלאַנט צו שטודירן ביאָלאָגיע אין חיפה. אַזוי איז מאַקס רייִנהאַרדט ענדלעך אָנגעקומען אין לאַנד פון די אָבות.

אָבער נאָך דעם, ווי איך האָב דערמאָנט רייִנהאַרדטס חטאים, קומען מיר אויפן זכרון מיינע אייגענע זינד, אָדער לכל הפחות די, אין וועלכע רייִנהאַרדט האָט געהאַט אַ חלק. ווען מיין עלטערער זון, מענדי, איז געווען אין האַרוואַרד, האָט ער דעביוטירט אַלס אַקטיאָר אין אַ רוסישער פּיעסע, וואָס האָט געהייסן „מאַשענקאַ״, און איך האָב פאַרבעטן רייִנהאַרדטן, ער זאָל קומען צוזאַמען מיט מיר אים זען. מענדל איז דעמאָלט געווען אַ בחור פון אַ יאָר זעכצן־זיבעצן, און געגעבן האָט מען אים אַ ראָל פון אַ זיבעציק־יאָריקן זקן. רייִנהאַרדט איז געזעסן און האָט געקוקט אויפמערקזאַם אויף מענדיס שפּילן. ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך פאַרענדיקט, האָט רייִנהאַרדט אַרויסגעטראָגן זיין פּסק־דין: „ער איז פּאַבעל־האַפט״. טאָמער וואָלט איך זיך נישט נאַריש געמאַכט און וואָלט נישט איבערגע־חזרט דאָס געזאָגטע מענדין, וואָלט ער אפשר זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צום טעאַטער און וואָלט געוואָרן אַ פּראָפעסאָר פון ענגלישער ליטעראַטור אין האַרוואַרד.

אָבער לאָמיר אַריבערגיין צו מיין געשיכטע.

„דער אייביקער וועג״ האָט געקראַכט. און איך האָב געקראַכט מיט אים. איך האָב געמאַכט אַ סוף צו אַלע מיינע אַנדערע פאַרפליכטונגען, וואָס איך האָב געהאַט לגבי רייִנהאַרדטן. דאַן איז געקומען אַ הפסקה. איך האָב נאָך אַלץ געהאַט שטעקן מיינע פינגער אין דעם עסק, אָבער בעצם בין איך געווען אַ פרייער מענטש, מיט אַ ביסל קלינגערס אין דער קעשענע, וואָס זענען מיר נאָך פאַרבליבן פון די פיר טויזנט אַכט הונדערט דאָלאַר פון מיין „בענעפיס״. איך האָב זיך גע־שפּילט מיט דער אידייע צוריקצוגיין צו רעדאַגירן אַ ציוניסטישן זשורנאַל. אָבער איך בין נישט געווען שטאַרק באַגייסטערט דערפון און האָב צורו געלאָזט דעם פּלאַן, ווען הענרי מאָנטאָר האָט זיך געוואָנדן צו מיר. ער איז דעמאָלט געווען

דער הויפּט פון די געלטזאַמלונגען פאַרן פּאַראײניקטן יידישן אַפּיל. ער האָט געוואָלט וויסן, צי איך האָב אַן אינטערעס פאַר דעם פּראָיעקט וועגן דער יידישער באַטייליקונג אין דער וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק, וואָס איז דעמאָלט געגרייט געוואָרן. דאָס איז געווען אין 1939, אין ניו־יאָרק, נאָר עס האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע געשיכטע, ווי אין שיקאַגאָ אין יאָר 1932; יידן זענען איינגעלאַדן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין דער וועלט־אויסשטעלונג, און עס איז שוין געווען אַ קאָמיטעט פון די „פּני״, וואָס האָט נאָך נישט געהאַט באַשלאָסן, וואָס פאַר אַ פאָרם עס זאָל אָננעמען דער יידישער אָנטייל. בראש פון קאָמיטעט איז געשטאַנען דזשאָרדזש בעקער, ווּעמען פעליקס וואַרבורג האָט געשטיצט צו ווערן אַ פירער פון אַמעריקאַנער יידנטום. איינער פון די מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט איז געווען מיין אַלטער ידיד — דער יונגער נייטען שטראַוס, מיט וועמען איך האָב געהאַט — ווי מען וועט זיך דערמאָנען — אַ שאַרפן איבעררייד אין דעם „ראָמאַנס פון אַ פאָלק״. נישט בעקער, נישט שטראַוס, נישט מאָנטאָר האָבן געוווּסט, וואָס זיי ווילן. און דאָס בעסטע, וואָס מאָנטאָר האָט געקאָנט טאָן איז געווען, ער האָט פאָרגעשלאָגן מיך, אַז איך זאָל טראַכטן פאַר זיי.

איך בין געגאַנגען זען דזשאָרדזש בעקערן, וועמען איך האָב קיין מאָל פריִער נישט געהאַט באַגעגנט. מיר האָבן גערעדט אַ לאַנגע צייט און איך בין גלייך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם שטאַרקן איינדרוק, וואָס איך האָב באַקומען פון דעם מענטש. ער איז געווען אַ שיינער מאַן, פול מיט חן, געבענטשט מיט אַ פיינעם געשמאַק, אַ פאָרשער פון געשיכטע, אַ שריפטשטעלער, און אַ מענטש, וועלכער האָט אויסגעדריקט קלאָר, וואָס ער האָט געמיינט און געוואָלט. נאָך דעם ווי איך בין לאַנגע יאָרן געווען באַפריינדט מיט דזשאָרדזשן, קאָן איך אַרויסזאָגן וועגן אים מיין דורכגעטראַכטע מיינונג, אַז ער וואָלט געקאָנט ווערן איינער פון די גרויסע כּוחות אין אַמעריקאַנער יידנטום, ווען ער וואָלט נישט געהאַט איין חסרון אין זיין לעבן: ער האָט קיין מאָל נישט געדאַרפט אויף פּרנסה.

צו מיין גרויסער איבעראַשונג איז דזשאָרדזש בעקער געווען גרייט מסכּים צו זיין אויף אַן ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן אויף דער וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק.

אין 1938 — דאַרף מען זיך דערמאָנען — איז דער סענטימענט פאַרן יידישן היימלאַנד נאָך נישט געווען אַזוי אוניווערסאַל און אַזוי שטאַרק, ווי איצט. דזשאָרדזש בעקער איז נישט געווען קיין ציוניסט. איך האָב דערוואַרט, ער זאָל זיך אַנטקעגנשטעלן דעם פּראָיעקט וועגן אַן ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן אויף דער וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק און אַז ער זאָל אָנשטאָט דעם פאָרשלאָגן עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז „יידיש״, נישט „ציוניסטיש״. אָבער ער האָט גאַנץ פּשוט מיך געבעטן אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן. איך האָב עס געטאָן. לויט דזשאָרדזש בעקערס אייגענעם באַריכט האָט די געשיכטע מיטן פּאַוויליאָן און זיין ערשטע באַגעגעניש מיט מיר אים איינפּאַך אַרויסגעבראַכט פון דער גלייכגעוויכט. אַ חוץ דער „ליטעראַרישער פרייהייט״, וואָס ער דערלויבט זיך און דער כּלומרשטער לייטזעליקייט

פון זיין „פּרע־ווייסגאַלישן אוניווערס" — ווי ער רופט עס אָן — איז די מעשׂה וואָס ער דערציילט, בדרך כּלל, אַ ריכטיקע. ער שרייבט אין זיין קאַפּיטל אין דער „אָדיסייע פון אַן אָפּטימיסט":

„הענרי מאָנטאַר האָט געראַטעוועט די פאַרזאַמלונג. „איך מיין, אַז איר זאָלט בעסער איינלאַדן מאיר ווייסגאַלן".

איך האָב נישט געקענט ווייסגאַלן. אָבער יעדער פאָרשלאָג וואָלט אין דעם מאָמענט געווען אַ גוטער. „ווי אַזוי קריג איך אים ?"

„איך וועל רעדן מיט אים היינט אָוונט" — האָט מאָנטאַר געזאָגט — „און ער וועט זיין דאָ מאָרגן אַרום עלף אַ זייגער אין דער פרי".

איך בין יענע נאַכט געגאַנגען שלאָפן נישט האָבנדיק די מינדסטע אַנונג, אַז דאָס איז די לעצטע נאַכט אין מיין אייגענער וועלט.

צומאָרגנס אין דער פרי עלף אַ זייגער, איז ווייסגאַל געקומען, באַגלייט דורך ענערגיע, אַנטשלאָסנקייט און מיט אַ באַלדיקער פראַגע: „נו, וואָס מאַטערט אייך ?"

מיט דער דאָזיקער כמעט זעלבסטפאַרשטענדלעכער פראַגע האָב איך פאַרלאָרן מיין פריִערדיקע פעסטע שטעלונג קעגן אַ פּאַוויליאָן־פאָרשלאָג. אַ ביסל איבער־געשראָקן, האָב איך געענטפערט: „פאַראַן אַזעלכע, וואָס טראַכטן, אַז עס דאַרף זיין אַן ארץ־ישראל־פּאַוויליאָן"...

„דאָס איז אַ גוטע אידעע" — האָט געזאָגט ווייסגאַל. דערביי האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. און די שטילקייט פון נעכטן האָט אויסגעזען זיך צו באַנייען. אָבער בלויז אויף אַ מאָמענט. דאַן האָט ער געזאָגט: „נו, פאַר וואָס טוט איר גאָרנישט וועגן דעם ?"

מיט אַ געוויסן געפיל פון שרעק האָב איך איינגעזען, אַז ווייסגאַל איז אַן אומוויסנדיקער מענטש; אַז ער קען נישט דאָס גרויסע פּיזישע געזעץ, וואָס פאַר־ווערט צו שאַפן עפּעס פון גאָרנישט.

נישט געקוקט אויף דעם, האָט זיין אומוויסנקייט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין שרעקלעך וויכטיק, ווייל דאָס האָט אים געפירט צו זאָגן: „איר, ווייזט אויס, ווייסט נישט וואָס צו טאָן. זאָל איך עס טאָן ?"

ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט, פאַר וואָס איך האָב געענטפערט: „אָ, יעס, דאָס וואָלט געווען פיין! גייט און טוט!"

ער איז דעמלט געווען יינגער כמעט מיט אַ יאָר דרייסיק, און ער האָט געהאַט אַ ביסל מער געדולד, ווי ער האָט היינט. ער האָט מיר דערלויבט צו שטעלן אים אַ פּאָר פראַגן. אין פאַרלויף פון כמעט צען מינוט האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט אים צו פרעגן, וואָס ער רעכנט צו טאָן און ווי אַזוי. אָבער דערנאָך האָט ער מיר געזאָגט: „איצט הערט, אויב מיר דאַרפן דאָס אָנהויבן צו טאָן, וועט איר דאַרפן אויפהערן שטעלן די אַלע פראַגן".

צוליב דעם, וואָס איך בין שוין געוואָרן אויס באַלעבאָס איבער מיר נאָך זיינע ערשטע ווערטער וואָס ער האָט מיר געזאָגט, האָט נישט געהאַט קיין שום זין איך זאָל ווייטער פּרוּוון איינטענהן מיט אים. איך האָב זיך צוריקגעצויגן — איך מיין, אַז מיט עלעגאַנץ — אויף מיין קליינעם פּאָטעל ביי מיין טיש".

מיין פּלאַן האָט אַריינגענומען נישט בלויז די גרויסע אידעע אַלס אַזעלכע, נאָר אויך דעם אופן פון זאַמלען די נויטיקע פאָנדן. ערגעץ־ווו מיט קליינער שריפט האָב איך אויך אַריינגערעכנט שׂכירות פאַר מיר אַליין: צוויי הונדערט פופציק דאָלאַר אַ וואָך, וואָס איך האָב נישט באַטראַכט פאַר קיין גוזמא צוליב דעם, וואָס איך וועל זאַמלען די מערסטע געלטער פאַר דעם צוועק און אויך פאַר אַלץ, וואָס וועט זיין מיט דעם פאַרבונדן.

עטלעכע וואָכן נאָך דעם ווי איך בין באַשטימט געוואָרן פאַר דער אַרבעט, בין איך געווען ווייניקער ווי צופרידן צו לייענען אין „שיקאַגאָ דזשויש קראָניקל״ פאָלגנדן לייטאַרטיקל:

לויט די איצטיקע אָנדרייטונגען, און אורטיילנדיק לויט די באַריכטן אין די צייטונגען, האָלט מאיר ווייסגאַל ווידער אין אַריינשלעפּן די יידן פון ניו-יאָרק אין אַן אונטערנעמונג, וואָס איז פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג, נאָך איידער זי האָט זיך אָנגעהויבן. ניו-יאָרקער יידן האָבן געהאָפט צו זיין געהעריק רעפּרעזענ-טירט אויף דער וועלט-אויסשטעלונג, וואָס דאַרף איינגעאָרדנט ווערן אין קומענ-דיקן יאָר — רעפּרעזענטירט אַזוי, אַז עס זאָל זיין אַ כבוד פאַר די יידן אין אַמעריקע און פון דער גאַנצער וועלט. דער פּלאַן, ווי ער האָלט איצט, איז, אַז דער פּאַוויליאָן איז נישט קיין „יידישער פּאַוויליאָן״, נאָר אַן „ארץ-ישראל-פּאַווי-ליאָן״, וואָס קאָן יאָ זיין, אָדער נישט זיין דער ריכטיקער איינפאַל. אָבער צו האָבן ווייסגאַלן אַלס גענעראַליסימאָ פון דער דאָזיקער גרויסער אונטערנעמונג איז זיכער נישט קיין באַווייז פון גוטן שכל. בעת ווייסגאַל האָט וויזיע, פעיִקייט און אונטער-נעמונגס-קראַפט, האָט ער אָבער נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר דעם ווערט פון געלט, באַזונדערס פון דעם געלט פון עמעצן אַנדערש. איצט איז דער חשבון, אַז עס וועט זיין נויטיק צו זאַמלען צוויי הונדערט פופציק טויזנט דאָלאַר, כדי צו פינאַנסירן דעם ארץ-ישראל-פּאַוויליאָן. אָבער איידער ווייסגאַל וועט זיין פאַרטיק מיט דעם, וועט עס זיכער קאָסטן צוויי מאָל אַזוי פיל״.

פאַקטיש האָט דער פּאַוויליאָן נישט געקאָסט צוויי מאָל אַזוי פיל. ער איז געווען אָפן צוויי יאָר אָנשטאָט איין יאָר, ווי עס איז אין אָנהייב געפּלאַנט גע־וואָרן. די הכנסה האָט געדעקט אַלע הוצאות. איך ווייס נישט, צי „שיקאַגאָ דזשויש קראָניקל״ האָט שפּעטער זיך אויפגעגעסן דאָס האַרץ צוליב דעם וואָס ער האָט פריִער געשריבן, און צי ער האָט ווען עס איז איינגעזען, ווי פאַלש עס איז געווען זיין מיינונג, ווייל דער ארץ־ישראל־פּאַוויליאָן איז געוואָרן אַ גרויס געשעעניש אין לעבן פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום. די דערעפענונג פון פּאַוויליאָן האָט צוגעצויגן דעם גרעסטן עולם, וואָס האָט ווען עס איז אין פאַרלויף פון די גאַנצע צוויי יאָר באַזוכט אין איין טאָג די וועלט־אויסשטעלונג. און די צאָל באַזוכער, וואָס איז געקומען זען דעם פּאַוויליאָן אין משך פון דער גאַנצער צייט האָט אַרי־בערגעשטיגן צוויי מיליאָן.

אויף דעם אויבן ציטירטן אַרטיקל האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט מיין סעקרעטאַרין נעלי זיוו. איך האָב זי אָנגאַזשירט פאַר דעם פּאַוויליאָן נישט בלויז דערפאַר, ווייל זי איז געווען אַ הויך־אינטעליגענטע, קאָלעדזש־גראַדויִרטע, וואָס האָט געקענט סטענאָגראַפיע, נאָר אויך ווייל זי האָט געהאַט אַ רייכע יידישע און העברעיִשע דערציִונג און בילדונג. און איך האָב געוווּסט, אַז איך וועל נישט דאַרפן טאָן פאַר איר אַ טייל פון דער אַרבעט, ווו מען דאַרף קענען די „קליינע אותיות״. אויסער דעם איז זי געווען די פּרעזידענטין פון דער „הדסה״־יוגנט־אָרגאַניזאַציע. דער שידוך איז געווען אַזאַ גלענצנדיקער, אַז זי איז געבליבן מיט מיר אַ סך יאָרן שפּעטער אין פאַרשיידענע מיינע אונטערנעמונגען. ווען זי האָט ענדלעך מיך פאַרלאָזט, בכדי חתונה האָבן, האָט זי פאַרלייכטערט מיין קריזיס

דורך שיקן מיר איר ייִנגערע שוועסטער, ריוואַ. אויך ריוואַ האָט שפּעטער חתונה געהאַט און מיך פאַרלאָזט. אָבער נאָך דעם ווי זי האָט אויפגעהאָדעוועט אַ פאַמי־ליע, איז זי צוריקגעקומען און איז ווייטער אין מיין ביוראָ אין ניו־יאָרק.

מיט אַן ערך אַכט יאָר צוריק האָב איך באַקומען אַ בריוו פון נעלי זיוו, וועלכע לעבט אין שיקאַגאָ. אין דעם בריוו האָט זי אַריינגעלייגט אַ פּאָר געל־געוואָרענע זייטלעך מיט מאַשינשריפט. דאָס איז געווען דער ערשטער טעקסט פון אַן אַרטיקל, וואָס איך האָב איר דיקטירט אונטערן איינפלוס פון אונדזער ביידנס אויפרעגונג נאָכן איבערלייענען דעם אַרטיקל אין „שיקאַגאָ דזשויִש קראָניקל". דער נאָמען פון מיין אַרטיקל איז געווען „די פאַרטיידיקונג פון מאיר ווייסגאַל דורך מאיר ווייסגאַל — אָדער די אָדיסייע פון אַ לונאַטיקער אין ציוניסטישן ווינגאָרטן". דער אַרטיקל איז קיין מאָל נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן. פאַקטיש איז ער קיין מאָל נישט פאַרענדיקט געוואָרן און איז אַוועקגעלייגט געוואָרן צווישן די פּאַפּירן. איך האָב דאַן פאַרלוירן דעם אינטערעס אין דעם גאַנצן ענין פון אָנפאַל אויף מיר. איך האָב דיקטירט דעם אַרטיקל בלויז פאַר אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן. ווי־עס־איז האָט נעלי זיוו אים אָפּגעהיטן איבער צוואַנציק יאָר.

אָבער איך בין שוין צו ווייט פאַרלאָפן מיט מיין געשיכטע.

די געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם פּרעזידענט פון דער וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק, גראָוער וואַלען. אויב מיר זענען געגאַנגען אויפ־שטעלן אַן ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן, האָבן מיר קודם־כּל געדאַרפט פאַרהאַנדלען וועגן אַ פּלאַץ אין פלאַשינג־מעדאָו, וווּ די אויסשטעלונג איז איינגעאָרדנט געוואָרן. פון דזשאָרדזש בעקערס ביוראָ (איך האָב נאָך נישט געהאַט מיין אייגענעם) האָב איך טעלעפאָנירט צו וואַלענען און ער האָט געשיקט אַ לימוזין מיך צו ברענגען צו אים. מיר זענען אַ ביסל אַרומגעגאַנגען איבערן שטח פון דער אויסשטעלונג און ער האָט מיר געגעבן אַן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן זיינע פּלענער. איין טייל פון דעם שטח איז געווען באַשטימט פאַר נאַציאָנאַלע פּאַוויליאָנען; דאָרט האָב איך געוואָלט האָבן אונדזערן. געוויס האָט נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט קיין יידישע מדינה, אָבער איך האָב געגלויבט, אַז זי וועט אין גיכן אַרויפקומען אויף דער סצענע פון דער געשיכטע. איך האָב געוואָלט אַרויסברענגען די אידייע פון דער יידישער סוווערעניטעט פריִער דאָ, אין פלאַשינג־מעדאָו. דאָס איז געווען דער עיקר פון מיין קאָנצעפּציע וועגן אונדזער באַטייליקונג. די דירעקציע פון דער אויסשטעלונג האָט דאָס נישט געזען אַזוי ווי איך, אָבער דער פּרעזידענט, וואַלען, האָט עס יאָ פאַרשטאַנען. ער איז געווען אַן אירלענדער, און צווישן אים און די ענגלענדער איז נישט געווען קיין באַזונדערע ליבע. איז געשען אַזוי, אַז איין טאָג האָבן מיר מיט אונדזער פּלאַן זיך געפונען אין דער געגנט פון די נאַציאָ־נאַלע פּאַוויליאָנען, און צומאָרגנס האָט מען אונדז אַרויסגעבעטן פון דאָרט. צום סוף איז געמאַכט געוואָרן אַ פּשרה, אַז מיר זאָלן זיין אויף דער גרענעץ־ליניע. דער קאָנטראַקט איז אונטערגעשריבן געוואָרן.

גלייכצייטיק מיט פירן די פאַרהאַנדלונגען האָבן מיר געפּאָרשט די פינאַנ־סיעלע מעגלעכקייטן. אין דער ערשטער ריי זענען געקומען די ציוניסטישע אָרגאַ־

ניזאַציעס פון אַמעריקע, די „הדסה״ און די אַנדערע ציוניסטישע גרופּעס. דער „קרן היסוד״, וואָס איז דעמאָלט געווען דער צענטראַלער פאָנד פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישׂראל און דער קרן הקיימת האָבן נאָך לאַנגע דינגעונישן אונדז גע־באַרגט הונדערט און פופציק טויזנט דאָלאַר. מיר האָבן געהאַט אין אונדזער דירעקטאָרן־ראַט יעדן פּראָמינענטן ייִד, וואָס איז געווען גרייט צוצושטיין צו דער אונטערנעמונג. סטיפען ווייז איז געווען ערן־פּרעזידענט; דזשאָרדזש בעקער — פּרעזידענט; ישׂראל גאָלדשטיין — פּאָרזיצער פון ראַט; לואי ליפּסקי, לואי נייזער, הערי פישער פון שיקאַגאָ, דזשוליען מעק, ראָבערט סאָלד און אַ מחנה אַנדערע זענען געווען צווישן אונדזערע שטיצער. אַ באַזונדער ווערטפולער „עזר כנגדו״ פאַר אונדז איז געווען העראַלד דזשאַקאָבי פון „שענלי וויסקעי״. ער איז געווען אונדזער קאַסיר; ער האָט אונדז געגעבן אַ ביוראָ אויפן 28סטן שטאָק פונעם „עמפּייער סטייט בילדינג״.

נאָך דעם ווי איך האָב אָפּגעוואָרפן דזשאָרדזש בעקערס פּאָרשלאָג, אַז בעל גידס זאָל צייכענען דעם פּלאַן פאַרן פּאַוויליאָן, האָב איך פאָרגעשלאָגן דעם נאָמען פון ארץ־ישׂראלדיקן אַרכיטעקט אריה אל־חנני. ער איז געווען אומבאַקאַנט אין ניו־יאָרק. איך האָב געהערט וועגן אים בלויז אַלס דעם אַרכיטעקט פונעם מזרח־יאַריד אין תל־אביב. אָבער איך האָב געוואָלט האָבן עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל זיין אויטענטיש ארץ־ישׂראלדיקס. איך האָב אים געקראָגן און ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן. איך האָב זיך געדאַרפט טרעפן מיט אים אין גיכן אין ארץ־ישׂראל.

קודם־כל האָבן מיר געלייגט דעם פונדאַמענט, כדי צו באַווייזן, אַז מיר מיינען ערנסט מיט אונדזערע כוונות וועגן דעם פּאַוויליאָן. עס איז געווען אַן אומעטיקע און רירנדיקע צערעמאָניע. איך מוז נאָך אַ מאָל דערמאָנען דאָס יאָר 1938. היטלער איז שוין פינף יאָר געווען ביי דער מאַכט. דעם שוידערלעכן ענדציל פון זיינע פּלענער קעגן יידן האָט ער נאָך געהאַט באַהאַלטן, אָבער ס׳איז שוין געווען אויפגעדעקט גענוג, כדי צו וואַרפן אַ מוראדיקן שאָטן אויף אונדזער צוקונפט. אין ארץ־ישׂראל האָט דער מופטי געהאַט אַריינגעצויגן די אַקס־מלוכות — נאַצי־דייטשלאַנד און מוסאָליניס איטאַליע — אין זיינע ספּעציעלע פּלענער צו ליקווידירן דאָס יידישע היימלאַנד, וואָס האָט זיך דאַן געהאַלטן אין בויען. זינט 1936 איז דער ישוב אין ארץ־ישׂראל געווען אין באַלאַגערונגס־צושטאַנד. קיבוצים און תבואה־פעלדער זענען אונטערגעצונדן געוואָרן, די וועגן זענען פאַר־לייגט געוואָרן מיט מינעס, אַראַבישע באַנדעס האָבן אָפט דורכגעפירט שוידער־לעכע רציחות.

אין יענע טעג, נישט ווייסנדיק וועגן די פיל שווערערע נסיונות, וואָס וועלן נאָך קומען, האָבן מיר אָפט ציטירט פון שירת דבורה הנביאה: „אין די טעג פון יעל האָבן טראַקטן אויפגעהערט און וועגגייער פלעגן אויף קרומע שטעגן גיין״. די דאָזיקע שילדערונג האָט זיך נישט אין גאַנצן צוגעפּאַסט פאַר אונדזער צייט, אָבער ס׳איז געווען ריכטיק, אַז צווישן תל־אביב און ירושלים האָט מען אַ צייט געמוזט פאָרן אונטער אַ קאָנוואָי און מיט מיליטערישער וואַך. דערווייל איז אויך דער דראַנג אַרויסצופאָרן פון דייטשלאַנד געוואָרן ריזיק. יידן האָבן געמוזט

מאַסנווייז אַנטלויפֿן פֿון היטלערן. אַזוי אַרום איז די אַטמאָספֿער, אין וועלכער מיר האָבן דורכגעפֿירט די צערעמאָניע פֿון לייגן דעם גרונטשטיין פֿאַרן פּאַוויליאָן געווען אַ שטאַרק פֿאַרוואָלקנטע. עס איז אויך געשען אַזוי, אַז דער טאָג אַליין איז געווען אַ פֿאַרוואָלקנטער. בירגערמייסטער לאַ־גאַרדיאַ האָט אונטערגעשריבן די מגילה פֿון לייגן דעם פֿונדאַמענט, ווו עס האָט זיך געשריבן: „אין אַ שעה פֿון פֿינצטערניש פֿאַרן יידישן פֿאָלק רייסט זיך דורך אַ שטראַל פֿון ליכט פֿון דעם אַלטן יידישן היימלאַנד אין ארץ־ישׂראל, אַנזאָגנדיק אַ צוקונפֿט פֿון האָפֿענונג און זיכערקייט״. טאָמאַס מאַן איז געווען דער הויפּטרעדנער.

די יסודותדיקע אידייע פֿון ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן איז געווען צו באַווייזן אין אַ פּשוטער און אין אַן איינדרוקספֿולער פֿאָרם די יידישע דערגרייכונגען אין לאַנד. מיר האָבן נישט געזוכט קיין פּאָליטישע מאָטיוון, נישט אין דער באַציִונג צו די אַראַבער און אַפֿילו נישט בנוגע די ענגלענדער. מיר האָבן געוואָלט פֿעסט־שטעלן דעם פֿאַקט, אַז אין 1938 איז די יידישע ארץ־ישׂראל געווען אַ רעאַליטעט; אַז שטעט, דערפֿער, שפּיטאָלן און קולטור־אינסטיטוציעס זענען אויפֿגעשטאַנען אין אַ לאַנד, וואָס איז — ביז מיר זענען געקומען אַהין — געווען פֿאַרנאַכלעסיקט און וויסט. געוויס איז נישט געווען אונדזער כּוונה צו פֿאַרוואַנדלען דעם פּאַוויליאָן אין אַ באַזאַר צו פֿאַרקויפֿן ארץ־ישׂראלדיקע פּראָדוקטן, ווי עטלעכע קורצזיכטיקע גרופּעס האָבן געפֿאָדערט. אַזאַ פּרווו איז געמאַכט געוואָרן מער ווי איין מאָל ערגעץ אַנדערש מיט נישט קיין גוטע רעזולטאַטן. די באַמיִונגען צו פֿאַרקויפֿן פּראָדוקטן אַנשטאָט דער אידייע וועגן יידישן ווידערגעבורט און וועגן דער ווידער־אויפֿלעבונג פֿון יידישן לאַנד, האָט רויִנירט מערערע אויסשטעלונגען.

איך האָב אין פֿלאַשינג־מעדאָו געוואָלט אויפֿשטעלן אַ מיניאַטור ארץ־ישׂראל. איך האָב נישט געוואָלט האָבן אַ מיניאַטור אַמעריקאַנער עקסטראַוואַגאַנץ. איך בין נישט געגאַנגען קאָנקורירן מיט „דזשענעראַל מאָטאָרס״, אָדער מיט דעם קאָלאָ־סאַלן סאָוויעטישן פּאַוויליאָן, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט אויף אַלע אַנדערע נאַציאָ־נאַלע אויסשטעלונגען. ארץ־ישׂראל איז געווען קליין, אָבער דינאַמיש און שיין. די באַפֿעלקערונג פֿון ארץ־ישׂראל איז באַשטאַנען פֿון שווער־אַרבעטנדיקע און אידעאַליסטן. די אַרכיטעקטור פֿון פּאַוויליאָן, די דעקאָראַציעס און די אינערלעכע אויסשטאַטונג האָבן געדאַרפֿט אָפּשפּיגלען אָט די אַלע פֿאַקטן. און דאָס איז געטאָן געוואָרן. דער באַשיידענער ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן — איך פֿאַרלויף אַ ביסל פֿאָרויס מיט מיין געשיכטע — האָט געוווּנען דעם צווייטן פּרייז מיט דער שיינקייט פֿון דער אַרכיטעקטור.

אַ סך האָט געדאַרפֿט געטאָן ווערן, ביז דער דאָזיקער רעזולטאַט איז דער־גרייכט געוואָרן. מיר איז געוואָרן קלאָר, אַז איך קאָן נישט געבן קיין באַפֿעלן אל־חננין, דעם אַרכיטעקט און דעקאָראַטאָר, און זיינע מיטאַרבעטער, אויף אַ מהלך פֿון זעקס טויזנט מייל, און פֿאַרלאָזן זיך דערנאָך אויף זיי, אַז זיי זאָלן אַריבערברענגען קיין ניו־יאָרק אויסגעאַרבעטע פּלענער. איך האָב געדאַרפֿט פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל, איינזאַפּן אַ ביסל אין זיך די אַטמאָספֿער פֿון לאַנד, באַקומען דאָס געפֿיל פֿון יידישן היימלאַנד, וואָס האַלט זיך אין בויען, און אויפֿן פּלאַץ אויפֿכאַפּן אַ פּאָר אידייען. און איך האָב באַשלאָסן, אַז די בעסטע צייט צו מאַכן די נסיעה

וועט זיין אַרום ראש השנה ־יום כיפור, ווען די ימים נוראים שטעלן פּאַקטיש אָפּ די טעטיקייטן פון ניו־יאָרקער יידנטום.

צוועלף יאָר זענען פאַרביי זינט מיין ערשטן באַזוך אין ארץ־ישׂראל און איך האָב געפּלאַנט איצט צו פאַרברענגען צען טעג, בכדי איינצוזאַפּן דעם גייסט און די שטימונג אין לאַנד. לענגער האָב איך נישט געקאָנט בלייבן, און אַפילו די צען טעג האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט ניין טעג, ווייל איין טאָג בין איך געבליבן שטעקן אין אַלעקסאַנדריע, ווו איך האָב געוואַרט אויף אַן עראָפּלאַן. איך האָב פאַרבראַכט אַן אָוונט אין אַלעקסאַנדריע, שפּאַצירנדיק מיט אַ וועגווייזער איבער דער שטאָט. מיך האָט אָנגעכאַפּט אַ שרעק פון דער גרויסער סתירה צווישן דער שרעקלעכער נויט און דער אָריענטאַלישער פּראַכט ביים זען די קרומע געסלעך, וואָס זענען אָנגעפּילט מיט דעם שמוץ פון טויזנטער יאָרן, ווי זיי זענען אַריינגעקוועטשט צווישן די ברייטע און עלעגאַנטע בולוואַרן. איך האָב דעמאָלט פאַרצייכנט אין מיינע נאָטיצן, אַז אויב די דאָזיקע אָרעמע מענטשן וועלן אַ מאָל אַרויס אין אַן אויפשטאַנד, וועט זיי זיין זייער לייכט אַריינצוקומען צו זייערע הערשער, די מאָג־נאַטן, הינטער וועמענס פּאַלאַצן זיי האָבן געוווינט אין דער גרעסטער אָרעמקייט.

פון פּאָרט־סאַיד קיין ארץ־ישׂראל פליט מען איבערן ים. ביי מיין איצטיקן צווייטן באַזוך האָב איך זיך דערנענטערט צום לאַנד דורך דער לופט, און איך מוז פאַרצייכענען, אַז דער אויסזען פון תל־אביב, פון דער לופט, איז נישט געווען באַגייסטערנדיק. תל־אביב האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קליינער און הילפ־לאָזער שטאָט. איך בין אויך נישט דערמוטיקט געוואָרן פון דעם קבלת־פּנים אויפן לופטפעלד. קיינער איז דאָרט נישט געווען, אַ חוץ אַן ענגלישער סאָלדאַט מיט אַן אויפגעפּלאָנצטן באַגנעט. איך האָב געוואַרט אַ האַלבע שעה אויף עפּעס אַ צייכן פון לעבן. ענדלעך איז געקומען אַ טעלעפאָנישע מיטטיילונג פון חיפה, אַז אַן עראָפּלאַן איז אין וועג מיך אויפצונעמען. די פראַגע איז געווען: צי איך וועל זיין אַזוי גוט און וואַרטן נאָך אַ שעה? איך האָב געענטפערט אַז ניין, און האָב אַוועק־געלייגט דאָס טעלעפאָן־טרייבל. ענדלעך האָב איך געפונען אַ טאַקסי און נאָך אַ רייזע אַן באַזונדערע געשעענישן האָט מען מיך אַראָפּגעלאָזט אין פראָנט פון ביוראָ פון דער עגיפּטישער לופטליניע „מיזר אייר" אין תל־אביב. דאָרט האָט מיך באַגריסט עמנואל ראָזען, דער ברודער פון מיין שוואָגער אַדאַם ראָזען. ער איז געווען די ארץ־ישׂראלדיקע „העלפט" פון זייער רייזע־ביוראָ.

זיין ערשטע פראַגע איז געווען: „איר זענט טאַקע געקומען?"

איך בין נאָך אַלץ געווען בייז און פול מיט פאַרדרוס: „ווו, מיינט איר, דאַרף איך זיין?" — האָב איך געפרעגט.

„איר דאַרפט גומל בענטשן" — האָט ער מיר געזאָגט — „נעכטן זענען צוויי יידן דערהרגעט געוואָרן דורך אַראַבישע רוצחים אויפן וועג פון לוד קיין תל־אביב. איר האָט געדאַרפט וואַרטן אויפן עראָפּלאַן".

צוזאַמען מיט עמנואלן, וועלכער האָט נאָך אַלץ גערעדט וועגן גומל בענטשן, בין איך געפאָרן צום האָטעל „גת רימון", תל־אביבס „וואָלדאָרף אַסטאָריאַ" אין יענע צייטן. ס'איז געווען אַ גרויסער רעש מיט מיין אָנקומען. דער אייגנטימער

און די אָנגעשטעלטע האָבן זיך אַלע אַזוי שטאַרק מתעסק געווען מיט מיר, אַז זיי האָבן זיך אַליין איבערגעטריבן אין דער גאַסטפריינדלעכקייט. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן זייער געוואָלט, אַז מיין איינשטיין ביי זיי אין האָטעל זאָל זיין אַזוי באַקוועם און אָנגענעם, ווי נאָר מעגלעך. באַלד האָט מען מיך אויך געטיטלט: „דאָקטאָר". איך האָב פּראָטעסטירט, אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן. איך בין פאַר־בליבן „דאָקטאָר" ביז איך בין אַוועקגעפאָרן.

גיך זענען אָנגעקומען איינער נאָכן אַנדערן אריה אל־חנני, אברהם אידעלסאָן און אַלעקסאַנדער יעווזעראָוו פון מזרח־יאַריד; עלייעס נוימאַן, דער קינסטלער; און דער אומפאַרמיידלעכער חנא, וועלכער איז אין יענער צייט געווען אַ תושב אין ארץ־ישׂראל. דער פּלאַנטער מיטן עראָפּלאַן און אויטאָמאָביל איז געוואָרן אַ באַרימטע געשיכטע מיט דערקלערונגען און קעגן־דערקלערונגען, וואָס זענען גע־פלויגן אַהין און צוריק, ביז איך בין מיד געוואָרן פון די אָן אַ שיעור אַנטשול־דיקונגען. איך האָב געבעטן, אַז מען זאָל אָפּלאָזן דעם ענין אויף אַ שפּעטערער צייט פאַר ווייטערדיקע דיסקוסיעס. פון דעסטוועגן בין איך געשטאַרקט געוואָרן מיט די ברכות, וואָס מען האָט מיר געהאַלטן אין איין צווינטשן: „איר האָט דאָך געקאָנט דערהרגעט ווערן".

ס'איז געווען אין אַ פרייטיק נאָך מיטאָג. אין די נאָענטסטע ניין טעג האָב איך ווי־עס־איז אַריינגעשטופּט צוויי און זיבעציק שעה אין אַ מעת־לעת. פּאַקטיש צווייפל איך, צי איך בין געשלאָפן דורכשניטלעך פיר שעה אַ נאַכט.

דאָס ערשטע, וואָס איך האָב געוואָלט זען, איז געווען דער פּלאַץ פון מזרח־יאַריד אויף צפון פון תל־אביב, הינטערן טייך ירקון. איך האָב הנאה געהאַט פון די פיינע זאַכן, וואָס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן פון איילבירטהאָלץ און פון קופּער, וואָס איך האָב געפונען דאָרט אויסגעשטעלט. איך האָב באַגעגנט די גע־הילפן פון אַרכיטעקט אל־חנני, קינסטלער, בעלי־מלאכהס, אַרבעטער. אויף מיין געוויינלעכן פּשוטן און גוטמוטיקן שטייגער האָב איך מיט זיי אַלעמען גערעדט חבריש. שפּעטער האָט מען מיר געזאָגט, אַז דאָס איז נישט געווען דער ריכטיקער אופן, ווי אַזוי איך האָב זיך געדאַרפט פירן. איך האָב זיך געדאַרפט האַלטן אַ ביסל פון דער ווייטנס, ווי עס פּאַסט פאַר אַן „אַמעריקאַנער אונטערנעמער". ווי אַזוי מען קאָן רעדן יידיש און אין דער זעלבער צייט נישט זיין היימיש מיט אַלעמען, איז פאַר מיר בכל אופן געווען אוממעגלעך צו פאַרשטיין.

אל־חנני האָט מיר געוויזן דעם פּלאַן פון מיין באַזוך, וואָס איז פאַר מיר אויסגעאַרבעט געוואָרן. אין דעם פּלאַן זענען אַריינגעגאַנגען קבלת־פּנימס, עפנט־לעכע אַרויסטריטן, וויזיטן צוליב העפלעכקייט, פאַרזאַמלונגען — איבער גענוג איך זאָל זיין פאַרנומען אַ גאַנצן חודש. איך האָב אַרויסגעגעבן אַ באַפעל: קיין שום צערעמאָניעס. איך וועל אַרומפאָרן ביי טאָג, באַגעגענען מיינע מיטאַרבעטער אין אָוונט — און דאָס איז אַלץ. איך בין געווען געצווונגען צו מאַכן איין אויסנאַם — איך וועל אויפנעמען מיינע חברים פון דער פּרעסע. אויב נישט, וועלן זיי זיך פילן באַליידיקט ביז צום טויט. אַזוי האָט לכל הפחות מיר געזאָגט גרשון אַגראָנסקי.

אַרום האַלבער נאַכט, נאָכן עסן ביי אל־חנניך אין הויז, האָב איך אַ האַלב־שלעפעריקער זיך געלאָזט איבעררעדן צו גיין אויף אַ גלעזל קאַווע אין „גינתי", תל־אביבס „קאַפּע די דאָם", ווו עס פלעגן זיך פאַרזאַמלען די אינטעלעקטואַלן. „גינתי" איז אויך געווען באַרימט מיט דעם, וואָס חנא איז פון דאָרט אַרויסגעטריבן געוואָרן. אַזוי ווי משה רבינו, האָט ער געקאָנט קוקן אויף דעם קאַפּע, אָבער נישט אַריינגיין אינעווייניק. דאָרט האָבן מיר ווידער אַ מאָל באַגעגנט אידעלסאָנען און יעווזעראָוון און האָבן ממשיך געווען אונדזערע שמועסן פון נאָכמיטאָג.

אָבער איידער איך האָב זיך אַרומגעקוקט, בין איך אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ גאַנצער מחנה ציוניסטן, וועגן וועלכע איך האָב געמיינט, אַז זיי זענען שוין לאַנג אַראָפּ פון דער סצענע. זיי זענען דאָרט געזעסן און האָבן געטרונקען טיי אָדער געזופּט קאַווע, לייזנדיק אַלע וועלטפּראָגן, און איינאָרדענענדיק די גאַנצע יידישע צוקונפט. „גינתי" איז געווען דער נייעס־יאַריד פון תל־אביב. יעדן אָוונט האָט מען דאָרט געקאָנט הערן, וואָס עס וועט דערשיינען צומאָרגנס אין דער פּרי אין די צייטונגען. אַ מאָרד אויף אַ שאָסיי, אַ צוזאַמענשטויס צווישן אַראַבער און חברים פון אַ קיבוץ; אַ דערקלערונג פון די ענגלענדער; די לעצטע רעדע פון היטלערן — וועגן אַלעם האָט מען קודם־כּל געהערט אין „גינתי". אַזוי האָט מען דאָרט זיך אויך אַרומגעטראָגן מיט די נייעסטע וויצן. „ווייצמאַן האָט נאָר־וואָס געשיקט אַ טעלעגראַמע צו בענעשן". „וואָס האָט ער געזאָגט?" — „זייט נישט פאַרצווייפלט, בענעש, ענגלאַנד וועט אייך פאַרזאָרגן, ווי זי האָט מיך פאַרזאָרגט". איך האָב זיך צוגעהערט מיט גרויס חידוש. די לעבהאַפטיקייט, דער הומאָר, די סאַטירע און די „געזאַלצענע" רייד אַרום מיר האָבן מיר געגעבן דאָס געפיל, אַז קיינער קאָן נישט צעשטערן דעם גייסט פון מיין פאָלק. און ווי איך האָב געלערנט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, און ביי נאָך מער פינצטערע אומשטענדן, זענען עס תּמיד געווען די יידן אין חוץ לארץ, וואָס האָבן באַלד פאַרלאָרן דעם מוט. אין ישׂראל — אין „פּאַלעסטינע", ווי מען האָט דעמאָלט גערופן דאָס לאַנד — האָבן יידן אַלץ אַריבערגעטראָגן מיט שטאַרקייט און גלויבן, וואָס זענען קיין מאָל נישט פאַרקלענערט געוואָרן.

מען האָט מיר אָנגעוויזן דיסקרעט אויף דריי יידן, פון וועלכע יעדער איינער האָט געהאַט פאַרלאָרן אַ זון לעצטנס בעת די אָנפאַלן פון די אַראַבער אויף קיבו־צים, אין צפון־טייל פון לאַנד. איך האָב געכאַפּט אויף זיי אַ באַהאַלטענעם בליק פון דער זייט. זיי זענען דאָרט געזעסן, האָבן געזופּט זייער קאַווע, באַטיילנדיק זיך אין די שמועסן. ווי אַזוי האָבן זיי געקאָנט דאָס פאַרהוילן פון די, וועלכע האָבן נישט געוווּסט דעם צער און די פּיין, וואָס האָבן געדריקט זייערע הערצער?

ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט מיינע פריינד, האָב איך געבעטן, מען זאָל מיך לאָזן גיין אַליין אין האָטעל. איך האָב געוואָלט איינזאַפּן אין מיר אַלץ, וואָס איך האָב נאָר־וואָס געזען און געהערט. דער טויט האָט געפּאַכעט איבערן לאַנד — און דאָ זענען געזעסן יידן און האָבן געלאַכט, געפּירט וויכּוחים צווישן זיך, ווי זיי וואָלטן געווען אַרומגערינגלט פון אַ רויִקער וועלט.

נישט קאָנענדיק שלאָפן די נאַכט, און נישט געקוקט אויף מיין מידקייט און אויסגעשעפּטקייט — און אפשר טאַקע צוליב דעם — בין איך געזעסן עטלעכע

שעה אויפֿן באַלקאָן פֿון מיין האָטעל־צימער, אַנטקעגנאַיבער דעם ים. איך האָב אָנגעהויבן פֿאַרשטיין די פֿראַזע, מיט וועלכער מיר פֿלעגן אַזוי אָפֿט און אַזוי לייכט זיך אַרומוואַרפֿן: „אַ נאָרמאַל פֿאָלק״, וואָס האָט געמיינט אין אמתן — אַ פֿאָלק וואָס האָט געקוקט גלייך אין די אויגן דער געפֿאַר און טויט, נישט באַהאַלטנדיק זיך פּחדנותדיק אין די קעלערן פֿון קישיניעוו, ווי ביאַליק האָט געשילדערט אין זיין באַרימטער פּאָגראָם־פּאָעמע; נישט אַנטלויפֿנדיק פֿון די דראָונגען פֿון די מער־דער, נאָר אַנטקעגנשטעלנדיק זיך אָן פּחד און אָן פּאַניק. דאָס איז אָנגענומען גע־וואָרן ווי אַ טייל פֿון לעבן, צו וועלכן מען דאַרף זיין געוווינט.

איך פֿלעג קומען אין קאַפֿע „גינתי״ אין תּל־אָבֿיבֿ כּמעט יעדן אָוונט בעת מיין קורצן באַזוך אין ארץ־ישׂראל אין 1938. איך האָב דאָרט געקאָנט זען אַ ווונ־דערלעכן אַספּעקט פֿון לעבן אין לאַנד, וואָס האָט אין גאַנצן פֿאַרכאַפּט מיין אויפֿ־מערקזאַמקייט. און אפֿשר דאַרף איך זאָגן, אַז איך האָב דאָרט געהאַט פֿאַר מיר אַ שפּיגל פֿון דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אין לאַנד. איך האָב אין „גינתי״ געלערנט כּמעט אַזוי פֿיל, ווי אין מיינע גיכע רייזעס איבערן לאַנד.

די דאָזיקע רייזעס האָב איך אָנגעהויבן צומאָרגנס אין דער פֿרי נאָך מיין אָנקומען. כּמעט אַלץ, וואָס איך האָב געזען, איז געווען ניי פֿאַר מיר. די, וועלכע האָבן לעצטנס באַזוכט ישׂראל צום ערשטן מאָל, האָבן זיכער אַרויסגעטראָגן די שטאַרקסטע איינדרוקן. אויף אַ געוויסן אופֿן קאָן מען זיי מקנא זיין מיט זייערע דערפֿאַרונגען. אָבער מען קאָן עס נישט פֿאַרגלייכן מיט די איינדרוקן פֿון אַ באַ־זוכער, וועלכער איז דאָרט געווען כּמעט ביים אָנהויב פֿון דער אַרבעט, איז צוריק־געקומען נאָך צוועלף יאָר און איז געווען דערשטוינט פֿון די גרויסע ענדערונגען. אומעטום זענען געווען נייע דאָרפֿישע ישובֿים, שיינע שטעט און שטעטלעך זענען אויסגעוואַקסן אין פֿאַרשיידענע געגנטן. נייע באַקוועמע וועגן זענען געשניטן גע־וואָרן דאָרט, ווו פֿריִער האָט געקאָנט דורכגיין בלויז אַ פֿערד. פּרדסים האָבן געבליט אויף די ערטער, ווו פֿריִער זענען געלעגן בלויז געדיכטע זאַמדן. תּבֿואה־פֿעלדער האָבן זיך אויסגעשפּרייט דאָרט, ווו פֿריִער זענען געווען בלויז טיפֿע בלאָטעס.

תּל־אָבֿיבֿ איז געווען אַ שטאָט פֿון הונדערט פֿופֿציק טויזנט איינוווינער. דאָס, וואָס האָט פֿון דער לופֿט אויסגעזען אַזוי קליין און שוואַך, האָט ביי אַ נענטערער באַטראַכטונג זיך אַנטפּלעקט אַלס אַ וועלטשטאָט, וואָס האַלט זיך אין בויען און וואָס קאָכט מיט לעבן. און אַזוי איז געווען דער איינדרוק איבערן גאַנצן לאַנד, נישט געקוקט אויף די מערדערישע אָנפֿאַלן אויף די קיבוצים.

צייטנווייז — ווען איך קוק צוריק אויף יענע יאָרן — באַקום איך דעם רושם, אַז אין יענע טעג פֿון דער שווערער התחלה איז געווען לייכטער אָנצוכאַפּן דעם גייסט פֿון דעם ווידערגעבורט, ווי מען קאָן דאָס באַגרייפֿן היינט־צו־טאָג, ווען אַזוי פֿיל איז שוין פֿאַרענדיקט געוואָרן. בכל אופֿן קאָן איך זאָגן אָט־וואָס: בעת מיין צווייטן באַזוך אין ארץ־ישׂראל האָב איך געוווּסט, מיט אינערלעכער טיפֿער קענטעניש, פֿאַר וואָס איך בין אַ ציוניסט.

אַרויספאָרנדיק איבערן לאַנד האָב איך קודם־כּל זיך אָפּגעשטעלט אין רמת־גן אויף צפון פון תל־אביב. אברהם קריניצי, וועלכער איז דאַן געווען דער ראש העיר און איז פאַרבליבן אויף דעם אַמט פאַר די קומענדיקע דרייסיק יאָר — דאָס, וואָס איר רופט פּראָגרעס — איז געווען אַ מעבל־פאַבריקאַנט, ווען איך האָב אָנפאַר־טרויט צו מאַכן די עוקאַליפּטוס־טירן פון אונדזער פּאַוויליאָן. איך האָב אויסגעגע־פונען, אַז ער איז מער אינטערעסירט אין ביימער צו פאַרשענערן די לאַנדשאַפט, ווי אין האַלץ פאַר געביידעס. רמת־גן איז אין יענע טעג געווען אַן אמתע גאָרטנ־שטאָט. זי איז שפּעטער „באַשעדיקט געוואָרן דורך די אויסבעסערונגען" — ווי אַ'העברי האָט מיט יאָרן צוריק זיך אויסגעדריקט וועגן ניו־יאָרק.

קריניצי האָט מיך געפירט צו זען דעם בית־הכּנסת, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אין מיטן פון אַ קליינעם און אָנגענעמען פּאַרק, ווו אַלטע יידן זענען גע־זעסן אויף די בענק, אויסציִענדיק מיט נחת זייערע שׂהען. קריניצי האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט צו דערקלערן, וואָס דאָס אַלץ מיינט פאַר אים.

„אין דער שטאָט, פון וואַנען איך בין געקומען" — האָט ער מיר געזאָגט — „איז געווען אַ גאָרטן. יעדער ייד, וועלכע האָט געפּרוווט זיך אַוועקצוזעצן דאָרט, אויף איינער פון די בענק, איז באַלד אַראָפּגעטריבן געוואָרן. איך האָב שטענדיק געחלומט וועגן אַ פּאַרק, וווהין יידן זאָלן קאָנען גיין נאָכן דאַווענען און זיצן אויף די בענק אונטער די ביימער".

קריניצי איז געשטאָרבן אין עלטער פון איין און אַכציק יאָר, אָדער צוויי און אַכציק יאָר, פון אַן אויטאָמאָביל־אומגליק, ווען ער איז נאָך אַלץ געווען ראש העיר פון רמת־גן.

פון רמת־גן זענען מיר געפאָרן קיין גבעת־השלושה, דעם ערשטן קיבוץ וואָס איך האָב באמת געזען. איך האָב אין יענעם שבת נאָך מיטאָג שפּאַצירט איבער די פעלדער און בניינים פון דעם קיבוץ. איך האָב געקוקט אויף די קינדער מיט זייערע עלטערן. און האָב זיך דערמאָנט וועגן די אומגלויבלעכע נאַרישע מעשׂיות, וואָס פלעגן אַרומגיין וועגן די „עקספּערימענטן" אין קיבוצישן לעבן — מעשׂיות וועגן כּלומרשטע מישענישן; וועגן קינדער, וועלכע קענען נישט זייערע עלטערן. אָדער וועגן מענער און פרויען אין „קאָלעקטיווע" חתונות. איך האָב זיך דערמאָנט וועגן די ליידנשאַפטלעכע דעבאַטעס אין ציוניסטישע קרייזן, און האָב זיך גע־וווּנדערט איבער דעם, וואָס מען האָט אַלץ דערציילט. דער דאָזיקער רוּיקער, בכּבודיקער, כּמעט בורזשואַזער סדר, די מנוחה, די היימישקייט; דער שטאַלץ, מיט וועלכן זיי האָבן זיך איבערגענומען וועגן זייער נייעם „מוֹעדוֹן", וואָס מען האָט געהאַלטן אין בויען; זייער שטאַלצירן מיט זייערע קי־שטאַלן און היגער־שטייגן — דאָס אַלץ האָט מיך אַריינגעבראַכט אין גרויס התפּעלות. דער, וועלכער האָט געערדט אין נאָמען פון דעם קיבוץ, איז געווען אַ חבר, וועלכער האָט גע־הייסן מילשטיין. ער האָט געשטאַמלט. דאָס איז געווען סימבאָליש. דער קיבוץ איז נישט קיין פּלאַץ, ווו מען רעדט. ווען מיר זענען אַרומגעגאַנגען איבערן קיבוץ, האָט ער געהאַלטן אויף מיר אַן אויג זייער אויפמערקזאַם. און ער האָט מיך געכאַפּט אין אַ מאָמענט פון צעדרודערונג — פון אַ מאָראַלישער צעדרודערונג, נישט פון דעם מין, אין וועלכן ער האָט מיך חושד געווען.

„עס געפעלט אייך נישט?" — האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן.

„אָ, ניין, ס'איז נישט דאָס וואָס איר מיינט" — האָב איך געזאָגט — „איך טראַכט, אַז איך וואָלט געוואָלט זיין אַ טייל פון דעם. יהי חלקי עמכם. אָבער איך האָב נישט געהאַט דערצו דעם קוראַזש. און איך האָב נאָך איצט נישט. אַמעריקע האָט מיך קאַליע געמאַכט".

ס'איז געוואָרן שפּעט אין טאָג. איך האָב זיך געדאַרפט אָפּרייסן פון דאָרט. מיר זענען געקומען קיין רמת־השבים — אַ ישוב פון קליינע ערד־באַזיצער, אַ מושב, וואָס איז באַשטאַנען אין גאַנצן פון דייטשע יידן, געוועזענע פּראָפעסאָרן, אַדוואָקאַטן, איזשיניערן. אין מיינע פאַרצייכענונגען וועגן דעם וויזיט זע איך די ווערטער: „קרבנות פון היטלערס ברוטאַליטעט". וואָלט איך דעמאָלט געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט די, וועלכע זענען נישט אַוועק באַצייטנס פון דייטשלאַנד! איך האָב געהאַט פאַר מיר געוועזענע אַקאַדעמיקער, וועלכע האָבן דאָ אָנגעהויבן בויען אַ ניי לעבן. און עס איז גאָרנישט געווען אַזוי שרעקלעך. די דאָזיקע פאַרמס, וועלכע האָבן פּראָדוצירט הינער און אייער — וואָס זענען אין דער פּאָפּולערער שפּראַך געווען באַקאַנט אַלס „כפר קוקוריקו" — האָבן געשמעקט מיט געמיט־לעכקייט און מיט פלייסיקער אַרבעט. עס איז געווען אַ האַלב־קאָאָפּעראַטיווער סיסטעם, וואָס האָט זיך באַזירט אויף אינטענסיווער לאַנדווירטשאַפט. דוד טריטש, דער „טרוימער פון קורפירסטענדאַם" איז געווען דער פאָטער פון דער אידייע. איך געדענק ווי ער איז איין מאָל געקומען צו מיר אין „אַם צאָ"־האָטעל אין בערלין — דאָס איז געווען בעת מיין ערשטן וויזיט אין אייראָפּע — און האָט מיר דערקלערט זיין פאַנטאַסטישן פּלאַן וועגן באַזעצן זעכצן מיליאָן יידן אין ארץ־ישראל. ער האָט דאָס מיר דערקלערט מיט ציפערן, פאַקטן, דיאַגראַמעס, צייכע־נונגען, בכדי מיר צו באַווייזן, אַז מען קאָן דורכפירן זיין פּלאַן. איך האָב געפרעגט ד"ר פּאָוויצערן, דעם פירער פון רמת־השבים, צי טריטשס פּרינציפּן האָבן זיך פאַרווירקלעכט. „נישט אין גאַנצן" — האָט ער מיר געענטפערט — „אויב ער וואָלט געווען גערעכט בלויז אויף פופציק פּראָצענט, וואָלט עס געווען גענוג".

דערנאָך האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין נתניה, וואָס שפּרייט זיך אויס ביים ים. איך האָב דערזען פאַר מיר אַ נישט־פאַרענדיקטע שטאָט, וואָס איז פול מיט באַוועגונג, מיט לעבן, און וואָס האָט מיך דערמאָנט אין אַן אַמעריקאַנער „בום"־שטאָט. מען האָט מיר געזאָגט, אַז נתניה איז דער זומערפּלאַץ פאַר די יידישע „מיליאָנערן" אין ארץ־ישראל, די וועלכע פאַרמאָגן לכל הפחות צען טויזנט דאָלאַר, אָדער צען טויזנט פונט. עובד בן־עמי איז געהאַט געקומען צו מיר מיט יאָרן צוריק, איך זאָל פאַרעפנטלעכן אין „ניו פּאַלעסטיין" אַ נאָטיץ, אַז ער איז „געקרוינט" געוואָרן אַלס ראש העיר פון נתניה. (ווי קריניצי אין רמת־גן, איז אויך עובד בן־עמי ראש העיר זיין גאַנץ לעבן). עס זענען אַרומגעגאַנגען געשיכ־טעס וועגן זיין ריזיקער עשירות און וועגן זיין פּאַלאַץ, ווו ער האָט געוווינט. מען האָט מיך געפרעגט, צי איך וואָלט געוואָלט זען זיין היים. מיין ענטפער איז געווען אַן אַנטשלאָסענער „ניין". ס'איז געווען גענוג, אַז ער האָט פאַרטראַכט נתניה און האָט זי אויפגעבויט — אמת מיט וויניקער אידעאַליזם, ווי די חברים

פון די קיבוצים. אָבער נתניה איז אַ פֿאַקט. און אין ארץ־ישׂראל האָבן פֿאַקטן זיך גערעכנט אַ סך מער, ווי די בריטישע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק.

פון נתניה זענען מיר צוריקגעקומען קיין תל־אביב, וווּ אל־חנני האָט געוואַרט אויף מיר, אַרומצופירן מיך אויף אַ באַזוך איבער דער שטאָט. ער האָט געהאַלטן פאַר נויטיק צו געבן אַ געהעריקע קינסטלערישע אינטערפּרעטאַציע פאַר דעם, וואָס איך בין געגאַנגען זען אין דער שטאָט. איך האָב זיך באַמיט אויפצופרישן אין מיין זכרון די תל־אביב, וואָס איך האָב געזען מיט צוועלף יאָר צוריק, אָבער עס האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן. ס'איז געווען גאָר אַן אַנדערע שטאָט, אַ בעסערע און אַ פיל שענערע. די הייזער האָבן אויסגעזען פּרעכטיק. די באַלקאָנען זענען געווען פאַרפלייצט מיט בלומען. די גאַסן זענען געווען ברייט און ריין. די שטאָטישע און געזעלשאַפטלעכע געביידעס האָבן אימפּאָנירט מיט זייער אויסזען. אין 1909 איז דאָ געווען בלויז אַ באַרג מיט זאַמד. אין 1938 האָב איך געהאַט פאַר מיר אַ מאָדערנע שטאָט מיט מער פון הונדערט פופציק טויזנט איינוווינער.

אין מיינע פאַרצייכענונגען האָב איך פאַרשריבן: „אַ פאָלק, וואָס באַנוצט אַזעלכע אוצרות פון כּוח, וועט זיך נישט לאָזן אַראָפּפירן פון זיין היסטאָרישן וועג דורך פּאָליטישע שטערונגען אָדער פיזישן געוואַלד. די קאָנסטרוקטיווע קראַפט פון יידישן פאָלק, וואָס איז אויסגעלאָדן געוואָרן אין ארץ־ישׂראל, איז נישט געווענדט קעגן אַן ענלעכער קאָנסטרוקטיווער קראַפט. זי איז געצילט קעגן כּוחות פון צעשטערונג און פאַרפּוילטקייט; קעגן די בריטישע קאָלאָניאַלע אינטריגעס און אומפעיִקייט, וואָס ווערן געשטיצט דורך אַ וועלט, וואָס איז מאָראַליש באַנקראָט און איז פּאָליטיש אַראָפּ פון זינען. אונדזער אַרבעט אין ארץ־ישׂראל קאָן אָפּגעשלעפּט ווערן אויף אַ צייט, אָבער די פאַקטן, די אומדערשיטערלעכע פאַקטן פון ארץ־ישׂראל — זיי וועלן דאָ שרייבן דאָס לעצטע קאַפּיטל".

אויפן דריטן טאָג האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט אויף דרום, דורך ראשון־לציון, גבעת־ברענער און רחובות. אויף מיין וועג קיין ארץ־ישׂראל האָב איך זיך געהאַט אָפּגעשטעלט אין לאָנדאָן צו זען ד"ר חיים ווייצמאַנען. ער האָט אַרויסגעקריגן פון מיר אַ צוזאָג, אַז איך וועל זיך ספּעציעל אינטערעסירן מיט זיין אייגענעם פּראָיעקט, דעם „דניאל זיוו פאָרשונגס־אינסטיטוט", פון וועלכן עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן דער „ווייצמאַן־אינסטיטוט". ד"ר בנימין בלאָך, דעם דירעקטאָר, איז אָנגעזאָגט געוואָרן פריִער וועגן מיין באַזוך, און ער האָט באַקומען אַן אינסטרוקציע צו געבן מיר אַ גרינטלעכן איבערבליק וועגן דעם אינסטיטוט. צו זאָגן, אַז איך האָב געהאַט וועלכן עס איז אינטערעס אין וויסנשאַפט, וואָלט געמיינט צו פּרעטענדירן אויף אַ נישט־באַרעכטיקטער מאָס פון באַציִונג. איך האָב נישט געוווּסט וועגן דעם לחלוטין גאָרנישט. איך בין געווען פאַראינטערעסירט אין דעם אינסטיטוט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל ער האָט מיר געקאָנט צושטעלן מאַטעריאַל פאַר דעם פּאַוויליאָן. קיין שום אָנטפּלעקונג האָט זיך נישט באַוויזן פאַר מיר, ווען איך האָב אַרומגעוואַנדערט איבער דעם קליינעם בנין פון „זיוו־אינס־

טיטוט". קיין שום בת־קול איז נישט געקומען, נישט פון אינעווייניק און נישט פון אויבן, וואָס זאָל מיר זאָגן: „מאיר, זון פון שלמה־חיים ווייסגאַל פון קיקל, זיי וויסן, אַז עס איז דיר באַשערט צו פאַרוואַנדלען דעם באַשיידענעם פאָרשונגס־צענטער אין אַ מעכטיקן אינסטיטוט".

אויב אין איינעם אַ טאָג וועט אַ האָליוווּד־סצענאַר־שרייבער נישט האָבן עפּעס בעסערס צו טאָן, ווי מאַכן אַ סעסיל ב. דע מיל־ספּעקטאַקל פון מיין לעבן, וועט ער מיך מאַכן אַרויפגיין אין דעם מאָמענט אויף אַ בערגל, וואָס קוקט אַראָפּ אויפן „דניאל זיוו־אינסטיטוט", און אויסשרייען: „ליבער גאָט אין הימל, אויב איך וואָלט נאָר געהאַט אַ הונדערט מיליאָן דאָלאַר, וואָלט איך באַוויזן דער גאַנצער וועלט, וואָס עס דאַרף זיין אַ וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין ארץ־ישׂראל". דער דאָזיקער סצענאַר־שרייבער, וואָס איך ווייס נישט, צי אַזעלכער וועט גאָר זיין בנמצא, וואָלט זיך געדאַרפט פאַרלאָזן אין גאַנצן אויף זיין פאַנטאַזיע. מיינע פאַרצייכענונגען פאַר דעם טאָג פאַרראַטן נישט די מינדסטע אָנדייטונג אויף דעם, וואָס איז געוואָרן שפּעטער מיין לעבנסווערק.

די נאָטיצן מיינע לייענען זיך אַ ביסל טרוקן: „מיר זענען אָנגעקומען אין דעם אינסטיטוט, וועלכער געפינט זיך דרויסן פון רחובות. איך האָב דערזען אַן אינספּירירנדיקע רייע פון שיינע געביידעס, אַ פיינע לאַנדשאַפט מיט אַ פרישן גאָרטן, וואָס איז באַשטאַנען פון ביימער. מען זאָגט מיר, אַז ווייצמאַן שפּאַצירט דאָ, ווען ער דאַרף האָבן אַ כעמישן אַנאַליז פון דער ציוניסטישער פּאָליטישער סיטואַציע. פאַר אַנדערע אַנאַליזעס באַנוצט ער זיין לאַבאָראַטאָריע. ד״ר בלאָך איז אויף אַ רייזע, אָבער ער האָט באַשטימט ד״ר פרידאַ גאָלדשמידט (אַ געוועזענע פּראָפעסאָרין פון אוניווערסיטעט אין בערלין) אַרומצופירן אונדז. זי איז אַן על־טערע חנעוודיקע פרוי, אַן אָנגעזעענע וויסנשאַפטלערין. איך האָב זיך צוגעהערט צו אירע שילדערונגען פון די וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטן און האָב פאַרשטאַנען אַזוי ווייניק, וויפל די אַנדערע באַזוכער... מיין אינטערעס איז נישט אין ריינער וויסנשאַפט, נאָר אין דער באַציִונג פון וויסנשאַפט צו דעם פּראָצעס פון אויפבוי פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים". מיינע נאָטיצן פאַרענדיקן זיך מיט די ווער־טער: „ווייצמאַן האָט מיך אויך געבעטן נישט צו פאַרגעסן צו באַזוכן זיין היים. דער וועכטער, אַ יידישער יענקי פון קאָנעטיקאַט, האָט פאַרלאַנגט פון מיר אַ דאָקומענט פון ווייצמאַנען וועגן דעם. האָב איך זיך געמוזט באַגנוגענען מיט באַ־טראַכטן ווייצמאַנס היים פון דרויסן".

דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָב איך זיך באַגעגנט מיט מיינע זשורנאַליסטן און דערנאָך מיט די דירעקטאָרן פון דער אינדוסטריעלער־אָרגאַניזאַציע. איך האָב נאָך באַוויזן צו גיין אין אָוונט אין „הבימה" אויף אַ פאָרשטעלונג פון שלום עליכמס „שווער צו זיין אַ ייד". אַזוי האָב איך פאַרבראַכט מיין דריטן טאָג אין הייליקן לאַנד און האָב אים פאַרענדיקט... אין „גינתי".

צו מאָרגנס אין דער פרי בין איך געפאָרן קיין ירושלים. ס׳איז געווען אַ טאָג פאַר ערב יום־כיפור. איך האָב געדאַרפט דערליידיקן אַ פּאָר פּאָליטישע ענינים וועגן פּאַוויליאָן מיט דער ציוניסטישער ממשלה; אַראַנזשירן וועגן געוויסע

פובליקאַציעס: זען דעם „הדסה״־שפּיטאָל און דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אויפן הר הצופים; באַגעגענען אַ טוץ מענטשן און קומען צוריק קיין תל־אביב אויפן אַנדערן טאָג, פאַר נאַכט.

אין ביוראָ פון דער יידישער אַגענטור בין איך אַריינגעשפּרונגען צו אַרטור רופּין. מיר האָבן כּמעט ווי זיך צעקושט. „אַך, הער ווייסגאַל, אימער נאָך דער זעלבע. וואָס מאַכט אירע שענע פראַו און קינדער? מיט זאָ איינעם פּנים זאָלכע שענע פראַו און קינדער?״ ער האָט נישט פאַרגעסן — און אויך איך האָב נישט פאַרגעסן — אַז ער האָט מיך אַריינגענומען אַלס אַ קוריאָזן יידישן טיפּ אין זיין „סאָציאָלאָגי דער יודען״ און האָט געמאַכט פון מיר אַ גאַליציאַנער. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט אים צו זאָגן, אַז אויב אַלע זיינע סאָציאָלאָגישע פאַקטן זענען אַזוי ריכטיק, ווי זיין אינפאָרמאַציע וועגן מיר, איז זיין גאַנץ בוך ווערט אַ שיבוש. ער האָט פּראָטעסטירט און האָט געפּרוּווט מיר צו באַווייזן, אַז איך בין באמת אַ גאַליציאַנער פון געבורט, אָדער פון עפּעס אַ פריִערדיקן גלגול.

אַרטור רופּינס פאַרשונגס־אָפּטיילונג וועגן די לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים אין ארץ־ישׂראל איז געווען גרייט צו קאָאָפּערירן הונדערט פּראָצענט מיט אונדז. רופּין איז געווען איבערצייגט, אַז דער פּאַוויליאָן אויף דער אויסשטעלונג אין ניו יאָרק וועט האָבן אַ גרויסע באַדייטונג צו באַווייזן דעם אַמעריקאַנער פאָלק, וואָס עס ווערט אויפגעטאָן אין ארץ־ישׂראל.

פון רופּינען בין איך געגאַנגען אויף אַ באַראַטונג מיט אליעזר קאַפּלאַנען, דעם קאַסירער פון דער יידישער אַגענטור. איך בין געווען צופרידן צו האָבן זיין שטיצע פאַר מיין פּלאַן איינצואָרדענען דעם פּאַוויליאָן אויף אַ העכערן ניוואָ. די אינדוסטריעלער־אָרגאַניזאַציע איז צוגעשטאַנען צו אים — ווי זי האָט עס געטאָן אַ טאָג פריִער מיט מיר — מיט איר פאָרשלאָג צו פאַרוואַנדלען דעם ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן אין אַ באַזאַר. „מיר ווילן נישט קיין צוקונפטס־מוזיק״ — אין געווען דער אופן, ווי זיי האָבן אויסגעדריקט זייער פאָדערונג — „מיר ווילן האָבן באַלדיקע רעזולטאַטן״.

אָבער קאַפּלאַן האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זיך נאָך אַ מאָל באַגעגענען מיט דער אינדוסטריעלער־אָרגאַניזאַציע. „איך האָב נישט קיין צייט״ — האָב איך אים געזאָגט. דאָס האָט אים שטאַרק אויפגעבראַכט. „איר זענט געפאָרן זעקס טויזנט מייל צו זיין דאָ בלויז צען טעג, און אין אַזאַ צייט, ווי אין די ימים נוראים?״ איך האָב פאַרגעסן, אַז די ימים נוראים שטעלן־אָפּ אַלע טעטיקייטן אין ארץ־ישׂראל, אַזוי ווי אין ניויאָרק.

„איר ווייסט״ — האָט קאַפּלאַן מיר געזאָגט סאַרקאַסטיש — „אייערע ימים נוראים האָט איר אימפּאָרטירט פון דאַנען״.

איך האָב געדאַרפט צוריקקומען אין דער יידישער אַגענטור אַ שעה שפּעטער אויף אַ באַראַטונג מיט משה שערטאָקן און בערנאַרד דזשאָזעף. אין דער צווישן־צייט האָב איך אַריינגעכאַפּט אַ באַזוך אין ירושלימער אוניווערסיטעט צו זען פּראָפעסאָר אפרים הראובני, דעם באַשאַפער פון דעם „גאָרטן פון די נביאים״ — אַ ווונדערלעכע קאָלעקציע פון פלאַנצן, וואָס ווערן דערמאָנט אין תנ״ך און אין

תלמוד. איך האָב געוואָלט האָבן אַ טייל פון זיי אין ניו יאָרק. מען האָט געדאַרפט קענען הראובנין, בכדי צו פאַרשטיין דאָס געפיל פון פחד אים צו זען, ווען מען איילט זיך און מען האָט נישט קיין צייט.

ער איז געווען אַ ייד פון אַ נידעריקן וווקס, מיט פאַרחלומטע אויגן און אַ רונדיק־אַרומגעשוירענער העלגרויער באָרד. ער האָט נישט געזען קיין שום אַנדערע זאַך, אַ חוץ בלומען. ער האָט מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט. ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז איך וועל אַנטלויפן, יעדע בלום האָט געהאַט ביי אים אַ געשיכטע; יעדעס בלעטל פון אַ פלאַנצונג האָט געהאַט אַ גענעאַלאָגיע. אין משך פון לאַנגע יאָרן האָבן ער און זיין ווייב שטודירט און קאָלעקציאָנירט די פלאַנצן פון ארץ־ישראל, זאַמלענדיק זיי אין סלאַאיקעס. ער האָט מיר דערקלערט יעדע זאַך מיט די קלענסטע איינצלהייטן. איך בין געווען פאַרצווייפלט. מיין צייט איז אָפּגעלאָפן. הראובני האָט נישט אָנגעהויבן צו הערן מיין ביטע, ער זאָל מקצר זיין. ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן. באַלד האָב איך איינגעזען, אַז ער רעדט גאָרנישט צו מיר, נאָר צו זיינע בלומען. יעדע בלום איז אַלט געווען דריי טויזנט יאָר. ער אַליין האָט געלעבט מיט זיי דריי טויזנט יאָר. פאַר פּראָפעסאָר הראובני איז צייט געווען אַזוי אייביק, ווי זיינע בלומען.

ווען מיר האָבן ענדלעך זיך אַרויסגעריסן פון אים, האָב איך זיך געווענדעט צו יעװזעראָוון, וועלכער איז געווען צוזאַמען מיט מיר, און האָב אים געזאָגט: „אייער פּראָבלעם איז איצט, ווי אַזוי צו ברענגען די בלומען קיין ניו יאָרק און איבערלאָזן הראובנין אין ירושלים". ער האָט געשמייכלט, ווי ער וואָלט געזאָגט: „איר וועט נעמען הראובנין צוזאַמען מיט די בלומען, אָדער איר וועט נישט קריגן די בלומען. מ'קאָן זיי נישט צעטיילן". און ער איז געווען גערעכט.

מיין דיסקוסיע מיט שערטאָקן — וואָס האָט שפּעטער געענדערט זיין נאָמען אויף שרת און איז געוואָרן ישׂראלס אויסערן־מיניסטער און פּרעמיער־מיניסטער — האָט זיך אַנטוויקלט אַרום דער פראַגע וועגן אונדזער פּאָליטישער פּאָזיציע אין ארץ־ישׂראל לגבי די אַראַבער. ער האָט געהאַלטן, אַז אויב מיר ווילן בכלל אָננעמען אַ פּאָליטישע שטעלונג, דאַרפן מיר זיין אויפריכטיק און מאַכן קלאָר, אַז מיר זענען נישט געקומען קיין ארץ־ישראל פאַר דעם צוועק צו פאַרבעסערן דעם גורל פון די אַראַבער. דאָס איז אַ באַגלייט־רעזולטאַט פון אונדזער אַרבעט. אונדזער ציל איז צו געפינען דעם נאַציאָנאַלן זעלבסט־אויסדרוק פון יידישן פאָלק. די אַראַבער האָבן געוווּג מעגלעכקייטן פאַר זייער נאַציאָנאַלן זעלבסט־אויסדרוק אין די גרויסע און ברייטע טעריטאָריעס פון איראַק, פון העדזשאַס, סאוד־אַראַביע און עבר הירדן. ארץ־ישׂראל איז קיין מאָל נישט געווען — און איז נישט היינט — קיין „נאַציאָנאַלער צענטער" פון די אַראַבער.

איך האָב מסכּים געווען מיט שערטאָקן, אַז אונדזער הויפּטציל דאַרף זיין צו באַווייזן אונדזערע אייגענע דערגרייכונגען און אַספּיראַציעס, און אַז וואָס שייך דעם פּאָליטישן פּראָבלעם, דאַרפן מיר זיך אָפּהאַלטן פון אים אין דעם אינהאַלט און אין כאַראַקטער פון פּאַוויליאָן. איידער מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אים, בין איך געווען צופרידן צו הערן נאָך אַ מאָל פון שערטאָקן: „למען השם, זעט, אַז עס זאָל זיין אויף אַ נאַציאָנאַלער מדרגה, ווען אַפילו איר וועט נישט פאַרקויפן

קיין ארץ ישׂראלדיקע פּראָדוקטן פֿאַר אַ פּיאַסטער. באַגייט נישט ווידער אַ מאָל דעם אַלטן טעות". איך האָב אים פֿאַרזיכערט, אַז מיר וועלן דאָס נישט טאָן.

צו מאָרגנס, אַ פּאָר מינוט איידער איך האָב פֿאַרלאָזן ירושלים, בין איך אַריינגעלאָפֿן צו יהושע גאָרדאָנען, אַ באַרימטן טיפּ, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער יידישער אַגענטור. איך האָב אים זייער געדאַרפֿט זען. איך האָב באַשלאָסן צו פֿאָרן אין צפֿון, קיין חניתא, אַ קיבוץ וועלכער איז ערשט לעצטנס געהאַט געגרינדעט געוואָרן איבער נאַכט. איך האָב געוווּסט, אַז אויב עמעצער קאָן אַראַנזשירן פֿאַר מיר די נסיעה, איז עס ער, יהושע גאָרדאָן. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט מיך געפֿרעגט מיט אַ דיסקרעטער שטים, איז געווען: „זענט איר שטאַרק רעליגיעז?" — „קאָם סי, קאָם סאַ" (אַזוי זיך) — האָב איך אים געענטפֿערט. דאַן האָט ער מיר געזאָגט, אַז צו מאָרגנס, יום כיפּור, וועט אליהו גאָלאָמב, דער הויפּט פֿון דער „הגנה", אַרויספֿאָרן פֿון תל־אביב זעקס אַ זייגער אין דער פֿרי אין דעם מיליטערישן קעמפּ אין עין חרוד, ווו הונדערט און פֿופֿציק יידישע סאָלדאַטן ענדיקן זייער אויסמושטרירונג. איך וועל דאָרט באַגעגענען דעם באַרימטן קאַפּיטאַן אָרד ווינגייט, און פֿון דאָרט קאָן איך פֿאָרן ווייטער קיין חניתא.

נו, צווישן זיין רעליגיעז „קאָם סי, קאָם סאַ" און מחלל זיין יום־כיפּור איז אַ בריק, וואָס איך בין קיין מאָל נאָך נישט געהאַט דורכגעגאַנגען. יהושע גאָרדאָן האָט באַמערקט מיין וואַקלעניש. „דאָס איז מלחמה־צייט, און אין צייטן פֿון פּיקוח נפֿש איז אַלץ דערלויבט". יענעם אָוונט, אין דער נאַכט פֿון כל נדרי, האָב איך געראַטעוועט מיין געוויסן מיט אַ טאָפּלטער פֿאַרציע פֿרומקייט. איך בין געגאַנגען צו כל נדרי אין דער גרויסער שול אויף רחוב אלנבי, ווו עס האָט געדאַוונט דער רב הראשי פֿון די ספֿרדים, הרב עוזיאל, און דערנאָך בין איך אוועקגעגאַנגען אין אַ קליינעם תּימנער בית תּפֿילה ביי יפֿו.

זעקס אַ זייגער אין דער פֿרי בין איך שוין געשטאַנען אין דרויסן פֿון האָטעל, מיט אַ געפֿיל פֿון ציטער, אַז טויזנטער אויגן קוקן אויף מיר, אין מיינע חטאים. ס'איז נישט לייכט צו ברעכן אַ געוווינהייט פֿון אַ גאַנץ לעבן. אליהו גאָלאָמב — ווייזט אויס מיט נישט אַזאַ צערודערטן געוויסן ווי איך — האָט זיך באַוויזן פּינקטלעך. ער איז געזעסן ביים רעדל פֿון זיין אויטאָמאָביל און נעבן אים האָט זיך געפֿונען זיין לייבוועכטער. אינעווייניק האָט דער אויטאָמאָביל אויסגעזען ווי אַן אַרסענאַל. איך האָב נאָר געהאָפֿט, אַז מען וועט נישט דערוואַרטן פֿון מיר, אַז איך זאָל אויפֿן וועג באַווייזן מיין קענטעניש אין דער „מלאכה". אליהו גאָלאָמב, אַ קליין־וווּקסיקער, דיקלעכער מאַן, האָט אַזוי ווייניק אויסגעזען צו זיין אַ גענעראַליסימאָ — דאָס איז געווען זיין רעפּוטאַציע — ווי מען קאָן זיך נאָר פֿאָרשטעלן. אין מיינע אויגן האָט ער אויסגעזען ווי אַ רוסישער רעוואָלוציאָנערער קאָנספּיראַטאָר פֿון אַלטן סטיל.

אין עין חרוד האָט אונדז אָפּגעוואַרט אָרד ווינגייט, דער בריטישער סאָלדאַט, וועלכער האָט זיך פֿאַרליבט אין דער אידייע פֿון יידישן ווידערגעבורט און האָט געלערנט אונדזער יוגנט צו זיין פּאַרטיזאַנער. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ

„לעבעדיקע לעגענדע" — דער „לאָורענס פון יהודה". אין יענעם טאָג האָבן זיינע „באַכטקעמפּערס" געדאַרפט אָפּגעבן די שבועה. אָבער צו מיין גרויסן עגמת נפש, וואָס איז מיר פאַרבליבן אויף אַ גאַנץ לעבן, האָט מען מיר נישט דערלויבט בייצווווינען די צערעמאָניע, וואָס האָט געזאָלט דורכגעפירט ווערן מיט דער גרעסטער פייערלעכקייט און יראת הכּבוד. בלויז אליהו גאָלאָמב איז צוגעלאָזן געוואָרן. זיין לייבוועכטער און איך האָבן געוואַרט אין דרויסן פון דעם גרויסן שפּייכלער, ביז די יונגע פּאַרטיידיקער פון ישׂראל זענען אַרויסגעקומען, מיט אָרד ווינגייט אין דער שפּיץ.

איך האָב דערוואַרט צו זען אַ הויכע, מעכטיקע פיגור פון אַ מאַן, גלאַט ראַזירט — דעם אידעאַל פון אַ בריטישן אָפיציר. אַנשטאָט דעם האָב איך געהאַט פאַר מיר אַ קליין־וווּקסיקן, אַ שוואַרצלעכן און באַבערדלטן, אין אַן אוניפאָרם, וואָס מען האָט זיכער קיין מאָל נישט געזען אין סאַנדהוירסט. מען האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אים און איינגעאָרדנט אַ באַגעגעניש מיט אים אין חיפה. ער, ווייניקסטנס, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן אין יום־כּיפּור.

מיר האָבן אין אָוונט זיך געטראָפן אין אַ האָטעל־צימער. ער איז געקומען מיט אַ טאָרבע, וועלכע ער האָט באַלד אויסגעליידיקט אויפן טיש, צו קאָנטראָלירן וואָס עס איז דאָרט געלעגן. אַלץ, וואָס איך האָב געזען, איז — האַנט־גראַנאַטן און אַ תנ"ך. דער דאָזיקער מענטש און זיין פאַנטאַסטישע ראָלע אין אונדזער נייער געשיכטע האָבן מיך זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט. איך האָב געוואָלט וויסן, וואָס עס האָט אים באַוויגן צו שטעלן אין געפאַר זיין פּאָזיציע ביי דער העכערער מאַכט אין דער ענגלישער אַרמיי און דער בריטישער רעגירונג, און פאַר וואָס די ווידער־אויפשטייענדיקע ארץ־ישׂראל איז געוואָרן דער הויפּט־אינ־טערעס אין זיין לעבן.

ער האָט מיר אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיין טיפער, זיין פאַנאַטישער צוגעבונדנקייט צו ארץ־ישׂראל; וועגן זיין גלויבן אין יידישער ווידעראויפלעבונג; וועגן זיין שטאַרקן אומצוטרוי צו דער צוויי־פּנימדיקייט פון די ענגלענדער. זיין רעדן איז געווען, ווי פון אַ פּוריטאַנער אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, אין די צייטן פון קראָמוועלן — אָנגעפּיקעוועט מיט פּסוקים פון תהלים און פון די נביאים. אין מיטן האָט געקלונגען דער טעלעפאָן, און ער האָט געענטפערט „סטאַקאַטאָ": „יעס", „כּן", „יעס". נישט אַרויסרעדנדיק מער קיין איין וואָרט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, האָט צונויפגעפּאַקט זיינע גראַנאַטן און דעם תנ"ך, אַריינגעלייגט זיי אין רוקזאַק, זיך פאַרבויגן העפלעך און — אַוועקגעגאַנגען.

צו מאָרגנס אין דער פרי האָט מען מיר מודיע געווען, אַז אין דער פאַרגאַנ־גענער נאַכט איז געווען אַן „אַקציע" אין גליל, און אַז ווינגייט האָט געפירט אין דער שלאַכט עטלעכע פון זיינע נייע סאָלדאַטן, וועלכע ער האָט אויסמושטירט.

ווינגייט האָט איבערגעלאָזט אַ פּערמאַנענטן איינפלוס אויף דער מיליטערישער טאַקטיק פון דער „הגנה" און פון ישׂראלס פאַרטיידיקונגס־כּוחות, וואָס זענען אַרויסגעקומען פון דער „הגנה". ביזן היינטיקן טאָג פירן ישׂראלס אָפיצירן זייערע אָפּטיילונגען אין דער שלאַכט מיט דעם רוף „אחרי" („נאָך מיר"), אַנשטאָט „קדימה!" („פאָרויס!"). נאָך ווינגייטס טויט אין בורמאַ, בעת דער צווייטער

וועלט־מלחמה, האָט זיין שיינע און אידעלע פרוי לאָרנאַ, וועמען איך האָב אָפט געטראָפן, זיך אָפּגעגעבן אין גאַנצן מיט דער אַנטוויקלונג פון דער „הגנה״. מיר זענען געוואָרן נאָענט באַפריינדעט.

ס׳איז געווען אַן עקזאָטיש ווינקל אין ארץ־ישׂראל, וואָס נישט געקוקט אויף מיין משוגענעם רייזעפּלאַן, האָב איך געדאַרפט אַהין פאָרן, הגם עס האָט געהאַט אַ קנאַפּן שייכות מיט אונדזער ווידערגעבורט, און קיין שום פאַרבינדונג נישט מיט דעם פּאַוויליאָן. גרשון אַגראָנסקי האָט מיר געזאָגט, אַז יצחק בן־צבי — דער אַרבעטער־פירער און געלערנטער, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן ישׂראלס צווייטער פּרעזידענט — האָט אַנטדעקט אין גליל אַ דאָרף, פּקיעין, ווו יידן האָבן געוווינט אָן איבעררייס זינט די עלטסטע צייטן ביזן היינטיקן טאָג. פּקיעין איז געווען אַ מין פאָרשטאָט פון דער הייליקער שטאָט צפת, וואָס איז אַליין נישט אַזוי שטאַרק אַלט, ציִענדיק איר געשיכטע פונעם ערשטן יאָרהונדערט פון דער איצטיקער צייט־רעכענונג. תמיד, ווען די רויבער און מערדער־באַנדעס האָבן באַדראָט צפת, האָבן די דאָרטיקע יידן געזוכט אַ מקום מקלט אין די בערג פון פּקיעין, צו וועלכע מען האָט כּמעט נישט געקאָנט צוקומען. און אַפילו אין 1938 האָט מען אַהין נישט געקאָנט דערגרייכן מיט די מאָדערנע מאָטאָריזירטע טראַנספּאָרט־מיטלען. איך האָב געדאַרפט באַנוצן פיר אַראַבער און צוויי אייזלען, כּדי אַרויפֿצוקומען אַהין, און אונדזער אָנקומען האָט אַרויסגערופן אַ סענסאַציע אין דעם פּרימיטיוון דאָרף.

ס׳איז געווען, רעדנדיק אָפן, אַ זייער פּרימיטיווע געגנט. פּקיעין האָט אויסגעזען ווי די אָרעמסטע פון די אַראַבישע דערפער, מיט איין אויסנאַם: דאָרט איז געווען אַ שול, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ פריערדיקער שטאַל פון קי. די יידן — אַפילו, ווען מען האָט זיך צו זיי נאָענט צוגעקוקט — איז געווען שווער צו אונטערשיידן פון די אַראַבער.

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין תל־אביב, בין איך נאָך אַלץ געווען אונטערן שווערן איינדרוק פון די קרומע געסלעך און אָרעמע קליינע הייזקעס — אויב מען קען זיי אַזוי אָנרופן — פון פּקיעין. מיינער אַ פריינד, וועלכער האָט געהערט וועגן מיין באַזוך אין פּקיעין, האָט מיך געפרעגט ווי עס זעט אויס דאָס דאָרף. איך האָב אים געענטפערט: „מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אין הימל, וועלכער איז תמיד געווען דער שומר ישׂראל. מיט זיין חכמה, וואָס איז אין־סוף, האָט ער אונדז אַרויסגענומען פון ארץ־ישׂראל אויף צוויי טויזנט יאָר, און ערשט דערנאָך האָט ער אונדז צוריקגעבראַכט״.

איך האָב פאַרלאָזן ארץ־ישׂראל אין אַ שטימונג פון צעדודערונג. פון איין זייט איז מיין שליחות פאַרן ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן געווען דערפאָלגרייך. די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען לויטן פּלאַן. דער ניוואָ פון די צוגרייטונגען איז געווען אַ הויכער. אַ מיליאָן באַזונדערע זאַכן און זאַכלעך זענען צונויפגעקניפּט געוואָרן צוזאַמען. און איך בין געווען איבערצייגט, אַז דער ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן וועט ברענגען אַ גאָר גרויסן און וויכטיקן נוצן דער באַוועגונג. פון דער אַנדערער זייט האָט טיף אין מיר געפּייניקט מיך און געמאַטערט אַ כּסדרדיקער צווייפל. וואָס

וועט דאָ געשען? אין דער לופטן איז געהאָנגען אַ מלחמה, אַ קריג מיט אַלע שוידערלעכע און גרויזאַמע מעגלעכקייטן.

אויפן וועג צוריק אַהיים, פאָרנדיק אויף דער שיף „קווין מערי", האָב איך פאַרצייכנט: „אין דעם חורבן, וואָס רוקט זיך אָן, וועלן ארץ־ישׂראל און אונדזער אַרבעט אין גאַנצן צעשטערט ווערן. אָבער צי וועט דאָרט בלייבן אַ שארית הפליטה, פון וועלכער עס וועט אויפשטיין אַ ניי פאָלק מיט אַ נייער האָפענונג? זענען מיר אפשר די קרבנות פון אַן איינרעדעניש און פון אַן אילוזיע? פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אַרויסגעקומען אידייען און לאָזונגען. היינט זענען די דאָזיקע אידייען און לאָזונגען טויט צוזאַמען מיט די מענטשן, וואָס האָבן זיי פאַר־טראַכט. אָבער וואָס מיר האָבן געטאָן אין ארץ־ישׂראל, קאָן נישט בלייבן אָן אַ זין. מיר זענען געבונדן מיט דער ערד פון ישׂראל מיט טויזנט קייטן — מיט קייטן, וואָס קיין שום שטורם קאָן נישט צעררייסן. אונדזער קשר מיט דער ערד פון ישׂראל קאָן נישט אויפגעלייזט ווערן. מיר קאָנען נישט אַנטלויפן דערפון, אַפילו ווען מיר זאָלן וועלן".

ס'איז געווען אַ מין אומרעאַלע שטימונג אין פלאַשינג מעדאָו, אין ניו־יאָרק, אויף דעם פּלאַץ פון דער וועלט־אויסשטעלונג, אין 1938, ווען איך בין צוריק־געקומען נאָך דעם ווי איך האָב געכאַפּט אַ לויפנדיקן קוק אויף אייראָפּע און ארץ־ישׂראל. די פענער פון אַלע לענדער האָבן געפלאַטערט איינע נעבן די אַנדערע. די פאָנטאַנעס האָבן געשפּריצט מיט זייערע וואַסערן אין דער לופט. די אומענדלעכע דערפינדערישקייט און פעיִקייט פון מענטש איז געווען צו זען אין אַ טויזנט פאָרמען. אָבער דאָס, וואָס דער מענטש האָט געקאָנט באַשאַפן, האָט ער מיט דער זעלבער ענערגיע אויך געקאָנט צעשטערן. עס האָט געדויערט אַ צייט ביז איך האָב צוריקגעוווינען מיין גלייכגעוויכט און זיך גענומען צופּאַסן צום אויפבוי פון אַ יידישער מדינה אין שאָטן פון טריילאָן און פעריספערע — אָדער ווי יידן האָבן עס שטאָלץ גערופן: דער לולב מיטן אתרוג.

דערפאַר, וואָס מיר האָבן זיך געפונען אויף דער גרענעץ־ליניע פון די נאַציאָנאַלע פּאַוויליאָנען, איז תמיד געווען אַ פראַגע וועגן דעם, צי מיר געהערן אייגנטלעך צו די נאַציאָנאַלע פּאַוויליאָנען, צי נישט. דער באַשלוס וועגן דעם איז אָנגענומען געוואָרן און רעווידירט געוואָרן טעגלעך. און דער רעזולטאַט האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, צי עס איז יאָ אַרויסגעהאָנגען געוואָרן אָדער נישט אַרויסגעהאָנגען געוואָרן די יידישע פאָן צווישן די פענער, וואָס זענען אויס־געשטעלט געוואָרן אין דרויסן, פאַר דער אַדמיניסטראַציע־געביידע. עס איז געווען ווי אַ שפּיל פון מוזיקאַלישע בענקלעך. אייך טאָג זענען מיר געווען אינעווייניק, און צומאָרגנס אין דרויסן. איך האָב אַוועקגעשטעלט ספּעציעל אַ מענטש, וועלכער זאָל מיך האַלטן אינפאָרמירט יעדן טאָג וועגן אונדזער סטאַטוס. אויב אונדזער פאָן איז אַרויסגעהאָנגען געוואָרן, איז אַלץ געווען בסדר. אויב נישט — פלעג איך טעלעפאָנירן צום פּרעזידענט פון דער אויסשטעלונג, וואַלען, און אים זאָגן, אַז איך פאַרמאַך דעם פּאַוויליאָן. איך האָב געהאַט מיטגעפיל מיט אים. דער סטייט־דעפּאַרטאַמענט האָט געזאָגט „ניין", טענהנדיק, אַז זיי זענען אונטער

אַ דרוק פון די ענגלענדער. וואָלען, וועלכער האָט אין האַרצן מסכּים געווען מיט אונדז, איז געווען צופרידן אונדז נאָכצוגעבן און לאָזן פונאַנדערוויקלען אונדזער פאָן. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען חדשים־לאַנג.

דער טאָן פאַר דעם דאָזיקן קאַמף איז אָנגעשלאָגן געוואָרן אין דעם טאָג פון דער דערעפענונג פון דער אויסשטעלונג. עס איז דאַן דורכגעפירט געוואָרן אַ פּאַראַד פון אַלע פעלקער. און איך בין געווויס באַשטאַנען דערויף, אַז מיר האָבן דאָס רעכט צו באַטייליקן זיך אין דעם פּאַראַד. האָט זיך אַנטוויקלט אַ שאַרפער קאַמף, מיט צעמישעניש און פאַרדרייעניש. צום סוף האָט די פאַרוואַלטונג פון דער אויסשטעלונג נאָכגעגעבן, אַז מיר געהערן צו דעם פּאַראַד, און מיר האָבן זיך געפרייט מיט אונדזער נצחון. איך האָב געהאַט אַ גאַנצע אָפּטיילונג יידישע סאָלדאַטן, וואָס איז געווען באַקאַנט, ווי „ווייסגאַלס פּריוואַטע אַרמיי", גרייט פאַר יעדער נויטווענדיקייט און געלעגנהייט. אין לעצטן מאָמענט איז אַ גרופּע פון דער ניו יאָרקער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע אַריינגעשטעלט געוואָרן צווישן אונדזערע מענטשן, בכדי אונדז אויסצוטיילן באַזונדער און באַווייזן, אַז מיר זענען נישט פּונקט אַזוי ווי די אַנדערע. אין דער אמתן האָט עס נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג. קיינער אַ חוץ דער אַדמיניסטראַציע פון דער אויסשטעלונג און פון מיר אַליין, האָט נישט פאַרשטאַנען דעם אונטערשייד. שפּעטער פלעגט גראָוער וואָלען, דער פּרעזידענט פון דער אויסשטעלונג, דערציילן מיט שטאָלץ, ווי אַזוי ער האָט באַשיצט די יידישע פאָן און דאָס יידישע פאָלק.

אין דעם טאָג, ווען מיר האָבן געעפנט דעם פּאַוויליאָן, האָבן הונדערט טויזנט מענטשן בייגעוווינט די צערעמאָניע. דער הויכפּונקט איז געווען די רעדע פון אַלבערט איינשטיין. אין יענער וואָך איז איינשטיינס בילד געווען געדרוקט אויף אַ גאַנצער זייט אין דעם זשורנאַל „לאַיף". ער איז געוויזן געוואָרן, ווי ער שטייט ביי אַברהם קריניציס עוקאַליפּטוס־טירן פון דעם פּאַוויליאָן, אונטער דער אויפ־שריפט „אם אשכחך ירושלים".

ס'איז פאַראַן הינטער דעם אַ געשיכטע. „לאַיף" האָט געשטעלט אַ באַדינג, אַז איינשטיין אַליין זאָל זיין אויפן בילד, און אַז ער זאָל שטיין פּונקט אויף דעם דאָזיקן פלאַץ. אויב עמעצער אַנדערש וועט זיך אריינרייסן — איז אויס אָפּמאַך. דזשאָו ברייניך און איך האָבן מיט דער גרעסטער זאָרג אויסגעפּלאַנט די אָפּעראַציע. מיר האָבן געוווסט, אַז ווען איינשטיין וועט באַזוכן דעם פּאַוויליאָן, וועט ער באַגלייט ווערן דורך אַ המון פון אונדזערע „פּני", וועלכע האָבן נישט קעגן דעם מען זאָל זיי זען צוזאַמען מיט איינשטיינען אין אַזאַ גרויסן זשורנאַל. דער עיקר פון אונדזער אָפּעראַציע איז באַשטאַנען אין איזאָלירן פּראָפעסאָר איינשטיינען פון דעם המון אין דעם קריטישן מאָמענט, נישט געבנדיק דערביי, נישט אים און קיינעם נישט, דעם מינדעסטן רמז וועגן דעם וואָס מיר קלייבן זיך צו טאָן. בלייבנדיק איזאָלירט, האָט איינשטיין, געדאַרפט דורכגעשטופּט ווערן אין דרויסן דורך דער טאָפּלטער טיר, וואָס האָט אין דער זעלבער רגע געדאַרפט פאַרקלאַפּט ווערן פון אינעווייניק. עס האָט זיך איינגעגעבן! אַזוי איז איינשטיין געבליבן שטיין, מיט אַ טיפן פילאָזאָפישן אויסדרוק אויף זיין פּנים, וואָס האָט אין דער אמתן

בלויז אָפּגעשפּיגלט זיין שטאַרקע פאַרוווּנדערונג דערפון, וואָס אַלע יידן זענען מיט אַ מאָל פאַרשווונדן.

ווען דאָס שטיקל אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן, האָבן דזשאָו ברייַנין און איך, צוזאַמען מיט גאָטליב האַמערן (וועלכער האָט געהאַלטן אין אָרדענונג אונדזערע פינאַנצן און איז שפּעטער געוואָרן דער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון דער יידישער אַגענטור) און איציק העמלין (איינער פון אונדזערע ביוראָ־אָנגעשטעלטע, אַ זון פון אַ גרויסער משפּחה פון אַרבעטער־ציוניסטן) געעפנט די טירן. איך דאַרף באַמערקן, אַז די „פּני״, וועלכע האָבן באַגלייט איינשטיינען, זענען געוואָרן אַזוי שטאַרק פאַרוווּנדערט ווי ער. ערשט אין אַ וואָך אַרום, ווען זיי האָבן געזען דאָס בילד אין „לאַיף״, האָבן זיי ענדלעך פאַרשטאַנען דעם גרויסן פּאַראַט.

איך האָב זיך באַמיט צו קריגן חיים ווייצמאַנען, ער זאָל קומען צו דער דערעפענונג פון פּאַוויליאָן. אָבער פּאָליטישע פאַרפליכטונגען האָבן אים פאַרהאַלטן אין איראָפּע. און ער האָט געהאַלטן אַ רעדע דורכן טעלעפאָן. אפשר איז עס געווען בעסער, ווייל זיין אָנוועזנהייט צוזאַמען מיט איינשטיינען, אין צוגאָב צו דער גרויסער אַטראַקציע, וואָס דער פּאַוויליאָן אַליין האָט אַרויסגערופן — וואָלט שוין געווען צו פיל. ווען באַלד נאָך דער דערעפענונגס־צערעמאָניע האָט דער ריזיקער המון גענומען זיך אַריינשטופּן אין פּאַוויליאָן, האָב איך מורא געהאַט, אַז די גאַנצע געביידע וועט איינפאַלן. האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט אויף איין שוועל, און האָב געבעטן סאָלאָמאָן גאָלדמאַנען, ער זאָל זיך אַוועקשטעלן אויף דער צווייטער שוועל, און מיר ביידע האָבן געבעטן דעם עולם: „גייט אין רוימישן פּאַוויליאָן, גייט ווו איר ווילט, און צו אונדז קומט שפּעטער. מיר ווילן דאָ בלייבן אַ לאַנגע צייט״. איינער אַ ייד צווישן דעם המון האָט אויסגעשריגן: „איך איז לייכט צו זאָגן! איר זענט שוין אינעווייניק אין ארץ־ישׂראל, און מיר זענען נאָך אַלץ אין דרויסן״.

אָבער זיי האָבן דאָס אַלץ אָנגענומען גוטמוטיק, און יעדער האָט געוואַרט אויף זיין ריי. אַ סך זענען נישט געבליבן צופרידן מיט דעם באַזוך אין דעם איינעם טאָג. זיי זענען צוריקגעקומען שפּעטער און האָבן געבראַכט זייערע פריינד. לויט זיין גרויס האָט דער ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן געשלאָגן דעם רעקאָרד אין דער צאָל פון באַזוכער אויף דער זייער געלונגענער וועלט־אויסשטעלונג. מיר האָבן נישט געקאָנט נעמען קיין אַריינגאַנגס־אָפּצאָל אין פּאַוויליאָן. דאָס וואָלט געווען קעגן די כּללים פון דער אויסשטעלונג. אָבער מען האָט אונדז דערלויבט צו נעמען אַן אָפּצאָל פאַר אַריינגיין אין דעם ספּעציעלן זאַל, ווו עס זענען געוויזן געוואָרן בילדער פון לעבן אין ארץ־ישׂראל. מיר האָבן פאַרקויפט פאָרויס אַ גרויסע צאָל בילעטן צו אָרגאַניזאַציעס איבערן גאַנצן לאַנד, טיילנדיק די הכנסה צוזאַמען מיט זיי און העלפנדיק צו פינאַנסירן אונדזער אונטערנעמונג. מיר האָבן געהאַט אַזאַ גרויסן דערפאָלג, אַז מיר זענען, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, פאַרבליבן אָפן אויך אין דעם גרעסטן טייל פון דעם צווייטן יאָר.

אוירווינג לעהמאַן, גאָווערנאָר לעהמאַנס ברודער, פאָרזיצער פון אַפּעלאַציע־געריכט פון ניו יאָרק, פלעגט קומען אין פּאַוויליאָן יעדן שבת, אַזוי ווי אַ פרומער

ייִד גייט צום דאַוונען. ער פלעגט זיך דאָרט אַוועקזעצן אין אַ קליינעם ווינקל און אַלץ באַטראַכטן. ביי איינעם פון די דאָזיקע וויזיטן האָב איך אים געפרעגט, פאַר וואָס ער קומט אַהער אַזוי רעגולער. זיין ענטפער איז געווען אַ קלאַסישער: „קליין, אָבער מיין!" ער איז נישט געווען קיין ציוניסט.

העברי מאָרגענטוי (דער פאָטער) איז געקומען און פאַרבראַכט עטלעכע שעה, אַרומדרייענדיק זיך אין פאַוויליאָן און גייענדיק אַריין און אַרויס. ער האָט מיך דערמאָנט, אַז ער האָט פאַרטיידיקט די ייִדישע אינטערעסן אין ארץ־ישׂראל, ווען ער איז געווען אַמעריקעס אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי, אין 1914, דאָס איז געווען אמת. אָבער איך האָב אים אויך דערמאָנט, אַז אין 1921 האָט ער פּראָקלאַמירט: „ציוניזם איז די דערשטוינענדיקסטע פאַרפירערײַ אין דער ייִדישער געשיכטע. איך דערקלער מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז ציוניזם איז נישט גערעכט אין פּרינציפּ און אוממעגלעך צו פאַרווירקלעכן; אַז עקאָנאָמיש האָט נישט דער ציוניזם קיין שום באַזע; אַז פּאָליטיש איז ער אַ פאַנטאַזיע; און אַז זיינע גייסטיקע אידעאַלן זענען פּוסטע און אומפּרוכטבאַרע". איך האָב די דאָזיקע חכמה געדרוקט אין „ניו פּאַלעסטיין". מאָרגענטוי האָט געהאַט אַן איבערקלייבערישן זכרון, אַזוי ווי די מערסטע פון אונדז. אָבער דאָס איז געווען דער עפעקט פון אונדזער פאַוויליאָן. ייִדן האָבן געהאַט מיט וואָס צו שטאָלצירן.

# 13. ווידער אין גערודער

ביזן היינטיקן טאָג האָב איך עגמת־נפש, ווען איך דערמאָן זיך, אַז איך בין נישט געווען ביים 21־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין זשענעווע, אין זומער 1939, דאָרט האָבן זיך פאַרזאַמלט צענדליקער דעלעגאַטן פון די לענדער פון מזרח־אייראָפּע, באַזונדערס פון פוילן, אַלטע פריינד, וועלכע איך האָב באַגעגנט אין אייראָפּע, אין ארץ־ישׂראל און אין אַמעריקע, אויף וועלכע איך וואָלט געקאָנט כאַפּן אַ לעצטן בליק, איידער זיי זענען אומגעקומען אין דעם חורבן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דאָס איז געווען דאָס יאָר פון סטאַלין־היטלער פּאַקט, און דער שטורעם, וועלכער איז דערוואָרט געוואָרן, איז אויסגעבראָכן און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער גאַנצער מענטשהייט. אין אָנהייב, בעת דער „משונהדיקער מלחמה" האָט דער שטורעם נאָך אויסגעזען צו זיין אַ קליינער און אַ שוואַכער. שפּעטער איז ער אויסגעבראָכן מיט ווילדקייט, וואָס האָט נישט געהאַט קיין גלייכן אין דער גאַנצער געשיכטע פון אַלע פעלקער, וואָס זענען געטראָפן געוואָרן. פון דער אַלגעמיינער קאַטאַסטראָפע האָט קיינער אַזוי פיל נישט געליטן, ווי דאָס יידישע פאָלק, אין דעם שוידערלעכן פאַרנעם און אין דער אימהדיקער טיפקייט פון דער טראַגעדיע.

מיר האָבן נישט פאָרויסגעזען, מיר האָבן נישט געוואָגט פאָרויסצוזען, וואָס עס דערוואַרט די מערסטע יידן פון אייראָפּע. אָבער שוין גלייך ביים אָנהייב זענען די אויסזיכטן געווען שוידערלעכע. היטלער האָט פאַרוואַנדלט דייטשלאַנד אין אַ גיהנום פאַר יידן. הונדערטער טויזנטער פּליטים האָבן אָנגעפילט די שטעט פון דעם טייל פון אייראָפּע, וואָס איז נאָך נישט געווען אָקופּירט דורך נאַצי־דייטשלאַנד. און דאָס איז געווען דער זומער, וואָס איז געקומען נאָך ענגלאַנדס ווייסן בוך, וואָס האָט באַגרענעצט די יידישע איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישׂראל — דאָס איינציקע לאַנד, וואָס וואָלט געקאָנט אַריינגעמען אַ גרעסערע צאָל יידן.

ד"ר חיים ווייצמאַן האָט פאַרלאַנגט פון מיר, איך זאָל קומען צום קאָנגרעס אין זשענעווע. איך האָב נישט געקאָנט. איך בין געווען אין סאַמע ברען פון מיין אַרבעט פאַר דעם ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן אויף דער וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק. אָבער נישט געקוקט אויף דעם וואָס איך בין געווען זייער שטאַרק פאַרנומען, האָב איך געפונען צייט פאַר אַ צאָל אַנדערע ענינים, וואָס ד"ר ווייצמאַן האָט מיך געבעטן צו דערליידיקן.

איך האָב דערהאַלטן פון ווייצמאַנען מיטטיילונגען, אין וועלכע ער האָט מיך בסדר געבעטן דורכצופירן אַ סך זאַכן וואָס זאָלן אים העלפן איינצואָרדענען די באַלעבאַטישקייט פון דעם דניאל זיוו־פאָרשונגס־אינסטיטוט אין רחובות. פאַר־שיידענע מענטשן זענען געקומען פון אייראָפּע קיין ניו־יאָרק מיט בריוו פון ווייצמאַנען, ווו ער האָט זיך געווענדעט צו מיר וועגן הילף אין פּאָליטישע און אין פינאַנציעלע ענינים. איך האָב געטאָן וואָס עס איז געווען מעגלעך.

אָנהויב 1940 איז ווייצמאַן געקומען קיין אַמעריקע. ער האָט געבעטן דעם דירעקטאָרן־ראַט פון דעם ארץ־ישׂראל־פּאַוויליאָן, ער זאָל מיך באַפרייען צייט־ווייליק פון מיינע פליכטן, כּדי צו קענען העלפן אים. איך בין געווען באמת צופרידן צו קאָנען ברענגען נוצן ד״ר ווייצמאַנען. עטלעכע טעג, איידער ער איז צוריקגעפאָרן קיין לאָנדאָן, האָט ער מיר געשריבן פאָלגנדיקן בריוו:

„מיין טייערער מאיר,

„איצט, ווען מיין באַזוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן דערנענטערט זיך צום סוף, וויל איך זייער שטאַרק, אַז די פיל טעטיקייטן, וועלכע זענען דאָ אָנגעהויבן געוואָרן, זאָלן ווייטער געפירט ווערן אָן איבעררייס נאָך מיין אָוועקפאָרן קיין לאָנדאָן. נאָך דעם, ווי עס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אַזוי פיל ענערגיע אין די ענינים, וואָלט עס געווען שטאַרק צום באַדויערן, אַז אַלץ זאָל גיין לאיבוד איבער דעם, אויב מען וועט נישט ממשיך זיין דאָס וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן.

„איך דאַרף קוים איבערחזרן, וואָס איך האָב אייך געזאָגט אַזוי אָפט פּריוואַט, ווי דאַנקבאַר איך בין אייך פאַר אייער אומאָפּשאַצבאַרער אַרבעט צו אַראַנזשירן פאַר מיר די באַגעגענישן מיט יחידים און גרופּעס, וועלכע האָבן ביז איצט אין גאַנצן זיך נישט אינטערעסירט מיט אונדזער אַרבעט, אָדער האָבן געהאַט אַ גאַנץ קליינעם אינטערעס. קאָנטאַקטן מיט די מענטשן דאַרפן ווייטער אָנגעהאַלטן ווערן און ספּעציעלע פּאַסנדע אויפגאַבן דאַרפן באַשטימט ווערן פאַר יעדער פון די גרופּעס, ווייל בלויז דורך אַזאַ אַרבעט קאָן אָנגעהאַלטן ווערן זייער אינטערעס.

„דער ציל פון דעם דאָזיקן בריוו מיינעם איז דעריבער אייך צו בעטן, איידער איך וועל פאַרטאָן מיט אַ טויזנט אַנדערע ענינים, צו איבערנעמען די דאָזיקע אַרבעט אין מיין נאָמען און צו האַנדלען אַלס מיין פּערזענלעכער פאָרשטייער אין די ענינים, וועלכע זענען אויבן אָנגעוויזן.

„איך וועל זיך אויך פילן פריי צו ווענדן זיך צו אייך וועגן אַנדערע אַרבעטן פאַר דער באַוועגונג, וואָס קאָנען זיין נויטיק פון צייט צו צייט, און וועלכע קאָנען געטאָן ווערן מיט מער רעזולטאַטן מחוץ די אָפיציעלע קאַנאַלן.

אייביק אייערער,

חיים ווייצמאַן״.

איך האָב געזאָגט ד״ר ווייצמאַנען, אַז איך מוז זיך צוריקקערן צו מיין אַרבעט אין פּאַוויליאָן, אָבער אַז איך וועל אָפּגעבן אַזוי פיל צייט, וויפל איך וועל קאָנען פאַר זיינע ספּעציעלע אויפגאַבן. פאַר וואָס איך האָב זיך געשראָקן, איז געווען — זאָגנדיק אויפריכטיק — פאַר דער מעגלעכקייט צו ווערן ווידער אַ מאָל אַריינ־געשלעפּט אין די אָפיציעלע אַזוי־גערופענע „הויכע פענצטער״. איך בין געווען אַ פרייער מענטש אַזאַ לאַנגע צייט. אין מאַי 1940 האָט חיים ווייצמאַן מיר געשריבן נאָך אַ מאָל פון לאָנדאָן:

„איך האָב שוין געדאַרפט שרייבן צו אייך מיט אַ לאַנגער צייט צוריק. אָבער די געשעענישן האָבן זיך אַנטוויקלט מיט אַזאַ קאָפּ-שווינדלענדיקער שנעל-קייט, אַז ענינים, וועלכע האָבן אויסגעזען צו זיין וויכטיק נעכטן, זענען געוואָרן אין גאַנצן אומבאַדייטנדיק היינט. זינט דער אינוואַזיע פון האָלאַנד האָט די געפאַר זיך גיך פאַרגרעסערט. און ווי איר האָט אַן צווייפל געזען אין די צייטונגען, מאַכן מיר איצט דורך זייער ערנסטע שעהן... איך וויל גלויבן, אַז איר און אונדזערע פריינד אין אַמעריקע וועלן צוזאַמען באַטראַכטן די לאַגע און האַנדלען געהעריק, האַבנדיק אין זינען דעם שווידערלעכן און אומצווייפלהאַפטן פאַקט, אַז דאָס אייראָפּעיִשע יידנטום איז, מיט זייער ווייניק אויסנאַמען, פאַקטיש אָפּגעמעקט געוואָרן, און אַז די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַלט דעריבער אויף אַמעריקע... די יסודות פון אַלץ אין וואָס מיר גלויבן און פאַר וואָס מיר לעבן און אַרבעטן, טרייסלען זיך, און סיידן דער אָנפאַל פון די דייטשע האָרדעס וועט אָפּגעשטעלט ווערן באַצייטנס, אַנישט וועלן מיר אַלע אונטערגיין. איך גלויב, אַז ער וועט סוף-כל-סוף אָפּגעשטעלט ווערן, אָבער ווען און פאַר וואָס פאַראַ פרייז, קאָן קיינער נישט זאָגן. דאָס זענען די מחשבות, וועלכע באַהערשן אונדזער לעבן איצט. און אַלע אַנדערע ענינים זעען אויס צו זיין אָפּגעשטופּט אַן אַ זייט. דעריבער וויל איך ווידער אָפּעלירן צו אייך, צו ליפּסקין, צו וויַיזן, צו אַלע אונדזערע פריינד, איר זאָלט שטיין צוזאַמען אין די דאָזיקע שעהן פון שווערע נסיונות; איר זאָלט שאַפן אַן אמתע „אוניאָן סאַקרע״ (הייליקער בונד) און אַז איר זאָלט טאָן דאָס מערסטע און דאָס גרעסטע כדי צו ראַטעווען די שארית הפליטה פון אונדזער פאָלק, וואָס קען נאָך געראַטעוועט ווערן פון דעם חורבן״.

אַ געוויסער מין פון „אוניאָן סאַקרע״ איז אויף אַ צייט געשאַפן געוואָרן אין אַמעריקאַנער יידנטום אין דער פאָרם פון דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנפערענץ, ווו די גרעסטע מערהייט פון אַמעריקעס פינף מיליאָן יידן זענען געווען רעפּ־רעזענטירט, פאָדערנדיק ווידעראויפצושטעלן די יידישע מדינה אין ארץ־ישראל (דער אויסדרוק איז דעמאָלט געווען: אַ יידישע קאָמאָנוועלט). אָבער דאָס איז געשען ערשט אין 1943. דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון ווייצמאַנס אומדער־מידלעכע באַמיִונגען צו שאַפן די מעגלעך ברייטסטע באַזע פאַר דער אַקציע פון אַמעריקאַנער יידנטום, די ציוניסטן און נישט־ציוניסטן.

דערווייל איז ווייצמאַן ווידער אַ מאָל געקומען קיין אַמעריקע אין 1941, דאָס מאָל אויף דער פאָדערונג פון דער בריטישער רעגירונג, וועלכע האָט אים געהאַט צוגעצויגן אַלס וויסנשאַפטלעכן ראַטגעבער, אָבער די הויפּטזאָרג איז געווען צו געווינען די אַמעריקאַנער רעגירונגס־קרייזן פאַר דער לייזונג פון אונדזערע פּראָבלעמען, סיי פאַר די ענינים, וועלכע האָבן געדאַרפט באַלד דערליידיקט ווערן און סיי פאַר די פאָדערונגען נאָך דער מלחמה. ער איז געווען אומצופרידן מיט דעם אופן, ווי אַזוי עס האָט פונקציאָנירט די אָרגאַנזשירונג וואָס ער האָט געמאַכט מיט מיר. ער האָט זיך געניויטיקט אין דעם, אַז איך זאָל אים אָוועקגעבן מיין גאַנצע צייט. און ער האָט אָנגעהויבן צו באַשטיין אויף דעם, איך זאָל אָנהויבן אַרבעטן פאַר אים אָפיציעל.

די וועלט־אויסשטעלונג האָט דאַן זיך שוין געהאַט געשלאָסן, און איך בין געוואָרן אַריינגעמישט אין עפּעס, וואָס האָט זיך גערופן די „נאָן־סעקטעריען אַנטי־נאַצי־ליג״. איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר דער ליגע אויף דער איינ־לאַדונג פון סעמיועל אונטערמייער, אַ גרויסן אַמעריקאַנער יוריסט, און נאָך

מער אויף די כסדרדיקע ביטעס פון מיין פריינד איזידאָר ליפּשיץ. ליפּשיץ איז געווען אַ וווּנדערבאַרער מענטש, אַ פּליט פון בעלגיע און איינער פון די גרעסטע דימענטן־סוחרים אין דער וועלט. אָבער אַממערסטן איז ער געווען פּאַראינטע־רעסירט אין יידישע און ציוניסטישע ענינים. די אַנטי־נאַצי־ליגע איז פּאַקטיש געווען זיין אייגענע דערפינדונג, און ער האָט זי פינאַנסירט כמעט איינער אַליין. ער האָט שפּעטער אויך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו פּאַרהיטן פון אַ דריטער וועלט־מלחמה. איך וואָלט געזאָגט, אַז אין משך פון די פּאַרגאַנגענע פינף און צוואַנציק יאָר, אָדער מער, האָט ער אויסגעגעבן מיליאָנען דאָלאַרן פון זיין אייגן געלט, פּאַר פּאַרשיידענע כלל־ענינים — אין צוגאָב צו זיינע ברייטהאַרציקע ביישטייערונ־גען פּאַר ישׂראל און פּאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט, צוזאַמען מיט זיין שוואָגער און שותף, טשאַרלז גוטווירט.

אַמעריקע האָט דעמאָלט ביסלעכווייז אויפגעוואַכט צו דערזען דעם מוראדיקן פּאַקט, אַז די פינצטערע און גרויזאַמע כוחות, וועלכע האָבן באַהערשט אייראָפּע, זענען נישט ווייניקער אַ געפאַר פּאַר אַמעריקע אַליין. די אַנטי־נאַצי־ליגע האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צוצואיילן די דאָזיקע אויפוואַכונג, זי זאָל נישט קומען צו שפּעט.

פוירל האַרבאַר, וואָס האָט באַוויזן, אַז מיר אין דער אַנטי־נאַצי ליגע זענען געווען גערעכט מיט אונדזער טעטיקייט און וואָס האָט שוין געמאַכט אומנויטיק אונדזערע ווייטערדיקע טעטיקייטן, איז נאָך געווען ווייט.

מיין אַרבעט אין דער אַנטי־נאַצי־ליגע האָט נישט אַוועקגענומען פון מיר מיין גאַנצע צייט און ענערגיע, און איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן חשק אָנצונעמען ווייצמאַנס פּאָרשלאָג. איך האָב געזאָגט ווייצמאַנען, אַז איך בין גרייט איבערצו־גיין צו אים אין גאַנצן, אָפּזאָגנדיק זיך פון אַלע מיינע אַנדערע פּאַרפּליכטונגען. אָבער איך האָב געשטעלט איין תּנאי, דהיינו, אַז איך זאָל זיין פּאַראַנטוואָרטלעך נאָר פּאַר אים אַליין. אויב איך וועל האָבן די דאָזיקע פּאַרזיכערונג, וועל איך זיין גרייט איבערצונעמען יעדע אויפגאַבע, אַ גרויסע צי אַ קליינע, אין זיין נאָמען. איך האָב בשום אופן נישט געוואָלט ווערן קיין באַאַמטער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ווייצמאַן האָט מסכּים געווען און האָט מיר געשטעלט בלויז איין פּראַגע: „וואָס איז מכּוח אַכצן און דרייצן?" דאָס איז אַ יידישער אויסדרוק, וועלכן איך האָב שוין נישט געהאַט געהערט זינט יאָרן. עס מיינט (דעם מקור פון דעם אויסדרוק האָב איך קיין מאָל נישט אַנטדעקט), תּכלית, באַלוינונג, געלט.

דאָס האָט באַדייט: ווער וועט מיר צאָלן? איך האָב געענטפערט ווייצמאַנען, אַז דאָס איז נישט קיין פּראָבלעם. איך קאָן קריגן מיט אַ מאָל אַ פאָנד, וויפל עס וועט זיין נויטיק. און עס וועט נאָך עפּעס בלייבן, כּדי צו דעקן עטלעכע פון די אַנדערע פּאַרפּליכטונגען זיינע. אין פּאַרלויף פון אַכט און פערציק שעה האָב איך אים געבראַכט הונדערט פופציק טויזנט דאָלאַר. אַ טייל פון דעם געלט איז געקו־מען פון ליפּשיצן אַליין. ליפּשיץ האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס איך פּאַרלאָז די אַנטי־נאַצי־ליגע, אָבער ער האָט פּאַרשטאַנען, אַז ווייצמאַן האָט די פּריאָריטעט. אַלץ וואָס ער און גוטווירט האָבן געוואָלט פּאַר זייער ביישטייערונג, איז געווען

צו האָבן אַ פּערזענלעכע באַגעגעניש מיט ווייצמאַנען. פּאַקטיש האָבן זיי געוואָלט בלויז דריקן ווייצמאַנס האַנט און אים זאָגן „שלום עליכם״.

ווייצמאַן האָט מיך געבעטן צו שיקן אַ ביסל פון דעם געלט צו איוואָר לינטאָנען, דעם פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענטור אין לאָנדאָן, און אויך פאַר דעם זיוו־אינסטיטוט אין רחובות. מיט דעם געלט, וואָס איז פאַרבליבן, און צוזאַמען מיט דער סומע, וואָס איך האָב נאָך שפּעטער געזאַמלט, האָבן מיר געקויפט אַ געביידע פאַר די ביוראָס פון דער יידישער אַגענטור, וואָס איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין אַמעריקע איבער דער סיטואַציע אין אייראָפּע. מיר האָבן פינאַנסירט דעם לאָודערמילק־פּלאַן (אַ פּלאַן ווי אַזוי צו באַנוצן די וואַסערן פון ירדן פאַר דער אַנטוויקלונג פון ירדן־טאָל) און אויך דער ענין וועגן מיינע שׂכירות איז געווען פאַרזאָרגט.

עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך אַרויפגעלייגט די אָפּיציעלע חתימה אויף מיין פּאָזיציע אין אַ בריוו צו ווייצמאַנען. אין דעם בריוו האָב איך פאָרמולירט מיין שטאַנדפּונקט וועגן דער רעאָרגאַניזאַציע פון דער יידישער אַגענטור פאַר ארץ־ישׂראל אין ניו יאָרק, און איך האָב פאָרגעשטעלט אַ פּלאַן פון צוגרייטונגס־שריט צו פאַראייניקן דאָס אַמעריקאַנער יידנטום אויף אַן אומפּאַרטייאישן, נישט־אידעאָלאָגישן פּראָגראַם פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישׂראל און פאַר אַריבערפירן אין לאַנד די מעגלעך גרעסטע צאָל יידן אין משך פון דער קירצסטער צייט.

איך האָב געשריבן אין דעם בריוו:

„וויבאַלד די טערמינען „ציוניסט״ און „נישט־ציוניסט״ זענען פולשטענדיק עלימינירט געוואָרן פון דעם צוזאַמענשטעל פון דער רעאָרגאַניזירטער אַגענטור, דאַרפן מיר נישט מורא האָבן אַרויסצוקומען מיט אַ ברייט־פאַרצווייגטן פּראָגראַם פון אויפשטעלן ישובים אין ארץ־ישׂראל — אַ פּלאַן, וואָס זאָל זיין אויסגערעכנט אויף הונדערטער מיליאָנען דאָלאַר און אויף באַדייטנדער רעגירונגס־פינאַנסירונג. עס דאַרף געשאַפן ווערן די אַטמאָספער פאַר אַ גרויסער איבערפּאַרטייאישער אַקציע אין אַ פאַרנעם, וואָס איז נאָך ביז איצט נישט געפירט געוואָרן״. אַ צווייטער פּונקט אין מיין בריוו האָט זיך געלייענט: „בעת מיין פליכט וועט זיין אויסצופירן די פּאָליטישע באַשלוסן פון דער רעאָרגאַניזירטער יידישער אַגענטור, דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז איך דערפיל מיינע פונקציעס אַלס אייער פאָרשטייער, און אַז די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט טראָג איך אויף מיר לגבי אייך, ווי דער פּרעזידענט פון דער יידישער אַגענטור. איך דערוואַרט, אַז עס וועט קומען וועגן דעם צו אַ הסכּם צווישן אַלע פאַראינטערעסירטע פּאַרטייען, בכדי אויסצומיידן מיספאַרשטענדענישן וועגן מיין פּערמאַנענטער פאַרבינדונג מיט דער אַרבעט פון דער עקזעקוטיווע פון דער יידישער אַגענטור״.

דאָס איז געווען דער הסכּם, וואָס איז צושטאַנדגעקומען אין אַפּריל 1941. מיין פאַרבינדונג מיט חיים ווייצמאַנען, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פריער זינט צוואַנציק יאָר, איז אַזוי אַרום פאָרמאַליזירט געוואָרן.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט פאַרבעטן צו זיך די ציוניסטישע פירער און ער וועט זיי מיטטיילן וועגן דעם שריט, וועלכן ער האָט אונטערגענומען. איך

האָב געענטפערט, אַז איך האָב גאָרנישט קעגן דעם, אָבער איך האָב צוגעגעבן: „פרעגט זיי נישט, נאָר זאָגט זיי".

ווייצמאַן האָט צונויפגערופן אַ זיצונג אין סעינט רידזשערס האָטעל. אין דער זיצונג האָבן זיך באַטייליקט אַלע פירער פון די פאַרשיידענע ציוניסטישע גרופּירונגען: לואי ליפּסקי, סטיפען ווייז, מאָריס ראָטענבערג, ראָבערט סאָלד און חיים גרינבערג. ווייצמאַן האָט זיי איבערגעגעבן וועגן דער אַראַנזשירונג, וואָס ער האָט געמאַכט מיט מיר. דאָ און דאָרט האָט מען געקאָנט הערן אַ בורטשעניש אונטער דער נאָז. צו מאָרגנס האָט ווייצמאַן באַקומען אַ בריוו פון ראָבערט סאָלדן, וואָס האָט געוואָרפן שמוציקע פאַרלוימדונגען אויף מיין כאַראַקטער. ווייצמאַן האָט זיך נישט באַציגן ערנסט צו דעם בריוו. „איך זע, איר האָט אַ סך פריינד" — האָט ער מיר געזאָגט, האַלטנדיק דעם בריוו אין דער האַנט, אָבער נישט ווייזנדיק מיר אים. סאָלד און איך זענען געווען אין קעגנערישע לאַגערן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג זינט דער שפּאַלטונג אין 1921. נאָכן ראַנגלען זיך אַ ביסל מיט ווייצמאַנען וועגן דעם בריוו, האָב איך אַנטדעקט, אַז דאָרט ווערט אַרויסגעבראַכט אַ געוויסער חשד אויף מיר בנוגע דעם האַלבן מיליאָן דאָלאַר, וואָס איז פאַרלאָרן געוואָרן אין „אייביקן וועג". איך בין זעלבסטפאַרשטענדלעך געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט, און איך האָב געדראָט סאָלדן, אַז איך וועל אים אָנקלאָגן אין געריכט. ווייצמאַן האָט געפּרוּווט מאַכן חוזק פון דעם גאַנצן ענין: „וואָס אַרט עס אייך? מיך גייט עס נישט אָן. פאַר וואָס זאָל דאָס אייך אָנגיין?"

דער סוף פון דער דאָזיקער געשיכטע איז געווען, אַז נאָך אַ דראַמאַטישער באַגעגעניש אויג־אויף־אויג האָבן סאָלד און איך זיך דערלאַנגט די הענט. און ער האָט מיך איינגעלאַדן צו עסן מיטאָג מיט אים. „איר ווייסט — האָט ער מיר געזאָגט — איר און איך זענען געווען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע די אַלע יאָרן און מיר האָבן קיין מאָל אַפילו נישט אויסגעטרונקען צוזאַמען אַ טעפּל קאַווע". אין יענעם טאָג האָבן מיר אַלץ געסילוקט צווישן זיך. און אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן מיר געמאַכט צוויי מאָדנע אַנטדעקונגען: איך האָב אויסגעפונען, אַז ער איז גאָרנישט אַזוי שלעכט, ווי איך האָב געמיינט וועגן אים און ער האָט אַנטדעקט, אַז איך בין גאָרנישט אַזוי שלעכט, ווי ער האָט געמיינט.

איך האָב זיך אָפט געוווּנדערט, וואָס אַזעלכעס האָט באַוויגן ווייצמאַנען, אַ מענטשן מיט דעם פיינסטן און איידלסטן טאַקט, צו דערציילן מיר וועגן דעם בריוו און דערפירן — צום ערשטן און לעצטן מאָל — צו אַ פּונקט, וואָס האָט שיר נישט געקאָנט ברענגען צו אַן איבערברוך צווישן אים און מיר. סוף־כּל־סוף האָב איך פאַרשטאַנען, אַז קענענדיק סאָלדן און מיך, האָט ווייצמאַן געטראַכט, אַז דאָס איז דער בעסטער וועג אַוועקצושטעלן דעם ענין אויפן שפּיץ מעסער און פּטור ווערן פון אַ פּראָבלעם, וואָס האָט אים אַוודאי געקווילט.

דערנאָך איז שוין געווען לייכט צו קריגן די קאָאָפּעראַציע פון ראָבערט סאָלדן פאַר שאַפן ווייצמאַנס „אוניאָן סאַקרע". אַ סך שווערער איז געווען צו קריגן די קאָאָפּעראַציע פון אַבאַ הלל סילווערן, וועלכער איז, ווי מען ווייסט זיך

דערמאָנען, געווען איינער פון די, וואָס האָבן געהאַלטן מיט דער בראַנדייס־גרופּע, און וועלכער האָט שפּעטער געשפּילט זייער אַ באַדייטנדיקע ראָל אין געווינען די אַמעריקאַנער עפנטלעכע מיינונג פאַר אונדזערע צילן אין יענע קריטישע יאָרן. מיינע באַציִונגען מיט סילווערן זענען געווען אַ סך מער קאָמפּליצירט און זענען אַריינגעדרונגען טיפער, ווי מיינע באַציִונגען מיט סאָלדן.

ד״ר אבא הלל סילווער, איינער פון די פּראָמינענטסטע ראַבאַיס אין אַמעריקע, האָט זיך צום ערשטן מאָל אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט פונעם וועלט־ציוניזם, ווען אַלס אַ יונגערמאַן איז ער אויפגעטראָטן ביי אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע אין אַלבערט־האָל אין לאָנדאָן. ער איז גלייך דערקלערט געוואָרן אַלס דער נייער דעמאָסטענעס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועמענס גורל עס איז צו ווערן דער יורש פון סטיפען ס. ווייז. און ער וואָלט עס געוואָרן, ווען ער וואָלט זיך פאַרלאָזט בלויז אויף זיין אָראַטאָרישן טאַלאַנט. ווייל עס איז נישט געווען נאָך אַזאַ איינער, וועלכער זאָל דערגיין אַזוי נאָענט צו דער מדרגה פון סטיפען ווייזן, דער גרעסטער רעדנער, וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט אַרויסגעגעבן. אָבער אויב רעדנדיק־צו אַ מאַסן־עולם האָט סילווער געהאַט דעם „הקול קול יעקב״, האָט ער אין זיינע עסקים מיט יחידים זיך אויפגעפירט מיט „והידים ידי עשו״. אים האָט געפעלט ווייזס גרויסע סימפּאַטיע און נאַטירלעכע ליבע צו מענטשן. סילווער איז געווען אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין זיך אַליין.

מיין ערשטער צוזאַמענשטויס מיט סילווערן איז פאָרגעקומען אין יאָר 1929 אין פאַרבינדונג מיטן הערצל־נומער פון „ניו פּאַלעסטיין״. יעדער ראַבאַי אין אַמעריקע האָט אַ מין „מתן בסתר״־פאָנד (מען רופט עס אַפילו אַנדערש), און ווען איך האָב געבעטן סילווערן צו שיקן מיר אַ ביישטייערונג אַרויסצוגעבן דעם נומער, האָט ער מיר געענטפערט בריוועהאַרציק מיט אַ סובסידיע פון צוויי טויזנט דאָלאַר. דערנאָך האָט ער מיר געשיקט אַ פּאָעמע צו דרוקן אין דעם נומער. איך וואָלט פאַרעפנטלעכט אַ פּאָעמע וועגן הערצלען, וועגן זי וואָלט געקומען פון ביאַליקן אָדער פון טשערניכאָווסקין, אָבער אַ פּרעדיקט פון אַ ראַבאַי, פאַרשטעלט אַלס פּאָעמע, מיט וואָס פאַר אַ גוטע כּוונות זי זאָל נישט האָבן געווען, האָט נישט געקאָנט אַריינגענומען ווערן אין מיין רעדאַקציאָנעלן אוצר. איך האָב אים צוריק־געשיקט די פּאָעמע מיט דער ביטע, ער זאָל שרייבן אַן אַרטיקל. באַלד דערנאָך האָב איך באַקומען פון אים אַ קורץ בריוול: „ווען איר דאַרפט געלט, ווייסט איר צו וועמען צו קומען. ווען איך שיק אייך אַ פּאָעמע, דרוקט איר זי אַפילו נישט״. מיין ענטפער איז געווען פונקט אַזוי שאַרף: „אַפילו אַ ראַבאַי קאָן זיך דערלויבן פון צייט צו צייט צו זיין אַ דזשענטעלמען״. דער דאָזיקער פּאָעטישער אויסטויש האָט געוואָרפן אַ שאָטן אויף אונדזערע באַציִונגען אין משך פון אַ ריי יאָרן.

אין 1934 האָב איך געבראַכט דעם „ראָמאַנס פון אַ פּאָלק״ קיין קליוולאַנד. עס איז געווען אוממעגלעך דורכצושלאָגן זיך אין דער דאָזיקער שטאָט אָן סילווערס ברכה. אַלץ האָט מען געדאַרפט „מסדר זיין מיט דעם ראַבאַי״. איך האָב געבעטן אַ געוויסע פרוי איבערצונעמען די פרויען־סעקציע פון דעם ערן־פּאַטראָנאַזש פון דער פאָרשטעלונג. די זעלבע פרוי איז אויך געווען פאָרזיצערין פון דער פרויען־

גרופּע אין סילווערס טעמפּל. און זי איז אַוועקגעגאַנגען צו אים וועגן מיין ענין. ער האָט איר אָפּגערעדט פון צו העלפן איינאָרדענען די פאָרשטעלונג, זאָגנדיק איר, אַז „ווייסגאַל ווערט רייך ווי קורח פון דער זאַך". די פרוי איז צוריקגעקומען אַ דערשלאָגענע און איך האָב איר דערקלערט, אַז איך אַרבעט פאַר זעכציק דאָלאַר אַ וואָך שכירות. זי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, האָט נישט געפאָלגט איר ראַבאַי און דערפילט מיין בקשה. ביי אַ סעודה, וואָס מיר האָבן איינגעאָרדנט ערב דער ערשטער פאָרשטעלונג, האָב איך געזאָגט וועגן סילווערן עטלעכע גוט־איבער־געקליבענע, אָבער זייער נישט קיין אָנגענעמע ווערטער. דאָס איז געווען נאָך אַ צוגאָב צו די זיסע טענער פון אונדזער ליבע־דועט.

עטלעכע יאָר שפּעטער איז סילווער געקומען זען דעם „אייביקן וועג". איך האָב אים באַגעגנט ביים אַריינגאַנג און האָב אים באַגריסט. זיין ענטפער איז געווען אַ שאָקל מיטן קאָפּ, פון וועלכן עס האָט געשלאָגן מיט פראָסט. דערנאָך האָב איך געהערט, אַז ער האָט געהאַלטן אַ גרויסאַרטיקן פּרעדיק אין זיין טעמפּל וועגן „אייביקן וועג", לויבנדיק די אויפפירונג ביז צום הימל אַלס אַ ביבלישע פאָר־שטעלונג פון גרויסן סטיל. דערביי האָט ער אָבער נישט דערמאָנט מיט קיין איין וואָרט דעם מאַן, דאָס מיינט מיך, וואָס האָט זיך אַזוי פיל אָנגעליטן ביים אַרויס־ברענגען די פאָרשטעלונג. דאָ איז געלעגן דער אונטערשיד צווישן אונדז. תמיד, ווען איך האָב געהערט זיינע אַ גוטע רעדע, האָב איך אים אַפּלאָדירט און צייטנווייז אויך פאַרגאָסן אַ טרער. אָבער ער האָט נישט געקאָנט ענטפערן קעגנזייטיק. איך מוז מודה זיין, אַז איך בין שטענדיק געווען טיף גערירט פון דעם אופן פון זיין רעדן. זיין אָראַטאָרישער טאַלאַנט און זיין האַלטן זיך אויף דער בינע האָבן געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן רושם. איין מאָל האָט ער אין קאַרנעגי האָל גערעדט וועגן דער משיחישער תקופה, אין וועלכער יידן לעבן. דער עולם (מיך אַריינ־גערעכנט) און דער רעדנער זעלבן געווען אין אַ גאָר געהויבענער עמאָציאָנעלער שטימונג. סילווער האָט געהאַלטן ביים סוף פון זיין רעדע, ווען אַ מאַן איז אַרויסגעקומען פון פאָרנט פאַר דער בינע און אַ געשריי געטאָן:

„דאָ בין איך דער משיח".

דאָס האָט געמאַכט אַ סוף צו סילווערן און צו זיין גאַנצער דרשה. אָבער ער האָט זיך געווענדעט צום עולם און געזאָגט: „איך האָב נישט דערוואַרט, אַז משיח זאָל קומען אַזוי גיך". דער צויבער האָט זיך אָפּגעטאָן, אָבער די פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַרענדיקט אין אַ פריילעכער, גוטמוטיקער שטימונג.

אין יאָר 1940 האָט ווייצמאַן אין זיין שטאַרקן ווילן צונויפצוברענגען אַלע ציוניסטישע כּוחות אין איין מעכטיקער קערפּערשאַפט, מיך געבעטן צו שטעלן זיך אין קאָנטאַקט מיט סילווערן. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין נישט דער מענטש, וועלכער קאָן אים העלפן אין דעם פאַל, און איך האָב אים עפּעס דערציילט וועגן מיינע באַציִונגען מיט סילווערן. אָבער ווייצמאַן איז באַשטאַנען אויף דעם. איך האָב איינגעבויגן מיין שטאָלץ און האָב געשריבן צו סילווערן:

„ד"ר ווייצמאַן האָט מיר אָנפאַרטרויט געוויסע פליכטן אין פאַרבינדונג מיט זיין באַזוך דאָ. איך וואָלט געוואָלט האָבן די געלעגנהייט צו דיסקוטירן די דאָזיקע ענינים מיט אייך אין דער מעגלעך גיכסטער צייט. איך וועל זיין גרייט אין יעדן

מאָמענט, ווען דאָס וועט זיין באַקוועם פאַר אייך. מיר איז נישט אומבאַקאַנט דער פאַקט, אַז איר זענט נישט באַזונדערס פאַרליבט אין מיר. איר קאָנט האָבן אייערע טעמים. פּערזענלעך מיין איך, אַז איך בין נישט אַזוי שלעכט ווי איר מיינט. ווען איך בין פּראָוואָצירט געוואָרן, האָב איך געזאָגט געוויסע זאַכן, וואָס איך וואָלט אַוודאי נישט געזאָגט, ווען איך וואָלט געווען אַזוי אַלט ווי איצט. איך מיין, אַז מיר אַלע זענען, מער אָדער ווייניקער, שולדיק אין יוגנטלעכע אומדיסקרעציעס. איך קען נישט טאָן מער, ווי אַנטשולדיקן זיך אויפריכטיק" — אאַז"וו, אאַז"וו.

סילווערס ענטפער איז געווען:

„איך בין מיר און מאַט פון מענטשן, וועלכע באַליידיקן אייך עפנטלעך און פּרוּוון אַרויסדרייען זיך דערפון דורך אַנטשולדיקן זיך פּריוואַט. די זאַך איז נישט אַזוי פּשוט. איך האָב אַ חשד, אַז די סיבה, פאַר וואָס איר שרייבט איצט צו מיר, איז לגמרי נישט דערפאַר, ווייל איר ווילט זיך שלאָגן על חטא. איך וויל אייך דעריבער מיטטיילן, אַז איך וויל בשום אופן זיך נישט אידענטיפיצירן מיט קיין שום אַקטיוויטעט, אין וועלכער עס שטעקט אייערער אַ פינגער. איך האָב נישט קיין צוטרוי צו אייך".

איך האָב נישט געקאָנט דערלאָזן, אַז ער זאָל האָבן דאָס לעצטע וואָרט, און נאָך אַזאַ וואָרט. איך האָב אים צוריקגעשריבן:

„איך באַדויער, איך האָב געמאַכט אַ טעות. איך בין געווען נאַריש צו טראַכטן, אַז איך האָב אפשר געהאַנדלט נישט ריכטיק אין 1929 און אין 1934. עס איז גוט צו האָבן אייער פּערזענלעכע באַשטעטיקונג דערפאַר אין 1940".

איך האָב געבראַכט סילווערס בריוו צו ווייצמאַנען מיט דער באַמערקונג: „איר זעט, אַ ממזר בלייבט שטענדיק אַ ממזר". ווייצמאַן האָט אַוועקגעוואָרפן דעם גאַנצן בריוו־אויסטויש אָן אַ זייט און איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז איך זאָל אים באַגלייטן קיין שיקאַגאָ, ווו ער האָט געדאַרפט באַגעגענען סילווערן. איך האָב געבעטן סאַלאָמאָן גאָלדמאַנען, אַז ער זאָל אַראַנזשירן די באַגעגעניש. גאָלדמאַן האָט אויך געהאַט זיינע מחלוקתן מיט סילווערן, אָבער נאָך דעם ווי ער איז אַוועקגעפאָרן פון קליוולאַנד קיין שיקאַגאָ, האָט זיך די דאָזיקע „ראַבאַישע" פּלוגתא אָפּגעקילט.

איך בין געפאָרן קיין שיקאַגאָ, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו טרעפן מיט סילווערן. ווייצמאַן איז דאַן באַשטאַנען, אַז איך זאָל אים באַגלייטן קיין קליוו־לאַנד. אין דער באַשטימטער שעה, ווען סילווער האָט געדאַרפט קומען, בין איך פאַרבליבן אין מיין האָטעל־צימער, וואָס איז געווען בשכנות מיט ווייצמאַנס צימער, דורך אַ געמיינזאַמער טיר. איך האָב פעסט פאַרמאַכט די טיר. אַן ערך אין אַ שעה אַרום האָב איך דערהערט קלאַפּן אין דער טיר. צו מיין גרויסער דערשטוינונג האָט זיך באַוויזן סילווערס היפּשע פיגור. ער האָט מיך איינגעלאַדן צו קומען צו אים, צוזאַמען מיט ווייצמאַנען, צום עסן אין אָוונט. הינטער אים איז געשטאַנען ווייצמאַן, וועלכער האָט מיר שטילערהייט געגעבן אַ צייכן, אַז איך זאָל נישט זיין קיין נאַר. איך בין געגאַנגען צו סילווערן.

ווייצמאַן האָט נישט גערעדט מיט מיר וועגן דעם, וואָס עס איז פּאַרגעקומען צווישן אים און סילווערן אין פּאַרלויף פון דער שעה. שפּעטער, ווען איך האָב דערמאָנט וועגן דעם אינצידענט און האָב געמאַכט אַ בייסיקע באַמערקונג וועגן דער קונסט פון פירן פּאָליטיק, האָט ווייצמאַן מיר געזאָגט: „אַז מען דאַרף דעם גנב, נעמט מען אים אַרונטער פון דער תליה״. געוויס, ווען ער אָטעמט נאָך.

סילווער איז געוואָרן דער פּאָרזיצער פון ציוניסטישן ראַט און האָט געבראַכט זייער אַ גרויסן נוצן פאַר דער באַוועגונג. מיר האָבן באַוויזן אָנצוהאַלטן די פריינד־לעכע באַציִונג אין משך פון אַ ריי יאָרן. ער האָט אַפילו געשריבן צו מיר אַ בריוו, פול מיט לויב. אָבער נאָך דער דאָזיקער צווישנצייט פון פריינדשאַפט איז געקומען אַ נייער צוזאַמענשטויס, און נאָך דעם צוזאַמענשטויס האָבן מיר זיך ווידער אַ מאָל איבערגעבעטן. ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט אַ געפיל פון שׂנאה. אַזוי איז אויך געווען מיט זיין קעגנערשאַפט צו ווייצמאַנען, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל אויסגעדריקט אין 1921 און וואָס האָט פאַקטיש קיין מאָל נישט אויפגעהערט. אין 1946 האָט ער זיך פאַראייניקט מיט דוד בן־גוריון, כּדי אַראָפּצוּוואַרפן ווייצמאַנען פון דער פירערשאַפט פון דער וועלט־באַוועגונג.

ווייל עס איז פאַראַן דער כּלל פון „אחרי מות קדושים אמור״, וויל איך פאַרענדיקן מיט דעם, אַז אויב מען מאַכט דעם חשבון וועגן סילווערן דעם מענטש און זיין אַרבעט, איז ער מסתמא נישט געווען אַזוי שלעכט, ווי איך האָב געמיינט אַז ער איז. ער האָט זייער אַ סך אויפגעטאָן פאַרן ציוניזם אין אַ זייער שווערער צייט. ער איז געווען אַ גרויסער פּאָלקסטריבון. זיינע חסרונות זענען געווען די חסרונות פון אַ סך מענטשלעכע באַשעפענישן, אַריינרעכענענדיק דעם שרייבער פון די שורות. אָבער מיט איין אונטערשיד: איך באַזיץ אַן אייגנשאַפט, וואָס ראַטעוועט מיך: „קשה לכעוס ונוח לרצות״. איך האַלט קיין מאָל נישט קיין ווידערגעפיל אָדער שׂנאה צו מענטשן מער פון פיר און צוואַנציק שעה. סילווער האָט אַזעלכע זאַכן נישט פאַרגעסן און אָנגעהאַלטן אַ גאַנץ לעבן.

די געשיכטע פון די ציוניסטישע אַנטוויקלונגען אין אַמעריקע אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז פיל מאָל אַנאַליזירט געוואָרן און פאַרשיידן אינטערפּרעטירט געוואָרן. אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט איז צוגעגעבן געוואָרן דער באַרימטער בילטמאָר־רעזאָלוציע, וואָס האָט געפאָדערט די גרינדונג פון אַ יידישער קאָמאָנוועלט אין ארץ־ישׂראל נאָך דער מלחמה. די אַנטוויקלונגען זענען זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען מער וויכטיק ווי די אינטערפּרעטאַציעס.

די בילטמאָר־קאָנפערענץ האָט זיך פאַרזאַמלט אין יאָר 1942. אין 1943 איז זיך צונויפגעקומען די אַמעריקאַנער יידישע קאָנפערענץ, וואָס האָט פאַראייניקט דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער יידנטום, ציוניסטן און נישט־ציוניסטן, אויף אַ געמיינ־זאַמער פּלאַטפאָרם צו פאָדערן עפענען די טויערן פון ארץ־ישׂראל פאַר דער עליה פון יידן און גרינדן אַ יידישע קאָמאָנוועלט. אין 1944 איז געשאַפן געוואָרן אַ יידישע בריגאַדע אין דער בריטישער אַרמיי. דערמיט איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט די יידן אין ארץ־ישׂראל צו פירן מלחמה קעגן היטלערן אונטער זייער

איַיגענער פּאַן. דריי יאָר נאָכן סוף פון דער מלחמה איז ענדלעך געגרינדעט געוואָרן די יידישע קאָמאַנוועלט, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן מדינת ישראל.

דאָס זענען געווען די אַנטוויקלונגען, ווי איך האָב געזאָגט. דאָס זענען די פאַקטן. ווער האָט דערפירט צו דעם אויפטו, אָדער צו אַן אַנדערער דערגרייכונג, און ווי אַזוי — דערפון מאַכן היסטאָריקער אַ לעבן. אָבער דאָס איז אויך די סיבה און דער ציל, פאַר וואָס מענטשן שרייבן אויטאָביאָגראַפיעס.

איך וויל זיך אַריינלאָזן אַ ביסל אין פרטים וועגן דער דאָזיקער פאַזע פון דער ציוניסטישער געשיכטע, נישט דערפאַר ווייל איך בין געווען אַן עדות און אַ באַטייליקטער אין די געשעענישן (דאָס גיט מיר בלויז דאָס רעכט צו שרייבן וועגן דעם), נאָר אויך צוליב דעם, ווייל עס איז פאַרשפּרייט געוואָרן מיט דער־פאַלג אַ פאַרדרייטע ווערסיע וועגן דער געשיכטע פון די אַנטוויקלונגען. און איך וואָלט געוואָלט מאַכן מיין ביישטייערונג פאַר אויפקלערן דעם אמת.

איך באַצי זיך צו דעם „ריס", וואָס איז געשען אין די מלחמה־יאָרן צווישן חיים ווייצמאַן און דוד בן־גוריון. איך באַנוץ די געגנזן־פּיסלעך ביים וואָרט „ריס" מיט אַ כוונה. איך גלויב באמת, אַז עס איז נישט געווען קיין גרויסער אונטערשייד אין די צילן און אין דער פּאָליטישער ליניע פון זיי ביידע אין דער דאָזיקער תקופה. געוויס איז געווען אַן אונטערשייד אין די מעטאָדן, אַ גרויסער אונטערשייד. אָבער דער „ריס" איז געווען אַ פולשטענדיק פערזענלעכער. גאַנץ פשוט געזאָגט, איז עס געווען אַזוי: בן־גוריון האָט געוואָלט זיין דער אָנפירער. און מער עלעגאַנט זיך אויסגעדריקט קאָן מען זאָגן, אַז בן־גוריון איז געווען אומגעדולדיק צו באַקומען די קרוין פון דער ציוניסטישער פירערשאַפט. דערפאַר האָט ער געדאַרפט אויס־געפינען קאָנפליקטן מיט ווייצמאַנען, אים צושרייבן פּאָליטישע חסרונות און אַנטדעקן פּאָליטישע חילוקי־דעות. ער האָט דאָס געטאָן מיט בראַוווּר, נישט נעמענדיק לחלוטין אין באַטראַכט די פאַקטן. אין יענער צייט, און אַ סך יאָרן שפּעטער, באַזונדערס ווען ער איז אַן צווייפל געווען דער פירער פון ישראל, האָט מען בשום אופן נישט געקאָנט אָפּפרעגן זיינע קאַטעגאָרישע דערקלערונגען. ערשט אין די לעצטע יאָרן, ווען בן־גוריון האָט איבערגעכאַפּט די מאָס מיט זיינע פּאָליטישע מאַנעווערן, מיט זיין פאַרניכטן די קאַריערעס פון אַנדערע, מיט זיין פּרעטענדירטער צדקות — איז געוואָרן מעגלעך צו אַנאַליזירן די דאָזיקע תקופה אַ ביסל מער ניכטער.

ווען ווייצמאַן איז געקומען קיין ניו יאָרק אין 1940, האָט ער זייער גוט זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן זענען געוואָרן דער וויכ־טיקסטער צענטער פון די פּאָליטישע אַקטיוויטעטן אין דער וועלט. ער איז דאַן צום ערשטן מאָל אַרויסגעקומען מיט דער פאָדערונג וועגן אַן „אוניאָן סאַקרע" (אַ הייליקן בונד). צוריקקערנדיק זיך קיין לאָנדאָן, האָט ער ווייטער געזוכט צו באַאיינפלוסן די בריטישע רעגירונג צו שאַפן אַן ארץ־ישראלדיקע אַרמיי, און טשערטשיל איז פאַקטיש איינגעגאַנגען אויף דעם אַזוי פרי ווי אין סעפּטעמבער 1940. אַזוי ווערט אויך פעסטגעשטעלט אין טשערטשילס קריגס־מעמואַרן. אָבער ערשט אין 1944 האָט די בריטישע מיליטערישע מאַכט געגעבן איר ענדגילטיקע

צושטימונג אויפצושטעלן אַ יידישע בריגאַדע. דערווייל האָבן ארץ־ישׂראלדיקע יידן געקעמפט אונטער דער בריטישער פאָן.

אין 1941 האָט ווייצמאַן ווידער פאַרבראַכט אין די פאַראייניקטע שטאַטן דריי חדשים. און ער איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיינע באַמיִונגען אין צוויי ריכטונגען: צו באַאיינפלוסן די אַמעריקאַנער רעגירונג, אַז זי זאָל שטיצן די ציוניסטישע נאָך־מלחמה־פאָדערונגען; און דערגרייכן די ציוניסטישע און יידישע אייניקייט פאַר אויסדריקן די דאָזיקע נאָך־מלחמה־צילן.

אין אָקטאָבער 1941 האָט ווייצמאַן מיר געשריבן פון לאָנדאָן:

עס איז נישט נויטיק פאַר מיר אויסצורעכענען דאָ אַלע אַרגומענטן פ א ר און ק ע ג ן אין דער פּאָליטיק פון דער בריטישער רעגירונג, אין דער באַציִונג צו ארץ-ישראל. זיי זענען אייך צו-גוט באַקאַנט, אַז זיי זאָלן פאַרדינען, איך זאָל דאָ פאַרלירן אויף דעם צו פיל צייט. אָבער עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ בינטל אַרגומענטן, וועגן וועלכע כ׳וואָלט געוואָלט, אַז איר און אונדזערע פריינד, נעמ-לעך אַמעריקע, זאָלן ווינסן וועגן זיי, און אויף וועלכע איך וואָלט געוואָלט ציִען אייער באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. אונדזערע קעגנער אין ענגלישן קאַבינעט האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין פּאָלגנדיקן שטאַנדפּונקט: עס איז אמת, אַז אין דער פריִערדיקער מלחמה האָבן די יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן געשפּילט אַ וויכ-טיקע ראָל און האָבן אַ סך געהאָלפן דערצו, אַז אַמעריקע זאָל אַריין אין קריג. זאַכן האָבן זיך אָבער געענדערט. די יידן זענען טיף צעטיילט צווישן זיך אין דער באַציִונג צום ציוניזם. די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט גאָרנישט געטאָן, ווען עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דאָס „ווייסע בוך״, און איז דעריבער אויך גלייכגילטיק אין דער פראַגע וועגן ארץ-ישראל. מיר דאַרפן נישט נעמען אַמעריקע אין באַ-טראַכט און מיר קאָנען אָנגיין מיט אונדזער פּאָליטיק פון שטיצן די אַראַבער.

געוויס איז עס אמת, אַז דאָס „ווייסע בוך״ האָט נישט אַרויסגערופן קיין שום אַקציע מצד די אַמעריקאַנער אויטאָריטעטן, אָבער עס איז פאַלש צו גענעראַלי-זירן די דאָזיקע דערשיינונג. אַ חוץ דער שטעלונג פון דער רעגירונג, האָט די יידישע און די ליבעראַלע עפנטלעכע מיינונג זיך אַרויסגעזאָגט שאַרף קעגן דער ארץ-ישראל-פּאָליטיק, און דאָס איז געווען וויכטיק. זיכער וועל איך דאָס זאָגן ווינאַנטן (אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן), מיט וועמען איך בין אין גוטע באַציִונגען.

אָבער עס איז זייער נויטיק, אַז עפּעס זאָל געטאָן ווערן כדי אָנצוווייזן, אַז די דאָזיקע כלומרשטע גלייכגילטיקייט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג איז נישט קיין פאַקט, נאָר עס זעט בלויז אויס צו זיין אַזוי. טוט וועגן דעם, איך בעט אייך. געוויס דאַרפן וויז, ליפּסקי, ניומאַן און די אַנדערע פאָרן קיין וואַשינגטאָן און זען וועלסן (וויצע-אויסערן-מיניסטער) און דערקלערן די לאַגע. אַ וואָרט פון „ווייסן הויז״ און מיר וואָלטן געקאָנט קריגן די אַרמיי״.

אין דעם זעלבן חודש אָקטאָבער 1941 האָט ווייצמאַן מיר געשיקט אַ קאָפּיע פון אַן אַרטיקל, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר דעם זשורנאַל „פאָרעין אַפערס״. אין דעם אַרטיקל, וואָס איז געווען געדרוקט אין דעם נומער פון יאַנואַר 1942, איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן די ערשטע קלאָרע און אָפענע דעקלאַראַציע מיט דער פאָדערונג וועגן אַ יידישער קאָמאָנוועלט אין ארץ־ישׂראל. די צייט, ווען דאָס איז געשען, איז פון גרעסטער וויכטיקייט, ווייל דאָס באַווייזט, אַז ווייצמאַן האָט

כסדר געפֿאָדערט, אַז עס זאָל אָנגענומען ווערן די דאָזיקע פּאָליטישע ליניע. עס דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז די דאָזיקע גורלדיקע דערקלערונג אין זשורנאַל „פֿאָרעין אַפֿערס" איז צוגעגרייט געוואָרן און אַרויסגעגעבן געוואָרן גאַנצע פֿינף חדשים פֿריִער, איידער עס איז צונויפֿגערופֿן געוואָרן די בילטמאָר־קאָנפֿערענץ, אין מאַי 1942.

די בילטמאָר־קאָנפֿערענץ גופֿא, וואָס איך האָב זיך אונטערגענומען צו אָרגאַניזירן אויף דער אויפֿפֿאָדערונג פֿון ד"ר ווייצמאַנען, איז געווען דער ערשטער שריט פֿאַר דער „אוניאָן סאַקרע" — די פֿאַראייניקונג פֿון די ציוניסטישע כּוחות אין אַמעריקע. דער צווייטער שריט איז געווען די פֿאַראייניקונג פֿון גאַנצן אַמעריקאַנער יידנטום. דאָס איז געקומען אַ יאָר שפּעטער, מיט דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנפֿערענץ.

אַזוי זענען מיר צוגעקומען צו אַ קריטישן פּונקט אין די אַנטוויקלונגען. ווייצמאַנס פּאָליטישע דעקלאַראַציע מיט דער פֿאָדערונג וועגן אַ יידישער קאָמאָנ־וועלט איז געוואָרן די באַזע פֿון ציוניסטישן פּראָגראַם. עס איז געוואָרן אַ רעאַליטעט, וואָס מען האָט שוין נישט געקאָנט ענדערן אָדער צעשטערן. די געשעענישן אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן דאָס באַוויזן. די בילטמאָר־קאָנ־פֿערענץ האָט באַשטעטיקט ווייצמאַנס פּאָזיציע.

אָבער דאָ הויבט זיך אָן דאָס איבערשרייבן געשיכטע. ערגעץ־ווו, אין מיטן וועג, האָט בן־גוריון באַשלאָסן, אַז עס איז וויכטיק פֿאַר דער געשיכטע, עס זאָל פֿאַרשריבן ווערן, אַז ער איז דער פֿאָטער פֿון דער בילטמאָר־רעזאָלוציע, און אַז עס זאָל אויסזען, ווי זיינער אַ נצחון איבער ווייצמאַנס קאָנצעפּציע. אַזוי איז טאַקע מער אָדער ווייניקער געשען. איך קען אַ צאָל מענטשן, וואָס זענען ביים געזונטן שׂכל און היפּש אינטעליגענט און וועלכע באַשטייען היינט צו טאָג אויף דעם, אַז נישט בלויז האָט דוד בן־גוריון געשאַפֿן דעם בילטמאָר־פּראָגראַם, נאָר אַז ווייצמאַן איז געווען קעגן דעם פּראָגראַם.

מיין אייגענע ראָל ביי דער בילטמאָר־קאָנפֿערענץ איז נישט געווען אָן באַדיי־טונג. אויף ווייצמאַנס אויפֿפֿאָדערונג האָב איך אָרגאַניזירט די קאָנפֿערענץ. עס איז געווען דער ערשטער עפֿנטלעכער אויסדרוק פֿון דער „אוניאָן סאַקרע". חדשים־לאַנג פֿריִער האָב איך געאַרבעט צוזאַמען מיט לואי ליפּסקין, כּדי צוצוגרייטן דעם טעקסט פֿון דער בילטמאָר־רעזאָלוציע, וואָס איז מיט סטיליסטישע ענדערונגען אָנגענומען געוואָרן. דער גאַנצער פּראָגראַם איז פֿאָרמולירט געוואָרן אין באַראַטונג מיט ווייצמאַנען. ווען די קאָנפֿערענץ האָט זיך פֿאַרזאַמלט, האָב איך געהאַט דעם כּבוד צו עפֿענען די פֿאַרהאַנדלונגען מיט עטלעכע גוט־דורכגעטראַכטע ווערטער. נאָך דעם האָב איך איבערגעגעבן דעם פֿאָרזיץ צו ד"ר סטיפֿען וויז. עס איז געווען קלאָר פֿאַר יעדן איינעם פֿון אָנהייב אָן, אַז די בילטמאָר־קאָנפֿערענץ איז אויסגעפּלאַנירט געוואָרן דורך חיים ווייצמאַן אַלס אַ פּלאַטפֿאָרם פֿאַר אויסדריקן זיין פּראָגראַם. אויב עס וואָלט געווען דוד בן־גוריונס פּראָגראַם, טאָ פֿאַר וואָס זאָל מען פֿון אַלע מענטשן האָבן געגעבן מיר, אָדער איך זאָל האָבן גענומען דעם סיגנאַל־כּבוד צו עפֿענען די קאָנפֿערענץ? דאָס וואָלט גאָר קיינעם נישט איינגעפֿאַלן אין געדאַנק.

אַזוי שפּעט ווי אין 1962 האָט די דעבאַטע וועגן אָט דער פּרשה נאָך אַלץ געפלאַקערט. דוד בן־גוריון האָט פאַרעפנטלעכט דעם טייל פון זיינע זכרונות, ווו דער ענין וועגן דער בילטמאָר־קאָנפערענץ איז דערמאָנט. דזשוליען מעלצער האָט נישט וויסנדיק, אַז איך זאָל פריער האָבן געוווּסט וועגן דעם, געשריבן אין לאָנדאָנער „דזשואיש אָבזערווער ענד מידל איסט רעוויו" וועגן דוד בן־גוריונס מעמואַרן און איז אַרויסגעטראָטן קעגן אַ טייל פון די „פאַקטן". איך בין דעמאָלט געווען אין לאָנדאָן. מעלצער האָט ציטירט אַ ישׂראלדיקן היסטאָריקער ד"ר יהודה באַוער, וועמען איך האָב אין גאַנצן נישט געקענט. דער היסטאָריקער האָט דורכ־געפירט אַ פאָרשונג וועגן יענער תקופה און האָט געשריבן, אַז דער מחבר פון בילטמאָר־פּראָגראַם איז... מאיר וו. ווייסגאַל.

אַרטור לוריע, וועלכער איז דעמאָלט געווען ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד, האָט זיך באַטייליקט אין דער קאָנטראָווערסיע מיט אַן „אויטענטישער" געשיכטע: „די קאָמיסיע האָט נישט געקאָנט אַליין צוגרייטן דעם טעקסט און איך (לוריע) בין אָנפאַרטרויט געוואָרן מיט דער אויפגאַבע. די קאָמיסיע איז געקומען צו אַ הסכם וועגן דער אַלגעמיינער ליניע, וואָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך אַרויסגעדרונגען פון בן־גוריונס הויפּטרעדע ביי דער קאָנפערענץ — די רעדע, וואָס האָט אויס־געפאָרעמט די הויפּטטעמע פון די פאַרהאַנדלונגען".

איך האָב שפּעטער אָפּגעלייקנט, אַז איך זאָל האָבן געווען דער מחבר פון דעם דאָקומענט, הגם מיינע פינגער־אָפּדרוקן זענען געווען אויף די אַלע פּאַפּירן. דער היסטאָריקער ד"ר באַוער האָט אַוודאי געפונען אַ טוץ פון די פּראָיעקטירטע טעקסטן, וואָס זענען געלעגן אין די ציוניסטישע אַרכיוון און זענען געווען אונ־טערגעשריבן מיט די געהיימנישפולע ראשי תיבות מ. וו. וו. דער ענדגילטיקער טעקסט, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן דורך אַרטור לוריען, איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך ד"ר חיים ווייצמאַן און דערנאָך דורך דוד בן־גוריון. איך געדענק ווייצמאַנס ווערטער, ווען איך האָב אים געוויזן דעם דאָקומענט, איידער ער איז איבערגעגעבן געוואָרן דער קאָמיסיע פאַר דער ענדגילטיקער ראַטיפיקאַציע. „זאָל עס גיין — האָט ער געזאָגט — עס קאָן זיין, אַז די שפּראַך דאַרף אַ ביסל אויס־געבעסערט ווערן. אָבער דאָס איז נישט וויכטיק".

איך מיין, אַז די פּינקטלעכסטע קורץ און שאַרף פאָרמולירטע פעסטשטעלונג פון דעם פאַקט איז פאָלגנדיקע: דאָס בילטמאָר־פּראָגראַם איז פאַרטראַכט גע־וואָרן דורך ד"ר חיים ווייצמאַן; אויפגעשריבן געוואָרן קלאָר און דייטלעך דורך לואי ליפסקי בעת איך, מאיר ווייסגאַל, בין געשטאַנען נעבן אים און האָב אָפּגעהיטן יעדעס וואָרט; סטיליזירט געוואָרן דורך אַרטור לוריען און... דער־קלערט געוואָרן דורך דוד בן־גוריונען אַלס זיין אייגנטום.

דאָס איז געווען נאָך דער בילטמאָר־קאָנפערענץ, ווען בן־גוריון האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן ווייצמאַנען. בן־גוריון איז געהאַט אָנגעקומען קיין אַמעריקע ביים סוף פון יאָר 1941. ווייצמאַן האָט געדאַרפט קומען אָנהויב 1942. אָבער צוליב דעם טויט פון זיין יינגערן זון מיכאל, האָט ער אָפּגעלייגט זיין רייזע ביז אַפּריל. אין דער צווישנצייט איז קלאָר געוואָרן, אַז בן־גוריון איז בכלל קעגן דעם,

אַז ווייצמאַן זאָל קומען. אָבער דער דרוק פון דער ציוניסטישער פירערשאַפט אין אַמעריקע איז געווען צו שטאַרק, אַז בן־גוריון זאָל קאָנען נישט דערלאָזן צו ווייצמאַנס באַזוך. ווייצמאַן איז נאָך אַלץ געווען דער פירער פון דער באַוועגונג, וועמענס אויטאָריטעט קיינער האָט נישט אָפּגעפרעגט; ער איז געשטאַנען העכער איבער אַלע פּאַרטייען און איז געווען אוניווערסאַל רעספּעקטירט און באַליבט. אַחוץ דעם, זענען פאַר ווייצמאַנען געווען אָפן אַלע טירן.

בעת די זיצונגען פון ציוניסטישן „עמוירדזשענסי"־ראַט (אויסנאַם־צוי־שטאַנד־ראַט), וואָס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פריִער, פאַר דער בילטמאָר־קאָנפע־רענץ, איז בן־גוריונס אויפפירונג געווען שרעקלעך פיינלעך פאַר יעדן איינעם. ער איז געווען שטורמיש, האָט אין זיין רעדע זיך געוואָרפן ווי אין קאָנוולסיעס און האָט געסטראַשעט. ער האָט זיך געקריגט מיט מענטשן און איז געווען נישט־טאָלעראַנט בנוגע יעדן שטאַנדפונקט, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַנדערש ווי זיין אייגענע מיינונג. ער האָט געהאַנדלט אַזוי, ווי נאָר ער אַליין וואָלט זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג וועגן דער מלחמה און וועגן דער סכנה פאַר ארץ־ישראל.

נאָך דער בילטמאָר־קאָנפערענץ, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן די באַזע פאַר דער קאָאָפּעראַציע צווישן אַלע ציוניסטישע גרופּעס, האָט בן־גוריון אָנגעהויבן זיין אַטאַקע קעגן ווייצמאַנען. ער האָט אים געשריבן בריוו, וואָס זענען מיט זייער שטאַרקער אומהעפלעכקייט געווען אַן אויסנאַם אין ציוניסטישע באַציונגען: אָדער ווייצמאַן זאָל זיך אונטערוואַרפן אונטער זיינע, בן־גוריונס, דירעקטיוון, אָדער בן־גוריון וועט פאָדערן ווייצמאַנס רעזיגנאַציע. אין אָנבליק פון ווייצמאַנס פירנ־דיקער פּאָזיציע אין דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, איז עס געווען אַ שטיק אומזין.

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז צונויפגערופן געוואָרן אַ באַראַטונג פון דער פירער־שאַפט ביי סטיפען ווייזן אין זיין קאַבינעט. עס זענען געווען אָנוועזנדיק: ווייצ־מאַן, ווייז, בן־גוריון, ליפּסקי, חיים גרינבערג, דער פירער פון אַרבעטער־ציוניזם, נחום גאָלדמאַן, לואי לעווענטאַל, ראָבערט סאָלד און איך.

בן־גוריון האָט ביי דער פאַרזאַמלונג געהאַלטן אַ צווייישעהדיקע רעדע, אין וועלכער ער האָט געזאָגט, אַז ווייצמאַן פירט די אַרבעט אויף זיין אייגענער האַנט; אַז ער מאַכט די ערנסטע פּאָליטישע טעותים, און אַז אויב עס איז נאָך נישטאָ קיין יידישע אַרמיי, דאַרף מען דערפאַר באַשולדיקן ווייצמאַנען אַליין. אָדער ווייצ־מאַן דאַרף פולשטענדיק ענדערן די גאַנצע ליניע פון זיין פּאָליטישער אַקטיוויטעט, אָדער ער דאַרף רעזיגנירן. בן־גוריונס דערקלערונג האָט אין סך־הכל זיך גע־גרענעצט מיט אַ באַשולדיקונג אין פאַרראַט (אגב, האָב איך אַן אָוונט פריער באַזוכט בן־גוריונען אין זיין האָטעל אויף לענקסינגטאָן אַוועניו, צו וואָרענען אים קעגן זיין שגעון און צו באַמיִען זיך אים איבערצוצייגן, אַז ער וועט נישט געפינען קיין שטיצע פאַר זיינע באַשולדיקונגען קעגן ווייצמאַנען — אַפילו ביי זיינע אייגענע חברים פון די פועלי־ציון).

דאָס בילד איז געווען אומגעהויער פּיינלעך פאַר אַלע אָנוועזנדיקע. איך געדענק, אַז חיים גרינבערג איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער און טרערן זענען אים גערינען אויף די באַקן. נאָך אַ לענגערן שטילשווייגן האָט ער געזאָגט: „איך האָב קיין מאָל נישט געגלויבט, אַז איך וועל דערלעבן אַזאַ טאָג, ווען אַזאַ סקאַנדאַליעזע רעדע וועט געהאַלטן ווערן דורך אַ פירער פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־באַוועגונג”.

ווייצמאַנס ענטפער צו בן־גוריונען איז געווען קורץ און צעשמעטערנדיק. אויף אַזעלכע מיני באַשולדיקונגען קאָן נישט זיין קיין פּאַרגינפּטיקער ענטפער. ער האָט געזאָגט בן־גוריונען, אַז ער האָט האַלוצינאַציעס, און אַז דער גאַנצער אופן פון זיין רעדן איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי אַ פּרווו פון אַ פּאָליטישן מאָרד.

דערנאָך זענען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען, ביי וועלכע די פּועלי־ציון, בן־גוריונס פּאַרטיי, האָבן זיך באַגעגנט מיט אים פּריוואַט און האָבן געפּרווט פּועלן ביי אים, אַז ער זאָל אָפּשטעלן די אַטאַקעס קעגן ווייצמאַנען. אָבער בן־גוריון האָט נישט געוואָלט געבן קיין שום צוזאָג. ער האָט בלויז געזאָגט, אַז ער וועט נעמען אין באַטראַכט די מיינונגען פון די פּועלי־ציון־פירער, ווען ער וועט באַריכטן פאַר דער עקזעקוטיווע אין ארץ־ישראל. אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס ער איז דאַן נאָך פאַרבליבן אין אַמעריקע, האָט ער זיך נישט באַטייליקט אין די באַראַטונגען, וואָס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ווייצמאַנס ביוראָ, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ד״ר גאָלדמאַן האָט כסדר איינגעטענהט מיט אים, אַז זיין, בן־גוריונס, האַנדלונג איז נאַריש און אומבאַגרינדעט.

די דאָזיקע אַנטוויקלונגען האָבן זיך זייער שלעכט אָפּגערופן אויף ווייצמאַנען. ער האָט שוין געהאַט גענוג געליטן פון זיין זונס טויט, און אין אַלגעמיין איז ער געווען דער טיפּ פון אַ מענטש, וואָס האָט געקאָנט אַרבעטן ממשותדיק נאָר אין אַ סביבה פון מענטשן, מיט וועלכע ער איז געווען שווה בשווה. די לאַסט פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז שווער געלעגן אויף אים, און ער האָט געהאַט ווייניק הנאה פון צו זיין אַ פּרעזידענט.

אין יולי 1942, אין מיטן פון דעם גאַנצן טומל, האָב איך געשריבן צו גרשון אַגראָנסקין אין ירושלים:

„איר קענט ווייצמאַנען אַזוי ווי איך. אויב מען פאַרפּינצטערט אים די מערכה, ווערט ער אויפגעבראַכט, און ער קען דעמאָלט ברענגען ווייניק נוצן. עס וואָלט געווען אַן אַבסורד איך זאָל אַריינגיין אין אַ לאַנגער דיסערטאַציע וועגן דער אומגעהויערער וויכטיקייט אויפצוהאַלטן דעם אַמעריקאַנער פראָנט. ווייצמאַן איז דער איינציקער מענטש אין דער באַוועגונג, וועלכער קאָן אויפהאַלטן דעם פראָנט. צוליב זיין פּרעסטיזש און צוליב זיינע וויסנשאַפטלעכע ביישטייערונגען דאָ, און צוליב אַ טויזנט אַנדערע זאַכן, זענען אַלע טירן אין וואַשינגטאָן אָפן פאַר אים. אויב ער זאָל פּלוצלונג אַוועקפאָרן, וועט דאָס זיין אַ שרעקלעכער קלאַפּ פאַר דער באַוועגונג. דאָס איז נישט בלויז מיין מיינונג, נאָר אויך די מיינונג פון אַלע, וועלכע זענען באַקאַנט מיט דער קאַשע, וואָס איז דאָ פאַרקאָכט געוואָרן דורך בן-גוריונען... זיין צרה איז וואָס ער איז אַ מענטש אָן הומאָר און וואָס ער האָט אַ משיח-קאָמפּלעקס”.

פּלעקט פאַר מיר אַלס אַ דראַמאַטורג (איר פּיעסע איז נעבעכדיק דורכגעפאַלן),

די דאָזיקע באַמערקונגען מיינע אין 1942 האָבן געהאַט עטלעכע זייער אומאָנגענעמע קאָנסעקווענצן. משה שרת (דעמאָלט שערטאָק), איז אַ קורצע צייט נאָך דעם געקומען קיין אַמעריקע און האָט זיך אָפּגעזאָגט צו רעדן מיט מיר. ער האָט געזאָגט „רבן דקרו" — איך האָב אַריינגעשטאָכן זיין רבין מיט אַ מעסער אין רוקן. דריי און צוואַנציק יאָר שפּעטער, ווען שרת האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, און איך בין געקומען אים זען אין ירושלים, האָט ער זיך געווענדעט צו זיין פרוי, צפורה, און געזאָגט: „ער האָט פריִער פון אונדז אַלעמען דערקענט דעם „אותו איש". בן־גוריון האָט זיך באַמיט און אַפילו געהאַט דערפאָלג צו צעשטערן מ. שרתן.

מיין בריוו צו אַגראַנסקין איז אויפגעכאַפּט געוואָרן אין לאָנדאָן דורך דעם ענגלישן אויסערן־מיניסטעריום. אָבער איך בין געווען געניט פּאַרזיכטיק אויסצולאָזן עטלעכע זאַכן, וועלכע איך האָב נישט דערזאָגט. אַ צייט שפּעטער בין איך געקומען צו ווייצמאַנען איין מאָל אין אַ נאָכמיטאָג. ישעיה בערלין איז געווען ביי אים. ער האָט געאַרבעט אין וואַשינגטאָן פאַר די ענגלענדער. איך האָב אים קיין מאָל פריער נישט באַגעגנט. ווייצמאַן האָט געזאָגט: „ישעיהו, איך וויל אייך באַקענען מיט מיין פריינד מאיר ווייסגאַל". ישעיהו בערלין האָט געמאַכט דעם אָנשטעל ווי ער ווערט זייער ערנסט און האָט זיך אָנגערופן: „אָ, יאָ, איך קען אים". און אַריינקוקנדיק אין אַ קליין נאָטיץ־ביכל, האָט ער ווייטער געזאָגט: „ער איז נומער טויזנט אַכט הונדערט פינף און אַכציק אין מיינע אַקטן אין פּאָסט־מיניסטעריום. ער שרייבט בריוו צו אַ חברהמאַן, וועלכער הייסט גרשון אַגראַנסקי. מיר כאַפּן זיי איבער, פאָטאָגראַפירן זיי און שיקן זיי דערנאָך ווייטער". אַגב, האָט ער דערביי אָנגערופן אַגראַנסקין ביים ערשטן נאָמען. איך האָב גלייך חושד געווען, אַז ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער הגנה.

ווען בן־גוריון איז צוריקגעקומען קיין ארץ־ישראל עטלעכע חדשים שפּעטער, איז דער בילטמאָר־פּראָגראַם געווען אַ פאַקט. די ציוניסטישע באַוועגונג איז אָפיציעל אַרויסגעקומען מיט דער פאָדערונג צו שאַפן אַ יידישע קאָמאָנוועלט, און דער ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט אין ירושלים האָט באַשטעטיקט דעם פּראָגראַם. אָבער אַ מאָדנע זאַך איז געשען אין וועג. די בילטמאָר־רעזאָלוציע, וואָס האָט פאַרקערפּערט דעם היסטאָרישן אַקט, איז געוואָרן בן־גוריונס פּערזענלעך אייגנטום. בקיצור, כאָטש ער איז אַוועקגעפאָרן פון אַמעריקע אַן אָפּגעשטויסענער דורך דער ציוניסטישער פירערשאַפט, איז ער אַריינגעפאָרן קיין ירושלים, רייטנדיק אויף אַ ווייסן אייזל. און ווייל אַרום אים איז נישט געווען קיינער, וועלכער זאָל אים זאָגן דעם אמת אין די אויגן, האָט עס אויסגעזען, ווי ער איז דער וועלכער ברענגט די בשורה וועגן משיחן.

ס׳איז מיין באַשיידענע מיינונג, אַז בן־גוריונס אַטאַקעס קעגן ווייצמאַנען און זיין פאָדערונג ביי ד״ר וויזן אין הויז, אַז ווייצמאַן זאָל רעזיגנירן, זענען געקומען דערפאַר, ווייל בעצם זענען זיי געווען אייניק צווישן זיך. אויב ווייצמאַן איז איינשטימיק מיט בן־גוריונען אין דער פּאָליטיק און בן־גוריון איז איינשטימיק מיט ווייצמאַנען, איז עס נישט גוט. דאַן איז נישט פאַראַן קיין שום אמתע סיבה פאַר אַראָפּזעצן ווייצמאַנען. דעריבער מוז מען אויסטראַכטן סיבות, און בן־גוריון האָט אויסגעטראַכט סיבות: ווייצמאַן איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס עס איז נישט געווען קיין יידישע אַרמיי: ווייצמאַן האָט געהאַנדלט אויף דער אייגענער האַנט; ווייצמאַן האָט נישט אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פון אַמעריקע.

די דאָזיקע מאָטיוון זענען נישט אָנערקענט געוואָרן אין אַמעריקע. איז בן־גוריון אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל און האָט פאָרגעשטעלט דאָס בילטמאָר־פּראָגראַם ווי אַ נצחון פון זיין קאָנצעפּציע איבער ווייצמאַנס.

אָט ווי אַזוי מען מאַכט געשיכטע.

# 14. מלחמה-יאָרן

פון 1941 ביז 1946, ווען ווייצמאַן איז געוואָרן אויס פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, בין איך געווען דירעקטאָר פון דער יידישער אַגענטור פאַר ארץ־ישראל אין ניו־יאָרק. דאָס האָט צוגענומען ביי מיר אַ סך ענערגיע און צייט, באַזונדערס אין די ערשטע יאָרן פון דער מלחמה. געווען דעמאָלט דער „עמוירדזשענסי ראַט" (ראַט פאַר אויסנאַם־צושטאַנד) פאַר ציוניסטישע ענינים, אַ דאַך־אָרגאַניזאַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטישע גרופּעס, פון וועלכער איך בין געווען סעקרעטאַר. איך בין געווען פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע פאַר ספּעציעלע ענינים, אַ מין פּרעסע־אָפּטיילונג פון דעם „עמויר־דזשענסי־ראַט".

נאָך דער בילטמאָר־קאָנפערענץ אין 1942, האָב איך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די אַמעריקאַנער יידישע קאָנפערענץ, וואָס האָט געשאַפן אַ רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט פאַרן גאַנצן אַמעריקאַנער יידנטום. איך האָב קאָאָרדינירט אונ־דזער אַרבעט מיט דעם ביוראָ פון דער יידישער אַגענטור אין וואַשינגטאָן. איך האָב כסדר געמאַכט אָנשטרענגונגען פאַר פאַרשטאַרקן דעם אינערלעכן שלום צווישן די אָרגאַניזירטע ציוניסטישע קערפּערשאַפטן און האָב אָפּגעשטויסן די אַטאַקעס פון די „אַנטי־עסטאַבלישמענט"־ציוניסטן, די רעוויזיאָניסטן, וועלכע זענען אין דער דאָזיקער קריטישער תקופה פון דער געשיכטע, דערשינען אויף דער סצענע אַלס „יידישער אַרמיי־קאָמיטעט".

אָבער קיין שום אַכט־שעה־פּאָסטן, ווען אַפילו ער האָט מיך פאַרנומען זעכצן שעה אין מעת־לעת, איז נישט געווען גענוג פאַר אויסנוצן מיין גאַנצע ענער־גיע. מיינע אַקטיוויטעטן האָבן זיך גיך אויסגעשפּרייט מחוץ די גרענעצן פון דער יידישער אַגענטור, און איך בין געוואָרן אַריינגעשלעפּט אין פאַרשידענע אַנדערע אונטערנעמונגען. איינע פון זיי איז געווען דאָראָטי טהאָמפּסאָנס „פּרייהייטס־רינג", פון וועלכן עס איז שפּעטער אויפגעשטאַנען דאָס „פריי־הייטס־הויז" (וועגן דאָראָטי טהאָמפּסאָן וועל איך שרייבן אין אַ קאַפּיטל, וואָס וועט זיין געווידמעט איר). אַ צווייטע אונטערנעמונג איז געווען דער גורל פון דער וואָכנשריפט „ביישן". נאָך אַן אַנדערער ענין איז געווען צו רעדאַגירן

אַ בוך וועגן ווייצמאַנען, אַ מין „פייערונג־שריפט‟, צו זיין זיבעציקסטן געבורטס־טאָג. אין מיין פרייער צייט האָב איך זיך אַ ביסל פאַרנומען מיט זאַמלען אַ פאָנד פאַרן דניאל זיוו־אינסטיטוט אין רחובות. עס זענען נישט געווען אין דעם אַלעם קיין אָרגאַניזאַציאָנעלע סתירות. איך האָב געהאַט באַזונדערע סעקרע־טאַרשעס און אָפּגעטיילטע ביוראָ־טישן. מיין ביוראָ איז געווען אַן אימפּעריע, וואָס האָט אַלץ אַרומגענומען און וואָס האָט זיך געשטיצט אויף אַ פּשוטן יסוד: וואָס איז גוט פאַר דער וועלט, איז גוט פאַר יידן (און להיפוך), און איז סוף־כּל־סוף אויך גוט פאַר דער יידישער אַגענטור. און ווייל איך האָב סיי ווי געשאַפן דאָס געלט פאַר מיין שׂכירות, בין איך געווען מיין אייגענער באַלעבאָס.

איינער פון די גאָר אויסערגעוויינלעכע פּראָיעקטן, וואָס איך האָב גענומען אונטער מיין שוץ אין 1941, איז געווען אַן עקספּערימענט פון דער מעדיצי־נישער וויסנשאַפט. אין איינעם אַ טאָג זענען ד״ר קורט בלומענפעלד און מאַרטין ראָזענבליט געקומען מיך זען. בלומענפעלד איז געווען איינער פון די פירנדיקע אינטעלעקטועלע כּוחות פון דייטשן ציוניזם, פריער אין דער תּקופה פאַר היטלערן. ער איז געווען אַ פריינד און אַן אָנהענגער פון חיים ווייצמאַן. אין אַ געוויסער מאָס איז ער אויך געווען דער, וועלכער האָט געמאַכט איינשטיינען פאַר אַ ציוניסט. ער האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישׂראל אין די דרייסיקער יאָרן. ראָזענבליט איז געווען איינער פון די איידלסטע און אָנגענעמסטע מענטשן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער איז אינטערנירט געוואָרן דורך די ענגלענדער אַלס אַ „פיינטלעכער אויסלענדער‟, אָבער ער איז באַפרייט געוואָרן אויף חיים ווייצמאַנס פאָדערונג. זיין ברודער, פּנחס ראָזען, איז שפּעטער געוואָרן ישׂראלס יוסטיץ־מיניסטער.

ד״ר קורט בלומענפעלד און מאַרטין ראָזענבליט האָבן געהאַט אַ מיסיע. אַ צאָל דייטש־יידישע פּליטים זענען געהאַט אָנגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. צווישן זיי האָט זיך געפונען אַ ד״ר יאַקאָב, וועלכער האָט, לויט בלו־מענפעלדן און ראָזענבליטן, „דערפינדן‟ אַ מיטל צו היילן קאַנסער. אַ סך מענטשן האָבן געשוווירן, אַז זיי זענען דורך אים אויסגעהיילט געוואָרן. דער קיצור המעשה פון אונדזער לאַנגן שמועס איז געווען, אַז ד״ר יאַקאָב נויטיקט זיך אין פינף און זיבעציק טויזנט דאָלאַר פאַר ענדיקן זיינע פאָרשונגען. ווען זיי וועלן זיין פאַרענדיקט, איז ער גרייט איבערצוגעבן די רעזולטאַטן צו ד״ר ווייצמאַן, וועלכער וועט דאָס איבערגעבן דער וועלט, און די וועלט וועט אונדז דאַן געבן ארץ־ישׂראל, אַלס אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט.

דאָס אַלץ איז געווען אויסערגעוויינלעך נאַיִוו און האָט אויך געקלונגען אויסערגעוויינלעך פאַנטאַסטיש. אָבער איך בין שוין געווען צוגעוווינט צו ווערן אַריינגעשלעפּט אין פאַנטאַסטישע פאָרשלאָגן. איך האָב טעלעגראַפירט צו ווייצמאַנען וועגן אַן עצה, סיי אַלס וויסנשאַפטלער אוןו סיי אַלס פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך באַקומען אַ פּאָרזיכטיקן ענטפער: „באַראַט זיך מיט פּראָפעסאָר נאַכמאַנסאָן אין יעיל, און

אויב ער מיינט, אַז עס איז עפּעס דאָ אין דעם, טוט עס". איך האָב געבעטן פּראָפעסאָר נאַכמאַנסאָנען, אַז ער זאָל מיר געבן זיין מיינונג. און זיין ענטפער איז געווען, אַז עס קאָן זיין כדאַי.

איך האָב זיך באַגעגנט מיט ד"ר יאַקאָבן, וועלכער האָט גערעדט צו מיר מיט מיסטעריעזע ווערטער וועגן פּאַנקרעאָס און פאַרשידענע אַנדערע אברים, און ווי אַזוי ער האָלט שוין אָט־אָט ביים מאַכן אַ סוף צו דער קללה פון קאַנסער פאַר דער מענטשהייט. ד"ר יאַקאָב איז אויך געווען אַן ערשטקלאַסיקער שפּילער אין ברידזש, וואָס האָט זייער אַ סך געהאָלפן אין אונדזערע דיסקוסיעס. אָבער דאָס אמתע פּראָבלעם פאַר מיר איז געווען, ווי אַזוי צו שאַפן די פינף און זיבעציק טויזנט דאָלאַר.

אין יענער צייט בין איך געווען זייער נאָענט מיט דאָראָטי טהאָמפּסאָן. וויצמאַן איז געווען פאַר איר אַ גאָט, און איך בין געווען זיין שטעלפאַרטרעטער אויף דער ערד. זי האָט אָנגעהויבן מיט העלפן מיר צו קריגן אַ פּלאַץ פאַר דער לאַבאָראַטאָריע. דאָס איז געווען — איבערגעבנדיק ריכטיק דעם סיפור המעשה — אין דעם קעלער פון איר אייגן הויז, איידער עס איז געוואָרן איבערגעבויט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון די גרעסטע פאַרזאַמלונגס־ערטער אין מאַנהעטן פאַר דער אינטעלעקטועלער עליטע. זי האָט מיך אויך אַרויפגעפירט אויפן וועג צו קריגן געלט. „פאַר וואָס זאָלט איר נישט גיין זען דאָלין?" (דאָראָטי שיף, דעמאָלט פרוי דזשאָרדזש בעקער, די אייגנטימערין פון „ניו יאָרק פּאָסט"). „איר מוטער איז געשטאָרבן פון קאַנסער. זי וועט אייך אוודאי געבן דאָס געלט. און ווען דאָס היילמיטל וועט ענדלעך אַנטוויקלט ווערן, וועט די ערשטע מיטטיילונג וועגן דעם געמאַכט ווערן אין דער „פּאָסט". און דער „סקופּ" (דאָס אַרויסקומען דער ערשטער מיט גרויסע נייעס) וועט ווערט זיין פאַר זיי אַן אוצר".

איך האָב אָנגענומען דאָראָטי טהאָמפּסאָנס עצה, און בין אַוועקגעגאַנגען זען דאָלין. דאָלי האָט מיך אויסגעהערט און איז געוואָרן שטאַרק פאַראינטערעסירט. זי האָט אָבער נישט געהאַט גרייט קיין מזומנים. און דאָ האָב איך דערזען פאַר מיינע אויגן, ווי עס קראַכט דער גאַנצער פּלאַן וועגן דער יידישער מדינה, און ווי עס ווערט דערלאַנגט אַ שרעקלעכער קלאַפּ דער גאַנצער מענטשהייט — אַלץ דערפאַר, ווייל עס איז נישטאָ דאָס ביסל מזומנים.

דאָלי, באַמערקנדיק דעם גרויסן פחד אויף מיין פנים, איז פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען: „איך האָב אַן אידעע. מאיר, וואַרט אַ מינוט". און זי איז אַוועקגעלאָפן און צוריקגעקומען עטלעכע מינוט שפּעטער מיט אַ קעסטעלע צירונג אונטערן אָרעם. איך האָב קיין מאָל נישט געזען אַזויפיל טייערע דימענטן. דאָס ערשטע, וואָס זי האָט אַרויסגענומען איז געווען אַ טיאַרע, אַרומגעפּאַסט מיט דימענטן און רובין־שטיינער. „דאָס אַלץ האָט מיין פאָטער געקויפט פאַר מיין מוטער צו דער קרוינונג פון קעניג עדוואַרד דעם זיבעטן". דערנאָך זענען געקומען רינגען, בראָשן, האַלדזבענדער און בראַסלעטן.

„נעמט דאָס אַלץ" — האָט זי מיר געזאָגט — „איר וועט קריגן די פינף און זיבעציק טויזנט דאָלאַר. און וואָס עס וועט איבערבלייבן, באַהאַלט פאַר זיך".

איך בין געווען זייער טיף גערירט. אָבער איך האָב געזאָגט: „דאָלי, איר דערוואַרט נישט פון מיר, אַז איך זאָל אַריינגיין אין אַן עסק מיט צירונג".

אָבער אינספּיראַציע גוררת אינספּיראַציע. איך האָב גענומען דאָס טעלעפאָן־טרייבל און האָב אָנגעקלונגען צו מיין פריינד איזידאָר ליפשיץ. „איזידאָר" — האָב איך געזאָגט — „איך דאַרף אייך האָבן. ס'איז אַן ענין פון טויט און לעבן". ער האָט אַ ברום געטאָן. ער איז געווען שטאַרק פאַרנומען און האָט געהאַלטן אין מיטן פון עפּעס אַ גרויסער טראַנזאַקציע. אָבער ער איז אַריבערגעקומען.

נאָכן אויסהערן די געשיכטע האָט ער אַרויסגענומען זיין פאַרגרעסער־גלאָז צו באַטראַכטן די צירונג. איך בין געזעסן, און דאָס האַרץ האָט אין מיר געקלאַפּט, ווי מיט אַ האמער. ענדלעך האָט ער זיך־אומגעדרייט צו דאָלין און איר געזאָגט:

„מיין טייערע פרוי בעקער, איך וואָלט אייך געעצהט נישט צו פאַרקויפן די דאָזיקע זאַכן. זיי האָבן אַ צו־גרויסן ווערט. די פרייזן זענען איצט נידעריקע. אָבער אויב עס פעלן אייך אויס מזומנים, וועל איך אייך אויסלייען דאָס געלט. לייגט אַריין צוריק אייער צירונג אין אייער שאַצקאַמער. איך דאַרף נישט קיין וועקסלען און קיין גאַראַנטיעס. אייער וואָרט איז גוט פאַר מיר. איך וועל געבן דאָס געלט ווייסגאַלן פאַר זיין הייליקן צוועק".

ווען דאָלי איז געקומען צו זיך פון דער איבעררעשונג, האָט זי אויסגערופן:

„ניין, מר. ליפשיץ, איך קען באמת נישט פאַרלאַנגען פון אייך, אַז איר זאָלט דאָס טאָן. איך רעכן אַז איך וועל שוין ווי־עס־איז געפינען דאָס געלט".

און ווענדנדיק זיך צו מיר, האָט זי געזאָגט: „וועט זיין גוט פאַר אייך, ווען איך וועל אייך געבן דאָס געלט אין דריי מאָנאַטלעכע ראַטעס, צו פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר?"

„וואָס פאַר אַ פראַגע?" — האָב איך געענטפערט — „אַוודאי וועט עס זיין גוט".

און ד"ר יאַקאָב האָט געקאָנט אָנהויבן אַרבעטן. אין דאָראָטי טהאָמפּסאָנס קעלערשטוב איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ לאַבאָראַטאָריע. און עס זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן די מייז, גרייט פאַר דורכפירן איבער זיי די עקספּערימענטן, און — מאַכן אַ תל פון זיי.

אין דער צייט, ווען ד"ר יאַקאָב איז געווען פאַרנומען מיט היילן די וועלט פון קאַנסער, האָבן דזשאָרדזש און דאָראָטי בעקער און איך פאַרבראַכט אָן אַ שיעור אָוונטן, פּלאַנירנדיק ווי אַזוי מיר וועלן אָנזאָגן דער וועלט די גרויסע בשורה אין דער „ניו יאָרק פּאָסט". די דאָזיקע רעוואָלוציע אין דער וויסנשאַפט וועט זיין אַן אומגעהויערע סענסאַציע פאַר דער צייטונג. דער טיראַזש פון דער צייטונג וועט מיט אַ מאָל געבן אַ שפּרונג און דער גרויסער הומאַניטאַרער אויפטו וועט ברענגען די דאַנקבאַרקייט פון דער וועלט פאַרן יידישן פאָלק. די דאָזיקע צווייפלהאַפטע מעגלעכקייטן האָבן מיט אַ מאָל געפּלאַצט.

עטלעכע חדשים שפּעטער איז דער אַנטוישטער ד״ר יאַקאָב נעלם געוואָרן. מען האָט געזאָגט, אַז ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

דערמיט רייסט זיך איבער די דאָזיקע אויסטערלישע געשיכטע.

אָנהויב 1942 זענען ד״ר ווייצמאַן און זיין פרוי דערשיטערט געוואָרן פון דעם אומקום פון זייער יונגן זון מיכאל אין דעם ענגלישן לופטפלאָט. זיי האָבן געהאַלטן ביים אָפּפאָרן נאָך אַ מאָל אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווען זיי האָבן געקראָגן די בשורה אין בריסטאָל. אַ חודש צייט האָבן זיי זיך אַרומגעטראָגן מיט דער האָפענונג, אַז אפשר וועט מען זייער זון נאָך געפינען אין ים און אַרויס־ראַטעווען. אָבער די האָפענונג איז אויסגעגאַנגען, און זיי האָבן זיך ווידער אַוועקגעלאָזט אויף זייער אַמעריקאַנער מיסיע. מען האָט געזאָגט, אַז זייער לעבן איז פאַרחושכט געוואָרן.

איך האָב זיי באַגעגנט אויפן לופטפעלד און האָב זיי אָפּגעפירט אין סעינט רידזשיס האָטעל אין ניו־יאָרק. איך האָב אַראַנזשירט, אַז איך וועל אַריבערקומען צו זיי שפּעט נאָך מיטאָג. אונדזער געשפּרעך האָט זיך געצויגן שווער און פּיינלעך. דער טיפער וויטיק איז געלעגן אויף זייערע פּנימער. דאַן האָט ווייצמאַן צופעליק מיך אַ פרעג געטאָן, וואָס עס איז געוואָרן פון ד״ר יאַקאָבן און זיין פּלאַן צו היילן קאַנסער. איך וואָלט זיי געקאָנט דערציילן די טרויעריקע געשיכטע קורץ און אָן פּרטים. אַנשטאָט דעם האָב איך זיך אַריינגעלאָזט אין אַ לאַנגער מעשה, באַפּוצט מיט נאָך מער פּליטערלעך, ווי איך האָב זי אויבן באַשריבן. די טראַגעדיע פון דעם זעלבסטמאָרד איז צערונען געוואָרן אין דעם ים פון לעכערלעכע און מאָדנע איינצלהייטן, מיט וועלכע איך האָב זיך צעשפּרייט. און באַלד האָבן ד״ר ווייצמאַן און זיין פרוי האַרציק געלאַכט אַ היפּשע צייט. ווען איך האָב פאַרענדיקט די לאַנגע מעשה, האָב איך געזאָגט, אַז איך דאַרף גיין אַהיים צו מיין פרוי און קינדער, און איך האָב זיך געזעגנט.

צו מאָרגנס באַלד אין דער פרי האָב איך באַקומען אַ דרינגנדן טעלעפאָן־רוף פון ד״ר ווייצמאַנען: „מאיר, איך דאַרף אייך זען״. איך בין אַוועקגעלאָפן אין האָטעל, און ווען איך בין אַריינגעקומען אין זייער צימער, האָט ווייצמאַן, וועלכער איז נאָך געווען אין זיין פּידזשאַמע און הויזראָק, מיך אַרומגעהאַלדזט און גע־קושט. מיט סימנים פון טרערן אין די אויגן האָט ער מיר געזאָגט: „מאיר, איך וועל אייך זיין דאַנקבאַר ווי לאַנג איך וועל לעבן דערפאַר, וואָס איר האָט נעכטן אויף דער נאַכט געטאָן פאַר מיר און פאַר וויעראַן. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, זינט מיכאל איז פאַרשוווּנדן, אַז מיר האָבן זיך גוט צעלאַכט. איך וועל דאָס קיין מאָל נישט פאַרגעסן״.

ווען איך האָב וועגן דעם דערציילט דאַלין און דזשאָרדזש בעקערן, האָבן זיי איינגעשטימט, אַז דאָס איז געווען אַ סך מער ווערט, ווי די פינף און זיבעציק טויזנט דאָלאַר, וואָס זיי האָבן פאַרלוירן.

אין 1943 איז מיין זון מענדי אַוועק אין דער מלחמה, און מיין טאָכטער העלען האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און האָט געמאָלדן, אַז זי

האָט בדעה אַוועקצופאָרן אין אַ קיבוץ אין ארץ־ישׂראל און דאָרט וווינען. ביידע געשעענישן האָבן אונדז שטאַרק צערודערט — מיט מענדין איבער פאַרשטענד־לעכע טעמים, און מיט העלען — איבער דער אַבסאָלוטער זיכערקייט, מיט וועל־כער זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איר „בורזשואַזער פאַרגאַנגענהייט" (אין וועלכער זי האָט אַריינגערעכנט אירע עלטערן) און האָט אָנגענומען די פּראָלעטאַרישע אידעאָלאָגיע פון „השומר הצעיר": גיין אָנגעטאָן אין אָפּגעריסענע קליידער; אַרויסלאָזן זיך צו פוס, איין גאָט ווייס וווהין, מיט אַטראַקטיווע (אָדער אַזוי האָט זי געמיינט) יונגע בחורים מיט די זעלבע אידעיִשע איבערצייגונגען און באַציִען זיך מיט פאַראַכטונג צו פאָרמעלער בילדונג. אין יענער צייט איז משה פורמאַנסקי, פון קיבוץ משמר העמק, געווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַלס שליח פון דער „השומר־הצעיר"־באַוועגונג. זיין פרוי אלישבע האָט געהאַט אַ פּאָסטן ביי מיר, און ער האָט שטענדיק זיך באַקלאָגט, אַז זיין ווייב אַרבעט זיך ביי מיר איבער, און אַז איך בין אין דעם שולדיק. איין מאָל האָב איך אים געזאָגט: „גיט מיר צוריק מיין טאָכטער, וועל איך אייך צוריקגעבן אייער ווייב". העלענס באַקערן זיך צום ציוניזם איז אין אָנהויב געווען אַ פאַרלייכטערונג פאַר מיין געמיט. אין איר ליידנשאַפטלעכן ענטוזיאַזם פאַר אידייען (איך מיין, אַז זי האָט דאָס געהאַט בירושה) האָט זי געהאַט געפלירטעוועט מיט דער „ליגע פון יונגע קאָמוניסטן". ס'האָט נישט לאַנג געדויערט אויסצוגעפינען, אַז איר באַקערן זיך צום ציוניזם איז געווען אַ געמישטע ברכה.

איך קאָן נישט זאָגן, וועלכער עלעמענט איז געווען שטאַרקער אין איר שטורמישן גייסטיקן געמיט: דער ציוניזם, אָדער דער קאָמוניזם. אָבער ס'איז געווען זיכער, אַז זי האָט זיך אין גאַנצן געווידמעט דעם אידעאַל פון חלוציזם. איך האָב באַטראַכט פאַר אַ ביסל איראָניש, ווען ווייצמאַן האָט מיך גענומען שטעכעלירן אויף דער טעמע: „וואָס איז וועגן חלוציזם אין אַמעריקע, וועגן וואָס איך האָב אייך געשריבן אין מיין לעצטן בריוו? איך בין אַנטוישט דערפון, וואָס איר האָט נישט דערמאָנט וועגן דעם אין אייער בריוו צו מיר". איך האָב אים קיין מאָל נישט געזאָגט, אַז איך האָב שוין געבראַכט דעם העכסטן קרבן אויפן דאָזיקן שלאַכטפעלד.

דאָס יאָר 1943 האָט געבראַכט איינע פון די קאַרדינאַלע ענדערונגען אין דעם קאַמף פאַר קריסטאַליזירן די באַציִונג פון יידן צום ציוניזם. מיר האָבן געדאַרפט דורכגיין אויף דעם וועג עטלעכע שטאַפּלען. די אויפגאַבע, אין וועלכער מיר האָבן זיך איצט געהאַט אַריינגעלאָזט, איז פאַקטיש באַשטאַנען אין געבן אַ דעמאָ־קראַטישן אויסדרוק פאַר דעם כאַראַקטער פון אַמעריקאַנער יידנטום. דאָס, וואָס מיר האָבן גערופן אַמעריקאַנער יידישע קאָנפערענץ, איז באמת געווען אַ קאָנגרעס פון אַמעריקאַנער יידנטום. ווי דאָס איז געשען מיט דער בילטמאָר־קאָנפערענץ, האָט ד"ר ווייצמאַן גענומען די איניציאַטיוו אויף פאַר צונויפרופן די „אַמעריקאַנער יידישע קאָנפערענץ". עס איז געווען אַ גרופּירונג פון פיר כּוחות, און יעדער פון זיי איז געווען רעפּרעזענטירט דורך זיין סעקרעטאַר: לילי שולץ פון אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס; מאָריס ביסגייער פון דער מעכטיקער „בני־ברית"־אָרגאַניזאַ־

ציע, וועמענס אמתער פירער איז געווען העברי מאָנסקי (הגם ער איז געשטאַנען מחוץ דעם ציוניסטישן לאַגער, איז ער אין גאַנצן געווזנען געוואָרן דורך ווייצמאַ־נען); דזשען עוואַנס, פון נאַציאָנאַלן ראַט פון יידישע פרויען; און איך, אַלס קאָ־אָרדינאַטאָר און אין אַ געוויסן זין דער ראש וראשון אין דער חברותא, רעפּרע־זענטירנדיק די ציוניסטן.

דאָס איז געווען דער אָפיציעל באַשטימטער סעקרעטאַריאַט. אין צוגאָב האָבן מיר געהאַט אַ גרויסן פּערסאָנאַל, פון וועלכן דער וויכטיקסטער מיטגליד איז געווען מאיר גראָסמאַן, אַ גרויסער זשורנאַליסט, דער אָנפירער פון אונדזער פּרעסע־ביוראָ. ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ געשפּאָלטענע פּערזענלעכקייט. ער איז געווען דער פּרעזידענט פון דער יידנשטאַטס־פּאַרטיי, אַ גרופּע וואָס האָט זיך געהאַט אָפּגעריסן פון די רעוויזיאָניסטן. אָבער אין זיין פליכט אַלס אַ מיט־גליד פון סעקרעטאַריאַט פון דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנפערענץ האָט ער זיך פאַרהאַלטן קאָרעקט, און מיר האָבן אים נישט געקאָנט מאַכן קיין שום פאַר־וווּרפן. זיין אַפּיקורסות האָט זיך אָנגעהויבן אין די שעהען, ווען ער איז נישט געווען אין ביוראָ, און ווען ער איז געווען פריי צו דערקלערן זיך אַליין ווי אַ מינדערהייט כמעט פון איין פּערזאָן.

איך האָב געקענט מאיר גראָסמאַנען פון די צייטן פון „ניו פּאַלעסטיין”, ווען ער אַליין האָט רעדאַגירט אַן אַנדער זשורנאַל. איך געדענק אַ מאָדנעם אינצי־דענט פון די שפּעטערדיקע יאָרן, אין 1943. גראָסמאַן האָט געשיקט זיין טאָכטער, רינה, מיך צו זען. זי האָט מיר מיטגעטיילט, אַז זי איז גרייט פאָרצושלאָגן איר אַרבעט פאַרן יידישן פאָלק אומעטום, ווו עס וועט זיין נויטיק. איך האָב איר געדאַנקט און האָב איר געזאָגט, אַז זי זאָל קומען אין צוואַנציק יאָר אַרום. זי האָט דאָס געטאָן. און צוואַנציק יאָר שפּעטער איז זי געוואָרן רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל „רחובות” פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. אין דער צווישנצייט האָט זי באַקומען אירע שריפטשטעלערישע דערפאַרונגען אין „ניו יאָרק טיימס”, אין זשורנאַל „טיַים”, און ווען זי האָט דאָרט אויפגעהערט אַרבעטן, האָט זי געהאָלפן אָרגאַניזירן די אינפאָרמאַציע־דינסט פון ישׂראל־קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק.

ס'איז שווער איבערצוגעבן די שטימונג און אָפּשאַצן דעם זין פון אונדזערע דערוואַרטונגען און האָפענונגען אין די קאַמפן און געראַנגלען, וואָס מיר האָבן געפירט אין דער תקופה פון די מלחמה־יאָרן פאַר אונדזערע פאָדערונגען וועגן ארץ־ישׂראל. אין אַ סך פון דעם, וואָס מיר האָבן געטאָן, האָבן די צילן זיך אָנגע־שטויסן איינער אין אַנדערן. עס איז נישט געווען קיין איינהייטלעכע אָנפירונג. און דאָך איז פון דעם אַרויסגעוואַקסן אַ געפיל פון אַ געמיינזאַמען גורל און פון אַ בשותּפותדיקן פּאָלקסציל.

מיר האָבן געדאַרפט שאַפן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן אינסטרומענט, נאָך איידער די אָרגאַניזאַציע גופא איז געגרינדעט געוואָרן. מיר האָבן געדאַרפט אָרגאַניזירן און פאַראייניקן דאָס פאָלק און גלייכצייטיק פאָרמולירן אַ פּראָגראַם. צוויי און אַ האַלבער מיליאָן יידן האָבן זיך באַטייליקט אין וויילן דעלעגאַטן. דאָס האָט די „אַמעריקאַנער יידישע קאָנפערענץ” זיך פאַרוואַנדלט אין דער ערשטער דעמאָקראַ־

טישער פאַרזאַמלונג פון דעם גרעסטן יידישן ישוב אין דער וועלט. די וואַלן זענען דורכגעפירט געוואָרן לאָקאַל, און יעדער איינער האָט געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצושטעלן קאַנדידאַטן — ציוניסטן, נישט־ציוניסטן, אַנטי־ציוניסטן (יעדער ייד איז געווען עפּעס אַ מין ציוניסט!). אַז די וואַלן זענען דורכגעפירט געוואָרן ערלעך און דעמאָקראַטיש, האָבן אַלע מסכּים געווען. און וועגן דעם איז נישט אַנגעגאַנגען קיין שום וויכּוח. אַ סך דורכגעפאַלענע קאַנדידאַטן האָבן דאָס צוגע־געבן. איך אַליין האָב געשטימט און בין געוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט פון די „פּועלי־ציון". ווען איך האָב „גראַטולירט" די פּועלי־ציון פאַר זייער שׂכל־הישר אויסצוקלייבן מיך אַלס זייערן אַ קאַנדידאַט, האָט דוד ווערטהיים, זייער סעקרע־טאַר, געענטפערט: „ווען איר וואָלט געווען מיט די „פּועלי־ציון" פינף און צוואַנ־ציק יאָר, ווי איר זענט מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע, וואָלטן מיר געלאָזט, אַז זיי זאָלן אייך האָבן".

ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער סוף פון די צוגרייטונגען, האָב איך גע־שריבן ווייצמאַנען: „איך וועל אייך האַלטן אינפאָרמירט וועגן די אַנטוויקלונגען. נאָך אַלעמען איז עס אייער קינד. איך האָף, אַז עס וועט זיך נישט אויסלאָזן צו זיין אַ ממזר, און אַז איר וועט האָבן פון אים אַ ביסל נחת".

סוף אויגוסט 1943 האָט די אַמעריקאַנער יידישע קאָנפערענץ זיך געעפנט אין איינעם פון די גרויסע זאַלן פון וואַלדאָרף אַסטאָריאַ. אַ קאָמיסיע פון פינף, פון וועלכער איך בין געווען אַ מיטגליד, האָט אָרגאַניזירט די קאָנפערענץ. ליפּסקי איז געווען פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע. די וויכטיקסטע סוב־קאָמיסיע — דער סאַמע תּמצית פון דער קאָנפערענץ — איז געווען די ארץ־ישׂראל־סוב־קאָמיסיע, פון וועלכער אבא הלל סילווער איז געווען פאָרזיצער, און איך — דער סעקרעטאַר. די מיטגלידערשאַפט איז באַשטאַנען פון די פירנדיקע גייסטער פון די באַזונדערע גרופּעס: ריכטער פּראָסקאַוער פון דעם נישט־ציוניסטיש „אַמערי־קאַנער יידישן קאָמיטעט"; פאָרשטייער פון רעפאָרם־יידן און פון רבנים, סיי ציוניסטן, סיי נישט־ציוניסטן און סיי קעגנער פון ציוניסטן — זענען געווען די הויפּט־מיטגלידער פון דער סוב־קאָמיסיע.

עס זענען געווען פאַרשיידענע גרופּירונגען, און באַזונדערע אינערלעכע גרו־פּעס אין יעדער פראַקציע. כּלערליי מינים פון שטרעמונגען האָבן זיך צעשפּילט. די ציוניסטן האָבן געהאַט אַ קלאָרע ליניע: די פאָדערונג פאַר אַ יידישער קאָמאַנ־וועלט. די, וועלכע מיר האָבן געקאָנט אָנרופן בלויז „טיילווייזע" ציוניסטן, האָבן מער אָדער ווייניקער איינגעשטימט אויף אַן ענלעכער פּלאַטפאָרם. מיר — דאָס מיינט די הונדערט־פּראָצענטיקע ציוניסטן — האָבן געשטרעבט אַריינצוברענגען אין דעם פּלענום פון דער קאָנפערענץ אַן איינהייטלעכע רעזאָלוציע, אויסמיידנ־דיק אַ מינדערהייטס־באַריכט. דער דאָזיקער מינדערהייטס־באַריכט האָט פאָרגע־שטעלט מיט זיך אַן אַלטע „אָפּגעריבענע מטבע". עס האָט געהייסן, אַז אין דער רעזאָלוציע דאַרף געזאָגט ווערן עפּעס וועגן „הונדערט פּראָצענט לאָיאַלע אַמע־ריקאַנער", ווי דאָס וואָלט באמת געווען אַ פּראָבלעם. און דאָך — אַלס אַ שאָטן פון אַ פּראָבלעם האָט זיך עס אַרויסגעוויזן צו זיין היפּש אָפּשטויסנדיק. קיינער האָט נישט אָפּגעפרעגט די אומגעטיילטע לאָיאַליטעט פון די אַמעריקאַנער יידן צו

די פּאַראייניקטע שטאַטן, און פון דעסטוועגן איז די דאָזיקע פראַגע אַרויסגעקומען.
די קאָמיסיע האָט זיך צעטיילט: צוויי און זעכציק שטימען זענען געווען פּאַר דער פּאַראייניקטער ארץ־ישׂראל־רעזאָלוציע, און צוויי — קעגן. די צוויי קעגנעריש שטימען זענען אָפּגעגעבן געוואָרן דורך ריכטער פּראָסקאַוער און יעקב בלאַושטיין, אַ נאַפט־מאַגנאַט. דער קוריאָז איז געווען, אַז פּראָסקאַוער האָט באמת געפירט אַ קאַמף מיט זיך אַליין. עפּעס האָט אים געמאַטערט, און ער האָט נישט געקענט דערגיין, וואָס אַזעלכעס דאָס איז. איך בין געווען אומרויִק וועגן אים, און איך האָב אויך נישט געקאָנט וויסן פּאַר וואָס. שילדערנדיק דעם דאָזיקן טייל פון דער קאָנפערענץ, האָב איך געשריבן ווייצמאַנען: „איך מוז זאָגן, אַז פּראָסקאַוערס אויפפירונג איז נישט געווען קיין שלעכטע. מען האָט געזען, אַז ער איז געריסן געוואָרן פון די אַרגומענטן, באַזונדערס פון דער פּערזענלעכער ווענדונג, וואָס הערמאַן שולמאַן האָט געמאַכט צו אים, אַז ער זאָל אָננעמען אַ נייעם קליענט — דאָס יידישע פאָלק. איר קאָנט גלויבן אָדער נישט — אַ טרער איז אַראָפּגערונען אויף פּראָסקאַוערס באַקן. אָבער ער איז געווען געבונדן מיט דעם באַשלוס פון „אַמעריקען דזשויִש קאָמיטע״.

הערמאַן שולמאַן איז געווען אַן אַדוואָקאַט, אַזוי ווי פּראָסקאַוער. ער איז רייך געוואָרן גאַנץ צופעליק, ווען ער האָט אַן האָנאָראַר איבערגענומען דעם פּראָצעס, וואָס „פּעפּסי־קאָלאַ״ האָט פאַרפירט קעגן „קאָקאַ־קאָלאַ״. ער האָט דעם פּראָצעס געוווּנען, און „פּעפּסי־קאָלאַ״ האָט אים אַרויסגעוויזן איר דאַנקבאַרקייט דורך געבן אים אַקציעס פון דער פירמע, אַנשטאָט געלט. ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט, און זיין פרוי רעבעקאָ איז געווען איינע פון די פּראָמינענטסטע פירערינס פון „הדסה״, און אַ געוויסע צייט אויך פּרעזידענטין פון דער אָרגאַניזאַציע.

באמת איז געווען בלויז איין פּראָבלעם אויף דער קאָנפערענץ — די רעזאָלוציע וועגן ארץ־ישׂראל. אַלע אַנדערע דעבאַטעס האָבן די דעלעגאַטן בייגעווינט מיט אומגעדולד. מ׳האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס אַמעריקאַנער יידנטום קלייבט צונויף אַלע זיינע כּוחות, בכדי דורכצוברעכן די וואָקלעניש, דעם פּחד און די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן אין די דיסקוסיעס, וואָס זענען אָנגעגאַנגען אין משך פון אַ סך יאָרן, און אַפילו פון יאָרהונדערטער פון אָנגעזאַמלטער שפּאַנונג. אין סאַמע לעצטן מאָמענט איז — ווי בכדי צו געבן דעם אַנטשיידנדיקן שטויס — געקומען פון דעם טפשותדיקן „אַמעריקען קאָונסיל פאַר דזשודאַיִזם״ אַן אַנאָנס אויף אַ פולער זייט אין „ניו יאָרק טיימס״, ווו די גאַנצע קאָנפערענץ איז דערקלערט געוואָרן אַלס אומאַמעריקאַניש און נישט־יידיש. די דאָזיקע דערקלערונג איז געקומען פונקט אין דער ריכטיקער צייט — אָבער נישט אין דער ריכטונג, אין וועלכער זי איז געווען געצילט.

זוכנדיק אַרויסצורופן אַ צערודערונג צווישן די דעלעגאַטן, האָט דער „קאָונסיל פאַר דזשודאַיִזם״ באַוויזן בלויז איבערצוזעוגן די קאָנפערענץ כּמעט אין גאַנצן אויף דער זייט פון דער פאָרגעשלאָגענער רעזאָלוציע וועגן ארץ־ישׂראל.

דער גרויסער מאָמענט איז געקומען. די ערשטע פּלענאַר־זיצונג פון דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנפערענץ איז געעפנט געוואָרן, און די אַטמאָספער איז

געווען אַ געשפּאַנטע ביז גאָר. אַלע דעלעגאַטן זענען געווען אויף זייערע זיצערטער, און דער גרויסער זאַל פון וואַלדאָרף אַסטאָריאַ איז געווען איבערגעפּאַקט. די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט לייענען אַ באַגריסונג פון ד״ר ווייצמאַן, וואָס איז דורך אַ גליקלעכן צופאַל אָנגעקומען צוויי שעה פריִער. ווייצמאַן האָט געזאָלט זיין די הויפּטפיגור ביי דער קאָנפערענץ, אָבער לאָנדאָן איז געווען אונטער דעם „בליץ״, און ער האָט אויסגעקליבן צו בלייבן דאָרט. אָבער אויך די ווערטער, וואָס ער האָט צוגעשיקט, האָבן עלעקטריזירט דעם גאַנצן עולם. נאָכן ספּאָנטאַ־נישן אויסברוך פון אַפּלאָדיסמענטן, האָט זיך דערהערט דאָס באַגייסטערטע גע־זאַנג פון „התקווה״.

איך געדענק נישט צו האָבן בייגעוווינט אַזאַ געשפּאַנטע שטימונג אויף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג. ווען אבא הלל סילווער האָט מיט אַ קלינגענדיקער שטים איבערגעליינט די רעזאָלוציע וועגן ארץ־ישׂראל און איז צוגעקומען צו די ווערטער „אַ יידישע קאָמאָנוועלט״, איז ווי פאַרכאַפּט געוואָרן דער אָטעם ביי אַלעמען. און דערנאָך איז געקומען אַן אויסברוך פון פרייד. דער גאַנצער עולם אין זאַל האָט זיך אַריינגעוואָרפן, ווי אין אַ הילולה, ווי אַלע געבונדענע האָפענונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט וואָלטן באַפרייט געוואָרן און האָבן זיך פאַראייניקט אין דער דאָזיקער רגע און אויף דעם דאָזיקן אָרט. מענטשן האָבן געוויינט פון פרייד.

ווען מען איז צוגעטראָטן צו דער אָפּשטימונג, האָט מען קודם־כל געקאָנט זען אַ וואַלד פון דעלעגאַטן־קאַרטלעך, וואָס האָבן געשוועבט אין דער לופט. דאַן איז געקומען אַ כוואַליע פון „יאָ״־שטימען, און דערנאָך, לאַנג דערנאָך, זענען געווען פיר קעגנערישע שטימען, אַנטקעגן פיר הונדערט זעקס און ניינציק. די פיר קעגנערישע שטימען זענען אָפּגעגעבן געוואָרן דורך ריכטער פּראָסקאַוער (וועלכער האָט דעמאָלט געהאַט אויסגעטריקנט זיינע טרערן פון אַ נאָכט פריִער), יעקב בלאַושטיין, ראַביי לואי מאַן און ראַביי לואי וואָלסי.

סטיפען ווייז האָט מיר דערנאָך געזאָגט: „קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, וואָס עס וואָלט געשען אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ, ווען אויף עפּעס אַ מאַגישן אופן וואָלט ווייצמאַן אַריינגעקומען אין זאַל אין דעם קריטישן מאָמענט פון די פאַרהאַנדלונגען ?!״ איך בין שטאַרק גערירט געוואָרן פון דעם טיפן זין און פון דער גרויסמוטיקייט פון דער דאָזיקער באַמערקונג. זי האָט באַלויכטן און אָפּגע־שפּיגלט די גאַנצע באַדייטונג פון ווייצמאַנס ראָל. סטיפען ווייז, וועלכער האָט געלעבט אין איין צייט מיט ווייצמאַנען, איז שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט דער בראַנדייס־גרופּע, און ביז צום סוף פון זייערע יאָרן זענען געווען חילוקי דעות צווישן די צוויי מעכטיקע פיגורן. אָבער אַ טיפער קעגנזייטיקער רעספּעקט, גע־מישט מיט אַ ידיד־נפש־געפיל, האָט געגעבן יעדן פון זיי ביידע אַ ספּעציעלע פאַרשטענדעניש, איינער פאַרן צווייטן. און אין דעם גרויסן מאָמענט זענען ביידע מענטשן זיך צוזאַמענגעקומען.

דערמאָנענדיק זיך וועגן דעם שפּעט אין יענער נאַכט, האָב איך אַ סך גע־טראַכט וועגן דעם נאַטירלעכן אויסדרוק, וואָס סטיפען ווייז האָט געגעבן פאַר

זיין טיפער פאַרערונג פון ווייצמאַנען. ס'איז געווען אַ לאַנגע עוואָלוציע אין דער געשיכטע פון סטיפען ווייזן, און איך האָב נאָכגעפאָלגט זייער גאָענט, און מיט באַוווּנדערונג, דעם גאַנג פון זיין קאַריערע. צום ערשטן מאָל האָב איך געהערט סטיפען ווייזן רעדן אין פילאַדעלפיע, ווען איך בין אַלט געווען בלויז איין און צוואַנציק יאָר. ער האָט דאַן איבערגענומען די פירערשאַפט צו גרינדן דעם אַמע־ריקאַנער יידישן קאָנגרעס, וואָס איז געווען דער ערשטער פּרווו צו שאַפן אַ דעמאָקראַטישע יידישע פּאָליטישע קערפּערשאַפט, אין אָפּאָזיציע צו דער דעמאָל־טיקער דיקטאַטאָרישער, אָדער לכל הפחות זעלבסטגעקרוינטער גרופּע, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס „אַמעריקען דזשויִש קאָמיטע". ס'איז געווען אַ קאַמף צווישן אַן אויפשטייענדיקער דעמאָקראַטיע און אַ פּלוטאָקראַטישער גרופּע.

איך האָב דעמאָלט באַטראַכט סטיפען ווייזן — און אַזוי האָב איך אים באַ־טראַכט ביז צום סוף פון זיינע יאָרן — אַלס אַ גרויסע פּערזענלעכקייט. ס'איז אויך געווען אַ פיזישע גרויסקייט אין אים. ער האָט געהאַט אין זיין אויסזען עפּעס פון אַ לייב. אַזוי איז אויך געווען אַ גרויסקייט אין זיין שטים. זיין פירערישע קראַפט און השפּעה האָבן זיך נישט געענויטיקט אין קיין באַשטעטיקונג. ער איז געווען דורך־און־דורך אַ מענטש פון פּרינציפּן. ער האָט אָפּגעוואָרפן דעם גרעסטן און ווירכטיקסטן פּאָסטן פון אַ ראַביי אין ניו־יאָרק, און דאָס מיינט אויך אין גאַנצן לאַנד, איידער זיך אונטערצוּוואַרפן דער צענזור פון די „הויכע פענצטער" פון דעם טעמפּל עמנואל. ער האָט אָנגענומען די ציוניסטישע אידייע און האָט זיך פאַרבונדן מיטן ציוניזם אין אַ צייט, ווען זייער ווייניק יונגע ראַביים, מיט אַ גרויסער צוקונפט פאַר זיך, זענען געווען גרייט צו ריזיקירן זייערע רעפּוטאַציעס און קאַריערעס. און דאָך איז מיר אויסגעקומען נישט איינצושטימען מיט אים לחלוטין. דאָס איז געווען מיין פיינלעכע און אומדערקלערלעכע דילעמע. ער איז געווען אַ בראַנדייסיסט, ביז צו די ציין, און איך בין געווען אַ ליפּסקי־אָנהענגער. איך האָב זייער שטאַרק געוואָלט, אַז אויך ער זאָל אַריבערגיין צום ליפּסקי־לאַגער. איך וואָלט גערן אויסגעטוישט אַ סך פון ליפּסקיס אָנהענגער פאַר דעם איינעם בראַנדייסיסט. איך מיין, אַז וואָס מער איך האָב אים ליב געהאַט פּערזענלעך, אַלץ מער אומפאַרשטענדלעך איז פאַר מיר געווען זיין בראַנדייסיזם.

ער האָט מיך געקענט אין מיין טאָפּלטער ראָל אַלס רעדאַקטאָר פון „מאַקאַ־ביען" און אַלס דער אָנפירער פון ציטונגס־קיאָסק ביים אַריינגאַנג אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט, אויף 116טער גאַס. יעדן אינדערפרי איז ער פאַרבייגעגאַנגען דעם ציטונגס־קיאָסק מיט זיינע צוויי קינדער, דזשיימס און דזשאַסטין, און מיט אַ גרויסן הונט, און ער האָט געקויפט אַ ציטונג. נאָך מיטאָג פלעגן מיר זיך טרעפן אין ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. איך מיין, אַז ער האָט געהאַט אַ מין פאַרגרעסערטע באַוווּנדערונג פאַר מיר דערפאַר, וואָס איך האָב געטאָן די טאָפּלטע מלאכה פון אַ ציטונגס־פאַרקויפער און פון אַ רעדאַקטאָר. ער איז געווען אַ וואַרעמער און ברייטהאַרציקער מענטש. און אונדזער באַציִונג, אין וועלכער עס זענען געווען עליות און ירידות, איז געווען אַ וואַרעמע און גרויסמוטיקע.

איך געדענק אַן אַמוזירנדיקן אינצידענט נאָך פון דער צייט, ווען ווייצמאַן איז געוואָרן אויס פּרעזידענט, אין 1931. סטיפן ווייז און דזשוליען מעק זענען דאַן ווידער געווען די פירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע. אָבער צווישן די ציוניסטישע מאַסן איז דער סענטימענט פאַר ווייצמאַנען געווען זייער שטאַרק. אויף דער יערלעכער קאָנפערענץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע איז דאַן אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ רעזאָלוציע אויסצודריקן דאָס געפיל פון ליבע און פאַרערונג פאַר ווייצמאַנען. סטיפן ווייז האָט ווי־עס־איז נישט געקאָנט גיין אַזוי ווייט, און ער האָט געקעמפט אין דער קאָמיסיע פאַר ענדערן דעם טעקסט, וואָס האָט אויסגעדריקט אַזאַ סענטימענט. איך גלויב נישט, אַז ווייז זאָל האָבן געווען אַזוי קליינלעך. ער האָט בלויז געוואָלט אַרויסברענגען, אין אַ קליינער מאָס, זיין מיינונגס־פאַרשידנהייט מיט ווייצמאַנען. און ער האָט איינגעשטימט אויפן וואָרט „האַרציקע באַציִונג״ אין דער רעזאָלוציע. איך האָב געשריבן ווייצמאַנען, אַז איצט האָט ער אַ טעכנישן גרונט אַנצוקלאָגן ווייזן אין „אָפּגעקילטער ליבע״.

איך האָב נישט באַטראַכט סטיפן ווייזס וואָרט־מאַנעוורעס פאַר אַן עוולה, נישט דעמאָלט און נישט אין קיין אַנדערער צייט. איך פלעג קומען צו אים אָפט, אַפילו אין די טעג פון זיין מחלוקת מיט ווייצמאַנען, צו באַראַטן זיך מיט אים וועגן אַ פּאָליטישער אַקציע, אָדער צו בעטן ביי אים אַ פריינדלעכע טובה, ווען איך בין געווען אַריינגעמישט אין מיינע טעאַטער־אונטערנעמונגען. ער האָט מיר קיין מאָל נישט אָפּגעזאָגט. איך מיין, אַז עס האָט אים פאַרשאַפט אַ ספּעציעלן פאַרגעניגן צו העלפן מיר, ווען עס האָט זיך נאָר נישט געהאַנדלט וועגן אַ פּאָליטישן ענין, פון וועלכן ער איז געווען אַ שאַרפער קעגנער.

זיין לעצטער עפנטלעכער אַקט איז געווען אַנצופירן מיט דער חתונה פון מיין זון מענדי, וועמענס ערשטע פרוי, מערי־דזשאָ וואַן־אינגען, האָט זיך מגייר געווען. ווייז האָט גערעדט אין אַ רירנדיקן טאָן וועגן דער גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס מענדי האָט גענומען אויף זיך פאַר דעם גייסטיקן וווילזיין פון זיין נייער רות. יעדער איינער האָט געוויינט — יידן און נישט־יידן. אַן ערך צוויי וואָכן דערנאָך איז ווייז געשטאָרבן.

זיבן יאָר שפּעטער האָט ראַביי טשאַרלז שולמאַן דורכגעפירט אויף אַן ענלעכן אופן מענדיס צווייטע חתונה מיט סיוזאַן האַמערשטיין.

די אַמעריקאַנער יידישע קאָנפערענץ איז אַריין אין דער געשיכטע. דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט זיך דערהויבן צו דער הויך פון פּראָקלאַמירן, אַז אין ארץ־ישראל מוז אויפשטיין אַ יידישע קאָמאָנוועלט (וואָס מיינט אַ יידישע מדינה).

דערנאָך איז געקומען דער גרויסער שטילשטאַנד. די קולות ובֿרקים האָבן אויפגעהערט. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ צייט פון כּלערליי נישט־אַקטיוויטעטן, צווישן וועלכע דאָס הויפּט־אָרט האָט פאַרנומען די אינערלעכע קריגעריי צווישן הלל סילווער און סטיפן ווייז.

דער ענין האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין וואַשינגטאָן, און די פּאָזיציע פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג האָט זיך אויפגעקלערט מיט דער פולער אָפנהייט

פון וועלכער עס איז שטעלונג. צוויי און אַ האַלבער מיליאָן יידן זענען געווען פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט — די רייכסטע נאַפט־רעזערוון אין דער וועלט. עס זענען געווען סתירותדיקע דערקלערונגען, אַרומלויפעניש אין די קאָרידאָרן, צוזאָגן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן צו יידן; צוזאָגן, וואָס זענען געגעבן געוואָרן די אַראַבער; געהיימע דאָקומענטן און רעדעס ביי די וואַלן. דאָס ביוראָ פון דער יידישער אַגענץ אין וואַשינגטאָן אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר נחום גאָלדמאַן האָט געאַרבעט אויף איין זייט פון דער גאַס, און דער ציוניסטישער „עמוירדזשענסי״־ראַט אין ניו־יאָרק האָט געאַרבעט אויף דער אַנדערער זייט. צופעליק פלעגן זיי זיך אָנשטויסן איינער אָן אַנדערן אין דער פינצטערניש...

דעם 9טן נאָוועמבער 1943 האָב איך געשריבן ווייצמאַנען: „אויב מען וואָלט מיך געבעטן צו מאַכן אַ סך־הכל פון דעם פּראָגרעס פון אונדזער אַרבעט אין וואַשינגטאָן אין די פאַרגאַנגענע עטלעכע חדשים, וואָלט איך געזאָגט, אַז עס האָט זיך געענדערט פון מילדער גלייכגילטיקייט, אָדער נישט־אַקטיווער סימפּאַטיע צו אַ צושטאַנד פון גייסטיקער צערודערונג, פאַרבונדן מיט אויפרעגונג און מיט אַ געוויסנס־פּייניקונג. דאָס, מיין איך, קאָן געזאָגט ווערן סיי בנוגע דער עקזעקו־טיווע און סיי בנוגע דעם לעגיסלאַטיוון צווייג פון דער רעגירונג״.

אין פעברואַר 1944 האָבן סטיפען ווייז און הלל סילווער צונויפגעזאַמלט די ציוניסטישע רייען, כּדי אַריינצוטראָגן אַ רעזאָלוציע איןביידע געזעצגעבערישע הייזער „אויפצופאָדערן דעם קאָנגרעס אָנצונעמען די געהעריקע מיטלען, אַז די טויערן פון ארץ־ישׂראל זאָלן געעפנט ווערן פאַר אַ פרייען אַריינקומען פון יידן אין לאַנד... אַזוי, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל סוף־כּל־סוף קאָנען צוריק אויפריכטן ארץ־ישׂראל אַלס אַ פרייע און דעמאָקראַטישע יידישע קאָמאָנוועלט״. די פירער פון דער מערהייט און פון דער מינדערהייט אין ביידע הייזער פון קאָנגרעס האָבן זיך אונטערגענומען צו שטיצן און דורכפירן די רעזאָלוציע. אָן אָנפראַגע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן צווישן דער מיטגלידערשאַפט פון ביידע הייזער, האָט באַ־וויזן, אַז עס איז פאַראַן אַ גרויסע איבערוועגנדיקע מערהייט לטובת דער רעזאָ־לוציע.

קיין שום ממשותדיקער פּרווו איז נישט געמאַכט געוואָרן צו פאַרזיכערן זיך מיט דער מיינונג פון פּרעזידענט אַליין, אָדער אויסצוגעפינען די שטעלונג פון דער מיליטערישער מאַכט, הגם דער פשוטער שׂכל און די פאָרזיכטיקייט וואָלטן געדאַרפט אָנווייזן, אַז מען דאַרף דאָס טאָן. מען האָט אָנגענומען אַלס אַ זיכערע זאַך, אַז די פריינדשאַפט פון פּרעזידענט רוזוועלט איז געווען אַזאַ, אַז ער וועט באַגריסן דעם „דרוק״ פון קאָנגרעס.

אין מערץ בין איך געפאָרן קיין וואַשינגטאָן צו ווערן פאַרהערט אין דער קאָמיסיע פון קאָנגרעס. איך האָב בייגעוווינט אַלע זיצונגען און האָב געהאָלפן צוגרייטן אַ טייל פון די מאַטעריאַלן. ס׳איז געווען אַן איבערפלוס פון גייסטלעכע, וואָס האָט ווייניק צוגעגעבן צו די פאַרהאַנדלונגען. עס זענען אויך געווען צו פיל מאַטעריאַלן מיט אַ טעאָלאָגישן אינהאַלט. ווען איינער אַ ראַביי האָט, ענטפערנדיק אויף אַ פראַגע, באַמערקט, „ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווערט די באַוועגונג אָנגעפירט פון ראַביים״, האָב איך זיך נישט געקאָנט

איינהאַלטן און געמאַכט אַ צווישנרוף מיט אַ הילכיקער שטים: „ניין, ס׳איז נישט קיין צופאַל. ס׳איז אַן אומגליק״. אָבער ראַביי אבא הלל סילווער איז געווען אויס־געצייכנט. ביים ווייטערדיקן טייל פון די פאַרהערן האָבן מיר באַשטימט אַ נאָרמע פאַר די רבנישע אַרויסטריטן. די דערקלערונגען פון די פשוטע יידן זענען אין אַלגעמיין געווען פיל העכער — מיט לואי ליפּסקין און ניומאַנען, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט.

בעת די פאַרהערן אין דער קאָמיסיע האָב איך אַרומגערעדט די לאַגע מיט דער קאָנגרעס־פרוי קלעיר בוט ליוס. אָט ווי אַזוי זי האָט רעזומירט דעם מצב: „איר זענט פאַרזיכערט מיט דעם, אַז די רעזאָלוציע וועט אָנגענומען ווערן כמעט איינשטימיק. די גרויסע מערהייט איז אויפריכטיק פאַראינטערעסירט צו העלפן די יידן, אַז זיי זאָלן קריגן זייער היים. אַ טייל וועלן דאָס טאָן צוליב פּאָליטישע טעמים. אַנדערע — דערפאַר, ווייל זיי מיינען, אַז דאָס וועט נישט געפעלן די ענגלענדער. נאָך אַנדערע וועלן שטימען פאַר דער רעזאָלוציע, ווייל זיי זענען אַנטיסעמיטן און האָפן פּטור צו ווערן פון די יידן. די דאָזיקע קאַטעגאָריעס שטעלן מיט זיך פאַר כמעט הונדערט פּראָצענט פון קאָנגרעס״.

אַזוי האָט דערקלערט די הויך־אינטעליגענטע קלעיר בוט. אָבער מיט דער קירצסטער וואָרענונג — און אין אָנהויב זייער אַ שוואַכע — האָט גענעראַל מאַרשאַל אויפגעריסן אַ באָמבע ביי אַ פאַרמאַכטער זיצונג פון דער קאָמיסיע פאַר אויסלענדישע ענינים. ער האָט אַרויסגעבראַכט אַן אַבסאָלוט נעגאַטיווע שטעלונג צו דער רעזאָלוציע. די שטאַרקסטע און אויסגעהאַלטנסטע פריינד אונדזערע איןביידע הייזער האָבן זיך אָנגעהויבן וואַקלען. האָבנדיק פאַר זיך אַזאַ דראַסטישע קעגנערשאַפט פון דער מיליטערישער מאַכט, האָבן זיי בעסער אויסגעקליבן אָפּ־צושטעלן די טעטיקייט פאַר דער רעזאָלוציע. איידער צו ריזיקירן מיט אַזאַ אָפענעם פאַרמעסט און מיט אַלע קאָנסעקווענצן וואָס זי קאָן ברענגען, האָט די עקזעקוטיווע פון ציוניסטישן „עמוירדזשענסי־קאָונסיל״ איינגעשטימט אויף אַזאַ טאַקטיק.

די ביטערע פיל איז אַ ביסל פאַרזיסט געוואָרן מיט פּרעזידענט רוזוועלטס נישט־אַהין־און־נישט־אַהער־דערקלערונג, אין וועלכער עס איז נישט געווען קיין ממשותדיקער תּוכן. ער האָט אויפגענומען סטיפען ווייז און הלל סילווער און זיי פאַרזיכערט, אַז „עס וועט געטאָן ווערן די פולע גערעכטיקייט פאַר די, וועלכע זוכן אַ יידישע נאַציאָנאַלע היים״.

איך האָב געשריבן ווייצמאַנען: „דער טראַגישער טייל פון דער גאַנצער גע־שיכטע באַשטייט אין דעם, וואָס סילווער מיינט, אַז מיר האָבן באמת אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן פּאָליטישן נצחון. ער קאָן נישט באַגרייפן פאַר וואָס יעדער איינער שרייט נישט „הוראַ״. ער זעט נישט איין, אַז בעת עס קאָן זיין נויטיק, אַז מען זאָל שרייען „הוראַ״ עפנטלעך, קאָנען מיר לכל הפּחות אויף די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע זיך דערלויבן דעם לוקסוס צו זאָגן דאָס, וואָס די יידענע האָט אַ מאָל געזאָגט וועגן צאַר ניקאָלאַי: „ער זאָל אַזוי כּוח האָבן צו לעבן, ווי איך האָב כּוח צו שרייען הוראַ״.

סתירותדיקע עצות און פוסטע דרשות האָבן אין יענער צייט אַריינגעבראַכט אַ בלבול המוחות צווישן אַמעריקאַנער יידנטום. די אויטאָריזירטע פירערשאַפט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ שטילשטאַנד, איז צוגעשטופּט געוואָרן צו דער וואַנט דורך דעם קאָמיטעט פאַר אַ יידישער אַרמיי, פון וועלכער מיר האָבן געהאַט צרות שוין זינט אַ געוויסער צייט. דאָס איז געווען אַ הפקרדיקע גרופּע פון אַ קליינער מינדערהייט היציקע שרייערס און טומלערס, וועלכע האָבן בעצם נישט געהאַט קיין שום פּראָגראַם, און וועמענס איינציקער ציל איז געווען צו דיסקרעדיטירן דעם ציוניסטישן „עמוירדזשענסי־ראַט" און די פירערשאַפט פון וועלט־ציוניזם, וועלכע זיי האָבן פאַרגעשטעלט ווי אַן אימפּאָטענטע, אויב נישט אין גאַנצן פאַררעטערישע קערפּערשאַפט. זייער גרויס געשריי איז געווען „אַקציע". און זייער צווייט געשריי, מיט אַ טאָן נידעריקער, איז געווען „געלט". „איר גיט אונדז געלט און מיר וועלן אייך געבן „אַקציע"!" די „אַקציע" איז באַשטאַנען פון ריזיקע אַנאָנסן אין די צייטונגען, וואָס האָבן גערופן פאַר מער אַקציע און מער געלט. פון די ווערטער האָט געשפּריצט מיט בלוט. דאָס איז געווען אַ לאַנג־אויס־געפּרוווטע, לאַנג־דיסקרעדיטירטע דעמאַגאָגיע פון די רעוויזיאָניסטן — און זי איז נישט פאַרבליבן אָן אַ שעדלעכער ווירקונג. אַ גאַנץ גרויסע צאָל מענטשן מיט גוטע כּוונות זענען אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דעם שדים־טאַנץ און אין די ציוניסטישע קרייזן האָט זיך פאַרשפּרייט אַ געוויסע אומרו. „עפּעס" ווערט דאָרט געטאָן. „עפּעס" געשעעט דאָרטן — האָט מען געזאָגט. אָבער וואָס אַזעלכעס עס איז דאָס „עפּעס", האָט קיינער נישט געקאָנט דערקלערן.

ווי דער פאָרזיצער פון אַ קאָמיסיע פאַר „ספּעציעלע אויפגאַבן" — אַ מין פּרעסע־אָפּטיילונג פון ציוניסטישן „עמוירדזשענסי־ראַט" — בין איך געווען אונטער אַ שטענדיקן פייער צו דערקלערן, פאַר וואָס „זיי", דער קאָמיטעט פון אַ יידישער אַרמיי, האָבן אַזאַ גרויסן דערפאָלג. אָבער פון וואָס עס באַשטייט זייער דערפאָלג, אַ חוץ דעם וואָס זיי שרייען אַזוי הויך, האָב איך נישט געקאָנט אויפקלערן. איך קאָן פאַרשטיין, אַז שרייען אויפן ריכטיקן אָרט קאָן באַנוצט ווערן פאַר שטיצן אַן אַקציע. איך אַליין קום אָן פון צייט צו צייט צו אַזאַ מיטל, ווי אַ טייל מענטשן פון מיין דור קאָנען עס באַשטעטיקן. אָבער שרייען עפּנטלעך אַלס אַ פּאָליטישע ליניע, ברענגט רעזולטאַטן בלויז אויף אַ קורצער צייט.

דאָס פּרוּוון קאָנקורירן מיט דעם קאָמיטעט פאַר אַ יידישער אַרמיי מיט אַנאָנסן אין „ניו יאָרק טיימס" האָט אָנגעהויבן אויסזען קאָמיש. די פּרעסע־אָפּטיילונג פון ציוניסטישן „עמוירדזשענסי־קאָונסיל" האָט געהאַט אַנדערע און קליגערע פּלענער פאַר אויסאיבן אַ ממשותדיקן און דויערנדיקן דרוק אויף דער עפנטלעכער מיינונג. צום ביישפּיל, דער זשורנאַל „לייף" האָט פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן סאַוד־אַראַביע, וואָס איז געווען שעדלעך פאַר אונדז. אַ קורצע צייט שפּעטער איז דערשינען אין דעם זעלבן זשורנאַל אַ באַריכט אין בילדער, אויף ניין זייטן, וועגן די יידישע אויפטוען און דערגרייכונגען אין ארץ־ישראל. איך גיי נישט אַריין אין די פּרטים וועגן דעם, ווי אַזוי מיר האָבן דאָס דורכגעפירט. אָבער עס איז געווען אַ גוט־אויסגעפּלאַנטער פּראָיעקט. וואָלט דער קאָמיטעט פאַר אַ יידישער אַרמיי דאָס געטאָן, וואָלטן זיי אָן צווייפל געדרוקט אַן אַנאָנס אויף אַ

גאַנצער זייט אין „ניו יאָרק טיימס״, אָנזאָגנדיק מיט טרומפּייטן דאָס דערשיינען פון די ניין זייטן בילדער אין „לייף״, באַרימענדיק זיך, אַז דאָס איז זייער אויפּטו, און דערקלערנדיק, אַז דאָס איז די לייזונג פון יידישן פּראָבלעם. מיר זענען נישט בלויז נישט אַרומגעגאַנגען זאָגן, אַז דאָס איז צו פאַרדאַנקען אונדז, נאָר מיר האָבן געטאָן אַלץ, וואָס מיר האָבן געקאָנט, אַז מען זאָל נישט וויסן, אַז מיר האָבן אין דעם געהאַט אַ האַנט. אויב עס וואָלט אַרויסגעקומען אין דער עפנטלעכקייט, אַז מיר זענען דאָ געווען אויף וועלכן עס איז אופן פאַרמישט, בין איך זיכער, אַז „לייף״ וואָלט קיין מאָל נישט גענוצט די דאָזיקע מאַטעריאַלן. אין מיין באַריכט, אין וועלכן איך האָב נישט אָנגעגעבן קיין שום נאָמען, האָב איך געזאָגט: „ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז אין דער איצטיקער טראַגישער לאַגע פון אונדזער פאָלק זאָל מען זיין אומגעדולדיק און אַפילו פאַרצווייפלט וועגן דעם, וואָס עס ווערט איידל אָנגערופן „ציוניזם אין אַקציע״. אָבער טאַקע אין אַזאַ צייט, ווען מיר שטייען פאַר שווערע נסיונות, טאָרן מיר נישט מאַכן דעם טעות צו באַטראַכטן ווילדע קולות אַלס אַ פּאָליטישע אַקציע. מיר טאָרן נישט עקספּלאָאַטירן די שטימונג פון הילפלאָזיקייט פאַר מאָטיוון וועלכע מיר וועלן איין טאָג גערופן ווערן צו פאַראורטיילן״.

אַן אָנגענעמע און קאָמפּליצירטע אונטערנעמונג, פאַר וועלכער איך האָב אַוועקגעגעבן אַ סך צייט, איז געווען דאָס בוך לכבוד ווייצמאַנען, די „פעסטשריפט״, וועגן וועלכער איך האָב פריִער דערמאָנט. איך האָב אָנגעהויבן די אַרבעט פאַר אַרויסגעבן דאָס בוך אין 1943, און עס איז געווען באַשטימט אַז עס זאָל דער־שיינען אַ יאָר שפּעטער, צו ווייצמאַנס זיבעציקסטן געבורטסטאָג. ווייצמאַן האָט געהאַט אָפּגעשטעלט דאָס שרייבן זיינע מעמואַרן, אונטערן דרוק פון דער שווע־רער צייט. און הגם איך האָב לחלוטין נישט געמיינט, אַז מיין בוך וועגן ווייצמאַ־נען וועט קאָנען פאַרטרעטן זיינע מעמואַרן, האָב איך געפילט, אַז די צייט און די געלעגנהייט פאָדערן צו באַערן ווייצמאַנען עפנטלעך אויף אַזאַ אופן.

מיין כּוונה איז געווען אַרויסצוגעבן דאָס בוך, נישט אָנפרעגנדיק ווייצמאַנען און נישט באַראַטנדיק זיך פריִער מיט אים וועגן דעם, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז זיין רעאַקציע וועט זיין אַ נעגאַטיווע. ער וואָלט מיר געעצהט, איך זאָל ווידמען מיין ענערגיע צו אַ מער „קאָנקרעטן ציל״. אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער האָט נישט ליב קיין פערזענלעכן פּרסום. ער האָט זיך קיין מאָל נישט דערלויבט צו מאַכן, וואָס מען רופט אין דער צייטונגס־וועלט „גוטע קאָפּיע״. פאַקטיש איז ער געווען אַזוי שפּאָרזאָם מיט ווערטער, ווען ער האָט געהאַט צו טאָן מיט רעפּאָרטערס, אַז דאָס, וואָס עס איז דערשינען אין דער פּרעסע נאָך אַן „אינטערוויו״ מיט ווייצמאַנען, איז זייער אָפט געווען מער אויסגעטראַכט, ווי אמת. מער ווי איין מאָל האָט ווייצמאַן זיך געוווּנטשן, אַז ער זאָל טאַקע עפּעס זאָגן די צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטן, און נישט צווינגען זיי, אַז זיי זאָלן זיך דאַרפן פאַרלאָזן אויף זייער פאַנטאַזיע.

די טעכנישע פּרטים, פאַר וועלכע איך בין געשטעלט געוואָרן ביים אַרויסגעבן דאָס בוך, זענען געווען זייער שווערע. עס איז געווען נויטיק די מיטאַרבעט פון

אַ סך מענטשן אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט, באַזונדערס אין ענגלאַנד און אין ארץ־ישראל. און דאָ זענען מיר געווען אין מיטן פון אַ וועלט־מלחמה, מיט אַ צענזור, וואָס האָט אין אַ פּשוטער ביטע וועגן אַן אַרטיקל אַריינגעלייגט אַ „געהיימע מעלדונג" פאַר דעם שׂונא. (דאָס האָט מיך דערמאָנט די געשיכטע, וואָס ווייצמאַן פלעגט דערציילן, אַז בעת דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער מיטגעטיילט עמעצן אין אַ טעלעגראַמע, אַז ער שיקט „גאָלד צו בערלין". וואָס די סקאָטלאַנד יאַרד האָט נישט געוווּסט, איז, אַז ביידע, גאָלד און בערלין, זענען געווען ציוניסטישע רבנים). אין צוגאָב צו די איבערגעריסענע קאָמוניקאַציעס זענען די ציוניסטישע אַרכיוון — די קוואַלן, פון וואַנען עס איז געווען דורכויס נויטיק צו נעמען מאַטעריאַלן פאַר דעם בוך — געלעגן פאַרזיגלט ערגעץ־ווו אין די ווילדענישן פון קאַנאַדע אויף דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה. נאָך אַן אַנדערע שטערונג פאַר מיר פּערזענלעך איז געווען, וואָס ווייצמאַנס אַקטיוויטעטן אַלס אַ כעמיקער זענען געווען שטאַרק פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט זיין ציוניזם. מיין עם־הארצות אין כעמיע איז געווען שוידערלעך. אָבער ס'איז געווען קלאָר, אַז אַן אַלץ אַרומנעמענדיקער פּאָרטרעט פון ווייצמאַנען דאַרף אויך אַריינגעמען דעם וויסנשאַפטלעכן אַספּעקט.

איך האָב איבערגעלאָזט די דאָזיקע ענינים פאַר ד"ר ערנסט בערגמאַנען, ווייצמאַנס הויפּטגעהילף. און ער האָט געטאָן די אַרבעט אויסגעצייכנט. איך אַליין האָב זיך געפילט אַ סך היימישער מיט אַזעלכע מענטשן, ווי טאָמאַן מאַן, נאָרמאַן ענדזשעל, פּיער וואַן פּאַסען, ס. נ. בערמאַן, דאָראָטי טהאָמפּסאָן, שלום אַש, מאָריס סעמיועל און זייער גלייכן. די הקדמה צו דעם בוך איז געשריבן געוואָרן דורך פעליקס פראַנקפורטער, ריכטער פון העכסטן געריכט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איך קען נישט זאָגן גענוי, ווען די געשיכטע וועגן דעם בוך האָט אויפגעהערט צו זיין אַ „סוד". אָבער דעם 4טן יולי 1944 האָב איך געשריבן ווייצמאַנען: „איך האָב אונטערגענומען די דאָזיקע אויפגאַבע אָן אַ פריִערדיקער דערלויבעניש און אָן אייער וויסן. איך האָף, אַז איר וועט מיר דערפאַר מוחל זיין. מיין כּוונה איז געווען צו באַהאַלטן פון אייך דעם דאָזיקן ענין, ביז די אַרבעט וועט פאַרענדיקט ווערן. איך האָב געפּרוּווט דאָס צו טאָן אין דעם זין. אָבער אין מיינע שריט אין ענגלאַנד פאַר דעם בוך איז געוואָרן אוממעגלעך אַזוי צו האַנדלען, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט. דאָס האָט אויך שטאַרק קאָמפּליצירט די אונטערנעמונג. בעט איך אייך סיי צו געבן מיר אייער ברכה און סיי מיר מוחל זיין לכתחילה פאַר די חסרונות. איך האָב נישט קיין אַנדערע רעקאָמענדאַציע פאַר דער אַרבעט, אַ חוץ מיין אויפריכטיקייט, מיין ערלעכע ליבע, און אַ געוויסע מאָס פון גוטן געשמאַק און אַ ביסל טאַלאַנט. איך וועל זיך נויטיקן אין דעם אַלעם".

דעם 14טן אויגוסט האָט ווייצמאַן מיר געשריבן פון לאָנדאָן: „קיין זאַך איז נישט מער פּאַסנדיק, ווי אַז איר זאָלט רעדאַגירן דאָס בוך. און איך בין באמת צופרידן דערפון. אָבער איר קענט מיין נאַטור. איך שעם זיך מיט אַזעלכע זאַכן, און איך האָב נישט ליב קיין גוזמאות און לויב. איך בעט אייך, מאַכט פון אַ באַרג אַ פּינטעלע. מיר איז דאָס מער ניחא, ווי פאַרקערט".

אין אַ בריוו צו ווייצמאַנען, וואָס איך האָב באַנוצט אַלס אַן אַריינפיר צו דעם בוך, האָב איך געשריבן: „אויב מיר האָבן אין אונדזער איבערגעגעבנקייט זיך דערלויבט צייטנווייז צו טאָן אַזוי, אַז בערג זאָלן אויסזען ווי בערג, בעטן מיר אייך, אַז איר זאָלט אונדז מוחל זיין״. איך האָב צוגעגעבן אַן עפּילאָג צו דעם בוך, אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז קיינער לייענט נישט קיין הקדמות, אָבער אַז דער אינטערעס פאַר די אַרטיקלען פון דער גאַלעריע באַרימטע שרייבער, וועלכע זענען געווען פאַרעפנטלעכט אויף די פריערדיקע זייטן, וועט אַריינשלעפּן דעם לייענער ביז צו דער לעצטער זייט פון דעם בוך.

איך האָב געהאַט אַ סך פריידן פון דעם ספר לכבוד ווייצמאַנען, אויך נישט ווייניק צרות און אַ ביסל אַמוזירונג. צוליב וועלכע עס איז טעמים האָט מיך באַ־הערשט די אידייע צו עפענען דאָס בוך מיט אַ סאָנעט פון אַ העברעיִשן דיכטער. אַ לאַנגע צייט פריִער, נאָך איידער איך האָב געפּלאַנט די „פעסטשריפט״, האָב איך געוואָלט, אַז דער גרעסטער העברעיִשער פּאָעט פון אונדזער צייט, חיים נחמן ביאַליק, זאָל עפּעס אָנשרייבן וועגן ווייצמאַנען. אָבער ביאַליק איז שוין געווען אַ שוכן עפר, און שאול טשערניכאָווסקי איז שוין אויך געהאַט געשטאָרבן. בלויז איין העברעיִשער פּאָעט פון דער מדרגה איז פאַרבליבן — זלמן שניאור. ער איז גראָד געווען אין ניו־יאָרק אין דער צייט. און ער האָט זיך זייער שטאַרק אָנגעכאַפּט אין דער אידייע, ווען איך האָב אים וועגן דעם געזאָגט.

דער געלונגענער געדאַנק צו מאַכן די התחלה פון אַ בוך וועגן ווייצמאַנען מיט אַ סאָנעט איז געווען אַ גרויסאַרטיקע אידייע. געוויס האָט זלמן שניאור נישט געקאָנט אָנשרייבן אַזאַ סאָנעט „אויף באַשטעלונג״. ער האָט געדאַרפט האָבן דערפאַר צייט. ער האָט זיך געעניטיקט אַ ביסל אין אַן אָפּרו אין דאָרף — מיט וואָס ער האָט געוואָלט אָנהויבן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז עס וועט אים אויך העלפן, ווען איך וועל אים געבן אַלס אַוואַנס די סומע פון פינף הונדערט דאָלאַר. איך האָב אים געגעבן, אין דער האָפענונג אַז דאָס וועט זיין גענוג גלייך צו סטי־מולירן זיין מוזע. גלייכצייטיק האָב איך זיך, צו מיין ווייטיק און באַדויערן, דער־מאָנט אַז אין 1917 האָט גרשון אַגראָנסקי ביי דער געלעגנהייט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע באַצאָלט דעם גרויסן יידישן פּאָעט אברהם רייזען פונקט פינף דאָלאַר פאַר אַן ענלעכן לאָרבערקראַנץ. איך האָב זיך געוווּנדערט, צי דער דאָלאַר איז אַזוי שטאַרק דעוואַלויִרט געוואָרן אין דער צווישנצייט. אָבער איך האָב זיך נישט געוואָלט דינגען, און איך האָב בלויז באַשטימט אַ טערמין פון צוויי חדשים, ווען שניאור זאָל מיר געבן דעם סאָנעט.

שניאור איז צוריקגעקומען פון דאָרף מיט אַ פּאָעמע אין יידיש פון הונדערט און פערציק שורות, צען מאָל אַזוי פיל, וויפל איך האָב אָפּגערעדט מיט אים. איך בין אַוועקגעלאָפן מיט דער פּאָעמע צו מיין הויפּפּאָעט מאָריס סעמיועל, וועמענס רע־אַקציע איז געווען נישט בלויז אַ נעגאַטיווע, נאָר אַזעלכע אַז איך וואָלט זי דאָ נישט געקאָנט איבערגעבן אין דרוק. זייענדיק אַליין אַ יידישיסט, האָב איך חושד געווען אַז דאָס איז אויך מיין אייגענע רעאַקציע, אָבער איך האָב נישט געוואָגט זיך אויסצודריקן אַזוי אָפן.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ גאַנצע מעשׂה. איך האָב נישט געוואָלט אָפּזאָגן זיך פון דער אידייע וועגן אַ פּאָעמע. ער האָט מיך שוין צו פיל געקאָסט. איך האָב אַוועקגעטראָגן שניאורס פּאָעמע צו לודוויג לואיסאָן, וועלכער איז אַליין אויך געווען אַ פּאָעט. לײדער האָט ער נישט געקאָנט לייענען יידיש. איך האָב אים דעריבער איבערגעלייענט די פּאָעמע מיט דעם גאַנצן דראַמאַטישן „ברען", וואָס איך האָב געקאָנט אַרויסקריגן פון מיר. לואיסאָן האָט פלייסיק איבערגעשריבן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט אויפכאַפּן פון דעם יידישן טעקסט — לויט דעם דייטש, וואָס ער האָט געקענט, און ער האָט פריי איבערגעזעצט די העברעיִשע ווערטער, וואָס איך האָב אים דערקלערט. ער האָט פאַרלאַנגט דריי וואָכן צו פאַרענדיקן די אַרבעט. אָבער אין דעם באַשטימטן טערמין האָט ער מיר טעלע־פאָנירט און געזאָגט פּשוט: „איך קאָן ניכט, דאָס איזט איבער מיינע קרעפטע". איך בין דערשראָקן געוואָרן. איך האָב זיך געבעטן ביי אים. איך בין צוגעפאַלן צו אים מיט תּחנונים. איך האָב אים געזידלט. דאָס בוך איז שוין געווען אין דרוק. איך האָב איבערגעלאָזט בלויז די ערשטע זייטן פאַר דער פּאָעמע. סוף־כּל־סוף האָב איך אים געזאָגט: „אויב אַזוי שרייבט אָן למען השם עפּעס אַן אייגענע זאַך". אָבער דאָס האָט ער נישט געהאַלטן פאַר רעכט צו טאָן. עס איז געווען עפּעס אין שניאורס פּאָעמע, וואָס מען האָט געדאַרפט ראַטעווען. און דאָס, וואָס לואיסאָן האָט מיר ענדלעך צוגעשטעלט, איז געווען אַ פאַנטאַזיע פון דעם, וואָס וואָלט געקאָנט זיין שניאורס, ווען שניאור וואָלט געהאַט עפּעס פון לואיסאָנס אידייען וועגן דעם ענין.

איך האָב אויפגעוועקט מאָריס סעמיועלן אין מיטן נאַכט. ער האָט באַנוצט אַ היפּש ביסל נישט־פּאַסנדע ווערטער, אָבער איך האָב אים געצוווּנגען אויס־צוהערן די פּאָעמע ביז צום סוף. „אַ געניאַל ווערק" — האָט ער אויסגערופן — „און איצט לאָז מיך גיין שלאָפן". — „הער וואָס איך זאָג דיר" — האָב איך אַ געשריי געטאָן — „איך האָב געהאַט מער האַרץ־ברעכעניש וועגן אָט דעם לויזיקן שטיקל אַרבעט ווי וועגן דעם גאַנצן בוך. איך וויל נישט הערן פון דיר קיין שום סאַרקאַסטישע באַמערקונגען". דעמאָלט האָט סעמיועל געענטפערט: „נאָך אַלעמען איז עס נישט אַזוי שלעכט". — „דאָס איז גענוג" — האָב איך געזאָגט און האָב טעלעפאָנירט לואיסאָנען צו גראַטולירן אים.

צו מאָרגנס בין איך אַוועקגעגאַנגען אין דער דרוקעריי און האָב געלאָזט אויסזעצן די פּאָעמע. זאָגנדיק דעם אמת, בין איך געווען אַזוי קראַנק פון דעם גאַנצן קאָשמאַר־ענין ביי נאַכט, אַז איך אַליין האָב נישט געהאַט קיין שום באַגריף וועגן דעם ווערט פון דער פּאָעמע. אָבער פּלוצלינג איז מיר איינגעפאַלן אַ פאַר־מאַטערנדיקע מחשבה אין מיין אַלאַרמירטן מוח. קאָן זיין, אַז דער גרויסער זלמן שניאור וועט האָבן זיינע אייגענע טענות צו אָט דעם גרויסאַרטיקן ווערק. פּאָעטן זענען באַקאַנט ווי סענסיטיווע באַשעפענישן. זיי האָבן ליב אָפּט צו קריגן זיך, אַפילו צו פאַרפירן פּראָצעסן. מיט אַ ציטערדיק האַרץ האָב איך אַוועקגעשיקט אַ קאָפּיע פון דער פּאָעמע צו שניאורן. און איך האָב מתפּלל געווען, אַז עס זאָל נישט קומען דערפון קיין נייע צרה. דעם זעלבן אָוונט האָט שניאור מיך „מכבד" געווען דורכן טעלעפאָן מיט אַ קורצן און ווילדן „ויצעקו": „דאָס איז נישט מיין

פּאָעמע". — „איז וואָס וואָלט איר געוואָלט?" — האָב איך געפרעגט אַ פּאַרחלש־טער. ער וויל האָבן אַ נייע איבערזעצונג — האָט ער געזאָגט. מיין ענטפער איז געווען: „אָדער דאָס אָדער גאָרנישט". — „איז גאָרנישט" — האָט שניאור אַ זאָג געטאָן, און אַוועקגעוואָרפן דאָס טעלעפאָן־רערל.

איך האָב געקוקט אין דער פּוסטקייט. אויסצודריקן זיך געניט — האָב איך געזען פאַר מיר די פּוסטע זייט פון דעם בוך. איך האָב געטראַכט וועגן די פּאַר־שידענע מעגלעכקייטן. אָפּוואַרפן און נישט דרוקן די פּאָעמע האָב איך געהאַט דאָס רעכט. דרוקן עפּעס, וואָס שניאור זאָגט, אַז ער האָט נישט געשריבן, וואָלט געמיינט ברענגען אויף זיך אָן אַ שיעור צרות. האָב איך באַשלאָסן אָפּצוּוואַרפן די פּאָעמע. צום גליק איז געווען גענוג מאַטעריאַל, מער וויפל מיר האָבן געדאַרפט האָבן. איך האָב אויסגענוצט איינעם פון די אַרטיקלען, וואָס זענען געהאַט פּאַר־בליבן, און האָב אים פאַרקירצט, אַז ער זאָל אַריינגיין אויף דעם פּלאַץ פון דער געפּלאַנטער פּאָעמע. וואָכן לאַנג שפּעטער בין איך פאַרוואָרפן געוואָרן מיט בריוו, טעלעפאָן־רופן און טעלעגראַמעס פון אויפגעבראַכטע פרויען איבער גאַנץ אַמע־ריקע, וועלכע האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם, ווי אַזוי איך האָב באַהאַנדלט דעם גרויסן זלמן שניאור.

דאָס בוך „חיים ווייצמאַן — דער שטאַטסמאַן, וויסנשאַפטלער, בויער פון דער יידישער קאָמאָנוועלט" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין האַרבסט 1944. אין משך פון די דאָזיקע חדשים האָב איך — ביי אַלע מיינע דאגות — ווידער אַ מאָל אַנטדעקט זיך אַליין. איך האָב ווידער אַ שמעק געטאָן די „דרוקער־פאַרב". איך האָב זיך געפילט ווי אַ פיש, וואָס איז צוריק אַריין אין וואַסער.

ווייצמאַן האָט צו מיר אַ סך געשריבן אין יענער צייט. און זיינע בריוו זענען געווען אינטימע און פול מיט פערזענלעכע סענטימענטן. ער האָט געבענקט נאָך מיר. ער האָט מיך געוואָלט זען. ער האָט געהאָפט, אַז איך וועל קאָנען קומען קיין לאָנדאָן. אין סעפּטעמבער האָט ער מיר געשריבן, אַז ער פּלאַנט צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל אין נאָוועמבער, און אַז ער בעט מיך, אַז איך זאָל קומען אַהין צו אים.

איך האָב זייער שטאַרק געוואָלט זיין צוזאַמען מיט אים אין זיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג, כאָטש די מלחמה איז דאַן פאַרשאַרפט געוואָרן צו אַ געפערלעכן פונקט, און עס איז געווען שווער צו פאָרן. ווייצמאַן האָט גענומען אויף זיך צו אַראַנזשירן ביי דער בריטישער רעגירונג מיין רייזע. און איך בין אָנגעקומען קיין ארץ־ישׂראל מיט צוויי געבורטסטאָג־מתּנות. די ערשטע איז געווען דאָס בוך. די צווייטע האָב איך נישט געקאָנט מיטנעמען מיט מיר. ס'איז אויך נישט געווען בלויז מיין מתּנה אַליין. עס איז געווען דער ווייצמאַן־אינסטיטוט פאַר וויסנשאַפט.

# 15. דאָראָטי טהאָמפּסאָן:
#ווירקלעכקייט און פֿאָרשטעלונג

איך מאַך דאָ אַ הפסקה כּדי צונויפצוזאַמלען די „פּעדים״ פון אַ ספּעציעלער געשיכטע, אָדער — אויסדריקן זיך גענויער — וועגן אַ ספּעציעלער פּערזאָן, וואָס איז דערמאָנט געוואָרן פאַרבייגייענדיק אין די פריִערדיקע קאַפּיטלען — דאָראָטי טהאָמפּסאָן.

אונדזער פריינדשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן אין 1940 און האָט אָנגעהאַלטן אין דער אַממערסטן אַקטיוון עפּאָכע עפּעס מער פון צען יאָר, ציִענדיק זיך פּאַראַלעל צו אַלע מיינע באַשעפטיקונגען — דאָס טעאַטער, ווייצמאַן, מיין אַרבעט אַלס דירעקטאָר פון דער אַנטי־נאַצי־ליגע, „רינג פון פרייהייט״ אאַז״וו. די כראָנאָלאָגישע פּרטים פון אונדזערע קאָנטאַקטן, פון אונדזער פריינדשאַפט און פון דעם דורכפאַל פון אונדזער פריינדשאַפט זענען ווייניקער וויכטיק, ווי די דערשיינונג פון דער פּערזאָן דאָראָטי טהאָמפּסאָן.

זי איז געווען די מערקווירדיקסטע פרוי, וועלכע איך האָב באַגעגנט אויף מיין לעבנסוועג. אין אַ רעדע, וואָס זי האָט געהאַלטן צום אָנדענק פון סאַראַ דעלאַנאָ רוזוועלט, די מוטער פון פּרעזידענט, האָט דאָראָטי טהאָמפּסאָן, נישט ווילנדיק און אָן שום כּוונה, געמאַכט אַ הספּד נאָך זיך אַליין. רעדנדיק וועגן פּרעזידענט רוזוועלט האָט זי געזאָגט: „רום און גליק זענען זעלטן אַ צווילינג. און פון אַלע מינים פון רום דאַרף מען פאַר דער גלאָריע, וואָס ווערט דערגרייכט אין געזעל־שאַפטלעכן און אין פּאָליטישן לעבן, באַצאָלן אַמטייערסטן מיטן פּערזענלעכן גליק אין לעבן. אַ געזעלשאַפטלעכע אָדער פּאָליטישע קאַריערע ברענגט פיינט, די ביטערסטע שונאים, וועלכע זוכן אַממערסטן זיך נוֹקם צו זיין. אַזאַ קאַריערע ציט צו אַ סך אַזעלכע, וועלכע חנפענען זיך צו אייך און זענען אויסנוצערס, ווע־מענס פריינדשאַפט איז אַ פאַרשטעלטע און אַ פאַלשע. אַזאַ קאַריערע שלעפּט אַריין אין אַ ריזיקער פאַראַנטוואָרטלעכקייט מיט ווייניק דאַנקבאַרקייט פאַר די, וועלכע זענען דערפאָלגרייך; און מיט אומגעהויערע פאָרווורפן און באַשולדיקונגען פאַר די, וועלכע פאַלן דורך, ווי הערא̇יש עס זאָלן נישט האָבן געווען זייערע אָנשטרענ־גונגען״.

דאָראָטי טהאָמפּסאָן, איינע פון די באמת גרויסע פּרויען פון אונדזער יאָר־הונדערט, האָט פאַרבראַכט אירע לעצטע יאָרן אין אַן אַטמאָספערע פון ווערן אָפּגעשפּאָט, אויסגעלאַכט און פאַרזענלעך געזידלט און באַשמוצט אין באַדינגונ־גען, אין וועלכע פאַלשע אורטיילן, נישט אָפּגעבן זיך קיין רעכענונג און גרויס־מוטיקער גייסט זענען געווען ביי דאָראָטי טהאָמפּסאָן צונויפגעמישט. זי איז אויך געווען אַ קרבן פון איר אייגענער גרויסקייט. דאָס געמיש פון איבערגעאיילטקייט, פון דראַנג און פון ווערן אין גאַנצן באַהערשט דורך אידייען — אין איר כאַראַק־טער, האָט זי געטריבן צו עקסטרעמען און האָט זי צייטנווייז אַריינגעשלעפּט אין עקשנות, אַן וועלכער זי האָט זיך אָנגעהאַלטן אויך שפּעטער, האָבנדיק פאַרלאָרן פון אויג אירע צילן.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט מען דערציילט אַ געשיכטע, אַז לואיס סינקלער איז אַ מאָל געקומען אַהיים און האָט געפונען זיין פרוי — טהאָמפּסאָן — ווי זי רעדט צו עמעצן. ער איז געשטאַנען אויף דער שוועל און זיך צוגעהערט. און דערנאָך איז ער אַוועקגעגאַנגען. נאָך פיר און צוואַנציק שעה איז ער צוריקגעקו־מען. דאָראָטי האָט נאָך אַלץ גערעדט. ער איז אַוועקגעגאַנגען און איז קיין מאָל מער נישט צוריקגעקומען.

די דאָזיקע געשיכטע איז כאַראַקטעריסטיש, ווען אַפילו זי איז נישט אין גאַנצן אמת. דאָראָטי איז נישט געווען אַזעלכע, וואָס זאָל זיך קאָנען קאָנטראָלירן ביים רעדן. זי איז געווען גרויס ביים פירן אַ שמועס. זי איז אויך געווען אַ גרויסע רעדנערין אויף פאַרזאַמלונגען — און דאָס איז נאָך זעלטענער. זי איז געווען אַ גרויסע און קלוגע זשורנאַליסטין, אַ באַדייטנדע שריפטשטעלערין און אַ ווולקאַן פון טעמפּעראַמענט און באַגייסטערונג. מען האָט זי געקאָנט לייכט איבערצייגן, און זי איז געווען לייכט צו ענדערן איר מיינונג. אָבער זי איז שטענדיק געווען אַ קעמפּערין פאַר אַן אידייע. נישט קיין שיינע אין דעם אָנגענומענעם זין, איז זי געווען אַ חנעוודיקע, רייצנדע פרוי, פול מיט לעבן, רירעוודיקייט, באַוועגלעכ־קייט און אידייען.

איך האָב זי צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין 1940 אין איר היים, אויף 88 סענטראַל פּאַרק וועסט. זי האָט איינגעאָרדנט אַ מאָלצייט פאַר ווייצמאַנען, ווע־מענס איבערגעגעבענע שילערין זי איז שוין דאַן געווען. און איך בין אַריינגעַ־נומען געוואָרן צווישן די געסט. צי דאָס איז געווען אַ דאַנק דער צופעליקער אויפמערקזאַמקייט, מיט וועלכער ווייצמאַן האָט זיך באַצויגן צו מיר, אָדער דאָס איז געשען צוליב דעם פאַרשטענדלעכן גרויסן אינטערעס, מיט וועלכן איך האָב דאַן נאָכגעפאָלגט דאָראָטיס שמועסן, אָדער ווייל איך האָב אַרויסגעוויזן אַ באַ־זונדערן אינטערעס צו דעם אופן, אויף וועלכן עס זענען צוגעגאַנגען די געשפּרעכן צווישן איר און ווייצמאַנען — אַזוי צי אַזוי, אין יענעם אָוונט איז געבוירן געוואָרן אַ מין באַציִונג צווישן אונדז.

דאָראָטי איז אין יענער צייט געווען די שאַרפסטע קעגנערין פון די נאַציס אין אַמעריקע, און איר אַנטי־נאַציזם האָט אין אַ גרויסער מאָס געהאַט זיין שורש אין איר ליבע צום דייטשן פאָלק, צווישן וועלכן זי האָט געלעבט, און וועלכן זי האָט ליב געהאַט אין משך פון יאָרן. זי איז אויך געווען אַ ציוניסטין, נאָך אַפילו

פריִער, איידער זי האָט געקענט ווייצמאַנען. איר איבערגעגעבנקייט צו דער ציוניסטישער וויזיע האָט געשטאַמט נאָך פון די ערשטע צוואַנציקער יאָרן. זי איז געווען אַ פריינדין פון באַרבאַראַ דע פּאָרט, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן די פרוי פון מאיר גראָסמאַן, אַליין אויך אַ זשורנאַליסטין.ביידע זענען געווען שול־חברטעס אין קאָרנעל אוניווערסיטעט און זענען געפאָרן צוזאַמען, אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן, קיין לאָנדאָן, ווו באַרבאַראַ האָט זיך געקליבן ביייצווווינען אַ ציוניסטישע קאָנפערענץ, און ווו דאָראָטי טהאָמפסאָן, אַ יונגע זשורנאַליסטין, איז געוואָרן אַריינגעמישט. דאָראָטיס אַנטי־נאַציזם איז אויך נישט געווען בלויז אַ טעאָרעטישע דעקלאַראַציע פון פּרינציפּן. דאָראָטי איז געווען דער אַדרעס פאַר יעדן דייטש־יידישן פּליט, ווועמען מען האָט רעקאָמענדירט צו איר. זי האָט געפונען אַרבעט פאַר צענדליקער פון זיי, אויך וווינונגען און האָט זיי געגעבן טרייסט און דערמוטיקונג. איר פאַרם אין סטייט ווערמאָנט, ווו איך בין געווען אַן אָפטער באַזוכער, איז געווען אַרומגערינגלט דורך אַן אמתער קאָלאָניע פון דייטש־יידישע און אַנדערע אויסגעקליבענע עמיגראַנטן.

די שטאַרקסטע פאַרבינדונג צווישן אונדז איז געווען אין אונדזער ביידנס איבערגעגעבנקייט צום ציוניזם און צו ווייצמאַנען. דאָך איז עס געשען אַזוי, אַז נאָך אַן אַנדערע פאַרבינדונג, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט טעאַטער, איז געווען אַ מין באַגלייט־דערשיינונג אין אונדזערע באַציִונגען. איך האָב געהאַט מאַקס ריינהאַרדטן, און זי האָט געהאַט פריץ קאָרטנערן, אויך אַ פּראָמינענטן דייטש־יידישן אַקטיאָר און רעזשיסער. דאָראָטי און איך האָבן צוזאַמען געזאָלט אָרגאַניזירן אַ רעפּערטואַר־טעאַטער פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז געווען איינער פון די „בליץ״־פּראָיעקטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ געוואַלדיקן „שווונג״. יעדער, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ נאָמען אין טעאַטער, האָט זיך אָנגעצונדן מיט ענטוזיאַזם. און דערנאָך האָט דער גאַנצער ענין פּלוצלינג געקראַכט. זי האָט מיר געשריבן אין מערץ 1940 :

„מיין דערפאַרונג אין בראָדוויי־טעאַטער האָט, וואָס עס זאָל נישט האָבן אַנטפּלעקט פאַר מיר אַלס אַ דראַמאַטורג (איר פּיעסע איז נעבעכדיק דורכגעפאַלן) אויפגעקלערט פאַר מיר אַ סך מער אַלס זשורנאַליסטין. בראָדוויי־טעאַטער איז אַ קאָמבינאַציע פון אַ שמוציקן שפּיל, אויפן פינאַנציעלן געביט, און פון דיקטאַטור פון די אַרבעטער־יוניאָנס. איך האָב נישט באמת קיין קאָנפליקט מיט די אַרבעטער־יוניאָנס. זייער פּראַקטיק איז אַרויסגעוואַקסן פון דער אין גאַנצן אומזיכערער און פינאַנציעל אומזיניקער סטרוקטור פון די אויפפירונגען אויף בראָדוויי. פינאַנציעל איז בראָדוויי אויף איין טרעפּל מיט פערד־געיעגן אָדער לאָטעריע־שפּילן — מיט דעם אונטערשיד, וואָס די שאַנסן אין די לעצטע צוויי זענען בעסערע ווי אין טעאַטער. אין אַזאַ שפּיל כאַפּט יעדער איינער, וואָס ער קאָן נאָר כאַפּן.

„איר און איך זענען אינטערעסירט אין צוויי יחידים, מאַקס ריינהאַרדט און פריץ קאָרטנער. אונדזער אידייע איז געווען צו גרינדן אַ טעאַטער מיט די צוויי, און לכל הפּחות נאָך איינעם, אַן אַמעריקאַנער רעזשיסער, און אַ טרופּע אַקטיאָרן, מיט וועלכע מיר האָבן געזאָלט שליסן קאָנטראַקטן. דער פּלאַן וואָלט געווען אויפצופירן קלאַסישע און מאָדערנע דראַמעס, טעאַטער־ווערק וואָס זענען אויפגעפירט געוואָרן פריער און נייע, וואָס מיר וועלן קאָנען געפינען, אָבער נאָר

אַזעלכע וואָס האָבן אַן אויסדריקלעכן ליטעראַרישן און קינסטלערישן ווערט. אָבער בכדי צו דערגרייכן עפּעס, זענען נויטיק מעשים און נישט בלויז ווערטער; מיר מוזן אָנהויבן טעאַטער, איך מיין: מיר מוזן אָנהויבן **איין** טעאַטער. אויב מיר וועלן האָבן דערפאָלג, וועלן אַנדערע נאָכקומען".

פאַקטיש האָבן מיר געהאַט דערגרייכט צו אַ פּונקט, ווו עס האָט אויסגעזען, אַז מיר וועלן צוטרעטן צו איין גרויסער טעאַטער־אויפפירונג. לכל הפחות האָבן מיר אָנגעהויבן באַטראַכטן פּיעסן פאַר דער אויפפירונג. טאָרנטאָן ווילדער האָט מיר געשריבן מיט צושטימונג וועגן דעם פּראָיעקט. אָבער ער האָט זיך באַמיט אָפּצוקילן דאַראַטין דורך מיר: „זי וועט קריגן אַ סך ענטוזיאַסטישע בריוו פון טעאַטער־מענטשן. זאָגט איר, אַז זי זאָל נישט רעכענען אויף זיי וועגן פּיעסן און וועגן צוזאָגן צו שפּילן אין טעאַטער. היינטיקע צייטן גיט יעדער איינער זיין נאָמען פאַר אַרויפשטעלן אויף בריוו־בויגנס, און דערנאָך פאַרשווינדט ער אין אַ נעפּל פון אַנטשולדיקונגען. ווי גוט איר און איך קענען דאָס פון דער געשיכטע פון דער ריינהאַרדט־שול".

און ווי גערעכט ער איז געווען!

מיר האָבן שוין כמעט ווי געהאַט אין אונדזערע הענט אַ פּיעסע פון ווילדערן אַליין. די פּיעסע איז באַשטעלט געוואָרן דורך דזשעד העריס — אַן אויסגעצייכנטן פּראָטאָטיפּ פון אַ בראָדווייער טעאַטער־אונטערנעמער, וואָס איז געווען אַזוי נאָענט צו דאַראַטיס האַרצן. נאָך דעם ווי איך האָב געזען העריסן צוזאַמען מיט קאָרט־נערן, האָב איך געשריבן ווילדערן אַ באַריכט:

„די ערשטע קאָנפערענץ האָט זיך פאַרענדיקט מיט פאָלגנדער אויפקלערונג:

„1. אַז ער, העריס, איז דער אייגנטימער פון דער פּיעסע;

„2. אַז פאַקטיש עקזיסטירט נישט די פּיעסע;

„3. אויב די פּיעסע עקזיסטירט, ווייסט ער נישט, צי זי וועט אים געפעלן;

„4. אַז ער איז גרייט צו שליסן מיט אונדז קאָנטראַקט, אָבער —

„5. אַז ער מוז רעזערווירן פאַר זיך די פולשטענדיקע פרייהייט פון האַנדלען (אַריינרעכענענדיק דאָס רעכט צו מאַכן אומגילטיק דעם קאָנטראַקט);

„6. אַז ער דערוואַרט צו מאַכן ריזיקע געלטער פון דער פּיעסע;

„7. אַז ער האָט נישט קיין צוטרוי צו דער פּיעסע.

„דאָס אַלץ דערמאָנט מיך אָן היינעס מעשה וועגן די צוויי אַלטע פרויען, וועלכע האָבן זיך געקריגט וועגן אַ טעפּל. איין פרוי האָט געהאַט טענות צו דער צווייטער, פאַר וואָס זי האָט איר צוריקגעגעבן דאָס טעפּל, וואָס זי האָט געבאָרגט ביי איר, אַ צעבראָכענעם. אויף דעם האָט די צווייטע פרוי געענטפערט: „ערשטנס, האָב איך קיין מאָל נישט געבאָרגט ביי אייך דאָס טעפּל. צווייטנס, האָב איך אייך צוריקגעגעבן דאָס טעפּל. און דריטנס, איז דאָס טעפּל געווען צעבראָכן, ווען איך האָב עס געבאָרגט ביי אייך".

אַ קאַפּיטל פון דעם דאָזיקן בריוו, און קאָפּיעס פון דריי אָדער פיר טוץ גרויסע, אָבער נאָך נישט אויפגעפירטע אַמעריקאַנער דראַמעס — איז אַלץ, וואָס איז געבליבן פון דעם דאָזיקן אַמעריקאַנער חלום, מיטן אויסנאַם פון דעם, וואָס

די פריינדשאַפט צווישן דאָראָטין און מיר — אַ משונהדיקע פּאָר, אויב עס איז אַ מאָל געווען אַזעלכע — איז אויף דעם געבויט געוואָרן.

אין דער צייט, ווען דאָראָטי טהאָמפּסאָן איז געווען פאַרנומען מיט די דאָזיקע לופטשלעסער, האָט זי זיך אויך אַריינגעוואָרפן אין פּאָליטיק. אָנהויב 1940 האָט זי געהאָלפן ווענדעל ווילקי זאָל נאָמינירט ווערן אַלס רעפּובליקאַנער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט. אירע רעגולערע אַרטיקלען אין „העראַלד טריביון" זענען געווען אַ גרויסער כּוח פאַר דער באַוועגונג צו נאָמינירן ווילקין. אירע אַרטיקלען זענען „אויפגעגעסן" געוואָרן דורך יעדן איינעם, אָנהענגער און קעגנער, צוזאַמען מיט דער קאַווע ביים פרישטיק. עטלעכע וואָכן פאַר די וואַלן איז זי אַריבערגעגאַנגען אין דעם לאַגער פון פרענקלין ד. רוזוועלט און האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט איר גאַנצן ענטוזיאַזם צו שטיצן זיין קאַנדידאַטור. „העראַלד טריביון", וואָס איז שאָקירט געוואָרן פון איר האַנדלונג, האָט זי אַוועקגעשיקט און אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע. דאָס איז געווען אַ ביישפּיל פון דעם וואָס איז צייטנווייז באַקאַנט אַלס „פרייהייט פון דער פּרעסע".

דורך דזשאָרדזש בעקערן און דאָראָטי שיף האָב איך געהאָלפן דאָראָטי טהאָמפּסאָנען איינצואָרדענען זיך אין דער „ניו יאָרק פּאָסט". דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען זי האָט געהאַלטן איר באַרימטע ראַדיאָ־רעדע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער : „איך בין מיד, מיר אַלע זענען מיד" — קעגן דער מיאוסער העצע, אין וועלכער רוזוועלט איז געשילדערט געוואָרן אַלס אַן אויסגעמאַטערטער אַלטער מאַן. ווען די רעזולטאַטן פון די וואַלן זענען באַקאַנט געוואָרן פאַר טאָג, האָב איך איר געשיקט אַ טעלעגראַמע : „טייערע דאָראָטי, איך שיק אייך מיין האַרציקסטע באַגריסונג צו אַ גרויסן אַמעריקאַנער זיג, אין וועלכן איר האָט געהאַט נישט קיין קליינעם אָנטייל".

ווען זי האָט אָנגעהויבן איר אַקציע פאַר דעם „רינג פון פרייהייט", האָב איך זי אָנגעפירט פאַר איר פון מיין ביוראָ אין דער יידישער אַגענטור, אַלס „אַ זייטיקן ענין". דער ציל פון דער אַקציע איז געווען צו פאַראייניקן מאַסן מענטשן אין אַ גרויסער דעמאָקראַטישער באַוועגונג, אויף וועלכער עס וועט געבויט ווערן די נייע וועלט. איין טאָג האָט זי מיך אַוועקגעפירט אין דעם עלעגאַנטן צירונג־געשעפט פון וואַן קליף און אַרפּעלס, מיר צו ווייזן דעם רינג, וואָס זיי האָבן געצייכנט פאַר איר. די טעמע פון דער צייכענונג איז באַשטאַנען פון צוויי הענט, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן איבער דער מערב־העמיספערע. אַ צווייטע פירמע האָט אָנגעהויבן אַ מאַסן־פּראָדוקציע פון אַזאַ רינג, פאַר קאָסטפּרייז, אָן שום ריווח. און פּונקט ווי חברים אין אַ יוגנט־באַוועגונג — ענטוזיאַסטיש, כאָטש אַ ביסל זעלבסט־באַוווסטזיניק — האָבן מיר זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם, אין איינעם מיט נאָך טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָנגעצונדן פאַר דער אידעע. זי האָט גערעדט אויף הונדערטער פאַרזאַמלונגען, און אויף דער ראַדיאָ, אויפפאָדערנדיק אַלעמען צו פאַראייניקן זיך אין ברידערשאַפט, דעמאָקראַטיע און פרייהייט. זי איז לחלוטין נישט פאַרמאַטערט געוואָרן פירנדיק איר שטורמישע און ליידנשאַפטלעכע מלחמה קעגן די היימישע און אימפּאָרטירטע נאַציס, וואָס האָבן

דאַן פאַרסמט אַמעריקע. איר מעכטיק־אָפּקלינגענדיקע שטים האָט גערופן צו אַן אַמעריקאַנער קרייצצוג אויף דער זייט פון די אַליאירטע.

דאַן האָט איין טאָג פאַסירט אַ מיאוסע געשיכטע: איך האָב באַקומען פון איר אַ בריוו וועגן דעם „רינג פון פרייהייט", ווו זי האָט מיר געשריבן וועגן די ביטערע פאָראורטיילן, וואָס די נאַציס פאַרשפּרייטן אין דעם לאַנד קעגן די יידן, און זי האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל קריגן פאַר איר אַ „גויִישן" נאָמען אַלס אָנפירער פון דעם קאָמיטעט, און פאַר אַן אַנדערן. איך בין שאָקירט געוואָרן. דער פאַקט אַליין, וואָס עס איז איר איינגעפאַלן די אידייע וועגן אַ שריט פון אַזאַ מין, האָט מיר באַוויזן, אַז ערגעץ־ווו אין איר סביבה האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אַנטיסעמיטישער אינפעקציע און זי האָט עס צוגעלאָזן. איך האָב איר צוריק־געשיקט איר בריוו זאָגנדיק איר, אַז איך וויל אים נישט האָבן אין מיינע אַקטן. איך וויל נישט געדענקען וועגן דעם. איך וויל נישט דערמאָנען קיין מאָל דעם דאָזיקן עפּיזאָד אין אַ מאָמענט פון כעס — האָב איך איר געשריבן. זי האָט זיך אַנטשולדיקט און דערמיט האָט זיך דער ענין פאַרענדיקט.

אין 1943 האָט דאָראָטי אָנגעשריבן אַן אויסגעצייכנטע עסיי וועגן ווייצמאַנען אין דעם בוך, וואָס איך האָב רעדאַגירט. אַרום דער זעלבער צייט, אָדער אַ ביסל פריִער, האָבן ווייצמאַן און דאָראָטי געפּראַוועט דעם סדר של פּסח — איינעם פון אַ סך — אין אונדזער הויז. ד״ר מרדכי קאַפּלאַן, דער גרינדער פון דער „ריקאָנסטראַקשאָניסט"־באַוועגונג האָט פאַרעפנטלעכט אַ נייעם נוסח פון דער הגדה של פּסח און האָט אונדז געשיקט זיין נייע אויסגאַבע. איינע פון די איבער־ראַשנדיקע ענדערונגען אין דעם רעווידירטן נוסח איז געווען דאָס דורכלאָזן דעם „שפוך חמתך אל הגויים, אשר לא ידעוך". ווען ווייצמאַן איז צוגעקומען צו דעם אָרט פון דער הגדה, האָט ער דורכויס פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל געפינען די אַלטע אויטענטישע הגדה און זאָגן „שפוך חמתך". נאָך אַ שטאַרקן אַרומזוכן האָט שירלי (מיין פרוי) געפונען אַזאַ הגדה צווישן איר פאָטערס ספרים, אַ פאַרפלעקטע פון די ארבע כוסות. ווייצמאַן האָט געזאָגט „שפוך חמתך", וואָס ער האָט סיי ווי סיי געקענט אויסנווייניק. ווונדערנדיק זיך שטאַרק איבער דעם, וואָס עס איז דאָ פאָרגעקומען, האָט דאָראָטי אַ פרעג געטאָן: „חיים, וואָס איז דאָ די גאַנצע גע־שיכטע?" ווייצמאַן האָט איר געענטפערט איבערגעזעצט דעם „שפוך חמתך", זאָגנדיק איר: „דאָס איז פאַר אייך, מיין טייערע". נאָך דעם וואָס עס איז שפּעטער געשען מיט דאָראָטי טהאָמפּסאָן, זענען עס געווען נביאישע ווערטער.

אָבער אין יענער צייט איז דאָראָטי טהאָמפּסאָן געווען אפשר די פירנדע נישט־יידישע קעמפערין פאַרן ציוניזם און פאַרן יידישן היימלאַנד — די פּראָ־ישראל־שטים פון קריסטנטום, וואָס האָט אָפּגעקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט אין דער דעמאָלטיקער מוראדיקער צערודערונג. יעדע יידישע אָרגאַניזאַציע האָט געזוכט דאָראָטין, און ווילנדיק־נישט־ווילנדיק בין איך געוואָרן איר פּריוואַטער אַגענט, אָדער פאַרמיטלער. דאַן איז עפּעס געשען.

ביים סוף פון דער מלחמה איז ווייצמאַן אַרויסגעקומען מיט אַ שאַרפער דער־קלערונג קעגן די טעראָריסטן אין ארץ־ישראל, און דאָראָטי טהאָמפּסאָן האָט עס נישט גוט פאַרשטאַנען. ווייצמאַן איז געווען באַהערשט פון אַ טיפן פליכט־

באַוווסטזיין קעגן יידישע טעראָריסטן. זיין אַרויסטריט איז געווען אַ וואָרענונג און אַ מאָראַלישער רוף, און ער האָט דאָס געטאָן מיט מאָראַלישער אויטאָריטעט. דאָראָטי טהאָמפּסאָן איז נישט געווען קיין יידישע. זי האָט נישט געקאָנט רעדן אַזוי דירעקט און פּשוט, אַז אירע רייד זאָלן רעספּעקטירט ווערן. זי איז געווען אויסגעשטעלט אויף דעם, אַז אירע ווערטער זאָלן שלעכט אויסגעטייטשט ווערן. דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז אירע דערקלערונגען קעגן יידישן טעראָריזם האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרקע פאַרביטערונג ביי דער פירערשאַפט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע.

אין יענער צייט, אין האַרבסט 1944, ווען איך בין געווען אין ארץ־ישׂראל צו ווייצמאַנס זיבעציקסטן געבורטסטאָג, האָב איך באַקומען אַ טעלעגראַמע פון ניו־יאָרק, ווו מען האָט מיך געבעטן צו אינטערווענירן ביי דאָראָטין און ווירקן אויף איר, אַז זי זאָל אָפּשטעלן אירע אַטאַקעס קעגן די טעראָריסטן. איך האָב געענטפערט, אַז איך קאָן נישט אורטיילן וועגן אירע אַרטיקלען, איידער איך וועל נישט באַקומען טעלעגראַפיש אַ תּמצית דערפון, וואָס זי האָט געשריבן. איך האָב געקראָגן אַזאַ קורצן אינהאַלט און האָב טעלעגראַפירט צוריק, אַז אַרויפ־לייגנדיק די האַנט אויפן האַרצן קאָן איך זי נישט באַשולדיקן דערפאַר, וואָס זי האָט געשריבן. זי איז אויפריכטיק אין דעם, וואָס זי פירט אויס, נישט געקוקט אויף אַלע נאָבעלע מאָטיוון, וואָס ווערן צוגעשריבן צו אַ טייל פון די טעראָריסטן. דער ענין איז געווען אַ זייער דעליקאַטער און אומבאַקוועמער. אַלס ייד, האָב איך געקאָנט מסכּים זיין מיט ווייצמאַנס מיינונגען וועגן די טעראָריסטן. אָבער דאָראָטי טהאָמפּסאָן איז נישט געווען אין דער זעלבער לאַגע.

די אָקציע קעגן דאָראָטי טהאָמפּסאָן האָט כּסדר זיך פאַרשאַרפט. הונדערטער און טויזנטער טעלעגראַמעס, בריוו און פּאָסטקאַרטלעך האָבן פאַרפלייצט די רע־דאַקציע פון „ניו יאָרק פּאָסט". איך האָב געהאַט אַ סיבה צו גלויבן, אַז די דאָזיקע „ספּאָנטאַנע" אויסדרוקן זענען געווען געהעריק אָרגאַניזירט. דער רעדאַקטאָר פון „ניו יאָרק פּאָסט" אין יענער צייט, טעד טעקערעי, איז געווען אַ גוטער פריינד פון אצ"ל („אירגון צבאי לאומי"), די טעראָריסטישע הויפּט־אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישׂראל. דאָראָטי טהאָמפּסאָן האָט געמאַכט נאָך שווערער איר לאַגע מיט אַרויסטרעטן זייער שאַרף קעגן דעם אַזוי גערופענעם מאָרגענטוי־פּלאַן, וואָס האָט געצילט צו פאַרוואַנדלען דאָס נאָכמלחמהדיקע דייטשלאַנד אין אַן אַגריקול־טור־לאַנד, וואָס זאָל פאַרלירן זיין אינדוסטריע־מאַכט. דער צוזאַמענטרעף פון די צוויי פּראָבלעמען איז פון דעם שטאַנדפּונקט פון דאָראָטיס קריטיקער געווען אַן אָפּשטויסנדיקער. איצט זענען שוין געווען צוויי שאַרפע באַשולדיקונגען קעגן איר.

איין טאָג זענען די מענטשן פון „ניו יאָרק פּאָסט" געקומען צו דאָראָטין אַהיים און האָבן אַוועקגעלייגט אַ זאַק מיט בריוו און פּאָסטקאַרטלעך אויף איר שוועל. עטלעכע טעג שפּעטער איז זי באַזייטיקט געוואָרן פון איר מיטאַרבעט אין „ניו יאָרק פּאָסט". אירע אַרטיקלען זענען פאַרשפּרייט געוואָרן דורך אַ פּרעסע־סינדיקאַט אין הונדערטער צייטונגען איבערן לאַנד. אָבער זי האָט פאַרלאָרן איר

שטים אין ניו־יאָרק. אין יענער צייט האָט זי געשריבן צו אַרטור לוריען, דעם סעקרעטאַר פון ציוניסטישן „עמוירדזשענסי קאָונסיל": „איך זאָג זיך אָפּ צו ווערן אַ נאָמינירטע אַנטיסעמיטקע". צום אומגליק איז דאָס טאַקע, מער אָדער ווייניקער, געשען מיט איר.

די אַטאַקעס קעגן איר זענען געוואָרן שענדלעכע. זי איז באַשולדיקט געוואָרן, צווישן אַנדערן, אין דעם, אַז זי האָט אַנגעשטאָפּט אירע קעשענעס מיט געלט, וואָס עס האָבן איר געהאַט געצאָלט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. דאָס האָט איר זייער שטאַרק וויי געטאָן. און דאָ האָב איך געקאָנט שטיצן איר פּראָטעסט. זי האָט גאָרנישט גענומען פאַר זיך אַליין. ווי די מערסטע רעדנער, וועלכע ווערן שטאַרק געזוכט פאַר אַרויסטריטן, האָט זי געהאַט אַ קאָנטראַקט מיט אַן אַגענט. אַזעלכע אַגענטן זענען די אַמווייניקסטנס ברייטהאַרציקע באַשעפענישן. דאָס איז ביי זיי אַ פּראָפעסיאָנעלע קראַנקהייט. אַלע געלטער, וואָס זי האָט אַריינגעקראָגן פאַר אירע עפנטלעכע לעקציעס, זענען איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ פאָנד, וועלכן איך האָב קאָנטראָלירט, פאַר די דייטש־יידישע פליכטלינגען, וואָס האָבן זיך גע־ווענדעט צו איר.

וואָס עס איז דערנאָך געשען, איז פאַרשטענדלעך. זי האָט פאַרלאָרן איר פּאָזיציע אין ניו־יאָרק. אירע אַמאָליקע פריינד האָבן זיך אָפּגעקערט פון איר אין דעם שטורעם פון פאַרביטערונג, וואָס איז כסדר געוואַקסן קעגן איר. און דאַן האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַרום איר אַ כאָפּטע פון נייע „פריינד". עקלהאַפטע פאַרשוינען, ערגערע ווי וועלכע־עס־איז שונאים פון יידן. ווענן לעסינג ראָזענ־וואַלדן אַליין, דעם פירער פון אַנטיציוניסטישן און אַנטיסעמיטישן „קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם", האָב איך נישט צו זאָגן עפּעס אַנדערש, ווי נאָר גוטס. אָבער ער איז געווען אַזוי אומשולדיק בנוגע די כוונות פון דעם „קאָונסיל", ווי דער „קאָונסיל" גופא איז געווען ווייט פון עלעמענטאַרער אָנשטענדיקייט. אָבער אַ געוויסער סעמיועל גאָלדסמיט, אַן אָנגעשטאָפּטער קאַפּיטאַליסט, האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דאָראָטי טהאָמפּסאָן מיט אַזאַ איבערגעטריבענעם רחמנות, ווי צו אַ נשמה, וואָס איז געמאַטערט געוואָרן פון אַ גיהנום־פייער, אָדער פון עפּעס אַן אומריינער פאַרסמונג. דאָס איז געווען דאָראָטיס „שמד" צום אַנטי־ציוניזם. אַלע מיינע טפשותדיקע פריינד, וועלכע האָבן אַריינמאַנעווורירט דאָראָטין אין דער דאָזיקער פּאָזיציע, זענען איצט אַרויסגעקומען צו מיר מיט אַ געזאַנג בציבור: „מיר האָבן דאָס אייך געזאָגט פריער".

איך וויל גלויבן, אַז ווען איך וואָלט געווען אין ניו־יאָרק אין יענער צייט, וואָלט איך געראַטעוועט דאָראָטי טהאָמפּסאָן פון איר עקסטרעמער האַנדלונג, פון ווערן אַרויסגעוואָרפן דורך די אומטאָלעראַנטע ציוניסטן און ווערן אַריינגעשלעפּט אין דער „פיינער געזעלשאַפט" פון שווידערלעכן „קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם". דאָראָטי טהאָמפּסאָן האָט געקאָנט פונקציאָנירן נאָר אין אַן אַטמאָספער פון וואַ־רעמקייט, איבערגעגעבנקייט און ליבע. און ווען מען האָט איר אָפּגעזאָגט אמתע פריינדשאַפט, האָט זי געקאָנט אָננעמען דעם היפוך דערפון, ווי פאַלש און ווי ביזוויליק אויסגערעכנט דאָס זאָל נישט זיין. צי זי האָט פאַרדינט, אַז מען זאָל

איר דערפאַר מוחל זיין, איז נישט פאַר מיר צו באַשליסן. איך ווייס בלויז דאָס, אַז מיין באַציונג צו איר איז פאַרבליבן אומפאַרענדערט. אמת, מיר האָבן זיך „אַריינגעזאָגט״ קעגנזייטיק ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט, און אונדזערע באַגעגענישן זענען געוואָרן זעלטענער. אָבער מיר האָבן נישט אָפּגעבראָכן אונדזער פריינדשאַפט.

אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז זי געפאָרן קיין קאַיר און געוואָרן באַפריינדעט מיט נאַצערן. זי האָט אַפילו אָנגעשריבן אַן איינלייטונג צו זיין בוך. און איך האָב פּאָליטיש זי אויסגעמעקט, ווי אַ קריגס־קרבן.

איין באַזונדערס נישט־אָנשטענדיקע לעגענדע, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַרום איר „שמד״, האָט אַרויפגעלייגט די שולד פאַר איר ענדערן זיך אויפן האַרץ פון איר נייעם מאַן, מאַקסים קאָפּ, אַ טשעכישן פּליט. דער אמת איז, אַז קאָפּ האָט זיך געפילט זייער נישט אָנגענעם אין דעם נייעם קלימאַט אין זייער הויז. ער איז געווען אַ קינסטלער (אַ בילד, וואָס ער האָט מיר געגעבן איין מאָל פּסח, הענגט אין מיין היים אין רחובות). ער איז געווען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. ער האָט נישט נאָר נישט איינגעשטימט אידעאָלאָגיש מיט דער נייער פילאָזאָפיע פון זיין פרוי, נאָר ער האָט גאַנץ פּשוט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די רייכע „אַמע־ריקען קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם״־יידן, וועלכע זענען געוואָרן אירע בוזעמפריינד.

און דאַן האָט די גרויסע כוואַליע, וואָס האָט פאַרשלעפּט דאָראָטין צום אַנטי־ציוניזם, אָנגעהויבן אָפּפאַלן. איר ענטוזיאַזם פאַר די אַראַבער האָט זיך אָנגע־הויבן אויסלעשן. פּריוואַט איז זי וואָס אַ מאָל מער פאַרביטערט געוואָרן פון די ווילדע רייד פון אירע אַנטי־יידישע יידישע פריינד. איין טאָג, אין די ערשטע פופציקער יאָרן, ווען די אַראַבישע שנאה קעגן יידן האָט זיך באַזונדערס צעוויל־דעוועט און זיך דערנענטערט צו איינעם פון די פעריאָדישע געפאַרפּונקטן, האָט זי מיך פאַרבעטן צו פאַרברענגען אַ סוף־וואָך אויף איר פאַרם אין ווערמאָנט. עס האָט געזאָלט זיין בלויז אַ פריינדלעכער באַזוך, אָבער אומפאַרמיידלעך איז עס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַנגן חשבון הנפש וועגן דער גאַנצער טראַגישער ענדערונג אין איר לעבן. מיר האָבן ביז שפּעט אין דער נאַכט גערעדט אויג־אויף־אויג.

איך האָב איר געזאָגט : „איך האָב נישט בדעה אייך אָפּשמדן אויף צוריק. מען שפּרינגט נישט אַריין צוריק אין עמעצנס אַמאָליקן בעט פריער, איידער מען כאַפּט נישט אַ גוטן קלער וועגן דעם. איר האָט זיך געפונען אויף ביידע זייטן. איר זענט געווען אַ פלאַמיקע ציוניסטיקע זינט 1920, און איר האָט כסדר געשטיצט דעם ציוניזם, ביז איר האָט איבערגעריסן מיט דער באַוועגונג. איך מיין, אַז איך קאָן פאַרשטיין, וואָס עס איז געשען, און איך גלויב, אַז איר וועט נאָך שפּילן אַ גרויסע ראָל. איר זענט אַ פריינד פון די אַראַבער. איר זענט זיכער נישט קיין שונא פון יידן, כאָטש איר זענט נאָך אַלץ פאַרביטערט קעגן געוויסע ציוניסטן. אויך איך האָב מיינע טענות צו געוויסע ציוניסטן. איר האָט גוט באַטראַכט ביידע צדדים, און איר קענט די מעגלעכקייטן פון יעדן פון זיי. איר קאָנט ווערן אַ מין

פאַרמיטלערין פאַר אַ פרידלעכער לייזונג פון דעם פּראָבלעם. איר זענט פול מיט ענערגיע און וויטאַליטעט. און אויב איר זאָלט זיך אַריינוואַרפן אין דער דאָזיקער אויפגאַבע, קאָנט איר מאַכן אַן אַנטשיידנדיקע ביישטייערונג לטובתביידע פעלקער".

דאָס איז געווען איינע פון די זעלטענע געלעגנהייטן אין אונדזער פריינדשאַפט, ווען דאָראָטי טהאָמפסאָן האָט אַבסאָלוט געשוויגן אַ לאַנגע, לאַנגע צייט.

ווען זי האָט ענדלעך אָנגעהויבן רעדן, האָט זי געזאָגט לאַנגזאַם: „מאיר, דאָס וואָס איר האָט געזאָגט, האָט מיך טיף גערירט. איך וועל טראַכטן וועגן דעם. איך האָב זיך געפילט זייער משונהדיק אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט. איך ווייס, אַז איך האָב זיך געלאָזט פאַרפירן. פון מיין יוגנט אָן בין איך שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט יידן, מיט ציוניסטישע יידן. ווייצמאַן איז שטענדיק געווען מיין העלד. און איצט דאַרף איך צוריקברענגען זיך אַליין אין אָרדענונג. דאָס, וואָס איר האָט מיר געזאָגט, וועט נישט פאַרגעסן ווערן. איך מיין, אַז איך קאָן מאַכן אַ ביישטייערונג. אָבער איך וויל דאָס נישט טאָן איבערגעאיילט און אימפולסיוו. איך פאָר קיין שפאַניע צו זען מיין זון. ווען איך וועל צוריקקומען, לאָמיר זיך ווידער טרעפן און אויסאַרבעטן אַ ראַציאָנעלן פּראָגראַם, וואָס זאָל העלפן סיי די יידן, סיי די אַראַבער און סיי דעם גאַנצן מיטעלן מזרח".

פון די דאָזיקע האָפענונגען און חלומות האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזט. דאָראָטי טהאָמפסאָן איז געשטאָרבן אין שפאַניע, נאָך אַ קורצן באַזוך אין מדינת ישראל, ווו זי איז קאַלט און אַפילו גראָב אויפגענומען געוואָרן. זי האָט געשניטן די פּירות פון די אומגעהויערע פאָרווורפן און באַשולדיקונגען „קעגן די, וועלכע פאַלן דורך, ווי הערואיש עס זאָלן נישט האָבן געווען זייערע אָנשטרענגונגען".

ווען זי וואָלט ווייטער געלעבט, וואָלט זי אפשר נאָך געהאָלפן אַריינשרייבן אַ נוצלעך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די יידיש־אַראַבישע באַציונגען. און אירע לעצטע יאָרן וואָלטן אפשר געווען גליקלעכערע.

# 16. ארץ־ישראל: 1944

איך האָב אָפּט געטראַכט אויף אַן אַמוזירנדיקן אופן — ווי מיך אַליין וואָלט עס גאָרנישט אָנגעגאַנגען — וועגן דעם קידער־ווידער־שפּיל צווישן מיינע דורכגעטראַכטע פּלענער און פון דעם, וואָס עס קומט אַרויס פּאַקטיש פון מיינע טעטיקייטן. ווען איך הויב אָן צו שילדערן דעם דאָזיקן טייל פון מיין לעבן, באַמי איך זיך אָנצוווייזן אויף אַ פּונקט, וועגן וועלכן איך זאָל קאָנען זאָגן: „דאָס איז עס, וואָס האָט דעצידירט וועגן דער גרויסער אויפגאַבע פאַר מיר. אַזוי איז געווען — ווי איך זע עס — דער אומפאַרמיידלעכער אָנהויב פון דעם וויכטיקסטן פון אַלע מיינע באַשלוסן". איך זאָג דאָס. איך קאָן עס אויך מער אָדער ווייניקער דאָקומענטירן. אָבער איך פיל עס נישט. עס איז אַזוי, ווי עס וואָלט אָנגעהויבן צו געשען אָן דעם, אַז איך זאָל אַליין זיך אָפּגעבן אַ רעכענונג — ווי דער גאַנצער ענין וואָלט נישט געווען קיין קלאָר־באַשטימטער, און ווי עס וואָלט זיך אָנגעהויבן אַנטפּלעקן ערשט יאָרן שפּעטער.

איך קאָן סתם אַזוי אָנרופן אַ דאַטע, לפי ערך, און זאָגן „אַרום דער דאָזיקער צייט איז עס מיר איינגעפאַלן". אָבער איך וועל דאָס זאָגן אָן איבערצייגונג. אַ סך זאַכן זענען געשען. פּראָיעקטן פון מער אָדער ווייניקער אינטערעס און וויכטיקייט זענען דורכגעפירט געוואָרן. אָבער קיין איינער פון זיי האָט זיך נישט אַנטוויקלט אויף אַזאַ מאַסיוון אופן, אַז דאָס זאָל האָבן געווען די אויפגאַבע, אָדער דאָס ווערק פון מיין לעבן. מיינע טעג זענען געווען זייער פאַרנומענע און שטאַרק אינטערעסאַנטע. עס איז געווען אַ באַוועגונג, שטרעבונג, אימפּראָוויזאַציע. איך בין געווען אין אַ שטימונג פון ענערגישער אַרבעט און פון גרויסע דערוואַרטונגען. אָבער דאָס וואָס איך האָב סוף־כל־סוף געדאַרפט דערוואַרטן, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף מיר ערשט נאָך אַ געהעריקער לאַנגער הפסקה.

לאָמיר איצט צוטרעטן ווייטער צו מיין שילדערונג. איך האָב אַראַנזשירט צו זען זיך מיט ד"ר ווייצמאַן אין ארץ־ישראל, צו דער געלעגנהייט פון זיין זיבעציקסטן געבורטס־טאָג. דאָס איז נישט געווען אַזאַ לייכטע און פּשוטע אַראַנזשירונג. די מלחמה איז אָנגעגאַנגען. ווייצמאַן איז געווען אין ענגלאַנד. איך בין געווען אין אַמעריקע. מיט דעם גאַנצן דרך־ארץ פאַר ווייצמאַנס פּערזענלעכקייט און דערגרייכונגען — צי איז עס טאַקע געווען די ריכטיקע צייט פאַר מיר אַרויס־

צולאָזן זיך אויף אַ נסיעה פון זעקס טויזנט מייל צו אַ פייערונג? דער ענטפער איז: יאָ! ווייל עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ סך מער, ווי וועגן אַ פייערונג. ווייצמאַנס קומען קיין ארץ־ישראל אין דער דאָזיקער תקופה פון אונדזער געשיכטע איז געווען אַ טייל פון דער עוואָלוציע פון דעם מצב פון יידישן פאָלק. מיר זענען שוין געהאַט דורכגעגאַנגען דעם דעצידירנדיקן פונקט פון דער דעקלאַראַציע וועגן אַ יידישער קאָמאַנוועלט אין ארץ־ישראל. ד״ר ווייצמאַנס קומען קיין ארץ־ישראל האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ באַשטעטיקונג פון דעם סטאַטוס. די יידישע קאָמאַנוועלט האָט נאָך נישט עקזיסטירט, אָבער זי איז געווען וואַרטנדיק, אַז זי זאָל אַליין פאַרווירקלעכט ווערן.

אויך אַנדערע מעגלעכקייטן האָבן געוואַרט. דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען נישט בלויז צווישן יידן און אַראַבער. ער איז אויך געפירט געוואָרן צווישן יידן און יידן, צווישן דעם „עסטאַבלישמענט״ — די אָפיציעלע, אָנערקענטע ציוניסטישע פירערשאַפט — און די יידישע טעראָריסטן, וועלכע האָבן געוואָלט דערפירן צו דער גרינדונג פון דער קאָמאַנוועלט דורך געוואַלדאַקטן. און אַזוי איז עס געשען, אַז דעם 6־טן נאָוועמבער 1944, פיר טעג איידער איך האָב זיך געקליבן קיין ארץ־ישראל, איז לאָרד מאָין, דער אונטערסעקרעטאַר פון בריטישן קאָלאָניע־מיניסטעריום אין מיטעלן מזרח, דערמאָרדעט געוואָרן דורך די יידישע טעראָריסטן אין קאַיר. דאָס איז געווען אַ געשעעניש, וואָס האָט אין גאַנצן אויפגעטרייסלט און דערשיטערט ווייצמאַנען. ער האָט אַזעלכע מעשים פיינט געהאַט בתכלית השנאה.

פריינד האָבן מיר געזאָגט זייער מיינונג, אַז ביי אַזעלכע באַדינגונגען וועט ווייצמאַן אַ לענגערע צייט זיך אָפּהאַלטן פון פאָרן קיין ארץ־ישראל. און זיי האָבן מיר דעריבער געעצהט, אַז עס האָט נישט קיין זין איך זאָל פאָרן. נישט געקוקט אויף דעם, איז ווייצמאַן געפאָרן קיין ארץ־ישראל, אַזוי ווי ער האָט פריער געפלאַנט און אַראַנזשירט. און אַזוי האָב איך אויך געטאָן. יעדער פון אונדז ביידע האָט געהאַט זיינע טעמים. ער — אַ סך וויכטיקערע, און איך — ווייניקער וויכטיקע. לאָרד מאָין איז געווען דער, וועלכער האָט געהאַט איינגעשטימט, אַז איך זאָל קאָנען פאָרן קיין ארץ־ישראל. און איך האָב געפילט, אַז די איידלקייט פאָדערט, איך זאָל מאַכן די נסיעה. איך בין געפלויגן מיט אַ מיליטערישן עראָפּלאַן, מיט אַ דערלויבעניש, וואָס לאָרד מאָין האָט געהאַט אונטערגעשריבן פאַר זיין טויט. מיין וויזע האָט געהאַט די חתימה פון ישעיה בערלין, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער בריטישער אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן. אין אַ ספּעציעלן בריוו וואָס איך האָב באַקומען, איז געווען אָנגעוויזן פאַר „אַלעמען, וועמען דאָס קאָן נוגע זיין״, אַז איך פאָר אַלס „גאַסט פון זיין מאַיעסטעטס רעגירונג״. דאָס אַלץ איז אַראַנזשירט געוואָרן דורך ד״ר ווייצמאַן.

קאַיר איז נאָך אַלץ געווען אויפגערודערט פון דעם מאָרד, ווען מיר זענען אָנגעקומען. יעדער ייד, וועלכער איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל, איז געווען אונטער אַ חשד. מען האָט אונדז געמאַכט גרויסע שוועריקייטן. אין באַנצוג פון

קאַיר קיין רחובות האָב איך זיך באַקענט מיט אַ יידן, וועלכער איז געפאָרן צוזאַ־מען מיט מיר אין איין שלאָפוואַגאָן. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ גרויס פּעקל שפּייז, אַריינגערעכנט אַ גאַנץ אָפּגעקאָכט הינדל. און ווייל די אָפּיציעלע שפּייז־פּאָרציעס זענען דעמאָלט געווען קליינע, און איך האָב אויסגעזען צו זיין שטאַרק אינטערעסירט אין דעם, וואָס ער האָט מיט זיך — האָט דער ייד מיך איינגעלאַדן צו עסן צוזאַמען מיט אים די סעודה. צומאָרגנס באַלד אין דער פרי האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ביי דער גרענעץ, און מיין רייזע־חבר איז אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון בעט אין שלאָפוואַגאָן. מען האָט אים פאַראַרדנט, אַז ער זאָל זיך אויסטאָן נאַקעט. מען האָט אים רעווידירט פון קאָפּ ביז די פיס. און דאָס איז געטאָן גע־וואָרן מיט אַ גרויסן ליאַרעם און געפּילדער. מיר איז נישט געפעלן געוואָרן די אויפפירונג פון די בריטישע באַאַמטע. און איך האָב זיי דאָס געזאָגט. זייער ענטפער איז געווען, אַז איך זאָל זיך אָפּטראָגן אויף מיין אייגן אָרט, און נישט אַריינשטעקן מיין נאָז אין פרעמדע געשעפטן.

ווען זיי האָבן פאַרענדיקט מיט רעווידירן דעם שרעקלעך אויפגעבראַכטן יידן, האָבן זיי זיך גענומען צו מיר. „נעמט אַראָפּ אייערע וואַליזעס" — האָבן זיי מיר באַפוילן. „אויב איר ווילט רעווידירן מיינע וואַליזעס, טאָ נעמט זיי אַליין אַראָפּ!" — איז געווען מער־וויניקער, וואָס איך האָב זיי געזאָגט. דער בריטישער הויפּט־באַאַמטער איז געוואָרן אַ היפּש ביסל איבערראַשט, אָבער ער האָט גערופן אַ טרעגער און אים באַפוילן אַראָפּצונעמען מיינע וואַליזעס. איך בין געווען פול־שטענדיק רויִק. איך האָב נישט געהאַט וואָס צו באַהאַלטן. דער באַאַמטער, וועל־כער האָט גערעכנט, אַז ווייס־איך־וואָס ער וועט דאָ געפינען ביי מיר — עפּעס געווער, אָדער חלילה כאַשיש — איז מיט מיינע וואַליזעס געווען נאָך שטרענגער, ווי מיט מיין רייזע־חברס פּעקלעך. ער האָט אַלץ פון מיינע וואַליזעס אַרויסגע־וואָרפן אויף דער פּאָדלאָגע פון וואַגאָן און אויף די זיצפלעצער. ווען ער האָט פאַרענדיקט זיין רעוויזיע און האָט מיר געזאָגט שטייף אַז "דאָס איז אַלץ", האָב איך אים דערלאַנגט אין דער האַנט מיין בריוו, וואָס איז געווען געחתמעט דורך לאָרד מאָין, אַז איך בין „אַ גאַסט פון זיין מאַיעסטעטס רעגירונג", און אַז עס ווערט פאַראָרדנט צו „באַהאַנדלען מיך איידל" און דערפּילן יעדע מעגלעכע בקשה מיינע. דער באַאַמטער איז געוואָרן טויט־בלאַס. „פאַר וואָס האָט איר מיר נישט געזאָגט, סער?" — פאַר וואָס האָב איך דאָס געזאָלט זאָגן?" — האָב איך געענטפערט — „און אויסער דעם בין איך אַ צייטונגסמענטש. איך בין געקו־מען אַהער צו זען, וואָס עס קומט דאָ פאָר. מען דערציילט אַזויפיל גוזמאות וועגן דער בריטישער אויפפירונג אין דעם ראַיאָן. איך האָב זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט געגלויבט, און איך האָב געבעטן די בריטישע רעגירונג צו דערלויבן מיר קומען אַהער און זען מיט מיינע אייגענע אויגן, וואָס עס געשעט דאָ. איך בין אייך זייער דאַנקבאַר פאַר געבן מיר מיין ערשטע געשיכטע צו באַשרייבן".

געוויס האָב איך זיי נישט געזאָגט, אַז איידער איך בין אַוועקגעפאָרן פון וואַשינגטאָן, האָב איך געדאַרפט חתמענען אַ דאָקומענט, אַז איך וועל נישט שרייבן קיין איין וואָרט וועגן דעם, וואָס איך וועל האָבן געזען און געהערט.

עס איז אָבער געשען אַזוי, אַז אַ טאָג אָדער צוויי נאָך מיין אָנקומען האָב איך דערהאַלטן אַ האַרציקע איינלאַדונג פון דעם הויפט פון בריטישן אינפאָרמאַציע־ביוראָ אין ירושלים, אַז איך זאָל קומען צו אים אויף אַ גלעזל טיי. די טיי איז געווען זייער געשמאַק. דאָס געשפּרעך איז געווען האַרציק. און ווען איך האָב געהאַלטן ביים אַוועקגיין, האָט דער מאַן זיך אומגעקערט צו מיר און אין דעם בעסטן אָקספאָרדער סטיל, כיכיקענדיק אַ ביסל אין האַלדז, העפלעך זיך אָנגערופן צו מיר: „אַ־יאָ, אגב קלייבט איר זיך, אַ־יאָ, עפּעס שרייבן וועגן דעם לאַנד?״ איך האָב נישט געהאַט בדעה זיך נוקם צו זיין אָן דעם באַאַמטן אין דעם באַנ־וואַגאָן. און אַ חוץ דעם האָט מיין גאַסטגעבער געקענט די רעגולאַציעס אַזוי גוט, ווי איך. „ניין״ — האָב איך אים געזאָגט — „איך בין נישט געקומען אַהער פאַר דעם דאָזיקן צוועק. איך בין דאָ צו זען דאָס לאַנד פאַר מיר אַליין״.

און עס איז געווען אַ סך צו זען — מער וויפל איך וואָלט געקאָנט אַריינ־שטופּן אין דעם לענגסטן באַריכט; מער ווי איך האָב דערוואַרט צו דערוויסן זיך אַפילו אויף דעם אויבערפלעכלעכסטן אופן, ווען איך וואָלט דאָ פאַרבליבן אַ יאָר צייט צו אָבסערווירן די לאַגע. עס איז געווען אַ נייע וועלט, נישט נאָר פאַרן אויג, נאָר אויך פאַרן מוח. עס זענען געווען נייע כוחות און נייע באַדינגונגען. דאָס לאַנד האָט געקאָכט מיט וויטאַליטעט. עס איז אָבער אויך געווען אַ לאַנד, וואָס האָט זיך אונטערגעגאַרטלט פאַר אַ לאַנגן קאַמף.

איך האָב געוואָלט אַריינכאַפּן אַלץ מיט אַ מאָל — די פּאָליטישע לאַגע, דעם ריזיקן וווקס פון דער פּראָדוקטיוויטעט; דעם פאַרמעסט קעגן די ענגלענדער, וואָס מען האָט געדאַרפט דערוואַרטן. איך האָב אָבסערווירט מיינע העפלעכע ענגלענדער מיט אַ פאַרזיכטיק אויג. און בעיקר האָב איך באַטראַכט דאָס פאָלק, דעם עם היושב בציון, די התחלה פון קיבוץ גלויות.

דעם 22סטן נאָוועמבער האָב איך געשריבן צו שירלין: „איך געפין זיך דאָ איצט צוויי און זיבעציק שעה, יאָגנדיק זיך ווי אַ משוגענער אַהין און צוריק פון ירושלים, רחובות און תל־אביב. מיין וווינאָרט איז אין רחובות, מיט די ווייצ־מאַנס״. און איך האָב איר געשריבן וועגן מיין באַגעגעניש מיטן „שעף״ — אַ דראַמאַטישע געשיכטע, וואָס האָט נישט פאַרלאָרן גאָרנישט פון איר אינהאַלט, ווען איך האָב זי דערציילט.

מיין באַנצוג פון קאַיר האָט זיך פאַרשפּעטיקט אויף דריי שעה. ווען איך בין אָנגעקומען קיין רחובות, איז ווייצמאַן שוין געווען אין ירושלים אויף אַ זיצונג פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. איך האָב גענומען אַן אויטאָמאָביל און דורך באַב־על־וואַד געאיילט קיין ירושלים. נאָך מיטאָג בין איך אָנגעקומען אין דער יידישער אַגענטור. דער גאַנצער פּלאַץ איז געווען איבערגעפּאַקט מיט מענטשן און באַלאַגערט דורך סאָלדאַטן און פּאָליציי. איך האָב געדאַרפט דריי מאָל ווייזן מיינע דאָקומענטן, בכדי צו קאָנען דורכגיין די וואַך. ענדלעך האָב איך באַוויזן זיך דורכצורייסן, אַרומגערינגלט פון צוויי סאָלדאַטן. גראָד ווען איך בין אַריינגעקו־מען אינעווייניק, איז ווייצמאַן אַראָפּגעגאַנגען פון די ברייטע טרעפּ, און נאָך

אים האָט זיך געצויגן אַ ריזיקער המון. ווייצמאַן איז געבליבן שטיין, און מיט אים צוזאַמען האָט דער גאַנצער עולם זיך אָפּגעשטעלט: „מאיר, איר זענט דאָ, און איך האָב איבערגעקערט די גאַנצע געבײַדע פון אויבן ביז אַראָפּ אײַך צו זוכן”. ער האָט מיך האַרציק אַרומגענומען און האָט געכאַפּט אַ גוטן קוק אויף מיר, צו דער אַלגעמיינער דערשטוינונג פון גאַנצן עולם, וועלכער האָט אויך גענומען קוקן אויף מיר. און איינער האָט געשושקעט זיך מיטן צווייטן, גע־פרעגט: „ווער איז ער, דער דאָזיקער פרעמדער פּאַרשוין, פאַר וועמען דער פּרע־זידענט האָט איבערגעקערט די גאַנצע געבײַדע?” איך האָב זיך זייער דערפרייט, ווען איך האָב דערזען ווייצמאַנען. און איך האָב זיך אויך געפילט שטאַרק גע־שמייכלט דערפון, ווען ווייצמאַן האָט געזאָגט צו זיינע מיטאַרבעטער, אַז ער וועט באַלד צוריקקומען פון דעם הויכקאָמיסאַר און אַז דערווייל זאָלן זיי מיך באַהאַנד־לען, „ווי אים אַליין”.

איך האָב געהאָפט, אַז איך וועל אָנקומען קיין ארץ־ישראל אַ וואָך פריער, פאַר ווייצמאַנען, אָדער אין דער זעלבער צייט. איך האָב געהאַט אַ מיליאָן זאַכן צו דערליידיקן. גלייכצייטיק האָב איך געטראַכט, אַז איך וועל גאַרנישט טאָן, נאָר אַרומגיין — זען ווי מענטשן לעבן, אויפנעמען איינדרוקן, אַריינפילן זיך אין דער אַטמאָספער. און אַזוי, מיט די סתירותדיקע פאַרלאַנגען, און ווען ווייצמאַן האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זיין כסדר ביי זיין זייט, ווען ער וועט מיך דאַרפן האָבן — בין איך יעדן טאָג געווען פאַרנומען איבערן קאָפּ.

דעם 4־טן דעצעמבער האָב איך ווידער באַוויזן אַריינצוכאַפּן אַ פּאָר שורות צו מיין פרוי: „איצט איז זעקס אַזייגער אין דער פרי, דעם 4־טן דעצעמבער, אין דעם טאָג, ווען ארץ־ישראל פייערט ווייצמאַנס געבורטסטאָג (אונדזער יידישער לוח האָט זיך זיין געהיימנישפולן דרך). די לעצטע צען טעג זענען געווען משו־גענע, איינער נאָכן אַנדערן. דו דאַרפסט פאַרשטיין, אַז אין צוגאָב צו דעם, וואָס איך באַגלייט ווייצמאַנען, גיט מען אָפּ אויך מיר פערזענלעך אַ סך פאַרשידענע כיבודים. איך ווייס נישט, צי עס זענען געווען וועגן דעם ראַפּאָרטן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. אָבער וועגן מיינע אַרויסטריטן דאָ ווערן איבערגעגעבן באַ־ריכטן אויף דער ראַדיאָ און אין די צייטונגען (לאַך נישט!), ווי וועגן פאַלן פון סטאַלינגראַד. צי דו גלויבסט יאָ, צי דו גלויבסט נישט, מיין טייערע, האָב איך דאָ געהאַלטן אַ רעדע אויף העברעיִש אַ האַלבע שעה צייט פאַר אַן עולם פון צוויי טויזנט מענטשן, וואָס האָבן איבערגעפולט אַ זאַל אין תל־אביב”.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, אַז אין דעם זאַל גייען אַריין בלויז זעקס הונדערט מענטשן. אָבער פאַר מיר האָבן זיי אויסגעזען, ווי אַ מיליאָן, אַראָפּהענ־גענדיק — ווי אַ טייל פון זיי האָבן דאָס געטאָן — פון די באַלקאָנען. מיין ציפער איז דעריבער געווען אַ קאָמפּראָמיס.

דער לייענער דאַרף פאַרשטיין, אַז עס איז געווען אַ גרויסע זעלטנקייט, אַז עמעצער זאָל בעת דער מלחמה קאָנען קומען פון אַמעריקע קיין ארץ־ישראל. און דעריבער האָט מיין אָנקומען אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אויפרודערונג. איך בין

פּאַרפּלייצט געוואָרן מיט איינלאַדונגען צו רעדן אויף פֿאַרזאַמלונגען. עס איז געווען אויסגעשלאָסן, אַז איך זאָל קאָנען אָננעמען אַלע איינלאַדונגען, נאָר בלויז עטלעכע געציילטע. אָבער די ספּעציעלע פֿאַרזאַמלונג, וועגן וועלכער איך האָב אויבן דערמאָנט, איז אַראַנזשירט געוואָרן דורך דער שטאָט תל־אביב לכבוד ווייצמאַנס זיבעציקסטן געבורטסטאָג, און איך האָב זי נישט געקאָנט דורכלאָזן. ישׂראל רוקח, דער דעמאָלטיקער ראש העיר פֿון תל־אביב, גרשון אַגראָנסקי פֿון ירושלים, ד״ר הערצל בערגער פֿון זשורנאַליסטן־פֿאַרבאַנד זענען געווען דעם אָוונט צווישן די רעדנער אין מוגרבי־זאַל. איך האָב געהאַט בדעה צו רעדן ענג־ליש. אָבער איך בין אינפֿאָרמירט געוואָרן, אַז איך דאַרף האַלטן מיין רעדע אין העברעיִש. איך האָב געפֿונען אַן איבערזעצער, און נישט קיין קליינעם מומחה, ווי ד״ר הערי דאַווידאָוויטש, מיינעם אַן אַלטן פֿריינד פֿון קליוולאַנד, וועלכער האָט איבערגעזעצט שעקספּירן אין אַ ברילִיאַנטענעם העברעיִש. מיט זיין גאַנצער ברילִיאַנטישקייט האָבן מיר געדאַרפֿט מאַכן די איבערזעצונג דריי מאָל. איך האָב נישט געקענט געננוג העברעיִש צו מאַכן אַליין די איבערזעצונג, אָבער איך האָב געהאַט אַ גענוגנדיקן געפֿיל פֿאַר דער שפּראַך, בכדי צו וויסן אַז די ערשטע צוויי פּרוּוון האָבן זיך נישט צוגעפּאַסט צו מיין סטיל. מיט דעם דריטן פּרוּוו זענען מיר דערגאַנגען צו עפּעס אַזעלכעס, וואָס איך האָב געקאָנט אָנרופֿן מיין אייגנס. און איך האָב זיך גוט איינגעחזרט דעם העברעיִשן טעקסט, ביז צו קאָנען האַלטן די רעדע פּערפֿעקט. דאַווידאָוויטש האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיצן אין דער ערשטער ריי, אין צענטער, על כל צרה שלא תבוא.

דער מוגרבי־זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט. און איך, דער הויפּטסטאַר פֿון דעם אָוונט, בין געווען באַשטימט צו רעדן דער לעצטער. ווען מיין צייט איז געקו־מען, בין איך געווען כמעט ווי פּאַראַליזירט. יעדע רעדע פֿריִער, פֿאַר מיר, איז גע־האַלטן געוואָרן אין אַ גלענצנדיקן העברעיִש. אָבער דער עולם איז געווען „טויט״, זיצנדיק ווי פֿאַרגליווערט. די אַטמאָספֿער איז געוואָרן וואָס אַ מאָל מער אַ געדריק־טע, בעת די רעדעס האָבן זיך פֿאַרצויגן אָן אַ סוף. דער, וועלכער האָט געהאַלטן זיין רעדע, דער לעצטער פֿאַר מיר, הערצל בערגער, איז געווען ממש אַ ציצעראָ. פּלוצלינג איז מיר איינגעפֿאַלן, אַז אפֿשר ליידן די דאָזיקע הונדערטער יידן פֿון דער אומזיסטער פּיין צו הערן אַזאַ אויסגעצאַצקעטן העברעיִש. האָב איך דעריבער אָנגעהויבן מיין רעדע מיט אַ בקשה אין יידיש: „יידן, האָט רחמנות!״ דער עפֿעקט איז געווען אַ סענסאַציאָנעלער. דער עולם איז אויסגעבראָכן מיט אַ ספּאָנטאַנעם שטורעם פֿון באַגייסטערטע אַפּלאָדיסמענטן. און נאָך דעם האָט שוין אַלץ געקאָנט צוגיין לייכט און גלאַטיק, אַפֿילו מיינע פֿעלערן אין העברעיִש זענען אַפּלאָדירט געוואָרן. אין מיטן פֿון אַ זאַץ בין איך צוגעקומען צו איינעם פֿון די שווערע „קליינע אותיות״. און עמעצער פֿון עולם האָט זיך אָנגערופֿן, ווילנדיק אויסבעסערן מיין העברעיִשן אויסדרוק. אָבער דאָ האָבן זיך אויפֿגעשטעלט אַ טוץ אַנדערע און מיך פֿאַרטיידיקט, שרייענדיק אַז איך האָב נישט קיין טעות. און ווען איך האָב פֿאַרענ־דיקט מיין רעדע, האָב איך ווייטער באַקומען אַ שטורמישע אָוואַציע.

ווען אַלץ איז געווען פֿאַרביי, איז ד״ר הערצל בערגער צוגעגאַנגען צו מיר און

געזאָגט: „ווען איך וואָלט געקענט אַזאַ שלעכטן העברעיִש, ווי איר, וואָלט איך דאָ אויך געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג״.

איך האָב געזאָגט ווייצמאַנען, אַז נאָך דער געבורטס־פּייערונג האָב איך בדעה אַרומצופאָרן איבערן לאַנד אַ צען טעג. ער האָט געמאַכט אַ ביסל אַ קרומע מינע. אָבער דערנאָך האָט ער מער־ווייניקער נאָכגעגעבן. ער האָט געוואָלט, איך זאָל פאָרן צוזאַמען מיט אים אויף דער רייזע, וואָס ער האָט זיך געקליבן מאַכן איבערן לאַנד. אָבער איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַחוץ דעם וואָס ער וועט פאָרן פּאַמעלעך, וועלן זיין צופיל פּאַראַדן מיט פענער און בלומען און פייערלעכע אויפנאַמעס אויף זיין „קעניגלעכער״ נסיעה. ער איז נישט געהאַט געווען אין לאַנד פינף יאָר, און יעדער קיבוץ און יעדעס שטעטל האָט געוואַרט אויף זיין באַזוך מיט אַן איינגע־האַלטענעם אָטעם. פון דעסטוועגן האָב איך אים באַגלייט אויף געוויסע ערטער. איינער פון זיי איז געווען אין דעם אויפנאַם־צענטער אין עתלית, ביי חיפה. איך האָב דאָרט געהאַט איינע פון די רירנדסטע, טראַגישסטע און מוראדיקסטע דערפאַ־רונגען אין מיין גאַנץ לעבן.

ניין הונדערט מענטשן זענען געווען אין עתלית, אַריינגעשטופּט און צונויפגע־דריקט אין אַ לאַגער, הינטער שטעכעדיקע דראָטן. זיי זענען געווען ניין הונדערט „גליקלעכע״ נשמות, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די היטלערישע מאָרדלאַ־גערן און גאַזאויוונס אין אייראָפּע און האָבן זיך דערשלאָגן קיין ארץ־ישראל. אין די לעצטע חדשים פון 1944 האָבן מיר נאָך נישט געוווּסט גענוי די באַדייטונג און דעם שוידערלעכן פאַרנעם פון אַזעלכע ווערטער, ווי מאָרד־לאַגערן אָדער טויט־וואַגאָנען, באַלאַגערטע געטאָס און אַרומגערינגלטע וועלדער. אָבער דאָס, וואָס מיר האָבן געזען, איז געווען שוידערלעך גענוג — אַ מאַסע פון צעבראָכענע מענטשלעכע באַשעפענישן; קינדער אָן עלטערן; מאַמעס אָן קינדער; מענער אָן פרויען; פרויען אָן מענער — די וועלכע האָבן אויף וועלכן עס איז אופן באַוויזן צוצוקומען צו די ברעגן פון ארץ־ישראל. עס איז געווען אַזוי, ווי די ריזיקע טראַ־געדיע, וועלכע איז באַפאַלן די יידן אין אייראָפּע, איז אונדז געוויזן געוואָרן אין אַ שוידערלעכן פּראָלאָג, אַ מיניאַטור דערפון, וואָס האָט זיך שפּעטער אַנטפּלעקט פאַר אַן אויפגעטרייסלטער און דערשיטערטער וועלט.

זיי האָבן דערציילט זייערע געשיכטעס, און מיר האָבן געהערט מיט שוידער. אַ מיידל, וואָס האָט געזען ווי אירע עלטערן זענען פאַר אירע אויגן דערהרגעט געוואָרן. אַ יינגל וואָס האָט צוגעזען, ווי אַ נאַצי־טאַנק האָט דערדריקט און צעריסן זיין עלטערן ברודער. איך האָב געפרעגט אַ יונג מיידל אַ קינד: „ווי אַלט ביסטו?״ איר ענטפער איז געווען: „איך ווייס נישט״. און מיט דעם דאָזיקן פּשוטן דערשי־טערנדיקן ענטפער בין איך אַרומגעגאַנגען אין מיינע מחשבות אַ לאַנגע צייט. איך בין יענעם טאָג אַוועקגעגאַנגען פון עתלית אַ צערודערטער און אַ צעבראָכענער.

אין 1926, ווען איך בין צוריקגעקומען פון מיין ערשטן באַזוך אין ארץ־ישראל, האָב איך געזאָגט אָדער געשריבן ערגעץ, אַז פאַר קריגן אַ געהעריקע אָפּשאַצונג פון דעם וואָס ארץ־ישראל מיינט פאַר די יידן, וועלכע באַזעצן זיך אין לאַנד, דאַרף אַן

אַמעריקאַנער ייד, וואָס קומט פון דער רייכסטער מדינה אין דער וועלט, דורכגיין קודם־כל דעם קאָרידאָר פון אַ פויליש־יידישן געטאָ, ווי איך האָב דאָס געטאָן. בלויז דעמאָלט וועט אַן אַמעריקאַנער ייד קאָנען באַגרייפן די פולע באַדייטונג פון דער ציוניסטישער פראַזע: ווידעראויפבויען דאָס לאַנד און ווידעראויפבויען דאָס פאָלק. עס איז געווען נויטיק פאַר אַן אַמעריקאַנער יידן איינצוטעטעמען די אָרעמקייט, די נויט, די הילפלאָזיקייט — נישט געקוקט אויף דער גייסטיקער עשירות — פון דעם געטאָ, בכדי צו פאַרשטיין די אומוואַנדלונג, וואָס קומט פאָר אין ארץ־ישׂראל.

אין 1944 איז דאָס נישט געווען מער מעגלעך פאַר אַן אַמעריקאַנער יידן צו טאָן. אין פוילן זענען שוין נישט געווען קיין געטאָס, נאָר בית־עלמינס און עלנטע מאַסן־קברים, איבער וועלכע עס האָט זיך נאָך געטראָגן דער רויך פון די גאַזאויוונס. אין 1944 איז עתלית געווען דער נייער קאָרידאָר, ווי עס זענען שפּעטער געווען דער לאַגער אין ציפּערן, די פּליטים־לאַגערן אין אייראָפּע, און די האַלב צעבראָכענע איבערגעפּאַקטע און פאַרפעסטעטע שיפן פון די אַזוי־גערופענע „אומלעגאַלע" עולים. איך גלויב נישט, אַז עס זאָל האָבן געווען איין ייד אין דער וועלט — און אין דעם זין אויך אַ קריסט — וועלכער האָט געזען די דאָזיקע עלנדע און שוידערלעכע קאָרידאָרן פון לעבן, און ער זאָל האָבן געהאַט וועלכן עס איז צווייפל וועגן דער נויטווענדיקייט פון ציוניזם.

אין משך פון לאַנגע, לאַנגע יאָרן איז דאָס יידישע היימלאַנד געווען די האָפע־נונג אויף נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט. אין 1944 האָט ארץ־ישׂראל געגעבן די איינ־ציקע מעגלעכקייט פאַר דעם ווייטערדיקן קיום. אָבער מען טאָר נישט מאַכן קיין טעות. אָן דעם יסוד פון די זעקס הונדערט טויזנט יידן אין ארץ־ישׂראל, וואָלט דער גורל פון אָט די היימלאָזע, פיזיש און גייסטיק אויסגעפּייניקטע יידן געבליבן איינע פון די גרעסטע און שווערסטע פּראָבלעמען אין דער געשיכטע. קיין מאָל אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט זענען פאַראָרעמטע, רויִנירטע און היימ־לאָזע מענטשן נישט אויפגענומען געוואָרן אַזוי גערן, אַזוי ברייטהאַרציק און אַזוי וואַרעם אין די אָרעמס פון די גליקלעכערע פון זיי, ווי די יידן פון דער שארית הפליטה פון נאַציזם זענען אויפגענומען געוואָרן דורך דעם ישוב אין ארץ ישׂראל. אומעטום אין ארץ־ישׂראל האָבן געוואַרט יידן מיט בוכשטעבלעך אויסגעשטרעקטע הענט אויפצונעמען די ניי־געקומענע. קיין שום קרבן איז נישט געווען צו גרויס. קיין שום אָנשטרענג איז נישט געווען צו שטאַרק. אַלץ איז געטאָן געוואָרן, בכדי די דאָזיקע אָפּגעראַטעוועטע יידן זאָלן קאָנען אָנהייבן אַ ניי, בכבודיק לעבן. קיין שום הויז איז נישט געווען צו קליין, אָדער אַזוי איבערפולט, אַז מען זאָל נישט געפינען קיין אָרט פאַר אָט די ניצול־געוואָרענע. יעדער ארץ־ישׂראלדיקער ייד האָט געזען אין אָט די עלנדע און אומגליקלעכע פּליטים אַ קרוב פון זיין אייגענער משפחה, וועלכער דאַרף געהאָלפן ווערן, וועמען מען דאַרף צוריקברענגען צו זיין געזונט און אים שטיצן, ער זאָל זיך ווידער קאָנען שטעלן אויף די אייגענע פיס.

מיר זענען אַ מאָדנע פאָלק, מיר יידן. גיט אונדז שלום און וווילזיין, וועלן מיר פייניקן איינער דעם אַנדערן מיט וויכוחים אָן אַ סוף, מיט זינלאָזע מחלוקתן, מיט קליינלעכע קריגערייען און קאָנקורענצן, פאַר וועלכע עס איז נישטאָ קיין אַנט־

שולדיקונג. מיר זענען דאָס אַממיינסטן אומגליקלעך־צעטיילט פאָלק, ווען די זון שיינט פאַר אונדז. אָבער עס איז פאַראַן ביי אונדז ממש אַן אומבאַגרייפלעכע אייגנ־שאַפט פון עקשנות און פון מקריב זיין זיך פאַר אַנדערע יידן, אַן עקשנות וואָס ברויזט אויף אין מאָמענטן פון נויט. איך וויל נישט זאָגן, אַז דאָס איז כאַראַקטע־ריסטיש בלויז פאַר יידן. מיר טוען פשוט אין אַ סך זאַכן „מער פון אַנדערע". מיר זענען מער איבערגעגעבן.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זען די דאָזיקע פליטים אין עתלית עט־לעכע וואָכן שפּעטער, ווען איך בין אַרומגעפאָרן איבער די ישובים אין לאַנד. איך וואָלט נישט געזאָגט, אַז עס איז געווען שווער זיי צו דערקענען. אָבער מען האָט געקאָנט פילן, אַז זיי האָבן אינערלעך ווידער אויפגעלעבט, אַז זיי זענען צוריקגע־קומען צוריק. עס האָט אויך נישט געקאָנט זיין אַנדערש. די ליבע, די האַרציקייט, די פאַרשטענדעניש, וואָס זיי האָבן געפונען ביי דעם ישוב אין ארץ־ישראל, זענען נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דאָס דערוואַרעמטע געפיל פאַר די גרעסטע צעוועטע פליטים האָט ביי די יידן אין ארץ־ישראל געמילדערט זייער טיפן צער און ווייטאָג, מיט וועלכן זיי זענען אַרומגעגאַנגען נאָך זייערע אייגענע אויסגעמאָרדעטע טאַטעס און ברידער.

אָבער דאָ מוז איך מאַכן אַ באַמערקונג וועגן עטלעכע פּרטים פון דעם אופן, ווי אַזוי מען האָט אין עתלית אָנגעהויבן די הילפסאַרבעט פאַר איינאָרדענען די ניי־געקומענע פליטים. איך מיין וועגן דעם איבערקלייב פון די פליטים, באַזונ־דערס פון די קינדער, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן לויט אַ ציוניסטישן פּאַרטיי־שליסל. איך דערמאָן וועגן דעם, ווייל איך מיין, אַז דאָס איז די קללה פון ישראל. אין ארץ־ישראל דעמאָלט, הגם אַ ביסל ווייניקער איצט אין דער מדינה, ווערט מען נישט געבוירן פשוט אין אַ משפחה. מען ווערט געבוירן אין אַ פּאָליטישער פּאַרטיי. און אויב עס זענען פאַראַן פראַקציעס אין דער פּאַרטיי, ווערט מען געבוירן אין דער פראַקציע „א", אָדער אין דער פראַקציע „ב", אין רעכטן אָדער אין לינקן פליגל. אויב דאָס וואָלט געווען מעגלעך, וואָלט יעדער ייד אין ישראל געווען דער גענע־ראַל־סעקרעטאַר פון זיין אייגענער פּאַרטיי, מיט זיין ווייב און קינדער — די פּאַרטיי אַליין. דאָס הייסט אויב זיין ווייב וואָלט מיט אים איינגעשטימט. דאָס קאָן אויסזען קאָמיש, אויב עס וואָלט נישט געווען טראַגיש. אָבער מען האָט נישט געקאָנט מוחל זיין פאַר דעם פאַקט, וואָס אין 1944 האָט מען די הילפס־אַקציע פאַר די קינדער־פליטים געפירט לויט אַ פּאַרטיי־שליסל.

עס זענען געווען אַרום דריי אָדער פיר הונדערט קינדער אין דעם אויפנאַם־צענטער אין עתלית. אַלע זענען זיי דורכגעגאַנגען דורך אַ חדר, אין וועלכן עס זענען געזעסן פאָרשטייער פון דער אולטראַ־רעליגיעזער „אגודת ישראל", פון דער אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזער „מזרחי", פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, פון די אַרבעטער־ציוניסטן, און — בכדי אָנצוהאַלטן דעם באַלאַנס — נאָך אַ פאָרשטייער פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט העגריעטע סאָלד און די יוגנט־עליה. נאָך דעם ווי איך האָב דאָרט פאַרבראַכט אַ שעה, צוקוקנדיק זיך צום דורכ־

פירן דעם איבערקלייב, האָב איך דעם דאָזיקן חדר אָנגערופן „אינקוויזיציע־קאַמער". יעדן קינד, אומאָפּהענגיק פון עלטער, האָט מען געשטעלט די פראַגע: „וואָס האָט אייער טאַטע געטאָן די ערשטע זאַך אין דער פרי? האָט ער געלייגט תפילין? האָט ער געגעסן כשר? איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי? וועלכע צייטונג האָט ער געלייענט?".

אַזוי זענען די קינדער אויסגעפאָרשט געוואָרן. נאָך ערגער — מען האָט זיי געפייניקט און אָנגעוואָרפן אויף זיי אַ שרעק. זיי זענען ממש דורכגעגאַנגען אַ גיהנום. בסך־הכל זענען זיי געווען אין ארץ־ישראל בלויז אַ טאָג אָדער צוויי. זיי האָבן נישט געקאָנט וויסן, אַז דאָס איז נישט געווען די „געשטאַפּאָ", וואָס זיי האָבן געהאַט פאַר זיך; אַז די דאָזיקע מענטשן האָבן פּשוט זיך באַמיט זיי צו העלפן, וועלנדיק אויסגעפינען, צו וועלכער קאַטעגאָריע פון לעבעדיקע יידן זיי געהערן, און באַשליסן צי זיי דאַרפן געשיקט ווערן אין אַ רעליגיעזער שול, אָדער אין אַ וועלטלעכן קיבוץ. אויב איך וואָלט געקאָנט רעדן פליסיק העברעיִש, וואָלט איך אויסגעבראָכן מיט אַ געשריי קעגן די אויספאָרשער. אָנשטאָט דעם בין איך אַוועקגעגאַנגען מיט אַ טיפן צער, טראַכטנדיק שטילערהייט וועגן דער „שבטים־ציוויליזאַציע", וואָס ווערט געשאַפן אין ארץ־ישראל. יידן אין לאַנד האָבן באַוויזן צו שאַפן פינף באַזונדערע שול־סיסטעמען. די קינדער פון די קלאַסן פון דער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע האָבן קיין מאָל זיך נישט געמישט מיט די קינדער פון דער מינדערוויכטיקער בורזשואַזיע.

ס'איז אַזוי געשען, אַז דער דאָזיקער באַדויערנסווערטיקער עפּיזאָד איז געווען די טעמע פון מיין לעצטן געשפּרעך און באַגעגעניש מיט הענריעטע סאָלד אין ווינטער 1944, ווען זי איז געלעגן אין שפּיטאָל. דאָס איז געווען בלויז עטלעכע וואָכן פאַר איר טויט. זי האָט מיטגענומען מיט זיך אין קבר אַריין אַ שטאַרקן פאַרדרוס קעגן דעם ישוב. זינט אַ סך יאָרן האָט די דאָזיקע הערלעכע און קלוגע פרוי, וועלכע האָט קיין מאָל נישט געטראַכט וועגן זיך אַליין, די גרינדערין פון „הדסה", זיך געווידמעט אין גאַנצן דער פאַרזאָרגונג פון די היימלאָז־געוואָרענע יידישע קינדער. זי איז געווען באַקאַנט, ווי די מאַמע פון דער יוגנט־עליה, און אַפילו די פאַרביסנסטע פּאָליטיקער, איצט אין ישראל, וועלכע זענען אונטער איר אויפזיכט געבראַכט געוואָרן אין לאַנד, דערמאָנען זי מיט אַ טיפן דרך־ארץ און מיט אַ וואַרעמען געפיל פון דאַנקבאַרקייט — וואָס זיי רעזערווירן געוויינלעך פאַר זיך אַליין.

איך האָב געקענט הענריעטע סאָלד און איך האָב געהאַט פאַר איר דעם טיפסטן דרך־ארץ זינט מיינע ערשטע טעג אין ציוניסטישן ביוראָ אין ניו־יאָרק. איך געדענק ווי איין מאָל, אויף אַ פאַרזאַמלונג אין ביוראָ, האָב איך באַנוצט אַ באַזונדערע „בלומען"־שפּראַך ביים פאַרטיידיקן אַ שטאַנדפּונקט. איינער פון די פיינע לייט איז דאָן אויפגעשפּרונגען אַ צעווילדעוועטער: „ווי וואַגט איר צו באַנוצן אַזאַ שפּראַך אין דער אָנוועזנהייט פון הענריעטע סאָלד?". זיצנדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט זי בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און נישט עפּענענדיק אַפילו די

אויגן צו איר אַזוי־גערופענעם באַשיצער, האָט זי געזאָגט: „מאיר קאָן באַנוצן וועלכע שפּראַך ער וויל, אַזוי לאַנג ווי ער טוט, וואָס ער טוט".

באַלד נאָך מיין אָנקומען קיין ישראל האָב איך געשיקט אַ מיטטיילונג אין דער קראַנקנהיים, ווו העגריעטע סאָלד האָט זיך געפונען, אַז איך וויל זי זען. אָבער מען האָט מיך אינפאָרמירט, אַז זי איז צו שוואַך אויפצונעמען באַזוכער. סוף דעצעמבער האָט זי צוויי מאָל געבעטן, אַז איך זאָל קומען. און מען האָט מיר דערלויבט צו זיין פינף מינוט ביי איר בעט. די פינף מינוט האָבן זיך פאַרצויגן אויף פערציק, נישט געקוקט אויף די פּראָטעסטן פון די דאָקטוירים און פון די קראַנקנשוועסטער, וועלכע האָבן זי געבעטן, זי זאָל זיך נישט צופיל אָנשטרענגען.

איך האָב זיך שטאַרק געחידושט. דאָ איז אַ פיר־און־אַכציק־יאָריקע פרוי, וועלכע ליגט אויף איר טויטנבעט, ליידנדיק פון אַסטמאַ און פון כלערליי קאָמפּלי־קאַציעס, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. און דאָך איז זי ביי איר קלאָרן און פולן פאַרשטאַנד, און איר שטים קלינגט אָפּ אַזוי שטאַרק. ווען איך האָב איר געזאָגט וועגן מיין דערפאַרונג אין עתלית, האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זאָגנדיק אַז זי ווייסט וועגן דעם. דאָס איז געווען איר טעגלעך ברויט פאַר צען יאָר צייט, זינט זי האָט אָנגעהויבן איר רעטונגס־אַרבעט פאַר יידישע קינדער אין אייראָפּע. אירע לעצטע ווערטער צו מיר זענען געווען: „מאיר, ווען איר וועט צוריקקומען קיין אַמעריקע, דערציילט דעם אמת וועגן ארץ־ישראל. דער אמת איז די וויכטיקסטע זאַך".

זי האָט מיך געוואָלט זען נאָך אַ מאָל, די אַנדערע וואָך, ווייל זי האָט געוואָלט איבערגעבן דורך מיר אַ מיטטיילונג צו דער פאַרוואַלטונג פון „הדסה". אָבער איר געזונט־צושטאַנד האָט זיך זייער פאַרערגערט. איך בין געווען אין חיפה מיט ד"ר ווייצמאַנען, ווען ד"ר יהודה לייב מאַגנעס האָט טעלעפאָנירט, בעטנדיק אים, ער זאָל זיין גרייט אויף יעדן דרינגענדן רוף. עס האָט אויסגעזען, ווי אַ פראַגע פון שעהן. זי איז ווידער געקומען צו זיך, און ווייצמאַן האָט מיט איר פאַרבראַכט איר פיר־און־אַכציקסטן געבורטסטאָג. ווען זי איז צום לעצטן מאָל אַרויסגעקומען פון איר באַוווסטלאָזיקייט, האָט זי געזאָגט: „וואָס ווילט איר פון דער דאָזיקער אַלטער שמאַטע? פאַר וואָס לאָזט איר זי נישט גיין?"

איך האָב זי מער נישט געזען. זי איז געשטאָרבן דעם 13־טן פעברואַר 1945.

איך האָב געהאַט אין יענער צייט אַן אומגעוויינלעכע באַגעגעניש, וואָס האָט זיך מיר גוט איינגעקריצט אין זכרון. איך בין געזעסן אין ביוראָ פון דער יידישער אַגענטור אין ירושלים, ווען דער טעלעפאָן האָט געקלונגען. דער מאַן פון דער אַנדערער זייט האָט גערעדט צו מיר פויליש — איינע פון די פיל שפּראַכן, אויף וועלכער איך רעד וויניקער ווי פליסיק. אַלץ, וואָס איך האָב פאַרשטאַנען, איז געווען, אַז זיין נאָמען איז ד"ר לעאָן פוקס. איך האָב אים אין מיין געבראָכענעם פויליש (מער געבראָכן ווי פויליש) געפרעגט אין אַן עניוותדיקער שטים, צי ער רעדט אויף וועלכער־עס־איז אַנדערער שפּראַך. ער האָט דאַן אָנגעהויבן רעדן דייטש: „איך בין ד"ר פוקס אַוס וולאָצלאַוועק". איצט האָב איך שוין געוווסט וועגן אים צוויי זאַכן. מיין ווייטערדיקע ווענדונג צו אים איז געווען: „אפשר

רעדט איר יידיש?״. אין דער דאָזיקער שענסטער און אינטימסטער פון אַלע שפּראַכן האָט ער זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר: „איך בין דעם סאָמפּאָלנער רבס זון״.

איך האָב דערזען פאַר מיינע אויגן אַ בילד, וואָס האָט מיך אַוועקגעטראָגן אויף פערציק יאָר צוריק. דער סאָמפּאָלנער רב איז געווען דער מרא דאתרא פון קיקל, ווען מיין פאָטער איז דאָרט געווען חזן. געוויינלעך לעבט נישט אַ רב פון אַ קהילה בשלום מיטן חזן. אין זייערע מעשים טרעטן זיי איינער אויפן צווייטנס הינעראויגן. אָבער אין דעם פאַל זענען די צוויי געווען ברוזעמפריינד. דער רב האָט זיך קיין מאָל נישט אַריינגעמישט אין דעם חזנס עסקים, און דער חזן איז קיין מאָל נישט אַריין אין דעם רבס גבול. דער סאָמפּאָלנער רב האָט געשוויגן אין די שבתים, איבערלאָזנדיק די גאַנצע מלוכה פאַר מיין פאָטער. אַ גאַנצע וואָך פלעגט ער פּסקענען שאלות, געבן עצות, פירן דין־תורהס און לערנען מיט צוועלף ישיבה־בחורים. מן הצד וואָלט איך געוואָלט באַמערקן, אַז אין אַמעריקע האָבן די רבנים דערהרגעט דאָס חזנות, און פאַרטריבן די יידן פון שול. זיי האָבן פאַרטראָטן מיט די נודנע דרשות דאָס האַרציקע דאַווענען פון די בעלי־תפילה. היינט־צו־טאָג איז חזנות טויט אין אַמעריקע. אַלע גרויסע חזנים, אָדער די, וועלכע האָבן געוואָלט ווערן חזנים, ווי דזשאַן פּירס, ריטשאַרד טאַקער און ראָבערט מעריל, זענען אַוועק אין דער מעטראָפּאָליטען־אָפּערע. די ראַבאַיס זענען אַ גאַנצע וואָך פאַרנומען מיט מאַכן פּאָליטיק און אויף שבת ווערן זיי ליטעראַטור־קריטיקער, געבנדיק איבער־זיכטן וועגן ביכער.

ווען דעם סאָמפּאָלנער רבס זון האָט געזאָגט ווער ער איז, האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין מוח אַ כוואַליע זכרונות. און איך האָב זיך דערמאָנט, וואָס פאַר אַ סקאַנדאַל עס איז אויסגעבראָכן אין קיקל, ווען דעם רבס זון איז אַוועק פון שטעטל שטודירן מעדיצין אין וואַרשע, און ווי אַזוי ער איז אַ צייט שפּעטער צוריקגעקומען אויסגעפּוצט אין דעם מונדיר פון אַ סטודענט.

איך האָב געבעטן — נישט ד״ר פוקסן, נאָר דעם סאָמפּאָלנער רבס זון, ער זאָל אַריבערקומען צו מיר אין ביוראָ פון דער יידישער אַגענטור. ווינציקער ווי אין אַ שעה אַרום האָט ער זיך באַוויזן. איך גלויב, אַז איך וואָלט אים דערקענט, ווען איך וואָלט אים געזען, דורכגייענדיק אויף דער גאַס. ער האָט אויסגעזען פּונקט אַזוי, ווי מיט פערציק יאָר צוריק. מיר האָבן זיך גענומען דערמאָנען די אַלטע טעג. און ווען איך האָב אים געפרעגט, וואָס ער טוט אין ארץ־ישראל, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער איז געקומען אַלס אַ פּולקאָווניק אין גענעראַל אַנדערסעס אַרמיי. אַז אַ ייד זאָל דערגרייכן אַזאַ הויכן ראַנג אין דער פּוילישער אַרמיי, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט איר אַנטיסעמיטיזם, האָט געקלונגען ווי אַן אויסערגעוויינלעכע זאַך. אָבער פוקס — מען דאַרף געדענקען, אַז די מלחמה איז נאָך אַנגעגאַנגען — האָט געוואָלט אַרויס פון דער דאָזיקער אַרמיי און קריגן אַ פּאָסטן אין דער קופּת חולים פון דער הסתדרות, אָדער אין „הדסה״. און ער האָט געוואָלט באַקומען די שטעלע ווי אַמגיכסטן. איך האָב געטראַכט אַ ווייל און ס׳איז מיר איינגעפאַלן אַן אידעע. „גייט אַהיים״ — האָב איך געזאָגט — „און לאָזט מיר איבער אייער אַדרעס. איך וועל זען וואָס איך וועל קאָנען טאָן״.

עטלעכע מינוט שפּעטער, נאָך דעם, ווי ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָב איך זיך אויפגעהויבן. האָב זיך „אַריינגעאַרבעט" אין דער געהעריקער שטימונג און האָב גענומען שטורעמען דאָס ביוראָ פון שלמה אייזענבערג, דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער יידישער אַגענטור. „וואָס פאַר אַ ביוראָ האָט איר דאָ, צום טייוול ?" — האָב איך זיך צעשריגן — „און וואָס פאַר אַ באַלעבאַטישקייט פירט איר דאָ ?" אייזענבערג האָט מיך אָנגעקוקט אין גאַנצן צעחושט.

„האַלט זיך איין, מאיר, וואָס איז געשען ?" — „וואָס איז געשען ?" — האָב איך ווידער געשריגן — „איך בין שיר נישט דערהרגעט געוואָרן, אַראָפּגייענדיק דאָ פון די טרעפּ. דאָס איז עס. איר האָט דאָ הונדערט מענטשן אַרבעטן. און נישטאָ קיין דאָקטאָר, נישטאָ קיין קליניק. עס איז אַ ווילדע צייט. אומרוען ברעכן אויס יעדן טאָג — ווי אַזוי קאָנט איר איבערלאָזן די דאָזיקע געביידע אָן דער מינדעס־טער מעדיצינישער הילף ?"

אייזענבערג איז כמעט ווי צעשמעטערט געוואָרן פון מיין אַטאַקע.

„הערט" — האָט ער זיך געבעטן ביי מיר — „ס'איז נישט אַזאַ פּשוטע זאַך צו קריגן איצט אַ דאָקטאָר. ס'רוב דאָקטוירים זענען אין דער אַרמיי. די אַנדערע זענען פאַרנומען אין קופּת חולים, אָדער אין „הדסה". — „דאָס איז נישט קיין ענטפער" — האָב איך אים געזאָגט, און צוגעגעבן : „איר גרייט נאָר צו אַ געהעריק צימער פאַר אַ קליניק. איך וועל שוין שאַפן אַ דאָקטאָר". זיין ענטפער איז געווען : „איר קריגט דעם דאָקטאָר, און זאָל ער זיך אַליין איינאָרדענען זיין קליניק". — „אָ, ניין, חברה־מאַן" — האָב איך נישט אָפּגעלאָזט — „איר זוכט אויס אַ צימער, ווייסט אויס די ווענט, שטעלט אַריין אַ בעט און קריגט אַ קראַנקנשוועסטער. איך וועל געפינען דעם דאָקטאָר".

אייזענבערג איז נאָך אַלץ געווען ווי פריטשמעלעט. און מיר האָבן ביידע זיך אַוועקגעלאָזט זוכן אַ צימער. מיר האָבן אים געפונען אויפן פּשוטן אופן, וואָס מיר האָבן צוויי יידן אַרויסגעטריבן אין אַן אַנדער צימער. זיי האָבן, ווייזט אויס, נישט געהאַט דאָרט צו טאָן עפּעס אַנדערש, ווי טרינקען טיי. אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג האָט אייזענבערג איינגעאָרדנט דעם פּלאַץ און מיך גערופן צו באַווייזן מיר, וואָס פאַר אַ גרויסער אויפטוער ער איז. און יעדן טאָג האָט ער מיך געשטאָכן מיט זיין פאָדערונג : „נו, ווו איז אייער דאָקטאָר ?" — „איר וועט אים האָבן" — האָב איך אים געענטפערט — „איר אַליין האָט דאָך מיר געזאָגט, ווי שווער עס איז איצט צו קריגן אַ דאָקטאָר".

איך האָב געהאַלטן ד"ר פוקסן „איינגעפּעקלט" ביז צום סוף פון דער געשיכטע. און עס איז געווען אַ סוף, אָבער נישט אַזעלכער, ווי מיר האָבן דערוואַרט.

ענדלעך האָב איך געבראַכט דעם דאָקטאָר. ווען מיר זענען אַריינגעקומען אין דעם צימער, איז שלמה אייזענבערג געוואָרן בלאַס ווי די וואַנט. און דערנאָך האָט ער זיך צעכליפּעט, ווי אַ קינד. ער איז אַרויפגעפאַלן ד"ר פוקסן אויפן האַלדז און האָט געחלשט.

מיר האָבן נישט געוווסט, אַז שלמה אייזענבערג איז קראַנק אויפן האַרץ. ווען ער איז, מיט דער הילף פון ד"ר פוקסן, געקומען צו זיך, האָב איך — באַרויִקנדיק

זיך נאָך דער פיינלעכער סצענע — זיך דערוווּסט, אַז ד״ר פוקס איז געווען דער פּרעזעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין וואָלאַצלאַוועק, ווען אייזענבערג איז געווען דער סעקרעטאַר און ד״ר פוקס פריינד. אַ סך יאָרן האָבן זיי געהאַט פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט צווישן זיך, און איינער האָט נישט געוווּסט פון אַנדערן, צי ער לעבט, איך דאַרף קוים זאָגן, מיט וואָס פאַר אַ פרייד אייזענבערג האָט באַ־שטעטיקט פוקסן אויף זיין שטעלע.

ווען איך בין געקומען דאָס נאָענטסטע מאָל קיין ירושלים, האָב איך געפונען פוקסן איינגעאָרדנט אין זיין קליניק, פאַרזאָרגט מיט אַ ווייסן כאַלאַט און מיט אַ קראַנקנשוועסטער, וועלכע איז נישט געווען קיין יפהפיה, אָבער איז דערפאַר געווען זייער איבערגעגעבן דער אַרבעט. פוקס האָט אויך געבראַכט מיט זיך אַ זון, ד״ר אַלעקסאַנדער פוקס, וועלכער איז געווען אַ לעקטאָר פון קלאַסישע שפּראַכן און איז דערנאָך געוואָרן אַ פּראָפעסאָר אין העברעיִשן אוניווערסיטעט.

וועגן אַזעלכע ענלעכע באַגעגענישן, ווי צווישן ד״ר פוקסן און אייזענבערגן, זענען דעמאָלט דערציילט געוואָרן אָן אַ שיעור געשיכטעס אין ארץ־ישראל. עס האָט פּאַסירט, אַז זיי האָבן געבראַכט דערשיטערנדיקע קאָנסעקווענצן, אַפילו — און אפשר טאַקע ספּעציעל צוליב דעם — ווען זיי האָבן אַרויסגערופן אָן אומדער־וואַרטע, איבערראַשנדיקע גרויסע פרייד. מיין פריינד און יורידישער ראַטגעבער, אברהם לעווין, האָט מיר דערציילט, וועגן אַן אינצידענט, וועלכן איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן. געוויינלעך דערציילט ער פריילעכע מעשיות. און ער איז אַ גרויסער קינסטלער אויף דערציילן אַזעלכע מעשיות אין העברעאיש, ענגליש און יידיש. אָבער די געשיכטע, וואָס איך וויל דאָ איבערגעבן, האָט מיך גערירט ביז טרערן.

לעווינס אַ קרוב, אַ יונגערמאַן, אַ יונגער אַדוואָקאַט פון לאָנדאָן, איז געקומען אים באַזוכן און איז געפאָרן קיין ירושלים אויף אַ טאָג. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער זיך פאַרשלאָסן אין זיין צימער און האָט נישט געוואָלט רעדן מיט קיינעם. עס האָט אויסגעזען, ווי ער טראָגט מיט זיך עפּעס אַ שווערע געהיימניש. די משפחה איז געוואָרן שטאַרק באַאומרויִקט. ווען ער איז ענדלעך אַרויסגעקומען פון זיין חדר, האָט ער געזאָגט אברהמען, וואָס עס איז געווען די סיבה פון זיין דערשיטער־רונג. אויפן וועג קיין ירושלים האָט דער אויטאָבוס זיך אָפּגעשטעלט און אויפגע־נומען אַן אַלטע פרוי. זי האָט נישט געהאַט דאָס גאַנצע נויטיקע קליינגעלט צו באַצאָלן פאַר דער נסיעה. דער שאָפער האָט אַ צי געטאָן מיטן אַקסל און איר גע־זאָגט, אַז באַין ברירה וועט ער שוין דערלייגן דעם רעשט. עטלעכע פּאַסאַזשירן האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס מיט דער זקנה — אין יידיש. זי האָט נישט גערעדט קיין העברעיִש. זי האָט זיי געזאָגט, אַז זי איז געקומען קיין ארץ־ישראל מיט עטלעכע וואָכן צוריק, זייענדיק זיכער, אַז זי וועט דאָ געפינען אַ לעבעדיקן כאָטש איינעם פון אירע זין. איר האַרץ זאָגט איר אַזוי — און פאָרט אַרום פון אָרט צו אָרט מיט דער דאָזיקער האָפענונג. יעדער איינער אין דעם אויטאָבוס האָט זיך באַמיט צו העלפן דער אַלטיטשקער. מען האָט זי אויסגעפרעגט פון וואַנען זי

שטאַמט, ווי הייסן אירע זין, און ווער זי איז אַליין. ווען דער יונגער שאָפער האָט דערהערט איר נאָמען, האָט ער פּלוצלונג אָפּגעשטעלט דעם אויטאָבוס און זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער זקנה: „מאַמע, דאָס בין איך!" די פּאַסאַזשירן האָבן אָנגעהויבן וויינען. און איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיי אויסגעשטיגן אויפן פּלאַץ, ווו דער אויטאָבוס איז געבליבן שטיין, זאָגנדיק דעם שאָפער: „זאָל אייך נישט אָנגיין וואָס מיר וועלן טאָן. נעמט אייער מאַמע אַהיים".

אומעטום ווו איך בין געקומען — און איך בין אומדערמידלעך אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד אין משך פון יענע זעקס וואָכן — האָב איך כסדר זיך דערוווּסט אַלץ מער און מער וועגן דעם עקשנותדיקן אָפּטימיזם פון דעם ישוב. פּאַקטיש האָט די לאַגע נישט געקאָנט זיין ערגער ווי זי איז געווען. יעדער איינער האָט וועגן דעם געוווּסט. און דאָך איז געווען געענוג, אַז עס זאָל אָנקומען איין טראַנספּאָרט לעבן־געבליבענע, אָדער אַז איין מאַמע זאָל געפינען איר פאַרלוירן קינד — אַז דאָס זאָל אַרויסרופן אַ שמחה ביי אַלעמען אין ישוב. אין אָנבליק פון דעם, וואָס מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט וועגן דער מוראדיקער טראַגעדיע פון די יידן אין אייראָפּע, איז דער דאָזיקער אָפּטימיזם געווען אומגעהויער נאַיִוו. אָבער איך צווייפל, צי מיר וואָלטן געקאָנט בלייבן לעבן אָן אָט דעם זייער נאַיִוון אָפּטימיזם.

זייער אָפט, אין משך פון אָט די וואָכן, האָב איך זיך אַליין אָפּגעגעבן אַ שאַרפן חשבון הנפש. אָט בין איך דאָ געווען אַ „פּריווילעגירטער" ייד, און לגמרי נישט צוליב מיין אייגענעם זכות. פּערציק יאָר פריער האָט אַ שול פון גערער חסידים אין מלאַווע אַרויפגעלייגט אַ חותם אויף מיין גורל דורך דעם, וואָס זי האָט זיך אָפּגע־זאָגט צו געבן מיין פאָטער די חזנות־שטעלע און אַזוי האָב איך באַקומען אַ מתנה צו לעבן. אָבער וואָס טו איך מיט דער מתנה?

איך בין דעמאָלט אַלט געווען פופציק יאָר. און די יאָרן, וואָס זענען מיר נאָך פאַרבליבן צו ציילן, זענען געווען אַ סך ווייניקער ווי די, וואָס זענען געהאַט פאַרגאַנגען. עס איז געווען אַ געוויסער המשך פון דעם ציל, אָדער פון די אויס־זיכטן אין מיין טעטיקייט, אָדער אין מיינע טעטיקייטן. אָבער אין אַ געוויסן זין האָב איך זיך געהאַט צעשפּרייט אין צופיל ריכטונגען און אויף שבעה ימים. איך האָב זיך אַריינגעלאָזט אין אַ סך גרויסע און קליינע ענינים, און אַלע האָבן זיי סוף־כל־סוף געהאַט איין ציל. דער דאָזיקער ציל האָט אין זיך כולל געווען ארץ־ישראל און די ווידעראויפלעבונג פון יידישן פאָלק. אָבער דער סך־הכל איז געווען, אַז איך בין געבליבן אָן אַן אמתן תכלית פון מיין גאַנצער אַרבעט, און פון אַלע מיינע מעשים. אָט זענען זיי געווען: די „ניו פּאַלעסטיין", „דזשואיש סטאַנדאַרט", די וועלט־אויסשטעלונג, ריינהאַרדט... אָבער ווו בין איך? איך בין געוואָרן אַ „מעדכען פיר אַלעס". אַפילו איצט איז מיין פּאָסטן אין דער יידישער אַגענטור געווען אַ פאַרזעצונג אָדער אַ פאַרלענגערונג פון מיינע פּילפּאַכיקע אַקטיוויטעטן, וואָס איך האָב אָנגעהויבן און איבערגעריסן. איך בין געווען אין דער יידישער אַגענטור בעיקר צו האַנדלען אין נאָמען פון וויצמאַנען. און דאָס האָט מיר געגעבן אַ „קאַרט בלאַנש" צו טאָן אַלץ, וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר נוצלעך. איך

וואָלט געקאָנט אויסנוצן די דאָזיקע געלעגנהייט, כדי צו מאַכן אַ קאַריערע אין דער אָפיציעלער ציוניסטישער פירערשאַפט. אַ סך פון מיינע קאָלעגן זענען דורך דער צייט געוואָרן הויכע באַאַמטע פון דער מדינה און פון דער ציוניסטישער פירערשאַפט — דיפּלאָמאַטן, גענעראַל־דירעקטאָרן, מיניסטאָרן. אָבער דאָס איז נישט מיין פאַרגעניגן און נישט מיין שטיקל ברויט. מיין דראַנג און מיין ענערגיע זענען איצט געווען אויף דעם שפּיצפּונקט, גרייט פאַר כמעט יעדער אַרויספאָדע־רונג. אָבער עס איז נישט געווען קיין אַרויספאָדערונג, וואָס זאָל אָנצינדן מיין פאַנטאַזיע און צערייצן מיין חשק — און וועגן וואָס איך זאָל קאָנען זאָגן: „אָט דאָס איז עס״.

בקיצור: איך בין געווען ווי אַ וואַסערפאַל, וואָס זיינע וואַסערן זענען נישט צונויפגעזאַמלט געוואָרן, נאָר אויסגעגאָסן געוואָרן אין אַ טוץ קליינע שטראָמען. און איך האָב זיך געוווּנדערט: „וואָס וועט זיין ווייטער? וואָס פאַר אַ נייע אונטערנעמונג וועט מיר אונטערקומען אונטער דער האַנט? צו וואָס פאַר אַ נייע שליחות וועט מען מיך רופן, אַז איך זאָל דורכפירן?״

אין דער דאָזיקער תקופה, און אויך אַ צייט שפּעטער, האָב איך נישט געוווּסט, אַז פאַקטיש איז דער ווייטערדיקער גאַנג פון מיין לעבן און אַרבעט שוין באַ־שטימט געוואָרן; אַז איך וועל זיך אַריינלאָזן אין מיין לענגסטער און וויכטיק־סטער ציוניסטישער אונטערנעמונג, וואָס וועט מיך אויך פירן דערצו, אַז איך זאָל זיך באַזעצן אין ישראל: דער וויסנשאַפטלעכער ווייצמאַן־אינסטיטוט. אויפן מאָ־מענט איז דער אינסטיטוט געווען צווישן אַנדערע אונטערנעמונגען, נאָך אַ ביי־שטייערונג פאַר מיין שעף, ד״ר חיים ווייצמאַן. אַז איך זאָל ווערן דער הויפּט־אָנפירער פון אַ וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, וואָלט אין מיינע אויגן דעמאָלט אויסגעזען לעכערלעך. אָבער פינף יאָר שפּעטער איז דאָס געווען אַ געשעענער פאַקט.

די צייטן זענען געווען אַזעלכע, אַז קיינער האָט נישט געקאָנט פאָרויסזאָגן, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. ווייצמאַנס גרויסקייט איז געלעגן אין דעם, וואָס זיינע שטרעבונגען צו אַ ציל האָבן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון באַשאַפן מעשים, אונטער אַלע באַדינגונגען און אומדערמידלעך. ער האָט באַטראַכט פאַר אַ פאַקט, אַז באַדייטונגספולע אויפטוען, וואָס ווערן דורכגעפירט אין אַ באַשטימטער ראַם, זענען פאַר זיך אַליין זיילן פון דער געשיכטע. קיין שום פּאָליטישע דעקלאַראַציע, וואָס פאַר אַ גרויסע וואָג זי זאָל נישט האָבן, האָט אין זיינע אויגן זיך נישט גערעכנט אַזוי פיל, ווי גרינדן אַ ישוב, פלאַנצן אַ פּרדס, בויען אַ שול. ווען ער האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פון דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים, אין יאָר 1918, האָט ער געשאַפן אַ פאַקט, וואָס האָט פאַר אים געהאַט מער תכלית, ווי די באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן מיט אַ יאָר פריִער.

אין מיטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די יידישע ישובים אין אייראָפּע זענען געשטאַנען אין פלאַמען, און עס זענען געטראָטן געוואָרן מיט די שטיוול די יסודות פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע, איז ווייצמאַן באַשטאַנען

אויף דעם, אַז דער קליינער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין רחובות זאָל אויס־געברייטערט ווערן. און עס איז נישט געווען קיין צופאַל ביי אים, ווען ער האָט דאָס געטאָן. אויך האָט ער דאָס נישט אונטערגענומען דערפאַר, ווייל ער זאָל האָבן געוואָלט באַפרידיקן זיינע וויסנשאַפטלעכע אינטערעסן, וואָס ער האָט אָפט פאַרנאַכלעסיקט, ער האָט געשאַפן אַ פאַקט. ער האָט אויפגעשטעלט אַ בנין אין מיטן פון די גרויסע שטורעמס אין דער געשיכטע.

ווען מענטשן רעדן וועגן וויצמאַנען ווי דעם גרינדער פון וויצמאַן־אינ־סטיטוט, פאַרשטייען זיי אים נישט ריכטיק און מאַכן אַ טעות. עס וואָלט אים קיין מאָל נישט איינגעפאַלן צו שאַפן אַן אינסטיטוט אויף זיין אייגענעם נאָמען. ער וואָלט קיין מאָל זיך נישט פאַרנומען אויך מיט עפּעס ענלעכס צו דעם. ער פלעגט אַנטלויפן פון אַזעלכע פלענער. ער האָט זיך נישט געפילט גוט צו האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע פּראָיעקטן. וואָס עס איז געשען אין 1944, איז געווען אַן אויסדרוק פון פאַרערונג צו וויצמאַנען, צו זיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג. די געשיכטע פון דעם אינסטיטוט איז אין גאַנצן אַן אַנדערע.

אין אָנהויב איז געווען דער דניאל זיו־פאָרשונגס־אינסטיטוט אין רחובות. דער דאָזיקער אינסטיטוט איז געשאַפן געוואָרן דורך רעבעקאַ און ישראל זיוו אין 1934 אויפן פאָרשלאַג פון וויצמאַנען, מיט וועמען זיי זענען געווען אין די נאָענטסטע באַציִונגען, אַלס אַ מאָנומענט נאָך זייער יונגן זון, אַ וויסנשאַפטלער, וועמען מען האָט פאָרויסגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט. אין דעם דאָזיקן אינסטיטוט האָט וויצמאַן געהאַט אַ שטודיע־קאַבינעט און אַ לאַבאָראַטאָריע. דאָרט איז געווען זיין מקום מנוחה ווו ער פלעגט זיך אָפּרוען פון די ציוניסטישע טומלען. נאָכן ציוניזם איז דער דאָזיקער אינסטיטוט געווען זיין גרעסטע ליבע. אין די ערשטע היטלער־יאָרן האָט ער געטאָן אַלץ וואָס ער האָט געקאָנט, כדי צו דערגענטערן די באַוווסטע יידישע וויסנשאַפטלער פון דייטשלאַנד און זיי אַריבערברענגען קיין ארץ־ישראל, אָדער — אויב דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן — זיי איינאָר־דענען ערגעץ אַנדערש. ער האָט אָבער נישט געקאָנט קיין סך אויפטאָן. די קליינע פּרעכטיקע וויסנשאַפטלעכע היים אין רחובות איז אים געווען טייך איינגע־באַקן אין האַרצן, און ער האָט שטענדיק געטראַכט וועגן איר. אַ סך פון אונדזער קאָרעספּאָנדענץ זינט 1940 האָט זיך באַשעפטיקט מיט דעם זיוו־אינסטיטוט. און עס זענען געווען יחידים און גרופּעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכע האָבן זיך אונטערגענומען אויסצוהאַלטן דעם אינסטיטוט. עס זענען געווען צוזאָגן און פאַרפליכטונגען וועגן וועלכע וויצמאַן האָט כסדר מיך געבעטן עפּעס צו טאָן. אין 1941 האָט ער מיר געשריבן:

„רחובות: איך בין באַאומרויִקט וועגן דעם אינסטיטוט. אויב די ענינים וועלן נישט דורכגעפירט ווערן מיט אַ גרויסער ענערגיע, קאָנען מיר זיך געפינען אין שוועריקייטן אין 1942. איך וועל אייך זיין זייער דאַנקבאַר, אויב איר וועט האָבן אַן ערנסטן געשפּרעך מיט דזשאָזעף (קאָהן) און אויסאַרבעטן אַ פּלאַן וועגן צו־נויפזאַמלען די פּרוכטן פון מיינע באַמיִונגען, אַזוי אַז מיר זאָלן קאָנען זיין זיכער, אַז עס וועלן באַפרידיקט ווערן אַלע באַדערפענישן פון דעם אינסטיטוט פאַרן קומענדיקן יאָר".

דער דאָזיקער מאָטיוו איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין מערערע בריוו, און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן האָב איך געזאַמלט פאַרן אינסטיטוט — נישט קיין סך. אַלס אַ סטאַטיסטישן קוריאָז דאַרף איך דערמאָנען דעם פאַקט, אַז דער גאַנצער יערלעכער בודזשעט פון זיוו־אינסטיטוט אין יענער צייט האָט באַטראָפן אכט און פופציק טויזנט ענגלישע פונט. ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, דערגרייכט דער יערלעכער בודזשעט פאַר אויפהאַלטן און אַנטוויקלען דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט די סומע פון אַן ערך פופציק מיליאָן ישראל־פונט.

איך דאַרף דאָ עפּעס באַמערקן וועגן דזשאָזעף קאהן און זיין ראָל אין ווייצמאַן־אינסטיטוט. ער איז געווען אַ דייטשער ייד, געבוירן אין בערלין, אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „בלוי ווייס", וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע ביי ד"ר ווייצמאַנען מיט טראָגן זיינע וואַליזעס תמיד ווען ד"ר ווייצמאַן איז געקומען קיין בערלין. איין טאָג האָט ווייצמאַן אים צופעליק געזאָגט: „אויב איר וועט זיין אַ מאָל אין לאָנדאָן, קומט מיך זען". היטלער האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז דזשאָזעף קאַהן זאָל זיין אין לאָנדאָן. ער האָט אין דער צייט שוין געהאַט אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם אין פּאָליטישער וויסנשאַפט. און ווי יעדער יונגער דיפּלאָמירטער האָט ער געהאַט אָנגעשריבן אַ בוך. זיין טעמע איז געווען פּאָליטישע וויסנשאַפט, און ווייצמאַן האָט אים געגעבן צו טאָן אַ ביסל פאָרשונגס־אַרבעט. אין 1938 האָט אים ווייצמאַן געשיקט צו מיר קיין אַמעריקע און אין משך פון אַ ריי יאָרן, באַזונדערס אין נאָכמלחמהדיקן דייטשלאַנד, איז דזשאָזעף קאַהנס אַרבעט פאַר דעם אינסטיטוט געווען צו זיין דער אייראָפּעישער פאָרשטייער. ער האָט געהאַט אַ צוטריט צו קאָנראַד אַדענאַוערן און צו יעדן שפּעטערדיקן דייטשן קאַנצלער. און ער האָט זיינע אויפגאַבן גלענצנדיק דורכגעפירט. מיין לעצטער אַקט פון פריינדשאַפט לגבי אים איז געווען, אַז איך האָב געזען, אַז ער זאָל זיך קאָנען צוריקציִען פון דער אַרבעט און לעבן בכבודיק און זיכער, ווי ער האָט דאָס פאַרדינט, אויפן קעמפּוס פון ווייצמאַן־אינסטיטוט.

און איצט וויל איך דערציילן וועגן דעם פאַקטישן אָנהייב פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. דאָס איז געווען כמעט ווי אַ צופאַל הגם די דאָזיקע אַנטוויקלונג איז אין איר צייט געבליבן אין גאַנצן אומבאַמערקט. אין יאָר 1944 איז געשאַפן געוואָרן אַ געבורטסטאָג־פאָנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרן צוועק פון אויסברייטערן דעם זיוו־אינסטיטוט אין רחובות. ווייצמאַן האָט מיר געשריבן אין מערץ 1944:

„פאַראַן נאָך אַן עניז, וואָס באַאומרויִקט מיך שטאַרק. איך זע, אַז די אַרבעט פאַרן אינסטיטוט אין רחובות מאַכט נישט קיין פאָרשריט. געווען די רייד וועגן שאַפן אַ פאָנד צו דער געלעגנהייט פון מיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג. אָבער פון אַלע ידיעות, וואָס איך האָב ביז איצט, זעט עס אויס, אַז די זאַמלונגען אין שיקאַגאָ און אין פילאַדעלפיע און זיכער אויך אין ניו־יאָרק, זענען געווען אַ טרויעריקער דורכפאַל, און די לאַגע ווערט וואָס אַ מאָל ערגער. גאָרנישט איז געקומען פון קאַנאַדע. איך ווייס ווירקלעך נישט, וואָס צו טאָן. די איינציקע מענטשן, וועלכע ווייזן אויס צו פאַרנעמען זיך מיט דעם ערנסט, זענען דיואי סטאָון און הערי

לעווין. ס׳איז ווּיכטיק, אַז נישט בלויז זאָל רחובות עקזיסטירן, נאָר זי זאָל ווידער אויפגעבויט ווערן און ווייטער אויסגעברייטערט ווערן נאָך דער מלחמה. די פּאָנדן דאַרפן געשאַפן ווערן איצט. איך בעט אייך, גיט מיר אַן עצה וואָס צו טאָן״.

די פריינד פון ווייצמאַנען זענען אויך געקומען צו מיר נאָך אַן עצה. בראש פון קאָמיטעט פאַרן זיוו־אינסטיטוט אין אַמעריקע איז געשטאַנען לואיס ראָסקין פון שיקאַגאָ. איך האָב מורא געהאַט, אַז ער און זיין קאָמיטעט האָבן נישט די געהעריקע וויזיע פאַר אַזאַ אַקציע, הגם זיי זענען געווען פולשטענדיק איבער־געגעבן ווייצמאַנען. זיי האָבן אויך נישט געהאַט קיין שטאַרק קלאָרן באַגריף פון זייער אַריטמעטיק. איין צייט האָבן זיי גערעדט וועגן אַ פאָנד פון אַ מיליאָן דאָלאַר, אָבער אין די דיסקוסיעס האָבן זיי ערגעץ ווו אַראָפּגעוואָרפן אַ נול. ווען זיי האָבן באַהאַנדלט זייערע פּלענער מיט מיר, האָב איך געזאָגט: „מיינע פריינד, זאַמלען געלט פאַרן זיוו־אינסטיטוט, ער זאָל זיך קאָנען אויפהאַלטן און אַנטוויקלען, איז נישט עפּעס אַזעלכעס, ווו מען קאָן דעם כוח פון פאַנטאַזיע אַריינוואַרפן אין פייער: ד״ר ווייצמאַן איז היינט צו טאָג דער צענטער פון דער אויפמערקזאַמקייט פון דער יידישער וועלט. און אויב איר ווילט פייערן ווייצמאַנס זיבעציקסטן גע־בורטסטאָג, דאַרפט איר טאָן עפּעס, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען ווייצמאַנס נאָמען. מענטשן וועלן זאָגן: „אויב איר דאַרפט געלט פאַרן זיוו־אינסטיטוט, גייט צו זיוון״.

עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר זיך ווידער אַ מאָל געטראָפן. דאָס מאָל האָב איך פאָרגעשלאָגן צו בויען אַ גרעסערן אינסטיטוט, וואָס זאָל נישט זיין נישט פאַרבונדן מיטן זיוו־אינסטיטוט, אָבער זאָל טראָגן ווייצמאַנס נאָמען. די באַלדיקע רעאַקציע פון דעם קאָמיטעט איז געווען: „די פאַמיליע זיוו וועט זיך פילן באַ־ליידיקט״. איך האָב טעלעפאָנירט צו ישראל זיוון. איך קאָן זיך נישט דערמאָנען, צי דאָס איז געווען אין וואַשינגטאָן צי אין לאָנדאָן. בעת דער מלחמה פלעגט ער אַרומפאָרן צווישן די צוויי שטעט אַהין און צוריק. „וועט די פאַמיליע האָבן עפּעס קעגן דעם, אויב מיר וועלן שאַפן אַ גרויסן אינסטיטוט אויפן נאָמען פון ווייצ־מאַנען, וואָס זאָל אַריינגעמען דעם זיוו־פאָרשונגס־אינסטיטוט?״ — האָב איך געפרעגט. זיין ענטפער איז געווען: „אַבסאָלוט נישט. ווי גרויס איז דער פאָנד, וועלכן איר לאָזט זיך אַרויס שאַפן?״ — „אַ מיליאָן דאָלאַר״ — האָב איך גע־זאָגט. — „פאַר וואָס נישט פינף מיליאָן דאָלאַר?״ — האָט ער זיך אָנגערופן. דאָס איז געווען דער צייכן, אַז מיר קאָנען אָנהייבן די אַקציע.

דער גורל נישט נאָר פון ווייצמאַן־אינסטיטוט, נאָר פון דער גאַנצער ציוניס־טישער באַוועגונג אין ענגלאַנד האָט אָנגענומען אַן אַנדערע ווענדונג אַ דאַנק דער וואַרעמער פריינדשאַפט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן ישראל זיוו (שפּעטער לאָרד זיוו), סיימאָן מאַרקס (שפּעטער לאָרד מאַרקס) און הערי סאַקער פון איין זייט, און ד״ר ווייצמאַנען פון דער אַנדערער זייט, ווען ער איז געקומען קיין ענגלאַנד אין 1904. דריי יונגע מענטשן זענען זיי געווען, שוואָגערס, אויסערגע־ווינלעך פעיקע און באַגאַבטע. הערי סאַקער האָט זיך שוין געהאַט דערוואָרבן אַ רעפּוטאַציע פון אַ שרייבער פון לייטאַרטיקלען אין דער באַרימטער צייטונג „מאַנטשעסטער גאַרדיען״. סיימאָן מאַרקס און ישראל זיוו זענען געווען זייער

פּעיִקע געשעפּטסלייט, מיט אַ חשק און אַ חוש אויסצובויען אַ האַנדלס־אימפּעריע; מיט אַ טיפער פאַרשטענדעניש פאַר מאָדערניזירן די האַנדלס־מעטאָדן אין ענג־לאַנד — פּאַראַלעל מיט אַן אינסטינקטיווער באַציִונג צו דער ציוניסטישער אידייע. זיי זענען באַלד געוואָרן צוגעבונדן צו ווייצמאַנען, און זייער פריינדשאַפט מיט אים איז געווען אַ דויערנדיקע. אָבער דאָס איז נישט געווען איינזייטיק. ביי דער זייט פון ווייצמאַנס ציוניסטישער פּאָליטישער פירערשאַפט, איז זיין אָנטייל אין דעם ווּוקס פון „מאַרקס און ספּענסער", פון דער גרויסער פירמע, וואָס איז אָנגע־פירט געוואָרן דורך סיימאָן מאַרקס און ישראל זיוו און איז דערנאָך איבערגע־נומען געוואָרן דורך עדוואַרד און מאַרקוס זיוו — עפּנטלעך באַשטעטיקט גע־וואָרן אין דער אָפיציעלער געשיכטע פון דער פירמע. אָן צווייפל איז עס די האַנדלס־אימפּעריע, וואָס האָט דעם גרעסטן און העכסטן פּרעסטיזש אין ענגלאַנד. עס קאָן געזאָגט ווערן, אַז מיט דעם מעגלעכן אויסנאַם פון דער ראָטשילד־פאַמי־ליע האָבן די מאַרקסעס, זיווס און סאַקערס — באַקאַנט אין דער גאַנצער יידישער וועלט מיט גרויס סימפּאַטיע אַלס „די משפחה" — געמאַכט די גרעסטע געמיינ־זאַמעביישטייערונגען פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג — פון יעדן שטאַנד־פּונקט: פּאָליטישן, סאָציאַלן, פינאַנסיעלן, קולטורעלן און וויסנשאַפטלעכן. פּאַק־טיש איז יעדער צווייג פון דער פאַמיליע, וואָס גייט שוין אַריין אין פערטן דור, טיף אַריינגעטאָן אין די ענינים פון ישראל.

ישראל זיוו, זיגמונט געסטעטנער און דערנאָך אייזיק וואָלפסאָן, זענען גע־וואָרן די פאַרשטייער פון ווייצמאַן־אינסטיטוט אין לאָנדאָן. נאָכן טויט פון זיגמונט געסטעטנער איז ישראל זיווס זון, מאַרקוס, געוואָרן די הויפּטפיגור אין אונדזערע טעטיקייטן, און ער איז אַזוי אַקטיוו אין ווייצמאַן־אינסטיטוט, ווי זיינע עלטערן זענען געווען אין דעם ערשטן זיוו־אינסטיטוט, אָבער אין אַ סך אַ גרע־סערן פאַרנעם. חיים מאָריסאָן האָט איבערגענומען זיגמונטס פּלאַץ אַלס קאַסירער, צוזאַמען מיט דזשאָן באַרנעט, זיגמונטס פּעטער. סקאָטי (ווי אַלע רופן אים) מאָריסאָן און איך זענען געוואָרן גוטע פריינד, און זיין אַרבעט פאַרן אינסטיטוט האַלט אָן ביזן היינטיקן טאָג, מיט דער הילף און דערמוטיקונג פון זיין אונטער־נעמערישער און שיינער פרוי דאָריס און זייערע קינדער.

און איצט — צוריק צו מיין געשיכטע. איך האָב צוגעגרייט פאַר דעם קאָמי־טעט אַ מעמאָראַנדום, אין וועלכן איך האָב פאָרגעשלאָגן אַן עפנטלעכע אַקציע אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, ווי איך האָב דערוואַרט, אַז איך בין געבעטן געוואָרן איבערצונעמען די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַרן דורכפירן די אַקציע.

דעם 2טן נאָוועמבער 1944, אין 27סטן יאָרטאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַ־ציע, און אַ וואָך פריִער איידער איך בין אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל צו זיין צוזאַמען מיט ווייצמאַנען בעת זיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג, איז אין ניו־יאָרק אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע זיצונג פון דירעקטאָרן־ראַט פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן ווייצמאַן־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט — ווי עס האָט דאַן געקלונ־

גען דער נאָמען. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ מיליאָן דאָלאַר. פינף מיט־גלידער פון דער פאַרוואַלטונג זענען געוויילט געוואָרן. איך בין נישט געווען איינער פון זיי. איך האָב בלויז געדאַרפט אָנפירן מיט דער אַקציע אויף אַ פריי־וויליקער באַזע פון מיין ביוראָ אין דער יידישער אַגענטור.

וואָלט איך געווען געבענטשט אין דער קלענסטער מאָס מיט דער ברכה פון „הרואה את הנולד", וואָלט איך מיר איינגעשפּאָרט אַ סך פון דעם שפּעטערדיקן חשבון הנפש, וואָס איך האָב מיר געמאַכט. איך בין געווען זייער צופרידן דערפון, וואָס איך האָב זיך אונטערגענומען צו גרינדן דעם ווייצמאַן־וויסנשאַפטלעכן אינ־סטיטוט. עס איז געווען אַן אומגעהויער נוצלעכע זאַך, און עס האָט ווייצמאַנען פאַרשאַפט אַ סך נחת. אָבער איך האָב נישט פאָרויסגעזען, אַז עס וועט דערפון אַרויסקומען אַ גרויס ווערק, וואָס וועט האָבן אַזאַ וויכטיקע באַדייטונג פאַר ד"ר ווייצמאַנען, פאַר מדינת ישראל — און פאַר מיר.

ווען דער חודש דעצעמבער 1944 האָט זיך דערנענטערט צום סוף, און מיט אים האָבן זיך אויך געהאַלטן ביים פאַרענדיקן די געבורטסטאָג־פייערונגען לכבוד ווייצמאַנען און די אַנדערע געשעענישן, וואָס זענען געווען דערמיט פאַרבונדן — האָט ווייצמאַן מיר געגעבן שטאַרקע רמזים, אַז ער וויל, איך זאָל בלייבן מיט אים אין ארץ־ישראל, אויך אין חודש יאַנואַר. יעדעס מאָל, ווען איך האָב דערמאָנט, אַז איך האָב בדעה צוריקצופאָרן אַהיים, האָט ער אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע מחשבה מיינע. דער ריינער אמת איז געווען, אַז איך האָב געבענקט נאָך שירלין. דער גאַנצער אָנגענעמער טאַראַראַם, די כיבודים און בעיקר דאָס זיין נאָענט מיט ווייצמאַנען, האָבן מיר טאַקע פאַרשאַפט פאַרגעניגן, אָבער איך בין געווען אַנט־שלאָסן צו פאַרברענגען ניי־יאָר מיט שירלין. דעריבער האָב איך, נישט געקוקט אויף ווייצמאַנס קעגנערשאַפט, אַראַנזשירט, אַז איך זאָל אַוועקפאָרן פון ארץ־ישראל דעם 23סטן דעצעמבער. און איך האָב טעלעגראַפירט שירלין, אַז זי זאָל מיך באַגעגענען אין מאָנטרעאָל דעם 31־סטן דעצעמבער.

אין קאַיר האָב איך זיך בוכשטעבלעך אַריינגעשטופּט — דאָס איז געווען דער איינציקער וועג אַריינצוקומען — אין אַ מיליטערישן עראָפּלאַן, אַן ענלעכן צו דעם, מיט וועלכן איך בין געהאַט געפלויגן קיין ארץ־ישראל. איך האָב געהאַט אַ ביטערע רייזע, זייענדיק איינגעפּעקלט אין אַ זויערשטאָף־מאַסקע און איינגע־פרוירן פון דער קעלט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך בין נישט דער איינצי־קער, וועלכער האָט זיך געריסן צו זיין אין מאָנטרעאָל אין דער ניי־יאָר־נאַכט. די מאַנשאַפט פון עראָפּלאַן האָט זיך אַזוי שטאַרק געאיילט, אַז זי האָט פאַרגעסן פאַר־מאַכן דעם טאַנק מיט הייצשטאָף, וואָס זי האָט אָנגעפילט אין גאַנדער. דאָס האָט געמיינט אַ באַדייטנדיקע פאַרשפּעטיקונג, אָבער די פילאָזאָפיע פון דער מאַנשאַפט איז געווען: „בעסער שפּעטער ווי קיין מאָל". און מיר האָבן זיך דערנענטערט צו די גרענעצן פון קאַנאַדע, נאָך איידער עס האָבן זיך צעקלונגען די גלעקער פון האַלבער נאַכט. אָבער דאָס לופטפעלד פון מאָנטרעאָל איז געווען פאַרמאַכט צוליב אַ שרעקלעכן שניישטורעם, און מיר האָבן געמוזט צוריקקערן קיין גאַנדער.

מיר זענען אַרויסגעקראָכן פון עראָפּלאַן און זענען אַריין אין אַ נעבעכדיקן מקום צו פאַרברענגען דאָרט די ניי־יאָר־נאַכט. בכדי צו דערטרינקען מיינע וויי־טיקן און פּרוּוון פאַרגעסן, אַז מיין פרוי פּרירט אין אַ האָטעל אין מאָנטרעאָל, האָב איך זיך דערלויבט צו ווערן אַריינגעשלעפּט אין אַ פּאָקערשפּיל. איך האָב אָנגעהויבן צו געווינען. דאָס אַליין וואָלט נישט געווען אַזוי שלעכט, אָבער יעדעס מאָל, ווען איך האָב געוואָלט אַוועקגיין, האָט מען מיך גערופן „אַ שלעכ־טער ספּאָרט". איך האָב געחלשט צו גיין שלאָפן, אָבער איך האָב געמוזט ווייטער שפּילן. ס'איז נישט געווען קיין אַנדערער אויסוועג, נאָר צו זען, אַז איך זאָל צוריק פאַרשפּילן אַלץ, וואָס איך האָב געוווּנען. און דאָס האָב איך זיך באַמיט צו טאָן ביז זיבן אַ זייגער אין דער פרי, ווען דער קאַפּיטאַן האָט איבערגעריסן די שפּיל. איך האָב נישט געהאַט קיין מזל יענע נאַכט. ווען מיר זענען אַריין אין עראָפּלאַן, בין איך געווען מיט זיבן הונדערט דאָלאַר רייכער.

# 17. אויף דער שוועל

דער פרילינג פונעם יאָר 1945 איז געקומען און מיר האָבן זיך דערוווּסט דאָס ערגסטע און דאָס שוידערלעכסטע. איך זאָג „מיר האָבן זיך דערוווּסט", ווי מיר וואָלטן טאַקע דאָס געקאָנט באַגרייפן. דער אמת איז, אַז מיר האָבן דאָס קיין מאָל נישט געקאָנט באַגרייפן. וואָס מיר האָבן זיך דערוווּסט, איז געווען דער באַריכט מיט פאַקטן פון די דורכגעפירטע הריגות, פון דער בעסטיאַלישקייט, פון דער סיסטעמאַטישער אויסמאָרדונג פון זעקס מיליאָן יידן — מענער, פרויען און קינדער. אין די ערגסטע צייטן האָבן מיר קיין מאָל נישט געקאָנט גלייבן, אַז דער טייוולאָנישער היטלער וועט פאַרוואַנדלען אין פאַקטן די בלוטיק־משוגענע פאַנ־טאַזיעס זיינע. מיר האָבן געגלייבט „מיין קאַמף" מיט שוידער און מיט עקל. מיר האָבן געוווּסט וועגן דער „קריסטאַל־נאַכט", וועגן די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, דע־פאָרטאַציעס, גרויזאַמקייטן, מאַסן־הריגות — דאָס אַלץ איז געווען באַקאַנט. אָבער דאָס, וואָס מיר האָבן זיך איצט דערוווּסט, איז געווען אַ מין ווילד־חיהשע אַכזריות, וואָס די וועלט האָט נאָך קיין מאָל נישט געהערט און נישט געזען. לכתחילה האָבן מיר נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס עס איז דאָ געשען.

דאַן האָט דאָס אייז, וואָס האָט פאַרשטעלט אונדזערע אויגן, אָנגעהויבן זיך צעשמעלצן און ביסלעכווייז האָבן מיר דערזען דעם שוידערלעכן אמת. די ערגסטע פון אונדזערע פאָרויסזאָגונגען זענען בלאָס געוואָרן אויך פון דעם, וואָס האָט זיך בלויז דערווייל אַנטפּלעקט. ווען ווייצמאַן האָט געקלאַפּט אין די טירן פון ווייטהאָל, און סטיפען ווייז האָט אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון סטייט־דעפּאַרטאַ־מענט, איז אויף זייערע פאָדערונגען תמיד געקומען דער זעלבער ענטפער: „דאָס צענטראַלע פּראָבלעם איז צו געווינען די מלחמה. ווען מיר וועלן געווינען די מלחמה, וועלן מיר זען צו לייזן אויך אייער פּראָבלעם". אין אַ געוויסן זין האָט דאָס מיר דערמאָנט די אַלטע לאָזונגען פון די יידישע סאָציאַליסטן וועגן דער יידן־פראַגע: „ווען די פלאָגן פון קאַפּיטאַליזם און טיראַניע וועלן אויסגעראָטן ווערן, וועט דאָס יידישע פּראָבלעם זיין אויטאָמאַטיש געלייזט. אַ באַווייז — די רוסישע רעוואָלוציע!" נו, אָט האָט איר דעם באַווייז!

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט גאַנץ אייראָפּע זיך אַנטפּלעקט ווי איין ריזיקער יידישער בית־עולם, ווו עס האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט דאָ און דאָרט אויסגעדאַרטע, קנאָכיקע לעבנגעבליבענע יידן פון דער שארית הפליטה. טויזנט

יאָר יידישע שעפערישקייט, יידישע קולטור און ציוויליזאַציע — דער צענטער פון אונדזער גייסטיק און אינטעלעקטועל לעבן, דער תמצית פון יידישן לעבן אין אַלע אַספּעקטן, רעליגיעזן און וועלטלעכן, איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד מיט אַ מאָל.

לכאורה, קאָן מען זאָגן, אַז די גאַנצע וועלט האָט געליטן און אַז דאָס יידישע פּראָבלעם איז געווען קליין אין פאַרגלייך מיט דעם ריזיקן קאַמף, אין וועלכן די גאַנצע מענטשהייט איז געשטאַנען מיט דער גרעסטער פּיין. אָבער, צי איז טאַקע געווען אַזוי? צוויי און פופציק מיליאָן מענטשן זענען געשטאָרבן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, און בלויז זעקס מיליאָן זענען געווען יידן. אָבער זיי זענען געווען אַ דריטל פון יידישן פאָלק, און כמעט צוויי דריטל פון אייראָפּעיִשן יידנטום. אחוץ דעם האָט דער חורבן אַרויסגעבראַכט נייע שוידערלעכע פאַקטן. דאָס וואָרט „גענאָסייד", פעלקער־מאָרד, ווערט צו לייכט באַנוצט אין אונדזערע טעג עס איז געווען גענאָסייד אויך אין דער פאַרגאַנגענהייט. עס זענען געווען ברוטאַלע פאַרניכטונגס־מלחמות. אָבער זיי זענען נאָך געפירט געוואָרן מיט אַ ביסל „שכל". דאָס זענען געווען אַכזריותדיקע מלחמות צו פאַרכאַפּן טעריטאָריעס. אָבער זיי זענען נישט געווען קיין מלחמות פאַר אויסראָטונג און אויסמאָרדונג אַלס פּרינציפּ. דאָס איז עס, וואָס האָט געמאַכט אויפשוידערן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אָבער שוין דערנאָך, ווי מען האָט דערזען די מוראדיקע פאַקטן, ווען מען האָט זיך טיף אַריינגעטראַכט אין דער אימהדיקער דערשיינונג, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז צווישן די פעלקער פון דער וועלט און צווישן יידן אַליין וועט קומען אַ פונדאַמענטאַלע ענדערונג. גאָרנישט איז געשען אין דעם זין. ווייזנדיק אַ שוידערלעכן ביישפּיל פאַר דער באַשטעטיקונג פון באַקאַנטן פראַנצויזישן כלל, אַז „וואָס מער עס ענדערט זיך אַלץ מער בלייבט עס ביים זעלבן" — האָבן די ענגלענדער גענומען נאָך מער פאַרשאַרפן די אימיגראַציע־באַגרענעצונגען פאַר יידן צו קומען קיין ארץ־ישראל, און האָבן דורכגעפירט נאָך שטרענגערע רעפּרעסיעס קעגן דעם ישוב. די אַמעריקאַנער זענען ווייטער אַנגעגאַנגען מיט זייער טראַדיציאָנעלער אַרבעטס־צעטיילונג: דער פּרעזידענט האָט אויסגעדריקט זיינע פרומע סענטימענטן און דער סטייט־דעפּאַרטאַמענט האָט געהאַלטן די ענינים „אונטער קאָנטראָל". און אינעווייניק, אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָבן די פאַרשידענע לאַגערן פאַרשטאַרקט זייערע קעגנערישע אַרגומענטן, און די מוראדיקע קאַטאַסטראָפע וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט האָט בלויז פאַרשאַרפט די חילוקי דעות. די אַלע, וואָס האָבן גערופן צו אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד אין ארץ־ישראל, האָבן אָנגעוויזן אויף דעם חורבן אין אייראָפּע אַלס באַווייז, אַז נאָר מיט כוח און מיט געוואַלד וועלן מיר דערגרייכן אונדזער ציל. די וועלכע האָבן באַדויערט די געוואַלד־אַקטן און זענען געווען פאַר אַ מעסיקער האַנדלונג, האָבן געוואָרנט די יידן נישט צו באַנוצן די מעטאָדן פון שונא. אַנטי־ציוניסטן האָבן דערקלערט, אַז דער ציוניזם קאָן נישט ראַטעווען די יידן. און די לינקע האָבן פּראָקלאַמירט, אַז יידן וועלן געראַטעוועט ווערן נאָר דורכן וועלט־סאָציאַליזם.

איך מיין נישט צו זאָגן, אַז עס זאָל האָבן געווען אַ גלייכגילטיקע באַציִונג צו דעם וואָס עס איז געשען, אָדער אַז מענטשן זאָלן האָבן באַקומען אַזעלכע שטיי־נערנע הערצער, אַז די יידישע קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע זאָל זיי נישט האָבן אָנגעגאַנגען. מענטשן זענען דערשיטערט און דערשטוינט געוואָרן. עס איז געווען אַ טיף געפיל פון פאַרראַט, און אַ סך זענען געפייניקט געוואָרן פון אַ שולדגעפיל. „דאָס וועט קיין מאָל נישט געשען" — האָבן זיי געזאָגט. אָבער עס איז נישט געווען קיין אייניקייט, נישט אינעווייניק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, און נישט אין דער יידישער וועלט בכלל. די אַסימילאַטאָרן האָבן זיך ווייטער אַסימי־לירט (אָדער זיי האָבן לכל הפחות דאָס געפּרוּווט טאָן). די קאָמוניסטן האָבן גע־זונגען שלום־הימנס צום סאָוויעטישן פאָטערלאַנד, און די ציוניסטן האָבן גע־קעמפט קעגן דער וועלט, און איינער קעגן צווייטן, פאַר דער גרינדונג פון אַ יידישער מדינה.

זומער 1945 בין איך אַוועקגעפאָרן פון ניו־יאָרק קיין לאָנדאָן צו באַטייליקן זיך אין דער ציוניסטישער וועלט־קאָנפערענץ, וואָס איז ספּעציעל גערופן געוואָרן. ס'איז געווען אַן אָרעמע און נעבעכדיקע רעדוצירטע וועלט, וואָס איך האָב דאָרט געזען. די איינציקע טרייסט איז געווען, אַז אין אייראָפּע לכל הפחות האָט די מלחמה זיך שוין געהאַט געענדיקט.

אויפן פליפעלד אין לאָנדאָן האָט מיך באַגעגנט אייוואר לינטאָן, ווייצמאַנס פּאָליטישער סעקרעטאַר, וועלכער האָט מיך אינפאָרמירט, נישט מיט אַ מאָל — ווי ער וואָלט געוואָלט ביסלעכווייז אויפדעקן די שלעכטע נייעס — אַז עס איז נישטאָ קיין פרייער צימער אין „דאָרטשעסטער", אָדער אין וועלכן עס איז אַנדערן אָנשטענדיקן האָטעל. ער האָט מיך אָפּגעפירט אין אַ „גרויסאָרטיקן" מקום, וואָס ער האָט באַשטעלט פאַר מיר, ביים הייד־פּאַרק. ס'איז געווען אַ דריטראַנגיקע אַכסניה, מיט די מאַניערן פון אַ פינפטראַנגיקן בורדעל. איך האָב געדאַרפט באַ־צאָלן פאַרויס.

צומאָרגנס אין דער פרי, נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, אַ נישט געוואַשענער און נישט ראַזירטער, מיטן ריח פון עראָפּלאַן אויף מיין צעקנייטשטן אָנצוג (פאַר קריגן אויסגעפרעסט אַ מלבוש אין לאָנדאָן האָט מען דעמאָלט געדאַרפט האָבן די פּערזענלעכע אינטערווענץ פון פרעמיער־מיניסטער און פון ערשטן לאָרד פון דער אַדמיראַליטעט) בין איך דערשינען פאַר מיין שעף, ד"ר ווייצ־מאַן. די אויפנאַמע איז געווען אַ וואַרעמע און אַ האַרציקע. ער האָט מיר גע־שטעלט אַ מיליאָן פראַגן. אָבער איך בין נישט געווען אין דער שטימונג אַ סך צו רעדן. איך האָב זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם שוידערלעכן איינדרוק פון דעם מיאוסן לאָך, אין וועלכן איך בין אַריינגעפאַלן אין לאָנדאָן.

אַרום האַלבער נאַכט בין איך צוריקגעקומען אַהין צו באַשרייבן אַ נאַכט אין דעם דאָזיקן פּלאַץ איז נישט מעגלעך. דער קיצור המעשה דערפון איז, אַז איך בין נישט געשלאָפן. איך בין אויפגעשטאַנען באַלד אין דער פרי, אַנטשלאָסן אַרויסצוגיין, ווען אַפילו איך זאָל דאַרפן שלאָפן אין הייד־פּאַרק. ווען איך בין

געקומען אין ציוניסטישן ביוראָ אויף גרייט ראַסעל סטריט, איז דאָרט געווען וואָס מען רופט אויף דער שפּראַך פון דייטשן טעאַטער — אַן „אַלגעמיינע באַוועגונג". און דערנאָך איז געקומען אַ גרויסע שמחה. ווייצמאַן גופא איז אַוועקגעגאַנגען צום פּאַרוואַלטער פון „דאָרטשעסטער"־האָטעל און האָט באַ־קומען פאַר מיר אַ מתנה — אַ גרויס אויפנאַם־צימער (כמעט אַ זאַל פאַר בעלער) אין בראַונס האָטעל אויף איין נאַכט!

נאָך דעם, ווי איך האָב נאָך עטלעכע מאָל זיך אַזוי אַרומגעוואַלגערט פון איין אַכסניה אין דער צווייטער, האָב איך ענדלעך זיך איינגעאָרדנט אין „קאַמ־בערלענד"־האָטעל. יעדן אָוונט האָב איך געגעסן ביי די ווייצמאַנס. איך האָב זיך נישט איבעריק גוט געפילט, וואָס איך פיר זיך אַזוי, צוליבן גרויסן דוחק אין שפּייז דעמאָלט אין לאָנדאָן. אָבער ווייצמאַן האָט נישט געוואָלט הערן דערפון, אַז איך זאָל זיך אַנדערש איינאָרדענען.

איך האָב פאַרבראַכט מיינע טעג מיט העלפן אָרגאַניזירן די קאָנפערענץ. און איינע פון מיינע גרויסע „פאַרגעניגנס" איז געווען צו לייענען די טעלע־גראַמעס פון פאַרשידענע אַמעריקאַנער ציוניסטישע „פּני", אַז זיי קומען באַלד אָן, און האָבן מיר געגעבן דעם אויפטראַג צו געפינען פאַר זיי אַ האָטעל־צימער.

אויף מיר האָט געמאַכט אַ רושם דער פאַקט, וואָס איך האָב נישט געפונען אַזאַ חורבן אין לאָנדאָן, ווי מען האָט דערציילט בעת דער מלחמה. איך האָב געמיינט, אַז אויפן גאַנצן וועג פון קראָידאָן קיין לאָנדאָן וועל איך זען בלויז חורבות. מען האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף גיין זען די „סיטי", בכדי צו קריגן אַ באַגריף וועגן דעם, וואָס עס האָט באמת פאַסירט. דאָ און דאָרט האָט מען געקאָנט זען סימנים פון די באָמבאַרדירונגען, אָבער אין אַלגעמיין איז לאָנדאָן געבליבן אַ זייער שיינע שטאָט.

די דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף עטלעכע טעג צוליב דעם, וואָס מען האָט דערוואַרט אַ דעלעגאַציע פון די לעבנגעבליבענע יידן אין פּוילן. מען האָט נישט געקאָנט וויסן ביז דער לעצטער מינוט, צי די רוסן וועלן זיי דערלויבן צו קומען. די סתירותדיקע קלאַנגען וועגן דעם האָבן געהאַלטן געשפּאַנט די קאָנפערענץ פון אין דער פרי ביז ביי נאַכט, און מיט געמישטע געפילן פון האָפענונג און שרעק האָבן מיר געוואַרט אויף די דאָזיקע פאַרשטייער פון דער שארית הפליטה פון דעם מזרח־אייראָפּעיִשן יידנטום. וואָרום וואָס פאַר אַ ווערט האָט געקענט האָבן די גאַנצע קאָנפערענץ אָן דער באַטייליקונג פון די פאַרטרעטער פון די הונדערט און פופציק טויזנט יידן, וועלכע זענען בסך־הכל געבליבן פון דעם קיבוץ פון דריי און אַ האַלבן מיליאָן יידן? וואָס שייך די דריי מיליאָן יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען הינטער די פאַרריגלטע טויערן פון סטאַלינס רוסלאַנד, אָפּגעשלאָסן און אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, האָבן מיר אַפילו נישט געהאַט די מינדסטע האָפענונג, אַז עמע־צער פון זיי זאָל קאָנען קומען.

ענדלעך איז די דעלעגאַציע פון פּוילן אָנגעקומען — זעקס אויסגעמאָ־גערטע, אָפּגעצערטע יידן, אָנגעטאָן אין שמאַטעס, אַזוי ווי זיי וואָלטן אַרויסגע־

קומען פון גאָרקיס „אין אָפּגרונט״. אַזאַ איינדרוק האָבן זיי געמאַכט אין זייער הילוך, אָבער נישט אין זייער גייסט. ביי דער גורלדיקער זיצונג, אויף וועלכער זיי זענען אויפגענומען געוואָרן, האָבן מיר געזען זייערע וווּנדערלעכע כאַראַק־טערן. משה סנה, וועלכער האָט זיך דורכגעשלאָגן קיין ארץ־ישראל נאָכן אויס־ברוך פון דער מלחמה און זיך באַזעצט אין לאַנד, איז געווען פאָרזיצער פון דער זיצונג. ווען די זיצונג האָט זיך געעפנט, האָט מען געקאָנט הערן אַ געוויין. מיר האָבן געהאַט פאַר אונדזערע אויגן די לעבעדיקע עדות פון אַן אויסגע־מאָרדעט פאָלק. ווען ווייצמאַן האָט גערעדט, האָט ער קוים געקאָנט אויפהייבן זיין שטים. ער האָט אויסגעזען ווי אַ פאָטער, וועלכער שטייט ביי די קברים פון זיינע קינדער און דאַרף זאָגן דאָס ביטערע וואָרט: „ה׳ נתן וה׳ לקח״.

צווישן דער דעלעגאַציע פון די זעקס איז געווען אַ יונג מיידל פון אַ יאָר דריי און צוואַנציק, חיה גראָסמאַן. זי האָט געהערט צום „השומר הצעיר״ און איז אין דער מלחמה געווען אַ פאַרטיזאַנערין אין די וועלדער. זי פלעגט אַרויסגיין און אַריינקומען צוריק אין געטאָ בעת די אויפשטאַנדן. איך מיין, אַז זי איז געבליבן לעבן אַ דאַנק דעם, ווייל זי האָט לחלוטין נישט אויסגעזען ווי אַ יידישע טאָכטער. זי האָט אויסגעזען ווי אַ פּויליש מיידל, מיט טונקל־ברוינע האָר, צאַרטער הויט און העלע אויגן. זי האָט גערעדט די לעצטע אויף דער זיצונג. וועגן איר העלדישקייט, איר פירנדיקער ראָל ביי די פאַרטיזאַנער, וועגן איר אומגעוויינלעכער איבערגעגעבנקייט און איר אייזערנעם ווילן — האָבן מיר אַ סך געהערט פון די אַנדערע מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע. אין איר רעדן האָט זיך אַרויסגעפּילט איר אינערלעכע שטאַרקייט, אויסדויער, אומדער־שיטערטקייט. זי האָט נישט אָנגענומען קיין דראַמאַטישן טאָן. נישט געווען קיין שמץ פון היסטעריע אין אירע שילדערונגען. זי האָט דערציילט פשוט דאָס, וואָס זי האָט געזען און איבערגעלעבט און וואָס עס איז געשען מיט די יידן אין פּוילן. דאָס זענען געווען די איינפאַכסטע און דערביי די שטאַרקסטע און איינ־דרוקספולסטע ווערטער, וואָס איך האָב אַ מאָל געהערט.

די קאָנפערענץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסער פאַרטיזאַנער־באַוועגונג. און ווען זי וואָלט דעמאָלט געזאָגט די פשוטע ווערטער: „קומט מיט מיר, לאָמיר צוזאַמען זיך נוקם זיין אין די מערדער פון אונדזער פאָלק״ — וואָלטן מיר אַלע זיך אויפגעהויבן און זי געפאָלגט. אָבער זי האָט נישט אַרויס־געזאָגט אַזעלכע ווערטער. זי האָט בלויז געשילדערט. ווען זי האָט פאַרענדיקט איר רעדע, האָבן מיר אַלע זיך אויפגעהויבן אין אַ שטילן אויסדרוק פון דרך־ארץ פאַר איר.

שפּעטער האָב איך זי געפרעגט אויף יידיש: „ווי האָט איר געקאָנט בלייבן אַזוי רויִק, ווען איר האָט גערעדט?״ זי האָט מיר געענטפערט אין אַן אַנט־שלאָסענעם טאָן: „וואָלט איך נישט געקאָנט איינהאַלטן מיין רו, וואָלט איך היינט דאָ נישט געווען״.

איך בין צוריקגעקומען פון דער קאָנפערענץ קיין ניו־יאָרק אַ צעוויייטיק־טער, מיט מער ביטערע דערפאַרונגען און אַ דערשלאָגענער. איך בין נאָך אַלץ

געווען אין דער שטימונג פון מיין חשבון הנפש, וואָס איך האָב אָנגעהויבן בעת מיין באַזוך אין ארץ־ישראל מיט אַ יאָר פריִער. איך בין אַלט געווען איין און פופציק יאָר און איך האָב נישט געוווּסט וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט מיר ברענגען. איך בין געווען וווייטער פאַרנומען מיט מיין רוטין־אַרבעט אין דער יידישער אַגענטור, אַלס דירעקטאָר אָדער גענעראַל־סעקרעטאַר. איך האָב געוווּסט, אַז עס רוקן זיך אָן גרויסע און שטורמישע צייטן, טעג פון אַנטשיידונג. די יידישע לאַגע האָט זיך געענדערט ראַדיקאַל און קאַטאַסטראָפאַל. די דרינגענדיקע פליכט צו ראַטעווען די שארית־הפליטה און אויפהאַלטן דעם יידישן קיום האָט אונדז מיט יעדן טאָג געטריבן אַלץ מער און שטאַרקער.

די טויערן פון ארץ־ישראל זענען נאָך אַלץ געווען פאַרמאַכט. דאָס גדודלד ביי יידן האָט געהאַלטן אין אויסשעפן זיך. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען אויפגעבראַכט און אָנגעצונדן. הונדערטער טויזנטער יידן, וועלכע האָבן קיין מאָל זיך נישט אינטערעסירט מיטן גורל פון זייער פאָלק, האָבן אָנגעהויבן פרעגן האַרבע קשיות און פאָדערן מעשים. אַ טייל איז צוגעגאַנגען צו דעם פראָבלעם קאָנסטרוקטיוו. אַנדערע האָבן געהאַט אַ צוגאַנג פון אומפאַראַנטוואָרטלעכן אומגעדולד און דעמאַגאָגיע. אין יידישן לעבן איז אַריינגעטראָטן אַ צושטאַנד פון בלבול המוחות, וואָס איז געוואָרן כסדר ערגער און ערגער. און אין אַמעריקע איז נישט געווען קיין אמתדיקע יידישע פירערשאַפט. בראַנדייס איז געווען טויט. סטיפען ווייז איז געווען אַלט און פאַרמאַטערט, און דאָס נייע בינטל פירער איז געווען בלאַס אין פאַרגלייך מיט די אַמאָליקע.

זומער 1945 איז נאָך די פאַרלאַמענט־וואַלן אין ענגלאַנד געקומען צו דער מאַכט אַ לייבאָר־רעגירונג. אויף אַ ווייל האָט צווישן די יידן אין אַמעריקע זיך געשאַפן אַ דערהויבענע שטימונג פון האָפענונג. מען האָט גערעכנט, אַז די לייבאָר־פאַרטיי, וועלכע האָט אין אירע דערקלערונגען און באַשלוסן כסדר אויסגעדריקט איר ענטוזיאַסטישע שטיצע פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער היים, וועט איצט זיכער פירן אַ קלוגע און גרויסמוטיקע פּאָליטיק אין ארץ־ישראל. אָבער אין איין קורצער און ברוטאַלער רעדע האָט דער נייער אויסערן־מיניסטער ערנסט בעווין, געמאַכט אַ סוף צו די אַלע האָפענונגען. די פּאָליטיק פון ווייסן בוך פון 1939, וואָס האָט באַגרענעצט די עליה קיין ארץ־ישראל צו אַ חוזק־צאָל, מיט דער געפאַר צו ווערן אין גאַנצן אָפּגעשטעלט, אויב דאָס וועט זיך פאַרגליסטן די אַראַבער, איז ווידער באַשטעטיקט געוואָרן אין 1945, ווי עס וואָלט גאָרנישט פאַרגעקומען די שוידערלעכע יידישע קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע.

ווען פרעזידענט טרומאַן האָט נאָך אַ גרינטלעכער אונטערזוכונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פאַר אים וועגן דער יידישער לאַגע אין אייראָפּע און וועגן די באַדינגונגען אין ארץ־ישראל, פאָרגעשלאָגן דעם ענגלישן פרעמיער־מיניסטער קלעמענט עטלי אַריינצולאָזן תיכף קיין ארץ־ישראל הונדערט טויזנט יידן — האָט בעווין געענטפערט מיט „אַ נייער אויספאָרשונג פון דער סיטואַציע”. אַזוי אַרום איז געבוירן געוואָרן די אַנגלאָ־אַמעריקאַנער פאָרשונגס־קאָמיסיע וועגן

ארץ־ישראל, וואָס האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1946.

איין מאָל אין אַן אָוונט בין איך געווען אין „עסעקס האַוז״ אין ניו־יאָרק צוזאַמען מיט חיים ווייצמאַן. ער איז געווען פאַרנומען מיט דער אַרבעט פון דער אַנגלאָ־אַמעריקאַנער קאָמיסיע, וואָס האָט דאַן דורכגעפירט פאַרהערן אין וואַ־שינגטאָן, איידער זי האָט זיך געקליבן צו פאָרן קיין אייראָפּע און ארץ־ישראל. אין מיטן פון אונדזער געשפּרעך אויג אויף אויג איז אַריינגעקומען דזשאָרדזש בעקער.

דזשאָרדזש איז נישט געווען קיין ציוניסט, נישט דעמאָלט און נישט שפּעטער. אָבער ער האָט געפילט אַ טיפע צוגעבונדנקייט צו ווייצמאַנען. ער האָט אים געבראַכט אַן אינטערעסאַנטע אינפאָרמאַציע וועגן איינעם פון די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, ריטשאַרד קראָסמאַן. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דזשאָרדזש בעקער געהערט צו אַן ענגליש־אַמעריקאַנער „אינטעלידזשענס״־גרופּע, עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן, כדי צו פירן אַ פּסיכאָלאָגישע מלחמה — ווי דאָס האָט געהייסן. אין שפּיץ פון דער גרופּע איז געשטאַנען וויליאַם פּאַלי, וועלכער איז דאַן געווען דער הויפּט פון דער ראַדיאָ־סטאַציע סי.בי.עס. צו דער גרופּע האָבן צווישן אַנדערע געהערט ריטש קאָלדער און ריטשאַרד קראָסמאַן. אין יענער צייט האָט דזשאָרדזש בעקער זיך גוט באַקענט מיט ריטשאַרד קראָסמאַנען. ער האָט געזאָגט ווייצמאַנען: „נישט פאַראַן קיינער אויף דער בריטישער זייט פון דער דעלעגאַציע, פאַר וועמען איר דאַרפט מורא האָבן, מיטן אויסנאַם פון דיק קראָסמאַן. ער האָט דעם שאַרפסטן מוח פון די אַלע. ער איז דער אינטעליגענטסטער צווישן זיי — און אַן אמתער סאָציאַליסט, דערצו נאָך אַ לינקער סאָציאַליסט. ער איז אַ מענטש, וועמען מען דאַרף היטן. און מען דאַרף מורא האָבן פאַר אים. נאָך מער: ער איז דורך בעווינען אויסגעקליבן גע־וואָרן אין דער דאָזיקער קאָמיסיע״.

איך קאָן נישט זאָגן, אַז דאָס דאָזיקע שטיקל נייעס זאָל האָבן פאַרשאַפט נחת ווייצמאַנען. זיין געזונט־צושטאַנד איז נישט געווען קיין גוטער. און זיין שטימונג איז געווען אַ היפּש אומעטיקע.

ווייצמאַן האָט זיך געווענדט צו מיר: „מאיר, איר דאַרפט פאָרן קיין וואַ־שינגטאָן״. און דערנאָך האָט ער געזאָגט צו דזשאָרדזש בעקער: „גיט מאירן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צו קראָסמאַנען״.

אין יענער צייט בין איך געווען אין מיטן פון אַ גרויסער אָנשטרענגונג איבערצוצייגן אַלבערט איינשטיינען, ער זאָל אַרויסטרעטן פאַר דער אַנגלאָ־אַמעריקאַנער קאָמיסיע. דאָס איז נישט געווען מיין אידייע, די אָפיציעלע ציוניס־טישע פירערשאַפט איז געווען זיכער, אַז איינשטיין וועט זיין אונדזער בעסטער פאַרשטייער. און איך בין געפאָרן קיין פּרינסטאָן כדי צו באַוועגן איינשטיינען, ער זאָל אָפּגעבן אַ דערקלערונג פאַר דער קאָמיסיע. ער האָט נישט געהאַט קיין שטאַרקן חשק דאָס צו טאָן. און איך געדענק ווי איך בין אַרומגעגאַנגען מיט

אים פיר שעה נאָך אַנאַנד אים איינצורעדן, אַז ער זאָל מסכּים זיין. איך האָב נאָך איצט אַ ווייטיק אין אַ פוס פון דעם אַרומגיין. סוף כּל סוף האָב איך מאָביליזירט זיין סעקרעטאַרין, העלען דוקאַס, וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף אים. צוזאַמען האָבן מיר ענדלעך געפועלט ביי אים. ער האָט געשטעלט איין באַדינג: מיר זאָלן פאָרן מיט דער באַן; אַז איך זאָל זיין צוזאַמען מיט אים ביי די זיצונגען פון דער קאָמיסיע; אַז איך זאָל זיך אָפּגעבן מיט אים די גאַנצע צייט. אַזוי אַרום האָב איך סיי ווי געדאַרפט פאָרן קיין וואַשינגטאָן.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף די פּאָר ווערטער, וואָס דזשאָרדזש בעקער האָט אויף דער גיך אָפּגעפּינטלט פאַר מיר צו קראָסמאַנען, און איך האָב געזען, אַז אַזאַ רעקאָמענדאַציע וועט נישט העלפן. זי איז נישט געווען געשריבן אין מיין סטיל. עס איז געווען צו פאָרמעל. איך האָב פאָרגעשלאָגן, אַז בעת די זיצונגען פון דער קאָמיסיע וועל איך אין אַ פּאַסנדיקן מאָמענט צוגיין צו קראָס־מאַנען און אים זאָגן, אַז איך האָב אַ גרוס פאַר אים. אויב דער ענטפער וועט זיין אַ פריינדלעכער, וועל איך ווייטער אָנגיין מיט דורכפירן אונדזערע ענינים ביי אים.

איך האָב גענומען איינשטיינען אין האָטעל „סטאַטלער" און בין דערנאָך אַוועקגעגאַנגען מיט אים צו די פאַרהערן פון דער קאָמיסיע. איך בין געזעסן אין אַ ווינקל פון זאַל, בכדי מען זאָל מיך צומווייניקסטן באַמערקן, און איך האָב אָבסערווירט דעם טויץ מענטשן, וואָס זענען אויסגעקליבן געוואָרן צו לייזן אַ פּראָבלעם, וואָס — ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזן — דער אייבערשטער אַליין און אוודאי נישט טשערטשיל, טרומאַן און בעווין האָבן געקאָנט געפינען פאַר אים אַ לייזונג. ווען דער עדות־פאַרהער האָט זיך אָנגעהויבן, איז געוואָרן קלאָר, אַז די טיפסטע און שאַרפסטע פראַגן זענען געשטעלט געוואָרן דורך קראָסמאַנען. טיף און שאַרף איז אפשר נישט די געהעריקע באַצייכענונג. צעשמעטערנדיקע פראַגן — וואָלט געווען ריכטיקער. איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין: „דזשאָרדזש איז גערעכט. דער דאָזיקער „שייגעץ" האָט מער שכל, ווי די גאַנצע קאָמיסיע צוזאַמען".

ווען איינשטיין האָט גענומען דאָס וואָרט, האָט ער אָנגעהויבן זייער גוט, אָבער אונטער קראָסמאַנס פאַרהער האָט ער גענומען גיין אויף אַ שטריק, און אין זיינע דערקלערונגען איז ער פון אַ באַמערקונג וועגן די פאַרפאָלגונגען קעגן די אינדיאַנער דערגאַנגען צום אַנטי־אימפּעריאַליזם אין אַלגעמיין. פון דעסט וועגן איז זיין אָנוועזנהייט אויף אונדזער זייט נישט פאַרבליבן אָן אַ ווירקונג.

ווען די ערשטע פאַרהערן האָבן זיך געענדיקט, האָב איך זיך געשטעלט אין אַ פּאָזיציע, ווו עס איז געווען אוממעגלעך, אַז קראָסמאַן זאָל מיך אויסמיידן. איך בין אפילו געווען גרייט אים צו פאַרטשעפּען, אויב עס וועט זיין נייטיק. ווען ער איז פאַרביי־געגאַנגען, האָב איך געזאָגט: „מר. קראָסמאַן, איך האָב פאַר אייך אַ גרוס" — „טאַקע"? — האָט ער זיך אָנגערופן. ער איז אין אַלגעמיין אַ באַרעדעוודיקער, און ער ענטפערט תּמיד. — „פון וועמען?" — „דזשאָרדזש" —

האָב איך געזאָגט. — „דזשאָרדזש, וועלכער דזשאָרדזש ?" — האָט ער געפרעגט. — „דזשאָרדזש בעקער" — איז געווען מיין ענטפער. — „אָ, דזשאָרדזש, וואָס מאַכט ער, דער אַלטער חברהמאַן ?" — „נישקשה, איך האָב אים נאָר וואָס געזען, איידער איך בין געקומען אַהער". — „אָבער ווער זענט איר ?" — האָט ער געפרעגט. דאָ האָב איך שוין דערפילט, אַז איך האָב אים אַריינגעכאַפּט. איך האָב אים קורץ געענטפערט. „אגב" — האָט קראָסמאַן ווייטער זיך אָנגערופן — „אויב איר ווייסט טאַקע אַלצדינג, זענט איר דער בחור, וועמען איך זוך. איר קענט זיכער מר. דאַלעק האָראָוויץ אין ירושלים. אים וואָלט איך געוואָלט זען, ווען איך וועל קומען קיין ירושלים. קאָנט איר מיר אפשר געבן אַ רעקאָמענדאַציע צו אים ?" — „דאָס איז זייער לייכט" — האָב איך געענטפערט — „איר דאַרפט גאָרנישט וואַרטן, ביז איר וועט קומען קיין ירושלים. איך קאָן אים ברענגען צו אייך היינט נאָך מיטאָג. ער איז דאָ אין וואַשינגטאָן". — „אויסגעצייכנט. קאָנט איר דאָס אַראַנזשירן ?"

דאָס איז געווען מיין ערשטער קאָנטאַקט, אָדער צוזאַמענשטויס, מיט דעם מענטשן, וועלכער האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק אויף דזשאָרדזש בעקערן, און קעגן וועמען ער האָט אַזוי פיל געוואָרנט.

איך האָב באַלד טעלעפאָנירט צו דאַלעק האָראָוויץ. איך האָב אים דערציילט וועגן מיין געשפרעך מיט קראָסמאַנען און האָב איינגעאָרדנט די באַגעגעניש צווישן זיי ביידע. דאַלעק האָראָוויץ איז שוין דעמאָלט געווען איינער פון די עקאָנאָמישע מוחות אין די יידישע „הויכע פענצטער" אין ירושלים. זינט דעמאָלט איז ער געוואָרן אויף דריי פינפיאָריקע טערמינען, איינעם נאָכן אַנדערן, דער גענעראַל־דירעקטאָר פון דער ישראלדיקער רעגירונגס־באַנק. דאָס צימער, ווו מיר האָבן געהאַט אונדזער באַגעגעניש מיט קראָסמאַנען ביי אים אין „מעיפלאַוער"־האָטעל, האָט נישט אויסגעזען אַזוי ווירדיק און אַזוי צוגעפּאַסט פאַר דער אַטמאָספער פון אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, וואָס מיר האָבן דאָרט געדאַרפט לייזן. בסך הכל האָט דאָס גאַנצע צימער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ביסל אַ גרעסערער קליידערשאַנק, וואָס איז איינגעמויערט אין דער וואַנט. דאָס בעט מיט דער איינציקער שטול, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, האָבן אויסגעפילט דאָס גאַנצע צימער, וואָס איז קוים געווען גענוג פאַר איין מענטש צו פילן זיך באַקוועם. אין מיין בעסטן פרייען סטיל האָב איך זיך אָנגערופן צו קראָסמאַנען: „איז דאָס אַלץ, וואָס די בריטישע אימפעריע קאָן זיך דערלויבן צו געבן אירע פאָרשטייער, וועלכע באַהאַנדלען דעם גורל פון דער וועלט ?" — „איר דאַרפט געדענקען" — איז געווען קראָסמאַנס ענטפער — „אַז מיר האָבן נאָר וואָס דורכגעמאַכט אַ וועלט־מלחמה, און אַז מיר לעבן נאָך אַלץ ביי אונדז מיט באַגרענעצטע שפייז־פּאָרציעס. די סומע, וואָס מיר באַקומען אויף אונדזערע הוצאות, איז זייער אַ קליינע. און איך אַליין האָב נישט קיין געלט צוצוגעבן פון מיין אייגענער קעשענע".

ער אַליין האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בעט. דאַלעק האָראָוויץ האָט זיך איינגעהויקערט אויפן בענקל. און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט, מיט אַראָפּגעהאָנגענע פיס, אויפן אָנלען פון בעט.

די דיסקוסיע האָט זיך אָנגעהויבן איין אַן ערנסטן טאָן. קראָסמאַן האָט אַ וווּנדערלעך אָפּענעם קאָפּ, און ער האָט געוואָלט וויסן אַלץ וועגן ארץ־ישראל. באַזונדערס האָט ער זיך אויסגעפרעגט וועגן די קיבוצים, וועגן דער הסתדרות און וועגן דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון לאַנד. דאָס אַלץ האָט אים שטאַרק פאַראינטערעסירט אַלס דעפּוטאַט פון דער לייבאָר־פּאַרטיי אין פּאַרלאַמענט. איך מוז באַמערקן, אַז דאַלעק איז געווען פונקט אַזוי גייסטרייך, ווי אינפאָרמאַטיוו אין זיינע ענטפערס. די דיסקוסיע איז אָנגעגאַנגען שעהען לאַנג. מיר האָבן געמאַכט אַן איבעררייס אויף טרינקען אַ טעפּל קאַפע אין דער קאַפעטעריע, און מיר זענען צוריקגעגאַנגען אין צימער. אַרום דריי ביי נאַכט האָב איך זיך צוזאַמענגעבראָכן, און האָב איבערגעלאָזט דעם גאַנצן עסק פאַר די צוויי אומדערמידלעכע אינטעלעקטואַלן. זיי האָבן דעמאָלט געהאַלטן טיף אין דער מאַרקסיסטישער פילאָזאָפיע, וועגן וועלכער איך האָב נישט געהאַט קיין אַנונג. דאַלעק האָראָוויץ האָט מיך צוגעפירט צו דער ווינדע. איידער איך בין אַראָפּגעגאַנגען, האָב איך אים געזאָגט: „דאַלעק, איך וועל זאָגן נביאות וועגן דעם מאַן. אויב ער איז טאַקע אַזאַ סאָציאַליסט, ווי ער זעט אויס צו זיין, וועלן מיר אים האָבן מיט אונדז". איך האָב דאָס איבערגעחזרט ווייצמאַנען ווען איך בין צומאָרגנס צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק.

כאָטש בעווין האָט געקאָנט האָבן עגמת נפש דערפון, בין איך געווען גערעכט. בעווין האָט גערעכנט, אַז ער, קראָסמאַן, וועט שפּילן זיין שפּיל. אָבער קראָסמאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן. ער איז געוואָרן אַ שטאַרקער און געטרייער פאַרטיידיקער פון אונדזערע פאָדערונגען און איז געבליבן אַ געטרייער פריינד פון ישראל דורך־און־דורך, צו דער אייביקער אַנטוישונג פון אונדזערע בייזע נביאים, און וואָרשיינלעך אויך פאַר דער רויִנירונג פון זיין אייגענער קאַריערע. ער און זיין פאַרשטאָרבענע פרוי זענען געוואָרן נאָענטע פריינד פון ווייצמאַנען. און זיין פריינדשאַפט מיט מיר האַלט אָן ביזן היינטיקן טאָג. ער האָט אָפט באַזוכט רחובות, געשריבן און געהאַלטן לעקציעס וועגן אונדזערע פּראָבלעמען.

ווייצמאַן האָט אָפּגעגעבן זיין דערקלערונג פאַר דער אַנגלאָ־אַמעריקאַנער קאָמיסיע, ווען זי האָט דורכגעפירט אירע פאַרהערן אין ירושלים. קראָסמאַן האָט געשריבן וועגן ווייצמאַנס דערקלערונג: „ער האָט גערעדט צוויי שעה מיט אַן אויסגעצייכנטן געמיש פון ליידנשאַפט און וויסנשאַפטלעכער אָביעקטיווקייט. ער איז דער ערשטער עדות, וועלכער האָט אָפט צוגעגעבן, אַז די פּראַגע איז נישט צווישן דעם, וואָס איז גערעכט און וואָס איז נישט גערעכט, נאָר צווישן אַ גרעסערער און קלענערער אומגערעכטיקייט".

קיינער איז נישט געווען צופרידן, ווען די אַנגלאָ־אַמעריקאַנער קאָמיסיע האָט אַרויסגעגעבן איר פּסק־דין. די אַראַבער זענען געווען בייז, און די יידן זענען געווען אַנטוישט. די קאָמיסיע האָט רעקאָמענדירט, אַז עס זאָלן באַלד אַריינגעלאָזן ווערן קיין ארץ־ישראל הונדערט טויזנט יידן: אַז די באַגרענעצונגען פאַר יידן צו קויפן לאַנד־שטחים זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן און אַז עס זאָל

צוגעגרייט ווערן אַן אינטערנאַציאָנאַלע אַפּוטרופּסות איבער ארץ־ישראל. עס איז נישט דערמאָנט געוואָרן וועגן דעם ענדציל — צו שאַפן סוף־כל־סוף אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל. און אַפילו נישט וועגן דער צעטיילונג פון לאַנד. אָבער עס איז געווען אַ קלאַפּ פאַר דער בריטישער פּאָליטיק פון ווייסן בוך. און דאָס איז געווען די איינציקע טרייסט אונדזערע, אָדער מיר האָבן אַזוי געמיינט.

אָבער מיר האָבן ווידער אַ מאָל געמאַכט דעם חשבון אָן בעווינען. נאָך דעם, ווי ער האָט געהאַט געשווירן אָנצונעמען די רעקאָמענדאַציעס פון דער קאָמיסיע, ווען זי איז געשאַפן געוואָרן, האָט ער נישט פאַרלוירן קיין צייט אָפּצוּוואַרפן אַלע אירע פאָרשלאָגן אין נאָמען פון דער בריטישער רעגירונג באַלד ווי דער באַריכט פון דער קאָמיסיע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן. ער האָט דאָס געטאָן מיט אַ שפּיצל. דאָס דורכפירן די רעקאָמענדאַציעס פון דער קאָמיסיע האָט ער געמאַכט אָפּהענגיק פון אַ גאַנצער ריי אוממעגלעכע באַדינגונגען, ווי, אַז דער ישוב זאָל זיך פולשטענדיק אַנטוואָפענען.

דאָס איז געווען אין מאַי 1946.

דאָס לייגן דעם פונדאַמענט פאַר דעם וויצמאַן־אינסטיטוט איז באַשטימט געוואָרן אויף יוני 1946. דער פאַקט, אַז דאָס האָט נישט אַרויסגערופן קיין קעגנערשאַפט מצד דער ענגלישער מאַנדאַט־רעגירונג, האָט אָפּגעשפּיגלט דעם טפשותדיקן קאָנטראַסט אין זייער פּאָליטיק. דער אַדמיניסטראַציע פון דער מאַנדאַט־רעגירונג איז נישט אָנגעגאַנגען, וויפל פונדאַמענטן מיר לייגן און פאַר וועלכע צוועקן. זיי זענען געווען מלא שמחה און האָבן טריומפירט יעדעס מאָל, ווען עס האָט זיך זיי איינגעגעבן אויפצודעקן אונטער דער פּאָדלאָגע פון „חדר האוכל" אין אַ קיבוץ אַ באַהעלטעניש, ווו עס איז געלעגן וואָפן. אָבער זי האָט זיך באַצויגן אין גאַנצן גלייכגילטיק צו דעם פאַקט, וואָס אונטער זייערע נעזער ווערט געבויט אַ וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט. צי דאָס איז געווען נאַיוויטעט, אָדער אידיאָטישע קורצזיכטיקייט פון די ענגלענדער — אַזוי איז געווען דער וועג, אויף וועלכן די יידישע מדינה איז געבויט געוואָרן אין יענע טעג און ווען די בריטישע אימפּעריע איז ליקווידירט געוואָרן.

אָבער בכדי צו געבן דעם לייענער אַ בילד וועגן דעם גורל פון וויצמאַן־אינסטיטוט, דאַרף איך זיך איצט צוריקקערן צום מיטן יאָר 1945.

איך האָב גענומען אויף זיך די אַרבעט צו פירן די ענינים פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן וויצמאַן־אינסטיטוט אַלס אַ מין זייטיקע באַשעפטיקונג צו מיינע פיל פליכטן אין דער יידישער אַגענטור. מיין פריינד ריטשי קאָלדער, דער באַרימטער וויסנשאַפטלעכער שריפטשטעלער, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן לאָרד ריטשי קאָלדער, האָט געשריבן וועגן מיר, אַז „וויסנשאַפט איז פאַר אים (אין יענער צייט פון מיין קאַריערע) געוואָרן אַ ספּעקטאַקל, וואָס ער איז געווען גרייט אויפצופירן, ווי ער האָט דאָס אַ מאָל געטאָן מיטן „אייביקן וועג". איך מיין, אַז ער איז גערעכט. מיין אינטויציע — אַלץ, מיט וואָס איך האָב דעמאָלט געקאָנט צוגיין צו דער אויפגאַבע — האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז די דאָזיקע

אונטערנעמונג דאַרף אָנגעהויבן ווערן אין אַ גרויסן פאַרנעם און מיט אַ סך שווונג, אויב מיר ווילן דערגרייכן עפּעס מער פון דעם, וואָס אַ געוויינלעכער ציוניסטישער „אַפּיל" טוט אויף פאַר וויכטיקע צוועקן. איך האָב געהאַלטן, אַז דער אינסטיטוט דאַרף צוציִען אַלס זיינע ראַטגעבער אַ גרופּע מענטשן, וועלכע פאַרנעמען הויכע פּאָזיציעס אין דער וועלט פון וויסנשאַפט.

אין הסכּם מיט דעם איז הערמאַן פ. מאַרק פון ברוקלינער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט געוואָרן דער פּאָרזיצער פון אונדזער וויסנשאַפטלעכן פּלאַנירונגס־קאָמיטעט. אַ באַראַטונגס־קאָמיטעט פאַר דעם אינסטיטוט פון פיזיק און פיזיקאַלי־שער כעמיע איז געשאַפן געוואָרן אונטערן פאָרזיץ פון דזשיימס פרענק פון אוני־ווערסיטעט אין שיקאַגאָ. אַ קאָמיטעט פאַר דער אָפּטיילונג פון מאַטעמאַטיק איז געגרינדעט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון דזש. ראָבערט אָפּענהיימער, מיט אַלבערט איינשטיינען אַלס מיטגליד, צווישן אַנדערע וועלט־באַרימטע וויסנ־שאַפטלער. ד״ר חיים ווייצמאַנס געהילף, ערנסט ד. בערגמאַן, איז געווען דער קאָאָרדינאַטאָר פון די אַלע קאָמיטעטן.

פונקט אַזוי האָב איך געהאַלטן, אַז אויב מיר הייבן אָן זאַמלען געלט, טאָרן מיר עס נישט טאָן מיט די געוויינלעכע קליינע השגות. אויב איר בעט ביי עמעצן הונדערט טויזנט דאָלאַר, קאָנט איר אַ מאָל אַרויסקוועטשן פון אים אַ צוזאָג, אַז ער וועט געבן פופציק טויזנט דאָלאַר. אָבער אויב איר בעט ביי אים פינף טויזנט דאָלאַר, קאָנט איר דערוואַרטן בלויז אַ טויזנטער. איך האָב באַשלאָסן אָנצוהייבן גרויס. און איך האָב אָרגאַניזירט פאַר 1945 אין האָטעל „וואָלדאָרף־אַסטאָריאַ" דעם ערשטן ווייצמאַן־באַנקעט, וואָס איז דערנאָך געוואָרן אַ יערלעכע אינסטי־טוציע. פאַר דער פּריווילעגיע צו זיין ביי דעם גרינדונגס־באַנקעט האָבן מיר באַשטימט אַן אָפּצאָל פון צוויי טויזנט פינף הונדערט דאָלאַר פאַר אַ טיש. דאָס האָט געגעבן אונדזערע קומענדיקע קליִענטן אַן אַריינבליק אין דעם, וואָס זיי קאָנען דערוואַרטן. בלויז די הונגעריקסטע זענען געקומען. ד״ר ווייצמאַן איז געווען דער ערנגאַסט. מיר האָבן דעם אָוונט געשאַפן די סומע פון אַ מיליאָן מיט 45.505 דאָלאַר און 55 סענט אַלס אַן אָנהייב.

דאָס איז געווען אַ מזלדיקע התחלה. און איך האָב דאַן געלערנט אויף מיין גאַנץ לעבן, אַז עס איז אַ סך ממשותדיקער אַרויסצוקריגן אַ מיליאָן דאָלאַר פון אַ הונדערט מענטשן מיט גרויסע באַנק־קאָנטאָס, ווי פון אַ מיליאָן מענטשן מיט קליינע באַנק־ביכלעך. (איך האָב אָנגעווענדט דעם דאָזיקע פּרינציפּ בהדרגה, פאַרקלענערנדיק כּסדר די צאָל מענטשן, פון וועלכע איך האָב געוואָלט אַרויס־קריגן יעדן ווייטערדיקן מיליאָן, ביז איך בין סוף כּל סוף דערגאַנגען צו דעם העכסטן רעזולטאַט: אַ מיליאָן דאָלאַר פון איין מענטש).

מיט דער באַדייטנדיקער סומע, וואָס מיר האָבן געשאַפן ביים ערשטן באַנ־קעט, איז געווען מעגלעך צו פּלאַנירן דאָס לייגן דעם פונדאַמענט. און דאָ מוז איך מודה זיין, האָט מיין אינטויִציע מיך פאַרפירט.

די פאַקטישע צערעמאָניע איז געווען באַשטימט אויף אַ טאָג אין יוני 1946. איך האָב פּלאַנירט צו פאַרוואַנדלען די פייערונג אין אַ גרויסער פאַרזאַמלונג

פאַר וויסנשאַפט און געלט מיטן אָנטייל פון זייער אַ חשובן און צאַלרייכן עולם אויף דער בינע. אָבער איך האָב זיך מיט דעם צופיל צוגעאײלט. ס'איז געווען צו פיל און צו פרי. די גאַנצע געשיכטע האָט זיך אויסגעלאָזט כמעט מיט גאָר־נישט. דאָס לייגן אַ פונדאַמענט איז בלויז אַ צוזאָג. און די וועלט — שוין נישט רעדנדיק וועגן ארץ־ישראל גופא — איז דעמאָלט נאָך געווען זייער אומזיכער פאַר אַזאַ גרויסן ספּעקטאַקל. אָנשטאָט דעם איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מער אומפאַרמעלע און באַשיידענע פייערונג. אַ גרופּע פון פינף און צוואַנציק אַמע־ריקאַנער וויסנשאַפטלער איז אָרגאַניזירט געוואָרן פאַר אַ צערעמאָניע צו לייגן דעם גרונטשטיין. און אויף דער שיף „וווּלקאַניאַ", וואָס איז פאַרריכט געוואָרן נאָך דער מלחמה, זענען רעזערווירט געוואָרן פינף און צוואַנציק קאַבינעס, כדי צו ברענגען די געסט אין באַקוועמע באַדינגונגען קיין חיפה. אין יענער צייט זענען דערהאַלטן געוואָרן ידיעות וועגן דער שלעכטער באַהאַנדלונג פון יידן, וועלכע לאַנדן אין דעם האַפן פון אַלעקסאַנדריע. און איך האָב געגלייבט, אַז דאָס בעסטע וועט זיין צו קריגן אַ דערלויבעניש פון סטייט־דעפּאַרטאַמענט, אַז די שיף זאָל שווימען דירעקט קיין חיפה. אליהו עפּשטיין (שפּעטער אליהו אילת) פון דער יידישער אַגענטור אין וואַשינגטאָן האָט געדאַרפט מאַכן די צוגרייטונ־גען. דערמיט איז פאַרבונדן אַ באַזונדערע מעשה שהיה.

ווען איך האָב זיך געווענדט צו עפּשטיינען וועגן דעם ענין פון דער דערלויבעניש, האָט ער אים גלייך און אין גאַנצן אָפּגעוואָרפן. איך האָב אים געזאָגט, אַז אויב ער וויל דאָס נישט טאָן אַליין, זאָל ער לכל הפחות אַראַנזשירן פאַר מיר אַ באַגעגעניש מיט לאָי הענדערסאָנען, דעם הויכן באַאַמטן פון סטייט־דעפּאַרטאַמענט. עפּשטיין, וועלכער איז געבוירן געוואָרן צו טראָגן געשטרייפטע הויזן (ער איז געווען ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן און דערנאָך אין לאָנ־דאָן), איז אויפגעציטערט געוואָרן פון מיין פאָרשלאָג. אָבער ער האָט פאַר־שטאַנען, אַז איך בין פעסט אַנטשלאָסן דאָס דורכצופירן. אַ פאַרצווייפלטער האָט ער זיך אַוועקגעזעצט צו געבן מיר אַ גרינטלעכע לעקציע, ווי אַזוי מען דאַרף זיך אויפפירן בעת דער אָנוועזנהייט פון אַ פאָרשטייער פון אַ גרויסמאַכט. ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך דאַרף רעדן בקול דממה דקה; אַז איך דאַרף שמייכ־לען; אַז איך דאַרף געבן אַ ביישפּיל פון עלעגאַנץ; און אין אַלגעמיין דאַרף איך מאַכן דעם איינדרוק פון זיסקייט אַליין. איך האָב אים אויסגעהערט מיט ערנסטער אויפמערקזאַמקייט, און האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל אויספירן זיינע אינ־סטרוקציעס.

עפּשטיין האָט מיך באַגלייט אין סטייט־דעפּאַרטאַמענט, וווּ מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסן, אַלטמאָדישן צימער, מיט אַ הויכן באַלקן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ מוזיי־קאַמער. איך בין געהעריק פאַרגעשטעלט געוואָרן, און די דיסקוסיע האָט זיך אָנגעהויבן. אַלץ איז צוגעגאַנגען כמעט ווי בסדר, ביז הענדערסאָן האָט געזאָגט עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט מיך פּראָוואָצירט צו אַן אויסברוך, וואָס איז געווען אַזוי שאַרף און אַזוי טומלדיק אין דער פאָרם, ווי ער איז געווען אומדיפּלאָמאַטיש אין דער שפּראַך. עפּשטיינס פּנים איז געוואָרן גרין

און געל, און ער האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו אַנטשולדיקן זיך: „מר. ווייס־גאַל איז נישט באַקאַנט מיט די דיפּלאָמאַטישע מנהגים״, אויף וואָס הענדער־סאָן האָט געענטפערט מיט גרויס שאַרם: „שאַדט נישט, מר. עפּשטיין, דאָס איז דער ערשטער בלאָז פון פרישער לופט, וואָס איז אַריין אין דעם צימער זינט יאָרן״. פון דעם מאָמענט אָן איז שוין אַלץ צוגעגאַנגען כשורה. הענדערסאָן האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז די שיף זאָל פאָרן דירעקט קיין חיפה, און איך בין צוריק־געקומען קיין ניו־יאָרק, ווי אַ העלד — אַ זיגער, דער גרינדער פון אַ נייער שול אין דיפּלאָמאַטיע.

ווען די שיף איז געווען אין מיטן ים, איז אָנגעקומען אַ מעלדונג, וואָס איז מיר גלייך איבערגעגעבן געוואָרן פון סטייט־דעפּאַרטאַמענט אין ניו־יאָרק, נעמ־לעך, אַז די שיף קאָן נישט לאַנדן ווי געהעריק אין חיפה. די מאָטיוון, וואָס זענען אָנגעגעבן געוואָרן, זענען געווען צו פיל, אַז זיי זאָלן קאָנען איבערצייגן: דער האַפן איז צו ענג; די וואַסערן זענען נישט גענוג טיף; דער דאָק איז צו קליין. בקיצור, עס איז געווען די צווייזייטיקע האַנדלונג פון דעם קלאַסישן טיפּ, וואָס איז גוט באַקאַנט אין די קאַנצעלאַריעס פון אייראָפּע און אַמעריקע און אין יעדן אַנדערן אָפיציעלן צענטער, ווו מען מאַכט פּאָליטיק. צום גליק איז נישט געווען קיין שום עגמת נפש אין עגיפּטן, און די גרופּע אַמעריקאַנער וויסנשאַפטלער איז אָנגעקומען בשלום קיין רחובות. מיין זון מענדי, דאַן אַ פיינער 21־יאָריקער בחור, אַ וועטעראַן פון דער מלחמה אין ווייטן מזרח, ווו ער איז געווען אַן איבער־זעצער פון כינעזיש, איז געפאָרן צוזאַמען מיט די וויסנשאַפטלער אויף דער רייזע. איך אַליין בין אָנגעקומען מיט אַן עראָפּלאַן מיט עטלעכע טעג שפּעטער.

די צערעמאָניע ביים לייגן דעם פונדאַמענט איז דורכגעגאַנגען שיין און איינדרוקספול, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר חיים ווייצמאַן. צווישן די געסט, וויסנשאַפטלער, זענען געווען לואי. פּ. פיזער פון האַרוואַרד, דוד ריטענבערג און חיים פּעקעריס פון קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט; הערמאַן מאַרק, קורט שטערן און פּיטער האָהענשטיין פון ברוקלינער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט, און יהודה קאַסטעל פון קאַרדיף. געוויס זענען אויך געווען אונדזערע אייגענע פאָרשטייער פון זיוו־אינסטיטוט, פון העברעיִשן אוניווערסיטעט, פון דער פּאָליטעכניק אין חיפה. צוויי טעג זענען געווידמעט געוואָרן פאַרן סימפּאָזיום וועגן פאַרשידענע טעמעס, וואָס איך האָב אָנגענומען, אַז זיי דאַרפן זיין סיי באַלערנדיקע און סיי פּראָוואָצירנדיקע, ווייל די וויסנשאַפטלער האָבן אויסגעזען צו האָבן אַליין אַ סך נחת. פאַראַן אַ יידיש ווערטל: ווען אַ שיקסע דרייט זיך אַרום ביים רב אין שטוב, קען זי שוין אַליין אויך פּסקענען אַ שאלה. דאָס איז עס, וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר אין די פינף און צוואַנציק יאָר, ווען איך האָב געהאַט צו טאָן מיט וויסנשאַפטלער. איך האָב אָנגעהויבן אַריינצוכאַפּן זייער חכמה און זייער וויסן. אין 1946 האָב איך נאָך נישט געהאַט קיין שום באַגריף פון דעם וואָס זיי רעדן. אָבער איך האָב געוווסט, אַז דער פאַקט גופא, אַז זיי רעדן און רעדן אַזוי ענטוזיאַסטיש, איז גוט פאַר רחובות.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען קיין אַמעריקע, האָט לואי פיזער פון האַר־וואַרד געמאַכט אַזאַ סך־הכל פון זיינע איינדרוקן: „איך בין געפאָרן קיין רחובות ווי אַ וויסנשאַפטלער און בין צוריקגעקומען אַ ציוניסט״. וואָס עס האָט באמת געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק אויף די וויסנשאַפטלער, איז געווען דער גייסט פון פאָלק און דער אומגעהויערער חשק פון יידן צו לערנען. חיים פעקעריס האָט באַשלאָסן צוריקצוקערן זיך קיין רחובות אין אינסטיטוט אויף אַ פערמאַנענטן אופן און ברענגען מיט זיך נאָך אַנדערע. אַזוי האָט אויך געטאָן קורט שטערן, וועלכער איז ליידער געשטאָרבן פריצייטיק. אויך יונגע וויסנ־שאַפטלער פון אומעטום האָבן אָנגעהויבן אַריינשיקן ביטעס וועגן אָנשליסן זיך אין אינסטיטוט.

אַ געוויסע צייט פריִער, פאַר דער פייערונג פון לייגן דעם פונדאַמענט, האָב איך באַקומען אַן איינלאַדונג פון דוד בן־גוריון און איך בין געגאַנגען אים זען. „איך הער״ — האָט ער מיר געזאָגט — „אַז איר פּלאַנט אַ ווייצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות. לויט מיין מיינונג דאַרף דער אינסטיטוט זיין אין ירושלים, אויפן הר־הצופים. ירושלים וועט זיין די הויפּטשטאָט פון דער מדינה. דער העברעיִ־שער אוניווערסיטעט איז דאָרט, און אויך אונדזער וויסנשאַפטלעכער צענטער דאַרף זיך דאָרט געפינען״. בן־גוריונס אַרגומענט האָט מיך נישט איבערגעלאָזט אָן אַן איינדרוק, און איך האָב באַריכטעט ווייצמאַנען וועגן דעם געשפּרעך. זיין ענטפער צו מיר איז געווען פאָלגנדיקער: „ קודם־כל דאַרף מען נישט אַלץ, וואָס מען פאַרמאָגט, אַריינפּאַקן אין איין אָרט. צווייטנס, קאָנט איר קיין מאָל נישט וויסן, וואָס עס קאָן געשען אין דעם לאַנד. ירושלים קאָן איין טאָג אָפּגע־ריסן ווערן. דריטנס, דאַרפן מיר האָבן אַן אינסטיטוט נאָענט צום ים־ברעג. מיר האָבן אַן אוניווערסיטעט אין ירושלים, און עס זענען פאַראַן דאָרט וויסנשאַפט־לער. אָבער עס דאַרף נישט זיין קיין מאָנאָפּאָל אויף בילדונג אין דעם לאַנד. עס דאַרף זיין אַ פאַרטיילונג. מיר דאַרפן האָבן אַ פאַרשידנאַרטיקייט. „קנאת סופרים תרבה חכמה״ איז אַ קלוגע תלמודישע מימרה. איין טאָג וועלן מיר אויך האָבן אַן אוניווערסיטעט אין תל־אביב״. (אַ יאָר שפּעטער האָט ווייצמאַן אַוועק־געשטעלט די פראַגע וועגן אַן אוניווערסיטעט אין תל־אביב פאַר ד״ר ווערנער סענאַטאָר, אַדמיניסטראַטיוון לייטער פון העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים).

נאָך אַ לאַנגע צייט פריִער, איידער דער דאָזיקער פּלאַן איז דורכגעפירט געוואָרן, איז ווייצמאַנס פּאָרויסזאָגן וועגן העברעיִשן אוניווערסיטעט אויפן הר הצופים געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. צוויי יאָר שפּעטער איז ירושלים צעטיילט געוואָרן. פון הר הצופים, וואָס איז געבליבן אָפּגעריסן, איז געוואָרן אַ נוצלאָזער, אַרומגערינגלטער מיליטערישער פּונקט אויף צוואַנציק יאָר. אַלע וויסנשאַפטלער האָבן זיך געדאַרפט אַריבערקלייבן קיין רחובות אין די שווערסטע און געפער־לעכסטע באַדינגונגען. רחובות איז געוואָרן דער געבורטספּלאַץ און צענטער פון „חמד״, דעם וויסנשאַפטלעכן צווייג פון דער ישראל־אַרמיי.

וואָס רחובות האָט בייגעשטייערט פאַר ישראלס קריגס־אָנשטרענגונגען, איז אַן אַנדערע געשיכטע, אין וועלכער איך וויל דאָ נישט אַריינגיין. אָבער די

מערסטע פון די שווער־פאַרדינטע געלטער, וואָס מיר האָבן געזאַמלט, זענען באַנוצט געוואָרן פאַר די דאָזיקע אָנשטרענגונגען. איך געדענק ווי נאָך דער מלחמה בין איך געגאַנגען צו דוד בן־גוריון און אים געזאָגט: „לאָמיר מאַכן אַ חשבון. מיר ווילן האָבן אַ טייל פון די געלטער צוריק פאַר אונדזער אינסטי־טוט. נאָך אַלעמען זענען פאַקטיש אַלע אונדזערע געלטער אַוועקגעגאַנגען פאַר דעם". בן־גוריון האָט געענטפערט: „ווען די געשיכטע פון דער באַפרייונגס־מלחמה וועט געשריבן ווערן, וועט דער קומענדיקער היסטאָריקער באַשליסן, ווער וועמען עס האָט געראַטעוועט: רחובות — ישׂראל, צי ישׂראל — רחובות".

אויף דעם האָב איך געענטפערט:

„מר בן־גוריון, דאָס איז אַ ווונדערבאַרער עפּיגראַם. אָבער איך קאָן נישט בויען דעם אינסטיטוט אויף עפּיגראַמען".

איך האָב קיין מאָל נישט געזען קיין פּרוטה פון אונדזער מיליאָן. און איך האָב געמוזט אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי.

אָבער איך בין צו ווייט אַוועק מיט מיין געשיכטע.

אַ טייל געשיכטע־פאָרשער און אָבסערוואַטאָרן פון די געשעענישן אין יענע טעג דריקן אויס זייער מיינונג, אַז אין 1946 האָט ווייצמאַן געהאַלטן, אַז ער איז פּאָליטיש אויסגעשפּילט, און דעריבער — זאָל עס הייסן — האָט ער אַרויסגעקוקט אויף דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות, אַלס אַן אַנדער קוואַל פון אינספּיראַציע און אַנטוויקלונג. די קאַריערע פון ווייצמאַנען, דעם סטאַטס־מאַן, האָט זיך געענדיקט, האָט ער זיך צוריקגעצויגן אין זיין וועלט פון וויסנ־שאַפט. די דאָזיקע אָבסערוואַציע איז אויבערפלעכלעך, אויב נישט ביזווייליק. פאַר ווייצמאַנען זענען וויסנשאַפט און די אינסטיטוציע פון פּאָליטישער סוווע־רעניטעט געווען אַ צווילינג. ער האָט זיך נישט געקאָנט צוריקציִען אין דער וועלט פון וויסנשאַפט. ער האָט זי קיין מאָל נישט פאַרלאָזן. און פּאָליטיש האָט ער נאָך געהאַט צו מאַכן עטלעכע זייער גרויסע און זייער וויכטיקע ביישטייע־רונגען אין די קומענדיקע און לעצטע זעקס יאָר פון זיינע אַקטיוויטעטן.

דעם בעסטן סך־הכל פון דער לאַגע אין יענער תּקופה האָט ווייצמאַן אַליין געגעבן אין זיינע מעמואַרן, ווען ער דערמאָנט די פייערונג פון לייגן דעם פונדאַ־מענט פון ווייצמאַן־אינסטיטוט: „ס'איז נישט געווען דאָס מינדסטע אין דער צערעמאָניע פון זומער 1946, וואָס זאָל אונדז דערמאָנען אין דער פריִערדיקער צערעמאָניע, זומער 1918, ווען עס איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון העברעיִשן אוניווערסיטעט. אמת, מיר זענען נישט געווען אין מיטן פון אַן אַלגע־מיינער מלחמה און די יידישע נאַציאָנאַלע היים, וועלכער מיר האָבן געווידמעט די נייע אונטערנעמונג, האָט בעצם שוין עקזיסטירט. אָבער עס איז געווען אַ צייט פון שפּאַנונג און פון שוועריקייטן, ווען די מוחות אין ארץ־ישׂראל זענען געווען זייער ווייניק פאַרנומען מיט אַזאַ מין אַקטיוויטעטן. ס'איז געווען די צייט פון „טעראָר", און אַ צייט פון ביטערע פּאָליטישע אַנטוישונגען און פון דעם קאַמף, וואָס האָט זיך גיך אָנגערוקט. ווי דאָס לייגן דעם פונדאַמענט פאַרן העב־

רעדשן אוניווערסיטעט אויפן הר הצופים, אַזוי איז אויך די דאָזיקע צערעמאָניע געווען אַן אַקט פון גלויבן, און עס איז געווען אַ דויערנדיקער און כסדרדיקער אַקט פון גלויבן, כדי אָנגיין ווייטער מיט דער אַרבעט״.

דער טעראָר, וועלכער האָט אַרומגעכאַפּט ארץ־ישראל אַלס רעזולטאַט פון דער ענגלישער פּאָליטיק און פון דער צערודערונג און פאַרצווייפלונג פון דער שארית הפליטה פון אייראָפּעישן יידנטום, איז געקומען צו אַ קריטישן פּונקט אין יוני 1946.

טעאָרעטיש זענען געווען דריי אָרגאַניזאַציעס און אידעאָלאָגיעס, פון וועל־כע עס האָט זיך אויסגעפורעמט דער יידישער ווידערשטאַנד אין ארץ־ישראל: די „הגנה״, די גרעסטע פון די דריי, און די אָפיציעלע אָרגאַניזאַציע פון ווידער־שטאַנד, איז געווען פאַרנומען מיט דער „אומלעגאַלער״ עליה און מיט דערשטיקן די בריטישע אָנשטרענגונגען אָפּצושטעלן די עליה דורך צעשמעטערן ראַדאַר־סטאַציעס און בריקן. די אצ״ל (ארגון צבאי לאומי) האָט אָנגענומען ווי איר פּאָליטישע ליניע אַרויסצוטרייבן די ענגלענדער פון ארץ־ישראל דורך טעראָר. די „שטערן־גרופּע״ (לח״י) האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אינדיווידועלע טעראָר־אַקטן און אַטענטאַטן. טעאָרעטיש, און אין אַ סך פאַלן פּראַקטיש, זענען געווען שאַרפע אַנטאַגאָניזמען צווישן די דריי גרופּעס. און אַ שאַרפע און ליידנשאַפט־לעכע קאָנקורענץ, אַריינרעכענענדיק קעגנזייטיקע אַקטן פון פאַרראַט צו די ענג־לענדער, האָט צייטנווייז אַוועקגעשטעלט איין אָרגאַניזאַציע קעגן דער אַנדע־רער. אָבער עס זענען אויך געווען צייטן פון אַ באַהאַלטענער קאָאָפּעראַציע צווישן „הגנה״ און אצ״ל, און פון אָפּווישן די אונטערשידן אין די מעטאָדן פון קאַמף. דאָס אויפרייסן דעם דוד המלך־האָטעל אין ירושלים, ווו עס האָט זיך געפונען די בריטישע מיליטערישע הויפּטקוואַרטיר, איז געווען אַזאַ פאַל, הגם די צו פיל נוסחאות, וואָס מען דערציילט פון דער געשיכטע, מאַכן אוממעגלעך דער „אמת״ זאָל אַרויסקומען.

אין מיינע אייגענע געפילן וועגן באַנוצן געוואַלט האָב איך מיר נישט געקאָנט מאַכן קיין קלאָרע און באַשטימטע מיינונג פון דעם שטאַנדפּונקט פון יידישער מאָראַל האָב איך אָפּגעוואָרפן די טאַקטיק פון טעראָר. אָבער פּאָליטיש האָב איך געהאַט מיינע צווייפלען. איך האָב זיי אויסגעדריקט אין אַ בינטל נאָטיצן, וואָס איך האָב אָנגעוואָרפן אין 1946, און וועלכע איך האָב אָנגערופן: „מן הצד־געדאַנקען פון אַ צערודערטן ציוניסט״. אין איינער אַזאַ פאַרצייכענונג, למשל, האָב איך געשריבן:

„די וועלט זעט אויס צו האָבן אַ טאָפּלטע מאָס בנוגע אונדז און אונדזערע פּראָבלעמען. מיליאָנען מענטשן ווערן טראַנספּערירט אין אייראָפּע פון איין אָרט צום צווייטן, ווייל אָדער דאָס דינט פאַר אַ באַקוועמען צוועק, אָדער עפּעס אַ באַזונדערע אויסרעכענונג פאָדערט מען זאָל אַריבערפירן מאַסן מענטשן פון איין פּלאַץ אויפן צווייטן. אויב דער דאָזיקער פאָרשלאָג זאָל געמאַכט ווערן אין שייכות צו ארץ־ישראל, וואָלט ער אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקן שטורעם אין די קאַנצעלאַריעס פון דער וועלט: יידן זענען אַגרעסאָרן אַאז״וו — וואָלט מען געשריגן. פּאָליטישע געוואַלט־אַקטן אין אַנדערע טיילן וועלט — און עס זענען

דאָ אַזעלכע אַ סך — ווערן אָנגערופן: פּאַטריאָטיזם, ווידערשטאַנד, רעוואָלט, פּאַרטיזאַנער-קריג, מאַרקסיזם, דע גאָליזם, רעוואָלוציע. אין ארץ-ישראל ווערט דערפון אַ זייער פשוטע זאַך: טעראָר".

ווייטער האָב איך געשריבן:

„מיר זענען גאָרנישט שולדיק די גוים. מיר דאַרפן זיך פאַר זיי לחלוטין נישט אַנטשולדיקן. קיין שום זאַך, וואָס מיר קאָנען טאָן, וועט קיין מאָל זיי נישט רייניקן פון זייערע זינד. אָבער דאָס האָט נישט קיין שייכות צו אונדזערע מעשים. וואָס עס איז וויכטיקער, איז די פראַגע: וואָס מיינט עס און וואָס ברענגט עס אונדז? עס איז נאָענט צו אַ טייוולאַנישן ענין, פאַר זיך אַליין. און מיטן טייוול איז נישטאָ קיין פשרה. דאָס איז דער שורש פון אונדזער פעלערהאַפטער פּאָליטיק. מיר האָבן געמיינט, אַז דורך האַנדלען מיט אצ"ל און מיט דער שטערן-גרופּע וועלן מיר האָבן אויף זיי אַן איינפלוס, זיי זאָלן זיך אויספירן מער ראַציאָנעל. אָבער עס איז געשען דער היפּוך. מיר זענען באַפלעקט מיט דעם בלוט פון זייערע הענט. וואָס עס געשעט אין ארץ-ישראל, איז דער גרעסטער טריומף פון דער אַזוי-גערופענער קריסטלעכער ציוויליזאַציע. זי האָט באַוויזן אונדז אַראָפּצושלעפּן צו איר אייגענעם געפאַלענעם צושטאַנד. מען האָט אונדז געזאָגט, און אַ צאָל פון אונדז האָבן געגלויבט, אַז דאָס איז די איינציקע שפּראַך, וואָס די גוים וועלן פאַרשטיין. ס'קאָן זיין, אָבער נישט ווען דער, וועלכער רעדט אַזוי, איז אַ ייד".

און ווייטער:

„מיר האָבן מורא צו רעדן אָפענע דיבורים, ווייל דאָס קאָן פאַרשאַפן נחת דעם שונא. אָבער דער שונא איז צופרידן און שעפּט נחת פון אונדזערע פעלערן — נישט פון די פאַלן ווען מיר פירן זיך אויף מוסטערהאַפט. די בריטישע רעגירונג איז געווען שרעקלעך אַנטוישט, ווען עס איז נישט געקומען קיין ענטפעראַקט אויף זייער אַטאַקע קעגן דער יידישער אַגענטור. זיי האָבן אַרויסגעקוקט אויף דעם, ווי נאָך אַ תירוץ ממשיך צו זיין זייער צעשטערערישע אַרבעט. מען האָט כמעט געפילט אַן אויבערטאָן פון צופרידנקייט אין אַלע טענות, מיט וועלכע זיי האָבן זיך צעשריגן נאָך דער טראַגעדיע אין המלך דוד-האָטעל. וואָס פאַר אַ גוטע זאַך! ווען די מאַנדאַט-רעגירונג וואָלט אפשר ווייניקער געגאַרט, אַז די יידן זאָלן אַליין באַשמוצן זייער האַלטונג און דערנידעריקן זייער אייגענעם פּרעסטיזש, וואָלט די טראַגעדיע מעגלעך אויסגעמיטן געוואָרן. אויך אין דעם פאַל איז די „הגנה" פאַרפירט געוואָרן".

צוויי און צוואַנציק יאָר זענען פאַרביי און פאַקטיש האָט זיך גאָרנישט געענדערט, נישט אין דעם אופן ווי די וועלט באַציט זיך צו אונדז, און נישט אין מיין אייגענער צערודערונג און אומקלאָרקייט וועגן די ענינים. איך באַדויער נאָך אַלץ גוואַלדאַקטן, אַפילו ווען זיי ווערן באַגאַנגען דורך דער ישראל-אַרמיי. אָבער איך פאַראורטייל אַ סך מער די ציניש טאָפּלטע מאָס פון אַ וועלט, וואָס פאַרקוקט, ווען אַראַבישע טעראָריסטן שיסן אויף יידישע קיבוצים און לייגן אונטער מינעס אונטער אויטאָבוסן מיט שולקינדער און ווערט היסטעריש און פאָדערט סאַנקציעס, ווען ישראל ענטפערט אויף די גוואַלדאַקטן. די וועלט איז

גרייט צו זיין מיט אונדז, ווען מיר זענען דער אַנגעגריפענער און געליטענער צד. טויטע יידן זענען אַן אויסגעצייכנטע טעמע פאַר מאָראַלישע קריסטלעכע פּרע־דיקן. אָבער ווי איז צו דעם ייד, וועלכער זיגט! אַזאַ פאַרדרייטע קריסטלעכע טראַדיציע איז צו פיל און נישט צו פאַרליידן.

די פראַגע וועגן אַקטיוויזם און ווייצמאַנס שטעלונג צו דעם, איז געוואָרן איינע פון די הויפּטקאָרטן, וואָס זענען אויסגעשפּילט געוואָרן קעגן אים אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל סוף 1946, ווען ער האָט פאַרלאָזט די פּרעזי־דענטשאַפט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און האָט זיך קיין מאָל מער צו איר נישט צוריקגעקערט.

ס׳איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַ פּאָפּולערע לעגענדע, אַז ווייצמאַן איז געווען קעגן יעדן מין אַקטיוויזם. אַפילו מיין גוטער פריינד נחום גאָלדמאַן האָט אין זיין איבערזיכט, אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, וועגן דער לאַגע אין 1946 — און מיר דאַרפן געדענקען, אַז נחום גאָלדמאַן איז געווען אַ ווייצמאַניסט אין דעם בע־סערן טייל פון זיין פּאָליטישער קאַריערע — געשריבן: „ווייצמאַן האָט אַנט־שלאָסן אָפּגעוואָרפן יעדן טעראָריסטישן אָדער אַקטיוויסטישן ווידערשטאַנד, און האָט ווייטער געהאָפט אויף אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער בריטישער רעגירונג״. אַזוי ווי דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט, אַז מיין אייגענע אויטאָביאָגראַפיע ווערט געדרוקט שפּעטער, נאָך גאָלדמאַנס, האָב איך די מעגלעכקייט אָפּצולייקענען זיין דערקלערונג. דאָס איז די נישט פאַרויסגעזעענע מעלה פון אָפּשלעפּן מיט אַזאַ ליטעראַרישער אַרבעט, ווי פאַרעפנטלעכן זכרונות.

וועגן ווייצמאַנען האָט מען געזאָגט, אַז ער איז נישט בלויז געווען אַ פּאַצי־פיסט, נאָר אַז ער איז אויך געווען אַן „אַפּיזער״, אַ נאָכגעבער און פשרה־מאַכער. אָבער וואָס עס קאָן באמת געזאָגט ווערן וועגן ווייצמאַנען, איז — אַז ער איז געווען אַ סימבאָל פון בריטיש־יידישער קאָאָפּעראַציע, און אַז נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיין צוטרוי צו די ענגלענדער איז אין יענע יאָרן צוזאַמענגע־בראָכן געוואָרן, האָט דער סימבאָל ווייטער געלעבט. ווייצמאַן האָט תמיד גע־האָפט, אַז די יידישע נאַציאָנאַלע היים וועט אויפשטיין אויף אַ פרידלעכן אופן דורך גרינדן ישובים און בויען דאָס לאַנד, אונטער אַ מאַנדאַט־אַדמיניסטראַציע, וואָס וועט זיך באַציִען איידל און מאָראַליש. ער איז געווען גערעכט און אומגע־רעכט. ער איז געווען גערעכט בנוגע דעם, אַז קיין שום אַנטי־בריטישע פּראָ־טעסטן און פאַראורטיילן וועלן נישט שאַפן די יידישע מדינה, סיידן עס וועלן זיין יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים, שולן און פאַבריקן איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון ארץ־ישראל. ער איז געווען אומגערעכט מיט דעם, וואָס ער האָט געהאָפט אויף אַ גוטוויליקער בריטישער אינטערפּרעטאַציע פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. אָבער ער האָט אויך, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע — אויב נישט פיל מער פון זיי — זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן און גענויעם חשבון וועגן דער גרייס פון בריטישן פאַרראַט נאָך דער מלחמה. לגבי אים איז דאָס געווען נישט בלויז אַ פּאָליטישער פאַרראַט, נאָר אויך אַ פאַרראַט קעגן אים פּערזענלעך. דאָס, וואָס ער איז פאַרבליבן אַ סימבאָל פון דער פּאָליטיק, וועלכע ער אַליין האָט

סוף כל סוף אָפּגעוואָרפֿן, איז אַ היסטאָרישער פֿאַקט, און נישט ווייצמאַנס פּערזענ־לעכער אויסוואַל.

וואָס שייך ווייצמאַנס באַציִונג צום אַקטיוויזם, קאָן איך קאַטעגאָריש דער־קלערן, אַז ער האָט זיך קיין מאָל נישט אַנטקעגנגעשטעלט דעם יידישן ווידער־שטאַנד אין ארץ־ישראל. ער איז געווען קעגן די טעראָראַקטן, וואָס ער האָט באַטראַכט, אַז זיי זענען פֿרעמד דעם יידישן גייסט. ער האָט נישט געקאָנט באַ־גינסטיקן הריגות. אָבער ער האָט געשטיצט און נישט בלויז מיט ווערטער, די אומלעגאַלע עליה און די יידישע זעלבסטשוץ. ער האָט געשטיצט די „הגנה". ער האָט אָפּגעוואָרפֿן זייערע צייטווייליקע פֿאַרבינדונגען מיט אצ"ל. אין דעם זין האָט ווייצמאַן פֿאַרנומען די זעלבע פּאָזיציע, ווי די פֿירער פֿון ישוב, דוד בן־גוריונען אַריינגערעכנט.

אַזוי, למשל, איז געווען דער פֿאַל ווען בן־גוריון איז געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער לאָנדאָנער קאָנפֿערענץ אין 1945, אין אַ צייט, ווען אויך ווייצמאַן איז געווען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. איין טאָג האָט דוד בן־גוריון מיר טעלעפֿאָ־נירט דרינגנדיק. ער איז איינגעשטאַנען אין דעם האָטעל אויף 14 איסט 60סטע גאַס. די האָטעל־אייגנטימער זענען געווען מיינע פֿריינד, ראובן באַרנעט און זיין פֿרוי פֿאַני, וועלכע איז געווען מיין סעקרעטאַרין מיט יאָרן פֿריִער און איז דער־נאָך געווען ווייצמאַנס סעקרעטאַרין אין ניו־יאָרק. מיר פֿלעגן רופֿן דעם האָטעל „קיבוץ 14". איך האָב געפֿונען בן־גוריונען ליגנדיק אויסגעצויגן אויף אַ גרויס בעט, אַזוי ווי אַ פּאַשאַ. די באַגעגעניש, אין וועלכער נאָר מיר ביידע האָבן זיך באַטייליקט, האָט געדויערט אַרום דריי שעה. ער האָט מיר געגעבן אַ לאַנגן צעטל פֿון דעם, וואָס ער האָט פֿאַרלאַנגט פֿון מיר. דער תמצית דערפֿון איז געווען פֿאָל־גנדיקער: „קאָנט איר מיר געפֿינען דרייסיק יידן, וועלכע וועלן מיך פֿאָלגן בלינ־דערהייט; וואָס וועלן טאָן וואָס איך פֿאַרלאַנג פֿון זיי, נישט פֿרעגנדיק קיין קשיות?" און דאַן האָט ער אַנטוויקלט זיין שטאַנדפּונקט וועגן דעם קאַמף, וואָס וועט קומען אין ארץ־ישראל נאָך דער מלחמה; וועגן דער געפֿאַר, פֿאַר וועלכער דער ישוב וועט געשטעלט ווערן; וועגן דער נויטווענדיקייט צו מאָביליזירן געלט, וואָפֿן, מאַשינען, וויסנשאַפֿט, פּראָפֿעסיאָנאַלן אאַז"וו. איך בין געזעסן און האָב געהערט. ווען ער האָט געענדיקט, האָב איך געזאָגט: „בן־גוריון, איך וועל אייך געבן אַן ענטפֿער במשך פֿיר און צוואַנציק שעה".

„איך נעם אָן, אַז איר ווילט דיסקוטירן דעם ענין מיט אייער „באָס" — האָט בן־גוריון זיך אָנגערופֿן.

„ריכטיק" — איז געווען מיין ענטפֿער.

דעם זעלבן טאָג בין איך געקומען צו ווייצמאַנען און האָב אים דערציילט די געשיכטע. ווייצמאַן האָט אויפֿמערקזאַם אויסגעהערט, נישט זאָגנדיק קיין איין וואָרט. ערשט ווען איך האָב זיך אויפֿגעהויבן אַוועקצוגיין, האָט ער זיך אָנגע־רופֿן: „נו, לאָז זיך אַרומדרייען אַן איידעם אין שטוב". דאָס דאָזיקע יידישע פֿאָלקסווערטל באַציט זיך צו אַ מעשה מיט אַ ייד, וועלכער האָט אַרויסגעקוקט

אויף אַן אײדעם, נישט האָבנדיק קיין טאָכטער חתונה צו מאַכן. ווען אַ פֿרײַנד זײַנער האָט זיך שטאַרק געחידושט און אים געפֿרעגט: „וואָס דאַרפֿט איר האָבן אַן אײדעם, ווען איר האָט נישט קיין טאָכטער?" — האָט דער ייִד געענטפֿערט: „ווער ווייסט? עס קאָן אַ מאָל אַרויסקומען דערפֿון עפּעס גוטס". הערנדיק דאָס, האָב איך נישט געדאַרפֿט האָבן נאָך אַ וואָרט פֿון ווייצמאַנען. איך בין אַוועקגע־גאַנגען צו בן־גוריונען און האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל אים העלפֿן.

ווייצמאַן האָט זיך באַוויגן אין די העכסטע דיפּלאָמאַטישע קרײַזן אַלס דער פֿאָרשטייער פֿון ייִדישן פֿאָלק. זײַנע קאָנטאַקטן זענען געווען מיט פּרעזי־דענטן, פּרעמיערן און אויסערן־מיניסטאָרן. ער האָט נישט געקאָנט זיך דער־לויבן — פּאָליטיש רעדנדיק, נישט פּערזענלעך — צו זײַן אידענטיפֿיצירט מיט דעם באַוואָפֿנטן קאַמף. ער האָט געדאַרפֿט האַלטן פֿריי זײַנע הענט. זײַן פּאָלי־טיק איז שטענדיק געווען, אַז עס איז מער וויכטיק צו טאָן זאַכן, ווי צו רעדן וועגן זיי.

איך האָב דערפֿילט בן־גוריונס ביטע, דאָס הייסט: איך האָב זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט דעם מענטש, וועגן וועלכן איך האָב געטראַכט, אַז ער וועט אים קאָנען אַממייסטן העלפֿן אויף דעם געביט — מײַן אַלטער פֿרײַנד הענרי מאָנ־טאָר, וועלכער איז געווען אַ געניאַלער מענטש צו זאַמלען געלט און האָט גע־קענט יעדן איינעם, וועמען עס איז כדאי צו קענען. איך האָב אַ פֿאָרדאַכט, אַז בן־גוריון האָט גערעדט מיט מאָנטאָרן פֿריִער, און מאָנטאָר האָט אים געזאָגט, אַז ער זאָל רעדן מיט מיר. בכל אופן, מאָנטאָר האָט זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דעם פּראָיעקט מיט אַן אומגעהייערן חשק, איבערגעגעבנקייט, דיסקרעציע און — איך קאָן צוגעבן — מיט דערפֿאָלג. אַ „קלוב" פֿון דרייסיק ייִדן איז אָרגאַניזירט גע־וואָרן מחוץ פֿון יעדער אָפֿיציעלער ציוניסטישער ראַם. דאָס זענען געווען מענטשן, וועלכע זענען אין גאַנצן איבערגעגעבן צו ארץ־ישׂראל. און זיי זענען געווען גרייט צו טאָן שטילערהייט און מיט דער גרעסטער ענערגיע אַלץ, וואָס מען וועט פֿון זיי פֿאַרלאַנגען.

אין תּוך איז עס געווען אַ פּלאַן צו באַוואָפֿענען די אַרמיי אין ארץ־ישׂראל, וועלכע האָט זיך דאַן געהאַלטן אין שאַפֿן, און אויפֿשטעלן אַ באַזע פֿאַר אַ מילי־טערישער אינדוסטריע. הערי לעווין האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אונטערנעמונג. די דאָזיקע מענטשן און נאָך אַנדערע, וועמען זיי האָבן רעקרו־טירט, האָבן דורכגענישטערט גאַנץ אַמעריקע צו געפֿינען אַלט וואָפֿן, וואָס איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין ארץ־ישׂראל אין טיילן און אונטער פֿאַרשידענע קאַמופֿלאַזשן. זיי האָבן ריזיקירט מיט זייערע רעפּוטאַציעס, בכדי צו זען, אַז די דאָזיקע מאַטעריאַלן זאָלן פֿאַקטיש אָנקומען קיין ארץ־ישׂראל. און זיי האָבן דערבײַ זיך אַפֿילו נישט אָפּגעשטעלט פֿאַר דער געפֿאַר צו קריגן צוליב דעם טורמע־שטראָפֿן. אין אַ זייט פֿון דער דאָזיקער אונטערערדישער טעטיקייט האָט דער „קלוב" געשאַפֿן אַן עפֿנטלעכע אינסטיטוציע אונטערן פֿאָרזיץ פֿון רודאָלף סאָנענבאָרן, אַ מיטגליד פֿון אַן אַלטער און זייער אָנגעזעענער ציוניסטישער פֿאַמיליע. די דאָזיקע אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך גערופֿן „מאַטעריאַלן פֿאַר

ארץ־ישראל", האָט געשיקט מעדיצינישע מיטלען, שפּיטאָל־אינסטרומענטן און אַפּאַראַטן קיין ארץ־ישראל. די אינסטיטוציע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ צווייטן פריינד מיינעם, דזשוליוס יאַרכאָ, וועלכער איז יעדן איינעם געווען באַ־קאַנט אַלס „ראָסטי". וועגן מיין באַטייליקונג אין די דאָזיקע אונטערנעמונגען — וואָס איז געווען אַ היפּש־באַדייטנדיקע — וועל איך שרייבן באַזונדער. זי האָט געהאַט — ווען אַפילו שטילערהייט — די צושטימונג פון ווייצמאַנען.

אין פאַרבינדונג מיט דעם דערמאָן איך זיך וועגן אַן אינטערעסאַנטן אינצי־דענט, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט זומער 1946. אַ שיף מיט „אומלעגאַלע" עולים איז צוגעקומען צו די ברעגן פון ארץ־ישראל, פירנדיק טויזנטער פליטים פון די „די־פּי"־לאַגערן אין אייראָפּע. די שיף איז פאַרהאַלטן געוואָרן דורך די ענגלענ־דער. די טאַקטיק פון דער „הגנה" איז געווען צו ברענגען טויזנטער ארץ־ישראל־דיקע יידן צום ברעג און אויף די שיפן אין מיטן ים, בכדי צונויפצומישן זיי מיט די פליטים און טוישן זיך מיט די מלבושים, אַז די ענגלענדער זאָלן נישט קאָנען אונטערשיידן צווישן די נייגעקומענע און די ארץ־ישראלדיקע. פון דעסט וועגן זענען הונדערטער פליטים פאַרהאַלטן געוואָרן דורך די ענגלענדער און אָפּגעפירט געוואָרן אין אַרעסט, פון וואַנען זיי זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין די לאַגערן אויפן אינדזל ציפּערן. ווייצמאַן איז געגאַנגען זען די פאַרהאַלטענע עולים אין עתלית, מיין זון מענדי און איך זענען געווען צוזאַמען מיט אים.

מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין איינעם פון די באַראַקן, אַן אָרט, וווּ עס האָבן געקאָנט אויפגענומען ווערן צוויי הונדערט מאַן מאַקסימום. עטלעכע מינוט נאָך דעם ווי מיר זענען אַריינגעקומען, האָבן הונדערטער נאָך הונדערטער פאַר־האַלטענע עולים זיך דורכגעריסן דורך די שטעכיקע דראָטן־ און צעמענט־באַריערעס און האָבן זיך אַריינגעשטופּט אין דעם באַראַק. עס האָבן געמוזט זיין אַ טויזנט מענטשן, וועלכע האָבן איבערגעפּאַקט דעם באַראַק, האָבן זיך אָנגעע־האָנגען אין די זיילן, געשטעלט זיך ביי די ווענט איינער אויפן אַנדערן ווי מענטשלעכע פּיראַמידן. ווייצמאַן האָט גערעדט צו זיי, און זיי האָבן געענטפערט זינגענדיק "התקווה". איך גלייב נישט, אַז עמעצער פון אונדז זאָל האָבן געהערט אַזוי זינגען "התקווה", נישט קיין מאָל פריער און אויך נישט קיין מאָל שפּעטער. אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער גאַנצער עולם וויינט. ווייצמאַן גופא איז געווען דערשיטערט און צעבראָכן.

אויף אונדזער וועג צוריק קיין רחובות זענען מיר פאַרבייגעפאָרן אַ מאָדנע אינסטאַלאַציע אויף אַ בערגל ביי חיפה. חיים ווייצמאַן איז, ווי עס איז געווען זיין מנהג, געזעסן פאָרנט, נעבן איינעם פון די גאָר הויכע „שישקעס" אין דער „הגנה", יוסי האַמבורגער. ווייצמאַן האָט זיך אַ קער געטאָן צו יוסין און אים געפרעגט: „וואָס איז דאָס ?" יוסי האָט אים דערקלערט, אַז דאָס איז אַ ראַדאַר־טורעם, וואָס ווערט באַנוצט דורך די ענגלענדער צו דערשנאָפּן, ווען שיפן מיט אומלעגאַלע עולים דערנענטערן זיך צום ברעג. „פאַר וואָס רוימט איר עס נישט אַרונטער פון וועג ?" — האָט ווייצמאַן געפרעגט. „איז דאָס אַ באַפעל ?" — האָט

יוסי געפּרעגט. אויף דעם האָט ווייצמאַן געענטפערט: „איך גיב נישט קיין באַפעלן. איך בין נישט קיין מיליטערישער סטראַטעג. איך האָב בלויז געמאַכט אַ באַמערקונג".

צי יוסי האָט גענומען ערנסט די דאָזיקע באַמערקונג, צי נישט — קאָן איך נישט זאָגן. איך קאָן אַפילו נישט זאָגן, צי ער האָט געהאַט עפּעס צו טאָן מיט דעם, וואָס איז דערנאָך געשען. דער ראַדאַר־טורעם איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד דורך דער „הגנה".

דאָס איז נישט געווען טעראָריזם. דאָס איז געווען דער ווידערשטאַנד פון אַ קליין פאָלק, וואָס האָט געקעמפט קעגן אַן אימפּעריאַלער מאַכט, וואָס האָט געפּרוווט צעשטערן, אונטערגראָבן און צונישט־מאַכן אירע אייגענע צוזאָגן.

ווייצמאַן פלעגט זאָגן: „טוט מער און רעדט ווייניקער". ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס אומברענגען מענטשלעכע לעבנס. אָבער ער האָט פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט פון דער יידישער פאַרטיידיקונגס־אַקציע.

# 18. ווייצמאַן:
# שווערִיקייטן און נצחונות

דאָס יאָר, וואָס האָט געפירט צו דער רעזאָלוציע פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער וועגן דער טיילונג פון ארץ־ישראל — וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דעם 29־סטן נאָוועמבער 1947 — איז געווען איינס פון די פיבערהאַפטסטע אין מיין לעבן, ווען איך בין געווען פאַרנומען און פאַריאָגט טאָג און נאַכט. אין מיין לעבן האָב איך, אין אַלגעמיין, געהאַט זעלטן אַ שעה פון מנוחה. די פּראָבלעמען, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין דער דאָזיקער צייט פון עפּעס מער פון אַ יאָר, האָבן מיך אַריינגעשלעפּט אין אַ ים פון אַקטיוויטעטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די נאָכווייענישן פון ווייצמאַנס דעמיסיע אַלס פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע — אַלס „פּרעזידענט", אָבער נישט אַלס מנהיג, וואָס ער איז פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן. זיין רעזיגנאַציע פון דער פּרעזידענטשאַפט איז צונויפגעפאַלן מיט אַ גרויסן שפּרונג פאָרויס אין דער גרינדונג פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. עס איז אויך געווען דאָס יאָר, ווען ער האָט פאַרענדיקט דאָס שרייבן זיינע מעמואַרן.

אין די אַלע געשעענישן בין איך געווען אינטים אַריינגעמישט. איך האָב פאַרבראַכט מיין צייט, פאָרנדיק פון ניו־יאָרק קיין ארץ־ישראל, קיין פּאַריז, קיין לאָנדאָן — און צוריק און ווידער אַ מאָל קיין לאָנדאָן, ניו־יאָרק, ארץ־ישראל, פלאַשינג מעדאָו. אין צווישן האָב איך געטאָן פאַרשידענע זאַכן פאַר דעם „קלוב" פון די דרייסיק און פאַר דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז „געבוירן" געוואָרן פון דעם „קלוב" — „מאַטעריאַלן פאַר ארץ־ישראל". אין די ערשטע צייטן פון „מאַטעריאַלן פאַר ארץ־ישראל" האָב איך געהאַט אַ פּערמאַנענטע פאַרשטענדיקונג מיט מיין פריינד רודאָלף סאָנענבאָרן, אַז תמיד ווען איך בין אין אַ דאָנערשטיק אין ניו־יאָרק, וועל איך צו אים אַריינפאַלן און זאָגן אַ פּאָר ווערטער. ער האָט קיין מאָל נישט דורכגעלאָזט מיך פאַרצושטעלן, ווי דעם „פאָטער פון דער אידייע". ווען איך בין מיד געוואָרן פון דעם נאָמען „פאָטער", האָב איך אים געבעטן, אַז ער זאָל עס ענדערן אויף „זיידע". ער האָט מסכים געווען, און מיין נייער סטאַטוס שפּעטער איז שוין געווען פאַרבונדן מיט ווייניקער פאָרמעלע פליכטן.

מיינע אַקטיוויטעטן פאַר „מאַטעריאַלן פאַר ארץ־ישראל" זענען געווען ווייניקער פאָרמעל, לעבעדיקער און מער פאַרשידנאַרטיק. די „מאַטעריאַלן" זע־נען געווען מאַשינען, טיילן פון מאַשינען, איבערגעבליבענע קריגס־מאַטעריאַלן, אַלטע באַשעדיקטע עראָפּלאַנען און שיפן. זיי זענען געקומען נישט־דירעקט, זענען אָוועקגעשיקט געוואָרן קיין ארץ־ישראל נישט־דירעקט און זענען דאָן מיט נסים טראַנספּאָרטירט געוואָרן אַלס „כלים" פאַר דער אַרמיי, פלאָט און אוויאַציע־כוחות פון דער נאָך נישט געבוירענער מדינה. ווען דאָס דאָזיקע קאַ־פּיטל געשיכטע פון מדינת ישראל וועט געשריבן ווערן מיט אַלע פּרטים, וועלן די אַוואַנטורעס פון דזשיימס באָנד און אַלע אַנדערע דעטעקטיוו־מעשיות בטל ומבוטל ווערן אין פאַרגלייך מיט אונדזערע מעשים און איבערלעבונגען. דאָס דאָזיקע קאַפּיטל געשיכטע איז טיילווייז געשילדערט געוואָרן אין אַ בוך אונטערן נאָמען „דהי פלעדזש" פון לעאָנאַרד סלאַטער. דאָס דאָזיקע ווערק פאַרדינט געלויבט צו ווערן, אָבער עס הייבט נישט אָן צו דערציילן די גאַנצע געשיכטע.

איין טאָג, למשל, האָבן מיר אַריינגעקריגן צוויי עראָפּלאַנען. דאָס איז גע־ווען אַ גרויסע מציאה. מיר האָבן געהאַט פּרייוויליקע לופטפליִער, וועלכע זענען געווען גרייט אויפצוהייבן זיך מיט די עראָפּלאַנען לויט אַן אָפּגערעדטן סיגנאַל. ליידער האָט די אַמעריקאַנער מאַכט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן דעם סיגנאַל. די אָפיציעלע פּאָליטיק וועגן שיקן וואָפן קיין ארץ־ישראל איז געווען אַ שאַרפער „ניין".

אין לעצטן מאָמענט האָט מען גערופן מיך, און איך האָבן ריין־אינסטינקטיוו אַ טראַכט געטאָן וועגן הערבערט באַיאַרד סוואָופּ, וועלכער איז אין צוגאָב צו זיין פּאָזיציע אַלס אַ זייער אָנגעזעענער זשורנאַליסט, רעדאַקטאָר און מחבר, אויך געווען אַ כּוח, מיט וועמען מען האָט זיך גערעכנט אין דער דעמאָ־קראַטישער פּאַרטיי. ער האָט קיין מאָל נישט געהאַט צו טאָן מיטן ציוניזם, אָדער אַפילו מיט יידן. פּאַקטיש האָבן מיר אַלע געמיינט, אַז ער איז אַ גוי. עס זענען געווען קלאַנגען, אַז צוליב אומבאַקאַנטע טעמים האָט ער סימפּאַטיזירט מיט ארץ־ישראל, און אַז ער האָט צייטנווייז אונדז געהאָלפן נישט־אָפיציעל. איך בין געגאַנגען אים זען וועגן די עראָפּלאַנען, און איך האָב אים געזאָגט, אַז די לאַגע איז אַ פאַרצווייפלטע, ווי זי איז טאַקע געווען. דאָס זענען געווען די ערשטע עראָפּלאַנען, אויף וועלכע מיר האָבן אַרויפגעלייגט אונדזערע הענט. זיי האָבן געדאַרפט זיין דער אָנהייב פון די יידישע לופט־כוחות. פון זיי איז געווען אָפּהענ־גיק דער גורל פון דער יידישער לופטמאַכט. סוואָופּ האָט אַ נעם געטאָן דאָס טעלעפאָן־טרייבל, און דערנאָך איז געקומען אַ קורץ געשפּרעך.

„העלאָו דזשעק" (און אפשר איז עס געווען טאָם, אָדער ביל אָדער פּעטריק. ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט צו וועמען ער האָט טעלעפאָנירט) — „דאָס איז הערבערט. איר געדענקט, ווען איך בין געווען רעדאַקטאָר פון „וואָרלד", און די אירלענדער האָבן געקעמפט פאַר זייער פרייהייט. און איר האָט מיך געבעטן צו טאָן עפּעס פאַר אייך, און איך האָב געטאָן?"

דאָ איז געקומען אַ פויזע. און דערנאָך: „איצט וועל איך אייך בעטן צו טאָן עפּעס פאַר מ י י ן פּאָלק. איך וויל, אַז איר זאָלט געבן אַ באַפעל, אַז די צוויי עראָפּלאַנען זאָלן אָפּפליִען היינט נאָך מיטאָג. דאָס איז די איינציקע באַלוינונג, וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך פאַר מיין הילף פאַר דער אירלענדישער רעפּובליק".

מיט עטלעכע שעה שפּעטער זענען די עראָפּלאַנען אָפּגעפלויגן.

עס איז געווען אַן ענלעכער אינצידענט, וואָס האָט געהאַט צו טאָן נישט מיט עראָפּלאַנען נאָר מיט שיפן.

אין איינעם פון מיינע זעלטענע שבתים פון מנוחה איז מיין רו געשטערט געוואָרן דורכן אַריינקומען פון אַן אומדערוואַרטן גאַסט — אַ יונגער ייד, דעני שינד, איינער פון די ווונדערלעכסטע מענטשן, וועלכע זענען געווען אַריינגע־מישט אין דעם עסק און אין אַלע אַקטיוויטעטן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט דער אומלעגאַלער עליה קיין ארץ־ישראל. פּאַקטיש האָט ווייצמאַן די ער־שטע פינף הונדערט פונט געגעבן דעני שינדן נאָך דער מלחמה פאַר באַנייען די אומלעגאַלע עליה. צום אומגליק איז ער געשטאָרבן קורץ נאָך דער גרינדונג פון דער מדינה.

אַריינרייסנדיק זיך צו מיר אין יענעם שבת, האָט דעני שינד מיר געזאָגט קורץ און שאַרף: „מיר פאָרן צוזאַמען קיין ניו־אָרלעאַנס". דער ענין איז מיר אין אָנהייב נישט שטאַרק געפעלן. „ווען?" — האָב איך געפרעגט. „באַלד, גלייך" — האָט ער געענטפערט. ווען איך האָב אַן חשק איינגעפּאַקט מיין ציין־בערשטל, האָט ער מיר אויפגעקלערט דעם ציל פון אונדזער שליחות. דריי שיפן זענען געקויפט געוואָרן אין דרום־ און צענטראַל־אַמעריקאַנער לענדער און איבערגעבויט געוואָרן אין פילאַדעלפיע פאַר דער אומלעגאַלער עליה. אונטער עפּעס אַ דרוק פון די אַמעריקאַנער, אָדער ענגלענדער, אָדער איבער עפּעס אַ שאַנטאַזש — קיינער ווייסט נישט גענוי, וואָס דאָ איז געשען — האָט מען נישט דערלויבט, אַז די שיפן זאָלן קאָנען אַרויסרירן פון פילאַדעלפיע. דער, וועלכער האָט אונדז געקאָנט העלפן, איז געווען אַ ייד פון ניו־אָרלעאַנס מיטן נאָמען סעמיועל זעמוראַי. צופעליק האָב איך געקענט זעמוראַין — וואָס איז אין דער רגע נישט געווען קיין גרויסע זאַך פאַר אים, נאָר פאַר מיר. ער האָט אָנגעהויבן אין לעבן מיט פּעדלען מיט באַנאַנעס אויף אַ שטופּ־וועגעלע, און אין דעם מאָמענט פון דער דאָזיקער געשיכטע איז ער געווען דער פּרעזידענט פון „יוניי־טעד פרוט קאָמפּאַני", וואָס האָט פּאַקטיש פאַרמאָגט אַ העלפט פון צענטראַל־אַמעריקע. ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט אַלע חברהלייט פון צענטראַל־אַמע־ריקאַנער שיף־קאָמוניקאַציע, אַריינרעכענענדיק די „באָסעס" פון די דאָקס און די רעגירונגס־באַאַמטע, ביי וועלכע מען האָט געקאָנט פועלן זאַכן על מנת לקבל פּרס. עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז נישט קיין ענין, וואָס מען קאָן דער־ליידיקן דורכן טעלעפאָן פון ניו־יאָרק. האָבן מיר זיך אויפגעהויבן און אַוועק־געפאָרן.

דאָס איז געווען די שוידערלעכסטע און אומאָנגענעמסטע רייזע, וואָס איך האָב ווען־עס־איז געמאַכט. מיר זענען געזעסן די גאַנצע נאַכט אין אַן עראָפּלאַן און האָבן געפּרוּווט אויסטראַכטן, ווי אַזוי מיר זאָלן קאָנען כאַפּן דעם מענטש, ווייל עס איז געווען אין אַ זונטיק. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין ניו־אָרלעאַנס, האָבן מיר נישט געקאָנט קריגן קיין צימער אין אַ האָטעל, און מיר האָבן געמוזט פירן אונדזערע פאַרהאַנדלונגען פון אַ טעלעפאָן־ביידל. אין זעמוראַיס ווינונג האָט קיינער נישט געענטפערט. מיר האָבן געפּרוּווט אָנפרעגן ביי עטלעכע פון זיינע פריינד, אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט ווו ער פאַרברענגט דעם סוף־וואָך. מיר זענען געשטאַנען שעהן־לאַנג אין אַ פאַררויכערטער, שטיקנדיקער טעלעפאָן־בודקע, בעטנדיק די טעלעפאָניסטקע און די טעלעפאָן־סטאַציעס נישט אָפּצולאָזן דאָס אויסזוכן זעמוראַין. ענדלעך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז זעמוראַי געפינט זיך יאַן זיין היים, וווּהין ער פלעגט פאָרן אויף סוף־וואָך, זעכציק מייל פון ניו־אָרלעאַנס, אין אַ ווילע מיט אַ נישט־רעגיסטרירטן טעלעפאָן. דער הויפּט־אויפזעער פון די טעלעפאָנען, צו וועמען איך האָב זיך געווענדט, האָט מיר מיטגעטיילט, אַז עס איז פאַרבאָטן אַרויסצוגעבן דעם נומער פון דאָזיקן טעלעפאָן. איך האָב אים געזאָגט, אַז דאָס איז אַ פראַגע פון לעבן און טויט פאַר טויזנטער מענטשן. און איך האָב באַטאָנט: „גיט מיר נישט דעם נומער, אויב דאָס איז קעגן די פאָרשריפטן. איר קאָנט אים אַליין אָנטעלעפאָנירן און זאָגן, ווער עס שטייט און וואַרט אויף דער אַנדערער זייט פון דער ליניע. אויב ער וועט זיך אָפּזאָגן צו טעלעפאָנירן, וועט איר גאָרנישט האָבן פאַרלוירן. אויב ער וועט איינשטימען זאָל ער מיר טעלעפאָנירן דאָ, אין דעם ביידל״.

אין צען מינוט אַרום האָט דער טעלעפאָן געקלונגען. דאָס איז געווען זעמור־ראַי. און איך האָב איבערגעלעבט אַ מאָמענט פון עקסטאַז, וואָס מען פילט נאָך דער באַפרייונג פון אַ לאַנגער מאַטערניש און פּיין. דעני איז במשך דער צייט שוין געוואָרן אַזוי נערוועז און שוואַך, אַז איך האָב אים געמוזט אָנהאַלטן פאַר די הענט און פאַר די פיס, ווען מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין דעם אויטאָמאָביל, וואָס איך האָב געדונגען אויף זעמוראַיס פאַרלאַנג און אויף זיינע הוצאות.

איצט זענען מיר שוין געווען אויפן וועג. ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען נאָך דעם ווי מיר האָבן איבערגעלעבט דאָס פאָרן זעכציק מייל אין אַ שטיקנדי־קער פייכטקייט, צו וועלכער עס איז צוגעקומען אַ מבול, אַן ענלעכער צו דעם, וואָס האָט מיר אָנגעטאָן די גרויסע צרה אין סעפּטעמבער 1933 אין ניו־יאָרק, ווען איך האָב צוגעגרייט די ערשטע אויפפירונג פון „ראָמאַנס פון אַ פאָלק״.

זעמוראַי האָט אונדז אויסגעהערט. ער האָט אַ שנאָרך געטאָן עטלעכע מאָל און ענדלעך געזאָגט: „גיט דעם־און־דעם צען טויזנט דאָלאַר; דעם־און־דעם פינף טויזנט דאָלאַר״. און נאָך אַ קורצער פּויזע: „און דעם־און־דעם זיבן טויזנט דאָלאַר״. ער האָט אונדז דערקלערט: „ס'איז ווייניקער פון צען טויזנט דאָלאַר און מער פון פינף טויזנט. דאָס איז זיין פּלאַץ אין דער דאָזיקער חבריה״.

אין דריי אָדער פיר טעג אַרום זענען די שיפן אָפּגעשוווּמען קיין איטאַליע. איך דאַרף פאַרבייגייענדיק באַמערקן, אַז איינע פון די שיפן האָט מען שפּעטער

משנה שם געווען אויף „יציאת איירפּע 1947", אָדער ווי זי איז דערנאָך באַ־קאַנט געוואָרן אונטערן נאָמען „עקזאָדוס".

אַזעלכע זענען דעמאָלט געווען מיינע אַקטיוויטעטן אין מיין פרייער צייט. זיי האָבן זיך אַריינגעפּאַסט אין דער מחיצה פון מיינע אָפיציעלע אָפּעראַציעס, וועלכע האָבן — ווי איך האָב שוין דערמאָנט — מיך געהאַלטן כסדר אין באַוועגונג, סיי ביי דער זייט פון ווייצמאַנען, סיי אין זיינע שליחותן אין ניו־יאָרק, לאָנדאָן און ארץ־ישראל.

און איצט לאָמיר זיך צוריקקערן צו 1946. נאָכן פונאַנדערלאָזן די אַנגלאָ־אַמעריקאַנער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע — וועגן וועלכער איך האָב געשריבן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל — זענען געקומען די לאַנגע פאַרהאַנדלונגען אַרום דעם פאָרשלאָג וועגן די „לאָנדאָנער געשפּרעכן". די ענגלענדער האָבן די געשפּרעכן באַצייכנט טעאָרעטיש אַלס פּרווו צוזאַמענצוברענגען די יידן, די אַראַבער און די ענגלענדער, כדי צו קומען צו אַ הסכם וועגן וועלכער־עס־איז פאָרמולע. באמת איז עס געווען נישט מער ווי אַן אָפּשלעפּונגס־אָפּעראַציע. אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע האָט די פראַגע אַרויסגערופן אַ שאַרפן קריזיס. ווייצמאַן איז געווען פאַר באַטייליקן זיך אין די געשפּרעכן. דוד בן־גוריון איז אויך געווען דערפאַר, מיטן באַדינג, אַז דער פאָרשלאָג וועגן דער טיילונג פון ארץ־ישראל וועט זיין די הויפּטבאַזע פון דער דיסקוסיע. אבא הלל סילווער איז געווען קעגן ביידע שטאַנדפּונקט: ער איז געווען קעגן דער טיילונג פון ארץ־ישראל אַלס אַ לייזונג און האָט געשטיצט די פאָדערונג וועגן אַ יידישער מדינה אין גאַנץ ארץ־ישראל. „השומר הצעיר" איז געווען פאַר דער באַטייליקונג אין די געשפּרעכן, אָבער קעגן בן־גוריונס באַדינגונגען, ווייל זיי האָבן געוואָלט אַ בי־נאַציאָנאַלן שטאַט אין גאַנץ ארץ־ישראל.

דער ציוניסטישער קאָנגרעס, וואָס איז געווען באַשטימט אויף דעצעמבער 1946 אין באַזעל, האָט געדאַרפט באַשליסן וועגן דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ דורך דער שטעלונג צום „אַקטיוויזם". מיט אַנדערע ווערטער האָט דאָס געמיינט, אַז דער קאָנגרעס האָט געדאַרפט אָננעמען אַ באַשלוס: קעמפן, אָדער רעדן? די ציוניסטישע עקזעקוטיווע איז זיך צונויפגעקומען זומער אין פאַריז פאַר די צוגרייטונגען צום קאָנגרעס.

ווייצמאַן האָט נאָר־וואָס געהאַט דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע אויף די אויגן און האָט זיך אָפּגערוט אין ענגלאַנד אין דער היים פון וויקטאָר ראָטשילדן, אין דאָרף. ער האָט דעריבער נישט געקאָנט באַטייליקן זיך אין די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע און האָט באַשטימט מיך אַלס זיין פאָרשטייער. אַן אומגלויבלעכער שטראָם פון דעלעגאַציעס און יחידים האָט זיך געצויגן אַהין און צוריק צווישן טרינג (וויקטאָר ראָטשילדס היים אין דאָרף), לאָנדאָן און פאַריז. עס זענען געפאָרן אַהין און צוריק צו באַראָטן זיך מיטן שעף און צו נעמען זיינע אינ־סטרוקציעס און פאָרשלאָגן: נחום גאָלדמאַן, גאָלדע מאיר (אָדער מייערסאָן, ווי זי האָט זיך דעמאָלט גערופן), אליעזר קאַפּלאַן, דער קאַסירער פון דער יידישער

אַגענטור, בערל לאָקער און אומצאָליקע אַנדערע. ווען איך בין געקומען קיין טרינג, האָב איך געגומען אַ צימער אין אַ שכנותדיקן קליינעם גאַסטהויז. אָבער וויקטאָר ראָטשילד איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז איך זאָל וווינען ביי אים.

הגם איך האָב רעפּרעזענטירט ווייצמאַנען האָט מען אין פּאַריז ביי די זיצונ־גען מיר צוגעטיילט דעם סטאַטוס פון אַן אָבסערוואַטאָר, און אַלע מאָל ווען איך האָב זיך אויפגעשטעלט עפּעס צו זאָגן, איז עס געווען ווי עמעצער וואָלט געפּאָכעט מיט אַ רויטער פאָן בן־גוריונען פאַר די אויגן. אָבער איך בין נישט געווען זיין איינציקער קעגנער. אַ סך מיטגלידער פון זיין אייגענער פּאַרטיי האָבן אָנגענומען ווייצמאַנס שטאַנדפּונקט, און זיי זענען געווען אַ טייל פון די דעלעגאַציעס און יחידים, וועלכע זענען דורכגעפאָרן דעם ענגלישן קאַנאַל אהין און צוריק.

נישט געקוקט אויף דעם, האָבן בן־גוריון און אבא הלל סילווער זיך פאַר־איייניקט אויפן 22־סטן ציוניסטישן קאָנגרעס קעגן ווייצמאַנען און האָבן אים אַרויסגעזעצט פון פּרעזידענט־אַמט. דאָס איז געווען אַ מייסטערהאַפט שטיקל אַרבעט, ווייל סיי זיי האָבן אַרויסגעקראָגן ווייצמאַנען און סיי זיי האָבן באַשטע־טיקט, ווען אַפילו אומדירעקט, יעדע פּאָליטישע אידייע, וואָס ער פּאַרטיידיקט. ס'איז געווען כמעט ווי אַן איבערחזרונג פון 1931 — אַ שפּלדיקער מאַנעוור, נאָך וועלכן די, וועלכע האָבן אים דורכגעפירט, האָבן באַקומען אַ שטאַרקן שאָק פון זייער אייגן שטיקל אַרבעט, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן. אַזוי ווי דעמאָלט, איז ווייצמאַן איצט ווידער נישט דערוויילט געוואָרן — אָבער ער איז געבליבן דער אויסדערוויילטער פון זיין פאָלק.

ס'איז געווען אַ מאָדנע אַמביוואַלענץ, אַ געמיש פון ליבע און שנאה גלייכ־צייטיק, אין בן־גוריונס שטעלונג צו ווייצמאַנען אין יענע יאָרן. בן־גוריון האָט באַוווּנדערט ווייצמאַנען. ער האָט אים אַפילו ליב געהאַט. אָבער ער האָט געזען אין אים אַ שטערונג פאַר זיין אייגענעם גאַנג צו דער מאַכט. ווייניקער פון אַ חודש פאַר דער דערעפענונג פון קאָנגרעס, ווען די מאַשינעריע פטור צו ווערן פון ווייצמאַנען איז שוין געווען אין אַ גרויסער מאָס אויפגעבויט, האָט דוד בן־גוריון געשריבן צו ווייצמאַנען:

„וואָס עס זאָלן נישט זיין אייערע מיינונגען וועגן דעם אַלעם, בלייבט איר פאַר מיר דער אויסדערוויילטער פון דער יידישער געשיכטע, וועלכער רעפּרעזענ־טירט אומפאַרגלייכלעך די ליידן און דעם רום פון יידן. אומעטום, וווּהין איר זאָלט נישט גיין, וועט איר באַגלייט ווערן דורך דער ליבע און געטרייער אַכטונג פון מיר און פון מיינע קאָלעגן. מיר זענען דער דור, וועלכער איז געקומען נאָך אייך, און וועלכער איז אויסגעפּרוּווט געוואָרן, מעגלעך, דורך מער גרויזאַמע און גרעסערע ליידן און דעריבער זעען מיר צייטנווייז אַנדערש די ענינים. אָבער אין גרונט שעפּן מיר פון דעם זעלבן מקור פון אינספּיראַציע — פון דעם גוטן אויס־געפּרוּווטן רוסישן יידנטום — די אייגנשאַפטן פון אויסגעהאַלטנקייט, אויסדויער, גלויבן און אַנטשלאָסענעם שטרעבן, וואָס גיט זיך נישט אונטער קיין שום קעגנער אָדער שונא".

דער פאַקט, אַז די דאָזיקע ווערטער, וועגן וועלכע איך גלייב, אַז זיי האָבן אויסגעדריקט די געפילן פון אויפריכטיקער פאַרערונג, האָבן געקאָנט געשריבן ווערן מיט אײין האַנט, בעת די צווייטע האַנט האָט געגעבן דעם סיגנאַל פאַר אַן עקזעקוציע — קאָן דערקלערט ווערן נאָר מיט דעם נישט־קאָנטראָלירלעכן באַגער נאָך מאַכט, וואָס איך האָב געשילדערט אין אַ בריוו צו גרשון אַגראָנסקין, אין 1942: „עס איז געווען, ווי אַ התגלות וואָלט געקומען צו אים, אויפפאָדערנדיק אים אָנצוכאַפּן דעם גורל פאַר די צעפּ און מאַכן זיך אַליין פאַר דעם הערשער".

איך אַליין בין געקומען צו דעם קאָנגרעס — ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען — אַלס אַ דעלעגאַט פון מפא"י. אַ קורצע צייט פריִער, פאַר די וואַלן צום קאָנגרעס, איז ברוך צוקערמאַן, דער פירער פון די פועלי־ציון (מפא"י) אין אַמעריקע — מיין אַלטער פריינד פון דער דרוקעריי „גרעיזל פרעס" אין 1916 — געקומען צו מיר קיין ניו־יאָרק און געזאָגט: „הערט, מאיר, איר געהערט צו אונדז. איר וועט קויפן אַ שקל ביי אונדז, און מיר וועלן אייך שיקן אַלס דעלעגאַט". איך ווייס נישט, פאַר וואָס איך האָב נאָכגעגעבן, אָבער איך האָב עס געטאָן. זינט איך האָב מיט זעכצן יאָר פריִער פאַרלאָזן די אָרגאַניזאַציע, האָב איך געשוווירן, אַז איך וועל קיין מאָל זיך נישט אָנשליסן אין קיין שום ציוניסטישער פאַרטיי. און דאָ בין איך געווען מיט אַ מפא"י־קאַרטע אין מיין פאָרטפעל. איך בין פאַרבליבן אַ פול־באַרעכטיקטער מיטגליד פונקט דריי חדשים צייט. ביי דער ערשטער פאַרזאַמלונג פון דער מפא"י־פראַקציע אין באַזעל האָב איך איינגעזען, אַז די מאַנעווערירונגען פון דער פאַרטיי זענען אַזעלכע מיאוסע, אַז איך האָב צוריקגעגעבן מיין קאַרטע און האָב אויף מיין באַזונדערן אופן פון רעדן זיי געזאָגט, וואָס זיי קאָנען טאָן מיט איר.

און אַזוי בין איך אין מיטן פון דעם קריטישן קאָנגרעס אַריין אין אַ לאַגע פון אַ מענטש, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו שטימען. נחום גאָלדמאַן האָט מיך געראַטעוועט מיט אַ קאָמפּליצירט, אָבער לעגאַל מיטל. ער האָט געהאַט אין זיין קעשענע, ווי די שיריים פון פּראָפּאָרציאָנעלער רעפּרעזענטאַנץ, אַן אַכטל פון אַ דעלעגאַט פון אַרגענטינע, אַ פערטל פון בראַזיל, אַ זעכצנטל פון טשילע אאַז"וו. צוזאַמען האָבן זיבן דרום־אַמעריקאַנער לענדער, אַליין נישט ווויסנדיק, בייגעשטייערט איין קאָמפּלעטן דעלעגאַט. און איך בין געווען צוריקגעשטעלט אין מיינע רעכט, אָבער צו שטימען פריי, פאַר וועמען און ווי אַזוי איך וויל.

בן־גוריון האָט נישט געקאָנט האָפן צו געווינען דעם קאָנגרעס מיטן כוח פון זיין אייגענער פאַרטיי, די אַרבעטער־ציוניסטן. זיי זענען געווען צו שאַרף צעטיילט צווישן זיך אין די צוויי הויפּט־פראַגן: אין דער שטעלונג לגבי דעם אַקטיוויזם און וועגן דער באַטייליקונג אין דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ. אָבער ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן פאַרבינדעטן אין אבא הלל סילווער, וועלכער איז

פאַר קריגן די פירערשאַפט פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער באַוועגונג געווען גרייט צו ליפערן די שטימען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. עס איז געווען אַ „משא ומתן" צווישן אַרבעטערשאַפט און קאַפּיטאַל. די „הדסה"־אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע איז געווען גענוג שטאַרק, מיט איר גרויסער פרויען־דעלעגאַציע, בייצושטיין די פּרוּוון סיי פון לאָזן זיך פאַרפירן און סיי פון ווערן פאַרגוואַלדיקט. די רעליגיעזע דעלעגאַציע פון „מזרחי" איז, ווי תמיד, געווען גרייט צו פאַרקויפן אירע שטימען דעם, וועלכער וועט געבן דעם העכסטן פּרייז.

ס'איז קיין מאָל נישט געווען קיין באַזונדערע ליבע אין די באַציִונגען צווישן ווייצמאַנען און מזרחי, נישט דערפאַר, ווייל ווייצמאַן זאָל נישט האָבן געווען רעליגיעז. להיפוך — ער האָט געהאַט גרויס רעספּעקט פאַר אמתער פרומקייט. און אויב ער אַליין האָט נישט אָפּגעהיט בוכשטעבלעך אַלע מצוות, איז ער אָבער תמיד געווען געטריי זייער גייסט. אָבער ער האָט פיינט געהאַט יידישן קלעריקאַליזם. אין זיין אויטאָביאָגראַפיע האָט ער געגעבן אַן אויסדרוק פאַר זיין מורא, אַז די קומענדיקע מדינת ישראל וועט דאַרפן פירן אַ קאַמף קעגן די פּרוּוון פון רעליגיע צו קאָנטראָלירן די מיניסטעריומס פון דער מדינה. דעם 30־סטן נאָוועמבער 1947 (די דאַטע איז וויכטיק. די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער האָט מיט אַ טאָג פריִער אָנגענומען דעם באַשלוס וועגן דער טיילונג פון ארץ־ישראל אויף צוויי מדינות, אַ יידישער און אַן אַראַבישער), האָט ווייצמאַן געשריבן:

„איך האָב קיין מאָל זיך נישט געשראָקן פאַר באמת רעליגיעזע מענטשן. דער אויפריכטיקער רעליגיעזער ייד איז קיין מאָל נישט געווען פּאָליטיש אַגרעסיוו. להיפוך, ער זוכט נישט קיין מאַכט. ער איז באַשיידן און צוריקגעצויגן. עניוות איז געווען די גרויסע מעלה פון אונדזערע רבנים, צדיקים און גאונים אין די אַלטע צייטן. דער נייער פאַרוועלטלעכער טיפּ פון דעם ראַבאַי, וועלכער איז אַ ביסל ענלעך צו אַ מיטגליד פון אַ קלעריקאַלער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך אָדער בעלגיע — ער איז די געפאַר. ער רייסט זיך צו דער מאַכט דורך פאַראַדירן מיט זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען. ס'איז נוצלאָז אָנצוווייזן אַזעלכע מענטשן, אַז זיי זענען עובר אויף אַ פונדאַמענטאַלן פּרינציפּ, וואָס אונדזערע חכמים האָבן אויפגעשטעלט: „אַל תעשה עטרה להתגדל בה, ולא קרדום לחפור בה". עס וועט זיין אַ גרויסער קאַמף. איך זע פאָרויס עפּעס אַזעלכעס, וואָס וועט אפשר דערמאָנען אין דעם קולטורקאַמף אין דייטשלאַנד. אָבער מיר מוזן האָבן אַ קלאָרע גרענעץ־ליניע צווישן לעגיטימע רעליגיעזע אַספּיראַציעס און דער פליכט פון דער מדינה פאַר אָפּהיטן און באַפרידיקן די דאָזיקע אַספּיראַציעס, פון איין זייט, און פאַר אַנטקעגנשטעלן זיך, פון דער אַנדערער זייט, דעם דראַנג צו מאַכט, וואָס די פּסעוודאָ-רעליגיעזע גרופּעס ווייזן אַרויס פון צייט צו צייט".

דאָס זענען געווען נביאישע ווערטער. מדינת ישראל ליידט היינט־צו־טאָג נישט ווייניק פון דעם פאַקט, וואָס קיין שום רעגירונג קאָן נישט געשאַפן ווערן אָן דער באַטייליקונג פון די רעליגיעזע פּאַרטייען. און זיי פאָדערן אַ הויכן פּרייז.

דער ציוניסטישער קאָנגרעס גופא, אין דעצעמבער 1946, אין באַזעל, איז געווען אַ מעלאַנכאָלישע געשיכטע. פאַר מיר פּערזענלעך איז ער געווען נאָך מער מעלאַנכאָליש — מיין אַלטער פריינד יעקב פישמאַן, מיט וועמען איך בין צוזאַמען געפאָרן אויפן קאָנגרעס, איז פּלוצלינג געשטאָרבן. און איך האָב גע־דאַרפט זיך פאַרנעמען מיט דורכפירן די לוויה.

יעדער איינער האָט אויסגעזען צו זיין צערודערט און צעטומלט אויפן ציו־ניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, אין דעצעמבער 1946. אַ משונהדיקע אומהיימ־לעכע אַטמאָספער, וואָס איז פריִער אין גאַנצן פרעמד געווען דעם גייסט פון אַ ציוניסטישן קאָנגרעס, איז געהאָנגען אין דער שווערער לופט. אַנשטאָט דעם לעבהאַפטן, קרעפטיקן אַפילו שטורמישן גייסט, וואָס האָט תמיד געהערשט אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן, האָט דאָס מאָל אַראָפּגעגנידערט די שווערקייט פון אַ שרעקלעכער אַבידה, וועלכע האָט זיך גיך אָנגערוקט און עס איז געהאָנגען דער שאָטן פון דעם מוראדיקן חורבן פון אייראָפּעיִשן יידנטום. די דאָזיקע שווערע שטימונג האָט געלויערט אין די קאָרידאָרן און געהערשט אין זאַל ביי די זיצונגען. און ווי מען האָט געקאָנט פאָרויסזען, איז די איינציקע דערגרייכונג פון דעם קאָנגרעס געווען, וואָס עס איז נישט געוויילט געוואָרן קיין פרעזידענט. דאָס איז אַרויסגעקומען פון אַ געמיש פון דעמאַגאָגיע, פון פאַרפינצטערן די מוחות און פון אומנאַטירלעכע אַליאַנסן. עס האָט קוים געקאָנט זיין אַנדערש.

איך האָב שוין פריִער אָנגעוויזן, אַז ווייצמאַן האָט קיין מאָל נישט געזוכט קיין שטיצע אין פּאָליטישע אָפּמאַכן. אויב די באַוועגונג האָט אָקצעפּטירט זיין פּאָזיציע, האָט ער אָנגענומען דעם מאַנדאַט פון פירערשאַפט. אויב די באַוועגונג האָט אָפּגעוואָרפן זיין שטעלונג האָט ער זיך צוריקגעצויגן. ווען עס וואָלט דורכ־געפירט געוואָרן אַן אָפּשטימונג אויפן קאָנגרעס וועגן זיין פּרעזידענטשאַפט, איז נישט געווען קיין שום צווייפל, אַז ער וואלט געוויילט געוואָרן מיט אַ שטאַרק איבערוועגנדיקער מערהייט. אָבער ווייצמאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַזעלכע וואַלן אַלס אַ באַזונדערע פראַגע אויף דעם קאָנגרעס. ער האָט אָפּגעשאַצט זיין פּאָזיציע לויט דער אָפּשטימונג וועגן דער באַטייליקונג אין דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ. דער רעזולטאַט איז געווען 154 שטימען פאַר און 171 קעגן. די אַכט און צוואַנציק דעלעגאַטן פון „השומר הצעיר״, וועלכע זענען געווען באַגייס־טערטע פּראָ־ווייצמאַניסטן און שטאַרקע אָנהענגער פון באַטייליקן זיך אין דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ, האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט זיך שטעלן איז אַ לאַגע פון פאַרגוואַלדיקן זייער אידעאָלאָגישע „בתולהשאַפט״. אין פּרינציפּ זענען זיי געווען פאַר אַ בי־נאַציאָנאַלן שטאַט, און די „פיינקייט״ האָט זיי פאַרבאָטן מסכים צו זיין אויף אַ יידישער מדינה, אָדער אויף דער טיילונג פון ארץ־ישראל. דוד בן־גוריון, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין מערהייט אין זיין אייגענער פּאַרטיי, האָט דערגרייכט דערצו אויף אַן אומוועג, דורך דער שטותעריי פון „השומר הצעיר״ און דורך דער פּערזענלע־כער ערלעכקייט פון ווייצמאַנען.

נאָך דעם, ווי זיי האָבן באַוויזן אַראָפּצוזעצן ווייצמאַנען, האָט די ציוניס־טישע עקזעקוטיווע באַשלאָסן צו באַטייליקן זיך אין דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ דורך אַ הינטערטיר. פערצן פון ניינצן אויסגעוויילטע מיטגלידער פון דער עקזע־קוטיווע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער באַטייליקונג. אַלץ האָט זיך ווידער אַ מאָל איבערגעחזרט ווי אין 1931. ווייצמאַניזם אָן ווייצמאַנען. דאָס איז אחרי ככלות הכל געווען דער רעזולטאַט פון צוויי און צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

אויב איך האָב געשאַפן דעם איינדרוק, אַז אין די אַלע אַנטוויקלונגען איז ווייצמאַן געווען אַ שווייגנדיקער עדות, וועלכער זאָל מסכים זיין אויף אַלץ; וועלכער האָט נישט געוואָלט אָדער נישט געקאָנט לאָזן וויסן זיינע מיינונגען — מוז איך עס באַלד קאָרעגירן. ער האָט געשוויגן אין די קאָרידאָרן, אין די קולו־אַרן, און אויף די געשלאָסענע זיצונגען פון די באַזונדערע פּאַרטייען, אָבער אויף דער טריבונע פון קאָנגרעס איז ער געווען די מעכטיקסטע און רירנדיקסטע שטימע. עס איז נישט געווען קיין דונערנדיקע שטימע — ער איז קיין מאָל נישט געווען אַזאַ מין רעדנער. און איצט האָט זיין עלטער, זיין פּיזישע שוואַכ־קייט און דער עפעקט פון דעם, וואָס ער איז געווען האַלב־בלינד, עדות געזאָגט וועגן זיין אַמאָליקער גרויסקייט, ווען ער פלעגט זיך באַווייזן אויף דער קאָנג־רעס־טריבונע. אָבער וואָס ער האָט איצט געזאָגט, איז געווען באמת נביאיש. ער האָט געעצהט זיין פאָלק נישט אַריינצופאַלן אין פאַרצווייפלונג, באַזונדערס ווען דער יאוש האָט זיך אויסגעדריקט אין העלדישע זשעסטן און אין פאַר־צווייפלטע שמשון הגיבור־אַקטן פון אוניווערסאַלער צעשטערונג. ער האָט געזאָגט:

„איך וואָרן אייך קעגן פוסטע איינרעדענישן, קעגן קפיצת-הדרך, קעגן פאַלשע נביאים, קעגן לייכטע פאַראַלגעמיינערונגען, קעגן פאַרדרייען היסטאָרישע פאַקטן. אויב איר מיינט, אַז איר וועט דערנענטערן די גאולה דורך נישט-יידישע מעטאָדן; אויב איר האָט פאַרלאָרן אייער גלויבן אין שווערער אַרבעט און אין בעסערע טעג — דינט איר דער עבודה זרה, און איר שטעלט אין סכנה דאָס, וואָס מיר האָבן געבויט. הלוואי וואָלט איך געהאַט די פלאַמיקע צונג און דעם כוח פון די נביאים אייך צו וואָרענען קעגן די וועגן פון בבל און פון מצרים! ציון במשפט תפּדה — און נישט דורך אַנדערע מיטלען. מצדה מיט איר גאַנצן הערא־יזם איז געווען אַ קאַטאַסטראָפע אין אונדזער געשיכטע. עס איז נישט אונדזער ציל, און מיר האָבן נישט דאָס רעכט אַריינצוּוואַרפן זיך אין חורוב מאַכן, בכדי איבערצו-לאָזן פאַר די קומענדיקע דורות אַ לעגענדע פון מאַרטירערטום. ציוניזם האָט געדאַרפט מאַכן אַ סוף צו אונדזער גלאָררייכן שטאַרבן און אָנהויבן אַ נייעם וועג, וואָס פירט צום לעבן. קעגן דעם הערא־יזם פון זעלבסטמערדערישע געוואַלד-אַקטן רוף איך אייך צו האָבן דעם מוט צו אויסדרויער און צום הערא־יזם פון מענטשלעכער איינגעהאַלטנקייט און באַהערשן זיך".

ווען אַן אַמעריקאַנער ציוניסטישער פירער האָט גערופן די יידן אין ארץ־ישראל אַרויסצוגיין אין אַן אויפשטאַנד קעגן די ענגלענדער, און ער האָט צוגע־זאָגט, אַז די אַמעריקאַנער יידן וועלן געבן דערפאַר די „פולע פּאָליטישע און

מאָראַלישע שטיצע", האָט חיים ווייצמאַן אַן אויפגעבראַכטער אויסגעשריגן צוריק: „מאָראַלישע און פּאָליטישע שטיצע איז זייער ווייניק, ווען איר שיקט אַנדערע מענטשן אויף די באַריקאַדן צו שטיין קעגן ביקסן און טאַנקן. די עלף נייע ישובים אין נגב האָבן, לויט מיין טיפסטער איבערצייגונג, אַ פיל גרעסערע באַדייטונג, ווי אַ הונדערט רעדעס ווענן ווידערשטאַנד — באַזונדערס ווען די רעדעס ווערן געהאַלטן אין ניו־יאָרק, בעת דער אויפשטאַנד דאַרף געמאַכט ווערן אין תל־אביב און ירושלים".

דער קאָנגרעס האָט זיך צוגעהערט צו ווייצמאַנען מיט דרך־ארץ. אָבער דרך־ארץ האָט געמיינט זייער ווייניק אַנטקעגן דער פּאַרטייאישקייט און קעגן דעם האַלטן זיך בקוצו של יוד ביי די פּאַרטיי־אידעאָלאָגיעס. דער פּאַקט, אַז דער קאָנגרעס האָט נישט אויסגעוויילט קיין פּרעזידענט, איז געווען אַן אייגנאַרטי־קער אויסדרוק פון אַנערקענונג פאַר ווייצמאַנען. עס איז פשוט נישט געווען קיין אַנדערער קאַנדידאַט. דאָס האָט מיך דערמאָנט אין 1931, נאָכן אַראָפּזעצן ווייצ־מאַנען האָט דער קאָנגרעס זיך דעמאָלט פאַרוויקלט אין אַ דעבאַטע ווענן דעם אויסוואַל פון אַ נייעם פּרעזידענט. דער איינציקער קאַנדידאַט, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט, איז געווען נחום סאָקאָלאָוו, וועלכער איז שטענדיק געווען נאָענט פאַרבונדן מיט ווייצמאַנען און מיט ווייצמאַנס פּאָליטישער ליניע. סאָקאָלאָוו איז געווען אַ גרויסער למדן, אַן אינטעלעקטואַל פון דער אַלטער גוואַרדיע, אָן ספק דער אַממייסטן געלערנטער מאַן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. אָבער עס האָט אים געפעלט פייער, ענטוזיאַזם. אין משך פון אַ זיצונג פון פּערמאַנענץ־אויסשוס, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט, האָט איינער אַ ווויצלער, אויפגע־הויבן די האַנט: „איך וויל נאָמינירן אַ מאַן, פון אַ הויכער מדרגה, וואָס האָט וויזיע". אין זאַל איז געוואָרן טויטשטיל פון גרויס דערוואַרטונג. „איך שלאָג פאַר טעאָדאָר הערצלען" — האָט ער ווייטער געזאָגט. אַלע האָבן גענומען שרייען: „אַ חילול השם! הערצל איז טויט". דער מאַן, וועלכער האָט געמאַכט דעם פאָרשלאָג, האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען: „טאָקע טויט, אָבער לכל הפחות אַ גרויסער מענטש". נאָך פיר יאָר איז ווייצמאַן דעמאָלט צוריקגעבראַכט געוואָרן צו דער פּרעזידענטשאַפט.

אין 1946 איז אַפילו קיין סאָקאָלאָוו נישט געווען בנמצא. און געטריי זייערע איבערצייגונגען און אינסטינקטן, האָבן זיי זיך געווענדט צו ווייצמאַנען, דעם אַראָפּגעזעצטן פּרעזידענט, אין די שטורמישע חדשים, וואָס האָבן געפירט צו דער טיילונגס־רעזאָלוציע פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעל־קער און סוף כל סוף צו דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל. נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל האָט מען זיך געווענדט צו ווייצמאַנען, ער זאָל אַרויסטרעטן פאַר דעם ראַט פון די יונייטעד ניישאָנס, און ער זאָל רעדן מיט די העכסטע פאַר־שטייער פון די רעגירונגען. און הגם ער איז געווען פאַרמאַטערט, שוואַך און האַלב בלינד, האָט ער קיין מאָל נישט אָפּגעזאָגט.

ווען איך בין צוריקגעקומען פון קאָנגרעס קיין ניו־יאָרק, אָנהייב 1947, בין איך פערזענלעך געשטעלט געוואָרן אין אַ מאָדנער פּאָזיציע. איך בין נאָך אַלץ

געווען דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער יידישער אַגענטור אין ניו־יאָרק — אָדער דער גענעראַל־דירעקטאָר. אָבער ווייצמאַן, מיין שעף, איז געווען אויס באַלעבאָס און אבא הלל סילווער האָט געפירט די מערכה. און וועגן אים האָב איך שוין געזאָגט גענוג, בכדי צו שילדערן ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען אונ־דזערע באַציִונגען. איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק מיט דער כוונה צו פאַרלאָזן דעם אַמט. אָבער מיינע פריינד, באַזונדערס מאָריס בוקשטיין און גאָטליב האַמער, האָבן מיך אויפגעפאָדערט נישט צו האַנדלען איבערגעאיילט.

די אויסטערלישקייט פון מיין פאָזיציע איז באַשטאַנען אין אָט וואָס: די ביוראָס פון ווייצמאַן־אינסטיטוט האָבן פאַרנומען דאָס גרעסטע אָרט אין דער געביידע פון דער יידישער אַגענטור. און איך האָב זיך געפונען אין דעם אַגענ־טור־בנין, וואָס איך האָב געהאָלפן פינאַנסירן, אַז מען זאָל אים אָפּקויפן. איך האָב דאָס געטאָן אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר סיי פון דער יידישער אַגענטור און סיי פון ווייצמאַן ־ אינסטיטוט. איך האָב געהאַט אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט אויף דריי יאָר צו דינגען די ביוראָס פון ווייצמאַן־אינסטיטוט אין דעם אַגענ־טור־בנין. איך בין נישט געווען שטאַרק להוט צו בלייבן אין דער דאָזיקער געביידע. אָבער איך האָב געוואָלט אַרויסגיין אויף אַ שיינעם אופן, מיט אַן איידעלער באַציִונג צו מיר.

איין טאָג, ווען סילווער איז אַריינגעקומען און האָט מיך דערזען, האָט ער צוגערופן אַרטור לוריען, וועלכער איז געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער יידישער אַגענטור און האָט אים געפרעגט: „וואָס, צום טייוול, טוט דער דאָזי־קער מענטש דאָ?״ לוריע האָט אים געענטפערט: „ער איז דער אייגנטימער פון דער געביידע״. עס איז געווען בלויז אַ קליינע גוזמא. אָבער סילווערס מענה־לשון האָט אַרויסגערופן אין מיר דעם ערשטן גוטן געלעכטער אין יענער פריק־רער צייט.

איך האָב געשריבן ווייצמאַנען מיין מיינונג וועגן דער פולשטענדיקער צע־רודערונג אין דער ציוניסטישער פירערשאַפט נאָכן קאָנגרעס. און איך האָב צוגעגעבן, אַז עס ווייזט אויס, אַז עס איז פאַראַן בלויז איין פונקט, וועגן וועלכן די אַמעריקאַנער פירערשאַפט זעט אויס צו זיין איינשטימיק — אַז איך דאַרף אַרויסגיין פון דער געביידע. „נעכטן״ — האָב איך געשריבן — „זענען זיי שטאַרק צוגעשטאַנען צו מיר וועגן דעם און וועגן זייער לעצטער אַרגומענט איז גע־ווען: „איז עס נישט אומבאַקוועם פאַר אייך צו בלייבן אין דער געביידע?״ מיין ענטפער איז געווען: „ס׳הייבט זיך נישט אָן. איך בין קיין מאָל נישט געווען פאַן־בראַט מיט די באַלעבאַטים פון הייזער, ווו איך האָב געוווינט. פאַר וואָס זאָל דאָ זיין אַנדערש?״

אָבער אין גיכן האָב איך געפונען אַ נייע דירה פאַר די ביוראָס פון ווייצמאַן־אינסטיטוט.

דעם ווינטער פון 1947 בין איך געווען פאַרנומען מיט איינמאָנען געלטער, וואָס זענען צוגעזאָגט געוואָרן פאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט. די הויפּט־געביידע אין

רחובות האָט שוין געהאַלטן ביים אויפגעבויט ווערן. אָבער ווילנדיק נישט ווילנ־דיק בין איך נאָך אַלץ געווען אַריינגעטאָן אין סאַמע ברען פון די פּאָליטישע פּראָבלעמען.

נאָכן דורכפאַל פון דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ האָט בעווין איבערגעגעבן דאָס ארץ־ישראל־פּראָבלעם דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער. דער נייער פּרצוף פון דער ציוניסטישער פירערשאַפט איז נישט וואָרעם אויפ־גענומען געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער רעגירונג. די פירער פון דער אַמערי־קאַנער רעגירונג האָבן זיך באַציִען מיט ווייניק אינטערעס און סימפּאַטיע צו הלל סילווערן אָדער צו דוד בן־גוריון. ביידע זענען באַטראַכט געוואָרן פאַר מענטשן, מיט וועלכע עס איז שווער צו האַנדלען. אויך זענען אַמעריקאַנער יידן געווען ווייט פון צו זיין איינשטימיק אין זייערע מיינונגען וועגן דער נייער ציו־ניסטישער פירערשאַפט.

אין דער יידישער און אין דער ענגליש־יידישער פּרעסע איז ווייטער אָנגע־גאַנגען אַ שאַרפע דיסקוסיע וועגן די קאַמפן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויפן קאָנגרעס. אַ טייל פון דער ציוניסטישער פּרעסע איז געווען ביטער אַנטי־ווייצ־מאַן. די דאָזיקע צייטונגען האָבן אַרויפגעוואָרפן אויף אים די גאַנצע שולד פאַר דער לאַגע אָן אַן אויסוועג, אין וועלכער מען איז אַריינגעפאַלן אין די ציוניס־טישע ענינים. די אָנפאַלן אויף ווייצמאַנען זענען געווען אַזעלכע שאַרפע, ווי קיין מאָל נישט פריִער. רוזיקע עצות זענען באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פּאַראַט. ווען איינער פון אונדז האָט געפּרוווט אַריינוואַרפן אַ וואָרט פון שכל הישר און וואָ־רענונג, האָט מען אונדז באַגריסט מיט לאַנגע רעדעס, וועלכע וואָלטן געווען אַ באַליידיקונג — דאָס ווינציקסטע וואָס מען קאָן וועגן דעם זאָגן — ווען זיי וואָלטן נישט געווען זינלאָז. מיר אַליין האָט מען געגעבן אַ שאַרפע „וואָרענונג", אָנרופנדיק מיך ביים נאָמען, אין אַזאַ „מייסטערווערק" פון אַנגלאָ־אַמעריקאַנער זשורנאַליזם:

„דער פּראָפּאַגאַנדע-שעף איז נישט אַנאָנים. מאיר וו. ווייסגאַל איז נישט אומבאַקאַנט אין אַ סך ציוניסטישע קרייזן. די געוואַלדן וועלן ווייטער אָנהאַלטן און וועלן נאָך פאַרשטאַרקט ווערן דורך דער געוויינלעכער טעכניק פון אַ פּרעסע-אַגענט. צי ראָבערט וועלטש איז אַ לכתחילה באַשטעלטער, אָדער אַ צופעליקער מיטאַרבעטער אין דער נייער קאַמפּאַניע, ווייס איך נישט. אָבער ער פּאַסט זיך אַריין אויסגעצייכנט מיט זיין פאַרגעטערונג פון דעם גרויסן ווייצמאַן, וועלכער האָט „דורכגעפירט די ציוניסטישע שיף דורך די שטורמישע ימים פון פּאָליטישער רעאַליטעט". אַמעריקאַנער יידן זענען שוין איבערגעזעטיקט מיט דער פּאָליטיק פון פּשרה-מאַכעריי, וואַקלענישן און פון דער כסדרדיקער פאַרערגערונג פון דער ציו-ניסטישער פּאָזיציע. מר. ווייסגאַל! הערט אויף אַרויסצורופן רייסערייען. הערט אויף צו מאַכן פון אונדזערע פריינד אַנטי-ציוניסטן, און גייט צוריק צו אייער „באָס". דאָס איז נישט 1921. מיר וועלן נישט מאַכן צוויי מאָל דעם זעלבן פעלער".

ס'איז געווען אַ משונהדיקע זאַך, וואָס זיי האָבן געדאַרפט צוריקקריכן אַזש ביז 1921, בכדי צו געפינען אַ פּאַראַלעל. דער „פעלער" פון ווייצמאַנס פירער־שאַפט אין די זעקס און צוואַנציק יאָר איז באַשטאַנען אין דערפירן די יידישע

מדינה צו סוווערעניטעט פונקט אַ יאָר שפּעטער; די לאַנגזאַמע אויסלייזונג פון לאַנד מיט אַזוי פיל פּיין און עגמת־נפש; דאָס שאַפן אַ נאַציאָנאַלע עקאָנאָמיע און פּאָליטישע אינסטיטוציעס, ווי קרן היסוד און די יידישע אַגענטור; דער אָרגאַ־נישער וווּקס פון דעם ישוב אין ארץ־ישראל — דאָס אַלץ האָט נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג אין ראַבאַי סילווערס חשבון. ווייצמאַן און ווייצמאַניזם זענען דורכגעפאַלן, ווייל אין מערץ 1947 איז מדינת ישראל נאָך נישט געהאַט פּראָקלאַמירט געוואָרן. אַז זי האָט פאַקטיש שוין עקזיסטירט — דאָס האָט זיך נישט גערעכנט.

איך האָב געשריבן ווייצמאַנען: „אויפריכטיק גערעדט, וואָלט איך איצט נישט געוואָלט זיין אַריינגעמישט אין די ענינים פון אינסטיטוט. איך וואָלט אַרויס אין אַ קאַמף קעגן די שרצים, אַז זיי וואָלטן עס געדענקט אויף זייער גאַנץ לעבן". זיין ענטפער איז געווען אַ כאַראַקטעריסטיש ווייצמאַנישער: „איך קען זען, אַז עס רעדט פון אייך אַרויס דער מלחמה־קעמפער. אָבער גלייבט מיר, אַז דאָס וואָס איר טוט, איז אַ סך מער אַ קאָנסטרוקטיווע אַרבעט, ווי יעדער קאַמף, וועלכן איר וואָלט געפירט קעגן די ווינטמילן פון קליוולאַנד און פון וועלכן־עס־איז אַנדערן פּלאַץ".

דעם 15־טן מאַי 1947 האָט די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער געשאַפן די ספּעציעלע קאָמיסיע פאַר ארץ־ישראל „אונסקאָפּ", וועלכע האָט געדאַרפט ברענגען אירע רעקאָמענדאַציעס צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער אונ"אָ אין האַרבסט. אין יוני בין איך אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל אויף דער ביטע פון ווייצמאַנען, אין פאַרבינדונג מיטן אינסטיטוט און מיט זיין אַרויס־טריט פאַר דער אונ"אָ־קאָמיסיע.

לאָמיר נאָך אַ מאָל דערמאָנען, אַז ווייצמאַן האָט דאַן נישט געהאַט קיין שום אָפיציעלע פּאָזיציע אין דער באַוועגונג. ער האָט זיך „צוריקגעצויגן" קיין רחובות צו ווידמען זיך דעם וויסנשאַפטלעכן צענטער, וועלכער האָט אָנגעהויבן עקזיסטירן און וואַקסן. אויף זיין אָרט זענען אויף דער פּאָליטישער אַרענע גע־קומען מענטשן, וועלכע האָבן געהאַלטן זייערע פינגער אויף דעם פּולס פון די געשעענישן. וואָס האָט ווייצמאַן געהאַט צו טאָן מיט דער אונ"אָ־קאָמיסיע? נאָר פאָרשטייער פון אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפטן זענען איינגעלאַדן געוואָרן צו רעדן פאַר דעם פעלקער־טריבונאַל. אָבער ווייצמאַן איז איינגעלאַדן געוואָרן, ווייל מען האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז זיין שטימע זאָל נישט גע־הערט ווערן. די עקזעקוטיווע פון דער יידישער אַגענטור איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז ער זאָל אַרויסטרעטן פאַר דער קאָמיסיע. נאָך מער, זיי זענען באַשטאַ־נען אויף דעם, אַז ער זאָל נישט־פאָרמעל זיך באַגעגענען מיט אַלע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע. זיי האָבן געוווּסט זייער גוט, אַז צי ווייצמאַן איז פּרעזידענט אָדער נישט, איז זיין שטימע די שטימע פון יידישן פאָלק.

אין משך פון עטלעכע טעג האָט אַ מוח־טרעסט געאַרבעט מיט ווייצמאַנען וועגן דעם טעקסט פון זיין רעדע. דער מוח־טרעסט איז באַשטאַנען פון גרשון

אַגראַנסקין, אבא אבן, וואַלטער איתן (שפּעטער אַמבאַסאַדאָר אין פֿראַנקרייך), מרדכי קידרון (דערנאָך ישׂראל־פּאָרשטייער אין אונ״אָ) און פֿון מיר. ווייצמאַן פֿלעגט אַרויסברענגען אידייען, און מיר האָבן פֿון זיי פֿאָרמולירט פּאַראַגראַפֿן פֿון דער רעדע. אבא אבן האָט געזאָרגט וועגן סטיל. ווייצמאַן פֿלעגט איבערקוקן דעם טעקסט, קאָרעגירן, צוגעבן, אַראָפּנעמען. ווען דער טעקסט איז געווען פֿאַר־ענדיקט, האָבן מיר געהאַט אָפּגעטאָן בלויז אַ האַלבע אַרבעט. וואָס עס איז נאָך פֿאַרבליבן צו טאָן, איז געווען צו זאָרגן דערפֿאַר, אַז דער טעקסט זאָל געדרוקט ווערן מיט זייער גרויסע אותיות פֿאַר ווייצמאַנס שוואַכע אויגן. מיר האָבן דאָס געטאָן אין דער דרוקעריי פֿון „דזשערוזעלעם פּאָוסט״. אין די לעצטע טעג זענען מיר אַלע געווען „איינגעפּעקלט״ אין האָטעל „עדן״ אין ירושלים. איינער פֿון אונדז איז געלאָפֿן אין דער דרוקעריי אַהין און צוריק. די מלאכה פֿון לויפֿן האָט געטאָן אַממערסטן מרדכי קידרון.

פֿיר אַזייגער פֿאַר טאָג, אין דעם זעלבן טאָג, ווען ווייצמאַן האָט געדאַרפֿט אַרויסטרעטן פֿאַר דער קאָמיסיע, האָבן מיר באַקומען די לעצטע זייט פֿון דער רעדע. מיר האָבן קאָנטראָלירט די זייט, געכאַפּט אַ שלאָף אויף אַ דריי שעה, און זענען דערנאָך אַוועקגעגאַנגען צו די פֿאַרהערן פֿון דער קאָמיסיע. וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין קעלער פֿון דער געביידע פֿון אימק״אַ. איך האָב געשריבן צו מיין פֿרוי, אַז ווייצמאַן איז געווען אַזוי נערוועז „ווי אַ קאַץ״. אויך מיר זענען געווען נערוועז. זיצנדיק האָבן מיר געציטערט.

ווען ווייצמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט אָפּצוגעבן זיין דערקלערונג, האָט ער צופֿעליק, אָדער בכיוון, אַראָפּגעשאַרט פֿון טיש די צוגעגרייטע זייטלעך, און זיי האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער פּאָדלאָגע. ער האָט נישט געמאַכט קיין שום באַוועגונג זיי אויפֿצוהייבן. און ער האָט גענומען רעדן אויסנווייניק, אימפּראָ־וויזירנדיק:

„איך רעד״ — האָט ער געזאָגט — „אין מיין פּריוואַטן נאָמען. אָבער איך גלייב, אַז איך דריק אויס די מיינונג פֿון דער איבערוועגנדיקער מערהייט פֿון יידישן פֿאָלק אומעטום״.

מיט אַ שטימע, וואָס מיר אַלע האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו הערן, האָט ער אַרויסגעבראַכט פֿאַר די מיטגלידער פֿון דער אונ״אָ־קאָמיסיע, וועלכע זענען געזעסן צוגעשמידט צו זייערע שטולן, דעם שטאַנדפּונקט, וואָס האָט געדאַרפֿט אַנטשיידן דעם גורל פֿון דער דאָזיקער לעצטער און וויכטיקסטער פֿון אַלע קאָמיסיעס. זיין שפּראַך איז געפֿלאָסן קלאָר און הערלעך. ער האָט גערעדט קעגן טעראָר, אַז דאָס איז קעגן דער יידישער עטיק. ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט פֿאַר דער טיילונג פֿון ארץ־ישׂראל, אַלס דעם איינציקן וועג צו אַן אַראַביש־יידישער קאָאָפּעראַציע. ער האָט אויסגעזען לגמרי נישט צו וויסן וועגן דעם מייסטער־האַפֿטן דאָקומענט, אין וועלכן מיר האָבן אַריינגעלייגט אונדזערע מוחות און אונדזער שוויס. (אַ יאָר שפּעטער, אין לייק סוקסעס, האָט ער ווידער אַ מאָל אַוועקגעלייגט דעם צוגעגרייטן טעקסט פֿון זיין רעדע און האָט צוגעשמידט די פֿולסטע אויפֿמערקזאַמקייט פֿון גאַנצן עולם). איך מיין, אַז ער האָט דאָס געטאָן

צוליב צוויי טעמים: ער האָט אַזוי שוואַך געזען, אַז ער האָט נישט געקאָנט זיין זיכער, אַז ער וועט לייענען פליסיק; און זיינע מיינונגען און געפילן זענען געוואָרן אַ טייל פון אים אַליין אין אַזאַ גרויסער מאָס, אַז ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט נישט מאַכן קיין טעותים, ווען ער וועט רעדן אויסנווייניק.

ווייצמאַן פלעגט דערציילן אַ מעשה וועגן די אינפאָרמאַציעס, וואָס מען פלעגט צוגרייטן פאַר אים, איידער ער האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן עפנטלעך. איין טאָג האָט ער געדאַרפט אָפּגעבן אַ דערקלערונג אין קאָלאָניע־מיניסטעריום אין לאָנדאָן. אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע האָט יעדער מיטגליד געוווּסט גענוי, וואָס ער דאַרף זאָגן, און ווי אַזוי ער דאַרף דאָס זאָגן. די עצות, וואָס מען האָט אים געגעבן, און די אינפאָרמאַציעס, וואָס מען האָט צוגעגרייט פאַר אים, זענען געווען אָן אַ סוף און זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן בקול אדיר וחזק. ווייצ־מאַן איז געזעסן און זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם. דערנאָך איז ער אַוועקגע־גאַנגען, מיטנעמענדיק מיט זיך בערל לאָקערן.

ווען זיי זענען צוריקגעקומען, האָט לאָקער איבערגעגעבן אַן אויפגערודער־טער: „אונדזער גאַנצע אַרבעט איז געווען אַרויסגעוואָרפן. אַלץ, וואָס מיר האָבן געזאָגט און געעצהט, איז געווען אומזיסט". און ווען די עקזעקוטיוו־מיטגלי־דער האָבן אויסגעדריקט זייער אַנטוישונג און אומצופרידנקייט, האָט ווייצמאַן געענטפערט מיט אַ מעשה:

„אַמאָל איז געווען אַ ייִד, וועלכער האָט געהאַט אַ זון, ווען ער האָט געהאַט אַ זון, ווען ער האָט געחלשט חתונה צו מאַכן. אָבער שטענדיק, ווען די צוקונפטיקע מחותנים פלעגן אים פאַרהערן, האָט דער בחור זיי איבערגעשראָקן מיט זיינע ווילדע גוזמאות, און דער שידוך איז אַרויסגעפלויגן דורכן פענצטער. זיין פאָטער האָט אים גע־בעטן, האָט אים געחנפעט, האָט אים געסטראַשעט און געשריגן: „אידיאָט איינער, ווען מחותנים קומען דיך זען, לאָז מיר זיצן נעבן דיר. אין דער רגע, ווען דו וועסט אָנהויבן דערציילן אַ מעשה, וועל איך דיר געבן אַ ציפּ, און דו וועסט דאַרפן ווערן „שטום". דער זון האָט געשוווירן, אַז ער וועט פאָלגן. באַלד זענען געקומען נייע בעלנים אויף אים. „איך בין געגאַנגען נעכטן כאַפּן פיש" — האָט דער בחור אויף זיין שטייגער אָנגעהויבן דערציילן אַ מעשה. דער טאַטע האָט אים געגעבן אַ ציפּ, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. דער אידיאָט האָט ווייטער גערעדט: „איך האָב געכאַפּט אַ פיש..." — דאָ האָט אים דער טאַטע ווידער אַ מאָל אַ ציפּ געטאָן, און עס האָט אַלץ נישט געהאָלפן. „דער פיש האָט געוווּגן צען טויזנט פונט" — האָט דער חתן־בחור אויסגעשריגן, און ער איז שוין געווען אַ פאַרטיקער. די מחותנים האָבן אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן און זענען נעלם געוואָרן. דער אָרעמער טאַטע האָט זיך דאַן צעשריגן אויף אַלע קולות: „דו פאַסקודנער נפש, ווי קאָנסטו זאָגן אַזעלכע זאַכן? צען טויזנט פונט? האָסטו נישט געפילט, ווי איך האָב דיך אַ ציפּ געטאָן איין מאָל און אַ צווייט מאָל?" צעכליפּענדיק זיך, האָט דער זון געענטפערט: „יאָ, טאַטע, ווען דו וואָלסט מיך נישט געציפּט, וואָלט איך געזאָגט הונדערט טויזנט פונט".

„יאָ, רבותי" — האָט ווייצמאַן פאַרענדיקט, נאָכן דערציילן די מעשה זיינע קאָלעגן אין דער עקזעקוטיווע — „ווען איר וואָלט מיר היינט אין דער פרי נישט געגעבן אייערע עצות און ידיעות, וואָלט איך באמת פאַרקראָכן וואָר־ווייסט־ווו־הין. אַז איר האָט מיר געגעבן אייערע אויפקלערונגען, האָב איך געזאָגט, וואָס איך האָב געזאָגט. אַנדערש, וואָלט איך קאַליע געמאַכט דעם גאַנצן ענין".

ווען די אונ״אָ־קאָמיסיע האָט אָפּגעהאַלטן אירע פאַרהערן אין ירושלים, האָט ווייצמאַן אויף דעם שטאַרקן פאַרלאַנג פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע פאַרבעטן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע אויף צוויי מאָלצייטן אין זיין היים אין רחובות. עס זענען געווען אין דער קאָמיסיע עלף מיטגלידער און אַ צאָל אַדיוטאַנטן. איך בין געזעסן צוזאַמען מיט ראַלף באַנטשן ביי איינעם פון די מאָלצייטן, און איך האָב געקוקט אויף אים, ווי ער האָט אויפמערקזאַם נאָכגעפאָלגט די געשפּרעכן. ווען ער האָט געהערט, ווי ווייצמאַן האָט גערעדט וועגן אונטערדריקטע פעלקער, האָט ראַלף באַנטש מיך לייכט אָנגערירט מיטן עלנבויגן, ווי צו זאָגן מיר: „ווי גוט איך פאַרשטיי דעם מאַן, און ווי גוט ער פאַרשטייט אונדז, נעגערס״.

ביי די דאָזיקע נישט־פאָרמעלע דיסקוסיעס האָט ווייצמאַנס איבערצייגונגס־קראַפט און פערזענלעכקייט טיף באַאיינפלוסט די מיטגלידער פון דער אונ״אָ־קאָמיסיע. עס איז נישטאָ קיין שום צווייפל וועגן דעם, אַז ווען זיי האָבן שפּעטער אויסגעאַרבעט זייערע רעקאָמענדאַציעס אין זשענעווע, האָבן ווייצמאַנס שכל־דיקע מיינונגען און וואַרעמע ווענדונג צו זיי געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג.

דעם 1־טן סעפּטעמבער 1947 האָט די אונ״אָ־קאָמיסיע פאַרעפנטלעכט אירע רעקאָמענדאַציעס צו דער פלענאַרער פאַרזאַמלונג פון די יונייטעד ניישאָנס: פאַרענדיקן דעם בריטישן מאַנדאַט און טיילן ארץ־ישראל אין צוויי מדינות, אַ יידישע און אַן אַראַבישע. דאָס איז נאָך נישט געווען דער באַשלוס פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער. עס איז געווען בלויז אַ רעקאָמענ־דאַציע, וועלכע האָט — בכדי צו ווערן באַשטעטיקט — געדאַרפט באַקומען אַ מערהייט פון צוויי דריטל שטימען פון די דעלעגאַטן צו דער אַלגעמיינער פאַר־זאַמלונג פון אונ״אָ. אָבער וואָס עס זאָל נישט זיין דער אויסגאַנג דערפון, האָבן מיר געוווסט, אַז דאָס איז דער לעצטער נאָגל, וואָס ווערט אַריינגעקלאַפּט אין דעם אָרון פון בריטישן מאַנדאַט.

דאָ מוז איך ווייטער מאַכן אַ פּויזע, בכדי צו דערציילן וועגן אַנדערע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט די געשעענישן אין ארץ־ישראל אין יענעם זומער פון 1947: צוזאַמען מיט די צוגרייטונגען פאַר דער אונ״אָ־קאָמיסיע און מיט דער אַרבעט פאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט, בין איך געווען פאַרנומען מיט אַ דריטן ענין, פאַר מיר זייער אַ וויכטיקן: מיט פאַרענדיקן ווייצמאַנס אויטאָביאָ־גראַפיע, וואָס איז געהאַט אָפּגעלייגט געוואָרן זייט אַזאַ לאַנגער צייט. עס האָט געטליעט זעכצן יאָר און איך בין געווען פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר, אַז דער פּלאַן זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן. אין דעם אַריינפיר צו זיין אויטאָביאָגראַפיע דערמאָנט מיך ווייצמאַן, באַמערקנדיק, אַז „ווען נישט (מיין) שטאַרקע צודרינגלעכקייט און כסדרדיקע הילף, וואָלט די דאָזיקע אויפגאַבע נאָך אַלץ געוואַרט פאַרענדיקט צו ווערן״. מאָריס סעמיועל, וועלכער האָט געאַרבעט איבערן צווייטן באַנד פון דער אויטאָביאָגראַפיע און האָט איבערגעקוקט דאָס גאַנצע בוך, איז

געווען איבערצייגט, אַז ניט „צודרינגלעכקייט", נאָר „מוטשען" וואָלט געווען אַ מער ריכטיקער אויסדרוק. פון יענעם טאָג אָן אין באַזעל אין 1931, ווען ווייצ־מאַן האָט צום ערשטן מאָל באַמערקט אין זיין געשפּרעך מיט מיר, אַז ער פּלאַנט צו שרייבן זיינע מעמואַרן, האָב איך קיין מאָל ניט אָפּגעלאָזט דעם ענין. אומעטום און שטענדיק, ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט — אין אייראָפּע, ארץ־ישראל אָדער אין די פּאַר'אייני‌קטע שטאַטן — איז מיין ערשטע פראַגע געווען: „ווי האַלט איר מיט אייערע מעמואַרן?" — ער פלעגט תמיד געבן דעם זעלבן ענטפער: „גוואַלדיק". און איך פלעג דערנאָך זאָגן: „דאָס איז אַלץ?" אין דער האָפענונג צו באַוועגן אים, אַז ער זאָל באמת אָנהייבן שרייבן, פלעג איך אים אַריינפירן אין אַ שטימונג פון זכרונות וועגן עפּעס אַ תקופה פון „אַמאָליקע גוטע צייטן". אַ צוהערער, אויך אַ „רואה ואינו נראה", וואָלט דאָרט געדאַרפט זיין דערביי צו פאַרשרייבן די געשיכטעס וואָרט ביי וואָרט ווי ווייצמאַן האָט זיי דערציילט. איך האָב אים געזאָגט: „ד"ר ווייצמאַן, אַלץ וואָס איר דאַרפט טאָן, איז נאָר צו דיקטירן דאָס נאָך אַ מאָל, און איר וועט האָבן אַ בוך, וואָס מען וועט צעכאַפּן". ער האָט זיך געגעבן אַ שאָקל אָפּ.

אַפילו אין די פינצטערע טעג פון 1942, ווען ווייצמאַן איז געפאָרן אהין און צוריק צווישן ניו־יאָרק און וואַשינגטאָן — פאַרנומען מיט די ציוניסטישע ענינים פון איין זייט, און מיט די וויסנשאַפטלעכע קאָנפערענצן וועגן פאַרשי־דענע כעמישע שטאָפן, פון דער אַנדערער זייט — פלעג איך ניט אָפּלאָזן דעם ענין וועגן דער אויטאָביאָגראַפיע. עס איז געווען אַ שטיק משוגעת פון מיין זייט. איין מאָל, ווען איך בין אַריינגעגאַנגען צו אים און האָב געטראָפן ביי אים צוויי מיטאַרבעטער, ערנסט בערגמאַן און יוסף בלומענפעלד, האָט ער אויסגערופן: „אַהאַ, ער איז ווידער דאָ מיט זיינע מעמואַרן. איך מיין, אַז איך וועל אייך אַוועקזעצן אַרבעטן איבער עטלעכע פון די שווערע טעכנישע פראָבלעמען". און צו זיי האָט ער געזאָגט: „זיין עם־הארצות אין כעמיע איז איינער פון די וווּנדער פון אונדזער יאָרהונדערט".

זיין אָפּזאָגן זיך און אָפּשלעפּן צו פאַרענדיקן זיינע מעמואַרן, וואָס זענען שוין געווען האַלב־גרייט אַרום יאָר 1943, איז ניט געווען צוליב אינערציע, אָדער ווייל ער איז געווען שטאַרק באַשעפטיקט מיט זיינע ענינים. ס'איז געלעגן אין דעם אַ פּסיכאָלאָגישער גרונט. שרייבן מעמואַרן פאָדערט, מען זאָל אויפהערן צו זיין אַקטיוו; מען זאָל זיך זאָגן, אַז מען האָט שוין מתקן געווען, וואָס מען האָט געוואָלט און צו וואָס מען האָט געשטרעבט. דאָס איז פאַרבונדן מיט אַ מין געפיל פון צוריקציִען זיך. אָבער די טראַגעדיע פון יידישן פאָלק אין יענע יאָרן האָט געמאַכט ווייצמאַנען פאַר אַ געפאַנגענעם פון גורל און האָט אים אָפּגעהאַלטן פון צוריקציִען זיך — וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט. זיין בלינדקייט, וואָס האָט זיך כסדר פאַרשטאַרקט, איז געווען נאָך אַ סיבה. עס איז אים געוואָרן שווער איבערצולייענען, וואָס ער האָט דיקטירט.

נאָך דער מלחמה האָב איך מאָביליזירט מוישן (מאָריס סעמיועל) צו אַר־בעטן מיט ווייצמאַנען. דאָס איז געווען אַ ריזיקע אויפגאַבע, פאַר וועלכער מויש

האָט נישט נאָר געווידמעט זיין גרויסן טאַלאַנט, נאָר אויך זיין ליבע. יעדער זאַץ האָט געמוזט געלייענט ווערן און איבערגעלייענט ווערן. ווייצמאַן האָט מדקדק געווען אויף יעדן וואָרט. עס האָט געדאַרפט זיין זיין אייגן וואָרט, און נישט פון עמעצן אַנדערש. און ביזן זומער 1947, ווען איך האָב געבעטן מויש, אַז ער זאָל פאָרן קיין רחובות צו פאַרענדיקן די אויפגאַבע, זענען די באַדינגונגען פון זיין צוזאַמענאַרבעט מיט ווייצמאַנען געוואָרן צו שווער, אַפילו ביי מויש איבערגעגעבנקייט.

ווען ווייצמאַן פלעגט זיין אין ניו־יאָרק, האָט מויש אים נישט אָפּגעלאָזן, און ער איז אויך געווען גרייט אויף יעדן רוף פון ווייצמאַנען. ער האָט געמוזט אַוועקוואַרפן זיין אייגענע ליטעראַרישע אַרבעט — און אין יענע יאָרן האָט ער געהאַלטן אין שרייבן אַ לאַנגע היסטאָרישע נאָוועלע — בכדי זיך צוצופּאַסן צו ווייצמאַנס שטימונגען. ער פלעגט דאַרפן אַוועקגיין מיט זיין שרייבמאַשין אין „וואַלדאָרף אַסטאָריאַ", אָדער אין „סעינט רידזשיס האָטעל" און זיך אַוועקזעצן צו אַן אומגעריכטער סעסיע. ער האָט געגרויכערט פון אויפרעגונג און געקרעכצט: „איך האָב אַ טערמין צו פאַרענדיקן מיין אייגענע זאַך. איך בין נאָר־וואָס צוגעקומען צו אַ ווונדערלעך אָרט. איך קאָן נישט איבעררייסן". איך פלעג אים איינגעמען מיט זיסע רייד: „מויש, ווען דו האַלטסט ביים ווערן פאַרגוואַלדיקט, לאָז אָפּ און האָב הנאה". די דאָזיקע אומצופרידנקייט זיינע דערפון, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט געוווסט, ווען און וווהין ער וועט גערופן ווערן צו ווייצמאַנען, איז געוואָרן נאָך שאַרפער צוליב אַן אַנדערן טעם. פרוי ווייצמאַן האָט זיך אַריינגעמישט און האָט אים אויך גענומען מאַטערן. זי האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז זי איז אַן עקספּערט אין ציוניסטישער געשיכטע און אַן אויטאָריטעט אין דער ענגלישער שפּראַך. חיים ווייצמאַנען האָט דאָס פאַרשאַפט עגמת נפש, און מויש האָט דאָס נישט געקאָנט פאַרטראָגן. יעדעס מאָל, ווען ער איז צוריקגעקומען פון אַזאַ סעסיע, פלעגט ער מיר זאָגן: „אויב די דאָזיקע פרוי וועט מיך נישט אָפּלאָזן, וועל איך אַוועקוואַרפן דעם גאַנצן ענין". דערויף האָב איך אים געענטפערט: „דו טוסט עס פאַרן יידישן פאָלק, נישט פאַר איר. מאַך זיך דערפון גאָרנישט". נאָך אַ ביסל משקה האָט מויש זיך באַרויִקט און האָט צוריקבאַקומען זיין גוטע שטימונג.

ערשט אין 1947 האָבן מיר פאַרענדיקט דעם ענין. אַוועקגעבנדיק זיין גאַנצע צייט און אויפמערקזאַמקייט פאַר דעם בוך, האָט מויש — נישט געקוקט אויף פרוי ווייצמאַנס אַריינמישן זיך — פאַרענדיקט די אַרבעט פאַר ווייצמאַנס זכרונות במשך עטלעכע חדשים. אין יענער צייט פון די טעגלעכע סעסיעס אין רחובות האָט פרוי ווייצמאַן אַנטדעקט אין מוישן זיין אמתע מיסיע אין לעבן: צו זיין אַ „דזשין ראַמי"־פאַרטנער פאַר איר. זי האָט געשפּילט אין „דזשין ראַמי" אַזוי שלעכט, ווי זי האָט שלעכט געשפּילט ברידזש. מויש אַליין איז אויך נישט געווען קיין גאון אין קאָרטנשפּיל. אָבער נישט געקוקט אויף מיין שטאַרקן מיטגעפיל צו אים, בין איך געווען צופרידן. אַ דאַנק אים בין איך פּטור געוואָרן. אירע איינלאַדונגען צו שפּילן מיט איר האָבן געהאַט דעם קלאַנג פון

קעניגלעכע באַפעלן. ווען חיים ווייצמאַן פלעגט גיין שלאָפן פּינקטלעך צען אין אָוונט, האָט זי אָנגעהויבן זוכן אַ קרבן אויפן שלאַכטפעלד. ווי לאַנג מויש האָט זיך אַרומגעדרייט, בין איך געווען אַ גראַטעוועטער. זיין אָקספאָרד־ענגליש האָט אָפּגעקלונגען אָנגענעמער אין אירע אויערן, ווי מיין אַמעריקאַנער יידיש. דאָס איינציקע מאָל, אין משך פון דעם גאַנצן זומער, ווען איך האָב געשפּילט מיט איר, געדענק איך גאַנץ גענוי, ווייל די שפּיל האָט זייער פרי זיך געענדיקט צוליב אַ שיסעריי אין דרויסן אויפן גראָז, אָדער אַזוי האָט זיך עס אונדז בכל־אופן אויסגעוויזן.

די אויפפירונג פון די ענגלענדער אין יענער צייט קאָן כאַראַקטעריזירט ווערן אַלס דאָס אַכטע וווּנדער פון דער וועלט, מיט איר אומפּאַרשעמטער ברוּ־טאַלקייט. די ברוטאַלקייט האָט דערגרייכט דעם שאַרפסטן פּונקט, ווען די שיף „עקזאָדוס" — וואָס סעמיועל זעמוראַי האָט געהאָלפן, אַז זי זאָל קאָנען רוּיִק אָפּשווימען פון פילאַדעלפיע — וועלכע האָט געפירט פיר טויזנט פינף הונדערט „אומלעגאַלע" עולים קיין ארץ־ישראל, איז אָפּגעשיקט געוואָרן מיט גוואַלד נישט קיין ציפּערן, נאָר אין די לאַגערן פון אייראָפּע. דער דאָזיקער אינצידענט איז געוואָרן טרויעריק באַרימט אַלס אַ היסטאָרישער פאַקט, און אויך אַלס די טעמע פון לעאָן יוריסעס ליטעראַריש ווערק און אָטאָ פּרעמינגערס קינעמאַטאָ־גראַפישער שאַפונג — „עקזאָדוס". יענער זומער האָט געבראַכט מיט זיך אַ לאַנגע ריי פון רעפּרעסיעס, טעראָר, רעוואַנזש־אַקטן און עקזעקוציעס. מען האָט קיין מאָל נישט געקאָנט זיין זיכער, צי די שיסעריי, וואָס איז געהערט געוואָרן, איז נישט געקומען פון דעם וואָס איינער אין דרויסן האָט זיך „צעשפּילט" מיט אַ מאַשינביקס.

ווען מיר האָבן איבערגעריסן דאָס שפּילן אין קאָרטן, האָט מען נישט גע־קאָנט מאַכן קיין טעות וועגן דער נאַטור פון די קראַכן, וואָס האָבן זיך דערטראָגן פון דרויסן. אַ שעה צייט האָבן מיר געהערט די קנאַלן פון ביקסנשאָסן. שפּעטער, ווען עס איז געוואָרן אַ ביסל רויִקער, האָב איך באַשלאָסן אַוועקצוגיין. אָבער דער שאָפער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן וואַרטן נאָך אַ פּאָר מינוט. און ער איז געווען גערעכט. באַלד האָט עס זיך ווידער אָנגעהויבן פון דאָס ניי. (איך האָב קיין מאָל נישט געצווייפלט אין דער סברה, וואָס איז דעמאָלט אַרומגעגאַנגען, אַז אַלע ישראלדיקע שאָפערן האָבן אַ געהיימע פאַרבינדונג מיטן גענע־ראַל־שטאַב און זענען אין דער אמתן פאַרשטעלטע גענעראַלן. איך האָב שטענ־דיק געהאַלטן, אַז יהושע חאַרלאַפּ, ד"ר ווייצמאַנס שאָפער, אַדיוטאַנט, לייב־וועכטער און פאַרטרויונגס־מענטש, איז געווען איינער פון זיי. ער איז געווען אַ יודע הכל), די שיסעריי האָט אָנגעהאַלטן ביז אין דער פרי.

די געזעלשאַפט יענעם אָוונט איז אַחוץ ד"ר ווייצמאַנען און פרוי באַ־שטאַנען פון מוישן, מיר, ישעיה בערלין און ד"ר בערגמאַן. מיר האָבן פאַר־בראַכט דעם אָוונט, איבערקייענדיק נאָך אַ מאָל און כסדר די באַטראַכטונגען וועגן דער לאַגע. באַזונדערס האָבן מיר זיך מתווכח געווען וועגן דעם, וואָס מיר דאַרפן טאָן, אויב אַ פאַרוווּנדעטער טעראָריסט וועט אָנקלאַפּן אין דער טיר און

זוכן אַן אַנטרינונג פון די ענגלענדער. ענדלעך האָבן מיר אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז ווען אַזאַ איינער וועט זיך באַווייזן, וועלן מיר אים אַריינלאָזן און איבערגעבן נישט צו די ענגלענדער, נאָר צו דער „הגנה״.

דעמאָלט האָב איך באַשלאָסן זיך אָנצונעמען מיט מוט און אין מיטן פון דער שיסערײַ אַוועקגיין און כאַפּן אַ גוטן שלאָף אין מיין אייגן בעט, אין קלוב־הויז פון אינסטיטוט. איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט גיין אויפן הויפּטשאָסיי פון שטעטל צום אינסטיטוט, ווען אַ מענטש פון דער „הגנה״ האָט מיך געהייסן גיין צוריק, זאָגנדיק העפלעך אָבער אַנטשלאָסן: „לא כדאי״. איך בין צוריקגעגאַנגען אין ד״ר ווייצמאַנס הויז, וווּ איך האָב געפונען מיין רו מיט אַ שלאָפפיל.

אין דער פרי האָבן מיר זיך דערוווּסט, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן בעת דער שיסערײַ: אצ״ל (אירגון צבאי לאומי) האָט געמאַכט גרויסע צוגרייטונגען אויפצורייסן דעם ענגלישן מיליטערישן לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען צווישן דעם שטעטל און ווייצמאַנס הויז. די ענגלענדער האָבן געפּרוּווט נישט דערלאָזן צו דעם דאָזיקן אַקט.

מיט צוויי טעג שפּעטער איז ווייצמאַן אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן. זיינע מעמוּאַרן זענען געווען פאַרענדיקט, אָדער ריכטיקער זיי זענען צוגעפירט געוואָרן ביז צו אַ דאַטע. אין משך פון דער גאַנצער צייט האָב איך געדאַרפט האַלטן קעס קענפילדן, פון פאַרלאַג „האַרפּער ענד בראָדערס״, אין שפּאַנונג, אַז אָט אָט וועט ער באַקומען די מעמואַרן צום פאַרעפנטלעכן. איצט האָב איך אים געדאַרפט אָנזאָגן, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט ער באַקומען דעם כתב־יד, דעם רעזולטאַט פון אַנדערהאַלבן יאָר אַרבעט. קעס קענפילד האָט געזען אין דעם ווערק — אַזוי ווי איך האָב עס באַטראַכט — אַ בוך, וואָס מען וועט צעכאַפּן.

וועגן דעם קאָנטראַקט צווישן פאַרלאַג מיט ד״ר ווייצמאַנען האָב איך פאַר־האַנדלט מיט צען יאָר פריִער, ווען איך האָב באַקומען די פולמאַכט דורכצופירן אַלע ענינים, וואָס זענען געווען דערמיט פאַרבונדן. די הכנסה פונעם בוך האָט געדאַרפט גיין פאַר דער ווייצמאַן־פונדאַציע. אין אָנהייב האָט קעס קענפילד און איך זיך אויפגעפירט מיט קורטואַזיע, אָפּהיטנדיק אַלע פאָרמאַליטעטן. נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך באַגעגנט פערזענלעך, האָבן מיר אַוועקגעוואָרפן אַלע עטיקעטן און אונדזער קאָרעספּאָנדענץ האָט אָנגענומען אַ געוויסע וואַרעמקייט, וואָס איז פון צייט צו צייט באַפאַרבט געוואָרן מיט אַ לייכטערן טאָן וועגן די אָפּשלעפּע־נישן מיטן צושטעלן דעם מאַנוסקריפּט. דאָס מיינט נישט, אַז ער האָט נישט געהאַלטן קיין אויג אויף די אינטערעסן פון דעם פאַרלאַג.

פּלוצלונג האָט קענפילד איינגעזען, אַז נישט געקוקט אויף אונדזער לאַנגער קאָרעספּאָנדענץ, איז אַ פאַקטישער קאָנטראַקט קיין מאָל נישט אונטערגעשריבן געוואָרן, דאָס מיינט צו זאָגן, אַז עס איז גאַנץ פּשוט נישט געווען קיין קאָנטראַקט בכלל. „גוט״ — האָב איך אים געזאָגט — „שטעלט צונויף אַ קאָנטראַקט״. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט ער מיר אָנגעקלונגען, אַז דער קאָנטראַקט איז שוין גרייט. איך בין אַריבערגעקומען צו אים, און ווען איך האָב אַרויסגענומען

מיין פעדער אונטערצושרייבן, האָט ער מיר געזאָגט: „איר וועט אים גאָרנישט איבערלייענען?" איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם אָנפירער פון פאַרלאַג און אים געזאָגט: "מר. קענפילד, וועט איר מיר טאַקע געבן אונטערצושרייבן אַ דאָקומענט, וואָס איך זאָל נישט קאָנען חתמענען, כאָטש איך האָב אים נישט גע־לייענט?"

ער האָט אַ ברום געטאָן, צוריקגענומען דעם קאָנטראַקט און געזאָגט: „איך וועל אים נאָך אַ מאָל דורכקוקן". שפּעטער האָט מען מיר געזאָגט, אַז ווען ער האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון צימער, האָט ער געהאַלטן אין איין איבערחזרן: „יידישע ביזנעס־מעטאָדן, יידישע ביזנעס־מעטאָדן". אָבער איך מיין נישט, אַז ער זאָל האָבן געמאַכט וועלכע עס איז ענדערונגען אין דעם קאָנטראַקט.

אין האַרבסט 1947 איז דער כתב־יד אַוועקגעגאַנגען אויפן וועג פון אַלע מאַנוסקריפּטן — צום דרוקער. אָבער ער האָט נישט דערזען די שיין פון טאָג ביז 1949. די געשעענישן האָבן זיך געדרייט גיכער, ווי די דרוקמאַשינען. די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע וועגן דער טיילונג פון ארץ־ישראל אויף צוויי מדינות: אַ יידישער און אַן אַראַ־בישער. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז מדינת ישראל פּראָקלאַמירט געוואָרן און דוד בן־גוריון איז געוואָרן ישראלס ערשטער פּרעמיער־מיניסטער.

---

אומפאַרמיידלעך האָט דאָס בוך אַנטהאַלטן געוויסע רעפלעקסן וועגן די באַ־ציִונגען צווישן דוד בן־גוריון און חיים ווייצמאַן במשך פון אַ יאָר פינף און צוואַנציק. איבערלייענענדיק די קאַרעקטור־זייטן פון דעם בוך, האָב איך גע־פילט, אַז דאָס קאַפּיטל וועגן בן־גוריונען איז נישט קיין געהעריקער אַריינפיר אין דער ערשטער פאַזע פון ישראלס מלוכהשאַפט, ווייל בן־גוריון איז געווען נישט נאָר פּרעמיער־מיניסטער און פאַרטיידיקונגס־מיניסטער, נאָר אויך דער מאַן, וועמען דאָס יידישע פאָלק האָט געהאַט אַזוי פיל צו פאַרדאַנקען אין יענער תקופה. איך האָב פאַרזיכטיק פאָרגעשלאָגן ווייצמאַנען, אַז דאָס קאַפּיטל וועגן זיינע באַציִונגען מיט בן־גוריונען זאָל אַרויסגענומען ווערן. איך האָב אָנגעגעבן מיינע מאָטיוון. ער האָט געערן מסכים געווען מיט פאָלגנדיקן באַדינג: „איר קאָנט אַרויסנעמען אַלץ, וואָס איר ווילט, אָבער גאָרנישט צו".

אַלס רעזולטאַט זענען אין ווייצמאַנס מעמואַרן פאַראַן בלויז פיר אומבאַ־דייטנדיקע באַמערקונגען וואָס שייך בן־גוריונען. אַלע געפינען זיי זיך אינעם לעצטן טייל פון בוך.

בעתן שרייבן זיינע מעמואַרן האָט ווייצמאַן אָפט זיך באַגעגנט מיט פרוי העלען ריד, די אַרויסגעבערין פון „ניו יאָרק העראַלד טריביון". זי איז געוואָרן אַ וואַרעמע אָנהענגערין פון ווייצמאַנען. איין טאָג, ביי אַ פרישטיק מיט איר, האָט ווייצמאַן דערמאָנט, אַז ער איז פאַרמאַטערט פון דער איילעניש און פון דעם גאַנצן עסק אַרום דעם בוך. פרוי ריד האָט אויסגעדריקט איר מיטגעפיל, אָבער מיט דעם פּראָפעסיאָנעלן אינסטינקט פון אַן אַרויסגעבער, האָט זי אים געפרעגט: „וואָס איז וועגן די רעכט צו דרוקן קאַפּיטלען פון אייער בוך?"

ד"ר ווייצמאַן האָט איר געענטפערט, ווי עס איז תמיד געווען זיין שטייגער: „רעדט מיט מאירן". זי האָט דאָס געטאָן. דאָס רעכט צו דרוקן קאַפּיטלען פון דעם בוך איז פאַרקויפט געוואָרן דער „העראַלד טריביון" פאַר פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר — אַ געגנוג באַשיידענע סומע, ווי איך האָב שפּעטער איינגעזען. ווען דער אָנבאָט פון „העראַלד טריביון" איז באַקאַנט געוואָרן, האָט מיר טעלע־פאָנירט עמעצער פון פאַרלאַג „סיימאָן ענד שוסטער" און מיר געזאָגט, אַז די „ניו יאָרק טיימס" איז פאַראינטערעסירט אין באַקומען די רעכט צו דרוקן די קאַפּיטלען און איז גרייט צו באַצאָלן דערפאַר פופציק טויזנט דאָלאַר. איך האָב נאָר געקאָנט זאָגן: „איך באַדויער. איר האָט געדאַרפט טעלעפאָנירן פריִער". די קאָנקורענץ צווישן אַרויסגעבער איז זייער אַ שאַרפע. און וואָס עס קאָן היינט אויסזען ווי אַן אומבאַדייטנדיקע סומע, איז דעמאָלט געווען זייער אַ סך.

עטלעכע וואָכן איידער די קאַפּיטלען האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן אין „העראַלד טריביון", האָט איינער פון פרוי רידס זין מיך געפרעגט, צי איך וואָלט אַרויסגעטראָטן אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די הויפּט־פאַרשפּרייטער פון צייטונגען און זיי דערקלערט וועגן דעם בוך. איך בין געקומען. עטלעכע פון זיי האָב איך געקענט נאָך פון מיינע אַמאָליקע יאָרן אין צייטונגס־געשעפטן. איך האָב גע־האַלטן אַ ציוניסטישע רעדע. איך האָב זיי געזאָגט וועגן דער פּאָליטישער באַ־דייטונג פון דעם בוך, און איך האָב פאַרענדיקט מיט אַ רוף — ווי איך האָב געמיינט, אַז דאָס האָט אַזוי געקלונגען — צו פאַרקויפן מער צייטונגען. די רעזול־טאַטן האָבן באַוויזן, אַז איך האָב זיך גאָרנישט געדאַרפט אַזויפיל באַמיִען — זיי זענען געווען העכער פון יעדער פּראָפּאָרץ צו מיינע אָנשטרענגונגען. ווען די קאַפּיטלען פון ווייצמאַנס בוך האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן, האָט „העראַלד טרי־ביון" צוגעקראָגן זעכציק טויזנט נייע לייענער. דאָס איז געווען אַן אויסערגע־וויינלעכע און אומפאַרגלייכלעכע דערגרייכונג. פרוי ריד האָט אַ געוויסע צייט שפּעטער זיך באַקלאָגט, אַז זי האָט ווייס נישט געהאַט אַזאַ דערפאָלג מיט איי־זענהאָוערס מעמואַרן, פאַר וועלכע זי האָט באַצאָלט פינף הונדערט טויזנט דאָלאַר.

צוריקקערנדיק זיך צו דעם קאַפּיטל וועגן בן־גוריונען, וואָס איך האָב אַרויסגענומען, וויל איך באַמערקן, אַז דער כתב־יד געפינט זיך זינט אַן ערך צוואַנציק יאָר אין די אַרכיוון פון „יד ווייצמאַן". אַ סך אונטערנעמערישע אַרויס־געבער אין ישראל האָבן געפּרוּווט אַרויפלייגן זייערע הענט אויף דעם דאָזיקן „גאָלד־גרובן". און איך מוז זיך מודה זיין, אַז עס זענען געווען צייטן, ווען איך בין באַזונדערס געווען אויפגעבראַכט פון דוד בן־גוריונס מעשים און דיבורים אין שייכות מיט פּנחס לבון, משה שרת, גאָלדע מאיר, לוי אשכול — די רשימה איז אַ לאַנגע — און איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן חשק אויפצודעקן דעם דאָזיקן „געפערלעכן" אוצר. אָבער דאָס, וואָס ליפּסקי פלעגט אָנרופן די „העכערע אינ־טערעסן" פון מדינת ישראל, האָט מיך אָפּגעהאַלטן דערפון. דאָס דאָזיקע קאַפּיטל ליגט נאָך אַלץ אין די אַרכיוון פון „יד ווייצמאַן", צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע „אָנציִענדיקע" מאַטעריאַלן — ליבע־בריוו און ענלעכע — וועלכע וועלן אפשר,

נאָך דעם ווי איך און עטלעכע אַנדערע וועלן זיך שוין נישט אַרומדרייען אויף דער וועלט, זיין פריי און צוגענגלעך פאַר וויסנשאַפטלער זיי צו שטודירן.

ווייצמאַנס אויטאָביאָגראַפיע איז פאַרענדיקט געוואָרן אין אויגוסט 1948 און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט אין 1949 — אַזוי, אַז די געשעענישן פון 1947 און 1948 האָבן געקאָנט אַריינגענומען ווערן.

די רעקאָמענדאַציע פון דער אונ״אָ־קאָמיסיע וועגן דער טיילונג פון ארץ־ישראל האָט געדאַרפט אָפּגעשטימט ווערן דורך דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער אין נאָוועמבער 1947. די אונ״אָ־קאָמיסיע האָט געהאַט פאָרגעשלאָגן, אַז דער נגב זאָל זיין אַ טייל פון דער יידישער מדינה. אָבער אין די דינגעגישן, וואָס זענען אָנגעגאַנגען הינטער די קוליסן, איז קלאָר געוואָרן, אַז מען וויל „פאַרגיטיקן" די אַראַבער דורך דעם, וואָס מען וועט אָפּרייסן נאָך שטיקער פון דער טעריטאָריע פון דער יידישער מדינה. אַ מערהייט פון צוויי דריטל שטימען איז געווען נייטיק, כדי אָנצונעמען די רעקאָמענדאַציע פון דער אונ״אָ־קאָמיסיע, און יעדע איינצלנע שטימע האָט זיך גערעכנט. ווידער אַ מאָל האָט מען גערופן ווייצמאַנען ער זאָל העלפן.

וועגן דעם וואָס דער „אַראָפּגעזעצטער" פירער פון יידישן פאָלק האָט דעמאָלט אויפגעטאָן, איז אַזוי אָפט דערציילט געוואָרן, אַז איך וועל עס איבער־געבן בקיצור.

אַ וואָך פאַר דער אָפּשטימונג אין דער אונ״אָ, איז ווייצמאַן אַוועקגעפאָרן צום פּרעזידענט טרומאַן און אים איבערצייגט, אַז דער נגב דאַרף זיין אַ טייל פון דער יידישער מדינה. די אַמעריקאַנער קעגנערשאַפט איז אָפּגעפאַלן. ווייצמאַן האָט דאַן טעלעפאָנירט צו לעאָן בלומען און האָט באַקומען די פראַנצויזישע שטימע פאַר דעם טיילונגס־פּלאַן. פראַנקרייך האָט פריִער געהאַט באַשלאָסן אָפּ־צוהאַלטן זיך פון שטימען. און ווייצמאַן האָט אויפגערודערט די אונ״אָ מיט זיין רעדע (ווידער אַ מאָל, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, נישט מיט דער רעדע, איבער וועלכער אבא אבן האָט שווער געאַרבעט). ווייצמאַן האָט דאַן אָנגעהויבן זיין רעדע וועגן דעם, ווי אַן אַראַבישער פירער, דזשאַמאַל על כוסייני האָט דער־קלערט, אַז ארץ־ישראל געהערט נישט צו די יידן; אַז די היינטיקע יידן זענען נישט דאָס זעלבע פאָלק, ווי די אַמאָליקע יידן; און אַז פאַקטיש זענען זיי טאַטאַרן אָדער עפּעס אַן אַנדערער אומבאַקאַנטער שבט, וואָס איז נישט פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל. ווייצמאַן האָט דאַן געזאָגט: „איך האָב דאָ געהערט מיין פריינד כוסייני. איך ווייס נישט, צי איך בין אַ טאַטאַר אָדער אַ כאַזאַר. אַלץ, וואָס איך ווייס, איז — אַז מיין גאַנץ לעבן האָב איך געלעבט ווי אַ ייד, האָב געליטן ווי אַ ייד און איך טראָג נאָך אַלץ אויף מיר די ליידן פון מיין פאָלק". דער איינדרוק, וואָס עס האָבן געמאַכט די דאָזיקע ווערטער, האָט געבראַכט אַ דונער פון אַפּלאָ־דיסמענטן פון גאַנצן עולם. דער פאָרזיצער האָט אומזיסט געקלאַפּט מיט זיין האַמער די אַפּלאָדיסמענטן זאָלן זיך איינשטילן. נישט נאָר דער עולם, נאָר די גרעסטע מערהייט פון די אונ״אָ־דעלעגאַטן האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אָוואַ־ציע לכבוד ווייצמאַנען.

דעם 29־סטן נאָוועמבער 1947 האָט די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער מיט דריי און דרייסיק שטימען קעגן דרייצן, ביי צען אָפּגעהאַלטענע, אָנגענומען דעם באַשלוס וועגן גרינדן אַ יידישע מדינה אין אַ טייל פון ארץ־ישראל.

דעם זעלבן אָוונט איז פאַרגעקומען אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג פון דער ציוניס־טישער אַרבעטערשאַפט אין סעינט ניקאָלס אַרענע, אין ניו־יאָרק. ווען די פאַר־זאַמלונג איז געפּלאַנט געוואָרן, איז נאָך נישט געווען באַקאַנט דער אויסגאַנג פון דער אָפּשטימונג אין דער אונ״אָ. עס איז אַפילו נישט געווען זיכער, צי עס וועט זיין וועלכער עס איז רעזולטאַט. אָבער עס איז געווען נאַטירלעך די פאָדערונג, אַז ווייצמאַן זאָל קומען אויף דער פאַרזאַמלונג און איך האָב אים גע־נומען אַהין. עס האָט אויסגעזען ווי יעדער ייד אין ניו־יאָרק האָט דאָרט געוואָלט זיין אין דעם העכסטן מאָמענט — ווי אַלע האָבן עס באַטראַכט — פון טריומף פאַרן יידישן פאָלק. און ווען דער אויטאָמאָביל, באַגלייט דורך פּאָליציי, איז ענדלעך צוגעקומען צו די טירן פון סעינט ניקאָלס אַרענע און ווייצמאַן האָט זיך באַוויזן ביים אַריינגאַנג, איז אין דער גאַנצער געביידע אויסגעבראָכן אַ באַגייסטערטע אָוואַציע. פון אונטער מיין שוץ האָט דער עולם אים אַרויפגענומען אויף די פּלייצעס און אַריינגעטראָגן אין זאַל. יידן האָבן בלויז איין וועג אויס־צודריקן זייער טיפע פרייד: זינגען די „התקווה״. און יענעם אָוונט האָבן זיי געזונגען אַזוי שטאַרק און אַזוי התלהבותדיק, ווי נאָך קיין מאָל נישט פריִער. דאָס האָט מיך דערמאָנט אין דער „התקווה״ אין עתלית, אמת אין גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען. די האָפענונג איז סאַנקציאָנירט געוואָרן דורך די פעלקער פון דער וועלט: „לשוב לארץ אבותינו, לעיר בה דוד חנה״.

פאַראַן די אומפאַרמיידלעכע (און נודנע) קשיה, וואָס איז געשטעלט געוואָרן פריִער, פאַר דער גרינדונג פון דער יידישער מדינה און ווערט אויך געשטעלט איצט: „פאַר וואָס ארץ־ישראל? פאַר וואָס האָבן די יידן, אַ פאָלק מיט אַזאַ ריזיקער שאַפערישער ענערגיע, נישט געקאָנט איבערנעמען ליידיקע געגנטן אין אוגאַנדע אָדער אַרגענטינע און זיי מאַכן אויפבליִען? פאַר וואָס ארץ־ישראל, פאַר וואָס ירושלים? גיט אַ טראַכט בלויז וועגן די פּראָבלעמען, וואָס איר וואָלט זיך איינגעשפּאַרט מיט די אַראַבער, אויב איר וואָלט זיך אַוועקגעלאָזט ערגעץ אַנדערש?״ אין מערץ 1968 האָט מיר די אַלע פראַגן נאָך אַ מאָל געשטעלט דזש. ב. פּריסטלי, ווען ער האָט פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין רחובות. אין מיין ענטפער האָב איך אָנגעהויבן מיט אַ מעשה. נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, נאָך דעם ווי ירושלים איז צוריק פאַראייניקט געוואָרן, איז דערשינען אַ פּאָלי־טישע צייכענונג אין די ישראל־צייטונגען. די צייכענונג האָט געוויזן „ישראליקן״, דעם קליינעם יידעלע מיטן טעמבעל־היטעלע — וואָס דער קאַריקאַטוריסט דוש האָט געמאַכט פאַר דעם סימבאָל פון דער יונגער מדינה — ווי ער גיט דעם קעניג כוסיין אַן עצה, ווי אַזוי צוריקצוקריגן די שטאָט: „טו וואָס מיר האָבן געטאָן. זאָג איבער נאָך אַ מאָל און איבער אַ מאָל צוויי טויזנט יאָר „לשנה

הבאה בירושלים". די דאָזיקע עצה, וואָס איז ספק־אַפּאַריזם און ספק חוזק מאַכן פון כוסיינען, איז אַ טיף־אַריינדרינגענדיקע אָבסערוואַציע און גלייכצייטיק אַ טיפּע אַנאַליזירונג פון דעם אמת.

„לשנה הבאה בירושלים" איז געווען די נאָפּל־פאַרבינדונג פון די יידן פון דער גאַנצער וועלט מיט ארץ־ישראל אין משך פון די צוויי טויזנט יאָר. נישט פאַראַן, ווי מיר ווייסן גוט, קיין איין תפילה, סיי אין די ימים־טובים און סיי אין די טעג פון אבלות, וואָס זאָל זיך נישט ענדיקן מיטן דערמאָנען ציון און ירושלים. אַלע יידישע אויסדרוקן — רעליגיעזע, ליטורגישע, פאָלקלאָריסטישע — זענען דורכגעדרונגען מיט דער בענקשאַפט נאָך ציון, און נאָך מער: מיט אַריינפילן זיך אין די באַדינגונגען אין הייליקן לאַנד אין יעדער צייט פון יאָר. אין מיטן יאַנואַר דערמאָנען יידישע קינדער אין די שניי־באַדעקטע שטעט אין די פאַרשידענע וועלט־טיילן דעם ראש השנה לאילנות, ט"ו בשבט, ווען אין ארץ־ישראל הייבן אָן בליִען דיביימער. און מעג אַפילו זיין אַ שלאַקסרעגן אין אָקטאָבער, בענטשן יידן אין ניו־יאָרק גשם, אין שמיני־עצרת, און זענען מתפלל פאַר רעגן אין ארץ־ישראל, נאָך דעם שניט, ווען די פעלדער זענען דורשטיק. נישט פאַראַן קיין שום אַנדער אָרט אין דער וועלט, וואָס רופט אַרויס אַזוי פיל ליבע און בענקשאַפט ביי יידן, און פאַר וועלכן יידן האָבן געבראַכט אַזוי פיל קרבנות צו פאַרוואַנדלען דאָס לאַנד, וואָס איז געווען וויסט טויזנטער יאָרן, אין בליִענדיקע פעלדער.

ישראל זאַנגוויל האָט אַמאָל געזאָגט: „גיט דאָס לאַנד אָן אַ פאָלק צום פאָלק אָן אַ לאַנד". דאָס איז געווען אַ גרויסער עפּיגראַם, אָבער נישט אין גאַנצן צוגע־פּאַסט. עס זענען פאַראַן אַראַבער, וועלכע לעבן אין ארץ־ישראל. אָבער ביז יידן האָבן אָנגעהויבן צוריקצוקומען קיין ארץ־ישראל, אין אַ גרעסערער צאָל ביים סוף פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, איז ארץ־ישראל געווען דאָס סאַמע וויסטע לאַנד אין מיטעלן מזרח. עמק יזרעאל איז געווען באַקאַנט צווישן די אַראַבער ווי דער טאָל פון טויט. עס איז געווען איין גרויסער זומפּ, פאַרפּעסטעט מיט מאַלאַריע. היינט איז דער עמק ישׂראלס ברויטשפּייזער. הונדערטער חלוצים זענען געפאַלן, כדי צו מאַכן אויפבליִען דעם עמק — ווי מיר רופן דעם עמק יזרעאל. קיינער האָט זיי דערצו נישט געצוווּנגען. יעדער שפּאַן ערד איז אויס־געלייזט געוואָרן מיט ליבע. און מען האָט אויך באַצאָלט דערפאַר מיט שווערע געלטער במזומן.

ווען ישראלס פאַראַשוטיסטן האָבן איינגענומען די ירושלימער אַלטשטאָט בעת דער זעקסטאָגיקער מלחמה, האָבן אויסלענדישע צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטן געזען און באַוווּנדערט די יונגע בחורים — די מערסטע פון זיי, נישט־סענטי־מענטאַלע קינדער פון די קיבוצים, וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אויף די טראַ־דיציעס פון מאַרקסיזם און אַטעיִזם — ווי זיי זענען געשטאַנען צוגעטוליעט צו דער כותל המערבי און האָבן פאַרגאָסן טרערן אויף די אַלטע שטיינער. זיי האָבן נישט געוויינט, בכדי צוליב צו טאָן דעם מיניסטעריום פאַר רעליגיעזע ענינים, און אַפילו נישט אויס דאַנקבאַרקייט צום אייבערשטן, אין וועמען זיי האָבן נישט

געגלייבט. זיי האָבן פאַרגאָסן טרערן איבער די אַלטע שטיינער פון ירושלים, וועגן וועלכע זיי האָבן געהערט און וואָס זענען זיי אַריינגעדרונגען טיף אין האַרצן און אין מוח פון יעדן מעשהלע און פון יעדן וויגליד אין זייער פריסטער קינדהייט. זיי האָבן געוויינט ביים אומשטערבלעכן סימבאָל פון יידישן קיום.

# 19. ווייצמאַן: נצחון און ליידן

דעם 30־סטן נאָוועמבער 1947, צומאָרגנס נאָך דעם ווי די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער האָט אָנגענומען די רעזאָלוציע וועגן אַ יידישער מדינה אין אַ טייל פון ארץ־ישראל — די מדינה, וואָס איז געבוירן געוואָרן נאָך דעם חורבן פון אייראָפּעיִשן יידנטום און פון דעם ווילן פון יידישן פאָלק פאַר נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט — האָט ווייצמאַן אָנגעשריבן דאָס שלוס־קאַפּיטל פון זיינע מעמואַרן. די אונ״אָ־רעזאָלוציע איז געווען דער אָפּשלוס און דער העכסטער פונקט פון פופציק יאָר ציוניסטישן קאַמף. חיים ווייצמאַן האָט געהאַט די זעלטענע פּריווילעגיע צו דערפירן די אוממעגלעכע וויזיע צו איר פאַרווירקלעכונג.

ער האָט נאָך געדאַרפט צוגעבן אַן עפּילאָג צו זיינע מעמואַרן. און הגם ער האָט געטריי איבערגעגעבן אין דעם עפּילאָג וועגן זיינע לעצטע אַקטן, אַלס דער פאָליטישער שליח פון יידישן פאָלק ביז, און אַריינרעכענענדיק, זיין אויסגעוויילט ווערן אַלס פּרעזידענט פון דער נייער מדינה דורך דעם צייטווייליקן רעגירונגס־ראַט, האָט ער זיך אָבער צוריקגעהאַלטן עפנטלעך פון אויסדריקן זיין פאַרביטערטקייט, עגמת נפש און טיפע ווייטיקן, וואָס זענען אים פאַרשאַפט געוואָרן אין דעם עצם מאָמענט פון דעם נצחון. ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן, ווי עס איז געווען זיין ווילן, פון אַריינברענגען זיינע פּערזענלעכע ביטערע איבערלעבענישן און פּיין אין שרייבן געשיכטע. אָבער ער האָט זיי געשילדערט אין פּריוואַטע בריוו, וועלכע ער האָט מיר געשריבן לזכרון.

„איזהו חכם, הרואה את הנולד״ — לערנען מיר אין פּרקי אָבות. אורטיילנדיק לויט דעם, איז מיין פּאָליטישע ווייטזיכטיקייט אין דעם פרילינג פון 1948 אַראָפּגעזונקען צו אַ נידעריקן פּונקט. איך האָב כמעט נישט געקאָנט, אין די שטורמישע פאַרדרייעענישן פון מיינע פאַרשיידענע טעטיקייטן, באַגרייפן די פּערזענלעכע און פּאָליטישע קאָנסעקווענצן פאַר ווייצמאַנען פון זיין אָנוועזנהייט אין ניו־יאָרק, אַנשטאָט צו זיין אין ישׂראל אין דער צייט ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די מדינה.

עס זענען געווען צוויי עפּיזאָדן אין דער אַנטוויקלונג פון די פּאָליטישע געשעענישן: דאָס צוריקרופן ווייצמאַנען פון לאָנדאָן קיין ניו־יאָרק אין דעם ווינטער פון 1947־1948, וואָס איז געווען אַ נויטווענדיקייט פון דער וויכטיקסטער היסטאָרישער באַדייטונג; און ווייצמאַנס פאַרלענגערט בלייבן אין ניו־יאָרק, וואָס הגם

דאָס איז געווען פּאָליטיש פון אַ גרויסער וויכטיקייט, האָט עס געבראַכט אַן אומ־פאַרבעסערלעכן שאָדן זיין פּרעסטיזש אין ישׂראל גופא.

ווייצמאַן איז פאַרבליבן אין ניו־יאָרק קעגן זיין ווילן,קעגן זיינע בעסערע אינסטינקטן, אויף דעם פאַרלאַנג פון בן־גוריונען און מיט דער צושטימונג פון זיינע פריינד. אָבער דער פאַקט, וואָס לאָזט זיך נישט ענדערן, איז — אַז בעת איבער תּל־אביב זענען געפאַלן באָמבעס און בן־גוריון האָט פּראָקלאַמירט מדינת ישׂראל, איז ווייצמאַן געזעסן אין וואַלדאָרף־אַסטאָריאַ־האָטעל אין ניו־יאָרק. ווייצמאַנס אינטערווענץ ביי טרומאַנען קעגן אַן אפּוטרופּסות איבער ארץ־ישׂראל, און זיין דערפאָלג צו באַקומען פון טרומאַנען די באַלדיקע אָנערקענונג פון דער נייער יידישער מדינה, זענען פאַרבלאַסט געוואָרן אין דער ריזיקער ווירקונג פון דעם אַלגעמיינעם בילד פון דער ווידעראויפשטייונג פון מדינת ישׂראל. עס זענען געווען צוויי מענטשן, וועלכע האָבן געוווּסט וועגן דעם און האָבן עס געזען אין דער געהעריקער היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, צוויי קלוגע מענטשן, וועלכע האָבן געקאָנט פּאָרויסזען געשעענישן: חיים ווייצמאַן און בן־גוריון. אָבער חיים ווייצמאַן, אָפּגעשוואַכט פון זיין עלטער און מיט זיין טיפן און שטענדיקן פאַראַנטוואָרטלעכ־קייטס־געפיל, האָט איבערגעלאָזט דעם לעצטן אַקט פאַר דוד בן־גוריון.

ווייצמאַן האָט זיך צוריקגעקערט קיין לאָנדאָן באַלד נאָך דער אונ״אָ־רעזאָ־לוציע פון דעם 29סטן נאָוועמבער 1947, צו זיין אַ פּאָר וואָכן מיט זיין פאַמיליע, איידער ער האָט זיך געקליבן צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל. האָבנדיק שוין באַשטעלט די נסיעה, וואָס איז געווען באַשטימט אויפן 25סטן יאַנואַר 1948. ער איז בוכ־שטעבלעך געזעסן אויף זיינע וואַליזעס, ווען ער איז דרינגענדיק געבעטן געוואָרן צוריקצוקומען קיין ניו־יאָרק. די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט דאַן גענומען צוויפ־לען וועגן דער טיילונגס־רעזאָלוציע.

די פירערשאַפט פון דער יידישער אַגענטור אין ניו־יאָרק און אין וואַשינגטאָן איז דאַן געווען פּאַקטיש אימפּאָטענט. זי האָט נישט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט מיט דער אַמעריקאַנער רעגירונג זינט נאָוועמבער און איז געווען מאַכטלאָז צו באַאיינפלוסן דאָס, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַן ערנסטע באַוועגונג צו פאַראַ־ליזירן דעם אונ״אָ־באַשלוס. אין איינעם פון זייערע זעלטענע מאָמענטן פון חכמה זענען זיי געקומען צו מיר און מיך געבעטן, אַז איך זאָל צוריק אַריינבאַקומען ווייצמאַנען קיין ניו־יאָרק. ווייצמאַן — האָבן זיי געמיינט — וועט קאָנען צוריק־שטעלן דעם קאָנטאַקט מיט פּרעזידענט טרומאַן.

איך האָב געזאָגט, אַז אויב זיי ווילן, אַז ווייצמאַן זאָל צוריקקומען קיין ניו־יאָרק, דאַרפן זיי אים פאַרבעטן אין זייער אייגענעם נאָמען, אָבער דאָ איז געלעגן אַ „סענק״: זיי האָבן געוואָלט האָבן ווייצמאַנען, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט אָפיציעל אים פאַרבעטן. ער איז געווען „אויס״, און זיי זענען געזעסן אויף בענק־לעך. זיי האָבן אָנגעפירט די מערכה. אויב ווייצמאַן קאָן דאָ זיין, איז גוט און וווּיל. אָבער אַן אָפיציעלע איינלאַדונג צו אים קאָן וואַרפן אַ שלעכט ליכט אויף דער נייער פירערשאַפט. אַרטור לוריע, וועלכער איז דעמאָלט געווען פּאָליטישער סעקרעטאַר פון דער יידישער אַגענטור, האָט מיך געבעטן צו באַנוצן מיין איינ־

פלוס אויף ווייצמאַנען. איך האָב אים געזאָגט: „ניין, מיין גוטער חבר, אויב איר ווילט האָבן ווייצמאַנען, וועט איר אים דאַרפן איינלאַדן. אויב איר — איך מיין נישט אייך פּערזענלעך, איך מיין די פירערשאַפט פון דער יידישער אַגענטור — האָט נישט די איידלקייט און די אַנטשלאָסנקייט דאָס צו טאָן, וועל איך אים זאָגן, אַז ער זאָל זיך נישט רירן פון אָרט, ביז עס וועט קומען אַן אָפיציעלע איינלאַדונג".

די לאַגע איז געוואָרן וואָס אַ מאָל מער אַ ייאושדיקע איבער די פּלענער איינצופירן די נייע אינטערנאַציאָנאַלע אַפּוטרופּסות איבער ארץ־ישׂראל. די אַגענטור האָט סוף־כּל־סוף געמוזט זיך איבערלייגן און טאָן דאָס וואָס זי האָט נישט געוואָלט. ווייצמאַן איז איינגעלאַדן געוואָרן: ערשטנס דורך אַ דרינגנדיקער פּערזענלעכער טעלעגראַמע פון אבא אבן, און צווייטנס אָפיציעל דורך דער יידישער אַגענטור. אויך אבא אבנען האָט די אַמעריקאַנער פירערשאַפט פון דער יידישער אַגענטור נישט געוואָלט זען אין ניו־יאָרק. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אַלס אַן אָראַטאָר האָט אבא אבן זיי איבערגעשטיגן. און דאָס איז געווען אַ גענוגנדיקע זינד, שוין נישט רעכענענדיק זיין לאָיאַליטעט צו ווייצמאַנען.

חיים ווייצמאַן איז געקומען קיין אַמעריקע און האָט געהאַט אַ באַגעגעניש מיט פּרעזידענט טרומאַן, וועלכער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט שטאַרק דריקן אויף דעם, אַז די רעזאָלוציע פון די פאַראייניקטע פעלקער זאָל פאַרווירקלעכט ווערן. דער סטייט־דעפּאַרטמענט האָט אָבער געהאַט אַן אַנדערע מיינונג, און עס איז פאַרבליבן די קריטישע פראַגע: צי וועט פּרעזידענט טרומאַן זיך אונטערגעבן דעם דרוק פון סטייט־דעפּאַרטמענט, אָדער ער וועט דערפילן דעם צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן דעם אַלטן יידישן שטאַטסמאַן? טרומאַן שרייבט אין זיינע מעמואַרן, אַז זיין צוזאָג ווייצמאַנען האָט ביי אים איבערגעוויגן.

די פראַגע קאָן געשטעלט ווערן: אויב ווייצמאַן וואָלט פאַרלאָזט ניו־יאָרק באַלד נאָך זיין באַגעגעניש מיט טרומאַנען אין מערץ, צי וואָלט דער ווייטערדיקער רעזולטאַט פון דעם געשפּרעך — די אַמעריקאַנער אָנערקענונג פון דער יידישער מדינה — געווען דער זעלבער? ווייצמאַן האָט ווייטער באַאיינפלוסט די מענטשן, וועלכע זענען געשטאַנען נאָענט צו טרומאַנען. ער האָט ווייטער אַרויסגעגעבן דערקלערונגען פאַר דער פּרעסע וועגן דער אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט צו פּראָקלאַמירן די יידישע מדינה נאָכן סוף פון ענגלישן מאַנדאַט. ער האָט אַפּעלירט צו טרומאַנען אין אַ בריוו פון 13טן מאַי, בעטנדיק אים צו אָנערקענען די יידישע מדינה.

איך ווייס נישט און איך קאָן נישט ענטפערן אויף דער דערמאָנטער פראַגע. וואָס איך ווייס, איז — אַז ווייצמאַן האָט זייער שטאַרק געוואָלט פאָרן קיין ארץ־ישׂראל צו זיין דאָרט. ער האָט זיך געפילט נישט גוט אין ניו־יאָרק. און ער איז דאָרט פאַרבליבן נאָר דערפאַר, ווייל פון ארץ־ישׂראל און מצד די קאָלעגן אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט מען געמאַכט אַ דרוק אויף אים, ער זאָל בלייבן אין ניו־יאָרק. ער האָט אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פון אָנהאַלטן ווייטער זיין איינפלוס און ווירקונג אין דעם צענטער פון די געשעענישן, אין וואַשינגטאָן און אין דער אונ"אָ. אָבער עס האָט אים באַהערשט אַ פאַרדאַכט, אַז אין געוויסע קרייזן וויל

מען אים נישט זען אין ארץ־ישׂראל. זיין אינסטינקט האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז זיין אָרט איז אין דעם מאָמענט דאָרט, וווּ עס פאַלן די באָמבעס — אין תּל־אביב.

אָנהויב אַפּריל האָט ווייצמאַן מיר געגעבן אַ רמז: איך זאָל פאָרן קיין ארץ־ישׂראל „לתור את הארץ" פאַר אים. איך בין געפאָרן.

דעם 17טן אַפּריל 1948 האָב איך געשריבן ווייצמאַנען פון תּל־אביב:

איצט איז 3.30 פאַר טאָג. איך בין אויפגעוועקט געוואָרן פון שלאָף אַן ערך מיט אַ שעה צוריק, דורך דעם רעש, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַ גרויסע שלאַכט, וועלכע גייט אַן נישט ווייט פון דאַנעט. פייער פון מאַשין־געווער און אויפרייסן פון באָמבעס האָבן אָנגעפילט די לופט. די ערד האָט זיך געטרייסלט, און אַלץ צוזאַמען מיט איר. אויך בעת איך שרייב איצט, שאָקלען זיך די ווענט, דער טיש, מיין פען און דאָס פאַפּיר פון די אויפטרייסלונגען. דאַרף איך אייך זאָגן, אַז איך קאָן נישט שלאָפן? און ווי אַזוי קאָן איך אויסנוצן די דאָזיקע שעה בעסער, ווי צו שרייבן צו אייך? איך האָב דאָס געוואָלט טאָן די גאַנצע צייט, ממש פון דער זעלבער רגע ווי איך בין געקומען אַהער, אָבער איך האָב נישט געוווּסט מיט וואָס אָנצוהייבן און וואָס צו זאָגן. הונדערט קשיות שפּרינגען אויף אין מוח. אָבער עס איז נישטאָ קיין ענטפער פאַר זיי. איך, לכל הפּחות, האָב נישט קיין ענטפער.

עס וואָלט געווען נישט פּאַרזיכטיק פון מיין זייט צו פּרוּוון אַפילו אָפּצושאַצן די לאַגע אין ארץ־ישׂראל. איך געפין זיך דאָ וויניקער פון פינף טעג, אָבער עס זעט שוין אויס ווי אַן אייביקייט. אַזוי פיל איינדרוקן פילן מיך אָן. און איין רושם שטופּט אַרויס דעם צווייטן. אויב ארץ־ישׂראל איז אַ לאַנד, וווּ קאָנטראַסט איז דיין נאָענטסטער שכן, איז עס איצט אַ סך מער ווי ווען עס איז פריער. פרייד און צרות גייען האַנט־אין־האַנט. אויפבוי און צעשטערונג גייען אַן כמעט אין דער זעלבער מאָס. דער מוט, די עקשנות, דער אויסדויער, די אַנטשלאָסנקייט פון אונדזער יוגנט; איר אַבסאָלוטע קרבנות־גרייטקייט און נישט רעכענען זיך אין גאַנצן מיט די אייגענע לעבנס אין דעם קאַמף פאַרן קיום, זענען צייטנווייז אַ קאָנטראַסט מיט דער טיפּשות פון אַ טייל פון אונדזער פירערשאַפט. איך, לכל הפּחות, זע דעם קאָנטראַסט. אָבער ווער בין איך צו משפּטן? איך וויל נישט זיין אומגערעכט, ווייל אויך דער פירערשאַפט פעלט נישט קיין מוט און איבערגע־געבנקייט. עס קאָן זיין, אַז עס פעלט איר די פעיקייט ווי געהעריק אָפּצושאַצן די לאַגע; אַז זי האָט נישט די ווייטזיכטיקייט און דעם נויטיקן ישוב־הדעת פאַר אירע האַנדלונגען אין דעם מצב, אין וועלכן מיר געפינען זיך. ווער ווייסט — עס קאָן זיין, אַז דאָס איז די סיבה פון געוויסע טראַגישע מאַניפעסטאַציעס צווישן אונדזער יוגנט. אָבער אין סך־הכּל קאָן מען זאָגן וועגן אונדזערע יונגע מענטשן דאָ, וואָס עס איז אַמאָל געזאָגט געוואָרן וועגן אַן אַנדערער יוגנט: קיין מאָל זענען אַזוי פיל (ליידער נישט צו פיל) נישט געווען שולדיק אַזוי פיל צו אַזוי וויניקע. ווייל מען קאָן באמת זאָגן, מיין טייערער שעף, אַז אונדזערע בחורים און מיידלעך, דאָס שענסטע און בעסטע פון אונדזער פאָלק, זענען מקריב זייערע לעבנס, קעמפנדיק אָפט מיט די בלויזע הענט און נאַקעטע ברוסטן, בכדי אונדזער פאָלק זאָל בלייבן לעבן — נישט בלויז דאָ, נאָר אומעטום אין דער וועלט. איך צווייפל, צי אונדזערע מענטשן אין אַמעריקע פאַרשטייען דאָס.

מיר זענען אָנגעקומען דאַנערשטיק אָוונט אַרום 11 אַ זייגער נאָך אַ פליפייזע איבערן ים, וואָס איז געווען כמעט נורמע און אָן באַזונדערע געשעענישן. עס איז געווען אַ שיינע לבנה־נאַכט. רו און פרידן האָט געהערשט אין לוד. די בערגלעך, וואָס האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדזערע אויגן און וואָס האָבן זיך דורכגע־

טראָגן דורך אונדז ווי זאַמד-כוואַליעס; און דער זיסער ריח פון די בליִענדע ציטרוס-סעדער האָבן אונדז געגעבן אַ נישט-רעאַליסטישן פּאַראַגעפֿיל פון דעם, וואָס מיר האָבן דאָ שפּעטער געפונען. עס איז געווען שווער צו גלויבן, אַז אונטער דער דאָזיקער כולמרשטער שטילקייט זענען דאָ אומרוען, געפאַרן, קאָנפליקטן און קאַמפן. אָבער דאָס איז געווען. אויך דאָס איז אַ טייל פון דער רעאַליטעט, אָדער אומרעאַליטעט, אָפּהענגיק פון דעם, וואָס פאַר אַ מיינונג איר האָט וועגן דער לאַגע.

מיר זענען דורכגעגאַנגען אין לוד די געוויינלעכע פּראָצעדור אָן צו פיל שוועריקייטן. די באַאַמטע, וואָרשיינלעך צוגעגרייט פריִער, האָבן געמאַכט אַ פולן פּרוּוו אַריינצוקוקן אין אונדזער באַגאַזש, אָבער זיי האָבן אים דערנאָך אויפגעגעבן, מאַכנדיק אַ מינע פון פולשטענדיקער גלייכגילטיקייט, ווי איינער זאָגט: „גייט אייך אייער וועג, וואָס אַרט עס אונדז". קיין זאַך איז נישט קאָנטראָלירט געוואָרן. אַלץ איז געווען פיין און פריינדלעך. אַראָבער און יידן האָבן זיך צונויפגעמישט, באַגריסנדיק וואַרעם איינער דעם אַנדערן, רעדנדיק העבּרעיִש איינער צום אַנדערן! אין לוד לכל הפחות, האָט אין דעם מאָמענט אויסגעזען, ווי די מאַנדאַט-רעגירונג וואָלט שוין געהאַט פאַרשווּונדן. געווען שלום ושלווה.

געוויס האָבן מיר נישט געקאָנט פאַרלאָזן דאָס לופטפעלד אין מיטן דער נאַכט. מיר זענען פאַרבליבן ביז אין דער פרי, ווען עס איז געקומען אַן עראָפּלאַן צו נעמען אונדז קיין תל-אביב. „עראָפּלאַן" איז אַ ביסל אַ גוזמא. ער האָט אויסגעזען מער, ווי איינער פון די שפּילצייג, וואָס מען געפינט ביי מעיסים. דאָס איז אַ טייל פון אונדזער „ראַיאַל" * (אָדער ווי מען רופט עס דאָ: ישראַיאַל) לופטמאַכט. אין פאַרלויף פון זיבן אָדער אַכט מינוט זענען מיר געווען אין תל אביב. ווען מיר זענען אַראָפּגעגאַנגען פון עראָפּלאַן, איז דער ערשטער, וועלכער האָט אונדז באַגריסט, געווען אַ הויכער יונגערמאַן מיט אַ בערדל, וועלכער האָט אויסגעזען מער ראַבין הוד, ווי אַ פּליִער. ער איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי עזר ווייצמאַן, אייער עזר **. עס איז געווען עפּעס סימבאָלישעס אין דער דאָזיקער באַגעגעניש. צוויי טעג פריִער האָב איך זיך געזעגנט מיט זיין פעטער אין ניו-יאָרק. און דער ערשטער ייד, וועמען איך האָב באַגעגנט אין ארץ-ישראל, איז געווען זיין העלדישער פלימעניק. מיר האָבן זיך אַרומגעהאַלדזט און צעקושט. איך האָב פאַרגאָסן אַ שטילע טרער. אָבער איך צווייפל, צי דאָס איז געשען מיט אים.

זונטיק באַלד אין דער פרי זענען מיר, שירלי און איך, געפאָרן קיין רחובות.

מיט דער געהעריקער פּאָמפּע און צערעמאָניע איז געקומען צו אונדז אַ געפאַנצערטער אויטאָמאָביל (ריכטיקער אַ לאַסט-אויטאָ), און מיר האָבן אָנגעהויבן די נסיעה. מיר זענען געפאָרן איבער זאַמדיקע וועגן, פּרדסים, חרובע סטעזשקעס, מאַכנדיק אַן אומוועג דורך מקווה ישראל, חולון און מולדת, ביז מיר זענען אַרויס אויפן הויפטשאָסיי ביי ראשון. עס איז געווען נישט באַקוועם. מיר האָבן זיך געפילט אַ ביסל צערודערט. דאָך איז עס געווען אָנגענעם. פאַר וואָס אַ געפאַנצערטער אויטאָמאָביל און די אַלע מעשיות? — ווייס איך נישט. אָבער אַזוי האָט די מאַכט באַשלאָסן. און מיר האָבן געפאָלגט. דער זעלנער האָט געהאַלטן זיין ביקס, און אויף אַ משונהדיקן אופן איז זיין ביקס געווען געצילט אין מיין ריכטונג. איך האָב אַ ביסל פּראָטעסטירט קעגן דער דאָזיקער פּאָזיציע, אויף וואָס ער האָט געענטפערט: „מיסטער, איר דאַרפט זיך נישט שרעקן. איך

---

* אַ וואָרטשפּיל פון ענגלישן ראָיאַל (קעניגלעכן) מיט יש-ראַיאַלדיקן.

** עזר ווייצמאַן, ד"ר חיים ווייצמאַנס פלימעניק איז געווען דער הויפּט-אַרכיטעקט פון ישראלדיקן לופטפלאָט.

קאָן אַפּילו נישט באַגיין זעלבסטמאָרד מיט דער דאָזיקער ביקס. דאָס איז בלויז למראית-עין". מיר זענען דורכגעפּאָרן דורך אומצייליקע פּאַרצווימונגען אויפן וועג, ווי מען האָט אונדז שטרענג אונטערזוכט, אויסגעפּרעגט, אַלץ זייער פריינדלעך, אַלץ זייער גוטמוטיק. די מיידלעך און די בחורים האָבן אויסגעזען פאַרשטויבט, מיד, אָבער קרעפטיק און אין אַ געהויבענער שטימונג. אַ שיין מיידל, מיט צע־פלאַמטע אויגן, וועלכע האָט געטראָגן רײַטשטיוול, אין אַ מונדיר וואָס איז זייער גוט געפּאַסט פּאַר איר, און מיט אַ ביקס אויף דער פּלייצע, האָט אונדז באַ־גריסט, ווען מיר זענען אַרויסגעקומען פון פּרדס אויפן הויפּטשאָסיי. איך מיין, אַז אויך זי איז געווען למראית-עין.

אונדזער באַווייזן זיך אין רחובות איז געווען ווי אַן אמת צוריקקומען אַהיים. די פרייד, די אויפרודערונג זענען געווען אומבאַשרייבלעך. עס האָט אויסגעזען אַזוי ווי עמעצער וואָלט געקומען פון אַ ווייטן לאַנד. עס איז שווער איבערצוגעבן די געפילן, וועלכע האָבן פאַרפלייצט מיין האַרץ, ווען איך בין אַריינגעקומען אין אינסטיטוט און האָב געזען, וואָס דאָרט איז אויסגעוואַקסן. דאָס איז עפּעס אַזעלכעס, וואָס מען דאַרף אַליין זען בכדי מען זאָל עס קאָנען אָפּשאַצן. אין מיטן פון אָט דעם גאַנצן שטורעם, פון דעם פּחד און עגמת נפש, אין מיטן פון טויט גופא, אַרבעט אונדזער פאָלק און שאַפט מיט אַן איבערגעגעבנקייט, וואָס מען זעט זעלטן ערגעץ-אַנדערש — אין דער האָפענונג, אַז עס וועלן קומען בעסערע צייטן.

מיין ערשטע אויפגאַבע איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען צו באַזוכן אַלע אָפּטיילונגען פון דעם נייעם אינסטיטוט, וואָס איז נאָך נישט מעבלירט, אָבער זעט שוין אויס כמעט ווי פאַרענדיקט. מיר זענען דורכגעגאַנגען יעדעס צימער און ווינקל. די לאַבאָראַטאָריעס, די נייע וואַרשטאַטן — אַלץ. חנה איתין האָט באַ־מערקט, אַז מיט אַ מאָל האָב איך פאַרלוירן דאָס לשון. עס איז טאַקע אַזוי גע־ווען. קאָן זיין, אַז דער ריכטיקער אויסדרוק וואָלט געווען: עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם, ווען מען זעט דאָס אַלץ.

מסתמא וועט נאָך דויערן אַ צוויי אָדער דריי חדשים, ביז אַלץ וועט פאַר־ענדיקט ווערן, נישט געקוקט אויף דעם וואָס עטלעכע הונדערט מענטשן אַרבעטן דאָ. די לאַנגע פאַרשפּעטיקונגען זענען געשען איבער די פאַרשטענדלעכע סיבות — די אומנאָרמאַלע לאַגע, דער דוחק אין בוי-מאַטעריאַלן, די נישט-רעגולערע ליפערונגען און אַנדערע. דאָס אַלץ האָט זייער אַ סך פאַרגרעסערט די הוצאות. ווען איך האָב אַרויסגעבראַכט די מחשבה, אַז אפשר זאָלן מיר צייטווייליק אָפּ־שטעלן די אַרבעט און זי באַנייען ווען די צייטן וועלן זיין מער נאָרמאַל, האָט אויף יעדן פּנים זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון אַזאַ נבהל ונשתומם ווערן, וואָס מען קאָן גאָר נישט שילדערן. איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב זיך פאַרשעמט צוליב דעם וואָס איך האָב בלויז צוגעלאָזן אַזאַ געדאַנק אין מיין מוח. דאָ ווערט גאָרנישט אָפּגעשטעלט. דאָס וואָרט „אָפּשטעלן", „אָפּלייגן אויף בעסערע צייטן" עקזיסטירט נישט אין דעם ווערטערבוך פון אונדזער פאָלק דאָ.

דער אינסטיטוט פונקציאָנירט איצט אין דריי שיכטן, צו אַכט שעה יעדע איינע, און טוט וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט מיט מער מענטשן, ווי מיר האָבן ווען עס איז זיך פאַרגעשטעלט. וואָס עס ווערט דאָ געטאָן, האָט בערגמאַן אייך געשריבן. אַלץ איז זייער וויכטיק און זייער נויטיק. מיר אין רחובות זענען די איינציקע, וועלכע קאָנען דאָס טאָן. ווי זאָגט דאָס אַלטע יידישע ווערטל: „גאָט שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה".

דאָס אַלץ ווערט געטאָן, ווי איך האָב שוין געזאָגט, ביי גרויסע שוועריקייטן, און ביי זייער ערנסטע באַדינגונגען. דאָס איז מיר קלאָר געוואָרן מיט דער גאַנ־צער שאַרפקייט מאָנטיק אין דער פרי, ווען פון אַלע זייטן האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי פון ביקסן. אונדזערע אַרבעטער זענען געלאָפן זיך באַהאַלטן. אָבער

פינף מינוט שפּעטער איז אַלץ געווען פאַרביי, און די אַרבעט איז ווייטער אָנגע-גאַנגען ווי עס וואָלט קיין מאָל גאָרנישט געשען. דאָס האָבן עטלעכע ענגלישע סאָלדאַטן זיך „צעשפּילט" סתם אַזוי, פאַר ספּאָרט ווענן, ווען זיי זענען דורכגע-פאָרן אין אַ באַנצוג און האָבן זיך פרייליך געמאַכט אויף אונדזער חשבון. צום גליק איז קיינער נישט פאַרווּנדעט געוואָרן. אַזעלכע זענען די באַדינגונגען, ביי וועלכע די אַרבעט גייט דאָ אָן אומעטום. אָבער זי גייט אָן!

דאָס פירט מיך אַרויף אויף דער פראַגע פון אייער צוריקקומען אַהיים. איך ווייס ווי שטאַרק אייער האַרץ בענקט נאָך רחובות. איך האָב שפּאַצירט נעכטן אין דרויסן, פאַר אייער היים, און איך האָב געבעטן גאָט, ער זאָל אייך שענקען פרישע כוחות, איר זאָלט קאָנען צוריקקערן צו אייער שיינער היים; איר זאָלט הנאה האָבן פון דער באַקוועמלעכקייט און פון דער פּראַכט אין אייער הויז און פון די דופטיקע ריחות פון אייער גאָרטן. אָבער איך האָב מורא, אַז דאָס קאָן נישט געשען איצט. יעדער פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש, מיט וועמען איך האָב דאָ גערעדט — און איך האָב גערעדט מיט זיי אַלעמען — בן-גוריון, קאַפּלאַן, שפּרינצאַק, די קאָמאַנדירן — אַלע האָבן זיי די זעלבע מיינונג: זיי פאַרשטייען אייער פאַרלאַנג, זיי שאַצן אָפּ אייער שטאַרקן ווילן. זיי ווייסן אַלע, וואָס עס וואָלט באַדייט פאַרן ישוב, ווען איר וואָלט געווען צווישן זיי איצט. און דאָך האַלטן זיי, אַז עס וואָלט געווען אומפאָרזיכטיק און נישט שכלדיק פאַר אייך צוריקצוקומען אַהער אין דער איצטיקער צייט. איך ווייס, אַז די דאָזיקע עצה וועט אייך ווי טאָן, אָבער איך קאָן נישט העלפן. איך מוז אייך זאָגן דעם אמת. עס איז ווייניקער געפערלעך פאַר אונדז, פשוטע בשר ודמס, וועלכע רעכענען זיך זייער ווייניק, אָדער אין גאַנצן נישט. איר וועט דעריבער דאַרפן בלייבן אין חוץ לארץ עד יעבור זעם. דעמאָלט, האָף איך, וועט דער אינסטיטוט שוין זיין פאַרענדיקט, און יעדע אָפּטיילונג וועט פונקציאָנירן. „נוה ווייצמאַן" וועט זיין אַ בליִענדיקער גאָרטן, און איר וועט הנאה האָבן פון דער אַרבעט און פון דער מנוחה אין אייער סביבה. ביז דעמאָלט וועט איר דאַרפן בלייבן אין גלות.

איך קער זיך צוריק צו דער אַלגעמיינער סיטואַציע. ווי איר ווייסט, איז ירושלים די לעצטע עטלעכע וואָכן געווען באַלאַגערט. קיינער האָט נישט געקאָנט אַריינקומען אין דער שטאָט. זיי האָבן געוואָלט אויסהונגערן די באַפעלקערונג. דער הערויִזם, דער קוראַזש, די קרבנות פון אונדזער יוגנט האָבן געעפנט דעם וועג צווישן תל-אביב און ירושלים. נעכטן און אייערנעכטן, ווען איך בין צוריק-געקומען פון רחובות קיין תל-אביב, זענען מיר דורכגעפאָרן דורך קאָנוואָיען פון הונדערטער לאַסטאויטאָס מיט שפּייז און אַנדערע נויטיקע זאַכן, וואָס זענען געפאָרן קיין ירושלים. פון פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד זענען זיי זיך צוזאַמענ-געקומען אין רחובות. דאָרט האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט און געפאָרן ווייטער. עס האָט דערפרייט דאָס האַרץ צו זען די דאָזיקע הונדערטער לאַסטאויטאָס אָנגע-לאָדן מיט שפּייז, ווי זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט קיין ירושלים צו ברענגען טרייסט און הילף פאַר די שווער-געליטענע איינוווינער פון דער עיר הנצח. איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן דאָס דאָזיקע בילד.

אין די לעצטע עטלעכע טעג האָבן מיר געהאַט אונדזערע טראַגעדיעס. די „הדסה"-דאָקטוירים און די קראַנקן-שוועסטער, און דער אָרעמער פורמאַנסקי *.

* דעם 13טן אַפּריל 1948 איז אַ באַוואָפנטער קאָנוואָי פון הדסה-שפּיטאָל אויפן הר הצופים אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די אַראַבער, און 7 פערזאָן, צווישן זיי דאָקטוירים, קראַנקן-שוועסטער און אַנדערע פון פּערסאָנאַל זענען דערהרגעט געוואָרן. משה פור-מאַנסקי, אַ געוועזענער שליח פון „השומר הצעיר" אין אַמעריקע, וואָס האָט אַריינגע-צויגן מיין טאָכטער אין דער פּאַרטיי, איז דערהרגעט געוואָרן אין דער שלאַכט פאַר משמר העמק, דער קיבוץ, ווּ ער האָט געלעבט.

דאָס אַלץ איז אַזוי שווידערלעך. און דאַך — דער אויסדויער, די אַנטשלאָסנקייט, דער ווילן צו לעבן טרייבט אונדזערע מענטשן צו אוממעגלעכע מעשים. מענטשן מיט אַזאַ שטאַרקן מוט מוזן זיגן.

אין אַנבליק פון דעם אַלעם, מיין ליבער שעף, מיינען זייער ווייניק די קולות, וואָס קומען פון לעיק סאַקסעס (פון דער אונ״אַ) — זיי זענען אַזוי נישט־רעאַ-ליסטיש. זיי ווייסן דאָרט נישט ווער עס זענען אונדזערע מענטשן און וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר. אונדזערע מענטשן ווייסן, אַז דאָס איז זייער מסדה, אָבער פון אַן אַנדערן מין. דאָס מאָל מיינען זיי נישט איבערצולאָזן בירושה אַ גלאָר-רייכע מפלה, נאָר אַ גרויסן נצחון. מיר וועלן האָבן אַ סך אבידות. מיר וועלן דאַרפן מאַכן גרעסערע אָנשטרענגונגען און ברענגען מער קרבנות. אויב די גאַנצע וועלט וועט זיך נישט פאַרמאַכן פאַר אונדז, וועלן מיר איבערלעבן דעם דאָזיקן ביטערן נסיון און שרעקלעכע פּיין. און מיר וועלן דערלעבן בעסערע צייטן. און איר, מיין טייערער שעף, וועט זיך צוריקקערן אין אייער לאַנד, געשטאַרקט פון דעם באַוווּסטזיין, אַז די מענטשן, צווישן וועלכע איר וועט זיך געפינען, פאַרדינען אייער אָנוועזנהייט.

מיט מיין גאַנצער ליבע צו אייך און צו פרוי ווייצמאַן, צו וואָס שירלי שליסט זיך אָן. —

מיט דרך ארץ און איבערגעגעבנקייט
אייער מאיר

אין ליכט פון די אינטערפּרעטאַציעס, וואָס זענען שפּעטער געמאַכט גע־וואָרן וועגן ווייצמאַנס אָפּוועזנהייט פון ארץ־ישׂראל, מיין איך, אַז דער דאָזיקער בריוו מיינער דעקט אויף אַ געוויסע נאַיִוויטעט פון מיין זייט. מיין איבערגעגעבנ־קייט צו ווייצמאַנען און מיין גרויסע איבערוועגנדיקע זאָרג פאַר זיין פיזישן וווילזיין האָט פאַרטונקלט מיין שׂכל הישר צו קאָנען אָפּשאַצן די לאַגע. איך האָב אויך געוווּסט, אַז ווייצמאַן איז דער איינציקער, וועלכער האָט דעם גענוגנדיקן איינפלוס צו קאָנען אָפּהיטן און פאַרזיכערן אונדזערע אינטערעסן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. ווייצמאַנס אָנוועזנהייט אין אַמעריקע האָט געבראַכט אַן אומ־געהויערן נוצן דער יידישער מדינה פריִער און דערנאָך, נאָך איר פּראָקלאַמירונג. אָבער פאַר ווייצמאַנען אַליין איז עס געווען אַ גרויסע רעה.

ס׳איז שווער צו באַשטימען, צי עס איז באמת געווען — ווי חיים ווייצמאַן האָט חושד געווען — אַ דורכגעטראַכטער פּלאַן אין דעם גאַנג פון די געשעענישן אין ארץ־ישׂראל אין יענער צייט פון דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה, אַז ער זאָל אין דער גרויסער שעה נישט זיין אין לאַנד. אַלע ווייסן, אַז דוד בן־גוריונס שטעלונג צו ווייצמאַנען איז געווען אַ געמיש פון געפילן און באַציִונג. באַוווּנ־דערונג, אַפילו ליבע, און קנאה זענען געגאַנגען האַנט אין האַנט. בן־גוריון איז אָן צווייפל געווען דער פירער פון דער יידישער ארץ־ישׂראל, און קיינער האָט נישט אָפּגעפרעגט זיין פירערשאַפט. אָבער ווייצמאַן איז נאָך אַלץ געווען דער אַלגעמיין אָנערקענטער פירער פון יידישן פאָלק. ער איז געווען דער גרויסער עלטערער שטאַטסמאַן, וועלכער האָט געפירט זיין פאָלק צו דער מלוכהשאַפט. אַזוי ווי משה, האָט ער אַרויסגעפירט זיין פאָלק פון גלות און געבראַכט אין צוגע־

זאָגטן לאַנד און אַזוי ווי משה, איז אים — ווי עס איז געשען — נישט דערלויבט געוואָרן אַריינצוקומען אין לאַנד ישׂראל. דער ענדגילטיקער נצחון איז איבער־געלאָזט געוואָרן פאַר יהושע בן נון. די פראַגע, וואָס מאַטערט מיך און וואָס מאַטערט ווייצמאַנען, איז: צי האָט דער מאָדערנער יהושע גענומען אויף זיך די ראָל פון אויבערשטן, אָפּזאָגנדיק משהן — ווען קיינער האָט נישט געקאָנט מאַכן קיין שום פאָרוואורף — די מעגלעכקייט אַריינצוקומען אין לאַנד, אָדער איז עס געווען בלויז אַ צופעליקער רעזולטאַט אין דעם לויף פון די געשעענישן און אַנטוויקלונגען?

סיידן איך וועל באַשולדיקט ווערן אין איבערטרייבן, צוריקקוקנדיק אויף דער פאַרגאַנגענהייט — דאָס קאָן פאַסירן מיט יעדן איינעם, וועלכער שרייבט וועגן אַ תּקופה, אין וועלכער ער אַליין איז געווען טיף אַריינגעמישט — וויל איך דאָ צוגעבן אַ סוף־פּסוק צו דער געשיכטע פון די געשעענישן אין יענע טעג.

מדינת ישׂראל איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין תּל־אָביב דעם 14טן מאַי 1948. דעם זעלבן טאָג האָט חיים ווייצמאַן באַקומען אין ניו־יאָרק אַ טעלעגראַמע פון דער פּראָוויזאָרישער ישׂראל־רעגירונג. אין דער טעלעגראַמע איז געזאָגט געוואָרן: „ביים גרינדן די יידישע מדינה שיקן מיר אונדזער באַגריסונג צו אייך, וועלכער האָט געטאָן מער פון יעדן אַנדערן לעבעדיקן מענטש פאַר דער שאַפונג פון דער מדינה. אייער שטעלונג און הילף האָט אונדז אַלעמען געשטאַרקט. מיר קוקן אויס דעם טאָג, ווען מיר וועלן אייך זען אַלס דעם הויפּט פון דער מדינה, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין שלום״. די טעלעגראַמע איז געווען אונטערגע־שריבן פון דוד בן־גוריון, אליעזר קאַפּלאַן, דוד רמז, גאָלדע מאירסאָן (מאיר) און משה שערטאָק (שרת), די פינף אַרבעטער־פירער אין דער נייער רעגירונג. צוויי טעג שפּעטער האָט דער פּראָוויזאָרישער ראַט פון דער מדינה אויסגעוויילט חיים ווייצמאַנען אַלס פּרעזידענט, און די בלויווייסע פאָן איז אַרויסגעהאָנגען געוואָרן איבערן וואַלדאָרף־אַסטאָריאַ־האָטעל אין ניו־יאָרק, ווו ער איז איינגע־שטאַנען. דאָך — און דאָ קום איך צו דעם עיקר פון מיין סוף־פּסוק — ווען די אומאָפּהענגיקייטס־דעקלאַראַציע איז אונטערגעשריבן געוואָרן דורך די מיטגלי־דער פון דעם פּראָוויזאָרישן ראַט, איז נישט איבערגעלאָזט געוואָרן קיין אָרט פאַר אַ חתימה פון חיים ווייצמאַן.

איז עס געווען אַ פאַרזען? אַזוי האָבן שפּעטער עטלעכע געטענהט. אַן אומ־פאַרמיידלעכער טעכנישער ענין? אַזוי האָבן געזאָגט אַנדערע. ווייצמאַן איז נישט געווען קיין מיטגליד פון פּראָוויזאָרישן ראַט, בלויז דער פּרעזידענט. ער איז נישט געווען אין תּל־אָביב, ווען דער דאָקומענט איז געחתמעט געוואָרן, אָבער די אומאָפּהענגיקייטס־דעקלאַראַציע פון מדינת ישׂראל איז נישט קיין טעכנישער דאָקומענט, וואָס איז דורכגעשטופּט געוואָרן אין מיטן פון די הייסע טעג פון דעם קאַמף. יעדער נאָמען, וואָס איז אַרויפגעשטעלט געוואָרן אויף דער דעקלאַ־ראַציע, בלייבט פאַר די קומענדיקע דורות מיט אייביקן כּבוד אין דער יידישער געשיכטע. דער אינהאַלט פון דער דעקלאַראַציע מיט די חתימות וועט רעפּראָ־דוצירט ווערן פיל טויזנטער מאָל אין די געשיכטע־ביכער און אין די לערנביכער

אין די שולן. און נאָך עפּעס: צוועלף — איך שטרייך אונטער נאָך אַ מאָל — צוועלף, פון די, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן די אומאָפּהענגיקייטס־דעקלאַראַציע, זענען נישט געווען אין תל־אביב, ווען זי איז געחתמעט געוואָרן. צען פון זיי זענען געווען אין ירושלים. צוויי פון זיי זענען געווען אַזוי ווייט אין אויסלאַנד, ווי ווייצמאַן, אין ניו־יאָרק. דאָך איז איבערגעלאָזן געוואָרן אָרט פאַר זייערע חתימות. צי האָט מען דאָס זעלבע נישט געדאַרפט נעמען אין באַטראַכט לגבי ווייצמאַנען? „איר, וועלכער האָט געטאָן מער פון יעדן אַנדערן לעבעדיקן מענטש פאַר דער שאַפונג פון דער מדינה" — ווייזט אויס, אַז נישט. בלייבט דעריבער די פראַגע: איז געווען דערביי אַ כוונה? איך האָב אַ מיינונג וועגן דעם, אָבער נישט קיין ענטפער. הינטער דעם טעכנישן ענין פון דורכלאָזן ווייצמאַנס נאָמען איז געווען אַ טעם, וואָס דריגגט אַריין ווייט אין דער געשיכטע.

מיר איז אויסגעקומען צו האַנדלען וועגן דעם ענין אַ סך מאָל, אָפטער מיט שטאַרקער אויפרעגונג ווי מיט באַדויערן. אין 1957 בין איך אויפגעפאָדערט געוואָרן פון דער ישׂראל־רעגירונג צו זיין דער וועלט־פאָרזיצער צו אָרגאַניזירן די פייערונגען צום צען־יאָריקן יובילײ פון דער יידישער מדינה. איך האָב נאָכ־געגעבן דעם פאַרלאַנג מיט וואַקלענישן. ס'איז געווען אַן אַרבעט, וואָס קיין שום מענטש מיט אַ געזונטן שׂכל וואָלט זיך נישט אונטערגענומען צו טאָן. איך האָב געבעטן בן־גוריונען, וועלכער איז דעמאָלט געווען פּרעמיער־מיניסטער, ער זאָל מיר דערפאַר געבן פאַרויס אַ „באַלוינונג" דורך פאַרריכטן אויף וועלכן עס איז אופן דעם היסטאָרישן „פאַרזען", אָדער דעם „טעכנישן ענין". בן־גוריון איז, ווי געוויינלעך, געווען פאַרנומען מיט שרייבן די גאַנצע צייט, בעת איך האָב גערעדט מיט אים. און ער האָט אָפּגעפּטרט דעם ענין מיט אַ צי מיט די אַקסלען: „ווייצמאַן נויטיקט זיך נישט אין דעם". איך האָב מסכּים געווען: „ווייצמאַן נויטיקט זיך נישט אין דעם. ער איז שוין טויט. אָבער" — האָב איך צוגעגעבן — „די יידן נויטיקן זיך אין דעם. ישׂראל נויטיקט זיך אין דעם. די געשיכטע נויטיקט זיך אין דעם. דער אמת נויטיקט זיך אין דעם". מיין רעדן איז געווען אומזיסט. ס'האָט נישט געהאָלפן.

ס'איז געווען אין 1967, פּונקט יאָר נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און פופצן יאָר נאָך ווייצמאַנס טויט, ווען די דאָזיקע אומגערעכטיקייט איז טיילווייז פאַרריכט געוואָרן. די אשכול־רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן אַ פּראָקלאַמאַציע דורך דעם פּרעזידענט פון ישׂראל, זלמן שזר, ביי דער פאַרזאַמלונג לכבוד דעם באַלפור־טאָג אין רחובות. דאָס איז נישט געווען דער אופן, אויף וועלכן איך האָב גע־וואָלט, אַז דער ענין זאָל דורכגעפירט ווערן. אָבער אַזוי איז עס געטאָן געוואָרן צוליב טעמים, וועלכע איך האָב קיין מאָל נישט געקאָנט פאַרשטיין. ס'איז אַ דאָקומענט פון אָנערקענונג, וועלכער וועט ליגן — אַזוי האָט מען מיר צוגעזאָגט — זייט־ביי־זייט מיט דער אומאָפּהענגיקייטס־דעקלאַראַציע אין די אַרכיוון פון דער מדינה. ווען איך שרייב די שורות, איז דער דאָזיקער דאָקומענט נאָך אַלץ ערגעץ ווו באַגראָבן.

דער פּאָליטישער טעם פון דעם ענין האָט ווייצמאַנען שטאַרק ווי געטאָן, און ער איז אַרומגעגאַנגען דורך דעם מיט אַ טיפער ווונד. אָבער רעדן וועגן דעם פלעגט ער מיט בייסיקער איראָניע. ער האָט זיך פאַרגליכן מיט דעם שדכן אין פינסק — ווו ער איז אויפגעוואַקסן — וועגן וועמען עס זענען אַרומגעגאַנגען מעשׂיות, אַז ער האָט שווער און ביטער געאַרבעט אויף זיין פּרנסה. איין מאָל האָט ער געמוזט אַרומלויפן ווי אַ משוגענער צונויפצופירן אַ שידוך צווישן אַ חתן און אַ כּלה, וועלכע האָבן געלעבט אין פאַרשיידענע שטעט. ער האָט גע־דאַרפט צורעדן דעם שידוך נישט בלויז די עלטערן, נאָר אויך אַלע קרובים, קעגנער, און סתּם אַלערליי בעלי־טובֿהס, וועלכע האָבן זיך אַריינגעמישט. ער האָט אַפילו נישט דערוואַרט, אַז מען זאָל אים געבן שדכנות־געלט. אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט, איז געווען: מען זאָל אים לאָזן זאָגן איינע פון די ערשטע שבֿע ברכות אונטער דער חופּה. אָבער דער סוף איז געווען, אַז דאָס יונגע פּאָרל האָט זיך פאַרקנסט, און ווען עס איז געקומען צו דער חתונה, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז די חופּה איז שוין געשטעלט געוואָרן אָן אים. „נאָך אַלעמען בין איך דאָך געווען דער שדכן" — האָט ווייצמאַן געזאָגט — „האָבן זיי נישט געקאָנט איבער־לאָזן פאַר מיר איינע פון די שבֿע ברכות?"

וועגן דעם פאַקט פון ווייצמאַנס אָפּוועזנהייט פון ישׂראל אין דעם היסטאָרישן מאָמענט זענען שפּעטער פאַבריצירט געוואָרן פאַרשיידענע מעשׂיות דורך די, וועלכע זענען געווען דירעקט פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר. פעיִקער און געשיקטער זענען געווען די, וועלכע האָבן בכלל נישט אויפגעבויט קיין געשיכטעס וועגן דעם. לויט דעם דאָזיקן נוסח איז ווייצמאַן פּשוט געווען אין ניו־יאָרק אין דער צייט פון אונטערשרייבן די אומאָפּהענגיקייטס־דעקלאַראַציע. קיין שום גרונט און סיבה ווערט דערביי נישט אָנגעגעבן. עס ווערט נישט דערמאָנט וועגן ווייצמאַנס באַ־מיִונגען אין אונ"אָ; וועגן זיין באַגעגעניש מיט טרומאַנען. לויט דער ווערסיע, קען מען אַפילו אָננעמען, אויב איינער וויל, אַז ווייצמאַן האָט זיך פראָסט און פּשוט געפונען אין ניו־יאָרק אויף וואַקאַציע.

איינע פון די צוגעטראַכטע געשיכטעס, וואָס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין יענער צייט — און אַ סך האָבן אויך געגלויבט אין איר — איז געווען, אַז ווייצמאַן האָט פּאַקטיש זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישׂראל דעם 14טן מאַי 1948. מיט וואָס האָבן זיי עס דערקלערט? מיט אַ פּלוצלונגדיקער אַטאַקע פון פּחד, וואָס זאָל האָבן באַהערשט ווייצמאַנען, מיט דער מוֹרא, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע וועלט וועט דאָס אָפּוואַרפן. קלאַנגען פון דעם מין האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן לייכטער, ווי מען האָט זיי געקאָנט אָפּלייקענען. אָבער קיינער האָט נישט געוווּסט בעסער פון בן־גוריונען וואָס עס איז געווען ווייצמאַנס שטעלונג אין דער פראַגע, און קיינער ווייס נישט בעסער פון מיר, אַז בן־גוריון האָט געוווּסט!

זייענדיק אין יענע וואָכן אין ארץ־ישׂראל, האָב איך נאָך דעם ווי איך האָב געהאַט מיינע באַגעגענישן און האָב באַריכטעט וועגן זיי צו מיין שעף, נישט

געהאַט קיין סך צו טאָן, אַ חוץ היטן זיך פון אַריינכאַפּן אַ קויל. מיר זענען איינ־געשטאַנען אין „גת רימון״־האָטעל, וואָס איז נישט געווען ווייט פון אַראַבישן קוואַרטאַל מנשיה, צווישן תל־אביב און יפו. איין מאָל ביי נאַכט האָט אַ קויל דורכגעלעכערט די וואַנט, פונקט איבער מיין קאָפּ. איך האָב געדאַנקט גאָט וואָס זיי האָבן נישט געטראָפן מיר גלייך אין פנים אַריין, און האָב אָנגעהויבן זיך ישובן וועגן דעם, וואָס פאַר אַ ווירקונג עס וועט האָבן אַ העלדישער טויט אויף מיין רעפּוטאַציע אין דער וועלט. איך האָב אויך געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי קאָן איך איבערלאָזן שירלין אַן אַלמנה, ווען איך פאַרמאָג נישט קיין צעבראָכענע פרוטה, וואָס זי זאָל קאָנען ירשנען.

צו מאָרגנס בין איך אַוועקגעגאַנגען אין „רויטן הויז״ — וואָס האָט זיך אַזוי גערופן צוליב פיזישע און סימבאָלישע טעמים. די ווענט זענען געווען רויט באַפאַרבט, און דאָס הויז איז געווען די הויפּטקוואַרטיר פון די סאָציאַליסטישע פירער אין ארץ־ישׂראל. איך האָב באַריכטעט בן־גוריונען, אַז מיין פרוי און איך קלייבן זיך אַוועקצופאָרן פון ארץ־ישׂראל. בן־גוריון איז אַרויס מיט אַ ירגזון: „אין אַזאַ היסטאָרישער שעה, אין אַזאַ קריטישן מאָמענט, ווילט איר אַוועקפאָרן? איך וויל נישט הערן וועגן דעם. איך וועל עס נישט דערלויבן״. און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

איך האָב פאַר מיין פאַרטיידיקונג אויסגערעכנט אַ ריי טעמים. צווישן אַנדערן האָב איך געזאָגט, אַז איך זע נישט, וואָס פאַר אַ נוצן איך קאָן ברענגען; איך בין אַ לאַסט פאַרן לאַנד, וואָס דאַרף אונדז שפּייזן; איך בין אַ גאַנץ קליינער „שיסער״. בן־גוריון האָט מיך איבערגעשריגן און שטום געמאַכט. אַ באַזיגטער און אַ פאַרשעמטער בין איך אַוועקגעגאַנגען.

דריי טעג שפּעטער האָב איך דערהאַלטן אַ דרינגענדיקן רוף פון „רויטן הויז״. בן־גוריון, נאָך אַלץ אין אַ שטימונג אַ ליאַדע רגע אויסצוברעכן מיט אַ געוואַלד, אָבער מיט אַ פאַרקערטן ציל, האָט מיר געזאָגט: „איר מוזט גלייך אַוועקפאָרן פון לאַנד. קיין מינוט מער קאָנט איר נישט בלייבן. באַלד, בזה הרגע!״ איך האָב אים געפרעגט וואָס פאַר אַ נייער קריזיס האָט אים דערפירט דערצו, אַז ער זאָל אין גאַנצן „איבערדרייען דעם פעלץ״. און ער האָט מיר דערקלערט: „שערטאָק (שרת) איז פאַרהאַלטן געוואָרן אין ניו־יאָרק. די קאָמוניקאַציעס זענען איבערגע־ריסן געוואָרן. איך מוז באַלד וויסן וואָס ווייצמאַן טראַכט וועגן פּראָקלאַמירן די אומאָפּהענגיקייט פון דער מדינה״.

דאָס איינציקע טראַנספּאָרט־מיטל, וואָס איך האָב געקאָנט באַקומען, איז גע־ווען אַ האַלב־צעבראָכענער דאַקאָטאַ־עראָפּלאַן. עס האָט געדאַרפט קאָסטן אַ סך מי צו באַקומען צוויי פּלעצער, ווייל איך האָב נישט געוואָלט אַוועקפאָרן אָן שירלין. אָבער בן־גוריון האָט דאָס שוין דורכגעפירט מיט זיינע געוואַלדן. אַראַנ־זשירונגען זענען געמאַכט געוואָרן, אַז דער עראָפּלאַן זאָל זיך אָפּשטעלן אין ניצע, פראַנקרייך, בלויז אויף אַזוי לאַנג, ביז איך וועל קאָנען קריגן פון דאָרט אַ טעלעפאָנישע פאַרבינדונג מיט ווייצמאַנען אין ניו־יאָרק. דערנאָך וועל איך צו־ריקשיקן קיין תל־אביב אַ טעלעגראַמע מיט אַן אָפּגערעדט שיפערוואָרט: „יעס״,

אויב יאָ, און „נאָו", אויב ניין. פּאַקטיש האָט ראובן זאַסלאַני, אָדער שילוח — ווי ער האָט זיך שפּעטער גערופן — געגעבן מיר אַ קאָמפּליצירטן דיפּלאָמאַטישן שיפער צו באַנוצן פאַר דעם צוועק. נאָך דעם, ווי איך האָב געמאַכט אַ געוויסע אָנשטרענגונג און האָב זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן, האָב איך זיך איבער־צייגט, אַז דער בעסטער שיפער וועט זיין איך זאָל טעלעגראַפירן „יאָ", אָדער „ניין".

פאַרן אַוועקפאָרן בין איך געגאַנגען זען איין מענטש: יוסף שפּרינצאַק, דעם באַרימטן פירער פון דער ארץ־ישׂראלדיקער אַרבעטערשאַפט און ווייצמאַנס אַ נאָענטן פריינד (ער איז שפּעטער אויסגעוויילט געוואָרן ווי דער ערשטער פאָר־זיצער פון דער כנסת). איך האָב געוווּסט, וואָס דוד בן־גוריון האָט אין זינען, און איך האָב געוואָלט הערן, וואָס יוסף שפּרינצאַק האָט וועגן דעם צו זאָגן. איך האָב אים דערציילט, אַז איך פאָר רעדן מיט ווייצמאַנען און אַז איך דאַרף אים איבערגעבן דאָס און דאָס, וואָס בן־גוריון האָט מיר געזאָגט, און אַז איך וויל הערן זיין מיינונג. יוסף שפּרינצאַק האָט זיך אָנגערופן: „עס קאָן נישט זיין קיין שום פראַגע וועגן דעם. איך וועל אייך זאָגן: מיר זענען אין אַ גאַנץ מאָדנער לאַגע. מיר זענען ווי יענער יונגערמאַן, וועלכער איז אַ סך יאָרן אַרומגעגאַנגען מיט אַ מיידל. נאָך דעם ווי ער האָט איר צוגערעדט אָן אַ שיעור מאָל אין משך פון די לאַנגע יאָרן, האָט זיך אים ענדלעך איינגעגעבן, אַז זי זאָל זיך לייגן מיט אים אין בעט. צו מאָרגנס אין דער פרי שטייט זי אויף אַ בתולה. וואָס, מיינט איר, וועלן מענטשן זאָגן, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן וועגן דעם? זיי וועלן זאָגן, אַז ער האָט זיך אויפגעפירט ווי אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק? אַז ער האָט באַוויזן פיינקייט, חכמה, איידלקייט, געהאַט איינזען מיט דעם מיידל? הויבט זיך נישט אָן. מען וועט זאָגן, אַז ער איז אַ שלימזל, אַ לא־יוצלח. וועגן אונדז וועט מען זאָגן דאָס זעלבע, אויב אויף דער שוועל פון פּראָקלאַמירן די יידישע מלוכה וועלן מיר פאַרלירן די נערוון און זיך צוזאַמענברעכן".

זיצנדיק אין דעם „דאַקאָטאַ", האָב איך פאָרמולירט און איבערפאָרמולירט די קליינע רעדע, וואָס איך וועל האַלטן פאַר ווייצמאַנען, אויב ער וועט מיך פרעגן וואָס עס זענען די מיינונגען אין לאַנד. דער עראָפּלאַן האָט זיך פאַרהאַלטן אין ניצע אויף גענוג צייט, אַז איך זאָל קאָנען דערליידיקן מיין ענין. די טעלע־פאָנישע פאַרבינדונג, וואָס איז פריִער אַראַנזשירט געוואָרן, האָב איך גלייך באַקומען.

„ד"ר ווייצמאַן" — האָב איך געזאָגט — „איך האָב אַ זייער וויכטיקע פראַגע אייך צו פרעגן. קאָנט איר מיך הערן? ס'איז דרינגענדיק. בן־גוריון וויל וויסן אייער מיינונג וועגן פּראָקלאַמירן באַלד די מדינה".

ווייצמאַנס ענטפער, אין יידיש, איז געווען קורץ און קלאָר:
„וואָס וואַרטן זיי, די אידיאָטן?"

איך האָב ווייצמאַנען געזאָגט „אַ גוטן טאָג", האָב אויפגעהאָנגען דאָס טעלע־פאָן־טרייבל און גלייך אַוועקגעשיקט מיין „שיפרירטע" טעלעגראַמע — יעס.

עטלעכע טעג שפּעטער איז מדינת ישׂראל פּראָקלאַמירט געוואָרן, און פינף אַראַבישע אַרמייען זענען באַפאַלן די נייע מדינה, בעת די ענגלישע מאַנדאַטמאַכט איז אַראָפּ פון דער סצענע — ווי עפּעס אַ בייזער, אַלטער און משוגענער וואָדע־וויל־אַקטיאָר, וועלכער ווערט אויסגעפייפט דורכן עולם, לויפט אַראָפּ פון דער בינע, טופעט מיט די פיס אויף די טעאַטער־ראַמפּען, קערט איבער די דעקאָראַציעס און מאַכט קאַליע אַלץ פאַר די אַנדערע אַקטיאָרן.

ווייצמאַן האָט געקאָנט צוריקקומען קיין ארץ־ישׂראל ערשט מיט פיר חדשים שפּעטער, אין סעפּטעמבער. בעת דער דאָזיקער געצוווּנגענער אָפּוועזנהייט זיינער, איז ער, וואָס לענגער זי האָט זיך פאַרצויגן, געוואָרן נאָך מער פאַרביטערט און האָט מער פאַרלוירן זיין מוט. אין זיינע בריוו צו מיר האָט ער געשריבן וועגן זיין טיפער צערודערונג און אַנטוישונג דערפון, וואָס ער איז מאַכטלאָז צו באַ־איינפלוסן די אַנטוויקלונגען סיי אין דער מדינה און סיי אין דעם אינסטיטוט. ער איז געווען דער פּרעזידענט פון ביידע. און אין אַ זייער פיינלעכן מאָמענט האָט ער אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג אָפּצוזאָגן זיך פון ביידע אַמטן.

אָבער לאָמיר זיך צוריקקערן אויף אַ מאָמענט צו מיין אייגענער געשיכטע.

אונדזער עראָפּלאַן האָט זיך אַרויסגעלאָזט פליִען פון ניצע קיין ענגלאַנד און איך האָב זיך אָנועקגעזעצט טראַכטן וועגן אַן עצה פאַר אַ קליינעם פּראָבלעם. מיר האָבן נישט געהאַט קיין ענגלישע וויזעס. ביי אונדזער אײַליקן פאַרלאָזן ישׂראל איז נישט געבליבן קיין צייט צו פאָרן קיין חיפה, וווּ די ענגלישע וויזעס זענען געגעבן געוואָרן. ווען מיר זענען אָנגעקומען אויפן לופטפעלד אין לאָנדאָן און האָבן געדאַרפט דורכגיין די פּאַספּאָרטן־קאָנטראָל, האָט מען אונדז געבעטן אָוועקצושטעלן זיך אַן אַ זייט און דורכלאָזן פריִער אַלע אַנדערע פּאַסאַזשירן. דער באַאַמטער האָט עטלעכע מאָל דורכגעקוקט אונדזערע פּאַספּאָרטן און דאַן זיך אָנגערופן: „איר האָט נישט קיין וויזעס". — „דאָס איז אוממעגלעך" — האָב איך געזאָגט — „מיין סעקרעטאַרין האָט אַלץ דערליידיקט איידער מיר זענען אַוועקגעפאָרן". ער האָט נאָך אַ מאָל אַריינגעקוקט אין די פּאַספּאָרטן: „נישטאָ קיין וויזעס". איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך בין שאָקירט פון דער נישט געהעריקער האַנדלונג פון מיין סעקרעטאַרין: „איך בין זיכער, אַז דאָ האָט געמוזט זיין עפּעס אַ טעות". — „יאָ" — האָט ער אַ ברום געטאָן, שטעמפּלענדיק די פּאַספּאָרטן — „אָבער דאָס איז אַלץ זייער נישט נאָרמאַל".

איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט און האָב דורכגעשטופּט שירלין דורך דעם קאָנטראָלפּונקט. אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך אַ הויכער, ברייטפּלייציקער בריטישער פּאָליציאַנט, דורכגעשטופּט צו אונדז אַ ביסל אַ געריִרטער. איך האָב אויף אַ מאָמענט געזען די ענגלישע תּפיסה־געביידע „אָלד בעילי". אָבער אָנשטאָט דעם האָט ער מיט רעספּעקט סאַלוטירט, אַ ריר טוענדיק זיין העלמעט, און גע־זאָגט: „איר האָט, ווייזט אויס, אַ ביסל צרות אין דעם לאַנד, פון וואַנען איר קומט. האָט קיין מורא נישט, סער. איר וועט האָבן אייער יידישע מדינה. עס איז געשריבן אין דער ביבל. און וואָס עס איז געשריבן אין דער ביבל, וועט מקוים ווערן".

דאָס איז געווען די רירנדיקסטע אויפנאַמע, וועלכע איך האָב ווען עס איז געהאַט. דער לייענער דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז מיר זענען געווען אין מלחמה־צושטאַנד. דאָס האָט געקאָנט פּאַסירן נאָר אין דעם לאַנד, וועגן וועלכן הערצל האָט זיך אויסגעדריקט: „ענגלאַנד, פרייַ ענגלאַנד, וועלט־אַרומנעמענדיק ענגלאַנד, דו וועסט פאַרשטיין אונדז און אונדזערע אַספּיראַציעס!״

איך האָב אַרויסגענומען אַ ציגאַר און האָב אים געגעבן: „איר וועט נישט האָבן קיין פּאַראיבל״ — האָט ער געפרעגט — „אויב איך וועל רויכערן שפּעטער, צוזאַמען מיט מיין „טי״?״ איך האָב אים געזאָגט, אַז נישט נאָר וועל איך נישט האָבן קיין פּאַראיבל אויף אים, נאָר אויב ער וועט מיך באַגעגענען אין דרויסן, נאָך דעם ווי איך וועל האָבן דורכגעגאַנגען די קאָנטראָל פון צאָלאַמט, וועל איך אים געבן אַ גאַנץ שאַכטל ציגאַרן. איך בין געווען אין יענע צייטן אַ גרויסער רויכערער, אָבער קיין מאָל האָב איך זיך נישט געזעגנט אַזוי גערן מיט אַ גאַנץ שאַכטל „האַוואַנאַס״.

מיר האָבן פאַרבראַכט דעם 14טן מאַי אין ענגלאַנד, אין דאָרף ביי העני און זימונד געסטעטנער, צוויי פון די פיינסטע און גרויסמוטיקסטע מענטשן, וועלכע האָבן ווען עס איז אָפּגעהיטן דעם ציוניסטישן ווייַנגאָרטן. זייער גוט האָט זיך גערופן „מארבע פינות העולם״. דער נאָמען איז געווען אַ צוגעפּאַסטער, ווייל אויף וועלכער זייט מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט, איז געווען וואָס צו זען און פון וואָס צו ווערן באַגייסטערט. זיי האָבן דאָרט געהאַט אַ הכשרה־פאַרם פאַר חלוצים. די יונגעלייט האָבן צוגעגרייט אַ פאַרשטעלונג צו פייערן די פּראָקלאַמירונג פון ישׂראל, דעם ערשטן טאָג פון דער באַנייטער יידישער מדינה. און מיר אַלע האָבן זיך באַטייליקט אין דער גרויסער שׂמחה.

סוף מאַי 1948 האָט ווייצמאַן פאַרלאָזט די פאַראייניקטע שטאַטן, אַנטשלאָסן צו פאָרן קיין ישׂראל. אָבער ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן אין דער שווייץ. „מיין גרויסע צרה איז״ — האָט ער מיר געשריבן דעם 27סטן יוני — „וואָס איך זע נישט ווי אַזוי איך קאָן איצט קומען קיין ישׂראל. שיפן פאָרן פּאַקטיש נישט. און אויב עס איז דאָ אַ שיף, איז פאַראַן די סכנה פון דער ענגלישער בלאָקאַדע. איך קאָן פאָרן נאָר אין אַן עראָפּלאַן. היינט צו טאָג האָבן זיי אויפגעהערט צו פליִען צווישן פּאַריז און ישׂראל. איך האָף, אַז זיי וועלן ווידער אָנהויבן פליִען אין סעפּטעמבער. מאַכט אַ דיסקרעטע אויספאָרשונג, צי מיר קאָנען נישט קריגן אַ ,דעסטראָיער׳־שיף, אָדער אַ דרינגלעכן עראָפּלאַן״.

בלייבנדיק שטעקן אין דער שווייץ, האָט ווייצמאַן נאָך שטאַרקער געפילט זיין איזאָלירונג. ער איז אָפּגעריסן געוואָרן נישט בלויז פון דעם, וואָס עס איז געשען אין ישׂראל, נאָר אויך פון דער אינפאָרמאַציע, וואָס ער איז געווען באַ־רעכטיקט צו קריגן אַלס פּרעזידענט. דעם 9טן יולי האָט ער מיר געשריבן:

איך בין געווען זייער צופרידן צו דערהאַלטן אייער בריוו (פון ניו־יאָרק), וואָס איז ווי געוויינלעך פול מיט נייעס. איך האָב געלייענט מיט אַ געוויסער מאָס סקעפּטיציזם אייער באַמערקונג וועגן אבא אבנס כוונה צו שרייבן אַ לאַנגן אויספירלעכן באַריכט. דאָס איז געוואָרן אַ סטערעאָטיפּישע פאָרמולע, וועלכע:

א) ווערט קיין מאָל נישט דורכגעפירט און ב) איך האָב פיינט. געוויינלעך לאָזט זיך עס אויס מיט אַ קאַפּיטל פון אַ בריוו צו גאָלדמאַנען. און איך דאַרף אויפכאַפּן קרישקעלער פון זיין טיש.

זיין פאַרביטערונג האָט געפונען נאָך אַ שאַרפערן אויסדרוק, ווען ער האָט מיך געפרעגט וועגן דער מעגלעכקייט צו אַראַנזשירן אַ ישׂראל־שיף, וועלכע זאָל אים אויפנעמען אין מאַרסעי:

איך מאַטער אייך מיט די אַלע ענינים, מיט וועלכע עס דאַרפן זיך פאַרנעמען אָדער אַבּרי (אבן), אָדער אליהו (אילת). אָבער איך בין זיכער, אַז זיי זענען צו גרויסע מענטשן פאַר מיינעטוועגן. ווייל איך בעסער האָבן צו טאָן מיט אַ פּשוטן בירגער.

אליהו אילת איז געווען ישׂראלס אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, און אבא (אַבּרי) אבן — ישׂראלס פּערמאַנענטער פאָרשטייער אין אונ״אָ.

אין אַ צווייטן בריוו האָט ווייצמאַן זיך באַקלאָגט פאַר מיר, אַז אַלע זיינע בריוו און ווענדונגען צו ד״ר דוד בערגמאַנען, דעם וויסנשאַפטלעכן דירעקטאָר פון אינסטיטוט אין רחובות, זענען געבליבן אָן אַן ענטפער.

דעם 30סטן יולי האָט ער מיר געשריבן אַן אַנדער בריוו, און האָט דערנאָך געענדערט זיין מיינונג. ער האָט קיין מאָל נישט אַוועקגעשיקט דעם בריוו אָפּיציעל. אָבער פיר טעג שפּעטער האָט ער אים אַריינגעלייגט אין אַ צווייטן בריוו, אין וועלכן ער האָט געשריבן:

בייגעלייגט שיק איך אייך דעם טעקסט פון אַ בריוו, וואָס איך האָב אייך געשריבן דעם 30סטן יולי. איך האָב אים נישט אַוועקגעשיקט, מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט קומען עפּעס אַ מיטטיילונג פון ארץ-ישׂראל, וואָס וועט מיר ברענגען אַ פאַרלייכטערונג. און אמת טאַקע, נעכטן איז געקומען אַ טעלעגראַמע פון משה (שרת), פון וועלכער איך שיק אייך דאָ אַ קאָפּיע. דאָס מאַכט ווייניקער דרינגענדיק צו שיקן אייך דעם (פריִערדיקן) בריוו. דאָך שיק איך אים אייך לזכּרון, ווייל איך בין כּמעט איבערצייגט, אַז אַן ענלעכער פאַל וועט נאָך אַ מאָל קומען. דער בריוו איז בלויז פאַר אייך. און איר קאָנט אים פאַרניכטן נאָך דעם, ווי איר וועט אים האָבן געלייענט.

איך פאַרניכט קיין מאָל נישט קיין בריוו. איך האָב אויך קיין מאָל נישט געפירט קיין טאָגבוך. די דאָזיקע כּלומרשט סתּירותדיקע אייגנשאַפטן וועגן איבערלאָזן עפּעס פאַר דער „אייביקייט" זענען מיין קאָמפּראָמיס צווישן מיין געפיל פון באַשיידנקייט און מיין פּרעטענסיע אויף אומשטערבלעכקייט. איך פאַרעפנטלעך דאָ דעם בריוו, דורכלאָזנדיק עטלעכע ווייניקער וויכטיקע פּערזענלעכע באַמערקונגען. דער בריוו באַווייזט, ווי ווייט און ווי טיף עס איז דעמאָלט דערגאַנגען ווייצמאַנס אומבאַהאָלפנקייט:

הגם איך האָב נאָך נישט געהערט פון אייך, נעם איך אָן, אַז אין איינעם פון די טעג וועט זיין אַ בריוו. זינט דער גרינדונג פון מדינת ישׂראל באַמי איך זיך צו קריגן עפּעס אַ קלאָרע אינפאָרמאַציע סיי וועגן די פּאָליטישע אַקציעס

און סיי וועגן די פּראָיעקטן. איך האָב טעלעגראַפירט און געשריבן, און האָב ביז איצט נישט באַקומען קיין שום סאַטיספּאַקציע. פּאַקטיש איז נישט אָנגעקומען קיין שום ענטפער. צי די שלעכטע קאָמוניקאַציע-מיטלען זענען אין דעם שולדיק — ווי מען האָט מיר געזאָגט — אָדער עס זענען פאַראַן עפּעס אַנדערע סיבות, קאָן איך נישט זאָגן. אָבער איך פיל, אַז עס איז ד׳ערגאַנגען צו אַ לאַגע, אַז איך מוז אָננעמען אַן ענדגילטיקן באַשלוס.

פון צייט צו צייט דערגייט צו מיר אַ שוואַכער אָפּשיין פון אַ ביזאַנטישער פּרעזענטירונג פון מאַכט און פון אַ קוואַזי-מיליטערישן כוח. אָבער נישט מער. ווי איר ווייסט, זענען דאָס זאַכן, וועלכע רופן נישט אַרויס קיין עכאָ אין מיין נשמה. איך פאַרשטיי, אַז זיי זענען אין קריג. אָבער מיר ווייזט זיך אויס, אַז דער אָפּגאָט פון מיליטאַריזם האָלט אַלץ און אַלעמען אין זיינע צוואַנגען. וואָס איז שייך מיר, קאָן עס ווייטער אַזוי נישט גיין. און אַזוי ווי איך זע נישט קיין האָפע-נונג אויף אַן ענדערונג, האָב איך באַשלאָסן איבערצורייסן מיין פאַרבינדונג מיט דעם אַמט, וואָס איז אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרן, אויף אַ נישט געהעריקן וועג. איך בין נישט אין שטאַנד צו דעקן מיט מיין נאָמען אַלץ, וואָס עס גייט איצט אָן אין ארץ-ישראל, און אָנצונעמען אַלץ וואָס די רעגירונג טוט, בעת איך האָב נישט קיין שום אופן און מעגלעכקייט צו האָבן אַן איינפלוס אויף דעם, וואָס עס ווערט געטאָן, אָדער צו פאַרהיטן דערפון. עס קאָן זיין, אַז ווען איך וואָלט געווען דאָרט אויפן אָרט, וואָלט איך געטראַכט אַנדערש, אָדער איך וואָלט געזען די ענינים אין אַן אַנדערן ליכט. אָבער איך בין נישט דאָרט. און עס זעט נישט אויס, אַז איך זאָל קומען אַהין פריִער ווי אין דער צווייטער העלפט פון סעפּטעמבער. דערווייל ווערן געשאַפן פאַקטן, פאַר וועלכע מען וועט דאַרפן שטיין, און איך בין נישט גרייט דאָס צו טאָן.

איך וויל באמת נישט אָנטאָן קיין עגמת-נפש אָדער מאַכן שוועריקייטן דער נייער מדינה, וועלכע איז שוין באַלאַסטעט פון אַ גאַנצער ריי שווערע פּראָבלע-מען. אָבער איך קאָן נישט שלום מאַכן מיט דעם, אַז איך זאָל זיין אַ מין פּאַסיווער שותף אין אַן אונטערנעמונג, וואָס ווערט געפירט אין אַ ריכטונג, מיט וועלכער איך קאָן נישט אין גאַנצן מסכים זיין. בכל אופן קאָן איך נישט צו-שטימען צו זיי, נישט ווויסנדיק אַלע פאַקטן. און די פאַקטן ווערן מיר לחלוטין נישט מיטגעטיילט, צי בכוונה צי נישט — ווייס איך נישט.

איך שאַץ אָפּ, אַז די הויפּט-אַקטיאָרן אין דער נייער דראַמע זענען זייער פאַרנומען. אָבער דאָס איז נישט קיין גרונט און נישט קיין אַרגומענט צו האַלטן מיך אין גאַנצן אין דער פינצטער.

איר וועט — איך בעט אייך — שיקן אַ קאָפּיע פון דעם בריוו צו שערטאָקן (שרת), עס זאָל זיין אַן אָנזאָג וועגן מיין רעזיגנאַציע. אַזוי גיך, ווי איך וועל וויסן, אַז דער בריוו איז צו זיי אָנגעקומען, וועל איך מעלדן וועגן דעם עפנטלעך.

איצט וועגן אַ צווייטן ענין, וואָס איז פונקט אַזוי ערנסט און פונקט אַזוי אומאָנגענעם. און דאָס איז וועגן אינסטיטוט. ווידער אַ מאָל האָב איך נישט קיין שום אינפאָרמאַציע וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר באמת, אַ חוץ עפּעס אַ מאָגערער מיטטיילונג, פון וועלכער עס איז צו זען, אַז דער גאַנצער אינסטיטוט גייט אַריבער אויף דעם, וואָס מען רופט מלחמה-אַרבעט. דאָס מיינט, אַז די גאַנצע וויסנשאַפטלעכע באַזע פון דעם אינסטיטוט איז געענדערט געוואָרן. דאָס איז גע-טאָן געוואָרן אָן וועלכער עס איז פריִערדיקער באַראַטונג אָדער מיטטיילונג. ווידער אַ מאָל, איך פאַרשטיי דעם דרוק, אונטער וועלכן אונדזערע מענטשן אַרבעטן, אָבער אַזוי ווי אין דעם פריִערדיקן פאַל, איז נישט געווען קיין שום סיבה פאַר וואָס די אינפאָרמאַציע זאָל נישט האָבן אָנגעקומען אין צייט.

מיין שנאה צו די אַלע מיליטערישע מעשים איז אַזוי טיף און אַזוי איינגע-וואָרצלט אין מיר זינט מיינע קינדער-יאָרן, אַז עס טוט מיר בוכשטעבלעך וויי צו

פּילן, אַז דער אינסטיטוט, פאַר וועלכן איך האָב אָוועקגעגעבן אַזוי פיל ענערגיע און אַזוי פיל שעהען פון אַרבעט און אָנשטרענגונגען, זאָל פאַרשוועכט ווערן אויף אַן אופן, וועלכן איך קאָן נישט אויפקלערן און בין נישט איינשטימיק מיט אים.

ווי איר זעט, וואַרף איך אַראָפּ פון מיר צוויי לאַסטן, וואָס דריקן מיר, און איך וועל אַרויסקומען מיט גרויס פרייד אויף דעם, אַז איך זאָל קומען קיין ארץ־ישראל נישט באַצוווּנגען דורך קיין שום פאַרבינדונג מיט אַמטן...״

ווייצמאַן האָט קיין מאָל נישט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די לאַסט פון פּרעזידענט פון מדינת ישׂראל און אויך נישט פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. אָבער ס'איז קיין שום צווייפל נישט, אַז די אַנטוישונגען וואָס ער האָט אויסגעדריקט אין דערמאָנטן בריוו, האָבן אים געמאַטערט אין די ווייניקע יאָרן, וואָס זענען אים נאָך געהאַט פאַרבליבן צו לעבן. די יאָרן, וואָס האָבן געזאָלט זיין די תקופה פון דעם טריומף־פאַלן אָפּשלוס פון זיין לעבן, זענען פאַרסמט געוואָרן דורך דעם, וואָס ער איז פולשטענדיק אויסגעשלאָסן געוואָרן פון די ענינים פון דער נייער מדינה. מען קאָן אַרגומענטירן, אַז ער איז געווען צו אַלט און צו שוואַך, בכדי צו שפּילן אַ ממשותדיקע ראָל. דאָך איז נאָך פאַרבליבן אין אים אַ סך לעבנסגייסט און שאַפֿע־רישקייט. און וואָלט די רעגירונג, אָדער דער פירער פון ישׂראל — וועמענס פירערשאַפט קיינער האָט נישט אָפּגעפרעגט — געווען געבענטשט מיט אַ ביסל מער מענטשלעכקייט און גוטן ווילן, וואָלט ווייצמאַן זיינע לעצטע יאָרן, ווען ער איז געווען שוואַך, געקאָנט פאַרברענגען אין מער מנוחה. שוין נישט זייענדיק מער פּאָליטיש קיין געפאַר פאַר בן־גוריונען, האָט ווייצמאַן לכל הפחות פאַרדינט, אַז מען זאָל זיך באַציִען צו אים מיט דער איידלקייט, ווי צו אַן עלטערן סטאַטס־מאַן — מען זאָל זיך צוהערן צו זיינער אַן עצה. אָבער אויך דאָס האָט מען אים אָפּגעזאָגט. די פּרעזידענטשאַפט איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון יעדן אינ־האַלט און ממשותדיקייט און האָט געהאַט בלויז אַ סימבאָלישע באַדייטונג. ווייצמאַן איז נישט געווען דער מענטש, וואָס זאָל לייכט מסכים זיין פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ סימבאָל.

ווייצמאַן האָט פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָרן אין גרויס עגמת־נפש. און אויב ער האָט געפונען אַ פאַרלייכטערונג, איז עס געווען אין דעם אומגעהויערן אוצר פון דער יידישער פאָלקסטימלעכער פילאָזאָפיע און פאָלקלאָר, וואָס איז אַזוי רייך מיט פּקחותדיקן הומאָר און ביטול. אין אַ בוך, וואָס איך האָב רעדאַ־גירט און אַרויסגעגעבן אין 1961, האָט ריטשאַרד קראָסמאַן געשילדערט ווייצמאַ־נען אין די דאָזיקע לעצטע יאָרן זיינע מיט דער באַצייכענונג, וואָס ער אַליין פלעגט באַנוצן: „דער געפאַנגענער פון רחובות״.

אָבער — אויב רחובות האָט געהאַלטן אין געפאַנגענשאַפט ווייצמאַנען דעם פירער און דעם סטאַטסמאַן, האָט זי געגעבן פליגלען — נישט ווייצמאַנען דעם וויסנשאַפטלער, נאָר ווייצמאַנס וויזיע פון וויסנשאַפט, אַלס איינעם פון די זיילן, אויף וועלכע עס שטיצט זיך דער יידישער רענעסאַנס. עס איז אים געגעבן גע־וואָרן דער נחת צו זען, ווי זיין מלוכה פון גייסט, וואָס ער האָט געשטרעבט אויפצובויען אין רחובות, שטייט אויף און וואַקסט.

# 20. ווייצמאַנס לעצטע טעג

אין פעברואַר 1949 האָט מדינת ישׂראל דורכגעפירט אירע ערשטע פּאַרלאַ־מענט־וואַלן צו פאַרטרעטן דעם פּראָוויזאָרישן מלוכה־ראַט, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן גלייכצייטיק מיט דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה. אין דעם אָוונט, ווען די ערשטע כנסת האָט זיך פאַרזאַמלט צו וויילן דעם פּרעזידענט פון דער מדינה, בין איך געווען אין רחובות מיט ווייצמאַנען. מיר האָבן געוואַרט, אַז דער רעזולטאַט זאָל אונדז איבערגעגעבן ווערן דורכן טעלעפאָן פון ירושלים. מיר האָבן געוואַרט נישט דערפאַר, ווייל מיר זאָלן האָבן געהאַט וועלכן עס איז צווייפל אין דעם רעזולטאַט. מיר האָבן בלויז געוואַרט אויף דער אויסנאַם־איבער־לעבעניש אין דעם מאָמענט, ווען עס וועט אָנקומען די ידיעה. פּונקט צען אַ זייגער האָט ווייצמאַן זיך אויפגעהויבן און געזאָגט: „איך גיי שלאָפן. איר קאָנט זיצן און ווייטער וואַרטן, אויב איר ווילט". אַרום האַלבער נאַכט האָט מען אונדז מיטגעטיילט, אַז ווייצמאַן איז געוויילט געוואָרן.

פרוי ווייצמאַן האָט אים איבערגעגעבן די ידיעה אין דער פרי. עטלעכע שעה שפּעטער איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון דער כנסת בראש מיט יוסף שפּרינצאַק, דעם ניי־געוויילטן כנסת־פאָרזיצער, איבערצוגעבן ד"ר ווייצמאַנען די אָפיציעלע מיטטיילונג און באַגלייטן אים קיין ירושלים צו דער איינשווערונגס־צערעמאָניע. נאָך דעם ווי ד"ר ווייצמאַן איז איינגעשוווירן געוואָרן, האָט שפּרינצאַק פאַרענ־דיקט די צערעמאָניע מיט דעם אויסרוף: „יחי הנשׂיא!" און דאַן האָט זיך דער־הערט אַ שטים פון עולם: „יחי המלך!"

אַלץ איז דורכגעפירט געוואָרן קורץ און פּשוט צווישן די ווענט אין דער כנסת. אָבער דאָס פאָלק איז געווען פול מיט דערהויבענער פרייד אָן אַ שיעור. די נייע מדינה האָט זיך דערלויבט צו פייערן איר סוווערעניטעט מיט גרויס פּאַראַד. גרויסע מאַסן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דרויסן, פאַרן בנין, צו באַגריסן דעם פּרעזידענט, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען מיט אַן ערנוואַך. און די, וועלכע האָבן זיך געפונען אינעווייניק, האָבן זיך געאיילט אַרויסצוקריגן זיך אויפן דאַך צו זען די מאַניפעסטאַציע פון דער הויך. איך האָב אויך געוואָלט צוקומען צום ראַנד פון דאַך, אָבער איך בין אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך מנחם בעגינען, דעם הויפּט פון דער עקסטרעם־רעכטער חרות־פּאַרטיי, געוועזענעם פירער פון „אירגון

צבא לאומי" און דעם איבערגעגעבנסטן נאָכפאָלגער פון זשאַבאָטינסקין. „שטופּט זיך נישט" — האָט ער מיר געזאָגט — „ער איז נישט בלויז אייער פּרעזידענט. ער איז אויך אונדזערער". אויף אַ רגע האָב איך געטראַכט, אַז משיח איז געקומען.

אין משך פון דעם ווינטער האָב איך געהאַט געפּועלט ביי ווייצמאַנען — וועלכער האָט זיך אין אָנהייב שטאַרק געוואַקלט וועגן מיין פאָרשלאָג — ער זאָל קומען קיין אַמעריקע צו אַן אונטערנעמונג פאַר דעם אינסטיטוט. און איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין ניו־יאָרק צוצוגרייטן אַ באַנקעט און אַ קאַמפּיין. מיין ציל איז געווען צו שאַפן פינף מיליאָן דאָלאַר. איבער ווייצמאַנס קראַנקהייט איז זיין קומען אָפּגעלייגט געוואָרן ביז אַפּריל. און דעמאָלט האָט ער זיך נאָך מער געוואַקלט, צי ער זאָל מאַכן די רייזע, ווייל ער האָט געוואָלט זיין אין ישׂראל אין ערשטן יאָרטאָג פון „יום העצמאות". אָבער דער דרוק, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף אים אין אַמעריקע, און די דערוואַרטונג אויף גרויסע רעזולטאַטן פון דעם באַנקעט האָבן סוף כּל סוף אים באַוויגן צו קומען.

אין מיטן פון דער שפּאַנונג אַרום דעם באַנקעט האָבן הענרי מאָנטאָר, פון פּאַראייניקטן יידישן אַפּיל, און הענרי מאָרגנטוי, דער פּאָרזיצער, אַרויסגערופן אַ קריזיס, דערקלערנדיק: „איר ווילט ברענגען דעם פּרעזידענט פון מדינת ישׂראל אַזוי וייט, ווי קיין אַמעריקע, פאַר אַזאַ קליינער זאַך ווי דער ווייצמאַן־אינסטיטוט. איר קאָנט דאָס נישט טאָן. מיר מוזן אויסנוצן דעם וויזיט פאַר אַ גרעסערן ציל. לאָמיר שליסן אַן אָפּמאַך. מיר וועלן איבערנעמען דעם וויזיט און אייך געבן געלט, וויפל איר ווילט. וויפל ווילט איר?" — „פינף מיליאָן דאָלאַר" — האָב איך געענטפערט. מיר האָבן אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען און עס זענען געווען אַן אַ שיעור טעלעפאָנישע געשפּרעכן צווישן ניו־יאָרק און ירושלים מיט אליעזר קאַפּלאַן, דעמאָלטיקן פינאַנץ־מיניסטער פון ישׂראל. צום סוף האָב איך צוגעשטימט אויף דריי מיליאָן דאָלאַר און אויף דעם, עס זאָל אויף אַ געהעריקן אופן דערמאָנט ווערן, אַז דער ווייצמאַן־אינסטיטוט איז אַ שותּף אין קאַמפּיין פאַרן פאַראייניקטן יידישן אַפּיל.

דער באַנקעט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גראַנדיעזער אונטערנעמונג, וואָס אַזעלכעס האָט מען ביז דעמאָלט נאָך נישט געהאַט געזען אין ניו־יאָרק. ווייצמאַן איז געזעסן אויף דער בימה, און פאַר אים איז געלעגן אַ גרויסע מאָדערנע „קערה". יידן פון אַלע טיילן פון די פאַראייניקטע שטאַטן זענען צוגעגאַנגען געבן „שלום עליכם" דעם פּרעזידענט פון מדינת ישׂראל און האָבן אַגב־אורחא באַצאָלט פאַר דעם דאָזיקן זכות. די זאַמלונג האָט אַריינגעבראַכט אַכצן מיליאָן דאָלאַר. עטלעכע טעג שפּעטער האָט ווייצמאַן געהאַט אַ באַגעגעניש מיט אַ קליינער געקליבענער גרופּע און האָט געשאַפן נאָך פינף מיליאָן דאָלאַר.

ווען איך בין געקומען אָפּנעמען מיין געלט, האָט מען פאַר מיר געהאַלטן אַ לאַנגע דרשה, פול מיט פּלפּול, וועגן דער געשיכטע פון ציוניזם און וועגן די פּראָבלעמען פון עליה און קליטה פון דער יונגער מדינה — און אַ צוזאָג אויף... אַנדערהאַלבן מיליאָן דאָלאַר. ס'האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ פינף הונדערט טויזנט דאָלאַר. און בכדי צו באַווייזן איר גוטן ווילן האָט די ישׂראל־רעגירונג

אונדז געגעבן דעם פּלאַץ און די בנינים פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פאָר־שונגס־סטאַציע, וואָס האָבן זיך געפונען ביים אַריינגאַנג צום ווייצמאַן־אינסטיטוט. איך האָב דאָס אָנגענומען אַלס אַ טייל פון דעם חוב און האָב אָנגעהויבן פּלאַנירן אָנצושליסן דעם קליינעם פּלאַץ מיט די געביידעס פון ווייצמאַן־אינסטיטוט אַזוי גיך, ווי די ווינסשאַפטלער פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פאָרשונגס־סטאַציע וועלן זיך פון דאָרט אַרויסקלייבן. דער פאַקולטעט פאַר אַגריקולטור ביים העב־רעיִשן אוניווערסיטעט און די לאַנדווירטשאַפטלעכע פאָרשונגס־סטאַציע האָבן אָנגעהויבן בויען אַ נייעם קאַמפּוס אַנטקעגן איבער דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט. זיי בויען נאָך אַלץ. דאַרף איך באַמערקן, אַז אין צוגאָב צו זייער נייעם פיינעם קאַמפּוס און פיל געביידעס אין בית־דגן, נענטער צו תל־אביב, פאַרנעמען זיי נאָך אַלץ דעם פּלאַץ און די בנינים ביים אַריינגאַנג אין ווייצמאַן־אינסטיטוט!

בעת ווייצמאַנס וויזיט אין די פאַראייניקטע שטאַטן — וואָס איז געווען זיין לעצטער באַזוך אין אַמעריקע — האָט ישׂראל געפייערט דעם ערשטן יאָרטאָג פון דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה. אין ניו־יאָרק איז איינגעאָרדנט גע־וואָרן אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען. און אַלס שומר הסף האָב איך צוגעזאָגט, אַז ווייצמאַן וועט קומען האַלטן אַ רעדע. ווען איך האָב אינפאָרמירט ווייצמאַנען, אַז מען דערוואַרט, אַז ער וועט זיך דאָרט באַווייזן, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער וועט בשום אופן נישט גיין אַהין. נאָך דער גאַנצער באַגייסטערטער אויפנאַמע, וואָס ער האָט געהאַט ביי די יידן אין אַמעריקע, און נאָך דעם פערזענלעכן טריומף איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ שטימונג פון התבודדות. ער האָט נישט געוואָלט זיין אין ניו־יאָרק, ווען אין ישׂראל איז געפייערט געוואָרן דער „יום העצמאות". ער האָט מיר געזאָגט קורץ און שאַרף: „איין מאָל וועל איך אייך מאַכן פאַר אַ ליגנער".

איך בין אַוועקגעגאַנגען אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען און האָב מיטגענומען יהושע האַרלאַפּן. יהושע איז געווען ווייצמאַנס לייַבוועכטער, שאָפער, פאַרטרויונגס־מענטש און איבערגעגעבענער באַגלייטער. ער איז ביזן היינטיקן טאָג פאַרבליבן דער וועכטער פון דער ווייצמאַן־רעזידענץ אין רחובות. אויב איך האָב נישט געקאָנט איבערצייגן ווייצמאַנען, וועל איך לכל הפחות איבערצייגן יהושען — האָב איך געטראַכט — און דאַן קאָן איך זיך פאַרלאָזן אויף יהושען, אַז ער וועט איבער־צייגן ווייצמאַנען.

מעדיסאָן סקווער גאַרדען איז געווען איבערגעפּאַקט, און אויף די אַרומיקע גאַסן זענען געשטאַנען אַ הונדערט פופציק טויזנט מאַן, וועלכע האָבן נישט גע־קאָנט אַריינקומען אינעווייניק. די נודנע רעדעס זענען זיי איבערגעגעבן געוואָרן דורך מעגאַפאָנען, אָבער זיי זענען געבליבן שטיין און האָבן עקשנותדיק געוואַרט. „וואָס וואַרט איר דאָ?" — האָב איך געפרעגט איינעם פון המון. „אויף ווייצמאַ־נען" — איז געווען דער ענטפער און אַנדערע פון המון האָבן צוגעגעבן: „ס'איז אומגלויבלעך, אַז דער פּרעזידענט פון מדינת ישׂראל זאָל זיין אין ניו־יאָרק און זאָל נישט קומען אַהער היינט אין אָוונט". און זיי זענען געבליבן שטיין און האָבן ווייטער געוואַרט.

מיר זענען אַוועק צוריק אין האָטעל און איך האָב געזאָגט ווייצמאַנען, אַז שניידערס און קלייטניקעס, שוסטערס און סתם „עמך"־יידן שטייען און וואַרטן אויף אים, און אַז זיי וואַרטן שוין פון אין דער פרי אָן. ווען יהושע האָט צוגעגעבן זיין בקשה, פאַרשטייט זיך, אויף העברעיִש, האָט ווייצמאַן נאָכגעגעבן.

יידן האָבן זיך געשטופּט און געשטויסן אָנצורירן ווייצמאַנען, ווען ער איז אָנגעקומען. זיי האָבן אים אויפגענומען מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג, האָבן זיך געפרייט און האָבן אים שטורמיש אַפּלאָדירט. און ווייצמאַן איז געווען גע־רירט נישט ווייניקער פון זיי.

אין חודש יולי 1949 האָבן שירלי און איך איבערגענומען אונדזער נייע היים אין רחובות. גלייכצייטיק האָב איך איבערגעלאָזט מיין דירה אין ניו־יאָרק פאַר אָברי (אבא) אבן, ישׂראלס אַמבאַסאַדאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן. שפּעטער האָבן מיר די מערסטע פון אונדזער מעבל און אייגנטום אַריבערגעפירט קיין רחובות און האָבן איינגעאָרדנט אַ קליינעם מקום מנוחה פאַר אונדז אין ניו־יאָרק, אויף סענטראַל־פּאַרק סאַוט, וואָס מיר באַנוצן איצט.

ווען מען האָט אָנגעהויבן בויען אונדזער היים אין רחובות, נאָך אין יאָר 1947, ווי אַ טייל פון די בנינים פון אינסטיטוט, האָב איך געהאַט אַן אינטערע־סאַנטע דיסקוסיע מיט די אַרכיטעקטן און מיט די בויער. ס'איז געווען זומערצייט. די היץ איז געווען אין־לשער און עלעקטרישע קיל־אַפּאַראַטן האָבן נאָך דעמאָלט נישט געהאַט אַריינגעדרונגען אין מיטעלן מזרח. אין לויף פון דער דיסקוסיע האָב איך נאַיִוו געפרעגט, וואָס פאַר אַ סאָרט פון צענטראַל־באַהייצונג זיי רעכענען איינצואָרדענען אין די הייזער. מיין פראַגע איז אויפגענומען געוואָרן מיט דער שטאַרקסטער פאַרוווּנדערונג. קיינער האָט נישט געוואַגט מיר צו זאָגן אָפן: „זענט איר ביים קלאָרן זינען ?" אָבער דאָס איז געווען אַלעמענס געפיל. ווייל איך בין אַ מענטש מיט אַ גרויסער פאַרשטעלונגס־קראַפט, האָט מיך די דאָזיקע באַציִונג זייערע נישט אָנגעהויבן צו אַרן. „איך ווייס" — האָב איך זיי געזאָגט — „אַז איצט איז זייער הייס. אָבער וואָס איז מכּוח ווינטער ?" אויף דעם האָט מען מיר געגעבן אַ לאַנגע אינפאָרמאַציע, אַז 1) ארץ־ישׂראל איז אַ סוב־טראָפּיש לאַנד ; 2) רחובות איז איינס פון די וואַרעמסטע ערטער אין לאַנד ; 3) צענטראַל־הייצונג וואָלט געווען אַן אומדערהערטע עקסטראַוואַגאַנץ אאַז"וו אאַז"וו.

איך האָב אָפּגעשטעלט די דיסקוסיע וועגן דעם. אָבער איידער אונדזער שמועס האָט זיך פאַרענדיקט, האָב איך גערופן צו מיר דעם אַרכיטעקט אריה אל־חנני און האָב אים געזאָגט: „הערט, ס'קאָן זיין, אַז איך בין גערעכט, און ס'קאָן זיין, אַז איך בין אומגערעכט. אָבער איך וויל זיך נישט פאַרלאָזן אויף קיין צופאַל. אָרדנט איין צענטראַל־הייצונג אין דעם הויז. איך וועל וואָרשיינלעך דאָ וווינען אויף אַן אופן פון אַריין־און־אַרויס און אַרויס־און־אַריין. אינסטאַלירט די צענ־טראַל־הייצונג אַזוי, אַז אויב איך וועל זי נישט דאַרפן, זאָל קיינער נישט וויסן, אַז דאָ איז פאַראַן אַזאַ זאַך".

די וויסנשאַפטלער זענען, ווי עס האָט זיך אויסגעלאָזט, נישט געווען אַזעלכע גיבורים, ווי די בויער. ווען די טעמפּעראַטור איז געפאַלן האָבן זיי געגומען שרייען, אַז מען דאַרף אינסטאַלירן צענטראַל־הייצונג אין אַלע נייע הייזער. און בכדי צו מאַכן זיכער, אַז דאָס זאָל געטאָן ווערן, האָב איך געדאַרפט אָפּהאַלטן נייע פּלאַנירונגס־זיצונגען מיט דעם אַרכיטעקט און מיט די בויער אין מיטן די קעלטן אין ווינטער.

איך האָב געוווסט, אַז איך וועל קומען כסדר און זייער אָפט אין מיין היים אין רחובות, וואָס איז געוואָרן מיין פאַרבינדונג מיט דער נייער יידישער מדינה. איך בין אויך געווען כמעט זיכער, אַז אין דער צוקונפט וועט אַ טייל פון מיין צייט זיין געווידמעט דעם אינסטיטוט. איך זאָג, אַז בלויז אַ טייל פון מיין צייט, ווייל אין מיין מוח האָב איך שוין געפּלאַנט עפּעס אַ נייע אויפגאַבע. איך האָב געהאַלטן, אַז מיט דער דערעפענונג פון אינסטיטוט, וואָס איז געווען באַשטימט אויפן 2טן נאָוועמבער 1949, וועט מיין הויפּטאַרבעט און הויפּטזאָרג פאַר דעם אַנשטאַלט אויפהערן. עס איז געווען אַ פעיִקע גרופּע פון וויסנשאַפטלער און אַדמיניסטראַטאָרן אונטער דער אָנפירונג פון בערגמאַן און ד״ר בנימין בלאָך, געוועזענעם פאַרוואַלטער פון זיוו־אינסטיטוט. הינטער זיי זענען געשטאַנען דער אויטאָריטעט און די מיטלען פון אַ מלוכה־אַפּאַראַט. איך וועל קאָנען העלפן — אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד; ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן וועל איך קאָנען זיין אַ ראַטגעבער דאָ און דאָרט. אָבער אין אַלגעמיין — האָב איך געטראַכט — וואָלט איך געקאָנט נאָכזאָגן לעסינגס ווערטער: „דער נעגער האָט זיינס געטאָן, דער נעגער קאָן שוין גיין״. דער ערשטער בנין פון אינסטיטוט איז שוין געווען פאַרענדיקט. די וווינהייזער זענען געווען אויפגעשטעלט. די געגנט אַרום איז שוין געווען שיין און אַטראַקטיוו אויסגעפּוצט, און באַדעקט געוואָרן מיט גרינס. איך בין געווען צופרידן און אויך חיים ווייצמאַן האָט געהאַט יעדן גרונט צו זיין צופרידן.

אָבער איך האָב געדאַרפט בעסער קענען מיין שעף, ווייצמאַנען.

פאַר אים איז די געבורט פון דער מדינה געווען דער ביטער־זיסער אָפּשלוס פון זיין לעבנסקאַמף און דער אָנהייב פונעם סוף. פאַר מיר איז עס געווען דאָס גרויסע געשעעניש אין מיטן וועג פון מיין לעבן, אַן אָפּרו, אַ פּויזע פאַרן אַריינוואַרפן זיך אין אַ נייער גרויסער אויפגאַבע. די ווייטערדיקע געשעענישן אויפן זייגער פון מיין לעבן האָבן זיך אָנגעהויבן פון דעם פּונקט און זיך אַ קער געטאָן אין דער צווייטער העלפט פון ציפערבלאַט. דער טאָג פון 2טן נאָוועמבער 1949 האָט אָנגעצייכנט פאַר מיר דעם אָנהייב פון אויספירן אַ פּסק־דין, וואָס האָט מיך פאַרמישפּט אויף צוואַנציק יאָר שווערע, אומאויפהערלעכע אַרבעט. איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דעם אין די פריִע אָוונט־שעהען פון דעם היסטאָרישן טאָג. ביז דעם דאָזיקן מאָמענט האָב איך נאָך אַלץ געטראַכט, אַז די דערעפענונג פון דעם אינסטיטוט איז דער עפּילאָג פון דער פינף־יאָריקער אַרבעט און פּלאַנירונג, וואָס איז שוין געווען אָפּגעטאָן.

די דערעפענונגס־פייערונג איז אויספּלאַנירט געוואָרן אויף דעם בעסטן אופן, פּערפעקט. איך האָב זיך באַגאָסן מיט שווייס פאַר יעדן פּרט — פאַר באַשטימען

געגנוי די צייט, ווען די געסט וועלן אַריינקומען און אַרויסגיין; פאַר דעם אויס־וואַל פון די רעדנער; פאַר דער דעקאָראַציע. חיים ווייצמאַן איז באַשטאַנען אויף דעם אַז איך זאָל זיין איינער פון די רעדנער. איך האָב נישט געוואָלט. דאָס איז געווען זיין טאָג. און איך האָב באַשלאָסן, אַז וויפל עס איז נאָר מעגלעך זאָל געווענדט ווערן די אויפמערקזאַמקייט אויף ווייצמאַנען. איך האָב אים דער־קלערט, אַז מיין אָרט איז הינטער דער בינע, אָנצופירן מיט דער אַקציע. ער איז אָבער געווען אַזוי שטאַרק אַנטשלאָסן אין זיין פאַרלאַנג, אַז איך בין איבער־ראַשט געוואָרן. און סוף כּל סוף האָב איך נאָכגעגעבן. אָבער איך האָב אין די פּאָר באַמערקונגען, וואָס איך האָב געזאָגט, זיך געהאַלטן קורץ און האָב גערעדט „צום פונקט״.

ס׳איז געווען אַ שיינער טאָג. טויזנטער מענטשן פון גאַנצן לאַנד האָבן זיך פאַרזאַמלט. הונדערטער זענען געקומען פון אויסלאַנד. די בינע האָבן באַשיינט נאָבעל־לאַורעאַטן פון דער גאַנצער וועלט אין זייערע קאָלירפולע אַקאַדעמישע טראַכטן. דער הויפּט־רעדנער איז געווען דוד בן־גוריון, דער פּרעמיער־מיניס־טער פון ישׂראל. בן־גוריון איז געווען אויסגעצייכנט ביי דער געלעגנהייט. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַלע פאַראורטיילן און האָט אַוועקגעלייגט אַן אַ זייט אַלע אמתע אָדער אויסגעטראַכטע חלוקי־דעות מיט ווייצמאַנען. איך מיין, אַז עס איז געווען זיין אויפריכטיק געפיל, ווען ער האָט געזאָגט: „ווייצמאַן טראָגט אויף זיך צוויי קרוינען, דעם כּתר מלכות און דעם כּתר תּורה״. ס׳איז געווען אַן אַלטער און איינגעבויגענער קאָפּ, וואָס האָט די צוויי קרוינען געטראָגן.

חיים ווייצמאַן איז געווען דער לעצטער צו נעמען דאָס וואָרט. ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט צו רעדן פאַרן עולם, איז עס גראַד געשען אַזוי, אַז די זון האָט אים אַריינגעשיינט גלייך אין די אויגן. נאָך עטלעכע ווערטער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט אַזוי שטיל, אַז מען האָט כּמעט נישט געהערט: „די זון איז אין מיינע אויגן. איך קאָן נישט פאַרזעצן״. אָבער די מיקראָפאָנען האָבן אויפגעכאַפּט די דאָזיקע ווערטער און האָבן זיי פאַרשפּרייט אין יעדן ווינקל, צווישן דעם גרויסן עולם. אַ שווער האַרץ־ציטערניש האָט אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן עולם. דאָ איז געשטאַנען אַ מאַן, וועלכער האָט אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ לעבן צו דינען זיין פאָלק. נישט געווען קיין איינער צווישן די אָנוועזנדיקע, וואָס זאָל נישט האָבן געפילט אין דעם מאָמענט אַ טיפן פּחד. אָבער באַלד איז אויס־געבראָכן אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן ווען ווייצמאַן האָט אַוועקגעלייגט אַן אַ זייט זיינע נאָטיצן און האָט ווי געוויינלעך אָנגעהויבן רעדן אָן זיי.

...אויך דאָ אין רחובות זענען מיר פאַרנומען מיט אַ באַזונדערן מין פון פּיאָנערישער אַרבעט — מיר זענען פּיאָנערן פון דער וויסנשאַפט. פאַראַן אַ סך פּראָבלעמען, וואָס דאַרפן געלייזט ווערן אין אונדזער לאַנד. עס זענען דאָ פיל שוועריקייטן, וועלכע מיר דאַרפן בייקומען. עס זענען אויך דאָ אַ סך געפאַרן, פאַר וועלכע מיר וועלן נאָך געשטעלט ווערן. אָבער בכדי זיי צו באַקעמפן און באַזייטיקן טאָרן מיר זיך נישט פאַרלאָזן בלויז, אָדער הויפּטזעכלעך, אויף פיזישער קראַפט. מיר האָבן אַ מעכטיק געווער, וואָס

מיר מוזן אויסנוצן מיט אַ דערהויבענעם גייסט און מיט פעיִקייטן, מיט אַלע מיטלען, וואָס מיר קאָנען האָבן. דאָס דאָזיקע געווער איז: וויסנשאַפט — אונדזער אוצר פון קראַפט און אונדזער מקור פון פאַרטיידיקונג.

ווען די רעדעס זענען פאַרענדיקט געוואָרן, איז ווייצמאַן געגאַנגען געאַרעמט מיט בן־גוריונען — אַרומגערינגלט פון דיואי סטאָון און הערי לעווין — צוויי פון ווייצמאַנס פאַרטרוילעכסטע און איבערגעגעבנסטע שטיצער אין די פּאַראַיי־ניקטע שטאַטן, צו דער טראַדיציאָנעלער צערעמאָניע פון איבערשניידן דעם באַנד ביים אַריינגאַנג אין אינסטיטוט. פּראָפעסאָר לעאָ ראַזיקע, דער נאָבל־לאָורעאַט פון ציריך, און רעבעקאַ זיוו האָבן איבערגעשניטן דעם באַנד. דער אינסטיטוט איז געעפנט געוואָרן.

עטלעכע שעה האָט זיך דער עולם געפונען אין אַ געהויבענער שטימונג. מענטשן זענען אַריינגעגאַנגען און אַרויסגעגאַנגען פון די בנינים, באַטראַכטנדיק די אינערלעכע איינאָרדענונגען און אַרומקוקנדיק זיך אויף דער שיינער לאַנד־שאַפט. חיים ווייצמאַן, אַן אויסגעמאַטערטער פון דער פייערונג, איז באַלד אַוועק צו זיך אַהיים.

איך אַליין, אויך אַ פאַרמאַטערטער, הגם אין אַ יום־טובדיקער און שאַמפּאַ־ניער־שטימונג, האָב זיך צוריקגעקערט אין דעם הויז, וואָס איז שפּעטער גע־וואָרן מיין היים אויף איין און צוואַנציק יאָר. דאָס הויז שטייט אויפן שפּיץ פון אַ בערגל, וואָס שניידט זיך אַריין אין דער ווינגעגנט פון אינסטיטוט. ס׳איז געווען שפּעט נאָך מיטאָג, און כאָטש איך האָב געלעכצט צו כאַפּן אַ דרימל, בין איך געווען צו פיל אויפגעהייטערט און אויפגערודערט, איך זאָל קאָנען זיך אַוועק־לייגן און אָפּרוען.

און וואָס וועט זיין איצט? — האָב איך נישט אויפגעהערט פרעגן זיך אַליין. וואָס וועט זיין איצט? איך האָב געטראַכט וועגן די יאָרן, וואָס איך האָב פאַר־בראַכט אויף צו לויפן אַהין און צוריק צווישן ניו־יאָרק און רחובות. דער דאָזי־קער טאָג האָט געבראַכט דעם פינאַל — אַזוי האָב איך געמיינט — פון די אַלע יאָרן. אָבער וואָס קומט איצט? איך בין געווען אינעם בעסטן עלטער פון מיין לעבן. און הגם איך האָב אין האַרצן שוין לאַנג געהאַט באַשלאָסן, אַז אין ישׂראל וועט לכל הפחות זיין טיילווייז מיין היים, האָב איך אין דער אמתן נישט געוווּסט וווּהין איך זאָל זיך קערן און ווענדן. זייער ווייניק מענטשן רייסן זיך אָפּ פריי־וויליק פון זייער באַזע און קלייבן זיך אַריבער פון איין לאַנד אין אַ צווייטן. דאָס געשעט מתּוך צוואַנג, וועגן רדיפות, אָדער מען ווערט געטריבן דורך נויט. אין מיין פאַל איז נישט געווען קיין שטאַרקע מאָטיווירונג. איך האָב געלעבט דעם גרעסטן טייל פון מיין לעבן אין אַמעריקע. איך האָב חתונה געהאַט אין אַמעריקע און האָב דאָרט אויפגעהאָדעוועט מיינע קינדער. אמת, מיין טאָכטער האָט באַשלאָסן אויפצושטעלן איר היים אין ישׂראל. אָבער איך האָב נאָך צוויי קינדער, מענדי און דוד, אין אַמעריקע. דאָרט, אין אַמעריקע, געפינען זיך מיין פרוי, מיין משפּחה, מיינע פריינד. אַלץ, וואָס איך בין געוואָרן, אָדער וואָס איך האָב געשאַפן, איז געווען דער רעזולטאַט פון די מעגלעכקייטן, וואָס זענען מיר

געגעבן געוואָרן אין די פּאַראיינִיקטע שטאַטן. און מיין פאַרבינדונג מיט אַמעריקע איז אומצעטיילבאַר.

די אַלע מחשבות זענען דורכגעלאָפן דורך מיין מוח און האָבן פון מיר אַוועקגערויבט דעם אָפּרו, אויף וועלכן איך האָב געהאָפט און געוואַרט. און דאַן — אין מיטן פון די אַלע טראַכטעניִשן מיינע, טראַכטענישן וואָס האָבן מיך נישט געלאָזט צו רו, האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון טעלעפאָן: „דער שעף (ווייצמאַן) וויל איך זען". ס'איז געווען 5.30 נאָך מיטאָג. דער טאָן פון דעם רוף, וואָס איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן, איז געווען אַ דרינגלעכער. אין פופצן מינוט אַרום בין איך געווען ביי חיים ווייצמאַנען.

ד"ר חיים ווייצמאַן איז געזעסן אין זיין ביבליאָטעק־צימער, וווּ עס איז געווען האַלב פינצטער. ער איז געזעסן אָנטקעגן איבער דעם הייך־אויוועלע, מיטן קאָפּ אָנגעבויגן און אָנגעלענט אויף די אויסגעצויגענע שפּיץ פינגער פון דער רעכטער האַנט. נאָך דעם ווי ער האָט געמאַכט אַ פּאָר אָנגענעמע באַמערקונגען וועגן די געשעעניִשן פון דעם טאָג, איז ער אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ רגע. עס איז געווען שווער צו זאָגן, צי ער איז אַריינגעטאָן אין מחשבות, אָדער ער האָט סתם געכאַפּט אַ קליינעם דרימל. דערנאָך האָט ער מיר געגעבן אַ צייכן, איך זאָל צוגיין צו אים נעענטער און זיך אַוועקזעצן נעבן אים. זיין ערשט וואָרט צו מיר, אין יידיש, איז געווען:

„מאיר, גיב מיר תקיעת־כּף!"

„וואָס פּלוצלונג?" — האָב איך געפרעגט.

„גיב מיר תקיעת־כּף" — האָט ווייצמאַן איבערגעחזרט — „איך וויל, דו זאָלסט מיר צוזאָגן, קיין מאָל נישט צו פאַרלאָזן דעם אינסטיטוט. אויב דו מיינסט, אַז היינט איז געשאַפן געוואָרן אַ וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, האָסטו אַ טעות. ער איז געבוירן געוואָרן, ער דאַרף אויפגעהאָדעוועט ווערן, אָפּגעהיט ווערן, כּדי עס זאָל אויסוואַקסן אַ רייף באַשעפעניש. זאָג מיר צו, אַז דו וועסט קיין מאָל נישט פאַרלאָזן דעם דאָזיקן פּלאַץ; אַז דו וועסט ווידמען דעם אינסטיטוט די יאָרן, וואָס זענען דיר פאַרבליבן צו לעבן".

מיין ענטפער איז געווען: „ד"ר ווייצמאַן, איך בין נישט קיין וויסנשאַפטלער. ווי קאָן איך איבערנעמען דעם אינסטיטוט אַזוי ווי איר מיינט?"

„דו דאַרפסט נישט זיין קיין וויסנשאַפטלער צו וויסן וואָס איך מיין" — האָט ווייצמאַן געזאָגט — „אַלץ וואָס דו דאַרפסט איז צו געדענקען, אַז ישׂראלס צו־קונפט וועט זיך שטיצן אויף דריי זיילן: וויסנשאַפט, זיכערקייט און דערציִונג, און קודם־כּל דערציִונג. דער אינסטיטוט דאַרף ווערן דער שטאַרקסטער זייל אין וויסנשאַפטלעכער דערציִונג. און איך וויל אים אָנפאַרטרויען דיר. גיב מיר תקיעת־כּף!"

איך האָב אים געגעבן די האַנט און איך האָב געפילט, אַז מיר ביידע זענען נאָענט צו לאָזן טרערן.

עס איז געווען אַ מאָמענט פון אַ באַשלוס מיט פייערלעכקייט סיי פאַר אים און סיי פאַר מיר. ער האָט געווינט, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין לעבן ענדיקט זיך. כאָטש דער מוח איז אים געווען אַזוי קלאָר און אַזוי וואַכזאַם, ווי

שטענדיק, איז ער אָבער פיזיש געוואָרן שוואַכער און שוואַכער. און איך האָב געוויינט צוליב זיין אומגעהויערן צוטרוי צו מיר און דער ריזיקער אחריות, וואָס ער האָט אַרויפגעלייגט אויף מיר, און ווייל איך בין דערשראָקן געוואָרן פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, נישט בלויז כּלפּי דעם אינסטיטוט, נאָר כּלפּי מיר אַליין, כּלפּי מיין פרוי און משפחה. דער לייענער וועט פאַרשטיין, אַז עס וואָלט קיין מאָל נישט געקומען צו דער דאָזיקער גוֹרלדיקער סצענע פאַר מיר, ווען נישט די לאַנגע רייע פון געשעענישן, וועלכע האָבן געפירט צו דער דערעפענונג פון דעם אינסטיטוט.

חיים ווייצמאַנס צוטרוי צו מיר איז געווען אַבסאָלוט. וואָס פאַר אַ מיינונגס־פאַרשידנהייטן מיר זאָלן נישט האָבן געהאַט — און נישט אַלע מאָל איז געווען אַן איינשטימיקייט צווישן אונדז — האָבן מיר תּמיד דורכדיסקוטירט די ענינים, און מיר זענען געקומען צו אַן אויסגלייך. דער לייענער דאַרף שוין איצט עפּעס וויסן וועגן מיין טעמפּעראַמענט. דאָך, ווי שווער עס קאָן זיין זיך פאַרצושטעלן, זענען מיינע וויכּוחים מיט ווייצמאַנען תּמיד געהאַלטן געוואָרן אין אַן אונטערטאָן. ער האָט קיין מאָל נישט ליב געהאַט מיינע הויכע טענער. ער פלעגט זאָגן: „איך האָב געהערט וועגן דעם, אַז די מויערן פון יריחו זענען געפאַלן איבער די שופרות. אָבער איך האָב קיין מאָל נישט געהערט, אַז מען זאָל מיט שופרות קאָנען אויפבויען מויערן". טייל מאָל פלעגט ער מיך אין אונדזערע וויכּוחים איבערצייגן, אַז ער איז גערעכט, און איך פלעג אים נאָכגעבן. „קאָן זיין, אַז עפּעס איז פאַראַן אין דעם וואָס איר זאָגט. לאָמיך איבערשלאָפן דעם ענין", פלעגט ער זיך אויסדריקן. און אויב איך האָב אים געהאַט איבערצייגט, האָב איך שטענדיק געהערט וועגן דעם צו מאָרגנס אין דער פרי.

קיין מאָל בעת אונדזער לאַנגער, לאַנגער פאַרבינדונג איז נישט דורכגעגאַנגען צווישן אונדז קיין וואָרט, אַז איינער זאָל באַשולדיקן דעם צווייטן. ווייצמאַנס טבע איז געווען אַריבערצוגיין פון דער העכסט־געהויבענער שטימונג צו אַ צושטאַנד פון טיפער פאַרצווייפלונג, אָבער קיין מאָל האָט ער נישט אויסגעדריקט זיינע שטימונגען כּלפּי מיר. להיפך, ער האָט אויסגעקוקט דערויף איך זאָל אים ברענגען פאַרלייכטערונג און פאַריאָגן זיין אומעט.

אַזוי פיל וועגן דער פאַרגעשיכטע.

ווייטער איז אָנגענומען געוואָרן, אַז ווייצמאַנס וויסנשאַפטלעכער מאַנטל וועט אַריבערגיין צו ערנסט בערגמאַנען. ווייצמאַן האָט אין גאַנצן און אָן שום באַוואָרעניש זיך פאַרלאָזט אויף אים אין משך פון אַ סך יאָרן. בערגמאַן האָט מיר אַ מאָל געזאָגט, אַז בעת זיינע אָפטע געשפּרעכן מיט ווייצמאַנען — און זיי זענען פאָרגעקומען כּמעט טאָג־טעגלעך — איז ער באַגייסטערט געוואָרן פון די טעאָריעס פון דעם שעף, ווי מיר האָבן אים גערופן. נישט געקוקט אויף דעם ווי שפּעט עס איז געווען אין דער נאַכט — און בערגמאַן פלעגט צייטנווייז אַרבעטן ביי טאָג און ביי נאַכט — פלעגט ער לויפן אין דער לאַבאָראַטאָריע אויספּרובירן ווייצמאַנס אַ טעאָריע, צי דאָס איז געווען אין לאָנדאָן, אין ניו־יאָרק צי אין רחובות. תּמיד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ווייצמאַנס טעאָריעס באַשטעטיקן זיך.

שפּעטער, ווען ווייצמאַנס ראיה איז געוואָרן שוואַכער, האָט ער כּמעט אין גאַנצן זיך פאַרלאָזט אויף בערגמאַנס עקספּערימענטן. פּונקט אַזוי ווי ער האָט זיך גע־נויטיקט אין מיר פאַר אַנדערע צילן, האָט ער געדאַרפט האָבן בערגמאַנען פאַר זיין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. ווי טיף און ווי שטאַרק ווייצמאַן זאָל נישט האָבן געווען פאַרנומען מיט ציוניסטישע און פּאָליטישע פּראָבלעמען, האָט ער שטענ־דיק געקאָנט געפינען אַ שעה, אָדער צוויי זיך אָפּצורוען אין אַ שמועס מיט בערגמאַנען.

די נאָענטע און אינטימע באַציִונג צו בערגמאַנען איז אויף אַ הונדערט מאָל פאַרשטאַרקט געוואָרן נאָכן טויט פון ווייצמאַנס יינגערן זון מיכאל, אין ענגלישן לופטפלאָט בעת דער מלחמה. ווייצמאַן פלעגט רופן בערגמאַנען „מיין בן־יחיד״. דאָס איז געווען אַ באַציִונג נישט ווי צווישן דוד און יהונתן, נאָר גיכער ווי צווישן שאולן און דודן. און איך האָב אויסגעקליבן דעם צווייטן פאַרגלייך צוליב די שפּעטערדיקע אַנטוויקלונגען.

אין יאָר 1947 איז דורכגעפלויגן צווישן זיי אַ שוואַרצע קאַץ, ווי עס זאָגט זיך אין דעם אַלטן שפּריכוואָרט. דאָס וואָס עס איז פאַקטיש געשען, איז געווען אַן אַנזאַמלונג פון אַ סך קליינע און אַ פּאָר גרעסערע זאַכן, פּערזענלעכע און וויסנשאַפטלעכע. איך בין נישט ווילנדיק אַריינגעצויגן געוואָרן אין די דאָזיקע אומאַנגענעמע אינערלעכע ענינים. איך האָב געטאָן, וואָס איך האָב געקאָנט צו פאַרלייכטערן דעם וועג פאַר וויטערדיקער קאָאָפּעראַציע צווישן זיי. אין אַ גע־וויסער מאָס האָט זיך מיר דאָס איינגעגעבן, ווייל איך האָב געקאָנט פאַרשטיין זייער קעגנזייטיקע אומצופרידנקייט, הגם עטלעכע פון מיינע אַרגומענטן האָבן נישט איבערצייגט ווייצמאַנען. „נאָך אַלעמען״ — פלעג איך אים זאָגן — „האָבן מיר אין די פאַרגאַנגענע דריי יאָר געפּלאַנט און געבויט אַן אינסטיטוט מיט דער מסקנה, אַז ד״ר בערגמאַן איז אייער עווענטועלער נאָכפאָלגער. ווי קענט איר איצט כּמעט ערב דער דערעפענונג פון דעם אינסטיטוט, באַזייטיקן דעם מענטש, אויף וועמענס פּלייצעס דער אינסטיטוט האָט זיך געזאָלט שטיצן?״ פאַראַן אַ לאַנגע קאָרעספּאָנדענץ וועגן דעם פּראָבלעם. אָבער עס וואָלט געווען אַ צו טרוקענער ענין צו לייענען די דאָזיקע בריוו.

אין יענע טעג איז פרוי ווערא ווייצמאַן געווען אונטערן איינדרוק פון בערג־מאַנס מאַגנעטישער פּערזענלעכקייט. זי האָט אים זייער שטאַרק פאַרטיידיקט. ער האָט איר געדינט אויף פאַרשיידענע וועגן, און אויך פאַר איר איז ער גע־וואָרן דער פאַרטרעטער פון איר פאַרלאָרענעם זון. דאָס אַלץ איז געווען פאַר־שטענדלעך, אָבער דער ענין גופא איז דערפון נישט געוואָרן לייכטער, בכל אופן איז נישט געשען גאָרנישט אַזעלכעס אומאַנגענעמס און פאַרדריסלעכס, אַז די צוגרייטונגען צו דער פייערלעכער דערעפענונג פון אינסטיטוט זאָלן געשטערט ווערן. אויבן־אויף האָט בערגמאַן מער אָדער ווייניק גענאָסן פון ווייצמאַנס חסד און גוטער באַציִונג צו אים. ער איז נאָך אַלץ געווען דער „בן־יחיד״. פון דעסט־וועגן האָב איך געפילט, אַז עס וואַקסט אין ווייצמאַנען אַן אומצופרידנקייט מיט בערגמאַנען, אַז עס טאָטשעט און גריזשעט אים עפּעס אַזעלכעס, פון וועלכן ער

קאָן זיך אַליין נישט באַפרייען. פון צייט־צו־צייט פלעגט ער וועגן דעם אַריינוואַרפן אַ פּאָר ווערטער אין אונדזער שמועס, ווען מיר זענען געווען אַליין. ער האָט געפילט, אַז דער מזבח פאַר ריינער וויסנשאַפט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ ציטאַדעל. ער האָט פאַרשטאַנען דעם דרוק, אָבער ער האָט נישט געוואָלט, אַז מיליטערישע נויטווענדיקייטן און אַריינמישונגען זאָלן פּערמאַנענט באַאיינפלוסן דעם כאַראַקטער פון אינסטיטוט. און די דאָזיקע מורא, גלויב איך, האָט זיך גענומען דערפון וואָס בערגמאַן איז געווען אין גוטע באַציִונגען מיט דוד בן־גוריון, בערגמאַן האָט געהאַנדלט ווי בן־גוריונס וויסנשאַפטלעכער ראַטגעבער. ווייצמאַן האָט באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק געפילט, אַז דערמיט ווערט בערגמאַן אָפּגעפרעמדט פון אים. עס זענען געווען נאָך אַנדערע טעמים פאַרבונדענע מיט דעם, און די אינטימקייט, די אויפריכטיקע באַציִונג, דער קאָמפּלעטער צוטרוי, וואָס האָט עקזיסטירט צווישן זיי ביידע במשך פון פיל יאָרן, זענען בהדרגהדיק אָפּגעשוואַכט און פאַרטונקלט געוואָרן, ביז זיי זענען אין גאַנצן פאַרלאָשן געוואָרן. דאָס איז געווען זייער פּיינלעך פאַר יעדן איינעם, וועלכער איז געווען אַריינגעמישט אין דעם, און פאַר מיר — אפשר מער ווי פאַר אַלע אַנדערע.

ווען ווייצמאַן האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער: „גיב מיר תּקיעת־כּף״, זענען עס געווען דברים היוצאים מן הלב. איך האָב אינסטינקטיוו געפילט, אַז דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט פון מיר, איז נישט געווען בלויז אויפצושטעלן די מויערן פון דעם אינסטיטוט, נאָר אָפּצוהיטן אין אים די אידעאַלן, וועלכע זענען אים געווען טייער. ער איז געווען הילפלאָז משפיע צו זיין אויף די ענינים פון מדינת ישׂראל. ער האָט זייער שטאַרק געהאָפט, אַז דער אינסטיטוט וועט ווערן און וועט פאַרבלייבן אַפילו נאָך זיין טויט די פאַרקערפּערונג פון זיין קאָנצעפּציע: אַז ציון וועט אויסגעלייזט ווערן נישט מיט פייער און שווערד, נאָר אַז „ציון במשפּט תּפדה״ — מיט תּורה און דרך ארץ וועט ציון אויסגעלייזט ווערן.

זעקס חדשים פריִער פאַר אונדזער גורלדיקן געשפּרעך האָט ווייצמאַן מיר שוין געהאַט אָנפאַרטרויט אַן אַנדער מין ירושה. ער האָט מיר געשריבן פון רחובות, און געבעטן איך זאָל איבערנעמען די אחריות פאַר צונויפזאַמלען און עווענטועל פאַרעפנטלעכן אַלע זיינע בריוו און דאָקומענטן:

טייערער מאיר,

איצט, ווען מיין אויטאָביאָגראַפיע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן און ווערט איצט איבערגעזעצט אין „שבעים לשונות״, טראַכט איך וועגן די פיל נישט־פאַרעפנטלעכטע דאָקומענטן און בריוו פון די פאַרגאַנגענע פערציק יאָר און מער, וואָס קאָנען האָבן אַן אינטערעס פאַרן כלל. די דאָזיקע בריוו און דאָקומענטן זענען צעוואָרפן איבער דער גאַנצער וועלט און געפינען זיך אין פאַרשידענע הענט. די הויפּטקוואַלן זענען: לאָנדאָן, ירושלים, רחובות און ניו־יאָרק. איך וואָלט זיי געוואָלט זען צונויפגעזאַמלט אויף איין פּלאַץ און זיי זאָלן צוגעגרייט ווערן פאַר געהעריקער רעדאַקטירונג און פאַרעפנטלעכונג. וואָלט איר געוואָלט נעמען אויף זיך די דאָזיקע אויפגאַבע? איך ווייס, אַז דאָס איז אַ גרויסע אַרבעט, אַן אַרבעט, וואָס וועט פאָדערן אַ סך קאָאָפּעראַציע און וועט זיך וואַרשיינלעך פאַרציִען אויף עטלעכע יאָר.

**איך קאָן נישט טראַכטן וועגן עמעצן אַנדערש, ווי נאָר וועגן אייך אַליין, וועמען איך וואָלט אָנפאַרטרויט די דאָזיקע אַרבעט מיט דעם געפיל, אַז זי וועט געטאָן ווערן מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט און געטריישאַפט.**

**מיט ליבע**
**חיים ווייצמאַן**

און איצט — לאָמיך זיך צוריקקערן צום אינסטיטוט.

פון יענער צייט אָן, זינט אונדזער גוֹרלדיקן געשפּרעך, בין איך געוואָרן אַן אינסטרומענט פון ווייצמאַנס ווילן, דער פאַרטרויונגס־מענטש פון זיינע חלו־מות און דער אויספירער פון זיין שטייגער. פון דעם דאָזיקן מאָמענט אָן האָבן די דאָזיקע אויפגאַבן און אחריותן באַשטימט דעם גאַנג פון מיין לעבן. ווען איך קוק איצט צוריק צו יענער צייט, זעט עס אויס, אַז דער טאָג פון 2טן נאָוועמבער 1949 איז טאַקע געווען, ווי איך האָב פריִער געזאָגט, דער ווענדפּונקט אין מיין לעבן. מיין ענערגיע, מיין גאַנצער כּוח מיינע פאַרשיידענע און פּילזייטיקע טעטי־קייטן זענען פון דעמאָלט אָן געוואָרן געריכטעט צו אַ קלאָר באַשטימטן ציל. דער דאָזיקער ציל איז פאַר מיר באַשלאָסן געוואָרן דורך עמעצן אַנדערש, דורך ווייצמאַנען, און איך האָב אים אָנגענומען. געוויס איז עס נישט געווען קיין ענדערונג אין דער ריכטונג פון מיין לעבן און פון מיין אַרבעט. גיכער איז עס געווען דער איינציק־מעגלעכער אויספיר פון דעם אַלעם, וואָס איז פאַרגעקומען פריִער. עס איז געווען דאָס לעצטע און לענגסטע קאַפּיטל.

אָנהויב יאָר 1950 האָבן מענדי און מערי־דזשאָ מיך מכבד געווען מיט מיין ערשט אייניקל, אַלעקסאַנדראַ. סוף יאָר 1951 האָבן העלען און שמואל מיך מכבד געווען מיט מיין ערשטן אייניקל אַ ייִנגל — עמינדב חיים. איך מיין נישט דאָ צו באַווייזן זיך מיט מיינע אייניקלעך. אָבער איך האָב נאָך אַ סיבה צו געדענקען וועגן דער צייט פון געבורט פון מיין אייניקל עמינדב חיים: ווייצמאַן איז דעמאָלט געווען זייער ערנסט קראַנק.

זינט דער דערעפענונג פון אינסטיטוט פלעג איך פאָרן רעגולער אַהין און צוריק צווישן ניו־יאָרק און רחובות — פריִער וועגן די ענינים פון אינסטיטוט און דערנאָך אויך אויף דער ביטע פון דער ישׂראל־רעגירונג, כּדי צו העלפן העני מאָנטאָרן איינצופירן די באָנדס פאַר ישׂראל און צוגרייטן בן־גוריונס רייזע קיין אַמעריקע. אין מיטן פון די אַלע געשעענישן זענען שירלי און איך צוריקגעקומען קיין ישׂראל דעם 6טן דעצעמבער 1951, כּדי צו זיין צוזאַמען מיט העלען, ווען זי וועט געלעגן ווערן. באַלד נאָך דעם ווי מיר זענען אָנגעקומען, האָב איך געהערט, אַז עס איז אַ פראַגע פון שעהען, אָדער העכסטנס פון טעג פאַר ווייצמאַנען. איך בין גלייך אַוועק אים זען, אָבער בלויז אויף עטלעכע מינוט. ער האָט געדריקט מיין האַנט און געזאָגט מיט אַ שוואַכער שטים און מיט גרויסע שוועריקייטן: „מיין האַרץ איז איבערפולייצט מיט דאַנקבאַרקייט פאַר אַלע מיינע פריינד. איך פאַרדין דאָס נישט". ער האָט מיך אויסגעפרעגט וועגן שירלין און וועגן די קינדער, און איז דערנאָך אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד

וואָס איך האָב געמיינט, אַז עס איז אַ טיפֿער שלאָף. אויף אַ צייכן פֿון די דאָקטוי־רים, האָב איך זיך שטיל אַרויסגעגליטשט פֿון צימער. שפּעטער האָב איך גע־הערט, אַז ווען ער האָט געעפֿנט די אויגן און די דאָקטוירים האָבן אים געזאָגט, אַז איך בין אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך אָנגערופֿן: „דער דאָזיקער מאיר איז אַ מאָדנער פּאַרשוין. ער קאָן נישט איינזיצן קיין פֿינף מינוט".

צו מאָרגנס איז שירלי אַוועקגעפֿאָרן אין קיבוץ שובל, אין נגבֿ, צו זען העלען. זי איז אָנגעקומען פּונקט אין צייט אַוועקצופֿירן זי אין שפּיטאָל אין באר־שבֿע. נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז מיר האָבן געמאַכט די אויסרעכענונג אויף אַ מרחק פֿון צען טויזנט קילאָמעטער און אָן אַ טעלעפֿאָן אָדער „קאָמפּיוטער", איז שירליס אָנקומען פּונקט אין צייט, געווען וווּנדערלעך. אויפֿן צווייטן טאָג אין דער פֿרי האָט העלען, נאַטירלעך אָן דער מאָדערנער כירורגישער הילף, געבראַכט אויף דער וועלט אַ יינגל פֿון זיבן פֿונט.

ווען איך בין געקומען קיין באר־שבֿע, האָב איך איר געזאָגט, אַז ווייצמאַן האַלט ביים שטאַרבן. און איך האָב זי געבעטן אַ נאָמען צו געבן דעם יינגל — חיים. זיי האָבן שוין פֿריִער געהאַט באַשלאָסן אַ נאָמען. אָבער זיי האָבן מסכּים געווען צו געבן אים אַ צווייטן נאָמען. און אַזוי איז עס געשען. עטלעכע טעג שפּעטער האָט זי זיך צוריקגעקערט אין איר פּרעכטיקער דירה אין קיבוץ. אין אַ רעגן און אין אַ בלאָטע איז דער נייגעבוירענער חבֿרה־מאַן אַריינגעבראַכט געוואָרן בבֿריתו של אבֿרהם אָבֿינו. דער בּרית איז דורכגעפֿירט געוואָרן אין דעם קליינעם פֿאָדערהויז פֿון דער קינדערהיים אין קיבוץ, און איך בין זעלבסטפֿאַר־שטענדלעך געווען דער שטאָלצער סנדק.

אויפֿן וועג צוריק קיין רחובֿות האָב איך כּסדר נאָכגעטראַכט וועגן דעם ענין פֿון דור הולך ודור בא, איין דור גייט אַוועק און דער אַנדערער קומט. און אפֿשר איז עס: „מהפּכין את הסדר".

איך האָב געזען ווייצמאַנען צוויי מאָל אין די שפּעטערדיקע צוויי וואָכן. איין מאָל האָט ער עפּעס וואָס אָנגעהויבן מיר זאָגן און האָט נישט געקאָנט. ער האָט בלויז געהאַלטן אין איין איבערחזרן דעם נאָמען מאיר. דאַן האָט מען מיר געגעבן אַ צייכן, איך זאָל אַוועקגיין.

עטלעכע טעג שפּעטער איז אין זיין צושטאַנד געקומען אַ וווּנדערלעכע ענדע־רונג צום גוטן. די דאָקטוירים זענען געווען מלא שׂמחה. ווייצמאַן האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך אויסגעלאַכט פֿון אַלע געזעצן פֿון דער נאַטור. מיטן אויסנאַם פֿון דער נאָענטסטער משפּחה, האָט מען קיינעם נישט דערלויבט אים צו זען. אָבער פֿון צייט צו צייט האָט ער גערופֿן יוסף שפּרינצאַקן און מאיר ווייסגאַלן.

איין טאָג האָב איך זיך באַטייליקט אין אַ זיצונג, וואָס איז אָפּגעהאַלטן גע־וואָרן אונטערן פֿאָרזיץ פֿון העראָלד גאָלדענבערג. העראָלד און זעלדאַ האָבן דאַן געוווינט אין די בנינים פֿון ווייצמאַן־אינסטיטוט און האָבן געהאָלפֿן אַ ביסל צו פֿאַרלייכטערן דאָס לעבן, אַפֿילו אַריינברענגען אַ ביסל פֿרייד אין דעם סאָציאַלן מדבר. פּלוצלונג האָב איך דערהאַלטן אַ דרינגענדן רוף פֿונעם „ווייסן הויז". איך

בין געווען זיכער, אַז ווייצמאַן איז שוין אַ „הלך לעולמו". ווען איך בין אָנגעקומען, האָב איך אים געפונען זיצן אין אַ פּאָטעל, צום ערשטן מאָל זינט אַ סך וואָכן. די דאָקטוירים און זיין פרוי זענען געווען נעבן אים. ער האָט געוואָלט מיך זען און מען האָט אונדז, מיך און אים, איבערגעלאָזט אַליין אַ האַלבע שעה צייט. מען האָט מיך געבעטן איך זאָל אים דערציילן פריילעכע מעשיות און אים אַ ביסל אויפמונטערן און אויפהייטערן. דאָס איז נישט פון די לייכטע זאַכן, ווען מען דאַרף עס מאַכן אויף אַ באַפעל און ביי אַזעלכע אומשטענדן. יעדע פינף מינוט איז אַריינגעקומען די קראַנקן־שוועסטער צו כאַפּן אַ בליק, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט. צום דריטן מאָל האָט זי זיך אָנגערופן: „אויב איר וועט וועלן אַוועקגיין, קאָנט איר מיך רופן. איך בין אין דרויסן, ביי דער טיר". דאָס איז געווען אַ קאָפּוליער אָנצוהערעניש, אַז איך זאָל אַוועקגיין. איך האָב געזאָגט ווייצמאַנען: „מיין טייערער שעף, איך שטויס זיך אָן, אַז איך דאַרף איצט אַוועקגיין. אויב נישט, וועט מיין לעבן נישט וואָרט זיין קיין צוויי סענט". ער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און מיט זיין געוויינלעכן ביטול־זשעסט מיט דער צווייטער האַנט האָט ער מיר געזאָגט אין יידיש: „בלייב, בלייב, איך וועל דיך אויסלייזן". ווייצמאַן האָט באַנוצט דעם דאָזיקן פיל באַדייטנדיקן אויסדרוק אין דער באַציִונג צו דער קראַנקן־שוועסטער, מיינענדיק דערמיט, אַז ער וועט מיך אויסלייזן פון אירע הענט. אין יידיש האָט דאָס וואָרט אויסלייזן אַ פיל טיפערע באַדייטונג, אָנגעזאַמלט פון שווערע נסיונות און האָפענונגען אין משך פון דורות. אָבער ווען ער האָט ווייטער גערעדט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געהאַט דערביי אויך אַ טיפע גייסטיקע כוונה.

אין משך פון דער גאַנצער צייט איז ווייצמאַן געווען דער, וואָס האָט צום מערסטן גערעדט. פון צייט צו צייט האָט ער געמאַכט אַ הפסקה, רעדנדיק מיט אַ שוואַך קול, אָבער מיט אַ ווונדערלעכער קלאָרקייט און מיט קיין איין טעות נישט אין זכרון. ער האָט גערעדט בלויז יידיש, קיין איין וואָרט נישט ענגליש, אָדער וועלכע עס איז אַנדערע שפּראַך.

נאָך דעם ווי איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך דאָס גאַנצע געשפּרעך, אָדער וויפל איך האָב געקאָנט געדענקען, דיקטירט, האַלב אין ענגליש און האַלב אין יידיש צו מיין פרוי אין דער פאָרעם פון אַ בריוו צו מויש סעמיועל. מיר איז תמיד געווען לייכטער צו שרייבן צו אַ באַשטימטער פערזאָן, איידער צו מאַכן סתם נאָטיצן. דער תמצית פון דעם, וואָס ווייצמאַן האָט מיר דאַן געזאָגט, איז געווען אָט וואָס:

מיין גאַנצע שוועריקייט, ליגנדיק דאָ אין די באַדינגונגען פון הילפלאָזיקייט, איז צו האַלטן אַן אויג און זען די אַלע פעלערן, וואָס ווערן געמאַכט אין דעם לאַנד. דו זעסט, יידן זענען אַ קליין פאָלק, אַ זייער קליין פאָלק אין כמות, אָבער אויך אַ גרויס פאָלק אין איכות. אַ מיאוס פאָלק, אָבער אויך זייער אַ שיין פאָלק, אַ פאָלק, וואָס בויט און צעשטערט. אַ גאוניש פאָלק, אָבער אין דער זעלבער צייט אויך אַ זייער נאַריש פאָלק. מיט זייער עקשנות וועלן זיי דורכברעכן אַ וואַנט. אָבער דער לאַך אין דער וואַנט וועט תמיד בלייבן צו קוקן אויף אייך. די, וועלכע ווילן באַוווסט־

זיניק אַרויפקלעטערן אויפן שפּיץ באַרג, וועלן תּמיד בלייבן צוגעשמידט צום צופוסנס פון באַרג.

**בכדי צו אילוסטרירן דעם דאָזיקן געדאַנק, איז ווייצמאַן פלוצלונג אַריבערגעגאַנגען צו וויסנשאַפט, און ער האָט געזאָגט:** די, וועלכע לאָזן זיך אַרויס צו דערגרייכן עפּעס ספּעציפיש אין דער וויסנשאַפט, זיי דער־גרייכן עס קיין מאָל נישט, אָבער די, וועלכע אַרבעטן לשמה, דערגרייכן געווינלעך צום שפּיץ באַרג. נעם, למשל — **האָט ווייצמאַן געזאָגט** — די וויסנשאַפט פון מיקראָביאָלאָגיע. מיטן אויסנאַם פון פּאַסטערן, איז עס כמעט אין גאַנצן אַ יידישע וויסנשאַפט. יידישע וויסנשאַפטלער האָבן שטענ־דיק געאַרבעט אין פינצטערע, אָרעמע לאַבאָראַטאָריעס. וואָס זיי האָבן אויס־געפונען — האָבן זיי געלאָזט ליגן אין אַ ווינקל אַ לאַנגע צייט און האָבן דערנאָך זיך צוריק גענומען צו דעם. און איצט האָט מען עס אַרויסגענומען און עס געקרוינט ווי איינס פון די הויפּט־אינסטרומענטן צו היילן מענטשן״.

**ווייצמאַן האָט גערעדט וועגן יידישן פאָלק, האָט געמאַכט אַ הפסקה, און נאָך עטלעכע סעקונדעס האָט ער ווייטער געזאָגט:** „איך וויל אייך עפּעס זאָגן וועגן בן־גוריונען״. **איך האָב געמאַכט אַ האַנט־באַוועגונג ווי צו זאָגן, אַז עס איז נישט די צייט דערפאַר. איך האָב מורא געהאַט, אַז דער דאָזיקער ענין וועט אים צו פיל אויפרעגן. אָבער ער האָט ווייטער גערעדט:** „ניין, ניין; הער זיך צו״. **און ער האָט געזאָגט:** „בן־גוריון האָט אויפגעטאָן עפּעס אַזעלכעס, וואָס איך וואָלט קיין מאָל נישט געקאָנט טאָן, אַפילו ווען עס וואָלטן פאַר מיר געווען די זעלבע אומשטענדן. ער האָט געשיקט יידישע בחורים און מיידלעך אויפן פראָנט צו שטאַרבן פאַר מדינת ישׂראל. מסתּמא איז דאָס געווען נויטיק. די יידישע געשיכטע וועט אים דערפאַר געבן דעם פּלאַץ, וואָס עס קומט אים. אָבער״ — **האָט ווייצמאַן צוגעגעבן נאָך אַ לאַנגער, לאַנגער הפסקה** — „איך וואָלט נישט געוואָלט זיין דאָ, ווען ער גופא וועט פּרוּוון צו צעשטערן דאָס, וואָס ער האָט געשאַפן״.

**דאַן האָט ווייצמאַן זיך אויסגעדרייט צו מיר און מיר געזאָגט מיט אַ שטים, וואָס האָט געקלונגען כמעט ווי מיט תּחנונים:** „מאיר, דו ביסט מיר געווען אַ לאָיאַלער פריינד אַלע די יאָרן, וואָס איך האָב דיך געקענט. איך האָב אויך אַנדערע לאָיאַלע פריינד, אפשר מער ווי איך פאַרדין. זאָג זיי, אַז זיי זאָלן נישט לאָזן צעשטערן די זאַך, אויף וועלכער מיר האָבן געאַרבעט אַזוי פיל יאָרן״.

**איך האָב זיך באַמיט צו טרייסטן ווייצמאַנען און אים געזאָגט אַ פּאָר ווערטער אין דעם זין, אַז ס׳איז נישט אַזוי שלעכט ווי ער מיינט. דאַן האָט ער געגעבן אַ טיפן קרעכץ און געזאָגט:** „הלוואי!״

**אין דעם בריוו צו סעמיועלן האָב איך איבערגעגעבן מיין געשפּרעך מיט ווייצמאַנען בוכשטעבלעך, מיטן אויסנאַם פון זיינע באַמערקונגען וועגן בן־גוריו־נען. דאָס האָב איך געהאַלטן פאַרשלאָסן אין מיר, אָדער ריכטיקער אין מיין אייזערנער שאַנק, אין מיין „סייף״ אין משך פון אַלע יאָרן. אָפט האָב איך געהאַט**

דעם חשק אויפצושליסן דעם „סייף", ווען בן־גוריון האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף איינעם פון זיינע קרבנות, באַזונדערס ווען דאָס האָט זיך געענדיקט מיט צעשטערן עמעצן, וועלכער איז אים געווען לאָיאַל, און וועמען איך האָב באַוווּנדערט און רעספּעקטירט.

אין יאָר 1960, כמעט צען יאָר שפּעטער, האָב איך אויפגעדעקט ווייצמאַנס באַמערקונג פאַר לוי אשכּולן. ריטשאַרד קראָסמאַן האָט ציטירט אַ טייל פון מיין געשפּרעך מיט ווייצמאַנען אין זיין בוך „עי נייִשאַן ריבאָרן" („אַ ווידערגעבוירענע אומה"). לוי אשכּול, דעמאָלט פּרעמיער־מיניסטער, האָט מיר געשריבן אַ שיינעם און גייסטרייכן בריוו, שילדערנדיק וואָס פאַר אַ שטאַרקן איינדרוק עס האָבן אויף אים געמאַכט ווייצמאַנס ווערטער. אין מיין ענטפער האָב איך אים געשריבן: „איך האָב נישט אַלצדינג ציטירט", און איך האָב אים געגעבן אַ פולן באַריכט.

עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך געטראָפן לוי אשכּולן ביי דער דערעפענונג פון שעראַטאָן־האָטעל אין תל־אביב. ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען נעבן אים אין וואַרטזאַל, האָט ער אויסגערופן צו מיר אין יידיש: „מיר וועלן אים נישט לאָזן". איך בין באַלאַגערט געוואָרן פון אַ מאַסע זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן געוואָלט דערגיין וואָס פאַר אַ „סוד" לוי אשכּול האָט מיר איבערגעגעבן אין די עטלעכע ווערטער. איך האָב געזאָגט, אַז עס האָט צו טאָן מיט אַ פינאַנציעלער טראַנזאַקציע אויף אַ סך מיליאָנען דאָלאַרן. די ציייטונגס־לייט זענען נישט געווען איבערציייגט, אַז איך זאָג דעם אמת. אָבער דאָס איז געווען אַלץ, וואָס זיי האָבן אַרויסגעקראָגן פון מיר.

אין די שפּעטערדיקע צייטן, ווען בן־גוריונס איין „פּרשה" נאָך דער אַנדערער האָבן שווער געמאַכט דאָס לעבן, האָב איך תּמיד דערמאָנט אשכּולן זיין „מיר וועלן אים נישט לאָזן". מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז אין איינער פון די העברעיִשע ציייטונגען דערשינען אַ קאַריקאַטור, פאַרשטעלנדיק בן־גוריונען ווי ער צעהאַקט אַכזריותדיק זיין אייגענע סטאַטוע. וואָס פאַר אַ גרויס רחמנות! מער ווי עמעצער אַנדערש, האָט ער גופא באַשמוצט זיין אייגן בילד.

דעם גרעסטן טייל פונעם יאָר 1952 ביז זיין טויט אין חודש נאָוועמבער, איז ווייצמאַן געלעגן צו בעט. ער איז געשטאָרבן דעם 9טן נאָוועמבער 1952, דריי מינוט נאָך זעקס אין דער פרי. איך בין געווען אין ניו־יאָרק ווען דער טעלעפאָן האָט מיך אינפאָרמירט וועגן ווייצמאַנס טויט. עטלעכע שעה שפּעטער בין איך געווען אין עראָפּלאַן. ס'איז געווען אַ טיפער נאַציאָנאַלער טרויער. צוויי טעג איז זיין קערפּער געלעגן אויפן גראָז, פאַרן ווייצמאַן־הויז און אַ פערטל מיליאָן מענטשן זענען פאַרבייגעגאַנגען אים אָפּצוגעבן דעם לעצטן כּבוד, זיך פאַרבויגן פאַר אים, מתפּלל געווען — אין טיפן צער נאָך אַ מאַן, וועמען די מערסטע פון זיי האָבן פּערזענלעך קיין מאָל נישט געזען. ס'איז געווען אַן אבלות־מאַניפעסטאַציע, אין וועלכער דער פּשוטער פאָלקסמענטש האָט זיך צונויפגעמישט מיט די גרויסע פּערזענלעכקייטן, פאַראייניקט פאָלקסטימלעך און דעמאָקראַטיש אין דעם גרויסן ווייטיק און אין באַוויינען דעם מנהיג, וועלכער איז נפטר געוואָרן. איך האָב קיין

מאָל פריִער נישט געזען אַזאַ שטאַרקן אויסברוך פון געפילן, אַזאַ פאָלקסטימלעכן אויסדרוק פון אויפריכטיקן צער, געמישט מיט איידעלן פאַטאָס. ווען חיים ווייצמאַן וואָלט וועגן דעם געוווּסט, וואָלט ער אוודאי געפּרוּווט אָפּשוואַכן און מינימיזירן די אבלות־מאַניפעסטאַציע. ער האָט דאָך אַזוי שטאַרק נישט פאַרטראָגן דראַמאַ־טישע זשעסטן. דאָך וואָלט עס אים מסתּמא גערירט ביז די טיפענישן פון זיין נשמה — ווי עס האָבן אים גערירט אַלע אַזעלכע דעמאָנסטראַציעס פון זיין פאָלק, פון זיינע מאַסן, פון „עמך“.

צווישן די אבלים איז געווען איינער, וועלכער איז — דאָס איז מאָדנע צו זאָגן — געווען מער צעטומלט, ווי פאַרוויטיקט. דאָס איז געווען בענדזשי ווייצמאַן, דער איינציק־פאַרבליבענער זון. „וואָס איז ער פאַר די דאָזיקע מענטשן געווען אַזעלכעס, וואָס ער איז קיין מאָל נישט געווען פאַר מיר ?“ — — — די טראַגישע פראַגע פון אַן אָפּגעפרעמדטן זון.

ווייצמאַן איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין גאָרטן הינטער זיין הויז אין רחובות. אויף דעם פּשוטן מצבה־שטיין פון מאַרמאָר, לייענט זיך : „חיים ווייצמאַן 1874 — 1952“.

# 21. דער אינסטיטוט באקומט א געשטאלט

הגם אין דעם לעצטן יאָר פון זיין לעבן האָב איך אים געזען זייער נישט אָפּט און נישט רעגולער, און איך האָב געוווּסט, אַז זיין סוף איז נאָענט — איז ווייצמאַנס טויט געווען פאַר מיר אַ דערשיטערנדיקער קלאַפּ. עס איז געווען אַזוי ווי מיין אייגענער פאָטער וואָלט נאָך אַ מאָל געשטאָרבן און ווי איך וואָלט נאָך אַ מאָל פאַרלוירן אַ שוצאָנלען צווישן מיר און דעם אַנדערן טייל פון דער וועלט, און ווי איך וואָלט איבערגעלאָזט געוואָרן אַליין אין מיטן פון אַ שטורעם.

אַזעלכע זענען געווען מיינע אינטימע, פּערזענלעכע געפילן. אָבער אויף אַ מאָדנעם אופן האָבן זיי זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין דער געענדערטער עפנטלעכער שטעלונג. אַ צייט פריִער זענען שוין אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז ווייצמאַנס טויט וועט אויך ברענגען צו אַ שטאַרקער ירידה אין דער אַנטוויקלונג פון אינסטיטוט, אויב עס וועט בכלל נישט זיין דער סוף צום ווייצמאַן־אינסטיטוט. צוזאַמען דער־מיט וועט אויך קומען די ירידה פון ווייסגאַלן. דאָס איז איבערגעחזרט געוואָרן אין אַן אַ שיעור פאַרשיידענע פאָרמען און נוסחאות, און האָט זיך דערטראָגן צו מיר — באַפּוצט, פאַרגרעסערט און באַצירט אין די גרוילסטע קאָלירן.

אין דעם דרך פון אַ היפכא מסתבראניק וואָלט איך באַמערקט, אַז איך בין שולדיק אַ חוב צו די אַלע פּאַרויסזאָגער פון די טרויעריקע נביאות. זיי האָבן מיך אָנגערעגט אָנצונעמען דעם פעסטן באַשלוס, אַז מאיר ווייסגאַל, ווייצמאַנס „שאָטן", וועט נאָך האָבן דאָס לעצטע וואָרט!

ווען איך בין אין 1949 צוגעטראָטן אויפצוהאָדעווען דאָס ניי־געבוירענע קינד, דעם אינסטיטוט, האָב איך געהאַנדלט ווי עס האָט מיר דיקטירט דער אינסטינקט, מער ווי צו זיין באַקאַנט מיט דעם ענין. ווייצמאַן איז נישט מיד געוואָרן צו רעדן צו מיר וועגן צוויי זאַכן: נעמט די ביישפּילן פון ערגעץ אַנדערש, פון פּרינסטאָן, קעמברידזש, אָקספאָרד, „עם־איי־טי" („מאַסאַטשוסעטס אינסטיטוט אָוו טעקנאָלאָדזשי"), קאָפּענהאַגען. דאָס זענען די צענטערס פון פאָרשונג, וואָס מיר דאַרפן נאָכטאָן. איר דאַרפט טראָגן גאַנץ באַזונדערע ברילן, מיט וועלכע איר זאָלט קוקן בלויז פאָרויס, און קיין מאָל נישט אויף לינקס, אָדער אויף רעכטס.

דאָס זענען די צוויי פּרינציפּן, וועלכע איך האָב מיר גוט אַריינגענומען אין קאָפּ.

רחובות איז אין יענער צייט געווען אַ קליינע אומבאַדייטנדיקע פּראָווינצ־שטאָט, כּמעט אויפן ראַנד פון מדבר, טויזנטער און טויזנטער קילאָמעטער ווייט פון די צענטערס פון וויסנשאַפטלעכע אידייען. מיר האָבן געדאַרפט צוציִען טאַלאַנטירטע וויסנשאַפטלער און שאַפן די באַדינגונגען, אַז זיי זאָלן דאָרט וועלן בלייבן. איך האָב אָפט געטראַכט וועגן הרצלס מימרה, ווען ער האָט אַנטוויקלט זיין פּלאַן וועגן אַ יידן־שטאַט: „מיר מוזן די דינגע און באַדינגונגען שאַפן".

צום גליק איז פון סאַמע אָנהייב אָן געווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד אַ גרופּע מענטשן, וועלכע זענען געווען טיף איבערגעגעבן ווייצמאַנען. אין ענגלאַנד זענען געווען די זיווס, די מאַרקסעס און די סאַקערס — וועלכע זענען געווען אַלגעמיין באַקאַנט ווי „די פאַמיליע" — די ראָטשילדס, זיגמונד און העני געסטעטנער, אברהם און מיכאל וויקס, און אייזיק וואָלפסאָן. אין אַמעריקע זענען געווען: דיואי סטאָון און הערי לעווין, אַלבערט ק. עפּשטיין, בנימין העריס, לואיס ראַסקין, עדמונד קאָופמאַן, סעם זאַקס, סעמיועל זעמורעי, הערי פרענקעל, טעדי ראַקאָסין, אברהם פיינבערג, גאָטליב האַמער, מאָריס בוקשטיין און צענד־ליקער אַנדערע. זיי זענען געווען גרייט צו שטיצן יעדע אידייע פון ווייצמאַנען, און זיי האָבן אַפילו אויף מיר אַריבערגעטראָגן אַ טייל פון זייער ליבע און פאַר־ערונג, וואָס זיי האָבן געהאַט פאַר ווייצמאַנען. הילף פאַר דעם אינסטיטוט איז געקומען פון אַ סך מענטשן און פון פיל ערטער, אָבער דער דערמאָנטער קליינער גרופּע האָט דער אינסטיטוט צו פאַרדאַנקען וואָס ער איז אַזוי ווי די געטין אַטען אַרויסגעשפּרונגען אין דער וועלט אין גאַנצן באַוואָפנט.

דאָס זענען געווען יענע „באַזונדערע ברילן", וואָס האָבן באמת אויפגעהאַלטן און אָפּגעהיטן די אידייע פון ווייצמאַן־אינסטיטוט, אַזוי ווי זי איז באַלד אין אָנהייב פאַרטראַכט געוואָרן. דער שטאַרקער ווילן, וואָס איז געווען נויטיק כּדי צו אַנטקעגנשטעלן זיך דעם דרוק פון דרויסן, האָט געפאָדערט פון מיר אַליין אַ גרויסן פּרייז און האָט מיר געקאָסט זייער אַ סך כּוחות און געזונט, ווייל די לאַגע אין ישׂראל איז דעמאָלט געווען זייער אַ שווערע.

אין יאָר 1949 האָט דאָס לאַנד אויפגענומען הונדערטער טויזנטער פּליטים פון די די.פּי.־לאַגערן אין אייראָפּע, און נאָך הונדערטער טויזנטער פון די איינ־געפאַלענע הייזקעס אין צפון־אַפריקע און אין אַזיע. אַ העלפט פון דער באַפעל־קערונג אין ישׂראל האָט געלעבט אין ביידלעך און אין געצעלטן אין די „מעב־רות". אין דעם ווינטער פון 1949—1950 זענען די פאַרפלייצונגען אין לאַנד געווען ערגער און שרעקלעכער ווי געוויינלעך. אומעטום איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צו קענען נאָכקומען די באַדערפענישן פון דעם נאַקעטן לעבן, און אין לאַנד איז איינגעפירט געוואָרן אַ שטרענגער ראַציאָנירונג־רעזשים. אַלץ איז געווען אַראַנזשירט פּראָוויזאָריש און געמאַכט כּלאחר־יד.

דער העברעיִשער אוניווערסיטעט האָט נאָכן פאַרלירן דעם הר הצופים ווייטער פונקציאָנירט, ווו נאָר עס איז געווען אַ פרייער בנין, וואָס האָט געקאָנט צוגעפּאַסט ווערן. אין דער צייט האָבן מיר אין רחובות געבויט „אין מאַרמאָר און אין גלאָז". קעגן אונדז האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע אַגיטאַציע. איך בין באַשולדיקט געוואָרן, אַז איך טו זאַכן, וואָס דאָס לאַנד קאָן זיך בשום אופן

נישט דערלויבן. מיין ענטפער איז תּמיד געווען דער זעלבער: „אמת, מדינת ישׂראל קאָן זיך נישט דערלויבן צו האָבן דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט, אָבער דאָס יידישע פאָלק קאָן זיך יאָ דערלויבן". אין דער זעלבער צייט האָב איך געהאַלטן, אַז דאָס יידישע פאָלק און מדינת ישׂראל קאָנען זיך נישט דערלויבן צו האָבן אַ מיטלמעסיקן אינסטיטוט פאַר וויסנשאַפטן. לויט מיין מיינונג זענען טיפער אינהאַלט און אויסערלעכע שיינקייט איין גאַנצקייט; זיי קענען נישט צעטיילט און צעריסן ווערן. ווען איך וואָלט נאָכגעגעבן — נישט די זידלערייען פון מיינע שׂונאים, נאָר די בקשות פון מיינע פריינד — וואָלט דאָס בילד פון ווייצמאַן־אינסטיטוט געווען היינט צו טאָג אין גאַנצן אַנדערש. איך בין גרייט צו זאָגן עפּעס אַזעלכעס, וואָס קלינגט אויסטערליש: טאָמער וואָלט די אידייע פון ווייצמאַן־אינסטיטוט פּראָיעקטירט געוואָרן נאָך דעם געבורט פון מדינת ישׂראל, וואָלט אפשר בכלל נישט געווען קיין ווייצמאַן־אינסטיטוט. צום גליק איז ביים אָנהייב נישט געווען קיין יידישע רעגירונג, און די ענגלענדער איז עס אָנגעגאַנגען ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. מיר זענען געווען פריי צו רעאַ־ליזירן אונדזערע פּלענער און חלומות. ווען די מדינה איז געגרינדעט געוואָרן, איז די אידייע פון אינסטיטוט שוין געווען צו שטאַרק פאַרוואָרצלט, אַז מען זאָל זיך אָפּזאָגן פון איר.

דער איינציקער מענטש אין דער ישׂראל־רעגירונג, וואָס האָט אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע פאַר דעם וואָס מיר האָבן געטאָן, איז געווען דער פינאַנץ־מיניסטער לוי אשכול. אַז מיר זאָלן קריגן אַזאַ וואַרעמע באַציִונג פון אַזאַ צד, האָבן מיר גאָרנישט דערוואַרט. ווען לוי אשכול איז פאַרבעטן געוואָרן צו רעדן ביי איינער פון אונדזערע יאָרטאָג־פייערונגען, האָט ער געזאָגט: „מיר זענען אַן אָרעם לאַנד. מיר קאָנען זיך נישט דערלויבן אַ סך שיינע און ווערטפולע זאַכן, וואָס עס איז כּדאַי צו האָבן. אָבער אויב מיר דאַרפן האָבן איינע אַזאַ זאַך, וואָס זאָל זיין אַ ביישפּיל פאַרן גאַנצן לאַנד און אַ ביישפּיל פאַר דער צוקונפט, דאַרף עס טראָגן דעם נאָמען פון ווייצמאַנען".

הגם אונדזער קאָנצעפּציע פון בויען האָט פאַר אַ סך מענטשן אויסגעזען צו זיין עקסטראַוואַגאַנט און פאַרשווענדעריש, בין איך באַשטאַנען דערויף, אַז עס זאָל געמאַכט ווערן דאָס בעסטע און דאָס שענסטע. דאָס וואָס אַנדערע האָבן קריטיקירט ווי אַ צו גרויסן לוקסוס פאַר אַן אָרעם לאַנד, האָב איך באַטראַכט פאַר שטאַרק און פונדאַמענטאַל סיי עסטעטיש און סיי פאַר דער פונקציאָנירונג פון אינסטיטוט. דערביי האָב איך זיך געשטיצט אויף מיין אייגענעם געפיל פון זיכערקייט, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט נישט באַנקראָטירן און וועט נישט לאָזן באַנקראָטירן דעם אינסטיטוט. און אַזוי איז עס געשען.

אַפילו פריִער, פאַר ווייצמאַנס טויט, איז דער אינסטיטוט שוין געווען עפּעס אַזעלכעס, מיט וואָס מען האָט זיך געקאָנט באַווייזן און שטאָלצירן. אַ סך האָט אונדז צוגעהאָלפן די נאַטור גופא — די אָרומיקע לאַנדשאַפט, די פּרדסים, וואָס האָבן צוגעגעבן דעם חן; די גאָרטנס, מיט וועלכע מיר האָבן אַרומגערינגלט די הייזער און לאַבאָראַטאָריעס פון אינסטיטוט. יוסף שפּרינצאַק, דער פאָרזיצער

פון דער כּנסת, פלעגט יעדן פרייטיק קומען באַזוכן זיין זון יאיר, אַ וויסנשאַפט־לער, און דערנאָך פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן צו מיר, צו נעמען אַ ביסל משקה און צו כאַפּן אַ שמועס. איין מאָל, ווען ער האָט זיך געקליבן אַוועקצוגיין, האָב איך געזאָגט: „וואָס איילט איר זיך אַזוי? בלייבט אַ ביסל לענגער". אויף דעם האָט שפּרינצאַק געענטפערט: „אויב איך וועל דאָ בלייבן אַ סך לענגער, וועל איך פאַרגעסן, אַז איך בין אין ארץ־ישׂראל". שפּרינצאַק האָט עס געזאָגט ווי אַ קאָמפּלימענט. אַנדערע זענען געווען ווייניקער גרויסמוטיק.

די מערסטע קריטישע באַמערקונגען און רכילות זענען געקומען פון די קרייזן פון דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים. זייער קעגנערשאַפט און אומצופרידנקייט זענען געווען פאַרשטענדלעך. אָפּגעריסן פון דער שיינער געגנט פון הר הצופים, איז געווען שווער פאַר זיי הנאה צו האָבן פון אונדזער הצלחה און הרחבה. אַנשטאָט אויסצודריקן זייער קנאה אין גרעסערע אַנשטרענ־גונגען, האָבן זיי געקלאָגט אויף זייער הילפלאָזיקייט און מקנא געווען אונדזער דערפאָלג. דאָס געהערט ליידער צו דער מענטשלעכער נאַטור.

די אַנצוהערענישן וואָס מען האָט מיר געמאַכט, אַז אָן ווייצמאַנען בין איך גאָרנישט, וואָלטן מיר אפשר וויי געטאָן, ווען איך וואָלט נישט גענוג געקענט זיך אַליין — ס'איז נישט אין מיין טבע צו נעמען זיך צום האַרצן אַזעלכע רייד. בעת מיין לאַנגער קאַריערע אַלס רעדאַקטאָר, טעאַטער־אונטערנעמער, אָרגאַני־זאַטאָר אאַז"וו בין איך געטריבן געוואָרן דורך מיין טעמפּעראַמענט און מיינע אידעאַלן אַריינצולאָזן זיך אין אַלערליי עסקים. אַלע מיינע אידעאַלן, אָדער לכל הפּחות די מערסטע פון זיי, האָבן געהאַט איין צענטראַלן מאָטיוו: קיום פון יידישן פאָלק, זיין ציוויליזאַציע, זיין קולטור און זיין לעבן אין די תּפוצות און אין ישׂראל. און וואָס איך זאָל נישט האָבן אונטערגענומען, האָב איך געטאָן מיט ענטוזיאַזם ביז צום סוף. איך גופא בין אונטערן שטאַרקן איינדרוק פון דעם אופן, אויף וועלכן איך האָב געטריבן זיך אַליין און אַנדערע. און כּדי צו זיין דערפאָלגרייך אין סטימולירן אַנדערע, דאַרף מען האָבן נישט קיין קליינע פעיִקייטן. און דאָס זענען געווען סטימולירונגען צו דערגרייכן זאַכן, וואָס האָבן אויסגעזען, אויב נישט אין גאַנצן אוממעגלעך, איז לכל הפּחות שטאַרק אומ־וואַרשיינלעך.

מיין דערפאָלג און מיינע דורכפאַלן זענען אַלע געווען פון אַ הויכן ניווא. איך האָב קיין מאָל נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין מיטלמעסיקייט אָדער אָנגע־בלאָזנקייט, וואָס איז אַ לייבלעכע שוועסטער פון מיטלמעסיקייט. איך בין באַ־שולדיקט געוואָרן אין אַ סך זאַכן — אין שטרענגקייט, אומגעדולד, עקסטראַוואַ־גאַנץ, צו היציקער פאַנטאַזיע, אומהעפלעכקייט — אַ לאַנגע רשימה — אָבער קיין מאָל נישט אין אָנגעבלאָזנקייט. מיין ווידערווילן צו זעלבסט־גלאָריפיקאַציע האָט מיך געפירט נישט צו זעלבסט־פאַרלייקענונג — דאָס וואָלט געמיינט גיין צו ווייט — נאָר צום אָפּהאַלטן זיך פון זינגען, אָדער אַפילו בלויז שעפּטשען לויבגעזאַנגען פאַר זיך אַליין. מיר איז באמת זייער ווייניק אָנגעגאַנגען דאָס באַרימען זיך מיט אַ הויכן אַמט, אָדער פּאָזיציע. אָפּט מאָל האָב איך מיטן דאָזיקן דרך מיינעם

געבראַכט אַ גרויסן מאַטעריעלן שאָדן מיין פאַמיליע. פון צייט צו צייט בין איך אַפילו געווען שעמעוודיק אין אַזעלכע ענינים. פאַר דער „ניו פּאַלעסטיין", צום ביישפּיל, האָב איך געשקלאַפט אַ סך יאָרן, אַרויסגעבנדיק אַ גוט וואָכנבלאַט, און ערשט נאָך צען יאָר, אין 1928, איז מיין נאָמען דערשינען רעגולער אַלס רעדאַק־טאָר. ביי דער אויפפירונג פון „אייביקן וועג" האָב איך פאַרזעצט אַלץ, וואָס איך און מיין משפחה האָבן פאַרמאָגט, איידער צו נעמען געלט פון דער קאַסע, מיט וועלכער איך האָב פאַרוואַלטעט. איך צווייפל, צי נאָך אַ פאָר הונדערט דאָלאַר אַ וואָך וואָלט געמאַכט אַן אונטערשייד אין אונדזערע ריזיקע דעפיציטן. אָבער איך האָב נישט געקאָנט פועלן ביי זיך, אַז איך זאָל „לעבן" פון דעם, וואָס איך האָב באַטראַכט פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן ענין. מיטן ווייצמאַן־אינסטיטוט איז אין אָנהויב געווען כמעט דאָס זעלבע. איך האָב נישט געהאַט קיין שום אָפיציעלן אַמט און האָב נישט גענומען קיין שׂכירות אין משך פון אַ ריי יאָרן. איך האָב געהאַט בדעה צוריקצוציִען זיך פון דער אונטערנעמונג אין 1949, באַלד נאָך דעם, ווען דער אינסטיטוט איז געעפנט געוואָרן. שפּעטער, ווען איך האָב געגעבן ווייצמאַנען דעם צוזאָג צו פאַרבלייבן און צו זאָרגן, אַז דער אינסטיטוט זאָל אויס־וואַקסן, האָב איך אַפילו נישט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס עס וועט זיין מיין טיטל און ווי עס וועט אויסזען מיין ברייוואָיגן.

לואי ליפּסקי האָט עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט אָנגעשריבן וועגן מיר אַ פעדער־פּאָרטרעט, וואָס ער האָט געהאַט בדעה אַריינצונעמען אין אַ גאַלעריע פון באַרימטע ציוניסטן. איך האָב אים אָפּגערעדט פון דרוקן דעם פעדער־פּאָרטרעט. סוף כל סוף איז ער דערשינען אין אַ בוך אַרטיקלען צו מיין זיבעציקסטן גע־בורטסטאָג. ער האָט געשריבן: „עס וואָלט געווען צייט פאַר מאיר ווייסגאַלן אַרויס־צוגיין פון דעם סופלער־בײדל און דערשיינען פערזענלעך. מאיר איז באַקאַנט מיט זיינע נישט־אונטערגעשריבענע ווערק. אין זיינע אויפפירונגען איז ער כמעט שטענדיק געווען דער אומזעבאַרער בינע־פאַרוואַלטער, האַנדלענדיק אַזוי, אַז מען זאָל אים קיין מאָל נישט קאָנען כאַפּן אויף דער בינע, ווען דער פאַרהאַנג הויבט זיך אויף. דאָס וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אויף דער בינע — ליכט, קאָליר און אַקציע — רעדט פאַר אים. ער אַליין וואַגט נישט צו באַווייזן זיך פערזענלעך מיט זיין נאַטירלעכער שטים".

לואי ליפּסקי איז געווען מיין ערשטער וועגווייזער און לערער. ריינהאַרדט איז געווען דער צווייטער, און ווייצמאַן — דער צווייטער און דער דריטער. קיינער פון זיי איז קיין מאָל נישט געווען מיין בעל־טובה. ס'איז נישט געווען אין מיין נאַטור צו בעטן טובהס ביי זיי. און ס'איז נישט געווען אין זייער נאַטור מיר פאָרצושלאָגן, אַז זיי ווילן מיר טאָן אַ טובה. עס האָט מיך געצויגן צו די דאָזיקע מענטשן — און זיי צו מיר — ווייל מיר האָבן געהאַט אַ געמיינזאַמען אינטערעס, וואָס האָט אַריבערגעשטיגן די פּריוואַטע און פערזענלעכע ענינים. אויב מיינע אָנשטרענגונגען האָבן בייגעשטייערט צו זייער פּרעסטיזש — אָדער ווי אַזוי איר ווילט דאָס רופן — איז עס געווען אין גאַנצן צופעליק, פאַר זיי און פאַר מיר, אַזוי לאַנג ווי די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען און האָט געבליט. און בלויז נאָך ווייצמאַנס טויט בין איך געצוווּנגען געוואָרן אַרויסצוגיין עפנטלעך

פון דעם סופּלער־ביידל און רעדן מיט מיין אייגענער שטים, אַפילו אויב דער ווייצמאַן־אינסטיטוט און זיין באַלדיקע ירידה, ווי אַלע האָבן דערוואַרט, וואָלט אידענטיפיצירט געוואָרן מיט מאיר ווייסגאַלן.

איך אַליין האָב נישט געהאַט דעם מינדסטן ספק, אַז דער אינסטיטוט וועט וואַקסן און פּראָספּערירן. אָבער אַזוי ווי דאָס מלחמה־פערד פון דעם באַקאַנטן שפּריכוואָרט, האָב איך גלייך געענטפערט אויף די קנאַלן פון דער שיסעריי. אָנהויב יאָר 1952 האָב איך גערעדט מיט די דאָקטוירים וועגן ווייצמאַנס צו־שטאַנד. זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז עס איז אַ פראַגע פון טעג אָדער וואָכן; קען זיין חדשים. זיי האָבן נישט געקענט זיין זיכער אין דעם, אָבער זיי האָבן געוווּסט, אַז דער סוף רוקט זיך אָן. איך ווייס, אַז עס קלינגט נישט שיין ווען איך זאָג, אַז איך האָב געהאַט גרייט מיינע פּלענער, אין דער דערוואַרטונג פון ווייצמאַנס טויט. אָבער ס׳איז נישט געלעגן אין מיינע כוחות צו פאַרלענגערן אָדער פאַר־קירצן זיין גסיסה. איך האָב נאָר געקאָנט טאָן אַזוי, אַז איך זאָל זיין גרייט פאַר דער מעגלעכקייט. און אויב איך האָב עס געטאָן באַטראַכט און מיט פאַרזען איז עס געווען, ווייל איך האָב געהאַט אַ טיפן דרך־ארץ פאַר דעם מענטשן און האָב אים ליב געהאַט, ווייסנדיק גאַנץ באַשטימט, אַז איך בין מיט דעם ממשיך צו פאַרווירקלעכן זיינע אייגענע חלומות, וואָס זענען אים געווען אַזוי טייער.

ס׳איז נישט געווען שווער אַרויסצוקומען מיט דער אידייע וועגן „יד ווייצמאַן" — אַן אָנדענק־אינסטיטוציע נאָך חיים ווייצמאַן. איך לייד נישט פון דעם חסרון, עס זאָל מיר פעלן פאַנטאַזיע. „יד ווייצמאַן" האָט אין תּוך געדאַרפט זיין אַן אויסברייטערונג פון ווייצמאַן־אינסטיטוט אין אַ גרעסערן קולטור־ און דער־ציִונגס־צענטער. אַפילו אין יענע טעג האָב איך געוווּסט אינסטינקטיוו, אַז עווענ־טועל וועט דער ווייצמאַן־אינסטיטוט, ווי דער ראָקעפעלער־אינסטיטוט, ווערן אַן אוניווערסיטעט. עס האָט נישט געקאָנט זיין אַנדערש. אָבער אַרויסקומען מיט אַן אידייע איז נישט געווען גענוג.

ווייצמאַן איז געווען דער פּרעזידענט פון מדינת ישׂראל. די ישׂראל־רעגירונג האָט געדאַרפט אָנהייבן בויען די אָנדענק־אינסטיטוציע. דער ערשטער שריט איז געווען צו איבערצייגן די רעגירונג, אַז די אינסטיטוציע וואָס זי וועט גרינדן, זאָל זיין אַזאַ ווי איך האָב אין זינען.

דעם 22סטן מאַי 1952, זעקס חדשים פריִער, פאַר ווייצמאַנס טויט, האָט סער סיימאָן מאַרקס, נאָך אַ באַראַטונג מיט זיגמונד געסטעטנער און ישׂראל זיו, געשריבן צום פּרעמיער־מיניסטער דוד בן־גוריון וועגן פאָלגנדיקן פאַרטרויליכן פאָרשלאָג:

לויט מיין מיינונג וואָלט אַ מאָנומענט אויפגעשטעלט ערגעץ־ווו אויפן שפּיץ פון אַ באַרג צום אָנדענק פון ד״ר ווייצמאַן, נישט געגעבן אַן אמתן אויסדרוק פון דעם, וואָס ער האָט באַדייט פאַר אַזוי פיל יידן. דער דענקמאָל, וואָס מיר ווילן שאַפן פאַר אים, דאַרף זיין אַזעלכער, אַז ער זאָל זיך באַנייען פון צייט צו צייט דורך זיין אינערלעכן כאַראַקטער, וואָס ער וועט טראָגן, צו זיין אַ לעבע־דיקער צענטער אין דער יידישער מדינה פאַר די קומענדיקע דורות. אַזאַ דענקמאָל

קאָן געגרינדעט ווערן בלויז אויף דעם פּלאַץ, ווו ווייצמאַן האָט געלעבט, גע־אַרבעט און געחלומט — אין זיין היים, אין דעם אינסטיטוט און אין דער סביבה, נעמלעך אין רחובות. מיר ווייסן, אַז ער האָט אויסגעדריקט דעם ווילן און דעם ווילן פון זיין פרוי, אַז זיין לעצט רו־אָרט זאָל זיין דאָרטן.

מיר וואָלטן דעריבער פאָרגעשלאָגן, אַז די רעגירונג זאָל אָפּקויפן, אָדער אָננעמען שריט אָפּצוקויפן די גאַנצע געגנט און די צוגאַנגען פון ווייצמאַנס הויז צום אינסטיטוט, אַריינרעכענענדיק די געגנט פון אינסטיטוט און אַנדערע אַנט־וויקלונגען, וואָס קאָנען באַשלאָסן ווערן דורך אַ קאָמיסיע, וועלכע וועט באַשטימט ווערן דורך דער רעגירונג אין אַ שפּעטערדיקן טערמין.

סער סיימאָן מאַרקס האָט אויך פאָרגעשלאָגן, אַז די קאָמיסיע זאָל באַשטיין פון: לוי אשכול, אין נאָמען פון דער רעגירונג; ד״ר א. גרנות, אַלס פאָרשטייער פון יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד (צו וועמען עס האָבן געהערט שטחים לאַנד אין דער געגנט); מאיר ווייסגאַל, אַלס פאַרטרעטער פון אינסטיטוט און בן־ציון האָראָוויץ, בירגערמייסטער פון רחובות.

דעם 4טן יוני 1952 האָב איך אַליין געשריבן צו בן־גוריונען:

סער סיימאָן מאַרקס איז געווען אַזוי פריינדלעך צו שיקן מיר קאָפּיעס פון זיין בריוו פון 23סטן מאַי, וואָס ער האָט געשיקט צו אייך און פון אייער טעלעגראַפישן ענטפער צו אים. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז איך בין טיף פאַראינטערעסירט אין דעם ענין, וואָס ווערט באַרירט אין דעם בריוו. און איך בין זייער צופרידן צו הערן וועגן אייער פּאָזיטיווער רעאַקציע אויף דעם פאָרשלאָג.

ס׳איז אַן אַלטער כּלל, אַז תּירוצים בלייבן נישט קיין סוד. בן־גוריונען איז זיכער געווען באַקאַנט, אַז איך האָב געוווּסט וועגן סער סיימאָנס בריוו אַ סך פריִער, ווי ער האָט אים דערהאַלטן. ער האָט אַפילו זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז איך האָב צוגעגרייט דעם טעקסט פון דעם בריוו. אָבער פאָרמעל, צי אַנדערש — מאַרקס, זיוו און געסטעטנער האָבן געהאַט אַ באַשטימטע איבערצייגונגס־קראַפט, וואָס איך האָב נישט פאַרמאָגט. ס׳איז נישט געווען בלויז דאָס געלט, וואָס זיי האָבן ברייטהאַרציק געגעבן דער יידישער מדינה פאַר יעדן צוועק, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. זיי זענען געווען געטרייע וועטעראַנען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און מענטשן מיט אַ ריזיקן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן איינפלוס אין ענגלאַנד. דוד בן־גוריון האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, איינגעזען די וויכטי־קייט פון דעם אינסטיטוט און פון דעם נוצן, וואָס ער קאָן ברענגען דער יונגער מדינה. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, איז בן־גוריון — אויב איך קאָן אורטיילן לויט זיין פריִערדיקער און שפּעטערדיקער שטעלונג צו ווייצמאַנען — געווען צעריסן צווישן צוויי קעגנזעצלעכע עמאָציעס. אָבער די דאָזיקע געמישטע געפילן לגבי ווייצמאַנען האָבן אין דעם פאַל נישט פאַרשטעלט פון בן־גוריונען דעם ריכטיקן קוק אויף דעם ענין. אַ סך שפּעטער, ביי צוויי באַזונדערע געלעגנהייטן, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די ערן־מיטגלידערשאַפט פון אינסטיטוט.

די קאָמיסיע איז געשאַפן געוואָרן, און איינע פון אונדזערע ערשטע זיצונגען איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אויפן דאַך פון ווייצמאַן־הויז, וואָס איז אויפגעשטעלט אויף אַ בערגל, פון וואַנען מען קאָן זען די גאַנצע געגנט. ווען מיר זענען דאָרט

געשטאַנען, האָט לוי אשכּול זיך געווענדט צו מיר און מיך געפרעגט אויף זיין כאַראַקטעריסטישן גוטמוטיקן אופן: „נו, מיין קינד, וואָס ווילסטו?״ איך האָב געמאַכט אַ ברייטן קרייז מיט מיין האַנט, דערמאָנענדיק זיך אָן דעם קרייז, וואָס דער רבי אין אַנ־סקיס „דיבוק״ האָט געמאַכט אַרום דער כּלה, אין וועלכער עס איז אַריין דער דיבוק פון איר פריִערדיקן חתן חנן. אשכּול האָט געענטפערט: „גוט, מיר וועלן די פּרטים איבערלאָזן פאַר וויצן״. יוסף ווייץ איז געווען דער הויפּט פון דער אָפּטיילונג פאַר ערד־קניות ביים יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד.

דעם 25סטן אויגוסט איז דער פּלאַן וועגן „יד ווייצמאַן״ אָנגענומען געוואָרן דורך דער קאָמיסיע: „די נאַציאָנאַלע אָנדענק־זאָנע פון פינף הונדערט אַקער לאַנד וועט טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ וויסנשאַפטלעכן און קולטורעלן צענטער, אין וועלכן עס וועלן געפלאַנצט ווערן וועלדלעך, פאַרקן, און עס וועלן דורכגע־פירט ווערן וועגן, און עס וועלן איינגעאָרדנט ווערן אָפענע גרינע פלעצער — אַראַנזשירט כּדי צוצוציִען באַזוכער פון דער גאַנצער וועלט. די לאָזונג דאַרף זיין: שיינקייט, נוצלעכקייט, סטאַביליטעט. און עס דאַרף טראָגן דעם כאַראַקטער און דעם סטיל פון דעם מענטשן, וועמענס נאָמען עס וועט דאָרטן פאַראייביקט ווערן״. עס האָט געדאַרפט אַריינגעמען דעם פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענטס היים, אַלס אַ נאַציאָנאַלן מאָנומענט; דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט און די אַגריקולטור־פאָרשונגס־סטאַציע; אַ נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק; אַן אַמפיטעאַטער; אַ קונסטשול; פאַרקן; וועגן און באַשאָטנטע שפּאַצירערטער, און אַ גאָרטן־האָטעל. וועגן איך פאַרגלייך היינט דעם פּלאַן מיט דעם, וואָס עס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, האָב איך נישט קיין סך זיך צו באַקלאָגן. די קונסטשול איז קיין מאָל נישט געגרינדעט געוואָרן. אָבער אַלע אַנדערע פּלענער, און נאָך מער, זענען דורכגעפירט געוואָרן.

די אידייע וועגן „יד ווייצמאַן״ איז געהאַלטן געוואָרן בסוד פינף חדשים צייט. דאָס איז אַ נס, וואָס האָט קיין מאָל, זינט דעמאָלט, זיך נישט איבערגעחזרט אין מדינת ישׂראל. עס זענען אפשר געווען אַ צוויי מנינים מענטשן, וועלכע האָבן געוווּסט וועגן דעם, אַריינרעכענענדיק עטלעכע מיטגלידער פון קאַבינעט (דער פּלאַן איז באַשטעטיקט געוואָרן אויף אַ געהיימער זיצונג), די אַרכיטעקטן און די קאָמיסיע. דער באַשלוס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר דער עפנטלעכקייט ערשט אויפן אַכטן טאָג נאָך ווייצמאַנס טויט.

אַ וואָך נאָך דער לוויה, נאָך שבעה, האָט דוד בן־גוריון אין נאָמען פון דער רעגירונג און פון דער יידישער אַגענטור מיטגעטיילט ביים קבר, אין דער אָנוועזנ־הייט פון פרוי וויעראַ ווייצמאַן, זייער זון בנימין און פון גאַנצן קאַבינעט און עקזעקוטיוו פון דער יידישער אַגענטור, וועגן דער גרינדונג פון „יד חיים ווייצ־מאַן״. צו מאָרגנס זענען אָנגעקומען די גראָבמאַשינען. יעדע איינצלהייט איז געווען פריִער אויסגעפּלאַנירט. אין פאַרלויף פון פיר און צוואַנציק שעה איז אַלץ אויף דעם גאַנצן פּלאַץ איבערגעעקערט געוואָרן. ביימער זענען אויסגעהאַקט גע־וואָרן, וועגן זענען געשניטן געוואָרן דאָרט, ווו זיי זענען פריִער נישט געווען, פּלאַזאַס זענען אויסגעפּלאַנט געוואָרן דאָרט, ווו מען האָט פריִער געמיינט, אַז דאָס וועט זיין אוממעגלעך צו מאַכן, בערגלעך זענען צעשפּאָלטן געוואָרן אין צווייען — צום עגמת נפש פון מענטשן אָן פאַנטאַזיע, וועלכע האָבן נישט גע־

קאָנט זען ווייטער פון זייער אייגענער נאָז. היינט צו טאָג איז מיר שווער צו דערמאָנען זיך, ווי אַזוי דער פלאַץ האָט אויסגעזען פריִער, פאַר דער „איבער־קערעניש".

מיר האָבן געהאַט אונדזערע צרות. עס זענען געווען פּרדסים אין דער געגנט, און עס זענען געווען פּאָליטישע מאַכערס. אָבער דער גרעסטער קאָפּ־ווייטיק איז געקומען פון פרוי ווייצמאַן. זי האָט געטענהט, אַז איך מאַך חרוב איר הויז. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען מיר האָבן דורכגעשניטן אַ וועג צום קבֿר. איר רוימישע מויער, אָדער וואָס עס זאָל נישט האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט — איז רויִנירט געוואָרן! איך האָב איר געזאָגט: „וואַרט, איר וועט זען; די ביימער וועלן וואַקסן, בלומען וועלן בליִען. עס וועט זיין אַ סך שענער ווי עס איז געווען ווען עס איז פריִער". זי האָט מיר נישט געגלייבט. לויט איר מיינונג האָב איך צעשטערט אַלץ, וואָס חיים האָט ליב געהאַט.

ערגעץ־ווו האָט וויעראַ ווייצמאַן געשריבן, אַז זי האָט מיך דערקענט ערשט אין 1952, נאָך איר מאַנס טויט. פאַראַן אין דעם אַ געוויסער אמת. דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז זי האָט מיך נישט געקענט פריִער. זי האָט מיך שוין זייער גוט געקענט זינט 1921. אָבער איך בין נישט געווען קוצעניו־מוצעניו מיט איר, און נישט זי מיט מיר. נאָך ווייצמאַנס טויט האָט זי נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווי מיך צו קענען. און ביסלעכווייז איז זי דערגאַנגען, אַז די פאַראורטיילן, וואָס זי האָט געהאַט וועגן מיר, זענען געווען אַ „ביסעלע" איבערגעטריבן.

וויעראַ ווייצמאַן איז אַן צווייפל געווען אַ גרויסע פערזענלעכקייט. זי האָט געהאַט אייגנשאַפטן פון אַ הערשערין. ווען איך האָב אַ מאָל זיך אַזוי אויסגעדריקט פאַר מיינעם אַ פריינד, אַ באַקאַנטן חוזק־מאַכער, האָט ער געענטפערט: „אמת, זי האָט אַזעלכע אייגנשאַפטן. ווי די האַבסבורגס האָט זי אַן אומבאַגרענעצטע אומדאַנקבאַרקייט. ווי די ראָמאַנאָווס באַציט זי זיך מיט פאַרדאַכט סיי צו פריינד און סיי צו שׂונאים; ווי די האָהענצאָלערס האָט זי אַ געפיל פון פאַראַכטונג פאַר דער דינערשאַפט; און ווי די באָרבאָנס פאַרמאָגט זי די פעיִקייט, קיין מאָל נישט מוחל צו זיין און קיין מאָל נישט צו פאַרגעסן".

איך שרייב זיך נישט אונטער אונטער דער דאָזיקער כאַראַקטעריסטיק, אָבער פאַראַן אין דעם אַ קערנדל פון אמת. זי האָט זיך נישט באַפריינדעט אַזוי לייכט מיט קיינעם, סיידן יענער האָט געהערט, אָדער זי האָט געמיינט, אַז ער געהערט צו די הויכע קרייזן פון דער געזעלשאַפט: אַ פירשט, אַ פירשטין, אָדער ווינ־ציקסטענס אַ לאָרד. דער נידעריקסטער שטאַפּל אויף איר לייטער איז געווען „לאָרדשיפּ".

אין 1921, ווען איך האָב אָרגאַניזירט דעם קבלת פנים פאַר חיים ווייצמאַן אין ניו־יאָרק, בין איך געווען איינער פון אַ האַלבן טוץ יונגע סעקרעטאַרן, וועלכע זענען אַריין און אַרויס פון ווייצמאַנס צימערן אין „קאָמאָדאָר"־האָטעל. פרוי וויעראַ ווייצמאַן האָט מיך זיכער דעמאָלט געזען אַ הונדערט מאָל. זי האָט קיין מאָל אונדז נישט באַערט מיט זאָגן אונדז אַ „גוט מאָרגן", אָדער „אַ גוטן טאָג", נישט מיר און נישט קיינעם פון מיינע חברים. אַ סך פון די פיינטשאַפטן צו ווייצמאַנען אין

דער ציוניסטישער באַוועגונג זענען אַרויסגעקומען פון איר האַלטן זיך פון דער ווייטנס און פון איר פּאַראַכטונג צו מענטשן. מער פון איין האַנט האָט זיך אויפ־געהויבן קעגן אים ביי אָפּשטימונגען אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן, דערפאַר, ווייל זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו זיין אין זייער געזעלשאַפט.

ווען איך בין געקומען קיין לאָנדאָן אין יאָר 1926, האָב איך ווי תּמיד זיך געאיילט אַוועקצוגיין אין ציוניסטישן הויפּטביוראָ אויף גרעיט ראַסעל־סטריט. חיים ווייצמאַן האָט מיך אויפגענומען מיט פרייד, און זייענדיק גוט אויפגעלייגט האָט ער מיך פאַרבעטן צו זיך אַהיים, אויף אַדיסאָן־קרעשטשענט. וויעראַ ווייצמאַן איז נישט געווען אין דער היים. אַ האַלבע שעה פאַר מיין אַוועקגיין, איז זי אָנגע־קומען. ווייצמאַן האָט מיט צערטלעכער וואַרעמקייט איר געזאָגט אין רוסיש: „וויעראָטשקאַ, דו קענסט מאירן, אמת?" זי איז געוואָרן קאַלט ווי אייז, און האָט געענטפערט: „יאַ יעוואָ ניע סאַזנאַיו" („איך אָנערקען אים נישט"). ווייצמאַן האָט געקאָנט מאַכן בלויז אַן אויסמיידנדיקן זשעסט, צו פאַרגלעטן דעם ענין.

אָבער ביי דעם אַלעם האָט זי געבראַכט זייער גרויסן נוצן אין ווייצמאַנס לעבן. זי האָט אים געראַטעוועט פון אַ סך שטרויכלונגען און סכּנות. ער וואָלט געקאָנט ווערן נאָך איינער, אַ ציוניסטישער לופטמענטש, ווי דאָס איז געשען מיט אַ סך יונגע טאַלענטירטע מענטשן אין יענער צייט. איר סנאָבישקייט — אויב איר ווילט עס אַזוי אָנרופן — האָט אים אַוועקגעצויגן פון דער אַטמאָספער פון „ראָמאַנישן קאַפע", וואָס האָט דאַן געבליט אין זשענעווע, ווין, בערלין, אָדער אין אַנדערע ערטער, ווו רוסישע סטודענטן און פּאָליטישע עמיגראַנטן האָבן זיך באַגעגנט — און האָט זיי געפאַנגען. ווייצמאַן איז אין זיין נאַטור געווען אַ וואַרע־מער, צוגעלאָזטער מענטש, אַ פאָלקסמענטש, און ער האָט ליב געהאַט צו רעדן יידיש. עמעצער האָט אַ מאָל ריכטיק געשילדערט ווייצמאַנען, מיט אַ טיפן אַריינ־בליק אין זיין נאַטור: „זיין גאַנץ באַזונדערע אייגנשאַפט, וואָס איז אַזוי זעלטן ביי בשׂר־ודמס, איז געווען זיין פעיִקייט צו רעדן מיט באַלפורן, טשערטשילן, לאָיד דזשאָרדזשן, סמאַטסן און די אַנדערע גרויסע פערזענלעכקייטן פון יענער צייט, פונקט אַזוי ווי ער האָט גערעדט מיט אַ יידן פון מאָטעלע — און דאָס מיינט אויך פון קיקל — און זיך פילן אין דער היים". אָבער וויעראַ ווייצמאַן האָט גערעדט בלויז צום אויבערשטן, אויב זי האָט בכלל זיך אַראָפּגעגנידערט צו רעדן.

זי איז געווען אַן אויסגעצייכנטע באַלעבאָסטע אויפצונעמען געסט. אַ סך יאָרן האָט זי פּראַקטיצירט אַלס קינדער־דאָקטאָרשע. זי האָט געקאָנט אויסהאַלטן שווערע צייטן און האָט געטראָגן די לאַסט פון זייער אָרעמקייט מיט דעם זעלבן חן, ווי זי האָט עס געטאָן, ווען זיי זענען שפּעטער געווען פאַרמעגלעך. איר ציוי־ניזם, ביז איר מאַנס טויט, איז געווען אַ שוואַכער. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זי האָט פּראָטעסטירט, ווען מען האָט איר דאָס געגעבן אָנצוהערן, גלויב איך נישט, אַז זי זאָל האָבן פאַרשטאַנען אַ סך אין פּאָליטיק. ערשט נאָך איר מאַנס טויט האָט זי באַווייזיקט זיין שאָטן פון זיך און דערשינען אַלס אַ מענטש מיט אַן אייגענער רעכט און באַדייטונג. זי איז געוואָרן אַ הייסע פּאַטריאָטין און האָט פאַרטיידיקט יעדע אַקציע פון ישׂראל, סיי אַ גוטע און סיי אַ שלעכטע. זי

האָט ווייטער געפירט שטאָט, אָן דער מינדסטער פאַרמינערונג, ווי אין די פאַר־גאַנגענע צייטן. זי איז פאַרבליבן אַזוי לאַנג, ווי זי האָט געלעבט, די ערשטעליידי פון לאַנד.

הגם מיר האָבן געהאַט צווישן זיך אַ סך דיסקוסיעס אין די פערצן יאָר, וואָס זי האָט איבערגעלעבט איר מאַן, איז אונדזער קעגנזייטיקער איינזען איינער פאַרן אַנדערן געוואַקסן. איך גלויב, אַז סוף כּל סוף האָט זי פאַרשטאַנען, אַז אַלץ וואָס איך האָב געטאָן אין רחובות, אָדער ערגעץ אַנדערש, איז געווען צום אָנדענק פון דעם מענטשן, וועמען זי האָט פאַרהערלעכט. אַ חוץ דעם איז זי געווען זייער שטאַרק פאַרליבט אין מיין פרוי. זיי האָבן זיך באַגעגנט כּמעט טאָג־טעגלעך. זיי האָבן צוזאַמען געמאַכט רייזעס. שירלי האָט געפילט אַ טיפע ליבע צו פרוי ווייצמאַן און האָט זיך באַצויגן צו איר מיט גרויס באַוווּנדערונג. תּמיד, ווען איך האָב אויסגערעדט אַ שאַרף וואָרט וועגן פרוי ווייצמאַן — און דאָס האָט פּאַסירט אָפּט — האָב איך באַלד געכאַפּט אַ פּאַרציע.

וויעראַ ווייצמאַן איז געשטאָרבן אין לאָנדאָן, אין האַרבסט 1966. איך מוז צוגעבן, אַז זי איז געשטאָרבן ווי אַ צדיקת. ווייל נאָר צדיקים שטאַרבן שבת, אָדער יום־כּיפּור. און זי איז געשטאָרבן אין דער נאַכט פון כּל נדרי. יום־כּיפּור איז דעמאָלט אויסגעפאַלן אום שבת און אַזוי איז זי אַוועק פון דער וועלט, אין שבת שבתון.

פלאָראַ סאָלאָמאָן, איר נאָענטע פריינדין, ביי וועמען זי איז איינגעשטאַנען אין לאָנדאָן, האָט גענומען קלינגען אין אַלע טעלעפאָנען מיר מיטצוטיילן וועגן וויעראַ ווייצמאַנס טויט. ענדלעך האָט זי מיך דערשנאַפּט פיר אַ זייגער פאַר נאַכט אין הויז פון גיטאַ און מיילס שעראָווער אין ירושלים, ווו איך האָב געפּראַוועט דעם תּענית. איך האָב טעלעפאָנירט צו מיין פריינד שלמה אַרזי, דעם פאַרוואַל־טער פון רעגירונגס־אייגנטום און הויפּט־עקספּערט פאַר צערעמאָניעס, פּראָצע־סיעס און לוויות. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך מיין, אַז וויעראַ ווייצמאַן פאַר־דינט אַ נאַציאָנאַלע לוויה. אַרום זיבן אין אָוונט האָט אַרזי מיר מיטגעטיילט, אַז אַ נאַציאָנאַלע לוויה איז אויסגעשלאָסן. אליהו ששון, דער פּאָליציי־מיניסטער, האָט וועטאָירט דעם פאָרשלאָג. ס׳איז פאַרבליבן נאָר איין מענטש, וועלכער האָט געקאָנט וועטאָירן דעם וועטאָ — לוי אשכּול, דער פּרעמיער־מיניסטער. ווען איך האָב גערעדט מיט אשכּולן, האָט ער מיך געבעטן אַ האַלבע שעה צייט צו באַ־טראַכטן מיין ביטע.

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט ער מיר טעלעפאָנירט און געזאָגט, אַז זיין געהילף, עדי יפה, וועט אַלץ דערליידיקן און וועט זיך שטעלן מיט מיר אין פאַרבינדונג. אַ שעה שפּעטער איז עדי יפה געקומען צו די שעראָווערס. איך האָב גראָד געהאַלטן ביים אָנהויבן דאָס געשפּרעך וועגן דעם ענין, מיט דעם געהעריקן אַריינפיר: „אייער לויזיקער פּאָליציי־מיניסטער"... — ווען גיטאַ שעראָווער האָט מיר געגעבן אַ קאָפּע אין פוס און מיך אַוועקגעשלעפּט אָן אַ זייט צו זאָגן מיר, אַז עדי יפה איז ששונס אײדעם. איך האָב דורכגעלאָזט דעם אַריינפיר און האָב אים בלויז געזאָגט וועגן אשכּולס באַשלוס.

אַזוי אַרום איז דורכגעפירט געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע לוויה, און וויַיעראַ וויַיצמאַן איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה נעבן איר מאַן אין רחובות. די איינציקע עמי־נענטע פיגור אין מדינת ישׂראל, וועלכע איז נישט געקומען צו דער לוויה און האָט נישט אויסגעדריקט קיין מיטגעפיל, נישט עפנטלעך און נישט פּריוואַט, איז געווען דוד בן־גוריון.

איך דאַרף זיך אויך צוריקקערן צו פלאָראַ סאָלאָמאָן. איר רעפּוטאַציע האָט זיך נישט געשטיצט בלויז אויף דעם, אַז זי איז געווען אַ נאָענטע פריינדין פון וויַיעראַ און חיים וויַיצמאַן. זי איז פאַר זיך געווען אַ מין סאָציאַלע אינסטיטוציע און אויך אַ גרינדערין פון סאָציאַלע אינסטיטוציעס. פלאָראַ איז די טאָכטער פון אַ פּעטערבורגער מיליאָנער, וועלכער איז אַנטלאָפן פון רוסלאַנד אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע מיט דער הילף פון אַ באָלשעוויק, וועלכער איז אים געווען שולדיק אַ טובה פון די סטודענטן־יאָרן, ווען בענעסאָן, אַ סוחר פון דער „ערשטער גילדע" אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד, האָט געראַטעוועט דעם יונגנמאַן פון גרויסע חובות אין קאַסינאָ אין מאָנטע־קאַרלאָ. אין לאָנדאָן האָט פלאָראַ, וועלכע באַטראַכט זיך ביזן היינטיקן טאָג פאַר אַ סאָציאַליסטקע, אַוועקגעגעבן איר גאַנצע ענערגיע פאַר אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג פאַר די אָנגעשטעלטע פון מאַרקס און ספּענסער־קאָנצערן פון די גרויסע וואָרן־מאַגאַזינען. דאָס פּראָגראַם, וואָס פלאָראַ האָט אויסגעאַרבעט, איז אוודאי דאָס בעסטע פון דעם מין אין דער וועלט. מיין נאָמען פאַר פלאָראַן איז געווען: „די פרוי, וואָס דערליידיקט אַלץ". איך גלויב נישט, אַז עס זאָל זיך געפינען עמעצער אין לאָנדאָן, אָדער אין תּל־אביב, וועמען זי זאָל נישט קענען, און זי גיט אַוועק איר פרייע צייט און ענערגיע פאַר דערליידיקן זאַכן. גיט איר וואָס פאַר אַ פּראָבלעם איר ווילט און זי וועט געפינען אַ לייזונג, און זי וועט אייך זיין דאַנקבאַר פאַר דער געלעגנהייט, וואָס איר האָט איר געגעבן דאָס צו טאָן.

איך קער זיך צוריק צום אָנהייב פון „יד וויַיצמאַן". מיר האָבן געדאַרפט בוכשטעבלעך איבערקערן די ערד, „אַרויסנעמען די געדערים", בכדי אָנצוגיין מיט דעם אויפבוי פון „זכרון־פלאַזאַ". אַ וועג האָט געדאַרפט דורכגעשניטן ווערן פון צענטער פון אינסטיטוט צו דעם פאַרגעשלאָגענעם פּלאַץ פאַר דער „זכרון־פלאַזאַ", וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט וויַיצמאַנס אייגנטום. פון דער פלאַזאַ האָט אַ וועג געדאַרפט פירן צום קבר אין גאָרטן, הינטער דעם הויז. מיט דעם פּלאַן האָט געזאָלט אַרומגענומען ווערן מער אָדער ווייניקער, דער גאַנצער גרויסער שטח פון „יד וויַיצמאַן". ביז דעמאָלט זענען געווען דריי באַזונדערע זאַנעס: דער אינסטיטוט, די וווינהייזער פון אינסטיטוט און וויַיצמאַנס אייגנטום. זיי זענען געווען פאַראייניקט, אָבער אָפּגעזונדערט דורך ברייטע שטחים פון פּרדסים דורך עטלעכע שמוציקע וועגן, וואָס האָבן געפירט אַהין און אַהער, און אָפט אין ערגעץ נישט; און דורך די געוויינלעכע הויפנס מיסט און אָפּפאַל און זאַמד־בערגלעך.

אויב וויַיעראַ וויַיצמאַן האָט אונדז אָנגעטאָן צרות איבער אַנדערע מאָטיוון, וואָס זי האָט געגלויבט, אַז זיי זענען עסטעטישע, האָט עס די אייגנטימער פון די

פּרדסים שטאַרק אָנגעריירט ביי דער קעשענע. אין ישראל אין יענער צייט, און אין אַ קלענערער מאָס אויך איצט, איז אַ בוים — יעדער בוים — געווען הייליק, אַזוי ווי אַ קו אין אינדיע. מיר זענען באַשולדיקט געוואָרן אין חלול־השם ביים אויסהאַקן ביימער כּדי דורכצושניידן דעם וועג — נישט געקוקט אויף דעם, וואָס פאַר יעדן בוים, וועלכן מיר האָבן אַוועקגענומען פאַר דורכפירן דעם בולוואַר פון „יד ווייצמאַן", האָבן מיר געפלאַנצט פינף נייע ביימער. וואָס עס האָט זיי באמת געאַרט, איז געווען דאָס, וואָס די גאַנצע געגנט איז דורך דער רעגירונג „איינגעפרוירן" געוואָרן אַלס אַגריקולטור־ראַיאָן, בכדי אויפצוהאַלטן די דאָרפישע לאַנדשאַפט מיט גערטנער. ביי די אייגנטימער פון די פּרדסים איז אָפּגענומען געוואָרן די מעגלעכקייט, זיי זאָלן פאַרקויפן די שטחים פאַר אויפשטעלן דאָרטן שטאָטישע געביידעס.

צום גליק, אָדער אומגליק — אָפּהענגיק דערפון, ווי אַזוי איר קוקט אויף דעם — האָט דאָס אויפבויען „יד ווייצמאַן" געפאָדערט די רעקוויזיציע פון געוויסע שטחים לאַנד. ווי אין יעדן ציוויליזירטן לאַנד איז געווען נויטיק דורכצומאַכן דערביי דעם געהעריקן פּראָצעס, און די נויטיקע מיטלען זענען אָנגענומען געוואָרן פאַר אויסצאָלן אַנטשעדיקונגען די פּרדסים־אייגנטימער, וועלכע וועלן דערפון ליידן. בכדי צוצוגרייטן דערצו די עפנטלעכקייט האָב איך צונויפגערופן אַ פּרעסע־קאָנפערענץ, ביי וועלכער איך האָב פאָרגעשטעלט דעם גאַנצן אַנטוויקלונגס־פּראָגראַם. ווען עס איז געקומען די ריי אויף צו שטעלן פראַגן נאָך מיין דערקלערונג, האָט מען מיר געזאָגט, אַז אַ געוויסער מיטגליד פון דער כּנסת האָט זיך אויסגעדריקט, אַז מיר וועלן קריגן דעם גאַנצן פּלאַץ פאַר „יד ווייצמאַן" בלויז „איבער זיין טויטן קערפּער". מיין דיפּלאָמאַטישער ענטפער איז געווען: „דאָס איז זייער אַ קליינער פּרייז, וואָס ווע׳ט דאַרפן באַצאָלט ווערן". די דאָזיקע באַמערקונג מיינע האָט געקראָגן אין די צייטונגען מער „קעפּ", ווי דער אַנטוויקלונגס־פּלאַן.

ס׳האָט זיך צעפלאַקערט אַ קליינער בירגערקריג. יוסף שפּרינצאַק, דער פאָרזיצער פון דער כּנסת, האָט מיך גערופן קיין ירושלים. ער איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער רויכערער פון סיגאַרן, אַזוי אַז איך האָב מיטגענומען מיט מיר אַ שאַכטל האַוואַנאַ־סיגאַרן איינצונעמען און באַרויִקן זיינע צעשטורעמטע נערוון. „זענט איר משוגע געוואָרן?" — האָט ער געוואָלט וויסן. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב חלילה גאָרנישט געמיינט מיט דעם, וואָס איך האָב זיך אויסגעדריקט ביי דער פּרעסע־קאָנפערענץ. ס׳האָט זיך פּשוט אַרויסגעכאַפּט פון מיין מויל. איך האָב צוגעגעבן, אַז איך בין גרייט צו אַנטשולדיקן זיך עפנטלעך און פּריוואַט. און איך האָב דאָס געטאָן. דער אָרעמער קרבן פון מיין באַמערקונג איז געשטאָרבן זעקס חדשים שפּעטער. אָבער — איך איַל זיך צו באַטאָנען — נישט איבער מיין שולד.

דער דאָזיקער אינצידענט האָט באַשטעטיקט מיין שטאַנדפּונקט, אַז אַנטאייגנטע קאַפּיטאַליסטן פאַרלירן זייער חוש פאַר הומאָר אין דעם פּראָצעס ווען מען נעמט ביי זיי עפּעס אַוועק.

**איינע פון די נאָכמיטאָג־צייטונגען אין תל־אביב האָט אויפגענומען דעם ענין וועגן די פּרדסים־אייגנטימער אין רחובות, אין אַ חנעוודיקן אַרטיקל, וואָס איז געווען צעלייגט אויף זעקס שפּאַלטן, אונטער דער איבערשריפט: „דער מאַן הינטער דער סצענע". איך ציטיר פון דעם אַרטיקל:**

פלוצלונג האָט ער אָנגעהויבן אַ גאַנצע אינדוסטריע אין אַמעריקע צו מאַכן אומשטערבלעך דעם טויטן פּרעזידענט אין רחובות. דער עולם אויף יענער זייט ים איז אויפגעפּאַדערט געוואָרן בייצושטייערן צוואַנציק מיליאָן דאָלאַר פאַר דעם צוועק. בכדי צו דערמוטיקן זיי דאָס צו טאָן איז ווייסגאַל אַליין געפלויגן אין די אַלע לענדער, ווו די, וועלכע פאַרהערלעכן ווייצמאַנס אָנדענק, ווינען — מיט דער שיסל אין האַנט. געוויס האָט די שיסל אָנגע־הויבן אָנצופילן זיך. ס׳איז אויך געווען נויטיק צו זאָרגן וועגן דעם פּער־זענלעכן פאַרשטייער, וועגן אים אַליין, לאַנג לעבן זאָל ער, ווייל אַנדערש — ווער פון אונדז ווייט טראַכטן וועגן אים נאָך דעם, ווי ער וועט אָוועק־גיין אויף יענער וועלט? אַז דאָס איז אויך געווען ווייסגאַלס מיינונג, קאָן מען זען פון דעם, וואָס ער האָט מסכים געווען אָנצונעמען אַ גאַנץ בכּבודיקן פּראָצענט פון די מיליאָנען. טייל זאָגן, אַז פופצן פּראָצענט, און אַנדערע זאָגן אַכצן פּראָצענט. אַזוי ווי דאָס איז קיין מאָל נישט אַרויסגעגעבן גע־וואָרן פאַר דער עפנטלעכקייט, און אַלץ וואָס מען ווייסט, איז, אַז דער דאָזיקער פּראָצענט איז אַ גאַנץ פיינער.

קיינער האָט קיין מאָל נישט געקאָנט מיר דערקלערן, ווער עס האָט באַ שלאָ סן דעם דאָזיקן גאַנצן פּלאַן: ווער עס האָט באַשלאָסן, אַז עס איז נויטיק צו פירן אַ ספּעציעלן רחובות־קאַמפּיין; ווער עס האָט באַ־שלאָסן, אַז ווייסגאַל זאָל זיין דער, וועלכער זאָל שטיין אין שפּיץ פון דעם קאַמפּיין, און ווער עס האָט דיסקוטירט וועגן דער הויך פון דעם פּראָצענט, וואָס דאַרף געגעבן ווערן ווייסגאַלן פאַר זיין אַרבעט; און פאַר וואָס ער איז באַרעכטיקט צו קריגן אַ פּראָצענט, וואָס זאָל זיין עטלעכע מאָל העכער ווי דאָס וואָס עס ווערט געגעבן אַלע אַנדערע שנאָררערס פאַר ישׂראל אין אונדזער צייט.

און איבער דעם אַלעם — אין דער צייט, ווען איך אַרבעט איבער די אַלע פאַרשידענע פאַרפּלאָנטערטע ענינים, שווימט ווייסגאַל אין אַ כמעט לעגענדאַרער עשירות. דער דורכגעפאַלענער טעאַטער־אונטערנעמער איז פלוצלונג געוואָרן רייך ווי קורח. ער האָט נישט געבראַכט זיין פאַרמעגן פון קיקל, נישט פון זיין קורצער קאַריערע אַלס אַ סעקרעטאַר און זיכער נישט פון זיינע שריפטן, אָדער פון זיינע טעאַטער־אויפפירונגען אין אַמע־ריקע. דערפון איז צו זען, אַז ער אַליין איז, צו אונדזער גרויסער פרייד, נישט פאַראָרעמט געוואָרן פון דער פאַראייביקונג פון זיין פריינד. און אַלס אַ מיליאָנער זענען אַלע טויערן אָפן פאַר אים, ווייל זיין לאַנד, וואָס האָט אַ לינקע אָריענטאַציע, האָב ליב מיליאָנערן. ווען מיניסטאָרן ווילן זיך אָפּרוען פון זייער שווערער אַרבעט, ווהין זאָלן זיי גיין? צו מאיר־וואָלפן

אין זיין פּאַלאַץ אין דרום. ווען ווייסגאַל טעלעפאָנירט צו איינעם פון אונ־דזערע אָלימפּיער, נעמען אַראָפּ זיינע פריינד זייער הוט פאַר אים אויף דער אַנדערער זייט טעלעפאָן. און ווייסגאַל קען טאַקע זיין מאַכט אין לאַנד און רעגירט דורך איר. דורך דעם רעגירונגס־אַפּאַראַט, וואָס איז אים אונ־טערגעוואָרפן, רעגירט ער אין רחובות, ווי אַ מין אָריענטאַלישער סאַטראַפּ. און ער איז זיך נוהג אַזוי, אַז ער האַלט פּרדסים־באַזיצער אין דער געגנט אויף דער האַנטפלאַך. עקספּראָפּריאירנדיק זיי פון אַלעם, וואָס זיין האַרץ גלוסט.

אַלס אַ פּאַרטיידיקונג פון די עקספּראָפּריאירטע און פּאַראַלעמטע נעבעך פּר־דסים־באַזיצער אין ישׂראל, איז דער דאָזיקער אַרטיקל נישט געווען אַזוי געהויבן. וואָס איז שייך מיין קאָנטראָל איבער דעם אַפּאַראַט פון דער „לינקער" רעגירונג — הלוואי וואָלט דאָס אמת געווען, וואָלט איך געהאַט אַ סך ווייניקער קאָפּווייטיק. און אַלס אַ שטיק „ריח־ניחוחדיקער" זשורנאַליזם, איז דערפון קלאָר געוואָרן, אַז ישׂראל האָט פּשוט נישט קיין געהעריקע געזעצן וועגן אָנקלאָגן פאַר ליגנערישע באַהויפּטונגען און באַשולדיקונגען, הגם מאַכן אַזאַ אָנקלאַגע איז געווען דאָס לעצטע, וועגן וואָס איך האָב געטראַכט. איך בין נישט געווען אַזוי שטאַרק באַ־זאָרגט וועגן די מיסטישע פּופּצן אָדער אַכצן פּראָצענט, ווי עס זענען געווען מיינע קינדער, וועלכע האָבן זיך צוגעכאַפּט צו מיר און האָבן געוואָלט וויסן, ווו עס זענען מיינע מיליאָנען. איך האָב זיי געקאָנט בלויז זאָגן, אַז איך האָב אַ הכנסה פון שׂכירות, וואָס איז אַ סך קלענער פון די, וואָס עס באַקומען אַ טייל פון אונדזערע שליחים, געלטזאַמלער, וועלכע זאַמלען אַ סך ווייניקער אין אַ יאָר, ווי איך אין אַ חודש. זיי האָבן אַפילו נישט געקאָנט דערוואַרטן צו ירשנען מיין הויז, וואָס איז דאָס אייגנטום פון אינסטיטוט, און פאַר וועלכן איך צאָל דירה־געלט.

דער פּאַרסך־הכּלטער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער מי לטובת דעם יידישן פאָלק איז געווען, אַז אין חודש יוני פון יאָר 1953 האָב איך צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן זיך צוזאַמענגעבראָכן. דאָקטוירים האָבן געווימלט אַרום מיר, ווי מוילוועררים אַרום אַ פייער. סוף כּל סוף האָבן זיי מיר באַפוילן צו נעמען אַ קאָמפּלעטן אָפּרו אָן איבעררייס במשך פון זעקס וואָכן. אויב נישט — האָבן זיי מיר געזאָגט — וועט מיין לעבן זיין אין סכּנה. און גראָד איז דאָס געשען אין אַ צייט, ווען דאָס איז געווען אַמווינציקסטן געוווּנטשן. די „זכרון־פּלאַזאַ" און דער וועג האָבן געדאַרפט פאַרענדיקט ווערן אַרום נאָוועמבער. און קיין שום זאַך, נאָר די געוואַלדן, וואָס איך האָב געמאַכט, האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו האָבן אַ ווירקונג אויף דער אָפּגעלאָזנקייט פון דער אַרבעט און אויף דער ביוראָקראַטיע. די מויערן פון יריחו זענען געפאַלן אונטער די קלאַנגען פון די שופרות און געשרייען. די „זכרון־פּלאַזאַ" און דער וועג פון „יד ווייצמאַן" זענען אויפגעבויט געוואָרן מיט דעם זעלבן אינזשעניערישן פּרינציפּ, נישט געקוקט אויף ווייצמאַנס להיפּוכדי־קער מיינונג. מען האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן, סיידן איבערלאָזן די ענינים אין דעם אויבערשטנס הענט. אַזוי איז טאַקע געווען די לאַגע, ביז איך בין צוריק־געקומען פון מיין געצוווּנגענעם אָפּרו.

וואָס איז שייך מאַכן געוואַלדן, איז עס יאָרן אַרומגעגאַנגען וועגן מיר אַ געשיכטע, וועלכע איז אָפט באַפּוצט געוואָרן ביים איבערדערציילן, אָבער אין תּוך איז זי אמת: איך בין אַ מאָל געזעסן צוזאַמען מיט ווייצמאַנען אין דאָר־טשעסטער־האָטעל אין לאָנדאָן, אַרומרעדנדיק מיט אים פאַרשידענע ענינים. אָברי איבען (היינט אבא אבן) האָט געהאַט אַ באַשטימטע באַגעגעניש מיט ווייצ־מאַנען, און איך האָב זיך אָפּגעטראָגן אין שכנותדיקן צימער און געמאַכט אַ פּאָר טעלעפאָן־רופן. מסתמא האָב איך אַ ביסל אויפגעהויבן מיין שטים, ווייל אין מיטן דערינען האָט ווייצמאַן אַ פרעג געטאָן: „וואָס איז דאָ פאַר אַ טומל?" — „מאיר רעדט מיט ארץ־ישׂראל" — האָט אבן געענטפערט. „פאַר וואָס נוצט ער נישט דעם טעלעפאָן?" — האָט ווייצמאַן געפרעגט.

מיט אַ פאַרצווייפלטן בליק אויף מיר האָט מען מיך אַוועקגעשיקט קיין פראַנקרייך, אין לאַ קרואַ, אין דער היים פון ד"ר יוסף בלומענפעלד, וויעראַ ווייצמאַנס שוואָגער, זיך אָפּצורוען און צוריקקומען צו מיין געזונט. וויעראַס שוועסטער, ראַיעטשקאַ, און איר מאַן, אַסי, זענען געווען די גאַסטפריינדלעכסטע מענטשן, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאַרשטעלן. ראַיאַ איז געווען אַזוי צוגעלאָזן און וואַרעם, ווי וויעראַ איז געווען רעזערווירט און קאַלט.

מיינע וואָכן אין לאַ קרואַ זענען מיר פאַרבליבן אין זכרון צוליב צוויי טעמים. ערשטנס האָב איך דאָרט אָנגעהויבן דיקטירן מיין פרוי מיינע מעמואַרן. טראַכ־טנדיק, אַז עס קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז איך וועל באַלד אויסציִען די קאַפּי־טעס, האָב איך געהאַט אַ סך צער דערפון, אַז איך וועל פאַרלאָזן די וועלט אָן דעם, אַז איך זאָל האָבן געזאָגט מיין וואָרט. אַ חוץ דעם האָב איך נישט געהאַט עפּעס אַנדערש צו טאָן. איך בין געווען אַליין מיט מיין פרוי, צוגעשמידט צום קראַנקנבעט, און האָב אַפילו נישט געקאָנט אויפנעמען קיין באַזוכער. איך האָב אָנגעהויבן דאָרט, ווו אַ סך מענטשן ענדיקן — מיט אַ רירנדיקער ווידמונג פאַר מיין ווייב, וועלכע האָט אַזוי פיל יאָרן געליטן פון מיר, און מיט אויסדריקן אין אַ לאַנגן „מי שברך" מיין דאַנק און אָנערקענונג פאַר אַ גאַנצער חברותא פון גוטע פריינד מיינע, אָן וועלכע דאָס דאָזיקע בוך וואָלט קיין מאָל נישט אָנגע־שריבן געוואָרן. האָבנדיק אָפּגעטאָן דעם עיקר, האָב איך באַוויזן צו דיקטירן דעם אָנהייב פון אַן ערשטן קאַפּיטל. די דאָזיקע אָנשטרענגונגען האָבן פון מיר צוריק געמאַכט אַ מענטש. איך האָב ווידער אויפגעלעבט אין גאַנצן, און האָב דעם ענין פון מיינע זכרונות אַוועקגעלייגט אויף נאָך אַ פופצן יאָר. (עס וואַלגערן זיך נאָך אַלץ אַרום עטלעכע געל־געוואָרענע בלעטלעך — אַ לעבעדיקער עדות פון יענע אומשטערבלעכע ווערטער, וואָס איך האָב דיקטירט אין לאַ קרואַ).

דער צווייטער טעם, פאַר וואָס איך געדענק לאַ קרואַ, האָט מער ממשות. זיגמונד געסטעטנער האָט מיר טעלעפאָנירט פון לאָנדאָן: „העלאָ, מאיר, איך הער, אַז איר האַלט ביים אויסציִען די קאַפּיטעס, איז עס אמת?" דאָס האָט מיך, נאַטירלעך, אַ שטאַרקן כאַפּ געטאָן אויף צוריק. „זיגמונד" — האָב איך גע־ענטפערט — „זייט נישט קיין שוטה!" אָבער ער האָט ווייטער גערעדט: „איך

מיין גאַנץ ערנסט, מאיר. איך וויל נישט, אַז שירלי זאָל בלייבן אַ ציוניסטישע אלמנה״.

די דאָזיקע פראַזע האָט אַ ספּעציעלע באַדייטונג אין דער ציוניסטישער טראַדיציע. עס זענען געווען אַ סך פרויען, וועמענס מענער זענען געשטאָרבן פאַרן ציוניסטישן אידעאַל. און זיי, די פרויען, האָבן געדאַרפט אַרומגיין בעטן הילף. פּענסיעס זענען נישט געווען קיין טייל פון דער ציוניסטישער קאָנסטיטוציע. אָבער אַן אָרט אין דער געשיכטע איז געווען פאַרזיכערט, דאָס הייסט אַ זייטיקע גאַס אין תל־אביב מיטן אַרויפגעשטעלטן נאָמען (אַפילו דאָס האָבן יידן געטאָן אָן שׂכל. צו וואָס אָנרופן אַ גאַס אָדער אַ שטעטל אויף עמעצנס נאָמען, ווען ס׳איז ביליקער פאַר דעם מאָלער פון די שילדלעך צו שרייבן בלויז דעם ערשטן האַלבן נאָמען? וויפל מענטשן אין כּפר שמריהו ווייסן אַז שמריהו לעווין איז געווען די אינספּיראַציע פאַר אָנרופן אַזוי דאָס שטעטל? אָדער די צווייי ביימער מיט דער באַנק אין מיטן, וואָס ווערן אין תל־אביב גלאָריפיצירט אַלס גן־מאיר? דאָס איז נישט פאַר מיין כּבוד וועגן; אַפילו נישט פאַר גאָלדע מאירס כּבוד; אויך נישט פאַר הרבֿ מאיר בערלינס כּבוד, נאָר צום אָנדענק פון דעם ערשטן ראש־העיר פון תל־אביב, מאיר דיזענגאָף. אַגבֿ איז דאָס די סיבה, פאַר וואָס איך בין באַשטאַנען אויף דעם, אַז דער דענקמאָל אין רחובות זאָל אָנגערופן ווערן „יד חיים וויצמאַן״ און נישט „יד חיים״, ווי עס איז פאַרגעשלאָגן געוואָרן). אַ פּלאַץ אין דער געשיכטע איז פאַרזיכערט, אָבער נישט קיין דאַך איבער עמעצנס קאָפּ, אָדער ברויט פאַר עמעצנס קינדער. דאָס איז אַן אַנדערע געשיכטע.

איך האָב געזאָגט זיגמונדן, אַז ערשטנס צי איך נאָך נישט אויס די קאַפּיטעס; צווייטנס, האָב איך דריי קינדער; און דריטנס, אַז איך וועל אַליין פאַרזאָרגן מיין פרוי. ער האָט מיר געענטפערט: „ערשטנס, פאַרלאָזט זיך נישט צו פיל אויף די קינדער; און צווייטנס, דאָס עשירות פון אַזאַ איינעם, וועלכער אַרבעט אין ציוניסטישן ווייַנגאָרטן איז מיר גוט באַקאַנט״. מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט אונדזער געשפּרעך.

זיגמונד איז געשטאָרבן פּריציייטיק, עטלעכע יאָר שפּעטער. ערשט דעמאָלט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז קורץ נאָך אונדזער דערמאָנטן געשפּרעך האָט ער געשאַפן אַ פאָנד, פון אַ באַדייטנדיקער גרויס, פאַר מיין פרוי און משפּחה אויפן פאַל טאָמער זאָל איך אַוועקגיין אויף יענער וועלט. אין משך פון דער גאַנצער צייט האָט ער בעת אונדזערע אָפטע באַגעגענישן נישט אַרויסגעכאַפּט זיך וועגן דעם מיט קיין איין וואָרט.

זיגמונד געסטעטנער איז בכלל געווען אַ וווּנדערבאַרער מענטש. ער און זיין פרוי העני זענען געווען טיף איבערגעגעבן וויצמאַנען. איך האָב אים צום ערשטן מאָל באַגעגנט בעת דער מלחמה, ווען חיים וויצמאַן האָט אים געשיקט צו מיר אין ניו־יאָרק. ער איז געווען אַ זייער דערפאָלגרייכער געשעפטסמאַן, ווי יעדער איינער וועלכער וויקלט פונאַנדער אַ „סטענסיל״ וועט וויסן. אָבער ער האָט די מערסטע צייט זיינע אַוועקגעגעבן פאַרן ציוניזם. קיין שום אונטערנעמונג פאַרן ציוניזם איז פאַר אים נישט געווען צו גרויס, און קיין שום אויפגאַבע איז פאַר אים נישט געווען צו שווער. ער האָט געהאַט דעם מוט אַנטקעגנצושטעלן זיך

אין דער ענגלישער עפנטלעכער מיינונג קעגן אַלע געזעצן, וואָס האָבן באַוועלט דעם ציוניזם און די ציוניסטישע אַרבעט. ער איז פון אָנהייב אָן געווען איינער פון די הויפּטזיילן אויף וועלכע עס האָט זיך געשטיצט דער ווייצמאַן־אינסטיטוט. און ער איז געווען אַ גרויסער פּערזענלעכער פריינד, וואָס איז אַ זעלטנקייט צווישן ציוניסטן.

ווען ער איז געשטאָרבן, האָבן מיר די גרויסע גאָרטנס ביים אַריינגאַנג אין אינסטיטוט געווידמעט זיין אָנדענק. די אויפשריפט, אויף וועלכער זיין פּרוי העני איז באַשטאַנען, אַנטפּלעקט מער דעם כאַראַקטער פון די געסטעטנערס, ווי זייער אידענטיטעט. די אויפשריפט לייענט זיך: „אביעזר־גאָרטנס — צום אָנדענק פון אַן איבערגעגעבענעם פריינד פון ד״ר ווייצמאַן״. יעדער איינער, וועלכער איז פאַראינטערעסירט אין דער אומשטערבלעכקייט פון דעם נפטר, וועמענס נאָמען עס טראָגן די גאָרטנס ביים אינסטיטוט, וועט דאַרפן מאַכן אַ ספּעציעלע אויס־פאָרשונג, בכדי צו אַנטדעקן, אַז אביעזר איז געווען זיגמונדס העברעיִשער נאָמען.

די באַשיידנקייט פון די געסטעטנערס איז געווען אין פּראָפּאָרץ צו זייער ברייטהאַרציקייט; זייער ברייטהאַרציקייט האָט נישט געהאַט קיין שיעור — האָט נישט קיין שיעור, דאַרף איך זאָגן. ווייל העני איז ממשיך די טראַדיציע פון דער משפחה. איין מאָל, ווען זי איז געווען אין רחובות, האָט זי זיך דערוווּסט, אַז עס איז מיין אַכט און זעכציקסטער געבורטסטאָג. דעם זעלבן פרימאָרגן איז זי גע־קומען צו מיר מיט אַ טשעק אויף אַכט און זעכציק טויזנט פונט פאַרן אינסטיטוט. איך האָב איר געזאָגט, אַז עס מוז זיין אַ טעות: איך פיל זיך ווי אַכט־און־אַכציק. איר ענטפער איז געווען: אַזוי פיל קאָן איך זיך נישט דערלויבן. דאָס איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישער געסטעטנער־זשעסט.

זייער ברייטהאַרציקייט איז געווען פון אַ גאַנץ באַזונדערן, זעלטענעם מין. ביי מענטשן איז אַ סך מער פאַרשפּרייט די געוווינהייט צו זיין שטאָלץ מיט זייערע גוטע מעשׂים. און איך בין דער לעצטער אויף דער ערד צו האָבן טענות צו מענטשן פאַר זייער חשק צו אומשטערבלעכקייט — אַפילו ביי זייער לעבן. פאַקטיש איז דער גרעסטער טייל אינסטיטוט געבויט געוואָרן אַרום דעם פּרינציפּ, אַז מענטשן דאַרפן דערמוטיקט ווערן צו פאַרזיכערן זיך מיט זייער אומשטערבלעכ־קייט, בעת זיי דרייען זיך נאָך אַרום אויף דער וועלט, בכדי זיי זאָלן דערפון הנאה האָבן. איינער אַ שאַרפזיניקער זשורנאַליסט האָט מיך אַפילו געקרוינט מיט דעם נאָמען: „דער סוחר פון אומשטערבלעכקייט״.

ווען איך בין אָוועקגעפאָרן פון מיין געצווּנגענעם אָפּרו אין לאַ קרואַ, בין איך נישט נאָר געווען פול מיט לעבן און אין אַ געהויבענער שטימונג, נאָר אַליין נישט ווייסנדיק האָב איך זיך אויך געקאָנט באַטראַכטן פאַר אַ פינאַנציעל שטאַרק אומאָפּהענגיקן מענטשן. אָבער איך בין קיין מאָל נישט געווען באַזונדערס להוט נאָך עשירות. ווען איך האָב געהאַט געלט, פלעג איך עס אויסגעבן, און אויב איך האָב נישט געהאַט קיין געלט, פלעג איך געווינלעך געפינען עמעצן, וועלכער איז געווען גרייט צו פינאַנצירן מיינע משוגעתן. נישט חלילה, איך זאָל נישט האָבן הנאה געהאַט פון פירן אַ באַקוועם, רחבותדיק לעבן. געוויס האָב איך עס

ליב געהאַט, און נאָך מער — איך האָב עס פאַרדינט, בעיקר זינט מיין היים איז אין יענער צייט געוואָרן דער צענטער פון קיבוץ־גלויות פאַר פאַרשידענע יידן.

מיין שטעלונג צו געלט איז אַזאַ: ווען עס איז פאַראַן אַ וויכטיקער ענין דורכצופירן, רעכענען זיך נישט קיין קאָסטן. איך האָב קיין מאָל נישט דערלאָזט דערצו, אַז אַזאַ וויכטיקער פּלאַן זאָל בלייבן נישט פאַרווירקלעכט דערפאַר, ווייל עס זאָל האָבן געפעלט געלט — מיין געלט, צי עמעצנס אַנדערשס, געוויינלעך בײדע. איך גיב נישט אויס קיין געלט סתם צוליב אויסגעבן, הגם מיין פרוי קאָן האָבן ווענן דעם אַ פאַרקערטע מיינונג. צייטנווייז בין איך אַ צעטרענצלער פון געלט. אָבער איך טו דאָס אַזוי, ווי אַ פאַרמער צעזייט זיינע זוימען אויף אַ צעאַקערט פעלד — זיי זאָלן געדייען. אַזוי טו איך מיט מזומן געלט, אָדער מיט גוטן ווילן. האָבנדיק, וואָס איך וואָלט אָנגערופן „אַ פאַנד אויף אַ רעגנדיקן טאָג", האָט דאָס מיר געגעבן די מעגלעכקייט אין מיינע שפּעטערדיקע יאָרן צו טאָן מיט אַנדערע, וואָס אַנדערע האָבן געטאָן מיט מיר — דאָס הייסט פינאַנסירן אַנדערע מענטשנס משוגעתן. אַלס רעזולטאַט פון דעם אַלעם האָב איך באַקומען די רעפּוטאַציע פון איינעם פון די שפּאַרזאַמסטע געלט־אויסגעבער. און אָט איז אַן אילוסטראַציע:

אין דער מלחמה־צייט האָב איך געהאַט אַ פאַרשטענדיקונג מיט ווייצמאַנען, איך זאָל אים טעלעפאָנירן יעדע וואָך שבת — צי ער איז געווען אין ענגלאַנד, אין דער שווייץ אָדער אין ארץ־ישראל. איך האָב דאָס שטאַרק אָפּגעהיטן. אָבער איין וואָך זענען נישט געהאַט געשען קיין באַזונדערע וויכטיקע ענינים, און איך האָב באַשלאָסן איינצושפּאָרן די הוצאות. צו מאָרגנס האָב איך באַקומען אַ טעלע־גראַמע פון ווייצמאַנען, אין וועלכער ער האָט מיך געפרעגט, פאַר וואָס איך האָב אים נישט טעלעפאָנירט. האָב איך אים אָנגעקלונגען און דערקלערט, אַז ס'איז נישט געווען קיין וויכטיקעס צו באַריכטן, און אַז איך האָב זיך אָפּגעהאַלטן פון מאַכן אומנויטיקע הוצאות. עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך באַקומען פון אים אַ שיינעם בריוו, אין וועלכן ער האָט מיר געשריבן, אַז עס האָט אים נישט אַזוי פיל געאַרט וואָס איך האָב אים נישט טעלעפאָנירט, אָבער „אייער פּלוצלונגדיקע אַטאַקע פון שפּאַרזאַמקייט האָט מיך איבערגעשראָקן".

ווען איך בין געקומען קיין רחובות סוף אויגוסט, האָב איך אַנטדעקט — לחלוטין נישט צו מיין איבערראַשונג, נאָר צו מיין צער — אַז גאָרנישט איז גע־טאָן געוואָרן אין מיין אָפּוועזנהייט. דער אַריינגאַנגס־וועג אין „יד ווייצמאַן" און צו דער „זכרון־פּלאַזאַ" איז געווען אַ הויפן פיינע, רויטע ערד. און דער וועג, וואָס האָט זיך געדאַרפט ציִען אויף אַ מייל אָדער מער, האָט געמוזט זיין פערטיק ביז נאָוועמבער צו ווייצמאַנס ערשטן יאָרצייט. בלויז אַ דאַנק דער פּערזענלעכער אינ־טערווענץ און קאָאָפּעראַציע פון פרוי גאָלדע מאיר, וועלכע איז דעמאָלט געווען אַרבעטס־מיניסטער, האָט די אָפּטיילונג פאַר עפנטלעכע אַרבעטן אָנגעהויבן זיך רירן, כדי דורכצושניידן דעם וועג.

איך האָב פאַרבעטן גאָלדע מאיר צו מיר אַהיים, און נישט אין מיין ביוראָ — ס'איז שוין געווען אַ וועג צו מיין ביוראָ — און האָב געבעטן דעם שאָפער, וועלכער איז געפאָרן זי ברענגען, אַז ווען ער וועט אַרויפקומען אויפן זאַמד, זאָל

ער אָנהויבן פֿאַרן שנעלער. אַריינקומענדיק צו מיר האָט זי זיך אָנגעהויבן שטאַרק באַקלאָגן אויפֿן שלעכטן וועג. „אָ, מיין טייערע", — האָב איך איר געענטפֿערט — „דאָס איז עס צוליב וואָס איך נויטיק זיך אין אייך און אין אייער הילף". איך ווייס נישט, צי איך האָב באמת געדאַרפֿט מאַכן דעם דאָזיקן אַלאַרם, אָבער עס האָט געהאָלפֿן. אויף אַ ווונדערלעכן אופֿן איז דער וועג פֿאַרענדיקט געוואָרן ביזן 2טן נאָוועמבער. דאָס איז וואַרשיינלעך געווען אַ רעקאָרד אין דער געשיכטע פֿון דורכשניידן וועגן. „די „זכרון־פֿלאַזאַ" איז געווען בלויז טיילווייז גרייט, אָבער מען האָט זי געקאָנט באַנוצן.

די הזכרה צו דער ערשטער יאָרצייט נאָך וויצמאַנען, און די אַקטיוויטעטן, וואָס זענען צוזאַמען דערמיט פּלאַנירט געוואָרן, האָבן אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע אין דער אַנטוויקלונג פֿון אינסטיטוט. דער אינסטיטוט איז געווען בלויז פֿיר יאָר אַלט, וואָס מיינט יונג לויט יעדן באַגריף. אָבער מיר האָבן געהאַט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך אַנטוויקלען אויף אַ הויכער מדרגה. און מיר האָבן געדאַרפֿט אַזוי זיך אויפֿפֿירן. איך געדענק, אַז יעדעס מאָל, ווען איך פֿלעג אַרויספֿאָרן אויף מיינע קאַמפּיינען לארבע פּינות עולם צו זאַמלען געלט, פֿלעג איך פֿריִער צונויפֿרופֿן די וויסנשאַפֿטלער און זיי זאָגן: „איך פֿאָר אַרויס צו דערציילן אַ סך ליגנס וועגן דעם אינסטיטוט. ווען איך וועל צוריקקומען, וואָלט איך געוואָלט, אַז זיי זאָלן זיין אמת". דאָס איז געווען אַ פּאַראַפֿראַזע פֿון שמריהו לעווינס אַ הלצה: „אַלע ליגנס, וואָס מיר דערציילן וועגן ארץ־ישׂראל, זענען אמת".

די ערשטע הזכרה־פֿאַרזאַמלונג איז געווען אַ צוזאַגנדיקע התחלה. עס זענען געקומען די פּראָפֿעסאָרן נילס באָר, ערנסט חן, הערמאַן מאַרק, לינוס פּאָולינג, סער ראָבערט ראָבינסאָן און ד״ר פֿראַנסיס פּעיטאָן רוס. אַלע זענען זיי באַערט געוואָרן — און זיי האָבן עס אָנגענומען — מיט וווערן ערן־מיטגלידער פֿון אינסטיטוט. מיר האָבן איינגעפֿירט די לעקציעס צום אָנדענק פֿון וויצמאַנען, וואָס זענען דאַן געהאַלטן געוואָרן דורך סער ראָבערט ראָבינסאָן. די אַנדערע פּראָפֿעסאָרן האָבן געהאַלטן לעקציעס אין אינסטיטוט און זענען פֿאַרבעטן געוואָרן צו לייענען לעקציעס אין אַנדערע הויכשולן אין ישׂראל.

מיר האָבן דורכגעפֿירט דעם חנוכּת־הבית פֿון דער אָפּטיילונג פֿאַר עקספּערימענטאַלער ביאָלאָגיע, וואָס איז פֿינאַנסירט געוואָרן דורך אייזיק וואָלפֿסאָן, און פּראָפֿעסאָר נילס באָר האָט געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿאַר דעם אינסטיטוט פֿאַר אַטאָמישער פֿיזיק. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט איז ענדלעך מיין חלום פֿון „אָפּשאַצן" וויסנשאַפֿט באַשטעטיקט געוואָרן. נאָך דער צערעמאָניע פֿון לייגן דעם גרונטשטיין האָט פּראָפֿ. נילס באָר געהאַלטן אַ לעקציע וועגן דער פֿילאָזאָפֿיע פֿון פֿיזיק. איך בין געווען פֿאַרזיצער. איך האָב אָנגעשטרענגט יעדן קעמערל פֿון מיין מוח, באַמיִענדיק זיך נאָכצופֿאָלגן, וואָס ער האָט געזאָגט. באַלד האָב איך רעזיגנירט דערפֿון, איינזעענדיק אַז איך קאָן דאָס נישט טאָן, און בין געבליבן זיצן מיט אַ זויערער מינע אויף מיין פּנים. ווען אַלץ איז געווען אַריבער, בין איך צוגעגאַנגען צו עטלעכע פֿון די פּראָמינענטע לייט צווישן דעם עולם און האָב זיי געפֿרעגט, וועגן וואָס האָט פּראָפֿעסאָר נילס באָר גערעדט. זייערע ענטפֿערס זענען געווען אַ נחמה פֿאַר מיר: די כּעמיקער האָבן פֿאַרשטאַנען אַרום דרייסיק

פּראַצענט. די ביאַלאָגן — נאָך ווייניקער. און ווען איך האָב ביי זיי געזען, אַז זיי פילן זיך אומבאַקוועם, איז עס פאַר מיר געווען אַן אָנדייטונג, אַז זיי טרייבן איבער מיט זייערע ענטפערס.

צו מאָרגנס איז געווען אַן אַנדערער סימפּאָזיום, דאָס מאָל נישט וועגן פיזיק. דער סימפּאָזיום איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַזאַ מין געביידע, וואָס זאָל אויסזען ווי „וואַלדאָרף אַסטאָריאַ" אין ניו־יאָרק. אונדזער אייגענער וויקס־אוידיטאָריום איז נאָך נישט געווען אויפגעבויט. פאָרנדיק אַהין האָב איך געטראָפן אויפן וועג פּראָפ. נילס באָר, וועלכער איז געגאַנגען פאַמעלעך איבער די גערטנער פון אינסטיטוט, באַטראַכטנדיק די בלומען. „פּראָפעסאָר באָר" — האָב איך אים געזאָגט — „קאָן איך אייך פאַרבעטן אין מיין אויטאָמאָביל?" — „איך גיי נישט אַהין" — האָט ער געענטפערט. — „אָבער נעכטן זענען אַלע געקומען אייך הערן. מיינט איר נישט, אַז היינט דאַרפט איר גיין זיי הערן?" — „איך וועל אייך זאָגן דעם אמת" — האָט ער זיך אָנגערופן — „איך ווייס נישט וועגן וואָס זיי רעדן".

מיין באַשיידנקייט וועגן מיין אייגענעם אויפנעמען פון וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען נעמט זיך דעריבער פון דעם פאָטער פון דער מאָדערנער פיזיק.

די הזכרה־פאַרזאַמלונג גופא איז געווען דער גרעסטער נייער אויפטו. זי האָט אין גאַנצן געדויערט פּינקטלעך אַ שעה צייט. זי האָט זיך אָנגעהויבן פינף אַ זייגער און האָט זיך געענדיקט זעקס. די טירן זענען געשלאָסן געוואָרן אַ פערטל צו פינף. עס האָט געדאַרפט זיין אַן אמתער „שאָק" פאַר די אַלע יידן, וועלכע האָבן שלעכט געלייענט, וואָס עס איז געווען געדרוקט אויף דער איינלאַדונג, אָדער זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען עס ערנסט. עס זענען געווען צוויי רעדעס. איינע פון נחום גאָלדמאַן, וועלכער איז דאַן געוואָרן ווייצמאַנס נאָכפאָלגער אַלס פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, און די אַנדערע פון דוד בן־גוריון. קיין איינע פון די רעדעס האָט נישט געדויערט מער פון צען מינוט. פאַר דער איבעריקער צייט איז געווען דער אויפטריט פון אַ סאָלאָ־זינגער — דעם טענאָר פון דער מעטראָפּאָליטען־אָפּערע אין ניו־יאָרק, דזשאָן פּירס, אַ כאָר־געזאַנג און אַ פּראָצעסיע צום קבר, ביי וועלכן די פּאָליציי און דאָס מיליטער האָבן געהאַלטן די ערנוואַך.

דער ערשטער עפעקט איז געווען, אַז מען האָט נישט געגלויבט, אַז די אזכרה איז פאַרענדיקט. יידן קענען נישט די קונסט פון איינאָרדענען קורצע אסיפות, און דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען אַ צעטומלטער. איז דאָס שוין טאַקע אַלץ און מער וועט נישט זיין? אָבער שפּעטער איז ביי זיי פאַרבליבן דער שטאַרקער און דויערהאַפטער איינדרוק. עס איז געווען קורץ, שאַרף און אַקצענטירט. אונטערן איינפלוס פון מיין דערפאַרונג אין טעאַטער, און ספּעציעל מיט ריינהאַרדטן, האָב איך געשאַפן אַ מוסטער פון עפנטלעכע פאַראַנטשטאַלטונגען, וועלכע מען האָט געקאָנט מקנא זיין, אָבער נישט לייכט נאָכטאָן. אַן עפנטלעכע פאַרזאַמלונג, אָדער פייערונג, האָט אַלע עלעמענטן פון אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג און דאַרף באַהאַנדלט ווערן אַלס אַזעלכע. יעדע זאַך דאַרף רעפּעטירט ווערן. אויב איר זאָגט אַ רעדנער, אַז ער האָט צען מינוט צייט און איר וועט זיך

דערמיט באַגנוגענען, קאָנט איר זיין זיכער, אַז איר זענט אַן אָפּגעקאָכטער. ער וועט זיך רעדן פינף און פערציק מינוט און נאָך דעם וועט ער בלייבן איבערצייגט, אַז ער האָט געבראַכט אַ גרויסן קרבן דערמיט וואָס ער האָט גערעדט אַזוי ווייניק. איך האָב קיין מאָל זיך נישט פאַרלאָזט אויפן צופאַל. איך בין באַשטאַנען אויף דעם פריִער צו זען די טעקסטן פון די רעדעס. און איך האָב זיי אומברחמנותדיק געשניטן, ווען עס איז געווען נויטיק. מענטשן באַוווּנדערן אָפּט, ווי אַזוי איך האָב דאָס באַוויזן צו טאָן.

שמריהו לעווין פלעגט דערציילן אַ מעשׂה וועגן אַן אסיפה פון די „בני משה" אין אָדעס. אחד העם איז געווען דער יושב־ראש, און מנחם מענדל שיינקין, אַ באַוווּסטער ציוניסטישער מטיף, האָט באַקומען דאָס וואָרט. ער האָט געזאָלט רעדן דריי מינוט. אָבער ער האָט גערעדט און גערעדט און ס'האָט גאָר קיין סוף נישט געגומען. ענדלעך האָט אחד העם אים אַ צי געטאָן פאַרן סורדוט און געזאָגט שטילערהייט: „שיינקין, ענדיקט שוין רעדן". אויף דעם האָט שיינקין זיך אומגעקערט צו אחד העמען און מיט אַ בליק מלא חימה אים צוריקגעזאָגט בלחש: „איך איז לייכט צו זאָגן „ענדיקט", אָבער איך קען נישט".

איין מאָל איז אַ מאָדערנער דעמאָסטענעס פאַרבעטן געוואָרן צו רעדן אויפן זכרון־פּלאַזאַ אין „יד וויצמאַן". ער איז געקומען באַוואָפנט מיט אַ רעדע פון פינף און פערציק מינוט. און איך מוז זאָגן, אַז זי איז געווען אַ גוטע. אָבער איך בין געווען געצוווּנגען אים מיטצוטיילן, אַז דאָס גאַנצע פּראָגראַם דאַרף דויערן בלויז אַ שעה צייט, און אַז ער וועט דאַרפן רעדוצירן זיינע גאָלדענע ווערטער אויף צען מינוט. שטערבלעך פאַרוווּנדעט פון מיין דערקלערונג, האָט ער בלויז געקאָנט אַפּעלירן צו מיינע געפילן: „איר מיינט מיר צו זאָגן, אַז וויצמאַן פאַרדינט נישט מער פון צען מינוט?" — איך האָב אים געענטפערט: „וואָס וויצמאַן פאַרדינט, לאָזט איבער פאַר מיינעטוועגן". מיר זענען דורכגעקומען וועגן צוועלף מינוט, און אַ פּרעכטיקער מוזיקאַלישער נומער, מיט וועלכן איך האָב זייער שטאָלצירט, האָט געדאַרפט ברענגען אַ קרבן די צוויי מינוט. זייענדיק אַן אַלטער פאַכמאַן אין רעדאַגירן מאַנוסקריפּטן, האָב איך גענומען אויף מיר צו רעדוצירן די רעדע פון פינף און פערציק מינוט אויף צוועלף מינוט. אַזוי גוט, ווי די פינף און פערציק מינוטיקע דרשה איז געווען, איז די צוועלף־מינוטיקע געווען נאָך בעסער. אַפילו דער רעדנער אַליין האָט דאָס צוגעגעבן.

אין דעם אַלטן וואָדעוויל אין אַמעריקע איז געווען אַ וואָרט: „האַלט זיי הונגעריק". דאָס האָט געמיינט: „גיי אַראָפּ פון דער בינע, ווען דאָס פּובליקום געפינט זיך נאָך אין זאַל". דאָס דאַרף זיין אַן אומבאַדינגט געזעץ פאַר אַקטיאָרן, זינגער, רעדנער: „פאַרשווינד, ווי לאַנג דאָס פאַרשווינדן איז נאָך גוט". ווען איך הער, ווי געוויסע פון אונדזערע קינסטלער־רעדנער מעלקן זייערע צוהערער דריי און פיר שעה, הייבט עס מיך אָן צו שווידערן.

אַ יאָר שפּעטער איז אויך די „זכרון־פּלאַזאַ" אין „יד וויצמאַן" געווען פאַרענדיקט, און מיר האָבן פאַרבעטן פינף טויזנט מאַן. זיי זענען געקומען פּינקטלעך, אין פולער אָרדענונג, און זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען צופרידענע אַ שעה

שפּעטער. די פּרעסע האָט במשך פון עטלעכע טעג געשריבן וועגן אַ ספּעקטאַקל מיט דער באַטייליקונג פון אַזוי פיל מענטשן אויף איין פּלאַץ, אַן טומל, אָן שטופּן זיך, אָן געשרייען.

אין יאָר 1954 האָט די רעגירונג אָפיציעל באַשטימט דעם 2טן נאָוועמבער אַלס ווייצמאַן־טאָג, פאַרבינדנדיק אים מיטן יאָרטאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. דאָס איז געווען צום ערשטן און לײַדער צום לעצטן מאָל, ווען די ישׂראל־רעגירונג האָט אַרויסגעוויזן איינזעעניש און אינטעליגענץ בנוגע דעם קאַלענדאַר. איך קאָן נישט פאַרשטיין — זאפשר דערפאַר, ווייל דער אינסטיטוט איז קיין מאָל נישט אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ קאָאַליציע, צוזאַמען מיט די רעליגיעזע פאַר־טייען — פאַר וואָס די אָפיציעלע טעג אין ישׂראל ווערן געפייערט לויט די גע־היימנישפולע ציקלען פון דעם העברעיִשן לוח, וואָס איז געבויט אויף דער צייט פון לבנה־חודש. די דאָזיקע טראַדיציע קאָן אָנגעהאַלטן ווערן פאַר אונדזערע ימים־טובים. אָבער איך קאָן נישט פאַרשטיין, פאַר וואָס דער „יום העצמאות״, צום בײַשפּיל, מוז אויספאַלן איין יאָר דעם 15טן מאַי, אין צווייטן יאָר דעם 30סטן אַפּריל, און אין דריטן יאָר — דעם 7טן מאַי אאַז״וו.

דער טאָג פון 2טן נאָוועמבער איז געוואָרן די הויפּטדאַטע און דער ווענדפּונקט אין די יערלעכע אונטערנעמונגען פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. דעם 2טן נאָוועמבער ווערן געעפנט נייע אָפּטיילונגען און געבײַדעס. עס ווערט געלייגט דער פונדאַ־מענט פאַר נייע בנינים. עס ווערן פאַרטיילט די אויסצייכענונגען פון ערן־מיט־גלידערשאַפט. עס ווערן געהאַלטן לעקציעס צום אָנדענק פון ווייצמאַנען. און איך רעד שוין נישט וועגן אונדזערע מסיבות לכּבוד די גרויסע בײַשטייערער פאַרן אינסטיטוט, און בכדי צו דערמוטיקן קומענדיקע בײַשטייערער.

איינער פון די אָפּטסטע באַזוכער אין רחובות אין די ערשטע יאָרן איז געווען אייזיק וואָלפסאָן, שפּעטער סער אייזיק. ער און זײַן פרוי פלעגן קומען, לייגן דעם פונדאַמענט פאַר אַ געבײַדע, וואָס וועט אָפּקאָסטן עטלעכע מיליאָן דאָלאַר, פאָרן אַהיים, דאַן נאָך אַ מאָל קומען און לייגן אַן אַנדערן פונדאַמענט — און אַזוי כּסדר. סוף־כּל־סוף איז ער מיד געוואָרן פון שלעפּן די טשעמאָדאַנעס אַהין און צוריק, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער וויל האָבן אַ הויז ביי דעם אינסטיטוט. איך האָב נישט געהאַט קיין פּאַסנדיקן בנין אים פאַרצושלאָגן. אָבער בשכנות פון אונדזער הויז איז געשטאַנען אַ פּרע־פאַבריצירטע שוועדישע הייזקע, ווו ס׳האָט זיך גע־פונען דאָס ביוראָ פון „יד ווייצמאַן״. אייזיק און עדיט וואָלפסאָן האָבן באַשלאָסן, אַז דאָס הילצערנע בײַדל וועט זײַן גוט פאַר זיי, און נאָך אַ פּאָר „קלענערע״ ענדערונגען האָבן זיי זיך אַריינגעקליבן אַהין און זענען געוואָרן אונדזערע שכנים.

דאָס איז געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, זייער היים פאַר סוף־וואָך. די וואָלפסאָנס האָבן קיין מאָל נישט געהאַט אַזאַ היים אין ענגלאַנד. „דאָס איז דערפאַר״ — האָט ער מיר דערקלערט — „ווייל אַזאַ היים אויפן דאָרף איז פאַר סוף־וואָך. אָבער ווי אַזוי קאָן איך מיר בויען אַ הויז אין דאָרף, וואָס זאָל זײַן נאָענט פאַר מיר צו גיין שבת אין שיל? דאָ, אין לאַנדאָן, איז מיין שיל בשכנות מיט מיין היים״. און ער האָט געמיינט ערנסט. די שטראָף, מיט וועלכער איך בין באַשטראָפט געוואָרן

פאַר האָבן אייזיק וואָלפסאָן אַלס מיין שכן, איז געווען אַז יעדן שבת אין דער פרי האָבן מיר ביידע געדאַרפט גיין דאַווענען אין שיל אין רחובות.

נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך פאַרשאַפט אַן אייגענע אַכסניה אין רחובות, האָבן די וואָלפסאָנס אָנגעהויבן מאַכן אָפטערע און לענגערע רייזעס קיין ישראל. אייזיק פלעגט זאָגן צו די נייע באַזוכער ביי זיי, אָנווייזנדיק אויף אונדזער הויז: „מיר האָבן דאָרט אַ וווּנדערבאַרן שכן. שטענדיק ווען מיר דאַרפן האָבן מילך אָדער ברויט אָדער ציבעלעס, קלאַפן מיר אָן ביי די ווייסגאַלס און מיר האָבן אַלץ, וואָס מיר דאַרפן. און ווען ער דאַרף געלט, קלאַפט ער אָן ביי אונדז...״ זינט דעמאָלט האָבן די וואָלפסאָנס אויפגעבויט פאַר זיך אַ גרעסער און אַ באַקוועמער הויז, אויך בשכנות מיט אונדז. איך האָב זיי פאַרגעשלאָגן אַ בעסערן פּלאַץ, ווו צו בויען אַ הויז, אָבער זיי האָבן, ווי די יידן וועלכע זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, גע־בענקט נאָך די ציבעלעס, און זיי זענען געבליבן אונדזערע שכנים.

אויב איך וואָלט געדאַרפט אויסטיילן איינעם אַ יחיד — מחוץ פון דער פאַמיליע, די זיווס, מאַרקסעס און סאַקערס — וועמען דער אינסטיטוט האָט צום מערסטן צו פאַרדאַנקען, וואָלט איך געדאַרפט אָנרופן אייזיק וואָלפסאָנען. שטענ־דיק, ווען מיר זענען געווען אויף גרויסע צרות, האָב איך זיך געווענדעט צו אים — און דאָס „זיין אויף גרויסע צרות״ איז געווען מיין טעגלעך שטיקל ברויט. ער האָט מיך קיין מאָל נישט אָוועקגעלאָזט מיט ליידיקע הענט, צי ער האָט מיר געגעבן הלוואות, צי פשוט אַ מתּנה. ער איז געווען און איז ווייטער ברייטהאַרציק. ער גייט אַריין אין יענעמס שווערער לאַגע און ער העלפט. און זיין פרוי עדיט און זייער זון לעאָנאַרד שטיצן אים און דערמוטיקן אים אין די דאָזיקע אידעלע מעשׂים.

איך האָב צום ערשטן מאָל געטראָפן אייזיק וואָלפסאָנען אין לאָנדאָן אין יאָר 1945, גאַנץ צופעליק. און אונדזער דעמאָלטיקע באַגעגעניש האָט נישט געהאַט קיין באַזונדערע באַדייטונג. דאָס ערשטע מאָל, ווען איך האָב זיך געווענדעט צו אים וועגן געלט פאַרן אינסטיטוט, האָב איך אים געבעטן צו געבן הונדערט טויזנט פונט. ער האָט מיר זייער ערנסט מיטגעטיילט, אַז ווען וויצמאַן האָט זיך געווענדעט צו אים, איז עס געווען וועגן פינף הונדערט פונט, און ביידע האָבן עס באַטראַכט פאַר אַ וואָגיקע און בכּבודיקע סומע. איך האָב אים געזאָגט, אַז וויצמאַן און איך האָבן פאַרשידענע קאָנצעפּציעס וועגן געלט. אויף דעם האָט ער געענטפערט: „איך מוז זיך באַראַטן מיט מיין זון״. די נשמה איז מיר שיר נישט אויסגעגאַנגען. קינדער האָבן נישט אַזוי שטאַרק ליב אַוועקצוגעבן דאָס שווער־פאַרדינטע געלט פון זייערע עלטערן. און איך האָב נאָך קיין מאָל נישט געהאַט באַגעגנט לעאָנאַרדן. גראָד ווען מיר האָבן געהאַלטן אַזוי אין רעדן, איז לעאָנאַרד אָנגעקומען פון שכנותדיקן צימער. אייזיק האָט זיך אָנגערופן: „לעאָנאַרד, וואָס מיינסטו וועגן דעם חברה־מאַן? ער האָט די דרייסטקייט צו פאַרלאַנגען פון מיר הונדערט טויזנט פונט״. לעאָנאַרד האָט געענטפערט: „פאַר וואָס גיסטו אים נישט? דו קענסט זיך דערלויבן״. און ער האָט געגעבן.

יאָרן שפּעטער האָב איך אַנטדעקט אין אַ בריוו פון ווייצמאַנען צו אייזיקן, אַז די ערשטע פינף הונדערט פונט זענען פּאַקטיש געווען צען טויזנט פונט. אייזיק וואָלט מקריב געווען ניין טויזנט פינף הונדערט פונט פאַר אַ גוטער מעשׂה!

ווען איך האָב זיך אַוועקגעזעצט שרייבן די מעמואַרן, האָב איך ביי מיר לכתחילה באַשלאָסן, אַז איך וועל נישט שרייבן קיין געשיכטע פון ווייצמאַן־אינס־טיטוט. זי וועט געשריבן ווערן, בין איך זיכער, דורך אַנדערע. נישט געקוקט אויף אַלע אונדזערע צרות און קאָפּ־ווייטיקן איז די געשיכטע פון אינסטיטוט אַ דערפאָלג־געשיכטע. און ס׳איז נישט פאַראַן נאָך אַזאַ טרוקענע זאַך, ווי אויס־רעכענען און שילדערן אַ דערפאָלג. מיר זענען געוואַקסן אין דעם אינסטיטוט פון יאָר צו יאָר. מיר האָבן פאַרגרעסערט דעם וויסנשאַפטלעכן פּערסאָנאַל, האָבן צוגעגעבן נייע געביידעס, נייע וווינהייזער. די ביימער זענען געוואַקסן. די גאָרטנס האָבן געבליט. וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון דער גאַנצער וועלט האָבן מקנא געווען אונדזער קעמפּוס. און אונדזער וויסנשאַפטלעכע רעפּוטאַציע, אַזוי ווי אונדזער דעפיציט, זענען געוואָרן ריזיקע.

צוויי קאַטעגאָריעס וויסנשאַפטלער האָבן בעיקר באַשטימט די ראַם און דעם אינהאַלט פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. ס׳זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דער־וואָרבן זייערע ערשטע לאָרבערקרענץ אין אויסלאַנד און האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אידייע פון שאַפן אַ נייעם צענטער פון וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אין אַ ניי לאַנד. און דאַן זענען געווען די „נייטיווס״, — די איינגעבוירענע יונגע מענער און פרויען, וועלכע זענען געבוירן געוואָרן אין ארץ־ישׂראל, אָדער זיי זענען געבראַכט געוואָרן אין לאַנד, ווען זיי זענען נאָך געווען גאָר קליינע קינדער.

איך ווייס, אַז איך לאָז זיך אַוועק אויף אַ געפערלעכן וועג, ווען איך דערמאָן נעמען. איך וועל קיין מאָל נישט קאָנען אויסרעכענען אַלעמען — אַלע דריי הונ־דערט און פופציק פון זיי — אָדער אַפילו זיי קאַטאַלאָגירן געהעריק, אַזוי ווי לעפּאָרעלאָ האָט קאַטאַלאָגירט די ליבע־אַוואַנטורעס פון זיין מייסטער. איך מוז זיך באַגרענעצן מיט די, וועלכע איך האָב געקענט אינטים. און זאָלן די אַנדערע ווירדיקע מענער און פרויען זיך מרחם זיין אויף מיר און מיר מוחל זיין.

פּראָמינענט אין דער ערשטער גרופּע זענען געווען אַזעלכע מענטשן, ווי חיים לייב פּעקעריס, אַן אַנגעזעענער מאַטעמאַטיקער, וועלכער האָט באַקומען זיין דאָקטאָר־דיפּלאָם פון מאַסאַטשוסעטס־אינסטיטוט פון טעכנאָלאָגיע, האָט געאַרבעט אין קעמברידזש און אין קאָלאָמביאַ און האָט אין יאָר 1940 זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם אינסטיטוט אין פּרינסטאָן. ער איז געקומען קיין רחובות אין יאָר 1948 און האָט אָרגאַניזירט אַן אָפּטיילונג פאַר מאַטעמאַטיק, וואָס האָט געצייכנט און גע־בויט ישׂראלס ערשטע עלעקטראָנישע קאָמפּיוטערס. יוסף גיליס, הגם אַ פּיל ייִנגערער, האָט געהערט צו דער זעלבער קאַטעגאָריע. צו זיי איז שפּעטער צוגע־קומען שמואל ראָכמאַן, וועלכער איז געוואָרן דער הויפּטבויער פון אונדזער „גולם״ (אַ קאָמפּיוטער, וואָס אין אַ צוגאָב צו מאַכן אויסרעכענונגען, שפּילט ער אויך אויס „התקווה״).

אַזוי איז אויך יצחק בערענבלום, וועלכער איז שוין באַרימט אויפֿן געביט פֿון קאַנסער־פֿאָרשונג, געקומען קיין רחובות פֿון אָקספֿאָרד און האָט געגרינדעט ביים אינסטיטוט די אָפּטיילונג פֿאַר עקספּערימענטאַלער ביאָלאָגיע, וואָס איז גע־וואָרן די „מאַמע״ פֿון לכל־הפּחות צוויי אַנדערע אָפּטיילונגען, וועלכע באַשעפֿטיקן זיך מיט ביאָלאָגיע: די אָפּטיילונג פֿאַר ביאָלאָגיע פֿון קעמערלעך, וואָס ווערט היינט אָנגעפֿירט דורך מיכאל פֿעלדמאַן, און די אָפּטיילונג פֿאַר גענעטיקס, פֿון וועלכער דער הויפּט איז לעאָ זאַקס. דאַן איז געווען גערהאַרד שמידט, דער באַ־רימטער כעמיקער, אַ געבוירענער אין דייטשלאַנד, דערצויגן אין ענגלאַנד, און איינער פֿון די געציילטע וויסנשאַפֿטלער, וועלכער איז געווען פֿעיִק און האָט באַוויליקט, ווען מען האָט געדאַרפֿט, צו קאָמבינירן וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשונגען מיט דער שווערער אַדמיניסטראַטיווער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט אַלס וויסנשאַפֿט־לעכער דירעקטאָר.

צווישן די פּראָמינענטסטע ישׂראלים, וועלכע האָבן געשאַפֿן דעם וויסנשאַפֿט־לעכן ניוואָ פֿון דעם אינסטיטוט און האָבן זיך דערוואָרבן באַדייטנדיקע רעפּו־טאַציע אין דער וויסנשאַפֿטלעכער וועלט, איז געווען דער דערמאָרדעטער אהרן קציר־קאַטשאַלסקי, און זיין ברודער אפֿרים קאַטשאַלסקי. אפֿרים קאַטשאַלסקי איז אַוודאי דער פּראָמינענטסטער וויסנשאַפֿטלער פֿון אינסטיטוט. ישׂראל דאָס־טראָווסקי האָט אין משך פֿון יאָרן אָנגעפֿירט מיט דער אָפּטיילונג פֿאַר איזאָטאָפּן־פֿאָרשונגען און האָט אויפֿגעבויט ביים אינסטיטוט די פֿאַבריק צו פּראָדוצירן שווערן זויערשטאָף. אין משך פֿון יאָרן איז אָט די פֿאַבריק געווען איינע פֿון אונדזערע וויניקע אינסטיטוציעס, וואָס האָט זיך אַליין אויסגעהאַלטן. דוד סעמיועל איז היינט איינער פֿון די פּיאָנערן אויף דעם נייעם געביט פֿון „כעמיע פֿון זכּרון״. זיין פֿאַרבינדונג מיט דעם אינסטיטוט ציט זיך פֿון דער צייט, ווען ער האָט אַלס לערניינגל פֿון פֿערצן יאָר געאַרבעט אין דעם וואַרשטאַט, וואָס ד״ר וויצמאַן האָט אויפֿגעשטעלט אין זיוו־אינסטיטוט. מיכאל סלע, אין אָנהויב אַ מיטגליד פֿון קאַטשאַלסקיס אָפּטיילונג פֿאַר ביאָפֿיזיק, האָט זיך איצט דערוואָרבן אַן אינטער־נאַציאָנאַלע רעפּוטאַציע אַלס אַן אימונאָלאָג. שניאור ליפּסאָן, וועלכער איז גע־קומען צו אונדז פֿון אַ קיבוץ, האָט געקעמפֿט אין דער באַפֿרייונגס־מלחמה און האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דעם וויסנשאַפֿטלעכן קאָרפּוס פֿון דער ישׂראל־אַרמיי. דאָס האָט אים שפּעטער געבראַכט אין וויצמאַן־אינסטיטוט. און דאַן דאַרפֿן דער־מאָנט ווערן דער פֿאַרשטאָרבענער עמוס דע שאַליט, אַ ספּעציאַליסט פֿון אַטאָמי־שער פֿיזיק און זיינע קאָלעגן יגאל תּלמי און הערי ליפּקין.

עס זענען געווען און עס זענען פֿאַראַן צענדליקער אַנדערע: פֿיזיקער, כעמי־קער, ביאָכעמיקער, ביאָלאָגן, קאַפּאַציטעטן פֿאַר עלעקטראָניקס און מאַטעמאַטי־קער. צוזאַמען האָבן זיי געשאַפֿן, וואָס איינער פֿון מיינע פֿריינד, אַ שריפֿטשטע־לער, האָט אָנגערופֿן „אַן אומאָפּהענגיקע רעפּובליק פֿון וויסנשאַפֿט״; אַ רעפּובליק, וואָס נעמט איצט אַרום ניינצן סעפּאַראַטע אָפּטיילונגען מיט אַ פּערסאָנאַל פֿון איבער דריי הונדערט מענטשן. צווישן זיי — אויב איך וויל דערמאָנען די, וועלכע זענען צוגעשטאַנען צו אונדז אין די ערשטע צייטן, אָדער זענען אַריבערגעגאַנגען צו אונדז פֿון דעם זיוו־אינסטיטוט — געפֿינען זיך: דוד שאַפּיראָ, ערנסט סימאָן,

אריה בערגער, דוד לביא, היינע אייזענבערג, די טויבס (פּאָטער און זון), דוד דנון, דוד וואָפּסי און אורה קדם. זיי און הונדערטער אַנדערע — צו פיל, אַז מען זאָל זיי קאָנען אַלע אויסרעכענען — צוזאַמען מיט די טעכניקער, אַדמיניסטראַטיווע אַרבעטער, גערטנער און סטודענטן פון דער פיינבערג־הויכשול, שטעלן צונויף אַ באַפעלקערונג פון מער ווי צוויי טויזנט נפשות.

איך בין כמעט ווי זיכער, אַז אויב די געשיכטע וועט באַוויליקן צו אָנער־קענען פאַר מיר אַן ערנאָרט אין אירע איבערפולטע ביכער, וועט עס וואָרשיינלעך זיין פאַר מיין ראָל אין דער אידייע און אין דער פאַרווירקלעכונג פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. אָבער דאָס דאָזיקע בוך איז די געשיכטע פון מאיר ווייסגאַל, וואָס האָט — גלויבט יאָ אָדער נישט — זיך נישט פאַרענדיקט מיט דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט, ווי עס האָט זיך נישט אָנגעהויבן מיט דעם. נאָך מער וויכטיק איז צו באַמערקן, אַז מיין פינף און צוואַנציק יאָריקע פאַרבינדונג מיט דעם אינסטי־טוט האָט נישט באַגרענעצט און האָט נישט אָפּגעשטעלט מיינע אַנדערע אַקטי־וויטעטן און אינטערעסן. ס׳איז געווען אַ „שפּרינגברעט״, פון וועלכער איך בין ממשיך ווייטער מיט מיין לעבן אומדערמידלעך.

# 22. נאָך די אַמט־שעהען

דער פאַקט, אַז אונטער איין טיטל אָדער אַן אַנדערן בין איך געווען דער הויפּטפירער פון וויצמאַן־אינסטיטוט — אַ שווערע אויסמאַטערנדיקע פּאָזיציע, וואָס האָט געפאָדערט זייער אַ סך אַנשטרענגונגען — האָט קיין מאָל נישט אָפּגעהאַלטן מענטשן פון ווענדן זיך צו מיר טאָג־טעגלעך מיט ביטעס וועגן הונדערטער פאַרשידענע ענינים. איך בין געקומען קיין ישׂראל מיט דער רעפּוטאַציע — טיילווייז אַ פאַרדינטע — פאַר אַלערליי דערגרייכונגען. איך בין געווען אַ שריפטשטעלער און רעדאַקטאָר, בין איך באַלאַגערט געוואָרן דורך צייטונגען און זשורנאַלן צו שרייבן, צו רעדאַגירן, אַרויסצוגעבן ביכער און צייטשריפטן און שטיצן דאָס פאַרעפנטלעכן פאַרשידענע פּובליקאַציעס. צייטנווייז בין איך אויך נאָכגעקומען אַזעלכע ביטעס. איך בין אויך געווען באַקאַנט אַלס אַן אָרגאַניזאַטאָר, און דאָס האָט געמיינט אַלץ אַרום־און־אַרום.

אין 1951, צום ביישפּיל, האָט די ישׂראל־רעגירונג מיך געבעטן צו נעמען אַ צייטווייליקן אורלויב אין וויצמאַן־אינסטיטוט און העלפן העברי מאַנטאַרן צו אָרגאַניזירן די ישׂראל־באָנדס־אָרגאַניזאַציע, און אויך איבערצונעמען די אַראַנזשירונג פון דוד בן־גוריונס רייזע קיין אַמעריקע, באַזונדערס זיין באַזוך אין ניו־יאָרק. עטלעכע יאָר שפּעטער האָב איך געהאָלפן רעאָרגאַניזירן די אינפאָרמאַציע־דינסט פון דער ישׂראל־רעגירונג. צו דעם אַלעם האָט מען געוווּסט וועגן מיינע דערפאַרונגען אין טעאַטער און אין פילם — וואָס זענען שוין איצט געווען לעגענדאַר, הגם איך האָב זיי באמת געהאַט אַ סך, אַנהויבנדיק מיט דעם „ראָמאַנס פון אַ פאָלק" און ענדיקנדיק מיט ריינהאַרדטן אין האָליווּד, מאַכט נישט אויס, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן זיך געענדיקט מיט קאַטאַסטראָפעס... דאָס איינאָרדענען יעדעס יאָר דעם יום־הזכּרון נאָך וויצמאַנען — צו זיין יאָרצייט — איז געווען אַ וויכטיקער צוגאָב צו מיין דערפאָלג אויף דעם געביט. די טעאַטערס אין ישׂראל האָבן געזוכט מיין פּאַטראָנאַזש. יעדער משוגענער האָליוווּדער דירעקטאָר, וועלכער האָט געוואָלט מאַכן אַ פילם אין ישׂראל, האָט געוווּסט, אַז איך בין דער מענטש, וועלכער קאָן אים אין דעם העלפן. ס'איז געווען אָנגענומען, אַז איך קען אין דער ישׂראל־רעגירונג יעדן איינעם, ווען ס'איז כּדאַי צו קענען.

מיינע אַקטיוויטעטן מחוץ דעם וויצמאַן־אינסטיטוט האָבן געוויינלעך זיך אָנגעהויבן נאָך פיר אַ זייגער נאָך מיטאָג, ווען יעדער איינער אין מיטעלן מזרח

גייט אַהיים כאַפּן אַ דרימל. אין אַ געוויסן זין זענען די דאָזיקע אַקטיוויטעטן מיינע געווען אַ מין אָפּרו פון די שווערע אָנשטרענגונגען צו פירן אַ וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט. מיין טעמפּעראַמענט, מיין נערוועזע ענערגיע האָבן פאַרמירט דעם שטייגער פון מיין לעבן. איך האָב קיין מאָל נישט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן זיך און אָפּזאָגן די אַלע ביטעס און איינלאַדונגען. איך בין געווען אַ צוגעלאָזענער מענטש פאַר יעדן איינעם, וועלכער איז געקומען מיט אַ פּראָיעקט, וואָס האָט אַפּעלירט צו מיין פאַנטאַזיע — צי ער האָט געוואָלט, אַז איך זאָל אים העלפן קריגן געלט, צי ער האָט ביי מיר געבעטן אַן עצה, אָדער האָט פאַרלאַנגט מיין פּאַטראָנאַזש. האָבנדיק הנאה פון די אַלע ביטעס — ווי יענץ מיידל, וואָס האָט נישט געקאָנט זאָגן „ניין" — האָב איך כּמעט שטענדיק געזאָגט „יאָ".

און ס'איז געווען אַן אומפאַרמיידלעכע שייכות צווישן איין אַקטיוויטעט און דער אַנדערער. יעדער דערפאָלג — אָדער דאָס, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַ דערפאָלג — האָט געבראַכט מיט זיך נייע איינלאַדונגען און ביטעס. דער איינ־ציקער אויסוועג פּטור צו ווערן דערפון איז געווען: האָבן אַ דורכפאַל, אַזוי ווי אין קאָרטנשפּיל. אויב איר האָלט אין איין געווינען, איז אין־לדבר־סוף. אין משך פון די יאָרן בין איך געוואָרן דער אַדרעס פאַר יעדן מין נודניק, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, פאַר יעדן שליח אָדער אַרטיסט — אויב עמעצער וויל מאַכן אַן אונטערשייד צווישן די דריי — וואָס איז געקומען וועגן אַ פּריוואַטן אָדער געזעלשאַפטלעכן ענין.

אויב אַ יידישער שרייבער האָט געוואָלט פאַרעפנטלעכן אַ בוך, איז ער גע־קומען צו מיר. אויב אַ יונגע ישׂראלדיקע זינגערין מיט אַן עקזאָטישן נאָמען פון שעכערעזאַדע האָט געוואָלט ווערן אַ צווייטע מאַריאַ קאַלאַס און האָט גע־דאַרפט, מען זאָל פינאַנסירן אירע שטודיעס אין רוים במשך זיבן יאָר — ווי אַזוי האָב איך איר געקאָנט אָפּזאָגן? פאַקטיש האָט זי געקאָנט ווערן אַ גרויסע זינגערין, זי האָט געהאַט די שטימע, דעם טעמפּעראַמענט, די „צענטראַלע לאַטע", אָבער עס האָט איר געפעלט די נויטיקע דיסציפּלין. אויב אַ יונגער געלערנטער, וועלכער איז צו מיר געשיקט געוואָרן דורך גאָלדע מאיר, האָט געוואָלט מאַכן אַ שטודיע וועגן דעם איינפלוס פון דער ביבל אויף שעקספּירן, אָדער פון שעקס־פּירן אויף דער ביבל — איך געדענק נישט גענוי — צי האָב איך געקאָנט זיך צוריקהאַלטן און זאָגן „ניין"? און אויב אין רחובות האָט מען געדאַרפט האָבן אַ מושב־זקנים — בין איך דען נישט געווען דער ריכטיקער מענטש צו העלפן גרינדן אַזאַ אַנשטאַלט?

איך האָב אַ מאָל אויסגערעכנט, אַז איך פלעג זאַמלען דורכשניטלעך עטלעכע הונדערט טויזנט פונט אַ יאָר פאַר פאַרשידענע צוועקן, מחוץ דעם ווייצמאַן־אינס־טיטוט. אין אַנהויב האָב איך פונקציאָנירט, ווי אַ פון־האַנט־צו־מויל־פונדאַציע, אָדער אַ פאַרמיטלער. איך האָב געוווּסט וועגן איינעם, וועלכער נויטיקט זיך אין געלט און האָב געקענט איינעם, וועלכער האָט די מעגלעכקייט אָפּצושפּאָרן אַ ביסל געלט, כּדי עס אַוועקצוגעבן. מיט דער צייט, ווען עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ סך אַזעלכע ביטעס, האָב איך געשאַפן אַן אינסטיטוציע פאַר די דאָזיקע „זייטיקע פּרנסות" מיינע — „דעם פאַרזיצערס פאָנד". דאָס איז געווען זייער פּשוט.

כ׳פלעג זיך ווענדן צו אַ יידן וועגן אַ פערטל מיליאָן, אָדער אַ מיליאָן פאַרן ווייצמאַן-אינסטיטוט. אויב זיין ענטפער איז געווען: „איך באַדויער זייער, איך געהער נישט צו דער קאַטעגאָריע!״ — פלעג איך אים פרעגן: „צו וועלכער קאַטעגאָריע געהערט איר?״ אויב ער האָט געטענהט, אַז ער געהערט צו דעם קלאַס פון פינף אָדער צען טויזנט, און איך האָב געהאַט אַ סיבה צו גלויבן, אַז ער זאָגט דעם אמת, פלעג איך אים דערקלערן, אַז דער אינסטיטוט איז נישט אינטערעסירט אין אַזעלכע קליינע סומעס, אָבער אַז איך האָב אַ „דעטייל־קרעמל״, וואָס רופט זיך „דעם פּאַרזיצערס פאָנד״, וואָס זיינע געלטער פאַרטייל איך פאַר די, וועלכע דאַרפן עס. איך האָב געמאַכט קלאָר, אַז די דאָזיקע געלטער ווערן פאַרטיילט בלויז לויט מיין אייגענער דיסקרעציע, אָן דעם אַז דעם פּריוואַטע מענטשן אָדער געזעלשאַפטן זאָלן זיך אַריינמישן. אין די מערסטע פאַלן זענען אַזעלכע געלטגעבער געווען צופרידן פטור צו ווערן פון מיר בזיל הזול. זינט דער דאָ־זיקער פאָנד איז געשאַפן געוואָרן, האָב איך פאַרטיילט איבער אַ מיליאָן דאָלאַר פאַר קינסטלערישע, געזעלשאַפטלעכע, דערציִונגס־ און צדקה־צוועקן אין ישׂראל. דאָס מיינט נישט, אַז כ׳האָב באַפרייט מיינע מיליאָנערן פון זייער פליכט פאַר „דעם פאָרזיצערס פאָנד״. אויב איך האָב זיי פאַראינטערעסירט אין עפּעס אַ באַזונדערן קליינעם פּראָיעקט, האָבן זיי געקוקט אויף דעם ווי אויף אַ „צוטשעפּעניש״ צו זייערע גרויסע ביישטייערונגען פאַרן אינסטיטוט.

די אַבסאָלוטע פינאַנסיעלע אָרדענונג פון דעם פאָנד איז געוואָרן גאַראַנטירט דורך ד״ר האַנס קאַרגער, דעם קאָנטראָלער פון אינסטיטוט. ד״ר קאַרגער האָט געהאַט אַלע מעלות פון פּינקטלעכקייט און פון אָפּהיטן געטריי דאָס געזעץ. דאָס האָט אים געמאַכט פאַר אַן אידעאַלן פאַרוואַלטער פון מיין „אָפענער האַנט״, ביים באַקומען און פאַרטיילן די געלטער. איין מאָל האָב איך אים איבערגעגעבן אַ טשעק אויף איין און פערציק טויזנט שווייצער פראַנק, וואָס איינער האָט מיר געגעבן פאַר אַ פּראָיעקט, וואָס האָט געקאָסט צען טויזנט דאָלאַר. ד״ר קאַרגער האָט מיר מיטגעטיילט, אַז מען האָט מיך „אָפּגענאַרט״, אַז עס פעלן ניינציק פראַנק צום פּינקטלעכן חשבון פון די דאָלאַרן. יעדער גראָשן, וואָס איך פלעג באַקומען, איז דורכגעגאַנגען דורך ד״ר קאַרגערס זייער גענויען און שטרענג־אָפּגעהיטענעם חשבון (איך האָב אים געדאַרפט האָבן אַלס אַ פאַרזיכערונג קעגן די מעשׂיות וועגן „דעם מאַן הינטער די קוליסן״).

דער דאָזיקער צען טויזנט דאָלאַר־פּראָיעקט איז געווען פון די אומגעוויינט־לעכסטע, מיט וועלכע איך האָב געהאַט צו טאָן. איין מאָל אין אַן אָוונט בין איך געזעסן מיט גרשון פּלאָטקין און שייקע וויינבערג אין קאַמערי־טעאַטער אין תל־אביב. אברהם שלאָנסקי, וואָרשיינלעך ישׂראלס גרעסטער פּאָעט און איבער־זעצער היינט־צו־טאָג, איז דאָרט געווען און ער האָט מיר דערציילט אַ געשיכטע וועגן אַ יונגן יידישן פּאָעט אין גרוזיע, סאָוויעט־רוסלאַנד, באָריס גאַפּאָנאָוו, וועל־כער האָט געמאַכט אַ ווונדערלעכע העברעיִשע איבערזעצונג פון דער גרויסער גרוזינישער עפּאָפּעיע פון ראָשטאַווילי. דער יונגער פּאָעט האָט געוואָלט קומען קיין ישׂראל צו פאַרעפנטלעכן זיין ווערק, אָבער דאָס האָט זיך דעמאָלט אַרויסגע־וויזן צו זיין אוממעגלעך (שפּעטער איז ער געקומען). ער האָט געשיקט דעם כּתב־

יד צו אַברהם שלאָנסקי און ער האָט זיך באַמיט צו באַקומען געלט אַרויסצוגעבן דאָס בוך. אויף מיר האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק דער פאַקט, וואָס דער יונגער באָריס גאַפּאָנאָוו האָט זיך אַליין אויסגעלערנט העברעיִש צו קאָנען מאַכן — ווי שלאָנסקי האָט מיר דערקלערט, און ער האָט געוווּסט וואָס ער זאָגט — אַ מייסטערווערק פון שעפערישער איבערזעצונג. איך האָב געזען דעם אָריגינאַל, אין אַ שיינעם העברעיִשן כּתב. איך האָב נישט געקענט אורטיילן וועגן דעם ליטע־ראַרישן ווערט. אָבער איך האָב זיכער געקאָנט אָפּשאַצן די איבערגעגעבנקייט פון דעם סאָוויעטישן יונגנמאַן, וואָס האָט געזוכט זיך אויסצודריקן אין דער שפּראַך פון זיין פאָלק. דאָס איז געווען אַ גרויס און זייער וויכטיק ליטעראַריש ווערק.

אַן אָוונט שפּעטער בין איך געווען אין דער היים פון לו סימאָנסאָן, איינעם פון די באַגאַבטע מענטשן, וועלכע אַרבעטן אין אינסטיטוט אין דער אָפּטיילונג פאַר „געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען", וואָס האָט געמיינט אויפנעמען חשובע געסט, וועלכע זענען געקומען אויף אַ באַזוך. זיין אַמט איז געווען, צווישן אַנדערע זאַכן, צו זיין פיין און אָנגענעם צו יעדן איינעם — עפּעס אַזעלכעס, וואָס איך אַליין האָב נישט געהאַט קיין צייט צו טאָן. שטענדיק, ווען ער האָט געכאַפּט עמעצן פון דער קאַטעגאָריע, וואָס סעם ראָטבערג, פאָרזיצער פון דירעקטאָרן־ראַט פון העב־רעיִשן אוניווערסיטעט — וועלכער איז זייער אַקטיוו פאַר מדינת ישׂראל — פלעגט אָנרופן אַ „פּעטערן קאַרפּ", האָט ער אים געבראַכט צו מיר, און איך האָב זיך שוין מטפּל געווען מיט אים. יענעם אָוונט האָט לו סימאָנסאָן אויפגענומען ביי זיך צו גאַסט מיינעם אַן איבערגעגעבענעם פריינד און אַ גוטן פריינד פון אינסטי־טוט, דזשאָן סיימאָנס, וועלכער האָט שוין גאָר שטאַרק געהערט צו דער קאַטע־גאָריע. איך האָב זיי דערציילט די געשיכטע פון מיין באַגעגעניש, אַ נאַכט פריִער אין קאַמערי־טעאַטער אין תּל־אביב. איך האָב זיך נישט געווענדעט דירעקט מיט מיינע ווערטער צו דזשאָן סיימאָנסן. איך האָב נישט געהאַט קיין שום אַנדערע כּוונה ביים דערציילן די געשיכטע — ווי גאָט איז מיין עדות. איך האָב בלויז גע־וואָלט טיילן זיך מיט זיי מיט מיינער אַ דערפאַרונג. סיימאָנס האָט נישט געמאַכט קיין שום קאָמענטאַר. אָבער צו מאָרגנס אין דער פרי האָב איך געפונען אויפן טיש אין מיין ביוראָ אַ קאָנווערט מיט אַ טשעק פון סיימאָנסן אויף איין און פערציק טויזנט שווייצאַרישע פראַנק.

דאָס בוך איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, און איך האָב באַקומען אַן עקזעמפּלאַר מיט אַ צושריפט פון שלאָנסקין. קיינער פון די, וועלכע האָבן געהאָלפן אַרויסגעבן דאָס בוך — אַריינרעכענענדיק די אַמעריקאַנער פּאַפּיר־פאַבריק אין חדרה, וועלכע האָט געשאָנקען דאָס פּאַפּיר — איז נישט דערמאָנט געוואָרן אין דעם אַריינפיר פאַר באַדאַנקען אים, ווי עס איז געוויינלעך דער מינהג. שלאָנסקי האָט שפּעטער דערקלערט, אַז אַלע נעמען זענען אויסגעלאָזן געוואָרן, בכדי צו באַשיצן גאַפּאָנאָוון פון אַ מעגלעכער באַשולדיקונג, אַז ער „קאָנספּירירט מיט די מערב־אימפּע־ריאַליסטן".

שייקע ווייִנבערג, דער הויפּט־דירעקטאָר פון קאַמערי־טעאַטער, גרשון פּלאָט־קין, דער קינסטלערישער דירעקטאָר און אָרנאַ פּורת, די באַרימטע אַקטריסע, זענען געווען אַ טייל פון אַ גרופּע, וועלכע האָט זיך פאַרלייגט אויף מיינע זייטיקע

פּרנסות אין דער פריַיער צייַט אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן. מייַן פֿאַרבינדונג מיטן קאַמערי־טעאַטער — דאָס איז געווען אַזוי, ווי איך וואָלט פֿאַרפֿירט געוואָרן דורך זיי — האָט זיך אָנגעהויבן אַלס אַ פּראָוויזאָרישע פֿאַרפּליכטונג, פֿון וועלכער איך האָב געקאָנט באַפֿרייַט ווערן נאָך צוויי יאָר. דאָס איז געווען אין די פֿופֿציקער יאָרן. און עס האַלט נאָך אָן ביז איצט.

אַז איך זאָל ווערן אַרייַנגעשלעפּט אין ישׂראלדיקן טעאַטער, נעמענדיק אין באַטראַכט מייַן פֿאַרגאַנגענהייט, דאַרף קוים זייַן אַן איבערראַשונג. פֿאַקטיש הויבט זיך אָן די געשיכטע נאָך אין יאָר 1927, ווען סאָל יוראָק האָט געבראַכט די „הבימה״ קיין ניו־יאָרק, אונטערן פּאַטראָנאַזש פֿון חיים וויַיצמאַן און לואי ליפּסקי. קינסטלעריש איז די „הבימה״ געווען אַ סענסאַציע, אָבער פֿינאַנציעל — אַ קאַ־טאַסטראָפֿע. שוין אין יענע פֿריִע יאָרן האָב איך געדאַרפֿט ראַטעווען די לאַגע. איך גלייב, אַז עס איז געווען נויטיק אַ דריַי טויזנט דאָלאַר — אין יענע יאָרן איז עס געווען אַן אוצר מיט געלט — אָבער איך האָב ווי עס איז געשאַפֿן די סומע. איך מיין, אַז מאָריס אייזענמאַן און אַ פּאָר פֿון זייַנע פֿריַינד האָבן געגעבן דאָס געלט. דעמאָלט האָב איך זיך באַקענט מיט חנה ראָווינאַ, אַהרן מעסקין, נחום צמח און די אַנדערע. תּמיד ווען איך בין געקומען קיין ארץ־ישׂראל, פֿלעג איך גיין זען די „הבימה״ — און אויב עס זענען מיר נישט שטאַרק געווען צום האַרצן אַלע ניואַנסן פֿון זייער מאָסקווער העברעיִש, פֿלעגן מיר עס „פֿאַפּראַווען״ שפּע־טער מיט פֿאַרברענגען ביז פֿאַר טאָג, זינגענדיק און דערמאָנענדיק אַמאָליקע צייַטן.

אין קאַמערי־טעאַטער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, אַלס אַן אַרויספֿאָדערונג פֿון ישׂראלדיקן „סאַבראַ״־טעאַטער צו דער רוסיש־געבוירענער „הבימה״, בין איך געקומען אין קאָנטאַקט מיט אַ חברה איבערגעגעבענע אַרטיסטן, צווישן זיי — די אומפֿאַרגלייַכלעכע חנה מרון און דער קאָכעדיקער יוסי ידין. יוסף מילוא, וואָרשיינלעך דער טאַלאַנטירטסטער פֿון די טעאַטער־רעזשיסערן אין ישׂראל און איינער פֿון די גרינדער פֿון „קאַמערי״, איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער פֿאַרוואַלטונג אין יאָר 1955, און איך בין פֿאַרבעטן געוואָרן צו פֿאַרמיטלען. ווי אין דער באַרימטער געשיכטע מיט דעם מאַן, וועלכער איז געקומען צום נאַכטעסן, בין איך שוין פֿאַרבליבן. איך בין געוואָרן דער פּרעז־זידענט פֿון זייערע פֿאַרשידענע געזעלשאַפֿטלעכע קאָמיטעטן, זייער „הייליקער פּאַטראָן״, און זייער „טאַטע״, צו וועמען זיי פֿלעגן קומען זיך פֿאַרטרויען מיט זייערע סודות. אַ רעפּערטואַר־טעאַטער איז ווי יעדע אַנדערע אָפּגעשלאָסענע אינסטיטוציע. ווען די אַקטיאָרן אַרבעטן נישט, באַקלאָגן זיי זיך איינער אויפֿן אַנדערן. מיט מייַנע ווייסע האָר בין איך פֿאַרבליבן זייער בורר אין די כּסדרדיקע וויכּוחים און מחלוקתן. פֿון דעסטוועגן איז געווען צווישן זיי אַ פֿרידלעך צוזאַ־מענלעבן. איך האָב זיי געהאָלפֿן צו קריגן זייער טעאַטער, וועלכן זיי זענען אַרי־בערגעוואַקסן, און מיר באַמיִען זיך איצט, צוזאַמען מיט דעם ראש־העיר פֿון תּל־אָביב, יהושע ראַבינאָוויטש, אויסצופֿלאַנירן פֿאַר זיי אַ נייַעם טעאַטער, וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען פֿון מאַקס ריַינהאַרדטן.

גרשון פּלאָטקין איז זינט דעם יאָר 1954 דער אָנפֿירער פֿון דעם פּראָגראַם

פון די ווייצמאַן־אזכרה־טעג אין „יד ווייצמאַן". ער האָט מיך צונויפגעפירט מיט דעם בינע־דעקאָראַטאָר דעני קאַראַוואַן, איינעם פון ישׂראלס טאַלענטירטסטע יונגע קינסטלער און סקולפּטאָרן. תּמיד, ווען איך דאַרף אַרויסהענגען אַן אָנדענק־טאָוול, אָדער אויסקלייבן אַן אָרט פאַר אַן אימפּאָנירנדיק קונסטווערק, און די פּראָפעסאָרישע קלוגע קעפּ הויבן אָן שטעלן פראַגן און געבן דירעקטיוון — פאַרענדיק איך די דיסקוסיע מיט זאָגן: „רופט אַריין דעניען, און זאָל ער באַשליסן".

אין מיין אייגענער „שוואַכקייט" פאַר „אַריינשפּריצן" קונסט און דראַמע אין וויסנשאַפט האָט מיר אַ סך געהאָלפן מרגלית סלע, פון פּערסאָנאַל פון אינסטיטוט. מרגלית, די פרוי פון פּראָפעסאָר מיכאל סלע — ער איז די גרעסטע אויטאָריטעט אויף אימונאָלאָגיע אין ווייצמאַן־אינסטיטוט און וואָרשיינלעך אין דער גאַנצער וועלט — איז געווען מיין רעכטע האַנט, ספּעציעלע אַסיסטענטין און סעקרעטאַרין פון די פאַרוואַלטונגס־קערפּערשאַפטן פון אינסטיטוט און פון „יד ווייצמאַן". זי איז די איניציאַטאָרין און דורכפירערין פון די ספּעציעלע אונטערנעמונגען פון אינסטיטוט און פון „יד ווייצמאַן". און זי האָלט אָן די פאַרבינדונג מיט די פאַר־שטייער אין דער קונסטוועלט. מרגלית, וועמענס פלאַמיקע רויטע האָר זאָגן עדות, אָן צווייפל, וועגן איר טעמפּעראַמענט, האָט שטענדיק באַוויזן צו פאַרבינדן קונסט מיט פּראַקטישע דערפאָלגרייכע אַראַנזשירונגס־אַקטיוויטעטן. און אין יעדער אונ־טערנעמונג האָט זי זיך אויסגעצייכנט אויףביידע געביטן.

ס'איז פאַראַן אַ געוויסער צופעליקער נוצן, וואָס איך האָף צו האָבן פון מיין פאַרבינדונג מיטן קאַמערי־טעאַטער. ווען עס וועט געשען מיט מיר, אַז „פּרחה נשמתו", וועל איך זיי האָבן איבערגעלאָזט אינסטרוקציעס, ווי אַזוי דורכצופירן — ריכטיקער אויפצופירן — מיין אַוועקגיין.

מיין גרעסטע און שטאַרקסטע באַגעגעניש מיט דער וועלט פון די פאַראיי־ניקטע כּוחות פון קונסט, מוזיק, טעאַטער, פּרסום, געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען, און אויך מיטן יידישן פאָלק — איז געקומען שפּעטער, ווען איך האָב געהאַט צו טאָן מיט דעם, וואָס איך האָב דערנאָך, ווען אַלץ איז שוין געווען אַריבער, אָנגע־רופן: ישׂראלס צען־יאָריקער טריומף־יובילייִ. פאַר יידן צו זיין צען יאָר מער אָדער ווייניקער צוזאַמען, אין שלום־בית און אונטער איין דאַך — איז נישט קיין קליינע דערגרייכונג. טשאַרלז מאַליק, דער פאָרשטייער פון לבנון אין דער אָרגאַ־ניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער, האָט געהאַט צו מאַכן פאָלגנדיקע באַמער־קונג, ווען די יידישע מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן: „ס'איז פאַרהעלטנישמעסיק לייכט צו פּראָקלאַמירן אַ מדינה, אָבער צו האָבן זי און אויסצוהאַלטן זי איז אַ גאַנץ אַנדערער ענין. יידן האָבן נישט קיין פעיִקייטן פון אויסדויער און פון האַלטן זיך צוזאַמען". די צען יאָר, וואָס האָבן אָפּגעלייקנט מאַליקס דערקלערונג, האָבן פאַרדינט מען זאָל געהעריק פייערן דעם יובילייִ.

אָנהייב 1957 האָט טעדי קאָלעק, דעמאָלט גענעראַל־דירעקטאָר פון פּרעמיער־מיניסטערס אַמט אין ירושלים און דערנאָך ראש־העיר פון ירושלים — איין טאָג זיך באַוויזן אין מיין ביוראָ אין ניו־יאָרק. פון אַלע סאַבראַס אָדער האַלבע סאַבראַס, אָדער יונג־טערקן פון ישׂראל, וועלכע זענען אַריינגעקומען אין מיין סביבה, איז

טעדי קאָלעק געוועזן דער, וועלכער האָט אַממייסטן געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט מיר. ער איז געווען אַ קיבוצניק פון עין־גב (וואָס ער האָט שפּעטער פאַר־וואַנדלט אין אַ נאַציאָנאַלן מוזיק־צענטער) און איינער פון די מפּא״יניקעס, וואָס זענען אין דער פּאַרטיי אין דער בחינה פון „עולים ויורדים״. כאָטש ער געה־הערט צו דער איינגעזעסענער פּאָליטישער פירערשאַפט, צו דעם „עסטאַבליש־מענט״ — איז ער תּמיד אַ קאָפּיטשקע אין דרויסן פון איר. אין דער אמתן איז ער קיין מאָל נישט געווען קיין פּאָליטישער בר־נש. ער האָט געפּרוּווט באַפרייען זיך פון דעם דאָזיקן סדום־בעטל, אין וועלכן דער פּאַרטיי־סיסטעם אין ישׂראל וואַרפט אַריין אַ מענטשן. ער איז אומאָפּהענגיק, איז זיך נוהג לויט זיין אייגע־נעם שטייגער און איז אַ „לייכטער מענטש״. עס שטראַלט פון אים אַרויס דער שאַרם פון ווין — פון וואַנען ער שטאַמט. און עס איז אים תּמיד געווען שווער אונטערצוּוואַרפן זיך דעם דיקטאַט פון פּאַרטיי־דיסציפּלין. איך האָב אים גע־טראָפן צום ערשטן מאָל, ווען ער פלעגט אַריינשפּרינגען קיין ניו־יאָרק, אַוועק־געפאָרן און באַלד צוריקגעקומען אין די טעג, ערב דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישׂראל. ער האָט געמאַכט אַ דערפרישנדיקן איינדרוק צווישן די אַלע שליחים פון ארץ־ישׂראל. ער האָט געהאַט זייער איבערגעגעבנקייט, אָבער נישט זייער אַגרעסיווקייט. ער האָט גענומען ערנסט זיינע אויפגאַבן, אָבער נישט זיך אַליין — און דאָס איז דער גרעסטער קאָמפּלימענט, וואָס איך קאָן אים געבן. נאָך דער גרינדונג פון מדינת ישׂראל איז ער געוואָרן געזאַנדטער אין דער ישׂראל־אַמבאַ־סאַדע אין וואַשינגטאָן. ער איז נישט געווען איבעריק צופרידן אויף זיין פּאָסטן. אין אַ באַשטימטן מאָמענט האָט ער געטראַכט צו פאַרלאָזן זיך אַמט און אָנהויבן לערנען אין האַרוואַרד. ער האָט נישט באַוויזן דאָס צו טאָן און איז אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דער פּאָליטיק. ווען ער איז געוואָרן גענעראַל־דירעקטאָר פון פּרעמ־יער־מיניסטער דוד בן־גוריונס קאַבינעט, האָב איך ליב געהאַט צו טראַכטן וועגן אים, ווי וועגן „מיין פריינד אין ווייסן הויז״. יעדעס מאָל, ווען איך האָב געהאַט אַ געשפּרעך מיט דוד בן־גוריון, פלעג איך בעטן טעדין, ער זאָל אַריינקומען צו זיין מיין עדות פאַר גאָט.

אין יאָר 1957 איז ער געקומען צו מיר מיט אַ ביטע פון דוד בן־גוריון, איך זאָל ווערן דער וועלט־פּאָרזיצער פון די פייערונגען לכבוד דעם צען־יאָריקן יובילייַ פון מדינת ישׂראל. די לעגענדע וועגן מיין אָרגאַניזאַציע־גאונישקייט האָט זיך דורכגעשלאָגן צום פּרעמיער־מיניסטערס ביוראָ! איך האָב זיך געוואַקלט אָנצונעמען דעם פאָרשלאָג און האָב געגעבן דערפאַר פאַרשיידענע מאָטיוון: מיין פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט אין אינסטיטוט; מיינע ווייסע האָר; מיינע כּוחות, וואָס ווערן שוואַכער. און איך רעכן אויס בלויז עטלעכע פון די מאָטיוון. אָבער דער אמתער מאָטיוו איז געווען: מיין טיף־איינגעוואָרצלטער אומווילן צו אַרבעטן מיט אַ רעגירונגס־ביוראָקראַטיע, וואָס איז מיר געווען גוט באַקאַנט, ווי יעדע פון די ציוניסטישע ביוראָקראַטיעס, מיט וועלכע איך האָב געהאַט צו טאָן.

אויב די פייערונגען אין יאָר 1958 האָבן געדאַרפט דורכגעפירט ווערן אין אַזאַ ברייטן פאַרנעם, ווי דער פּרעמיער־מיניסטער האָט געהאַט בדעה, איז אין

מיטן פון דעם יאָר 1957 געווען אַ ביסל צו שפּעט פאַר מאַכן דעם אָנהויב. אַזאַ פּראָגראַם פאָדערט לכל־הפּחות צוויי יאָר צוגרייטונגען. פאַקטיש האָבן זיי שוין געהאַט געשאַפן אַ געזעלשאַפטלעכן ראַט פאַר דער פייערונג פון צען־יאָריקן יובילײ אין ישׂראל. דער פאָרזיצער פון דעם ראַט, יזהר הררי, אַ מיטגליד פון דער כּנסת, איז געווען זייער שטאַרק פאַרנומען אין ניו־יאָרק מיט זיינע פונקציעס אין דער ישׂראל־דעלעגאַציע אין אונ״אָ. די גאַנצע לאַסט פון זיין אַרבעט פאַרן צען־יאָריקן יובילײ איז באַשטאַנען אין איבערצייגן מיך, אַז איך זאָל איבערנעמען די אויפגאַבע. ווען איך האָב אים געפרעגט, פאַר וואָס ער וויל אַרויס פון דעם ענין, האָט ער מיר געזאָגט: „איך האָב געפּרוּווט אויסהאַלטן זעקס חדשים. אויב איר וועט אויסהאַלטן ביי דער אַרבעט אַזוי לאַנג, וועט איר זיין אַ גליקלעכער מענטש״.

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין רחובות, בין איך באַלאַגערט געוואָרן פון אַלע זייטן, ווי דער גורל פון דער יידישער מדינה וואָלט געווען אָפּהענגיק דערפון, צי איך וועל אָננעמען דעם פאָרשלאָג. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס איז אַ גוזמא, אָבער ווי געוויינלעך איז דער לייכטסטער אויסוועג געווען אָנצונעמען. איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך אַליין האָב אויך געהאַט מיינע פּלענער. איך וועל קריגן עטלעכע מענטשן, אויף וועלכע איך וועל אַרויפלייגן די לאַסט, און זאָלן זיי ברעכן דעם נאַקן.

אָבער ס׳איז נישט געשען אַזוי. איך האָב אָנגעהויבן מיט שטעלן איין באַ־דינג: איך וועל אָנפירן מיט דער אַרבעט פון אַ ביוראָ אין רחובות, און נישט אין תּל־אביב, אָדער ירושלים, און אַז די רעגירונג דאַרף אויפשטעלן פאַר מיר אַ נייעם ביוראָ. איך האָב אַ באַזונדערע שוואַכקייט פאַר ביוראָס. אין די פאַרגאַנ־גענע 25 יאָר האָב איך געהאַט פיר, אָדער פינף פאַרשידענע ביוראָס אין ווייצמאַן־אינסטיטוט. קודם־כּל — אין דניאל זיוו־פאָרשונגס־אינסטיטוט. דערנאָך — אינעם אַלטן קלוב־הויז. דאַן — אין דעם סאַן מאַרטין קלוב־הויז פאַר די פּראָפעסאָרן. און ענדלעך האָב איך זיך איינגעאָרדנט אַ רחבותדיקן ביוראָ אין דעם פּראַכטפולן אַדמיניסטראַציע־בנין, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן דורך עד און דיואַי סטאָון, אַלס אַ פּערמאַנענטער מאָנומענט פון זייער ליבע פאַרן אינסטיטוט פון אָנהייב אָן. ווי יענער ייד, וועלכער האָט געוווינט אויף אַ וויסטן אינדזל, האָט געבויט צוויי בתּי־מדרשים, בכדי עס זאָל זיין איין בית־מדרש, וווהין זיין פוס וועט נישט אַריינ־טרעטן, האָב איך זייער זעלטן, אויב בכלל ווען עס איז, פאַרנומען איינעם פון די ביוראָס. איך האָב בעסער ליב געהאַט צו אַרבעטן אין דער היים, ווו איך האָב אויך געהאַט צוויי ביוראָס, וועלכע איך האָב קיין מאָל נישט באַנוצט. איך האָב געפירט מיינע ענינים ביי אַן עק טיש אין אונדזער צימער, ווו מיר האָבן געגעסן, אָדער אויפן קאָרטן־טישל אין אַ ווינקל אין אונדזער גרויסן אויפנאַם־זאַל, וואָס איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „שנאָראַטאָריום״. אין דעם זאַל האָבן געקאָנט אַריינגיין, און זענען אָפט געווען, הונדערטער געסט אָדער מער, ווי אַ שטייגער פּסח ביים סדר, אָדער ביי אַנדערע פייערלעכע געלעגנהייטן. דאָס קאָרטן־טישל

איז אָפּט אַרויסגעטראָגן געוואָרן אין דרויסן, אין גאָרטן, וואָס איז פּאַקטיש גע־וועזן מיין ביוראָ, וואָס איך האָב אַממייסטן ליב געהאַט.

זיי האָבן אָנגענומען מיין באַדינג, הגם זיי האָבן געוווּסט, אַז עס איז געווען אוממעגלעך אָנצופירן מיט דעם ענין פון רחובות. און נאָך מער: זיי זענען אַליין באַשטאַנען אויף דעם, אַז עס וועט דויערן זעקס חדשים, ביז עס וועט אויפגעבויט ווערן אַ נייע ביוראָ. איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל דאָס טאָן ווייניקער ווי אין אַ העלפט פון דער צייט. און איך האָב אַריינגערופן צו מיר דעם פאָרשטייער פון „סולל בונה" אין רחובות. זיין נאָמען איז געווען שבתאי. איך האָב אים געפרעגט, ווי ער האָט געהייסן פריִער, איידער ער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „שבתאי". ער האָט מיר געענטפערט: „זאַנאַבענד". — „זאַנאַבענד, זאַנאַבענד" — עפּעס האָט מיר אַ קלונג געטאָן אין די אויערן. „פון וואַנען קומט איר?" — ער האָט מיר געענטפערט: „פון קיקל". — „קיקל" — האָב איך אַ זאָג געטאָן — „פאַר וואָס האָב איך אייך פריִער נישט געזען?" — ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט נישט געהאַט די חוצפה צו קומען צו מיר. איך האָב אים געזאָגט, אַז לויט דער רעגירונג דאַרף דויערן זעקס חדשים אויפצושטעלן אַ ביוראָ. „זעקס חדשים?" — האָט ער זיך אָנגערופן — „איך וועל עס מאַכן אין זעקס וואָכן. אַלץ איז מעגלעך פאַר אַ לאַנדסמאַן פון קיקל". און ער האָט עס געמאַכט.

דאַן האָב איך זיך אַוועקגעזעצט מיט דזשוליאַן מעלצערן, מיין אַלטן פריינד און פאַר לאַנגע יאָרן מיין זייער גוטער מיטאַרבעטער, און מיר זענען צוגעטראָטן אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו פייערן דעם צען־יאָריקן יובילײ פון דער מדינה אין ישׂראל און איבער דער גאָרער וועלט. מיר האָבן געאַרבעט פיבערהאַפט אין דריי שיכטן. און וואָס מער איך בין אַריין אין דעם ענין, אַלץ מער האָב איך איינגעזען, אַז עס איז אַן אונטערנעמונג, וואָס האָט גאָר קיין גרענעץ נישט. און אַזוי ווי די צייט איז געווען זייער קורץ, האָט מען געדאַרפט מאַכן די דרייסט־סטע פּלענער, בכדי צו דערגרייכן די געהעריקע רעזולטאַטן. ישׂראל איז זייער גוט אין מיליטערישע אַקציעס, אָבער ווייניקער באַגאַבט אין ציווילע ענינים. אַ שאַרף און דרייסט פּראָגראַם וואָלט זיך געענויטיקט אין נישט־געוויינלעכע מעטאָדן פאַר דער דורכפירונג. דאָס האָט געפירט צו אַ קאָנפליקט מיט דער ביוראָקראַטישער שטרענגקייט פון מיינע קאָלעגן. איך בין שיר נישט דער־שטיקט געוואָרן פון דער ביוראָקראַטישער מאַשין. אין אָנהויב האָט מען מיר געגעבן אַ באַרג מיט צוזאָגן, אַז איך וועל האָבן די פולע אויטאָריטעט צו טאָן, וואָס איך האָב געטראַכט, אַז עס דאַרף געטאָן ווערן. אָבער אויף יעדן טריט און שריט, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אין אַ פּאַראַ־מיליטערישער אָרגאַניזאַציע און אויף דער פּאַסיוויטעט פון די ציווילע באַאַמטע. די שפּיץ־מענטשן, וועלכע זענען געווען מיינע פּאַרטרעטער, ראַטגעבער און הויפּט־אויספירער, האָבן אַוועקגעגעבן אַ העלפט פון זייער צייט, כּדי דערציילן דער סקאַנדאַלן־הונגעריקער פּרעסע פּעטע מעשׂיות פון חדר וועגן „ווייסגאַלס משוגעתן".

ווען די רכילותן און באַליידיקונגען זענען געוואָרן אַזוי בייזוויליק, אַז איך האָב פאָרגעשלאָגן, אַז איך וועל „באַפרייען" פון זיי די רעגירונג דורך מיין רע־זיגנאַציע, איז מיין פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן געוואָרן. בן־גוריון האָט אויסגעדריקט

זיין איבעראַשונג, וואָס איך, אַ ציַיטונגס־מענטש, זאָל נעמען אין באַטראַכט, וואָס געוויסע זשורנאַליסטן שרייבן. איינער פון מיינע פריינד האָט מיר אָנגעוויזן, אַז עס האַלט אין גיכן ביי כּנסת־וואַלן. אויב די פּייערונג פון צען־יאָריקן יובילעי וועט זיך איינגעבן און וועט דערגרייכן דעם ציל, וואָס איז באַשטימט געוואָרן, וועט מפא״י דאָס פאַרשרייבן אויף איר חשבון, אַלס איר אויפטו און פאַרדינסט. אויב די פּייערונג וועט דורכפאַלן, וועט מען מיך וואַרפן פאַר די הינט. נאָך דעם ווי מען האָט מיך שוין פריִער אַ סך מאָל געוואָרפן פאַר די הינט און איך בין געבליבן לעבן, האָב איך באַשלאָסן אַ פּשוטע זאַך: זאָלן זיי אַלע גיין צום טייוול, און זאָל דער ענין אַנהייבן זיך רירן פון אָרט.

ווי איך האָב עס געזען, איז עס נישט געווען קיין פראַגע בלויז וועגן אויס־ברייטערן דעם פאַרנעם פון די פּייערונגען פון ישׂראלס „יום העצמאות״. עס זענען געווען וויכטיקערע צילן און פון אַ גרעסערער באַדייטונג. קודם־כּל האָט מען געדאַרפט צוציִען טוריסטן און איינפירן ישׂראל אַלס אַ טוריסטן־צענטער. פאַר דעם צוועק, און אויך אַלס אַ ציל פאַר זיך אַליין, איז געווען נויטיק צו מאַכן אַ ביסל ריינער און שענער דאָס לאַנד. נאָך אַ פּרעסע־קאָנפערענץ האָט איינער פון די זשורנאַליסטן געשריבן, אַז די שטעלע, נאָך וועלכער איך בענק, ווייזט אויס, צום מערסטן אין ישׂראל, איז צו זיין דער הויפּט־גאַסן־קערער. ס'איז געווען אַ סך אמת אין דער באַמערקונג. ווען מען וואָלט מיר פאַרגעשלאָגן אַזאַ שטעלע, מיט דער געהעריקער אויטאָריטעט, וואָלט איך עס אפשר גענומען אין באַטראַכט. איך האָב נישט געקאָנט פאַרליידן די אומריינקייט און אָפּגעלאָזנקייט אויף די גאַסן, און שטענדיק האָט מען געפונען דערפאַר אַ תּירוץ: „מיר זענען אַ פּיאָנע־ריש לאַנד״. אַ צווייטער ציל איז געווען צוריקצושטעלן דאָס געהעריקע בילד פון ישׂראל איבער דער גאַנצער וועלט. מיר האָבן נאָר־וואָס געהאַט זיך אַריינ־געלאָזט אין דער סיני־קאַמפּאַניע און אין דער וועלט האָט מען געקוקט אויף ישׂראל, ווי אויף אַ „קריגעריש לאַנד״. איך גלויב באמונה שלימה איצט, נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה און נאָך דעם אַלעם, וואָס איז שפּעטער געשען — ווי איך האָב דעמאָלט געגלויבט — אַז די שטאַרק איבערוועגנדיקע מערהייט פון פאָלק ישׂראל זוכט בלויז שלום. (איך לייקן נישט, אַז מיר זענען געבענטשט מיט אַ שרייענדיק הייפל עקסטרעמיסטן, אָבער זיי זענען בלויז אַ הייפל). דריטנס, האָבן מיר געוואָלט פאַרשטאַרקן די פאַרבינדונג צווישן ישׂראל און די יידן אין דער וועלט.

ווען דער רויך איז אַריבער, אַ יאָר שפּעטער, אָדער אַ ביסל מער — האָט מען געזען, אַז די דריי צילן זענען אין אַלגעמיין דערגרייכט געוואָרן.

די צאָל טוריסטן אין ישׂראל אין צענטן יובילעי־יאָר האָט געבראָכן אַלע פריִערדיקע רעקאָרדן. אויב מיר האָבן נישט דערגרייכט אונדזער ציל צו ברענגען הונדערט טויזנט טוריסטן אין דעם יאָר, האָבן מיר אָבער געהאַלטן נאָענט צו דער צאָל. טויזנטער פּראָמינענטע מענטשן זענען געקומען באַזוכן דאָס לאַנד, צו באַטייליקן זיך אין די קינסטלערישע אונטערנעמונגען, אין די וויסנשאַפטלעכע פּראָגראַמען (איך האָב נישט גענומען אורלויב פון וויצמאַן־אינסטיטוט אין דעם

יאָר), און אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן, אויסשטעלונגען און ענלעכע. דימיטרי מיטראָפּולאָס און ריטשאַרד טאָקער זענען אויפגעטראָטן אין איבערגעפּאַקטע קאָנצערט־זאַלן. די בינע־קינסטלערין מיס קעטרין קאָרנעל איז געקומען מיט אַן אויסגעצייכנטן אַנסאַמבל אויפצופירן קריסטאָפער פרייס „דער בכור". די פאָר־שטעלונג איז איינרעזשיסירט געוואָרן אין ניו־יאָרק אונטער דער אויפזיכט פון דעם יובילייִ־קאָמיטעט. מיין זון מענדי, וועלכער איז באַקאַנט אין טעאַטער אונ־טערן נאָמען מייקל ווידעשער, האָט געשפּילט די ראָל פון ראַמזעס. די באַרימטע וויסנשאַפטלער נילס באָר, איזידאָר ראַבי, פעליקס בלאָך, דזש. ראָבערט אָפּענ־היימער און העראָלד יורי, זענען געקומען צו עפענען דעם אינסטיטוט פאַר אַטאָם־פאָרשונג אין רחובות. עס זענען געווען גאַלאַ־פעסטיוואַלן, קאָנצערטן, פאָרשטע־לונגען איבערן גאַנצן לאַנד אין משך פון דעם גאַנצן יאָר. דאָס, וואָס עס איז מיט ליבשאַפט אָנגערופן געוואָרן דורך דער פרעסע מיטן צונאָמען: „די עשׂר מכּות" — האָט עלעקטריזירט דאָס גאַנצע לאַנד.

און נאָך מער — איבער דער גאַנצער וועלט זענען געשריבן געוואָרן מיליאָ־נען ווערטער וועגן דער יידישער מדינה. אומצייליקע טעלעוויזיע־ און ראַדיאָ־אַרטיקלען וועגן ישׂראל־יובילייִ זענען דערשינען אין די צייטונגען, פון וועלכע אַ סך האָבן אַרויסגעגעבן ספּעציעלע נומערן, געווידמעט ישׂראלס יובילייִ, מיט אַרטיקלען, וואָס זענען געווען פול מיט באַגייסטערונג און פריינדשאַפט פאַר דער יידישער מדינה. און געוויס האָבן אַלע יידישע ישובים איבער דער גאָרער וועלט זיך אָנגעשלאָסן אין די יובילייִ־פייערונגען און האָבן, אַגב, אויך פאַרגרעסערט זייערע ביישטייערונגען פאַרן פאַראייניקטן יידישן אַפּיל.

אין מאָל, ביים אָנהויב פון די פייערונגען, האָב איך געבעטן, אַז עס זאָל קומען צו מיר דער גענעראַל־דירעקטאָר פון רעליגיעס־מיניסטעריום, ש. ז. כּהנא, אַ ייד אַ למדן, אַ נוח לבריות, מיט אַ קלוגן קאָפּ אויף די פּלייצעס. איך האָב אים געזאָגט: „איך דאַרף האָבן 365 פּסוקים פון תנ"ך, ווו עס ווערט געזאָגט, אַז יידן דאַרפן עולה רגל זיין קיין ארץ־ישׂראל". ער האָט מיר געענטפערט, אַז דאָס איז אַ היפּש שטיקל אַרבעט, אָבער עס קאָן דורכגעפירט ווערן. „האָט איר אַ בודזשעט דערפאַר?" — האָט ער מיך געפרעגט יידישלעך. איך האָב אים געזאָגט: „איר ברענגט די פּסוקים, איך וועל שוין שאַפן דעם בודזשעט". זיין השׂגה פאַר אַ „בודזשעט" איז געווען פינף הונדערט פונט. אָבער ער האָט עס נישט גערופן „בודזשעט", נאָר אַ „בודזשעטל". ער האָט נישט געבראַכט קיין גאַנצע דריי הונ־דערט פינף און זעכציק, אָבער עס איז געווען גענוג פאַר יוצא זיין מיט דעם, וואָס איז געווען נויטיק. און דאָס זענען געווען נישט בלויז פּסוקים פון תנ"ך, נאָר אויך מימראָס פון תּלמוד, פון מדרש און פון אַנדערע הייליקע מקורות. זיי האָבן אונדז געבראַכט זייער אַ גרויסן נוצן פאַר רעדעס און פאַר פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן.

אין די צוגרייטונגען פאַר אַן „אָנגעלויף" פון טוריסטן אין ירושלים האָב איך אויסגעפּלאַנט אַ ספּעציעלן פּראָגראַם פון אויסבעסערונגען אין דער הויפּטשטאָט. מיין פריינד גרשון אַגראָנסקי, וועלכער האָט געענדערט זיין נאָמען אויף אַגרון

און איז געווען דער ראש־העיר פון ירושלים, האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דעם עסק. און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז דער אַריינפאָר אין שטאָט זאָל באַקומען אַן אַנדער פּנים. מיין אידייע איז געווען דורכצופירן אַ בולוואַר מיט איילבירט־ביימער, אַלטע איילבירט־ביימער. גרשון האָט געהאַלטן, אַז עס איז אַ גראַנדיעזע אידייע, אָבער מיטן באַדינג, אַז זי זאָל קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן. צווישן די עקספּערטן זענען געווען חילוקי־דעות. און צום סוף האָב איך אָנגעווענדעט הערצלס כּלל: „אויב איר ווילט, איז עס נישט קיין לעגענדע״. די איילבירט־ביימער זענען איבערגעפלאַנצט געוואָרן, און להיפּוך צו אַלע נאַטור־געזעצן האָבן זיי זיך איינגעוואָרצלט און גענומען פונאַנדערוואַקסן זיך. אַלס אַ צוגאָב־חן האָבן מיר אָנגערופן די נייע גאַס: חיים ווייצמאַן־בולוואַר. צי עס הענגט נאָך איצט די דאָ־זיקע אויפשריפט, ווייס איך נישט. אָבער זי איז דאָרט געווען אין צענטן יובילייַ־יאָר.

מיר האָבן דערהאַלטן אַ סך ביטעס פון פאַרשידענע געגנטן וועגן פאַרשענערן די לאַנדשאַפט אויף אונדזערע קאָסטן. צווישן אַנדערע האָט זיך צו אונדז געווענ־דעט דער קאָמיטעט פון דעם דאָרף עין־הוד. דאָס פריִערדיקע אַראַבישע דאָרף איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קינסטלער־קאָלאָניע. געפינענדיק זיך אויפן רוקן פון הר הכּרמל, ליגט דאָס דאָרף אין אַ שיינער מאַלערישער סביבה, און קונסט־בילדער האָבן דאָרט געקאָנט זיין אַ גרויסע אַטראַקציע פאַר טוריסטן. דאָס דאָרף האָט דעריבער פאַרדינט, אַז מיר זאָלן באַטראַכטן זייער ביטע. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן זאַל, וואָס איז באַנוצט געוואָרן פאַר אַ גאַלעריע פון קונסט־בילדער פון די אָרטיקע טאַלאַנטן. ליידער איז דער דאָזיקער זאַל געווען אָן אַ דאַך — ווי זיי האָבן מיר דערקלערט. מיט אַ ביסל געלט און מיט דער קאָאָפּעראַציע פון „סולל בונה״ האָבן זיי באַקומען דעם דאַך און האָבן אַרויסגעהאָנגען די בילדער. צען יאָר שפּעטער איז מיין פּלימעניק, פרעדי ווייסגאַל, אַן אָנגעזעענער יוריסט, אַ ספּעציאַליסט פאַר ציווילע רעכט, און אַ דזשעז־פּיאַניסט פון באַלטימאָר, וועל־כער האָט אין עלטער פון פופציק יאָר זיך באַזעצט אין ישׂראל — געקומען אויף אַ באַזוך. און מיין טאָכטער האָט אים אַרומגעפירט איבערן לאַנד. זי האָט אים אויך געבראַכט קיין עין־הוד. ווען זיי זענען צוריקגעקומען, האָבן זיי מיר דער־ציילט, ווי שטאַרק זיי האָבן הנאה געהאַט, ווען זיי האָבן אַנטדעקט, אַז אַלע מייסטערווערק פון עין־הוד זענען אַרויסגעהאָנגען אין אַן אָרט, וואָס רופט זיך: מאיר ווייסגאַל־זאַל. זיי האָבן דעריבער געפּרוּווט אַריינקומען אַהין „נאָ גאָפּע״, אָן בילעטן, אָבער עס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן. איך האָב זיך געמוזט מודה זיין, אַז איך האָב נישט געוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פון דעם מאָנומענט. די איבערראַשונג איז געווען איינע פון מיינע „זייטיקע פאַרדינסטן״ פון דעם יובילייַ־עסק.

איך דערמאָן זיך, אַז אין מיטן פון דער גאַנצער חתונה, אַרום ראש השנה 1958, האָב איך באַשלאָסן, אַז „וואָס צו פיל, איז נישט געזונט״ — און איך בין אַוועקגעפלויגן אין גלות אויף אַ קורצן אָפּרו. איך האָב זיך פאַרקליבן אין אַ רויִקן פּלאַץ, אין די בערג אַרום ניו־יאָרק. בעסער וואָלט געווען, ווען איך בלייב אין דער

היים. גראָסינגערס — ווו איך האָב געזאָלט האָבן מיין מקום מנוחה — האָט גע־פייערט דעם צען־יאָריקן יובילײ פון מדינת־ישׂראל.

בעת די צוגרייטונגען צום יובילײ־יאָר האָב איך געזוכט די קאָאָפּעראַציע פון מייק טאָד פאַר אַ ריזיקער אונטערנעמונג אין ניו־יאָרק. מייק איז דעמאָלט געווען ביים שפּיץ פון זיין גלאָריע און מאַכט. מיר האָבן זיך באַגעגנט אין ביוראָ פון די „יונייטעד אַרטיסטס״, און איידער איך האָב געקאָנט עפענען דאָס מויל, האָט ער גענומען רעדן. מייק איז נישט נאָר געוואָרן אַ גרויסער טעאַטער־אונטער־נעמער, דירעקטאָר, און אימפּרעסאַריאָ — וואָס ער איז טאַקע באמת געווען. ער האָט געטענהט, אַז ער איז אויך אַ בקי אין יידישע דינים און מינהגים. ווען איך האָב אָפּגעפרעגט זיין למדנות און אויך זיין אויטאָריטעט אין די ענינים, האָט ער קורץ אַ זאָג געטאָן: „מיין פאָטער איז געווען אַ רב״. דער אמת איז, אַז זיין פאָטער איז נישט געווען קיין רב, נאָר אַ שמש. אויף דעם האָב איך געענטפערט, אַז איך שטאַם פון אַ סך דורות רבנים, אַריינרעכענענדיק מיין פאָטער, וועלכער האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות, אָבער איז געוואָרן אַ חזן. אָבער ביי מייק טאָדן האָט דאָס אַלץ נישט געהאָלפן. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרעסערן יחסן און גרעסערן ידען — אין יעדער זאַך.

ווען מיר האָבן געענדיקט אונדזערע עסקים, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער וויל זען דעם פאָרזיצער פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַר די פייערונגען פון ישׂראלס צען־יאָריקן יובילײ. מיר האָבן געשאַפן אַזעלכע קאָמיטעטן איבער דער גאָרער וועלט. נישט מיט קיין באַזונדערן פאַרגעניגן האָב איך אויפגעהויבן דאָס טעלעפאָן־רערל און האָב אָנגעקלונגען צו סענאַטאָר הערבערט ה. לעהמאַן, אים צו וואָרענען. איך האָב געקאָנט הערן אַ קרעכץ פון דער אַנדערער זייט פון דער טעלעפאָן־ליניע. פון דעם מאָמענט אָן, ווען מיר זענען אַריין אין דער וווינונג אויפן צענטן שטאָק אויף 820 פאַרק־עוועניו, האָט הערבערט לעהמאַן, וועלכער איז געווען באַקאַנט מיט זיין געדולד און גלייכגעוויכט, אין גאַנצן זיך געענדערט. מייק האָט גענומען האַלטן אַ לאַנגע דרשה וועגן דעם, וואָס ישׂראלס צען־יאָריקער יובילײ באַדייט פאַר אַמעריקאַנער יידן, און איך האָב געקאָנט זען, ווי אונדזער פאָרזיצער גליטשט זיך מיר אַרויס פון די פינגער. מייק האָט געהאַלטן אין איין רעדן, איבעררייסנדיק בלויז, כּדי אָנצוקלינגען אין טעלעפאָן צו ליז טעילאָר: „וואָס מאַכסטו, מיין טייערע?״. אַזוי האָט ער געקלונגען צו איר יעדע האַלבע שעה. בעת איינער פון די דאָזיקע טראַנסקאָנטינענטאַלע ליבע־סצענעס האָט לעהמאַן אַ זאָג געטאָן צו מיר: „נעמט אים אַוועק פון דאַנען. איך קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן פון אים״. מיר האָט זיך איינגעגעבן דאָס צו טאָן פונקט אין צייט, אַז מיר זאָלן נישט בלייבן אָן אַ פאָרזיצער.

ווען מיר זענען געווען אויפן צוריקוועג נאָכן באַזוך ביי הערבערט לעהמאַן, האָב איך מיט מיין תּמיד וואַכזאַמען שׂכל דערציילט מייק טאָדן, אַז איך אינטערע־סיר זיך שטאַרק מיטן קאַמערי־טעאַטער אין תּל־אביב, און אַז עס ווערט אויפ־געשטעלט אַ נייע טעאַטער־געביידע. ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן, אַז ער וועט די

געלטער פאַר דעם רעכט אויפצופירן זיין פילם „אַרום דער וועלט אין אַכציק טעג" אין ישׂראל אַוועקגעגעבן פאַר דעם קאַמערי־טעאַטער. ער האָט מיר אַפילו פאָרגעשלאָגן, אַז ער וועט מיך פירן קיין ישׂראל אין זיין פריוואַטן עראָפּלאַן צו דער דערעפענונג פון דעם נייעם טעאַטער, און אַז ער וועט מיטנעמען מיט זיך עליזאַבעט טעילאָר. בקיצור — ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן אַלץ. קיין זאַך איז נישט געווען צו־שווער, אָדער צו־פיל פאַר אים. ער איז געווען אַ וווּנדערלעכער כאַראַקטער און אַ וואַרעמער ייד טיף אין האַרצן, נישט געקוקט אויף זיין צעפּאַטלטקייט. מיר האָבן אָפּגערעדט זיך צו טרעפן אין אַ באַשטימטן טאָג אין פּאַריז, און פון דאָרט פליִען אין זיין פריוואַטן עראָפּלאַן קיין ישׂראל. ער איז קיין מאָל נישט אָנגעקומען. איך בין געזעסן און האָב געוואַרט אויף אים אין פּלאַזאַ אַטענע־האָטעל אין פּאַריז, ווען איך האָב דערהאַלטן די טראַגישע ידיעה וועגן דעם קראַך מיט זיין עראָפּלאַן, אין וועלכן ער איז אומגעקומען.

עיקר שכחתי: עטלעכע חדשים שפּעטער האָב איך זיך דערמאָנט וועגן זיין צוזאָג, וואָס ער האָט מיר קיין מאָל נישט געגעבן אין שריפט, און איז קיין מאָל נישט געווען פאָרמעל. און איך בין געפאָרן קיין האָליוווד צו זען ליז טעילאָר. מיט דער הילף פון באָב בלומאָוו, דעם פאָרשטייער פון „יונייטעד אַרטיסטס" אין האָליוווד, האָב איך זיך באַגעגנט מיט איר אין איר היים. זי איז דאַן געהאַט צוריקגעקומען פון אַ באַזוך ביי איר פריִערדיקן מאַן, מייקל ווילדינג. זי איז געווען נאָר־וואָס נאָך דער חתונה, אָדער זי האָט געהאַלטן ביים חתונה האָבן מיט עדי פישערן, וועלכער האָט אַרומגעפּלאָנטערט אַרום איר. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז געפאָרן צו ווילדינגן צו בעטן ביי אים די דערלויבעניש אויפצוהאָדעווען זיינע קינדער, ווי יידן. אויף אַ קאַטאָוועס האָב איך זי געפרעגט: „פאַר וואָס ווילט איר אַרויפלייגן אַזאַ לאַסט אויף אייערע קינדער?" זי האָט מיר געענטפערט: „איך וויל האָבן אַן אינטעגרירטע פאַמיליע". איך האָב איר דערציילט וועגן מייקס צוזאָג, און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט אים מקיים זיין. זי האָט מיר ווייטער פאָרגעשלאָגן אַ גאַנץ שיינע ביישטייערונג פאַר אַרויסהענגען אין נייעם טעאַטער אַן אויפשריפט צום אָנדענק פון מייקל טאָד. זי האָט מיר אויך צוגעזאָגט, אַז זי וועט קומען צום חנוכּת־הבית. זי האָט געהאַלטן פּינקטלעך אירע צוזאָגן, מיטן אויסנאַם פון איר פּערזענלעכער דערשיינונג. אין דער לעצטער מינוט האָט עדי פישער טעלעפאָנירט פון רוים און מיר מיטגעטיילט, אַז ליז האַלט אין מיטן פון דער אויפפירונג פון „קלעאָפּאַטראַ", אָבער אַז ער איז גרייט צו קומען און זי פאַרטרעטן. (אין יענער צייט האָט שוין ריטשאַרד בורטאָן אים פאַרטראָטן). איך האָב אָפּגעוואָרפן זיין פאָרשלאָג, וואָס ער האָט געמאַכט מיט אַ גוטער כּוונה. „אָדער ליז, אָדער קיינער נישט". און עס איז געווען: קיינער נישט.

ווען די זון האָט אויפגעשיינט אויף ישׂראלס עלפטן „יום העצמאות", האָבן אַלע מיט גרויס אומחשק צוגעגעבן, אַז דאָס צענטע יובליי־יאָר איז אַריבער. די רעגירונג האָט מיך מכבד געווען מיט אַ שיינער ערן־אויפשריפט, אין אָנערקענונג פאַר מיין גייסטיקער איבערגעגעבנקייט און פיזישער מי. איינער אַ מיזאַנטראָפּ צווישן דעם גרויסן עולם האָט געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אַז איצט קאָנען

מיר אָנהויבן אַלע שׂמחהס נאָך אַ מאָל פון דאָס ניי דורך פייערן דעם ערשטן יובילײ־יאָר נאָכן צענטן יובילײ־יאָר.

אין אַן אינטערוויו אין לאָנדאָנער „דזשויִש אָבזערווער און מידל איסט רע־וויו" האָב איך, קאָמענטירנדיק וועגן מיינע פּלענער פאַר ישׂראלס צוואַנציקסטן יובילײ־יאָר, געזאָגט אָט־וואָס: „אויב איך וועל נאָך זיין צווישן די לעבעדיקע, איז מיין פּלאַן צו פאַרברענגען דאָס יאָר, זיצנדיק אונטער אַ פּאַלמען־בוים ביחידות, אין אַן אָפּגעשלאָסענעם פּלאַץ, און ציילן די ציגל, וואָס מען וועט וואַרפן אין קאָפּ דעם וועלט־פאָרזיצער פון צוואַנציקסטן יובילײ־יאָר... ער וועט האָבן מיין מיט־געפיל, און איך וועל זיך שטאַרק חידושן פאַר וואָס ער האָט גענומען אויף זיך פרייוויליק די דאָזיקע אויפגאַבע צו דערפירן צו זיין אייגענעם חורבן". איך מאַך קיין מאָל נישט צוויי מאָל דעם זעלבן טעות.

ווי שווער דאָס זאָל נישט זיין צו גלויבן, איז עס נישט בלויז אַ פאַקט, נאָר ס'איז אמת — ווי מיר זאָגן יידישלעך — אַז דעם 24סטן מאַי 1970 בין איך גע־רופן געוואָרן אין פּרעמיער־מיניסטערס ביוראָ, און איר עקסעלענץ גאָלדע מאיר, די גרעסטע פרוי, וואָס ישׂראל, מילוואָקי און רוסלאַנד צוזאַמען האָבן אַרויסגע־געבן, איז נאָר־וואָס געהאַט איינגעפאַלן אַ געניאַלער געדאַנק: ישׂראל וועט פייערן דאָס פינף־און־צוואַנציקסטע יובילײ־יאָר און איך וועל זיין אויפן שוועל צו ווערן אַ בן־שמונים. צי וואָלט איך מסכּים געווען איבערצונעמען דעם וועלט־פאָרזיץ פון די פייערונגען? איך האָב געענטפערט: ניין! איך האָב געהאַט גרויס חשק צו זאָגן יאָ! מיט איין תּנאי: אַז זי זאָל מיר צושטעלן אַ דאָקומענט, אונטערגע־שריבן און געחתמעט פון אויבערשטן, וואָס זאָל מיר גאַראַנטירן, אַז איך וועל נאָך לעבן. גאָלדע האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אַזאַ דאָקומענט צושטעלן אויך פאַר איר אַליין. (ביים שרייבן די שורות איז מיין „ניין" נאָך נישט אָנגענומען געוואָרן. דער גענעראַל־דירעקטאָר פון פּרעמיער־מיניסטערס ביוראָ, ד"ר יעקב הערצאָג, פאַרפאָלגט מיך נאָך אַלץ מיט דעם פאָרשלאָג).

ווען דער טריומף פון ישׂראלס צענטן יובילײ־יאָר איז אַריין אין דער גע־שיכטע, בין איך ווידער שטאַרק פאַרנומען געוואָרן מיט די ענינים פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. אין איינעם אַ זומערדיקן טאָג פון 1959 האָט אין מיין היים אין רחובות מיט אַ מאָל געקלונגען דער טעלעפאָן פון האָליווּד, ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג. נאָך אַ צען מאָל איבעררייסענישן ביים אָנהויב פון געשפּרעך האָב איך דער־הערט די שטורמישע שטים פון אָטאָ פּרעמינגער, אַ פריינד פון מיינע טעג מיט ריינהאַרדטן. ער האָט נעמלעך אָפּגעקויפט דאָס רעכט צו מאַכן אַ פילם פון דעם בוך „עקזאָדוס", פון לעאָן יוריס, און ער וויל מיין מיטאַרבעט אין „דרייען" דעם פילם אין ישׂראל. אין יענער צייט האָב איך נאָך נישט געהאַט געלייענט דאָס בוך, און האָב אַפילו נישט געהערט וועגן „עקזאָדוס". דער אָפיציעלער טערמין, ווען דאָס בוך האָט געדאַרפט דערשיינען אין דער עפנטלעכקייט, איז געווען באַ־שטימט ערשט אויף עטלעכע חדשים אַרום. אין פאַרלויף פון אַן ערך צען טעג האָב איך באַקומען פיר „טעלעפאָן־ביכער" מיט דער לופטפּאָסט. די פּאָסט־מאַר־קעס האָבן באַטראָפן אַן אוצר מיט געלט. איך האָב אָנגעהויבן דורכבלעטערן

דאָס בוך. אָבער דערנאָך האָב איך עס איבערגעגעבן צו מיין זון מענדי, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין לאַנד און האָט געוואָלט מיטנעמען מיט זיך דאָס בוך קיין ירושלים. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט ער מיר טעלעפאָנירט, און ווען איך האָב אים געפרעגט, וואָס ער מיינט וועגן לעאָן יוריסעס „עקזאָדוס", האָט ער מיר געענטפערט: „טאַטע, ס'איז ריינער... אָבער איך האָב נישט געקאָנט אויפ־הערן ווינען".

פּרעמינגער האָט געוואָלט וויסן מיין מיינונג; נישט, עס זאָל אים אָנהויבן אָנגיין וועמעס־עס־איז מיינונג. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך טראַכט, אַז מען וועט קאָנען מאַכן דערפון אַ גוטן פילם, מיטן באַדינג, אַז ער זאָל אַריינלייגן אין דעם זיין גאַנצן רעזשיסערישן קאָפּ. אין דער געהעריקער צייט האָט ער זיך באַ־וויזן אין ישראל, אָבער ישראל איז זייט דעמאָלט שוין נישט געווען די זעלבע.

אין יענע צייטן איז דער רעגירונגס־אַפּאַראַט צו העלפן מאַכן אַ פילם אין ישׂראל נישט געווען דאָס, וואָס איך וואָלט אָנגערופן אידעאַל. מיר האָבן געאַרבעט אין אַ ווילדערניש. אָבער סיי דער רעזשיסער און סיי דער פּראָדוצענט פון דעם פילם זענען געווען אַנטשלאָסן צו מאַכן אים אין ישׂראל אַלס זייערביישטייערונג פאַר דער באַנייטער און אויפגעוואַקסענער יידישער מדינה. דער פּראָדוצענט איז געווען די געזעלשאַפט „יונייטעד אַרטיסטס" און דער פּרעזידענט פון דער גע־שעצטער פירמע איז געווען אַרטור קרים. נאָך אַלס אַ יונגער מענטש איז אַרטור געווען כּמעט דער יינגסטער אין די טעג, ווען איך האָב אויפגעפירט דעם „אייביקן וועג" און ווען ער און ראָבערט בענדזשאַמין זענען געווען שותּפים אין לואי נייזערס אַדוואָקאַטן־פירמע. דעם דאָזיקן טריומווירעאַט האָט זיך איינגעגעבן צו ליקווידירן דעם לעגאַלן פּלאָנטער, אין וועלכן איך האָב אַזוי דערפּאָלגרייך אַריינ־געשלעפּט די אויפפירונג פון „אייביקן וועג". פאַר דער זעלבער באַלוינונג, וואָס זיי האָבן קיין מאָל נישט באַקומען, האָבן זיי מיך אויסגעהאַלטן און געגעבן מיר אַ ווינקל אין זייער ביוראָ ווייטער צו פירן מיינע גאָלדענע געשעפטן פון מיין אויפפירונג.

אַרטור קרים און ראָבערט בענדזשאַמין האָבן איבערגענומען די באַנקראָ־טירטע פירמע „יונייטעד אַרטיסטס", וואָס איז געוואָרן אַ שטאַרקער יורד זינט די צייטן פון טשאַרלי טשאַפּלין, מערי פּיקפאָרד און דאַגלעס פעירבענקס — און זיי האָבן זי צוריקגעבראַכט צו איר פריִערדיקער פּראַכט. אַרטור קרים איז געוואָרן אַ וועלט־רייזנדער פאַר די עסקים פון „יונייטעד אַרטיסטס". צופעליק האָב איך אים איין מאָל, זומערצייט, באַגעגנט אין רוים, און ער האָט זיך פאַרטרויט פאַר מיר, אַז נאָך דעם, ווי ער וועט פאַרענדיקן דאָס געשעפט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דורכפירן, וועט ער נעמען אַ לאַנגע וואַקאַציע. „פאַר וואָס זאָלט איר נישט קומען קיין ישׂראל?" — האָב איך אים געפרעגט. די דאָזיקע אידייע איז אים קיין מאָל נישט איינגעפאַלן, אָבער ער האָט זי אָנגענומען. און נאָך דעם ווי ער האָט פאַרבראַכט צוויי וואָכן ביים ים, נישט ווייט פון נהריה, איז ער געקומען צו מיר אין רחובות. אַלס באַלוינונג פאַר מיין גאַסטפריינדלעכקייט האָט אַרטור — וועלכער איז דעמאָלט נאָך געווען אַ בחור מיט אַ פּלאַמבע — צוגערויבט ביים אינסטיטוט די שענסטע פּרוי־וויסנשאַפטלערין, ד"ר מאַטילדע דאַנאָן. ער

איז געקומען צו מיר איין מאָל אין דער פרי, צום פרישטיק, און ווי אַן אַכצן־יאָריק יינגל האָט ער מיר געזאָגט: „מאיר, איך וויל אייך מגלה זיין אַ סוד".

„דערציילט מיר נישט, איך ווייס שוין" — האָב איך געענטפערט. דער שידוך איז בסך־הכל נישט געווען קיין פאַרלוסט פאַרן אינסטיטוט. אַרטור קרים איז געוואָרן דער פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט פון אינסטיטוט פאַר ענינים אין ניו־יאָרק, און פרוי אַרטור קרים, הגם זי האָט אַריבערגעפירט אירע פעיִקייטן אין סאַלאָן־קעטערינג־אינסטיטוט, האָט שטענדיק געענטפערט אויף יעדער איינלאַדונג אונדזערער אַרויסצוטרעטן מיט אַ רעדע פאַרן וויצמאַן־אינסטיטוט. זיי האָבן אויך אויפגעבויט פאַר זיך אַ הויז אין רחובות פאַר סענטימענטאַלע וואַקאַציעס אויפן פלאַץ, ווו זיי זענען באַגאַנגען זייער „פאַרברעכן".

אויך אָטאָ פּרעמינגער האָט מיר געגעבן אַ ראָלע אין זיין חתונה. ווען ער איז געקומען מאַכן דעם פילם „עקזאָדוס", האָט ער געבראַכט מיט זיך, אין צוגאָב צו אַ גרויסן פערסאָנאַל, די אַרטיסטין האָפּ פרייס, מיט וועלכער ער האָט געהאַט בדעה חתונה צו האָבן. צוליב וועלכער עס איז סיבה האָט ער באַשלאָסן דורכצו־פירן די חתונה אין הייליקן לאַנד. און ער האָט נישט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן דעם, אַז חתונות צווישן יידן און נישט־יידן אין ישראל, הגם מען ווייסט וועגן דעם, זענען כּמעט ווי אוממעגלעך. אָבער פאַר פּרעמינגערן איז נישטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל זיין אוממעגלעך. ער האָט אַריינגעצויגן אין דורכפירן זיין אַמביציע אַ טריאָ, וואָס איז באַשטאַנען פון אבא חושי, דעם פאַרשטאָרבענעם ראש־העיר פון חיפה (ווו ער האָט „געדרייט" אַ גרויסן טייל פון דעם פילם); אבא חושיס סעקרעטאַרין, מילכה (וועלכע האָט אויך געשפּילט אין דעם פילם) און מיך, אַלס קאָאָרדינאַטאָר. מיר האָבן געדאַרפט איבערצייגן דעם ראַבינאַט וועגן דער דרינג־לעכקייט פון דורכפירן די חתונה, נישט אַנטפּלעקנדיק צו פיל אומנויטיקע איינ־צלהייטן וועגן האָפּיס זיידעס און עלטער־זיידעס. דער ראַבינאַט האָט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און די חופּה איז מיט מזל געשטעלט געוואָרן.

מיין הילף פאַר אָטאָ פּרעמינגער און פאַר „יונייטעד אַרטיסטס" איז נישט געווען אין גאַנצן שלא על מנת לקבל פּרס. איך האָב באַקומען אַ צוזאָג, אַז די געלטער פאַר די רעכט אויפצופירן „עקזאָדוס" אין ישראל און די הכנסות פון אַלע וועלט־פּרעמיערעס וועלן גיין פאַרן וויצמאַן־אינסטיטוט. דאָס האָט געמיינט אַן ערך אַ מיליאָן דאָלאַר פאַר וויסנשאַפטלעכע און אַ גאַנצע רייע פאַרשיידענע קולטורעלע און קינסטלערישע צוועקן.

פאַקטיש בין איך געווען דער פאַרבינדונגס־מענטש צווישן פּרעמינגער און דער רעגירונג. זיי האָבן צווישן זיך נישט גערעדט די זעלבע שפּראַך, און איך מיין נישט העברעיִש. פּרעמינגער איז אַ מענטש, וואָס פאָדערט אַ סך, און געוויינלעך איז ער גערעכט. אָבער דער אופן אויף וועלכן ער פאָדערט, וואַרפט אַן אַ שרעק אויף די רעגירונגס־באַאַמטע און ביוראָקראַטן, וועלכע מיינען, אַז מיט זיי שיינט אויף און פאַרגייט די זון.

די געוואַלדן צווישן פּרעמינגער און די רעגירונגס־באַאַמטע האָבן אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט, ביז אַלץ איז איינגעאָרדנט געוואָרן, אָדער מיר האָבן געמיינט, אַז אַלץ איז שוין איינגעאָרדנט. ישראל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן

פילמפּלאַץ. און ענדלעך זענען אָנגעקומען די אַקטיאָרן: פּאָול ניומאַן, איוו־מערי סעינט, סאַל מינעאָ, לי דזשיי קאָב, און אחרון אחרון חביב — מיין זון, וועמען מען האָט אָנפאַרטרויט די ראָל פון דוד, דעם יונגן ישׂראל־אָפּיציר, וועלכער האָט געהאַט די אויפזיכט איבער דעם פּליטים־לאַגער אין ציפּערן. און נאָך דעם ווי די געשרייען וועגן די צוגרייטונגען האָבן אויפגעהערט, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס „דרייען" דעם פילם.

איך האָב געמיינט, אַז איך האָב שוין דורכגעפירט מיין טייל, און איך בין אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן, ווו עס איז שוין פון פריִער געווען באַשטימט, אַז איך זאָל זיך באַטייליקן אין אַ קאָנפערענץ מיט אַ גרופּע וויסנשאַפטלער. אין מיטן פון דער קאָנפערענץ האָב איך געהערט די באַקאַנטע שטורמישע שטים פון פרעמינגער דורכן טעלעפאָן: „מאיר, דאָ איז אָטאָ". — „יעס, אָטאָ, וואָס איז שוין ווידער?" — „מיר האָבן אַן אָפּמאַך, געדענקסט?" — געוויס האָב איך געדענקט, אָדער אַזוי האָב איך געמיינט. איך האָב אים געהאָלפן, און ער העלפט אונדז. אָבער פרעמינגער האָט ווייטער גערעדט: „דעם 23סטן יוני (ער האָט מיר טעלעפאָנירט דעם 17טן יוני) וועט איר זיין אין ירושלים אַרויסצוטרעטן אין דער באַל־קאָן־סצענע". „איך, וואָס צום טייוול איז עס?"

דערנאָך האָב איך קוים געקאָנט זיך דערמאָנען, אַז אין איינעם פון אונדזערע געשפּרעכן האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט אַוועקגעבן פאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט די געלטער פאַרן רעכט אויפצופירן דעם פילם אין ישׂראל, אויב איך וועל אַרויס־טרעטן אין אַ סצענע. ווען ער האָט דאָס מיר געזאָגט, האָב איך געמיינט, אַז ער מאַכט אַ וויץ. אָבער פרעמינגער מאַכט נישט קיין וויצן. אונטערשיידנדיק זיך פון אַלע אַנדערע רעזשיסערן און פילם־אונטערנעמער, וועלכע איך האָב געקענט, האָט אָטאָ פרעמינגער די מעלה, אַז ווען ער מאַכט אַ זשעסט, מיינט עס אַ צוזאָג. און להיפוך צו די אַנדערע רעזשיסערן און אונטערנעמער, איז ער מקיים זיינע צוזאָגן. און אויך ווען ער אַליין קריגט אַרויס אַ צוזאָג, דערוואַרט ער, אַז מען זאָל אים דערפילן.

„אָטאָ, איך בין אַריינגעטאָן אין אַרבעט ביז איבערן קאָפּ. צו וואָס דאַרפט איר מיך?" — האָב איך זיך געבעטן ביי אים.

„אויב איר וועט נישט אַרויסטרעטן, וועט נישט זיין דער מיליאָן דאָלאַר" — האָט ער געענטפערט — „אַן אַן אַרויסטריט איז אָן אַ מיליאָן. קומט קיין ירושלים. ס'איז אַן ענין בלויז פון פינף אָדער צען מינוט. איר וועט זיין אויפן עקראַן אַן ערך צוויי סעקונדעס".

איך האָב פאַרענדיקט מיין קאָנפערענץ, האָב איינגעפּאַקט מיינע וואַליזעס, בין געפלויגן קיין ציריך, ווו איך האָב געדאַרפט דערליידיקן נאָך אַנדערע זאַכן. און פון דאָרט בין איך אַוועקגעפלויגן קיין ירושלים, ווו איך האָב ווי אַ גוטער אַקטיאָר זיך צוגעשטעלט פינקטלעך, אין דער באַשטימטער צייט. איך בין געווען אויפן „מגרש הרוסים" פינקטלעך פינף אַ זייגער נאָך מיטאָג. מיין ראָל — פאַר וועלכער פרעמינגער האָט מיר צוגעזאָגט דעם מיליאָן דאָלאַר פאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט — איז באַשטאַנען אין אַ שפּרונג טאָן ווי אַ האָן און אַרומכאַפּן און

אַ קוש טאָן „גאָלדע מאיר״ אין דעם מאָמענט פון דער פּראָקלאַמירונג פון דער יידישער מדינה. די ראָלע פון גאָלדען האָט געשפּילט מילכה, מיין שותּפטע־קאָנ־ספּיראַטאָרין אין פּרעמינגערס חתונה. איך האָב נישט געמיינט, אַז דאָס איז אַ צו גרויסער קרבן פאַר אַ מיליאָן דאָלאַר, און איך בין געווען דער העכסט־באַצאָל־טער אַקטיאָר אין דער גאַנצער אויפפירונג. די הויפּט־ראָלע ביי דער דאָזיקער בריליאַנטענער געלעגנהייט האָט געשפּילט דער אויסגעצייכנטער לי דזשיי. קאָב.

מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳איז אַן ענין פון פינף אָדער צען מינוט. זייענדיק אַ סקעפּטיקער, האָב איך נישט באַשטימט קיין אַנדערע באַגעגענישן דעם אָוונט ביז זיבן אַ זייגער.

די פינף מינוט האָבן זיך אויסגעצויגן צו אַ שעה, צוויי, דריי, פיר און סוף כּל סוף אין צוועלף שעה ביז אַ זייגער פינף פאַר טאָג. די סצענע איז איבערגע־חזרט געוואָרן איין מאָל אין אַ שעה. איך האָב זייער ליב גאָלדען. אָבער איך געדענק נישט, אַז איך זאָל ווען עס איז האָבן זי געקושט אַזוי אָפט.

קיין שום סצענע אין פּרעמינגערס אַ פילם — האָט מען מיר געזאָגט — ענדיקט זיך נישט אָן אַ סצענע. און דער גרויסער מאָמענט דאָ, אין דעם פילם, איז נישט געווען קיין אויסנאָם. פערציק טויזנט סטאַטיסטן זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן פון אַלע טיילן לאַנד צו שפּילן אין „עקזאָדוס״ און הנאה האָבן דערפון, ווי מען „דרייט״ די סצענעס. לי קאָב האָט געדאַרפט איבערחזרן די סצענע, וואָס איז רעזשיסירט געוואָרן אויפן „מגרש הרוסים״, ווייניקסטנס אַ צען מאָל. פּרעמינ־גער איז געזעסן אין לאַסטאויטאָ אויף דער אַנדערער זייט פון פּלאַץ און האָט געגעבן אינסטרוקציעס דורך אַ מעגאַפאָן. צום גליק האָבן די אַקטיאָרן אויפן באַלקאָן זיי געקאָנט ווייניק הערן, די אינסטרוקציעס. ווען לי קאָב איז אויפגעפאָ־דערט געוואָרן איבערצוחזרן די סצענע צום עלפטן מאָל, האָט ער רעוואָלטירט, אין מיטן פון אַן אַלגעמיינעם גרויסן טומל און צערודערונג. ער האָט אַ שפּרונג געטאָן אויפן באַלקאָן און האָט געהאַלטן אַן אייגענע רעדע, וואָס איז נישט געווען אַ טייל פון דעם סקריפּט, אָבער איז געווען נישט ווייניקער דראַמאַטיש. פּרעמינ־גערס איינציקער ענטפער אויף דעם אויסברוך איז געווען: „איר זענט אַן אידיאָט!״ פּרעמינגערס פאַרשידענע אַסיסטענטן האָבן זיך געמאַכט כּלא ידע און זיך פאַר־רוקט ערגעץ אין אַ ווינקל. איך האָב געהאַלטן, אַז עס איז געקומען די צייט פאַר מיר, איך זאָל זיך אַריינמישן און איבערנעמען דעם ענין.

„חברה״ — האָב איך געזאָגט — „איר קאָנט דאָס נישט טאָן. אין אַ צייט פון קריזיס דאַרפט איר בלייבן שטיין אויף אייערע פּאָזיציעס״.

דער ענטפער איז גלייך געקומען אין אַ מעכטיקן כאָר:

„איר מישט זיך נישט אַריין. איר זענט נישט אין וויצמאַן־אינסטיטוט. אונ־דזער יוניאָן וועט אונדז באַשיצן!״

נישט מער ווי אַ קליין הייפל אַקטיאָרן איז געבליבן אויפן אָרט. סוף כּל סוף איז פּרעמינגער אַראָפּגעגאַנגען פון זיין פּלאַץ אין לאַסטאויטאָ און איך האָב גע־פּרוווט אים באַרויִקן. מיר זענען אַוועקגעגאַנגען אין „מלך־דוד״־האָטעל צו עסן „פרישטיק״. ווען דער אויטאָמאָביל האָט זיך אַ ריר געטאָן, האָט זיך פּרעמינגער

אויסגעדרייט צו מיר און געזאָגט: „אַט דער הינטישער זון, איך צאָל אים פינף און זיבעציק טויזנט דאָלאַר און ער קען אַפילו נישט זיין פּראָזע".

אין יענעם פרימאָרגן האָט לי קאָב נישט געגעסן קיין פרישטיק. ער האָט נאָך געהאַט מזל וואָס ער האָט אַריינגעכאַפּט אַ שלאָף פון עטלעכע שעה, ווייל ער האָט געדאַרפט פריי מאַכן דאָס בעט. פרעמינגער האָט אָפּגעזאָגט לי קאָבס צימער אין האָטעל. שפּעטער אין יענעם טאָג האָט לי קאָב זיך באַוויזן ביי מיר אין רחובות און זיך אויסגעוויינט פאַר מיר, צוריקגעבנדיק אויך די „קאָמפּלימענטן" מיט וועלכע פרעמינגער האָט אים „מכבד" געווען. דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט מיין ערשטער און איינציקער אויפטריט אַלס אַקטיאָר.

מיט פרעמינגערס באַשטיין אויף דעם, אַז איך זאָל שפּילן אין דער סצענע אויפן באַלקאָן ביים פּראָקלאַמירן די יידישע מדינה, איז פאַרבונדן אַ מעשה, בעסער געזאָגט — איינע פון די אמתע איראָניעס פון דער געשיכטע:

צענדליקער יאָרן האָט דער המון־עם מיך אָנגענומען אַלס בן־גוריון, לויט מיין אויסזען. יאָרנלאַנג בין איך פאַרפאָלגט געוואָרן דורך אַ פיזישער ענלעכקייט צו בן־גוריונען — אַן ענלעכקייט, וואָס איך אַליין האָב קוים געקאָנט געפינען, ווייל זי האָט זיך געשטיצט הויפּטזאַכלעך אויף מיינע האָר. עס איז אמת, אַז מיינע האָר זענען פּונקט אַזוי אומדיסציפּלינירט, ווי ביי בן־גוריונען, אָבער זיי זענען געדיכטער, מער און לענגער. דאָך — איז דאָס צעפּאַטלען זיך פון מיינע האָר און זייער „פליִען אין די הימלען" געווען געװנוג פאַר דעם שוואַכן באַאָבאַכטער, אַז זיינע אויגן זאָלן פאַרפירט ווערן, און אַז זיין פאַנטאַזיע זאָל זיך צעפלאַמען. מיין פּראָבלעם איז געווען, אַז איך זאָל יאָ, אָדער נישט צעשטערן די אילוזיע פון די טאַקסי־שאָפערן און טוריסטן, סיי אין ישראל און סיי אין אויסלאַנד, וועלכע זענען, דערזעענדיק מיך, אַריינגעפאַלן אין התפעלות, מיינענדיק אַז זיי האָבן פאַר זיך בן־גוריונען פערזענלעך. דאַרף איך זיי אויסזאָגן דעם אמת? דאַרף איך חתמענען דאָס אויטאָגראַפן־בוך, וואָס מען פלעגט מיר אונטערררוקן אונטער דער נאָז? על־פּי־רוב האָט ערלעכקייט באַזיגט דעם ווילן צו געפעלן און הנאה האָבן. און איך פלעג אַרויסגעבן דעם אומברחמנותדיקן אמת. איין מאָל, אין פּאַריז, אויפן וועג צום לופטפעלד אין אָרלי, האָט דער טאַקסי־שאָפער מיר דערלאַנגט אַ בלייפעדער און אַ שטיקל פּאַפּיר פאַר אַן אונטערשריפט. ער האָט נישט געקאָנט זיך באַרויִקן נאָך דעם, ווי איך האָב געלייקנט, אַז איך בין נישט בן־גוריון. אויפן גאַנצן וועג צום לופטפעלד האָט ער געהאַלטן אין איין מורמלען: „פּאַרמידאַבעל!"

נאָך ווייצמאַנס טויט האָב איך איינגעטענהט מיט בן־גוריונען, אַז ער זאָל ווערן ישׂראלס פּרעזידענט. „ברייטערט אויס אייער אַמט" — האָב איך אים געזאָגט — „פאַרגרעסערט דעם פּרעזידענטס מאַכט". בן־גוריון האָט אָפּגעוואָרפן מיין סוגעסטיע אויף זיין געוויינלעכן שטייגער פון אָפּשאָקלען זיך און אָנהייבן שרייען. האָב איך געפּרוּווט אַן אַנדערן קונצשטיק. „גיט אַ קוק, בן־גוריון" — האָב איך אים געזאָגט — „טראַכט וועגן דעם אויף אַזאַ אופן: איר זענט דער באַרימט־

סטער ייד אין דער וועלט״. ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיט די הענט, מיט אַ באַוועג־גונג פון ביטול. „בע״ — האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַ טאָן פון פאַראַכטונג. „אָבער איך קאָן דאָס באַווייזן״ — האָב איך ווייטער גערעדט. און איך האָב אים דערציילט די געשיכטע, וואָס האָט גראָד געהאַט פּאַסירט מיט מיר, ערשט אַ וואָך פריִער, אין לאָנדאָן. גייענדיק צום האָטעל דאָרטשעסטער אַרום האַלבער נאַכט, האָט מיך אָפּגעשטעלט אַ יונגע פרוי, וועלכע האָט מער אָדער וויניקער מיר געוואָלט ווייזן אירע גראַווירונגען. מיין ענטפער איז נישט געווען קיין דער־מוטיקנדיקער. אָבער זי איז באַשטאַנען אויף דעם און האָט אָנגעהויבן גיין צוזאַ־מען מיט מיר האַנט־ביי־האַנט. מיט אַ מאָל האָט זי אויסגעבראָכן: „איך ווייס ווער איר זענט. איך האָב אייך געזען אויפן פילם־עקראַן״. איך האָב איר געזאָגט, אַז זי מאַכט אַ טעות, און אַז זי האָט מיך פאַלש אידענטיפיצירט. זי איז נישט געוואָרן איבערצייגט, און האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט קיינעם נישט אויסזאָגן ווער איך בין. ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער שוועל פון דאָרטשעסטער, האָט זי זיך אומגעדרייט צו מיר און מיר געזאָגט מיט אַן ערנסטער שטימע: „איך וואָלט אַזוי שטאַרק געוואָלט לייגן זיך אין בעט מיט אַ פרעמיער־מיניסטער״. איך האָב פאַרענדיקט די געשיכטע דראַמאַטיש: „יעדער איינער קען אייך, בן־גוריון, אַפילו די וועלכע האָבן געזען בלויז מיך!״ בן־גוריון האָט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס איך האָב אים געזאָגט, כאָטש ער איז נאָך אַלץ נישט געוואָרן איבערצייגט. אָבער עס איז געווען צו זען, אַז די געשיכטע, וואָס איך האָב אים דערציילט, האָט אים פאַראינטערעסירט. און ער האָט מיך געפרעגט: „איז זי געווען אַ יידישע?״

אַ צווייט מאָל האָב איך זיך געפונען אין דרויסן פאַר דער געביידע פון דער יידישער אַגענטור אין ניו־יאָרק, אויף פּאַרק־עוועניו, באַמיִענדיק זיך צו קריגן אַ טעקסי. אַ טעקסי־שאָפער איז דורכגעפאָרן אין גרויס איילעניש. פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און גענומען קוקן אויף מיר. ער האָט אַזוי געהאַלטן אין קוקן אויף מיר אַוודאי אַ צען מינוט. ענדלעך איז ער צוגעפאָרן צו מיר, ווו איך בין געשטאַנען. מיין אויסזען, צוזאַמען מיט דעם אָרט ווו איך האָב זיך געפונען, האָבן אים געמאַכט גלויבן, אַז איך בין בן־גוריון. וויפל איך האָב געלייקנט, האָט עס נישט געהאָלפן. ער האָט אַפילו אַרויס־גענומען אַ יידישע צייטונג מיר צו באַווייזן, אַז ער איז אַ גוטער ייד. סוף כּל סוף, ווען ער האָט שוין געמוזט זיך אונטערגעבן און איינזען דעם ביטערן אמת, האָט ער צו מיר זיך אָנגערופן: „ווען איר וואָלט געווען בן־גוריון, וואָלט איך אייך עפּעס געזאָגט״. — „נעמט אָן אַז איך בין בן־גוריון, און זאָגט״ — האָב איך אים געענטפערט. „וואָס טרייבערט איר די אָדערן דעם אָרעמען אשכּול?״ — האָט ער דאַן געזאָגט — „ער איז געווען אייער געטרייער נאָכפאָלגער. איר אַליין האָט אים איבערגעגעבן דעם מאַנטל. וואָס ווילט איר פון אים? לאָזט אים אָפּ״.

ווען איך בין אָנגעקומען צו מיר אַהיים, האָט דער טעקסי־מעטער געוויזן ניינציק סענט. איך האָב געפילט, אַז דער דאָזיקער טעקסי־שאָפער פאַרדינט ספּעציעל טרינקגעלט און איך האָב אים געגעבן צוויי דאָלאַר. ער האָט ווידער אַ מאָל זיך אומגעדרייט צו מיר: „איר מוזט אויך זיין אַ וויכטיקער מאַן״. — „ביין״ — האָב איך געענטפערט — „איך בין אַ פשוטער ייד״. — „אָ, זאָגט מיר ווער

איר זענט". סוף כּל סוף האָב איך אים געגעבן מיין וויזיט־קאַרטל, און ער האָט אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר גרויסע אויגן. „איר ווייסט" — האָט ער גע־זאָגט — „מיין זון איז אַ פיזיקער. קאָן ער אפשר אַרבעטן דאָרט ביי אייך?" — „זאָגט אים, אַז ער זאָל זיך ווענדן צו מיר שריפטלעך" — האָב איך געענטפערט. און ווען דער טעקסי־שאָפער האָט גענומען אַוועקפאָרן, האָט ער זיך אַרויסגעבויגן פון פענצטערל און מיר דערמאָנט: „פאַרגעסט נישט איבערצוגעבן בן־גוריונען, וואָס איך האָב אייך געזאָגט".

בכל אופן, פרעמינגער האָט שוין געזאָרגט וועגן דעם, אַז מיין ענלעכקייט צו בן־גוריונען זאָל פאַראייביקט ווערן אויפן פילם־עקראַן.

באַלד נאָך דעם האָב איך באַקומען אַן אַנדערע בקשה דורכן טעלעפאָן, אַ בקשה, וואָס האָט מיך אַריינגעצויגן אין אַ גאַנצער ריי אַקטיוויטעטן. די שטים, וואָס יאָך האָב דאָס מאָל געהערט דורכן טעלעפאָן, איז געווען אַן אַ שיעור מער צוציִענדיקער, ווי אָטאָ פרעמינגערס. דאָס איז געווען ערב שבועות, ווען יידן אין דער גאַנצער וועלט גרייטן זיך צום יום־טוב פון קבלת־התורה און צו עסן די ספּעציעלע מילכיקע מאכלים. דעם אמת געזאָגט, האָב איך קיין מאָל נישט גע־קאָנט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ שייכות בלינצעס פון קעז האָבן מיט די עשׂרת־הדברות, סיידן דאָס איז אַ שׂכר פאַר אָננעמען די עשׂרת־הדברות. איז — ערב שבועות פאַר נאַכט, אין יוני 1960, ווען ס'איז שוין געווען צייט צו גיין אין שול אַריין — וואָס איך האָב נישט געהאַט בדעה צו טאָן — האָט אָנגעקלונגען צו מיר דער טעלעפאָן פון פּאַריז. פון דער צווייטער זייט ליניע האָב איך דערהערט די אָנציִענדיקע שטים פון מאַרלען דיטריך און פאַר מיינע אויגן האָב איך באַלד דערזען אירע אומפאַרגלייכלעך־שיינע פיס. „טייערער מאיר" — האָט זי געזאָגט — „איך שטאַרב צו קומען קיין ישׂראל. איך האָב בלויז צען טעג פריי ביז מיין נייער אַנגאַזשירונג. קאָנט איר עפּעס איינאָרדענען פאַר מיר?" מיין רעאַקציע איז געווען אַן אויגנבליקלעכע: „מאַרלען, היינט איז יום־טוב אין ישׂראל, אָבער איר וועט הערן פון מיר אין פאַרלויף פון פיר און צוואַנציק שעה".

איך האָב גענומען נישטערן אין מיין מוח וועגן עמעצן, וועלכער זאָל זיך קאָנען פאַרנעמען מיט דער דאַמע, און איך האָב באַשלאָסן דאָס איבערצוגעבן דעם אימפּרעסאַריאָ גיוראַ גאָדיק. ער האָט פּשוט געטאַנצט פון פרייד, ווען איך האָב אים דערציילט וועגן דער אידייע. „איך פלי גלייך קיין פּאַריז" — האָט ער מיר געזאָגט. — „לאָזט איבער אַלץ פאַר מיר. איר דאַרפט בלויז זאָרגן דערפאַר מיר זאָלן קריגן דעם זאַל פון „היכל התרבות" אין תל־אביב". און ער איז טאַקע באַלד אַוועקגעפלויגן קיין פּאַריז צו מאַרלען דיטריך.

איצט איז נישט די צייט, און אויך נישט דער פּלאַץ, איך זאָל זאָגן מיין מיינונג וועגן דער פאַרוואַלטונג פון קאָנצערטזאַל פון „היכל התרבות". זיי האָבן איינ־געשטימט, דערנאָך צוריקגעצויגן זיך, דאַן ווידער איינגעשטימט און שפּעטער ווידער אַ מאָל צוריקגעצויגן — אַלץ דערפאַר, טאָמער וועט מאַרלען דיטריך זינ־גען אויך אין דייטש. ס'איז געווען אַ חרפּה. סוף כּל סוף האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו קריגן דעם קינאָזאַל „תל־אביב", וועלכער האָט צוויי טויזנט פּלעצער. אָבער

גאַדיק האָט גערדאַרפט אָננעמען דעם באַדינג, אַז עס וועלן נישט געזונגען ווערן קיין לידער אין דייטש. מאַרלען האָט איינגעשטימט און זי האָט געגעבן צו וויסן קלאָר, אַז זי וויל נישט קיין האָנאָראַר, נאָר בלויז דעקן אירע רייזע־הוצאות. די גאַנצע איינקונפט איז זי גרייט אָוועקצוגעבן פאַר אַ צוועק, וואָס איך וועל אויס־קלייבן.

ביי איר ערשטן קאָנצערט איז דער קינאָזאַל „תל־אביב" געווען איבערפולט. מאַרלען איז געווען אויסגעצייכנט דעם אָוונט. פערצן מאָל האָט מען זי אַרויס־גערופן צו זינגען צוגאָב־נומערן. דער גאַנצער זאָל איז אַריין אין אַ געוואַלדיקן ענטוזיאַזם. אַלע „יעקעס" האָבן גענומען שרייען „די פעשע לאָלאָ", „איך בין פון קאָפּ ביז פוס". סוף כּל סוף איז מאַרלען געווען געצוווּנגען צו זינגען אויף דייטש, אויף דער פאָדערונג פון ישׂראלדיקן פּובליקום. די נאָסטאַלגיע האָט באַ־זיגט די טפשות. צי איז די דייטשע שפּראַך שולדיק געווען פאַר היטלערן? נאָך דעם ווי מען האָט זי צום פופצנטן מאָל אַרויסגערופן, איז מאַרלען דערשינען אויף דער בינע אַ פאַרמאַטערטע און געזאָגט „איך קאָן ניכט מער". דן בן־אמוץ, דער חוצפּהניק פון די ישׂראלדיקע הומאָריסטן און ליטעראַטן, האָט אויסגעשריגן צו איר: „דאַן ווייזט אונדז אייערע פיס". אָנשטאָט דעם האָט מאַרלען זיך אַוועקגע־זעצט אויפן ראַנד פון דער בינע און געהאַלטן אַ קורצע רעדע:

„מיר האָבן געליטן, איר און איך, אין יענע שרעקלעכע יאָרן. אויב עס איז פאַראַן וועלכע עס איז טרייסט פאַר די אומגעהויערע ליידן פון אייער פאָלק און פון מיין פאָלק, האָבן אייער וואַרעמקייט און אייער סימפּאַטיע ווידער אויפגעלעבט אין מיר מיין גלויבן אין מענטשלעכע באַשעפענישן, אין דער מענטשהייט. איך האָב אייך שטאַרק ליב".

נאָך דער פאָרשטעלונג, און לאַנג נאָך האַלבער נאַכט, האָט מאַרלען געבעטן מיך און שירלין, מיר זאָלן מיטגיין מיט איר אין האָטעל און דאָרט וואַרטן אויף איר. זי האָט געהאַט אַ וויכטיקע מיסיע דורכצופירן. געווען אַן אַלטע יידישע פרוי אין תל־אביב, אַ געראַטעוועטע פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וועלכע איז געווען איר שכנטע אין בערלין. מאַרלען האָט צוגעזאָגט צו גיין זי זען. ווען זי איז צוריקגעקומען אין האָטעל, זענען אירע אויגן געווען רויט.

איך האָב שוין דערציילט אין די פריִערדיקע קאַפּיטלען, אַז מיט מיין גאַנץ דרך־ארץ, וואָס איך האָב פאַר העברעיִש, איז יידיש שטענדיק געווען מיין ליב־לינגשפּראַך. ווען איך בין געווען אַ יונגערמאַן אין ניו־יאָרק, האָב איך אין מיינע באַמיִונגען צו לערנען ענגליש, געהאַט נאַרישע מחשבות, אַז איך דאַרף פּרוּוון צו פאַרגעסן יידיש. פונקט אַזוי קאָן זיך איינער זאָגן, אַז ער וועט פאַרגעסן זיינע טאַטע־מאַמע. איך האָב באַלד איינגעזען, אַז עס איז מעגלעך הנאה צו האָבן פון האַמלעט און נישט אָפּזאָגן זיך פון דעם פאַרגעניגן צו לייענען שלום עליכמען, פּרצן, מענדעלע מוכר־ספרים און שלום אַשן. ווען איך בין געקומען צו דער דאָ־זיקער מדרגה, האָב איך אָנגעהויבן פּראָטעסטירן קעגן דער „מלחמה", וואָס איז אין יענע צייטן אָנגעגאַנגען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אין ארץ־ישׂראל קעגן דער יידישער שפּראַך. די פאָדערונג איז געווען, אַז מען זאָל רעדן העברעיִש,

און אויב נישט העברעיִש — איז רוסיש אָדער דייטש. די לאָזונג אין יענע טעג איז געווען „עברית או רוסית״, „עברית או גרמנית״. יידיש איז געווען אַ צו שטאַרקע קאָנקורענץ פאַר העברעיִש. עס איז דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אַ מעשׂה וועגן ביאַליקן, אַז ער האָט אין איינעם אַ טאָג שפּאַצירט מיט אחד העמ׳ען אויף אַ גאַס אין תל־אביב, און זעלבסטפאַרשטענדלעך האָבן זיי ביידע גערעדט צווישן זיך יידיש. אַ יונגער סאַברע איז צוגעקומען צו זיי מיט דער באַקאַנטער פראַזע אין יענע טעג: „יהודי, דבר עברית״. ביאַליקס ענטפער איז געווען: „גיי אַוועק, שגץ, ס׳איז צו־הייס, מיר האָבן נישט קיין צייט״. דער פאַקט איז, אַז די ריזן פון העברעיִש האָבן ליב געהאַט זיך אָפּצורוען אין יידיש. נישט פאַראַן אין דער וועלט נאָך אַזאַ שפּראַך, וואָס זאָל זיין אַזוי קאָלירפול, אַזוי אינטים, אַזוי זאַפטיק — ווי יידיש.

מיט דער צייט האָט יידיש זעלבסטפאַרשטענדלעך אויפגעהערט צו זיין אַ „געפאַר״ און די מלחמה איז אויסגעגאַנגען, אָדער אַזוי האָב איך געמיינט.

ערב דעם צוואַנציק־יאָריקן יובילייִ פון דער מדינה האָב איך פאָרגעשלאָגן די מענטשן פון „מלכות״, אַז איין פרייז פון „פרס ישׂראל״ זאָל צוגעטיילט ווערן דעם לירישן פּאָעט איציק מאַנגער פאַר זיין ביישטייערונג צו דער יידישער ליטע־ראַטור. דער „ישׂראל־פּרייז״, וואָס ווערט פאַרטיילט אין „יום העצמאות״, איז אין דער יידישער מדינה נאָענט צו אַזאַ אויסצייכענונג, ווי למשל דער פראַנצויזישער פרייז „לעזשיאָן ד׳האָנער״. דער פרייז ווערט געגעבן פאַר פאַרשידענע אַקאַדע־מישע, וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע דערגרייכונגען. איציק מאַנגער איז גע־ווען דער יידישער היינריך היינע. ווען איר לייענט מאַנגערן, פילט איר זיך ווי זינגענדיק און טאַנצנדיק. אין יענער צייט איז מאַנגער געווען האָפענונגסלאָז קראַנק.

דער קאָמיטעט, וואָס האָט געדאַרפט באַשטימען דעם פרייז, האָט געהאַלטן ביים מסכּים זיין, אָבער איר סעקרעטאַר, וועלכער איז — איך באַדויער צו זאָגן — געשטיצט געוואָרן דורך געוויסע זייער אָנגעזעענע העברעיִשע שרייבער, האָט געדראָט, אַז ער וועט רעזיגנירן פון זיין אַמט און מאַכן אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל. די מלחמה האָט זיך פון דאָס ניי צעפלאַקערט. איציק מאַנגערן איז נישט צוגע־טיילט געוואָרן די פּרעמיע.

אַ סך פון מיין שפּעטערישן חשק קומט אַרויס פון כּעס. דער אויבן־דערמאָנטער פאַל איז געווען איינער פון אַזעלכע פאַלן. איך בין אַוועק צום פּרעזידענט פון דער מדינה זלמן שזר און האָב אים געזאָגט, אין יידיש, אַז דאָס, וואָס ס׳איז געשען איז נישט אָנשטענדיק, אַז דאָס איז אַ חרפּה, ס׳איז פּראָווינציעל אאַז״וו. זלמן שזר איז, ווי באַקאַנט, אַ פאַרשער אין יידיש, העברעיִש, רוסיש, דייטש א.אַ. ער איז איינער פון די פיינסטע שריפטשטעלער ביי יידן. די לאַסט פון פרעזידענטשאַפט האָט נישט אָפּגעשטעלט זיין שרייבערישע טעטיקייט. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין גרייט צו שאַפן מיט מיינע אייגענע מיטלען אַן איציק מאַנגער־פרייז פאַר יידישער ליטעראַטור, אויב ער וועט איינשטימען איבערצונעמען דעם ערן־פאָרזיץ פון דעם קאָמיטעט. ער האָט באַלד אויפן אָרט אָנגענומען — אין זיין פּרעזידענט־

פּאַלאַץ, וואָס איז בסך־הכּל געווען אַן איבערגעמאַכטע פרע־פאַבריצירטע שוועדי־שע הייזקע. דערנאָך בין איך געגאַנגען צו ש. י. עגנון און האָב אים דערציילט מיין געשיכטע. ער האָט נאָר־וואָס געהאַט באַקומען דעם נאָבעל־פּרייז. ווי אַ העברעיִשער שרייבער, איז זיין ענטפער געווען גאָר אינטערעסאַנט: „מיינט איר נישט, אַז עס וואָלט געווען משונהדיק פאַר מיר אַנצושליסן זיך אין אַ קאָמיטעט פאַר יידישער ליטעראַטור?״ צווישן איין כּוסע און דער אַנדערער, נאָכן מאַכן אַ פּאָר „לחיימס״ איז ער געוואָרן ווייניקער שטרענג. איך האָב אים געזאָגט: „מר עגנון, דאָ איז קיינער נישטאָ אַ חוץ אייך און מיר. איר ווייסט, אַז איר שרייבט יידיש, נאָר אויפן פּאַפּיר קומט עס אַרויס העברעיִש״. זיין איינציקער ענטפער איז דאַן געווען: „אויב איר האָט זיך מטריח געווען צו קומען פון רחובות קיין ירושלים און מיך בעטן — ווי אַזוי קאָן איך אָפּזאָגן?״

איך האָב צוגעגעבן צום קאָמיטעט לוי אשכּולן, גאָלדע מאיר, זלמן ארן (דע־מאָלטיקן בילדונגס־מיניסטער), דעם מאָלער ראובן רובין; שלום ראָזענפעלדן, איינעם פון די רעדאַקטאָרן פון „מעריב״, איציק מאַנגערס אַ נאָענטן פריינד, וועלכער האָט במשך פון יאָרן זיך אָפּגעגעבן מיט העלפן דעם פאַרנאַכלעסיקטן און אָרעמען פּאָעט; און אליעזר רובינשטיין, עגנונס איבערזעצער אויף יידיש, וועל־כער איז געוואָרן סעקרעטאַר פון קאָמיטעט. אין דער צייט, ווען עס זענען פאַר־טיילט געוואָרן די ערשטע פרייזן, איז איציק מאַנגער שוין געווען אַ שוכן־עפר. די ערשטע לאַורעאַטן פון דעם פּרייז זענען געווען אַברהם סוצקעווער, דער באַ־רימטער פּאָעט און רעדאַקטאָר פון „די גאָלדענע קייט״ אין תּל־אביב, און אהרן צייטלין פון ניו־יאָרק, פּראָמינענטער יידישער שריפטשטעלער און פּאָרשער, אַ זון פון באַרימטן שריפטשטעלער הלל צייטלין, וועלכער איז צו־להכעיס די נאַציס געגאַנגען צום טויט איינגעהילט אין זיין טלית. אַ ספּעציעלע פּרעמיע פון צען טויזנט פונט איז צוגעטיילט געוואָרן מאַנגערס פרוי, וועלכע האָט איבערגעגעבן דאָס געלט דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים, כּדי גרינדן אַ מאַנגער־אַרכיוו.

„עבירה גוררת עבירה״ — און איך בין באַלד פּראָקלאַמירט געוואָרן, נישט אָפיציעל, אַלס מעצענאַט פון יידישע שרייבער. די דאָזיקע שטיפקינדער פון ישׂראלס אינטעלעקטועלער געזעלשאַפט ווערן נישט אַריינגעלאָזן אין דעם היכל פון שרייבער־פאַרבאַנד אין דער מדינה. ער רופט זיך „העברעיִשער שרייבער־פאַרבאַנד״, בכדי צו באַשיצן זיין אומבאַפלעקטקייט אַנטקעגנאיבער ישׂראלדיקע שריפטשטעלער, וועלכע שרייבן אין אַן אַנדערער שפּראַך. אַגב, ווערן דורך דעם אויך אויסגעשלאָסן די אַראַבישע שריפטשטעלער. וואָלט שלום עליכם געלעבט היינט צו טאָג אין תּל־אביב, צווייפל איך, צי דער שרייבער־פאַרבאַנד וואָלט גע־ענדערט זיין סטאַטוט. בכל־אופן, איין טאָג האָט זיך באַוויזן אויף מיין שוועל אַ דעלעגאַציע פון די „חוץ־למחנהניקעס״ און האָט מיר פאָרגעשלאָגן, אַז צום אָנ־דענק פון ה. לייוויקן, דעם באַרימטן פּאָעט, זאָל געשאַפן ווערן אַ צענטער פון יידישע שרייבער, וועלכן איך זאָל פּרעזידירן. מיך איז נישט אָנגעגאַנגען דאָס פּרעזידירן, אָבער איך האָב צוגעזאָגט זיי צו העלפן. ביז דעמאָלט האָבן זיי באַנוצט אַ פינצטערן קעלער פאַר זייערע פאַרזאַמלונגען. דאָרט פלעגן זיי זיצן און דער־

מאָנען די אַלטע גוטע צייטן, ווען מענטשן האָבן נאָך בלויז געשטאַמלט אויף העברעיִש. אַ גליקלעכער צופאַל האָט געמאַכט מעגלעך דורכצופירן דעם פּלאַן.

יהושע בערטאָנאָוו, דער 90־יאָריקער אַקטיאָר פון „הבימה" איז געווען גרייט צו פאַרקויפן זיין הויז פאַר אַ ליד, אָדער אויסדריקנדיק זיך גענויער — פאַר אַ באַלאַדע! איך האָב געזאָגט מיינע שרייבערס, אַז זיי זאָלן נעמען דאָס הויז. די נויטיקע פופציק טויזנט פונט וועל איך שוין געפינען. ווען דער בנין איז געווען פאַרטיק פאַר די נייע שכנים, בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין חנוכּת־הבית. אַלץ איז געווען אויסגעצייכנט, אַ חוץ דער צייט, אויף ווען די פייע־רונג איז געווען באַשטימט. איך האָב געדאַרפט פאַרקויפן מיינע בילעטן פאַר יאַשאַ חפצס ערשטן קאָנצערט אין ישׂראל נאָך זיבעצן יאָר. איך בין געווען איבער־ראַשט, און זייער צופרידן, צו אַנטדעקן, אַז דער הויפּטזאַל אין לייוויק־הויז איז אָנגערופן געוואָרן: ווייסגאַל־זאַל.

עס איז משונהדיק, ווי אַזוי העברעיִש און יידיש האָבן אין די לעצטע עטלעכע דורות זיך געביטן מיט די ערטער. אין משך פון יאָרהונדערטער איז העברעיִש געווען די הייליקע שפּראַך, און אויף יידיש האָט מען געקוקט ווי אויף דער „שפחה". היינט צו טאָג, און באַזונדערס נאָכן אומקום פון די זעקס מיליאָן יידן, איז יידיש געוואָרן דער לשון־קודש פון יידישן פאָלק, וואָס ווערט פאַרהערלעכט פאַר דער אַמאָליקער גלאָריע, אָבער וואָס איז איצט „אין גלות" — ווי עס האָט נאָכן יידישן חורבן אין אייראָפּע זיך אַ מאָל אויסגעדריקט ד"ר משה סנה, וועלכער איז אַליין אויך געווען אַ יידישער שרייבער און רעדנער. אפשר האָט נאָך יידיש אין עטלעכע געגנטן פון סאָוויעט־רוסלאַנד אַן אָרגאַנישע עקזיסטענץ, אָבער העב־רעיִש האָט דאָרט דעם רום פון אַ פאַרבאָטענער שפּראַך.

פאַראַן נאָך אַ פּאָר „זייטיקע" עפּיזאָדן, וועלכע איך וואָלט געוואָלט דערציילן. איך מיין וועגן מיינע פילצאָליקע באַגעגענישן מיט פאָרשטייער פון דער מזרח־וועלט, מיט דעם זייער קליינעם הייפל פון די, וועלכע האָבן זיך דורכגעגליטשט דורך די לעכער פון רוסלאַנדס אויסלענדישער פּאָליטיק און האָבן אין טאָג זיך געפונען פּנים־אל־פּנים מיט דעם אימפּעריאַליסטישן סאַטראַפּ פון רחובות. די מערסטע פון זיי זענען זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען יידן.

אין אונדזער ווייצמאַן־אינסטיטוט האָבן מיר אַ גרויסן זאַל, וואָס רופט זיך וויקס־אוידיטאָריום. דער זאַל האָט בלויז אַ זעקסטל פון די פּלעצער פון דעם קאָנצערטזאַל פון „היכל התרבות" אויפן נאָמען פון מאַן אין תל־אביב. אָבער וואָס עס פעלט אונדזער לאָקאַלן זאַל אין כּמות, פאַרגיטיקן מיר אין איכות און אין ענטוזיאַזם. דער רעזולטאַט איז, אַז ווען די גרויסע קינסטלער פאַרלאָזן תל־אביב און פאָרן אַרויס איבערן לאַנד, קומען זיי פריִער אָדער שפּעטער אין אונדזער וויקס־זאַל. און אַזוי איז עס געווען מיט דעם רוסישן פּיאַניסט לעוו וולאַסענקאָ און מיט דעם רוסיש־יידישן וויאָליניסט יעקב ווימאַן (פאַקטיש איז געווען נאָך אַ דריטע, ווימאַנס אַקאָמפּאַניאַטאָרקע, אָבער זי איז פאַרלאָרן געגאַנגען אין דעם טומל). דאָס איז געווען אַ לאַנגע צייט פאַר דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, נאָך וועלכער דער סאָוויעטישער בלאָק האָט איבערגעריסן די דיפּלאָמאַטישע באַציִונ־

גען מיט ישׂראל. די יידישע מדינה איז געווען די איינציקע, וואָס איז אַזוי באַערט געוואָרן אַלס „הונט, וואָס לויפט נאָך די אימפּעריאַליסטן". אַ סך אומשולדיקע מענטשן האָבן געוואָלט וויסן, פאַר וואָס סאָוויעט־רוסלאַנד האָט נישט איבער־געריסן די באַציִונגען מיט די פאַראייניקטע שטאַטן, דער „פירערין פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט".

נאָכן קאָנצערט פון וולאַסענקאָ און ווייסמאַן האָבן מיין פרוי און איך איינגע־אָרדנט אַ „גאַרדען־פּאַרטי" און מיר האָבן פאַרבעטן די „פּני" פון רחובות און תל־אביב, זיך משׂמח צו זיין — אין איינעם פון די זיגזאַגן פון דער ישׂראל־סאָוויע־טישער פריינדשאַפט. דער אָוונט איז דורכגעגאַנגען מיט אַ גרויסן דערפאָלג, נישט געקוקט דערויף, וואָס די באַאַמטע פון דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדע זענען דאָרט געווען צו „האַלטן אַן אויג". וואָס עס האָט מיך אָבער אינטערעסירט מער פון אַלץ, איז געווען צו אָבסערווירן דעם פאַרגלייך צווישן דער אויפפירונג פון די צוויי קינסטלער.

וולאַסענקאָ, דער יונגער שיינער, גייסטרייכער בחור, מיט „עספּרי", האָט אַרומגעטאַנצט און געשוועבט ווי אַ פרייער פויגל, שפּרינגענדיק פון איין טיש צום צווייטן, דערציילנדיק וויצן, זינגענדיק העברעיִשע לידער, אַרומלויפנדיק איבער מיין גאַנץ הויז און צוקומענדיק צו מיר יעדע פּאָר מינוט, מיר צו זאָגן, וואָס פאַר אַ וווּנדערלעך־שיין הויז איך האָב און ווי שטאַרק עס געפעלט אים איין בילד, אָדער אַן אַנדער בילד. בקיצור, ער האָט זיך אויפגעפירט אין גאַנצן פריי. ווען ער האָט ענדלעך זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ פּאָר מינוט זיך אָפּצורוען, האָט ער מיר געזאָגט: „איר ווייסט, איר האָט אַ ליכטיק פּנים". (די לעצטע ווערטער האָט ער געזאָגט אין יידיש). „פון וואַנען קומט צו אייך אַזאַ וואָרט" — האָב איך אים געפרעגט. — „פון מיין שוויגער, זי איז אַ יידישע". ער אַליין האָט באמת געהאַט אַ ליכטיק פּנים, און איך מיין אַז זיין יידישע שוויגער האָט דאָס אים נישט אויפ־געהערט צו זאָגן. ער האָט מיך פאַרבעטן צו קומען קיין מאָסקווע און האָט מיר געגעבן זיין אַדרעס. „איר וועט מוזן זיין אויף מיין דאַטשע. עס איז כּמעט ווי אַן אינדזל". און דאַן האָט ער ווייטער גענומען אַרומשפּרינגען און אַרומטאַנצן. אָבער ווייסמאַן, ווי ער איז אַריינגעקומען אין מיין הויז, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און איז דאָרט אָפּגעזעסן די גאַנצע צייט. ער האָט נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט און האָט קיין איין מאָל זיך נישט גערירט פון אָרט. ער איז געווען אַלע וויזעלס „שווייגנדיקע יידן" אין מיקראָקאָסמאָס.

אָבער נישט בלויז אין סאָוויעט־רוסלאַנד זענען פאַראַן איבערגעשראָקענע יידן. מען געפינט זיי אויך אין אַנדערע ערטער. מיט עטלעכע יאָר צוריק בין איך אין פּאַריז פאַרבעטן געוואָרן צו אַ פּראָמינענטן יידישן פידלער, וועלכער האָט אין זיין היים איינגעאָרדנט אַ קבלת־פּנים פאַר דוד אויסטראַכן, נאָכן קאָנצערט פון סאָוויעטישן קינסטלער. מיין גאַסטגעבער האָט מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל נישט דעמאָנסטרירן צו פיל מיין יידישקייט און איך זאָל נישט ווערן צו סענטי־מענטאַל וועגן ישׂראל, אָדער וועגן יידישער מוזיק. מיין זון מענדי איז געווען מיט מיר, און ער האָט אויסגעזען מסכּים צו זיין, אין די אינטערעסן פון „אַרטיס־טישער קאָ־עקזיסטענץ". דער ערנגאַסט איז, ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, גע־

קומען שפּעט. דערווייל האָבן מיר, געוויינלעכע בשׂר־ודמס, דערלויבט צו פירן זיך פּשוט און נאַטירלעך. מיר זענען געזעסן אַרום דער פּיאַנאָ, זינגענדיק יידישע לידער, בעת אַ מיידל פון קאַנאַדע מיט אַ שיינער שטים האָט אונדז באַגלייט. ווען דער ערנגאַסט האָט זיך באַוויזן, האָט זי געהאַלטן אין מיטן זינגען אַ באַזונדערס נאָסטאַלגיש ליד „מאי קא משמע לן", און איך האָב זיך מיטבאַטייליקט מיט מיין טיפער באַסאָווער שטים. אונדזער יידישער גאַסטגעבער האָט געגעבן אַ צייכן מיר זאָלן אויפהערן זינגען. אָבער דעמאָלט האָט אויסטראַך איבערגענומען די מערכה: „פאַר וואָס האָט איר עפּעס פּלוצלינג איבערגעריסן?" — האָט ער אַ פרעג געטאָן — „ס'איז איינס פון מיינע באַליבטסטע לידער". און אַזוי האָבן מיר ווייטער געזונגען אַ היפּשע צייט. איך האָב זיך אויסגעדרייט צו מיין גאַסטגעבער און האָב אים געזאָגט: „נו?" דאָס איז געווען דער טיפסטער סענטימענט, וועלכן איך האָב געקאָנט אויסדריקן.

פאַר וואָס דערצייל איך די געשיכטע? בכדי צו באַווייזן, אַז אויסטראַך איז אַ פרייער מענטש, אין זיין נאַטור, און ווימאַן איז אַ געבוירענער נודניק? ניין, בשום־אופן נישט. איך וויל בלויז אָנווייזן, אַז אויב איר זענט אַ ייד אין סאָוויעט־רוסלאַנד, דאַרפט איר זיין אַ ריז, אידער איר קענט זיין אַ ייד. אויב איר זענט אַ פּשוטער גוטער פידלער, איז בעסער צו שווייגן.

איך האַלט, אַז עס איז איינע פון די איראָניעס פון דער געשיכטע, אַז די יידן אין רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער זענען געווען צווישן די גרעסטע אָנהענגער און באַוווּנדערער פון דער רוסישער רעוואָלוציע. עס איז נישט געווען בלויז צוליב דער רוסישער רעוואָלוציע, הגם אויך דאָס האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל. עס איז געווען אַן אמתע רוסישע נאָסטאַלגיע, אָדער פּאַטריאָטיזם, רוסישע לידער, רוסישע מוזיק, די ווונדערלעכע רוסישע שפּראַך — אַלץ אין איינעם מיט דעם חלום וועגן אַ בעסערער וועלט אויף די חורבות פון דער אַלטער וועלט. מיט דעם דאָזיקן חלום האָבן אַ סך יידן זיך אַרומגעטראָגן אַ לאַנגע צייט און האָבן אים איבערגעגעבן צו זייערע קינדער. איך האָב אַ מאָל געזאָגט, אַז ווען די רוסן וואָלטן זיך קאָנצענטרירט אויף פאַרשפּרייטן די רוסישע מוזיק, וואָלטן זיי דעראָבערט די וועלט אַ סך לייכטער, און זיכער מיט ווייניקערליידן, ווי מיט זייער סאָרט פון קאָמוניזם.

די נאָסטאַלגיע צום רוסישן שטייגער האָט זיך געפילט אין אַמעריקאַנער יידישן לעבן אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן און אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. זייער שטאַרק איז געווען דאָס דאָזיקע געפיל אין ארץ־ישׂראל. די חלוצים האָבן געטראָגן רוסישע „רובאַשקעס", האָבן געטאַנצט רוסישע טענץ און געזונגען רוסישע לידער (צייטנווייז מיט רוסישע ווערטער). זיי האָבן אָנגעהאַלטן אַן עמאָציאָנעלע און אָפט אויך אַ פּאָליטישע לאָיאַליטעט צו דער סאָוויעטישער „מאַטושקאַ ראַסיאַ". די אילוזיע האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעוועפּט, פאַר אייניקע פריִער און פאַר אַנדערע שפּעטער. איין זאַך איז געוואָרן קלאָר: וואָס עס זאָלן נישט זיין די מעלות אָדער די חסרונות פון דער רוסישער רעוואָלוציע, איז זי נישט קיין טובה פאַרן יידישן פאָלק. פון דעם אַלטן סאָציאַליסטישן סלאָגאַן, אַז מיט דער באַפרייונג פון דער מענטשהייט וועט קומען די באַפרייונג פון יידישן

פאָלק, האָט זיך ווידער אַ מאָל און איבער אַ מאָל אויסגעלאָזט אַ בייזער חלום. יעדער דור האָט געמוזט לערנען די דאָזיקע ביטערע לעקציע פון דאָס ניי. און די רוסן זענען געווען זייער ברייטהאַרציק מיט איבערחזרן די לעקציעס.

נאָך דער ערשטער כוואַליע פון דער ביטערער אַנטוישונג, וואָס איז געקומען אין די פריִע צוואַנציקער יאָרן, זענען שפּעטער געקומען די מעשׂים תּעתּועים פון דער „יעווסעקציע". דאַן איז געקומען דאָס באַזייטיקן יידן פון אויסלענדישן די־פּלאָמאַטישן דינסט (מיטן אויסנאַם פון די ערטער, ווו עס איז געווען ספּעציפיש נויטיק פאַר די רוסישע אינטערעסן איבערצולאָזן די יידן). דאַן האָט זיך אָנגע־הויבן די בהדרגהדיקע, שטייגנדיקע און אומברחמנותדיקע באַזייטיקונג פון יעדן שפּור פון יידישן לעבן אין סאָוויעט־רוסלאַנד, און צוזאַמען מיט דעם — דאָס אויפבלאָזן און טרומפּייטערן באַשולדיקונגען קעגן יידן אין „פּראַקציאָניזם, קאָס־מאָפּאָליטיזם", עקאָנאָמישע פאַרברעכנס א.אַ.וו. דערנאָך זענען געקומען דאָס פאַרמאַכן די בתּי־תּפילה, דאָס פאַרווערן די העברעיִשע שפּראַך, דער בלבול־פּראָצעס קעגן די דאָקטוירים — און אַזוי אָן אַ סוף. די דאָזיקע אַקטן זענען נישט געווען בלויז באַגלייט־דערשיינונגען פון דעם אַטעיִזם, וואָס זאָל זיך האָבן אויס־געשפּרייט אין אַ גלייכער מאָס קעגן אַלע רעליגיעזע מאַניפעסטאַציעס אין סאָ־וויעט־רוסלאַנד. ווען די פּאַרטיידיקער פון סאָוויעט־רוסלאַנד (זינט דער זעקס־טאָגיקער מלחמה האָט זיך זייער צאָל שטאַרק פאַרקלענערט) ווייזן אָן אויף דער הויכער פּראָפּאָרץ פון יידן אויף די געביטן פון וויסנשאַפט, דערציִונג, יורי אאַז"וו — „פאַרגעסן" זיי צו דערמאָנען די כּסדרדיקע אַקציע צו באַזייטיקן די יידן פון אַלע פּאָזיציעס ביי דער ערשטער געלעגנהייט. ביז די רוסן קאָנען זיך פאַרזאָרגן מיט זייערע אייגענע פּראָפעסיאָנאַלן, לאָזן זיי נאָך איבער די יידן. דריי מיליאָן יידן — אַ סאָלידע עטנישע גרופּע, וועלכע פאַרדינט לכל־הפּחות אַזוי ווייניק אָדער אַזוי פיל איינזען, ווי עטלעכע הונדערט טויזנט וואָלגאַ־דייטשן — זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויף גייסטיקן אונטערגאַנג.

איך האָב אַ מאָל געפרעגט ד"ר משה סנה, פאַר וואָס די סאָוויעטן לאָזן נישט אַרויס די יידן, אויב זיי זענען אַזאַ דאָרן אין אויג פון די רוסן. משה סנה איז געווען איינער פון די געציילטע קאָמוניסטן — וועלכע איך האָב געקענט — וואָס האָבן געהאַט אַ חוש פאַר הומאָר. ער האָט געענטפערט: „אויב סאָוויעט־רוסלאַנד זאָל עפענען די טויערן פאַר די יידן אַרויסצולאָזן זיי, וועט זי געשטעלט ווערן פאַר אַ דערשיינונג, אַז מאַסן רוסן וועלן זיך מגייר זיין, צו ווערן יידן".

פון צייט צו צייט — ווי איך האָב שוין באַמערקט — פלעגט צופעליק זיך עפענען אַ קליינע עפענונג אין דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, און רוסן פלעגן קומען קיין ישׂראל. ביי דער ערשטער מאָלעקולאַרער קאָנפערענץ אין וויצמאַן־אינסטי־טוט אין 1956 האָט זיך באַוויזן אויף אַן איבעראַשנדיקן אופן אַ גרעסערע דעלע־גאַציע פון סאָוויעטישע וויסנשאַפטלער. אַלץ איז צוגעגאַנגען גלאַטיק, ביז איין טאָג האָט די כעמיקערין אַנושקאַ וויצמאַן, ד"ר וויצמאַנס שוועסטער, דערקענט אין דעם הויפּט פון דער דעלעגאַציע אַן אַלטן פריינד פון אירע אַמאָליקע יאָרן אין די לאַבאָראַטאָריעס אין פּעטערבורג. די באַגעגעניש איז געווען אַ שטאַרק עמאָ־ציאָנעלע. ס'איז געווען אַן אמת ידיש „אויסגיסן זיך דאָס האַרץ". אָבער פון דעם

מאָמענט אָן האָט די סאָוויעטישע געהיים־פּאָליציי, די „ען־קאַ־ווע־דע", איבערגע־נומען די ממשלה. נישט געווען מער ביי די סאָוויעטישע וויסנשאַפטלער קיין פריינדלעך זיך מיט די ישׂראלים. מיט אַ מאָל איז געקומען אַ סוף צו אַלע סאָציאַ־לע באַציִונגען. די סאָוויעטישע וויסנשאַפטלער זענען געקומען און אַוועקגעגאַנגען ווי אַ סטאַדע, אַנגעפּירט און אָנגעטריבן דורך עטלעכע „ען־קאַ־ווע־דע"־אַגענטן, וואָס האָבן פּאָזירט אַלס באַאַמטע פון דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדע. ס'איז געווען טראַגי־קאָמיש.

אין 1959 איז די ערשטע און — אויף וויפל איך געדענק — די לעצטע אָר־גאַניזירטע גרופּע פון יידישע טוריסטן פון סאָוויעט־רוסלאַנד, קינסטלער, שריפט־שטעלער, אָנגעזעענע פּראָפעסיאָנאַלן, געקומען קיין ישׂראל אויסשפּיאָנירן דאָס לאַנד.

דאָס אויסערן־מיניסטעריום פון ישׂראל האָט מיך געבעטן צו ווייזן די מענטשן דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט, אונטערהאַלטן זיי ביי אַ פרישטיק און אין אַלגעמיין אויפנעמען זיי ווי חשובע געסט. זיי זענען געווען דרייצן פּערזאָן. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּחידושן פון די ווונדער פון דעם אינסטיטוט, ווי זיי וואָלטן אַריינ־געפאַלן אין אַן אָאַזיס אין מיטן פון אַ מדבר. דאַן האָבן מיר זיך אַוועקגע־זעצט צו אַ פייערלעכן מאָלצייט. איך האָב געהאַלטן אַ קורצע רעדע און האָב אָנגעהויבן מיט „מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד". דערנאָך האָב איך זיי געזאָגט אין יידיש — וואָס איז געווען אונדזער איינציקע געמיינזאַמע שפּראַך — אַז ווען צוויי גויִם שלאָגן זיך, איז דאָס בעסטע פאַר יידן צו בלייבן שטיין אָן אַ זייט, בכדי אַליין נישט אַריינצוכאַפּן קלעפּ. אין דער גרופּע איז געווען איינער, ווייזט אויס זייער „שומר", אָן „אַפּאַראַטטשיק", וועלכער האָט נישט אין גאַנצן פאַרשטאַנען מיין יידיש. ער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און גענומען פּראָ־טעסטירן: „מיר זענען רוסן. מיר ווייסן נישט פון קיין אונטערשייד צווישן יידן און נישט־יידן. מיר זענען אַלע גלייך" — און אַזוי האָט ער אין איין אָטעם אָפּ־געזאָגט די גאַנצע סאָוויעטישע „תורה". אַ מיטגליד פון דעם פּערסאָנאַל פון אונ־דזער אינסטיטוט, וועלכער רעדט רוסיש, האָט דאַן דערקלערט דעם „שומר פון דער רעוואָלוציע", אַז ער האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען; אַז אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן, איז געווען, אַז מדינת ישׂראל דאַרף זיין פריינדלעך מיט אַלע מלוכות, סיי די פון מזרח און סיי די פון מערב, און אָפּהיטן איר אייגענעם וויינ־גאָרטן. דאָס איז טאַקע געווען דער אויספיר, וועלכן איך האָב געוואָלט מאַכן. אויב ער האָט מיך פאַרשטאַנען אַנדערש, איז עס געווען זיין שולד דערמיט, וואָס ער איז געווען פול מיט אומצוטרוי.

נאָך דעם דאָזיקן „אינטערמעצאָ" האָט איינע פון די פרויען אין דער גרופּע זיך אָפּגעשטעלט און געהאַלטן אַ פלאַם־פייערדיקע רעדע וועגן סאָוויעט־רוסלאַנד, ווי וווּנדערלעך די יידן ווערן דאָרט באַהאַנדלט. אַ באַווייז איז די הויכע פּאָזיציע, וואָס זי אַליין פאַרנעמט. און פאַר אַ גוטן „צושפּייז" האָט זי אַריינגעוואָרפן עטלעכע קאָמפּלימענטן וועגן דער צוקונפט פון סאָציאַליזם אין ישׂראל.

נאָך דעם פרישטיק האָט דער אָנפירער פון דער גרופּע, פּלאָטקין האָט ער געהייסן, זיך געזעגנט מיט מיר האַרציק, געדריקט וואַרעם מיין האַנט, אַרומגענומען זיך מיט מיר און זיך צעקושט, מאַכנדיק אַ זשעסט, ווי ער וואָלט דורכגעשניטן זיין האַלדז מיט אַ מעסער: „זיי קאָנען מיר אָפּשניידן דעם האַלדז, אָבער איך וועל דערציילן דעם אמת וועגן ישׂראל" — און עס האָט אויסגעזען צו זיין זייער אויפריכטיק.

ווען איך האָב באַגלייט מיינע באַזוכער צו זייערע אויטאָמאָבילן, האָב איך באַמערקט אַז די פרוי, וועלכע האָט געהאַלטן די פלאַם-פייערדיקע רעדע, האָט געשלעפּט אירע פיס, ווי זי וואָלט געוואָלט זיין די לעצטע אַראָפּצוגיין פון די טרעפּ. מיר האָבן זיך אויסגעגלייכט ביים אַראָפּגיין. זי האָט זיך אָנגעקלאַמערט אָן מיין האַנט און געזאָגט בקול דממה דקה אויף יידיש: „איר פאַרשטייט דאָך, אַז איך האָב געמוזט אַזוי רעדן". דאָס איז געווען אַלץ — און איך האָב פאַרשטאַנען.

וואָס שייך פּלאָטקינען, האָב איך געוואָרט אויף דער האַק, וואָס וועט זיך אַראָפּלאָזן אויף אים אויפן מזבח פון יידישן פּאַטריאָטיזם. איך האָב נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטן דערויף. אַ גראָב, שמוציק און אומגעהויער נידערטרעכטיק בילד פון ישׂראל איז אַרויסגעקומען פון זיין פּען אין אַ קליין ביכל אונטערן נאָמען „אַ באַזוך אין ישׂראל", וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ". דאָס ביכל ענדיקט זיך מיט אַן אָפענעם בריוו אין גראַמען, אַדרעסירט צו מיר, „פּראָפעסאָר מ. ווייסגאַל". דער תּמצית פון דעם ביכל איז, אַז אַלע יידן זענען נישט קיין ברידער; אַז געוויסע יידן וועט ער, גריגאָרי פּלאָטקין, אַפילו נישט אָנטאָן דעם כּבוד צו רופן זיי „ווייטע קוזינען". צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע געהערן די יידן, וועלכע זענען ליגנערס און פאַרשפּרייטן שקרים; וועלכע טרינקען „ברודערשאַפט" מיט באָן; וועלכע באַגריסן די, וואָס ווילן לינטשן פּאָול ראָבסאָנען, און וועלכע חלומען וועגן מאַכן אַן אינוואַזיע אין זיין היימלאַנד, אין סאָוויעט-רוסלאַנד. די „פּאָעמע" פאַרענדיקט זיך מיט אַן אידענטיטעט-דעקלאַראַציע: „איך בין אַ באַליבטער זון פון מיין באַליבטער אוקראַינע. סאָוויעט-רוסלאַנד איז מיר טייערער, ווי דאָס לעבן אַליין. איך בין אַ זון פון סאָוויעט-רוסלאַנד, און עס איז נישטאָ קיין אַנדערער נאָמען, מיט וועלכן מען קאָן מיך רופן".

איך האָב געהאַט נאָך אַנדערע באַגעגענישן מיט רוסן. קיין איינע פון זיי האָט נישט געקאָנט אַרויסרופן אין מיר קיין באַוואונדערונג. דער ווייצמאַן-אינסטיטוט און די איינאָרדענונג פאַר וויסנשאַפטלער-געסט זענען אָפן פאַר וויסנשאַפטלער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן. די סאָוויעטישע אַמבאַסאַדע אין רמת־גן האָט אונדז געבעטן צו דערלויבן אַ רוסישן וויסנשאַפטלער צו קומען אין אינסטיטוט. „בכּבוד גדול" — האָב איך געזאָגט דעם סעקרעטאַר פון דער אַמבאַסאַדע — „זאָל ער זיך ווענדן". אָבער די רוסן לאָזן נישט איבער אַזעלכע זאַכן, ווי אויסטויש פון וויסנשאַפטלער, צו דעם בלויזן צופאַל. זיי האָבן אַריינגעטראָגן פאַר אים די ביטע. דער נאָמען, וואָס זיי האָבן פאָרגעשלאָגן, איז געווען אומבאַקאַנט פאַר אונדזערע וויסנשאַפטלער. יעדער, וועלכער איז היימיש מיט באַציִונגען צווישן וויסנ-

שאַפּטלער, ווייסט ווי אינטערנאַציאָנאַל די דאָזיקע קאָנטשאַפּטן זענען. מענטשן, וועלכע אַרבעטן אויף וועלכן עס איז ספּעציפֿישן געביט, קענען איינער דעם אַנדערן — ווי פֿרעמד זיי זאָלן נישט זיין צווישן זיך — דורך זייערע שריפֿטלעכע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן, אָדער דורך זייער באַטייליקונג אין קאָנגרעסן — צי זיי לעבן אין קאַמטשאַטקאַ אָדער אין באָסטאָן. יענער פֿאַרגעשלאָגענער רוס איז געווען נישט מער ווי אַ פּראַגע־צייכן. נאָך אונדזערע ערשטע אונטעררזוכונגען האָב איך געזאָגט דעם סעקרעטאַר פֿון דער אַמבאַסאַדע, אַז דאָס עסק וועט נישט גייך. ער האָט פּראָטעסטירט. איך האָב געענטפֿערט: „דער מאַן דאַרף האָבן אַ געוויסע וויסנשאַפֿטלעכע רעפּוטאַציע, כּדי צו ווערן אָנגענומען". דער רוס האָט נישט אויפֿגעהערט צוצושטיין צו מיר. סוף־כּל־סוף האָב איך אים געזאָגט, וואָס איך האָב באמת געטראַכט: „אויב איר ווילט שיקן אַ וויסנשאַפֿטלער, וועלן מיר זיין זייער צופֿרידן אים צו האָבן ביי אונדז. מיר וועלן אַפֿילו זיך לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט צו מאַכן מעגלעך, אַז ער זאָל קומען. אָבער מיר זענען נישט אינטערעסירט אין קיין אונטערגעשטעלטן מענטשן".

די מאַטעמאַטיקער און געאָפֿיזיקער פֿון ווייצמאַן־אינסטיטוט זענען געווען זייער שטאַרק אַריינגעטאָן אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן געאָפֿיזישן יאָר, אין 1957 ־ 1958. יוסף קאַפּלאַן פֿון קאַליפֿאָרניע־אוניווערסיטעט איז געווען פּאָרזיצער פֿון אַמעריקאַנער קאָמיטעט. חיים פּעקעריס, איינער פֿון אונדזערע וויסנשאַפֿטלער־רייזנדע, און מיין שכן פֿון איין הויז ווייטער, האָט זיך באַטייליקט אין אַ באַראַטונג אין מאָסקווע, ווו דער פֿאָרשלאָג אָפּצוהאַלטן די קומענדיקע קאָנפֿערענץ אין רחובות איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פֿון אָנערקענונג פֿאַר אונדזער אינסטיטוט און פֿאַר זיינע וויסנשאַפֿטלעכע ביישטייערונגען. סאָוויעט־רוסלאַנד האָט געזאָלט שיקן פֿינף דעלעגאַטן צו דער קאָנפֿערענץ אין רחובות. ווי עס איז דער מינהג אין אַזעלכע פֿאַלן, שיקן אַריין די לענדער די נעמען פֿון זייערע דעלעגאַטן פֿאָרויס, און בכדי אויסצומיידן אַ קריזיס, קומען די דעלעגאַטן פֿריִער, פֿאַרן באַשטימטן טערמין. אָבער מיט די רוסן איז עס געווען איין טאָג יאָ, און איין טאָג — ניין. אַ טאָג פֿאַר דער דערעפֿענונג פֿון דער קאָנפֿערענץ האָט זיך באַוויזן איינער פֿון זיי, זיין נאָמען איז געווען: פּראָפֿעסאָר קאַלאָס אובראַקים. פּעקעריס האָט איינגעאָרדנט אַ קבלת־פּנים, און דער רוס איז געווען דער „חתן פֿון דער שׂמחה". נאַטירלעך בין איך צוגעגאַנגען צו אים און האָב אים באַגריסט מיט „שלום". זיין ענטפֿער איז געווען: „לשנה הבאה בירושלים". ער האָט מיר דערקלערט, אַז דער ריכטיקער אופֿן פֿון אַרויסרעדן זיין נאָמען איז פֿאַרקריפּלט געוואָרן דורך די רוסישע אותיות. זיין נאָמען דאַרף באמת קלינגען נישט אַנדערש, ווי „קולות וברקים" אין אַ גוטן אַשכּנזישן לשון־קודש. זיין פֿאָטער איז געווען אַ העברעיִסט און אויך אַ גוטער סאָציאַליסט. און ווען ער, דער איצטיקער וויסנשאַפֿטלער, איז געבוירן געוואָרן אין מיטן פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט געדאַרפֿט ברענגען דער מענטשהייט די נייע עשׂרת־הדברות — האָט זיין פֿאָטער זיך דערמאָנט וועגן די „קולות וברקים", וואָס

האָבן באַגלייט משה רבינון, ווען ער איז אַרויף אויפֿן הר־סיני נעמען די לוחות. און זינט דעמאָלט טראָגט דער וויסנשאַפֿטלער דעם דאָזיקן נאָמען.

ווי עס איז אונדזער מינהג אין רחובות, האָט די קאָנפֿערענץ זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ באַנקעט, ביי וועלכן דער הויפּט פֿון יעדער דעלעגאַציע האָט געזאָגט אַ פּאָר ווערטער אין ענגליש, אָדער אין זיין אייגענער שפּראַך. קאָלאָס אובראַקים האָט אויסגעקליבן צו רעדן ענגליש. און ער האָט געזאָגט אָט וואָס: „דאָס איז אַ לאַנד פֿון נסים. דער ערשטער נס איז, אַז איר עקזיסטירט. דער צווייטער נס איז, אַז איר האָט דאָ אַן אינסטיטוט פֿון אַזאַ הויך. אַזאַ אינסטיטוט געהערט באמת צו די פֿאַראייניקטע שטאַטן אָדער צו סאָוויעט־רוסלאַנד, אָדער אפשר צו ענגלאַנד. אין מיין גאַנצער וויסנשאַפֿטלעכער דערפֿאַרונג האָב איך נישט באַגעגנט אַזאַ אינסטיטוט אין אַזאַ קליין לאַנד. דער דריטער נס איז, אַז איך בין דאָ". און מיט די דאָזיקע ווערטער איז ער אַראָפּגעגאַנגען פֿון דער בינע.

און ווייל איך בין אַן אייביקער אָפּטימיסט, האָב איך קיין מאָל נישט דערלאָזט, אַז קליינע, אומאָנגענעמע אינצידענטן, זאָלן פֿאַרטונקלען דעם מוח. אין 1966 האָט לילי שולץ, איינע פֿון מיינע שותּפים־מיטאַרבעטער אין ניו־יאָרק, באַגעגנט יעווגעני יעווטושענקאָן, דעם יונגן רוסישן פּאָעט, בעת איינער פֿון זיינע אינטערנאַציאָנאַלע רייזעס צו לייענען זיין פּאָעזיע. לילי שולץ, וועלכע איז גוט באַקאַנט מיט מיינע — איצט שוין אַ ביסל איינגעשלאָפֿענע — אימפּרעסאַריאָ־אינסטינקטן, האָט פֿאָרגעשלאָגן איך זאָל פֿאַרבעטן יעווטושענקאָן אַרויסצוטרעטן אין „יד ווייצמאַן". איך האָב אים פֿאַרבעטן. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס איך האָב געוואָגט אים פֿאָרצושלאָגן. אָבער איך האָב געוווסט, אַז אַנדערע וועלן זיך אַריינלייגן אין דעם ענין און אים באַזאָרגן אין ישׂראל מיט אַ בינע. ער האָט ענטוזיאַסטיש אָנגענומען מיין איינלאַדונג. איך האָב געגלויבט, אַז עס וועט זיין אַ גרויסע איבערלעבונג סיי פֿאַר דעם יונגן פּאָעט און סיי פֿאַר אַ גאַנצן לעגיאָן פֿון רוסיש־נאָסטאַלגישע ישׂראלים. ליידער איז קיין מאָל נישט געקומען דערצו. די זעקס־טאָגיקע מלחמה האָט זיך אַריינגעמישט. אַ וואָך אָדער צוויי שפּעטער האָב איך באַקומען אַ בריוו פֿון יעווטושענקאָן:

טייערער מר. מאיר וויסגאַל,

„צוליב די שווערע אינטערנאַציאָנאַלע סיטואַציעס קאָן איך נישט, ליידער, אָננעמען איצט אייער איינלאַדונג קיין ישׂראל. דאָס דאַרף זיכער זיין קלאָר פֿאַר אייך. אָבער איך האָף, אַז דאָס וועט זיין מעגלעך אין דער צוקונפֿט.

אַ דאַנק אייך פֿאַר אייער איינלאַדונג.

אויב עס וועט זיין אַ מעגלעכקייט צו רעאַליזירן אייער פֿאָרשלאָג, וועל איך אייך **גלייך** אינפֿאָרמירן.

אַ סך גרוסן

יעווגעני יעווטושענקאָ"

ווען איך שרייב די שורות, האָט די דאָזיקע מעגלעכקייט נאָך אַלץ זיך נישט געשאַפן. די וואָלקנס איבער אונדזערע באַציִונגען מיט רוסלאַנד זענען געוואָרן נאָך געדיכטער און טונקעלער. אָבער ישראל האָט באַוויזן איבערצולעבן דעם צאָרן פון דער סאָוויעטישער מאַכט. פאַראַן אַ האָפענונג, אַז אויך דאָס רוסישע פאָלק וועט דאָס איבערלעבן.

# 23. לזכרון: שרת און אשכול

איך האָב כּסדר אָנגעוויזן אין די פריִערדיקע קאַפּיטלען, אַז הגם איך בין מיין גאַנץ לעבן געווען אַ ציוניסט, בין איך קיין מאָל נישט געווען פאַרקאָכט אין ציוניסטישן פּאָליטישן קעסל. איך בין געווען אַריינגעמישט אין די אינער־לעכע ענינים פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע אַלס רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל; אַלס נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר און ליפּסקיס שליח „לכל דבר״. אָבער מיינע דערפאַרונגען האָבן ביי מיר אָפּגענומען יעדן חשק, וואָס איך וואָלט געקאָנט האָבן, צו ווערן אַ פּאָליטישער סטאַר ביי ציוניסטן.

מיין שפּעטערדיקע פאַרבינדונג מיט ווייצמאַנען האָט מיך ווידער אַ מאָל דערפירט צום פּרוזדור פון פּאָליטיקעריי, אָבער נישט מער. איך האָב קיין מאָל נישט געקאָנט זיך אַרומטעסען אַזוי, אַז איך זאָל זיין לאָיאַל צו איין פּאַרטיי — וואָס איז דער אומבאַדינגטער יסוד כּדי מאַכן פּאָליטיק. איך האָב נישט געקראָגן דאָס „קנעפּל״ פון קיין שום פּאַרטיי אין ציוניזם, און האָב נישט געהערט צו קיין שום פראַקציע. איך האָב געהאַט פריינד און שׂונאים אין אַלע פּאַרטייען. מיינע סימפּאַטיעס האָבן זיך געדרייט אין דער ריכטונג פון לינקס ביז דעם צענטער. די השומר הצעירישע קיבוצים־באַוועגונג אין די ערשטע „מיידלשע״ צייטן, איידער זי איז געוואָרן מפּ״ם, איז געווען מיין אידעאַל. איך בין געווען אַ ליבעראַל, אַ קעגנער פון עקסטרעמיזם סיי פון רעכטס און סיי פון לינקס, סיי פון די רע־ליגיעזע און סיי פון די סעקולערע קרייזן.

דאָס מיינט נישט, אַז פּאָליטיק זאָל מיך נישט האָבן אינטערעסירט. להיפּך — זי האָט מיך פאַרכאַפּט פון צייט צו צייט, אָבער פון אַ וויטערן מהלך. ווען איך האָב זיך באַזעצט אין ישׂראל, האָב איך נישט געהאַט בדעה אַריבערצוּוואַרפן זיך פון ציוניסטישער פּאָליטיק צו ישׂראלדיקער פּאָליטיק. די אינערלעכע קאַמפן, די אינטריגעס און די להוטקייט פאַר מאַכט אין ישׂראל זענען געווען צו פיל ענלעך צו דער זעלבער שפּיל, וואָס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג בכלל. ציוניסטישע פּאָליטיקער פלעגן פאָרן אַהיים נאָך די קאָנגרעסן צו זייערע באַשעפ־טיקונגען אַלס רבנים, צייטונגס־מענטשן, אָדער ביזנעס־מענטשן, צי סתּם אינטע־לעקטואַלן. אין ישׂראל גייט מען אַהיים צו פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען.

אויך אין ישׂראל האָב איך זיך קיין מאָל נישט אידענטיפיצירט מיט איין קאָנקרעטער פּאַרטיי. איך האָב געטראַכט, אַז דער ווייצמאַן־אינסטיטוט וועט מיך בכלל באַשיצן פון אַריינמישן זיך אין פּאָליטיק. אָבער איך האָב געמאַכט אַ טעות. ווען ווייצמאַן האָט געלעבט, האָבן מיין נאָענטקייט מיט אים און די פּאַרשפּרייטע אילוזיע, אַז איך וואָלט אים געקאָנט באַוועגן צו טאָן אַלץ אין דער וועלט — געמאַכט פון מיר אַ מין פּאָליטישן „אַנהאַלט". יעדער איינער האָט געזוכט מיין שטיצע, פון משה סנה אויף לינקס ביז איטשע־מאיר לעווין אויף דער עקסטרעם־רעכטער רעליגיעזער זייט. און דאַן האָט דער אינסטיטוט אַליין מיך אַריינגעשלעפּט אומפאַרמיידלעך אין עסקים מיט מלכות — אין פינאַנסיעלע, דערציִערישע, פּאָליטישע און זיכערקייטס־ענינים. סוף־כל־סוף האָב איך די אַלע מענטשן אין מלכות געקענט אַזוי לאַנג, און ביי אַזוי פיל אומשטענדן, בעת מיינע אייגענע און זייערע פּאָליטישע גילגולים, אַז עס איז קוים געווען איינער אין ישׂראלס ממשלה, וועלכער זאָל נישט האָבן עפּעס איינגעטענהט אַ מאָל מיט מיר ביי אַ גלעזל טיי. צי איך האָב געוואָלט, צי נישט — האָב איך געוווּסט אַ סך וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין „קודש הקדשים". אַ סך מנהיגים אין ישׂראל האָבן זיך געפילט פריי אַראָפּצורעדן זיך פון האַרצן פאַר מיר וועגן זייערע דאגות, צרות, וועגן די אינערלעכע סכסוכים, וועגן די פּאָליטישע משׂא ומתנס, אינטריגעס און וועגן די אַלע אַנדערע מענטשלעכע שוואַכקייטן, פון וועלכע קיינער, אַפילו נישט דער גדול שבגדולים, איז באַשיצט. וואָס קלענער עס איז אַ לאַנד, אַלץ מער געדיכט און געשפּאַנט איז זיין פּאָליטישע אַטמאָספער, אַלץ שאַרפער און ליידנשאַפטלעכער זענען די פערזענלעכע מחלוקתן. מיין היים אין רחובות איז געוואָרן אַ מין „כותל מערבי".

אין די ערשטע פופצן יאָר פון ישׂראלס מלוכהשאַפט איז די גאַנצע סצענע געווען באַהערשט דורך דוד בן־גוריון — צום גוטן ווי צום שלעכטן. זיין אייזערנער ווילן איז געווען די סיבה פון איין קריזיס נאָכן אַנדערן, אַ גרעסערן, אַ קלענערן צי אַ נישטיקן קריזיס. ס'איז דעריבער נישט געווען קיין איבערראַשונג, וואָס ער איז געוואָרן די הויפּטפיגור, אויף וועלכער מען האָט זיך באַקלאָגט און געוויינט. אָבער מערקווירדיק איז געווען דער פאַקט, וואָס טרערן האָבן פאַרגאָסן נישט זיינע קעגנער פון אַנדערע פּאַרטייען, נאָר מיטגלידער פון זיין אייגענער פּאַרטיי, זיינע איבערגעגעבענע שותפים און שטיצער. צו זיי האָבן געהערט מענטשן, וועלכע זענען אַריין אין ישׂראלס געשיכטע: ישׂראל גלילי, משה שרת, פּנחס לבון, לוי אשכול.

דעריבער טו איך עס מער מיט אַ טיפן באַדויערן, ווי מיט פאַרביטערטקייט און כעס, ווען איך נעם זיך שרייבן וועגן דעם ענין. עס טוט מיר ווי פאַר דעם גורל פון דריי מענטשן. צוויי פון זיי, וועלכע איך האָב ליב געהאַט און באַוווּנדערט, האָבן געליטן פון דוד בן־גוריון: משה שרת און לוי אשכול. און דער דריטער איז — דוד בן־גוריון אַליין.

מען קאָן טענהן און באַשטימען — אַזוי ווי ווייצמאַן האָט דאָס געטאָן — אַז למען השלום, און פאַר די אינטערעסן פון אחדות און פאַר אָנהאַלטן אַ גוטע שטימונג, דאַרף מען פאַרקוקן אַלע אומאַנגענעמע זאַכן. עס זענען פאַראַן חדרים

און קעלערס, וואָס זענען אָנגעפּאַקט מיט אַרכיוו־אַקטן, פול מיט „מעדנים״, וועל־כע וועלן אין משך פון דער צייט געעפנט ווערן פאַר „וויסנשאַפטלעכע״ און „היס־טאָרישע״ צוועקן. „אחרי מות קדושים אמור״ — ווערט מער נישט פּראַקטיצירט. נישט באַלד נאָכן טויט פון אַ באַדייטנדיקן מענטשן, נאָר לכל־הפּחות פינף און צוואַנציק יאָר שפּעטער האָבן מיר אַ צוטריט צו די דאָקומענטן און צו די פאַקטן, וועלכע הויבן אָן ווייזן, וואָס דער מענטש האָט באמת געטאָן גוטס און וואָס ער האָט געטאָן שלעכטס. און מיר קאָנען אים אָנהייבן זען אין זיין גאַנצקייט. איך בין געריררט פון דזש. ק. גאַלברייטס גרויסמוטיקייט צו קרישנאַ מענאָן („איצט אַן אַלטער מאַן״), ווען ער זאָגט זיך אָפּ צו עפענען אַלטע וווּנדן און מיידט אויס די צאַרנדיקע באַמערקונגען און קאָמענטאַרן, וואָס זענען געווען אין דעם „זשור־נאַל״, וועלכן ער האָט געשריבן אין מיטן פון די הייסע געשעענישן.

אָבער דאָס איז מיין אויטאָביאָגראַפיע, און איך האָב נישט בדעה צו שרייבן אַ וויסנשאַפטלעך ווערק (הגם די פאַקטן אין דעם בוך וועלן קאָנען נאָכקאָנטראָ־לירט ווערן אין די אַקטן, ווען די צייט וועט קומען). און איך האָב אויך איבער־געלעבט די דאָזיקע געשעענישן, און זיי האָבן אויך געמאַכט מיין לעבן אַנדערש, ווי עס וואָלט געווען אָן זיי. און איך האָב בדעה צו דערציילן וועגן זיי דעם פולן אמת און אָן שׂנאה שבלב. דערפאַר האָב איך באַשלאָסן אַריינצונעמען זיי אין מיין בוך, הגם מיט אַ געוויסער צוריקגעהאַלטנקייט און מעסיקייט.

אין 1966, צו בן־גוריונס אַכציקסטן געבוירנטאָג, האָט די „הדסה״־אָרגאַניזאַ־ציע אין אַמעריקע — צוליב טעמים, אין וועלכע איך קען זיך נישט געגנוג אַריינ־לאָזן — מיך געבעטן אָנצושרייבן אַן אַרטיקל וועגן אים פאַרן „הדסה״־זשור־נאַל. דער בריוו, אין וועלכן איך בין געבעטן געוואָרן אָנצושרייבן דאָס אַרטיקל, האָט זיך אָנגעהויבן ווי געווינלעך: „איר זענט דער איין־און־איינציקער מענטש א.אַ.וו.״. דער אמת איז, אַז איך בין געווען דער לעצטער צו שרייבן דאָס אַרטיקל, איך האָב טאַקע נאָר־וואָס געהאַט געלייענט אַ קליין בוך פון מיין פריינד מרדכי צאַנין, וואָס האָט „געפּייערט״ די דאָזיקע געשעעניש, און וואָס האָט מיר פאַר־שאַפט אַ סך נחת. דאָס בוך הייסט: „די דעקאַדענץ פון אַ משיח״ און אַלס מאָטאָ צו דעם בוך האָט ער געשריבן: „בענק נאָך משיחן, אָבער זיי מתפלל, ער זאָל קיין מאָל נישט קומען״. איך האָב אָנגערופן מיין אַרטיקל: „בן־גוריון... אָן טרערן״. איך האָב געשטעלט אַ תּנאי, אַז זיי זאָלן נישט אָנווענדן קיין שום צענזור. זיי האָבן דעם באַדינג אָנגענומען אַזוי גערן, ווי זיי האָבן אים געבראָכן. אָבער איצט איז עס נישט אַזוי. אַלץ וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין דרוק פון דעם אַרטיקל, איז געווען ריכטיק, אָבער נישט אַלץ איז דערשינען. איך האָב געשריבן צווישן אַנדערן:

„די מערסטע גרויסע מענטשן זענען פּשוטע מענטשן, און דער עצם פון זייער כאַראַקטער איז פאַרשטענדלעך. אָבער דוד בן־גוריון איז זיכער נישט איינער פון זיי. ער איז, ווי ער איז תּמיד געווען, אַ זייער קאָמפּלי־צירטער מענטש, מיט קאָמפּליצירטע סטימולן און אימפּולסן, און מיט קאָמ־פּליצירטע מעטאָדן אין זיינע מעשׂים.

דער כאַראַקטער פון פירערשאַפט איז נישט אַ מאַנאַליטישע גאַנצקייט, וואָס זאָל זיך לאָזן לייכט אַנאַליזירן אָדער עקזאַמינירן. אין משך פון דער גאַנצער געשיכטע זענען מענטשן, וועלכע זענען אַרויסגעקומען אין דער ערשטער ריי פון די מאַסן, נישט נאָכגעגאַנגען אַ באַשטימטן אופן, אָדער פאַסאָן. יעדער פון זיי איז באַוויגן געוואָרן דורך זיינע אייגענע באַזונדערע און ספּעציפישע אימפּולסן.

מעגלעך, אַז איין צוגאַנג צו דער אַנאַליזירונג פון בן־גוריונס כאַראַקטער איז צו זען אים אין דער ציוניסטישער ראַם און פּרוּוון אים פאַרגלייכן מיט צוויי אַנדערע ריזן פון דער באַוועגונג. זיי הויבן זיך אויף ווי טורעמס אין די רייען פון די, וועלכע האָבן זיך איבערגעגעבן און געווידמעט דעם ציוניזם. איך טראַכט בלויז וועגן די דריי: טעאָדאָר הערצל, חיים ווייצמאַן און דוד בן־גוריון. און פון זיי איז בן־גוריון דער, וועלכער אונטערשיידט זיך אַממייסטן. ווען מען באַטראַכט הערצלען פון דער ווייטער פּערספּעקטיוו פון צייט, איז ער אפשר געווען דער ווייטסטער פון דער אידייע גופא. ער איז געווען צום ווינציקסטן יידיש, וצם מערסטן אומגעווינטלעך משונהדיק און פּאַראַדאָקסאַל, און אויך צום מערסטן נאַיִוו. איך האָב זיך אָפט געפרעגט, אין וואָס פאַר אַ מאָס ער האָט אַליין פאַרשטאַנען די ממשות און די ווירקונג פון זיין אייגענער גרויסער אידייע. ווייצמאַן, צו וועמען איך בין אַליין געווען זיכער אַמנאָענטסטן, איז געווען — ווי איך מיין — צום מערסטן יידיש, צום מערסטן איידל און פיין — דער מענטש, וועלכער האָט אין זיך אַליין געשאַפן דעם אויסגעצייכנטסטן קשר צווישן מזרח און מערב און האָט אויך באַזייטיקט דעם מהלך צו פאַראייניקן זיין פּערזענלעכע שטרעבונג מיט אַן אינדיווידועלן באַרוף. צוניפּבינדנדיק אין זיך דעם וויסנשאַפטלער און שטאַטסמאַן, איז ער קודם־כּל און איבער אַלץ און אַלעם, געווען אַ ייד, און אַלס אַזעלכער אַן אמתער קאָסמאָפּאָליט.

אָבער וואָס איז וועגן בן־גוריונען? פון זיי אַלע איז ער געווען אַמטיפסטן אַריינגעטאָן אין לאַנד גופא, אין ארץ־ישׂראל. ער איז דער ארץ־ישׂראלדיקער ציוניסט, דער זון און דער פירער פון ישוב צוזאַמען. מאַכט נישט אויס זיין פלאַנסקער אָפּשטאַם (זיין קיקל). מיט דעם פיזישן ארץ־ישׂראל וועט ער ווערן אויף אייביק אידענטיפיצירט.

אויב עס איז אמת, אַז געשיכטע חזרט זיך ציטנווייז איבער, איז די דאָזיקע איבערחזרונג אַ זייער אומגעווינטלעכע און איבערראַשנדיקע. נעמט די געשיכטע פון אברהם אָבינו, משה רבינו, יהושע בן־נון. נאָר צו אברהם אָבינו האָט זיך אַנטפּלעקט דער רבונו־של־עולם מיט דער יידישער אמונה. משה רבינו האָט פון אַ מאַסע פון קנעכט — „עבדים היינו" — אויסגעפורעמט אַ פאָלק און אים צוגעפירט צו די גרענעצן פון כנען. אָבער יהושע בן־נון איז אַריבערגעגאַנגען די גרענעץ און האָט אַריינגעפירט דאָס יידישע פאָלק אין צוגעזאָגטן לאַנד.

און אַזוי איז געווען דוד בן־גוריון, וועלכער האָט פאַרווירקלעכט די וויזיע פון הערצלען און ווייצמאַנען און וועלכער איז ביים סוף פון דעם

לאַנגן וועג פון ציוניזם קיין ציון געוואָרן דער, וועלכער האָט אויסגעפירט דעם לעצטן באַשלוס, וואָס האָט אָנגעהויבן אַ נייע תּקופה אין דער יידישער געשיכטע. מיט דעם איינעם אַקט איז זיין אָרט אין דער געשיכטע פאַר־זיכערט.

...אין די יאָרן נאָך אונדזערע ערשטע באַגעגענישן, אין די צוואַנציקער און אין די פריִע דרייסיקער יאָרן, איז דוד בן־גוריון געווען בעיקר אַן ארץ־ישׂראלדיקער פירער, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דעם לאַנד גופא, מיט די ספּעציפישע פּראָבלעמען פון דער אַרבעטער־באַפעלקערונג אין לאַנד, וואָס איז רעגירט געוואָרן דורך אַ פרעמדער אַדמיניסטראַציע. אין יענע טעג איז ער געווען צווישן די אָנגעזעענסטע טעאָרעטיקער פון מפא״י. דער גייסטיקער פירער פון דער אַרבעטערשאַפט איז געווען בערל קאַצע־נעלסאָן. דוד בן־גוריון איז צום בעסטן ווען ער ווערט געשטעלט אין אַ לאַגע צו דאַרפן ענטפערן אויף אַ קעגנערישער מיינונג. ווען מען רופט אים צו דער בינע צו האַלטן אַ רעדע, קוקט ער זיך אַרום איבערן זאַל צו געפי־נען זיין קרבן. ווען ער געפינט אַזאַ קרבן, איז בן־גוריון אויסגעצייכנט, אַפילו ווען מען איז נישט מסכּים מיט אים. אָבער עס פּאַסירט, אַז ער קאָן נישט געפינען קיין קרבן...

דאַן האָבן צייט, אָרט, דער מענטש און די נויטווענדיקייט זיך צונויפ־געגאַנגען — ווי זיי האָבן אַ טבע דאָס צו טאָן. אין די שפּעטע דרייסיקער און אין די פערציקער יאָרן, ווען עס האָט זיך אָנגערוקט דער קאַטאַקליזם, און ווען די קאַמפּלינישעס זענען אָנגעצייכנט געוואָרן, איז בן־גוריון זעלבסט־פאַרשטענדלעך געוואָרן דער פירער פאַר עקסעלאַנס פון דעם ישוב. אַזוי ווי טשערטשיל, האָט זיין פּערזענלעכקייט אים באַוואָפנט מיט דעם, וואָס איז געווען נויטיק אין דעם מאָמענט. אין איינעם מיט דעם זענען עס אויך געווען: זיין אינטימקייט מיט דעם לאַנד, זיין איינגעבוירענע קעמפעריש־קייט, זיין פעיִקייט אָנצונעמען גיך באַשלוסן; זיין נישט־רעכנען זיך מיט די מיינונגען פון אַנדערע; דאָס נישט זיין אָביעקטיוו — און זיין קוראַזש.

ווען דער שווערקייטס־פּונקט איז סוף־כּל־סוף אַריבערגעגאַנגען פון די ציוניסטישע באַמיִונגען אין גלות צו דעם פּאָקטישן קאַמף פאַרן נאַ־ציאָנאַלן קיום אין ארץ־ישׂראל; ווען דאָס יאָר 1948 איז ענדלעך אָנגעקו־מען — האָט בן־גוריון פאַרנומען דעם פּלאַץ, וואָס איז אים געקומען מיט רעכט. ער איז געוואָרן דער פירער פון דעם קאָלעקטיוון יידישן ווילן פאַר מלוכהשאַפט — און פאַר פאַרזיכערן דעם המשך פון נאַציאָנאַלן קיום״.

**ווען טשערטשיל איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער מאַכט, בעת ער האָט שוין געהאַלטן ערב דעם נצחון, האָט ער זיך עס גענומען שטאַרק צום האַרצן. זיין פרוי האָט אים דעמאָלט געזאָגט: „וועך ווייסט, אפשר איז עס אַ פאַרשטעלטע ברכה״. און עס איז געווען! טשערטשיל איז פאַרבליבן דער גרויסער זקן פון ענגלאַנד. טאָמער וואָלט דוד בן־גוריון באַזייטיקט געוואָרן, אָדער ער וואָלט זיך צוריקגעצויגן אין דער געהעריקער צייט נאָך דער קאָנסאָלידירונג פון דער**

יונגער מדינה, וואָלט זיין אָרט אין דער געשיכטע אויך פֿאַרבליבן אומבאַרירט און אומבאַפֿלעקט. עס איז איבעריק צו ספּעקולירן וועגן דעם, ווי אַזוי די אַנט־וויקלונגען אין ישׂראל וואָלטן אויסגעזען אָן אים. אונדזערע באַציִונגען מיט די אַראַבער וואָלטן אפֿשר אָנגענומען אַן אַנדערע ווענדונג. די אינערלעכע אַנטוויק־לונגען וואָלטן אפֿשר געווען בעסער, אָדער ערגער. אָבער בן־גוריון האָט זיך געהאַלטן ביי דער מאַכט און האָט די מאַכט אינטענסיפֿיצירט. פֿופֿצן יאָר איז ער פֿאַרבליבן דער איינציקער מאַכטהאָבער, ביז ער איז ענדגילטיק אַראָפּגעוואָרפֿן געוואָרן דורך די ווילער, דורך זיין פּאַרטיי און דורך זיינע נאָענטסטע שטיצער. אין די פֿופֿצן יאָר האָט ער צוזאַמען מיט דעם גוטס, וואָס ער האָט געטאָן — און ער האָט געטאָן אַ סך גוטס — אויך געבראַכט גרויס שאָדן זיין לאַנד, זיינע חברים און צום מערסטן זיך אַליין.

איך האָב געזאָגט, אַז מיין היים (און מיינע פּלייצעס) איז געווען אַ „כותל מערבֿי" אין די פֿריִע יאָרן. ישׂראל גלילי, דער פֿירער פֿון פּלמ"ח, איז אַן שום צערעמאָניעס אַראָפּגעזעצט געוואָרן, ווען די ישׂראל־אַרמיי איז געשאַפֿן געוואָרן. ער האָט פֿאַרבראַכט אַ נאַכט אין רחובות, דערציילנדיק מיר די פּרטים מיט גרויס פֿאַרביטערונג. מיין אייגענע פּערזענלעכע מיינונג איז געווען, אַז ווען בן־גוריון האָט פֿונאַנדערגעלאָזן די פֿאַרשיידענע מיליטערישע גרופּעס, וועלכע זענען אויסגעוואַקסן אין דער תּקופֿה פֿון קאַמף קעגן די ענגלענדער, און האָט אויפֿן אָרט פֿון די גרופּעס געשאַפֿן אַ קאָנסאָלידירטע נישט־פּאָליטישע אַרמיי — איז עס געווען אַ מלוכהשער אַקט. די געשיכטע פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון די פּאַרטיי־דיקונגס־כּוחות האָט באַוויזן, אַז ער איז געווען גערעכט. אָבער דער אופֿן, ווי אַזוי ער האָט באַהאַנדלט גלילין, איז געווען ברוטאַל.

בן־גוריון האָט נישט געקאָנט טיילן די מאַכט, אָדער אַפֿילו אָנפּאַרטרויען אויטאָריטעט צו די, וועלכע זענען געווען זיינע גלייכע, אָדער כּמעט גלייכע. אַנ־שטאָט צו אַרבעטן צוזאַמען מיט פּעיִקע שותּפֿים און זיי אַנטוויקלען ביים רעגירן מיטן לאַנד, האָט ער זיי באַזייטיקט.

משה סנה איז געווען נאָך אַ ביישפּיל. סנה איז אַן צווייפֿל געווען דער בעס־טער פֿון די יונגע פֿירער. פֿריִער, פֿאַר דער פּראָקלאַמירונג פֿון דער מדינה, האָט ער פֿאַרנומען די פּאָזיציע פֿון דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פֿון דער „הגנה". אינטעל־לעקטועל איז ער געשטאַנען העכער פֿון בן־גוריונס אַלע אַנדערע געהילפֿן. ער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אַלס אַ ראַדיקאַלער ציוניסט אין פּוילן, אַ יונגער תּלמיד פֿון יצחק גרינבוימען, דעם פֿאַרהערלעכטן פֿירער פֿון פּוילישן ציוניזם. סנה איז געווען אַ דיפּלאָמירטער דאָקטאָר מעדיצין, אָבער ער האָט זיך פֿאַרנומען מיט פּאָליטיק. אין אַ סך הינזיכטן איז ער געווען ענלעך צו בן־גוריונען. אָבער ער האָט פֿאַרמאָגט חן און הומאָר, צוויי שטריכן, וועלכע פֿעלן בן־גוריונען, און ער איז געווען טיף איינגעוואָרצלט אין יידישקייט. די מיינונגס־פֿאַרשידנהייטן צווישן זיי פֿון ציַיט צו ציַיט האָבן גיך געבראַכט צו אַ צוזאַמענברוך. משה סנה האָט עובֿר געווען אויף דער ערשטער פֿון די עשׂרת הדיברות.

ווען בן־גוריון האָט אים באַזייטיקט, האָט משה סנה רעאַגירט מיט אַריבערגיין צו דער אָפּאָזיציע, פֿריִער צו מפּ"ם, דערנאָך צו עקסטרעם לינקס. און פֿון דאָרט

צו די קאָמוניסטן. זיינע עפנטלעכע טעטיקייטן אַלס אַ מיטגליד פון דער כּנסת, אַלס שרייבער און רעדנער האָבן, זייענדיק אויסגעצייכנט און שאַרף, געהאַט דעם אויבערטאָן פון אַ טראַגעדיע. ווען ער וואָלט פאַרבליבן אין דער סביבה, פון וועלכער ער איז געקומען, וואָלט ער אפשר געקאָנט ווערן פּרעמיער־מיניסטער, און ער וואָלט זיכער געדאַרפט צוריקציִען אַ סך וויניקער פון זיינע ווערטער און מעשׂים ביים צוריקקערן זיך — וואָס ער האָט סוף־כּל־סוף געטאָן — צו זיין יידישער לאָיאַליטעט.

מיט אליעזר קאַפּלאַן איז געווען אַ באַזונדער ענין. ער האָט קיין מאָל נישט געהערט צו דוד בן־גוריונס אָנהענגער. ער איז געווען דער עקאָנאָמישער און פינאַנסיעלער מוח פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און איז שפּעטער געוואָרן ישׂראלס ערשטער פינאַנס־מיניסטער. ווען ער האָט דערגרייכט צו דער הויך פון זיין קאַריערע, איז ער שוין געווען שוואַך און אויסגעמאַטערט, און האָט געליטן פון אַ האַרץ־קראַנקהייט. פון דעסטוועגן האָט ער ווייטער געאַרבעט אומדערמידלעך, פאַרנדיק אָן אַ שיעור איבער דער וועלט אין שליחות פון זיין מיניסטעריום. ווען ער איז שוין געלעגן אָן כּוחות, האָט ער פאַרביטערט געזאָגט צו זיינעם אַ פריינד, וועלכער איז געקומען אים מבקר־חולה זיין: איך וועל איבערלעבן מיין האַרץ־אַטאַקע, אָבער — אָנווייזנדיק אויף אַ בילד אויף דער וואַנט — איך צווייפל, צי איך וועל איבערלעבן זיינע אַטאַקעס (דאָס זענען נישט די גענויע ווערטער, וואָס קאַפּלאַן האָט באַנוצט. איך קאָן אָבער נישט פּועלן ביי זיך צו ציטירן דאָ ווערטלעך, וואָס קאַפּלאַן האָט געזאָגט).

די ביטערסטע אַטאַקעס האָט בן־גוריון געמאַכט קעגן צוויי מענטשן, וועלכע זענען אים געווען צום נאָענטסטן אין מפא״י: משה שרת און לוי אשכּול. משה שרת איז געווען זיין אויסערן־מיניסטער און פאַר אַ קורצער צייט פּרעמיער־מיניסטער, ווען בן־גוריון האָט זיך צוריקגעצויגן פון פּאָליטיק און געוואָרן אַ חבר אין דעם קיבוץ שׂדה־בוקר אין נגב. אָבער בן־גוריון האָט זיך באַלד צוריקגעקערט, און שרת האָט געדאַרפט אַוועקגיין. אשכּול איז געווען קאַפּלאַנס נאָכפאָלגער אַלס בן־גוריונס פינאַנס־מיניסטער, און בן־גוריון האָט אים אויסגעקליבן צו פאַרטרעטן אים אַלס פּרעמיער־מיניסטער, ווען ער אַליין האָט צום צווייטן מאָל זיך צוריקגעצויגן.

עס איז געווען אַ בזיון צו זען און הערן, ווי די צוויי מענטשן האָבן אין משך פון אַ סך יאָרן זיך שטאַרק באַקלאָגט פּריוואַט אויף בן־גוריונס שלעכטער באַהאַנדלונג, און עפנטלעך האָבן זיי אַלץ אויסגעטראָגן שווייגנדיק. אַ קורצע צייט נאָך דעם, ווי בן־גוריון איז צוריקגעקומען פון שׂדה־בוקר ווידער צו ווערן פּרעמיער־מיניסטער, האָט אשכּול מיר געזאָגט: „לכל־הפּחות ווייסן מיר איצט, מער אָדער וויניקער, וואָס ער וויל". אפשר, אָבער משה שרת איז געווען אין אינדיע אין אַ שליחות פון בן־גוריונען צו איבערצייגן נערון, ער זאָל פאַרמיטלען צווישן ישׂראל און די אַראַבער, ווען די ישׂראל־אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט אין סיני (אַ האַלבע שעה פריִער, פאַר דער צייט, ווען משה שרת האָט געדאַרפט האָבן די באַגעגעניש מיט נערון), און שרת האָט עס געפילט, ווי מען וואָלט אים דערלאַנגט „מיט אַ מעסער אין רוקן".

איך האָב געקענט שרתן זינט 1925. מיר זענען געווען אין אַ געוויסן זין קאָלעגן, ווען ער האָט אין 1927 רעדאַגירט די ענגלישע אויסגאַבע פון „דבר", און איך האָב אַרויסגעגעבן אַ ציוניסטישן זשורנאַל אין ניו־יאָרק. מיר האָבן זיך באַגעגנט און קאָרעספּאָנדירט צווישן זיך. זיין אויסלערנען זיך די צייטונגס־מלאכה איז געווען אַפילו ווייניקער אַקאַדעמיש ווי מיינע. ער האָט שטודירט אין דער שולע פאַר עקאָנאָמישער וויסנשאַפט אין לאָנדאָן, ווען ער איז גערופן געוואָרן צוריקצוקומען קיין ארץ־ישׂראל און צום „דבר". איידער ער איז צוריקגעפאָרן, האָט ער פאַרבראַכט פיר און צוואַנציק שעה אין דער רעדאַקציע פון אַ לאָנדאָנער טעגלעכער צייטונג. שרת איז באַהערשט געוואָרן פון דער ליידנשאַפט פאַר העב־רעיִש, אָבער ער איז נישט געווען קיין פעדאַנט אין דעם, ווי אַנדערע האָבן געמיינט. ער איז פשוט געווען אַ גרויסער מדקדק אין יעדער זאַך, צו וועלכער ער האָט זיך צוגערירט, און האָט געהאַט אַ טיף געפיל פאַר פאָרם. העברעיִש האָט געדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן פון לשון־קודש אין אַ טאָג־טעגלעכער שפּראַך, וואָס זאָל קאָנען אויסדריקן די באַגריפן וועגן דעם קאַנאַליזאַציע־סיסטעם פון תל־אביב. און ער איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז דער העברעיִשער אויסדרוק דערפאַר זאָל זיין געניי אין דער פאָרם און ריין אין שורש פון דעם וואָרט. ווען ער איז געוואָרן ישׂראלס ערשטער אויסערן־מיניסטער, האָט ער איינגעפירט אין דער פראַקטיק די העברעיִזירונג פון די יידישע פאַמיליע־נעמען, ענדערנדיק זיין אייגענעם פאַמיליע־נאָמען פון שערטאָק אויף „שרת", וואָס מיינט דינען. ער האָט אַ סך מאָל געפּרוּווט מיך איבערצייגן, אַז איך זאָל העברעיִזירן מיין נאָמען. און סוף־כל־סוף זענען מיר דורכגעקומען וועגן דעם נאָמען גל־לבן. אָבער באַלד איז אונדז געוואָרן קלאָר, אַז דער פאַרבינדונגס־שטריך וועט פאַרשווינדן און עס וועט מיינען: אַן אירלענדער. מיר האָבן דעריבער אַוועקגעלייגט דעם גאַנצן ענין.

משה שרת האָט עס נישט אויפגענומען מיט אַזאַ לייכט האַרץ, ווען ער איז געוואָרן אויס פרעמיער־מיניסטער. אָבער ער איז נישט געוואָרן אין כעס און האָט נישט פּראָטעסטירט. אַנשטאָט דעם האָט ער איבערגענומען דעם שווערן און אומ־דאַנקבאַרן אַמט פון פאָרזיצער פון דער יידישער אַגענטור און פון דער ציוניס־טישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

אין דער „אָפיציעלער וועלט" אין ישׂראל וואַקסט מען אַרויס פון דער „שפלות" פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צו די „הויכע פענצטער" פון דער רעגירונג. אַוועקצוגייען פון פרעמיער־אַמט צוריק צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַ־ציע ווערט באַטראַכט אַלס ירידה. שרת האָט מיט גרויס ענִיוות אָנגענומען די דאָזיקע דעגראַדאַציע, שטעלנדיק פאַר זיך די אויפגאַבע צו באַנייען און אויפלעבן צוריק דעם קשר צווישן דער מדינה און די תפוצות. איך פאַרבינד נישט בן־גוריונס שפעטערדיקע אָנפאַלן אויף דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע מיט זיין שׂנאה צו משה שרת. דאָס האָט געקאָנט קומען ביי בן־גוריונען פון טיפער איבערצייגונג. אָבער זיינע שטענדיקע באַמערקונגען וועגן דער ציוניסטישער באַ־וועגונג, אַז זי איז נוצלאָז, פאַרעלטערט און אימפּאָטענט, זענען זיכער נישט גע־ווען באַשטימט צו שטאַרקן די פּאָזיציע פון משה שרת.

איך אַליין האָב געשריבן מער ווי איין לענגערע אָפּהאַנדלונג וועגן די פונק־ציעס פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג און וועגן דער נויטווענדיקייט צו מאַכן מער עפעקטיוו איר אַפּאַראַט. אָבער איך האָב קיין מאָל נישט געהאַלטן, אַז די באַוועגונג זאָל זיין „טויט״. זי פאַרבינדט די מדינה מיט די יידן אין דער גאַנצער וועלט. דער פאַקט, אַז מיליאָנען יידן קאָנען נישט אָדער ווילן נישט באַזעצן זיך אין ישׂראל, און וועלן פון דעסטוועגן פילן אַן ענגע און אינטימע פאַרבינדונג מיטן לאַנד, און וועלן זיין דורכגעדרונגען מיט דעם וואַרעמען ווילן צו העלפן ישׂראלס וווקס און אַנטוויקלונג — האָט נישט געהאַט קיין באַדייטונג פאַר בן־גוריונען. אין יאָר 1961 איז געווען בן־גוריונס אַ שאַרפער אַרויסטריט וועגן דעם, ווער עס איז אַ ייד, און ווער נישט — אַן אַרויסטריט, וואָס האָט דערשטוינט די גאַנצע יידישע וועלט, שוין נישט רעדנדיק וועגן דער נישט־יידישער וועלט. דער תּמצית פון דעם איז געווען: אויב איר זענט אַ ייד, דאַרפט איר זיין אַ ציוניסט. און אויב איר זענט אַ ציוניסט, דאַרפט איר זיך באַזעצן אין ישׂראל. איך געדענק, ווי אַן איבערגעגעבענער אַמעריקאַנער ציוניסט האָט מיר דעמאָלט געזאָגט: „וואָס וויל ער, בן־גוריון? צי דערוואַרט ער, אַז איך זאָל ווערן אַ קאַטאָליק? אויב אַ מאַסן־שמד וועט ראַטעווען ישׂראל, זענען מיר גרייט אים צוליב צו טאָן״. בן־גוריונען האָט זיך כּמעט איינגעגעבן, אָבער נישט אין גאַנצן, אָפּצופרעמדן געוויסע יידן פון ישׂראל.

משה שרת איז אין משך פון אַ סך יאָרן געווען איבערגעגעבן בן־גוריונען. און אַפילו אין דער צייט, ווען ער איז געווען באַזייטיקט פון דער רעגירונג, האָט ער זיך באַהערשט און איז אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט, געטריי און איבער־געגעבן, באַמיִענדיק זיך אויסצובעסערן די אינסטיטוציעס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און אַריינגעבן איר אַ נייעם רוח־החיים. בלויז דעמאָלט, ווען שרת איז געוואָרן איבערצייגט, אַז בן־גוריון צעשטערט די אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד, איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן אים און האָט זיך באַפרייט פון די צווייפלען, וואָס האָבן אים געגריזשעט יאָרן־לאַנג.

משה שרת האָט אַוועקגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן פאַר דער מפא״י, וואָס איז געווען דער הויפּטזייל פון ישׂראלס אַרבעטער־באַוועגונג. און ווען ער האָט געזען, ווי די פּרינציפּן פון מפא״י ווערן געטראָטן מיט די פיס, איז ער אויפגעשטאַנען זיי צו פאַרטיידיקן. ער האָט גענומען באַטראַכטן בן־גוריו־נען פאַר דעם איינציקן צעשטערערישן כּוח, וואָס באַדראָט דעם שלום־בית אין דער יונגער מדינה. און ווען משה שרת איז סוף־כּל־סוף אַרויסגעטראָטן קעגן דוד בן־גוריונען, איז ער געוואָרן כּמעט בוכשטעבלעך דאָס געוויסן פון מדינת ישׂראל.

אין די טראַגישע יאָרן, ווען שרת איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נביאישער פיגור, האָט ער געפירט זיין לעצטן קאַמף מיט אַ פאַטאַלער קראַנקהייט. און עס איז געווען אַ טראַגישער סימבאָל אין דער פּערזענלעכקייט פון אַ מענטש, וועלכער איז, ווערנדיק געפירט אויף אַ פאָטעל מיט רעדער, אַרויפגעקומען אויף דער טריבונע פון דער מפא״י־קאָנפערענץ, אין יאָר 1964, צו האַלטן אַ רעדע קעגן דעם מענטשן, וועמען ער האָט געדינט אַזוי פיל יאָרן.

עטלעכע טעג פאַר זיין טויט האָט משה שרת אַריינגעשיקט אַ בריוו אין „דבר", וווּ ער האָט געשריבן:

„אין זיין רעדע נעכטן האָט דוד בן־גוריון געפריידיקט לאַיאַליטעט צו אמת; זוכן צדק און יושר; אויפהאַלטן חברישע באַציִונגען; און אָפּהיטן די מאָראַלישע ווערטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. איך האַלט פאַר מיין חוב צו דערקלערן, אַז איך בין צווישן די, וועלכע אויפן יסוד פון זייער דערפאַרונג קאָנען נישט — ביי דער גאַנצער אָפּשאַצונג פון בן־גוריונס גרויסע דערגרייכונגען — זען אין אים דעם מאָדעל פון אַ מענטשן פון אמת; פון אַ רודף־צדק; פון איינעם, וועלכער זאָל אָנהאַלטן חברישע באַציִונגען, אָדער זאָל וויזן אַ ביישפּיל פון די מאָראַלישע ווערטן פון אונדזער באַוועגונג".

משה שרתס לוויה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינער פון די גרעסטע פאָלקס־דעמאָנסטראַציעס פון ליבע, באַוווּנדערונג און אידענטיפיצירן זיך מיט אַ פירער פון לאַנד — וואָס ישׂראל האָט ווען־עס־איז געזען.

ווי איך פאַרשטיי דעם גאַנג פון דער געשיכטע, איז עס געווען די שטימונג פון צעררודערונג און אַנטוישונג נאָך דער סיני־אַקציע אין 1956, וואָס האָט געבראַכט צו דעם, אַז דוד בן־גוריון זאָל אַוועקגיין פון דער מאַכט. איך בין געווען אויפן אָרט אין סאַמע מיטן פון ישׂראלס דריי מלחמות — אין 1948, 1956 און 1967. יעדע פון זיי האָט געהאַט איר באַזונדערן כאַראַקטער. די ערשטע איז אין דער אמתן נישט געווען קיין מלחמה. עס איז געווען אַ קאַמף אויף לעבן און טויט, אָן די מיטלען צו קעמפן פאַרן לעבן און מיט דער זיכערקייט פון טויט, אויב מיר זאָלן דורכפאַלן אין דעם קאַמף פאַרן לעבן. אין 1956 איז עס געווען אין גאַנצן אַנדערש.

פריִער פאַר דער מלחמה האָט געבושעוועט דער אַראַבישער טעראָר מיט די אומאויפהערלעכע אַטאַקעס פון די „פעדאַיִנען" אין דרום־טייל פון לאַנד. רחובות, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון עזה־ראַיאָן, איז געווען זייער איינגעשטעלט. טאָג־טעגלעך זענען געפאַלן קרבנות אויף אַ לאַנגע צייט פאַר דער מלחמה, און דאָס האָט אויסגעמאַטערט מער, ווי דער קריג אַליין. איך האָב געוווּסט ווייניק וועגן די פּאָליטישע מאַנעוורען פון ישׂראל, פראַנקרייך און ענגלאַנד אין דער דאָזיקער מלחמה. איך בין אויך נישט געווען צו פיל פאַראינטערעסירט צו וויסן. אָבער איך בין געווען אין רחובות, ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

די דאָזיקע מלחמה, וואָס האָט אונדז געגעבן אַן אָפּרו פון די פעדאַיִן־אַטאַקעס אויף אַ צאָל יאָרן, איז באַטראַכט געוואָרן דורך אַ טייל, הגם נישט דורך אַלע, אַלס אַן אומזיסטן פאַרלוסט פון מענטשלעכע לעבנס. סטראַטעגיש איז עס געווען אַן אויסגעצייכנטער פּלאַן. פּאָליטיש, דיפּלאָמאַטיש איז עס געווען אַ באַדייטנדיקער דורכפאַל. די עפנטלעכע מיינונג אין דער וועלט איז נישט געווען צוגעגרייט פאַר איר. די געפאַרן, אויף וועלכע מיר זענען געווען אויסגעשטעלט,

זענען נישט געווען געגוג באַקאַנט. אונדזערע „שותפים״, ענגלאַנד און פראַנקרייך, זענען נישט געווען פאַראינטערעסירט אין ישׂראל און האָבן געהאַט אין זינען בלויז זייערע אייגענע אימפּעריאַלע אינטערעסן. ווי אַ פּשוטער ייִד, האָב איך זיך אָפּ־געהאַלטן פון אויסדריקן מיין מיינונג וועגן דער פירונג פון דער מלחמה. אָבער עטלעכע טעג נאָך דעם, ווי דוד בן־גוריון האָט געמאַכט זיין דערקלערונג אין דער כּנסת, מיטטיילנדיק וועגן ישׂראלס צוריקציִען זיך פון סיני, האָט פּאָלאַ, זיין פרוי, מיר טעלעפאָנירט פון זייער היים אין תל־אביב, ווו בן־גוריון איז געלעגן אין בעט מיט אַ שווערער פאַרקילונג. זי האָט מיך געבעטן, איך זאָל אים ברענגען, וואָס זי האָט אויף אַן איידעלן אופן אָנגערופן די „ווייסגאַל־פּילן״. דאָס זענען געווען אַ מין שלאָפּפּילן, וואָס בן־גוריון האָט ליב געהאַט, און וועלכע איך פלעג אים צושטעלן זינט יאָרן.

בן־גוריון איז געלעגן אין אַ קליינעם צימער, בשכנות פון דער קיך, צוגע־דעקט מיט אַ סך דעקן. פּאַפּירן מיט מאַפּעס זענען געווען צעשפּרייט איבערן גאַנצן צימער. ער איז געווען אין אַ זייער שלעכטער שטימונג, אויף צו קאָנען אויסהערן גוט אַ מעשׂה איז ער קיין מאָל נישט געווען קיין גרויסער קינסטלער. דאָך האָב איך זיך באַמיט אים אויפצומונטערן מיט דערציילן אַ מעשׂה. אָנקניפּנ־דיק צו אונדזער צוריקציִען זיך, האָב איך אים דערציילט די געשיכטע וועגן דעם ייִדן, וועלכער קומט אַהיים ביי נאַכט און, זייענדיק זיכער אַז זיין ווייב איז פאַר־זונקען אין טיפן שלאָף, אויבן אויפן העכערן גאָרן, באַשליסט ער צו גיין צו דער דינסט. אָבער דורכגייענדיק פאָרזיכטיק, אויף די שפּיץ פינגער, דורך דער קיך, פאַרטשעפּעט ער פלוצלינג אַ טאַץ מיט טעלער, וואָס פאַלן אַראָפּ און ווערן צע־בראָכן מיט אַ גרויסן טראַסק. אַ רגע שפּעטער דערהערט ער זיין פרויס שטימע פון אויבן: „משוגענער, ווו גייסטו?״ — „שוין, איך גיי שוין נישט״ — שרייט ער צוריק. בן־גוריון האָט געמאַכט אַ ברייטן זשעסט מיט דער האַנט. ווי ער וואָלט געזאָגט: „טרייבט נישט קיין חוזק דאָס מאָל. עס איז צו ערנסט״. איך האָב דאַן געזאָגט: „בן־גוריון, עס שטייט געשריבן: לא בחיל, לא בכוח כי אם ברוחי. און מיין גייסט נעמט אַריין אַ געפיל פון הומאָר. דאָס איז דער גרעסטער וואָפן אין אונדזער אַרסענאַל, די פעיִקייט צו לאַכן פון אונדזערע אייגענע פעלערן, אונדזערע דורכפאַלן און אַפילו פון אונדזער מפּלה״. אָבער בן־גוריון האָט נישט געלאַכט פון קיין שום זאַך.

אין דער דאָזיקער צייט האָט ישׂראל זיך געפונען אין אַ צערודערטער אומ־קלאָרער לאַגע, מיט שאַרפע אינערלעכע קאָנפליקטן, מיט מיאוסע מחלוקתן, פאַר־זענלעכע נקמה־אַקטן און אַזוי. עס האָט אויסגעזען אַזוי, ווי דער אַלטער מאַן, וועל־כער איז געווען נאָענט צו די שמונים, האָט באַשלאָסן: „נאָך מיר מעג קומען אַ מבול״. אָדער ווי שמשון הגיבור האָט געזאָגט: „תמות נפשי עם פלישתּים״. איבער דער גאַנצער תּקופה האָט זיך געטראָגן אין דער לופט די שענדלעכע „לבון־פרשה״. אָבער איידער איך לאָז זיך אַראָפּ אין דער דאָזיקער בלאָטע, וויל איך מאַכן עטלעכע טריט צוריק און דערציילן וועגן בן־גוריונס בעסערע העלפט, פּאָלאַ.

פּאָלאַ בן־גוריון איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער כאַראַקטער. אויב איך וואָלט געוואָלט זי שילדערן על רגל אחת, וואָלט איך געזאָגט: נעמט וויעראַ

וויצמאַן, שטעלט זיך פּאַר פּונקט דעם היפּוך פון איר און איר וועט האָבן פּאַלאַן. זי איז געווען אַן אָפּנהאַרציקער, וואַרעמער מענטש, נישט פאַרמעל, אַזוי וויִט, אַז עס איז שוין געווען אַ חסרון; אַ שרעקלעכע רכילות־טרייבערין; און — צו פאַר־ענדיקן דעם קאָנטראַסט — אַ זייער אָנגענעמע. זי איז געווען זייער איבערגעגעבן צו בן־גוריונען. אין אירע אויגן האָט ער קיין מאָל נישט געקאָנט מאַכן קיין טעות, כאָטש פּריוואַט פלעגט זי פון צייט־צו־צייט זיין באַאומרויִקט וועגן דער „אומפּאָלירטקייט" און אָפּט מאָל נישט־פיינקייט זיינער. אין די מערסטע פאַלן האָט זי ליב געהאַט די מענטשן, וועלכע ער האָט פיינט געהאַט, אָדער זי האָט גע־מאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי האָט זיי ליב. איר פאַרטיידיקונג האָט זי תמיד פאַר־ענדיקט מיט דער פראַגע: „וואָס ווייסט ער וועגן מענטשן?" זי האָט קיין מאָל נישט גענומען ערנסט איר פּאָזיציע אַלס פרוי פון דעם פּרעמיער־מיניסטער. פּאַקטיש פלעגט זי מאַכן צו קליינגעלט דעם גאַנצן ענין, אָדער ווי זי פלעגט זיך אויסדריקן: „יעדער איינער קאָן ווערן פּרעמיער־מיניסטער, אָבער קיינער קאָן נישט זיין בן־גוריון". ווי אמת דאָס איז געווען! אין מיינע דערפאַרונגען איז זי געווען דער מענטש, וואָס האָט זיך צום שאַרפסטן אויסגעדריקט. תמיד, ווען איך פלעג ברענגען צו איר אַ פּראָמינענטע פּערזענלעכקייט, האָב איך אים געוואָרנט פאָרויס: „וועדט נישט שאָקירט פון איר. זי קאָן זאָגן אַלץ און וועט וואַרשיינלעך זאָגן". און געוויינלעך האָט זי דאָס געטאָן.

איין מאָל האָב איך געפירט די פירשטין פון וועסטמינסטער אויף אַ באַ־געגעניש מיט פּאַלאַן. אויפן גאַנצן וועג פון רחובות קיין תל־אביב האָב איך געפּרוּווט פאַרהיטן די אַריסטאָקראַטישע באַזוכערין פון אומאָנגענעמלעכקייטן: „אין יעדן פאַל דערוואַרט נישט צו פיל פאָרמאַליטעט". ווען איך האָב פאַרגעשטעלט די ליידי, האָט פּאַלאַ נישט געפונען קיין מער פּאַסנדיקע ווערטער, ווי צו זאָגן: „וואָס פאַר אַ מין פירשטין זענט איר?" ווען מען האָט „געדרייט" דעם פילם „עקזאָדוס" אין ישׂראל, האָט מיין זון מענדי מיר געזאָגט, אַז דער אַנסאַמבל וואָלט געוואָלט האָבן אַ באַגעגעניש מיט בן־גוריונען. געוויס האָט קיינער נישט געקאָנט צוקומען צו אים, נישט דורכגייענדיק פריִער די שטרענגע קאָנטראָל פון פּאַלאַן. און ווייל זי האָט אַליין געוואָלט זייער שטאַרק זען פּאָל ניומאַנען, איז עס אַראַנ־זשירט געוואָרן. מענדי האָט פאָרגעשטעלט פּאָל ניומאַנען פאַר איר. „איר זענט פּאָל ניומאַן?" — האָט זי געזאָגט — „איר זעט אָפילו נישט אויס שיין". פּאָל ניומאַן האָט זיך געשעמט. מענדי האָט געוואָלט שרייען.

קאָן זיין, אַז זי האָט באמת געוואָלט זיין אַ מענטש מיט איר אייגענעם זכות, נישט צו לעבן אין שאָטן פון בן־גוריונען. אין אירע יונגע יאָרן אין ניו־יאָרק, ווו זי האָט געלערנט צו זיין אַ קראַנקן־שוועסטער, האָט זי געקוקט אויף זיך ווי אויף אַ פאַרשטייערין פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן. אָבער עס איז דערפון גאָר־נישט אַרויסגעקומען. שפּעטער האָט זי, בכדי זיך אויסצוטיילן מען זאָל זי באַ־מערקן, געמאַכט אַ קאַריערע פון איר גרינגשעצונג. יעדער פונק פון געדאַנק, וואָס איז דורכגעלאָפן איר מוח, איז באַלד געקומען אויף אירע ליפּן. און רכילותן זענען אַראָפּ פון איר צונג גיכער, ווי איר מוח האָט זיי געקאָנט צוזאַמענשטעלן.

פּאָלאַס גרויסע געזעלשאַפטלעכע שעה איז געווען זיבן אַ זייגער אין דער פרי. תּמיד איז זי שוין געשטאַנען אויף די פיס אין דער שעה און האָט צוגע־גרייט פרישטיק פאַר בן־גוריונען. זי האָט קיינעם נישט אָנפאַרטרויט דאָס צו טאָן. זי פלעגט מיר טעלעפאָנירן, און איר ערשטע פראַגע איז שטענדיק געווען: „וואָס טוט איר אַזוי פרי?" איין מאָל, נאָך דעם, ווי מען האָט אונדז באַגנבעט אין אונדזער הויז אין רחובות, האָט זי מיר טעלעפאָנירט: „מאיר, איך הער אַז מען האָט פון אייך צוגעגנבעט דאָס זילבער" — „יאָ" — האָב איך געענטפערט. — „צו וואָס דאַרפט איר אַזוי פיל זילבער?" — האָט זי דאַן אַ זאָג געטאָן. ווען זי האָט געלייגט אין די פרימאָרגן־צייטונגען, אַז איך בין צוריקגעקומען פון עפּעס אַ רייזע אין אויסלאַנד, פלעגט זי צוגיין צום טעלעפאָן: „מאיר, וואָס האָט איר מיר געבראַכט?" און זי האָט דאָס טאַקע געמיינט און פלעגט תּמיד קומען אָפּ־נעמען די זאַך. איין מאָל האָב איך איבערגעדרייט די יוצרות און האָב איר גע־קלונגען זיבן אין אָוונט, נאָך דעם ווי זי איז צוריקגעקומען פון ניו־יאָרק, און האָב זי געפרעגט: „פּאָלאַ, וואָס האָט איר מיר געבראַכט?" זי האָט געענטפערט גיך און קורץ: „גרוסן פון אייער ווייב".

קענענדיק פּאָלאַן, ווי איך האָב זי געקענט, שטעל איך מיך פאָר, ווי זי האָט געזאָגט בן־גוריונען ווען ער האָט געמאַכט איינעם פון זיינע אָנפאַלן אויף אשכולן:

„משוגענער, צו וואָס דאַרפסטו דאָס?"

וואָלט בן־גוריון פאַרמאָגט אַ צענטל פון איר הומאָר, וואָלט ער איינגעשפּאָרט זיך און ישׂראל אַ סך עגמת־נפש.

די „פּרשה לבון" וועט אין דער געשיכטע פון דער יידישער מדינה אַריין לכל־הפּחות צוליב איין גרונט: זי האָט אַראָפּגעוואָרפן די גלאָריע פון בן־גוריונס קאָפּ און האָט ווידער אויפגעלעבט ישׂראלס דעמאָקראַטישן דרך, וואָס איז שוין געהאַט דעגענערירט געוואָרן אין אַ קולט פאַר איין פּערזאָן. די „פּרשה" האָט באַ־וויזן, וואָס יעדער איינער האָט געוווּסט, אָבער וואָס אַ סך האָבן אַ נטיה צו פאַר־געסן, אַז עס איז נישטאָ אַזאַ איינער, ווּעמען מען זאָל נישט קאָנען פאַרטרעטן.

פּנחס לבון איז געווען פאַרטיידיקונגס־מיניסטער אין בן־גוריונס קאַבינעט, ביז בן־גוריון אַליין האָט איבערגענומען דאָס מיניסטעריום. זייענדיק אַ מיטגליד פון אַ קיבוץ, איז פּנחס לבון שפּעטער געוואָרן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון „הסתדרות". די „פּרשה" האָט זיך געדרייט אַרום עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז באַ־קאַנט דעליקאַט אַלס אַן אומגליקלעכער צופאַל אין זיכערקייטס־ענינים. אַזוי ווי איך האָב גאָר אַ קליינעם געשמאַק פאַר געהיימנישפולע אַוואַנטורעס, האָב איך קיין מאָל אַפילו זיך נישט באַמיט אַריינצוגיין טיפער אין דער געשיכטע. דאָס איז געווען איינע פון די סודותדיקע אָפּעראַציעס, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט קאַ־פויער, און פון וועלכער עס ווערן געוועבט די נעצן פון שפּיאָנאַזש און קאָנטער־שפּיאָנאַזש. אָבער עס איז געוואָרן אַ מעשׂה נוראָ, אויף וועלכער עס איז געהאָנגען דער גורל פון ישׂראל. אין דער אונטערשטער שורה איז, לויט בן־גוריונען, דער גורל פון לאַנד געווען אין די הענט פון אַן אויספאָרשונגס־געריכט, וואָס האָט גע־דאַרפט פעסטשטעלן די שולד און דעם שולדיקן. דער פאַקט, אַז דער גאַנצער

ענין איז אויפגעהויבן געוואָרן פינף אָדער זעקס יאָר נאָך דעם געשעעניש, באַ־וויזט, וואָס פאַר אַ קנאַפּע ממשות ער האָט געהאַט. ווער האָט געשריבן דעם בריוו? ווער האָט אונטערגעשריבן דעם פאַלשן דאָקומענט? ווער האָט געזאָגט דאָס, אָדער עפּעס אַנדערש, און ווען, און פאַר וואָס? וואָס האָט דעמס אָדער יענעמס סעקרעטאַרקע געטאָן אין ביוראָ דעמאָלט, ווען זי האָט געדאַרפט זיין ביי דער פריזירקע? די אַלע וויכטיקע פראַגן האָבן געהאַלטן געשפּאַנט דאָס לאַנד.

די כנסת האָט סוף־כל־סוף באַשטימט אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, אונטערן פאָרזיץ פון יוסטיץ־מיניסטער פנחס ראָזען — איינעם פון די, פאַר וועמען מען האָט דעם גרעסטן דרך־ארץ אין ישׂראל, און וועמענס ערלעכקייט און אָנשטענדי־קייט קיינער וועט נישט אָפּפרעגן. דער פסק־דין פון דער קאָמיסיע האָט נישט געפונען קיין חן אין די אויגן פון בן־גוריונען. ער האָט באַשולדיקט די קאָמיסיע, אַז זי איז געווען אַ שותּפטע אין אַ פעלשונג פון דער גערעכטיקייט. און ער האָט געפאָדערט אַ ווייטערדיקע אויספאָרשונג און אַ נייע קאָמיסיע, וואָס זאָל זיין געט־רייַ דעם אמת, דעם גאַנצן אמת, און נישט צו עפּעס אַנדערש, ווי נאָר דעם אמת. לויט זיין מיינונג איז יעדער איינער — און דאָס האָט פּאַקטיש געמיינט אַלע — וועלכער האָט נישט מסכּים געווען מיט אים, געווען אַ ליגנער, אַ שוטה אָדער אַ שולדיקער אין אונטערגראָבן די מאָראַל. אַלע זיינע רעדעס און דערקלערונגען — און זיי זענען געווען אַ סך — זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט די פּרומסטע רייד וועגן צדק, אמת און ערלעכקייט.

איין טאָג, אין יאָר 1961 — אָדער אַרום דער צייט — בין איך געווען אין וואַשינגטאָן פאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט און האָב געהאַט די געלעגנהייט צו באַגע־געגענען זיך מיט אַ הויכגעשטעלטן רעגירונגס־באַאַמטן, אַ נישט־ייד. צווישן אַנדערע ענינים האָט ער מיך געפרעגט, וואָס איז דער גאַנצער טומל אין ישׂראל אַרום דעם, וואָס איז באַקאַנט אַלס „די פּרשה". איך האָב זיך באַמיט צו געבן אים ווי מעגלעך די בעסטע אויפקלערונגען. ווען איך האָב פאַרענדיקט מיין דרשה, האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן: „איר, יידן, האָט אַ שם פון אַ קלוג פאָלק. איר גיט עצות רעגירונגען איבער דער גאַנצער וועלט. אָבער ווען עס קומט צו אייערן אַן אייגענעם ענין, זעט איר אויס צו האַנדלען ווי נאַראָנים. אויב מיר, אין וואַשינגטאָן, וואָלטן געדאַרפט זיך אָפּגעבן, ווי איר טוט דאָס, מיט יעדן שפּיאָ־נאַזש־דורכפאַל, וואָלטן מיר גאָרנישט געקאָנט טאָן עפּעס אַנדערש. קיין שום לאַנד, וואָס האָט נאָר אַ ביסל פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פאָרשט נישט אויס טיפער און פרוווט אַפילו נישט אויפדעקן אַזעלכע דורכפאַלן. זיי ווערן געהאַלטן אונטערן טיש. אין דער גאַנצער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז געווען בלויז איין אינצידענט ווען אַ פּרעזידענט האָט — לויט מיין מיינונג נאַריש — זיך מודה געווען אין אַ שפּיאָנאַזש־דורכפאַל, מיט אַ טראַגישן רעזולטאַט". ער האָט געמיינט אייזנהאַוערן און די געשיכטע מיט דעם „יו־2"־עראָפּלאַן איבער רוסלאַנד. וואָס האָב איך אים געקאָנט ענטפערן? איך האָב אַ קרעכץ געטאָן.

סוף־כל־סוף איז דאָס לאַנד מיד־און־מאַט געוואָרן פון דער גאַנצער געשיכטע, אָבער בן־גוריון האָט ווייטער געשטורעמט. אין יאָר 1962 האָט ער רעזיגנירט און געמאַכט לוי אשכּולן פאַר פּרעמיער־מיניסטער. אשכּול האָט געשפּילט די ראָל

פון אַ פשרה־מאַכער בעת דער „פרשה", באַמיִענדיק זיך איינצושטילן די צעהיצטע געמיטער און פאַרהיטן פון דעם, וואָס וואָלט אומפאַרמיידלעך געפירט צו אַ שפּאַלטונג פון מפא"י. די הויפּטפראַגע האָט אויפגעהערט צו זיין די „פרשה" אַליין, נאָר די אַבסאָלוטע און אומצווייפלהאַפטע לאָיאַליטעט צו בן־גוריונען. דאָס איז געוואָרן דער עיקר. און ווען דאָס איז געוואָרן קלאָר, האָט עס געפירט צו אַ לאָגישן און אומפאַרמיידלעכן אויסגאַנג. בן־גוריון האָט פאַראורטיילט די פירער־שאַפט פון מפא"י, אַריינרעכענענדיק אשכולן, און ער האָט גערופן זיינע לאָיאַלע מענטשן, זיי זאָלן פאַרלאָזן די „פאַרטיי פון אומגערעכטיקייט און אָפּנאַרעריי". אַן ערך דרייסיק פּראָצענט פון די מיטגלידער — די פּראָמינענטסטע צווישן זיי זענען געווען משה דיין און שמעון פרס — האָבן אים נאָכגעפאָלגט און זענען אַרויס פון מפא"י, שאַפנדיק אַ נייע פאַרטיי, רפ"י. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אין דער צייט פון פאַר די וואַלן צו דער כנסת אין יאָר 1964. דער הויפּטפּונקט אין בן־גוריונס וואַל־פּראָגראַם איז געווען: „נידער מיט אשכולן". אין יאָר 1962 האָט ער אַליין איבערגעגעבן אשכולן די פּרעמיערשאַפט. און אין יאָר 1964 האָט ער פּראָקלאַמירט, אַז אשכול איז „נישט ראוי" צו זיין פּרעמיער־מיניסטער. אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל אשכול האָט באַשלאָסן צו ווערן זיין אייגענער פּרעמיער־מיניסטער. ער האָט געמאַכט עטלעכע דערפאָלגרייכע באַזוכן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און איז נישט געקומען גענוג אָפט אין שדה־בוקר צו בן־גוריונען...

וועגן משה רבינוס פּטירה איז דאָ אין חומש: „ולא ידע איש את קבורתו". אונדזערע חכמים זאָגן, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל ביי יידן מאַכט מען נישט פון מענטשן אַ גאָט, און אַז אויך משה רבנוס קבר האָט נישט געדאַרפט ווערן אַ פּלאַץ, וווּ מען זאָל גיין פאַרגעטערן אַ פאַרשטאָרבענעם פירער. שטאַמענדיק אַליין פון אַ סך דורות רבנים, האָב איך מיין אייגענע סברה וועגן דעם וואָס עס איז געשען מיט משהן. נאָכן אַרויספירן די יידן פון דער קנעכטשאַפט אין מצרים און נאָך דעם ווי ער האָט זיך אַזוי פיל אָנגעליטן פון די צרות, וואָס יידן האָבן אים אָנגעטאָן אין דער מדבר במשך די פערציק יאָר, און ווי שלעכט זיי האָבן זיך געפירט, האָט משה רבינו זיי געבראַכט צו דער סאַמע גרענעץ פון צוגעזאָגטן לאַנד. אין איינעם אַ טאָג האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און זיך אַרומגעקוקט, אַז ער ווערט נישט יינגער. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דער מחנה און האָט גערופן יהושען: „יהושע, מיין זון — האָט ער געזאָגט — איך ווער אַלט. איך האָב גע־פירט אונדזער פאָלק דורך דער מדבר. אָבער איצט לאָזן זיך אויס מיינע כוחות. איך וויל, אַז איצט זאָלסטו איבערנעמען און אַריינפירן די יידן אין צוגעזאָגטן לאַנד". יהושע האָט מסכים געווען.

שפּעטער אַ ביסל האָט משה רבינו זיך באַטראַכט און באַקומען חרטה. נאָך אַלעמען האָט ער דאָך געטאָן אַזוי פיל — פאַר וואָס זאָל ער נישט דערפירן זיין שליחות ביז צום סוף? האָט ער זיך געווענדעט צום אויבערשטן און געזאָגט: „זיי זשע מוחל, איך האָב געענדערט מיין מיינונג. איך וואָלט געוואָלט אַריינפירן די יידן אין צוגעזאָגטן לאַנד". דער אויבערשטער האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און געזאָגט: „מיין טייערער משה, דו האָסט געטאָן אַ גרויסע זאַך פאַר יידן,

אָבער נישט אַלע מאָל האָסטו מיך געפאָלגט. איך האָב דיר געזאָגט דו זאָלסט רעדן צום שטיין און עס וואָלט אַרויס וואַסער. אָבער דו האָסט עס נישט געטאָן. דו האָסט אַ קלאַפּ געטאָן אין שטיין. מוזסטו איצט באַשטראָפט ווערן. דו קאָנסט נישט אַריינגייז אין צוגעזאָגטן לאַנד. אַ חוץ דעם האָסטו שוין איבערגעגעבן די פירערשאַפט צו יהושע. דו קאָנסט אים איצט נישט אַרויסשטופן".

משה איז געוואָרן שטאַרק דערשלאָגן, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען די זאַך. פון דעסטוועגן האָט ער, ווי אַ פּאָליטישער פירער, געקאָנט מאַכן פּשרות: „איך וועל דיר זאָגן, רבונו־של־עולם, איך בין מסכּים צו בלייבן אין דרויסן, אָבער לאָמיך, לכל־הפּחות קאָנען זען, ווי יידן גייען אַריין אין דעם לאַנד, וואָס דו האָסט אונדז צוגעזאָגט. דאָס וועט קיינעם נישט שטערן". דער אויבערשטער איז אַ רחום וחנון, און ער האָט געזאָגט: „גוט, מיך אַרט נישט, אַז דו וועסט קוקן". און ער האָט אַרויפגעפירט משהן אויפן הר נבו, פון וואַנען ער האָט געקאָנט האָבן אַ גוטן אויסבליק. משה האָט געזען, ווי יהושע פירט ס'פאָלק פון נצחון צו נצחון און דאָס צוקוקן זיך, ווי עמעצער אַנדערש פירט די יידן מיט אַזאַ גרויסן דער־פאָלג איז געווען צו פיל פאַר משהן. אין גרויס פאַרצווייפלונג האָט ער געשריגן צום אויבערשטן: „מיך אַרט נישט וואָס דו וועסט טאָן מיט מיר, אָבער לאָז מיך אַרויס פון דאַנען. איך קען מער נישט אויסהאַלטן!" דער אויבערשטער האָט אים געהאַלטן ביים וואָרט און דערפאַר ווייסט קיינער נישט ווו משה רבנוס קבר געפינט זיך.

אַזוי ווי מיט חיים ווייצמאַנען, זענען בן־גוריונס סכסוכים מיט לוי אשכּולן נישט געווען בעיקר אידעאָלאָגישע, אָדער פּאָליטישע. דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז עס זענען נישט געווען אַזעלכע חילוקי־דעות. עס זענען געווען אַזעלכע זייער ערנסטע מיינונגס־פאַרשידנהייטן. אָבער עס זענען געווען קאָנפליקטן צוליב טעמ־פּעראַמענט, כאַראַקטער און מעטאָדן.

לוי אשכּול איז געווען באַקאַנט ווי אַ גרויסער פּשרה־מאַכער. דאָס האָט אים געשאַפן די רעפּוטאַציע פון אַ מענטשן, וועלכער קאָן זיך נישט אַנטשליסן. ס'איז אמת, אַז עס האָבן אים געפעלט דאָס פייער און די רעדנער־קראַפט, אָדער ווי אבא אבן האָט אַזוי גוט זיך אויסגעדריקט נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה: „דער אונטערשייד צווישן בן־גוריונען און אשכּולן באַשטייט אין אָט וואָס: בן־גוריון שרייט הויך און ווירקזאַם, קלאַפּט אין טיש, און ציט זיך צוריק. דאַקעגן אשכּול שטאַמלט און גייט פאָרויס". געוויס איז פאַראַן אין דעם אַ סך מער, אָבער וואָס אבא אבן האָט געזאָגט, קאָן נישט אָפּגעפרעגט ווערן.

מען דאַרף אויך פעסטשטעלן, אַז דוד בן־גוריון האָט געמאַכט אַ סוף צו דער פּאָליטיזירונג פון די שולן, אַז מיט זיין גאַנצער שטורמישער רעטאָרישער קראַפט האָט ער מיט דער פאַרזיכטיקייט פון אַ שטאַטסמאַן געהאַנדלט קעגן דעם דרך פון די מיליטערישע קאָמאַנדירן. (אין זיין טאָגבוך שרייבט דיין, אַז ער האָט געזאָגט בן־גוריונען נאָך דער סיני־אַקציע: „די מלחמה איז געענדיקט". און בן־גוריון האָט באַמערקט דיינען: „דאָס איז עס מסתּמא וואָס איר קאָנט נישט פאַרטראָגן"). בן־גוריון האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן דעם, וואָס ישראל קאָן טאָן און אויך וואָס זי קאָן זיך נישט דערלויבן (ווען ער האָט, צום ביישפּיל, פאַראָרדנט

אין דער באַפרייונגס־מלחמה אין 1948 יגאל אלונען, ער זאָל זיך צוריקציִען פון אל־עריש, טוענדיק דאָס אונטערן דרוק פון אַמעריקע און ענגלאַנד. בן־גוריון האָט געוווסט, אַז אַן די אַליאירטע מלוכות וועט ער נישט קאָנען אויסהאַלטן).

אַז אשכּול האָט זיך באַמיט איינצוהאַלטן שלום אין זיין אייגענער מחנה, קומט אים נישט דערפאַר קיין פאַרוואורף. נאָך אַלעמען האָט ער דערגרייכט דאָס, וועגן וואָס בן־גוריון האָט בלויז געקאָנט שרייען: די איניקייט פון די צעריסענע אַרבעטער־פּאַרטייען. אַפילו ווען די פּאַרטיי, וועלכע בן־גוריון אַליין האָט געשאַפן, רפ״י, האָט באַשלאָסן צוריקצוקערן זיך צו די אַלטע חברים, און צו זייער מחנה, האָט ער — בן־גוריון — זיך אָפּגעזאָגט צו גיין צוזאַמען מיט זיי און ער האָט זיך דערקלערט אַלס אַ פראַקציע פון איין מאַן אין כּנסת. ניין, אשכּול איז נישט געווען קיין גרויסער רעדנער. ער האָט נישט דערלאַנגט קיינעם קיין צוקונפטס־מוזיק. אָבער ער איז געווען אַ חכם און טיף־מענטשלעך אין זיינע האַנדלונגען, און דער עיקר — אַ מענטש פון מעשׂים.

ביי איינעם פון מיינע ערשטע באַגעגענישן מיט לוי אשכּולן, ווען ער איז געווען פינאַנס־מיניסטער, האָב איך געהאַט צו דערליידיקן מיט אים אַ לעגאַלן פּראָבלעם, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין מאָדנע פּאַרדרייט. אַ פריינד פון דעם וויצמאַן־אינסטיטוט האָט מיר געגעבן הונדערט טויזנט ענגלישע פונט פאַרן אינסטיטוט מיטן תּנאי, אַז צען פּראָצענט פון דער סומע זאָל איך אָוועקגעבן פאַר אַ נויט־באַדערפטיקער אינסטיטוציע אין לאַנד. ווען איך האָב מיטגעטיילט וועגן דער דאָזיקער אינסטרוקציע צו ד״ר בנימין בלאָך, אונדזער אַדמיניסטראַטאָר, האָט ער מיר געזאָגט, אַז אַזאַ טראַנזאַקציע קאָן נישט פאַרשריבן ווערן אין די ביכער. האָב איך געענטפערט: „גוט, איך וועל גיין צו אשכּולן". און איך בין אָוועקגעגאַנגען און האָב אים געזאָגט: „מיין חכם אין רחובות טענהט, אַז דאָס איז נישט לעגאַל. דער קאָנטראָלער וועט זיך אַנטקעגנשטעלן. מיר קאָנען נישט אָננעמען געלט, וואָס ווערט געגעבן אויף אַזאַ אופן און אַז״וו..." אשכּול האָט מיך אויסגעהערט, און דערנאָך האָט ער מיר דערציילט אַ מעשׂה:

„ווען איך בין געווען אַ יונגערמאַן אין דגניה, איז מיין פונקציע באַשטאַנען פון אַרומפאָרן ווי אַ מין אַגענט פאַרן קיבוץ. איך פלעג אַרויספאָרן אין דער פרי פאַרקויפן אונדזער תּבואה, קויפן מכשירים, קריגן הלוואות, איינהאַנדלען שפייז, פאַרמשכּונען אונדזער פאַרמעגן און באָרגן אויף דעם געלט א.אַ.וו. אין אָוונט פלעג איך צוריקקומען און אָוועקלייגן פאַרן סעקרעטאַר פון קיבוץ אַ פּאַק פּאַפּירן אויף זיין טיש — קבלות, חשבונות, קאָנטראַקטן, וועקסלען. איין טאָג האָט ער זיך אָנגערופן צו מיר: „שקאָלניק (אַזוי איז געווען זיין אָריגינעלער פאַמיליע־נאָמען), דאָס קאָן אַזוי נישט אָנגיין לענגער. ס'איז נישט מעגלעך צו דערגיין אַ טאָלק אין דעם, וואָס איר טוט". מיין ענטפער איז געווען: „דערפאַר ווייל איר ווייסט נישט, ווי אַזוי צו פאַרשרייבן דאָס אַלץ, ווילט איר, אַז איך זאָל אויפהערן צו מאַכן געשעפטן?" פאָרט צוריק קיין רחובות און זאָגט אייער חכם, ער זאָל זיך אויסלערנען, ווי אַזוי צו פאַרשרייבן".

דער גרעסטער קאָמפּלימענט, וואָס איך קען געבן אשכּולן איז — אַז ער איז געווען אַ קיקל־ייִד — מיט אַ וואַרעם האַרץ, פול מיט הומאָר. אַן אײדעלער

און ליבער מענטש, אַ ייד מיט אַ ברייטער האַנט. עס איז נישט געווען די גרויס־מוטיקייט פון אַ גביר, נאָר פון אַ מענטש מיט גייסט. ער האָט קיין מאָל נישט פאַרמאָגט קיין אייגענעם גראָשן ביי דער נשמה. ער איז שטענדיק געווען און גע־בליבן אַ קיבוצניק. ער האָט באַטראַכט דגניה פאַר זיין היים.

ווען דוד בן־גוריון האָט אָנגעהויבן זיין שאַרפן רעטאָרישן קאַמף קעגן אשכּולן, בעת די וואַלן צו דער כּנסת אין יאָר 1964, בין איך געוואָרן שטאַרק אויפגע־בראַכט — אַזוי ווייט, אַז איך האָב אויסגענוצט אַ געלעגנהייט אויסצודריקן מיינע געפילן. מיין פריינד דזשאָן קמחי, דער רעדאַקטאָר פון לאָנדאָנער „דזשוּיִש אָב־זערווער ענד מידל איסט רעוויו", האָט געוואָלט האָבן אַ געשפּרעך מיט מיר וועגן די וואַל־לאָזונגען. איינע פון די פראַגן איז געווען: „וואָס זענען לויט אייער מיינונג די פונדאַמענטאַלע חילוקי־דעות צווישן בן־גוריונען און אשכּולן? מיינט איר, אַז דאָס איז אַ פּערזענלעך אָדער אַ פּאָליטיש פּראָבלעם, וואָס שטאַמט נאָך פון די אַמאָליקע צייטן פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק? (ביטע, נוצט אַ שפּראַך, וואָס זאָל זיין דרוק־פעיִק)".

איך האָב געענטפערט אין הסכּם מיט מיין שטאַנדפּונקט, און אין אַ שפּראַך, וואָס דער פּויפּסט אַליין וואָלט אָנגענומען. אָבער איך בין געווען נאַיִוו צו טראַכטן, אַז קמחי איז טאַקע פאַראינטערעסירט אין מיינע מיינונגען. אויב נישט — פאַר וואָס האָט ער מיך געבעטן, אַז איך זאָל זיי אים זאָגן? אויסער דעם האָט ער דאָך אַליין אינספּירירט אַ שאַרפע „שטאַטסמענערישע דערקלערונג". האָב איך אים געגעבן מיינע מיינונגען.

אין אַ בריוו, ווו ער האָט מיך אינפאָרמירט, אַז „עס וואָלט געווען אַ טעות פון אונדזער זייט צו פאַרעפנטלעכן דאָס", און אַז „עס וואָלט געווען נאָך אַ גרע־סערער טעות פאַר אייך צו דערשיינען אין דרוק מיט דעם", האָט ער פאַרענדיקט: „איך האָב געהאָפט, אַז אייער אינטערוויו וועט זיין אויף אַ מער אָלימפּישער הויך. אָבער אַנשטאָט דעם האָט איר כּמעט יעדע פראַגע רעדוצירט צו די אַריינגעמישטע פערזענלעכקייטן". איך האָב אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו קמחי, וואָס איז, ווי דער אינטערוויו, פאַרבליבן ליגן צווישן זיינע אַקטן. אָבער אויך איך האָב אַן אַרכיוו. און הגם מיין כּעס און מיין אינטערעס זענען שוין לאַנג אויסגעוועפּט, האָב איך געהאַט אַ שטאַרקן חשק אויסצוגראָבן די פראַגעס און ענטפערס, ווי אויך די גאַנצע פאַטאַלע קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז געקומען נאָך דעם ווי דער רעדאַקטאָר האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרעפנטלעכן דעם אינטערוויו, וועלכן ער האָט מיך גע־האָט געבעטן אים צו געבן. אָבער ווען איך בין געקומען פּנים־אל־פּנים מיט אַזעלכע באַטעמדיקע פראַזן (מיינע אייגענע), ווי „אַ חברה, וואָס איז הונגעריק נאָך מאַכט", „אין תּהום פון עוולות און אומגערעכטיקייט", „איבערהערשער און קליינע הערשערלעך" — האָב איך באַשלאָסן נאָכצוטאָן דאָס מאָל דעם ביישפּיל פון גאַלבערעיטן און איבערלאָזן די דאָזיקע „מעדני מלך" פאַר די קומענדיקע דורות.

אשכּול איז צוריקגעבראַכט געוואָרן צו דער מאַכט מיט אַ זייער גרויסן נצחון. דאָס לאַנד איז אַלט געווען זיבעצן יאָר און האָט זיך דערנענטערט צום עלטער פון רייפקייט. עס האָט זיך נישט גענויטיקט אין קיין „שטאַרקן מאַן".

**איינע פון די אינטערעסאַנטסטע באַשולדיקונגען, וואָס בן־גוריון האָט גע־האַלטן אין איין וואַרפן אויף אשכולן פריִער, פאַר די וואַלן, און דערנאָך, איז געווען, אַז ער היט נישט אָפּ ווי געהעריק די מיליטערישע באַדערפענישן פון לאַנד. אשכול האָט זיך נישט געענטיקט איך זאָל וועגן דעם עדות זאָגן. די זעקס־טאָגיקע מלחמה איז אַ גענוגנדיקער באַווייז. עס איז אינטערעסאַנט, אַז ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, און אַן אויסלענדישער זשורנאַליסט האָט גע־פרעגט בן־גוריונען, וואָס ער טראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי די רעגירונג האָט גע־פירט דעם קריג, האָט ער געענטפערט: „די רעגירונג האָט נישט געפירט די מלחמה. די אַרמיי האָט דאָס געטאָן״.**

**אשכול איז געשטאָרבן אין פעברואַר 1969, ווען ער איז געווען פּרעמיער־מיניסטער. איך האָב זיך דעמאָלט געפונען אין קאַראַקאַס, ווענעצועלאַ. מיין גע־זונט־צושטאַנד איז נישט געווען קיין גוטער, און מיינע „ראַטגעבער״ האָבן אויס־באַהאַלטן מיר פון די נייעס, וויסנדיק אַז איך וואָלט געפּלויגן צו דער לוויה, איבער־לאָזנדיק דעם קאַמפּיין פאַרן וויצמאַן־אינסטיטוט אויפן בלויזן צופאַל, און אפשר ברענגענדיק מיר אַליין אַ פיזישן שאָדן. זיי האָבן מיר געזאָגט וועגן דעם, ווען עס איז שוין געווען צו שפּעט צו פליִען צו דער לוויה. איך האָב געבעטן, אַז אַנשטאָט דעם באַנקעט, וועלכער איז געווען באַשטימט פאַר דעם אָוונט, זאָל אָפּ־געריכט ווערן אַן אזכרה, און איך האָב געזאָגט אין מיין הספד:**

איך געפין זיך דאָ היינט, נישט רעפּרעזענטירנדיק קיין שום אָרגאַ־ניזאַציע און קיין שום אינסטיטוציע, נאָר מיך אַליין, צו געזעגענען זיך מיט לוי אשכולן, אַ פריינד און אַ קאָלעגע, מיט וועלכן איך האָב אין משך פון יאָרצענדליקער געטיילט די פריידן און די ליידן ביים בויען די יידישע נאַציאָנאַלע היים און מדינת ישׂראל. באַדינגונגען, אויף וועלכע איך בין נישט קיין באַלעבאָס, מאַכן מיר אוממעגלעך צו זיין היינט אין ירושלים, ווו איך וואָלט געדאַרפט זיין, און ווו איך האָב מיט מיין גאַנצן האַרצן גע־וואָלט זיין.

עס איז צו פרי אָפּצושאַצן די ראָל, וואָס לוי אשכול האָט געשפּילט אין די פאַרגאַנגענע פערציק יאָר און מער, פון זיין זייער באַשיידענעם אָנהייב ביז צום שפּיץ פון דער מאַכט. איך מיין, אַז עס וועט נישט באַ־טראַכט ווערן פאַר צו געוואַגט פון מיין זייט צו פּאַראַפראַזירן אייבערהעמס לינקאָלן: „די וועלט וועט ווייניק באַמערקן און אויך נישט לאַנג געדענקען, וואָס איך וועל דאָ זאָגן, אָבער וועט קיין מאָל נישט פאַרגעסן, וואָס ער האָט געטאָן״. גאַנץ ישׂראל איז באַדעקט מיט סימנים פון לוי אשכולס אויפטוען און דערגרייכונגען, פון דגניה ביים ים־כּנרת ביז צו די טיפע־נישן פון נגב.

מיר געזעגענען זיך מיט דעם מאַן, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ סך יידישע חכמה און איז געווען רייך אין ענוות. לוי אשכול איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע, אָבער אויך פון אַ צעבראָכן האַרץ. „אומדאַנקבאַרקייט (**ממשיך זייענדיק מיין אימפּערטינענץ**) מער ווי די וואָפן פון פאַררעטער, האָט אים באַזיגט״. שלום, טייערער פריינד, שלום״.

בן־גוריון האָט נישט מספיד געווען אשכולן, פונקט ווי ער האָט נישט גע־מאַכט קיין שום הספד נאָך שרתן. שמעון פרס, איינער פון בן־גוריונס איבער־געגעבנסטע און געטרייעסטע אָנהענגער, האָט געמאַכט אַ ספּעציעלע רייזע קיין שׂדה־בוקר און געבעטן ביי אים, ער זאָל קומען צו אשכולס לוויה. אָבער בן־גוריון האָט אָפּגעזאָגט, אויסדריקנדיק זיך: „ער וואָלט נישט געדאַרפט גיין אויך נאָך מיין לוויה".

ווען איך שרייב די ווערטער שפּילט ווייטער בן־גוריון מיט גרויס טומל, און אָן אָפּרו, זיין ראָל אַלס פייערדיקער נביא, פּאַרטיידיקער פון אמת, מורה־דרך פון דער וועלט. אין יאָר 1966, ווען איך האָב געשריבן יענעם אַרטיקל וועגן אים, צו זיין אַכציקסטן געבורטסטאָג, האָב איך פאַרענדיקט מיט אַ ווונטש (וואָס איז אויסגעשטראָכן געוואָרן אין געדרוקטן טעקסט), וועלכן איך ציטיר דאָ:

„יש קונה עולמו בשעה אחת" — זאָגט די גמרא. עס קאָן אויך זיין, אַז מען זאָל זי פאַרלירן פונקט אַזוי גיך. מיין אייגענער ווונטש פאַר בן־גוריונען צו זיין געבורטסטאָג איז, אַז ער זאָל אין דער מנוחה פון זיין דירה אין מדבר זיך טיף פאַרטראַכטן וועגן דעם פיינעם פסוק פון תהלים: „למנות ימינו כן הודע ונביא לבב חכמה".

# 24. חשבון־הנפש פון א בן־שבעים

איך בין געוואָרן זיבעציק יאָר אין נאָוועמבער 1964. מיין געבורטסטאָג איז זיך צונויפגעקומען מיטן צוואַנציק־יאָריקן יובילײ פון דער גרינדונג פון וויצמאַן־אינסטיטוט. דער דאָזיקער גליקלעכער צוזאַמענטרעף האָט נאַטירלעך געשאַפן די מעגלעכקייט פאַר אַ רײ פאַראייניקטע פייערונגען פון פאַרשיידענע מינים אין דער וועלט, ביי וועלכע איך בין פון איין זייט באַערט געוואָרן אַלס אַן אַלטער מאַן, וועלכער איז שוין באַלד גרייט מען זאָל אים ברענגען צו קבורה, און פון דער אַנדערער זייט האָט מען מיך געהאַלטן פאַר אַן אומפאַראַנטוואָרטלעכן, דער־פאַר ווייל איך האָב געטראַכט וועגן צוריקציִען זיך.

אין איינעם אַ טאָג האָב איך אין מיטן פון אַלע מיינע עסקים אויפגענומען אַ באַזוכער, וועלכער איז געקומען צו מיר אין נאָמען פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. „מר וויסגאַל״ — האָט ער מיר געזאָגט מיט דעם געהעריקן דרך־ארץ — „איך בין געקומען צו אייך בעטן אייער דערלויבעניש פאַרצושלאָגן אייער נאָמען ביי דער נאָענטסטער סעסיע פון אַקציאָנס־קאָמיטעט אויסצוויילן איך אַלס אַ „ווירילּיסט״. אויף דעם היימישן ציוניסטישן לשון מיינט עס, אַז ווען איר פאַרלירט דעם כּוח גברא ווערט איר אַ „ווירילּיסט״. דאָס איז אַ טיטל, וואָס איז רעזערווירט פאַר פיינע יידן און גוטע ציוניסטן, וועלכע לעבן צו לאַנג. אַזוי ווי איך האָב נאָר־וואָס געהאַט מספּים געווען צו בלייבן אויף מיין פּאָזיציע אין וויצמאַן־אינסטיטוט אַ ביסל לענגער, האָב איך געזאָגט דעם מאַן, ער זאָל גיין אַהיים און ער זאָל צוריקקומען צו מיר ווען איך וועל ווערן אַ בן־שמונים.

פאַראַן אַן אַלט ווערטל, וואָס איז אויסגעבאָרגט געוואָרן פון פראַנצייזישן סענאַט: ציוניסטן שטאַרבן אַ מאָל; רעזיגנירן — רעזיגנירן זיי קיין מאָל נישט. איך האָב געוואָלט באַווייזן, אַז איך וועל זיין אַן אויסנאַם. און אויב מיר האָט זיך איינגעגעבן דאָס צו טאָן ערשט פינף יאָר שפּעטער, ווען איך בין געוואָרן אַ פינף און זיבעציקער, איז דאָס נישט געווען דערפאַר, ווייל איך זאָל נישט האָבן געמאַכט דעם דאָזיקן פּרווו פריִער.

איך האָב אַ מאָל געפּלאַנט צוריקצוציִען זיך, ווען איך האָב געהאַלטן ביי מיין פינף און זעכציקסטן געבורטסטאָג. איך האָב געפילט, אַז דעם צוזאָג, וואָס איך האָב געגעבן וויצמאַנען, האָב איך שוין מקיים געווען. דער אינסטיטוט איז אויס־

געוואַקסן, איז רייף געוואָרן און האָט זיך דערוואָרבן אַן אינטערנאַציאָנאַלע רעפּוטאַציע אַלס אַ וויסנשאַפטלעכער צענטער. די „יד חיים ווייצמאַן"־אָנדענק־אינסטיטוציע איז שוין אַוועקגעשטעלט אויף אַ פעסטן יסוד. פרוי ווייצמאַן האָט כמעט ווי פאַרגעסן די באַליידיקונגען און דעם שאָדן, וואָס איך זאָל איר האָבן פאַרשאַפט פאַר איר „רוימישער וואַנט". די בלומען האָבן געבליט און דיביימער זענען געוואַקסן. איך האָב אָנגעהויבן זיך פאַרטרויען פאַר פריינד פאַר מיין משפחה, אַז עס קומט באַלד אַן דער טאָג, ווען איך וועל זיין אַ פרייער מענטש. עס איז אָבער נישט געשען אַזוי.

דיואי סטאָון און הערי לעווין האָבן מיך אָפּגעשטעלט. נאָך איידער איך האָב אָנגעהויבן. „וואָס, איר זענט משוגע געוואָרן? איר זענט אויף דער סאַמע הויך פון אייערע כוחות. צו פינף און זעכציק יאָר איז נישט קיין צייט פאַר צוריקציִען זיך" אאַז"וו. איך האָב זיי נאָכגעגעבן, אָבער צוליב אַ מאָטיוו, וועלכן איך האָב פאַרשטאַנען בעסער פון זיי: איך דאַרף שאַפן אַ נאָכפאָלגער.

די קאָמפּליקאַציעס פון מיין זיין אַריינגעטאָן אין ווייצמאַן־אינסטיטוט און פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס איך האָב געטראָגן אויף מיר, זענען געווען פילפאַכע. איך האָב אין מיין אַרבעט פאַראייניקט אַ סך פונקציעס, אַ טייל פון זיי מיט מיין אייגענעם ווילן און אַ טייל — מיט גרויסע וואַקלענישן. ווען איך האָב זיך געוווּנדערט, פון וואַנען איך נעם די כוחות פאַר דעם אַלעם, פלעגט מיין פרוי מיר זאָגן: „דו האָסט הנאה דערפון יעדע רגע". געוויס וואָלט איך אַנדערש נישט געקאָנט אויסהאַלטן די גרויסע אָנשטרענגונג.

נאָך דעם ווי איך האָב צונויפגעקליבן די וויסנשאַפטלער איז מיין אויפגאַבע געווען צו שאַפן געלט פאַר דעם אינסטיטוט. יעדער איינער, וועלכער איז באַ־קאַנט מיט אַ וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, ווייסט, אַז אין צוגאַב צו די ריזיקע טאָג־טעגלעכע הוצאות דאַרף מען צושטעלן אינוועסטירונגען פאַר בויען און אויס־ברייטערן דעם אַנשטאַלט. ד"ר ווייצמאַן האָט מיר אַ מאָל געזאָגט: „מאיר, ווען איר זעט אַ וויסנשאַפטלער, ווי ער שפּאַצירט אַרום דעם אינסטיטוט און אייך ווייזט זיך אויס, אַז ער טוט גאָרנישט, לאָזט אים אָפּ. ער טראַכט. ווען איר זעט אים מיט אַ שיין מיידל אויף די קני, פאַרגינט אים. ער קריגט אינספּיראַציע. לאָזט זיי פריי, די וויסנשאַפטלער, און מישט זיך קיין מאָל נישט אַריין אין זייער אַרבעט. אָבער פאַר איין זאַך וואָרן איך אייך: לאָזט זיי נישט צו נאָענט צו דער שיסל, צו דער קאַסע. אויב איר וועט דאָס טאָן, וועט איר זיין אַ רויִנירטער מענטש. וויסנשאַפטלער גיבן נישט אויס קיין געלט; זיי פאַרברענען געלט".

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן זיי (און איך אויך) פאַרברענט גרויסע אוצרות מיט געלט. אָבער מיר זענען נישט רויִנירט געוואָרן. אין 1956 האָב איך אין מיין באַריכט צום דירעקטאָרן־ראַט געזאָגט:

„איין זאַך — איך האָב מבטל געמאַכט דעם אַלגעמיין־אָנגענומענעם כלל, אַז וויסנשאַפטלער זענען נערוועזע, נאַיִווע, שוואַכע מענטשן, וואָס זענען געניויגט צו האָבן אַ צעטרודערטן שׂכל — אַ צושטאַנד, וואָס ווערט אין דער פּשוטער שפּראַך אָנגערופן „אַ צעטרודערטער פּראָפעסאָר". איך

האָב אויסגעפונען, אַז גוטע וויסנשאַפטלער זענען געוויינטלעך מענטשן מיט אַ דינאַמישער ענערגיע און מיט אַן עשירות פון פאַנטאַזיע און וויזיע, איבער וועלכע זיי האָבן אַן עפעקטיווע קאָנטראָל. זייער „צערודערטקייט" — אויב זיי האָבן עפּעס פון דעם — לאָזט זיך באַמערקן בלויז דעמאָלט, ווען עס קומט צו פינאַנסיעלע ענינים. דאָס הייסט, ווען עס ווערט באַהאַנדלט אַ פראַגע, ווו אונדזערע פינאַנסיעלע מיטלען ווערן אַוועקגעשטעלט פנים־אל־פנים מיט זייערע וויסנשאַפטלעכע באַדערפענישן.

איך האָב זיך אויסגעלערנט, צו מאַכן פשרות אין אַזעלכע פאַלן — דורך אָננעמען דעם שטאַנדפונקט פון די וויסנשאַפטלער. אין סך־הכל מיין איך, אַז עס וועט זיין ערלעך פון מיין זייט, ווען איך וועל זאָגן, אַז אַרום און אַרום האָבן זיי אונדז געמאַכט אַ סך מער שוועריקייטן, ווי מיר זיי. אָבער זיי האָבן אונדז געגעבן עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט אַ מער דויערהאַפטן ווערט: אַ וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, וואָס שטייט אויף אַ גלייכער הויך, אויב נישט העכער, מיט יעדער ענלעכער אינסטיטוציע אין דער וועלט. אויב איך ווער קיין מאָל נישט מיד דאָס צו זאָגן און איבערצוחזרן, איז עס דערפאַר, ווייל מיר האָבן אָנגעהויבן באַטראַכטן די עמינענטע פּאָזיציע פון אונדזער אינסטיטוט אַלס אַ געוויינטלעכע זאַך, וואָס ליגט אין דער קעשענע, פאַרגעסנדיק צייטנווייז, אַז דאָס איז אַזאַ גרויסער אויפטו, וועלכער איז אפשר אַ יחיד במינו און זיכער אַן אויסערגעוויינטלעכע דערגרייכונג פאַר אַ וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, וואָס פונקציאָנירט אין אַ קליין לאַנד, ווייט פון דעם הויפטשטראָם פון אינטעלעקטועלע טעטיקייטן — און אין אַזאַ קורצער צייט פון בלויז עטלעכע יאָר".

**איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט קיין סיבה צו ענדערן די דאָזיקע מיינונגען מיינע, און האָב אויך קיין מאָל נישט באַדויערט, אַפילו ווען די שיסל איז געוואָרן נישט נאָר ליידיק נאָר פול מיט חובות.**

**דער רעפּאָרטער פון „ניו יאָרק טיימס", אַלפרעד פרענדלי, דער ייִנגערער, האָט מיך אַ מאָל געפרעגט, וואָס פאַר אַ מאָסשטאָב איך באַנוץ פאַר אָפּשאַצן די רעפּוטאַציע פון וויצמאַן־אינסטיטוט. איך האָב אים געזאָגט, אַז עס זענען פאַראַן עטלעכע סטאַנדאַרטן. איינער — די צאָל וויסנשאַפטלער פון אויסלאַנד, וועלכע באַזוכן רעגולער דעם אינסטיטוט, כדי אַליין צו לערנען, צו לערנען אַנדערע אָדער כדי דורכצופירן פאָרשונגען. אַ צווייטער — די צאָל פון שריפטלעכע פאָרשונגס־אַרבעטן פון אונדזערע וויסנשאַפטלער, וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין אָנערקענטע צייטשריפטן איבער דער גאָרער וועלט. דער דריטער — די צאָל פון אינטערנאַציאָנאַלע וויסנשאַפטלעכע קאָנפערענצן, וואָס ווערן אָפּגעהאַלטן אין רחובות. דער פערטער — די צאָל איינלאַדונגען, וואָס ווערן געשיקט צו אונדזערע וויסנשאַפטלער דורך אַנדערע אַקאַדעמישע אינסטיטוציעס. און דער פינפטער — די גרויס פון אונדזער דעפיציט. דער רעפּאָרטער האָט עלימינירט די ערשטע פיר און איז געבליבן ביים פינפטן, דערקלערנדיק, אַז לויט דער דאָזיקער מאָס איז אונדזער רעפּוטאַציע אומגעהויער.**

פּאַקטיש בין איך דערגאַנגען זייער שנעל, אַז וויסנשאַפטלער זענען נישט פּאַראינטערעסירט בעיקר אין הויכע שׂכירות (ווינציקסטנס ביז די לעצטע יאָרן). זיי האָבן געוואָלט האָבן גוטע אינסטרומענטן פֿאַר זייערע פֿאָרשונגען; גוטע אַרבעטס־באַדינגונגען, אָנשטענדיקע היימען; מיט אַן אָנשטענדיקער סביבה. מער פֿון אַלץ האָבן זיי נישט געוואָלט ווערן געשטערט דורך זייערע פֿרויען מיט דער דאגה ווו און מיט וואָס צו קויפֿן מילך פֿאַר די קינדער. ווייזט אויס, אַז אונדז האָט זיך איינגעגעבן צו שאַפֿן גוטע און צופֿרידנדיקע באַדינגונגען — ווייל מיר האָבן נישט געליטן דערפֿון, אַז וויסנשאַפֿטלער זאָלן אַוועקגיין פֿון אונדז. העכסטנס האָבן בלויז עטלעכע געציילטע וויסנשאַפֿטלער פֿאַרלאָזט דעם אינסטיטוט, זוכנדיק בעסערע פּאַשע, אָדער אַן אָרט, ווו זיי האָבן געהאָפֿט, אַז עס וועט זיין אַ בעסערע פּאַשע. עס איז געווען אונדזער שולד וואָס זיי זענען אַוועקגעגאַנגען. אַ טייל פֿון די זענען צוריקגעקומען.

חיים ווייצמאַן האָט געוויס פֿאַרשטאַנען דורך און דורך וויסנשאַפֿט און וויסנשאַפֿטלער. אָבער ער איז געווען ווייניקער באַהאַוונט, ווען עס איז געקומען צו געלט־ענינים. איין מאָל, ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך פֿאָר אַרויס פֿון רחובות, ווייל די שיסל איז ליידיק און מען דאַרף זי אָנפֿילן, האָט ער זיך אָנגערופֿן צו מיר: „פֿריִער איידער מיר האָבן געהאַט אַ מדינה, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז איר דאַרפֿט אַרומפֿאָרן איבער דער וועלט בעטלען, אָבער איצט האָבן מיר נישט בלויז אַ מדינה, מיר פֿאַרמאָגן אויך אַ פּאָסטאַמט. פֿאַר וואָס זיצט איר נישט רויִק, און זאָלן אייערע קליענטן אייך אַריינשיקן טשעקן דורך דער פּאָסט?"

עס קאָן זיין, אַז עס וועט נאָך קומען אַ מאָל אַ טאָג, ווען דער פֿירער פֿון אינסטיטוט וועט זיצן אין אַ ביוראָ צו עפֿענען קאָנווערטן, ווו עס וועלן ליגן טשעקן. איך צווייפֿל אין דעם. פֿירער פֿון אַקאַדעמישע אינסטיטוציעס דאַרפֿן געוויינלעך שווער אַרבעטן פֿאַר זייער געלט. איך ווייס, אַז איך האָב געדאַרפֿט שווער אַרבעטן.

עס גייען אַרום מעשׂיות וועגן מיר, אַז איך זאָל האָבן אַ מין געהיימע פֿאַרמולע לויט וועלכער איך זאַמל געלט און אַז איך וויל קיינעם נישט אַרויסגעבן דעם דאָזיקן סוד. דער אמת איז ווייניקער אינטריגירנדיק און מער פֿאַרמאַטערנדיק. איך בין קיין קיין מאָל נישט געווען אַזאַ וואָס מען רופֿט: אַ פּראָפֿעסיאָנעלער זאַמלער פֿון פֿאָנדן. אַ זאַמלער פֿון פֿאָנדן איז עמעצער, וועלכער קאָן זאַמלען געלט פֿאַר אַלעמען און פֿאַר אַלץ, אָנהויבנדיק פֿון זאַמלען פֿאַר זייפֿנבלאָזן ביז פֿאַר דער ברוקלינער בריק. מיין איינציקער טאַלאַנט אויף דעם געביט איז געווען אָנצושטעקן מענטשן מיט מיין אייגענעם ענטוזיאַזם. נישט זייפֿנבלאָזן און אַפֿילו נישט קיין בערזע־אַקציעס און ווערטפּאַפּירן פֿון וויליאַם ראָזענבלאַט האָבן געקאָנט מיך באַוועגן צו זאַמלען אַ פּרוטה. גלויבנדיק אין ווייצמאַן־אינסטיטוט אַזוי שטאַרק און אַזוי טיף, ווי עס איז געווען מיין געפֿיל, האָב איך געקאָנט איבערגעבן דעם גלויבן צו אַנדערע. איך בין אויסגעפֿאָרן אַ וועלט, זוכנדיק אונדזערע מענטשן, וועלכע האָבן געמאַכט מיליאָנען און האָבן נישט געוווסט פֿאַר וואָס.

דער פּרעזידענט פון קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט, ניקאָלאַס מאָרעי באַטלער, פלעגט פּאַרוואָרפן מיין ברודער דזשאָש מיט מעשׂיות, ווען ער האָט געקויפט ביי אים זיין פרימאָרגן־צייטונג. איך האָב גענומען אַ קורס פון זשורנאַליזם אין קאָ־לאָמביאַ אין יענע טעג, און איך האָב קיין מאָל נישט חושד געווען, אַז די דאָזיקע מעשׂיות וועלן איין טאָג זיין פאַר מיר אַן אינספּיראַציע. באַטלער פלעגט זאָגן, אַז אַ מענטש מאַכט דורך דריי שטאַפּלען אין זיין לעבן: דער ערשטער שטאַפּל איז, ווען ער זאַמלט צונויף זיין וויסן, זיינע קענטעניש, זיינע דערפאַרונגען און זיין פאַרמעגן. דעמאָלט דאַרף מען אים לאָזן זיין אַליין. דער צווייטער שטאַפּל איז, ווען דער מענטש הויבט אָן זיך צו פאַרטראַכטן ווי ער האַלט אין דער וועלט. דאָס איז די צייט צו דרייען זיך אַרום אים. דער דריטער שטאַפּל איז, ווען ער הויבט אָן צו טיילן זיך מיט דעם, וואָס ער פאַרמאָגט. דאָס איז די צייט, ווען מען דאַרף זיין אויפן אָרט, צוזאַמען מיט אים און טאָן דאָס געהעריקע און נויטיקע. עס זענען געווען אַ סך יידן איבער דער גאָרער וועלט, וועלכע האָבן דערגרייכט צו דעם דריטן שטאַפּל. איך פלעג זיי אויסזוכן ביי מאָלצייטן אין אַ היימישער געזעלשאַפט, אין קלובן, אויף פּריוואַטע פאַרזאַמלונגען, ביי עפנטלעכע באַנקעטן, אויף יאַכטרייזעס (פאַר וועלכע איך בין נישט געווען באַזונדערס צוגעפּאַסט) און ענלעכע געלעגנהייטן. אַנדערע האָבן מיך אויסגעזוכט: אין ניו־יאָרק, אין רחובות, אין אייראָפּע.

איך פלעג רופן די דאָזיקע מיליאָנערן: „מיינע קונים״. איך האָב פאַרקויפט עפּעס אַזעלכעס, וואָס זיי האָבן געוואָלט פאַר זיך איינשאַפן. איינער האָט געוואָלט קויפן אַ שטיקל אומשטערבלעכקייט צו האָבן זיין נאָמען אויף אַ געבײדע; אַן אַנדערער האָט געוואָלט האָבן די פּריווילעגיע צו זיין פאַרבונדן מיט אַ באַרימ־טער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוציע אין ישׂראל; נאָך אַנדערע האָבן געוואָלט באַאיינפלוסן זייערע אָפּגעפרעמדטע קינדער, אינטעלעקטואַלן, און עס זענען גע־ווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געוואָלט אויסקויפן פון אַ שלעכט געוויסן. זייער ווייניק פון זיי האָבן געוווּסט וואָס זיי ווילן. זיי האָבן בלויז געוווּסט, אַז זיי דאַרפן עפּעס וועלן.

עס זענען געווען צייטן, ווען איך האָב זיך געפילט ווי אַ פּראָסטיטוט, באַ־דעקנדיק זיך מיט מיינע בלישטשענדיקע פאַלשע עפּאָלעטן — דאָס הייסט מיט מיין סמאָקינג — איינצורעדן אַ יידן, וועלכער איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט געלט. אָבער אין די מערסטע פאַלן בין איך צוגעגאַנגען גלייך און פּשוט צום ענין. און איך האָב פאַרענדיקט נישט בלויז מיט קריגן געלט פאַר דעם אינסטיטוט, נאָר אויך מיט געווינען מענטשן, וועלכע זענען דערנאָך געוואָרן מיינע פריינד. איינער פון זיי איז געווען זיגפריד אולמאַן.

זיגפריד אולמאַן האָט געשטאַמט פון אַן אָרטאָדאָקסישער יידישער פאַמיליע אין אַ קליינער שטאָט אין דייטשלאַנד. געווינלעך, ווען אַ דייטשער ייד איז אַן אָרטאָדאָקס, איז נישטאָ גאָר קיין שיעור צו זיין פרומקייט. יעדער מינהג, יעדע טראַדיציע ווערט דערהויבן צו אַ דאָגמע. זיגפריד, וועלכער האָט פאַרלאָזט דייטש־לאַנד אַלס אַ יונגערמאַן, האָט באַוויזן צו באַפרייען זיך פון דער שטרענגער אָרטאָדאָקסיע. אָבער ער איז פאַרבליבן אַ טראַדיציאָנעלער ייד. זיין שותּף, לודוויג

יעסעלסאָן, וועלכער איז געווען פּונקט אַזאַ אָרטאָדאָקס ווי ער, האָט קיין מאָל נישט אַראָפּגענומען פון זיך די אָרטאָדאָקסישע ברילן. ביידע מענטשן האָבן געפירט אַ גרויסן אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל מיט אייזן, שטאָל און קופּער.

אולמאַן איז געקומען באַזוכן דעם אינסטיטוט און האָט זיך פאַרליבט אין אים אויפן ערשטן בליק. אים האָט געבראַכט צו מיר דער וויסנשאַפטלער לעאָ זאַקס. אולמאַן האָט געוואָלט מנדב זיין פאַר דעם אָדער אַן אַנדערן צוועק אין אינסטיטוט אַ ריזיקע סומע געלט. איינע פון מיינע טעאָריעס איז, אַז עס איז נישט גוט צו נעמען געלט פון מענטשן, וועלכע זענען געסט ביי אייך אין דער היים. נישט עס איז אַ גוטע מידה און נישט עס לאָזט זיך אויס צו זיין אַ גוטער מסחר. האָב איך געזאָגט אולמאַנען, אַז איך וועל זיין אין גיכן אין ניו־יאָרק, ווו מיר וועלן זיך באַגעגענען. ער וועט האָבן ביז דעמאָלט צייט צו אַנאַליזירן זיינע איינדרוקן און געפילן און איך וועל פאַר דער צייט אַריינקוקן אין דעם, אין וואָס דער אינסטיטוט נויטיקט זיך און איך וועל קומען צו אים מיט אַ קאָנקרעטן פאָרשלאַג.

ווען איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער מיר טעלעפאָנירט, נישט איך אים. און מיר האָבן שפּעטער זיך באַגעגנט אַ סך מאָל. זיין פרוי און זיין זון יעקב זענען אויך געוואָרן גוטע פריינד. זיין ערשטע מתּנה פון אַ מיליאָן דאָלאַר איז אויסגעוואַקסן שפּעטער ביז דריי און אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר פאַרן אולמאַן־אינסטיטוט פאַר דער וויסנשאַפט פון לעבן.

מער ווי־ניקער אַ יאָר איידער ער איז געשטאָרבן, האָט ער מיר געלאָזט וויסן, אַז ער וויל מיך זען. ער איז געווען אַ זאַמלער פון קונסטווערק און אַן אַמאַטאָר־קונסטמאָלער. ער האָט געוואָלט, אַז זיין קונסט־קאָלעקציע זאָל אַריינגענומען ווערן אין ווייצמאַן־אינסטיטוט און געהעריק איינגעאָרדנט ווערן. שפּעטער האָט ער געהאַט צו מיר נאָך אַ ביטע. ער האָט געוואָלט, מען זאָל אים ברענגען צו קבורה אין רחובות. ער האָט געמוזט האָבן עפּעס אַ פאָרגעפיל, ווייל אַ קורצע צייט דערנאָך איז ער געשטאָרבן, און איך האָב זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע צו דאַרפן ברעכן אַ צוזאַג. ער האָט דעם דאָזיקן ווונטש נישט אַריינגעשריבן אין זיין צוואה. עס איז געווען אַ פאַרטרויליכע ביטע. איך האָב מורא געהאַט, אַז איך וועל אויסזען, ווי איינער וואָס וויל אַוועקכאַפּן אַ בר־מינן. צום גליק האָט ער זיך אויך וועגן דעם פאָרטרעט פאַר זיין שותּף יעסעלסאָן און יעסעלסאָנס עדות־זאָגן, ווי זיין פרומקייט, איז רעספּעקטירט געוואָרן אין זיגפריד אולמאַנס משפּחה. אויב אונדזער פריינדשאַפט איז אויסגעוואַקסן פון זיין גרויסמוטיקייט לגבי דעם אינסטיטוט, איז זי גיך ווייט אַריבערגעשטיגן בלויז דעם איינעם ענין. עס זענען אויך געווען אַנדערע, מיט וועלכע איך האָב געהאַט אַן ענלעכע דער־פאַרונג און מיט וועלכע מיין פאַרבינדונג איז צוגעגאַנגען אויף אַן ענלעכן אופן. איך האָב זיי באַגעגנט קודם־כּל אַלס „מיינע קונים‟, און אין משך פון דער צייט האָב איך אַנטדעקט אין זיי נאָענטע פריינד.

דזשאָן סיימאָנס, דער מאַן, וועלכער האָט מיר געגעבן 41.000 שווייצאַרישע פראַנק צו פאַרעפנטלעכן דאָס מייסטערווערק פון דעם יידישן פּאָעט באַריס גאַפּאַ־נאָוו פון גרוזיע, איז געווען אַן אַנדערער ביישפּיל. פון דעם מאָמענט אָן ווי מיר האָבן זיך באַגעגנט, האָט ער זיך צוגעטוליעט צו מיר און צו מיין פרוי. ער

פלעגט זיך פאַרטרויען פאַר מיר וועגן זיינע פּריוואַטע ענינים, וועגן זיינע דער־פאַלגן, זיינע דורכפאַלן, זיינע אַמביציעס — און זיין ליבע־ראָמאַן מיט זייער אַ שיינער, חנעוודיקער פרוי, מיט וועלכער ער האָט געוואָלט חתונה האָבן.

ער איז געוועזן געגט און האָט געלעבט אין לאָזאַן, שווייץ. מיין פרוי און איך האָבן געמוזט אים באַזוכן אין לאָזאַן תמיד, ווען מיר זענען דורכגעפאָרן די שווייץ. איין מאָל אין אַן אָוונט האָבן מיר געגעסן אין האָטעל „באָ ריוואַזש״ צוזאַמען מיט זיין פריינדין און ער האָט אַרויסגענומען אַן עלעגאַנט דימענטן־רינגל, זאָגנדיק איר: „דאָס איז פאַר דיר, מיין טייערע״. זי האָט זיך אָפּגעשאָקלט, אָבער נאָך דעם ווי ער האָט זיך אַ סך געבעטן ביי איר, האָט זי נאָכגעגעבן מיט איין באַדינג: אַז דאָס דימענטענע רינגל זאָל עווענטועל ווערן דאָס אייגנטום פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. אַ קורצע צייט שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ לעגאַלן דאָקומענט, אַז אין פאַל אַזוי און אַזוי וועט דאָס רינגל ווערן דאָס געזעצלעכע אייגנטום פון אינסטיטוט. עס איז ווערט פינף און פופציק טויזנט דאָלאַר.

ווען דער אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט האָט געפּייערט מיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג ביי אַ באַנקעט אין ניו־יאָרק, האָט סיימאָנס געבראַכט אַ טשעק אויף הונדערט טויזנט דאָלאַר לכּבוד שירלי און מאיר ווייסגאַל, באַגלייט מיט אַ בריוו פול מיט סענטימענטן פאַר דעם מאַן, וועלכער איז אַזוי און ווייטער, און „אַן וועמען״ אַזוי. ער האָט זיך אויך פאַרטרויט פאַר מיר, אַז עס איז פאַראַן אַ סך מער אין דעם, פון וואַנען עס שטאַמען זיינע געפילן צו מיר, און אַז ער וועט מיר אַנטפּלעקן דעם סוד נאָר דעמאָלט, בעת איך וועל אים באַזוכן אין סאַנט־מאָריץ, ווען ער וועט דאָרט פאַרוועזן זיין סקי־ספּאָרט. ער איז געוועזן אין די זעכציקער יאָרן און האָט געהאַט אַ האַרצפעלער, וואָס האָט אים נישט געשטערט צו פירן אַ טומלדיק און אינטענסיוו לעבן.

אויף מיין צוריקוועג קיין ישׂראל האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין דער שווייץ (איך האָב געהאַט בלויז איין פרייען אָוונט אָפּצושפּאָרן), נאָך דעם ווי איך האָב געבעטן דזשאָזעף קאָנס מיטאַרבעטערין, רענאַטע באַמבערג, — אַ פעיִקע פרוי, וועלכע האָט אָפּגעשטאַמט פון אַ גרויסער ציוניסטישער פאַמיליע — צו מאַכן די נויטיקע אַראַנזשירונגען פאַר מיין באַזוך אין סאַנט־מאָריץ. איך האָב זיך אויך געבעטן, אַז זי זאָל מיטפאָרן מיט מיר. איך האָב געטראַכט, אַז איר שיינקייט און חן וועלן נישט ברענגען קיין שאָדן וועלכער־עס־איז טראַנזאַקציע, וואָס קאָן מיך דערוואַרטן.

אין משך פון דעם אָוונט האָט סיימאָנס אָנגעהויבן אַנטוויקלען פאַר מיר זיין משונהדיקע אידייע. ער איז געוועזן פאַראינטערעסירט אין ראַק־פאָרשונג. אַזוי ווי דער ווייצמאַן־אינסטיטוט האָט אַן אינטערנאַציאָנאַלע רעפּוטאַציע אויף דעם געביט, אַ דאַנק יצחק בערענבלומען, דעם הויפּט פון דער אָפּטיילונג, איז סיימאָנס געוועזן גרייט צו זאַמלען הונדערט מיליאָן דאָלאַר, אַריינרעכענענדיק זעלבסט־פאַרשטענדלעך זיין אייגן פאַרמעגן, פאַר דער פאָרשונג פון ראַק, וואָס זאָל דורכגעפירט ווערן אין רחובות. ער וועט שרייבן — האָט ער געזאָגט — צום פּויפּסט, צו נאַצערן, טיטאָן, אַדענאַוערן, קענעדין, ראָקפעלערן, מעלאָן, צו יעדן מלוכה־שעף סיי אין מזרח און סיי אין מערב. ער וועט פאָרן אין די אַלע ערטער אויף

זיינע אייגענע הוצאות און וועט צוריקקומען מיט „דעם אוצר". איך האָב שטאַרק באַווונדערט די נאַיִוויטעט פון דעם פאָרשלאָג. דער פאָרשלאָג האָט מיר דערמאָנט אָן ד"ר יאַקאָבס „רפואה" קעגן ראַק, וואָס האָט אונדז געזאָלט ברענגען די יידישע מדינה. איך האָב אויסגערעכנט סיימאָנסן אַלע שוועריקייטן, אָבער קיין זאַך האָט אים נישט אָפּגעווענדט פון זיין פּלאַן. „גיט מיר נאָר אַ בריוו, אַז איר אויטאָריזירט מיך דאָס צו טאָן און מאַכט מיך פאַר דעם פאָרזיצער פון דעם פּראָיעקט" — האָט ער מיר געזאָגט.

איך האָב געוווּסט, אַז קיין שום זאַך קאָן דערפון נישט אַרויסקומען; אַז ער וועט דערביי פאַרלירן זיין אייגן פאַרמעגן. ער האָט נאָר־וואָס אויפגעבויט אַ נייע וווינונג, ספּעציעל פאַר מיר און שירלין, וואָס מיר זאָלן נוצן שטענדיק, ווען מיר וועלן זיין אין דער שווייץ.

אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט ע. שפּייער פון אַמסטערדאַם, איינער פון סיימאָנ־סעס פאַרטרויונגס־מענטשן, מיר מיטגעטיילט, אַז ער איז געשטאָרבן. אַחוץ די ספּעציעלע צוואה־געלטער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט פאַר די מיטגלידער פון זיין פאַמיליע, בין איך — דאָס מיינט, דער ווייצמאַן־אינסטיטוט — געווען זיין איינציקער יורש. אַזוי ווי ביי אַלעמען, איז זיין לעצטער ווונטש געווען, אַז ער זאָל געבראַכט ווערן צו קבורה אין רחובות. און מיט אים איז אַריין אין קבר זיין הונדערט־מיליאָן־דאָלאַר־פּראָיעקט.

דער פּועל־יוצא פון דעם דאָזיקן „טאַלאַנט" מיינעם אויסצוגעפינען מענטשן צו זאַמלען ביי זיי געלט, איז געווען, אַז מיין היים אין רחובות איז געוואָרן אַ „בית ועד", ווו עס איז געווען שווער צו אונטערשיידן צווישן אַרבעט און פאַר־ברענגען. מיין פּריוואַט לעבן און מיינע „עקספּעדיציעס" צו זאַמלען געלט זענען געוואָרן צונויפגעמישט איינע מיט די אַנדערע. שירלי איז אַוודאי געווען די איינציקע פון אַן עולם פון פּופּציק מענטשן אין אונדזער הויז, וועלכע האָבן גע־וווּסט, צי איך דיסקוטיר מיט אַ פּרוי פון אַ יאָר אַכציק, וועלכע איז געווען באַ־דעקט מיט ברילִיאַנטן, וועגן „קונסט לשם קונסט", אָדער איך בין אויפן ענדגיל־טיקן וועג צוצוקומען צו איר באַנקביכל. איך אַליין האָב צייטנווייז פאַרלוירן די ריכטונג פון מיינע כוונות. דאָס אַלץ האָט דערפירט דערצו, אַז איך בין געוואָרן אַ גאַנץ באַשטימטער „אבן־חן" פאַרן אינסטיטוט. מיין סטיל און מיין סטראַטעגיע אויף דעם געביט זענען געווען ריין־פּערזענלעכע. זיי האָבן נישט געקאָנט לייכט איבערגעטראָגן ווערן, אַזוי ווי מען גיט איבער אַן אַמט אָדער אַ טיטל צו אַ נאָכפאָלגער.

מיין זוכן געלט פאַר דעם אינסטיטוט האָט זיך נישט באַגרענעצט בלויז צו אַ קרייז פון מיליאָנערן. דאָס וואָלט געווען קורצזיכטיק און וואָלט סוף־כל־סוף פון זיך אַליין דערפירט צו אַ דורכפאַל. אויב איך האָב זיך געקליבן צוריקצוציִען זיך עווענטועל פון מיינע פונקציעס, האָב איך געדאַרפט פאַרזיכערן אַ געזונטע פינאַנסיעלע באַזע פאַר דעם אינסטיטוט, אומאָפּהענגיק פון מיינע פּערזענלעכע איינגעשאַפטן צו זאַמלען געלט.

ווי מיינע לייענער האָבן שוין אַוודאי איינגעזען ביז איצט, ווער איך אין מיין אַרבעט באַאווויגן דורך אַ כוואַליע פון אינספּיראַציעס אָדער גאָר פון אַ פּלוצלונג־

דיקן בליק, וואָס גיט מיך אַ כאַפּ אַרום. נישט אַלע מאָל געשעט עס אויף דעם זעלבן אופן און נישט תמיד איז עס גוט. אָבער פון צייט צו צייט ברענגט עס גרויסע רעזולטאַטן.

אין איינעם אַ טאָג פונעם יאָר 1959, אין ניו־יאָרק, האָט אַ שליח פונעם אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטער, דזשאָן פאָסטער דאַלעס, מיר טעלעפאָנירט און געזאָגט, אַז ער וויל זיך באַראַטן מיט מיר וועגן אַ וויכטיקן ענין. די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט אַן עודף פון זיבן אָדער אַכט מיליאָן פונט אין ישׂראל (צווישן נאָך מער מיליאָנען פונטן), וואָס זי וויל פאַרטיילן אַלס מתּנה פאַר פאַרשידענע אינ־סטיטוציעס. זייער פיין! וואָס וואָלט איך אים געעצהט צו טאָן? איך האָב אים געגעבן, ווי איך האָב געמיינט, אַ גוטע עצה: „נאָר צעטרענצלט נישט דאָס געלט צווישן הונדערט און איין פאַרשידענע אַנשטאַלטן" — האָב איך אים גע־זאָגט — „קלייבט־אויס אַ פינף אָדער זעקס גרעסערע אינסטיטוציעס. דאָס וועט זיין גוט פאַר ישׂראל און גוט פאַר אַמעריקע". איך האָב דערמאָנט דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים, דעם פּאָליטעכניקום אין חיפה, דעם ווייצמאַן־אינ־סטיטוט, דעם געפּלאַנטן מוזעום אין ירושלים און אַ רעליגיעזן אַנשטאַלט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז „איבערגליקלעך" מיט דער עצה, וואָס איך האָב אים געגעבן. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט ער זיך אַרומגעפּאַנצערט אין האָטעל „דן" אין תּל־אביב און האָט אָנגעהויבן פאַרטיילן די אַמעריקאַנער עשירות אין קליינע פּאָרציעס אויף אַלע זייטן. דער ווייצמאַן־אינסטיטוט האָט באַקומען אַ גרויסמוטיקע מתּנה פון עטלעכע הונדערט טויזנט פונט, וואָס איך האָב אַזוי שנעל

ווי מעגלעך צוריקגעגעבן יענעם דזשענטעלמאַן.

איך בין אַוועקגעגאַנגען צום דעמאָלטיקן אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, אָגדען ריד, און אים געזאָגט אין מיין ריינסטער דיפּלאָמאַטישער שפּראַך, וואָס איך טראַכט וועגן דעם גאַנצן עסק. ווי אַ גוטער אַמבאַסאַדאָר, איז אָגדען ריד גע־בליבן גאַנץ רויִק און האָט מיר בלויז געזאָגט: „איך נעם אָן, אַז איר וואָלט גע־ווען אַ סך צופרידענער, ווען די גאַנצע סומע וואָלט איבערגעגעבן געוואָרן דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט". איך האָב פּראָטעסטירט און האָב אים געענטפערט, אַז נישט דאָס האָב איך געמיינט, לחלוטין נישט. אַלס אַ שטייער־צאָלער אין די פאַראיי־ניקטע שטאַטן בין איך פּשוט אויפגעבראַכט געוואָרן ווען איך האָב געזען, ווי אַזוי אַמעריקאַנער געלט ווערט פאַרטאַכלעוועט אויף אַזאַ אופן — האָב איך אים געזאָגט.

און דאַן, אין איינעם פון די מאָמענטן, ווען עס האָט מיר עפּעס אַ בליק געטאָן אין קאָפּ, האָב איך זיך אָנגערופן: „פּאַקטיש וויל איך אין גאַנצן נישט קיין מתּנהס פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג. איך וויל אַ לאַנג־טערמיניקע הלוואה. און נאָך מער: איך וועל נעמען אַלע אייערע נישט־אויסגעניצטע ישׂראלדיקע פונטן און איך וועל אייך צוריקצאָלן אין גוטע אַמעריקאַנער דאָלאַרן".

דער אַמבאַסאַדאָר האָט ממש אויפגעשיינט. מיינע רייד האָבן אים געוואַלטיק פאַראינטערעסירט.

„איר מיינט דאָס טאַקע ערנסט?" — האָט ער מיך געפרעגט.

„געוויס, איך מיין ערנסט. איך האָב נאָך קיין מאָל אין מיין לעבן נישט געמיינט אַזוי ערנסט מיט אַ פאָרשלאָג".

„ווייסט איר" — האָט ער מיך ווייטער געפרעגט — „אַז איר וועט דאַרפן קריגן דערפאַר די דערלויבעניש פון דער ישׂראל־רעגירונג?"

איך האָב נישט געוווּסט. אָבער איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז דאָס איז בלויז אַ טעכנישער ענין.

ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אין לוי אשכּולס טיר אין ירושלים, האָט דער גאַנצער פּלאַן זיך שוין געהאַט אויסקריסטאַליזירט אין מיין מוח. די אַמעריקאַנער רעגירונג וועט אונדז געבן פינף און צוואַנציק מיליאָן דאָלאַר, וואָס וועט אונדז אויסגעצאָלט ווערן פון דעם עודף פון די מיליאָנען פונטן, וואָס וואַשינגטאָן האָט אין ישׂראל. דער אינסטיטוט וועט אויסצאָלן די הלוואה אין משך פון אַ לאַנגער צייט מיט די דאָלאַרן, וואָס מיר וועלן זאַמלען אין אויסלאַנד. מיר וועלן האָבן מזומן געלט, כּדי צו בויען, אויסברייטערן און פאַרענדיקן די אַנטוויקלונג פון דעם אינסטיטוט און כּדי אויסהאַלטן די נייע לאַבאָראַטאָריעס. מיינע „קונים" וועלן קאָנען בויען גיך, אין איילעניש, און באַצאָלן באַקוועם אין לאַנגע טערמינען. נאָך אַזאַ גראַנדיעזן אויפטו וועל איך זיך קאָנען צוריקציִען און פאַרברענגען מיינע יאָרן, ווי אין פּסוק שטייט „איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו".

אשכּול איז נישט געווען אַזוי ענטוזיאַסטיש פון מיין פּלאַן, אָבער ער איז נישט געווען קעגן. ער האָט מיך אָבער געפרעגט, ווער עס וועט גאַראַנטירן די הלוואה. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך וועל גאַראַנטירן. ער האָט זיך צע־שמייכלט, ווי איינער זאָגט: „גיב נאָר אַ קוק, ווער עס רעדט אַזוי?" צום סוף האָט ער מיר געזאָגט: „גייט זען צבי דינשטיינען (אשכּולס געהילף־פינאַנס־מי־ניסטער). אויב איר וועט קאָנען אים איבערצייגן, אַז אייער אידייע האָט הענט און פיס, וועל איך מסכּים זיין".

בקיצור, דינשטיין האָט אָנגענומען מיין פּלאַן מיט געוויסע ענדערונגען, דהיינו, די הלוואה זאָל מיר געגעבן ווערן אין יערלעכע ראַטעס פון דריי און אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר אין משך פון זיבן יאָר. עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיך שוין אַרויסגעלאָזט קיין וואַשינגטאָן און בין געגאַנגען זען מיין פריינד דוד גינזבורג, וועלכער איז זייער פּראָמינענט אין דער אַמעריקאַנער הויפּטשטאָט. אַ געוויסע צייט איז ער געווען אַ הויכער באַאַמטער אין העכסטן געריכט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ביי איינעם פון די ניין ריכטער פון העכסטן טריבונאַל. ער האָט מיר געעצהט צו גיין זען דעם פינאַנס־מיניסטער סי. דאַגלעס דילאָן. מיין אוידיענץ ביי אים האָט געדויערט פינף מינוט און ער האָט מיך איבערגעגעבן צו אַ מאַן מיטן נאָמען דזשאָן לידי. איך האָב אים נישט געקענט, אָבער איצט ווייס איך, אַז ער איז געווען איינער פון די ברילִיאַנטענע מוחות אין פינאַנס־מיניסטעריום.

„איך זע שוין, וואָס איר ווילט אויסקאָמבינירן" — האָט ער מיר געזאָגט — „איר ווילט שאַפן אומשטערבלעכקייט אויף אַן אויסצאָלונגס־פּלאַן, וואָס זאָל אייך קאָסטן צוויי פּראָצענט".

„מר. לידי" — האָב איך אים געענטפערט — „איר האָט דאָס געכאַפּט אויף איין ווונק".

מיט אַ זיפץ, וואָס מען האָט געקאָנט הערן אַזוי ווייט, ווי ביז אינדיע און פּאַקיסטאַן, האָט ער צוגעגעבן:

„ווען איר וואָלט מיר בלויז געקאָנט ברענגען ענלעכע פאָרשלאָגן פון אַ פּאָר טוץ אַנדערע לענדער, ווו עס ליגן מיליאָרדן, וואָלט איך זיי אַלע אָנגענומען".

נאָך דעם איז עס שוין געווען אַן ענין פון בלויז אַ שטופּ טאָן די גאַנצע זאַך. די „אַגענטור פאַר אינטערנאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג" אין וואַשינגטאָן — דורך וועלכער דאָס עסק איז דורכגעפירט געוואָרן — האָט געהאַט בדעה צו קריגן די גאַראַנטיע פון דער ישׂראל־רעגירונג. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס איז נישט מעג־לעך. איך האָב געזאָגט, אַז דער אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן ווייצמאַן־אינסטיטוט וועט גאַראַנטירן די הלוואה. דאָס איז געווען אַ גאַנץ נייע אידייע. רעגירונגען האָבן ליב צו האַנדלען מיט רעגירונגען. מיט דער גרעסטער געשיקטקייט און מיט אַן אומפאַרגלייכלעכער קענטעניש פון אַלע שפּרינגפעדערן פון דעם רעגי־רונגס־אַפּאַראַט אין וואַשינגטאָן, איז דוד גינזבורג אַריבערגעשפּרונגען אַלע שטרויכלונגען, און דער אָפּמאַך איז סוף־כּל־סוף אונטערגעשריבן געוואָרן.

אין דער צייט, ווען דאָס אַלץ איז אָנגעגאַנגען, איז דער ישׂראלדיקער פונט דערווייל דעוואַלויִרט געוואָרן, אַזוי אַז פון די פריִער געפּלאַנטע פינף און פערציק מיליאָן פונט איז געוואָרן פינף און זיבעציק מיליאָן פונט. נאָך מער — די גע־שיכטע האָט זיך אַזוי צעצויגן, אַז פון 1959 האָב איך שוין געהאַלטן ביים יאָר 1961. און ווען די ערשטע צען און האַלבן מיליאָן פונט האָבן געדאַרפט איבערגעגעבן ווערן דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט, איז געווען אַ נייער (און אויסגעצייכנ־טער) אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, וואָלוואָרט באַרבור, אַ נייער פּרעזידענט אין אַמעריקע, דזשאָן פ. קענעדי, און אַ נייער (און אויסערגעוויינלעכער) פינאַנס־מיניסטער אין ישׂראל, פּנחס ספּיר. לוי אשכּול איז געוואָרן פּרעמיער־מיניסטער.

ווען איך בין געקומען אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע צו דערליידיקן דעם ענין, איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז די גאַנצע „פּובליסיטי"־מאַשין איז שוין אָנגע־דרייט. אַ האַלבער טוץ העכערע באַאַמטע איז געשטאַנען גרייט. צייטונגס־קאָרעס־פּאָנדענטן און פאָטאָגראַפן זענען געווען אויף יעדן טריט און שריט. איך האָב אַ שושקע געטאָן מר. באַרבורן: „מר. אַמבאַסאַדאָר, איך וויל נישט קיין „פּובלי־סיטי" פאַר דער זאַך". — „פאַר וואָס ?" — האָט ער מיך געפרעגט, אַ שטאַרק פאַרוווּנדערטער. איך האָב אים געענטפערט, אַז ווי נאָר יידן וועלן דערשנאַפּן וועגן דעם עסק, וועט ער שוין נישט האָבן קיין מנוחה. ער האָט זיך באַלד געכאַפּט וואָס איך מיין און כּהרף־עין האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן: „איך פאַרשטיי שוין".

און אַזוי האָט דער סוד אָנגעהאַלטן דריי יאָר. דערנאָך האָט שוין יעדער איינער, וועלכער האָט נאָר געהאַט וואָס פאַראַ ס'איז געזעלשאַפטלעכן צוועק, אָנ־געהויבן נאָכטאָן די אידייע. באַזונדערס האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם אונדזערע רעליגיעזע באַלעבאַטישע אינסטיטוציעס און זייערע פאָרשטייער אין די פאַראייניקטע שטאַטן. (די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט, ווייזט אויס, אַ שוואַכ־

קייט פאַר די, וועלכע דרייען זיך אַרום די סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט און זאָגן צו צושטעלן זיי שטימען אין טאָג פון די וואַלן).

איך האָב געמאָנט אַ „פּאַטענט" אויף מיין אידייע. און מיט דער דעצידירנ־דיקער הילף פון פּנחס ספּיר און דינשטיין, און נאָכן אויפרודערן אַ היפּש ביסל די, וועמען מען האָט געדאַרפט, אין וואַשינגטאָן און אין ירושלים — האָבן מיר באַקומען פאַרן אינסטיטוט פינף און צוואַנציק מיליאָן דאָלאַר, מיט אַ ספּעציעלן צוגאָב פון דריי און אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר אַלס באַלוינונג פאַר מיין דערפינדונג.

אויף אַזאַ אופן האָבן מיר געקאָנט אויסגעבן אַן ערך זיבן און אַכציק מיליאָן פונט פאַר דער קאָנסאָלידירונג פון דעם אינסטיטוט. דער גליקלעכסטער מענטש צווישן אונדז אַלעמען איז געווען גרשון דרור, דער אַדמיניסטראַטאָר, וועלכער האָט געהאַט די אויפזיכט איבער דעם בויפּראָגראַם. ער האָט געהאַנדלט מיט די בוי־אונטערנעמער אַזוי ווי קורח. ער האָט געצאָלט געלט פּאָרויס און האָט דערביי געשונדן פון זיי די הויט. אַלע בויאַרבעטן זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט צאָלן בלויז צוויי אָדער דריי פּראָצענט (דרור טענהט, אַז אויך דאָס נישט) מער פון דער סומע, וואָס איז פריִער אויסגערעכנט געוואָרן. דאָס איז געווען אַ געוואַלדיקע דערגרייכונג אין ישׂראל און אויך אין אַנדערע לענדער. דרייסיק אָדער פערציק פּראָצענט איז די געוויינלעכע העכערונג אין אַזעלכע פאַלן.

אײדער איך פאַרענדיק די געשיכטע וועגן מיין וואַשינגטאָן־רחובות־אידייע וויל איך זיך אָפּשטעלן אַ ביסל אויף פּנחס ספּיר און דינשטיין. פּנחס ספּיר איז אַ מענטש מיט אַן אומגעהויערער ענערגיע און מיט אַ סך פינאַנסיעלער חכמה. ער האָט אַפילו באַוויזן איינצורעדן מיר פון צייט צו צייט, איך זאָל אָנהייבן גלויבן, אַז ער איז עס דער, וועלכער גיט געלט דעם וויצמאַן־אינסטיטוט, בעת פאַקטיש האָט ער בלויז טראַנספערירט דורכן פינאַנס־מיניסטעריום אַ טייל פון מיינע אייגענע שווער־פאַרדינטע דאָלאַרן. די מערסטע פון די רייזעס, וואָס איך האָב געמאַכט קיין ירושלים, אָדער צו אים אַהיים, אין זיין קליינער הייזקע אין כּפר־סבא, בכדי צו קריגן הילף פאַרן אינסטיטוט, זענען נישט געווען אומזיסט. ער האָט, לכל הפחות, געהאַט אַן אמתע פאַרשטענדעניש פאַר דער וויכטיקייט פון וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. דאָס קאָן נישט געזאָגט ווערן וועגן אַנדערע אין דער רעגירונג, וועלכע האָבן באַטראַכט דעם וויצמאַן־אינסטיטוט פאַר אַ „העל־פאַנטביין־טורעם", אָדער פאַר סתּם עפּעס אַ לוקסוס און משוגעת.

אָבער איין מאָל זענען מיינע באַמיִונגען געווען אומזיסט. איך האָב אַוועקגע־געבן וואָכן און חדשים, כּדי אָפּהאַלטן אַן אַ שיעור זיצונגען און שרייבן אומ־צייליקע מעמאָראַנדומס פאַר צוגרייטן אַ דערקלערונג פאַר ספּירס פינאַנס־מיניס־טעריום, וואָס איז, ווי אָפּט, געווען אויף צרות. דאָס האָט געזאָלט מאַכן אַ ביסל לויזער די שווערע האַנט, וואָס ספּירס גענעראַל־דירעקטאָר האָט געהאַלטן אויף דער קאַסע. אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן. גייענדיק אין יענע טעג מיט ספּירן דורך די לאַנגע קאָרידאָרן פון פינאַנס־מיניסטעריום, האָב איך אים דערציילט די מעשׂה מיט די צוויי בעטלער, וועלכע זענען צוגעקומען צום טויער פון ראָט־שילד־הויז, פירנדיק צווישן זיך אַ שטאַרקן וויכּוח וועגן דעם, וואָס עס וואָלט געווען דער בעסטער דרך, ווי אַזוי אַרויסצוקריגן אַ ביסל געלט פון דעם „נדיב

הידוע". זיי האָבן באַשלאָסן, אַז איינער פון זיי וועט אַרויפגיין אויבן צום באַראָן אין קאַבינעט און דער אַנדערער וועט וואַרטן אין דרויסן, פאַרן הויז. דער ערשטער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן דריטן שטאָק, בכדי צוצוקומען צום עלעגאַנטן ביורא פון דעם אַלטן באַראָן ראָטשילד. ער האָט געזאָגט דעם לאָקיי אויפן דריטן שטאָק, אַז ער איז געקומען בעטן ביים באַראָן אַ נדבה פאַר זיין אַלמנה און יתומים. דער דינער האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן קאַרק און גלייך אַראָפּגעוואָרפן פון די טרעפּ. אויפן צווייטן שטאָק האָט אַן אַנדערער לאָקיי געטאָן מיט אים דאָס זעלבע און אונטן, אויפן ערשטן שטאָק, האָט אַ דריטער לאָקיי אים אָנגענומען פאַרן אויער און אַרויסגעשלעפּט אויף דער גאַס. ווען דער ערשטער בעטלער, וועלכער איז געבליבן שטיין אין דרויסן האָט אים געפרעגט, חלשנדיק צו וויסן: „וויפל האָט איר געקראָגן?" — האָט אים יענער געענטפערט: „קיין פּרוטה נישט, אָבער די אָרדענונג איז דאָ אַ געוואַלטיקע".

„איך האָב געכאַפּט וואָס איר מיינט" — האָט ספּיר זיך אָנגערופן — „ווי קומט עס, וואָס מיר האָבן קיין מאָל נישט געהערט פון אייך קיין גוט וואָרט וועגן דער רעגירונג ביי אונדז?"

ווען איך האָב רעזיגנירט אַלס פּרעזידענט פון אינסטיטוט, האָט פּנחס ספּיר געמאַכט אַ ברייטן זשעסט אין דער אָנוועזנהייט פון זיין וויצע-מיניסטער, צבי דינשטיין, דעם ערן-קאַסיר פון אינסטיטוט. דינשטיין איז געווען אַקטיוו פאַר-אינטערעסירט אין אינסטיטוט און האָט באַטראַכט זייער ערנסט זיין ערן-פּאָזיציע. מיט אַן אויסדרוק פון טיפער גערירטקייט, ווי ער וואָלט פּערזענלעך פאַריתומט געוואָרן דורך מיין אַוועקגיין פון „שאַנז עליזעי" פון וויסנשאַפט, האָט ספּיר מיר געזאָגט, אַז ער וועט רעקאָמענדירן דעם פּרעמיער-מיניסטער צו געבן אַ באַדייטנ-דיקע סובסידיע פאַרן אינסטיטוט, אַחוץ אַ רעגולערן בודזשעט, אַלס דאַנק און אָנערקענונג פאַר מיינע פאַרדינסטן לטובת דער יידישער מדינה און פאַר מיין ראָל אין שאַפן דעם וויצמאַן-אינסטיטוט. מיין איינציקער ענטפער איז געווען: איך האָב אַרומגעהאַלדזט ספּירן און מיר האָבן זיך צעקושט.

מיינע דאגות פאַרן וויצמאַן-אינסטיטוט האָבן זיך, זעלבסט-פאַרשטענדלעך, נישט פאַרענדיקט מיט היטן די געלט-חשבונות; אויך נישט מיט אויפנעמען די אָן אַ שיעור געסט. אַזוי ווי די נאַכט פאָלגט נאָך דעם טאָג, אַזוי האָב איך נאָך יעדער פייערונג פון לייגן אַ פונדאַמענט, נאָך יעדן חנוכּת-הבית, נאָך יעדן אַרויס-הענגען אַ נייעם ערנטאָוול, אָדער פאַרטיילן אומשטערבלעכקייט אויף אַן אַנדערן אופן — איינגעאָרדנט אַ קבלת-פּנים. מיין הויפּטציל איז געווען צו שאַפן אַ לע-בעדיק בילד פון וויצמאַנס חלומות און אידעאַלן.

צווישן אַנדערע אויפגאַבן בין איך אויך געווען דער פאַרוואַלטער פון אינ-סטיטוט, וואָס האָט גענומען אויף זיך די פליכט אָפּצוהיטן די אָרדענונג און די ריינקייט. תּמיד, ווען איך בין צוריקגעקומען פון מיינע נסיעות אין אויסלאַנד, איז די ערשטע זאַך, וואָס איך האָב געטאָן, נאָך אַפילו איידער איך בין אַריינ-געגאַנגען צו מיר אַהיים — איך האָב געמאַכט אַ רונד-רייזע אויף דעם גאַנצן שטח פון אינסטיטוט. פריִער איידער עס זענען געווען וועגן, פלעג איך גיין צופוס

און זיך אַרומקוקן. דעריבער האָבן מיר טאַקע דורכגעפירט וועגן אומעטום. איך האָב פשוט נישט ליב צו גיין. איך בין נישט אַרומגעפאָרן צו קאָנטראָלירן די ווייסנשאַפטלער און צו זען, צי זיי אַרבעטן; זיי ווייסן בעסער, וואָס זיי טוען, מער וויפל איך וואָלט זיך געקאָנט אָנשטויסן. איך בין אַרומגעפאָרן צו מאַכן אַן אינ־ספעקציע איבער דעם פיזישן אויסזען פון אינסטיטוט. די אַרכיטעקטור האָב איך איבערגעלאָזט פאַר אַרכיטעקטן; וועגן אויספוצן די לאַנדשאַפט האָב איך זיך פאַרלאָזט אויף די גערטנער. אָבער איך האָב זיך אַליין באַשטימט פאַר דעם הויפּט־משגיח איבער דעם ווי דאָס אַלץ זעט אויס. דאָס איז געווען מיינע אַ לייד־שאַפט. איך האָב געהאַט אַ מאָדנע געפיל, אַז דער דרויסנדיקער אויסזען און דאָס וואָס עס קומט פאַר אינעווייניק, זענען צווישן זיך ענג פאַרבונדן. אַ לאַנגע צייט האָט מען אין ישׂראל נישט אָנגענומען דעם דאָזיקן כּלל. אָפּגעלאָזנקייט און פאַר־נאַכלעסיקונג איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מיסטישער סימן פון „חלוציש גייסט".
אַרויסגעהאָנגענע וועש אויף אַ פראָנט־ווערענדע, אָנגעוואָרפענע פּאַפּירן און אַנ־דערע זאַכן אויף דער ערד, וועלאָסיפּעדן צוגעטשעפּעטע צו די אַריינגאַנגען אין די הייזער — האָבן מיך שטענדיק אַרויסגעבראַכט פון די כּלים. איך האָב נישט געהאַלטן, אַז דאָס איז לאַנדשאַפטלעך. איך פּלעג אָנהויבן שרייען און שטורעמען און מאַכן גוואַלדן. מענטשן אַרום מיר, און אַזוי ווייט ווי מען האָט מיך געקאָנט הערן — און מיין שטים, ווען זי איז אויף דער העכסטער אָקטאַווע, צעטראָגט זיך היפּש ווייט — פּלעגן ציטערן. מיך האָט דאָס נישט אָנגעהויבן צו אַרן. איך האָב געוואָלט, אַז אַרום־און־אַרום זאָל זיין ריין.

ביי מיר איז קיינער נישט געווען קיין יחסן. איך האָב פּונקט אַזוי זיך צע־שריגן אויף די אַרבעטער אין די גאָרטנס, ווי איך האָב געוואַלדעוועט קעגן די פרויען פון די ווייסנשאַפטלער. „נעמט אַוועק דאָס..." — איז געוואָרן מיין שלאַכט־רוף. און עס האָט געהאָלפן. די פרויען האָבן אָנגעהויבן אַרויסהענגען זייער וועש נישט פון פאָרנט, נאָר אויפן הויף. וועלאָסיפּעדן זענען אַריינגענומען געוואָרן אינעווייניק, אין די איינגאַנגען. די מייסטערס ביי די בויאַרבעטן האָבן אַנטדעקט, אַז מען קאָן בויען און נישט פאַרקאַלכן און פאַרשמירן דעם גאַנצן פּלאַץ אין דרויסן. מענטשן האָבן אָנגעהויבן אָפּהיטן ריינקייט און אָרדענונג. מיין מלחמה האָט זיך געענדיקט. עס איז אַרומגעגאַנגען אַ מעשׂה, אַז ווען די פרוי פון פּראָפ׳ היינע אייזענבערג, איינעם פון אונדזערע כעמיקער, האָט זיך צעשריגן אויף איר זון, האָט דער קליינער חברה־מאַן אַ זאָג געטאָן דער מאַמען, ענטפערנדיק אויף אירע געוואַלדן: „וואָס מיינסטו, דו ביסט ווייסגאַל?"

די פאַמיליעס אין אינסטיטוט האָבן נישט קיין סך סיבות צו באַקלאָגן זיך. עס זענען פאַראַן גענוג שפּילפּלעצער פאַר די קינדער — ביימער, גראָזבייטן, וועגן צו פאָרן מיט וועלאָסיפּעדן, און אויך אַ שווימבאַסיין און אַ פאַרווײַלונגס־פּאַרק. דער שווימבאַסיין און דער פּאַרק זענען אויפגעבויט געוואָרן דורך מרים סאַקער און זיי טראָגן דעם נאָמען: „שירלי אוז מאיר ווייסגאַל פאַרוויילונג־צענטער". עס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר מרים סאַקער צו מאַכן אַזאַ זשעסט. די אַנדערע פון דער פאַמיליע, די מאַרקסעס און די זיווס, האָבן געשטיצט וויסנ־שאַפט און קולטור. מרים האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זאַכן, וואָס פאַרשאַפן מענטשן

הנאה. זי האָט ליב די זאַכן, וואָס זי האָט ליב, און מאַכט נישט דערפון קיין גרויסן צימעס. יעדן זומער באַוויזט זי זיך אין רחובות און ברענגט מיט זיך זעקס שווים־טראַפּייען פאַר די יוגנטלעכע, וועלכע געווינען דעם געיעג אין באַסיין. פון אַלע מיטגלידער פון דער פאַמיליע איז מרים סאַקער די, צו וועלכער איך פיל זיך אַמנאָענטסטן. זי איז די אַממערסטן באַשיידענע פון אַלע, די אַמשטאַרקסטן צו־ריקגעהאַלטענע אין דער עפנטלעכקייט, געטריי דעם פּסוק פון תהלים: „ויהללוה בשערים מעשׂיה".

אין איר הערלעכן גוט „בערידאַון", ביי בעסינגסטאָק, ענגלאַנד, זוך איך אַ מקום־מיקלט אין צייטן פון שווערער עגמת־נפש, וואָס זענען אַזוי אָפט. זי באַזיצט די זעלטענע מעלה פון אַבסאָלוטער גוטסקייט, וואָס איז נישט אָנגערירט געוואָרן דורך נאַרישקייט. זי מאַכט אַן אָנשטעל מיט איר דירעקט גיך רעדן, אַז זי איז אין גאַנצן נישט סענטימענטאַל. אָבער אירע טעטיקייטן, איר גרויסמוטיקייט און איר זאָרג אַנטפּלעקן אירע אמתע וואַרעמע געפילן. איינע פון די אָנגענעמסטע זאַכן, וואָס איך האָב געטאָן — אין מיין לעצטן אָפיציעלן אַקט אַלס פּרעזידענט פון אינסטיטוט אין 1969 — איז געווען צו באַשטימען מרימען פאַר אַן ערן־מיט־גליד פון אינסטיטוט.

ווי איך האָב געזאָגט פריִער, פלעג איך שרייען אויף די גערטנער מיט דעם זעלבן ענטוזיאַזם ווי אויף די וויסנשאַפטלער און זייערע פרויען. די דאָזיקע די־רעקטע קאָנפראָנטאַציע האָט געהאַט אַ גאַנץ באַזונדערע ווירקונג. דאָס האָט מיר געגעבן אַ צוטריט צו יעדן איינעם. איר קאָנט שרייען אויף מענטשן און דערנאָך זיי איגנאָרירן. איר קאָנט אָבער שרייען און דערביי אויך עפענען אַן אויער פאַר זייערע דערקלערונגען. די דערקלערונגען זענען לאַנגע און פאַרציען זיך אַזוי ווייט, אַז איר מאַכט אַ סוף מיט זאָגן: „נו, גוט, קומט מיך זען וועגן דעם". און „וועגן דעם" לאָזט זיך אויס אין די מערסטע פאַלן מיט אַן ענין, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דעם שרייען פריִער. וואָס עס איז פון דעם אַלעם אַרויסגעקומען איז גע־ווען, אַז יעדער איינער אין אינסטיטוט — די וויסנשאַפטלער, זייערע פרויען, אַ מאָל אויך זייערע קינדער, די אַדמיניסטראַטאָרן, די טעכניקער, די באַדינערינס, די גערטנער — האָבן אַלע אָנגעהויבן קוקן אויף מיר, ווי אויף דעם, וואָס איז גרייט אויסצוהערן זייערע פּראָבלעמען; אויסגלייכן זייערע סכסוכים; זאָרגן פאַר זייערע נויטן; אַן עצה געבן אין אַן אומגליקלעכער ליבע און אַזוי ווייטער. אָבער אויך דריי מאָל אַזעלכע „און אַזוי ווייטער" וועלן נישט דעקן די גאַנצע צאָל ענינים אויף דעם געביט.

מען האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז נישט קיין דרך פאַר אָנפירן מיט אַן אינסטיטוט; אַז דאָס שאַפט אַ מין פאָטערלעכע זאָרג און באַציִונג, וואָס איז נישט גינסטיק פאַר ממשותדיקער און פּראָדוקטיווער אַרבעט. אָבער איך גלויב נאָך אַלץ אין דעם, אַז אַ פונק מענטשלעכקייט איז מער ווערט פון אַ פּוד כּלומרשטער פּראָדוקטיווקייט. עס קאָן זיין, אַז דאָס שטערט דעם אויטאָריטעט און קאָמפּליצירט דאָס אָננעמען באַשלוסן. אָבער וואָס איז געווען דער סך־הכּל פון דעם?

אין צוואַנציק יאָר האָבן מיר אויפגעבויט אַ גרויסן וויסנשאַפטלעכן אינסטי־טוט, און מיר האָבן אין צוגאָב צו דעם פאַרשאַפט אַ סך מענטשן גרויס נחת.

אין אָנהייב זענען מיר געווען אַ קליינער עולם. נישט געווען ביי אונדז קיין יחוס און יחסנים. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַן אַטמאָספּערע פון גלייכהייט און יושר. אויב דער־און־דער האָט געהאַט אַ קינד, איז געווען קלאָר, אַז ער נויטיקט זיך אין אַ גרעסערער דירה. אויב איך האָב געקאָנט העלפן חיים־יאַנקלען דעם שאָפער צו קריגן פאַר זיין שוויגער אַ דאָקטאָר, אַ ספּעציאַליסט, פאַר האַרץ־קראַנקהייטן, איז עס געווען אַ מיצווה. אויב דער ביאָלאָג האָט געפירט אַ ליבע־ראָמאַן מיט דעם בעמיקערס ווייב — איז מען געקומען צו מיר, מיך בעטן, אפשר קאָן איך רעדן מיט אים. סוף־כל־סוף האָב איך געקענט זיינע עלטערן. און אַזוי ווייטער, אָן אַ שיעור.

דער אינסטיטוט איז געוואַקסן. דער פּערסאָנאַל איז אויסגעברייטערט געוואָרן, אָבער דער שטייגער פון די באַציִונגען איז פאַרבליבן אומפאַרענדערט. דאָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך קאָפּווייטיק און אויפגעגעסן פיל פון מיין ווערטפולער צייט. אָבער איך בין געווען ווי אַ נישט־פאַרמעלער אַפּעלאַציע־ריכטער קעגן די גראָבע האַנדלונגען פון ביוראָקראַטיע, וואָס שווימט אַרויף אומפאַרמיידלעך אין יעדער אינסטיטוציע, וועלכע וואַקסט און בליט. און איך האָב געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אויף דער סצענע און הינטער די קוליסן. די וויסנשאַפטלער פלעגן קומען צו מיר מיט זייערע צרות און האָבן געוויינט פאַר מיר. צייטנווייז פלעג איך מיט־וויינען מיט זיי, און דאָס האָט זיי אויך געהאָלפן. איך האָב געקענט אַ סך פון זייערע אינטימס.

אַרום־און־אַרום איז געווען צווישן אונדז מער קעגנזייטיקע פריינדשאַפט, ווי קעגנערשאַפט און שׂינאה, כאָטש שׂינאה האָט אויך פון צייט צו צייט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אָבער אין דער אונטערשטער שורה גלויב איך, אַז איך האָב געטאָן מער גוטס, ווי נישט־גוטס.

דער פאַקט, אַז איך בין געווען אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין וויצמאַן־אינסטיטוט און האָב זיך אָפּגעגעבן מיט די פאַרשיידנסטע ענינים, האָט געשאַפן אַ לעגענדע, אַז קיינער וועט מיך נישט קאָנען פאַרטרעטן. און דאָס, וואָס איך האָב געהאַט אַ גרויסע הנאה פון מיין אַרבעט; און ווייל צוליב מיין טעמפּעראַמענט האָב איך נישט געקאָנט אַנדערש, ווי זיין בלב־ונפש אין גאַנצן אַריינגעוואָרפן אין דעם, וואָס איך האָב געטאָן, האָט אויף אַ סך מענטשן — וועלכע האָבן געדאַרפט וויסן בעסער — געמאַכט אַן איינדרוק, אַז אויך איך אַליין האַלט, אַז מען קאָן מיך נישט פאַרטרעטן. ס'איז נישט געווען אַזוי. איך בין טאַקע אַ גאַנץ איינאַרטי־קער מענטש ביי דער אַרבעט, אָבער דאָס מיינט נישט, אַז איך פאַרמאָג נישט קיין שׂכל־הישר. אַזוי ווייט ווי אין 1956 האָב איך פאָרגעשלאָגן דעם דירעקטאָרן־ראַט דורכצופירן אַ רעסטרוקטוראַציע — ווי מען רופט דאָס היינטיקע צייטן — פון די באַזונדערע אָנשטאַלטן פון אינסטיטוט. מיר האָבן נישט געהאַט קיין פּרעז־זידענט. זינט וויצמאַנס טויט איז די דאָזיקע פּאָזיציע געבליבן ליידיק. איך האָב געפילט, אַז אַלס אַן אויסדרוק פון פאַרערונג פון וויצמאַנען און פון זיין אָנדענק דאַרף דער דאָזיקער אַמט בלייבן ליידיק אַ געוויסע צייט. אָבער אין 1956 איז געקומען די צייט אים צו פאַרנעמען.

מיין פֿאָרשלאָג איז געווען צו באַשטימען אַ פּרעזידענט און אַ צאָל וויצע־פּרעזידענטן, וואָס זאָלן טיילן די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און די פֿונקציעס. אַ קאָמיסיע האָט געדאַרפֿט באַטראַכטן די לאַגע און פֿאָרשלאָגן די געהעריקע קאַנ־דידאַטן. נאָכן אויסהערן מיין פּראָגראַם־רעדע האָט סער ראָבערט ראָבינסאָן, דער כעמיקער, וועלכער האָט באַקומען די נאָבל־פּרעמיע און אונדזער עלטסטער וויסנ־שאַפֿטלער, דערקלערט פֿאַר דעם דירעקטאָרן־ראַט: „פֿאַר וואָס זאָלט איר זוכן אַ פּרעזידענט? איר האָט אים שוין, און ער זיצט דאָ. ער דערפֿילט שוין די פֿונקציע פֿון פּרעזידענט". דאָס איז געווען כּמעט ווי אמת. אָבער נישט יעדער איינער איז געווען אַזוי ענטוזיאַסטיש, ווי סער ראָבערט. און רעדנדיק אויפֿריכטיק, האָב איך געהאַט דעם פּולסטן ווילן אָנצוגיין ווייטער אַלס הויפּט־עקזעקוטיוו פֿון דעם אינסטיטוט. איך האָב געהאַט אַ מאָדנעם געפֿיל וועגן איבערנעמען ווייצמאַנס טיטל. און אַזוי האָט מען אָנגעהויבן זוכן אַ פּרעזידענט.

עס האָבן זיך אין יענער צייט פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אַבֿרי איבען (אבא אבן) האַלט ביים צוריקציִען זיך פֿון דער ישׂראל־אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן און פֿון זיין אַמט אַלס ישׂראל־אַמבאַסאַדאָר אין די „יונייטעד ניישאָנס". זיין רעפּוטאַציע איז דעמאָלט געווען אויפֿן העכסטן פּונקט. ער איז געווען „די שטים פֿון ישׂראל", וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרן אין דעם ריינסטן ענגליש. אין דער אָרגאַניזאַציע פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער האָבן זיי געהערט אַ נייעם טשערטשיל. מיין זוכן אַ נייעם פּרעזידענט איז איבערגעריסן געוואָרן דורך דעם, וואָס איך בין געווען זייער פֿאַרנומען, אָנפֿירנדיק מיט די פֿייערונגען לכּבֿוד ישׂראלס צען־יאָריקן יובילײ. אָבער ביי איינעם פֿון מיינע באַזוכן אין ניו־יאָרק האָב איך בייגעוווינט אַ מאַסן־פֿייערונג אין דעם פּאָלאָ־גראַונדס צוזאַמען מיט איבענען, און איך האָב דעמאָלט געמאַכט אַ פּרוּוו אים צו געווינען פֿאַר דער אידייע. מיר האָבן ביידע איינגעשטימט צו האַלטן דעם ענין בסוד, ביז ער וועט זיך באַטראַכטן און אָננע־מען אַ באַשלוס.

ווי עס איז דער מינהג אין די דיפּלאָמאַטישע קרייזן, האָבן מיר איינגעפֿירט צווישן זיך אַ שיפֿר. איך וועל אים איינלאַדן צו רעדן ביי דער הזכּרה נאָך וויצ־מאַנען דעם 2טן נאָוועמבער 1959. אויב דער ענטפֿער אויף דער איינלאַדונג וועט זיין אַ פּאָזיטיווער, מיינט עס, אַז ער איז גרייט אָנצונעמען דעם אַמט פֿון פּרעזי־דענט פֿון אינסטיטוט.

איך האָב די גאַנצע שפּיל געפֿירט זייער דיסקרעט. און איך האָב קיין מאָל נישט דערציילט וועגן דעם אַפֿילו דעם פֿאָרזיצער פֿון דירעקטאָרן־ראַט, דיואי סטאָון, אָדער דעם פּרעזידענט פֿון אַמעריקאַנער קאָמיטעט אברהם פֿיינבערג. אין דער צווישנצייט האָבן אונדזערע פֿריינד אין ענגלאַנד, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון מאַרקוס זיוו, דעם וויצע־פֿאָרזיצער פֿון ראַט, געהאַט אַ בריליאַנטענע אידייע פֿאָר־צושלאָגן אַלס פּרעזידענט פֿון אינסטיטוט דעם ישׂראל־אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן, אליהו אילת, וועלכער האָט געהאַלטן ביים צוריקציִען זיך פֿון זיין אַמט. די אינ־פֿאָרמאַציע וועגן דעם איז פֿאַרטרוילעך איבערגעגעבן געוואָרן דיואי סטאָונען. דיואי און ען סטאָון זענען געווען אינטים באַפֿריינדעט מיט אַבֿרי און סוזי איבען. און ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָט דיואי סטאָון אַ פֿרעג געטאָן איבענען,

וואָס ער מיינט וועגן לאַנדאַנער פאָרשלאָג. איבען האָט אויסגעהערט אויפמערקזאַם. דאָס איז וואָרשיינלעך געווען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, ווען ער האָט נישט געהאַט קיין ווערטער צו ענטפערן. סוף־כל־סוף האָט ער געזאָגט: „איך מיין, אַז איר זאָלט בעסער זיך באַראַטן מיט מאירן". צו מאָרגנס אין דער פרי איז איבען געבליבן שטעקן אין באָסטאָן איבער דעם געדיכטן נעפּל, און ער האָט מיר טעלע־פאָנירט קיין ניו־יאָרק, זאָגנדיק מיר, וואָס עס איז פאָרגעקומען אַן אָוונט פריִער. איך האָב גלייך טעלעפאָנירט דיואַי סטאָונען און האָב אים געבעטן צו קומען קיין ניו־יאָרק צו מאָרגנס. ווען איך האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע, האָט ער אויסגערופן: „איצט פאַרשטיי איך, פאַר וואָס איבען איז געבליבן אָן לשון".

איך האָב שפּעטער געהאַט אַ ביסל אומאָנגענעמלעכקייטן אין מיינע באַציִונגען מיט אליהו אילתן, וועלכער איז געוואָרן דער פּרעזידענט פון העברעיִשן אוני־ווערסיטעט אין ירושלים. אָבער אין משך פון די יאָרן האָבן זיך ווייטער אַנטוויקלט צווישן אונדז פריינדלעכע באַציִונגען.

לילי שולץ האָט אין יענער צייט געאַרבעט פאַר מיר אַלס דירעקטאָר פון די פייערונגען אין ניו־יאָרק לכבוד ישׂראלס צען־יאָריקן יובילייִ. לילי איז געווען די סעקרעטאַרין פון אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן. דערנאָך האָט זיך אָנגעשלאָסן פרידע קירטשוויי, די רעדאַקטאָרשע פון „ניישאָן". ווען עס איז אָנגעקומען איבענס פּאָזיטיווער ענטפער, האָב איך אָנגאַזשירט לילי שולץ, צו פּלאַנירן, ווי אַזוי דורכצופירן איבערנעמען דעם אַמט פון פּרעזידענט פון אינסטיטוט. ווי געוויינלעך, איז זי אַרויסגעקומען מיט אַ ברילי־אַנטענער אידייע, און אַזוי אַרום איז געבוירן געוואָרן די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ וועגן דער ראָל פון וויסנשאַפט אין דער אַנטוויקלונג פון נייע לענדער. אבא אבן האָט געדאַרפט פּרעזידירן די קאָנפערענץ אַלס נייער פּרעזידענט פון וויצמאַן־אינסטיטוט.

דער דירעקטאָרן־ראַט איז געווען איבערגליקלעך, ווען אבא אבן האָט אָנגענומען די איינלאַדונג. אַפילו פרוי וויצמאַן האָט עס באַטראַכט פאַר אַ גוטע אידייע. אָבער באַלד איז געוואָרן קלאָר, אַז אבן האָלט בלויז אָן דעם טיטל פון פּרעזידענט. ער איז געווען פאַראינטערעסירט בעיקר, אויב נישט אויסשליסלעך, אין פּאָליטיק. דער אינסטיטוט איז געוואָרן פאַר אים אַ צייטווייליקע אַכסניה, ביז ער איז איינגעלאַדן געוואָרן צו ווערן אַ מיטגליד פון דער רעגירונג. ער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג מיט דער גרעסטער שׂמחה.

אין משך פון אַ געוויסער צייט איז ער געריטן אויף ביידע פערדלעך. אַלס אַ ווירדיקער וואָרטזאָגער פון אינסטיטוט איז ער זיכער געווען אויסגעצייכנט, אָבער ער איז נישט געווען גענויגט צו ווערן אַריינגעמישט אין די טאָג־טעגלעכע ענינים פון אינסטיטוט. איך בין געבליבן דער הויפּט־עקזעקוטיוו און האָב ווייטער גע־טראָגן די גאַנצע לאַסט. אבן האָט אַלץ מער און מער זיך אַריינגעוואָרפן אין קעסל פון פּאָליטישן לעבן.

וועגן אבנס קאַריערע לאָזט זיך אָנשרייבן אַן אינטערעסאַנטע שטודיע. ער איז געווען אַ געטרייער אָנהענגער פון וויצמאַנען און איינער פון וויצמאַנס ברילי־אַנ־

טענע און עלאַקווענטע יונגע געהילפן נאָך דער מלחמה. ווייצמאַן האָט אים גע־שיקט אין דער אונ״אָ אין די קריטישע טעג פון די פּאַרהאַנדלונגען וועגן טיילונגס־פּלאַן, און ער איז דאָרט פאַרבליבן ישׂראלס פאָרשטייער נאָך דעם ווי די מדינה איז געגרינדעט געוואָרן. אין זיין נאַטור איז ער אַ מענטש פון מעסיקע מיינונגען, הויך־געבילדעט, פּליסיק אין אַ האַלב טוץ שפּראַכן, נישט איינגעשלאָסן אין איין קרייז, אַ געבוירענער דיפּלאָמאַט.

עס גייט אַרום אַ געשיכטע — וואָס איז וואָרשיינלעך אָן אויספּאַנטאַזירטע, אָבער פאַראַן אין איר קערנדלעך פון אמת — אַז בעת דער סועץ־קאַמפּאַניע אין 1956 איז אבא אבן אַרויסגעטראָטן זייער שאַרף קעגן דער אַקציע ביי אַ פאַרזאַמ־לונג פון דער גרופּע ישׂראלים אין ניו־יאָרק. דעם זעלבן טאָג זענען אָנגעקומען אינסטרוקציעס פון דוד בן־גוריונען, וואָס האָבן אָנגעצייכנט די פּאָליטישע ליניע פון דער אַקציע. אין יענעם אָוונט האָט אבא אבן געהאַלטן אַזאַ אויפצווינגענדיק־לאָגישע און איבערצייגנדיקע רעדע אין דער אונ״אָ, פאַרטיידיקנדיק ישׂראלס אַקציע, אַז ווען אַ טראַנסקריפּט פון דער רעדע איז אָנגעקומען צו בן־גוריונען, זאָל דער „זקן״ האָבן געזאָגט: „איך האָב געהאַט געוויסע ספקות וועגן דער חכמה פון דער זאַך, אָבער אבנס רעדע האָט מיך איבערצייגט, אַז איך בין גערעכט״.

ווען אבא אבן איז צוריקגעקומען קיין ישׂראל נאָך צען יאָר אין דער אונ״אָ האָבן זיינע פּאָליטישע פעיִקייטן אים נישט געמאַכט פאַר אַ נאַטירלעכן קאַנדידאַט אויף אַ פּאָזיציע אין בן־גוריונס קיך, ווו משה דיין און שמעון פרס זענען געווען די יונגע וואָרשיינלעכע יורשים. אַ באַשיינפּערלעכער צופּאַסונגס־פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן אין אבנס מיינונגען, און ער איז אין גיכן איינגעלאַדן געוואָרן אָנ־צושליסן זיך אָן דער רעגירונג. ווען עס איז אויסגעבראָכן דער שטורעם אַרום דער לבון־פּרשה, איז אבן ווידער אַ מאָל געווען צוריק אין איינעם מיט דער מעסיקער מערהייט. די ישׂראלדיקע ווילער, וועלכע האָבן שטאַרק אָפּגעשאַצט זיין טאַלאַנט אַלס ישׂראלס וואָרטזאָגער פאַר דער וועלט, זענען אָבער קיין מאָל נישט געווען זיכער וועגן דעם, אויף וועלכן צד ער שטייט. די „שפּאַרבערס״ האָבן אים נישט געטרויט אַלס אַ „טויב״, און די „טויבן״ האָבן געוווסט וועגן זיין טענדענץ אָנצו־נעמען יעדע פּאָליטישע ליניע, וואָס האָט געהאַלטן ביים שטייגן. אבנס שוואַכקייט איז נישט גרעסער און נישט קלענער פון דער שוואַכקייט פון אַלע מענטשן, וואָס האָבן דעם חשק צו פאַרנעמען אַ פּאָליטישן אַמט. מייַן אייגענע מיינונג איז, אַז נאָך זיין דיפּלאָמאַטישן דערפאָלג האָט ער געדאַרפט בלייבן מחוץ דער פּאָליטיק. מיט זיינע פעיִקייטן וואָלט ער געקאָנט שאַפן פאַר זיך אַ שיינע פּאָזיציע אויף יעדן עפנטלעכן געביט, און ער וואָלט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויפן גורל פון ישׂראל אַלס אַן אומאָפּהענגיקער דענקער. ווען ער איז נאָך געווען בילדונגס־מיניסטער און טיילוויז פּרעזידענט פון ווייצמאַן־אינסטיטוט, האָב איך געהאַט מיט אים אַ צאָל געשפּרעכן, נאָך וועלכע איך האָב אים געשריבן פאָלגנדיקן בריוו:

טייערער אַבּרי,

ווי איך האָב אייך געזאָגט, איז מיין טיפסטע איבערצייגונג, אַז איר וואָלט געהאַנדלט אין אייערע אייגענע העכסטע פּערזענלעכע אינטערעסן

און זיכער אין די אינטערעסן פון ווייצמאַן־אינסטיטוט, ווען איר וואָלט ביי דער איצטיקער פרשת־הדרכים פון די געשעענישן אין ישׂראל גראַציעז זיך אַרויסגעדרייט פון אַלע רעגירונגס־ און פּאַרלאַמענטאַרישע אַמטן און אַקטיוויטעטן.

איר זענט געווען דער ערשטער מודה צו זיין בעת אונדזערע געשפּרעכן, אַז די דערפאַרונג פון פּאָליטישן און רעגירונגס־לעבן, וואָס איר האָט גע־האַט אין די פאַרגאַנגענע אַכצן אָדער צוואַנציק חדשים, איז נישט געווען צו־אַנגענעם אָדער צו־דערפרייענדיק פאַר אייך. פּאָליטיק איז אַ ברוטאַלע און גראָבע שפּיל, אויפן בעסטן אופן, און ווערט פּאַרוואַנדלט אין אַ מיין־געיעג. און אייער דערפאַרונג איז נישט גשווען קיין אויסנאַם פון דעם דאָזיקן כּלל אין עפנטלעכן פּאָליטישן לעבן.

ווי שטאַרק איך באַדויער צו זאָגן אייך דאָס נאָך אַ מאָל — ווי איך האָב באַדויערט צו זאָגן אייך דאָס פריִער — איז ריכטיק, אַז אייער פּרעס־טיזש האָט זייער אַ סך געליטן נאָך דעם, ווי איר האָט אָנגענומען אַ מיניסטער־אַמט אין דער רעגירונג. ווען נישט, דער פאַקט, אַז איר האָט דעם טיטל פון פּרעזידענט פון ווייצמאַן־אינסטיטוט, און אַז אין דער דאָ־זיקער אייגנשאַפט האָט איר צונויפגערופן די זייער דערפאָלגרייכע אינ־טערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ וועגן דער ראָל פון וויסנשאַפט אין דער אַנט־וויקלונג פון נייע לענדער, מיין איך ערנסט, אַז אייער פּרעסטיזש אין ישׂראל וואָלט געווען נאָך נידעריקער. דאָס איז טרויעריק, אָבער איר וועט איינשטימען, אַז דאָס איז אַן אומפאַרמיידלעכער אויספיר פון דער לאַגע און פון די געשעענישן אין לאַנד אין די איצטיקע טעג.

איך האָב נישט געענדערט אויף אַ האָר מיין מיינונג וועגן אייערע בריליאַנטענע פעיִקייטן און טאַלאַנט, מיט וועלכע איר קאָנט דערפילן די אַקטיווע און פולע, נישט קיין טיילווייזע, ראָל פון פּרעזידענט פון ווייצמאַן־אינסטיטוט און זי דערפירן צו הויכע צילן און גרויס אָנזען. איך האָב אייך דערקלערט דעם כאַראַקטער פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער סטרוקטור, וואָס איך האָב בדעה פאָרצושלאָגן דעם דירעקטאָרן־ראַט אויפן אָרט פון דער איצטיקער אָרדענונג, וואָס לייגט אַרויף צו שווערע לאַסטן. ס׳איז מיין טיפע איבערצייגונג, אַז איר וועט טאָן סיי דעם אינסטיטוט און סיי זיך אַליין די מעגלעך גרעסטע טובה, אויב איר וועט באַשליסן און דערקלערן איצט, נישט אָפּלייגנדיק, אַז איר האָט בדעה צוווידמען זיך דער אַקטיווער פּרע־זידענטשאַפט פון אינסטיטוט, לכל הפּחות אויף די נאָענטסטע פינף יאָר.

פונקט אַזוי בין איך איבערצייגט, אַז אַזאַ דראַמאַטישער ׳שריט איצט וועט עלעקטריזירן די עפנטלעכע מיינונג און וועט ציִען די אויפמערקזאַמ־קייט אויף אייער הויכער מאָראַלישער נאַטור, נישט ברענגענדיק אין דער קלענסטער מאָס קיין שאָדן פאַר אייערע אויסזיכטן אויף אַ בריליאַנטענער און דערפאָלגרייכער פּאָליטישער קאַריערע אין דער צוקונפט, להיפּוך, די דאָזיקע אויסזיכטן אייערע וועלן דערמיט נאָך באַדייטנדיק געשטאַרקט ווערן.

אַ קורצע צייט שפּעטער, איידער ער איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ לעקציע־טור אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט ער מיר איבערגעלאָזט אַ צעטעלע אונטער מיין טיר: „איך טראָג זיך אַרום מיט געוואַגטע מחשבות" — אַ טיפּישע אבן־פראַזע. איך בין געווען צופרידן. איך האָב געמיינט, אַז ער האָט אָנגענומען מיין עצה. איך האָב געהאַט אַ טעות. אַ ביסל שפּעטער האָט ער געבעטן, אַז מען זאָל אים באַפרייען פון דער פּרעזידענטשאַפט פון אינסטיטוט, און ער איז געוואָרן ישׂראלס אויסערן־מיניסטער.

אַלס אַ וועלט־טריבון פאַר ישׂראל האָט ער נישט קיין גלייכן. אָבער איך טראַכט נאָך אַלץ, אַז אויב ער וואָלט געבליבן אַן אַקטיוועור פּרעזידענט פון אינ־סטיטוט, וואָלט זיין פּאָזיציע היינט צו טאָג אין לאַנד געווען אַ סך שטאַרקער. זיין גרעסטער אוצר איז זיין פרוי סוזי — אַ יונגע, אַ שיינע, אַן אינטעליגענטע, און אַזוי ווי איר מאַן — אַ קענערין פון שפּראַכן. זי איז נישט אַזוי ווי ער, אַ דעמאָס־טענעס, אָבער זי איז אַ רעדנערין מיט חן. און אירע אָנשויונגען זענען בשום אופן נישט קיין שטערונג פאַר אים.

ווען אבא אבן האָט פאַרלאָזט דעם פּרעזידענט־אַמט, זענען מיר געווען צוריק דאָרט, ווו מיר האָבן אָנגעהויבן. אָדער בעסער געזאָגט: דערפאַר, וואָס מיר זענען נישט געגאַנגען פאָרויס, האָבן מיר נישט גענדאַרפט גיין צוריק. קיין זאַך האָט זיך נישט געענדערט אין אינסטיטוט. מיר האָבן נאָך אַלץ גענדאַרפט האָבן אַ פּרעזי־דענט. און איך בין נאָך אַלץ געוואָרן עלטער, נישט בלויז פון ציוניזם, נאָר אויך פון יאָרן. נאָך אבנען איז מיין ערשטער אויסוואַל פאַר אַ פּרעזידענט געווען לאָרד וויקטאָר ראָטשילד. איך האָב אים געשדכנט פאַר דעם אַמט אין משך פון אַ ריי יאָרן. זיין ענטפער איז שטענדיק געווען: „אפשר, גיט מיר צייט זיך דורכצו־טראַכטן". קיין מאָל האָט ער נישט געגעבן קיין ענטפער: „יאָ", אָדער „ניין". איך האָב געבעטן מאַרקוס זיוון, אַז ער זאָל צושטיין צו אים, אָבער ער האָט פונקט אַזוי נישט מצליח געווען, ווי איך.

וויקטאָר ראָטשילד האָט געהאַט אַלע קוואַליפיקאַציעס פאַר דעם אַמט, און נאָך מער. ערשטנס — ער איז אַ ראָטשילד, צווייטנס — ער איז אַן אָנגעזעענער וויסנשאַפטלער. דריטנס — ער איז אַן אַדמיניסטראַטאָר. פערטנס — ער פאַרמאָגט חן און חכמה, וואָס זענען גענוג צו פאַרטיילן צווישן אַ האַלבן טוץ פּרעזידענטן פון אוניווערסיטעטן. פינפטנס — ער איז טיף איבערגעגעבן דער יידישער מדינה; זעקסטנס — ער איז געווען אַ פריינד און אַן אָנהענגער פון ד"ר ווייצמאַנען פון די אַלטע צייטן. זיבעטנס — טעס, ליידי ראָטשילד, איז זיין חנעוודיקע, ליבלעכע, הויך־געבילדעטע פרוי. זי איז אַ פּלימעניצע פון ריטשאַרד מיינערטצאַגען, וועל־כער איז געווען אַ פריינד פון ווייצמאַנען און אַן איבערגעגעבענער ציוניסט. און אחרון, אחרון חביב — ער האָט צו זיין רשות ריזיקע סומעס געלט פון פאַרשיי־דענע פאַמיליע־פאָנדן, פון וועלכע דער אינסטיטוט האָט שוין אַ סך מאָל באַקומען מיטלען, און עס איז פאַראַן נאָך אַ סך מער. די דאָזיקע פאָנדן זענען געווידמעט בעיקר, אויב נישט אויסשליסלעך, פאַר ישׂראלדיקע צוועקן. די דאָזיקע טראַדיציע איז אַריבערגעגאַנגען און ווערט אָנגעהאַלטן פון די צייטן פון באַראָן עדמאָנד

ראָטשילד, דעם נדיב הידוע, וועלכער איז איך זיינע באַציִונגען מיט ארץ־ישׂראל, כמעט מיט הונדערט יאָר צוריק, געווען נישט בלויז אַ פילאַנטראָפּ, נאָר אויך אַ באַגאַבטער שטאַטסמאַן, מיט אַ ווייטן קוק.

וויקטאָר ראָטשילד האָט געגעבן אַ ביסל האָפענונגען, אָבער מיט וואַקלענישן. און שטענדיק זענען געווען פּראָבלעמען — קינדער, זיין פרוי, די שטערונג פון דאַרפן אויפגעבן אַ לאַנג לעבן אין ענגלאַנד. אַגב, זענען עס זאַכן, וואָס ישׂראלים באַגרייפן נישט, ווי עס ווייזט אויס, ווען זיי פרעגן סתּם אין דער וועלט אַריין אַנדערע יידן, פאַר וואָס זיי קומען נישט באַזעצן זיך אין ישׂראל.

מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען מיר האָבן געבויט ביים אינסטיטוט דעם צענטער צו האָדעווען חיות — אַ פאַבריק צו סטעריליזירן מייז — האָב איך אינ־פאָרמירט וויקטאָרן, וועלכער איז געווען דער הייליקער פּאַטראָן פון דעם אַנ־שטאַלט, אַז מיר וועלן צוגרייטן אַ „גרויסע חתונה" ביי דער דערעפענונג פון דעם צענטער. „עס הייבט זיך נישט אָן", — האָט ער מיר געענטפערט. דער צענטער טראָגט אַפילו נישט ראָטשילדס נאָמען. איך בין צוגעשטאַנען צו אים וועגן דעם, און ער האָט זיך אַקעגנגעשטעלט. נישט ער האָט געוואָלט, און נישט ער האָט גערדאַרפט די רעקלאַמע און דעם גאַנצן טאַראַראַם און פּאַראַד פון אַזעלכע צערע־מאָניעס. סוף־כל־סוף האָב איך אַרויסגערופן דעם גייסט פון אַלטן באַראָן עדמאָנד, ער זאָל מיר קומען צו הילף.

איך האָב דערציילט וויקטאָרן די מעשׂה, וואָס איז אַוודאי אַן אויסגעטראַכטע, וועגן „נדיב הידוע", אַז ווען ער איז איין מאָל אַריינגעגאַנגען אין אַ באַרימטן האָטעל אין פּאַריז, האָט אים אַ ייד אָפּגעשטעלט: „באַראָן עדמאָנד" — האָט גע־זאָגט דער ייד — „דערלויבט מיר איך צו באַגלייטן אין שפּייז־זאַל". — „ניין" — האָט געזאָגט דער „נדיב הידוע" — „איך דאַרף נישט קיין הילף" — „איר קענט טאַקע נישט דאַרפן, אָבער איך דאַרף" — האָט דער ייד געענטפערט — „צוויי פון מיינע בעלי־חובות וואַרטן דאָ אין האָטעל אויף מיר. ווען זיי וועלן זען, ווי איך גיי געאָרעמט מיט אייך, וועט מיין קרעדיט ביי זיי זיך שטאַרק הייבן".

„וויקטאָר" — האָב איך פאַרענדיקט מיט אַ שיינעם רעציטאַציע־טאָן — „איר קאָנט עס טאַקע נישט דאַרפן, אָדער נישט וועלן, אָבער איך דאַרף".

די דאָזיקע מעשׂה האָט געבראָכן וויקטאָרס ווידערשטאַנד. און ער האָט איינ־געשטימט צו לאָזן מיך באַגלייטן אים און זיין פרוי אויף דער בינע ביי דער דערעפענונג פון דעם נייעם אַנשטאַלט.

סוף־כל־סוף איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז מיר וועלן נישט קריגן לאָרד וויקטאָר ראָטשילדן פאַר אַ פּרעזידענט פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. איך האָב גענומען זוכן אַ קאַנדידאַט אין אַן אַנדערער ריכטונג.

דזש. ראָבערט אָפּענהיימער, הויפּט פון „אינסטיטוט פאַר אַדוואַנסט סטאַדי" אין פּרינסטאָן, האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיטן ווייצמאַן־אינסטיטוט נאָך זיין באַזוך אין 1958, ווען צוזאַמען מיט נילס באָהר האָט ער זיך באַטייליקט אין חנוכּת־הבית פון אינסטיטוט פאַר פיזיק. ער איז געוואָרן אַ מיטגליד פון אונדזער ראַט און מיר זענען געווען אין אַן אָפטן קאָנטאַקט מיט אים. נישט איין מאָל האָט ער מיר טעלעפאָנירט פון פּרינסטאָן, וואָרענענדיק מיך: „זייט נישט צו

שטרענג מיט די וויסנשאַפטלער״. ער האָט דאָס געטאָן נאָך דעם, ווי ער האָט געלייענט עטלעכע פון מיינע קריטישע באַמערקונגען, וואָס איך האָב געמאַכט אין איינעם פון מיינע ראַפּאָרטן. ער איז געווען זייער אַן איבערגעגעבענער מענטש און אויף אַ מאָדנעם אופן אָפּגעפרעמדט פון יידישן לעבן און פון אַלעם, וואָס איז מיט דעם פאַרבונדן. אָבער רחובות און ישׂראל האָבן אים פאַסצינירט.

אַ לאַנגע צייט פריִער, איידער איך האָב ווען עס איז געוואָגט צו חלומען וועגן אָפּענהיימערן אַלס פּרעזידענט פון וויצמאַן־אינסטיטוט, נאָך איידער איך האָב אים אַפילו געקענט פּערזענלעך — האָב איך געהאַט באַשטימט אַ באַגעגעניש מיט אים אין פּרינסטאָן. דאָס איז געווען אין דער צייט פון די פייערונגען לכבוד ישׂראלס צענטן יובליי־יאָר. איך האָב אים געוואָלט איינלאַדן צו קומען צום חנוכּת־הבית פון אונדזער אינסטיטוט פאַר פיזיק. אין דעם זעלבן טאָג, ווען איך האָב געזאָלט באַגעגענען זיך מיט אים, האָט די „ניו יאָרק טיימס״ פאַרעפנטלעכט אַ געשיכטע אויף זיבן שפּאַלטן: „אָפּענהיימער דערקלערט אַלס אַ זיכערקייטס־געפאַר״. איך בין געזעסן איך מיין ביוראָ אין ניו־יאָרק, וואַרטנדיק, אַז אונדזער באַגעגעניש וועט אָפּגערופן ווערן. איך האָב געהאַלטן, אַז דאָס איז די צום ווינ־ציקסטן פּאַסיקע צייט צו באַהאַנדלען אַזאַ גראַשנדיקע זאַך, ווי אַן איינלאַדונג. איך האָב נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג, ווי אַזוי אָנצוהויבן אַ געשפּרעך ביי אַזעלכע אומשטענדן. איך האָב אים קיין מאָל נישט געהאַט באַגעגנט. איך האָב נישט געוווּסט, וואָס פאַר אַ מין מענטש ער איז. דאַרף איך, אָדער קאָן איך אויס־דריקן מיין מיטלייד מיט אים?

דער טעלעפאָן האָט קיין מאָל נישט געקלונגען. איבער מיין אומרו און מיין כּעס אויף דער אָפיציעלער אַמעריקאַנער נאַרישקייט, בין איך בוכשטעבלעך געווען קראַנק אויף מיין וועג קיין פּרינסטאָן. איך האָב געשריבן אָפּענהיימערן וועגן דעם ציל פון מיין וויזיט. און ווען איך בין אָנגעקומען, האָט זיין סעקרעטאַרין מיך גלייך אַריינגעפירט צו אים. ער איז געזעסן מיט אַ ים ציימונגען אויף זיין טיש, בעת איך האָב זיך געוואַקלט, ווי אַזוי אָנצוהויבן. ער האָט מיר געזאָגט:

„איר גלויבט אויף אייך רגע, אַז נאָך דעם, וואָס עס איז געשען, וועט די רע־גירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן מיר געבן אַ פּאַספּאָרט צו פאָרן קיין רחובות?״

מיין ענטפער איז געווען:

„פּראָפעסאָר אָפּענהיימער, די איינלאַדונג צו אייך צו באַזוכן אונדזער אינ־סטיטוט האָט נישט קיין באַגרענעצטן טערמין״.

דאָס איז געווען דער אָנהייב פון אונדזער פּערזענלעכער באַקאַנטשאַפט. ער איז געקומען קיין רחובות צום חנוכּת־הבית פון אינסטיטוט פאַר פיזיק. אין פאַר־לויף פון איינעם פון אונדזערע געשפּרעכן האָט ער גערעדט מיט מיר וועגן זיינע איינדרוקן פון ישׂראל. איך דערמאָן זיך נישט זיינע ווערטער, אָבער איך געדענק זייער קלאָר, אַז ער האָט זיך געשטיקט מיט זיין שטים און אַז טרערן זענען אים געראַנען פון די אויגן טיף איבער זיין פּנים. ער האָט געהאַט אַ משונהדיק, ווונ־דערלעך פּנים: דאַר, ביינערדיק, ווי ביי אַ נזיר.

אַ סך שפּעטער נאָך דעם, ווי אָפּענהיימער איז צוריקגעקומען קיין אַמעריקע; ווען אבא אבן איז געוואָרן אויסערן־מיניסטער און עס איז נישט געווען קיין האָפע־

נונג צו קריגן וויקטאָר ראָטשילדן, האָב איך געפרעגט אָפּענהיימערן, צי ער וואָלט באַטראַכט אַ פאָרשלאָג אָנצונעמען די פּרעזידענטשאַפט פון ווייצמאַן־אינ־סטיטוט. מיר האָבן גערעדט וועגן דעם אונטער פיר אויגן און דערנאָך צוזאַמען מיט זיין פרוי קיטי. שירלי און איך האָבן אים באַזוכט אַ סך מאָל און האָבן פאַרגעזעצט אונדזער געשפּרעך. סוף־כּל־סוף האָט ער געזאָגט:

„איך וועל אָננעמען דעם פּאָסטן אויף פאָלגנדע באַדינגונגען: איינס, איך מוז קומען קיין אַמעריקע אויף דריי חדשים יעדעס יאָר, ווייל איך וויל נישט שאַפן דעם איינדרוק, אַז איך בין אַנטלאָפן נאָך דעם, וואָס עס איז געשען; צווייטנס, איך וועל זיך נישט באַשעפטיקן מיט אויפנעמען געסט. איר וועט דאָס דאַרפן טאָן פאַר מיר, אָבער איך וועל זיין אָנוועזנד, ווען איר וועט מיך רופן; דריטנס, איך וואָלט וועלן אָנגיין ווייטער מיט מיין פיזיק".

איך האָב אָנגענומען אַלע דריי באַדינגונגען, און מיר האָבן באַשטימט אַ טער־מין צו טרעפן זיך ווידער אַ פאַר חדשים שפּעטער, ווען איך וועל ווייטער זיין אין ניו־יאָרק. ווען איך בין צוריקגעקומען און האָב טעלעפאָנירט צו זיין סעקרעטאַר־קע, האָט זי מיר מיטגעטיילט די דערשיטערנדיקע נייעס, אַז ער האַלט ביים שטאַרבן פון קאַנסער און אַז קיינער קאָן אים נישט זען. עטלעכע חדשים שפּעטער איז ער געשטאָרבן. זיין לוויה איז געווען איינע פון די טרויעריקסטע נסיונות וואָס איך האָב געהאַט אין מיין לעבן. געווען אַ פּשוטע און רירנדיקע לוויה. דזשאָרדזש קענען האָט געהאַלטן דעם הספּד. אַ סך אָנגעזעענע וויסנשאַפטלער — צווישן זיי איזידאָר י. ראַבי, נאָבל־לאַורעאַט פון פיזיק — האָבן אָפּגעגעבן דעם חסד־של־אמת דעם גרויסן גייסט, גרויסן מענטשן און גרויסן וויסנשאַפטלער. איינער פון די אָנשטענדיקסטע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון אַמעריקע איז געווען, בעת אַ געוויסע צייט פריִער, פאַר אָפּענהיימערס טויט, איז די אַקציע, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן דורך פּרעזידענט קענעדי צו באַערן אָפּענהיימערן מיט דער הויכער אויסצייכענונג פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַרן לאַנד — דורכ־געפירט געוואָרן דורך פּרעזידענט דזשאָנסאָן.

געווען אַ צווייטער קאַנדידאַט, וועלכער האָט געשוועבט אין דער לופטן אַ געוויסע צייט פאַר אָננעמען די פּרעזידענטשאַפט פון ווייצמאַן־אינסטיטוט: סער סאָלי צוקערמאַן, דער וויסנשאַפטלעכער ראַטגעבער פון איר מאַיעסטעטס ענגלי־שער רעגירונג. ער האָט צו אונדז עטלעכע מאָל געזאָגט: „האַלט דעם דאָזיקן פּלאַץ וואַרעם פאַר מיינעטוועגן", אָבער ער האָט קיין מאָל זיך נישט באַוויגן צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ.

אין 1961 איז פּראָפעסאָר עמוס דע־שאַליט, איינער פון ישׂראלס יונגע פיזי־קער, געוואָרן וויסנשאַפטלעכער דירעקטאָר פון אינסטיטוט. אַ באַגאַבטער און חנעוודיקער „סאַבראַ", איז עמוס, נאָך אין די דרייסיקער יאָרן זיינע, געווען צו־יונג כּדי צו ווערן פּרעזידענט. אָבער וואָס איז נוגע מיר פּערזענלעך, איז ער געווען דער יורש פאַרן פּרעזידענטן־אַמט, און דאָס איבערנעמען די וויסנשאַפט־לעכע דירעקציע איז געווען אַ נאַטירלעכע צוגרייטונגס־באַזע. אויף מיין פאָרשלאָג

איז עמוס געווײלט געוואָרן אין דירעקטאָרן־ראַט. ער איז געווען דער אײנציקער מיטגליד פון װיסנשאַפטלעכן פּערסאָנאַל צו װערן געװײלט אין דעם ראַט. אָבער ער האָט נאָך געדאַרפט האָבן מער פּערזענלעכע דערפאַרונגען אין די אַדמיניס־טראַטיװע און פינאַנסיעלע ענינים פון אינסטיטוט. ער איז געווען אַ מענטש מיט פּילזײטיקע פעיִקייטן, און פון דער נאַטור זײנער אַ געבױרענער פירער. פול מיט אידייען — װען אַפילו ער האָט אַ טײל פון זײ געענדערט פון אין דער פרי ביז אויף דער נאַכט. ער האָט געהאַט אַן אָפענעם ליכטיקן מוח; האָט זיך געלאָזט איבערצײגן און האָט פאַרמאָגט אַן אַ שיעור חן און ײנגלשע שײנקײט, װאָס איז תמיד פאַרבונדן מיט דעם, װאָס מיר רופן אַן אַ מושלם. איך האָב געהאָפט, אַז ער װעט דערגרייכן דעם עלטער פון אַ יאָר פינף און פערציק, װען זײן תקופה פון פאַרנעמען זיך מיט שאַפערישער פיזיק־װיסנשאַפט װעט זײן מער אָדער װײניקער פאַרבײ, און ער װעט האָבן געלײזט זײנע אינערלעכע קאָנפליקטן — װעט דער מאַנטל פון פּרעזידענט פאַלן אויף זײנע אַקסלען. דאָס איז אים נישט באַשערט געווען. ער איז געשטאָרבן אין 1969, אין עלטער פון דרײי און פערציק יאָר. עס איז געווען אַ זײער װיטיקדיקער פאַרלוסט פאַר דעם אינסטיטוט, פאַרן לאַנד און פאַר מיר פערזענלעך.

עס איז נישט געשען ביז 1965. נאָך נײן יאָר װי מיר האָבן אַרומגעזוכט אַ קאַנדידאַט אויף דרײ קאָנטינענטן, האָט דער דירעקטאָרן־ראַט ענדלעך גע־פונען אַ פּאַסנדיקן פּרעזידענט. איך אַלײן בין נישט געווען באַזונדערס פאַרליבט אין דעם אויסװאַל. אויפן בעסטן אופן איז עס װידער געווען אַ צײטװײליק מיטל. פאַקטיש איז עס געווען אַ מין אַרויסדרײען זיך. פאַרשלאָגנדיק מיך אַלס פּרעזי־דענט האָט דער ראַט מיט אײן קלאַפּ זיך אַרויסגעפּלאָנטערט פון צװײ פּראָבלעמען: דער אַמט פון פּרעזידענט איז פאַרנומען געוואָרן און מײן אָװעקגײן איז פאַרהיט געוואָרן. איך בין נישט אַרומגעגאַנגען טראָמפּײטערן אַ באַגײסטערטער צוליב דעם כבוד. עס איז געווען אַ ביסל צו שפּעט דערפאַר. איך האָב געשריבן צו דיואי סטאָונען אין יענער צײט:

טײערער דיואי,

איצט, װען אַלע „גדולים״ זענען אַװעקגעפאָרן, האָב איך געהאַט די מעגלעכקײט צו טראַכטן אַ ביסל װעגן אַ צאָל פון די פּראָבלעמען, װאָס זענען נוגע דעם אינסטיטוט, באַזונדערס װעגן דער פראַגע פון דער פּרע־זידענטשאַפט.

נאָך דעם, װי איך האָב זיך אַלײן שאַרף אַנאַליזירט, בין איך געקומען צום אויספיר, אַז עס װעט נישט דינען קײן שום צװעק, נישט פאַרן אינ־סטיטוט און נישט פאַר מיר אַלײן, װען איך זאָל אָננעמען דעם אַמט פון פּרעזידענט. אין אַ מאָמענט פון שװאַכקײט האָב איך געשריבן אין אַ בריװ צו אײך פון 24סטן פעברואַר, אַז ...„אויב עס װעט באַשלאָסן װערן אויס־צוּװײלן אַ פשוטן בשׂר־ודם, מאָן איך דעם דאָזיקן אַמט פאַר מיר אַלײן״.

איצט באַדויער איך עס. נאָך דעם, װי איך האָב איבערגעטראַכט דעם ענין, האָב איך באַשלאָסן — און מײן באַשלוס איז אַן ענדגילטיקער און קאָן נישט

אָפּגערופֿן ווערן: איך וויל נישט דעם טיטל, און איך וועל אים נישט אָנ־נעמען. ווי אַ באַרימטער אַמעריקאַנער האָט אַמאָל געזאָגט: „אויב איך וועל ווערן נאָמינירט, וועל איך נישט קאַנדידירן ביי די וואַלן. און אויב איך וועל געווילט ווערן, וועל איך נישט פאַרנעמען דעם אַמט״; לאָמיר אייך געבן מיינע טעמים.

איך בין פֿון מיין נאַטור אַן עסטעט. אין אַלעם, וואָס איך האָב געטאָן אין מיין לעבן, צי דאָס איז געווען אין זשורנאַליזם, צי ביים רעדאַגירן אַ זשורנאַל, צי איך האָב אויפגעפירט טעאַטער־שפּילן, אָדער אין דער לעצ־טער פאַזע פֿון מיין לעבן ביים בויען אַן אינסטיטוט — בין איך באַהערשט געוואָרן פֿון דעם געפיל צו נעמען אין באַטראַכט פאָרעם, שיינקייט, סימע־טריע אאַז״וו. איך בין שטענדיק אַנטלאָפן פֿון גראָטעסק, פֿון לעכערלעכ־קייט און פּאָמפּע. איך האָב קיין מאָל נישט געזוכט דירעקט אָדער אומדי־רעקט עפנטלעכע אַפּלאָדיסמענטן, אָדער אַן עפנטלעכן אַמט בלויז צוליב דעם אַמט אַליין. אויב דאָס איז געקומען, איז עס געווען אַ רעזולטאַט פֿון דעם, וואָס איך האָב געטאָן. וואָס סער ראָבערט ראָבינסאָן האָט מיט אַן ערך צען יאָר צוריק פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל געווילט ווערן אַלס פּרעזידענט, האָב איך אָנגענומען זיין מיינונג אַלס אַ לאָגישן אויספיר פֿון דעם, וואָס ער האָט געטראַכט וועגן מיין אַרבעט פאַר שאַפֿן דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט. דעמאָלט האָט עס געהאַט אַ זין. איר און אַנדערע האָבן געטראַכט אַנדערש. אָבער עס האָט נישט קיין טעם אַריינצוגיין אין דער פאַרגאַנגנהייט. וואָס עס איז געשען, איז געשען.

איצט, אַן ערך צען יאָר שפּעטער, ווען איך בין ערב מיין צוויי־און־זיבעציקסטן געבורטסטאָג, וואָלט געווען זייער נאַריש פֿון מיין זייט, און געוויס אַן שום באַדייטונג פאַרן אינסטיטוט, אַז איך זאָל אָננעמען דעם אַמט. דאָס וואָלט לחלוטין גאָרנישט צוגעגעבן צו מיין פּרעסטיזש און אויך נישט פאַר דעם וויסנשאַפטלעכן אָנזען פֿון אינסטיטוט. אַ חוץ דעם איז דער גאַנ־צער ענין עסטעטיש קעגן מיין געשמאַק.

איר וועט מיר זאָגן, אַז איך בין נישט אויסגעהאַלטן. אפשר? אָבער איך וויל בעסער זיין נישט אויסגעהאַלטן, איידער נאַריש. אויסגעהאַלטנ־קייט — האָט עמעצער געזאָגט — איז דער גייסט פֿון קליינע מוחות. מיין מוח איז נישט קיין זייער גרויסער. אָבער ביי דער גאַנצער באַשיידנקייט קאָן איך זאָגן, אַז ער איז אויך נישט קיין קליינער.

איך שרייב דאָס צו אייך, מיין טייערער דיוואי, ווייל מיר דאַרפֿן אָנהויבן טראַכטן אין אַן אַנדערער ריכטונג. מיר דאַרפֿן טראַכטן ערנסט וועגן דעם, וואָס עס דאַרף זיין די קומענדיקע סטרוקטור פֿון אינ־סטיטוט. איך האָב אַ געפיל — און איך ווייס, אַז איך בין גערעכט — אַז דאָס אויסוויילן מיך אַלס פּרעזידענט ביי דער איצטיקער לאַגע וועט מיינען זיך מודה זיין עפנטלעך אין אונדזער דורכפאַל פאַר באַזאָרגן דעם אינסטיטוט מיט אַן אַקטיווער פּירערשאַפט, וואָס איז אַזוי וויכטיק. פאַר מיר איז שוין איצט צו שפּעט איבערצונעמען די דאָזיקע ראָל, אַ סך צו שפּעט.

איך שרייב דאָס צו אייך מיט פולער אויפריכטיקייט און — איך שעם זיך צוצוגעבן — נאָך אַ סך שלאָפלאָזע שעהען. איך וויל, אַז איר זאָלט מיר גלויבן, ווען איך זאָג אייך, אַז איך טראַכט בלויז וועגן דעם צוקונפ־טיקן ווילדזיין פון אינסטיטוט און נישט וועגן קיין שום אַנדערער זאַך. צו פיל בלוט פון מיין לעבן האָב איך אַריינגעלייגט אין דעם אינסטיטוט, אַז איך זאָל טראַכטן אַנדערש.

דער דאָזיקער בריוו מיינער האָט געדאַרפט מאַכן אַ סוף צו דעם גאַנצן ענין. אָבער ס׳איז נישט געשען אַזוי. די קעגנער אין 1956 זענען געקומען צום אויספיר אין 1965, אַז די יאָרן האָבן מיר צוגעגעבן גענוג ווירדע, אַז איך זאָל קאָנען אויסגעוויילט ווערן פאַר דער פרעזידענטשאַפט. עס איז געווען אַ מין שפעטער „על חטא״. עס זענען פאַראַן דאָקומענטן וועגן דעם, אָבער איך וויל נישט באַ־לאָסטן דעם לייענער מיט ברענגען דעם אויסטויש פון אַן אַ שיעור בריוו. איך וועל מאַכן אַן אויסנאַם צו ציטירן בלויז איין זאַץ פון איינעם פון די בריוו פון איינעם פון די אַנגעזעענסטע מיטגלידער פון אונדזער ראַט:

„פונקט אַזוי, ווי איך בין געווען קעגן אין 1956, אַזוי באַשטיי איך היינט אויף דעם, אַז איר מוזט איבערנעמען די פרעזידענטשאַפט״.

איך האָב געפילט, אַז עס איז צו ווייניק און צו שפעט. אָבער אַרום מיר איז נישט געווען קיינער, וואָס זאָל מיט מיר מסכים זיין. און אַזוי איז מיר אַן טאַראַ־ראַם און אַן צערעמאָניע אָנפאַרטרויט געוואָרן דער כבוד פון פרעזידענט. דאָס האָט געפירט בלויז צו איין ענדערונג אין די ענינים פון וויצמאַן־אינסטיטוט, וואָס איז שייך מיר אַליין: איך האָב געדאַרפט באַשטעלן נייע בריוובויגנס.

מיין אויסגעוויילט ווערן אַלס פרעזידענט פון וויצמאַן־אינסטיטוט איז געקו־מען ווי אַ סוף־פסוק נאָך די כיבודים, וואָס זענען מיר צוגעטיילט געוואָרן צו מיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג. זיי זענען געווען אַ סך און פאַרשיידן. און איך בין זיך מודה, אַז איך האָב פון זיי זייער שטאַרק הנאה געהאַט. קודם־כל האָט מען מיר געגעבן אַן ערן־דאָקטאָראַט פון אינסטיטוט — דער ערשטער און דער־ווייל דער איינציקער, וואָס דער אינסטיטוט האָט וועמען עס איז צוגעטיילט. איצט בין איך געווען אַ דאָקטאָר צווישן דאָקטוירים. איך בין שטענדיק געווען ד״ר וויסגאַל פאַר באַדינער פון ווינדעס און סתם אַנגעשטעלטע אין די אייראָפּעיִשע האָטעלן. מיין קרוין ווייסע האָר צוזאַמען מיט מיין אַדרעס אין רחובות, זענען געווען פאַר זיי גענוגנדיקע אַקאַדעמישע „דיפּלאָמען״. און אויב איך בין נישט געווען ד״ר וויסגאַל, האָט עס געהייסן, אַז איך בין „פּראָפעסאָר וויסגאַל״. אַלע מיינע הכחשות האָבן נישט געהאָלפן.

דאָס האָט מיך שטענדיק דערמאָנט וועגן אַ באַנקעט, אין וועלכן איך האָב זיך באַטייליקט מיט אַ יאָר דרייסיק צוריק אין אַ שטאָט, וואָס הייסט יאַרמוט, אין נאָוואַסקאָטשיאַ. איך בין געווען דער גאַסט פון דער דאָרטיקער יידישער קהילה און בין איינגעלאַדן געוואָרן צו האַלטן אַ רעדע פאַר אַ גרויסן און וויכ־טיקן צוועק, וואָס איך געדענק שוין נישט. בעת די הכנות צו מיין דרשה (ווען

אַנדערע האָבן געהאַלטן זייערע רעדעס) האָט דער פּאַרזיצער פון באַנקעט זיך איינגעבויגן צו מיר און האָט מיך געפרעגט מיט אַ זיסער און שעפּטשענדיקער שטים. „ווער זיין גוט, ווען איך וועל אייך פאַרשטעלן אַלס ד״ר ווייסגאַל?״ — „האַק מיר נישט אין קאָפּ״, האָב איך אים געענטפערט אויף מיין שטייגער. אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער זיך געווענדעט צו מיר נאָך אַ מאָל: „ס׳וועט מאַכן זייער אַ פיינעם איינדרוק, ווען איך וועל אייך פאַרשטעלן אַלס ד״ר ווייסגאַל״. — „איך דאַרף נישט קיין טיטלען״, האָב איך אים דאָס מאָל געענטפערט. צום דריטן מאָל האָט ער שוין גערעדט מער צו דער זאַך: „אויב איך וועל אייך פאַרשטעלן אַלס ד״ר ווייסגאַל, וועט דאָס זיין, מיין איך, בעסער פאַרן קאַמפּיין״. ווייל איך בין שוין מיד געוואָרן פון זיינע רייד, האָב איך אים געענטפערט: „טוט, צום טייוול, וואָס איר ווילט״. ווען ס׳איז ענדלעך געקומען מיין ריי צו האַלטן די רעדע, האָט דער פאַרזיצער זיך אויפגעהויבן מיך פאַרצושטעלן, אָבער פּלוצלונג האָט ער זיך איינגעבויגן צו מיר: „אַגב״ — האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן — „וואָס פאַר אַ דאָקטאָר זענט איר?״

דעם 10טן נאָוועמבער 1964 איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכּבוד מיר אַ געבורטס־טאָג־באַנקעט אין סאַן מאַרטין קלוב־הויז פאַר די פּראָפעסאָרן אין אינסטיטוט. דאָס דאָזיקע מקום איז באַקאַנט צווישן די „פיינשמעקער״ אין רחובות אַלס דער „זעלבסטמאָרד־קלוב״ צוליב די אויסגעצייכנטע מאכלים, וואָס ווערן דאָרט דער־לאַנגט. דער הויפּט־אַרכיטעקט פון דער אונטערנעמונג איז געווען מיין אַלטער פריינד און קאָלעגע דזשוליען מעלצער, מיט דער הילף פון מרגלית סלע. עס זענען געהאַלטן געוואָרן רעדעס. מען האָט מיר צוגעטיילט אַן אויסצייכענונג. און ס׳איז אַפילו געווען אַ געבורטסטאָג־קוכן. יעדער איינער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג. מיינע פריינד — דערפאַר, ווייל איך דריי זיך נאָך אַרום אויף דער וועלט, און מיינע שונאים — ווייל איך ווער עלטער. דער באַנקעט איז פאַרבליבן אַלעמען אין זכּרון צוליב צוויי טעמים: ראשית איז משה שרת געקומען אויסדריקן מיר זיינע ווונטשן, און ער האָט געפירט דעם פאַרזיץ. ער איז שוין געווען אַזוי שווער קראַנק, אַז ער האָט קוים געקאָנט רעדן. אָבער ער האָט גע־מאַכט אַ גרויסע אָנשטרענגונג, און דאָס האָט אַלעמען טיף גערירט. שנית, זענען צווישן די געסט געווען צוויי מענטשן, מיט וועמען איך האָב זיך געהאַלטן זייער נאָענט אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, און איבער געוויסע געשעענישן האָב איך נישט געהאַט מיט זיי קיין שום מגע־ומשא אין משך פון אַ סך יאָרן: ערנסט דוד בערגמאַן, וועלכער האָט פאַרלאָזט דעם אינסטיטוט אַ יאָר אָדער צוויי נאָך דעם חנוכּת־הבית איבער ערנסטע חילוקי־דעות מיט ווייצמאַנען, הגם ער האָט געזאָלט זיין ווייצמאַנס נאָכפאָלגער; און הענרי מאָנטאָר, וועלכער האָט נאָך דעם ווי ער האָט זייער אַ סך אויפגעטאָן פאַר דער יידישער מדינה, פאַרלאָרן דעם חן אין די אויגן פון די פירער פון ישראל. דער פאַקט, אַז זיי האָבן אָנגענומען די איינלאַדונג און זענען געקומען, האָט פאַר מיר באַדייט זייער אַ סך.

דער ווייכטיקסטער כּבוד, וואָס איז מיר צוגעטיילט געוואָרן, איז געווען דאָס פאַרעפנטלעכן אַ בוך מיט אַרטיקלען און אָפּשאַצונגען: „ווייסגאַל — אַ בן שבעים״.

יעדער, וועלכער האָט מיך געקענט און וועמענס נאָמען האָט אויסגעזען גוט אין דרוק, איז איינגעלאַדן געוואָרן צו שרייבן פאַר דעם בוך. איך ווייס, ווי אַזוי אַזעל־כע זאַכן ווערן געמאַכט. איך האָב עס אַליין געטאָן מער ווי איין מאָל. די אידייע וועגן דעם בוך איז אויסגעבריט געוואָרן דורך צווי פריינד מיינע, דזשאָו בריינין און דזשוליען מעלצער, וועלכע האָבן געהאַט בדעה אַרויסצוגעבן דעם ספר צו מיין פינף און זעכציקסטן געבורטסטאָג. איך האָב דאַן דערשנאַפּט וועגן דעם און האָב געמאַכט אַ סוף צו דעם פּלאַן, נאָך איידער זיי האָבן אָנגעהויבן עפּעס צו טאָן. ווען עס האָט זיך דערנענטערט מיין זיבעציקסטער געבורטסטאָג, האָבן זיי בסוד־סודות באַניַיט זייער אידייע, צווישן מיין 65סטן און 70סטן געבורטסטאָג האָבן דזשאָו און דזשוליען אויסגעברייטערט דעם קרייז פון די קאָנספּיראַטאָרן, וועלכע זענען געווען אונטער אַ שבועה נישט אויסצוזאָגן קיינעם גאָרנישט. אין דעם ענגערן קרייז פון רעדאַקטאָרן און שרייבער פון דעם בוך זענען געווען: מיין פריינדין פון אַ סך יאָרן און אַ זשורנאַליסטקע מיט גרויסע דערגרייכונגען, לילי שולץ; די רעדאַקטאָרקע פון דער צייטשריפט „רחובות" און אָנגעזעענע שריפט־שטעלערין רינאַ סעמיועל; און מיין אייגענע רעוואָלוציאָנערע טאָכטער, ביי וועל־כער מען האָט געפּועלט, אַז זי זאָל אָנשרייבן אַ רירנדיקע פּאָעמע פאַר דעם בוך.

ווען דער ספר איז אַרויסגעקומען פון דרוק און איז אָבער נאָך נישט געווען געבונדן, האָט מען מיר אויפגעדעקט דעם סוד מיט דעם פריילעכן אָנזאָג, אַז קיין שום זאַך קאָן שוין נישט אָפּשטעלן דאָס דערשיינען פון דעם בוך. באין ברירה האָב איך זיך אונטערגעגעבן. איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב אַפילו הנאה געהאַט פון אַ טייל פון די אַרטיקלען. די באַטייליקטע אין דעם בוך האָבן זיכער פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ גאַלעריע פון אינטערנאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייטן, פון דער וועלט פון פּאָליטיק, וויסנשאַפט, קונסט און פינאַנסן. דער לאַנדאָנער אַרויס־געבער פון דעם בוך, דזשאָרדזש ווײדענפעלד, וועלכער איז געווען מיינער אַ פריינד זינט אַ סך יאָרן, האָט מיר געזאָגט מיט זיין שענסטן ווינער שאַרם: „איר וועט האָבן אַ מעגלעכקייט צו קאָרעגירן אַלע פעלערן אין אייער אויטאָביאָגראַפיע". ער האָט אַפילו אָנגעשריבן אַן אַריינפיר, ווו ער האָט באַטאָנט, אַז ער פאַרעפנט־לעכט דאָס בוך, בכדי מיר צוצוגעבן חשק, אַז איך זאָל אָנשרייבן מיין אייגענעם ספר.

איך האָב געוווּסט גענוי, וואָס ער מיינט. די גוזמאות, די נישט־ריכטיקע אינפאָרמאַציעס, די אַפּאָקריפן, די סתירות — אַזוי אָנגענעם, ווי די מערסטע פון זיי זענען געווען — האָבן זיך געלייגט אויף מיר, ווי אַ שווערע לאַסט.

נחום גאָלדמאַן, צום ביישפּיל, טענהט אין זיין אַרטיקל, אַז ווען ער האָט מיך געזען צום ערשטן מאָל אין די צוואַנציקער יאָרן ביי אַ ציוניסטישן קאָנגרעס, בין איך געווען אויסגעפּוצט אין אַ „העל־בלויען אָנצוג, גרינע זאָקן און אַ פּראָוואָ־צירנדיקן געלן קראַוואַט". דאָס קאָן מען נישט מוחל זיין. איך האָב געקאָנט אויס־זען פאַרבלענדנדיק אין נחומס אויגן, אָבער קיינער האָט קיין מאָל נישט גע־שטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן מיין גוטן געשמאַק אין קליידן זיך. מאָריס סע־מיועל, וועלכער האָט זיכער געהאַט די מעגלעכקייט צו אָבסערווירן מיך זייער אָפט און אין ענגערע קרייזן, האָט אַריינגעשריבן אין דעם ספר: „ער האָט רעאַ־

גירט אויף שרייענדיקע איינצלהייטן, ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר אויף פֿאַלשע נאָטן. אין אַנדערע ווערטער: ער האָט סטיל. איך האָב, למשל, זיך באַצויגן מיט גרינגשאַ־צונג צו זיין קונסט פון קליידן זיך, און דערפֿאַר האָב איך נישט איינגעזען די סימבאָלישע און פּראַקטישע באַדייטונג פון זיינע מלבושים".

דער נאָמען פון דער לאָנדאָנער אויסגאַבע פון דעם בוך איז: "מאיר ווייסגאַל — אַ בן־שבעים". אַ קורצע צייט שפּעטער איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דעם פֿאַרלאַג "אַטענעום" אַן אַמעריקאַנער אויסגאַבע, וואָס האָט שוין געטראָגן אַ טיטל מיט מער פֿאַנטאַזיע און מער באַדייטונג: "די אָדיסייע פון אַן אָפּטימיסט". דאָס איז טאַקע געווען אַ ריכטיקע אָפּשפּיגלונג פון מיר. עס זענען דערשינען אין דעם בוך נאָך אָפּשאַצונגען פון עטלעכע אַמעריקאַנער פריינד מיינע, וועלכע זע־נען — נאָך דעם, ווי זיי האָבן געלייענט די לאָנדאָנער אויסגאַבע — געוואָרן אין כעס, פֿאַר וואָס מען האָט זיי נישט איינגעלאַדן צו באַטייליקן זיך. און זיי האָבן גלייך אַריינגעשריבן נאָך עטלעכע אומשטערבלעכע ווערטער. איינער פון זיי איז געווען דער דראַמאַטורג ס. נ. בעהרמאַן. מיין באַקאַנטשאַפט מיט סעם בעהרמאַנען האָט זיך אָנגעהויבן אין די צייטן פון ריינהאַרדטן און רודאָלף קאָמערן, בעת דער אויפפירונג פון "אייביקן וועג". ער האָט זיך באַטייליקט אין דעם בוך וועגן ווייצ־מאַנען, וואָס איך האָב רעדאַגירט און אַרויסגעגעבן אין 1944, מיט אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען "ציון קומט קיין קאַלווער סיטי", וואָס איז געווען אַ מייסטערווערק. אַזוי־צי־אַזוי, סעם האָט מיר טעלעפאָנירט. ער האָט געזאָגט, אַז ער דאַרף מיך דרינגנדיק זען, און מיר האָבן זיך באַגעגנט אין אַ קליינעם פראַנצויזישן רעס־טאָראַן.

"מאיר" — האָט ער מיר געזאָגט — "ווי אַזוי האָט איר געקאָנט דערלאָזן דערצו, אַז דאָס דאָזיקע בוך זאָל דערשיינען אָן מיר?" ער האָט געמיינט די לאָנ־דאָנער אויסגאַבע. איך האָב אים געטרייסט מיט דעם, אַז ער איז אַוודאי אויסגע־לאָזן געוואָרן פון מער נאָבעלע אַנטאָלאָגיעס. און איך האָב צוגעגעבן, אַז איך האָב פון דעם בוך מער צרות, ווי ער קאָן זיך אפשר פֿאָרשטעלן. שוין דער נאָמען אַליין פון דעם בוך האָט מיך געקאָסט לכל־הפּחות צען נאָענטע פריינדינס אין פֿאַרשי־דענע טיילן פון דער וועלט. זיי האָבן געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז איך בין נאָך אַ יונגערמאַנטשיק.

"אָ — האָט ער אין גאַנצן אויפגעשיינט — איך האָב געפּאַקט אַ טעמע פֿאַר אַן אַרטיקל וועגן אייך. קאָן איך נאָך אויף וועלכן עס איז אופן אַריינשטופּן מיין אַרטיקל?"

ס'איז געשען אַזוי, אַז "אַטענעום" איז סעם בעהרמאַנס אַרויסגעבער. און סעם האָט באַוויזן אַריינצוקריגן זיך אין דער אַמעריקאַנער אויסגאַבע מיט אַ פּרעכטיקן אַרטיקל, וואָס הייבט זיך אָן און ענדיקט זיך מיט מיינע פֿאַרלוירענע צען פריינדינס.

אחרי ככלות הכל האָב איך געפרעגט דזשאָו ברייניגען, ווי אַזוי איז עס גע־שען, אַז ער האָט פֿאַרזען סעם בעהרמאַנען פֿאַר דער ערשטער אויסגאַבע. דזשאָו האָט מיך אינפֿאָרמירט, אַז ער האָט געשריבן צו אים לכל־הפּחות צען מאָל. איך בין נישט געווען איבערראַשט. סעם ענטפֿערט זעלטן אויף בריוו, און אַפילו נישט

אויף טעלעפאָן־רופן. מחוץ פון זיינע ליטעראַרישע ווערק איז ער איינער פון די שעמעוודיקסטע מענטשן אין דער וועלט. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ער איינגעשטאַנען ביי אונדז אין רחובות און האָט געאַרבעט אויף אַ נייער פּיעסע, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף זיין אויטאָביאָגראַפיע: „די וואָוסטער־געשיכטע״. ער האָט געוואָלט פאַרענדיקן דאָס ווערק אין רחובות, אַז ער זאָל קאָנען צושרייבן אין דער איינלייטונג: „רחובות, ישׂראל״. ער פלעגט זיצן אויבן, אין זיין חדר, אַ גאַנצן טאָג, אַרבעטנדיק אויף אַ קאַרטן־טישל. אַ נאָרמאַלער אַרבעטסטיש איז ביי אים אַפילו נישט געקומען אין באַטראַכט. ער האָט געטראָגן אַ העמד, וואָס איז געווען צעריסן פון פאָרנט און פון הינטן. דאָס איז געווען זיין אוניפאָרם. ער האָט קיין מאָל נישט געוואָגט אַרונטערצוקומען צו אונדז, אויב ער האָט געהערט אַ פרעמדע שטים. די טעאַטער־משפחה אין ישׂראל איז געווען אינטערעסירט צו באַגעגענען זיך מיט אים, און איך האָב אַראַנזשירט אַ קבלת־פּנים אין מיין היים. סעם בעהרמאַן איז אַרונטערגעקומען, האָט געכאַפּט איין בליק אויף די פאַרזאַמלטע געסט, האָט באַקומען אַ הויכע טעמפּעראַטור און איז צוריק אַרויפגעגאַנגען אין זיין צימער.

נאָך דעם ווי עס זענען דערשינען די צוויי אויסגאַבעס, האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיט דער אידייע, אַז דאָס באַפרייט מיך פון דער נויטווענדיקייט אָנצושרייבן מיין אייגענע אויטאָביאָגראַפיע. אָבער וואָס מער איך האָב וועגן דעם געטראַכט, אַלץ מער האָב איך איינגעזען אַז דער היפּוך דערפון איז אמת. אַ בוך מיט אָנערקענונגען און אָפּשאַצונגען טראָגט אַ טאָפּלט איבערקלייבערישן כאַראַקטער. די מיטאַרבעטער פאַר אַזאַ בוך ווערן אויסגעקליבן צוליב זייער פעיִקייט צו רעדן פריינדלעך וועגן דעם קרבן. און זיי, די באַטייליקטע, זענען ביי דער געלעגנהייט איבערקלייבעריש אין זייערע סענטימענטן, איבערלאָזנדיק די האַרבערע אמתן פאַר זייערע אויטאָביאָגראַפיעס. בן־גוריונס קליינער אַרטיקל, למשל, איז אַזוי אומשולדיק ווי אַ ניי־געבוירן קינד. און טאַקע די דאָזיקע נישט־געשריבענע, אָדער האַלב־געשריבענע אויטאָביאָגראַפיעס פון די העלדן פון מיין דור האָבן מיך געמאַטערט.

יעדער איינער האָט זיין נוסח פון שרייבן געשיכטע, פון דערציילן דעם אמת וועגן דעם, וואָס עס איז געשען, פאַר וואָס זאָל איך זיין אַ קרבן דערפאַר, וואָס איך וועל נישט אָנשרייבן מיין לעבנס־געשיכטע? אמת, איך האָב נישט געשאַפן אַליין די יידישע מדינה, ווי עס האָבן דאָס נישט געטאָן אַ סך פון מיין דור. איך האָב אַפילו נישט געבויט אַליין דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט, כאָטש אַ טייל פון די, וואָס האָבן מיר פאַרגונען, האָבן דעם אויפבוי פון ווייצמאַן־אינסטיטוט פאַרשריבן אין גאַנצן אויף מיין חשבון. אָבער איך האָב בייגעוווינט געוויסע זייער וויכטיקע געשעענישן. איך בין געווען אַ מיטבאַטייליקטער אין אַ רייע היסטאָרישע אויפטוען. פאַר וואָס זאָל איך נישט אַרויפלייגן אויף דער וואָגשאָל פון די ענדגילטיקע אָפּשאַצונגען מיין עדות־זאָגן, מיינע פאָראורטיילן און מיינע איינזייטיקע מיינונגען?

און דאַן איז געווען מר. ווײדענפעלד, איצט סער דזשאָרדזש, וועלכער האָט מיך קיין מאָל נישט אָפּגעלאָזט. תּמיד, ווען ער האָט מיך באַגעגנט — אין לאָנדאָן, אין ישׂראל, צי אין ניו־יאָרק — פלעגט ער זיך אָנכאַפּן אָן דער טעמע: „איר האָט

אַזוי פיל צו דערציילן. איר האָט געהאַט אַזאַ זיגזאַג־קאַריערע אין משך פון פופ־ציק יאָר. איר זענט אַן אַלטער זשורנאַליסט און רעדאַקטאָר. וואָס איז דאָ דאָס פּראָבלעם?״ מיין ענטפער איז שטענדיק געווען דער זעלבער: „איך האָב קיין צייט נישט. יידן לאָזן מיך נישט צורו. דער אינסטיטוט גיט מיר נישט קיין מנוחה״ — „פאַר וואָס נעמט איר נישט אַ מאַשין און דיקטירט אין אייער פרייער צייט, און ווען עס איז אייך באַקוועם?״ — האָט ווײַדענפעלד געזאָגט. „דאָס״ — האָב איך געענטפערט — „קאָן איך נישט טאָן. איך קאָן רעדן צו מענטשן, אָבער איך קאָן נישט רעדן צו אַ מאַשין. איך נויטיק זיך אין עמעצן וועלכער זאָל מיר קאָנען ענטפערן צוריק״.

ביי איינער אַזאַ געלעגנהייט איז ווײַדענפעלד אַרויסגעקומען מיט אַן אידייע: רעדט צו אייער טאָכטער, און זי וועט שרייבן. איר פּאָעמע אין דעם בוך וועגן אייך איז אַ בריליאַנט, איך וועל אייך אַפילו געבן אַן אַוואַנס טויזנט פונט שטער־לינג. — „ניין, ניין״ — האָב איך געזאָגט — „קיין שום אַדערויף נישט. אויב איך וועל שרייבן און ווען איך וועל שרייבן, וועל איך שטעלן מיינע אייגענע באַדינ־גונגען און אַליין פאַרזאָרגן די פינאַנסיעלע זייט״. קיין שום אַרויסגעבער האָט נאָך קיין מאָל נישט געזאָגט „ניין״ אויף אַזאַ פאָרשלאָג.

די אידייע איז מיר געפעלן. רעדן איז קיין מאָל נישט געווען קיין פּראָבלעם פאַר מיר. די פראַגע איז באַשטאַנען אין איבערצייגן מיין טאָכטער. און זי האָט זיך נישט בלויז געלאָזט איבערצייגן. זי איז געווען ענטוזיאַסטיש. אמת, זי איז אַזוי אויך געווען פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג. זי האָט אַ מאַן און פיר קינדער, נישט רעדנדיק שוין וועגן די פּאָליטישע און סאָציאַלע ענינים, מיט וועלכע זי באַשעפ־טיקט זיך. אָבער זי האָט מיר צוגעזאָגט צו געפינען צייט. דאָס איז געווען אין 1966. אַ גליקלעכער צופאַל האָט געבראַכט איר מאַן אַ סובסידיע פאַר פאָרשונגס־אַרבעט אויף אַ יאָר צייט אין סקאָטלאַנד, און זי איז געוואָרן אַ ביסל באַפרייט פון אירע עסקים. מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. איך האָב איר דיק־טירט אין טאָרפינס, אַ קליינע שטאָט ביי אַבערדין. ווען איך בין נאָך פיר וואָכן אַוועקגעפאָרן, איז מיין אַפּעטיט געוואַקסן, צוזאַמען מיטן עסן. שירלי איז גע־וואָרן מיין קרבן. איך האָב אַפילו געשריבן אַליין אַ סך זייטן, וועלכע איך האָב שפּעטער געמוזט נאָך אַ מאָל דיקטירן, ווייל איך האָב נישט געקאָנט איבערלייע־נען מיינע אייגענע היעראָגליפן.

ווען העלען און איר הויזגעזינד זענען צוריקגעקומען פון סקאָטלאַנד, האָבן מיר ממשיך געווען אין רחובות, אין טבריה, אין בת־ים, ווו זי וווינט, אין ניו־יאָרק, אין רוים — אומעטום ווו איך בין געווען, אָדער אומעטום, וווהין איך בין געפאָרן און האָב געקאָנט זי איבערצייגן, אַז זי זאָל זיין צוזאַמען מיט מיר. זי האָט אַפילו הנאה געהאַט פון די קליינע נסיעות. איר מאַן שמואל — איך בין צופרידן דאָס צו זאָגן — האָט אַ סך מיטגעהאָלפן. ער האָט געברומט אַ ביסל און איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיינע פאָרשונגען וועגן די קי אין ישׂראל, געבנדיק זיי וואָס אַ מאָל וויניקער צו עסן און מאַכנדיק אַזוי, אַז זיי זאָלן פּראָ־דוצירן וואָס מער און אָפּטער. דעם אמת געזאָגט, האָב איך קיין מאָל נישט פאַר־שטאַנען זיינע עקספּערימענטן, און איך האָב בעסער געוואָלט דיסקוטירן מיט אים

וועגן פּאָליטיק. אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָט ער געטאָן זייער וויכטיקע זאַכן, ווייל דאָס אַגריקולטור־מיניסטעריום פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, האָט אים געגעבן ריזיקע סובסידיעס. פאַר מיר איז עס געווען, אַזוי ווי שלום עליכמס טוביה דער מילכיקער, וועלכער האָט איינגעוווינט זיין פערדל צו עסן יעדן טאָג ווייניקער. אויפן דריטן טאָג האָט טוביה זיך באַקלאָגט, אַז פונקט דעמאָלט, ווען זיין פערדל האָט זיך געהאַט אין גאַנצן אָפּגעוווינט פון עסן, איז עס אוועקגעפאַלן און געפגרט.

איך האָב פאַרוואָרפן העלען מיט פּאַפּירן, מיט אַלטע רעדעס, בריוו אאַז״וו און איך האָב איר געגעבן די פרייהייט צו שעפּן פון איר אייגענעם זכרון און כּוח־הדמיון, ווען איך בין געווען פאַרנומען ערגעץ אַנדערש. זי האָט פּראָדוצירט אַ ביסל וווּנדערלעכע מעשׂיות. (ווען הערכדאָט האָט זיך אַרומגעקוקט, אַז עס פעלן אים פאַקטן, האָט ער זיך נישט געוואָקלט צו באַנוצן זיין פאַנטאַזיע — און אפשר דערפאַר ווערט ער אָנגערופן דער ערשטער היסטאָריקער). מיר איז אויסגעקומען איר צו זאָגן: „ווּ, צום טייוול, האָסטו דאָס גענומען?״ איר ענטפער איז געווען: „נו גוט, טאָ זאָג מיר, וואָס האָט דאָרט פּאַסירט״. און איך האָב אָנגעהויבן דיקטירן פון דאָס ניי.

ווען זי האָט פאַרענדיקט דעם ערשטן טעקסט פון אַ העלפט פון דעם בוך, האָבן מיר אים געגעבן דזשאָו ברייינינגען, ער זאָל אים איבערקוקן. דזשאָו איז געווען אומברחמנותדיק אין זיין קריטיק. ער האָט ממש צעריסן דעם טעקסט אויף שטיקלעך. און העלען איז אָנשטאָט צו האָבן עגמת־נפש, געווען שטאַרק צופרידן. זי האָט געקריגן אַ פאַרבינדעטן. דזשאָו האָט אונדז געצוווּנגען, מיר זאָלן זיך אַוועקזעצן אויף מער צייט און קאָרעגירן אונדזערע „פאַקטן״, אויסגלייכן אונדזערע דאַטעס, דערמאַנען זיך וועגן לאַנג פאַרגעסענע אינצידענטן. דזשאָו האָט געגעבן אַן עצה מיין טאָכטער העלען, ווו צו זוכן די נויטיקע מאַטעריאַלן, און ער האָט אויך אַליין צוגעשטעלט אַ ביסל מאַטעריאַלן פון זיינע אייגענע פּאַפּירן. זייער אָפט פלעגן דזשאָו און איך אין מיטן פון דער אַרבעט אָנהויבן זיך דערמאָנען וועגן עפּעס אַ גאָר טשיקאַווען פאַרשוין אָדער אַ מערקווירדיק־אינטערעסאַנטער געשעעניש אין אונדזער פאַרנעפּלטער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. העלענס אויגן האָבן זיך דאַן אָנגעצונדן און זי פלעגט מיר זאָגן: „טאַטע, דו האָסט מיר דאָס קיין מאָל נישט דערציילט. קאָן איך עס אַריינשרייבן?״

מיין ענטפער איז געווען: „יאָ, אויב נישט מער״ — פאַראַפראַזירנדיק י. ל. פּרצס פאָלקסטימלעכע געשיכטע: „אויב נישט נאָך העכער״. העלען פלעגט שפּעטער באַדויערן איר פראַגע, ווייל דאָס האָט דורכגעבראָכן אַ דאַמבע, און אַ ניאַגאַראַ־וואַסערפאַל האָט פאַרפלייצט איר שרייבמאַשין.

# 25. די זעקס־טאָגיקע מלחמה: נאָכטראַכטונגען

די זעקס־טאָגיקע מלחמה אין יוני 1967 איז נישט קיין טעמע, וואָס איך קאָן באַהאַנדלען אָן געוויסע באַטראַכטונגען, ווען אַפילו איך וועל שרייבן וועגן זיי בקיצור. די מלחמה האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אויך אָן אַנטשיידנדיקער פּאַק־טאָר פאַר דער דעפיניציע, אָדער פאַר רעווידירן די דעפיניציע פון ציוניזם און פאַר דער אויפקלערונג און פאַרמירונג פון אונדזערע באַציִונגען מיט די אַראַבער. אַ חוץ דעם האָט די מלחמה אויך נאָך אַ מאָל אויפגעדעקט פאַר אונדז די אומ־זיכערע, אָפט לייכטזיניקע שטעלונג פון דער נישט־יידישער וועלט צום עם־הספר.

ווען איך באַמי זיך איצט צו שילדערן די שטימונג אין לאַנד אין די דאָזיקע טעג, דערמאָן איך זיך, אַז עס איז געווען אַ סך אַ גרעסערער און שטאַרקע־רער אויפברויז אין דער אָנגעצויגענער תקופה פריִער, פאַר דער מלחמה, ווי בעת עס זענען אָנגעגאַנגען די שלאַכטן. יעדער איינער האָט געהאָפט אויף דעם בעסטן, און האָט זיך צוגעגרייט פאַר דעם ערגסטן. אַ שווערער אומרו האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער יידישער וועלט, צוזאַמען מיט דער וווּנדערלע־כער דערשיינונג פון אַזוי פיל גרויסמוטיקייט און ברייטהאַרציקייט, וואָס זענען געווען אומפאַרגלייכלעך אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק. און דאָס אַרויס־קוקן אויף דער גאולה אין צייטן פון דער גרעסטער סכנה, אַז עס רוקט זיך אָן אַ חורבן — איז תמיד געווען דאָס הערשנדיקע געפיל אין יידישן לעבן.

אַפילו די נישט־יידישע וועלט איז דאַן געווען דורכגעדרונגען מיט אַ שטאַרקן מיטגעפיל פאַר מדינת ישׂראל אין איר גרויסער צרה. געוויסע לענדער, וועלכע זענען געווען גלייכגילטיק אין די צייטן פון היטלערן און האָבן זיך דאַן נישט געאיילט צו העלפן יידן, האָבן געטראַכט, אַז זיי וועלן איצט קריגן די געלעגנ־הייט מכפר צו זיין אויף זייערע זינד, און זיי האָבן אָנגעהויבן זאַמלען שפּייז און געלט פאַר אַ נייער כוואַליע פון יידישע פּליטים, וואָס זיי האָבן דערוואַרט אין די טעג.

די וועלט האָט פּאַקטיש זיך געגרייט פאַר אַ הויכן קאָלעקטיוון קרעכץ. די אָרעמע יידן האָבן ווידער אַ מאָל געהאַלטן ביים ווערן אַ „טעמע”, וואָס איז אויס־

געצייכנט פאַר פרומע דרשות און וואָס צעעפנט אַ שפּרודלדיקן קוואַל פון „ריי־ניקונגס״־טרערן. דאָס איז געווען דערמוטיקנדיק אַזוי לאַנג, ווי עס האָט געדויערט. ישׂראל האָט געמאַכט דעם „טעות״, וואָס האָט איבערגעדרייט דעם טראַדיציאָנעלן מינהג. מיט אַ טויטן ייד נעמט זיך איבער די מענטשהייט מער ווי מיט אַ לעבע־דיקן און זיגרייכן ייד... יאָ, צום באַדויערן ווערן אויך טויטע יידן נישט תּמיד אויפגענומען גערן.

מיר איז שווער צו שרייבן די ווייטערדיקע שורות אָן אַ געפיל פון טיפער אויפרעגונג. דער היסטאָריקער אַרנאָלד טוינבי, וועלכער גייט אָן אַלס אַ ביישפיל פון דעם בעסטן קריסט אין דער וועלט, האָט אין אַ רויִקן און אַנטשלאָסענעם טאָן געמאַכט אַ דערקלערונג, אַז דאָס וואָס עס איז געשען מיט די אַראַבער אין ארץ־ישׂראל אין 1948, איז דאָס זעלבע וואָס היטלער האָט געטאָן מיט די זעקס מיליאָן יידן, און ערגער פון דעם, וואָס עס האָבן געטאָן מיט די יידן אין פאַרשידענע צייטן אין דער פאַרגאַנגענהייט נבוכדנאצר, טיטוס, האַדריאַן און טאָרקוועמאַדאָ. די לעצטע האָבן לכל־הפּחות נישט געזינדיקט „אַנטקעגן דעם ליכט, מיט וועלכן גאָט האָט זיי באַשאָנקען״. און וועגן די דייטשע נאַציס האָט טוינבי געזאָגט: „דאָס שווערסטע פאַרברעכן, וואָס וועט זיי פאָרגעוואָרפן ווערן אין דעם יום־הדין, קאָן זיין נישט דאָס, וואָס זיי האָבן אומגעבראַכט די מערהייט פון די מערב־יידן, נאָר וואָס זיי האָבן געבראַכט דערצו, אַז די לעבן־געבליבענע יידן זאָלן געשטרויכלט ווערן״. ווי אַזוי און מיט וואָס איז די שארית־הפּליטה פון יידישן פאָלק גע־שטרויכלט געוואָרן? דער ענטפער איז זייער אַ פּשוטער: טוינבי האָט שוין מיט אַ לאַנגער צייט פריִער דעגראַדירט די יידן צו דער קאַטעגאָריע פון אַ שטאָם, וואָס האָט פאַרלאָרן דעם רוח־החיים און איז „פאַרשטיינט״ געוואָרן. אָבער יידן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו זיין אַזוי ווי טוינבי וויל. יידן האָבן באַשלאָסן ווידער אויפצולעבן, ממשיך צו זיין זייער שאַפן און האָבן אָפּגעוואָרפן טוינביס גזר־דין. דאָס איז געווען אַן אומפאַרגעבלעכע זינד. מיר, יידן, האָבן געזאָגט: דאָס וועט מער נישט געשען. מיר האָבן די זעלבע רעכט, וואָס עס האָט יעדעס אַנדערע פאָלק אויף דער ערד, צו זיין די, וואָס מיר זענען און אַז מען זאָל אונדז לאָזן לעבן פריי און אומגעשטערט צווישן אונדזערע אייגענע פיר ווענט.

אָבער לאָמיר צוריקגיין צו אונדזערע איבערלעבענישן אין דער זעקס־טאָגי־קער מלחמה.

אין אינסטיטוט האָבן מיר איינגעפּירט צו זיין אויף דער וואַך פיר און צוואַנ־ציק שעה אין מעת־לעת. יעדער איינער, וועלכער איז נישט געווען אין דער אַרמיי האָט אָדער גערייניקט די שוצקעלערן אָדער געגראָבן טראַנשייען, אָדער אָנגע־לייגט זעק מיט זאַמד. שירלי איז אַרומגעלאָפן זאַמלען געלט, קאָלדרעס און שפּילצייג פאַר קינדער. דער גרעסטער מאָן ביי אונדז דעמאָלט איז אָן צווייפל געווען דער 14־יאָריקער זון פון רינה סעמיועל, יורם דפני. אים איז אָנפאַרטרויט געוואָרן די אויפזיכט איבער די שוצקעלערן און מאַכן יעדן איינעמס לעבן שווער און ביטער דורך צווינגען אַראָפּצוגיין אין די שעלטערס פאַר פּראָבע־אַלאַרמען און איבונגען.

איך האָב געהאַט בדעה אַוועקצופאָרן קיין פּאַריז זונטיק דעם 4טן יוני. איך האָב טעלעגראַפירט צו מיין טאָכטער העלען אין סקאָטלאַנד, אַז זי זאָל אין דער נאַכט וואַרטן אויף מיינעם אַ טעלעפאָנישן געשפּרעך. איך האָב געזען לוי אשכול שבת נאָך מיטאָג. ווען איך האָב אים געפרעגט, וואָס עס טוט זיך, האָט ער מיר געענטפערט: „ציט מיך נישט פאַר דער צונג, אָבער עס קאָן לענגער אַזוי נישט אָנגיין". איך האָב קיינעם נישט דערציילט, מיט וואָס פאַר אַ מחשבות איך גיי אַרום. אָבער יענעם אויפדערנאַכט האָב איך אָפּגערופן מיין רייזע. וואָכן שפּעטער האָט העלען מיר געזאָגט, אַז זי האָט געוואַרט ביז האַלבער נאַכט, איך זאָל טעלעפאָנירן. און ווען דער טעלעפאָן האָט נישט געקלונגען פון רחובות, האָט זי געזאָגט צו איר מאַן: „אָדער דער טאַטע איז קראַנק, אָדער עס ברעכט אויס אַ מלחמה".

דעם 5טן יוני איז עס געשען. דער תּלמוד זאָגט: „הבא להרגך, השכם להרגו".

איך האָב פיינט אַלאַרם־שוצקעלערן און האָב מיט דערפאָלג זיך אַרויסגעדרייט פון אונדזער אויפזעער און פון אַלע זיינע פּראָבעס. אָבער אין דעם פרימאָרגן פון 5טן יוני איז יורם געווען אַזוי שטרענג אין זיינע באַפעלן, אַז מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט „אונטער דער ערד" (אין אַ קליינעם דורכגאַנג, געבויט פון בעטאָן, צווישן דער קיך און גאַראַזש). מיר האָבן מיטגענומען דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט מיט אונדז און האָבן פאַרבראַכט דעם פרימאָרגן, הערנדיק די שרייענדיקע שטים פון די אַראַבישע נייעס־אָנזאָגער, וועלכע האָבן געמאָלדן, אַז תּל־אביב איז חרוב געוואָרן און אַז רחובות ברענט. אויף דעם אינסטיטוט האָט דער שׂונא נאָך אַלעמען, צום מערסטן זיך פאַרמאָסטן. איך האָב געזאָגט שירלין, זי זאָל אַריינגיין אין קיך זען, צי דאָרט ברענט עפּעס. דער ישׂראל־ראַדיאָ האָט באַריכטעט בלויז, אַז אונדזערע כּוחות קעמפן אין סיני. אין דרויסן איז דער הימל געווען קלאָר און בלוי, אַרום און אַרום איז געווען שטיל און רויִק. „איך מיין, אַז די מלחמה איז געענדיקט" — האָב איך זיך אָנגערופן צו שירלין. ס'איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט, אָבער מיין אינסטינקט איז געווען אַ ריכטיקער.

ווי מען האָט געקאָנט דערוואַרטן פריִער, פאַר דער מלחמה און בעתן קריג און באַלד דערנאָך — זענען קיין ישׂראל אָנגעלאָפן זשורנאַליסטן פון אַ גאַנצער וועלט — גרויסע און קליינע. די אינוואַזיע פון די פּרעסע־מענטשן איז געווען כּמעט אַזוי גרויס, ווי די דערוואַרטע אינוואַזיע פון די עגיפּטער, די אינוואַזיע, וואָס איז קיין מאָל נישט דורכגעפירט געוואָרן, נישט געקוקט אויף די טויזנטער עגיפּטישע טאַנקן, וועלכע זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אויף דער ישׂראל־גרענעץ און אויף די הונדערטער עגיפּטישע עראָפּלאַנען, וועלכע זענען געלעגן און האָבן געוואַרט, אַז מען זאָל אַרויספליִען מיט זיי און באָמבאַרדירן און הרגענען; נישט געקוקט אויך אויף דעם, וואָס דער מלך כוסיין האָט געשאָסן אַזוי נאָענט, ווי פון דער אַנדערער זייט ירושלים; שוין נישט דערמאָנענדיק די סירישע האַרמאַטן, וועלכע זענען געווען אָנגעשטעלט פון אויבן, אויף די בערג פון גולן.

די מערסטע באַריכטן פון די אָנגעלאָפענע צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטן זענען געווען גאָר אויסערגעוויינלעך פריינדלעך און סימפּאַטיש צו ישׂראל צוליב אַ גאַנצער ריי פאַרשידענע טעמים: ווייל מיר זענען געווען באַדראָאַט פון אַ באַלדי־

קער און גרויסער געפאַר; ווייל מען האָט געהערט די העצערישע רעדעס פון שוקייריק, נאַצערן און אַנדערע, וואָס האָבן געקאָנט מאַכן פאַרגליווערן דאָס בלוט; ווייל עס האָבן זיך דערטראָגן די היסטערישע מלחמה־רופן פון די אַראַבישע הויפּטשטעט; ווייל אונדזערע לופט־כּוחות האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ ווונדערלעכע פעיִקייט; און נישט רעדנדיק שוין וועגן דעם, אַז עס איז נאָך געלעגן אין זכּרון די אויסמאָרדונג פון זעקס מיליאָן יידן דורך די נאַצי־בעסטיעס.

נאָך דער מלחמה איז געווען אַ צווייטע, קלענערע אינוואַזיע פון די רעדאַק־טאָרן אַליין. זיי זענען געקומען קאָנטראָלירן די „פאַנטאַסטישע" באַריכטן פון זייערע רעפּאָרטערן, פון וועלכע עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן אַ מבול פון ביכער. צווישן די גרויסע און כּמעט גרויסע רעדאַקטאָרן, וועלכע זענען געקומען, זענען געווען די פון וואַכנבלאַט „טיים". און ווי עס האָט אָפט פּאַסירט, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויך אין רחובות. איינער פון זיי, אַטאָ פוירברינדזשער, האָט אויסגעדריקט זיין פאַרווונדערונג פאַר ישׂראל, פאַרן געווינען די מלחמה גלייכ־צייטיק אויף דריי פראָנטן. איך האָב אים געזאָגט, אַז פאַקטיש האָבן מיר גע־ווונען אויף פיר פראָנטן: עגיפּטן, ירדן, סיריע און אין דער צייטשריפט „טיים". ער האָט דאַן געפרעגט: „זענען מיר דען אַ מאָל געווען אין דעם קלאַס פון אייערע שונאים?" — „ניין, נישט אַזוי גענוי" — האָב איך געענטפערט — „אָבער איר זענט זיכער נישט געווען אונדזערע פריינד".

ס'האָט נישט געדויערט לאַנג, און דאָס אַלץ האָט זיך געענדערט. די, וועלכע זענען נאָר־וואָס געווען אַגרעסאָרן, זענען אין די אויגן פון אַ גרויסן טייל פון דער וועלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קרבנות — און להיפּוך. ד ו ד איז שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ער איז געבליבן לעבן, געוואָרן פאַר זיי ג ל י ת. יאָ, מיר זענען „געשטרויכלט" געוואָרן.

באַלד נאָך דער מלחמה האָט זיך געהאַט פאַרשפּרייט אין ישׂראל אַ מין גע־הויבענע שטימונג. מיר האָבן געגלויבט, אַז נאָך דעם ווי מיר האָבן אַזוי גיך גע־ווונען די מלחמה, וועלן מיר אויך באַלד געווינען דעם שלום. איצט, ווען איך שרייב די שורות — דריי יאָר שפּעטער — איז די דאָזיקע געהויבענע שטימונג פאַרביי. און צוזאַמען מיט דעם האָט זיך אויך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט אַ גרויסער טייל פון אונדזער פריִערדיקן אָפּטימיזם. מיר שלאָגן אָפּ אַ דערקלערטן אויסמאַטערונגס־קריג — אַ קריג, וועלכער איז דערקלערט געוואָרן דורך די עגיפּטער און וועלכן קיינער פון די צדדים קאָן נישט געווינען, נאָר ביידע קאָנען פאַרלירן. אין פרילינג 1970 האָב איך געשריבן צו ריטשאַרד קראָסמאַנען:

> די לאַגע דאָ אין לאַנד, און דאָס מיינט אויך אין גאַנצן מיטעלן מזרח, טרייבט מיך אַריין אין אַ צושטאַנד פון פאַרצווייפלונג. מיר זענען נישט געקומען אַהער צו פאַרגיסן בלוט אָדער צו שיסן אָדער צו ווערן דערשאָסן. דער ציוניסטישער אידעאַל איז געווען אין גאַנצן אַן אַנדערער. איך אַליין בין נישט קיין „טויב" און נישט קיין „שפּאַרבער", און זיכער נישט קיין „פאַרצוק־חיה"; איך בין סתּם אַ ייד, וועלכער האָט טאָג־טעגלעך געאַרבעט פאַר די צילן פון ציוניזם, פאַקטיש מיין גאַנץ באַוווסטזיניק לעבן. איך

פרעג זיך איצט אַליין אַלערליי מינים קשיות. ווען וועט קומען אַ סוף צו דעם? וועט אַ מאָל זיין אַ סוף? וועלן מיר ווען עס איז קענען פאַרווענדן אונדזערע מיטלען, אונדזער אינטעליגענץ, אונדזערע פעיִקייטן צו אַרבעטן שווער פאַר ווידער־אויפריכטונג — און ווידער־אויפריכטונג נישט בלויז פון ישׂראל אַליין, נאָר אויך פון דעם גאַנצן ראַיאָן? סוף־כּל־סוף איז דאָס געווען די גרונט־אידייע פון ציוניזם און דער הויפּטמאָטיוו פון ווידער־אויפשטעלן די יידישע מדינה. דאָס איז געווען דער אידעאַל פון ווייצמאַנען און פון אַלע זיינע אָנהענגער און נאָכפאָלגער.

פאַראַן אַ הערלעכע מעשׂה אין מדרש, אַז דער אויבערשטער האָט מיט זיין אומענדלעכער חכמה באַדעקט ארץ־ישׂראל מיט שטיינער און שטיקער חורבות פון אַלערליי מינים, בכדי אַ פרעמדן זאָל זיך נישט פאַרגלוסטן דאָס דאָזיקע לאַנד און נאָר די, וועלכע זענען ענג פאַרבונדן מיטן באַשאַפן ארץ־ישׂראל, וועלן אויפדעקן די אמתע שיינקייט פון לאַנד משנים קדמוניות. מיר האָבן דאָס געטאָן אין משך פון די פאַרגאַנגענע הונדערט יאָר. איצט, אַז די שיינקייט פון ארץ־ישׂראל איז אויפגעדעקט געוואָרן, האָבן אַלע באַ־קומען חשק צום לאַנד, אַריינרעכענענדיק די רוסן, די עגיפּטער אאַז״וו. ארץ־ישׂראל וואָלט פאַרבליבן פּוסט און וויסט און קיין מענטשלעכע האַנט וואָלט זיך צו דעם לאַנד נישט צוגערירט נאָך אַ טויזנט יאָר, אויב נישט נאָך מער, ווען די יידן וואָלטן נישט ווידער אויפגעדעקט זיין שיינקייט. אונדזער נאָפּל־פאַרבינדונג מיט דעם לאַנד איז קיין מאָל נישט איבערגעריסן געוואָרן.

גלויבט מיר, אַז איך שרייב צו אייך מיט אַ געפיל פון גרויס אַנטוישונג. איך בין קיין מאָל נישט געווען אַריינגעמישט אין דער ישׂראלדיקער פּאָ־ליטיק, אָדער אין די ענינים פון דער פאַרטיידיקונג פון לאַנד. אַלץ, וואָס איך ווייס, איז — אַז מיינע אייניקלעך וועלן אין גיכן זיין אין דער אַרמיי. איינער דינט שוין אין דער אַרמיי, איינער גייט דינען אין אויגוסט און אַן אַנדערער וועט גיין אין אַ יאָר אַרום. און איין גאָט ווייסט, וואָס עס וועט געשען מיט זיי. איין גאָט ווייסט אויך, וואָס עס וועט געשען מיט דעם כאַראַקטער פון די יידן, אויב די שפּאַנונג און די געפאַר וועלן אַזוי אָנ־האַלטן. צום גרויסן ווייטיק און באַדויער איז נישטאָ קיינער אין דער וועלט, וואָס זאָל קאָנען אויף איין אָדער אויף אַן אַנדערן אופן ווירקן אויף די צדדים — נישט בלויז אויף די אַראַבער, נאָר אויך אויף די יידן — זיי זאָלן זיך באַזינען אַזוי, אַז זיי זאָלן פּרווון טאָן, וואָס עס קאָן געטאָן ווערן, כּדי צו מאַכן אַ סוף צו דער בלוט־פאַרגיסונג.

מיין טייערער קראָסמאַן, איר זענט שוין לאַנגע יאָרן איינער פון אונ־דזערע געטרייסטע און שטאַרקסטע פריינד. פון אַלע פּאָליטיקער אין ענג־לאַנד זענט איר דער איינציקער, וועלכער פאַרמאָגט גענוג אינטעלעקטועלן דראַנג צו וועלן טאָן עפּעס, עס זאָל ווערן צוריק שלום אין דער דאָזיקער צערודערטער געגנט, וועלכע איז אין דער גרעסטער סכּנה פון אַן אויפרייס.

**איך האָב אים פאַרבעטן צו קומען קיין רחובות, אָבער ער האָט נישט געקאָנט קומען. ער האָט מיר געשריבן:**

מיין טײַער־טייערער מאיר,

איך האָב אַ געוויסע צייט געהאָפט, אַז איך וועל קריגן אַ געלעגנהייט צו פאָרן אויף אַ קורצן אָפּרו אין ישׂראל, איבערהויפּט בכדי צו זען אַלטע פריינד, מיט וועמען איך וואָלט זייער שטאַרק געוואָלט דורכרעדן זיך וועגן דער לאַגע. אָבער עס זעט אויס, אַז די קראַנקהייט פון נייע וואָלן וועט האַלטן דאָס דאָזיקע לאַנד אין פיבערהיץ דעם גאַנצן זומער און דאָס וועט מיך צובינדן צו מיין וואַרשטאַט.

איך בין אויך זייער באַאומרויִקט ביז צום פאַרצווייפלט ווערן און איך מיין, אַז אונדזערע ביידנס געדאַנקען און געפילן וועגן דער צוקונפט אין מיטעלן מזרח זענען נישט ווייט פון צונויפקומען זיך... נישט פאַראַן קיין זאַך, וואָס איך זאָל באַגערן אַזוי פיל, ווי צו זיין אַ וואָך אין רחובות, מיטן באַדינג אַז עס זאָל זיין אַ וואָך, ווען איר וועט דאָרט זיין און איך זאָל קאָנען אַרומגיין און רעדן מיט אייך אין גאָרטן.

**ריטשאַרד קראָסמאַן איז געווען אַ פריינד פון ישׂראל, פון די צייטן פון דער אַנגלאָ־אַמעריקאַנער פאָרשונגס־קאָמיסיע. ער איז געווען אַ פאַרערער און אַ פריינד פון ווייצמאַנען. און דאָך האָט אויך ער אָנגעהויבן צווייפלען אין דער חכמה פון אַ טייל פון ישׂראלס פּאָליטישע שריט.**

**איך בין נישט תּמיד מסכּים מיט דער רעגירונג. אָבער איך בין זיכער, אַז אין דער פאַרפּלייצונג פון דער אַראַבישער פּראָפּאַגאַנדע זינט דער מלחמה, איז פאַרנעפּלט געוואָרן דער אמתער כאַראַקטער פון ציוניזם.**

**איך האָב געלעבט אין ארץ־ישׂראל גייסטיק מיין גאַנץ לעבן, און פיזיש מער פון אַ דור. כּמעט זעכציק יאָר בין איך געווען אַריינגעטאָן אין ציוניסטישע אַקטיוויטעטן פון די פּשוטסטע ענינים ביז צו די העכסטע שטאַפּלען פון אינטעלעקטועלע אָנשטרענגונגען. איך האָב דורכגעמאַכט יעדן ציוניסטישן קריזיס — אַלע פריידן פון שאַפן, ווי אַלע אַנטוישונגען און פאַרביטערונגען וואָס מען האָט אין לעבן. איך בין געווען באַטייליקט אין ציוניזם אין די צייטן פון דעם יוגנטלעכן אידעאַליזם פון דער באַוועגונג; אין די צייטן פון די אוטאָפּיסטישע חלומות, און פון די האָפענונגען און אַנטוישונגען. איך האָב תּמיד רעוואָלטירט קעגן עפּעס. ס'וואָלט געווען איבעריק אַריינצוגייך אין פּרטים. איך האָב קיין מאָל נישט געהערט צו דעם, וואָס מען רופט איצט אָן „עסטאַבלישמענט". איך האָב געזען די שטאַרקייט און די שוואַכקייט פון אַלעמען. אָפט בין איך באַהערשט געוואָרן פון שרעקלעכע ספקות. אָבער אַ סך אָפטער האָב איך געזען אין דעם, וואָס מיר האָבן זיך באַמיט צו שאַפן דאָ אין לאַנד, די העכסטע מדרגה פון מענטשלעכן אידעאַליזם, פון מענטשלעכער קרבנות־גרייטקייט און פון דעם אַלעם, וואָס ווערט באַטראַכט פאַר דעם בעסטן און דערהויבנסטן אין אונדזער זינדיקער און נישט באַזונדערס געראָטענער וועלט.**

און דאָך בין איך היינט אויף אַן אומגליקלעכן אופן צערודערט פון דעם, וואָס עס גייט דאָ אָן. מחוץ און איבער אַלע שטרייטקייטן און פעלערן, ווייס איך וועגן אַ וואַקסנדיקער מיספאַרשטענדעניש, אַפילו וועגן אַן אָפּשרעקנדיקער עם־הארצות און אַ שטאַרקער שׂינאה אין דער ברייטער וועלט אין דער פראַגע פון דער פאַר־בינדונג פון יידן מיט ארץ־ישׂראל, אָדער ישׂראל. דאָס באַציט זיך אויך צו געוויסע יידן; צו דעם זאַטן און זעלבסט־צופרידענעם רעכטן לאַגער און נאָך מער צו די מאָגערע און הונגעריקע נייע לינקע, און צווישן זיי צו אַ טייל — צום גליק נישט קיין גרויסן — פון דעם יונגן דור אין ישׂראל. מען הערט אָפּט — ווי דאָס וואָלט געווען אַ פאַקט, וועלכן מען קאָן גאָרנישט אָפּפרעגן — אַז די גרינדונג פון מדינת ישׂראל איז געווען אַן אומגערעכטיקייט צו די אַראַבער, אַפילו אַן אַקט פון אַגרעסיע.

איך גלויב נישט, אַז „גרינדונג" אין שייכות צו דער יידישער מדינה איז דאָס ריכטיקע וואָרט. „פּראָקלאַמירונג" וואָלט געווען ריכטיקער. ווי אַן אידייע איז די מדינה דאָ געווען נאָך אַ סך, אַ סך יאָרן פריִער, פון צייטן, וועלכע מען קאָן שוין נישט געדענקען. די מדינה האָט בלויז געוואַרט צו קריגן אַ נאָמען. לאָמיך עס זאָגן אין אַזאַ פּשוטער שפּראַך, ווי איך קען נאָר געפינען: יידן האָבן ווי אַ מוז געטראָגן מיט זיך זייער מדינה אומעטום, וווּהין זיי זענען געגאַנגען. עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז די מדינה האָט זיך אָנגעהויבן מיט טעאָדאָר הערצל, אָדער מיט חיים ווייצמאַן, אָדער אַפילו מיט דער חיבת־ציון־באַוועגונג אין רוסלאַנד אין ניינצנטן יאָרהונדערט, אָדער אַפילו מיט ביל"ו. אָנהויבנדיק פון דעם טאָג פון חורבן ירושלים, דורך טיטוסן אין זיבעציקסטן יאָר פון דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג, האָבן יידן מתפלל געווען פאַר דער ווידער־אויפריכטונג פון ירושלים. אַלע אונדזערע תּפילות, אונדזער גאַנצע פּאָעזיע, זענען פול מיט בענקשאַפט נאָך שיבת־ציון. אין אָנהויב איז די בענקשאַפט געווען אַ משיחישע, ווי מען וואָלט פאַרגעסן, אַז אין אונדזער יידישער טראַדיציע איז משיחיזם תּמיד געווען אַ וויט־וויטע האָפענונג. די יידישע געשיכטע איז פול מיט אמתע משיחים, מיט פאַלשע און מיט אויסגעטראַכטע. אין משך פון יאָרהונדערטער האָבן יידן געלעבט אין די הייליקע מקומות — אין צפת, טבריה, ירושלים. פון אומעטום זענען יידן געקומען אַהין — אַ סך פון זיי זענען געגאַנגען צו פוס הונדערטער און הונדערטער מייל — בכדי צו זיין אין הייליקן לאַנד, ווען אַפילו בלויז צו שטאַרבן אויף דער הייליקער ערד. זיי האָבן געלעבט אין גלות אַזוי, ווי ארץ־ישׂראל וואָלט בלויז געוואַרט אויף זיי, אַז זיי זאָלן צוריקקומען. די תּימנער יידן, וועלכע זענען אין די ערשטע טעג פון דער מדינה געבראַכט געוואָרן קיין ישׂראל אויף עראָפּלאַנען, האָבן טאַקע געגלויבט, אַז זיי זענען געקומען „על כּנפי נשרים". ווען דער כּוח פון נסים און פון משיחיזם האָט אָנגעהויבן וויניקער ווירקן אַפילו אויף פרומע יידן; ווען דער נאַציאָנאַליזם האָט באַהערשט גאַנץ אייראָפּע, האָבן אויך יידן אָנגעהויבן איבערצונעמען די ענינים אין זייערע אייגענע הענט. אָבער עס איז נישט געווען בלויז נאַציאָנאַליזם. עס איז געווען אַ געפיל פון פאַרצווייפלט ווערן פון דער וועלט, אַן אַנטוישונג אין אַלע באַוועגונגען און אין אַלע צוזאָגן, וואָס זענען געגעבן געוואָרן די יידן.

די יידן, וועלכע זענען געקומען קיין ארץ־ישׂראל ביים סוף פון ניינצנטן יאָר־הונדערט צו לעבן אין לאַנד און נישט צו שטאַרבן, זענען געקומען אין אַ מידבר. בכדי צו קריגן אַ שילדערונג פון דער „בליִענדיקער" ציוויליזאַציע, וועלכע האָט דעמאָלט עקזיסטירט אין ארץ־ישׂראל, לייענט מאַרק טווענס „אומשולדיקע אין אויסלאַנד". איך גלויב, אַז ער איז אַן אויטאָריטעט אַפילו ביי די נייע לינקע. דאָס לאַנד איז געווען זייער שיטער באַוווינט — איך קאָן אַפילו נישט זאָגן: באַזעצט. ווייל באַזעצן זיך מיינט המשך — דורך אַראַבישע בעדויִנער און פעלאַכן, וועלכע האָבן באַנוצט אַ שטיק ערד און זענען באַלד אַוועק פון דאָרט ווייטער. עס זענען געווען עטלעכע לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים אָדער ערטער, וווּ עס זענען אויפֿגעשטעלט געוואָרן געצעלטן. עס זענען געווען האַלב־שטאָטישע ישובים אין יפו, ירושלים, נצרת און בית לחם. אָבער ביז די יידן זענען געקומען, איז ארץ־ישׂראל געווען אַ לאַנד פון עמיגראַציע פאַר די אַראַבער. דאָס לאַנד האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן אַ וואַקסנדיקע באַפעלקערונג. ערשט די יידישע ישובים האָבן גע־בראַכט וואַסער און פרוכטבאַרע ערד אין דעם ראַיאָן, וואָס איז געווען צוריקגע־שטאַנען און האָט אַפילו געהאַלטן ביים אָפּשטאַרבן. און דעמאָלט האָט אויך אויפֿגעהערט די אַראַבישע עמיגראַציע, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אימיגראַציע. אפשר זענען די אַראַבער אויך צוריקגעקומען אין לאַנד פון זייערע אָבות, אָבער זיי האָבן געקאָנט צוריקקערן זיך בלויז אַ דאַנק דעם, ווייל מיר זענען צוריקגע־קומען. עס איז געווען זייער איראָניש, וואָס ביים שאַפן אונדזער היימלאַנד האָבן מיר אין דער זעלבער צייט אויך אויפגעשטעלט דעם כּוח — דעם אַראַבישן — וואָס האָט עווענטועל זיך פאַרמאָסטן אונדז חרוב צו מאַכן.

דערפאַר טאַקע מיין איך, אַז די גאַנצע „אידייע", אַז מיר זאָלן האָבן באַ־גאַנגען אַן „אומגערעכטיקייט" קעגן די אַראַבער שוין בלויז מיט אונדזער קומען קיין ארץ־ישׂראל, איז אַ בייזוויליקע פאַרקריפּלונג פון דעם אמת. אין דער משנה לערנען מיר: „שנים אוחזין בטלית, זה אומר כּולה שלי וזה אומר כּולה שלי — יחלוקו". דאָס איז עס, וואָס איז געשען אין 1948. דאָס לאַנד איז צעטיילט געוואָרן אין אַ יידישער מדינה און אין אַן אַראַבישער מדינה. יידן האָבן אָנגענומען די צעטיילונג. די ארץ־ישׂראלדיקע אַראַבער האָבן אַפילו נישט געהאַט קיין פרייען אויסוואַל צו אָקצעפּטירן די צעטיילונג. זייערע „גרויסע ברידער" פון די שכנות־דיקע אַראַבישע מלוכות האָבן אונדז דערקלערט אַ מלחמה. און דערנאָך איז דער שטח, וואָס האָט געזאָלט ווערן אַן אַראַבישע מדינה, איינגעשלונגען געוואָרן טייל־ווייז דורך דער עבר־הירדן־מלוכה און טיילוויז דורך עגיפּטן. זיבן אָדער אַכט הונדערט טויזנט — אַנדערע זאָגן, אַז אַ מיליאָן — אַראַבער זענען אַנטלאָפן פון לאַנד, אַ סך אויס מורא, אָבער אַ סך, אַ סך מער, אויספאָלגנדיק דעם רוף פון די אַראַבישע פירער: „פאַרלאָזט איצט אייערע היימען און דערפער. באַלד וועלן מיר צוריקקומען און אַריינוואַרפן די יידן אין ים אַרייך". אַלעמען איז גוט באַ־קאַנט, אַז די פירער פון ישוב האָבן געבעטן די אַראַבער פון חיפה, אַז זיי זאָלן בלייבן. אָבער זיי זענען אַוועק, אין דער דערוואַרטונג פון דעם גרויסן טאָג, ווען זיי וועלן זיך אָפּרעכענען מיט די יידן.

איך בין נישט אַזוי אומעמפּינדלעך פאַר דער לאַגע פון די אַראַבישע פּליטים. אָבער די קראָקאָדיל־טרערן פון זייערע אַראַבישע ברידער, וועלכע האָבן זיי זייט 1948 איבערגעלאָזט אין די שוידערלעכע לאַגערן, אַז זיי זאָלן דאָרט פאַרלירן זייער לעבן — לאָזן מיך איבער קאַלט. די אַנטלאָפענע אַראַבער האָבן זייער לייכט געקאָנט איינגעאָרדנט ווערן אין די שכנותדיקע אַראַבישע מלוכות פּונקט אַזוי, ווי ישׂראל האָט אויפגענומען און איינגעאָרדנט הונדערטער טויזנטער יידן, וועלכע זענען פאַרטריבן געוואָרן פון די אַראַבישע לענדער און זענען געצוווּנגען געוואָרן איבערצולאָזן דאָרט זייערע היימען, זייערע גיטער, זייערע אייגנטומס. דאָס פּראָבלעם פון די אַראַבישע פּליטים איז זיך צעוואָקסן ווי אַן אָפענע ווונד, וואָס איז נישט געהיילט געוואָרן. און באַלד האָט די וועלט גענומען באַשולדיקן אונדז, אַז מיר האָבן נישט קיין רחמנות: „איר, יידן, האַנדלט אויף אַן אומקריסטלעכן אופן". איך וואָלט געוואָלט, אַז עמעצער זאָל מיר דעפינירן, וואָס עס מיינט אַ קריסטלעכער אופן.

עס זענען געווען צענדליקער מיליאָנען פּליטים אין דער וועלט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. ווער טראַכט איצט וועגן דעם? קיינער גיט איצט אַפילו נישט קיין זיפץ וועגן זיי. מיליאָנען מענטשן זענען טראַנספּערירט געוואָרן איבער טייכן און ימים, זענען געטריבן געוואָרן אַהין און אַהער. גרענעצן זענען „אויסגעבעסערט" געוואָרן. גיגאַנטישע טעריטאָריעס זענען אַנעקסירט געוואָרן. די רוסן אַליין האָבן איבערגענומען פרעמדע טעריטאָריעס, אויף וועלכע עס ווינען הונדערט צוואַנציק מיליאָן מענטשן, וואָס האָבן קיין מאָל נישט געהערט צו סאָוויעט־רוסלאַנד. האָבן די סאָוויעטן צוריקגעגעבן אַ שפּאַן ערד? הייבט זיך נישט אָן. זיי זוכן צו פאַרנעמען נאָך מער. אָבער קיינער פאָדערט נישט קיין דערקלערונג וועגן דעם. „ס'ע לאַ גער" — „דאָס איז מלחמה". דאָס איז די שטראָף פאַר דער זינד פון אָנצינדן אַ מלחמה. אָבער אַזוי איז נאָר קריסטן דערלויבט צו האַנדלען. יידן אין מדינת ישׂראל האָבן נישט אָנגעצונדן קיין מלחמה. אַ טויזנט טאַנקען זענען צוגעקומען צו די גרענעצן פון ישׂראל. הונדערטער עראָפּלאַנען פון דעם שונא האָבן געוואַרט אויף דעם סיגנאַל. און וועגן די בלוטדורשטיקע רופן פון נאַצערן, שוקיירין און הונדערטער אַנדערע אין דער אַראַבישער וועלט האָט קיינער נישט געקאָנט האָבן קיין טעות: „מיר וועלן אייך מאָרדן. מיר וועלן אייך אַריינוואַרפן אין ים. איר וועט שוין קיין מאָל נישט אויפשטיין צוריק לעבעדיק נאָך דער דאָזיקער שחיטה. איר וועט ווערן אויסגעהרגעט, און עס וועט קומען אַ סוף צו אייך".

אוניווערסאַלע געזעצן זענען נישט חל אויף יידן. מיר זענען גאָר אַ באַזונדערע קאַטעגאָריע. מיר זענען די „טראַדיציאָנעלע פאַרשאָלטענע" פון דער וועלט. און דער אופן פון באַהאַנדלען אונדז דאַרף צוגעמאָסטן ווערן צו דער דאָזיקער „טראַדיציע". צייטנווייז ווייזט זיך מיר אויס אוממעגלעך נישט צו זען אין דער דאָזיקער בכיוונדיקער איינזייטיקער גלייכגילטיקייט צו די יידישע צרות אַן אָפּקלאַנג פון אַלטע, איינגעוואָרצלטע פאָראורטיילן. איך האָב ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַפילו די גויים, וועלכע האָבן אַן אויפריכטיקן גוטן

ווילן, קאָנען זיך נישט באַפרייען פון דער ירושה פון די יאָרהונדערטער, ווען אַלע האָבן עס באַטראַכט פאַר גאַנץ נאַטירלעך, אַז יידן דאַרפן זיין די „אייביקע וואַנ־דערער". דאָס איז זייער גורל. און זיי דאַרפן אייביק ליידן, און לעבן מיט דעם חסד, אַז זיי ווערן טאָלערירט.

נאָך אַלעמען — קלינגט ווייטער די טענה צו יידן — אַזוי ווי דאָס יידישע פאָלק האָט נישט געוואָלט אָפּזאָגן זיך פון דער רעליגיע פון זייערע אָבות, אַזוי זאָגן זיי ווייטער זיך אָפּ צו ווערן אין גאַנצן אינטעגרירט אין דעם לעבן פון זייערע שכנים. זיי ווילן עקשנותדיק בלייבן אַזוי, ווי זיי זענען. דאָס איז זייער גרויסע זינד, וואָס זיי באַגייען אין זייער באַציִונג סיי צו די קריסטן און סיי צו די מוסול־מענער. צייטנווייז איז פאַר די גויִים געווען אוממעגלעך צו באַקענען זיך צו דעם דאָזיקן אַלטן געפיל אין פּריוואַטע באַציִונגען מיט יידן. האָבן זיי עס „אַנטוויקלט" אין אַן אַ שיעור פאָרמען פון פאַרענטפערונגען, פון ראַציאָנאַליזאַציע, פון אַרגו־מענטירונגען.

אָבער די פונדאַמענטאַלע שטעלונג איז געבליבן די זעלבע — אַ טיף־איינ־געוואָרצלטע, הגם נישט אָפן דעקלאַרירטע איבערצייגונג, אַז יידן זענען געבליבן אַ פאַרשאָלטן פאָלק, פאַרשאָלטן איבער זייער אַנטשלאָסנקייט צו בלייבן אַזוי ווי זיי זענען, און דאָס מיינט צו בלייבן אַנדערש פון אַלע.

ווען איך האָב, למשל, געלייענט, אַז אַ געשלאָסענער שלום מיט ישׂראל טאָר נישט אָפּשפּיגלען די „געוויכט פון דעראָבערונגען", איז אַלץ, וואָס איך האָב גע־קאָנט טאָן, געווען צו האַלטן אונטער קאָנטראָל מיין בלוטדרוק.

„געוויכט פון דעראָבערונגען" —

די דאָזיקע שיינע זיסע פראַזע איז דערפונדן געוואָרן ספּעציעל פאַר אונדז. איך וואָלט געוואָלט וויסן, וויפל דעראָבערישע לענדער האָבן אַ מאָל צוריקגעגעבן עפּעס, סיידן עס איז געווען אַ מקח וממכר. אָבער לאָמיר פאַרגעסן וועגן די דאָזי־קע פּוסטע ווערטער. ווילן מיר טאַקע באמת האָבן „זייערע" טעריטאָריעס? דער ענטפער איז: ניין. אַ מדינה ווערט נישט אָפּגעשאַצט לויט דער גרויס פון איר שטח. אַ מדינה ווערט אָפּגעשאַצט לויט דער קוואַליטעט פון דעם לעבן, וואָס ווערט געפירט און איז אַנטוויקלט אינעווייניק, אין אירע גרענעצן. מיר ווילן שלום. אָבער אַ שלום וואָס זאָל זיין באַזירט אויף גערעכטיקייט און זיכערקייט. אַ צוויי־טער ענין, וואָס ווערט אָפט פאַרגעסן, אָבער וואָס מוז כסדר דערמאָנט ווערן ווידער אַ מאָל און איבער אַ מאָל, איז — דער צוזאָג, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם יידישן פאָלק מיט פינף און פופציק יאָר צוריק, און וואָס איז גוטגעהייסן געוואָרן און באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַלע מלוכות פון דער וועלט — די באַלפור־דעקלאַראַציע. וואָס איז געבליבן פון דעם דאָזיקן צוזאָג? גענוי איין צוועלפטל פון דער טעריטאָריע, וואָס איז אונדז פאַרזיכערט געוואָרן.

נאָך דעם ווי די אַראַבישע פירערשאַפט באַפאַלט און באַדראָט ישׂראל אַלע יאָרן, אָנהויבנדיק מיט דער אַטאַקע אין 1948, באַלד ווי די מדינה איז געבוירן געוואָרן און דערנאָך דורך אויפשטעלן אַ ריזיקן סאָוויעטישן אַרסענאַל אין סיני אין 1956 און אין 1967 — האָט זי איצט די חוצפה צו פאָדערן, אַז ישׂראל זאָל זיך צוריקציִען פון די פאַרנומענע געגנטן נאָך איידער אַפילו זיי וועלן אָנהויבן צו פאַרהאַנדלען וועגן שלום.

אין אַזעלכע מאָמענטן פון פאַרצווייפלונג, וואָס פירט צייטנווייז צו ציניזם, האָב איך אָפט געטראַכט וועגן די מאָטיוון פון די הומאַניטאַרע גויים, וועלכע האָבן באַוויינט דעם אומקום פון די זעקס מיליאָן יידן אין אייראָפּע. ס'איז שווער צו פאַרגעסן אַ מאָדנעם פאַקט פון די באַציִונגען צווישן יידן און קריסטן אין דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט. איך האָב זיך דערמאָנט לעצטנס, אַז אומגע־ציילטע מיליאָנען דאָלאַרן זענען אויסגעגעבן געוואָרן אויף שמדן יידן, אמת, מיט נישט קיין גרויסן דערפאָלג. אַ מאַטעמאַטיקער האָט אַ מאָל אויסגערעכנט, אַז עס קאָסט דער קריסטלעכער וועלט הונדערטער טויזנטער דאָלאַרן אַריינצו־כאַפּן אין איר נעץ איין יידישע נשמה, וועגן וועלכער דאָס קריסטנטום זאָל קאָנען זאָגן, אַז זי איז טאַקע געוואָרן זייערע. די מערסטע פון אַזעלכע משומדים האָבן געזוכט אַ מאַטעריעלן נוצן פון זייער שריט. היינריך היינעס שמדן זיך — אַגב־אורחא באַמערקנדיק — איז געווען קלאַסיש. שטודירנדיק יורי, איז ער געוואָרן אַ קריסט, בכדי צו באַקומען אַ דיפּלאָם צו קענען פּראַקטיצירן אַלס אַדוואָקאַט. שפּעטער אין זיין לעבן האָט ער זיך צוריקגעקערט צו יידישקייט. און ווען מען האָט אים געפרעגט, ווי אַזוי האָט ער דאָס געטאָן אָן באַזונדערע צערעמאָניעס, האָט ער געענטפערט: „איך בין קיין מאָל נישט אַוועקגעגאַנגען פון יידנטום. האָט איר אַ מאָל געזען אַ יידן, וועלכער זאָל גלויבן אין דער געטלעכקייט פון אַ צוויטן יידן?" אין אַ מער ערנסטן מאָמענט האָט ער געשריבן:

Vier tausend Jahre schon und länger
Dulden wir uns, brüderlich.
Du, du duldest, dass ich atme,
Dass du rasest, dulde ich.

יוני 1967 האָט געבראַכט די אַראַבער אַ צעשמעטערנדיקע מפּלה. און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גרויסער נצחון האָט פאַרשאַפט אַ סך פּיין די יידן. מיר זענען אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין אַ פאַסטקע, אין וועלכער עס איז לייכטער צו רעדן וועגן באַפרייונג, ווי צו באַפרייען זיך באמת. די פאַרנומענע געביטן הענגען אונדז ווי אַ שווערער שטיין אויפן האַלדז. צוריקציִען זיך פון זיי אָן דער גאַראַנטיע פאַר שלום, וואָלט געמיינט באַגיין זעלבסטמאָרד. בלייבן און פאַרטיי־דיקן זיי מיינט פאַראורטיילן אונדזערע קינדער און אייניקלעך צו זיין אויפן שלאַכטפעלד. דאָס הייסט פאַרמשפּטן אַ טייל פון זיי צום טויט, אַנדערע — צו ווערן קריפּלען און זיי אַלע — צו אַ כסדרדיקער און אומענדלעכער אומזיכערקייט.

פאַראַן אַזעלכע, ווי מיין פריינד נחום גאָלדמאַן, וואָס קריטיקירן שאַרף די ישׂראלדיקע פירערשאַפט פאַר זייער צו עקשנותדיק און ווייניק בויגזאַם. איך אַליין בין אָפט מאָל געניגט אָפּצופרעגן די חכמה פון אַ טייל דערקלערונגען און האַנד־לונגען פון די ישׂראל־פירער. אָבער איך האָב נישט נחום גאָלדמאַנס זיכערקייט, אַז עס זענען באמת פאַראַן אַנדערע קלאָרע וועגן. האַלט איך פאַרמאַכט דאָס מויל, לכל הפּחות עפנטלעך, אין מיין באַשיידנקייט. איך האָב קיין מאָל, ברוך־השם, נישט געטראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אָננעמען פּאָליטישע באַשלוסן, וואָס דעצידירן וועגן טויט און לעבן פון אַנדערע.

ווען לוי אשכּול איז געשטאָרבן, אין פעברואַר 1969, איז די לאַסט פון פּרע־מיער־מיניסטער אָנפּאַרטרויט געוואָרן צו גאָלדע מאיר. און עס איז באמת געווען אַ שרעקלעכע לאַסט. איך קען גאָלדע מאיר פון די צייטן, ווען זי און איך זענען געווען יונג. איך מיין, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין איין־איינציקער ענין אין ארץ־ישׂראלדיקן אָדער אין ישׂראלדיקן לעבן, אין וועלכן זי זאָל זיך נישט האָבן באַטייליקט. זי איז געווען אַ מיטגליד פון אַ קיבוץ, אַן אַרבעטער־פירערין, אַן אַמבאַסאַדאָר, אַרבעטס־מיניסטער, אויסערן־מיניסטער און איז איצט פּרעמיער־מיניסטער. זי האָט אויפגעהאָדעוועט אַ משפּחה ביי צייטנווייז אומגלויבלעך־שווערע באַדינגונגען. זי האָט תּמיד געהאַט די אַנטשלאָסנקייט, פאַר וועלכער עס האָט — ווי עס האָט אויסגעזען — נישט געקאָנט זיין קיין שום שטערונג. מען האָט געזאָגט וועגן איר, אַז זי איז אַ שווערער, פאַרעקשנטער מענטש. אָבער איך האָב געזען, ווי זי האָט פאַרגאָסן ביטערע טרערן. ווען מען האָט געפאָדערט פון איר, אַז זי זאָל ווערן אויסערן־מיניסטער אויפן אָרט פון משה שרתן, איז זי געוואָרן דערשיטערט און האָט דאָס געטאָן מיט אַ צעבראָכן האַרץ.

גאָלדע איז שוין געהאַט געווען, מער־ווייניקער, צוריקגעצויגן פון פּאָליטישן לעבן — זי האָט געהאַלטן ביי די שבעים — ווען זי איז אויפגעפאָדערט געוואָרן צו ווערן אַקטיוו פון דאָס ניי און איבערנעמען דעם אַמט פון פּרעמיער־מיניסטער. ווען די ידיעה וועגן דעם, אַז זי איז געוויילט געוואָרן אַלס פּרעמיער־מיניסטער, איז דערגאַנגען צו מיר אין קאַראַקאַס, ווענעצועלאַ, האָב איך געשריבן צו איר:

הגם איך געפין זיך זייער ווייט פון דער סצענע, טראַכט איך וועגן אייך כּסדר. און איך גיי אַרום מיט דער מחשבה וועגן דעם, ווי אַזוי דער גזר פון גורל פירט מיט אייך און מיט אייערע אַקטיוויטעטן, אומאָפּהענגיק פון אייערע ווונטשן און פאַרלאַנגען. איך געדענק 1956, מיט וואָס פאַר אַ שווער האַרץ איר זענט געווען געצווונגען איבערצונעמען די לאַסט פון אויסערן־מיניסטער און באַזונדערס ביי די אומשטענדן, וואָס האָבן געפירט צו דעם באַשלוס.

און איצט, דרייצן יאָר שפּעטער, ווען איר האָט פאַרדינט דאָס רעכט, אַז איר זאָלט זיך אַ ביסל אָפּרוען און קאָנען לעבן במנוחה — ווערט איר געצווונגען צו נעמען אויף זיך די שרעקלעכע לאַסט פון פּרעמיער־מיניס־טער. מיין טייערע גאָלדע, איר וועט דאַרפן באַנוצן אייער גאַנצע שטאַר־קייט און חכמה, וואָס איר פאַרמאָגט אין אַזאַ שפע, בכדי אַרויסצופירן אונדזער פאָלק פון דעם אומדערטרעגלעכן, פאַרפּלאָנטערטן און שווערן מצב, אין וועלכן מיר געפינען זיך היינט צו טאָג. איך ווינטש אייך מיטן גאַנצן האַרצן אַ סך הצלחה אין דער שווערער אַרבעט אויף אייער הויכן אַמט, און אַז איר זאָלט בלייבן אויף דעם אַמט, ביז עס וועט קומען דער אמתער שלום על ישׂראל. די מאַכט ליגט איצט אין אייערע הענט. האַנדלט אַזוי, ווי איר אַליין פאַרשטייט, און בלויז אַזוי, ווי עס זאָגט אייך אייער אייגענער שׂכל הישר — און טראַכט וועגן אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער און וועגן זייערע קינדס־קינדער, וועלכע וועלן ירשנען דאָס לאַנד.

# 26. מאיר ווייסגאל... עד כאן

די געשריבענע אַדיסייע פון מיין לעבן וועט האָפנטלעך דערנענטערן זיך צום סוף אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל — מיט מיין צוריקציִען זיך פון דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט, וואָס קומט זיך צוזאַמען מיט מיין פינף־און־זיבעציקסטן געבוירנטאָג. הגם עס זעט אויס ווי עס וואָלט געמוזט זיין אַזאַ צוזאַמענהאַנג, איז ער דאָך אַ פּאַסנדיקער און אַ ריכטיקער. מיין פאַרבינדונג מיטן ווייצמאַן־אינסטיטוט איז געווען דער העכסטער שטאַפּל פון מיין קאַריערע. און עס איז נישט מעגלעך, אַז עס זאָל נאָך זיין דערנאָך אַ המשך.

מיין באַשלוס צו רעזיגנירן פון מיין אַמט אין ווייצמאַן־אינסטיטוט (דאָס מאָל ענדגילטיק, נישט ווי מיינע פיל פריִערדיקע באַשלוסן) האָב איך אָנגענומען דעם 10טן יוני 1967, אין דעם לעצטן טאָג פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה. איך האָב מיטגעטיילט וועגן דעם אויף דער זיצונג פון דירעקטאָרן־ראָט דעם 5טן דעצעמבער 1968, און איך האָב זיי געגעבן אַ יאָר צייט צו געפינען אַ נאָכפאָלגער. מיין רע־זיגנאַציע איז אַריין אין קראַפט דעם 31סטן דעצעמבער 1969.

דאָס דאָזיקע לעצטע קאַפּיטל ווערט געשריבן איצט, זיבן חדשים שפּעטער, אין יולי 1970, אין קליינעם שווייצאַרישן שטעטל סעלערינאַ, ביי סאַנט־מאָריץ. איך פאַרברענג דאָ מיין וואַקאַציע מיט שירלין אין דער היים פון קאַרל קאַהאַנע (פון ווין, זשענעווע, ירושלים און אַנדערע פּלעצער אין מזרח און אין מערב, אָבער דער שאַרם פון ווין הערשט נאָך דאָ אַלץ). פאַקטיש האָב איך געגעבן אַ צוזאָג, אַז איך וועל פאַרענדיקן דאָס בוך. ס׳איז שוין געוואָרן אַ לאַסט. און אַזוי ווי די גאַל־געוואָרענע בלעטער פון 1953, וועלכע צעפאַלן זיך ערגעץ־ווו אין מיין אַרכיוו, אַזוי דיקטיר איך די דאָזיקע שורות צו מיין ווייב, וואָס ליידט פון מיר אַזוי לאַנג. ס׳איז אַפילו פּאַסנדיק צו ענדיקן אויף דעם זעלבן אופן, ווי איך האָב אָנגעהויבן מיט זיבעצן יאָר צוריק, און אין אַן אַנדער קליין שטעטל, לאַ קרואַ.

ווי איך האָב אויבן דערמאָנט, איז דעם 10טן יוני 1967 געווען דער לעצטער טאָג פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה. ס׳איז אויך געווען דער פיר־און־פערציק־סטער יאָרטאָג פון מיין חתונה. וועגן דער „מתנה״, וואָס איך האָב געגעבן מיין פרוי — אַ סך טייערער און ווערטפולער ווי דימענטן — האָט מען אַפילו נישט געקאָנט טראַכטן אַ וואָך פריִער. דאָס איז געווען אַ באַזוך ביים כותל המערבי,

אין דער באַפרייטער אַלט־ירושלים. די עיר־הקודש און עיר־הנצח איז צוריק פאַר־אייניקט געוואָרן ערשט מיט צוויי טעג פריִער.

מען האָט נאָך נישט געקאָנט צוקומען צום כּותל המערבי. ישׂראלס מיליטע־רישע מאַכט האָט נישט דערלויבט, ווייל די גאַנצע געגנט איז געווען באַדעקט מיט מינעס. פון די דעכער האָט מען נאָך געשאָסן. פאָרמעל איז די מלחמה נאָך אָנגעגאַנגען. נישט געקוקט אויף די שווערע באַדינגונגען, האָבן מיר געקאָנט צופאָרן צום כּותל המערבי אַ דאַנק דעם קאָמאַנדיר פון ירושלים, גענעראַל עוזי נרקיס. עטלעכע וואָכן פריִער איז נרקיס געקומען צו מיר מיט אַ פאַרלאַנג פון פנחס ספּיר, דעם פינאַנס־מיניסטער, איך זאָל געבן אַ ביישטייערונג פון פינף און צוואַנציק טויזנט פונט פאַר אויפשטעלן אַ מאָנומענט פאַר דער נגב־בריגאַדע און אירע העלדישקייטן אין דער באַפרייונגס־מלחמה אין 1948. איך האָב אים גע־פרעגט ווי‌פל עס גיט פנחס ספּיר. ער האָט מיר געענטפערט, אַז פופציק טויזנט פונט. „אויב ער גיט אייך פופציק טויזנט פונט, דאַרף איך אייך געבן פינף פונט" — האָב איך געזאָגט. אָבער איך האָב געשיקט אַ טשעק אויף צען טויזנט פונט. נרקיס האָט מיר געדאַנקט פאַר דער „ערשטער ראַטע". איך האָב אים געענט־פערט, אַז דאָס איז די ערשטע, די צווייטע, די דריטע און די לעצטע. אָבער אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה האָב איך מיר געגעבן אַ שטילן נדר, אַז אויב די אַלטשטאָט וועט צוריק ווערן אונדזערע, וועל איך געבן נרקיסן די אַנדערע פופצן טויזנט פונט. (נרקיס האָט נישט געוווּסט וועגן מיין נדר, ביז איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק עטלעכע וואָכן שפּעטער).

ס'איז געווען אַן עולה רגל־זיין, וואָס איך וועל געדענקען מיין גאַנצן לעבן. זעלנער זענען דאָרט געשטאַנען מיט זייערע וואָפן אויף די אַקסלען, אָנשטאָט טליתים. אַלטע חסידים האָבן געטאַנצט מיט אַן אומבאַשרייבלעכער התלהבות. זיי האָבן, ווייזט אויס, נישט געדאַרפט האָבן קיין דערלויבעניש פון קיינעם. דער מאָלער ראובן רובין און זיין פרוי אסתּר זענען געווען צוזאַמען מיט אונדז, און מיר האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין דעם טאַנץ, מיט אונדזערע אַלטע ביינער. פון דער דאָזיקער איבערלעבונג איז אַנטשטאַנען רובינס בילד „די שכינה קערט זיך צוריק קיין ירושלים". צוזאַמען מיט אונדז זענען אויך געווען דזשוליען און רוחמה מעלצער און דאַלפי און לאָלאַ בער־עבנער — טייערע פריינד אונדזערע, וועלכע זענען געהאַט געקומען קיין רחובות צו פייערן אונדזער חתונה־יובילייִ און זענען מיטגעפאָרן מיט אונדז, מיט באַגייסטערונג, ווען מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר טראָגן אַריבער די שׂימחה אין דער באַפרייטער אַלטשטאָט.

ווען מיר זענען געשטאַנען ביים כּותל המערבי, האָב איך געזאָגט שירלין: „איך האָב נאָך אַ מתּנה פאַר דיר. איך בין ביים סוף פון מיינע לײדן. איבער אַ יאָר ווער איך אַ פיר־און־זיבעציקער, און אין מיין געבורטסטאָג וועל איך זיי מעלדן וועגן מיין באַשלוס. איך וועל זיי דאַן געבן אַ יאָר צייט פאַר געפינען אַ נאָכפאָלגער". אַ נדר, וואָס ווערט געגעבן ביים כּותל המערבי, מוז מען מקיים זיין. און איך האָב אים מקיים געווען.

אין משך פון די אַנדערהאַלבן יאָר האָב איך געפּלאַנט מיין רעזיגנאַציע, אָדער מיין צוריקציִען זיך (אָדער ווי עס זאָל נישט הייסן דאָס, וואָס איך האָב געטאָן). און איך האָב זייער אַ סך געטראַכט וועגן דעם צוזאָג, וואָס איך האָב געגעבן ווייצמאַנען צו פאַרעפנטלעכן זיינע בריוו און דאָקומענטן. איך האָב געפילט, אַז איך האָב מקיים געווען מיין ערשטן צוזאָג צו בויען דעם אינסטיטוט, אַזוי ווי ער האָט געוואָלט, אין זיין גייסטיק בילד. דאָס מיינט נישט, אַז אַזאַ אינסטיטוציע קאָן ווען עס איז זיין פאַרענדיקט. אָבער וואָס שייך מיר, איז דער אינסטיטוט געווען אויפגעבויט. איך האָב נישט געהאַט מער וואָס בייצושטייערן. איצט האָט דער אינסטיטוט געדאַרפט איבערגענומען ווערן דורך יינגערע און קרעפטיקע הענט. דעם צווייטן צוזאָג, וואָס איך האָב געגעבן ווייצמאַנען, האָב איך ערשט געדאַרפט דערפילן.

נאָך כּמעט פופצן יאָר איז דערשינען בלויז דער ערשטער באַנד פון די בריוו און דאָקומענטן, אַרויסגעגעבן אין 1968 דורכן פאַרלאַג פון אָקספאָרד־אוניווער־סיטעט. דאָס איז געווען אַן אויסגעצייכנטע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבע, אַ ביישפּיל פאַר דעם ניוואָ פון די ווייטערדיקע בענד. די העברעיִשע אויסגאַבע פון ערשטן באַנד איז שוין אויך געווען גרייט צום פאַרעפנטלעכן אין פאַרלאַג פון מוסד ביאַליק. אָבער עס זענען געווען פּראָיעקטירט אַן ערך אַכצן־צוואַנציק בענד. און איך בין געווען אומגעדולדיק. און לאָמיך זיך מודה זיין: איך בין אויך געווען באַאומרויִקט וועגן דעם, צי איך וועל דערלעבן צו קאָנען פאַרענדיקן די אַרבעט, וואָס איך האָב גענומען אויף מיר.

ווען איך האָב געדאַרפט „אַנכאַפּן פאַר די הערנער" די אויפגאַבע צו פאַר־עפנטלעכן ווייצמאַנס אַלע בריוו און דאָקומענטן, איז מיין אומוויסנהייט ווי אַזוי צו האַנדלען אין דעם ענין (נישט געקוקט אויף מיין זשורנאַליסטישער און רעדאַק־טאָרישער דערפאַרונג) געווען גלייך נאָר צו מיין אינסטינקטיוון דראַנג אַרומצו־רינגלען זיך מיט פאַכמענער אויף דעם געביט. מיינע דירעקטיוון, אָדער מיין פול־מאַכט איז געקומען פון ווייצמאַנס בריוו צו מיר אין 1949:

...„איך קען נישט טראַכטן וועגן עמעצן אַנדערש, סיידן וועגן אייך אַליין, ווען איך זאָל אָנפאַרטרויען די דאָזיקע אַרבעט, מיט דעם געפיל, אַז זי וועט געטאָן ווערן פאַראַנטוואָרטלעך און געטריי. וועט איר איבערנעמען די דאָזיקע אַרבעט? אויב יאָ, זאָל זיך אייער פולמאַכט אַנצוהייבן צונויפצוזאַמלען די מאַטע־ריאַלן און זיך ווענדן צו אַלע פּערזאָנען און אָרגאַניזאַציעס, וועלכע קאָנען האָבן ביי זיך אַזעלכע בריוו און דאָקומענטן".

(איך האָב נאָך אַלץ צווישן מיינע סוווענירן אַ פּאָר טוץ פון ווייצמאַנס אָפי־ציעלע בריוובויגנס, פון זיין אַמט אַלס פּרעזידענט פון ישראל, מיט זיין בלאַנק־אונטערשריפט, אַ טייל אין העברעיִש און אַ טייל אין ענגליש).

אין 1950 האָבן מיר אָנגעהויבן בויען דעם ווייצמאַן־אַרכיוו. אין 1940 האָט ווייצמאַן אַליין אונטערגענומען די ערשטע שריט צונויפצוזאַמלען די אַקטן און דאָקומענטן פון זיין אַרבעט אין משך פון פערציק יאָר. נאָך 1950 איז די אַרבעט צונויפצושטעלן דעם אַרכיוו אָנגעגאַנגען ווייטער און פאַרענדיקט געוואָרן אין יאָר 1958. אַ דאַנק דער גרויסמוטיקייט פון אברהם וויקס און זיין פרוי, פון לאָנדאָן,

איז דער אַרכיוו אַריבערגעפֿירט געוואָרן אין אַ פּערמאַנענטער היים, אַלס אַ טייל פֿון דער צענטראַלער ביבליאָטעק אין ווייצמאַן־אינסטיטוט. עס זענען געווען צו־נויפֿגעזאַמלט אַרום דריי און צוואַנציק טויזנט בריוו, אין צוגאָב צו די טאָגביכער, פֿאָטאָגראַפֿיעס, צייטונגס־אויסשניטן, ביאָגראַפֿישע מאַטעריאַלן, וויסנשאַפֿטלעכע לעקציעס, שריפֿטן און פּאַטענטן — אין העברעיִש, יידיש, רוסיש, דייטש, ענגליש און פֿראַנצייזיש. ווייצמאַן האָט נישט נאָר געקענט אויסדריקן זיך פֿריי אין די דאָזיקע שפּראַכן נאָר האָט אויך אַ סך געלייענט אין די לשונות. זיין באַהאַוונטקייט אין אַזוי פֿיל פֿאַרשיידענע ליטעראַטורן, צו וועלכער עס איז נאָך צוגעקומען זיין מער ווי אַן אויבערפֿלאַכלעכער אינטערעס פֿאַר קונסט, באַזונדערס פֿאַר מוזיק — האָט שטאַרק קאָמפּליצירט די אויפֿגאַבע פֿון פֿאַרעפֿנטלעכן אויטענטיש אַלע מאַטעריאַלן.

אין 1957, נאָך דעם ווי די ערשטע פֿאָרשונגען און זאַמלונגען פֿון די מאַטע־ריאַלן זענען געווען מער־ווייניקער פֿאַרענדיקט, האָב איך זיך באַראַטן מיט פּראָ־מינענטע וויסנשאַפֿטלער און ווייצמאַנס פֿריינד, בפֿרט מיט ישעיה בערלין, לעאָנאַרד שטיין, לואיס ב. נאַמיר און טשאַרלז וועבסטער (די לעצטע צוויי זענען שפּעטער געשטאָרבן), וועלכע זענען געוואָרן מיטגלידער פֿון דעם „אויספֿיר־קאָמיטעט" פֿאַר דער אויפֿגאַבע. זיי זענען געווען ריזן אויף זייערע געביטן.

סער טשאַרלז וועבסטער איז געווען אַ היסטאָריקער און פּראָפֿעסאָר פֿון גע־שיכטע פֿון אינטערנאַציאָנאַלע באַציִונגען. ער איז אויך געווען אַ יוריסט און אַ שריפֿטשטעלער און אַ פֿאַרערער פֿון ווייצמאַנען זינט די צייטן פֿון דער שלום־קאָנפֿערענץ אין פּאַריז אין 1919, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט אַמאָל געהאַלטן די יערלעכע לעקציע אין דער לאָנדאָנער הויכשול פֿאַר עקאָנאָ־מישער וויסנשאַפֿט וועגן דער „קונסט פֿון דיפּלאָמאַטיע" און ער האָט גענומען ווייצמאַנען פֿאַר זיין ערשטן ביישפּיל.

לעאָנאַרד שטיין איז געווען אַ וויסנשאַפֿטלער מיט אַן אומגעהויערער פּינקט־לעכקייט און זייער רייכער ערודיציע. ער איז געווען זייער נאָענט מיט ווייצמאַנען, זיין פּאָליטישער סעקרעטאַר און פּערזענלעכער געהילף אין משך פֿון אַ סך יאָרן. ער האָט אָנגעשריבן אַ מאָנומענטאַל ווערק וועגן דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע.

לואיס ב. נאַמיר, איינער פֿון ענגלאַנדס גרעסטע היסטאָריקער און אַן איינ־פֿלוסרייכע פּערזענלעכקייט אין דער מאָדערנער היסטאָריאָגראַפֿיע, איז לויט מיין מיינונג געווען דער אויסטערלישסטער מענטש, וואָס מען קאָן אַ מאָל באַגעגענען. ער איז געווען אַ מזרח־אייראָפּעיִשער ייד, וועלכער האָט קיין מאָל נישט פֿאַרלאָרן זיין אויסלענדישן אַקצענט, כאָטש ער האָט פֿאַרמאָגט אין שרייבן אַן ענגלישן סטיל, וואָס איז געווען כּמעט אומפֿאַרגלייכלעך אין דער קלאָרקייט און אין תּמצית. איך מיין, אַז ער האָט קיין מאָל נישט שלום געמאַכט מיט דעם פֿאַקט, אַז ער איז אַ ייד. פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס זאָגן, אַז ער איז אַפֿילו געווען אַן אַנטיסעמיט. ווייצ־מאַן האָט אים נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ער האָט זיך געשמדט, בכדי חתונה האָבן מיט אַ נישט־יידישער פֿרוי. איך ווייס, אַז ער האָט געקאָנט זיין אַראָגאַנט. און צווישן די, וועלכע איך האָב געקענט אין מיין לעבן, איז ער געווען דער,

וועלכער האָט פֿאַרמאָגט צום ווינציקסטן הומאָר. ער איז געווען אַ נאָענטער מיט־אַרבעטער פֿון ווייצמאַנען אין משך פֿון אַ סך יאָרן. אָבער זיי זענען שפּעטער געוואָרן שטאַרק אָפּגעפֿרעמדט איינער פֿון צווייטן. נישט געקוקט דערויף איז ער צוגעשטאַנען צו אונדזער קאָמיטעט אַרויסצוגעבן ווייצמאַנס בריוו און דאָקומענטן. בעת אונדזערע באַראַטונגען אין לאָנדאָן האָט ער מיך געבעטן, אַז ער וויל מיך זען פּריוואַט. ווען ער איז אַריינגעקומען אין מיין צימער, האָט ער מיר געזאָגט: „איך וויל זיך אַנטשולדיקן פֿאַר אייך". „וואָס איז די אַנטשולדיקונג?" — האָב איך געפֿרעגט, מאַכנדיק אַ מינע פֿון אַ שאינו יודע לשאול. „איך האָב אייך אַמאָל אָנגערופֿן ווייצמאַנס הויף־פּאַיאַץ" — האָט ער ווייטער געזאָגט. „איך בין נישט געווען באַליידיקט" — האָב איך אים געענטפֿערט — „אַפֿילו אַ הויף־פּאַיאַץ קאָן ברענגען נוצן". „ניין" — איז ער באַשטאַנען — „איך האָב דאָס געמיינט אויף אַ באַליידיקנדיקן אופֿן. איך האָב זינט דעמאָלט אויסגעפֿונען, אַז איר זענט אַן ערנ־סטער מענטש". איך האָב אָפּגעשאַצט זיינע גוטע כּוונות, פֿילנדיק אָבער אין דער זעלבער צייט עפּעס אַ שייכות מיט יענע באַלשעוויקעס פֿון דער אַלטער גוואַרדיע, וועלכע זענען גרויסמוטיק רעהאַביליטירט געוואָרן נאָך דרייסיק יאָר אין סיביר, אָדער אויפֿן בית־עולם.

ישעיה בערלין, וועמען איך האָב געקענט העכער צוואַנציק יאָר, געהערט צו אַ קאַטעגאָריע, וואָס איז רעפּרעזענטירט נאָר דורך אים אַליין. ווען איך האָב אים באַגעגנט אין וואַשינגטאָן בעת דער מלחמה, האָב איך זיך פֿאַרליבט אין אים פֿון ערשטן בליק. זיין הויכע פּאָזיציע איז אַזוי אוניווערסאַל באַקאַנט, אַז איך קאָן גאָרנישט צוגעבן. אָבער נישט דאָס האָט מיך געפֿאַנגען. אַ סך מער בין איך באַ־איינפֿלוסט געוואָרן פֿון זיין חכמה, זיין חן, זיין הומאָר, זיין וואַרעמקייט. איך האָב אָפֿט באַזוכט אים און זיין ליבע פֿרוי, אַלין, אין אָקספֿאָרד. איין מאָל האָט ער מיך געפֿרעגט צי איך קאָן מיטנעמען זיין מאַמען, ווען איך וועל קומען פֿון לאָנדאָן אים באַזוכן. אויפֿן גאַנצן וועג פֿון לאָנדאָן קיין אָקספֿאָרד האָבן מיר גערעדט יידיש, אַ ביסל געמישט מיט ענגליש. זי האָט געשיינט מיט אַזוי פֿיל חכמה, אַז איך האָב זיך געוווּנטשן, אַז דער וועג פֿון לאָנדאָן קיין אָקספֿאָרד זאָל זיך פֿאַרציִען וואָס לענגער. זי האָט גערעדט אַ ווייצמאַנישן יידיש, אָדער נאָך בעסער, אַ יידיש פֿון שמריהו לעווין — רייך, מוזיקאַליש און אָנגעלאָדן מיט אַ שפֿע פֿון שאַרפֿזין. ווען מיר זענען אָנגעקומען, איז ישעיה געשטאַנען אויף די טרעפּ צו באַגריסן זיין מאַמע. איך האָב אים געזאָגט: „ישעיה, איצט ווייס איך פֿון וואַנען עס קומט אייער כּוח און אייער חכמה".

דער אויספֿיר־קאָמיטעט האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען אין דעם רעפֿאָרם־קלוב אין לאָנדאָן, איינעם פֿון די שטילסטע, ערנסטסטע און רעספּעקטירסטע מאָנומענטן פֿון ענגלאַנדס וויקטאָריאַנער עפּאָכע. ישעיה בערלין, וועלכער איז געווען דער ייִנגסטער, האָט באַוויזן אַריינצוברענגען פֿון צייט צו צייט אַ ביסל הומאָר. אָבער די אַנדערע, די זקנים און די איבערגעלאָדענע מיט ערודיציע, האָבן זיך געהאַלטן אַזוי טויט ערנסט אין טאָן און אין זייער דענקען, אַז דאָס איז שוין געווען צו שטייף פֿאַר מיין געשמאַק — ווי עס איז געווען די דעקאָראַציע,

פּאַקטיש פון אַ מין מושב־זקנים. אָבער דאָס אַלץ האָט זיך צוגעפּאַסט צו אונדזער אונטערנעמונג.

גלייכצייטיק האָבן מיר געשאַפן אַ גרעסערן רעדאַקציע־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך שפּעטער פאַראייניקט מיט דעם פאַרוואַלטונגס־ראַט און איז באַשטאַנען פון פּרופ׳ ווייראָ ווייצמאַן, ישעיה בערלין, אבא אבן, נחום גאָלדמאַן, אריה פּינקוס, לעאָן דולטשין, ישׂראל זיוו, יגאל אלון, באָריס גוריאל (וועלכער איז אַ צייט געווען דער אַרכיוויסט), בערל לאָקער, דזשוליען מעלצער, לואיס ב. נאַמיר, מאָריס סעמיועל, זלמן שזר, לעאָנאַרד שטיין און יגאל ידין. שפּעטער זענען יעקב כּץ, יהושע פּראַווער, יעקב טלמון און נתן ראָטענשטרייך — אַלע פון העברעיִשן אוני־ווערסיטעט — באַשטימט געוואָרן אַלס אַ ספּעציעלער רעדאַקציע־קאָמיטעט צו האָבן די אויפזיכט איבער דער אַרבעט פון די פאָרשער, פון וועלכע גדליה יוגב שטייט אין דער שפּיץ. איך בין געוואָרן דער פאָרזיצער פון רעדאַקציע־ראַט און הויפּט־רעדאַקטאָר. דערנאָך, ווען די אַרבעט איז צוגעאײַלט געוואָרן (איך האָב שטאַרק געוואָלט, אַז דאָס גאַנצע ווערק זאָל זיין גרייט צו ווייצמאַנס הונדערטסטן געבורטסטאָג, אין 1974), האָב איך באַשטימט יואל קאַרמייקעל אַלס געהילף־הויפּט־רעדאַקטאָר און דזשוליען מעלצער, אַלס פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר.

דער ערשטער באַנד האָט זיך באַצויגן צו די יאָרן פון 1885 ביז 1902. סיי פריִער און סיי שפּעטער, נאָך דעם דערשיינען פון דעם באַנד, זענען געפירט געוואָרן אָן אַ שיעור דיסקוסיעס וועגן דעם, צי מען דאַרף פאַרעפנטלעכן אַלע בריוו, אָדער מאַכן אָן אָפּקלייב. עס איז געווען זייער אינטערעסאַנט צו הערן די מאָטיוון פון די, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר מאַכן אָן אָפּקלייב. בעצם האָבן זיי אַלע געוואָלט באַשיצן ווייצמאַנען פון אים אַליין אַלס אַ היסטאָרישע פיגור. מען האָט זיך פאַררופן אויף לאָרד אַקטאָנס וואָרט: „ס׳איז קיין מאָל נישט געווען קיין היסטאָרישע פיגור, וועמענס רעפּוטאַציע זאָל קאָנען אויסשטיין דעם נסיון פון זיין פערזענלעכער קאָרעספּאָנדענץ״. די פּראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער און פילאָסאָפן, מיט וועלכע איך האָב מסכּים געווען, האָבן געוואָלט פאָרשטעלן ווייצמאַנען אַזוי ווי ער איז געווען אַרום־און־אַרום, איבערלאָזנדיק פאַר דער געשיכטע צו משפּטן, צי ער האָט געדאַרפט, אָדער ער האָט נישט געדאַרפט, אַז מען זאָל אים באַשיצן. וועבסטער, נאַמיר און ישעיה בערלין, שפּעטער אויך טלמון, האָבן אָנגענומען די שטעלונג, אַז די רעדאַקטאָרן האָבן נישט קיין שום מאָראַלישע רעכט אָפּצוקלייבן וואָס צו פאַרעפנטלעכן און וואָס נישט. דאָס איז אויך געווען אונדזער צוגאַנג פון אָנהייב אָן.

אַ סך וואָלט געקאָנט ציטירט ווערן פון דער דאָזיקער באַלערנדיקער דיסקוסיע צווישן די אָנהענגער און קעגנער פון פאַרעפנטלעכן אַלע בריוו און דאָקומענטן, באַזונדערס צווישן ישעיה בערלין און יעקב טלמון, די אָנהענגער, און נחום גאָלדמאַן, פּרעזידענט פון דער יידישער אַגענטור, און אריה פּינקוס, פאָרזיצער, די קעגנער. אָבער פונקט אַזוי ווי איך מוז גובר זיין מיין יצר־הרע צו ציטירן אַ סך פון דער דיסקוסיע, אַזוי קאָן איך זיך נישט איינהאַלטן פון ברענגען די טרעפלעכע און כאַראַקטעריסטישע באַמערקונגען, וואָס עס האָט געמאַכט זלמן שזר,

**וועלכער איז סיי אַ היסטאָריקער און סיי אַ פּאָליטישע פיגור. ער האָט זיך נישט באַטייליקט אין דער דיסקוסיע און האָט גערעדט עקספּראָמט, ווען איך האָב אים געבעטן צו שליסן די באַראַטונג:**

אַ מענטש, וועלכער שטייט אין עפנטלעכן לעבן, רעדט דירעקט צום עולם, סיי ווען ער שרייבט אַן אַרטיקל און סיי ווען ער האַלט אַ דרשה. אָבער ווען עמעצער אַנדערש פאַרעפנטלעכט זיינע פּריוואַטע בריוו, מיינט דאָס זיכער אַן אומדערלאָזבאַרע פאַרגוואַלדיקונג פון זיין פּריוואַטקייט. דאָך ווען אַזאַ מענטש איז געוואָרן אַ היסטאָרישע פּערזענלעכקייט, דאַרפן זיינע פּריוואַטע סעקרעטן נישט געהאַלטן ווערן מער בסוד. ישעיה הנביא זאָגט: „והיו עיניך רואות את מוריך". צו זען ריכטיק אַ לערער מיינט קענען אים און פאַרשטיין אים אין גאַנצן אַן באַוואָרעניש.

עטלעכע פון די באַטייליקטע אין דער היינטיקער דיסקוסיע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אָננעמען דעם פּרינציפּ פון דעם, וואָס זיי רופן „סעלעקטיוויקייט", אָפּקלייב. מיר ווייזט זיך אויס, אַז ווען אַ מענטש ווערט אַ פיגור פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, דאַרף מען אים שטודירן פולשטענדיק, אין יעדן אַספּעקט פון זיין לעבן, אַרבעט און עקזיסטענץ. דער רעדאַקטאָר מוז געבן דאָס גאַנצע בילד. ער דאַרף זיין דער, וועלכער פאַרבינדט, און נישט דער, וועלכער שטעלט זיך אַוועק ווי אַ מחיצה צווישן דער געשילדערטער פּערזענלעכקייט און דעם לייענער.

וואָס ישעיה בערלין האָט דאָ געזאָגט וועגן קאַרל מאַרקסן, ווייזט זיך מיר אויס צו זיין אַ באַדייטונגספולע בײַשטייערונג פאַר דער אויפקלערונג פון אונדזער פּראָבלעם. נאָר דורך קענען מאַרקסן פולשטענדיק און אַלזייטיק, און וויסנדיק אַפילו וועגן אַ באַהאַלטענעם פּריוואַטן קאַפּיטל פון זיין לעבן זענען די היסטאָריקער געווען מסוגל צו פאַרשטיין מער בשלימות סיי קאַרל מאַרקסעס אַנטוויקלונג און סיי די געשיכטע פון סאָציאַליזם. צו דעם אַרגומענט קען מען מאַכן אַן אָפּקלייב אין דער פאַרעפנטלעכונג פון ווייצמאַנס בריוו דערלויבט מיר צוצוגעבן נאָר אַ פּאַראַלעל, וואָס איך באַטראַכט, אַז ער האָט אַ נאָענטן און באַלערנדיקן שייכות מיט אונדזער ענין.

דאָס איז דער פאַל מיט פערדינאַנד לאַסאַלס בריוו. ווי אַ קינסטלער, אַ פּאָליטיקער און אַ סאָציאַליסט, האָט לאַסאַל געמאַכט אין זיינע יונגע יאָרן דערקלערונגען, וואָס ער האָט שפּעטער באַדויערט, ווי ווייצמאַן איז ער געווען טעמפּעראַמענטפול, אימפּולסיוו, ברוגזנדיק, עגאָצענטריש. אין זיין טאָגבוך האָט ער איין מאָל אַריינגעשריבן: „איך האָבע הויטע נאָך ניכט געגלענצט" — וואָס דערמאָנט אויף אַ געוויסן אופן אין ווייצמאַנס זאָרגפולע צוגרייטונגען, איידער ער האָט געדאַרפט האַלטן אַ רעדע אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס. עס זענען געווען עדואַרד בערנשטיין און דערנאָך גוסטאַוו מעיער, פירער פון דייטשן סאָציאַליזם, וועלכע האָבן פאַרעפנטלעכט אַ פולע זאַמלונג פון לאַסאַלס בריוו. און זיי ביידע זענען געווען הויך פאַראַנטוואָרטלעכע און זייער מאָראַלישע פּערזענלעכקייטן. נאָך מער, זיי האָבן ליב געהאַט און פאַרערט לאַסאַלן. דאָך האָבן זיי פאַרעפנטלעכט אַלע זיינע בריוו אין זייער

פולן אינהאַלט, אַריינרעכענענדיק די בריוו, וואָס האָבן אַ שייכות מיט לאַסאַלס ליבע־ראָמאַן מיט דער גרעפין האַרצפעלד. זיי האָבן אויפגעהויבן דעם פּאַרהאַנג און האָבן אַנטפּלעקט לאַסאַלס אַלע שוואַכקייטן, חסרונות, וואַקלעניש — דעם גאַנצן מענטש אין שפּיגל פון די סתירות אינערלעך, אין זיין פּערזענלעכקייט.

דער מוסר־השכל, וואָס דאַרף דערפון אַרויסגעצויגן ווערן, איז — אַז אַ באַוועגונג, וועלכע רעספּעקטירט זיך אַליין, מוז קענען און באַווייזן אירע פירער אין זייער גאַנצקייט. דאָס איז די באַדייטונגספולע ראָל, וואָס עס דערפילט „יד ווייצמאַן" דורך שאַפן דעם דאָזיקן פיינעם מאָנומענט נאָך ווייצמאַנען — די פולע זאַמלונג פון זיינע בריוו און דאָקומענטן. אַן אָפּקלייב קאָן קומען שפּעטער, אין דער פאָרם פון „געקליבענע בריוו", נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון די פולע טעקסטן. און מען דאַרף נישט מורא האָבן פאַר אַ גרויסער צאָל בענד, ווייל די דאָזיקע ביכער וועלן אויפהיטן די ירושה, וואָס ווייצמאַן האָט אונדז איבערגעלאָזט.

**דער איינציקער מעגלעכער אַרגומענט צו מאַכן אַן אָפּקלייב איז געווען, אַז דאָס וועט שטאַרק פאַרקירצן די אַרבעט און וועט קאָסטן ווייניקער געלט. אָבער דאָס איז אַ שוואַכער וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג, און געוויס אומווירדיק פאַר דעם ענין. און דעריבער האָב איך אין די אַנדערהאַלבן יאָר, וואָס איך האָב צוגעגרייט מיין צוריקציִען זיך פון ווייצמאַן־אינסטיטוט, פאַרגרעסערט דעם שטאַב פון וויסנ־שאַפטלער, פאָרשער און רעדאַקטאָרן, האָפנדיק (להיפך צו אַלע שלעכטע אויס־זיכטן) צו פאַרענדיקן די דאָזיקע אויפגאַבע אין פינף יאָר צייט. אַן ערך פערציק מענטשן זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן פון פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט. און געוויס איז אַוועקגעגעבן געוואָרן אַ סך מי, כדי צו שאַפן די פינאַנסיעלע מיטלען, וועלכע זענען נאָך נישט אין גאַנצן פאַרזאָרגט, בעת איך שרייב די שורות. אָבער דער רבונו־של־עולם וועט אונדז העלפן.**

אין זומער פונעם יאָר 1968, ווען איך בין געווען אין ניו־יאָרק און האָב געהאַט צו דערליידיקן די פינאַנסיעלע און ליטעראַרישע ענינים, וואָס זענען גע־געווען פאַרבונדן מיט אַרויסגעבן די פולע זאַמלונג פון ווייצמאַנס בריוו און דאָקו־מענטן, האָב איך זיך באַקלאָגט פאַר מיין דאָקטאָר יצחק כאַמסקי אויף אַ ווייטיק אין אַ פוס. כאַמסקי, וועלכער איז דער דאָקטאָר פון אַלע מיינע פריינד און אַלע מיינע שונאים, און וועלכער האָט פון פאַרלייכטערן די ווייטיקן פון זיינע פּאַ־ציענטן דורך דערציילן אַלטע יידישע וויצן, האָט מיך גענומען אויף אַ געווינט־לעכער אונטערזוכונג. ווען אַלץ איז געווען פאַרענדיקט, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט באַמערקט עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט אים אַלאַרמירט. און ער איז באַשטאַנען אויף דעם, איך זאָל גלייך דורכמאַכן אַ ביאָפּסי. איך האָב אים גע־זאָגט: „נישט ביי מאָטיען". איך בין שוין דאָס דורכגעגאַנגען איין מאָל פריִער און האָב געליטן מוראדיקע יסורים פינף טעג, ווען מיינע קינדער זענען גע־שטאַנען אַרום מיר און האָבן זיך שוין געלערנט זאָגן „קדיש". ווען אַלץ איז

דעמאָלט געווען פאַרביי, איז אַריינגעקומען דער דאָקטאָר מיט אַ ברייטן שמייכל און אַ זאָג געטאָן: „עס טוט מיר לייד, מיר וועלן אייך דאַרפן שיסן".

איך האָב געזאָגט כאַמסקין, אַז אויב עס איז זייער ערנסט, דאַרף איך געוויס פריִער פאָרן קיין ישׂראל צו סילוקן מיינע חשבונות און פאַרענדיקן מיינע ענינים. אויב ס'איז נישט אַזוי ערנסט, קאָן איך נישט פּשוט דורכגיין נאָך אַ מאָל אַזעלכע פּייניקונגען. כאַמסקי האָט מיט גרויס וואַקלעניש מיר פאַרשריבן עפּעס אַ רע־צעפּט אויף דערווייל. בינו לבינו האָב איך טעלעגראַפירט צו מיין דאָקטאָר אין ישׂראל, חיים שיבאַ, און האָב אים געבעטן וואַרטן אויף מיר באַלד, ווי איך וועל קומען. ווען איך בין אַראָפּגעשטיגן פון עראָפּלאַן, האָב איך געפונען ד״ר שיבאַן וואַרטן אויף מיר אויפן לופטפעלד אין זיין אויטאָמאָביל (איך חידוש זיך, וויפל דאָקטוירים פון ד״ר שיבאַס רעפּוטאַציע וואָלטן אַזוי אָפּגעוואַרט זייערע פּאַציענטן אויפן לופטפעלד און זיי אָפּגעפירט, ווי אַ טאַקסי־שאָפער. אָבער שיבאַ איז גע־ווען שיבאַ, און ער האָט זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין קיין שום געוויינטלעכער קאַטעגאָריע).

מיר האָבן געהאַט אַ פילאָסאָפישע דיסקוסיע וועגן די סיבות און דרכים פון לעבן. און איך האָב אָפּגערעדט מיט אים, אַז איך וועל קומען צו אים צו מאָרגנס אין שפּיטאָל. נאָך דעם ווי ער האָט געמאַכט אַלע אונטערזוכונגען, אויך מיט רענטגען־שטראַלן, האָט ער געזאָגט: „דער רעצעפּט, וואָס כאַמסקי האָט אייך פאַרשריבן אויף דערווייל, איז גוט אויף פאַר איצט. איר דאַרפט נישט קיין שום ביאָפּסי". „פאַר וואָס?" — האָב איך אים געפרעגט. און דאָ ברענג איך אַ סטענאָ־גראַפישן באַריכט פון דעם, וואָס ער האָט מיר געענטפערט: „ווי איר ווייסט, בין איך נישט קיין אידיאָט. איך מיין, אַז איך בין אַ נישקשהדיק גוטער דאָקטאָר. איך גלויב אין דעם, אַז „דייה לצרה בשעתה". מיין פּערזענלעכע מיינונג איז, אַז איר זענט אין אָרדענונג. אויב, חלילה, עס זאָל עפּעס זיך באַווייזן שפּעטער, וועלן מיר תּמיד האָבן צייט זיך מטפּל צו זיין מיט אייך. נאָך מער, אין דער צייט ווען עפּעס וועט געשען, וועט איר שוין סיי־ווי־סיי זיין טויט. פאַר וואָס זאָל איך צו־איילן דעם פּראָצעס?"

מיט דער דאָזיקער דערמוטיקנדיקער אויסזיכט בין איך צוריקגעקומען אַהיים. דערווייל האָט כאַמסקי, אָן מיין וויסן, אַלאַרמירט מיינע קינדער, אַז עס איז זייער שלעכט מיט מיר און אַז איך האַלט ביי יציאת־נשמה. איך האָב נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס אַלע מיינע קינדער האָבן מיט אַ מאָל זיך באַוויזן אין רחובות, אַריינ־רעכענענדיק מיין אייניקל אַלעקסאַנדראַ, וועלכע איז געקומען גלייך פון די באַרי־קאַדן אין דער פּאַריזער רעוואָלוציע. זיי האָבן אָנגערופן ד״ר שיבאַן אָן אַ זייט און זיך געסודעט מיט אים. איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז ער האָט זיי געגעבן אַזאַ מעדיצינישע עצה: „פּרוּווט איבערצייגן דעם אַלטן מאַן, אַז ער זאָל נישט רעזיגנירן פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. דאָס וועט אים אויפהאַלטן ביים לעבן".

אין מיינע אויגן איז ד״ר שיבאַ זיכער געווען איינער פון די גרעסטע מענטש־לעכע באַשעפענישן, וועלכער האָט געטראָגן אַ ווייסן כאַלאַט — לכל הפּחות דער יידישער שווייצער. ער איז געזעסן אין זיין קליינעם קאַבינעט אין רעגירונגס־שפּיטאָל תּל־השומר, וועלכן ער האָט געשאַפן און אָנגעפירט, און ער פלעגט

**אויפנעמען יעדן פּאַציענט, וואָס איז געקומען און איז געזעסן אין דרויסן, אויף אַ הילצערנער באַנק. נישט געווען קיין שום מחיצה פון קראַנקן־שוועסטער, אָדער פון עפּעס אַ דינערשאַפט, וועלכע ענטפערט נישט — צווישן אים און דעם קראַנקן.**

**דעם 5טן דעצעמבער 1968 האָב איך — האַלטנדיק זיך אויף מיינע פיס און ווערנדיק אויפגעמונטערט דורך פאַרשיידענע גרינע און ווייסע פּילן און עפּעס מיסטעריעזע פליסיקייטן, ווי אויך דורך ד״ר שיבאָס נביאישן אָפּטימיזם (איך בין נאָך אַלץ דאָ) — אָנגעהויבן מיין באַריכט צום דירעקטאָרן־ראַט פון ווייצמאַן־אינסטיטוט מיט פאָלגנדיקער דערקלערונג:**

מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט ערב דעם פינף און צוואַנציק־יאָריקן יובילײ פון דער גרינדונג פון ווייצמאַן־אינסטיטוט. איך מיין, אַז איך דאַרף דאָ נישט רעדן צו פיל וועגן זאַכן, וואָס זענען פּשוט. ס׳איז קלאָר, אַז דאָס איז דער פּאַסנדיקסטער מאָמענט פאַר אונדז צו מאַכן אַן איבערבליק וועגן דעם, וואָס עס איז אויפגעטאָן געוואָרן אין דעם פערטל יאָרהונדערט, און — וואָס עס איז נאָך וויכטיקער — צו פאָרמולירן אונדזערע פּלענער אויב נישט פאַר די קומענדיקע פינף און צוואַנציק יאָר, איז לכל הפּחות פאַר דער צוקונפט, וואָס מיר קאָנען פאָרויסזען, פאַר די נאָענטסטע פינף ביז צען יאָר.

מיט אַ געוויסן געפיל פון נאָסטאַלגיע דערלויב איך זיך צו ציטירן מיין אייגענעם באַריכט, וואָס איך האָב אָפּגעגעבן פאַר דעם ראַט אין יאָר 1961:

„צוליב מיין צוריקציִען זיך פון אַקטיווער דינסט אין ווייצמאַן־אינסטי־טוט דעם 31סטן דעצעמבער 1961, האַלט איך פאַר מיין פליכט פאָרצושלאָגן דעם דירעקטאָרן־ראַט אַ צאָל רעקאָמענדאַציעס וועגן דעם, וואָס איך באַ־טראַכט פאַר דער מעגלעך בעסטער אָרגאַניזאַציאָנעלער סטרוקטור פון אינ־סטיטוט סיי אויפן אַדמיניסטראַטיוון און סיי אויפן וויסנשאַפטלעכן געביט, נאָך דעם ווי איך האָב זיך פאַרטיפט אין די פּראָבלעמען״.

ס׳זעט אויס כּמעט אוממעגלעך, אַז עס זאָלן שוין האָבן פאַרבייגעגאַנ־גען זיבן יאָר זינט איך האָב אָפּגעגעבן דעם דאָזיקן באַריכט. נאָך מער דער־שטוינענדיק איז צו טראַכטן, אַז איך האָב געמאַכט ענלעכע דערקלערונגען מערערע מאָל פריִער. איך גיי טאָן דאָס זעלבע אויך איצט, אָבער מיט אַ קליינעם אונטערשייד. איך זאָג אייך קאַטעגאָריש: „איך בין נישט מער צום האָבן״.

אין קומענדיקן יאָר ווער איך אַ פינף־און־זיבעציקער. ס׳איז געווען אַ צייט, ווען איך האָב געטראַכט, אַז פינף־און־זעכציק יאָר איז אַ גוטע עלטער פאַר צוריקציִען זיך. מ׳האָט מיך אָפּגערעדט דערפון און פאַרפירט. אפשר איז עס געווען מיין שולד. אָבער וואָס עס זאָל נישט זיין, איז נישטאָ פאַראַן קיין שום סיבה, פאַר וואָס מען זאָל ווייטער פאַרלענגערן מיינע מאַנדאַטער־נישן און אייערע. איר נויטיקט זיך אין אַ נייעם און יינגערן פּרעזידענט. און איך וועל באַטראַכטן, אַז איך האָב נישט דערפילט מיין אויפגאַבע,

אויב איך וועל נישט דערליידיקן עטלעכע ענינים, וועלכע ליגן מיר אויפֿן האַרצן. איך קוק אַרויס אומגעדולדיק אויף דער צייט, ווען איך זאָל קאָנען לייענען און שרייבן, און ווען איך זאָל דאָס וויכטיקסטע פֿון דעם וואָס איך האָב אַליין געלערנט, איבערגעבן צו אַנדערע — וואָס פֿאַר אַ ווערט, עס זאָל נישט האָבן.

און לסוף — איך חלש נאָך דעם, אַז איך זאָל האָבן צייט פֿאַר מיין משפּחה, פֿון וועלכער איך האָב סיי פֿאַרלאַנגט און סיי באַקומען אַזוי פֿיל, און וועמען איך האָב ביז איצט געקאָנט געבן אַזוי ווייניק.

אויב איך פֿאַרדין וואָס עס איז פֿון דעם דאָזיקן ראַט און פֿון מיינע קאָלעגן, מיט וועלכע איך האָב געאַרבעט אַזאַ לאַנגע צייט, איז עס נישט קיין לויב, אָדער כּבֿוד, נאָר אַז איך זאָל קאָנען צוריקציִען זיך פֿון מיין אַרבעט איידער איך וועל שוין נישט קאָנען מער האָפֿן צו דערגרייכן די דערמאָנטע צילן.

**אין די אויספֿירן פֿון מיין באַריכט האָב איך רעקאָמענדירט, אַז דער ראַט זאָל באַשטימען אַ קאָמיטעט פֿון פֿינף אָדער זיבן מאַן, וועלכער זאָל אַנפֿאַרטרויט ווערן מיט דער דרינגנדיקער אויפֿגאַבע צו זוכן אַ נאָכפֿאָלגער אויף מיין אָרט, און אַז דער קאָמיטעט זאָל צושטעלן זיין באַריכט נישט שפּעטער ווי אין אַפּריל 1969. צום סוף פֿון דעם יאָר וועט דער נייער פּרעזידענט איבערנעמען זיין אַמט.**

**צי דאָס זענען געווען די קלאַנגען וועגן דעם מצבֿ פֿון מיין געזונט, אָדער מען איז איבערצייגט געוואָרן, אַז דאָס מאָל מיין איך עס טאַקע ערנסט, אָדער ס'האָט געווירקט דער שׂכל־הישר, אַז ס'איז נויטיק צו פֿאַרזאָרגן אַ יינגערע פֿירער־שאַפֿט פֿאַר דעם אינסטיטוט — מיין פֿאָרשלאָג איז דאָס מאָל אָנגענומען געוואָרן און עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ קאָמיטעט פֿון זיבן מאַן. מיטן צוגאָב פֿון אַלערליי מינים אָפּיציעלע פֿאַרטרעטער איז די צאָל מיטגלידער פֿון דעם קאָמיטעט גע־וואַקסן ביז עלף. איך האָב זיך נישט באַטייליקט אין די פֿאַרהאַנדלונגען, אָדער אין די באַשלוסן, מיטן אויסנאַם — צו מיין באַדויערן — פֿון אַ נאַרישער טעלעגראַמע, וואָס איך האָב געשיקט צו דיואַי סטאָון, דעם פֿאָרזיצער פֿון ראַט.**

**דעם 27סטן אַפּריל 1969 האָט דער דירעקטאָרן־ראַט פֿון אינסטיטוט, אין הסכּם מיט די טערמינען וואָס איך האָב פֿאָרגעשלאָגן, מיטגעטיילט ביי אַ ספּע־ציעלער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג אין רחובֿות, אַז ס'איז געוויילט געוואָרן אַ נייער פּרעזידענט, ד"ר אַלבערט ב. סעיבין, וועלכער וועט איבערנעמען דעם אַמט דעם 1טן יאַנואַר 1970.**

**איך וואָלט אַרויסגעלאָזט אַ שקר פֿון מיין מויל, ווען איך וואָלט געזאָגט, אַז איך האָב הנאה געהאַט פֿון דער פֿאַרזאַמלונג. נישט געקוקט אויף מיין שטאַרקן חשק צוריקצוציִען זיך, און אויף מיין טיפֿער איבערצייגונג, אַז וואָס איך טו, איז אין די בעסטע אינטערעסן פֿון אינסטיטוט, איז עס פֿון דעסטוועגן געווען ווי אַ דאָרן אין מיינע אויגן. סוף־כּל־סוף איז אין יעדן שפּאַן ערד אַרום־און־אַרום, אין דעם גאַנצן אינסטיטוט געלעגן אַ טראָפּן פֿון מיין בלוט. מיין גאַנץ בלוט האָב איך**

אַוועקגעגעבן פֿאַר דעם אינסטיטוט. אָבער ס׳איז געווען נאָך עפּעס: איך האָב דערוואַרט, איך האָב געטראַכט, אַז עס איז בלויז נאַטירלעך צו דערוואַרטן, אַז ווען דער פֿאָרזיצער פֿון דעם קאָמיטעט וועט אָפּגעבן דעם באַריכט וועגן דעם אויסוואַל פֿון אַ נייעם פּרעזידענט, וועט ער ביי דער געלעגנהייט זאָגן אַ וואָרט אָדער צוויי וועגן מיר. אָבער דאָס איז נישט געשען. קיין איין וואָרט נישט. — דאָס איז געווען אַ זאַרגלאָזע, האַרצלאָזע און פּיינלעכע האַנדלונג, פֿאַר וועלכער מען קאָן נישט מוחל זיין.

דער דירעקטאָרן־ראַט האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען צוויי טעג. זיי האָבן געוויילט דעם נייעם פּרעזידענט, דיסקוטירט וועגן דעם פֿאָנד פֿאַר אויפֿהאַלטן דעם אינסטיטוט, אויסגעהערט דעם פֿינאַנסיעלן באַריכט. נאָך דער דורכגעפֿירטער אָפּ־שטימונג זענען די באַראַטונגען פֿאַרענדיקט געוואָרן. דער פֿאָרזיצער פֿון ראַט, דיואַי סטאָון, האָט געהאַלטןביים שליסן די סעסיע, ווען פּראָפֿעסאָר גערהאַרדט שמידט האָט געבעטן דאָס וואָרט. ער איז נישט געווען קיין מיטגליד פֿון דירעק־טאָרן־ראַט. ער האָט זיך בלויז באַטייליקט אין די פֿאַרהאַנדלונגען אַלס דער וויסנ־שאַפֿטלעכער דירעקטאָר, וואָס איז נאָר־וואָס געהאַט געוויילט געוואָרן און האָט נישט איבערגענומען דעם אַמט. דער הויכער קרעפּטיקער גערהאַרדט שמידט האָט זיך געקאָנט באַהערשן ביי אַלע געלעגנהייטן. ער פּלעגט נישט ליב האָבן צו רעדן סתּם אין דער וועלט אַריין. געוויינטלעך פּלעגט ער רעדן קורץ און שאַרף. אָבער אין דעם באַזונדערן מאָמענט האָט ער פֿאַרלאָרן די קאָנטראָל איבער זיך, ציטערנ־דיק אין גאַנצן האָט ער געזאָגט:

די ציַיטונגען היינט אין דער פֿרי האָבן באַריכטעט וועגן די רעזול־טאַטן פֿון אונדזער אָפּשטימונג נעכטן. אַלע אין ישׂראל ווייסן שוין איצט, און באַזונדערס ווייסט מען וועגן דעם אין וויַיצמאַן־אינסטיטוט, אַז מיר האָבן געוויילט אַ נייעם פּרעזידענט, וועלכער וועט איבערנעמען דעם אַמט אין אַ געוויסן טערמין אין קומענדיקן יאָר.

איך מיין, אַז איך רעד אין נאָמען פֿון גאַנצן פּערסאָנאַל, אין נאָמען פֿון פּראָפֿעסאָר אברון (דעמאָלטיקן וויסנשאַפֿטלעכן דירעקטאָר), אין נאָמען פֿון די מענטשן, מיט וועלכע איך האָב דיסקוטירט וועגן דעם, און זיכער אין מיין אייגענעם נאָמען — ווען איך זאָג, אַז עס וואָלט געווען פּאַסנדיק, אַז איך זאָל בלויז דערקלערן פֿאַר מאיר ווייסגאַלן, וואָס אונדזער פּערסאָנאַל פֿילט וועגן דעם דאָזיקן מאָמענט אין דער געשיכטע פֿון אינסטיטוט.

איך בין נישט קיין גוטער רעדנער, באַזונדערס אין מאָמענטן, ווען איך בין באַהערשט פֿון אַ שטאַרק געפֿיל. איך וויל בלויז, אַז מאיר ווייסגאַל זאָל ווייסן — און איך מאַך נישט דערביי קיין שום פֿאָרויסזאָגונגען — אַז זיין פֿינף־און־זיבעציקסטער געבורטסטאָג וועט אונדז אינספּירירן. און איך זאָג נישט אָן קיין שום פֿייערונגען אין דער צוקונפֿט. מיר וואָלטן גע־וואָלט זאָגן אייך, מאיר, ווי שטאַרק מיר פֿילן און שאַצן אָפּ, וואָס איר האָט געטאָן פֿאַר דעם אינסטיטוט. מיר ווייסן, אַז ווען נישט איר, וואָלט אָט דער גאַנצער פּלאַץ נישט אויסגעזען אַזוי, ווי ער זעט אויס. מיר ווייסן, אַז

ווען נישט איר, וואָלטן אַ טייל פון אונדז, די מערסטע פון אונדז, נישט געהאַט די פּאָזיציע און די רעפּוטאַציע, וואָס מיר האָבן דערגרייכט. מיר ווייסן, אַז איר האָט אין דעם לאַנד אויפגעבויט עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז אַ יחיד במינו. און מיר ווייסן, אַז עס וועט זיין זייער שווער פאַר דעם מאַן, וועלכער קומט איצט, אָנצוהאַלטן זיין אַמט.

און צום סוף וויל איך זאָגן, אַז מיר וואָלטן געוואָלט, איר זאָלט וויסן, אַז מיר וועלן שטענדיק באַטראַכטן אייך, ווי דעם זקן שבחבורה אין אונ־דזער פּערסאָנאַל. מיר קוקן אויף אייך, ווי אויף דעם פאָטער פון אינסטי־טוט, ווען אַפילו איר האָט באַשלאָסן צו רעזיגנירן. און איך ווייס, ווי שווער עס איז געווען פאַר אייך צו באַשליסן צוריקצוציִען זיך פון די ענינים פון אינסטיטוּט.

דער גאַנצער פּערסאָנאַל ווינטשט אייך נאָך אַ סך יאָרן, און איר זאָלט דערגרייכן דאָס, וואָס איר ווילט טאָן, שרייבן אייערע מעמוּאַרן, אַרויסגעבן וויצמאַנס בריוו. מיר האָפן, אַז דער דאָזיקער טייל פון אייער לעבנסוועג וועט זיין אַזוי הערלעך און גרויס, ווי אַלץ, וואָס איר האָט געטאָן פאַרן וויצמאַן־אינסטיטוט.

**גערהאַרדט שמידט האָט געווינט, ווען ער האָט פאַרענדיקט. אויך איך און אַ סך אַנדערע האָבן געוויינט, באַזונדערס מיין פריינד יאָסעלע ראָזענזאַפט, ווע־מענס כליפּען האָט דערגרייכט מיינע אויערן. דאָס האָט מיך טיף גערירט. זינט די טעג אין בערגען־בעלזען קעמפט יאָסעלע ראָזענזאַפט קעגן פאַרגעסן.**

**און דער אָרעמער דיואי סטאָון! ער האָט אויסגעזען ווי אַ דונער וואָלט אים געטראָפן. ער האָט קיין מאָל נישט געקאָנט מסכּים זיין מיט דעם, איך זאָל אַוועק־גיין. און ער האָט דעריבער געמיינט, אַז עס איז נישט נויטיק, ער זאָל רעדן. ער איז אַוודאי געווען דער אומגליקלעכסטער מענטש אין זאַל.**

**עס זענען געווען, בעת איך האָב זיך צוריקגעצויגן, נאָך אַ פּאָר אַנדערע „אינצידענטן", וואָס האָבן נישט געקאָנט פאַרשאַפן קיין נחת קיינעם, און אַוודאי נישט מיר אַליין. אָבער איך וועל נישט באַלאַסטן דעם לייענער מיט דערציילן וועגן זיי.**

**בכל אופן האָבן מיר סוף 1969 איינגעפּאַקט אונדזערע אוצרות, וואָס מיר האָבן צונויפגעזאַמלט אין משך פון פינף און זיבעציק יאָר — ביכער, בילדער, זילבער־וואַרג, ליילעכער, האַנטעכער און סוווענירן — און האָבן זיך אַרויסגעקליבן פון דער „פּרעזידענטישער" רעזידענץ, אַריבערטראַגנדיק זיך אין דער וואַלפסאָן־„הייזקע" בשכנות, ווו כ'האָב געקאָנט אָנגיין ווייטער מיט מיין אַרבעט אַרויסצוגעבן וויצמאַנס בריוו און דאָקומענטן. אָבער ס'איז געווען נויטיק, אַז איך זאָל פאַרלאָזן דעם קאַמפּוס פון אינסטיטוט אַזוי גיך, ווי מעגלעך, בכדי צו געבן מיין נאָכפאָל־גער אַ פרייע האַנט, ער זאָל זיך נישט פילן קרעמפּירט. און אונדזער פריינדין אידאַ קמחי, אַ קונסט־הענדלערין, האָט אונדז גרויסמוטיק פאָרגעשלאָגן איר**

נישט־פּאַרנומען הויז אין הרצליה, אויף אַזוי לאַנג, וויפל מיר וועלן נאָר וועלן. מיר זענען דאָרט איינגעשטאַנען עטלעכע חדשים, ביז מיר האָבן געפונען אַ רחבותדיקע און גוט־צוגעפּאַסטע דירה אין צפון־טייל פון תל־אביב. ווען זי וואָלט געווען ווייניקער צוגעפּאַסט און ווייניקער רחבותדיק, וואָלט איך זי אויך גענומען צוליב טעמים פון סענטימענט. זי האָט זיך געפונען, ווי איך האָב אַנט־דעקט, צווישן רחוב ווייצמאַן, בלויז עטלעכע טריט אויף מזרח, און רחוב לואי ליפסקי בלויז אַ פּאָר שפּאַן אויף מערב. דאָס איז אַ פּלאַץ קעגן וועלכן איך וואָלט זיך נישט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן.

מיין צוריקציִען זיך פון אינסטיטוט איז געווען באַגלייט פון מער פרייד, ווי האַרצווייטיק. די קלענערע עגמת־נפשן און ווונדן זענען פאַרגלעט געוואָרן דורך דעם שטראָם פון גרויסמוטיקע אויסדרוקן פון פאַרערונג און אָפּשאַצונג, פאַר מיר און פאַר מיין אַרבעט. בוכשטעבלעך טויזנטער פריינד און באַקאַנטע מארבע פּינות העולם, גרויסע מענטשן און קליינע, באַוווּסטע און נישט באַוווּסטע, האָבן מיר אויסגעדריקט זייער ליבע און דאַנקבאַרקייט. איך בין פאַרפּלייצט געוואָרן מיט כּיבודים. קודם־כּל בין איך באַערט געוואָרן מיט דער ראָטשילד־פּרעמיע, וואָס איז מיר צוגעטיילט געוואָרן ביי אַ הערלעכער צערעמאָניע אין דער כּנסת, אין ירושלים, אין דער אָנוועזנהייט פון לאָרד וויקטאָר ראָטשילד. וויקטאָר און טעס ראָטשילד זענען געווען ווונדערלעך ביי דער פייערונג. מיין פרוי און טאָכטער, איר מאַן, מיינע אייניקלעך זענען אַלע דאָרט געווען און האָבן הנאה געהאַט פון דער „גרויסקייט" פון זייער פאָטער און זיידע. ליידער זענען אונדזערע אַמעריקאַ־נער קינדער, מענדי און דייוויד מיט זייערע פרויען און קינדער, נישט געווען מיט אונדז. איך בין באַערט געוואָרן מיט אַן ערן־דאָקטאָראַט פון פילאָסאָפיע פון העברעיִשן אוניווערסיטעט; דער דאָקטאָראַט איז מיר צוגעטיילט געוואָרן אויף דעם באַנייטן קאַמפּוס אויפן הר־הצופים. די דאָזיקע געלעגנהייט האָט באַקומען נאָך אַ גרעסערע באַדייטונג אַ דאַנק דעם, וואָס דעם זעלבן טאָג איז אויף אַן ענלעכן אופן באַערט געוואָרן איינע פון אונדזערע גרויסע פּאַטראָנעסעס, פרוי דזשיימס דע ראָטשילד.

און ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום פינף און צוואַנציק־יאָריקן יובילײ פון ווייצמאַן־אינסטיטוט, און צו מיין אייגענעם פינף־און־זיבעציקסטן געבורטסטאָג, זענען דורכגעפירט געוואָרן פייערונגען לכּבוד מיר אין ניו־יאָרק, וואַשינגטאָן, לאָנדאָן, רחובות און תל־אביב. מיינע פריינד אין קאַמערי־טעאַטער, וועלכע זענען געווען שטאַרק צופרידן דערפון, וואָס איך האָב זיך צוריקגעצויגן פון אינסטיטוט — זייער גרויסן קאָנקורענט — און נישט פון זייערע עסקים, האָבן קאָנספּירירט מיט מיין פרוי און טאָכטער און אַראַנזשירט אַן אָנגענעמע און שיינע פאַרשטעלונג לכבוד מיין געבורטסטאָג: „אַ פּאָרטרעט פון דעם מאַן, אַלס אַ יונגער קינסטלער". זיי האָבן אויסגעגראָבן בילדער און לידער פון מיינע קינדער־יאָרן און פון מיין יוגנט; האָבן צונויפגעקליבן סצענעס און געשיכטעס פון „ראָמאַנס פון אַ פאָלק" און פון „אייביקן וועג" און האָבן דאָס אַלץ אויפגעפירט מיט פּראָפעסיאָנעלער עלעגאַנץ. גאַרי בערטיני האָט דיריגירט מיט דעם אָרקעסטער און כאָר. און זייערע

אייגענע אַקטיאָרן האָבן רעציטירט די טעקסטן. זיי האָבן פּאַרענדיקט די „געשיכטע פון מיין לעבן" מיט דעם „אייביקן וועג", צוגעבנדיק בלויז, אַז נאָך דעם פּענאַ־מענאַלן קינסטלערישן דערפאָלג איז „דער מאַן שפּורלאָז פאַרשוואונדן". אָבער עפּעס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען וועגן אים אין אויסלאַנד, אין די טעאַטער־קרייזן, אַז ער זאָל האָבן געשאַפן „בסוד סודות" אַ וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין עפּעס אַ ניי לאַנד, וואָס אַנטוויקלט זיך איצט. לכל הפּחות האָבן זיי אָפּגעשאַצט מיין אַרבעט אין די לאַנגע יאָרן, ווען איך בין געווען אַ „לערן־יינגל" און האָב זיך צוגעגרייט צו מיינע ווייטערדיקע אויפטוען. בלויז איין רעדע איז געהאַלטן געוואָרן — דורך גאָלדע מאיר. זי האָט גערעדט מיט אַ סך חן און ליבע, און טיף־רירנדיק.

צו מאָרגנס, אין מיין געבורטסטאָג, האָט דער פּערסאָנאַל פון אינסטיטוט איינ־געאָרדנט לכּבוד מיר אַ שׂמחה אין געסטעטנער־גאָרטן. די שׂמחה איז געווען אַ וואַרעמע און געהויבענע, און האָט געוויס געהאַט פאַר מיר אַ גאָר באַזונדערע באַדייטונג. דער גאַנצער פּערסאָנאַל, מיט די גערטנער, טעכניקער, פּרויען־באַדי־נערינס, סעקרעטאַרינס, וויסנשאַפטלער — אַלע זענען זיי געקומען מיט זייערע קינדער און אייניקלעך. עס האָט אויסגעזען ווי אַ יאַריד אין אַ קליין שטעטל. דאָס זענען געווען די מענטשן, מיט וועלכע איך האָב געאַרבעט צוזאַמען פינף און צוואַנציק יאָר. דאָס זענען געווען די מענטשן, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט דעם אינסטיטוט.

די ישׂראלדיקע צייטונגען האָבן געשריבן זייער אַ סך וועגן מיר. אַ ציוניסט, וועלכער האָט טאַקע זיך צוריקגעצויגן נאָך ביי זיין לעבן! דאָס אַליין איז געווען אַ גרויסער וווּנדער. איין טאָג, בעת די אַלע שׂמחות, האָט מיין טאָכטער העלען נאָך דעם, ווי זי האָט איבערגעלייענט אַ רייך־אילוסטרירטן אַרטיקל אין „מעריב" פון רפאל בשן — דעם ישׂראלדיקן זשורנאַליסט, וועלכער האָט זיך באַרימט גע־מאַכט מיט זיינע אינטערוויוּען — מיך געפרעגט: „טאַטע, קריכט דיר שוין נישט פון האַלדז, פון די אַלע פייערונגען און ליבגעזאַנגען?" נישט ווערנדיק פאַר־רויטלט, האָב איך איר געענטפערט: „ניין. איך האָב געקראָגן אַזוי פיל פעטש, פאַר וואָס זאָל איך נישט הנאה האָבן פון אַ ביסל בלומען?" און גדענקנדיק עפּעס, וואָס עדלי סטיווענסאָן האָט אַ מאָל געזאָגט, האָב איך צוגעגעבן: „חניפה איז נישט שלעכט, מיטן באַדינג, אַז איר זאָלט עס נישט איינעטעמען טיף אין זיך. און איך טו דאָס נישט".

אין ניו־יאָרק איז מיין זון דוד געווען זינט אַ פּאָר יאָר דער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט פון אינסטיטוט, און ער און אַלע אַנגע־שטעלטע פון ניו־יאָרקער ביוראָ האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט וואָכן־לאַנג צו פאַרוואַנדלען דעם פינף און צוואַנציקסטן יערלעכן באַנקעט אין אַ ווונדערלעכער באַדייטונגספולער געשעעניש — וואָס דער אָונט איז געווען. מאַרטאַ לאַוענסטיין פירט דאָרט אָן מיט דעם פּערסאָנאַל און זי איז ווייטער דאָס „געוויסן" פון אַמע־ריקאַנער קאָמיטעט, די „היטערין פון די שליסלען", באַוויזנדיק צו מאַכן אַ סדר פון די מאָגערע פינאַנסן פון אונדזער קאָמיטעט, שוין נישט רעדנדיק פון מיינע אייגענע פינאַנסן. מיט ריוואַ (זיף) סטערן, מיט דער אומפאַרגלייכלעכער לילי

שולץ, עוועלין סקעפּיער האָט זי — און זיי אַלע — אויסגעפּירט מיינע אוממעג־לעכע און משוגענע פאָדערונגען מיט ליבע, מיט גלויבן און איבערגעגעבנקייט.

דער אַרכיטעקט פון דער לאָנדאָנער פּייערונג איז געווען מאַרקוס זיוו. און יעדער איינער, וועלכער איז נאָר עפּעס אין ענגלאַנד, איז דאָרט געווען. דער הויפּט־רעדנער איז געווען ריטשאַרד ה. ס. קראָסמאַן, דאַן אַ מיטגליד פון דער לייבאָר־רעגירונג. ער האָט אַוועקגעוואָרפן אָן אַ זייט דעם פּראָטאָקאָל און די פּאַרזיכטיקייט און האָט געהאַלטן אַ רעדע פול מיט דערינערונגען און אָנערקענונג לכבוד מיר.

דעם 4טן מאַי 1970 האָב איך איבערגעגעבן ווייצמאַנס צוואה, וואָס ער האָט מיר איבערגעלאָזט, דעם נייעם פּרעזידענט פון אינסטיטוט, ד״ר סעיבין: „באַ־האַנדלט די, וועלכע אַרבעטן דאָ, מיט וויזיע און מיט ליבע. מאַכט נישט קיין אונטערשיד צווישן די העכסטע און קלענסטע. אַלע זענען יידן, אַלע זענען מענטש־לעכע באַשעפענישן. אַלע זענען געקומען אַהער פון פאַרשידענע קלימאַטן און פאַרשידענע באַדינגונגען — אַ סך פון זיי זענען ניצול געוואָרן פון ווערן פאַר־ברענט״.

דאָס איז כמעט אַלץ, וואָס איך וויל דערציילן. איך בין שוין צוריקגעצויגן. איך בין אַ פרייער מענטש, פריי צו באַשליסן, וואָס איך זאָל טאָן מיט מיינע קומענדיקע פינף און זיבעציק יאָר. ווייל אורטיילנדיק לויט די פּאַרשלאָגן, וואָס איך האָב באַקומען, בין איך, ווי עס ווייזט אויס, נישט רעכענענדיק די גרינע פּילן, אין דער ערשטער בליציית פון מיין יוגנט. יעדער איינער, פון פּרעמיער־מיניסטער אָן, וויל מיר עפּעס אָנהענגען. אַלע מיינען זיי, אַז איך בין אַרבעטסלאָז און אַז איך נויטיק זיך אין עפּעס אַזעלכעס צו „קרוינען מיין קאַריערע״. דאָס אַרויסגעבן ווייצמאַנס בריוו און דאָקומענטן רעכנט זיך נישט ביי זיי. אויך רעכענען זיי נישט דאָס גרינדן דעם מאַקס ריינהאַרדט־צענטער פאַר טעאַטער־קונסט — די צוויי פאַרפליכטונגען, וואָס איך האָב שוין מיט אַ לאַנגע צייט פריִער גענומען אויף זיך. ביז איצט בין איך אויף אַ וווּנדערלעכן אופן בייגעשטאַנען אַלע נסיונות. איך האָב געזאָגט „ניין״ יעדן איינעם. נו, כמעט יעדן איינעם. איך האָב נישט געקאָנט אָפּזאָגן טעדי קאָלעקס ביטע, איך זאָל ווערן דער פאָרזיצער פון אַ נייעם קאָמיטעט, אָדער קאָמיסיע, פאַר אַנטוויקלען דעם גייסטיקן, אינטעלעקטועלן און עסטעטישן כאַראַקטער פון דער עיר־הקודש און עיר־הנצח. נאָך אַלעמען איז ירושלים אַ גאַנץ ספּעציעלער און גאָר באַזונדערער ענין. אויך האָב איך נישט געקאָנט מיט אַ ריין געוויסן אָפּזאָגן נחום גאָלדמאַנס בקשה, איך זאָל ווערן פאָרזיצער, אַפילו בלויז פּראָוויזאָריש, פון „בית התפוצות״, אין תל־אביבער אוניווערסיטעט. יידישע געשיכטע פאַרדינט צו ווערן גענומען באַזונדערס אין באַטראַכט. און מיינע יידישע שרייבער — איך קאָן זיי נישט איבערלאָזן ווי יתומים. מיר לערנען אין פּרקי אָבות: „לא עליך המלאכה לגמור, ולא אתה בן חורין להבטל ממנה״.

איך האָב נישט געקאַנט אויסקלייבן קיין מער פּאַסנדיקן פּלאַץ, ווי סעלערינאַ צו פאַרענדיקן מיין בוך. איך האָב אָנגעהויבן מיט קיקל, און איך ענדיק מיט סעלערינאַ. זיי האָבן עפּעס געמיינזאַמעס צווישן זיך. ווען איך רעד איצט וועגן קיקל, מיין איך נישט דאָס קיקל פון ערשטן קאַפּיטל פון מיין בוך, דאָס שטעטל אַליין, נאָר די סביבה פון קיקל — די וועלדער, די פעלדער מיט גראָז, דעם טייך, די טייכלעך. אמת, עס זענען דאָרט נישט געווען קיין בערג, ווי איך זע זיי דאָ. אָבער עס זענען געווען בערגלעך, אויף וועלכע מיר פלעגן קלעטערן, באַזונדערס נעבן אַ סאַד. עס זענען געווען פאַרפלאָנטערטע סטעזשקעס אַרויפצוגיין אין ערטער, ווו מען האָט נישט געטאָרט אַרויפדראַפּען זיך און ווו הינט פלעגן בילן אויף אונדז און אונדז פאַרטרייבן, צייטנווייז אויך אַ ביס טאָן און אָפּרייסן שטי־קער פון אונדזערע הויזן.

דאָ אין סעלערינאַ זענען מיר אויך אַרומגערינגלט פון פעלדער מיט גראָז, וועלדער, טייכלעך און אַן אָזיערע. און דורך די גאַסן — וועלכע זענען אַזוי ווי אין קיקל באמת גאָר קיין גאַסן נישט — פאָרן פאַרביי פּויערים מיט זייערע פערד־און־וואָגנס. עס זענען אויך נישט פאַראַן קיין אמתע טראָטואַרן — פּונקט אַזעלכע ענגע סטעזשקעס מיט שטיינער, און קליינע אַלטע הייזקעס מיט אַ קירך אונטער דעם סאַמע פענצטער אונדזערן, וואָס דערמאָנט אַ ביסל אָן קיקלס „גראַנ־דיעזער" סביבה.

אין קיקל איז אויך געווען אַ קירך. און ווען די גלעקער האָבן זיך צעקלונגען, רופנדיק די גויים אין „קאָשטשאָל", האָבן יידן אין קיקל געציטערט. נאָך דער „נאַבאָזשענסטוואָ" (די תּפילות) האָבן די מער פרומע גויים זיך געלאָזט אַ ביסל ווילגיין און צעשלאָגן אַ פּאָר יידן, וועלכע האָבן זיך גראָד געפונען בשכנות פון דער קירך. דאָס האָט פאַסירט זייער אָפט. איך געדענק די ערשטע צוויי שורות פון אַ יידיש ליד: „הערט שוין אויף, איר קירכנגלאָקן — צו לאַנג האָט איר אונדז געשראָקן". אָבער די קירכנגלאָקן שרעקן מיך שוין נישט מער. זיי דערמאָנען מיך בלויז, פון וואַנען איך קום, אָבער אויך ווי ווייט איך בין פון דאָרט אַוועק.

אויך מיר, יידן, רופן אונדזער עולם אין שול אַריין. פאַר טאָג צו סליחות, פלעגט דער שמש אַרומגיין און אָנקלאַפּן מיט יראת־הכבוד אין די לאָדנס פון יידישע הייזער: „יידן, שטייט אויף צו עבודת הבורא". ער האָט דאָס געטאָן שטיל, באַשיידן, בכדי נישט אַרויסצורופן דעם כעס פון די גויישע שכנים. און דאַן פלעגן יידן, איינער נאָכן אַנדערן, זיך צונויפקומען אין דער „גרויסער" שול, ווו מען פלעגט דאַווענען בלויז אין די שבתים — און ווו מיין פאָטער איז געווען דער בעל תּפילה — אָדער אין דער קליינער שול, אין בית־מדרש, ווו מען פלעגט אויך לערנען אַ בלאַט גמרא.

אָרעם קיקל, ווו איז עס איצט? פאַרשוווּנדן, מיין איך. אָבער קיין מאָל, קיין מאָל — בין איך זיכער — וועט עס נישט פאַרגעסן ווערן. מיר, יידן, האָבן אַ גוטן און לאַנגן זכּרון. צוויי טויזנט יאָר האָבן מיר, זיצנדיק אין די קיקלס אין בבל, אין שפּאַניע, אין מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע און אין דער נייער וועלט —

געדענקט ירושלים. און איצט אין ירושלים, לאָמיר נישט פאַרגעסן די אַלע קיקלס, וועלכע האָבן אונדז דערנערט, אויפגעהאָדעוועט, גייסטיק, אינטעלעקטועל, רעליגיעז — וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן ריזן פון יידישן און אוניווערסאַלן געדאַנק.

אויב די זכרונות וועגן זיי און וועגן זייערע מעשׂים וועלן ווייטער לעבן אין אונדז, וועלן אונדזערע צוויי טויזנט יאָר פון זיין נע־ונד נישט גיין לאיבוד.

סעלערינאַ, יולי, 1970

# אינהאַלט